DAVID AND SYLVIA STEINER YIZKOR BOOK COLLECTION

STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY
NO. 14008

# *Sokołów Podlaski Memorial Book*

Sefer ha-zikaron Soḳoloṿ-Podliasḳ



THE NEW YORK PUBLIC LIBRARY – NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
YIZKOR BOOK PROJECT

NEW YORK, NEW YORK AND AMHERST, MASSACHUSETTS

# ספר הזכרון

# סאקאלאוו-פאדליאסק

רעדאקטאר מ. געלבארט

בהוצאת
ארגון יוצאי סוקולוב-פודליאסק בישראל
סאקאלאווער לאנדסמאנשאפט אין אמעריקע
תל־אביב, תשכ״ב — 1962

# אינהאלט

## אלטע היים



## חורבן



## המשך

## ג ו י ל י א ש



## ג ע ש ט א ל ט ן

## רעדאקציע-קאלעגיע פון סאקאלאווער יזכור-בוך





פון רעכטס צו לינקס (לויטן א״ב)

ערשטע ריי: ביאלילעוו א., בר־שלום (פרידלוב) ח., געלבאַרט מ., גרינבערג י.
צווייטע ריי: זאקליקאווסקי ג. ז״ל, פאַליאַקעוויטש ש. און ראַפּאַלאָוויטש פּ.

באמערקונגען:

פאָטאָגראַפיעס פאַר דער אָפּטיילונג וועגן חורבן האָבן צוגעשטעלט:
שבתאי גרינבערג — תל־אביב, סטודיע וואנס — יפו און עליע שטײנבערג — פאריז.

צוליב טעכנישע סיבות, זענען סרוב צוערשט געדרוקט געוואָרן די מאמרים וואָס זענען פריער אָנגעקומען.



סאָקאָלאָוו-
פּאָדלאַסקי
פּלאַן פון שטאָט
מויערן און גרענעצן פון געטא
דורכגאַנג אין געטא
יידן באוואוינטער שטח
געצייכנט: משה זאַיאָנץ
פילסודסקי גאס
קילינסקי גאס
קאשצעלנע גאס
שטאטישער פּארק
פיענקנע גאס
ראגאָווער גאס
גרויסער מאַרק
קליינער מאַרק
שול גאס
אַפּטייקערס גאָרטן
ניעצאַלע גאס
נאָווע גאס
שעדלעצער גאס
מילנע גאס
שעראַקע גאס
ליפּאָווע גאס
קאָסאָווער גאס
קאָסאָווער שאָסיי
ציטרינאַ
די סטרידע
אלטער בית-עולם
נייער בית-עולם
באַן סטאַציע
דאס טייכל ציטרינאַ
שעדלעצער שאָסיי
דראָהיטשינער שאָסיי

# באמערקונגען צום סאקאלאווער שטאט־פלאן

1. די שול מיטן שול־הויף.
2. דער אַלטער בית־המדרש.
3. דער נייער בית־המדרש. אַרום דעם פּלאַץ — דער קליינער מארק. אויף צו־מאַרגנס נאָך יום כפור 1942, איז דאָרט פאָרגעקומען די גרויסע שחיטה פון די סאָקאָלאָווער יידן.
4. דעם סאָקאָלאָווער רבינס הויף און די ישיבה. — בעת דער מלחמה זענען דאָרט געווען ארבעטס־וואַרשטאַטן.
5. די יידישע באָד און די מקוה.
6. די שטאָטישע באָד.
7. די יידישע לייַ־קאַסע און האַנטווערקער־באַנק.
8. דער לאָקאַל פון „טאָז״.
9. צוערשט יידישע „פּאָווסעכנע שול״ נומער 2, שפּעטער — פּאַרטיי־לאָקאַל פון פּועלי־ציון צ. ס.
10. חנה דעם רבס פּלאַץ 10 א) עליע שיעס (וואלמאן) — דאָרט זענען דערשאָסן געוואָרן די לעצטע סאָקאָלאָווער יידן.
11. דער גרויסער מאַרק־פּלאַץ מיטן דענקמאָל פון גלח בזשוסקע.
12. די געביידע פון סטאַראָסטווע.
13. געבידע פון מאַגיסטראַט, קינאָ־זאַל, ווי אויך רעמיזע פון די פייערלעשער.
14. דער שטאָטישער פינאַנץ־אַמט.
16. דאָס שטאָטישע געריכט.
17. שטאָטישע עלעמענטאַר שול פאַר קריסטלעכע און יידישע קינדער.
18. די גימנאַזיע (סעליאזאנער סעקטע).
19. מיל און עלעקטראָווניע.
20. דער קאַטוילישער „קאָשטשיאָל״
21. אַ פּריוואַט (קריסטלעך) הויז. בעת דער מלחמה — זיץ־אָרט פון דער געסטאַפּאָ.

# הקדמה

שאַפן אַ יזכור־בוך מיינט: דערציילן וועגן סאָקאָלאָוו פון אַמאָל און היינט, וועגן איר לעבן און אומקום, וועגן האָפערדיקע טעג און צייטן פון גרויסע סכנות; שאַפן אַ יזכור־בוך הייסט איבערגעבן וועגן דעם געראַנגל פאַר רעכט צום לעבן און שאַפן, אַנטדעקן דעם סוד פון איר אויסדויער־קראַפט און דאָס געשטאַלט פון איר ווײַזנטלעכער באַזונדערקייט — שאַפן די גייסטיקע בריק צווישן סאָקאָלאָוו וואָס האָט געלעבט און פאַרלוירן געגאַנגען און סאָקאָלאָוו פון דער צוקונפט — די אַנטרינענע, לעבן־געבליבענע און זייער נאָכוווקס.

האָבן מיר דערגרייכט דעם דאָזיקן ציל? מיר האָבן זיך געראַנגלט מיט גרויסע שוועריקייטן, קודם כל צוליבן מאַנגל אין מקורות. דער „פנקס סוקולוב״, — דער יסוד פון דער געשיכטע פון שטעטל — איז פאַרלוירן געגאַנגען. ס'זענען נישט איבערגעבליבן קיין שום אַנדערע וויכטיקע דאָקומענטן וועגן יידישן סאָקאָלאָוו. דער איינציקער מקור אונדזערער איז געווען די קליינע צאָל לעבעדיקע עדות פון צווישן די אַנטרינענע און לעבן־געבליבענע אין ישראל און אין די תפוצות.

חוץ דעם איז דער מאַנגל אין געלט־מיטלען געווען אונדזער שטענדיקער באַגלייטער אין דער טאָגטעגלעכער ארבעט. און דאָך, נישט קוקנדיק אויף די אַלע מניעות, איז דאָס יזכור־בוך, וואָס ליגט פאַר אונדז, א בכבודיקע מצבה נאָך דער קהילת־סאָקאָלאָוו און אַן אויסדרוק פון אַ שטאַרקן ווילן צו דערגרייכן דעם געשטעלטן ציל.

דאָס יזכור־בוך איז געשריבן מיט טרערן און בלוט דורך אַנטרינענע און לעבן־געבליבענע סאָקאָלאָווער ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן געשעפט זייער מאַטעריאַל פון די טיפענישן פון זייערע איבערלעבונגען און בענקשאַפטן נאָך זייער פאַרלוירענער היים.

דאָס יזכור־בוך איז געשריבן איבערהויפט אין יידיש, די מוטער־שפּראַך פון די קדושים, און בלויז אַ קלענער טייל אין אונדזער נאַציאָנאַלער שפּראַך — העברעיש. צום באַדויערן האָבן מיר, צוליב מאַנגל אין געלט־מיטלען, נישט געקאָנט פאַרגרעסערן דעם העברעישן טייל. מיר גלויבן אָבער, אַז די קיבוצים פון די סאָקאָלאָווער אויף גאָר דער וועלט וועלן זאָרגן אַז דאָס יזכור־בוך זאָל איבערגעזעצט ווערן אין העברעיש, כדי אונדזער נאָכקומענדיקער דור אין ישראל זאָל וויסן און געדענקען דעם מקור מחצבתו, און אפשר אויך אין ענגליש, די צוממייסטן גע־רעדטער שפּראַך פון די קינדער פון די סאָקאָלאָווער אין די תפוצות.

מיר האָבן געזאָרגט אַז דאָס יזכור־בוך זאָל אַנטהאַלטן אַ נאָמענטלעכע רשימה פון די העכער פינף טויזנט סאָקאָלאָווער קדושים, אָבער צום באַדויערן איז אונדז געלונגען צו קאָנצענטרירן די נעמען פון אַ טייל פון זיי. מיר האָבן איבערגעלאָזן

ליידיקע בלעטער און ס'איז אַ חוב פון יעדן סאָקאָלאָווער אריינצושרייבן די נעמען פון די קדושים, וועלכע געפינען זיך נישט אין דער רשימה.

דאָס דערשיינען פון בוך איז אַ רעזולטאַט און נצחון פון דער חברישער צוזאַמענארבעט פון אַלע סאָקאָלאָווער, יחידים ווי לאַנדסמאַנשאַפטן. מיר שיקן איבער אונדזער ברידערלעכן דאַנק:

א. די סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין טשיקאַגאָ, אירע טוער און איר אומדערמידלעכן און איבערגעגעבענעם סעקרעטאַר ה. מאדאנסקי פאר זייער גרויסער און ערשטער הילף, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט דאָס אָנהייבן אונדזער אַרבעט;

ב. די סאָקאָלאָווער לאנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק, אירע טוער און דעם טיכטיקן פאָרזיצער מ. כאינע פאַר זייער גרויסער הילף אין דער צייט;

ג. די סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין פאַריז, אירע טוער און ענערגישן פאָרזיצער א. גאפטארניק פאַר זייער הילף, ווי אויך:

ד. די טוער און לאנדסלייט אין לאָס־אַנזשעלעס באַזונדערס מ. מאַנדלבוים און חנינה ראָטשטיין.

מיר דאַנקען דעם רעדאַקטאָר פון בוך, דעם שרייבער, מ. געלבאַרט פאַר זיין אומדערמידלעכער און איבערגעגעבענער אַרבעט, וואָס האָט פיל בייגעשטייערט בייצוקומען די שוועריקייטן בעת דער ארבעט.

מיר דאַנקען אונזער בן־עיר, דעם דענקער משה מייזלש פאַר זיין מיטאַרבעט און רעדאַגירן דעם העברעישן טייל פון בוך.

מיר דאַנקען אונדזער מיטארבעטער משה זאיאנץ פאר זיין פון זכרון געצייכענטן סאָקאָלאָווער שטאָט־פלאַן. ווי אויך אַלע מחברים פאַר זייער מיטארבעט צו באַרייכערן דעם אינהאַלט פון בוך.

באַזונדער דאַנקען מיר אַלע חברים און טוער פון ארגון עולי סוקולוב בישראל פאַר זייער מיפולער און פרוכטבארער מיטאַרבעט.

זאָל דאָס דערשיינען פון יזכור־בוך נאָכן חורבן פון אונדזער היים סאָקאָלאָוו דינען אַלס בריק פאַר ברידערלעכע אחריות פון אַלע סאָקאָלאָווער אין גאָר דער וועלט.

מיר באַוויינען דעם פלוצימדיקן טויט פון מיטגליד פון רעד־קאָלעגיע, דעם שרייבער גד זאקליקאָווסקי ז״ל.

קאמיטעט און רעד קאלעגיע

ההיתה זאת בימיכם ואם בימי אבותיכם?
עליה לבניכם ספרו, ובניכם לבניהם,
ובניהם לדור אחר".
יואל א', ב—ג

# הבה נספרה

בית מולדתנו, סוקולוב, חרב ונעקר מיסודו בידי רשעי־אדם שלא היו כמוהם בתולדות אדם — הנאצים ועוזריהם.

סוקולוב, בה צמחו חיינו, בה עמדה עריסת חלומות נעורינו, עיר מגורינו על שבעת אלפי יהודיה ומעלה, על בית־כנסתה המפואר ובתי־מדרשותיה, בתי־חסידיה ו„מניניה", בתי־ספריה, אגודותיה, ומוסדות חסדה ותרבותה — סוקולוב היהודית העובדת, היוצרת נכרתה ונמחתה מעל פני הארץ בתוך כל קהילות הקודש של יהדות פולין.

ניקבצה־נא איפוא ונספרה, כיצד חיו דורות של יהודים בסוקולוב, מושרשים עמוק באמונתם ומצפים לישועה.

נספרה־נא על מאבקם עם הסביבה הנכרית והעוינת על קיומם הגופני והרוחני, על הפועלים ובעלי־המלאכה והחנוונים והרוכלים, שבנפשם הביאו לחמם ונשאו בהכנעה את עול חייהם הקשים והנעלים כאחד, ועמדו בכל הנסיונות והגזירות שנתרגשו ובאו עליהם.

ובוודאי לא נשכח לספר על רוממות שבתותיה וחגיה של העיירה, על לומדי־תורה ויראי־שמים שבה, על חסידיה ומתנגדיה, פרנסיה ועסקניה, לוחמי־שחרורה וחולמי־פדותה, מהפכניה וחלוציה, — כל אותם יהודים בעלי שאר־רוח ונשמה יתרה, שכל סבל וכל צער לא יכלו להעם את האור־הגנוז היהודי והאנושי כאחד.

מאותם בשנים בנו יהודים את עיירתם סוקולוב. ברחובות ובסמטאות צרים העמידו בתיהם ומוסדותיהם — בתי־חייהם בחומר וברוח של יהדות עמוקת שרשים, איכה נמחו כולם בין לילה? איכה חרבו ונשמדו פתאום עשרים דורות של חיים יהודיים, של יצירה יהודית?

נעלה־נא, אנו השרידים המעטים השכולים, עדים־לדאבה של חורבן סוקולוב, ונחייה בזכרוננו, באהבה ובגעגועים, את עיירת מולדתנו בכל שלל צבעי עברה ונוריש את בבואתם לדורות הבאים.

בלב רועד נזכיר ונספר על הנוער היהודי הסוער והמעפיל של סוקולוב, על המורדים בגלות ובחיי גלות, על יוצרים ובונים, בוראי ערכים יהודיים ואנושיים, חולמים וחותרים לתיקון העולם — בנינו ובנותינו, אחינו ואחיותינו הנאהבים

והנלבבים, ועינינו זולגות דמעה על חייהם הצעירים שנכרתו באבם.
נשוב־נא ונצעד בזכרוננו ברחובותיה ובסמטאותיה של עיירתנו היקרה לנו כל־כך, נציץ לכל בית יהודי ונכיר פני אבות ואמהות, פני אחים ואחיות, פני חברים ודודים, נקרא־נא בשמותיהם החרותים בלבנו ונדבק בהם במר יאושם, על סף כליונם המאיים.
נספר ונספר, באזני בנינו ובני־בנינו, למען יישמר לדורי־דורות זכר סוקולוב היהודית, עיר ואם ביהדות פולין המעטירה.

## לאָמיר דערציילן

אונדזער היים סאָקאָלאָוו איז חרוב און אויסגעריסן געוואָרן מיט די וואָרצלען דורך די אכזריותדיקע רשעים פון אַלע צייטן — די נאַציס און זייערע מיטהעלפער.

סאָקאָלאָוו דער קוואַל פון אונדזער אויפגעגאַנגען לעבן, דאָס וויגעלע פון אונדזערע יוגנט־חלומות, אונדזער היימשטאָט מיט אירע העכער זיבן טויזנט יידן, מיט דער פּרעכטיקער שול און בתי מדרשים שטיבלעך און מנינים, בתי־ספר, פאַראיינען, קולטור און הילפס־אינסטיטוציעס — דאָס אַרבעטנדיקע און שעפערישע יידישע סאָקאָלאָוו איז פאַרשניטן געוואָרן אויף אייביק צוזאַמען מיט אַלע יידישע קהילות אין פּוילן.

לאָמיר דערציילן ווי אַזוי ס׳האָבן געלעבט דורות סאָקאָלאָווער יידן, פאַר־וואָרצלטע אין טיפער אמונה און בענקשאַפט נאָך גאולה.

לאָמיר דערציילן וועגן זייער געראַנגעל מיט דער פרעמדער און פיינטלעכער סביבה פאַרן פיזישן און גייסטיקן קיום; וועגן די אין שטעטל פאַרהאָרעוועטע יידישע אַרבעטער, בעלי־מלאכה׳ס און הענדלער, וועלכע האָבן הכנעה־דיק געטראָגן דעם עול פון זייער שווער, אָבער ערליך לעבן, בייקומענדיק אַלע עקזיסטענץ באַדראָענדיקע נסיונות און גזירות.

און אודאי זאָלן מיר נישט פאַרגעסן צו דערציילן וועגן דער שבת־יום־טובדיקייט פון שטעטל, וועגן יידן לומדים און יראי שמים, חסידים און מתנגדים, פרנסים און געזעלשאַפטלעכע טוער, קעמפער פאַר יידישע רעכט און טרוימער פון גאולה, רעוואָלוציאָנערן און חלוצי־ציון, — אָט די אַלע נשמה־יתירהדיקע יידן, וועמען קיין שום פיין און צער האָט נישט געקענט פאַרטונקלען זייער טיף יידיש מענטשלעכע ליכט.

הונדערטער יאָרן האָבן יידן געבויט זייער שטעטל סאָקאָלאָוו. און שמאָלע גאַסן און געסלעך האָבן זיי אויפגעשטעלט זייערע הייזלעך און אינסטיטוציעס — די פיזישע און גייסטיקע היימן פון טיף פאַרוואָרצלט יידיש לעבן. ווי אַזוי איז דאָס מיטאַמאָל פאַרשווונדן? ווי אַזוי איז חרוב געוואָרן קרוב צי 20 דורות יידיש לעבן און שאַפן?

זאָלן מיר, די אַזוי ווייניק לעבנגעבליבענע און פאַריתומטע, די טראַגישע עדות פון חורבן סאָקאָלאָוו, מיטן כוח פון ליבע און בענקשאַפט אויפשטעלן פונ־דאָסניי אין זכרון די אַלטע היים און איר גאַנצער פולפאַרביקייט, כדי געטריי איבערגעבן איר געשטאַלט די קומענדיקע דורות.

מיט ציטער אין האַרץ זאָלן מיר דערמאָנען און דערציילן וועגן די סאָקאָ־לאָווען ברויזנדיקער יידישער יוגנט, די מורדים קעגן גלות און גלותדיקייט, די בויער און שעפער פון יידישע מענטשלעכע ווערטן, די טרוימער פון אַ נייער בעסערער וועלט — אונדזערע טייערע און האַרציקע קינדער, שוועסטער און ברידער — און לאָזן פאַלן אַ טרער אויף זייער אַזוי יונג איבערגעריסן לעבן.

לאָמיר אין זכרון אַדורכשפרייזן די גאסן און געסלעך פון אונדזער אַזוי טייער שטעטל, אַריינקוקן אין יעדער יידישער שטוב און דערקענען טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, חברים און פריינט, אָנרופן זיי בא די אַזוי האַר־ציקע נעמען און באַהעפטן זיך מיט זיי אין זייער גרויסן יאוש בעת׳ן שוידערלעכן אומקום.

זאָלן מיר דערציילן און דערציילן, פאַר אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער, כדי דער אָנדענק פון דער יידישער קהילה סאָקאָלאָוו זאָל דערגיין לדורי־דורות.

**חיים בר־שלום** (פרידלוב)

# אלטע היים



ב. סאטט: שבת נאָכמיטיק ביים טייטש־חומש

יצחק רייזמאן
(דעטרויט)

# סאקאלאוו־פאדליאסקי

(איר געשיכטע און יידישער ישוב ביז ארום סוף פון 18־טן יאָרהונדערט)

סאָקאָלאָוו און פּאָדליאַשע איז געבויט געוואָרן אלס פּריוואַטע שטאָט ארום 15־טן יאָרהונדערט און איז געווען דאָס אייגנטום פון אַ געוויסער, צו יענער צייט באַוווּסטער, קישקאָו משפּחה 1).

לויטן היסטאָריקער ביעלסקי 2), ווערט סאָקאָלאָוו צום ערשטן מאָל דערמאָנט אַלס אַ שטאָט אין יאָר 1443 אין שייכות מיט די גרענעץ סיכסו־כים צווישן פירשט באָלעסלאַוו פון מאַזאָוויעצק און ליטווישן גרויס־פירשט, קאַזימיר יאַגעלאָן, ווען דער פירשט באָלעסלאַוו האָט פאַרקויפט די ערד פון דאָראָהיצק (דראָהיטשין). לויט ביעלסקי האָט קאַזימיר יאַגעלאָן פאַרכאַפּט אויך די ווענגראָווער ערד. די גרענעץ צווישן מאַזאָוויע און ליטע איז דעמאָלט געווען דער טייך ליוועץ, אויף וועמענס רעכטן ברעג עס געפינט זיך די שטאָט ווענגראָוו.

די געגנט פון סאָקאָלאָוו און ווענגראָוו איז צו יענער צייט געווען פון גרויס וויכטיקייט, ווייל עס האָבן זיך דאָרטן דורכגעקרייצט די טראַקטן: דער ליטווישער און דער דאַנציקער אין דער ריכטונג פון וואַרשע.

סאָקאָלאָוו איז אינגאַנצן 16 ווייאָרסט פון ווענגראָוו און איז געווען אַ „פּריקאַהאַלאָק" צו דער ווענגראָווער יידישער קהילה, וועמען זי האָט בעצאָלט שטייערן. די ווענגראָווער קהילה איז געווען אַ טייל פון פּאָדליאַשער גליל און ביז אַ געוויסער צייט אונטערגעוואָרפן דעם צענטער אין דער שטאָט טיקטין.

אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן י״ה (אין יאָר 1665), צו דער צייט ווען די גאַנצע געגנט גייט אַריבער צום נייעם אייגנטימער, דעם קיניגלעכן פינאַנס־מיניסטער יאַן־קאַזימיר קראַשינסקי, ווערט דורכן נייעם אייגנטימער באַנייט די פּריווילעגיע, וואָס די יידן פון ווענגראָוו און סאָקאָלאָוו האָבן גע־האָט באַקומען פון די פריערדיקע באַלעבאַטים.

די געגעבענע פּריווילעגיע באַפעסטיקט די עקאָנאָמישע און יורידי־שע לאַגע פון די יידן אין דער געגנט און די שטאָט ווענגראָוו הייבט דע־מאָלט אָן אַ קאַמף, זיך אָפּצורייסן פון טיקטין אַלס הויפּט־שטאָט פון פּאָד־ליאַשער גליל, וואָס עס געלינגט איר, און זייט דאַן איז ווענגראָוו אַ צענטער און שיקט אַן אייגענעם דעלעגאַט צו די זיצונגען פון וועד ארבע ארצות.

צו ווענגראָוו געהערן דעמאָלט 8 שטעטלעך און 12 ישובים, און אוי־

סער סאָקאָלאָוו געהערן דאַן צו ווענגראָוו אויך ציעכאַנאָוו און מעזריטש. אין יאָר 1717 ציילט דער ווענגראָווער קרייז אַן ערך 20.000 יידישע שטייער־צאָלער (משפּחות?), וועלכע צאָלן צוזאַמען קאָפּ־שטייער די סומע פון 3.914 גילדן מיט 27 גראָשן 3).

די אייוווינער פון סאָקאָלאָוו זענען געווען מער באַלאַדן מיט דאגות פּרנסה ווי די ווענגראָווער און דעריבער זענען צו אונדז נישט דערגאַנגען קיין דאָקו־מענטן וועגן גרויסע אַקטיוויטעטן און אַ ווילן צו זיין זעלבסטשטענדיק, ווי עס איז דער פאַל מיט דער ווענגראָוועד קהילה. דערצו האָט מעגלעך געפירט דער פאַקט וואָס די מייסטע סאָקאָלאָווער איינוווינער זענען געווען באַלעמע־לאָכעס און קליינע הענדלער, וועלכע זענען געגאַנגען איבער די דער־פער אויסצוזוכן זייער חיונה, ווי מיר וועלן שפּעטער זעען פון די תקנות וועגן לערניינגלעך און געזעלן.

דאָ ליגט מעגלעך אויך די דערקלערונג וואָס די לאָקאַלע קהילה גופא פירט אויך נישט קיין צו גרויסע טעטיקייט און באַגרענעצט זיך מייסטן נאָר אויף די סאַמע נויטיקסטע פונקציעס פון רב און ראשי הקהל.

---

ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, איז סאָקאָלאָוו געווען אַ פּריוואַטע שטאָט, אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע שטעט, ווו יידן האָבן געוווינט, וועלכע זענען געווען מלוכהשע שטעט.

כדי צו פאַרשטיין דעם אונטערשיד צווישן אַ פּריוואַטע שטאָט און אַ מלוכהשע שטאָט און זייער באַדייטונג פאַר יידן צו יענער צייט, איז נויטיק זיך צו באַקענען מיטן עקאָנאָמישן מצב אין פּוילן צו יענער צייט.

ווי באַוווּסט איז פּוילן געווען דעמאָלט דאָס קלאַסישע לאַנד פון די קעגנגעזעצטע שטאַנדן. אין דער צייט ווען די רייכע פּריצים, די אזוי גע־רופענע גרויסע שליאכטע, די באַלעבאַטים פון גרויסע מאַיאָנטקעס, דערפער און שטעט האָבן באַשיצט די יידן, וואָס האָבן געוווינט אויף זייערע לענדע־רייען און געצאָלט אַרענדעס, האָבן די מיטגלידער פון דער קליינער שליאַכ־טע, וועלכע האָט געזוכט פּרנסה אין די שטעט, זיך געחברט מיט די יידן־פיינטלעכע עלעמענטן צווישן די גלחים און שטאָטישע איינוווינער בכלל, וועלכע האָבן געקוקט — יעדער פון זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט אויף אזעלכע קיניגלעכע פּאָסטנס, ווי דאָס איינמאָנען די קיניגלעכע שטייערן, וואָס יידן פלעגן האַלטן אין אַרענדע, ווי אַ פאַרלעצונג פון זייערע אויסשליסלעכע רעכט. די גלחים האָבן די דאָזיקע שנאה אויסגענוצט צוליב זייערע אייגענע חשבונות מיט יידן.

טראָץ די ספּעציעלע פּריווילעגיעס, וואָס האָבן אָפיציעל עקזיסטירט מצד דעם קעניג, האָט די שטאָטישע שליאכטע, ביי דער אקטיווער מיטהילף

פון קלער, אָנגעטון די יידישע איינוווינער פון די דאָזיקע מלוכהשע שטעט גרויסע צרות און עלילת־דם פּראָצעסן זענען געווען אָפטע דערשיינונגען אין פאַרשיידענע שטעט צו יענער צייט.

צו דער פאַרפאָלגונג פון יידן אין די דאָזיקע שטעט האָבן ספּעציעל צוגעהאָלפן די קריסטלעכע האַנטווערקער־צעכן, ווו עס האָבן זיך גרופּירט די שטאָטישע באַלעמעלאָכעס און ווו קיין יידישער האַנטווערקער האָט נישט געהאַט קיין צוטריט.

אין די מלוכהשע שטעט איז, צוזאַמען מיט דער לאָקאַלער שנאה צו יידן, שטענדיק געווען אויך אַ דרוק פון אויבן צו רעגולירן דאָס בשותּפותדיקע צוזאַמענלעבן אויפן עקאָנאָמישן געביט. דאָס פלעגט געטון ווערן דורך אָפּ מאַכן. אין די דאָזיקע שטעט פלעגן די יידישע קהילות שליסן אָפּמאַכן מיטן מאַגיסטראַט און דורך די דאָזיקע אָפּמאַכן אַרויסגעקריגן געוויסע פּריווילע־גיעס פאר די יידישע תושבים אויף אַ געוויסער צייט לכל הפּחות.

אין קעגנזאַץ צו די מלוכהשע שטעט האָבן די אָנגעהעריקע צו דער שליאַכטע וועלכע האבן פאַרמאָגט שטעט און דערפער — די אַזוי גערופענע פּריוואַטע שטעט — צו אַרענדירן, זיך געמיט מיט אַלע מיטלען צוציען יידן אַלס איינוווינער און אַרענדאַרן אויף זייערע לענדערייען און אַזויאַרום אַריינקריגן זייערע שטייערן. אויך סאָקאָלאָוו איז געווען אַזאַ פּריוואַטע שטאָט און די פּריווילעגיעס, וועלכע עס האָבן אַרויסגעגעבן אירע באַלעבאַטים און וועל־כע איז כסדר באַשטעטיקט געוואָרן פונדאָסניי דורך די איינוווינער און זייערע יורשים, האָט געהאַט דעם ציל צו געווינען נייע איינוווינער און אָנהאַלטן די אַלטע.

---

ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, איז סאָקאָלאָוו אויפגעבויט גע־וואָרן נאָך אין 15־טן י״ה נאָר ווען יידן האָבן זיך דאָרטן אָנגעהויבן באַ־זעצן איז נישט גענוי באַקאַנט.

באַזירנדיק זיך אויף דער אַרבעט פון נ. נ. „צו דער געשיכטע פון יידן אין די שטעט סאָקאָלאָוו און ווענגראָוו" 4), קאָן מען מיט זיכערקייט באַ־הויפּטן, אַז שוין אין דער ערשטער העלפט פון 17־טן י״ה זענען אין סאָקאָ־לאָוו געווען יידישע איינוווינער, ווייל אין דער פּריווילעגיע וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1650 דער נייער אייגנטימער פון סאָקאָלאָוו און ווענ־גראָוו, פירשט באָהוסלאַוו ראַדזיוויל, ווערט בפירוש געזאָגט אַז די דאָזיקע פּריווילעגיעס גיט ער נישט נאָר „אָנצוהאַלטן די פריערדיקע, נייערט אויך צו געווינען נייע איינוווינער".

נעמענדיק אין אַכט, אַז די שטאָט איז איבערגעגאַנגען אין זיין רשות ווען ער איז נאָך געווען מינדעריעריק, און די פּריווילעגיעס האָט ער ערשט אַרויס־געגעבן ווען ער איז געוואָרן פולייעריק, קאָן מען משער זיין, אַז יידישע איינ־

וווּינער האָבן שוין געוווינט אין סאָקאָלאָוו פון פריער, עס קאָן אויך זייער מעג־לעך זיין, אַז נישט קיין צו גרויסע צאָל יידן האָבן געוווינט אין די ביידע שטעט נאָך אין דער צייט פון דער קישקאָוו משפחה, אַזוי אַרום: סוף 16־טן אין אָנהויב 17־טן י״ה.

דר. יעקב שאַצקי, אין זיין שוין פריער ציטירטן אַרטיקל, שרייבנדיק וועגן דער צייט ווען יידן זאָלן זיך האָבן אָנגעהויבן באַזעצן אין סאָקאָלאָוו, באַמיט זיך פעסטצושטעלן די צייט פון 1766־1775 אלס די צייט ווען ייד׳ן זאָלן זיך אָנהויבן באַזעצן אין די דערמאָנטע שטעט. זיין השערה באַמיט זיך דער מחבר צו באַגרינדן אויף די „תקנות״, (פאַרעפנטלעכט צוזאַמען מיטן דערמאָנטן אַרטיקל), וועלכע עס האָט אַרויסגעגעבן דער דעמאָלטיקער נייער אייגנטימער, פירשט אַנדזשיי אַגינסקי. וועלן מיר נישט פרווון אָפּפרעגן די צייט פון די דערמאָנטע „תקנות״ פון פירשט אַגינסקי, נאָר מיר ווילן אונטער־שטרייכן, אַז דער טעות פון חשובן מחבר איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט פאַרזען, אַז דער גאַנצער ענין מיט די פאַרשידענע פריווילעגיעס איז אָנגע־הויבן געוואָרן נאָך אין יאָר 1650 דורכן דעמאָלטיקן באַלעבאָס פון דער געגנט, פירשט ראַדזיוויל, וואָס מיר ציטירן דאָ ווייטער; די זעלבע פריווי־לעגיע האָט באַשטעטיקט דער נייער אייגנטימער, קראַשינסקי; די דאָזיקע פרי־ווילעגיע האָט באַנייט זיין יורש, דער קיניגלעכער רעפּענדאַריער, יאַן קראַ־שינסקי, און דאָס אָנערקענען די דאָזיקע פריווילעגיע פון שפּעטערדיקן אייגנ־טימער, פירשט אַגינסקי, איז פּאַקטיש נישט מער ווי אַ באַנייונג פון די אַלטע פריווילעגיעס, וואָס עס האָבן ארויסגעגעבן פאַר די יידישע איינוווינער די פריערדיקע באַלעבאַטים פון דער געגנט.

אין די אַלע פריווילעגיעס רעדט זיך בפירוש וועגן די שוין פריער גע־געבענע פריווילעגיעס, וועלכע דער נייער אייגנטימער באַנייט; דערביי שטרייכט ער אונטער, אז ער איז דערמיט אויסן „נישט נאָר אָנצוהאַלטן די פריערדיקע, נייערט אויך צוצוגעבן נייע איינוווינער״. עס קאָן דעריבער קיין ספק נישט זיין, אַז דאָס באַזעצן זיך פון יידן אין סאָקאָלאָוו דאַטירט זיך, ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, פון סוף 16־טן אָדער אָנהויב 17־טן י״ה.

כראָנאָלאָגיש איז די גאַנצע געגנט פון ווענגראָוו און סאָקאָלאָוו גע־ווען דאָס אייגנטום פון די פאָלגנדיקע באַלעבאַטים: קישקאָווס משפחה, באָהוסלאָוו ראַדזיוויל, קיניגלעכער פינאַנס־מיניסטער, יאַן־קאַזימיר קראַשינ־סקי זיין זון און יורש, יאַן קראַשינסקי, קיניגלעכער רעפּענדאַריער און צום סוף איז די שטאָט סאָקאָלאָוו איבערגעגאַנגען אינמיטן 18־טן י״ה צום פירשט אַנדזשיי אַגינסקי.

דער אַריינפיר פון דעם דאָקומענט, וועלכן מיר באַצייכענען מיטן נאָ־מען פריווילעגיע, לייענט זיך ווי פאָלגט:

„...מיט גאָטס חסד דער פירשט פון די בירזשעס, דובינקעס סלוצק, קאפיל און דער הייליקער רוימישער אימפעריע... כדי נישט

נאָר אָנצוהאַלטן די פריערדיקע, נייערט אויך צו געווינען נייע איינוווינער, פאַרזיכערנדיק צו אַלע אונדזערע ליבע אונטערטאַנען אונדזערע פאַרשידענע מינים פרייהייטן און שוץ און פאַרטיידי־קונג פון זייטיקע מענטשן".

דער דאָזיקער דאָקומענט איז יעדעס מאָל אויפסניי באַשטעטיקט גע־וואָרן פון די באַלעבאַטים, ווייל די פונקטן פון דער דאָזיקער פּריווילעגיע זענען פּאַקטיש געווען די גאַראַנטיע פאַר די יידישע איינוווינער פון דער שטאָט, אַז זייערע רעכט וועלן אויך אויף ווייטער אָפּגעהיטן ווערן און זיי קאָנען דעריבער אומגעשטערט אָנגיין מיט זייער אַרט לעבן, וואָס זיי האָבן געפירט ביז איצט אונטערן פריערדיקן אייגנטימער פון דער שטאָט. די באַ־נייאונג פון דער פּריווילעגיע איז בכן געווען אויך אין די אינטערעסן פון נייעם אייגנטימער, וועלכער האָט דאָך געמוזט זאָרגן דערפאַר אַז דער קוואַל פון שטייערן זאָל נישט אויסטרוקענען, דעריבער איז פאַרשטענדלעך, וואָס דאָס באַשטעטיקן די פּריווילעגיעס דורכן נייעם אייגנטימער פאַלט אויס כמעט אין דער זעלבער צייט ווען די קניה ווערט דורכגעפירט.

---

אין 1764 ווערט אין סאָקאָלאָוו אויפגעשטעלט איינע פון די לאַנד־געריכטן פאַר די פריצים פון דראָהיטשינער טראַקט, וועגן וועלכן עס האָט דעמאָלט גע־האָט באַשלאָסן דער סיים. דאָס ברענגט אַריין אַן עקאָנאָמישע אויפלעבונג אין שטעטל.

איינער פון דער אָגינסקי פאַמיליע, מיכאיל קלעאָפּאַס, דער לעצטער ליטווישער פינאַנס־מיניסטער, האָט אין די יאָרן 1794—1793 איינגעאָרדנט אין סאָקאָלאָוו אַ טעקסטיל־וועבעריי אינדוסטריע, צו וועלכן צוועק ער האָט אַראָפּגעבראַכט פון אויסלאַנד ספּעציאַליסטן־מייסטערס. דער דאָזיקער פּרווו האָט זיך נישט זער איינגעגעבן און איז געווען אַ טייל פון דער דעמאָלטי־קער פּאָליטיק פון די פריצים צו אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד. אין סאָקאָלאָוו איז געהאַט פאַרבליבן פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג אַ קליינע וועבעריי פון טוך, נאָר אויך די דאָזיקע אינדוסטריע האָט זיך עוואַקואירט מיטן אָנקום פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

לויט די דערמאָנטע מקורים רעדט זיך אומעטום וועגן שוסטעריי און גאַרבעריי, וואָס זאָל האָבן געבליט אין ביידע שטעט — סאָקאָלאָוו און ווענגראָוו — דאָס נעמט זיך זיכער דערפון וואָס אין דער געגנט זענען גע־ווען גרויסע פאַשע־פעלדער פאַר בהמות און דאָס אָפטע גיין אויף יאַגד פון די פריצים אין די פאַדליאַשער וועלדער פון אַרום האָט געבראַכט אַ שפע פון פאַרשידענע פעלן,, וועלכע די גאַרבערייען האָבן אויסגעאַרבעט און פון די

אויסגעאַרבעטע לעדער האָבן שיסטערס געניית שיכוואַרג. עס מוז אָבער דאָ פעסטגעשטעלט ווערן, אַז ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (טיילוויז אויך צווישןביידע וועלט־מלחמות) האָט גארבעריי זיך אַנטוויקלט אין ווענגראָוו און אין סאָקאָלאָוו האָט געבליט שיסטעריי, און אַהער פלעגן קומען סוחרים פון גאַנץ רוסלאַנד איינקויפן שיכוואַרג פאַר די רוסישע מערק.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין סאָקאָלאָוו איז אין דער ערשטער ריי געווען אָפּהענגיק פון דער גאַראַנטיע פאַר זייער זיכערקייט און שוץ, וואָס עס האָט זיי גאַראַנטירט די געגעבענע פריווילעגיע, וועלכע האָט זיי אויך געגעבן אַן אינערלעכע אויטאָנאָמיע, האָט אָבער דורך דער קהילה און קאראָבקע אַרויפגעלייגט אָן אַ שיער שטייערן, וואָס זענען געווען אַן אָביעקט פון פשוטער עקספּלאָאַטאַציע מצד די פּריצים. מיר וועלן זיך דאָ באַמיען רעזומירן די פאַרשידענע פּונקטן פון דער דאָזיקער פריווילעגיע.

די יידן האָבן געהאַט אַן אייגענעם בית־דין און מען האָט זיי נישט געצוווּנגען זיך צו משפּטן אין די וואָיט־ און בורמיסטש־געריכטן. נאָר אין פאַל פון אַן אַפּעלאַציע האָבן זיי זיך געקאָנט ווענדן צום פּריץ אָדער זיין שטעלפאַרטרעטער.

די יידן צאָלן נישט קיין שטאָטישע שטייערן און די קריסטן קאָנען זיי נישט באַשטייערן דערמיט. דער טייל שטייערן וואָס קומט פון זיי, פאַר־טיילן זיי אַליין צווישן זיך, און זייערע עלטצטע דאַרפן צונויפזאַמלען פון זיי די שטייערן און די סומע איבערגעבן דער שטאָטישער קאַסע.

אלע יידן וואָס פאַרנעמען זיך מיט מלאכה דארפן איינצאָלן דעם אויס־קויף אין דעם צעך פון דער מלאכה לויטן ביישפּיל פון די אַנדערע צעכן;

די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פון דער קהילה איז באַשטאַנען פון פינף ווײלער, וועלכע זענען אויסגעקליבן געוואָרן יעדעס יאָר „צום צווייטן זונטיק נאָכן הייליקן יאָן" פון צווישן די באַלעבאַטים, וועלכע פלעגן צאָלן נישט ווינ־ציקער ווי 25 גילדן „סקלאדקע". די דאָזיקע פינף ווײלער האָבן אויסגעוויילט די עלטצטע פון דער קהילה, אויף וועלכע דער פּריץ האָט געדאַרפט געבן זיין הסכמה.

אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע איז געווען די „קאָראָבקע", די קאַסע פון דער קהילה. מיט דער דאָזיקער קאַסע האָבן פאַרוואַלטעט: דער פּרנס חודש, דער נאמן פון דער קהלה און א נאמן פון פּריץ,

די „קאָראָבקע" האָט געהאַט דריי שליסלען, און אויף צו עפענען די קאַסע האָבן אַלע דריי פאַרוואַלטערס געמוזט זיך צוזאַמענקומען מיט זייערע שליסלען;

יעדן חודש האָט מען געמוזט צושטעלן דעם עקאָנאָם פון פּריץ אַ באַ־דיכט פון די הכנסות און הוצאות פון דער „קאַראָבקע".

פון דער „קאָראָבקע" האָט מען בלויז געמעגט אַרויסנעמען געלט

אויף צו צאָלן די חובות, פּראָצענטער און די שכירות צום רב און אַנדערע אָנגעשטעלטע פון קהל.

פון דער לאַנגער און דעטאַילירטער רשימה פון שטייערן וואָס יעדער מין סחורה האָט געדאַרפט צאָלן, נעמען מיר אַרויס די שטייערן אויף סחורות און אויסגעאַרבעטע אַרטיקלען כדי פאַרן לייענער צו שאַפן אַ געוויסן באַגריף פון עקאָנאָמישן מצב פון שטעטל צו יענער צייט.

פאַר סחורה, געקויפט פאַר אייגן געלט און פאַרקויפט אין שטאָט גופא, האָט מען געצאָלט צוויי פּראָצענט שטייערן; אויב מען האָט די זעלבע סחורה געפירט אויף ירידים און פאַרקויפט הורטאָוונע, האָט מען געצאָלט ווינציקער: פאַר סחורה וואָס דער סוחר האָט געקויפט פאַר געליען געלט אָדער גענומען אויף קרעדיט, האָט ער געדאַרפט צאָלן בלויז איין פּראָצענט.

אין דער רשימה פון פאַרשידענע סחורות געפינען זיך: פאַרשידענע רויע און אויסגעאַרבעטע פעלן; אייזן סחורות און טיילן צו אקערס; טיטינבלעטער; וואַקס און אַנדערע סחורות, וואָס ווערן אַרויסגעפירט קיין אויסלאַנד. עס זענען, הפנים, געווען אַ געוויסע צאָל פּראָדוקטן, וואָס מען האָט דעמאָלט עקספּאָרטירט קיין אויסלאַנד.

אין צעטל פון קרעמער אויפן אָרט, ווערן דערמאָנט: בעקערס, קצבים, פישערס, בראָנפן־מאַכערס, מעל־הענדלער, אָקסן־הענדלער, עסנוואַרג־הענדלער, מעקלערס, שדכנים, שענקערס און באַלעגאָלעס.

פון באַלעמעלאָכעס זענען אויסגערעכנט: היטלמאַכערס, שניידערס, שמוקלערס, גלעזערס, בלעכער און קאָטלער. אין דער ריי פון סוחרים־קרעמער גייען אַריין די בעקערס, בראָנפן־מאַכערס און קצבים, כאָטש זיי האָבן אליין געאַרבעט ביי זייערע פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן אַליין אויך פאַרקויפט, האָבן זיי אָבער נישט געהאַט קיין פּראָבלעמען פון לערן־יינגלעך און געזעלן, און אויסער דעם זענען זיי געווען נישט צופיל, דאַקעגן די אַנדערע באַלעמעלאָכעס האָבן געהאַט פּראָבלעמען פון קאָנקורענץ און געזעלן, מיט וועלכע עס האָט זיך געמוזט פאַרנעמען דער צעך פון פאַך. פישערס ווערן פאררעכנט פאַר סוחרים, ווייל זיי פלעגן די פיש נישט כאַפּן אַליין, נייערט זיי אָפּקויפן ביי די פישערס, וואָס האָבן די פיש געכאַפּט אין טייך.

סיי ביי די סוחרים, סיי ביי די באַלעמעלאָכעס ווערט צוגעגעבן דער פּרט, אַז אויב יענער באָרגט געלט אויף קויפן זיין סחורה, אָדער רוי־מאַטעריאַל אויף אויסצואַרבעטן זיין פּראָדוקט, צאָלט ער ווינציקער שטייערן; דאָס זעלבע איז וועגן דעם ווו ער פאַרקויפט זיין סחורה, אָדער פּראָדוקטן — אין שטאָט, אָדער אויסערן שטאָט, דערפון איז צו דרינגען, אַז עס זענען געווען אַ גענוג גרויסע צאָל סוחרים און באַלעמעלאָכעס, וועלכע האָבן געמוזט אָנקומען צו געבאָרגטע סומעס אויף צו קענען אָנגיין מיט זייער מסחר אָדער אַרבעט אויף צו מאַכן אַ לעבן. דערצו איז אויך אָנצונעמען, אַז די

לאָקאַלע באַלעמעלאָכעס האָבן באַדינט אַ ווייט גרעסערע פּעריפעריע ווי דאָס שטעטל מיט אירע איינוווינער גופא.

אַ ספּעציעל קאַפּיטל איז די אָרגאַניזאַציע פון די באַלעמעלאָכעס אין אַ צעך. לויטן פּונקט פון דער חברה פון יאָר 1731 (פּאַראַגראַף 8) ווערן באַהאַנדלט די פאַלן ווען אַ מייסטער מעג נעמען אַן אַרבעטער אים צו העלפן אין דער מלאכה און ווען ער טאָר נישט. קאָנקרעט רעדט זיך אין דעם פאַל פון היטלמאַכערס, אָבער פון די ווייטערדיקע פּונקטן קאָן מען זעען, אַז די תקנה איז פון אַ חברה פאַר פאַרשידענע פאַכן, ווייל אין צווישן אָפּשניט פון זעלבן פּאַראַגראַף רעדט זיך וועגן דעם, אַז דער באַלעבאָס טאָר נישט מיטנעמען מיט זיך קיין אַרבעטער צו גיין מיט אים אויפן דאָרף און דאָ רעדט זיך שוין אויסדריקלעך וועגן אַ שניידער. דאָס איז זיכער דערפאַר, וואָס אַ שניידער קאָן האָבן אַ נוצן פון זיין געהילף, ער זאָל פאַר אים אָנעמען און אויספּאַרטיקן געוויסע אַרבעטן אויפן אָרט.

אין די זעלבע תקנות ווערט אויך באַהאַנדלט דער פאַל ווען אַ לערן־יינגל האַלט נישט דעם קאָנטראַקט און גייט אַוועק פון זיין באַלעבאָס פאַר דער צייט וואָס זיי האָבן זיך אויסגערעדט. לויט די תקנות טאָר אים קיין אַנדערער מיטגליד פון צעך נישט צונעמען צו דער אַרבעט אָן דער דערלויבעניש פון די גבאים פון דער חברה.

אין פאַרגלייך מיט אַנדערע תקנות פון צעכן אין אַנדערע שטעט[5] זענען די סאָקאָלאָווער תקנות אויס אַ שפּאָר ביסל ליבעראַלער, עס קאָן זיין אַז דאָס איז דערפאַר וואָס דער באַלעבאָס און דאָס לערן־יינגל, אָדער געזעלן זענען געווען אומגעפער אין דער זעלבער עקאָנאָמישער לאַגע, און די אינטערעסן פון צעך אויסצומיידן קאָנקורענץ זענען אין געוויסע פּרטים געווען אין זייער ביידנס אינטערעסן. ביים פאַרגלייכן די תקנות פון די צעכן אין די פאַרשידענע שטעט וואַרפט זיך אין די אויגן, וואָס אומעטום זענען פאַראַנען פאַרשידענע פּונקטן וועגן אויפירן זיך, וועגן קליידן זיך, וועגן אָפּריידן קונים, געזעלן, א. אז. וו. דערביי זענען די שטראָפן אויפן עובר זיין אויף די תקנות אַזעלכע האַרבע (ווי פאַרטרייבן פון שטאָט אַ יאָר צייט נישט קאָנען אַרבעטן ביי קיינעם, צונעמען דעם בגד, א. אז. וו.) בעת אין סאָקאָלאָוו זענען די שטראָפן אַ סך מילדערע.

---

ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, קאָן מען מיט זיכערקייט באַהויפּטן, אַז יידן האָבן זיך באַזעצט אין סאָקאָלאָוו אַזוי פרי ווי סוף 16־טן און אָנהויב 17־טן יאָרהונדערט, נאָר וויפיל יידן עס האָבן צו יענער צייט געוווינט

אין סאָקאָלאָוו, איבערהויפּט אין דעם בראשית פון דער איינוואַנדערונג אַהין, איז שווער, אויב נישט אינגאַנצן אוממעגלעך, פעסטצושטעלן.

די ערשטע אָפּיציעלע ציילוגג איז פאָרגעקומען אין יאָר 1765, ווען דער סיים האָט אויפגעלייזט דעם ועד ארבע ארצות און געהייסן די יידן אריינטראָגן זייער קאָפּ־שטייער דירעקט אין דער מלוכה־קאַסע. צו יענער צייט האָט גאַנץ פּאָדליאַשע פאַרמאָגט 19,043 יידן אין ישובים, וועלכע האָבן פאַרמאָגט פון 89 ביז 1577 נפשות 6). היות ווי מיר ווייסן נישט וויפל ישובים עס זענען געווען אין פּאָדליאַשע צו יענער צייט, קאָנען מיר נישט אָנווייזן אויף קיין שום ישוב וויפל יידן ער האָט צו יענער צייט פאַרמאָגט.

דר. שאַצקי אין זיין שוין פריער דערמאָנט אַרטיקל רעדט וועגן 163 יידן אין סאָקאָלאָוו אין שייכות מיט דער ציילונג פון 1765, נאָר ער ווייזט נישט אָן אויף וועלכן סמך רופט אָן די דאָזיקע ציפער.

וואָס שייך דער ציילונג פון יאָר 1765 איז בכלל נישט זייער קלוג אָנצונעמען די דאָזיקע אָפּיציעלע ציפערן אַלס די ריכטיקע צאָל פון דער יידישער עדה אין וועלכן עס איז ישוב. די דערמאָנטע ציילונג איז געמאַכט געוואָרן אויף דער ספּעציעלער פאַראָרדנונג פון סיים פון 1764, וועלכער האָט אָפּגעשאַפט די ועדים פון פּוילן און ליטע און האָט אַליין באַשטייערט דירעקט די יידישע איינוווינער מיטן קאָפּ־שטייער, (פון איין יאָר אָן), אין דער הויך פון צוויי זלאָטעס יערלעך.

אַזאַ מין סאָרט רעגירונגס ציילונג (צוליבן צאָלן קאָפּ־שטייער) האָט פאַרשטענדלעך אונטערגעזאָגט יעדן ייד און יעדע יידישע קהילה אויף צו טון אַלעס מעגלעכע און אויסבאַהאַלטן די אמתע צאָל שטייער־צאָלער פאַר דעם רעגירונגס־רעוויזאָר, וואָס איז געקומען דורכפירן די ציילונג.

אַז אונדזער השערה איז אַ ריכטיקע, איז צו זען דערפון וואָס דובנאָוו ציטירט פון דוב בער באָלעכאָווערס זכרונות7):

> „....בער באָלעכאָווער איז זיך מודה אז ער אליין האָט אויך מיט־געהאָלפן אויסצובאַהאַלטן יידישע נפשות כדי „צו פאַרמיידן בדלות צו שטעלן" זיין קהילה... אויף אַזאַ אופן האָט זיך באַקומען אַז אַ קהילה וואָס איז באַשטאַנען פון 1.300 נפשות פאַרמאָגט לויט די רשימות פון דער ציילונג נישט מער ווי 883. בכן קאָן מען זיך משער זיין, אַז אין פּוילן האָבן אין 1765 געלעבט אָן ערך אַ דריטל יידן מער ווי עס גיט אָן די אָפּיציעלע ציילונג".

כדי צו באַווייזן, אַז פאַקטיש האָט אין סאָקאָלאָוו דעמאָלט געוווינט אַ פּיל גרעסערע צאָל יידן ווי די אָפּיציעלע ציילונג גיט אָן, קאָן דינען דער פאַקט פון דער גרויסער צאָל חובות, וואָס די קהילה איז געווען שולדיק — און פון די דאָזיקע חובות געצאָלט פּראָצענטער. לויט די שוין פריער ציטירטע תקנות איז די קהילה געווען שולדיק צו די קלויסטערס אין פאַרשידענע

פּלעצער אין אוך ארום סאָקאָלאָוו די סומע פון 23.300 גילדן, פאַר וואָס זיי האָבן געצאָלט די סומע פון 825 גילדן פּראָצענט.

אויסער די דאָזיקע „הייליקע״ חובות צו די קלויסטערס, האָט די סאָקאָלאָווער קהילה נאָך געהאַט חובות צו גלחים און פאַרשיידענע פּריצים און צו די יידן אין ווענגראָוו. (צו די לעצטע אַ חוב פון שטייערן — 5.000 גילדן) צוזאַמען אַ סומע פון 13.400 גילדן פון וואָס זיי האָבן געצאָלט 1.188 גילדן פּראָצענט. די דאָזיקע חובות ווערן אָנגערופן אין די דאָקומענטן: „געמאַכטע אויף קאָנסענטן״. אויסער דעם האָט די קהילה נאָך געהאַט „ספּעציעלע חובות צום אָפּרעכענען זיך״ וואָס זי איז שולדיק געווען צו פאַרשידענע יידן, אין דער הויך פון 1.234 גילדן. פון דער סומע האָבן זיי נישט געצאָלט קיין פּראָצענטער.

ווען מיר רעכענען צוזאַמען די דערמאָנטע חובות באַטרעפן זיי צוזאַמען די סומע פון 37.934 גילדן, פון וואָס זיי צאָלן איבער 2.000 גילדן פּראָצעט. לאָמיר דערצו נאָך צוגעבן די שכירות פון רב און די אַנדערע קהילה אָנגעשטעלטע, וואָס באַטרעפן צוזאַמען די סומע פון איבער 1.000 גילדן, לייגט זיך קוים אויפן שכל, אַז אין סאָקאָלאָוו זאָל צו יענער צייט נישט זיין געווען מער ווי 163 נפשות.

(פאַרגלייך: אין 17־טן און 18־טן י״ה פלעגט דעם רבס שכירות אויסמאַכן צווישן 8—10 גילדן אַ וואָך אין אַ גרויסע שטאָט, און 5—6 גילדן — אין אַ קלענערע שטאָט. אין וויטעבסק, למשל, באַקומט דער רב אין 1738 — 5 גילדן אַ וואָך; אין גאָרקי אין 1637 — 200 גילדן אַ יאָר 8).

נאָך אַ פאַקט קאָן מען בפירוש אינטערשטרייכן דעם אומזין פון אָנגעבן אַזאַ נישטיקע ציפער פון 163 נפשות אין דער אָפיציעלע ציילונג, וועגן וועלכן מיר האָבן שוין פריער דעבאַטירט, דאָס איז דער פאַקט פון דער סומע קאָפּ־שטייער, וואָס די סאָקאָלאָווער יידן האָבן איינגעצאָלט יערלעך. לויט דער דערמאָנטער פּריווילעגיע האָבן יידן געצאָלט קאָפּ־שטייער 934 גילדן. אויב מען זאָל רעכענען צוויי זלאָטעס פאַר אַ נפש, האָבן דאָך אפילו לויט דער דאָזיקער אָפיציעלער ציילונג געדאַרפט זיין 467 נפשות עלטער ווי איין יאָר. אויך אין דעם פאַל מעג מען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז די אמתע צאָל יידן איז געווען גרעסער ווי די אָפיציעלע צאָל.

---

אַ גענויע סטאַטיסטיק האָבן מיר שוין פון די שפּעטערע יאָרן. לויט ב. וואַשיוטינסקי9) באַקומען זיך פאָלגנדיקע טאַבעלן פון די פאַרשידענע יאָרן פון אַלגעמיינע און אויך יידישע איינוווינער אין סאָקאָלאָוו:

| פראָצענט יידן | יידישע איינוווינער | נישט ייד. איינוווינער | יאָר |
|---|---|---|---|
| 37,1 | 1.186 | 3.196 | 1827 |
| 61,9 | 2.275 | 3.677 | 1856 |
| 70,1 | 5.329 | 7.597 | 1893 |
| 72,8 | 7.092 | 9.738 | 1909 |
| 70,6 | 7.745 | 10.972 | 1910 |

אין „סלאָווניק געאָגראַפּיטשני" 10), זענען אָנגעגעבן פאָלגנדע ציפערן פאַר צוויי יאָר:

אין יאָר 1858 זענען אין סאָקאָלאָוו געווען 2,522 יידן אייף אַן אַלגעמיינע צאָל פון 3964 איינוווינער; אין יאָר 1861 זענען געווען 2.420 יידישע איינוווינער אויף אַן אלגעמיינער צאָל פון 5,154 איינוווינער. פון די אויבנגעבראַכטע ציפערן פון „סלאָווניק געאָגראַפּיטשני" איז צו זעען, אַז די צאָל יידן האָט זיך טיילמאָל פאַרקלענערט. דאָס זעלבע איז צו זעען פון דער סטאַטיסטיק ביי וואַשיוטינסקי, ווו אין יאָר 1893 איז די צאָל יידן 5,329, און אין יאָר 1897 —· בלויז 4.248.

דאָס וואָס אין סאָקאָלאָוו האָבן זיך געפונען אין אַ געוויסע צייט ווייניקער יידישע איינוווינער איז אפשר מעגלעך צו דערקלערן דערמיט וואָס אייניקע יידישע סוחרים — אָדער אפשר אויך באַלעמעלאָכעס — זענען געקומען אויף אַ געוויסער צייט און ווען זיי האָבן מער נישט געהאַט וואָס דאָרטן צו טון, זענען זיי צוריקגעפאָרן אהין פונוואַנען זיי זענען געקומען.

אויב בנוגע דער עקזאקטער צאָל יידישע תושבים אין סאָקאָלאָוו זענען מיר פיל ווייניק דערגאַנגען צו אַ געוויסן טאָלק, איז אָבער בנוגע דער עקאָנאָמישער גלידערונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, זייערע באַשעפטיקונגען און די עקזאקטע צאָל פון באַטייליקטע אין געוויסע פאַכן, איבערהויבט אין דער בראשית צייט, כמעט נישט פאַראַנען קיין שום דאָקומענט אויף וועלכן מען זאָל זיך קאָנען פארלאָזן. עס בלייבט דעריבער זיך פאַרלאָזן אויף יעדער מעגלעכער השערה ווי אויף אַ רעיעלער מטבע.

לויטן דערמאָנטן אַרטיקל פון דר. שאַצקי („שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק") האָבן די יידישע איינוווינער אין די פריוואַטע שטעט געלעבט אַ שפּאָר ביסל פרייער און געווען ווינציקער אויסגעשטעלט אויף פאַרפאָלגונגען מצד דעם קלער און נישט יידישע איינוווינער, דערפאַר אָבער האָבן זיי בדרך כלל געמוזט צאָלן מער שטייערן און דעריבער האָבן זיך די מערסטע טייל יידן אין די דאָזיקע שטעט פאַרנומען מיט מעקלעריי און מיט האַנדל. עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז אויך אין סאָקאָלאָוו איז האַנדל און מעקלעריי געווען אַ גרויסער מקור פון חיונה, שוין צוליב דער גרויסער צאָל פריצים, וועלכע האָבן געוווינט אין דער געגנט און פלעגן זיך ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן צונויפפאָרן אין שטאָט אריין.

## סאָקאָלאָוו־פּאַדליאַסק

לזיטן זעלבן מחבר זאָלן די באַלעמעלאָכעס זיין באַשעפטיקט ביי מער ווי איין פאַך ווייל איך באַשעפטיקונג אליין האָט אָפטמאָל נישט געגעבן גענוג אויף אַן ערלעך אויסקומעניש. צוליב דעם וואָס דער האַנדל איז אין סאָקאָלאָוו שטענדיק געווען אנטוויקלט און האָט זיך געפירט צווישן דער שטאָט און די אַרומיקע דערפער, איז זייער פאַרשטענדלעך וואָס דער באַלעמעלאָכע האָט גייענדיק אויף די דערפער אויך געהאַנדלט מיט עפּעס פון וואָס ער האָט געקאָנט פאַרדינען אַ זייטיקן גילדן.

---

ליטעראַטור מקורים:
1) „סלאָוויניק געאָגראַפּיטשני", ב. 11, ז. 30.
3) „קראָניקאַ פּאָלסקאַ", ב. 2, קראקע, 1859.
3) ד"ר יעקב שאצקי: די תקנות פאר די סאָקאָלאָווער יידן אין 18־טן י. ה. („שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק"" ב. ו: בערלין, 1928 ז: 31).
4) „יעווריעיסקא סטארינא", 1911, ז. 286.
5) משה קרעמער: „יידישע באַלעמעלאָכעס און צעכן אין אַמאָ־ליקן פוילן „ייוואָ־בלעטער", באַנד 40).
6) „ארכיוו פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע", באַנד 8, 1898.
7) שמעון דובנאָוו: „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק, באַנד 7, ז. 568.
8) באַלאַבאַן: „געשיכטע פון יידן אין רוסלאַנד", מאָסקווע 1919, 145.
9) „לודנאָשטש זשידאָווסקא וו קרולעסטוויע פּאָלסקים", ווארשע 1911, ז. 57.
10) „סלאָווניק געאָגראַפיטשני" 10—12, ז. 30.

גד זאַקליקאָווסקי
(פתח־תקוה)

# האדמו״ר מסאקאלאוו־פאדלאַסקי

## רבי יצחק זעליג מאָרגענשטערן זצ״ל

דער סאָקאָלאָווער רבי ר׳ יצחק זעליג מאָרגענשטערן איז געבוירן געוואָרן אין קאָצק אין תרכ״ט (1869), און בערך צו צוועלף יאָר (אין תרמ״א — 1881) געוואָרן א חתן פאַר דער טאָכטער פון ר׳ אברהם מרדכי שיינפעלד פון פינטשעוו (באַוווּסט געווען מיטן נאָמען רב מאָטל פינטשעווער ביי וועמען עס איז געווען „תורה וגדולה במקום אחד" א חסיד מפורסם, אַ למדן מופלג, אַן עושר און אַ פּיקח). די כלה, חיה הינדע, וואָס איז געווען עלטער פאַרן חתן, מיט אַ קנאַפּע צוויי יאָר בערך, איז געווען אַ יפת תואר, אַ שלאַנקע ווּקס, מיט זייער אַ סך חן און מידות טובות. זי האָט אויך געלייענט און געשריבן יידיש, פויליש, דייטש, אַ ביסל רוסיש און באהבנט אין יידישע לימודים. דער רבי האָט יונג חתונה געהאַט, קרוב צו 16 יאָר (1884) אָבער דער בכור ר׳ עקב מנחם מענדל הי״ד, דער ווענגראָווער רב, איז ערשט געבוירן געוואָרן אַ פּאָר יאָר נאָך דער חתונה (סוף תרמ״ו — 1886). פון דעמאָלט אָן האָט זי כמעט יעדעס יאָר געהאַט אַ קינד. ווען דער רבי האָט איבערגענומען די כסא הרבנות אין סאָקאָלאָוו, י״א טבת תר״ס (1900) איז ער שוין געווען אַ מטופל פון 9 קינדער.

ווען דער סאָקאָלאָווער רבי, ר׳ בנימין אלי, איז נאָך סוכות פון תרנ״ח (1898) אַוועק פון סאָקאָלאָוו קיין זאלאשין, האָט מען אין יענעם נאָך פסח זיך דערוווּסט אַז דער פילעווער רבי האַלט ביי ווערן רב אין זאַלאָשין, האָט מען אָפּגערעדט מיט ר׳ פיניע אשרס, וואָס איז געפאָרן אויף שבועות צום פילעווער רבין, ער זאָל דאָרט איבעררעדן וועגן סאָקאָלאָווער רבנות, און קריגנדיק פון „פילעווער" אַ גינסטיקן ענטפער, האָט מען אָפּגעהאַלטן אַן אספה מיט די דאָזאָרעס ביי ר׳ פיניע אשרס, וווּ ער האָט איבערגעגעבן די פּרטים פון זיין שמועס מיטן פילעווער רבין; און אַ צווייטע אסיפה — ביי ר׳ פנחסלען, מיט די פאָרשטייער פון די חסידים שטיבלעך, שול און בתי־מדרש און מיט די אָנגעזעענע בעלי־מלאכות. מ׳האָט אַלץ ברייט אַרומגערעדט. דאָ האָבן די מתנגדים און די בעלי־מלאכות געבעטן מ׳זאָל זיי געבן צייט נאָך צוויי שבתים און אין אַ צען טעג ארום איז ביי ר׳ אליעזר שכנאס די לעצטע אסיפה געווען וווּ מ׳האָט אויסגעוויילט די שליחים קיין פילעוו. זיי געגעבן אַ כתב רבנות

מיט חתימות אויפצונעמען דעם פּילעווער רביץ פאַר אַ רב. און אין כתב רבנות (געשריבן האָט אים ר׳ בן־ציון שמש מיט זיין שיינעם כתב) האָט מען געלאָזט אַ ליידיקן פּלאַץ צו פאַרשרייבן דעם סכום געלט, וואָס זיי האָבן געדאַרפט נעמען ביים רבין.

דער צונויפשטעל פון די שליחים איז געווען פאָלגנדער:

ר׳ פנחס׳ל אייזענבערג, ר׳ פּיניע אשרס הענדל, ר׳ זעליקל (דער הויף מלמד ביים „שפת אמת") ר׳ אליעזר שכנאַס ראָזענצווייג, ר׳ שכנא אלי טוביהס רובינשטיין, ר׳ פּייוועלע האָכמאַן (דער אַלט־קאָצקער חסיד, ר׳ יעקב שמעון, ר׳ הערשל שמערלס זשיטעלני (אַן אָנגעזעענער שניידער, אַן עמכאָדיקער כלל־טוער), ר׳ חיים דעם רבס אייזנבערג (אַן איידעם פון אַ סאָקאָלאָווער רב, פאַר ר׳ בנימין אלין — ר׳ יודל פלאָצקער) און ר׳ אַלטער דוד ראָזענבוים. און אָפּגעמאַכט האָט מען מיט די שליחים צוויי תנאים: א) נישט נעמען ביים פּילעווער ווייניקער ווי צוועלף הונדערט רובל (אַזאַ סומע האָט מען זיך מתחייב געווען צו געבן דעם שוחט ר׳ יאָסל בער סקולסקי, ווען מ׳האָט געמוזט מעביר זיין פון דער שחיטה מחמת זיקנה, און סיי די גערער חסידים און סיי די קאָצקער זענען אויף דעם איינגעגאַנגען, ווייל ר׳ יאָסל בער איז נאָך געפאָרן צו ר׳ מענדעלען און דערנאָך — צום „חידושי הרי"ם. ב) נישט אויפנעמען פאַר קיין רב קיינעם פון דעם פּילעווער רבינס זין, נאָר דעם פּילעווער רבין אַליין. דעם ערשטן תנאי — די „געלט־פראַגע" — האָבן זיי גלייך פאַרענדיקט, קריגנדיק די 1200 רובל, נאָר בתנאי אַז פון דעם געלט וואָס מ׳וועט קריגן פון שוחט, וואָס מ׳וועט נעמען נאָך ר׳ יאָסל בערן, זאָלן צוויי דריטל צוריק געגעבן ווערן, ר׳ מעשל ביאַליסטאָקער. (דער אַלט־קאָצקער חסיד ר׳ משה מאַוושאַווסקי האָט דערציילט אַז די ערשטע דריי הונדערט רובל פון די צוועלף, זענען זיין טאַטנס געווען). דעם צווייטן תנאי, צו נעמען פאַר אַ רב דעם פּילעווער רבין, האָבן זיי נישט געקאָנט מקיים זיין מכמה טעמים. ראשית האָט דער „פּילעווער געוואָלט אַ פּאַסיקן געהאַלט און ער זאָל זייך גאַראַנטירט „כתוב וחתום" (נישט געוואָלט מער האָבן צו טון מיט פדיונות) און אויף דעם האָבן זיי זיך גאָרנישט געריכט; געמיינט, אַז מיט אַ רבין וואָס האָט פרנסה פון די חסידים, וועט מען בנוגע שכירות אָפּקומען מיט שה"י ופה"י, ושנית האָט ער געוואָלט אַ לייטישע דירה (און מיט דער צייט, אויך אַ באַזונדערן בית המדרש) לכל הפחות נישט קיין ערגערע דירה ווי זיינע, און ער האָט זיי זיינע חדרים געוויזן, אָבער גע־ווּסט האָבן די שליחים, אַז אַזאַ דירה און אַזעלכע שכירות איז סאָקאָלאָוו נישט בכוח צו געבן. אַהיימקומען „מיטן ליידיקן" האָבן זיי נישט געוואָלט, איז ביי זיי געבליבן אויפצונעמען פאַר אַ רב אַ זון פון דעם פּילעווער רבין, אַזוי ווי דער סאָקאָלאָווער רבי האָט באַוויזן זיך מיט זיי צו באַפרייגדן, און זיי האָבן אויך געזען זיין חריפות און בקיאות, אין נגלה און אין נסתר, ווי אויך זיינע ידיעות אין „מלי דעלמא" (וועלט־זאַכן) איז ער גלייך געפעלן, בפרט אַז ער האָט נישט געשטעלט קיין באַדינגונגען. ס׳איז געבליבן אַז



דער סאָקאָלאָווער רבי ר׳ יצחק זעליג מאָרגנשטערן זצ״ל



די רביצין חיה הינדע מאָרגנשטערן ז״ל

מ׳וועט נעמען פון נייעם שוחט — האָבן זיי אים דאָס כתב רבנות געגעבן. וואָס אַן אמת, האָט ר׳ שכנא אלי טוביהס, דער רויק־שטילער און גרויסער בעל־שכל הישר, געטענהט: „וואָס איז דאָס געאײַל, מ׳האָט מיט אונדז אָפּגערעדט? זאָל מען אַהיימפאָרן זיך מישב זײַן, האָט אָבער דער רוב פון זיי צוריק־געטענהט, אַז די שטאָט איז שוין צו לאַנג אָן אַ רב, און ר׳ יאָסעלע דיין, אַן אַכציקער שוין, קומט אָן שווער דאָס שאלות פּסקענען און מ׳מוז באַלד נעמען אַ מורה הוראה. איז שוין גלייכער אויפצונעמען אַ רב און מאַכן אַ סוף מיט דער לאַגע אין שטאָט.

שטאַרק צוגערעדט, מ׳זאָל אויפנעמען דעם סאָקאָלאָווער רבין פאַר אַ רב, האָט אויך זיין פאָטער, דער פּילעווער רבי, ווייל אַ צו שטאַרקע דעה האָט שוין געהאַט דער סאָקאָלאָווער רבי אין פּילעווער הויף. עס איז אַ דבר ידוע אַז דעם פּילעווער רבינס „שלום ירושלים" וועגן דער עליה פון חסידים קיין ארץ־ישראל, איז, אין זיין גרעסטן רוב, געשריבן און קאָרעגירט פון סאָקאָלאָ־ווער רבין, (דאָס איז אויך דאָ אין רבינס אַ בריוו). און געוואָלט האָבן די שליחים אַז דער רבי זאָל קומען אויף די ימים נוראים. נאָר אַזוי ווי ער האָט נאָך געדאַרפט אַ סך זאַכן דערליידיקן, און דער עיקר, דאָס גרייטן זיך צום עקזאַמען פון רוסישן בילדונגס־צענז, כדי נישט צו זיין קיין „פּאדראבין" נאָר אויך „אַ קאַזיאָנער רב", האָט ער געבעטן אָפּלייגן זיין קומען אויף נאָך סוכות. אין י״א טבת תר״ס 1900 האָט דער רבי פאַרנומען דעם כסא הרבנות.

ס׳איז אויך כדאי צו דערמאָנען וועגן דעם אימפּאָזאַנטן קבלת פנים: פון ביידע זייטן שטאָט, פון ווענגראָווער און שעדלעצער גאַסן האָבן זיך גע־צויגן קאטשן, קאַרעטעס, דראָזשקעס און בריטשקעס מיט רביים, רבנים און חסידים. בעלי־עגלות האָבן געריטן פאַרשטעלטע, אויף געפּוצטע פערד, און ר׳ יהושע יאָסל בעל־עגלה, דער גערער חסיד מיט דער יום־טובדיקער אַטלאַ־סענער קאַפּאָטע, זינגענדיק זיין שטענדיקן פּסוק „שירו לו זמרו לו שיחו בכל נפלאותיו" פון פאָרנט רייט אויף אַ צוגאָווע פערד (געבאָרגט ביי ר׳ חיים וועלוול וויכער, דער פּשעזשאדקער אַרענדאר און אַלט־קאָצקער און גערער חסיד) מיט אַ שיין, רייך באַפּוצטן „כאמוט". באַהאָנגען מיט מעשענע גלעקלעך. פאָרויס, אויף שטאָלצן, זענען געגאַנגען יונה׳לע און אַלטער די בליאַכערעס און מענדעלע יהודיתעס אימיטן, אונטער די קלאַנגען פון מוזיק. „נאַטשאַלסטוואָ" מיט פּאָליציי אין ווייסע הענטשקעס האָבן געהאַלטן אָרדנונג, און ווען ס׳האָט אויפגעהערט די „אדלעגע" דער שפּריץ־רעגן, האָט מען דאָס פאַר אַ מופת געהאַלטן און זיך געוווּנדערט, ווען דער רבי האָט זיך באַגריסט מיט „נאַטשאַלס־טוואָ" אויף רוסיש....

פון שול האָט מען דעם רבין געפירט צו ר׳ פּיניע־אשרס הויז, ווו ער איז איינגעשטאַנען אין ר׳ לוי הענדעלס דירה, און פאַרן הויז זענען אַלע איינ־וווינער געשטאַנען און מיט ברכות און אויפלויכטנדיקע פּנימער דעם רבין מקבל פנים געווען. איינדרוקספול איז געווען דער ערשטער שבת צונאַכטס, ווען גערער און קאָצקער חסידים, פון זיי אויך אַלט־קאָצקער און אַלט־גערער (פון



ר׳ משה מאָרגנשטערן ז״ל
(זון פון סאָקאָלאָווער רבי)



ר׳ משה (שכנאס) שמש ז״ל



* דעם סאָקאָלאָווער רבינס אײדעם
** דער סטערדינער רב ר׳ בנימין הי״ד (זון פון סאָקאָלאָווער רבי).

ר׳ מענדעלען און פון „חידושי הרי״ם“) שטאָטישע און פון נאָענטן אַרום זענען זיך צונויפגעקומען, מזל־טוב אָפּגעבן. זיך איבערגעוואָרפן מיט תורה שיחת־־חור־לינדיקע ווערטלעך פון אַלט־קאָצקער בית־מדרש, מיט גרויס אויפגעהייטערקייט, און דער רבי מיט דער צעעפנטער זיידענער זשופּעצע און בלאַנק־ווייסער וועסט, איז ביים טיש געשטאַנען און געשטראָמט מיט חידושי תורה און גימטריאות.

וועגן רבינס אָנטיילנעמען אין דער באַוווסטער פּעטערבורגער אסיפה, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט צונויפגערופן אין תר״ע (1910) איז שוין פיל געשריבן געוואָרן (ס׳איז אויך פאַראַן אַ געדרוקטער דין וחשבון, הגם ס׳פעלן דאָרט וויכטיקע פּרטים). צווישן די פאָרשטייער פון די קהילות זענען אויך געווען דער גאון הדור חיים סאָלאָווייטשיק, דער בריסקער רב, דער ליובאַוויטשער רבי, דער באַראָן גינזבורג, דער באַרימטער אַדוואָקאַט שלאָסבערג און דער באַוווסטער מיליאָנער — דער באַנקיר לאַזאַר פּאָליאַקאָוו.

אויף דער פּעטערסבורגער אסיפה, זענען אַריין אויך תפילות. אין רבינס׳ס אַ „שיחת חולין“ ווערט געזאָגט, אַז אויף יענער אסיפה איז ער געווען אַ רבי און אַ תלמיד. און אַז די צייטונגען האָבן נאָר געוווּסט צו דערציילן וואָס ער האָט געלערנט מיט די געלערנטע, אָבער נישט — וואָס ער האָט ביי זיי געלערנט. שפּעטער, ווען פון „אגודת האורטודוכסים“ איז געוואָרן „אגודת ישראל“, און דער רבי, אַ סגן נשיא פון דער „אגודה“. איז באַרימט געוואָרן מיט זיינע דרשות און שאַרפזיניק־פּאָלעמישע רעפעראַטן, אויך מחוץ פוילן, ווען אויף די פאַרזאַמלונגען ווו ער האָט גערעדט זענען טויזנטער צוהערער געווען, האָט ער צווישן היימישע געזאָגט: „מ׳מיינט אַז ערשט ביי אונדזער „אגודה“ האָב איך זיך אויסגעלערנט האַלטן רעדעס. די דאָזיקע „שוסטעריי“ האָב איך נאָך אין פּעטערבורג געלערנט, און ביי דער „אגודה“ מאַך איך אַ פּאָר גוטע שיך, עס פאַרשטייט, רבי יוחנן הסנדלר איז טאַקע אויך געווען אַ גוטער שוסטער, אָבער נישט דאָס שוסטעריי האָט אים געמאַכט פאַר רבי יוחנן, און אָט דער סנדלר, האָט אונדז געלערנט, אַז אויב מ׳וויל ס׳זאָל פון אַן אסיפה אַרויסקומען אַ דבר של קיימא, מוז זי לשם שמים זיין. אוודאי זענען אַ סך חולאים ביי אונדז פאַראַן אַז רבנים מוזן דאָקטוירים ווערן, מ׳דאַרף נאָר השגחה טוען אַז דאָקטוירים זאָלן קיין רבנים נישט ווערן“.

דער רבי פלעגט תמיד זיין אויף זיצונגען, אָדער שיקן אַ פאַרטרעטער און געווען געטרי איינפאָרמירט. אפילו וועגן פּרטימדיקער פילאַנטראָפּיע, און נישט נאָר געוווּסט, נאָר געטון, אָדער געזען מ׳זאָל טון דאָס נויטיקע. אין די ענינים פון דער „אגודה“ האָט אים, על פי רוב, פאַרטרעטן דער זון ר׳ בנימין, הי״ד, וואָס איז אויך געווען אַ טיכטיקער עסקן אין דער ישיבה. די שטאָט האָט פון רבין שטאַרק, נהנה געווען הן אין פּרנסה (ס׳זענען תמיד חסידים געקומען) הן פון דער ישיבה, וואָס דער רבי האָט מיט כל־מיני מאמצי־כוחות, מיט נדבה און אייגן געלט, אויסגעהאַלטן. די ישיבה האָט געשמט אין פוילן און אין ליטע. די שטאָט האָט, צוליבן רבין באַקומען, פּרעסטיזש.

## אַלטע היים

שוין אין תרצ״ז (1937) ביי דער לויה פון ר׳ משהן (דעם רבינס זון), איז דער רבי געווען אַן ערנסטער חולה, אָבער ווי אַלע וויסן, האָט דאָס נישט געמינערט פון זיין גאוניטקייט און פון זיינע בליצאַרטיקע מניה וביה׳קע ענטפערס אין זיין פּאָלעמיק מיט אידעישע קעגנער, און פון זיינע חריפות־בקיאותדיקע שמועסן. ס׳איז אויך נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן זיין לעבהאַפטי־קע וואַכזאַמקייט צו פאַרשידענע געשעענישן. דערפאַר, קאָן זיין, האָבן אים די דאָקטוירים נישט געהאַלטן פאַר ערנסט קראַנק, און אפשר אויך צוליב דעם וואָס ער איז געווען אַ בן בית, אין הלכות מעדיצין און געלייענט רעצעפּטן, האָט ער זיך פאַרהיט פון אומגעריכטע סיורפּריזן וואָס קומען אָפּט פאָר ביי קראנקע, נאָר דער פּלוצימדיקער אומגליק, מיט ר׳ מענדלען (זיין זון), דעם וועגנראָווער רב, הי״ד האָט אים אַזוי צעבראָכן, אז ער האָט שוין מער נישט געקאָנט קומען צו זיך, און ווי ער האָט זיך נישט געשטאַרקט, האָט ער מער ווי עטלעכע וואָכן נישט אויסגעהאַלטן

חסידים וויסן צו דערציילן, ווי אין דעם יום־כפּור פון ת״ש (סוף 1939) פאַר „נעילה״, ממש אין דער צייט ווען מ׳האָט דעם זון פאַרפּייניקט, איז דער רבי אַרויס אין אַ יאָמערלעך געשריי: מענדל, מיין בכור, ווו ביסטו?! איך זע דיך נישט! געוואַלד יידן, זיי האָבן אים דערהרגעט! און ער איז אַוועקגעפאַלן. און ווען מ׳האָט אים געוואָלט לייגן אויפן בעט, האָט ער געבעטן, מ׳זאָל אים לאָזן זיצן איבער „נעילה״. און דערנאָך האָט מען אים געלייגט אויף דעם בעט, פון וועלכן ער איז שוין נישט אַראָפּ ביזן נפטר ווערן. ג׳ חשון ת״ש, (1939) אין עלטער פון צוויי און זיבציק יאָר בערך. און חסידים האָבן איבערגעזאָגט, אויפן סאָקאָלאָווער רבי דעם פסוק וואָס דער „חדושי הרי״ם״ האָט געזאָגט, ביי זיין זיידן ר׳ מענדלס פטירה, וואָס איז אויך נפטר געוואָרן ביי די צוויי און זיבציק: „את מספר ימיך אמלא״. „אמלא״ בטרעפט 72 (צוויי און זיבציק אין „בעל הטורים״ שמות כ״ג—כ״ו, און אויך לויט די חז״ל, איז דאָ די ר״יד פון פטירת הצדיק).

און זער דערדריקנדיק איז געווען דעם רבינ׳ס לויה, אַ פאָר מנינים יידן האָבן זיך ממש מוסר נפש געווען, פירנדיק דעם נפטר פון אָטוואָצק קיין וואַרשע. אויפן וועג זענען זיי באַפאַלן געוואָרן פון דייטשן, וואָס האָבן זיי די בערד מיט שטיקער פלייש אָפּגעשניטן, געשלאָגן מכת רצח, און זיי צעטריבן. נאָר ווי די דייטשן זענען אַוועק, האָבן די חסידים ממשיך געווען די לויה. און אַזוי מיט פאַרבונדענע פנימער, זענען זיי, מיט די לעצטע כוחות, קיין וואַרשע אַריין, נאָך גרויס מי פון חסידים און די קהילה דאָזאָרעס, דערהויפּט דורך דער אַנשטרענגונג פון ר׳ אייזיק בער עקערמאַן, דער אגודהשער עסקן און זשור־נאַליסט, האָט זיך איינגעגעבן די לויה צו פאַרענדיקן.

דעם רבין האָט מען מקבר געווען אויפן גענשער בית־עלמין, נאָענט צום קבר פון ר׳ אברהם מרדכי אַלטער, דער זון פון חדושי הרי״ם, און פאָטער פון „שפת אמת״.

## סאָקאָלאָוו-פּאָדליאַסק

אַזוי איז צעריסן געוואָרן די קאָצקער שלשלת און שושלת (דינאַסטיע) און צעוואָרפן ליגן אירע רינגען, ווער וועט זיי אויפהויבן, איניקן?

און זאָל דאָ נאָך דערלויבט זיין צו פאַרצייכענען לזכרון דעם רבינס קינדער: ר׳ מענדל יעקב מנחם, דער וועגראָווער רב — אומגעקומען; אסתר, טאובע, רחל, השם ינקום דמם. ר׳ משה (נפטר געוואָרן אין וואַרשע אין תרצ״ז, (1937), ער פלגעט צומאָל מיטן רבינס רשות פאַרטרעטן דעם רבין אין רבנות; ר׳ בנימין — סטערדינער רב, דעם אמשינאָווער רבינס איידעם. און נאָכן סאָקאָלאָווער רבינס פטירה האָבן אים חסידים פאַר אַ רבין געקרוינט, הי״ד), און תבדל לחיים ארוכים —ביילע (די רביצן פון אדמו״ר ר׳ נחום מרדכי פערלאָוו שליט״א אין ברוקלין-ניו-יאָרק); יוכבד הי״ד, און שבתי (שעפסל — געשטאָרבן קליינערהייט) און אין סאָקאָלאָוו געבוירענע זענען: רבקה (די פרוי פון ר׳ אהרן ישראל באָרענשטיין — דער זון פון דעם סאָכאטשאָווער רבין, דער בעל-שם משמואל זצ״ל); שרה, הי״ד, און תבדל לחיים ארוכים — לאה (די פרוי פון ר׳ אהרן יעקב גרינבערג, וויצע-פּאָרזיצער פון כנסת).

יצחק כספי
(תל־אביב)

# הרב ר׳ משה צבי וינגרטן

דמות מעניינת וכמעט אגדתית, היה הרב ר׳ משה צבי ויגגרטן, רבה של סוקולוב־פודלסק, שישב בה על כסא הרבנות באמצע המאה ה־19. מחמת הלשנה של בן־בליעל בפני הרשות, נאלץ הרב לעזוב את כסא הרבנות ולעבור לשדליץ, בה כיהן כראש אב־בית־דין וריש מתיבתא. לנטישתו של הרב ר׳ משה צבי את קהלת סוקולוב גרמו גם לא מעט חסידים קנאים שריב ומדון היה להם עם המרא דאתרא.

קודם בואו לסוקולוב־פודלסק שימש הרב משה צבי וינגרטן רב במאקוב. ובסך־הכל שימש ברבנות ארבעים שנה.

הרב ר׳ משה צבי היה למדן מופלג, בקי בתורה שבכתב, ש״ס ופוסקים. עמד בחליפת מכתבים עם גדולי הדור שפנו אליו בשאלות ותשובות. עם היותו מתנגד חריף היה לו שיג ושיח עם תורת הנסתר והרבה לעי״ן בספרי קבלה. חיבוריו המרובים שנמצאו אצל בן הרב ר׳ דוד, שהיה רב בחורז׳ל, היו למאכל אש באחת השרפות שם 1) רק אחד — „ספר חדושי מהר״ם צבי״, יצא לאור שנים רבות לאחר פטירת המחבר, בשנת תרנ״א, בורשה. הספר כולל פלפולים על מסכת חולין וכן דרשות של הרב המחבר. בין השאר שתי דרשות שהשמיע הרב המנוח בסוקולוב בשנת תרט״ז (1856) 2).

הרב וינגרטן היה גם עניו וירא שמים במידה בלתי רגילה. מנהג היה בידו לשבת בצום ממוצאי שבת עד לערב שבת. כן נהג לקום לטבילה במקווה בחצות הלילה ולערוך תקון חצות עד אור הבוקר. למרות היותו לוחם לוהט בחסידות, קירבוהו הללו, ביחוד הרבי יצחק מווארקא, שהיה נוהג לבקר בבית הרב וינגרטן עת בואו לקהלות בהן ישב הרב וינגרטן על כסא הרבנות. ברם, לא כל החסידים כיבדוהו. חלק מהמחנה חיפש אמתלאות כדי לקנטרו, ועד כדי השלחת כלב בעד חלון ביתו, בזמן שלוש סעודות של הרב, הגיעו הדברים 3).

לעת זקנתו, לקה מאור עיניו והרב בעינויו נפש לאין תיאור המשיך לפסוק הלכות. כשהרבי ר׳ יצחק מווארקא ראה זאת, אמר עליו, על ר׳ משה צבי: „זה יהודי אשר ביקש באמת מהשם יתברך, והאר עינינו בתורתך — וניתן לו״ 4).

1) הקדמת בן המחבר ב״ספר חדושי מהר״ם צבי״, ווארשא תרנ״א.
2) מדף ל״ט ואילך.
3) י. נ. ווינטרויב, ספר יזכור לקהלת שדלץ, באונאס־איירעס 1956, עמ׳ 548.

בימי שבתו על כסא הרבנות בסוקולוב מצא הרב וינגרטן, בעזרת פרנסי העיר, מקורות הכנסה למימון דרכי הקהלה בעיר זו. הוא הטיל מסים על השחיטה הכשרה, יין לקידוש, שמרים וקמח. גם לאחר שעזב הרב דינן את סוקולוב לא בוטל המס. בשנת 1867 הגיעה ההכנסה ממסים הנ"ל לסך של 1916 רובל. הדבר היה כצנינים בעיני השלטון הרוסי הכובש. בתזכיר סודי שהריץ היועץ המשפטי פריאוברז'נסקי אל שר הפלך בשדליץ ב־14 בספטמבר 1873, הוקיע היועץ המשפטי גביית כספים שלא בחוק 5).

מסתבר כי פריאוברז'נסקי עקב אחרי מעשיו של הרב ר' משה וינגרטן ופרנסי העיר והיו בידיו ידיעות מפורטות על ההכנסה מכל מיצרך ומיצרך מהנזכרים; עליהם הוטלו מסים.

על סיבת בריחתו של הרב מסוקולוב־פודלסק, היה שגור בפי העם הסיפור הבא 6):

מעשה במלשין שהסגיר בידי הרשות אברכים בימי „החוטפים" (קאנ־טוניסטים). הרב דמתא הזהיר במלשין שיחדול בו ממעשיו. האחרון לא שעה לדברי האזהרה. פתאום חלה המלשין בשיתוק גופו. אברים אברים. בעיירה התלחשו כי מאז חלה המלשין, נעלם הרב ועקבותיו לא נודעו. לימים נתגלה ברבים כי ר' משה צבי עוסק בסתר ביצירת גולם מחמר וככל שצורת הגולם הלכה וגדלה כן גברה מחלתו של אותו מנוול. המלשין ראה בכך ידו של הרב בדבר והתלונן עליו בפני הרשות. ר' משה צבי נאלץ לעזוב את סוקולוב ונתקבל לרב בשדליץ.

במקום כהונתו החדש לא שינה את השקפתו ואת אורח חייו. קנאותו נגד החסידים גברה: ביום א' דפסח ציווה על הרבנית לבשל כופתאות ואת הקערה עם הכופתאות הציג בחלון ביתו, כדי להפגין בפני הכל כי ענין „שרויה" בפסח אינו מן התורה.

הרב ר' משה צבי וינגרטן נפטר והוטמן בבית הקברות בשדליץ בשנת תרי"ח (1858). הקבר היה מוזנח עד שנת תרס"ד, כשהוקם על קברו „אוהל". הניח ארבעה בנים ושתי בנות. שלשה מבניו היו רבנים ידועים בקהלות ישראל.

ב„ספר מהר"ם צבי", פורטו שמותיהם של ארבעה נכבדים בסוקולוב שסייעו את בן הרב להוציא את החיבור. הלא הם: שכנא רובינשטיין צבי טוביה בעקי, אליעזר בר"ש רוזנצויג ודוד שלמה וייצמן.

4) ב„ספר חדושי מהר"ם צבי".
5) ועדת החמרים של החיים היהודיים בפולין 1874, עמוד 402 (רוסית).
6) יצחק כספי, מגילת פרעות שדליץ בשנת 1906, עמ' 16.

חיים משה מייזליש
(ירושלים)

# סאָקאָלאווער ניגון

יעדעס יידיש שטעטל אין פוילן, און מסתמא אויך אין אַנדערע מזרח־אייראָפּעישע לענדער, האָט זיך געהאַט זיין ניגון. דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין די דאָזיקע לענדער איז געווען ניגון־פול, און דאָס קליינע שטעטל איז שטענדיק געווען — קאָנצענטרירטע שורש׳דיקע יידישקייט. האָט דאָס שטעטל ממילא געטראָגן אין זיך אַ גרויסן חלק פונעם אַלגעמיינעם ניגון, וואָס האָט אַרויסגעזינגען פון דעם כלל יידישן קיבוץ. און מען האָט נישט געדאַרפט זיין קיין געוואַלטיקער מנגן צו דערהערן דעם ספּעציפישן און אייגנאַרטיקן ניגון וואָס האָט זיך געטראָגן פון יעדן איינעם פון די פאַרהייליקטע יידישע קיבוצים אויפן מזרח־אייראָפּעישן קאָנטינענט. דאָמינירט האָט, פאַרשטייט זיך, דער תפילה ניגון, קודם כל נוסח, און מיט אים — דער באַזונדערער סטיל פון חזנות, וואָס האָט זיך צעבליט אין יעדן קיבוץ אויף זיין שטייגער. מיט אים האָט זיך צונויפגעגאָסן דער קול תורה פון דעם בית מדרש, ישיבה און חסידים־שטיבל, און זיינע באַגלייט־ניגונים, סיי די ישיבה׳שע און נאָך מער די חסידישע. ביי זייער זייט איז זיך געוואקסן דאָס פאָלקס־ליד, פונעם גאַסן־ליד ביז צו דעם ראַפינירטן, מאָדערנעם ליד. דאַן די אַלגעמיינע מעלאָדישע אַטמאָספערע פון דער סביבה, וואָס האָט געהאַט איר השפעה און איר חלק אין דער אויסבילדונג פון דער באַזונדערע יידישע נגינה אין דעם געגעבענעם לאַנד. אין דאָס קליינע שטעטל איז דאָך געווען דער באָדן פון דער עכטער, פאַרוואָרצלטער יידישקייט, און ממילא אויך דער יסוד פון דער יידישער נגינה.

איך וויים אָבער בלויז פון סאָקאָלאָוו — סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסקי אין אָפּיציעלן לשון, נעבן שעדלעץ און נאָענט צו דער מזרח־גרעניץ, פון דעם פּאָדליאַשער געביט.

סאָקאָלאָוו האָט געהאַט איר אייגענעם ניגון, ער האָט זיך געפילט אין דער לופט, אַראָפּגעברומט פון די פנימער, אַרויסגעזונגען פון זייער פאַרצויגענעם חיתוך־הדיבור, אפילו פון סאַמע הילוך פון די סאָקאָלאָווער יידן, און נאָך מער — פון דער סאָקאָלאָווער יידישער יוגנט. עס איז געווען אַ הילוך, אַ פאַרבענקטער, אַן אומעטיק־אָנגענעמער, און דאָך אַ היימישער, אַן אייגענער.

סאָקאָלאָווער יוגנט איז געווען מוזיקאַליש, זי האָט ליב געהאַט צו זינגען. און געזונגען האָט מען אַלץ, מען האָט נישט שטאַרק מקפיד געווען אויף פּאַרטייאישע גרענעצן און שפּראַכן־מחיצות. געווען, פאַרשטייט זיך, „אידעאָלאָגישע“ נגינה פון די פאַרשידענע פּאַרטיי־גרופּעס, וואָס האָבן ביי דער יוגנט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די באַזונדערע חסידים־שטיבלעך, מיט אַלע „פּיטשעווקעס“, און ממילא אויך מיט באַזונדערע ניגונים, אָדער לידער. אָבער די ליבשאַפט צום ניגון האָט גובר געווען אַלע מחיצות. און אַז קיפּניס־זעליגפעלד האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן דאָס יידישע פאָלקס־ליד און פון ארץ־ישראל האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען די ערשטע חלוצים־לידער, האָט זיך סאָקאָלאָווער יוגנט און אינטעליגענץ צעזינגען מיט אַזאַ דבקות, אַז עס האָט פאַרכאַפּט ביים האַרץ. פון יעדן ווינקל, פון די פּאַרטיי־לאָקאַלן“ ביז די קליינע הייזלעך אויף די לאַנגע סאָקאָלאָווער גאַסן און זייטיקע צעשיטע געסלעך האָט געפּראַלט האַרציקע, מתיקות“דיקע, מיט בענקשאַפט און טרייסט אָנגעפילטע יידישע נגינה.

די סאָקאָלאָווער יוגנט האָט זיך געהאַט אירע מוזיקאַלישע „שטאַפּעטן“. זי איז בכלל געווען זייער רירעווודיק. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק פלעגט זיך דער אָדער יענער פון דער חברה אַראָפּכאַפּן קיין וואַרשע, און צוריקקומענדיק — מיטגעבראַכט מיט זיך דעם סאַמע לעצטן „שלאַגער“ פון „קווי־פּראָ קוואָ“ אָדער „מאָרסקע אָקאָ“. און די פרישע קופּלעטן און זאַפטיקע טאַנגאָס פלעגן באַלד ווערן אויפגעכאַפּט פון דער חברה־יונגוואַרג, און דער היימישער נגינה־רעפּערטואַר איז כסדר געוואַקסן און אָפּגעפרישט געוואָרן.

אָבער נישט אין דער צאָל געזונגענע לידער, אָדער אין זייער נייאיקייט האָט זיך אַנטפּלעקט סאָקאָלאָווער ניגון. עס ווענדט זיך ווי מען זינגט אַ ליד. פון יענער זייט בוג, „ליטוואַקעס“ מיט קורצע רעקלעך און שאַרפע קעפּלעך, זענען די לידער עפּעס אַנדערש געזונגען. דאַכט זיך די זעלבע מעלאָדיע, אָבער — מעלאָדישער, פאַרזיסטער און פאַרבענקטער. איידער וואָס־ווען האָט זיך דאָס ליד, ווו זיין שורש זאָל האָבן געווען, צוגעפּאַסט צום אַלגעמיינעם, האַרציקן טאָן פון דעם אייגענעם ניגון און געוואָרן אַ טייל פון אים. עס איז אויך פאַרגעקומען אַ נאַטירלעכער אָפּקלייב פון די אימפּאָרטירטע לידער און ניגונים. איניקע זענען געקומען און אַוועק, נישט געהאַלטן זיך לאַנג; מסתמא זיך נישט גרינג צוגעפּאַסט צום מוזיקאַלישן געמיט פונעם זינגנדיקן סאָקאָלאָוו. אַנדערע ווידער האָבן זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון הויפּט־ניגונים, געוואָרן אַזוי צו זאָגן, די אָפיציעלע הימנען פון די באַזונדערע גרופּן און גרופּקעלעך. און ימ׳ען פון וואַרעמע חברישקייט אין געמיינזאַמען אומעט און טרוים, אַנגסטן און נגגונים און דעם ענגן און טריבן חלל אַריין פונעם קליינעם שטעטל.

* * *

סאָקאָלאָוו האָט אויך געהאַט אירע „דערגרייכונגען" אויפֿן מוזיקאַלישן געביט, און עס וועט אפשר קלינגען אומגלויבלעך, אָבער ס׳איז אַ פֿאַקט. סאָקאָלאָוו האָט אויפֿגעפֿירט ביי זיך איר אייגענע יידישע אָפּערע.

אין רבינס בית מדרש, אין דעם גרויסן ליכטיקן בנין, האָט זיך אין דער צייט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה געגרינדעט אַ ישיבה. קאָצקער גזע האָט, ווי באַקאַנט, שטענדיק געהאַלטן פֿון לערנען, און טאַקע שאַרף לערנען. עס איז געווען אַ היימישע ישיבה, פֿאַרן אייגענעם געברויך פֿון שטעטל, און דעם שיעור האָבן געזאָגט היימישע בחורים פֿון דעם זעלבן בית מדרש. דער סאָקאָלאָווער רבי, עה״ש האָט בלויז פֿון צייט צו צייט זיך צוגעקוקט צו די ישיבה ייִנגלעך און גענומען זיי אויפֿן פֿאַרהער, און דרך אגב אויך די שיעור־זאָגנדיקע בחורים גופא. ערשט שפּעטער האָבן אָנגעהויבן קומען אין דער ישיבה בחורים „מעבר לים", ס׳הייסט פֿון יענער זייט בוג, „ליטוואַקעס" מיט קורצע רעקלעך און שאַרפֿע קעפּלעך, זענען זיי געווען דאָס גרעסטע חידוש אין חסידישן סאָקאָלאָוו. דעמאָלט זענען אויך אָנגעשטעלט געוואָרן ראשי ישיבות, באַקאַנטע לומדים און אַזוי צו זאָגן „פּראָפֿעסיאָנעלע" שיעור־זאָגער, און די ישיבה איז געוואָרן אַ שם דבר. פֿאַר מיין צייט איז נאָך אַלץ געווען „אַמאַטאָריש", אויף דעם היימישן שטייגער, אָן דעם ישבה׳שן אימפּעט.

איז זיך אין און ביי דער דאָזיקער ישיבה אויפֿגעקומען אַ כאָר — טאַקע פֿון די ישיבה ייִנגלעך גופא. ווי שיקט זיך עס עפּעס — אַ כאָר אין אַ ישיבה און נאָך אין אַ רבישן הויף, וועמען איז עס איינגעפֿאַלן דער געדאַנק און ווי אַזוי עס איז אַרויסגעקומען מן הכח אל הפועל — ווייס איך נישט. איך שטעל זיך פֿאָר, אַז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן גאַנצן ענין איז געווען יעקל גרינבערג וואָס איז בכלל געווען „פֿאַראַנטוואָרטלעך" פֿאַר אַלץ מיט אַנאַנדער. יעקל איז שוין דעמאָלט געווען אַ פֿאַרברענטער מזרחי, אין סאַמע רבישן־אגודהשן הויף, און די אידעע פֿון כאָר איז מסתמא געווען פֿאַרבונדן מיט דעם גאַנצן קאָמפּלעקס שטרעבונגען און חלומותן פֿון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס.

בקיצור, עס איז אַנטשטאַנען אַ כאָר — אַן אמתער, איינשטודירטער און דיסציפּלינירטער כאָר. דעם טענאָר און באַריטאָן האָבן צושטייער געגעבן די ברידער יעקל און דוד לוסטיגמאַן, דער לעצטער אויך אַ שיעור־זאָגער אין דער ישיבה, אַ פּאָר ברידער, וועגן וועמען עס זענען אַרומגעגאַנגען מעשיות אין שטאָט און פֿאַר וועמען עס האָבן אפילו די צאַרישע נאָוואָבראַנצעס געציטערט. די אַלטן און סאָפּראַנאָס זענען געווען די ישיבה ייִנגלעך גופא. אָבער דער רוח־החיה פֿון דעם כאָר איז געווען שמואל גאָזאָווסקי, דער זייגערמאַכער און בעל תפילה פֿונעם מזרחי־מנין, אַ יוגערמאַן אַ זייד און גאָר אַ וואַזשנער בעל־מנגן. און ער האָט עס איינגעשטודירט מיט דעם כאָר פֿאַרשידענע „שטיק", פֿון וועלכע עס זענען געבליבן איינגעקריצט אין זכרון די „מזמור שיר חנוכת׳ן, צווי נוסחאות, איינער שענער פֿונעם אַנדערן, „אהבה רבה", „נעריצך" — גרויסע קאָמפּליצירטע כאָראַלע קאָמפּאָזיציעס וואָס איין גאָט ווייסט פֿון וועלכן אַנאָנימען

מוזיקאַלישן שאַפער זיי שטאַמען. ערשט אין אַ צייט אין ניו־יאָרק, מיט 25 יאָר שפּעטער, האָב איך צום ערשטן מאָל נאָך אַזוי פיל יאָרן דערהערט אײנעם אונטערברומען אַ פּסוק פון יענעם „מזמור שיר חנוכת״, און יענער האָט מיר געזאָגט אַז עס איז אַ קאָצקער״ ניגון. אויב די אַנדערע מזמורים זענען אויך קאָצקער, דאַן מעג זיך קאָצק באַרימען נישט נאָר מיט איר שאַרפער מחשבה, נאָר אויך מיט איר רייכער נגינה.

דער כאָר האָט אפילו געגעבן עפנטלעכע קאָנצערטן. איינמאָל, אַ חנוכה, למשל, איז געגעבן געוואָרן אַזאַ קאָנצערט אין רבינס בית מדרש. דער עולם, עלטערן פון קינדער און איינגעלאַדענע געסט, איז געקומען קוקן אויפן ווונדער, און מען האָט זיך צעזעצט אויף לאַנגע רייען בענק, ווי להבדיל אין אַ טעאַטער, און פון פאָרנט, אויף אַ הויכער בינע, זענען געזעסן די פּני, מיטן רבינס זון בראש, און מען האָט געהאַלטן רעדעס מעניני דיומא און דער כאָר האָט געזונגען און אַז שלמה דעם מולארס, דער סאָליסט פונעם כאָר האָט זיך צעלאָזט מיט זיין זיסן אַלט אינעם „מה בצע בדמי...״ איז עס פאַרגאַנגען יעדן ביים האַרץ. אַזעלכע חידושים האָט נאָך סאָקאָלאָוו נישט געהערט און נישט געזעען.

אָבער דער הויך־פּונקט איז געווען די „פאָרשטעלונג״. פאַר פּורים האָט דער כאָר צוגעגרייט אַן אמתע אָפּעראַ — עפּעס אַ געמיש פון עקדת יצחק און מכירת יוסף מיט מגילת אסתר, ווו די העלדן רעדן נישט אַ וואָרט פּראָזע, נאָר זינגען אַלץ אין גראַמען. און די ניגונים — זיסע, נאָגנדיקע, אָדער לוסטיקע און שפּאַסיקע, לויט דעם ענין, אַ שלל מיט פאָלקס־נגינה. היינט דאָס צוגרייטן די אָפּערא, דאָס „איינשטודירן״ די ראָלן און דאָס צוגרייטן די „בינע״. אין שטיב פונעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט זיך געפונען די „פאַבריק״ פון דער הלבשה, קאָסטיומען בלע״ז, פאַר די שפּילער. און וואָס פאַר אַ הלבשה! גאָלדענע קרוינען און בגדי מלכות פאַר אבימלך׳ן און אחשורושן, און פאַרשטייט זיך פאַר ושתי און אסתר; פליגלען — ווייסע פאַר די גוטע מלאכים און שוואַרצע פאַר — די בייזע, וואָס האָבן געהאַט צו טון מיט דער עקדה, היינט די אָריענטאַלישע טראַכטן פון אברהם׳ן מיט זיין סוויטע, פאַר מרדכין און להבדיל המנען מיט זיינע בנים, און סתם הויף־לייט און הויף־דאַמען, משרתים און יוצאי־משרתים וואָכן האָט עס גענומען צוגרייטן, אַלץ פון פאַפיר, פאַרשטייט זיך. פאַר דעקאָראַציעס האָט מען גענוצט ליילעכער און טעפּיכער.

די פאָרשטעלונג האָט געזאָלט פאָרקומען אין סאַמע רבינס בית מדרש און מען האָט שוין געהאַט פאַרצויגן אַ שטריק אויף אָנצוהענגען דעם „פאָרהאַנג״! אָבער אין דער לעצטער מינוט איז אָנגעקומען אַ באַפעל „פון אויבן״, אַז אין בית מדרש — נישט. טאַקע פּורים, אָבער עד כדי כך? און די פאָרשטעלונג האָט זיך נעבעך געמוזט אַראָפּציען אין קעלער אַריין, וואָס האָט געדינט אַלס הילף־צימער צו דער ישיבה. אָבער די האַרציקע נגינה האָט אויף אַלץ מכפר געווען.

* * *

סאַקאַלאָוו האָט אויך געהאַט איר מוזיקאַליש וווּנדער־קינד. שלמה גאָלאָמב האָט ער געהייסן, אַ ייִנגעלע אַ קליינער און אַ בלאַסער, ווי עס נאַסט זיך פאַר אַן אײדל ייִדיש קינד פון אַן אָרים הויז. די עלטערע ברידער זיינע, משכּילים שוין האָבן עפּעס דערשמעקט אין אים אַ חוש פאַר מוזיק און אים איינגעהאַנדלט אַ פידל און געשטופּט, נאָכן חדר, צו נעמען לעקציעס פונעם שטאָטישן אַנטי־סעמיטישן מוזיק־לערער. נאָך אַ שטיקל צייט האָט שוין דער לערער מער נישט געהאַט קיין „תורה" פאַר אים און מיט זיין גאַנצער רוגזה האָט ער געמוזט מודה זיין, אַז דאָס ייִנגל „האָט עפּעס". האָבן די ברידער די אויפגעקלערטע אים געגומען קיין וואַרשע, געבראַכט אין קאָנסערוואַטאָריע. מען האָט אים דאָרט געטראָגן אויף די הענט. די פּראָפעסאָרן פלעגן אים מיטנעמען אויף אַלע קאָנ־צערטן ווו עס זענען אויפגעטרעטן וועלט־באַרימטע פידלער, כדי מחנך צו זיין אים אין די דרכים פון העכערע נגינה. און ווען דער קליינער פלעגט אַהיימ־קומען אויף יום טוב, אָדער וואַקאַציע, פלעגט ער אַרומגיין אַ פאַרחלומטער, ווי ער וואָלט אַראָפּגעקומען פון אַן אַנדערע וועלט.

ווו איז ער היינט מיט זיין פידל?

* * *

די גרעסטע דערגרייכונג פון סאָקאָלאָוו אויפן געביט פון נגינה איז געווען יחזקאל, דער בעל מוסף פון אַלעקסאַנדערער שטיבל.

יחזקאל קראַמאַזש האָט ער געהייסן, אָבער גערופן האָבן אים אַלע — יחזקאל. חסידים האָבן נישט ליב קיין רבּ׳ס און מורה־מורינו׳ס. געווען איז ער ווען איך האָב אים באַקענט, אַ ייִד אין די זעכציקער, אַן אָרימאַן אַן אביון, געהאַנדלט ערגעץ מיט עפּעס אויפן מאַרק און פול מיט מיחוש׳ן, ווי דער שטייגער איז. האָט אין דעם אַלטן, פאַרמאַטערטן און ליבן ייִד געלעבט אַ נשמה, וואָס האָט, קאָן מען זאָגן, נישט פאַרגעסן די הימלישע נגינה, וועלכע זי האָט אָנגע־הערט איידער זי איז אַראָפּ אויף דער זינדיקער וועלט. עפּעס עלעמענטאַר אוראַלטקייט איז געווען אין זיין תּפילה, און דאָך סובטעל־מוזיקאַליש און היינט־צייטיק. געהערט אַמאָל ראַוועלס קדיש, דעם באַרימטן מחבר פון „באָלעראָ"? אין איינציקער מאָטיוו אויסגעצויגן און פאַרצויגן אויפן גאַנצן קדיש. איז עס בלויז אַ ווייטער און בלאַסער אָפּקלאַנג פון יחזקאלס נוסח. און אַ ליכט האָט זיך געטראָגן פון זיין תּפילה, אַ העלע ליכטיקע שייך פון דערהויבענער נשמהדיקייט, וואָס האָט באַשטראַלט דעם גאַנצן חלל אַרום זיין עמוד.

יחזקאל איז, ווי געזאָגט, געווען דער בעל מוסף פון אַלעקסאַנדערער שטיבל. וואָס האָט געשטעקט אין פאַליש פון דער גרויסער שול. און געדאַווענט האָט ער נוסח. וואָס דען, פאַראַוואָן חזנות אין אַ חסידיש־שטיבל? אָבער וואָס פאַר אַ נוסח! האָכט זיך דער זעלבער וואָס הערט זיך בכל תּפוצות ישׂראל, און דאָך — גאָר אַן אַנדערער, עפּעס נאָכגעגאַנגען דעם נוסח ביי דער זייט און עס האָט

זיך באַקומען עפּעס גאָר אַנדערש, מעלאָדישער און טיפער, פּאַרצייטיק־יידישער, כמעט בית המדרשדיק עס װאָלט זיך געשװוירן אַז אַזוי האָבן די לויים געפּראַוועט זייער נגינה אין בית המקדש ביי דער עבודה. און אַזוי אייגנאַרטיק איז דער דאָזיקער נוסח געװען, אַז קיינער אין שטאָט האָט אים בשום אופן נישט גע־קאָנט אפילו נאָכזאָגן. אפילו נישט דוד׳טשע ראָזענבוים, װאָס האָט אויפגעכאַפּט אַ ניגון איינס־צוויי און געקאָנט נאָכמאַכן אַלע מיני קולות און שטימען אין דער װעלט, אפילו שיחת חיות ועופות, האָט אים נישט געקאָנט אויפכאַפּן. כ׳הויב אפילו אָן צו גלויבן אַז אויך נאָטן װאָלטן נישט געקאָנט איבערגעבן געַנוי, אין איר גאַנצער מתיקות און איידעלער מעלאָדישקייט, יחזקאלס ימים־נוראים׳דיקע תפילה.

צוליב זיינע מיחוש׳ן מסתמא, אָדער צוליב עניוות, האָט ער אויסגעמיטן צו דאַוונען פאַרן עמוד אין אַ געוויינלעכן טאָג אָדער שבת און געהאַלטן אַלע זיינע כחות און די מתנה װאָס גאָט האָט אים געגעבן פאַר ימים נוראים. און װען איינמאָל, אין אַ ראש חודש, ביי אַ פאַרשפּעטיקטן מנין, װען ס׳איז פּשוט נישט געװען קיין אַנדערער, איז יחזקאל צוגעגאַנגען צום עמוד און גענומען זאָגן הלל — איז בוכשטעבלעך, בחוש ממש, ליכטיקער געװאָרן אין בית מדרש.

און אָט אָ דאָס ליכט האָבן זיי פאַרלאָשן, דעם דאָזיקן זיסן יידישן ניגון האָבן זיי דערמאָרדעט — פאַרשניטן זאָלן װערן זייערע יאָרן אויף אַלע אייביקייטן.

מרדכי באינע
(ניו-יאָרק)

# דעם סאָקאָלאָווער רבינס ישיבה

(געווידמעט מיינע ליבע עלטערן).

ערב יום כפור (1916), ווען מיין פאָטער האָט, ווי עס איז געווען דער מנהג אין אַלע חסידישע הייזער, מיך געבענטשט צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע קינדער, האָב איך באַמערקט, אַז דאָס מאָל איז מיין פאָטער עפּעס באַזונדער געבראָכן און צערודערט. ער האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויף מיין קאָפּ און מיט אַ געבראָכענע שטימע מיך געבעטן זיך נעמען פעסטער צום לערנען, מיר געווינטשן, אַז צום נייעם יאָר זאָל מיין האַרץ באַגערן תורה און דערביי האָבן טרערן זיך געקייקלט פון מיין פאָטערס אויגן און די טרערן זענען געפאַלן אויף מיין פנים.

איך האָב דעמאָלט נישט גלייך פאַרשטאַנען פונוואַנען עס קומט די שבירת הלב פון מיין פאָטער אין פאַרוואָס ער איז דאָס מאָל ערב יום כפור געווען באַזונדערס רירענד. אָבער נאָך יום טוב איז פאַר מיר דאָס רעטעניש געוואָרן אויפגעקלערט: מיין פאָטער וויל, אַז איך זאָל אַריינטרעטן אין דעם רבי׳נס ישיבה. ער אַליין האָט ביז דער חתונה געלערנט אין פאַרשידענע ישיבות און שפּעטער אַלס אייִדעם אויף קעסט געלערנט אין אַלעקסאַנדער־שטיבל און ער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל גיין אין זיינע דרכים. מיר אַליין איז דאָס זייער נישט געווען צום האַרצן, ווייל איך האָב געוואָלט ווערן אַן אַרבעטער, אַ מאָדערנער מענטש, ובפרט ווען איך האָב געוווּסט אַז ביי מיינע עלטערן איז קיין רחבות נישטאָ און קוים וואָס עס קלעקט אויף פּרנסה בצמצום. אָבער מיין ווידערשטאַנד האָט לאַנג נישט געדויערט, מיין פאָטער האָט געזיגט און איך בין אָנגעקומען אין דער ישיבה וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען בית ישראל, צום אָנדענק פון סאָקאָלאָווער רבינס פאָטער.

ווען מיין פאָטער האָט דערהערט פון רבין, אַז הגם די יונגע ישיבה זיינע איז שוין איבערפילט וועט ער מיך אַריינגעמען אויב נאָר איך קען מאַכן אַ „לייענען״, ד. ה. אַליין לערנען אַ בלאַט גמרא, איז מיין פאָטער געווען גליק־לעך. און נאָך גליקלעכער איז ער געווען ווען איך האָב דעם עקזאַמען אויסגע־

האַלטן און איך בין גלייך אָנגענומען געוואָרן אין דער כתה א׳. אויך איך אליין, וועלכער האָט פריער זיך געבונטעוועט קעגן אָנקומען אין דער ישיבה, האָב שפּעטער מיין מיינונג געענדערט. די גאַנצע אַטמאָספערע פון דער ישיבה: דער טרויעריקער ניגון, די האַרציקע התמדה און די חברשאַפט האָבן גערעדט צו מיין האַרץ, און איך האָב שפּעטער געזעען אַז א ישיבה איז נישט קיין טורמע און נישט קיין קאַזאַרמע, נאָר אַ ווארימע סביבה מיט ניגנאַרטיקע איבער־לעבונגען און אינטערעסן.

אין דער כתה א׳ פלעגט מען יעדן טאָג, פינף מאָל אין וואָך, זאָגן דעם „שיעור״. די שיעור־זאָגער זענען געווען די מיטגליזדער פון אַ ספּעציעלן ועד (קאָמיטעט) וואָס איז באַשטאַנען פון דוד לוסטיגמאַן, יעקב לוסטיגמאַן, חיים מרדכי בראָנשטיין, אברהם ציבולע, יחיאל מאיר פרינץ, שמואל ברוך סלאַדזשי־נער, פנחס טשערניצקי, הרב נחום מרדכי פערלאָוו (דעם רבינס איידעם), חיים



דעם רבינס וווינהויז און ישיבה

משה מייזעלס, שבתי גרינבערג, און יעקב גרינבערג. דער לעצטער איז אויך געווען דער מנהל פון דער ישיבה. זיין אויפגאַבע איז געווען צו זאָרגן וועגן רוחניות, ד. ה. וועגן לערנען. מיט דער אַדמיניסטראַטיווער זייט האָט זיך פאַר־נומען אַ צווייטער, דוד לוסטיגמאַן, וועלכער האָט געזאָרגט אַז די ישיבה־בחורים פון דער פרעמד זאָלן האָבן געניג „טעג״, און אַז אויך די אָרטיקע בחורים, קינדער פון אָרימע עלטערן, זאָלן האָבן זאָט צו עסן. צווישן די ישיבה־בחורים פלעגט קורסירן אַ ווערטל: י. גרינבערג איז דער „טאַטע״ און ד. לוסטיגמאַן

איז די „מאַמע“ פון דער ישיבה.ביידע זענען ווירקלעך געווען נויטיק פאַר דער עקזיסטענץ פון דער ישיבה.

אין דער ישיבה איז געווען איינגעפירט אַן אָריגינעלע אינסטיטוציע: אַן אייגענער געריכט, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי ישיבה־בחורים און איין מיטגליד פון ועד. יעדן פרייטיק פלעגט דאָס געריכט זיך פאַרזאַמלען און משפּט'ן די „זינדיקע“. די זינד פון די אָנגעקלאָגטע פלעגט באַשטיין פון קומען צו שפּעט צום לערנען, ד. ה., נאָך אַכט אַזייגער אינדערפרי, רעדן אין מיטן שיעור, שלעכטע אויפפירונג אָדער גאָר דורכפאַלן ביים „פאַרהערן“. פאַר די דאָזיקע „זינד“ פלעגט דאָס געריכט באַשטראָפן מידה כנגד מידה: פאַר קומען צום לערנען צו שפּעט — אין פאַרלויף פון אַ גאַנצע וואָך קומען מיט אַ שעה פריער פון אַלע; פאַר רעדן אין מיטן לערנען — שטיין אין משך פון דער וואָך די גאַנצע צייט פון שיעור (אַ שיעור פלעגט געוויינלעך דויערן דריי שעה צייט). אַ חוץ דעם פלעגן די זינדיקע צייטנווייז אויך באַשטראָפט ווערן מיט אַ געלט שטראָף. אָבער דאָס איז געווען בלויז פאָרמעל און פאַקטיש איז די געלט שטראָף פאַרביטן געוואָרן אויף לערנען אויסענווייניק צוויי בלאַט גמרא אומזיסט, אוז דאָס געלט פלעגט גיין פאַר די הילפס־פאָנדן עזרת־ישראל און לחם עניים פון וועלכע די נויטבאַדערפטיקע ישיבה בחורים פלעגן געשטיצט ווערן מיט קליידונג און עסן. פאַר צוויי בלאַט גמרא האָט דער סאָקאָלאָווער רבי געצאָלט 10 קאָפּיקעס. בכלל איז דאָס קענען אַ בלאַט גמרא אויסנווייניק געווען אין דער סאָקאָלאָווער ישיבה זייער באַליבט און געשטיצט דורך דער הנהלה. דערפון איז אויך טיילווייז געווען אָפּהענגיק, די מאַטעריעלע עקזיסטענץ פון די ישיבהניקעס, ווייל פאַר יעדע אויסנווייניק אויסגעלערנטע צוויי בלאַט גמרא פלעגט דער פאַרהערער אַרויסגעבן אַ קוויטל אויף צען קאָפּיקעס. פאַר יעדע אויסנווייניק אויסגעלערנטע צען בלאַט גמרא איז מען געווען באַרעכטיקט צו באַטייליקן זיך אין אַ „גורל“, וווּ מען האָט געוווּנען אַ קוויטל אין דעם ווערט פון 20 קאָפּיקעס ביז אַ רובל. די „טשעקס“ פון דער ישיבה האָט מען אומעטום אָנגענומען אַלס געלט, פּונקט ווי מען פלעגט אין די שטאָטישע אַפּטייק אָננעמען דעם סאָקאָלאָווער רבינס רעצעפּטן געשריבן אין לאַטיין. נאָכדעם ווי דער בחור האָט שוין געקענט 50 בלאַט גמרא אויסנווייניק פלעגט דער פאַרהערער אַרויסגעבן אַ „תעודה“. דערנאָך האָט מען נאָך געמוזט דורכגיין אַן עקזאַמען דורך אַ מיטגליד פון „ועד“ צו קריגן דעם ישיבה „סטעמפּל“ אויף דער תעודה, כדי מען זאָל קאָנען אָנקומען צום העכסטן עקזאַמען צום סאָקאָלאָווער רבין בכבודו ובעצמו. און אַז מען איז אויך איבערגעקומען בשלום דעם לעצטן עקזאַמען האָט דער רבי געשטעלט זיין פּערזענלעכן סטעמפּל און געגעבן זיין אונטערשריפט. ערשט דאַן האָט מען באַקומען אַ טאַשן־זייגער מיט אַ העברעישן ציפער־בלאַט אָנגעשריבן אויפן ציפערבלאַט: בעד הצטיינות בגמרא. די זעלבע פּראָצעדור האָט מען אויך געמוזט דורכגיין ווען מען האָט אויסגעלערנט אויסנווייניק די גאַנצע מסכתא בבא קמא, כדי צו באַקומען גאַנץ ש״ס תלמוד בבלי אין קליינעם

פּאָרמאַט. דער סדר היום איז דער ישיבה איז געווען פּאָלגנדיקער: פון 8 ביז 11 אינדערפרי — לערנען אויסנווייניק, פון 11 ביז 12 עסן; פון 12 ביז 3 לערנען דעם טעגלעכן שיעור; פון 3 ביז 5 נאָכמיטאָג אַ שעה אויף עסן און אַ שעה אויף לערנען דייטש, העברעיש, יידיש און אַריטמעטיק; פון 5 ביז 7, איבערחזרן דעם שיעור און פון 7 ביז 8 אָוונט לערנען תנ״ך. אַרום און אַרום האָט יעדער ישיבה בחור געמוזט 12 שעה אַ טאָג פאַרברענגען אין דער ישיבה.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט אין סאָקאָלאָוו אויפגעבליט די פּאָליטישע טעטיקייט פון די יידישע פּאַרטייען. די שטאַרקסטע „מאַכט" האָבן דעמאָלט געהאַט ביי אונדז די פּועלי־ציון — אונטער דער פירערשאַפט פון: איציק פלאַטנער, ברוך ווינאָגורא, שלמה האָכבערג, שמעון רבינשטיין, איטשע פאַרביאַזש, באַשע יעלען, ברײַנדל ראָזענגאַרט און שלמה שערצמאַן, — וועלכע האָבן געעפנט אַן אַרבעטער־היים מיט אַ ביבליאָטעק, מיט רעפעראַטן, „קעסטל אָוונטן", א. א. וו. די רעפעראַטן האָבן געצויגן כמעט די גאַנצע יוגנט. ווען דאָס איז דערגאַנגען צו די ישיבה־בחורים האָבן אייניקע פון זיי, די געוואַגסטע, אויך אָנגעהויבן באַזוכן די „אַרבעטער־היים" איינמאָל האָט מיך עלטסטע שוועסטער, רחל, מיך אָנגערעדט מיטצוגיין מיט איר אויף אַ רעפעראַט פון אַ וואַרשעווער לעקטאָר. אָבער פאַר דעם דאָזיקן פאַרגעניגן האָב איך טייער באַצאָלט. אויף מאָרגן נאָך דער לעקציע, ווען איך בין געזעסן אין ישיבה און געלערנט, האָט עמיצער מיך מכבד געווען מיט אַ הילכיקן פּאַטש און ווען איך בין אויפגעשפּרונגען האָב איך דערזען פאַר זיך דעם רבין אַליין. „דו וועסט גיין צו די גוים אין אַרבעטער־היים? דו ווילסט מיר אָפּ׳סמ׳ן די קינדער?" האָט ער געשריגן, און איך האָב נאַטירלעך נישט געוואַגט אַ וואָרט צו ענטפערן. געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס איך האָב געמוזט געבן דעם רבין תקיעת־כף, אַז אַזוי לאַנג ווי איך וועל לערנען אין דער ישיבה וועל איך די „אַרבעטער־היים" נישט באַזוכן.

מען דאַרף נישט מיינען, אַז דאָס ישיבה־לעבן איז באַשטאַנען פון בלויז אפּקומעניש אין מאַטערנישן. עס זענען אויך געווען פיל ליכטיקע מאָמענטן, מאָמענטן פון פרייד און פאַרגעניגנס, נאַטירלעך אין אַ רעליגיעזער פאָרם. אַ דאַנק דער טאָלעראַנץ פון אונדזער מנהל, יעקב גרינבערג, וועלכער איז אַליין געווען אַ גוטהאַרציקער און אויף זיין שטייגער אַ לעבנסלוסטיקער מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט תורה צוזאַמען מיט חדוה און וואַרעמע ברידערלעכקייט, אַ דאַנק אים האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צו באַזוכן די „מזרחי" ביבליאָטעק, וועלכע האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דער ישיבה, און אין די פרייע שעה׳ן לייענען „דברי חול" אין עס איז אַ סברא, אַז דער רבי אַליין האָט וועגן דעם געוווּסט און זיך געמאַכט נישט וויסנדיק. מיט דער איניציאַטיוו פון יעקב גרינבערג און מיט דער צושטימונג פון רבין אַליין האָבן מיר איינמאָל לכבוד פּורים אפילו געהאַט אַ דראַמאַטישע פאָרשטעלונג, אין וועלכער די ישיבהניקעס אַליין זענען

צום ערשטן מאָל אין לעבן אַרויסגעטרעטן אַלס „אַרטיסטן". מיר האָבן דראַמאַטיזירט דאָס פּאָפּולערע פֿאָלקס ליד „קום אַהער דו פֿילאָזאָף" אין פֿאָרם פֿון אַ בילד: דער „רבי" מיט זײַנע חסידים זיצן בײַם טיש און דער רבי פֿירט אַ וויכוח מיטן „פֿילאָזאָף" (געשפּילט דורך דעם שרײַבער פֿון די שורות), און דער וויכוח ענדיקט זיך מיט אַן אַלגעמײנעם באַגײַסטערטן געזאַנג. מיר, די ישיבה־ניקעס, און די צושויער זענען דעמאָלט געווען איבערצײַגט אַז מיר האָבן דערגרײכט די העכסטע מדרגה פֿון קונסט און נאָך יאָרנלאַנג זענען מיר געווען אונטער דעם אײַנדרוק פֿון דעם „ספּעקטאַקל".

אָבער אומדערוואַרט איז אויף דער ישיבה געקומען אַ שטורם און אָנגעהויבן האָט עס זיך אַזוי: יעקב גרינבערג איז געווען אײנער פֿון די וואָרטפֿירער פֿון „מזרחי" ווען דער רבי איז געוואָרן אַן אַקטיווער פֿירער פֿון די אגודה׳ניקעס, און ווען דער רבי האָט געזען, אַז גרינבערגס אײַנפֿלוס אויף די ישיבה בחורים ווערט אַלץ שטאַרקער, האָט ער זיך דערשראָקן. פֿאַר אים איז „מזרחי" געוואָרן טריף און ער האָט געצײַטערט, אַז גרינבערג וועט ח"ו פֿאַרסם׳ען אַלע זײַנע קינדער, ד. ה. די גאַנצע ישיבה. און הגם דער רבי האָט גרינבערגן ליב געהאַט, האָט ער זיך באַשלאָסן אויף אַ ראַדיקאַלן מיטל און באַזײַטיקט גרינבערגן אַלס מנהל. אָבער גרינבערג איז בײַ די ישיבהניקעס געווען פּאָפּולער און באַליבט. ווען די ידיעה וועגן זײַן דעמיסיע איז דערגאַנגען צו דער ישיבה איז געוואָרן אַזאַ טומל, אַז דער משגיח, אברהם לייב ביאַליסטאָצקי, האָט שוין נישט געקאָנט אָנהאַלטן די געוויינלעכע אָרדנונג.

מיטאָג צײַט זענען אַלע ישיבה בחורים אַוועק אין אַ צווייטן לאָקאַל, דאָרט ווו עס איז געווען די „שולע", און ווו עס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ שטורמישע פֿאַרזאַמלונג און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פֿאַרשטרײַקן און שיקן צום רבין אַן אולטימטום. דער שטרײַק־קאָמיטעט, וועלכן מיר האָבן אויסגעקליבן איז געווען דער ערשטער קרבן, וואָרים ווען די מיטגלידער פֿון קאָמיטעט זענען געקומען פֿירן אונטערהאַנדלונגען, האָט דער רבי, בטבע אַ גרויסער „פּאַטשער", אָנגעהויבן „פּלאַסקען" אויף רעכטס און לינקס, און די קאָמיטעטניקעס זענען זיך צעלאָפֿן (דער גרעסטער קרבן איז געווען משה ראָזענגאַרט, ער האָט געקריגן מיט אַ בלעך). דאָס האָט בלויז פֿאַרשטאַרקט דעם צאָרן פֿון אַלע ישיבה בחורים און מען האָט גערופֿן נאָכאַמאָל אַ פֿאַרזאַמלונג אין דעם זעלבן לאָקאַל — ס׳איז געווען אַ פֿרײַטיק פֿאַרנאַכט — און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו „קעמפֿן ביז דעם זיג". די גאַנצע שטאָט איז געגאַנגען כאָדאָראָם און גרינבערג אַליין, וועלכער האָט אַרײַנגעלייגט פֿיל כוחות אין דעם אויפֿבוי פֿון דער ישיבה, האָט מורא געהאַט, אַז דער גאַנצער בנין וועט זיך צעפֿאַלן און ער האָט זיך געבעטן בײַ די ישיבהניקעס אַז זיי זאָלן אויפֿגעבן דעם שטרײַק, אָבער אויך גרינבערג האָט נישט געקאָנט פּועלן און דער שטרײַק איז ווײַטער אָנגעגאַנגען.

סוף כל סוף איז דער רבי ווייכער געוואָרן און האָט געלאָזט וויסן דורך

זיין עלטסטן זון משה ע״ה אַז ער קאַפּיטולירט, ד. ה., אַז יעקב גרינבערג בלייבט ווייטער דער הויפּט מנהל פון דער ישיבה און אַז אַלע ישיבה בחורים זאָלן צוריקקומען אין ישיבה אַריין אויף מאָרגן, שבת אינדערפרי. ווען מיר זענען געקומען צום „פאַרהער״ פון די שיעורים פון דער וואָך אַזוי גוט ווי יעדן שבת, האָט זיך דער רבי דאַן מיט אונדז אָפּגערעכנט. ער האָט יעדן איינעם געפּאַטשט און גערופן „שטרייקער״, סיי מען האָט געקענט אָדער נישט געקענט דעם שיעור.

צו פייערן דעם נצחון פון שטרייק זענען מיר דריי, די נאָענטסטע חברים: יוסף ראָזנצווייג, אברהם פּיעקאַרסקי און דער שרייבער פון די שורות — חול המועד פּסח ווען מען איז פריי פון לערנען — אַוועק צום פאָטאָגראַפיסט יודל ליבראך און פאָטאָגראפירט זיך אין די זעלבע קליידער וועלכע מיר האָבן געטראָגן אין ישיבה. איינער פון די ישיבה תלמידים וואָס האָט דאָרט געוווינט אין שכנות, האָט אונדז באַמערקט אַריינגיין צום פאָטאָגראפיסט. ער איז גלייך אַוועק אין דער ישיבה און דערציילט בנימין דעם רבינס ע״ה, וועלכער האָט צו יענער צייט שוין אָנגעהויבן טיילווייז באַטייליקן זיך אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער ישיבה. ווען מיר זענען צוריקגעקומען צו דער ישיבה, איז צופעליק יוסף ראָזנצווייג ע״ה אַריינגעגאַנגען דער ערשטער, האָט אים בנימין דעם רבינס גלייך מכבד געווען מיט זידלערייען און פּעטש. ווען איך בין אָנגעקומען מיט אברהם פּיעקאַרסקי צו דער ישיבה, האָבן שוין איניקע חברים אונדז אָפּגעוואָרט און געוואָרנט אונדז וועגן דער שטראָף וואָס אונדז דערוואַרט, זענען מיר גלייך אַוועק אַהיים. יוסף ראָזענצווייג איז אָפּגעקומען מיט אַ געלט־שטראָף, זיין פאָטער האָט געמוזט צאָלן אַ דאָפּלטן שכר לימוד; אברהם פּיעקאַרסקי האָט שוין נישט געטראַכט וועגן גיין ווייטער אין דער ישיבה; און אויך איך האָב דאַן פאַרלאָרן דעם חשק ווייטער צו לערנען אין ישיבה.

און נאָך איצט ווען איך דערמאָן זיך אין יענע ישיבה־יאָרן, פיל איך אַ בענקשאַפט נאָך דער פאַרגאַנגענהייט, דען טראָץ אַלע „פּעטש״, קאָנפליקטן און מיספאַרשטענדענישן צווישן דעם רבין, ישיבה־הנהלה און די תלמידים, האָט די ישיבה דאָך אונדז פיל געגעבן און איך גלויב, אַז יעדער פון אונדז, געוועזענע תלמידים פון סאָקאָלאָווער ישיבה, פילט נאָך ביז היינט די גייסטיקע השפּעה פון יענע יאָרן.

(ניו־יאָרק, 1946).

הערשל מאדאנסקי
(שיקאַגאָ)

# אונדזער הויז אויפן שול־הויף

ווער קאָן פאַרגעסן טאַטע־מאַמע, ווייב, קינדער, ברודער, שוועסטער, קרובים און פריינט? ווער קאָן פאַרגעסן זיין היים, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן; וווּ זיין מאַמע האָט ביים וויגל לידער געזונגען? און שפּעטער — די חדר־יאָרן: דער טאַטע — אַ הויכער מיט אַ שוואַרצער באָרד, מיט אַ שוואַרץ טוכן היטל, טראָגט זיין אין אַ טלית איינגעהילטן זון צום ערשטן מאָל אין חדר; ווער קאָן פאַרגעסן אַ שפּאַציר אויף די גרינע פעלדער אַרום דעם שטעטל פון בראשית — סאָקאָלאָוו?

פרייטיק נאָכמיטיק דער שוסטערישער ווערקשטעל אַוועקגערוימט — „געווינט שוין פאַר דער וואָך" — האָט דער טאַטע אַ זאָג געטון צו דער מאַמען און דעם בן־יחיד פאַרן הענטל געפירט אין מקוה. די מאַמע פלעגט דעם גאַנצן פרייטיקדיקן טאָג זיין פאַרהאָרעוועט ביים באַקן חלה און צוגרייטן שבתדיקע מאכלים. שפּעטער — ווען בן־ציון שמש פלעגט אויף די סאָקאָלאָווער גאַסן רופן אין שול אַריין, איז שוין דער טיש מיטן ווייסן טישטוך געווען געגרייט מיט פאַרדעקטע חלות, און זעקס ליכטלעך האָבן מעלאַנכאָליש געפלעמלט אין די מעשענע לייכטער לכבוד דעם הייליקן שבת. אַ היימגייענדיק פון שול פלעגט דער טאַטע דערציילן, אַז אַ ייד וועלכער גייט פרייטיק פון דאַווענען, באַגלייט אים צוויי מלאכים.

ווער קאָן פאַרגעסן זיין חרובע היים. אַזאַ חורבן, אַזאַ שריפה. נעבן פאָטערס הויז אויפן שול־הויף האָט זיך געפונען דאָס אַלטע בית־המדרש, חסידים שטיבלעך, דער בית הכנסת־אורחים, די מקוה און די באָד. אונטער דעם באַזונדערן שטיקל שטעטלדיקן הימל איז תמיד געווען טומלדיק — אַ געמיש פון פרייד און צער. פריילעכער חומש־געזאַנג פון חדר, און אַן אומהיימלעכער ווייבערישער געוויין ביים ארון־הקודש פון בית־המדרש, אויף אַ רפואה שלימה פאַר אַן עלנטן חולה; פריילעכע חופות און אָרימע לייט מיט טאָרבעס. אויך דער סאָקאָלאָווער רבי מיט זיין שמש פלעגן, גייענדיק פון מקוה, פאַרלאַנגזאַמערן זייערע טריט ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום שול־הויף. דעם רבינס שוואַרצער שטריימל פלעגט דעמאָלט זיין אַרויפגערוקט, און זיין זיידענע קאַפּאָטע — אויפגעשפּילעט,

און די לאַנגע ציצית פלעגן זיך טרייסלען אויף די ווייסע, זיידענע הויזן. דעם טאַטנס הויז איז געווען געבויט צוזאַמען מיט משה לייזערקעס. פון לעצטן האָט מען אַ גאַנצע וואָך געהערט דאָס קלאַפּן פון די ניי־מאַשינען, ביי וועלכע מיידלעך האָבן געניייט קליידער פאַר די פרויען פון שטעטל. אָבער שבת איז זיין הויז פאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר אַ שטיבל צו דאַווענען פאַר די קאַלושינער חסידים, ווו יענקל שפּאַדל האָט געלייענט פון ספר־תורה.

מיין טאַטע איז נישט געווען קיין חסיד פון אַ רבין, נאָר פון דוד המלך׳ס תהילים, וואָס ער האָט געקענט פון אויסווייניק; ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער סאָקאָלאָווער חברת־תהילים. איז ווער קראַנק געוואָרן, פלעגט ער שנעל אַרויסכאַפּן זיין שוואַרצע לאַנגע קאַפּאָטע, מיט די פינגער צוקעמען זיין שוואַרצע באָרד, און, מיטן תהילים אין דער האַנט, גיין בעטן ביי גאָט פאַרן קראַנקען אַ רפואה שלימה.

מיין טאַטע איז געבענטשט געוואָרן מיט זיבן קינדער: זעקס טעכטער און איין בן־יחיד. פלעגט ער דעריבער תמיד זיין פאַרהאָרעוועט, זוכנדיק פרנסה פאַר זיין הויז־געזונט, אויך די מאַמע איז געווען זייער פרום און יעדע מינוט גערעדט מיט גאָט, בעטנדיק אַז אירע קינדער זאָלן אויסוואַקסן צו גאָט און צו לייט. אויך זי איז געווען מיד פאַרהאָרעוועט העלפנדיק איר מאַן צו פרנסה. אין איר האַרץ האָט זי תמיד געטראָגן דעם ווונטש, אַז די קינדער זאָלן, אַ חוץ יידישקייט, אויך זיין געלערנט. פאַר אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס האָט זי געשיקט איר עלטסטע טאָכטער צו א רביצין לערנען דאַווענען און לייענען טייטש־חומש.

תשעה־באב פלעגן זיך אין אונדזער שטוב פאַרזאַמלען ווייבער פון גאַס ביים ליכט פון נאַפט־לאָמפּ אויפן טיש, זיצנדיק אויף די איבערגעקערטע שוס־טערישע בענקלעך, האָבן זיי אויסגעהערט דער מאַמעס איכה, און צוזאַמען מיט איר געקלאָגט אויפן חורבן ירושלים. בן־ציון שמש זאָגט דאָסמאָל מיט אַ צע־בראָכן האַרץ איכה און זיין שטימע ווערט יעדע מינוט טרויעריקער, און די יידן זיצנדיק אין די זאָקן, קלאָגן אויפן חורבן. אויפן שול־הויף גייען און קומען יידן פון בית־הקברות, און יינגלעך מיט געפאַרבטע שווערדלעך וואַרפן כסדר שטעכעדיקע בערשטלעך.

ס׳דערנענטערן זיך די טעג פון סליחות. קולות פון תקיעות און יום־נוראים׳דיקע תפילות טראָגן זיך אין שול־הויף; אויך איטשל „מלאך" (שטרוסמאַן) לאָזט זיך הערן מיט זיין שיינער שטימע. לאַנגזאַם רוקן זיך אַוועק די פאָרכטיקע טעג און ס׳קומט סוכות און שמחת־תורה. נייע פריילעכע טענער פאַרפולן דעם שול הויף. די קינדער פרייען זיך מיט זייערע שמחת־תורה פענדלעך.

* * *

ווער קאָן פאַרגעסן יידישן טרויער און יידישע פרייד. אונדזער שטעטל האָט שנעל געבליט; די שול־גאַס האָט פון טאָג־צו־טאָג באַקומען אַן אַנדער

אויסזען: נייע הייזער, אַ נייע שול און בית־המדרש, די קינדער וואַקסן אונטער און דערמיט — נייע זאָרגן.

אויך ביי אונדז ווערט גרויס די זאָרג. ווו נעמט מען חתנים, ווו נעמט מען נדנים. די מאַמע טרייסט זיך, אַז גאָט איז אַ פאָטער. מיר האָבן אַ נייע היים וועט אויך זיין נדן. משנה מקום — משנה מזל. די עלטערע טאָכטער וועט באַקומען נדן אַ דירה. משה לייבעלע פון קאָסאָוו איז געקומען אויף אַ שמועס און דערביי דערציילט אַז דודל, זיין ברודער זאַוועל דעם סטאָלערס זון, איז געקומען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט פון רוסלאַנד. ער איז אַ גוטער שוסטער, קאָן מאַכן אַ פאָר שטיוועלעך אפילו פאַרן קייסער. לייבעלע פרעגט וועגן נדן. די מאַמע שטעלט אַקעגן די טאָכטערס מעלות: זי קאָן שרייבן אַ יידישן בריוו, דאַווענען און לייענען דעם טייטש־חומש — איז דאָס אַליין נישט קיין שיינער נדן?..

אַ חוץ דעם האָבן מיר אַ שיין צימער אין אַ ניי הויז. דאָס וועט זיין פאַר די קינדער אַ וווינונג נאָך דער חתונה, נו, איז דאָס אַ גוטער נדן?.. גוט, גוט — שמייכלט משה לייבעלע. — איך וועל שוין זען אַז די משפחה זאָל זיך פאַר־גרעסערן מיט מזל...

און ווען גאָט האָט געהאָלפן אַז דודל, זאַוול סטאָלערס זון, איז אין הויז אַריין געקומען — און חנה רחל איז אַ כלה געוואָרן, איז אין הויז ביי טאַטע־מאַמע די פרייד שטאַרק געוואַקסן. אַ צעשטראַלטער האָט דער טאַטע אַ זאָג געטון צו זיין ווייב: „אַ חתונה זאָלן מיר מאַכן ביי אונדזער ערשטער טאָכטער ווי ביי רייכע יידן פון שטאָט... זאָלן אונדזערע פריינט וויסן אַז אברהם מאַכט מיט מזל חתונה זיין טאָכטער.“ מ'באַשטימט די צייט פון דער חתונה. עס גייען טעג, וואָכן, חדשים, אין הויז טומלט זיך און ווען עס דערנענטערן זיך די טעג פון פאַר דער חתונה — ווערט די פרייד שטאַרקער. די מיידלעך אין הויז העלפן דער מאַמע באַקן לעקעך, בולקעלעך, קאָכן די פיש, פלייש. זיי קאָנען זיך נישט דערוואַרטן דעם טאָג פון דער חופה. משה־חיים קלעזמער רעדט אין הויז וועגן אַ פרייז פאַרן שפילן. מען דערלאַנגט משהח־יימען בראָנפן, אין עס ווערט אויפן האַרצן פריילעך... אין טאָג פון דער חופה גייט די כלה אַרום אין הויז זייער שטיל, קוקט אויף אַלעמען מיט אירע שוואַרצע אויגן, און אין האַרצן נאָגט עפּעס. אין דרויסן אויף דער שול־גאַס דערטראָגט זיך אַ געשריי: דער חתן מיט די מחותנים פון קאָסאָוו פאָרן!.. אין הויז וואַקסט דער טומל, קינדער לויפן, באַלעגאָלעס שרייען. נייע אויסגעפּוצטע געשטאַלטן פון קאָסאָוו באַווייזן זיך מ'דריקט זיך די הענט. משה־חיים שפּילט האַרציק, זיין באַגלייטער שעפסל פויקער בלאָזט די גרויסע טראָמפּייט, הירש־בער ציט דעם סמיטשיק איבערן ברייטן באַס און משה־נחום מאַכט זיך פאַר אַ גאַנצן קענער אין מוזיק... מחותנים שטייען מיט פאַרטראַכטע אויגן, צוהערנדיק זיך צו בעריש בדחן. די מאַמע האַלט די אויגן צו גאָט, בעטנדיק אויף אַ גוט מזל... טאַטע־מאַמע גרייטן זיך צו פירן דאָס ערשטע קינד צו דער חופה... ווער קאָן דעמאָלט פילן עלטערנס פרייד. קלעזמאָרים גייען און שפּילן.

דודל שטעלט אַוועק זיין שוסטער־וואַרשטאַט אין קליינעם צימער, וואָס ער האָט געקריגן נדן און הויבט אָן זוכן פּרנסה... עס גייען וואָכן און חדשים. חנה־רחל קריגט אַן אַנדער אויסזען... און גאָט האָט געהאָלפן. דאָס שטימעלע פון ניי־געבוירענעם יינגעלע האָט זיך ווי גלעקלעך צעקלונגען אין הויז... דעם זיידנס נאָמען, יעקב־הערש איז געבוירן... „רבונו־של־עולם! — רופט אויס די מאַמע — זאָל מיין אייניקל אויסוואַקסן אַזאַ ייד מיט תורה ווי זיין זיידע יעקב־הערש אין קאָסאָווע איז געווען!" פאַרטאָגס, פאַרן ברית, גייען שווער און איידים אין מקוה. נאָכן דאַווענען קומט אין הויז אַריין בן־ציון שמש, לייזער דער מוהל, יידן וויקלען זיך אין טליתים, גרייטן זיך צו די גרויסע מצווה. משה דער שמש פירט אַריין דעם רבין, ר' יצחק זעליק מאָרגענשטערן. מען ברענגט צו דאָס ווינעדיקע קינד צו רבין.

* * *

אויף דער שול־גאַס באַווייזט זיך אַ גרויסע באַקאַנטמאַכונג: מלחמה!... דייטשלאַנד האָט דערקלערט קריג. ס'איז אַ פּאַניק. אַלע, וועלכע האָבן געדינט אין די אַרמיי, מוזן זיך צושטעלן קיין שעדלעץ. אַ געדריקטע שטימונג באַהערשט אונדזער הויז. דודל דאַרף גיין אין די מלחמה. אויף דער שול־גאַס טראָגן זיך ווינענדיקע פרויען־שטימען. פרויען לויפן אין בית־המדרש אַריין, לויפן אַלטן בית־הקברות, אויסוויינען זייער ביטער האַרץ. חנה־רחל זיצט מיט איר קינד אויף די הענט, און פון אירע אויגן גיסן זיך טרערן... די מאַמע פרעגט זיך כסדר: צו וואָס דאַרף דער קייסער פון רוסלאַנד אַ מלחמה? פעלט אים אויס ערד אָבער רייכטום?... נאָכוואָס פאַרגיסן אומשולדיק מענטשלעך בלוט?" טעג און וואָכן ציען זיך ווי יאָרן... מ'קוקט אויס יעדן טאָג אַ בריוו פון דודלען. די אָרימקייט אין שטאָט פאַרשטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג. יידן אין אַלטן בית־מדרש צייכענען ביי דער גמרא דעם וועג ווו די אַרמייען שטייען און גייען.

די דייטשן פאַרנעמען סאָקאָלאָוו, אָרימקייט און שרעק וואַקסט אין שטעטל. צוזאַמען מיטן הונגער וואַקסט אַ שטילע אומצופרידנהייט. אין הויז הויבן זיך אָן באַווייזן יידישע ביכער, און אין גאַס — נייע פאַרטייען, און מען הערט נייע לידער: „זאָל ווי ווייט נאָך זיין די צייט פון ליבע און פון שלום, קומען וועט זי פרי אָדער־שפּעט, די צייט — זי איז קיין חלום..."

צו 12 יאָר הויב איך אָן העלפן דעם טאַטןביים וואַרשטאַט און די מאַמע קרעכצט. „ער וועט קיין רבי נישט זיין" — זאָגט דער טאַטע — מ'דאַרף העלפן צו דער פּרנסה." און כאָטש די מאַמע איז נישט מסכים, בין איך שוין צו 13 יאָר אַ קאַמאַשנמאַכער געוואָרן און אַרבעט 16 שעה אין מעת־לעת ביי טוביהלען.

1917 רייסט אויף ווי אַ שטורם דאָס גאַנצע לעבן: אין רוסלאַנד אַ רעוואָלוציע — דער קייסער ניקאָלאַי איז מער נישט דאָ; אין דייטשלאַנד אַן אויפשטאַנד. די דייטשן פאַרלאָזן פּוילן. דודל קומט פון דייטשער געפאַנגענשאַפט. ער

זעט אויס האַלב טויט, אָבער דערפרייט זיך שטאַרק מיט זיין ווייב און שיין יינגעלע — יעקב הערשעלע. די מאַמע דאַנקט כסדר זיין ליבן נאָמען פאַר דעם נס. און חנה רחל קאָרמעט דעם אויסגעהונגערטן צוריק־געקומענעם. אין שטעטל סאָקאָלאָוו באַווייזן זיך נייע פירער. די נעכטיקע שוסטער ווערן גאַנצע מאַכערס... די דריי ברידער גארסקיס, וואָס פלעגן קומען צו אונדז אין הויז קויפן אַלטע שיך, ווערן פירער אין מאַגיסטראַט און אין דער פאָליציי, און... ביי יידן ווערן געבוירן נייע פאַרטייען: 16 שעה אַרבעט איז צופיל פאַר אַ מענטש. אין דער שול־גאַס שמועסט מען וועגן ארץ־ישראל. ס'באַווייזט זיך אין שול חיים זילבער־מאַן, דער פירער פון דער סאָקאָלאָווער פועלי־ציון־פאַרטיי, ציוניסטישער עסקן און טאַלאַנטפולער רעדנער און מיט אים — יאַנקעל טיקולסקי. חיים זילבער־מאַן רעדט פאַר די יידן וועגן העלפן בויען ארץ־ישראל ווי אַ לאַנד פאַרן פאָלק ישראל.

שבת פאַרנאַכט זאָגט די מאַמע, ווי אַמאָל: „גאָט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב...״ אין אַ צווייטן ווינקל פירן די קינדער הייסע שמועסן וועגן די לעקציעס פון ברוך ווינאַגורע, אייזיק פלאַטנער א. א. און וועגן גד זאַקליקאָווסקי, משה שמש זון, (אין שטעטל פון די ערשטע ציון־פירער) עפנט אַ העברעישע אָוונט־שול, זענען די שוועסטערן דאָרט געווען די ערשטע שילערינס; זיי האָבן גענומען אַ חומש און אָנגעהויבן לערנען. דער טאַטע קאָן נישט פאַרשטיין: „צו וואָס דאַרפן עפּעס זיינע טעכטער דעם חומש. און בעל־הבתים פלעגן זאָגן אַז אברהם שוסטערס טעכטער קאָכן וועטשערע אין העברעיש...

משה מאנדלבוים
(האָליוווד)

# פון שטעטל

(רעמיניסצענצן)

שוין מער ווי פינף צענטליק יאָר ווען איך בין אין אַ וווּנדערלעכן, ליכטיקן טאָג אין פוילנס „גאָלדענעם יעשיען" ארויסגעפאָרן פון סאָקאָלאָוו. די בריטשקע לויפט אויף דעם ווענגראָווער שאָסיי צו דער „צווייער" באַן. מיינע באַגלייטער זענען: דער ברונעטער הערשל גרינבערג (דעם גרויסן לייזערס) און מיין שוועסטערביילעס טאָכטער — די ליכטיקע, בלאָנדע רחל׳ע. זיי זיצן אַקעגן מיר, און איבער זיי וויקלט זיך פונאַנדער אַ פּאַנאָראַמע פון גאַנץ סאָקאָלאָוו, און אַ ים פון בייטאָגיק גאָלדן ליכט — אַרומגענומען פון אַ פאַרגישופטן בלויען הימל.

מיר פאָרן אין דרייען און מיר שווייגען, אָבער מיין יינגליש האַרץ איז אומרויִק און ציטערט. איך קאָן מיינע אויגן נישט אַוועקרייסן פון דער כישופדיקער פּאַנאָראַמע, פון מיינע באַגלייטער, פון רחל׳עס ליכטיק געשטאַלט. איך וויל אַלץ איינזאַפּן, איינקריצן אין מיין זכרון, אין מיין האַרץ; מיטנעמען מיט זיך אַלץ פון מיין שטעטעלע, וווּ איך האָב מיינע קינדער יאָרן געיתומט...

מיינע באַגלייטער ווילן איבעררייסן דאָס אָנגעשטרענגטע שווייגן, און הערשל זאָגט מיר: אַזוי גיך ווי איך וועל אַריבער די גרענעץ, זאָל איך באַלד שרייבן, און רחלע זאָגט מיר אָן, אַז אַזוי גיך ווי איך וועל אָנקומען אין פּאַריז זאָל איך באַלד שרייבן. איך קאָן נישט רעדן, מיינע ליפּן ציטערן, מיינע אויגן ווערן פייכט, איך שאָקל מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

און נאָך היינט איז דאָס בילד מיר נאָך אַזוי שאַרף און קלאָר; דער גאַנצער אַרום, די ווייסע שאָסייען, די ליכטיקע גאָלד-זאַמדיקע וועגן, וואָס ציִען זיך דורך גרינע פעלדער, וויקלען זיך אין הויכן קאָרן, פּלאָנטערן זיך דורך גרין־בלויע וועלדלעך און פירן צו אונדזער שטעטעלע סאָקאָלאָוו.

די וועגן און שטעגן ווערן פאַרוואַנדלט און גאַסן און געסלעך — יידישע גאַסן און געסלעך, וואָס ציִען זיך אין דער לענג און דער ברייט אויף דעם באַרג ארויף צום צענטער פון שטאָט, צום גרויסן מאַרק־פּלאַץ; צום „פּערדס־מאַרק" אויף וועלכן עס פאַרזאַמלט זיך יעדן דאָנערשטיק דער „סאָקאָלאָווער

מאַרק״; פויערים מיט פערד אין וועגענער מיט פאַרשיידענע פּראָדוקטן וואָס קומען פון צענדליקער שטעט, שטעטלעך און דערפער.

נאָך איידער עס בלויט אויף טאָג, הויבן זיי אָן צו קומען מיט זייער געשריי און טומל, מיט דער קלאַפּעריי פון די געשמידטע פערדישע שריט אויף די מיט שטיינער ברוקירטע גאַסן; עס רוישן די מיט אײַזערנע רייפן באַצויגענע רעדער פון די פויערישע וועגענער, אויף וועלכע עס ליגן, אַ חוץ פאַרשידענע אַנדערע פּראָדוקטן, אויך געבונדענע חזירים, וואָס קוויטשען צ׳ פאַר־



דער וואָקזאַל אין סאָקאָלאָוו

צוויפּלט געקוויטש. בהמות, געפירטע אין מאַרק אַריין, טראָמפּלען מיט זייערע פיס און מעקען; שעפּסעלעך, געבונדענע אויף די וועגענער, מעקען מיט אַזוי־פיל געבעט און געוויין, ווי זיי וואָלטן שוין געזעגן פאַר זיך שעפּסל שוחט מיטן חלף אין האַנט... עס שניידט אויך די לופט דער דינער געשריי פון עופות אויף וועגענער און קוישן — געטראָגן פון פויערטעס פון די נאָענטע דערפער.

דער מאַרק־פּלאַץ ווערט גיך אָנגעפילט, און די, וואָס קומען שפּעטער, מוזן פאַרנעמען פּלעצער אויף די גאַסן אַרום דעם מאַרק. אין האַרבסט, ווען די מערק זענען גרויסע, ווערט כמעט די גאַנצע שטאָט פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן מאַרק־פּלאַץ — אַן אמת׳ער יריד.

סאָקאָלאָוו, דאָס יידישע סאָקאָלאָוו, לעבט כמעט פון דעם דאָנערשטיק, דעם מאַרק־טאָג. יידישע שוסטער, בלעכער, פעלצן־מאַכער, היטל־מאַכער, בע־

תשובתו, ופטר את הנגר, שמיהר לצאת מהמחסן וצרור הקרשים על שכמו.

לא רק מנגרות הוציא ר' חיים הנגר את פרנסתו. שעתו הטובה הגיעה ערב הימים הנוראים, כאשר באו אליו יהודים הרדיים, מכפרי הצ'רמוש, רוסטוקו ובילוברז'קה, לשכור את שירותיו כשליח ציבור וכבעל קורא. הוא נקב את שכרו, שישולם לו בשני תשלומים; האחד – בעשרת ימי תשובה, והשני – באסרו חג שמחת תורה.

כבר בשבוע פרשת 'נצבים–וילך', סגר את הנגרייה, ארז את בגדי השבת, הוציא ספר תורה מארון הקודש שבבית כנסת 'החייטים', עטף אותו בטלית, יחד עם שופר, אתרוג ולולב מיובש משנה קודמת, עלה על עגלה ששלחו לו הכפריים, ונסע להביא ליהודים נידחים אלה את שמחת הימים הנוראים.

כחודש ימים שהה ברוסטוקי או בבילוברז'קה, כשהוא מתאכסן אצל אחד הכפריים, שבביתו התאסף המניין. אחד החדרים שימש בית כנסת ארעי, שם עבר לפני התיבה. את השחריות, המוספים והמנחות קרא בעצמו. הוא תקע בשופר, והוליך את התמימים האלה לנהר הצ'רמוש, לאמירת תשליך. למחרת שמחת תורה קיבל את יתרת שכרו, בתוספת מספר סלי ביצים, כמה ספלי חמאה, ספלי שמנת וספלי גבינה. העמידו לרשותו עגלה, והוא חזר לביתו.

עוד באותו היום נכנס לנגרייתו. ריח חריף של פסולת קרשים ודבק נגרים עמד באוויר, ריח מהול בריחות תבשילים שחדרו ממטבח אשתו הסמוך. הוא חזר לעבודת הנגרות האפורה, והשתלב מחדש בצרכי הציבור, הגבאות והקברנות, שהקנו טעם לחייו.

## ג. חיים הפחח (חיים דער בלעכער)

אלמלא נלכד באקציה באחרון של פסח תש"ב, בעת שנמלט מביתו הבוער יחד עם שלושת בני משפחתו, והובל בקרון רכבת סגור למחנה ההשמדה בלזץ, ולא מת בדרך, או נחנק למוות בתא הגזים כיתר בני עירנו, ואלמלא היתה הישועה מתמהמהת, ועירנו היתה נשארת כשהיתה, היה ר' חיים הפחח מגיע לזיקנה. לפיכך יש להניח כי בנו יחידו, איצילה, היה מעמיד על קברו בבית העלמין בקוטי, מצבת אבן. ובשורה השנייה, לאחר "איש תם וישר", כמנהג המקום, היה מוסיף "אוהב את הבריות ואוהב את המלאכה". "אוהב את הבריות" – מידת אהרן הכהן, שהשכין שלום וקרב את הבריות לתורה.

"אוהב את המלאכה" – מידת התנאים והאמוראים, שבנוסף לעיסוקם בתורה ומצוות, עסקו במלאכות שונות, כפי שלמדנו בפרקי אבות, שהיינו קוראים בשבתות הקיציים שבין פסח לראש השנה.

אך האיש וכל משפחתו נספו בשואה. אפרם ועצמותיהם מפוזרים אי שם בין העיר קולומיה ומחנה בלזץ. מקום קבורתם נותר ללא מצבה, ונשמותיהם הטהורות מחכות להתגשמות נבואתו של הנביא יחזקאל בחזון העצמות

האַרטע קאַפּעליושן, אין די הענט שטעקנס מיט זילבערנע קעפּ. מ׳זעט באַלד אַז דאָס זענען נישט קיין היגע. דאָס זענען סוחרים פון „טיף ראָסיי״. זיי קומען אַראָפּ, קיין סאָקאָלאָוו, צוויי מאָל אין יאָר אויסקויפן די שטיוול און קאָמאשן וואָס די סאָקאָלאָווער שוסטער אַרבעטן אויס און הענגען אויף לאַנגע שטעקנס פון וואַנט צו וואַנט הויך ביים פּולאָפּ איבער די בעטן אין די טונקעלע שלאָף־צימערן; הענגען אין „פּאָרן״ אין רייען, ווי די פיס פון אַרמייען, און וואַרטן אויף די סוחרים פון „טיף ראָסיי״. שמואל־לייב שפּאַנקע איז דער „קאָמיסיאָנער״ — ער פירט זיי אַרום פון איין שוסטער צום צווייטן. סאָקאָלאָוו איז געבענטשט מיט אַ סך שוסטער; שוסטעריי איז כמעט די הויפּט־מלאכה אין שטאָט. איז איצט באַזונדערס לעבעדיק אין שטאָט דער עיקר ביי די שוסטער, ווען די סוחרים פון „טיף ראָסיי״ קומען צופאָרן. מען פּאַקט און מען פאַרקלאַפּט מיט טשוועקעס גרויסע קאַסטנס מיט שיך און שטיוול און מ׳שיקט זיי אַוועק ערגעץ „טיף אין ראָסיי״. דערנאָך גייט מען אין אונטערשענק צו דאָבע־חייע מאכלעס, מ׳טרינקט לחיים, מ׳פאַרבייסט מיט אַ פּערטל גענזנס, און אין די שלאָף־צימער ביי די שוסטער ווערט אַ ביסל ליכטיקער — דער פּולאָפּ איז נאַקעט.

אין אַזעלכע גרויסע מאַרק־טעג, קומט אַמאָל אויך קיין סאָקאָלאָוו מיין מומע פון מאָנקעביט — מיין איין־איינציקע מומע, אַ שוועסטער פון מיין פאַרשטאָרבענער מוטער. נאָכדעם ווי זי קויפט איין די פּאַר איר נייטיקע סחורות, זוכט זי אויף דאָס חדר, וווּ עס לערנט דאָס „געדעכטעניש״ פון איר אַזוי יונג פאַרשטאָרבענער שוועסטער — דער קיילעכדיקער יתום. זי קומט אַריין אין חדר, בלייבט שטיין מיט דרך־ארץ, נישט צו נאָענט צום טיש פון רבי מיט די תלמידים. דער רבי לערנט מיט מיר חומש, די מומע שטייט פונווייטנס, קוקט אויף מיר שווייגנדיק און וויינט, און וויינט. איך זאָג דעם חומש און פיל אירע וויינענדיקע אויגן אויף מיר, איך הער איר פאַרשטיקט שלוכצן. עס ווערט מיר ענג אין האַלדז און אַ שטראָם טרערן גיט זיך אַ גאָס פון מיינע אויגן איבער מיין פּנים אַראָפּ אויף די גלאַנציקע בלעטער פון מיין טאַטנס אין לעדער איינגעבונדענעם חומש...

דער רבי האָט מיך פרייגעלאָזט. די מומע האָט מיך גענומען פאַר אַ האַנט און, אַ וויינענדיקע, געפירט אין מאַרק אריין. ערשט ארויסקומענדיק פון חדר אויף דער גאַס, האָט די מומע אָנגעהויבן רעדן נאָך אַלץ אַ וויינענדיקע:

— „דיין יונגע מאַמע פוילט אין דער ערד. האָסט כאָטש עסן צו דער זעט ביי דיין שוועסטער ביילע?

יאָ, מומע, אוואדע — ענטפער איך אין געוויין.

— „דיין מאַמעס פּנים האָט געשיינט ווי די ליכטיקע זון, האָסט כאָטש אַ שבת׳דיק כאַלאַטאַלע און אַ פריש העמד איבערצוטאָן?״

— יאָ מומע, אוואדע.״

— דײַן מאַמעס פּנים איז געווען קיילעכדיק ווי די לבנה. האָסט כאָטש אַ גוט געלעגער?"

—— "יאָ, מומע, כ'ווייס."

— וואָס ווייסטו?"

— "אַז דער מאַמעס פּנים האָט געשיינט ווי די זון און געווען קיילעכ־דיק ווי די לבנה. מײַן שוועסטערביילע און מײַן שוועסטער שרה־דינה האָבן מיר געזאָגט, און איך האָב זי געזען."

— ווען האָסטו געזען? ביזט דאָך נאָך אפילו איין יאָר נישט אַלט געווען, ווען די מאַמע איז דיר געשטאָרבן?"

— "יאָ, מומע, איך האָב זי געזען, די מאַמע. מיר האָט זיך געחלומט: ס'איז געווען ווינטער און די מאַמע האָט אַרומגעוויקלט אַ שאַליק אַרום מײַן האַלדז, איך זאָל זיך נישט פאַרקילן. גייענדיק אין חדר אַריין, האָב איך געזען איר פּנים. יאָ, מומע, איר פּנים האָט געשיינט און ס'איז געווען קיילעכדיק ווי די לבנה..."

די מומע האָט זיך יעצט אויפסניי רעכט צעוויינט הויך אויף אַ קול און ווײַנענדיקע, האָבן מיר זיך בײַדע געפּלאָנטערט צווישן די פערד און וועגענער, פויערים און פויערטעס, ביז מיר זענען צוגעקומען צו די מאַרק־זיצערינס אַרום די סטראַגאַנעס. דאָ האָט די מומע געקויפט פאַר מיר בײַ איין מאַרק־זיצערין קאַרמעלקעס, בײַ אַ צווייטער — לעקעכלעך; בײַ אַ דריטער — אַן עפּל און ""לאַנדערינקעס". די מומע האָט געטריקנט מיטן פאַרטוך איר פאַרוויינט פּנים און געשלוכצט: — "קיילעכדיקער יתום, קיילעכדיקער יתום". די מאַרק זי־צערינס האָבן מיט אַ זיפץ אויסגעדריקט זייער מיטגעפיל צו מײַן ווײַנענדיקע־מומע און צום קיילעכדיקן יתום — מיט אַן עקסטרע קאַרמעלקע, אַן עקסטרע לאַנדערינקע, מיט אויסקלייבן פאַר מיר דעם שענסטן עפּל.

מיר פּלאָנטערן זיך צוריק אַרויס פון מאַרק, דאָס געוויין בײַ מײַן מומען שטילט זיך אײַן. — "נעם אַ לאַנדרינקע", — זאָגט זי צו מיר, — "לאַנדערינ־קעס זענען גוט, זיי זענען זיס און זויער". איך נעם פון פּאַפּירענעם בײַטל אַרויס אַ לאַנדערינקע, טראָגט זי צו מײַן מויל, וואָס ווערט באַנעצט פון אַ לעצטער טרער. איך נעם זי אין מויל: די לאַנדערינקע האָט צוגעקריגן אַ דריטן טעם — זיס, זויער און געזאַלצן...

מיר זענען אַרויס פון דעם מאַרק, פון יריד. די מומע געזעגנט זיך מיט מיר, גיט מיר אַ קופּערנעם זעקסער אין האַנט אַרײַן: "לעצט געלט" — זאָגט מיר אַן אַז איך זאָל ווערן לערנען. — "ווײַל די האָסט געהאַט", — זאָגט זי מיר — "אַ כשרה מאַמע און אַן ערלעכן טאַטן. חל־המועד "מערטשעם", אַז ס'עט זיך מאכן אַ וועגעלע קיין מאַנקעביט, זאָלסטו "למאַנעשעם" קומען אויף די אַנדערע טעג".

עס איז שוין ווײַט נאָך האַלבן טאָג, איך גיי איצט אַליין, די זון וואַרעמט און טריקנט די לעצטע טרערן אויף מײַן פּנים און מיט אַמאָל פיל איך זיך

## אַלטע היים

אַז מיר איז אַזוי גוט! אַזוי גוט! פריי פון חדר! אין איין האַנט א פּאַפּירנעם בייטל מיט אַזויפיל גוטע זאַכן, אין דער צווייטער — אַן אויסגעוואַרעמטער זעקסער! מיין מומע איז אַזוי גוט צו מיר! דאַכט זיך אַז זי האָט מיך ליב. אויך די מאַרק־זיצערינס זענען גוט צו מיר, די גאַסן, די הייזער, די גאַנצע שטאָט איז גוט צו מיר! זי האָט מיך ליב, די מומע, יאָ! דאַכט זיך זי האָט מיך ליב! מיר איז אַזוי גוט! מ׳האָט מיך ליב! -- איך לויף אַ פריילעכער אַ היים.



דער סאָקאָלאָווער מאַרק

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

### ב

פרייטיק רייניקן סטרוזשעס דעם מאַרק, מ׳קערט מיט גרויסע בעזעמער און מ׳וואַרפט דאָס מיסט, וואָס איז געבליבן פון די פערד און בהמות פון דעם נעכטיקן מאַרק־טאָג, אין קאַסטענס אויף גרויסע וועגענער („פּאָרנאַליעס"), און עס ווערט אָוועקגעפירט צו מיסטיקן די פעלדער.

די ווייסע געמויערטע געוועלבער אויפן מאַרק־פּלאַץ און די ווייסע מויערן אויף די גאַסן אַרום, ווערן ווייסער, ליכטיקער. די יונגע גרינע ביימעלעך וואָס דער „משוגענער בורמישטש" האָט געלאָזט פלאַנצן אַרום דעם מאַרק און אויף די הויפּט־גאַסן, זעען יעצט אויס פרישער און גרינער. עס זעט אויס אַז דאָס אַלץ פּאַסירט לכבוד דעם שבת וואָס דאַרף באַלד אָנקומען. אַ ליכטיקע זון שיינט פון אַ ריינעם, בלויען הימל אויף די גאַסן, אויף די הייזער, אויף די יידישע הייזער מיט די רויט געפאַרבטע בלעכענע דעכער און מילך־ווייסע קוימענס. פון די אָפענע פענצטער טראָגט זיך אויפן גאַס אַרויס אַ געשמאַקער, זיסער ריח פון פריש געבאַקענע חלות, טאָרטן, פריש געקאָכטע פיש לכבוד שבת. מיט זיסע ריחות און געזאַנג זענען אָנגעפילט די יידישע גאַסן און געסלעך, דאָס געזאַנג רייסט זיך דורך די אָפענע פענצטער אויף דער גאַס אַרויס: אַ געזאַנג פון יינגלעך אין די חדרים, „שיר — איין געזאַנג; השירים — איבער אַלע געזאַנגען!" „מאי קא משמע לן" — טראָגט זיך דער גמרא־ניגון פון די לערן־בחורים דורך די אָפענע פענצטער פון דעם אַלטן בית־מדרש און פון חסידים־שטיבלעך. „שוועסטער און ברידער פון אַרבעט און נויט!" — שטורעמט אַ געזאַנג פון די שוסטער און שניידער געזעלן דורך די אָפענע פענצטער איבער די וואַרשטאַטן, אויסגעמישט מיט דעם קלאַפּן פון די שוסטערישע העמערלעך און דעם גערויש פון די שניידערישע ניי־מאַשינען. „אוי דער זומער איז געקומען, טרא לאַ... אוי ער האָט מיך נישט גענומען, טראַ־לאַ..." ציט זיך אַ דין געזאַנג פון די נייטאָרינס, די סאָקאָלאָווער אָרימטע „פּאַצעטקעס".

ערב שבת גייען אויך די אָרימע לייט איבער די הייזער. איינער נאָכן אַנדערן קומען זיי אַריין און בלייבן שטיין ביי דער טיר אָן לשון און וואַרטן אויף דער נדבה. איינעם גיט מען חלה, אַ צווייטן — ברויט, און „אָנגעזעענעם" אָרימאַן גיט מען אַ גראָשן, אָט קומט אַריין נאָך אַ נדבה משה־יאַנקל, אַ הויכער ייד, אין הויכע שטיוול, אין אַ לאַנגען, גרויען כאַלאַט, אַ געדיכטע אייזגרויע באָרד און פּיאות באַהאַלטן שיער זיין גאַנץ פּנים, און אויפן קאָפּ אַ ברייט שוואַרץ טוכן היטל. משה־יאַנקל איז אַזוי הויך, אַז ער דאַרף זיך איינבייגן אַריינצוקומען דורך דער טיר אין שטוב אַריין. אין נאָך איידער ע׳ באַוויזט זיך אויסצוגלייכן און אויסזינגען מיט זיין מאָדנעם ניגון „אַ גראָ־אַ־שע־לע און נאַ־אַ־כע־ע־ס!" טראָגט מען אים אַנטקעגן די נדבה און מען וווּנטשט אים, ער זאָל „גייען געזונטערהייט". אין קיין הויז וועט מען משה־יאַנקלען

נישט זאָגן „האָטס נישט פּאַריבל, נישטאָ וואָס צו געבן", פּאַרקערט, כאָטש ער בעט נאָר „אַ גראָשעלע און נחת", גיט מען אים אַ פּירער, אַ זעקסער, משה יאַנקל איז דאָ דער בעל־קבצן אין שטעטל...

פאַרנאַכט קומען אָן סטאַדעס קו און אָקסן מיט דעם שעדלעצער שאָסיי פון פעלד, שפּאַנען לאַנגזאַם און מעלה־גרה׳ן. נאָך דער סטאַדע בהמות קומען די שעפּסן פון פעלד, מיט דעם זעלבן וועג דורך די זעלבע גאַסן. חדר יינגלעך האָבן ליב אַריינלויפן אינמיטן דער סטאַדע, זיין אַרומגערינגלט מיט די איבערגעשראָקענע שעפּסן וואָס לויפן און שפּרינגען איינס איבערן אַנדערן: מע־ע, די שעפּסן לויפן און שפּרונגען און הויבן אויף אַ ווייסן שטויב וואָס רויטלט זיך אין דער פאַרגייענדיקער זון. דער פּאַסטוך גייט צום לעצט, טראָגט צוויי — היינט אין פעלד געבוירענע שעפּסעלעך. זייער מאַמע שלעפּט זיך קוים נאָך ביי דער זייט פון פּאַסטוך וואָס טראָגט איצט אירע קינדער, קרעכצט אַזוי ציטעריק, פּיעשטשעט זיך מ־מע־ע־ע, מ־מע־ע־ע. דאָס מאַמעשע מעקען בלייבט נאָך הענגען אין דער לופט, נאָכדעם ווי די סטאַדע איז שוין לאַנג אַוועק.

און ווען די גאָלדענע צלמים אויף די קופּאָלן פון דער רוסישער צערקווע אין מזרח־זייט פון שטאָט, און די גאָלדענע צלמים אויף די שפּיצן פון פּוילישן קאָשטשאָל אין מעריב זייט פון שטאָט — ברענען אין דעם רויטן שיין פון דער פאַרגייענדיקער זון, און עס לייכט אויף אינמיטן שטאָט דער גרויסער, רויטער דאַך פון דער הויכער, מאַסיווער מויער מיט ברייטע, הויכע פענצטער מיט פיל קאָלירטע שויבן פון אונדזער סאָקאָלאָווער שול. שפּאַנט בן־ציון שמש אין זיין שבת׳דיקער קאַפּאָטע אין שבתדיקע סאַמעטענעם היטל מיט זיין ברייטע שוואַרצע באָ־ד און פּאות און מיט ליכטיקע נשמה יתרה דיקע פייערלעך אין זיינע אויגן, ער שפּאַנט מיט גיכע ערב שבתדיקע טריט און רופט מיט זיין אויסגעצויגענעם נאָזן־קול: „אין שו־ל א־ריי־ע־ען"! שיינע מילנערס ווינט־מילן, וואָס גלעטן מיט זייער פליגל אַ גאַנצע וואָך דעם בלויען הימל, בלייבן שטיין, רוען איצט, שטייען מיט צוויי פליגל אויסגעשטרעקט צום הימל, אַזוי ווי אין אַ געבעט, אַזוי ווי אין אַ לויב. פאַרשפּעטיקטע מאַרק־זיצערינס יאָגן זיך אַ היים מיט זייערע קוישן און בענק; טרעגער, ווייס־פּאַרמעליקטע — פון די פינף פּודיקע זעק מעל וואָס זיי טראָגן אויף זיך אַ גאַנצע וואָך, איילן זיך אַ היים מיט שווערע, הילכיקע טריט פון זייערע, מיט פּאָדקאָוועס געשמידטע שטיוול. איינגאַנצן ווייס, אַזוי ווי פון ווייסן שטיין אויסגעהאַקטע, זענען זיי. נאָר די שטיוול זייערע, מיט די הויכע כאָלעוועס ביז איבער די קני, זענען שוין איצט שוואַרץ און גלאַנצן מיט דעם פרישן טראַן־אייל וואָס איז אויף זיי אויסגעשמירט, פאַר די קאָפּיקע אין אַ סמאָלע־געוועלב, לכבוד שבת. שיינען זיי, די שטיוול, אין די לעצטע שטראַלן פון דער פרייטיק פאַרנאַכטיקער זון. אויף די סאָקאָלאָווער טרעגער רוקט זיך דער שבת פון די שטיוול אַרויף, אַרויף ביז זיי טוען אָן זייערע ברייטע, שוואַרץ־טוכענע שבתדיקע היטלען.

שבת־ליכט צינדן זיך אין אַלע פענצטער. מיט שטילקייט, מיט רויקייט,

מיט הייליקייט און אַנגעפילט די לופט... פאַרלאָשן ווערט דאָס רויטע פייער פון די קלויסטער־צלמים, די לעצטע זון־שטראַלן טובלען זיך אין דעם פלאַכן וואַסער פון דער סטריגע און שייַנען פון דאָרט אַרויס מיט רעגנבויגן קאָלירן, שווימען אַוועק מיט דעם פלאַכן שטראָם וואָס פליסט איצט אַזוי שטיל און קיל ערגעץ פון מזרח און פליסט דורך די שטאָט ערגעץ נאָך מעריב; פליסט דורך פעלדער און וועלדער, צווישן יידישע און פוילישע הייזער, ביים פאַרקאַן פון דעם אַלטן בית־עולם, וואָס איז שוין היינט אינמיטן שטאָט צווישן דער סטריגע און אַלטן בית־עולם. באַהאַלטן אין הויכן גראָז אונטער אַלטעביימער, איז דער „זדרוי", ווו מאָרגן, שבת פאַרנאַכט, וועלן סאָקאָלאָווער מיידלעך, אויסגעפוצטע נאָך אין די שבתדיקע קליידער, קומען שעפּן „זדרוי־וואַסער" צו מאַכן טיי באַלד נאָך הבדלה.

שבת אינדערפרי גייט מען אויסגעפוצט אין שול אַריין, אין די בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך דאַוונען. ווי אין וואָכנדיקע פרימאָרגנס, אַזוי אויך שבת, גייען די טרעגערס, בעלי עגלות און אַנדערע האָראָפּאַשניקעס צום ערשטן מנין דאַוונען אין שול אַריין — צו פסח־משה'ס מנין. אין שול איז נאָך אַ געהיימניספולע טונקלקייט, ס'איז נאָך פרי און קיל אין שול, שטייען זיי די האָראָפּאַשניקעס איינגעוויקלט אין די טליתים ביי די הויכע, קאַלטע ווענט. די מאַסיווע צוויי רייען זיילן אינמיטן דער שול נעמען צווישן זיך אַריין דעם באַלעמער און טראָגן אויף זיך די סטעלע וואָס איז געבויט האַלב קיילעכדיק און געמאָלן אַזוי ווי אַ בלויער הימל מיט שטערן. אַנדערע דאַוונער שטייען אַרום די גרויסע געמויערטע קאַסטנס — אָנגעפילטע מיט זאַמד, אין וועלכע מען שטעלט יום־כיפור גרויסע, ווייסע און געלע וואקסענע יום־כיפור ליכט. אויבן, איבער דער גאַנצער לענג פון דער מזרח־וואַנט, קוקן אַרונטער די צוועלף מזלות, געמאָלן אין קיילעכדיקע ראַמען. אויף דעם ארון־קודש טאַנצן געשניצטע גאָלדענע לייבן, הערשן און פאַנטאַסטישע פייגל... די זון שיינט אויף, און דורך די הויכע פענצטער אין מזרח וואַנט, פון ביידע זייטן ארון־קודש שטראָמען רויטע, גרינע, געלע און בלויע פאַסן ליכט דורך די קאָלירטע שויבן. די פאַסן ליכט בייגן זיך ווי רעגנבויגנס און וויקלען זיך אויף קעפּ, אַקסלען און פּלייצעס — געהילטע אין טליתים...

און וועלן באַלעבאַטישע יידן און חסידים גייען ערשט צום דאַוונען, האָבן שוין די האָראָפּאַשניקעס פון לאַנג געמאַכט קידוש איבער 96־קער און פאַרביסן מיט טאָרט, מיט אַ טונקעלע קייל־פיש וואָס זייערע ווייבער האָבן געמאַכט לכבוד שבת פון קליינע פישעלעך, איינגעהאַקט מיט הויט און גרעט, ס'זאָל זיין שפּאָרעוודיקער; אַנדערע עסן שוין די פאַרקילטע גרודעס פערפל, געשמאַלצן מיט אייל פון חיים שמואלס אליאַרניע.

צוריק פון דעם „אַנדערן" דאַוונען פון שול און בתי־מדרשים, גייט מען גרופּנווייז, אימיטן דער גאַס. יידן אין שבתדיקע קאַמגאַרנע קאַפּאָטעס, חסידים און שוואַרצע „געהאַקטע" אַטלאַסענע קאַפּאָטעס אַרומגעגאַרטלט מיט זיידענע

גאַרטלען מיט ברייטע שוואַרצע סאַמעטענע היטלעך און שטריימלעך; עס שיינען און בליצלען די פֿאַרשידן קאָלירטע פֿאַטשערקעס און פֿליטערלעך, אויסגעניײטע אויף די זײדענע און אַטלאַסענע חתונה־קליידער, וואָס עס טראָגן נאָך די מאַמעס און אפילו באָבעס, שבת און יום־טוב אין שול צום דאַווענען.

שבת בייטאָג פֿאַרזאַמלען זיך מיידלעך און בחורים אין הייזער צו טאַנצן.

מען טאַנצט צום אייגענעם געזאַנג, מען זינגט און מען טאַנצט אַ „פּאָלקע", אַ „וועגנגערקע", אַ „וואַלץ", אַ „ברוגזן קאָנטאַר". אַנדערע גייען שפּאַצירן אין פֿעלד, אין וועלדל. ס'איז נאָך די גרויסע שריפֿה פֿון ערב שבועות אין 1910. איך שטאָט איז אַ שטילע געזעלשאַפֿטלעכע רויִקייט. נישטאָ קיין פּאַרטייען, קיין באַוועגונגען; די יוגנט איז אַן עלנדע, גייסטיק־פֿאַרלאָזענע, אָבער אַ זוכנדיקע, אַ בענקנדיקע נאָך עפּעס וואָס מען ווייסט אַליין נישט וואָס. פֿון משה חיים שפּילמאַנס „ביבליאָטעקע" האָבן מיר שוין אויסגעלייענט אַלץ וואָס מיר האָבן געוואָלט. און אַז יוסף בראַווערמאַן קריגט געבאָרגט אַ ביכל פֿון אברהם מענדל הגדולס, דערפֿרייען מיר זיך דערמיט ווי מיט אַן „אוצר". נעמען מיר שבת דאָס געבאָרגטע ביכל און די לעצטע נומערן „פֿריינד", „ראָמאַנצייטונג" און „דער שטראַל", וואָס איך און אַנדערע האָבן בשותפֿות אַבאָנירט פֿון וואַרשע. נאָך דעם קומט אויס צו לויפֿן אַלע טאָג אויף פּאָטשט, ווייל מיר קאָנען זיך נישט דערוואַרטן ביז דער „בריוו־טרעגער" וועט ברענגען. מיר גייען אין נאָ־ענסטן וועלדל און מען זיצט און מען לייענט, מען לייענט פֿון טאָוול ביז טאָוול, ביז דער לעצטער שורה אויף די לעצטע זייטן פֿון דער צייטונג און זשורנאַלן.

אַן ענגע און אינטימע גרופּע האָבן מיר זיך אויסגעטיילט פֿון דער דעמאָלטיקער סאָקאָלאָווער יוגנט: יוסף בראַווערמאַן, שמואלקע באָרנשטיין, אברהם יצחק גאָלדבערג, גרינטשע באָרנשטיין, זיסעלע מענדל סטאָלערס, געלע די „צוקערניקעס", נחום פֿרידמאַן, איך און נאָך אייניקע יינגלעך און מיידלעך. מיר האָבן זיך צונויפֿגעלייגט מיט אָרימע זעקסערס יעדע וואָך און דאָס גע־זאַמלטע געלט געשיקט קיין וואַרשע פֿאַר ביכער. אַ גרויסער יום־טוב איז גע־ווען, יעדעס מאָל, ווען ס'פֿלעגט אָנקומען פֿון דאָרט אַ פּאָר ביכלעך פֿאַר אונ־דזער „ביבליאָטעק" וואָס איז געלעגן באַהאַלטן ביי יוסף בראַווערמאַן אין זיין שלאָף־חדר. זיין טאַטע, יהודה הערש, האָט זיך געמאַכט כלומרשט נישט וויסנ־דיק און געלאָזט די ביכער ביי אים אין הויז.

גייען מיר איצט מיט אונדזערע אייגענע ביכער אונטערן אָרעם אין שפּאַציר־גאָרטן, אין פֿעלד, אין וואַלד. צווישן די פֿאַרשידענע פּאָרלעך און גרופּ־קעס, וואָס שפּאַצירן צווישן די קאַשטאַן־ביימער איך שפּאַציר־גאָרטן — אָדער אויף דעם ווענגראָווער שאָסיי, זעט מען אויך אַמאָליקע „ציציליסטך" פֿון די רעוואָלוציאָנערע יאָרן 5—4—1903, זיי האָבן שוין לאַנג אויסגעטון די בלויע בלוזעס מיט די רויטע קוטאַסן און לויפֿן אין די וואָכעדיקע פּרימאָרגנס צום ערשטן דאַווענען מיט בלויע סאַמעטענע טלית־זעק אונטערן אָרעם...

עס גייט דאָ אויך שפּאַצירן, איינער אַליין, הערשל (דעם גרויסן לייזערס) גרינבערג, ער שפּאַצירט לאַנגזאַם, פאַרטראַכט אין אַן אייגענער וועלט, ווי עס וואָלט דאָ קיינער אַרום אים נישט געווען. דאָס פּנים טונקל, בלאַס, די אויגן קוקן מיט שוואַרצן פייער דורך זיינע „פּענסנע“, פון וועלכע עס הענגט אַרונטער אַ שוואַרץ זיידן שנורעלע אויף זיין ווייס געפּרעסטן, פּאַפּירענעם „האַרץ“ שוואַרצע, דיקלעכע וואָנסן, ווי פון שוואַרצן זיידענעם סאַמעט אויסגעשניצט, ליגן אויף זיין ליפּ אַזוי פּונקטלעך אויסגעלייגט און אויסגעדרייט די דינע עקלעך אויף אַרויפגעבויגן אין צוויי שוואַרצע רינגעלעך; אַ קליין שוואַרץ טוכן היטעלע אויף זיין הויכן קאָפּ מיט שווארץ געדיכטע לאַנגע האָר. ער איז דער אינטעליגענט, דער „געלערנטער יונג“ אין שטעטל. לייענט ביכער, רוסישע צייטונגען און זשורנאַלן. כלה־מיידלעך און חתן־בחורים לערנען זיך ביי אים שרייבן יידיש, רוסיש, פּויליש. ער שרייבט בריוו פאַר חתנים, וואָס קאָנען נישט שרייבן צו זייערע כלה׳ס, און פאַר כלה׳ס — צו זייערע חתנים. ער איז אויך דער מוזיק־לערער אין שטאָט, לערנט שפּילן פידל און אַנדערע מוזיק־אינסטרומענטן. אויף אַ וואַנט אין זיין קליינעם, איינזאַמען צימערל אויף אַ העכערן שטאָק אין אהרן קארפּלס מויער הענגט אַ פידעלע. אין די שפּעטע שעה׳ען פון די לאַנגע ווינטער־נעכט, ווען די לעצטע געלע ליכט־פּאַסן רייסן זיך דורך די שפּאַלטן פון די לאָדנס און לעשן זיך אויף דעם בלאַסן ביינאַכטיקן שניי הערט מען דאָס פידעלע וויינען... דאָס געוויין טראָגט זיך אויף דעם בלאַסן שיין דורך זיין פענצטערל, אַ בלאַס ליכט מיט אַ דין געוויין פאַלן און לעשן זיך, גייען אויס צוזאַמען אויף דעם קאַלטן, ביינאַכטיקן בלוילעך ווייסן שניי...

ג

זונטיק, דער יידישער זונטיק אין סאָקאָלאָוו, איז נישט אינגאַנצן וואָכעדיק. דאָס קלינגען פון די גלעקער אין דער פּוילישער און אין דער רוסישער „טיפלע“, דאָס שפּאַצירן פון דער אויסגעפּוצטער רוסישער „נאַטשאַלסטוואָ“, און די יום־טובדיק געקליידעטע פּוילישע באַפעלקערונג דורך די יידישע גאַסן צו זייער „טיפלע“ און צערקווע, פאַרטרייבט אַ גרויסן טייל פון דער יידישער וואָכעדיקייט.

אַמאָל צעקלינגט זיך אין אַ זונטיק דער פייער־גלאָק אויפן פערדס־מאַרק. עס ווערט אַ געלויף פון אַלע הייזער אויף די גאַס אַרויס: ווידער אַ שריפה! ווו ברענט?... ביי וועמען?... אָבער באַלד ווערט קלאָר אַז דאָס מאָל איז נישט קיין שריפה, נאָר אַ „סמאָטר“. דער גובערנאַטאָר איז דאָ אין שטאָט! און די שטאָט וויל זיך באַווייזן מיט איר פאַרמעגן, מיט איר „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע“. קלינגט דער פייער־גלאָק. אָט לויפט שוין באַלעק אין זיין העל־בלויען אוניפאָרם מיט אַ מעשענעם העלם אויפן קאָפּ וואָס בליצט אין שיין פון דער זון. ער טרומייטערט אויס אויף אַ מעשענעם טרומייטער אַ פייער רוף! און פון אַלע עקן שטאָט קומען לויפנדיק די „סטראַזש אָגניאָווע“, קנעפּלען די

האַלב אָנגעטוענע בלויע אוניפאָרמען, פאַרזאַמלען זיך ביי דער „שאָפּע" אויף דעם שעדלעצער שאָסיי ביי דער שעדלעצער גאַס. די ברייטע טויערן פון דער שאָפּע צעעפענען זיך און מען שלעפּט אַרויס די גרין און רויט געפאַרבטע פּעסער מיט וואַסער, לאַנגע וועגענער מיט לייטערס און פּיקעס און שיקאַפּקעס". יאַקוב דער „גראָבער חזירניק" איז דער הויפּט, „דער קאָמאַנדיר", ער גיט די באַפעלן, זיין פעט פּנים גלאַנצט אין דער זון ווי דער הויכער מעשענער העלם אויף זיין קאָפּ און די מעשענע קנעפּ אויף זיין אוניפאָרם.

די פייער־בריגאַדע שטעלט זיך אויס לויט אַ סדר און גיט זיך אַ לאָז מיט אַ געלויף מיט די אַלע פייערלעשער מכשירים איבער דער שעדלעצער גאַס צום פערדס־מאַרק. מיט רויטע און גרינע פּעסער, רעדער, שיקאַפּקעס, וועגענער, בלויע אוניפאָרמען און מעשענע בליציקע היטלען, אַז ס'שווינדלט אַזש פאַר די אויגן. פאָרויס אין דער ערשטער רייע פון דעם לויפנדיקן פּאַראַד, לויפט צאַלקע אָרלאָווסקי, דער איינציקער יידישער פייער־לעשער אין דער סאָקאָלאָווער פאָזשאַרנע קאָמאַנדע. צאַלקע איז דער פאָנען־טרעגער פון דער פייער־בריגאַדע. לויפט ער אין דער ערשטער רייע אין זיין בלויען אוניפאָרם, טראָגט הויך די רויטע פאָן וואָס פלאַטערט איבער זיין קאָפּ און זיין ברייטע צעוואַקסענע, ווייסע באָרד פלאַטערט אויף זיין בלויען אוניפאָרם. אַזוי אַז ער זעט באַלד אויס ווי דער גענעראַל פון דער פייער־אַרמיי.

צווישן קינד און קייט, יונג און אַלט, וואָס לויפן זעען דאָס ספּעקטאַקל אויפן מאַרק, איז אויך דאָ צאַלקעס ווייב, יענטע „די גאָלערקע". זי איז יעצט די גליקלעכסטע! אין וואָכעדיקע טעג איז צאַלקע אַ שניידער, און זיין ווייב יענטע, אַ „גאָלערקע". גאָלט ביי פרומע יידישע ווייבער די כשרע קעפּ און, להבדל, ביי גויים — די „טרייפענע מאָרדעס". היינט, אין אַזאַ טאָג! איז צאַלקע נישט קיין שניידער, און יענטע — קיין „גאָלערקע".

אָבער די באמת שיינע יום־טובדיקע טעג אין סאָקאָלאָוו זענען די טעג פון אַ חתונה, אָדער, וואָס עס פּאַסירט זעלטענער, אַ סיום־הספר. וואָכן און חדשים פריער גרייט מען זיך צו דער גרויסער פּאַסירונג. דאָס אַליין שאַפט שוין אַ יום־טובדיקע שטימונג וואָס ווערט מיט יעדן טאָג שטאַרקער און געשפּאַנטער ביז עס קומט דער גרויסער מאָמענט ווען יונג און אַלט, די „גאַנצע שטאָט", פירט מיט גרויס פּאַראַד און מיט קלעזמער חתן־כלה איבער די גאַסן צו דער חופּה אויפן שול הויף; אָדער ווען מען פירט די ספר־תורה אין שול אַריין אין אַ וווּנדערלעך שיינער זומער־נאַכט. אַלע שטערן ברענען אַזוי ווי גרויסע ליכט אין הימל, צווישן די ליכט הענגט די לבנה ווי אַ גרויסער „בליצלאָמפּ" און באַלייכט דעם וועג צו דער שול. פאָרויס שפּאַנט יונה בלעכער אויף הויכע שטאָלצן אַ פאַרשטעלטער אין אויסטערלישע בגדים, אַ „מאַדזשגיר" (מאַסקע) אויפן פּנים מיט אַ הויכע גאָלד־פּאַפּירענע קרוין אויפן קאָפּ. יונה בלעכער שפּאַנט פאָרויס און צוריק ווי ער וואָלט אויסגעטאַנצט אַ ברייט שפּרייזנדיקן טאַנץ. יונה איז איצט געוואַלדיק הויך. חדר יונגלעך וואָס לויפן

אַרום אים, פאַרגלייכן אים צו עוג מלך הבשן. זיי שרעקן זיך אַז יונה וועט אַזוי לאַנג קאָמאַנדעווען ביז ער וועט פאַרטשעפּען זיין קרוין אין דער לבנה, וואָס שיינט איצט אַזוי ליכטיק און זי נאָך אַרונטערוואַרפן...

נאָך יונה׳ן גייען די „רייטער״, פאַרשטעלטע יידן, אין איבערגעדרייטע פּעלצן, הויכע היטלען; רייטן מיט פאַרריסענע קעפּ אויף די באַלעגאַלישע פערד, ווי זיי וואָלטן געווען די אמתע „גבורי ישראל״. אַרום די רייטער לויפן יונגען מיט ברענענדיקע שטורקאַצן אויף הויכע שטעקנס. די שטורקאַצן וואַרפן אַ געבלעך רויט ליכט וואָס מישט זיך מיט דעם בלויען לבנה שיין, אַנדערע בלאָזן אַרויס אַ מויל נאַפט אויף אַ ברענענדיקן שטורקאַץ, דער אַרויסגעבלאָזענער נאפט צינדט זיך אָן, אַ פלאַם פייער לויפט דורך די לופט און וואַרפט רויטע ליכט אויף דער גאַס, אויף די הייזער, אויף דעם גאַנצן פּאַראַד.

נאָך די רייטער טראָגט ווער אויף אַ הויכן שטעקן אַ ריזיק גרויסן לאַמטערן. אויף די פיר ווענט פון דעם לאַמטערן אונטערגעקלעפּט מיט דין פּילפּאַרביקן פּאַפּיר האָט בן־ציון שמש געאַרבעט וואָכן לאַנג ביז ער האָט אויסגעשניצט אַלע פייגל, הערשן, לייבן מנורה׳ס, מגן־דוד׳ס, בלומען און די פּסוקים. אין דעם לאַמטערן ברענט איצט אַ גרויסער נאַפט־לאַמפּ, דער טרעגער דרייט דעם שטעקן מיט דעם לאַמטערן, און אָט באַווייזט זיך אַ פייערדיקער, ברוינער לייב מיט אַ רויטער צונג און גרינע אותיות איבערן לייב: „גבור כארי״. און אָט לויפט אַ הערש מיט פאַרצווייגטע הערנער: „רץ כצבי״. דער לאַמטערן שיינט מיט זיינע פיל קאָלירטע שניצערייען; מען טראָגט אים אַנטקעגן דער חופּה מיט דעם ספר־תורה, ווו עס גייען אויך די קלעזמער. הערש־נחום מיט זיין פידעלע אינמיטן, שעפּסעלע פּויקער ביי איין זייט, און הערש בער מיט זיין באַס, — אויף דער צווייטער. הערש נחום׳ס ברוין בערדעלע מיט די זילבערנע פּעדים מישט זיך אויס מיט זיין ברוין פידעלע מיט די ווייסע סטרונעס, אויף וועלכע עס לויפט יעצט אַרויף און אַראָפּ מיט אַזוי־פיל חשק, דער סמיטשיק. ער טאַנצט מער ווי ער גייט, הערש נחום, ווי עס טאַנצן זיינע פינגער אויף די סטרונעס. ער גייט און טאַנצט הינטערוויילעכט מיטן פנים צו דער חופּה, צו דער תורה... שפּילט און טאַנצט לכבוד דער תורה...

שעפּסעלע פּויקער, וואָס איז באַוווסט אין שטעטל פאַר זיינע שפּיצלעך און וויצלעך, וואָס ער „טוט אָפּ״ די מיידלעך און יונגע ווייבלעך אויף דער חתונה, איז איצט אַן „אַנדערער מענטש״, אַ גרויסער ערנסט ליגט אויף זיין פנים מיט די זומערשפּרענקעלעך און רויט געשוירן בערדעלע, ער באַמיט זיך מיט זיין גאַנצן טאַלאַנט וואָס שענער און וואָס קינצלדיקער אויסצופּייקלען און אויסצוקלינגען מיט די מעשענע טעצלעך און גלעקלעך אַרום זיין פּייקל, צום טאַקט פון הערש־נחום׳ס פידעלע. אפילו הערש־בער מיט דער „יאַלאַשקע״ (אַזוי האָט מען אין שטאָט געחוזקט פון זיין גרויסן באַס). וואָס גייט ביי הערש־נחום׳ס רעכטע האַנט, איז איצט אויך נישט דאָס וואָס ער איז אַלעמאָל. הערש בער קאָן „אָפּרימפּלען״ אויף זיין באַס אַ גאַנצע חתונה און קיין איינמאָל נישט

אויפהויבן זײַנע אויגן העכער פון די שפּיצן פון זײַנע אויסגעטראָטענע שטיוול. הערש־בער רעדט נישט — „וואָס עט׳ר רעדן, וואָס?״ ער האָט נישט וואָס צו רעדן. גיט ער שוין אַמאָל אַ ברום דורך זײַן גענדיכט שוואַרצע באָרד, איז דאָס ברומען זײַנס אַזוי אומפאַרשטענדלעך ווי דאָס הײנטיקע ברומען פון זײַן באַס — בײַ הערש בער; טוט זיך איצט עפּעס אינעווייניק — זײַן גראָבע באָרד ציטערט, באַוועגט זיך ווי ער וואָלט עפּעס געברומט; ער וויל אפשר, ווי הערש־נחום, אויך טאַנצן אַנטקעגן דער תורה. ער דרייט זיך שווער מיט זײַן גרויסן באַס, פירט דעם סמיק אַהין און צוריק, אָט איז ער שוין מיטן פּנים צו דער תורה! זײַן שווערער קאָפּ מיטן ברייטן שוואַרץ טוכענעם היטל הויבט זיך... די באָרד זײַנע ציטערט, זײַנע צוויי גרויסע, פייכטע אויגן צעעפענען זיך. הערש־בער האָט אַ קוק געטון אויף דער חופּה, אויף דער הייליקער תורה!... אָבער באַלד ווערן זײַנע אויגן צוריק האַלב פאַרמאַכט, דער קאָפּ צוריק אַרונטערגעלאָזט; יאָגנדיק דעם סמיק הין און צוריק, דרייט זיך גיך אויס — הערש־בער האָט זיך פאַרשעמט, אפשר גאָר זיך דערשראָקן פאַר דער הייליקער תורה.

אַ שאַרפער פײַף שנײַדט די לופט! כעמיעלע איז באַוווסט אויפן מאַרק צווישן די טרעגערס און באַלעגאָלעס פאַר זײַן פײַפן. אַז כעמיעלע באַוויזט זיך אויפן מאַרק אַ באָרוועסער אין זײַנע טראַנטעס, מיט עפּעס אויפן קאָפּ וואָס דאַרף זײַן אַ היטל, ווערט אַ געשריי צווישן חברה „כעמיעלע, אַ פײַף!״ — אָבער כעמיעלע גרויסט זיך מיט זײַן טאַלאַנט. ער ווייסט אַז קיינער קאָן נישט אַזוי פײַפן ווי ער, לאָזט ער זיי שרײַען. „אַ מכה וועט ער זיי פײַפן!״ איצט לויפט כעמיעלע אַ הינקנדיקער, דאָ פון דער זייט, דאָ פון יענער זייט, דערלאַנגט אַרוק אַרײַן די צוויי פינגער פון זײַנע הענט און בײדע זייטן מויל, גיט דאַרט אַ פאַרבויג די צונג אויף אַרויף, און יעדער פײַף זײַנער שנײַדט די הימלען! קיינער דאַרף איצט נישט בעטן כעמיעלען ער זאָל דערלאַנגען זײַן באַרימטן פײַף, ער הערט נישט אויף צו פײַפן. כעמיעלע פרייט זיך, פײַפט לכבוד דער תורה!...

די ספר־תורה האָט מען געלאָזט נעכטיקן אין שול. דער עולם צעגייט זיך, עס הערט זיך נאָך פון ווייטנס די לעצטע טריט פון די רייטער אויף זייער וועג אַ הײם, עס ווערט שטיל, אַ שפּעט־בײַנאַכטיקע, רויקע שטילקייט, די שטערן און די לבנה זענען איצט נאָך ליכטיקער און נאָענטער. אַזוי נאָענט אַז מען הערט זיי... דער מילך־וועג שפּרייט זיך אויפן נאַכט־בלויען הימל, ווי ווייסער גלאַנצנדיקער אַטלאַס... עס לעשן זיך די לעצטע געלע שטראַלן וואָס שנײַדן זיך דורך די שפּאַלטן פון פאַרמאַכטע לאָדנס. ש־ש־ש דאָס שטעטעלע שלאָפט... מײַן שטעלע סאָקאָלאָוו שלאָפט...

## ד

די פאַרבייגענדיקע זון האָט אָנגעצונדן דעם הימל אין דאָס פײַער האָט

זיך צעפלאַקערט איבער דעם גאַנצן מערב. פייערדיקע וואָלקנס פלאַטערן ווי ברענענדיקע שיפן אין אַ שטורמדיק פלאַמיקן ים.

יידן, אויף זייער וועג צו מנחה און מעריב, שטעלן זיך אָפּ און קוקן פאַרגאַפּט אויף דעם העלישן פייער און מורמלען פאַרטראַכט. „אַ סימן אויף מלחמות", אָבער מיר הדר־יונגלעך ווייסן אַז דאָס איז דאָס פייער פון גיהנום און אַז דאָס ברענט מען איצט אַזוי די רשעים.

דאָס בראַנדפייער ווערט אַלץ העלישער און וואַרפט אַ רויטן שיין אויף דער גאַנצער שטאָט, אויף די הייזער, אויף די גאַסן, אויף די מענטשן און אַלץ אפילו די שטיינער פון גאַס שיינען צוריק מיט אַ ראָזאָווע ליכט...

יונגע מיידלעך און ליכטיקע זומער קליידלעך, און יונגע בחורים, דער רוב אין בלויע בלוזעס מיט רויטע גאַרטלען, פאַרשלייפט אויף אַ זייט, מיט אַראָפּהענגענדיקע רויטע קוטאַסן — קומען פון די ווייטיקע גאַסן און געסלעך און זאַמלען זיך אין רויטן שיין אינטער דעם ברענענדיקן הימל אויף דער שעדלעצער גאַס. דאָס קומט היינט דער סאָקאָלאָווער אַרבעטער־קלאַס אויף דער „בערזע".

זיי פאָרמירן זיך אין ברייטע רייען, וואָס פאַרנעמען די גאַנצע ברייט פון דער גאַס, און מאַרשירן אַזוי אויף דער שעדלעצער גאַס פון דעם אָנהויב פון דעם שעדלעצער שאָסיי, ביז צום נייעם בית־המדרש און צוריק. הין און צוריק. הין און צוריק. קומט איין רייע אַנטקעגן דער אַנדערער. שניידט מען זיך דורך און יעדע רייע גייט זיך ווייטער איר וועג.

די פּאָליציי דערלויבט נישט קיין פאַרזאַמלונגען, גייט מען איצט כלומרשט „שפּאַצירן", שפּאַצירן מעג מען נאָך. האָט יעדע רייע אין איר מיטן אַ רעדנער אָן „אַגיטאַטאָר", וואָס רעדט וועגן „פרייהייט" וועגן „גלייכהייט" וועגן „ברידערלעכקייט" פאַר יידן, פּאָליאַקן, רוסן; וועגן פרייהייט פאַר אַלע פעלקער פון אַלע לענדער; פרייהייט פאַר דער גאַנצער וועלט! און אין דער רויטער לופט אונטער דעם ברענענדיקן הימל עקספּלאָדירן אַזעלכע, פון פריער נאָך קיינמאָל דאָ נישט געהערטע ווערטער, ווי: „פּראָלעטאַריאַט"! „קאַמף"! באַריקאַדן! רעוואָלוציע"!

דאָס פייער אויפן הימל לעשט זיך. די פלאַמענדיקע וואָלקנס האָבן שוין אויסגעברענט. עס צינדן זיך איצט זילבערנע שטערן אויף אַ נאַכט בלויען הימל.

דער סימן אויף מלחמות איז אַוועק. דער סימן אויף רעוואָלוציע איז אויף דער שעדלעצער גאַס נאָך אין זיין פולן פלאַקער...



דער שעדלעצער שאָסיי



דער סאָקאָלאָווער פערד־מאַרק

משה זאיאנץ
(קרית־טבעון)

## סאָקאָלאָוו צווישןביידע וועלט־מלחמות

צוליב די אָפטע שריפות אין סאָקאָלאָוו איז דאָס אַלטע שטעטל, וואָס איז כמעט אינגאנצן געבויט געווען פון האָלץ ווי אָפּגעווישט געוואָרן. ס׳איז נישט פאַרבליבן פון יענע צייטן קיין שום אַלטערטימלעכע געביידעס אָדער אפילו חורבות פון זיי. דער עלטסטער פלאַץ אין שטעטל איז דער אַלטער בית־עולם, אויף וועלכן די פשוטע מצבה־שטיינער זענען שוין לאַנג איינ־געפאַלן און ממש איינגעוואַקסן אין די ערד אַריין, ווו נישט ווו האָט מען נאָך אַרויסגעזען אַ שטיין, אָבער די אויפשריפט אויף אים איז שוין פון אַלטקייט כמעט נישט מעגלעך געווען צו איבערלייענען. דער אַלטער בית־המדרש איז נישט געווען אַזוי אַלט. דער נאָמען „אַלטער״ האָט ער באַקומען מסתמא דער־פאַר, ווייל ער איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן נאָך דער שריפה אויפן פונדאַ־מענט פון דער באמת אַמאָליקן אַלטן בית המדרש. אויך די גרויסע שול, וואָס מען האָט נאָך ביז דער לעצטער צייט נישט אויסגעענדיקט דאָס בויען — ספּעציעל די אינעווייניקסטע טיילן, איז אויך געבויט געוואָרן אויפן פונדאַ־מענט און אַ טייל ווענט פון דער אַלטער אָפּגעברענטער שול.

דער אַלטער בית־מדרש האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין שום אַלטקייט, נישט דער בוי־סטיל פון זיין אויסערלעכן אויסזעען און נישט די אינעווייניקסטע איינריכטונגען (דער ארון־קודש אָדער בעלעמער), אַ פשוטער גרויסער און לאַנגער זאַל מיט גרויסע פענצטער אויף דער מזרח־וואַנט. פון גאַס האָבן עטלעכע, נישט הויכע, טרעפּ געפירט צום פאָדער־היזל, און פון דאָרט — צום איינגאַנג אין בית המדרש אַריין.

אינעווייניק, אויף דער מזרח וואַנט צווישן די פענצטער — אַ פשוטער קליינער, הילצערנער ארון־קודש, און א שטענדער פארן בעל־תפילה. אין דער־מיט פון בית־המדרש — אַ גרויסער מיט שטאַכעטן אַרומגעצוימטער בעלעמער. צו וועלכן ס׳האָבן געפירט פון ביידע זייטן עטלעכע טרעפּלעך. אַרום די ווענט זענען געשטאַנען לאַנגע, הילצערנע טישן מיט בענק וואָס זענען אין צייט פון דאַווענען שבתים און יום־טובים געווען פיל באַזעצט מיט מתפללים, און אין

די וואָכעדיקע טעג צווישן איין דאַווענען און צווייטן — מיט ישיבה בחורים, קעסט־קינדער, עלטערע יידן, „שטענדיקע לערנערס". די מערב וואַנט פון בית המדרש, מיט קליינע, הילצערנע שטאַכעטלעך אָפּגעטיילטע פענצטערלעך, האָט געשאַפן די מחיצה צווישן מענערישן און ווייבערישן בית המדרש דעם פראָנט פלעגן פאַרנעמען די ווייבער, וועלכע האָבן געקענט אַ וואָרט עברי; זיי פלעגן די ערשטע אויפכאַפּן די ווערטער פון חזן, איבערהזרן זיי הויך אויפן קול און נאָך זיי פלעגט דער גאַנצער ווייבערישער בית המדרש נאָכזאָגן דאָס דאַווענען. די ווייבערישע חזנ׳טעס פלעגן שוין וויסן צו געבן דעם טאָן ביים דאַווענען. ווען די תפילה דאַרף זיין אַ רויקע, דעמאָלט האָט זיך פון די ווייבערישע שול געלאָזט הערן בלויז אַ שטיל געמורמל, אַזוי ווי אַ תפילה בלחש, און אַז זיי פלעגן נאָכזאָגן אַ פּסוק פון די ימים נוראים׳דיקע תפילות מיט אַ וויינענדיקן ניגון, פלעגן זיך גלייך דערהערן יללות און האַרצרייסנדיקע קולות פון אַלע ווייבער, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט העלפן מיט אַלע זייערע כוחות דעם חזן שפּאַלטן די הימלען. נישט איינמאָל פלעגן די קולות פון די ווייבער ווערן אַזוי שטאַרק, אַז פון דעם מענערישן טייל בית־המדרש פלעגט מען איבערשרייען צו זיי: „שטיל זאָל זיין ווייבער, צ׳לאָזט נישט דאַווענען!" דעמאָלט פלעגן די ווייבער אַ ביסל באַליידיקטע אַראָפּלאָזן פון טאָן, נאָכזאָגן דעם חזן אַ ביסל שטילער, און לאָזן די מענער אַליין אויסבעטן אַלדאָס־גוטס ביים רבונו־של־עולם.

אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דעם בית המדרש האָט פאַרנומען דער אויוון. ער איז געשטאַנען ביים איינגאַנג, ביי דער טיר, נישט ווייט פון דעם קופּערנעם האַנט־פאַס, וואָס פלעגט נוצן צו נטילת ידים. דער אויוון איז געווען פּירקאַנטיק ברייט און הויך כמעט ביז צום סופיט, געבויט פון ווייסע קאַפלעס מיט צוויי שוואַרצע קיילעכדיקע אייזערנע טירלעך צום הייצן, אַ פּירקאַנטיק מעשן טירל אין דערמיט פון אויוון און דאָס טירל פון דער „באַניע" צו וואַרעמען וואַסער און קאָכן טיי. דער בית־מדרש־אויוון איז אייגנטלעך געווען אַן אינסטיטוציע פאַר זיך. זיצן אין בית המדרש „אינטערן אויוון" איז געווען אַ מין שפּריך־וואָרט אין שטעטל און אַ באַקאַנטער אַדרעס פאַר אַ סך בטלנים, ליידיק־גייערס, אָרימע־לייט, קאַליקעס און היימלאָזע. אויך אויף אַ פּאָליטישן שמועס וועגן וועלט־געשעענישן און אַ לעקציע מלחמה־סטראַטעגיע, פלעגן זיך יידן אַריינכאַפּן אין בית המדרש אונטערן אויוון. נישט איינמאָל פלעגט דער אַלטער בית המדרש זיין אַ זאַמל־פּונקט פאַר יידישע היימלאָזע און אַנטלאָפענע פון פּאָגראָמען און סתם געטריבענע, פון איין אָרט אויפן צווייטן, יידן אַזוי גערופענע „פּאַשעלענטשיקעס" (אַרויסגעשיקטע, איבערגעזידלטע). די אומגליקלעכע פלעגן צווישן זיך קעמפן פאַר אַ פּלאַץ ביים אויוון. און אַז דער פּלאַץ ביים אויוון איז נישט געווען פאַרכאַפּט דורך פרעמדע, פלעגט זיך שטענדיק געפונען אַן אייגענער, אַ סאַקאָלאָווער היימלאָזער ווי למשל, יידל פלינדער א. א.

דער אַלטער בית־עולם האָט זיך געפונען ביים סוף פון דער שול־גאַס, באַרג אַראָפּ ביי דער „סטריגע" (אַ קליין לויפנדיק טייכעלע מיטן נאָמען

„ציטרינא“ וואָס פלעגט אין זומער כמעט ווי אויסטריקענען. אַמייסטן האָט דאָס געניצט די בעלי־עגלות אָנצוטרינקען זייערע פערדלעך, (און די וועש־וואַשע־רינס צום „אויסקלאַפּן“ די וועש). לאַנגע יאָרן פלעגט דער אַלטער בית־עולם זיין אָפן פון אַלע זייטן, און דעריבער מיט זיין הויכן גראָז געווען אַ גוטער פלאַץ צום פּאַשען די שטאָטישע פערד און ציגן. ערשט נישט לאַנג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַדאַנק דעם וואָס דער שטאָטישער גביר בוטשע רו־בינשטיין (אָדער ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל — בוטשע „עטיק־מאַ־כער“), האָט געשענקט אַ גרעסערע סומע געלט צו דעם צוועק, איז דער אַלטער בית־עולם אַרומגעמויערט געוואָרן מיט אַ שטיינערנעם פּלויט. דאָס אויסזעען פון בית־הקברות איז געווען אינגאנצן ווילד און פאַרלאָזט. נישט געבליבן קיין סימן פון אַ קבר. עס האָבן זיך נאָר דאָרט געפונען עטלעכע אין דער ערד האַלב איינגעזונקענע פשוטע שטיינער, אויף וועלכע מען האָט שוין נישט געקאָנט מער אַראָפּלייענען קיין אויפשריפט, קיינער האָט זיך קיין מי געגעבן אָפּצוריייניקן אַזאַ שטיין פון זיין געדיכטן מאָך און אַנטדעקן אַ נאָמען, אַ דאטע, וואָס האָט געקאָנט העלפן צום פעסטשטעלן די צייט פון אַנטשטייען פון דעם יידישן ישוב אין סאָקאָלאָוו. די איינציקע באַזוכער אויף דעם בית־הקברות זענען געווען ערב תשעה־באב די חדר יינגלעך, כדי צו רייסן די האַרטע קליינע באַרנדלעך פון די ביימער און וואַרפן זיי אויף די מתפללים ביים זאָגן די קינות, אָדער פאַר די ימים נוראים פלעגן איינצלנע גיין דאָרט אויף קבר אבות, לייגן קוויטלעך אויף די קברים פון די צדיקים. (אין דער צייט פון די נאַצישע אָקופּאַנטן איז דער שטיינערנער פּלויט צענומען געוואָרן, דער גאַנצער שטח פון בית־עולם פאַראַקערט געוואָרן אַז קיין זכר זאָל מער נישט בלייבן).

נאָך דער גרויסער שריפה אין 1910 איז פון דער אַלטער שול געבליבן בלויז דער יסוד און אַ טייל פון די ווענט. אויף די דאָזיקע איבערבלייבענישן פון דער אַלטער שול האָט מען אויסגעבויט די נייע שול. צוליב דעם איז די שול אויסערלעך געווען געבויט לויט דעם אַלטן אָנגענומענעם סטיל פון בויען שולן אין פאָרם פון אַ פעסטונג: דיקע און פעסט געמויערט ווענט מיט גאַנץ קליינע פענצטערלעך, וואָס האָבן זיך געפינען הויך, כמעט אונטערן דאַך (כדי מ׳זאָל זיי נישט קאָנען לייכט צעשלאָגן און אַריין אין שול, אַ גרויסע כמעט פיר־קאַנטיקע געביידע פאַרענדיקט מיט אַ האַלב רונדיקן דאַך.

אַ ברייטער פלאַץ, ברוקירט מיט שטיינער און טראָטואר קעגנאיבער דעם אַלטן בית המדרש האָט אַרומגערינגלט די שול. דער אַריינגאַנג אין שול איז געווען פון מערב־זייט. שווערע דעמבאָווע, ברוין פּאָלירטע טירן האָבן געפירט אין פּאָליש און פון דאָרט אין שול אַריין. פון דרום־זייט האָט געפירט דער אַריינגאַנג צו דער ווייבערישער שול, וואָס האָט זיך געפונען אין דער הויך. דורך גרויסע אויסשניטן אין דער וואַנט, אָפּגעטיילט מיט הילצערנע שטאַכעטן, פלעגן די ווייבער מיטהאַלטן דאָס דאַווענען.

**אין פּאָליש האָבן זיך געפינען 2 חדרים אין וועלכע די תלמידים פון**

דער „יבנה“ שול האָבן דאָרט געלערנט אינדערוואָכן, און אין שבתים און יום־טובים — ווי אַ שולעכל פאַר די בעלי־מלאכות.

דער אריינקום פון פּאָליש אין שול אַרייַן האָט געמאַכט אַן אימפּאָזאַנטן איינדרוק. דער שיין געשניצטער ארון־קודש האָט פאַרנומען די גאַנצע הויך פון דער מזרח וואַנט. עטלעכע נישט הויכע טרעפּלעך האָבן געפירט צום ארון קודש, וואָס איז געווען פאַרהאָנגען מיט אַ שיינעם, מיט גאָלדענע אותיות געהאַפטענעם סאַמעטענעם פּרוכת. פון ביידע זייטן טרעפּ, ביים צוגאַנג צום ארון, זענען צוויי פון האָלץ געשניצטע און מיט גאָלד באַדעקטע לייבן געלעגן אויף דער וואַך פון הייליקטום.

ביידע זייטן פון ארון הקודש און איבער אים ביז כמעט אינטערן סופיט, האָבן פאָרגעשטעלט אַ קונסט־ווערק פון פאָלקסטימלעכע, הייליקע מאָטיוון; האַנט־געשניצטע אין האָלץ און גאָלד באַליישטע און אַנדערע פאַרשידענע פאַרבן, צוגעפּאַסט צום נאַטורעלן אויסזעען פון דעם געשניצטן טייל. יעדער טייל, כמעט אין נאַטירלעכער גרויס, וואָס מען האָט געקאָנט אַראָפּנעמען און צוריק אויפשטעלן אויף זיין פּלאַץ, איז געווען אַ קונסט־ווערק פאַר זיך. די לייבן, דער סמל פון גבור כאריה, דער לויפנדיקער הירש, (רץ כצבי) און דערמיט צעשפּרייטע פליגל שוועבנדיקער אָדלער — (קל כנשר), זענען געווען געשניצט כמעט אין נאַטירלעכער גרויס. פון איין זייט אין אַ ספּעציעל געשניצטן ווינקל איז געשטאַנען משה רבינו׳ס שטעקן, מיט וועלכן ער האָט באַוויזן די נסים פאַר די אויגן פון פּרעה מלך מצרים. דער שטעקן איז געווען גרעסער פון אַ מענטשלעכן וווקס, פאַרענדיקט מיט אַ קיילעכדיקן קאָפּ מיט פאַרשידענע שניצערייען. נעבן אים האָבן אַרויסגעפינקלט די אבני־חן פון אהרן הכהן׳ס חושן ואפוד און, נישט אַריינפירנדיק קיין מענטשלעך געשטאַלט, האָט דער קינסטלער מיט דעם אויסגעדריקט ביידע פאַרהייליקטע מנהיגים — משה ואהרן. פון דער צווייטער זייט איז געשטאַנען אַ געשניצטער מזבח מיטן לחם הפנים אַ באַזונדערן טייל האָבן פאַרנומען פון די שבעת המינים, די פירות מיט זייערע בלעטער און זייערע נאַטירלעכע פאַרבן, און אין אַ באַזונדער ווינקל די זיבן־רייעקע מנורה, אַ שופר, אַ לולב און אַן אתרוג — אַלץ אין דער נאַטירלעכער גרויס און פאַרב: איבערן ארון־הקודש — די שני לוחות הברית מיט די אותיות פון די עשרת הדברות, און איבער די לוחות אַ גרויסע גאָלדענע קרוין — דער כתר התורה. אַלץ צוזאַמען האָט געשאַפן אַ פּרעכטיק פאָלקסטימלעך קינסט־ווערק וואָס האָט אפילו ביי אַ נישט רעליגיעזן (אָדער אַ קריסטלעכן) באַזונדער אַרויסגערופן יראת הכבוד. אויך דער בעלעמער אין דערמיט פון דער שול, די מאָדערנע שטענדערס און בענק צום זיצן, די אַלע געמאָלטע חיות, עופות און ארץ־ישראל מאָטיוון אויף די ווענט, ווי די כותל המערבי, די מוטער רחל׳ס קבר, על נהרות בבל, און די מוסטערהאַפטע ריינקייט און אָרדענונג, האָבן געשאַפן דאָס אויסזעען פון אַ מאָדערנער שול.

די שול האָט געדינט נישט נאָר ווי אַ בית־תפילה, נאָר אויך ווי אַ

פלאַץ פאַר גרויסע יידישע פאַרזאַמלונגען וועגן פאַרשידענע קהילה׳שע ענינים. און ווען די פארוואַלטונג פון דער שול איז איבערגעגאַנגען אין ציוניסטישע הענט — אויך פאַר ציוניסטישע מיטינגען לטובת קרן־קימת און קרן־היסוד. פון דעם בעלעמער האָבן זיך אויך געלאָזט הערן שאַרפע פראָטעסט־רעדעס קעגן די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ ישראל. נאָך די רעדעס פלעגט דער גאַנצער פיל־קעפּיקער פאַרזאַמלטער עולם אַרויס מיט אַ דעמאָנסטראַציע איבער די גאַסן, מיט אויסרופן קעגן די פאַרברעכערישע הענט וואָס פאַרגיסן יידיש בלוט אין ארץ־ישראל, ביז די פאָליציי פלעגט צוטרייבן די דעמאָנסטראַציעס.

לאַנגע יאָרן האָבן די סאָקאָלאָווער יידן געזאַמלט געלט און געבויט זייער שול. יעדער שטאָטישער עסקן, אָנהויבנדיק פון הערשל גרינבערג, דעם יידישן סעקרעטאַר פון דעם דייטשישן בירגערמייסטער אין סאָקאָלאָוו אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכער האָט פיל מיטגעהאָלפן דער קהלה פאַרוואַלטונג ביים שאַפן דעם פּרעכטיקן, קונסט־געשניצטן ארון קודש און אַליין געשענקט פאַר דער שול דעם גרויסן מעשענעם הענגלייכטער פון סופיט ביזן באַלעמער, און ענדיקנדיק מיט דעם לעצטן ענערגישן גבאי פון דער שול, יבדל לחיים דעם ציוניסטישן עסקן, בנימין רובינשטיין, האָט יעדער זיך באַמיט אויסצוענדיקן און פאַרשענערן די שול. עס האָבן זיך ווירקלעך געמעגט די סאָקאָלאָווער יידן גרויס האַלטן מיט זייער שול וואָס איז געווען אַן אויסנאַם אין די קליינע פוילישע שטעטלעך, און — פון די געציילטע אין גאַנץ פוילן.

עס האָט זיך געטראָפן אַז די יידישע גאַסן אין סאָקאָלאָוו פלעגן פאַרקלינגען ווערן מיט געזאַנג און יידישע כלי־זמר מוזיק, ווען דער עולם אַ צעשטראַלטער אין רעליגיעזן עקסטאַז, האָט געפירט אונטער דער חופה אַ נייע, מיט אַ קרויז באַפּוצטע ספר־תורה אין שול אַריין. פרומע ווייבער האָבן געניית און געהאָפטן מיט גאָלדענע פעדים דאָס מענטעלע; אַ שטאָטישער גביר האָט געשענקט די עץ־החיים׳ס און עמך האָט געקויפט אַן אות אָדער אַ שטאָך ביים צונויפנייען די יריעות.

און ווער איז דאָס נישט געגאַנגען זען די הקפות שמחת־תורה אין דער גרויסער שול? אפילו די „פרייע״ פלעגן זיך שטופן אין דער ענגשאַפט, כדי צו כאַפּן אַ בליק אויף די טאַנצנדיקע יידן מיט די ספרי תורה אויף די הענט. אין שפּיץ זענען געגאַנגען די שיינע בעל־הבתים פון שטעטל וואָס האָבן באַקומען די מיוחס׳דיקע הקפות. נאָך זיי איז געגאַנגען עמך מיט די עוזר־דלים הקפות, און צום סוף פלעגן נאָכגיין די קינדער מיט די שמחת תורה פענער מיט די אָנגעצינדענע ליכטלעך, איינגעשטעקט אין די רויטע עפּל אויף די שטעקעלעך פון די פענער. פון די שמחת תורה׳דיקע הקפות האָבן באַזונדערס שטאַרק געהאַלטן די שטעטלדיקע טרעגערס, בעל־עגלות און סתם „ווילע־יונגען״. דאָס איז געווען פאַר זיי די איינציקע געלעגנהייט צו זיין אַזוי נאָענט פון אַ ספר תורה, און פון סאָקאָלאָווער רבין וואָס פלעגט קומען אין שול

אַריין צו די הקפות. פלעגן זיי טאַקע כאַפּן די תּורה מיט זייערע שטאַרקע, האָרעפּאַשנע הענט, אויסקלויבן ספּעציעל די גרויסע און שווערע תּורה׳ס, און טאַנצן מיט זיי, פילן זיך מיט דער תּורה היימיש, אַזוי ווי מיט אַ גוטן ברודער, נישט וועלן איר אַרויסלאָזן פון דער האַנט און אַריינכאַפּן נאָך אַ הקפה.

דער אַלטיטשקער בן־ציון דער גרייז־גרויער שמש פון דער שול, פלעגט דאַן מוזן מאַכן אָרדענונג און הייסן אַוועקגעבן די תּורה אַ צווייטן, וואָס האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף זיין ריי. און פאַר בן־ציון שמש האָט מען דרך־ארץ געהאַט. וועגן אים האָבן דערציילט די חדר־יינגלעך, אַז ער איז דער איינציקער, וועלכער האָט נישט קיין מורא פאַרביי צוגיין דער שול נאָך חצות. מען האָט דערציילט אַז איינמאָל, שפּעט אין אַ ווינטערדיקער פרייטיק־צו־נאַכטס,



בן־ציון שמש

האָט ער, גייענדיק פאַרביי דער שול, געהערט ווי מען רופט אים אויף צו דער תּורה. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז דאָס זענען געקומען זוכן אַ תּיקון די אומגליקלעכע „גלגול־נשמות", וואָס צוליב זייערע עבירות אויף דער וועלט האָבן זיי נישט קיין רו און קיין מקום אויף יענער וועלט. בן־ציון שמש האָט זיך נישט דערשראָקן, צוגעגאַנגען צו דער טיר פון שול, אָנגעקלאַפּט מיט זיין שווערן שטעקן, און אויסגערופן דריי מאָל אויפן קול: „מתים, אין אייער רו אַריין!" נאָכדעם אָפּגעזאָגט עטלעכע פּסוקים פון קריאת שמע, ס'איז שטיל געוואָרן אין דער שול... מען האָט אים מער נישט אויפגערופן צו דער תּורה און בן־ציון שמש איז נישט געניזוקט געוואָרן.

אין אַלגעמיין האָט דער ערשטער אָנבליק פון שטעטל נישט געמאַכט

קיין שלעכטן איינדרוק בעיקר דער צענטער. די וועלכע האָבן געקענט דאָס אויסזעען פון סאָקאָלאָוו אין דער צייט פון דער צאַרישער מאַכט, האָבן גוט געזען די ענדערונג און דעם פּראָגרעס וואָס סאָקאָלאָוו האָט אַדורכגעמאַכט אויף אַלע געביטן אין משך פון די עטלעכע צוואַנציק יאָר צווישן בײדע וועלט־מלחמות. נאָך דער גרויסער שריפה אין יאָר 1910, האָבן זיך אויסגעבייט צוויי פּאַראַלעל גלייכע גאַסן מיט שטאָקיקע געמויערטע הייזער. די מאַרק פּלעצער, ווי אויך די צענטראַלע גאַסן, זענען געוואָרן אויסברוקערט מיט פּשוטע פעלד־שטיינער („קעצישע־קעפּ") וואָס זענען פאַרשטענדלעך נישט געווען אַזוי שיין ווי אַספאַלט־רטע גאַסן, אָבער אַ דאַנק דעם האָט מען אין סאָקאָלאָוו אין די לעצטע צייטן נישט געליטן זומער פון שטויב און ווינטער פון — בלאָטעס. ביי די זייטן פון די הייזער און געשעפטן זענען געלייגט געוואָרן ברייטע טראָטואַרן. די גאַסן זענען יעדן טאָג געוואָרן געקערט, און די ריינקייט פאַר די הייזער און געשעפטן איז, אונטער דער דראָונג פון געלט־שטראָפן, געוואָרן שטרענג אָפּגעהיטן. ביינאַכט איז דאָס שטעטל באַלויכטן געוואָרן מיט עלעקטרישע גאַסן־לאָמפּן. פאַרשטענדלעך אַז די הינטער־גאַסן, ווו די אָרימע יידישע באַפעלקערונג האָט געוווינט, זענען נישט געווען אַזוי אָפּגעהיטן. די האַלב איינגעפאַלענע, הילצערנע הייזלעך, וואָס די שריפה האָט נישט אָנגערירט, און די „הייף", פלעגן נאָך זיין געגנוג שמוציק. קיין קאַנאַליזאַציע איז אין סאָקאָלאָוו נישט געווען. וואַסער פלעגן די וואַסער־טרעגערס טראָגן אין די גביר'ישע הייזער, און די אָרימעלייט פלעגן אַליין שלעפּן דאָס וואַסער פון די ברונעמס אין שטוב אַריין. די „פּאָמיעס", די שמוציקע וואַסערן, און אַנדערע אומריינקייטן זענען אַרויסגעגאָסן געוואָרן אין די הייף. אַ סך יידישע קינדערלעך אין סאָקאָלאָוו פלעגן אַרומגיין מיט בלייכע פּנים'לעך און קרומע פיסלעך. און דער „טאָז", די יידישע געזונדהייט־אינסטיטוציע, האָט נאָך געהאַט פיל אויפצוטון אויפן געביט פון סאַניטאַרע הילף פאַר די יידישע באַפעלקערונג אין סאָקאָלאָוו.

עקאָנאָמיש האָט סאָקאָלאָוו זיך ווייניק אַנטוויקלט. אַ חוץ די צוקער פאַבריק „עלזשביעטאָוו", אין וועלכע, דרך אגב, קיין יידישער אַרבעטער האָט נישט געהאַט קיין דריסת הרגל, האָט סאָקאָלאָוו נישט פאַרמאָגט קיין שום אינדוסטריעלע אַנשטאַלטן וואָס זאָלן באַשעפטיקן אַרבעטער און העלפן צו דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון שטעטל. די יידישע באַפעלקערונג, איז די מערהייט אין שטעטל, באַשטאַנען פון האַנדווערקער און סוחרים. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס שטעטל עקאָנאָמיש געווען אינגאַנצן רוינירט. די אַזוי גערופענע באָלשעוויסטישע אינוואַזיע (1920—21) האָט אויך נישט ווייניק רויִנירט די באַפעלקערונג. די יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט שטענדיק מער אָפּעריִרט מיט געלט ווי מיט אומבאַוועגלעכע גיטער, איז צוליב דער דעמאָלדיקע וואַלוטע־אינפלאַציע שטאַרק פאַראָרימט געוואָרן...

צו דער צייט דאַטירט זיך דער סאָקאָלאָווער הילפס־קאָמיטעט. אַדאַנק דער הילף פון אַמעריקאַנער „דזשוינט" האָט זיך אין סאָקאָלאָוו געעפנט אַ קוד,

וואָס האָט דריי מאָל אין טאָג אויסגעטיילט וואַרעם עסן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. לאַנגע רייען פלעגן זיך אויסשטעלן ביי דער קוך ביים אַלטן בית־מדרש, ספעציעל קינדער, וועלכע האָבן פאַרטרעטן די שעמעוודיקע עלטערן, פלעגן שטיין מיט די טעפלעך און שיסעלעך אין די הענט און געדולדיק וואַרטן ביז זיי האָבן באַקומען דאָס ביסל וואַרעמע עסן און שנעל מיט דעם אַהיים לויפן.

ביסלעכווייז האָט זיך די לאַגע סטאַביליזירט. די נייע פוילישע זלאָטע איז געוואָרן אַ גוטע מטבע. די סאָקאָלאָווער שוסטערס און פעלצנמאַכערס האָבן געהאַט אַ סך אַרבעט, ווייל מען האָט דעמאָלט געליפערט שטיוול און פעלצן קיין רוסלאַנד.

די יידישע ליי־און שפּאָרקאַסע האָט געהאָלפן אַ יידישן בעל־מלאכה מיט אַ קליינע הלוואה צו קויפן אַ ביסל סחורה אָדער אַ נײ־מאַשין צו דער אַרבעט. אָבער די פרנסה איז ביי דעם רוב פון זיי קיינמאָל נישט געווען בשפע. פלעגן טאַקע יונגע בעל־מלאכה׳שע יינגלעך אַנטלויפן אין די גרויסע שטאָט אַריין — דער עיקר קיין וואַרשע פאַרפולקאָמען זיך אין פאַך, און געווען גליקלעך אַז עס איז זיי געלונגען דאָרט צו בלייבן אַרבעטן.

נישט בעסער האָט אויסגעזען דער יידישער האַנדל אין סאָקאָלאָוו. טראָץ דעם, וואָס דער האַנדל אין שטעטל איז ביז די לעצטע צייט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געלעגן כמעט אויסשליסלעך אין יידישע הענט, איז דאָס איז גרעסטן טייל געווען בלויז קליין־האַנדל, און די פרנסה בדחקות. אַ חוץ איינצלנע גרעסערע געשעפטן פון מאַנופאַקטור און שפּייז וואָס האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט, האָט דער גרעסטער פּראָצענט פון די יידישע קרעמער קוים געקאָנט עקזיסטירן.

דער יידישער הענדלער האָט געצויגן זיין פרנסה מייסטן פון דעם פוילישן פויער פון די אַרומיקע דערפער, וועלכער פלעגט קומען אין שטאָט אַריין פאַרקויפן זיינע דאָרפישע פּראָדוקטן און איינקויפן אַלץ וואָס ער האָט געדאַרפט פון שטאָט. אין סאָקאָלאָוו האָבן יידישע קרעמערס געוואַרט אַ גאַנצע וואָך מיט אומגעדולד אויפן דאָנערשטיקן מאַרק־טאָג און געבעטן גאָט, עס זאָל דעמאָלט נישט זיין קיין רעגן, און דער האַנדל זאָל נישט פאַרשטערט ווערן. דאָס איז געווען דער טאָג פון פדיון, ווען די פויערים פון די דערפער פלעגן זיך צונויפפאָרן מיט זייערע פערד און וועגענער און אויסשטעלן זיך אויפן גרויסן מאַרק־פלאַץ אין צענטער פון שטעטל. אַרום דעם דאָזיקן פלאַץ האָבן זיך קאָנצענטרירט די יידישע געוועלבער און סטראַגאַנעס. געווען זענען די דאָזיקע געוועלבער דאָס אייגנטום פון פריץ הירשמאַן. די יידן האָבן די געוועלבער ביי אים געפאַכטעט, געצאָלט דירה געלט, געליטן פון דעם פריץ׳ס ווילדע קאַפריזן און געווען שטענדיק באַדראָט מיט עקסמיסיע. אין די מאַרק־טעג פלעגן די קרעמער ביי די געוועלבער אויפשטעלן קליינע איינלייג־טישלעך (שטעלעס׳ מיט שטיקלעך שניט־סחורה, ביליקע לייוונט און קאָלירטע „ציצן־שטאָף אויף

קליידלעך פאַר דאָרפישע פויערטעס, גאַלאַנטעריע אַרטיקלען, אַ נאָדל־פּאָדעב, קנעפּלעך, קאַמעלעך און שפּילקעס צו די האָר און אויך אַ שטאבע זייף. די סוחרים פון די „טישלעך" פלעגן זיך אַ גאַנצן טאָג קריגן צווישן זיך, צוליב קאָנ־קורענץ; שלעפּן דעם קונה ביי די פּאָלעס יצו זיין „שטעל" און איינרעדן אים אַז ביי אים איז ביליקער און בעסערע סחורה. שוין מיטוואָך אויף דער נאַכט האָבן זיך יידישע קרעמער געגרייט צום מאָרגנדיקן מאַרק־טאָג, געלאָפן באָרגן אַ גמילות חסד אַריינצונעמען איין געוועלב אַ ביסל מער סחורה.

די ערשטע דאָרפישע וועגענער פלעגן אָנקומען אין שטאָט אַריין גלייך מיטן פרימאָרגן. אויף די וועגענער האָט זיך געפונען פון כל־טוב. גרויסע זעק מיט פאַרשידענע תבואות און מילך פּראָדוקטן — ווייסע קעזלעך, גרויסע גאָ־מולקעס פּוטער, זויער־מילך און סמעטענע, ווי אויך עופות און אייער. אויף אַ טייל פירלעך זענען געלעגן געבונדענע קעלבלעך, אָדער אַ בהמה האָט זיך נאָכגעשלעפּט אויפן שטריק, צוגעבונדן צום וואָגן. דער רעש אויפן מאַרק איז געווען גרויס: דאָס מעקן פון די בהמות, דאָס הירזשען פון די פערד, דאָס קרייען פון די הענער און די קולות פון קויפער און פאַרקויפער האָבן אָנגעפילט דאָס שטעטל מיט ליארם און געפילדער ביז צום פאַרטויבט ווערן. דאָס זענען אָבער געווען קולות וואָס האָבן דעם יידישן קרעמער אָנגעפילט מיט פרייד און צוגעזאָגט פרנסה. מאָרגן איז דאָך פרייטיק, און פון אַ מאַרק־טאָג איז דאָ פיש און פלייש אויף שבת.

די ערשטע אויפקויפער, וועלכע פלעגן זיך באַווייזן אויפן מאַרק צווישן די פויערישע וועגענער, זענען געווען די יידישע תבואה־הענדלער. ווי נאָר זיי האָבן דערזעען אַ זאַק אויף אַ וואָגן, האָט מען אים אַ טאַפּ געטון און גלייך דערקענט וואָס עס געפינט זיך דאָרט. געדינגען זיך אַ ביסל און אַדורכגעקומען, אַ כאַפּ געטון דאָס זעקל אויף די פּלייצעס און געלאָפן צוזאַמען מיטן פויער צו די רובינשטיינס אין שפּייכלער אַריין, אָפּוועגן דעם זאַק, באַצאָלט דעם פויער און גלייך געכאַפּט אַ זלאָטע פאַרדינסט און — ווידער אַרויס אויפן מאַרק.

די יידישע קצבים פלעגן אַרומגיין צווישן די וועגענער און באַקוקן די בהמות. אַן אָרימער קצב פלעגט זיך באַגנוגענען מיט קויפן אַ קעלבל. די רייכע קצבים פלעגן אויפקויפן די גרויסע בהמות. נאָכן אַרומקוקן און באַטאַפּן די בהמה פון אַלע זייטן, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס דינגעניש מיטן פויער וועגן פּרייז, איינער דעם צווייטן געקלאַפּט אין די דלאָניעס און יעדער קלאַפּ האָט באַדייט אַ צוגעלייגטע אָדער אַראָפּגעלאָזטע זלאָטע. און אַז מען איז דורכגע־קומען מיטן פּרייז, פלעגן ביידע צדדים, צומאָל אויך אַ דריטער צד, אַ מעקלער וואָס האָט געהאָלפן פאַרענדיקן דעם מסחר און כאַפּן אַ פאַרדינסטל מעקלער־געלט, אַריינגיין צום „גרינעם" אין שענק אַריין, אויסטרינקען אַ גלעזל ניינציקער און פאַרבייסן מיט אַ הערינג. דער פויער פלעגט באַקומען זיין געלט און די בהמה פלעגט גלייך אַוועקגעפירט ווערן אין שעכט־הויז אַריין.

אַ ספּעציעלער סאָרט אויפקויפערס זענען געווען די ווייבער, די אַזוי־

גערופענע „פשעקופקעס״ וואָס פלעגן זיך אַרויסלאָזן צווישן די פויערישע ווע־גענער אויפצוקויפן עופות, פוטער און אייער. אפילו פון וואַרשע פלעגן צו די מאַרק־טעג אַראָפּקומען פשעקופקעס אויסצוקאָנקורירן די פּראָדוקטן און נישט דער־לאָזן די היימישע אויפקויפעריגס צו פאַרדינען אַ גראָשן. דעמאָלט פלעגט פאָר־קומען אַ ביטערער גראַנגל צווישן די ווייבער. די פויערטעס פלעגן צוריק באַ־האַלטן די סחורה אין קויש אַריין און באַלד פאָדערן אַ גרעסערן פרייז.

עס איז נאָך קיין האַלבער טאָג נישט פאַריבער און די פויערישע פירלעך זענען שוין געוואָרן ליידיק, אָפּגעלייזט געלט פאַר די געברענגטע דאָרפישע פּראָדוקטן, פלעגט זיך דער פויער אַרויסלאָזן איבער די געוועלבער איינקויפן די נויטיקע פאַר אים און פאַר זייןווירטשאַפט זאכן. יעדער פויער האָט שוין געהאַט זיין באַקאַנט יידיש געוועלבל, ווו ער פלעגט קויפן. אפילו שפעטער ווען עס האָבן זיך אין סאָקאָלאָוו געעפנט קריסטלעכע געשעפטן, האָט אויך דער פשוטער פויער גיכער געקויפט ביים ייד. ביים ייד פלעגט ער די סחורה באַ־קומען ביליקער, ווייל דער יידישער קליינשטעטלדיקער סוחר האָט זיך אויס־געשטעלט אַ מינימום פאַרדינסט, כדי ער זאָל קאָנען בלויז עקזיסטירן. אין יידישן געוועלבל האָט זיך אויך דער פויער געפילט בעסער, ער האָט זיך געקאָנט דינגען, אַמאָל אויסטוישן די סחורה און בכלל געהאַט מער צוטרוי צו זיין באַקאַנטן ייד ווי צו דעם ניי אויפגעקומענעם „פאַטריאָטישן סוחר״. אפילו אין די צייטן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, די צייטן פון אָפּענעם בויקאָט און פּיקעטירן די יידישע געשעפטן, פלעגט נישט איין פויער זיך איינשטעלן פאַרשריגן צו ווערן אַלס פאַרעטער און יידישער „פּאַכאָלעק״, און אַריינגיין אין אַ יידיש געשעפט קויפן. אָבער דאָס זענען שוין געווען איינצלנע געציילטע.

דער עקאָנאָמישער בויקאָט, אינספּירירט און געשטיצט דורך די פוילישע רעגירונגס־קרייזן פון דער אַזויגערופענע „אָווושעם פּאָליטיק״, האָט דעם יידישן סוחר געגנצלעך רויִנירט און צוגענומען פון אים דעם ביסן ברויט פון מויל. נאָך פאַר דער אָפיציעלער היטלער־אָקופּאַציע פון פוילן אין סעפּטעמבער 1939 איז שוין פוילן געווען אינגאַנצן באַהערשט פון דער היטלעריסטישער אַנטי־סעמיטישער העצע. ערב דעם מלחמה־אויסברוך האָט פוילן נישט געזען קיין שום גרעסערע געפאַר פאַר איר זעלבסטשטענדיקייט ווי... דעם יידישן האַנדל. די סאָקאָלאָווער דאָנערשטיקע מאַרק־טעג, די טעג פון האַנדל און פּרנסה, זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טעג פון אַנטי־יידישע העצע און אַנטיסעמיטישע אויס־ברוכן און דער גרויסער מאַרק — אין אַ שוי־פּלאַץ פון פּאָגראָמירטע יידישע געשעפטן, צעבראָכענע און איבערגעדרייטע טישלעך און צעהאַקטע יידישע קעפּ. צוזאַמען מיט דאָרפישע פויערים, וועלכע זענען געקומען די לעצטע צייט צו די מאַרק־טעג, פלעגן אויך אָנקומען אין שטעטל אַריין די ענדעקישע „באָ־יוווקעס״ מיט שטעקנס אין די הענט און גענומען זיך צו דער הייליקער פּאָג־ראָם־מלאכה. איין טייל פון די „באָיוווקאַזשעס״ האָבן פאַרנומען די פּיקעטן־

פאָסטנס ביי די יידישע געשעפטן און נישט אַריינגעלאָזט קיין קריסטלעכן קונה. אַ צווייטער טייל פון די „כלאָפּצעס" האָבן פאַרטיילט אַנטי־יידישע אויפרופן צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג — אויפרופן וואָס האָבן געטריפט מיט סם פון ווילדעסטן, זאָאָלאָגישן יידן־האַס.

סאָקאָלאָוו האָט פאַרמאָגט דרייסטע ייִנגלעך, וועלכן זענען גרייט געווען זיך קעגנשטעלן און פאַרטיידיקן יידישע לעבנס און יידיש האָב־און־גוטס. עס איז נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע גרופן, אָבער ווי אויפן רוף זענען אַרויס אויף דער גאַס עמך, שער און אייזן געזעלן, יידישע בעלי־עגלות, קצבים און טרעגערס. בראש פון זיי האָט זיך געשטעלט דער באַקאַנטער אין סאָקאָלאָוו „ווילער־יונג" חיימקע פאָשעלענטשיק. ווער מיט אַ שטיק אייזן, ווער מיט אַ שטעקן אָדער אַ שטיין אין דער האַנט, האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום מאַרק־פלאַץ. צו קיין גרויסן פאַרמעסט איז נישט געקומען. עס איז גענוג געווען די ערשטע געשפּאָלטענע קעפּ פון עטלעכע פוילישע כוליגאַנעס און די ענדעקישע „העלדן" האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקצוציען.

אין אָנהויב, ווען די כוליגאַנעס האָבן געבושעוועט, האָט מען די פּאָליציי נישט געזען, און יעצט האָט זי זיך גלייך באַוויזן און זיך גענומען מאַכן „אָרדענונג". זי איז חס־ושלום נישט געקומען צו הילף די צעראַביִרטע און צעשלאָגענע יידן און אַרעסטירט די אָנפאַלערס, די פּאָליציי האָט זיך געלאָזט יאָגן נאָך די יידישע פאַרטיידיקער. קעגן דער פּאָליציי איז, פאַרשטענדלעך, נישט געווען קיין צוועק צו קעמפן, און קיינעם פון די יידישע בחורים האָט זיך נישט פאַרגליסט אַריינצופאַלן אין זייערע הענט. זענען זיי זיך צעלאָפן און אויסבאַהאַלטן ווי איינער האָט נאָר געקאָנט, נישט אַזוי פאַר די כוליגאַנעס, ווי פאַר די אָרדנונגס־היטער. חיימקע האָט זיך אַ לענגערע צייט געמוזט אויסבאַהאַלטן ווייל די פּאָליציי האָט אים געזוכט.

פאַרשטענדלעך, אַז דער מאַרק־טאָג איז שוין געווען אַ פאַרלוירענער, די פויערים זענען שנעל אַוועק פון מאַרק־פלאַץ און צוריקגעפאָרן אין די דערפער. אַ טייל יידישע געוועלבער האָבן זיך נאָך שפּעטער צוריק געעפנט, אָבער קיין קונים זענען שוין נישט געקומען. דער יריד, וואָס האָט זיך געשטעלט אַזוי שיין און צוגעזאָגט אַ ביסל פרנסה, האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פּאָגראָם אויף יידן.

דער יידישער סענאַטאָר טראָקנהיים, וועמען מען האָט ספּעציעל פאַרבעטן, ער זאָל בייזיין אין סאָקאָלאָוו אַ דאָנערשטיקן מאַרק־טאָג און זען וואָס די ענדעקישע „באָיוווקאַזשעס" טוען, איז דורך זיי באַליידיקט און באַוואָרפן געוואָרן מיט שטיינער. די אָרטיקע פוילישע מאַכט האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נויטיק צו פאַרהאַלטן די כוליגאַנעס, נאָר געראַטן דעם סענאַטאָר צו פאַרלאָזן דעם פלאַץ.

סאָקאָלאָוו האָט זיך אײגנטלעך שטענדיק געקאָנט באַרימען מיט אירע אַנטיסעמיטן. אין שטאָט איז קיינמאָל נישט געווען קיין צוזאַמענאַרבעט צווישן

דער ייִדישער און קריסטלעכער באַפעלקערונג. אָפיציעל זענען ייִדישע ראַט־מענער געווען פאַרטרעטן אין שטאָט־ראַט. די ערשטע צייט — מער, ווייל די ייִדן זענען שטענדיק געווען די מערהייט אין שטאָט; שפּעטער — ווייניקער, ווייל די אָרטיקע מאַכט האָט אויף אַ קינסטלעכן אופן געשאַפן אַ קריסטלעכע מערהייט אין שטאָט דורכן פאַראייניקן די נאָענטע אַרומיקע דערפלעך מיט זייער ריין קריסטלעכע באַפעלקערונג צו דער שטאָט. צו די פאָדערונגען פון די ייִדישע ראַטמענער האָט מען זיך קיינמאָל נישט באַצויגן ערנסט. אָפטמאָל פלעגן די ייִדישע פאָרשטייער אין שטאָט־ראַט זיין אַן אָביעקט פון פאַרווילונג און חוזק, מצד זייערע פוילישע בייזיצערס.

אפילו אין די רויקסטע צייטן האָט אַ ייִד נישט געקאָנט זיין זיכער אויף אַ שפּאַציר אויסער די ריין ייִדישע גאַסן. גאַנץ אָפט, ווען אַ ייִדיש שפּאַצירנ־דיק פּאָרל האָט זיך געוואָלט אַ ביסל מער אָפּזינדערן פון זייטיקע עדות איז אַוועקגעשפּאַצירט אין אָוונט אַ ביסל ווייטער הינטערן שטאָט, אויפן קופּיענ־טינער אָדער ווענגראָווער שאָסיי, פלעגן זיי פון די פוילישע כוליגאַנעס באַ־ליידיקט און צעשלאָגן ווערן און דער ראָמאַנטישער שפּאַציר האָט זיך געענ־דיקט מיט פּאַרדרוס און ווייטיק.

געווען איז סאָקאָלאָוו באַשאָנקען מיט צוויי סאָרטן כוליגאַנעס: די אַזוי־גערופענע „גלינקאַזשעס“ — דאָס זענען געווען אַ באַקאַנטע חברה אונטער־וועלטניקעס, פערד־גנבים, פּרעטענסיע־נעמער און סתם שלעגער. צעשפּאָלטן אַ ייִד דעם קאָפּ איז גלאַט געווען אַ ספּאָרט. דאָס איז אָבער געווען אַ קליינע גרופּע, מיט וועלכע מ׳האָט זיך געקאָנט אַן עצה געבן, אפילו מיט ׳ טרינק־בראָנפן האָט מען זיי געקאָנט איבערקויפן. ערגער זענען געווען די „באָהאָסט־זיניקע“ כוליגאַנעס, די אידעישע אַנטיסעמיטן — די מיטגלידער פון דער פוילישער אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיטישער פּאַרטיי „נאַראָדאָווא דעמאָקראַ־טיא“ („ענדעקעס“ — אין דער צייט פון דער היטלער אָקופּאַציע זענען זיי געווען די געטרייעסטע צוהעלפער פון די דייטשן און די גרויזאַמסטע מערדערס פון די ייִדן).

* * *

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די מערב־קולטור האָט זיך מיט צאַרישער אָקופּאַציע כמעט נישט געוווּסט פון קיין אָפיציעלע שול אָדער אַלגע־מיינע בילדונג. אויף דעם געביט האָט אויף דער ייִדישער גאַס געהערשט דער חדר און די ישיבה. אין חדר פלעגט פון צייט צו צייט אַריינקומען אַ לערער אויסצולערנען די חדר־ייִנגלעך אַ ביסל רוסיש, דער עיקר דעם דריי־גאָרנדיקן טיטל פון רוסישן צאַר.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די מעריב־קולטער האָט זיך מיט שטורם אַריינגעריסן אין די אָפּגעשטאַנענע, פוילישע שטעטלעך, האָט זיך אויך

אין סאָקאָלאָוו דערפילט אַן ענדערונג צום בעסערן אויף אַלע געביטן פון קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. די מעגלעכקייט פון אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און לעגאַלע פּאַרטייען, האָט דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן געגעבן אַ גרויסן שטויס פאָרויס. אויב אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אויף דער יידישער גאַס אויפן פּאַרטייאיש געזעלשאַפטלעכן געביט געהערשט כמעט אויסשליסלעך דער „בונד“ מיט זיין העראָישן קאַמף קעגן דער צאַרישער מאַכט, איז נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע אין 1917 געקומען די אויפבליונג פון דער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אַזוי ווי אין אַלע שטעט אין פוילן, האָט זיך אויך אין סאָקאָלאָוו אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די ציוניסטישע פּאַרטייען אין אַלע אירע שאַטירונגען — פון דער רעליגיעזגעשטימטער „מזרחי“ און די „בני עקיבא“, „אַלגעמיינע ציוניסטן“ ביז די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען „פּועלי־ציון“, רעכטע און לינקע מיט זייערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „צעירי־ציון“, חלוצישע גרופּירונגען, ספּאָרט אָרגאַניזאַציעס „הפועל“ און דעם „השומר הצעיר“; אין אָנהויב, די ערשטע אויף דער יידישער גאַס סקויטן־אָרגאַניזאַציע, און שפּעטער — די ערנסטע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע און חלוצישע יוגנט־באַוועגונג. די דאָזיקע אַלע פּאַרטייען האָבן אויסער זייער פּאַרטייאישע אַרבעט, אויך אָנגעפירט אַ פאַרצווייגטע קולטורעלע און דערציערישע אַרבעט, דראַמאַטישע קרייזן און ביבליאָטעקן.

אויך אויפן געביט פון שול־וועזן זענען די פּאַרטייען געווען טעטיק. דעם ערשטן פּרוּוו אויף דעם געביט האָט געמאַכט די „פּועלי־ציון“ פּאַרטיי נאָך פאַר דער שפּאַלטונג אויף רעכטע און לינקע. די פּאַרטיי האָט געגרינדעט די ערשטע קלאַסן פון אַ פאָלקס־שול מיט יידיש אַלס אונטעריכטס־שפּראַך. נישט האָבנדיק די נויטיקע געלט־מיטלען אויסצוהאַלטן די שול, האָט דער דראַמאַטישער קרייז ביי דער דאָזיקער פּאַרטיי צו דעם צוועק געגעבן ספּעציעלע פאָרשטעלונגען. פאַרשטענדלעך, צוליב די מאַטעריעלע שוועריקייטן, און דער עיקר צוליבן שפּאַלטן זיך פון דער פּאַרטיי, איז די שול אונטערגעגאַנגען. מיט דער שפּאַלטונג פון דער „פּועלי־ציון“ פּאַרטיי, האָט זיך אויך צעטיילט די גרויסע צו יענער צייט „שלום־עליכם“ ביבליאָטעק, ביי דער לינקער „פּועלי־ציון“ האָט זיך געגרינדעט די „באָראָכאָוו ביבליאָטעק“, און ביי די רעכטע — די „ברענער ביבליאָטעק“.

עס איז אויך געווען אַ פּרוּוו פון שאַפן אין סאָקאָלאָוו אַ פּרעבל־שול — אַ גן־ילדים מיט העברעיש אַלס אונטעריכטס־שפּראַך. אָבער טראָץ דער עקשנות פון עטלעכע ציוניסטישע עסקנים, וועלכע האָבן אַליין מאַטעריעל כמעט אויסגעהאַלטן דעם גן, האָט ער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן און געמוזט זיך ליקווידירן. צום בעסטן האָט זיך אויסגעהאַלטן דער „חדר מזרחי“, וואָס האָט, אויסער די טראַדיציאָנעלע חדר לימודים, אויך איינגעפירט וועלטלעכע לימודים און ספּעציעל העברעיש. די „אגודת־ישראל“ האָט געהאַט איר „בית יעקב“ שול. דער „תלמוד־תורה“ חדר האָט, וועלנדיק מיטגיין אַ ביסל מיט דער צייט, אויך איינ־

געפירט אַ ביסל וועלטלעכע לימודים, אָבער דאָס איז נאָר געווען, כדי פאַר דער מאַכט צו ווייזן אַז די חדר־יינגלעך לערנען זיך פויליש און זיי דאַרפן נישט גיין אין דער אַלגעמיינער שול לויטן געזעץ פון צוואַנג־בילדונג.

אָבער אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען אין סאָקאָלאָוו איז שוין געווען די „פּאָוושעכנע שקאָלע" — די פּוילישע שול פאַר יידישע קינדער, האָט נאָך גאַנץ לאַנג אויף דער יידישער גאַס געהערשט דער טראַדיציאָנעלער חדר. אין דער שקאָלע זענען אין אָנהויב געגאַנגען בלויז מיידלעך, און די בחורים — נאָר אין חדר און אין דער ישיבה. מער פאָרגעשריטענע עלטערן האָבן צו זייערע זין געהאַלטן פּריוואַטע לערערס און זיי געלערנט וועלטלעכע בילדונג אין שטוב, אָבער דעם גאַנצן איבעריקן טאָג — אין דעם טיפּיש קליינשטעטלדיקן חדר

געווען זענען אויך חדרים, די אַזויגערופענע „תלמוד תורה". קיין גרויסער אונטערשיד צווישן „תלמוד תורה" און פּריוואַטן חדר איז נישט געווען. דער זעלבער מלמד און די זעלבע תורה. די פּוילישע מאַכט האָט אפילו געצוווּנגען מען זאָל דאָרט לערנען אַ ביסל פּויליש, אָבער די דאָזיקע לערע האָט אויסגעזען ווי די רוסישע לעקציעס אין די חדרים פאַר די צאַרישע צייטן. דער איינציקער אונטערשיד צווישן „תלמוד־תורה" און פּריוואַטן חדר איז באַשטאַנען אין דעם וואָס דאָס לערנען איז נישט געווען אין די פּריוואַטע וווינונג פון רבין, די חדר יינגלעך פלעגן זיך כאָטש נישט געפינען צוזאַמען מיטן רבינס בני־בית: נישט אויסהערן די קולות פון די רביצן און דאָס וויינען פון די קינדער. דער רבי איז אָבער ס׳רוב געווען דער זעלבער בייזער ייד, אַ כעסן, וועלכער פלעגט די גאַנצע פאַרביטערטקייט פון זיין אייגן פאַרפינצטערט לעבן ביי יעדער געלעגנהייט אויסגיסן אויף די קעפּ פון די חדר־יינגלעך און די תלמידים פלעגן אים, פאַרשטענדלעך, אָפּצאָלן מיט דעם זעלבן אויף זייער שטייגער.

געווען איז אויך אין סאָקאָלאָוו אַ רבי, וועלכער האָט זיינע תלמידים קיינמאָל נישט געשלאָגן. מיט זיינע וווּנדערבאַרע מעשהלעך פלעגט ער אויסטייטשן דעם חומש, מיט זיין זויבער האַלטן זיך און טאַקטישן באַגיין, האָט ער געוווּנען די הערצער פון זיינע תלמידים. געווען איז דאָס בן־ציון, דער שמש פון דער גרויסער שול. ער איז נישט געווען קיין אָפיציעלער מלמד — ער האָט נאָר געהאַלטן עטלעכע יינגלעך, וואָס האָבן די ערשטע אָנגעהויבן שפּעטער צו לערנען אין די פאָלקס־שול און, כדי נישט איבערצורייסן מיט איינמאָל מיטן חדר.

די צייט איז רייף געוואָרן פאַר אַן אַלגעמיינער פאָלקס־שול פאַר יידישע קינדער אין סאָקאָלאָוו. די פּוילישע מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַ געזעץ וועגן צוואַנג־שול. די ערשטע עטלעכע נידעריקע קלאַסן זענען געעפנט געוואָרן אין צוויי צימער; אין משה פּיעקאַרסקיס הילצערנעם הייזל. שפּעטער ווען די צאָל שילערס האָט זיך פאַרגרעסערט, איז די שול איבערגעגאַנגען אויף דער אַלשעווסקער גאַס. אין אַן איין שטאָקיק הויז, וואָס איז אָפּגעדינגען געוואָרן ביי אַ

יידישן בעל־הבית. (אָפיציעל: „שקאָלא פּאָווסעכנא״ נומער 2 אין סאָקאָלאָוו — פּוילישע פאָלקס־שול פאַר יידישע קינדער).

די שקאָלע נומער 1 איז געווען פאַר קריסטלעכע קינדער. אין לערן פּראָג־ראַם איז נישט געווען, קיין אונטערשיד צווישן ביידע שולן, נאָר מיט דעם וואָס אין דער שול נומער 2 האָט מען געלערנט זונטיק אַנשטאָט שבת. אויך די פּאַטריאָטיש־פּוילישע שטימונג איז אין די יידישע שול נישט געווען ווייני־קער ווי אין די פּוילישע. צוליב די לערערס, וועלכע זענען געווען ביז גאָר אַסימילירט, נישט וועלנדיק, וויסן פון קיין שום יידישע פּראָבלעמען. דער „קיעראָווניק״ פון דער שול, טרומפּער, די לערער גרינבערג, גאַמפּל, וואַקס־בערג, די לערערינס שטיינערוונא, מאלעוואַנציק זענען אַלע געווען אויסגע־שפּראָכענע אַסימילאַטאָרן. טרומפּער, גרינבערג און וואַקסבערג זענען אויך געווען לינק געשטימטע און אויסגעשפּראָכענע קעגנער פון ציוניזם. זיי האָבן געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס באַזונדערס אויף די העכערע קלאַסן פון דער שול.



יידישע פאָלקס־שול מיטן לייטער טרומפּער און לערער גרינבערג

אַ טייל פון די שילער זענען צוליב דעם אויפן גאַנצן לעבן פאַרבליבן אויסגע־שפּראָכענע אַנטי־ציוניסטן. לאַנגע יאָרן איז אין די שול אפילו נישט געווען קיין לערער פון יידישע רעליגיע און געשיכטע, און אַז ס׳איז יאָ געקומען אַזאַ לערער, משה מיגדאל, האָט ער אין די שול נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. די דאָזיקע אַסימילאַטאָריש־אַנטי־ציוניסטישע אַטמאָספערע אין שול האָט נישט זייער געפּאַסט צום שטעטל און דער דערציונג פון די קינדער לויטן גייסט פון זייערע היימען, אָבער דאָך איז די שול אַלס אַזעלכע געווען פאַרן יונגן דור פון אַן

ערשט־ראַנגיקער באַדייטונג. דאָס איז געווען די ערשטע אַלגעמיינע נאָרמאַלע בילדונג וואָס די יידישע יוגנט האָט אָנגעהויבן צו באַקומען אין סאָקאָלאָוו. די לערערס, און ספּעציעל דער דירעקטאָר, טרומפּער, זענען געווען זייער איבערגעגעבן די שול און זיי האָבן אַריינגעלייגט פיל כוחות זי אַוועקצושטעלן אויף אַ הויכן ניווא. דער רוב לערערס פון שקאָלע זענען נישט געווען קיין סאָקאָלאָווער, אויסער צוויי לערערינס: גרינבערגזשאַנקאַ, וועלכע האָט זיך זייער באַליבט געמאַכט צווישן אירע שילערס ווי אַ גוטע און איבערגעגעבענע דערציערין. זי איז צום גרויסן צער פון אַלע געשטאָרבן אין די בליענדיקע יאָרן, די לוויה אין וועלכע די גאַנצע שול האָט אָנטיילגענומען איז געווען דער אויסדרוק פון די קינדערישע ליבע צו זייער דערציערין; די צווייטע, די העלמאַנוונא, האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיטן דירעקטאָר פון דער שול, טרומפּער און אַזוי אַרום אויך אים געמאַכט פאַר אַ סאָקאָלאָווער. און זיי ביידע זענען געווען די פּאַקטישע פירער, און דער לעבעדיקער גייסט פון דער שול.



פאָלקס־שול מיטן לייטער טרומפּער און די לערערין שטיינער

בכלל האָבן די קינדער זיך אין דער שול געפילט זייער גוט, טראָץ דער שטרענגן קיעראָווניק, וועלכער פלעגט נישט איינמאָל ציען די שילערס פאַר די אויערן. דאָך האָבן די קינדער גוט אָפּגעשאַצט וואָס עס הייסט אַזוינס אַ אייגענע שול בלויז פאַר יידישע קינדער. נאָך מער האָט מען דאָס געקאָנט אָפּשאַצן ווען די שול איז עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה ליקווידירט געוואָרן, און די יידישע קינדער פלעגן מוזן לערנען צוזאַמען מיט די קריסטלעכע קינדער. נישט איינמאָל פלעגן זיי אַהיים גיין פון שול פאַרוויינטע פון באַליידי־

קונג און אפילו צעשלאָגענע דורך זייערע קריסטלעכע חברים. דער אַנטיסעמיטיזם צווישן די קריסטלעכע קינדער איז נישט געווען קלענער ווי ביי זייערע עלטערן.

עס דערמאָנט זיך די פּוילישע פּאַטריאָטישע פייערונג פון דריטן מאַי. אָדער די ספּעציעלע פייערונג וואָס מען האָט געמאַכט אין סאָקאָלאָוו ביים אַנטהילן דעם דענקמאָל פון גלח בזשוסקי (אַ פּוילישער פּאַטריאָט, געהאָנגען געוואָרן דורך דער צאַרישער מאַכט נאָכן אויפשטאַנד פון 1863. די שול פלעגט פון קיין שום ידישע פייערונגען נישט האַלטן, אָבער אין די אַלע פּוילישע פייערונגען פלעגט זי אָנטייל נעמען אויפן גרויסן מאָסשטאַב. צום אַנטהילן דעם דאָזיקן דענקמאָל האָט מען אַרויסגעפירט אַלע שול־קינדער אויפן גרויסן מאַרק. די שטאָטישע בעלי־הבתים האָבן זיך אפילו אויף אונדז נישט אומגעקוקט, און די שול קיין ספּעציעל פּלאַץ געגעבן. ווען מען האָט די קריסטלעכע קינדער געפירט קודם אין קאָשטשאָל אַריין צום פייערלעכן גאָטעסדינסט, האָבן די לערער פון דער ידישער שול געפונען פאַר נויטיק אויך צו פירן אַ היין אויך די ידישע קינדער און אויסגעשטעלט זיי אויפן פּלאַץ פאַר דער קירכע. דאָ זענען מיר געוואָרן געזידלט מיטן באַקאַנטן פּיזמון: „זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני!“ און ממש באַשפּיגן פון די קריסטלעכע קינדער.

נאָך דער גאַנצער צערעמאָניע ווען דער פייערלעכער אָרקעסטער האָט שוין אויפגעהערט שפּילן, און אַלע קריסטלעכע קינדער און אַנדערע אינסטיטוציעס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פונאַנדערגיין, זענען מיר ערשט צוגעגאַנגען צום דענקמאָל און אַוועקגעלייגט אַ ריזיקן בלומען־קראַנץ אין נאָמען פון אונדזער שול. נאָך היינט פילט זיך דער טעם פון די באַליידיקונג, אויף וועלכע אונדזערע אַסימילירטע לערערס האָבן מיט גאָרנישט רעאַגירט.

טראָץ דעם זאָלן זיי דערמאָנט ווערן צום גוטן, ווייל זיי זענען געווען די ערשטע וואָס האָבן אונדז געגעבן דעם טעם פון וועלטלעכער בילדונג און די מעגלעכקייט ווייטער צו לערנען.



ערשטע קלאס פון דער יידישער פאָלקס־שול בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.



יידישע („פאָווּשעכנע") פאָלקס־שול.



אויספלוג פון יידישע קינדער פון דער רעגירונגס־פאָלקס־שול, (שאַבעָסוּווקע)

שרה בר־שלום
(גבעתיים)

## די גאַס פון מיינע קינדער יאָרן

ווען עס האָבן זיך דערנענטערט די יום־טובים און ס'האָט זיך אָנגעריקט דער יעשיען האָט זיך אָנגעצינדן אַ האָפנונג אין די הערצער ביי דעם ביסל בעלי־מלאכות אין שטעטל, בפרט ביי די שוסטערס. אַ גאַנצן זומער אַרום געגאַנגען קרוע־בלוא, אָפּגעקומען מיט קיי־שפּיי אָבער, „יעשיען" צייט וועט מען שוין קאָנען אויפהויבן דעם קאָפּ — אַזוי האָט זיך דער עולם געטראַכט.

צווישן די שוסטערס אויף קאָזע־גאַס, זענען אויך געווען מער פאַר־מעגלעכע, אַזעלכע וואָס האָבן אין זייער צייט געפירט „פאָדר־יאַדן", געשטאַנען אין באַציונגען מיט וואָלין און געשיקט אַהין שטיוול פאַר דער באַפעלקערונג. אָבער זייער צאָל איז געווען אַ קליינע. דאַקעגן איז דער רוב געווען אָרימע לייט, אביונים — אויסגעשטעלט בלויז אויף „פּאָפּראַווקעס": אונטערנייען אַ פּאָר כאָלעוו'עס, לייגן אַ פּאָר זוילן, אָדער גאָר בלויז — אַ לאַטע. דעריבער איז מיטן אָנקומען די רעגנס פריילעך געוואָרן אויפן האַרץ. מ'וועט קאָנען עפּעס וואָס אויף זיך אַרויפציען, אַריינוואַרפן אַ פּאָר זלאָטעס אין געוועלב, ווי לאַנג קאָן מען שולדיק זיין?

* * *

הערשל מאָצנעס, אָדער ווי מ'פלעגט אים רופן: „מאָצני גראָך", ער פלעגט אויף זיך זאָגן אַז ער איז שטאַרקער ווי אַרבעס, אַז ער האַלט דאָס אויס אי־געוועזן אַ נידריק, איינגעפאַלן יידל. פאַריתומט געוואָרן אין זיין פריער קינדהייט, און אויפגעכאָוועט געוואָרן ביי אַ שטיף־מאַמע. צו 10 יאָר איז ער שוין געזעסן אויפן שוסטער בענקל; פאַרדינגען זיך אויף אַ „זמן": אַמאָל מיט, און אַמאָל — אָן עסן, ווי ס'האָט זיך געלאָזט. און אַזוי איז ער אויסגעוואַקסן, געקומען צו אַ „תכלית", חתונה געהאַט און אויפגעשטעלט אַ משפחה. אָבער ווי צו זיבן, אַזוי צו זיבציק. אין נויט און פּיין האָט זיך זיין ווייב געמאַטערט, שווער זיך געראַנגלט, קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן, און הערשעלע מאצנעס איז גע־בליבן מיט דריי פּיצלעך קינדער אַליין.

ווען שכנים אַרום האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ ווי אַזוי איִם צו העלפן, וואָס מאַכן מיט די קינדער?, איז ער אַליין געווען רזיק, פול מיט האָפנונג. „זאָל נאָר אָנקומען דער „יעשיען" — פלעגט ער זאָגן — „וועט שוין אַלץ גוט זיין. אַ מענטש דאַרף האָבן בטחון". עס זענען טאַקע געווען גרים, וואָס וואָלטן נישט אַוועקגעגעבן פאַר הירשקען קיין 10 זעק מיט באָרשט,

כאָטש ער איז נישט געווען קיין אַזאַ וואַזשנער שוסטער, האָבן זיי ליב געהאַט מיט אים צו האַנדלען. דאָנערשטיק ווען אין שטעטל איז פאָרגעקומען דער וואָכן־מאַרק, איז ביי אים פול געוועזן די שטוב. הערשעלע מאצנעס דירה איז באַשטאַנען פון אַ קליין הילצערן, איינגעפאַלן צימער מיט אַ קליין אויסגעשניטן פענצטער, נעבן וועלכן עס האָט זיך געפינען זיין וואַרשטאַט. נאָך דעם איז געשטאַנען אַ הילצערנע סאָפּקע, אַ ליימענער קוימען, אין דער זייט מיט אַ קיטשע הינטן, וואָס דאַרף מען נאָך — פלעגט ער פרעגן: איז דאָס נישט גענוג? קריסטן זעענדיק זיין לאַגע, פלעגן אים ברענגען: ווער אַ פערטעלע קאַרטאָפל, ווער אַ ביסל יענגעלקעס, אַמאָל אַ הייפּטל קרויט, און צו פּסח אפילו אַ בינטל שטרוי. אַזוי איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר. די קינדער זענען גרעסער געוואָרן און אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ „שטעלע". האָט אַ בעל־הבית׳טע אין שטעטל געוואָ׳ט אָן אָרנטלעך „דינסט מיי׳ל", יאָט ז געוו׳סט אַז זי דאַרף זיך ווענדן צו הערשל מאצנעס.

און אַזוי ריקן זיך יאָרן... אַ ווינטער נאָך אַ ווינטער, אַ זומער נאָך אַ זומער, די טעכטער ביי הערשל מאצנעס וואַקסן אויף, ווערן עלטער... ווייבער רוען נישט. שכנטעס ברעכן זיך די קעפּ: ווי טוט מען אַ שידוך מיט לייטיקע הענט? הדס פשעדזשיצקי, וואָס קוים דער „דוך" איז אין איר, איז געווען דער דאָקטאָר אויף דער קאָזע־גאַס. סיי ווינטער, סיי זומער, בייטאָג און ביינאַכט, האָט ווען ווען וואָס „דאָליגעט" איז מען געלאָפן צו הדס׳ן אויסגיסן דאָס ביטערע האַרץ. איז געגאַנגען אַ פרוי צו קינד, האָט הדס געמוזט זיין דאַביי. האָט מען ווען געדאַרפט שטעלן באַנקעס, אויסלאַפּעסירן אין האַלדז, מאַכן אַ קאָמפּרעס, אויסשמירן די פלייצעס — אַלץ האָט געטון הדס, און וואָס נישט? פאַר הדס׳ן איז נישט געווען קיין שווערע זאַך. אַלץ האָט זי געקאָנט. און שטענדיק איז זי געווען גרייט צו העלפן, געשלעפּט איר קליינעם, שוואַכן גוף, פון קראַנקען צום קראַנקען. קיינמאָל מיד נישט געווען, קיינמאָל נישט געזשאַלעוועט.

האָט טאַקע הדס נישט געקאָנט רוען. געלאָפן פון איינעם צום אַנדערן, מישב געווען זיך מיט דעם, מיט יענעם, געפּרוווט אַ רעד טון מיט חיה׳לע די שדכנטע אָדער זי האָט זיך געמאַכט נאָך טויבער, ווי זי איז געווען. (וואָס קאָן זי האָבן פון אַזאַ שידוך?) האָט זי דעריבער באַשלאָסן צוצוכאַפּן זיך קיין ווענגראָווע, און דאָרט „אָנטאַפּן" דעם דופק. נישט קיין גרינג שטיקל אַרבעט איז דאָס געווען. אָבער עס איז דאָ אַ גאָט אין הימל. און דורך אַ גאַנץ ריינעם צופאַל האָט זיך, געמאַכט אַ „פּאָדאָבנער" שידוך.

געטראַכט און געטון. מ׳האָט אָפּגעשמועסט אַ „ווידזעניע", און אין אַ מזלדיקן דינסטיק־טאָג האָבן מיר, אַלע מיידלעך פון אַרום, באַקומען אַ „באַפעל" יענעם אָוונט אָפּצוטראָגן זיך, און נישט וואַגן אפילו אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ, דעם חתן זאָל זיך אַמאָל נישט פאַרגליסטן צו כאַפּן אַ קוק. די „ווידזעניע" איז אַדורך מיט דערפאָלג. די כלה איז געפעלן געוואָרן מ׳האָט געשריבן

תנאים, און אָפּגעשמועסט צו די דריי חדשים אַרום — אַ חתונה. אָבער ווי גיט מען זיך אַן עצה אין אַזאַ קורצע צייט?

האָדעס איז נישט געווען די איינציקע אויפן פראָנט. פאַרנאַכט האָבן זיך צוזאַמענגענומען אַלע שכנים, און אויסגעאַרבעט אַ געניען פּלאַן פון דער חתונה. קיילע אברהם יצחק׳ס, אַן אָנגעזעענע בעל־הביתטע, האָט קאָנט; ביי אסתר־גיטל פּיעקאַרסקע. זי וועט שוין זאָרגן פאַר די „וויפּראַווע״.

רחל יענקל פיינערס, אַ נידריקע, פעסטע יידענע, איז אויך אַן איינגייערין אַהין, האַלט דעם סוד ביים אַפּטייקער, פון קאָך־רעצעפּטן ביי אים. זי ווייסט שוין גוט ווי צו פראַווען איינגעמאַכץ. זי וועט שוין וועגן דעם זאָרגן. פייגע די מאַלערקע, וואָס האָט גאָלדענע הענט, וועט אויסהייצן ביי זיך דעם אויוון און באַקן די בולקעס, לעקעכער און ווי די סעודה־חלה צי מאַכן, דאַרף מען זי נישט לערנען.

חיה הערש־בערס, אַ הויכע יידענע מיט צוויי גוטע אויגן, זי וועט קויפן „אוביטשע״, אויסקלעבן די ווענט און אויסקאַלעכן דאָס סופיטל. בלומע די בעקערין וועט איינאָרדענען די טישן. אַז זי גרייט צו אַ טיש, קאָן דער סאַמאָראָדנער קיסר זיך זעצן עסן. בעטן — ווייסט מען שוין, ווער ס׳וויל געבן אויך אַ טיש מיט בענקלעך וועלן שוין זיין. אַן איבערבעט און אַ קישן זענען שוין פאַראַן. ליילעכער און טישטעכער, וועט שוין חיה־שרהלע באַזאָרגן. חיה טובה וועט אויפנייען די ציכן, אפילו מאַכן מאָנאָגראַמס. כלים אין קיך אַרייַן האָט שוין די שוואלבעליכע צוגעזאָגט (מ׳מוז נישט אַלץ דערציילן דעם מאַן) און ס׳וועט דאָך אויך נאָך פאַלן דרשה־געשאַנק.

ביי אברהם יצחק זשיזשניק איז די גרעסטע דירה אויף דער קאָזע־גאַס. מ׳נעמט אַרויס די בעטן און די שאַפע און דאָס צימער איז ריזיק. אין ווינקל אַוועקגעשטעלט אַ געבעטן שטול, 2 הויכע וואַזן־טישלעך ביי די זייטן, אײ־בערדעם — 2 לאַנדשאַפטן אויף דער וואַנט און אַ גרינע פלושענע קאָלדרע אינדערמיט; דער שטול פאַר דער כלה איז גרייט; אַ הונדערטער לאָמפּ אַריינ־געדרייט: ווי ליכטיק ווי שיין, ווי פריילעך — אַ מחיה! טישן און בענק זענען שוין צוגעגרייט אין צווייטן צימער. 2 באַלאָנען סאָדע־וואַסער שטייען שוין אין קיך, און איטשעלע געטש שטייט שוין פון אינדערפרי אויף דער וואַך און היט די יינגלעך זאָלן זיך נישט צוכאַפּן דערצו.

די כלה, אַ בלייכע (נאָך נישט געהאַט היינט אין מויל), איז אין צווייטן צימער און מאַכט די לעצטע הכנות. מלכה ביכאָווסקי וועט זי שוין אָנטון מיטן גאַנצן „טשאַק״. און איטקע די שייטל־מאַכערקע, וועט איר אפּלייגן די האָר. דער ריח פון די געפילטע פיש, פילט זיך אויף דער גאַנצער גאַס. אויך די יויך איז שוין פאַרטיק, אפילו אויך די מאַנדעלעך. אַלץ איז צוגעגרייט כיד המלך. דער עולם הויבט זיך אָן גרייטן מיט אי׳מפּעט. זעקס פאַרנאַכט, וועט קומען משה חיים מיט דער קאַפּעלע אָפּשפּילן אַ שטיק. מ׳דאַרף נישט פאַר־געסן אָנשניידן ליכט אויף דער פּאָדלאָגע ס׳זאָל זיין גרינג צו טאַנצן.

אַלץ איז גרייט — פיקס און פאַרטיק. די געסט פון ווענגראָווע זענען

שוין געקומען. אויך פונדאַנען הויבט מען זיך שוין אָן צו באַווייזן. די קינדער־לעך, אויסגעצוואָגענע, אָנגעטון אין עסיק און אין האָניק, קאָנען זיך שוין קוים דערוואַרטן. מחותנים, נאָענטע און ווייטע, אַ גאַנצן טאָג נישט געאַרבעט, אײַנדערפרי אַוועק אין מקוה, זיך אויסגעפוצט: ווער אין אַן אַטלאַסענע קאַפּאָטע, ווער איין אַ שבת׳דיק כאַלאַטל, אַלע זיצן שוין מיטן חתן ביי הירש־בערן. אַנטקעגן — די מחותנ׳סטעס. די שייטלעך שפּיגלען אַראָפּ פון די קעפּ; די



איטשעלע „געטש"

קליידלעך — ס׳שמעקט אַ קוק צו טון. ס׳ווערט פּאַרנאַכט. די דערוואַרטענע שעה איז געקומען. משה חיים מיט דער קאַפּעליע קומען אָן און עס הערט זיך: אוי, אוי, חתן־כלה מזל־טוב! די מיידלעך פירן אַריין די כלה און באַזעצן זי אויף דעם שטול. די גראַטשקע איז גרויס, און די שמחה האָט קיין גרענעץ. משה חיים גייט אַריין אין דער ראָל: אַ זמר נאָך אַ זמר, די שטוב אָנגעפילט מיט געסט, קיין שפּילקע נישט אַריינצוּוואַרפן.

עס טאַנצן שוין די מיידלעך צו צווייִ צו דריי. פּאָלקע, וואַלס, באַזונדער. משה־חיים קוקט זיך איבער: אברהם יצחק הייסט אים שפּילן, אַריינגעוואָרפן פאַר אַ טאַנץ, פאַר נאָך איינעם. די שמחה איז אין־לשער, נאָך אַ ווײַלע, און די חופה, און הינטער דער חופה הערט זיך די כלה כליפּען: דאָס וויינט זי אויס איר פאַריתומטע יאָרן און אויפגעקומענע פרייד. עס הערט זיך אַ קלאַפּ פון צעבראָכענעם טעלער: מזל־טוב! מזל־טוב. זאָל זיין מיט מזל!

משה־חיים צעגייט פון נחת, פאַלט אַריין אין התלהבות און שפּילט אָנ־אויפהער. דער עולם האָט זיך געזעצט צום עסן. שוין איינמאָל אַ סעודה! ווי

האָבן זיי געקאָנט מאַכן אַזאַ חתונה? — רעדן צווישן זיך די געסט. ס׳פּאַסט דאָך פאַר גראַף פּאָטאָצקי!

משה־חיים שפּילט אַ מצוה טענצל, דער גאַנצער עולם שטייט אויף איין אָרט, האַנט ביי האַנט אין אַ ראָד „קינד און קייט״ צוזאמען, אפילו די לאָמע פּייגע איז נישט מותר. הערשעלע מאצנעס, אַ בגילופענער, טאַנצט אליין אין מיטן צימער. דער בדחן האַלט דעם עולם. ס׳שיט זיך תורה און גלייכווערטלעך, און דער עולם וואַקסט פון נחת.

מ׳הויבט אָן אויסרופן דרשה־געשאַנק: פון חתנס צד פון כלה׳ס צד. ס׳פאַלן בעכערס, גאָפל־מעסער און אנדערע כלים. די כליזמרים ווערן מיד, און די מיידלעך זעצן זיך אָפּרוען. די קינדערלעך הויבן אָן שלעפעריק ווערן. מאַמעס איילן זיך, זיי אַוועקצולייגן שלאָפן. ווענגראָווער געסט פאָרן שוין אַהיים; מ׳דאַרף אינדערפרי אויפשטיין צו דער אַרבעט.

אין צימער ווערט שיטערער, שטילער; נאָך אַ ביסל, און ס׳זענען געבליבן בלויז די אייגענע פאַרמאַטערטע ווייבער. הערשל מאַנצעס זיצט אין דער זייט אַ מידער, ער הויבט אויף די אויגן און זאָגט: גאָט צו דאַנקען דערפאַר — דער עיקר בטחון!

פרץ גראנאטשטיין
(קאלומבא)

„של נעליך מעל רגליך כי המקום אשר
אתה עומד עליו אדמת קדש הוא".
(שמות)

## די „קאַזע"־גאס

אַ גרויסער טייל פון דער שטעטלדיקער אָרימייט האָט געוווינט אויפן „קאָזע־געסל". כמעט אין יעדער הילצערנער שטוב האָבן זיך געפונען אַ פינף משפחות מיט אַ פאָר טוץ נפשות. ס'האָבן די „בעלי־הבתים" פון אַלטע איינגע־הויקערטע כאַטעס אָפגעצוימט מיט ברעטלעך קלייניקע שמאָלע אַלקערלעך, ווי שטייגן פאַר עופות און אין זיי אַר״ינגעשטופט וואָס מער לאָקאַטאָרן.

די „פני", די גלאַוונע, סאַמאָראָדנע באַלעבאַטים פון געסל זענען געווען: שמואל יאַנקל, אַ שוסטער וואָס האָט כל ימיו נישט געקאָנט מאַכן קיין פּאָר שיך; אַ ייד מיט רויטע בלוטיקע קראַנקע אויגן, דער למדן צווישן די לאָ־טאָטניקעס, וועלכער האָט אויך געדאַוונט פאַרן עמוד, געווען בעל־קורא ביים שוסטער־מנין און געקאָנט אויך אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע, אויב ס'איז, חלילה, עמיצן פון די בעלי־מלאכות נישט גוט געוואָרן.

קלמן בער, אַ שניידער פון פויערישע סוויסקע הויזן; אַ גראָבער, אַן אָנגעבלאָזענער, מיט אַ פאַרשטיקט קול, אַז ער האָט גערעדט האָט זיך געדאַכט, בולבעס שיטן זיך פון אַ זאַק.

חלל מיט די וואַמפּן, ווי דאָס געסל האָט אים גערופן, אַ ייד וואָס האָט קיינמאָל נישט געגעסן אַ גוט שטיקל פלייש, נאָר אָפּגעקויפט אין די יאַטקעס אַלע ביליקע וואַמפּן און דערפאַר באַקומען דעם צונאָמען.

אָט ביי די „קאַרפּן־קעפּ" פון מלך אביונס אַרמיי האָט געהויזט דאָס אָרימקייט פון שטעטל. יעדע שטוב מיט אַן אויוון, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען אַן אייזערנער דרייפוס. די ווייבער האָבן אויף אים געקאָכט. האָלץ האָט באַ־דאַרפט געבן די באַלעבאָסטע. ס'פלעגן אָפּט פאָרקומען קריגערייען, סקאַנדאַלן. אסתר מלכה, שמואל יאַנקל ווייב, אַ יידענע מיט אַ פאַרדאַרט זויער פנים, האָט גוט אַכטונג געגעבן מיט אירע קליינע שפּיציקע אייגעלעך, אַז די שכנים זאָלן נישט פאַרנוצן קיין איבעריק שטיקל האָלץ. ס'איז געווען ליהודים ווען ס'פלעגט ווער וועלן קאָכן אַ ביסל בעבלעך לכבוד שבת.

— זאָג נאָר! איך האָב דיר נישט פאַרדינגען דעם אַלקער, אַז דו זאָלסט קאָכן בעבלעך! דו פאַרברענסט דאָך דאָס גאַנצע ביסל האָלץ וואָס איך האָב. אויב דו ווילסט קאָכן בעבלעך, דאַרפסטו געבן אַ הוספה פאַרן אַלקער! — האָט אסתר מלכה געשריגן מיט אַ סקריפּענדיק קיל.

— אסתר מלכהשי, איך וועל שוין מער נישט קאָכן. וואָס זאָל איך טון? איך האָב נישט וואָס צו קאָכן הינטער דער יויך אויף שבת. איך האָב נישט קיין גראָשן אין שטוב. מייק מאַן איז נאָך נישט געקומען פון דאָרף. ס׳ליגט ביי מיר אַ ביסל בעבלעך פון יענער וואָך, וואָס אַ קריסט האָט געגעבן פאַרן פאַריכטן אַ פאָר שטיוול. — האָט זיך די ייִדענע געבעטן ווי ביי אַ גזלן.

אַ גאַנצע וואָך האָבן די מענטשן פון געסל געאַרבעט שווער, ביטער ווי די ייִדן אין מצרים, אַלץ צוליב דעם איינעם טאָג שבת. יעדן באַגינען, איידער די זון איז אויפגעגאַנגען, איז יעדער אַוועק צו זיין אַרבעט. בעלי־עגלות האָבן געשפּאַנט וועגענער; קצבים, דאָרפגייער, זענען געגאַנגען אין דערפער; שוסטערס, שניידערס האָבן זיך געזעצט צו די וואַרשטאַטלעך. פאַרהאָרעוועטע, פאַרפּראַצעוועטע זענען זיי געגאַנגען אַ גאַנצע וואָך ווי די פערד אין שפּאַן. איין טאָג אָבער האָט געגלאַנצט, געשיינט פאַר זייערע אויגן און האָט זיי געגעבן תענוג, פרייד אויף זייער מיזערנעם פיינפולן וועג. אויף אַלע שליאַכן אין די וועלדער און דערפער, צווישן בייזע הינט, האָט געלויכטן מיט טויזנט זונען די אָנקומענדיקע מלכה שבת. האָט טאַקע יעדער דאָרפגייער אַ גאַנצע וואָך נישט דערעסן; אין זינען געהאַט אַהיים צו ברענגען אַ ביסל מעל, קאַשע, אַן עוף; אָפּטמאָל אַ פישל, כדי צו פאַרשאַפן זיין ווייב און קינדער אַ ביסל רחבה אין טאָג פון שבת.

אויך די ווייבער האָבן זיך געגרייט. אַ גאַנצע וואָך האָט מען געגעסן דאָס ביסל געקעכץ אָנגעשמאָלצן. אַז ס׳איז געווען ברויט, קאַרטאָפל צו דער זעט, איז געווען גוט. זיי האָבן מער נישט פאַרלאַנגט. נאָר דער שבת האָט נישט געטאָרט ווערן פאַרשעמט. צעיאַכמעט, פאַרפּאָרעט זענען די ווייבער אַרומגעלאָפן אין די שפּיז־קראָמען און יאַטקעס. די קצבים האָבן זיי גוט געקענט פאַר וואַזשנע קונים. נישט אייך ייִדענע האָבן זיי געזידלט, ווען זי פלעגט קומען פרייטיק אין גראַטשקע קויפן אַ שטיקל פלייש. דער קצב, ראובן פענציק, אַ ייִד אַ כעסן, אַ שטרענגער, ביי וועמען ס׳קויפן אַלע שטאָט־באַלעבאָסטעס, אַז ער פלעגט דערזען פרייטיק אַ ייִדענע פון דער „קאָזע־גאַס“, פלעגט ער מיט אַ בייזן צאָרנדיקן בליק אַ זאָג טון:

— ווייבעלע, וואָס ווילסטו?

— איר ווייסט נישט? אַ שטיקל פלייש.

ראובן האָט שנעל אַ כאַפּ געטון אַ זייטל קעלבערנס, גענומען אָפּהאַקן ריפּלעך.

— ר׳ ראובנשי, זייט זשע מוחל, האָט נישט פאַראיבל, גיט מיר אַ

שטיקעלע שעפּסן־פלייש; ס'הענגט אויף דער וואַנט פעט שעפּסן־פלייש. לייגט צו אַ שטיקל וועל איך האָבן אַריינצולייגן אין די קאַרטאָפלעס פון טשאָלענט.

— דאָס איז נישט פאַר דיר! — ענטפערט ראובן פענציק מיט רגזה.

— וואָס, מיך געלט איז קיין געלט נישט? נאָר נגידישע ווייבער מעגן עסן שעפּסן־פלייש, די אָרימעלייט טאָרן נישט? — ענטפערט די ייִדענע נ'יט שרעק.

— קוק איר נאָר אָן! צוליב איר האָב איך געקויפט ביים ריפקער פריץ אַ פעטן באַראַן! אַנדערש ביסטו נישט געוווינט? כ'האָב שוין מיינע שטענדיקע קונים, די וואָס קויפן פלייש אַ גאַנצע וואָך. פאַר זיי איז דאָס שעפּסן־פלייש. איך וואָלט גוט געשטאַנען, ווען איך זאָל דאַרפן אויסקוקן די טשאָמפּעריכעס פון דער „קאָזע־גאַס" זאָלן קומען אייך מיל אין אַ פרייטיק אין יאַטקע.

נאָכן אויסהערן ראובן פענציקס מענה־לשון, פלעגט דאָס ווייבל אַ היים גיין אַ פאַרשעמטע.

די שבת־טריט האָבן זיך גענומען פילן אין געסל. פון יעדער שטוב טראָגט זיך דער ריח פון די שבת־מאכלים אויף די פריזבעס זעצן זיך אויס קינדער מיט שיסעלעך צימעס. קליינוואַרג מיט אויסגעשמירטע ליפּן ריזשען מיט גרויס אַפּעטיט ווייס ברויט מיט געקאָכטע שוואַרצע יאַגאָדעס. מאַניעס, אין גרויס איילעניש, צוואָגן אויס קינדערישע קעפּלעך. אָפּגעפּוצטע מיט שוואַרצ' שוואַקס, גלאַנצן באַשטיוולטע האָרעפּאַשנע פיס.

הערשל אַנדער, אַ ייִד מיט אַ צעדרייטער קאַרטאָפל־נאָז, מיט אַ צעשפּילעט און צעכראַסטעטע סוויסקע העמד, פון וועלכן עס זעט זיך אַרויס אַ שוואַרץ באַוואַקסענע ברוסט, ווי אַן אויסגעקראָכענע שעפּסן־פעל, כאַפּט אַראָפּ מיט מאַזאָלישע הענט דעם גרויסן טאָפּ בריקעוו פון קוימען, שטעלט אים אַוועק אין הויף אויף דער פריזבע. ער רייבט מיט אַ גרויסן העלצערנעם קאָכלעפל און מיט זיינע צעדרייטע פאַרפוילטע יאַסלעס שרייט ער צו די שכנים:

— איר הערט? איר הערט? דער בריקעוו איז טעם גן־עדן, בעסער ווי פלייש. כ'האָב אים געקויפט ביי אַ יאַבלאָנער גאָספּאָדאַרזש. צוויי קערך האָב איך געקויפט. ער האָט אַ שטיק חסרון, ער דאַרף זיך לאַנג קאָכן.

שמעון אָקס, דער קצב, אַ ייִד אַ שווערער ווי אַ בער מיט אַ רויטן בלוטיקן קאַרק, וואָס איז געשטאַנען און אויסגעשמירט זיינע יוכטענע ברייטע שטיוול מיט טראָן, ענטפערט מיט אַ באַסאָווען קול:

— ר' הערשל, טראָגט אַריין דעם טאָפּ בריקעוו צו משה ישראלס. ער האָט געברענגט אַ מאָטאָר פון וואַרשע, מ'וועט אים דאָרטן צערייבן.

— דער מאָטאָר שטייט היינט. ס'איז קאַליע געוואָרן אַ שרייפל — ענטפערט פריילעך הערשל אַנדער.

ווען ס'האָבן זיך גענומען לעשן די לעצטע גאָלדענע שטרייפן אויף די איינגעפאַלענע שינדל־דעכער און די זון האָט זיך אין פייערדיקער שקיעה

אַראָפּגעגליטשט צו די אומענדלעכע הימל־ראַנדן, איז מלכּה שבת געקומען פון איר ווייטן וועג, אויסגעשפּרייט איבערן געסל איר יום־טובֿ־שלייער. ווי פּייערלעך פון אָנקומענדיקע שיפן האָבן זיך גענומען צינדן ליכטלעך הינטער ווייס־קלאָרע פאַרהענגלעך פון די יידישע פענצטער. ווי צעבראָכענע אָדלער־פליגל האָבן זיך פאַרמאַטערטע, מידע מאַמעשע הענט געהויבן אַנטקעגן די שבת ליכטלעך — „ברוך הוא ברוך שמו".

דער ערשטער, מיטן סידור אין האַנט, קומט אַרויס פאָרנט, נעבן היל־צערנעם טויער, מעלע קוק — אַ ייד ווי אַ דעמב, מיט אַ גלאַנצעדיקן גרויען קאָפּ, אָנגעטון אין אַן אַליפּאַגענעם לאַנגן כאַלאַט. די אַמבורסקע צונגען פון דער אונטערנייעכטס גלאַנצן אַראָפּ פון זיינע לאַנגע שווערע פיס. ער פלעגט זיך אָפּט צוכאַפּן צום עמוד ביים שוסטער־מנין. מעלע שטייט מיט גדלות, פאָרנט נעבן שמואל יאַנקלס טויער, ווו ס׳געפינט זיך דער מנין. ער וואַרט אויף די מתפּללים. ווען שער און אייזן פילט אָן דאָס אַלקערל, שטעלט ער זיך אַוועק מעשה בעל־תּפילה, גיט אַ ברום מיט אַ גרילצנדיקן קול ווי אַ צעבראָכענער פלייט:

— „לכו נרננה ליי לצור ישענו".

דאָס געסל האָט געדעמערט מיט הייליקער שטילקייט. עכאָס פון גוישע געשרייען טראָגן זיך פון דערווייטנס. אַנטקעגן מנין זיצט דער קריסטלעכער שכן קראָוואַצקי מיט אַ ווילד צעשויבערטן קאָפּ האָר, נעבן אים זיין אַלטער קודלעוואַטער הונט. ער קלאַפּט אויס זיין טעמפּע קאָסע צום מאָרגנדיקן שניט. די קלאַנגען פון דער קאָסע באַגלייטן די קולות, וואָס טראָגן זיך פון מנין — גלין, גלין, גלין און „לכו דודי לקראת כלה פני שבת נקבלה" גיסן זיך צו־זאַמען לכבוד שבת קודש.

נאָכן אָפּזאָגן שלום־עליכם, און מאַכן קידוש, זעצן זיך ווי פּסח צום סדר די אוראייניקלעך פון יוחנן הסנדלר טועם צו זיין די שבתדיקע מאכלים. זיי זינגען זמירות. אייגענע ניגונים פּאַסן זיי צו צו כל מקדש. זיי ברענגען זיי נישט פון די חסידים־שטיבלעך. די קאָצקער גערער, אַלעקסאַנדער מאַרשן זענען פאַר זיי פרעמד. אָן דביקות, אָן תּנועות, מיט פּראָסטן, געזונטן נאַטיר־לעכן נוסח. מיט דעם זעלבן ניגון, וואָס מ׳ציט אַ גאַנצע וואָך די שוואַרץ סמאָלעדיקע דראַטוועס און מ׳קאָוועט די פּאָדעשוועס, פאַרפלעכט מען די שבת־זמירות. אויך די אַלע אַרבעטער־מאָטיוון, וועלכע די געזעלן זינגען ביי די וואַרשטאַטן, אַנטפּלעקן זיך נאָך אַ מאָל אין אַ געלייטערטן דערהויבענעם המשך, ביי ווייסע פאַרשפּרייטע טישן, אַרום וועלכע ס׳זיצן די פּרינצן פון נויט פון „קאָזע־געסל".

אויך שמואל יאַנקל איילט זיך נישט מיט זיין פרייטיק צו נאַכטסדיקער סעודה. נאָך יעדן מאַכל קוקט ער אַריין אין דער סדרה פון דער וואָך, דער־ציילט זיין ווייב אסתר מלכּה די אוראַלטע יידישע מעשיות פון אונדזערע אבֿות און ברומט אויך צו ביי די זמירות דעם מאַרש פון דער שטאָטישער פּאָזשאַרנער

קאָמאַנדע. נאָכן אָפּעסן די פּענציקלעך מיט לונגען־לעבער־יויך, זעצט זיך דיך ווייב צו צו אים מיט אירע שטענדיקע טענות און פּרעטענסיעס.

— שמואל יאַנקל, וואָס וועט זיין דער סוף? שוין העכער דריי יאָר וואָס דער עולם האָט נישט באַצאָלט קיין דירה געלט פאַרן מנין. מיר וואָלטן ־דאָך דעם אַלקער ווו עס שטייט דער ארון מיטן ספר, געקאָנט פאַרדינגען. פאַר דעם געלט וואָלטן מיר געקויפט האָלץ און קאַרטאָפל אויפן ווינטער. וואָס קומט אונדז אַרויס וואָס מ׳דאַוונט ביי אונדז? ס׳זענען דאָ אין שטאָט גבירים מיט גרויסע קאַמעניצעס, זאָלן זיי געבן אַן אָרט ווו מ׳זאָל דאַוונען. מיר זענען דאָך אָרימע מענטשן, מיר פאַרגינען זיך נישט דעם לעפל געקעכץ.

שמואל יאַנקל גלאָצט אויס זיינע צוויי רויטע אויגן, גיט אַ קלאַפּ מיט דער האַנט איבערן אָפענעם חומש, וואָס ליגט אויפן טיש און צעשרייט זיך:

– שטענדיק ביסטו דאָ מיט דיינע נאַרישע רייד! אַ מענטש זאָל דאָס האָבן אַזעלכע גרויסע אויגן. דו מיינסט מ׳וועט דיר מיטגעבן אין דער ערד אַריין די אַלטע פאַרפוילטע שטוב? מיר זענען דאָך שוין אַלטע מענטשן. מיר האָבן זיך דאָס גאַנצע לעבן געמוטשעט, געאַרבעט שווער, ביטער, קיינמאָל נישט געגעסן צו דער זעט, זאָלן מיר כאָטש עפּעס געניסן אויף יענער וועלט. דו מיינסט, אַז דער רבונו של עולם ווייסט נישט, אַז מיר האָבן אָפּגעגעבן אַן אָרט אָן געלט, ווו אַלע בעלי־מלאכות זאָלן האָבן צו דאַוונען מיטן מנין? ער זעט אַלץ און ווייסט. ס׳וועט דאָרט יעדער זאַך פאַרשריבן. דאָ אויף דער וועלט איז שוין פאַרפאַלן מיר זענען שוין נאָענט צום קבר.

אסתר מלכה גיט אַ דריי איר אויסגעדאַרט קעפּל, עפנט די שמאָלע אויסגעטריקנטע, פאַרשנורעוועטע ליפּעלעך מיט גדלות און ענטפערט:

— דאָס וואָס מיר האָבן געשריבן אַ ספר איז גאָרנישט ווערט? ווייז מיר ווער פון אַלע גבירים האָט דאָס אַן אייגענע ספר־תורה? העכער צען יאָר האָבן מיר געזאַמלט אַ קערבל צו אַ קערבל ביז מ׳האָט געענדיקט דעם ספר. פאַר דעם אַליין קומט אונדז יענע וועלט!

שמואל יאַנקלען טוט שטאַרק הנאה זיין ווייבס רייד. מיט אַ צעשטראַלט פּנים ווענד ער זיך צו איר:

— זאָג מיר, דו געדענקסט יענע נאַכט פון סיום?

— וואָס הייסט איך זאָל נישט געדענקען?

— דו הערסט אסתר מלכה, ביי מיר זעט עס אויס פּונקט ווי עס וואָלט איצט פאָרגעקומען. אַ שיינער זומער־אָוונט איז עס געווען. טויזנטער יידן מיט די ווייבער און קינדער זענען דאַן געווען ביי אונדז אויפן גאַס. דו געדענקסט דעם גרויסן לאַמטערן מיט די קאָלירטע אותיות „שישו ושמחו שמחת תורה", וואָס אברהמעלע מיכל שטעפּערס האָט אויסגעשניצט. די פאַרשטעלטע אויף די שטאָלצן וואָס זענען געגאַנגען נאָשפּיץ פאַר דעם ספר? אַלע יידן זענען מיר געגאַנגען טאַנצנדיק אַרומגענומען ביי די הענט ווי אַנטקעגן משיחן. הײנט משה חיים קלעזמער מיט זיין פידעלע; ער האָט דאָס פאַראַרבעט אַ ביסלו

אַלע מאָל אַן אַנדערן מאַרש, ווי דאָס פידעלע וואָלט גערעדט. ווען ער האָט געשפּילט אַ פריילעכס און שבתאל פּויקער מיט זיין זון האָבן צוגעקלאַפּט מיט די טאַצן, האָט זיך מיר געדאַכט ווי די יידן גייען אַרויס פון מצרים און מרים הנביאה גייט אַרויס בתופים ובמחולות — מיט פּויקן און טענץ. ווען דער שמד־קאָפּ האָט ווי אַ כישוף־מאַכער גיך אַ כאַפּ געטון זיין פידעלע אונטער זיין אָפּגעגאָלטער גאָמבע, אַ צי געטון מיטן סמיק אַ טרויעריקס, אַ וויינענדיקס — האָט ביי מיר אויסגעזען ווי מ׳פאַרטרייבט די יידן אין גלות; אונדזער מוטער רחל גייט אונדז נאָך, וויינט אויף אירע קינדער, וואָס ווערן פאַרטריבן פון זייער לאַנד.

שמואל יאַנקל איז געבליבן אַ וויילע שטיל; איז צוגעגאַנגען צו דער באַנק וווּ ס׳איז געשטאַנען אַ הילצערנער רינענדיקער עמער וואַסער; באַנעצט די האַרטע שווערע הענט; אָפּגעבענטשט, אויסגעטון זיין אַלטע, מיט טראָלצעס ריפּסענע קאַפּאָטע, וועלכע ער האָט געטראָגן פון זיין חתונה אָן משבת לשבת. אַזוי, מיט די ווייסע אַרבל פון זיין העמד אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ גרויסן שטיין, אַלע שכנים זענען שוין געזעסן אויף די פּריזבעס. קלמן בער, דער שניידער, זיצט באָרוועס מיט אַ פּאָר ברייטע צייגענע תחתונים, גוט פאַרבונדן מיט אַ קרייקע אויף זיין גראָבן אָנגעבלאָזענעם בויך. ער סאָפּעט נאָכן עסן ווי אַן אויסגעפּראָפּטע גאַנדז און דערציילט מיט אַ פאַרדעמפּטן דיבור:

— איך בין היינט געווען אין דאָרף ניעוויעדאָם. איך האָב דאָרטן גע־דונגען ביים טויבן טושינסקי דעם סאַד. דיביימער האָבן אַלע אָנגענומען דאָס יאָר; זיי זענען אַלע באַלייגט מיט עפּל און באַרנעס. גאָט זאָל העלפן ס׳זאָל נישט זיין קיין שטורעם וועל איך פאַר דעם געלט וואָס איך וועל פאַרדינען פאַריכטן דעם דאַך פון דער שטוב. ס׳איז שוין נישט מעגלעך אַזוי ווייטער צו וווינען. דער פאָלעפּ מיט דער פאָדלאָגע זענען דאָך שוין פאַרפוילט פון דעם רעגן, וואָס קאַפּעט אַריין.

דער שטאָט־לץ, דער לאַטוטניק הערשעלע מאָצנע, וועלכער איז א גאַנצע צייט געזעסן אויף אַ שטיין, געקייט געזאָטענע אַרבעס, האָט איבערגעשלאָגן די רייד:

– איר הערט, יידן, וואָס היינטיקע וואָך האָט זיך פאַרלאָפן? איך גיי נעבן אַלטן בית־המדרש, שטייט אַ ייד מיט אַ וואָגן שמאַטעס, אַלט אייזן, שרייט: „איך קויף בראָך, אַלטוואַרג״. איר ווילט, ר׳ ייד, אַ ביסל בראָך? — מאַך איך צו אים — קומט מיט מיר אין שטוב, וועל איך אייך פאַרקויפן מיין בראָך. דער ייד האָט זיך נישט פאַרשטאַנען אויף קיין וויץ, ער איז פאַרפאָרן פאָרט מיט זיין וואָגן. „קומט אריין אין שטוב, פעטער!״ שרייט ער צו מיר: „ווו האָט איר די סחורה?״ ווייז איך אים אָן אויף מיין אַלטער, וואָס איז פונקט געשטאַנען ביי אַ באַליע גרעט. „אָט, האָט איר מיין בראָך!״ דער ייד האָט אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר און איז מיט כעס אַוועק.

— קבצניוק! — האָט זיין יידענע מיט אַ פּנים ווי אַ געפּרווירענער עפּל געגעבן אַ געשריי — אַ מענטש זאָל דאָס גאַנצע לעבן זאָגן וויצן און אָפּטון שטיקלעך. האָט גאָר נישט אין זינען! ס׳רוקן זיך אָן די ימים־נוראים; אין שטוב איז נישטאָ קיין גראָשן; מ׳דאַרף אָנגרייטן האָלץ אויף ווינטער; מ׳דאַרף קויפן אַ פּאָר קערץ קאַרטאָפל, ס׳וועט דערנאָך זיין אַ יקרות און אים אַרט דאָס נישט. לאַכט שטענדיק פון יעדן איינעם. האָט איר שוין אַ מאָל געזען אַזאַ פריילעכן קבצן?

— שוויג שוין בהמה! האָט זיך צערעדט אַ ביסל! מיר וועלן ברוך השם האָבן גענוג קאַרטאָפל, אייגענע וועלן מיר האָבן. ביינאַכט וועלן מיר אָנקאָפּן. איך וועל קאָפּן דיך, דו וועסט קאָפּען מיך, און דאָס קליינוואַרג וואָס שלאָפט צוזאַמען אין איין בעט וועט ווינציק קאָפּען? זאָרג נישט, ס׳וועלן נישט פעלן קיין קאַרטאָפלעס...

די שכנים האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער. פון צווייטן הויף איז אַרויסגעקראָכן אלתר מאיר נתנס, אַ דראָבנע יידל מיט אַ גרוי ציגן בערדל. די וואַנצן האָבן אים נישט געלאָזט שלאָפן, האָט ער גענומען זיין שטרויזאַק, אים אָוועקגעלייגט אויפן גאַס און זיך געלייגט מיטן פּנים צום הימל.

אין דרויסן האָט געשמעקט מיט אָפּגעשניטענעם היי. אַ מחיהדיקער זיסער ריח פון פרישער קאָניטשינע האָט זיך געטראָגן פון די נאָענטע גוייִשע שייערן.. פון דעם טונקל־בלויען הימל האָבן שטערנס אַראָפּגעקוקט איבער דער לענג פון געסל. פון מאָל צו מאָל איז אַראָפּגעפאַלן אַ שטערן און איבער־געלאָזט לאַנגע זילבערנע שטרייפן. אלתר מאיר נתנס ווייב, אַ הויכע, אַ שמאָלע ווי אַ לאָפּעטע, מיט אַ שטיל פישטשענדיק קול האָט זיך געבעטן ביי איר מאַן:

— אלתר, גיי אַריין אין שטוב. ס׳פאַלן דאָך שטערנס פון הימל וואָס האָסטו זיך אָוועקגעלייגט אויפן מיטן גאַסן שלאָפן?

— איך פיל זיך נישט גוט. איך וויל כאַפּן אַ דרימל אין דרויסן. גיי ברענג מיר פון חנה דעם רבס ברונעם אַ טרונק פרישע וואַסער. איך פיל זיך נישט מיט אַלעמען נאָכן עסן.

— איך האָב דאָך דיר געבעטן, דו זאָלסט זיך נישט אָנעסן צופיל מיט די בעבלעך, זיי זענען שוין פאַרליגענע. דו האָסט נישט געפאָלגט, דערפאַר פילסטו זיך נישט גוט.

— איך האָב געהאַט עפּעס אַנדערש? די שיינע פיש מיטן פלייש האָבן דאָך די גבירים אויסגעקויפט. אויף איבעראַכטאָג שבת, למען השם, זאָלסטו זיך צו יאָגן און קויפן פריער אַ פעטן עוף...

— מאַך נישט חוזק! גיי אַריין אין שטוב און לייג זיך אין בעט — האָט געטענהט זיין ווייב.

דאָס אַלטוואַרג וואָלט נאָך געזעסן און געלעגן אין דרויסן, ווען נישט די אָנקומענדיקע שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך.

אין די שפּעטע פרייטיק צונאַכטסדיקע שעהן איז דאָס געסל געוואָרן

די ראָמאַנטישע אַליע, דער גאָרטן פון ליבע. אַלע באַלעבאַטישע יונגעלייטלעך, ווייבער, וואָס זייערע מענער זענען אין אַמעריקע, — אַלע וועלכע האָבן זיך מיט זייערע לינקע ליבעס נישט געקאָנט ווייזן פאַר דער ליכטיקער שיין אין צענטער־שטאָט, זענען געקומען מיט זייער „טריפה סחורה״. צווישן די מעלאַנכאָלישע איינגעדרימלטע שטיבלעך. דאָרט ליגן עד היום סודות באַהאַלטן פול מיט די שענסטע דעראינערונגען פון אמתער און אפילו אָפּגענאַרטער ליבע. נישט ביי איין פרוי אָדער מאַן אין די לענדער פון תפוצות ישראל, טויכט אַמאָל אויף אין זייער זכרון דאָס געסל ווו זיי האָבן זיך געקושט, געליבט מיט אייגענע און פרעמדע... מענער און פרויען, אין די בעסטע פריידיקסטע יאָרן פון זייער יוגנט. נישט ביי איינעם איז אפשר פאַרבליבן אַן אייביקע נישט פאַרהיילטע וווּנד אין זיין צעווייטיקט האַרץ.

מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָבן זיך די פּאָרלעך געטוליעט אויף די בענקלעך, וועלכע זענען געשטאַנען נעבן די שטיבלעך. דאָס געסל איז געשלאָפן אין נאַכטיקער שטילקייט. פון שמואל יאַנקלס הויף האָט זיך נאָך געטראָגן אַ דינער, ווייכער, זיסער ניגון. יחזקאל קראמארזש, דער בעל־תפילה פון אַלעקסאַנדער שטיבל, האָט פאַרענדיקט זיינע זמירות און מיט מתיקות געוואָרקעט ווי אַ פאַרבענקטע טויב — „יבנה המקדש עיר ציון תמלא ושם נשיר שיר חדש וברננה נעלה״.

ביים שטילן אָפּקלאַנג פון זיינע לעצטע האַרציקע טענער האָבן זיך געלאָשן די צאַנקענדיקע פייערלעך פון די פענצטער אין געסל פון דער אָרעמשאַפט.

נחום זילבערמאַן
(פּאַריז)

## אונדזער שטעטל

פֿון מיינע קינדער יאָרן קאָן איך זיך דערמאָנען מיט וואָס מיר סאָקאָ־לאָווער האָבן זיך געגרויסט: דער יידישער אַנטיילנעמער אין קאָשטשושקעס אויפשטאַנד — צאַלקע אברהמעלעס, יעגטע דער גאלזקעס מאַן, וועלכער איז געווען אַ פּייערלעשער. דער צווייטער יידישער פּייערלעשער איז געווען אהרן זעליג, אַ קאָנטאָניסט.

אין מיין קינדיש געמיט בין איך געווען פֿון דעם פֿאַרחידושט און זיי מקנא געווען דערמיט, וואָס זיי איז דאָס געווען דערלויבט און קיין אַנדערן ייד אין סאָקאָלאָוו — נישט.

אַ חוץ דעם האָט מען אין סאָקאָלאָוו אויך נישט אויפגעהערט צו דער־ציילן וועגן די געשעענישן בעת דעם פינפטן יאָר (1905), די מאַניפעסטאַציע, וואָס האָט זיך געצויגן פון בזשעזשאָסקע ביז אין שטאָט אַריין, פון די פוילישע און יידישע אַרבעטער און בעלי־מלאכות פון די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען.

צווישן אונדזערע רעוואָלוציאָנערן אין יענער תקופה זענען באַזונדערס באַקאַנט געווען: מאיר שרהלעס, קלמן יחיאל, שעפסל פערגער און אברהם גרינבערג — „לעסערס". (אין שטעטל האָט מען געשמועסט אַז ער האָט גע־וואָלט צונעמען די צוקערפאַבריק אין פּושעזשיסק, וואָס האָט געהערט צום דייטש לעסער). מען האָט אויך דערציילט וועגן שרה־מיכאל די נייטאָרין, וועל־כע האָט אויך אַנטייל גענומען אין די דעמאָלטדיקע רעוואָלוציאָנערע מאַני־פעסטאַציעס.

צווישן די אַנדערע מעשיות פון שטעטל, געדענק איך וועגן אַ סענסאַ־ציאָנעלע ליבע, בעת משה־שמחה יואלס האָט אַפּגעגאָסן מיט וויטריאָל (זאַלץ־זויער) דאָס פנים פון שווייצערס טאָכטער.

מיר דערמאָנט זיך וועגן דעם סאָציאַלן אויסזען פון שטעטל: פון דער ראָגאָווער און קאָזע־גאַס; פון חיים־אהרקעס ביז חיים רב'ס; נחום וואָלף, ביז דעם „אייזערנעם קאָפּ", ווו עס האָט זיך געענדיקט די סטריגע, ביז דעם אַלטן בית־עולם: דער גביר חיים שמואל ראָזענבוים, דער מילנער, און די דערביאיקע אָרימקייט: דער שול־הויף פון הקדש ביז דער באָד; דער פערד־מאַרק; די עטלעכע שטאָט גבירים, ווי בוטשע רובינשטיין, און אַנדערע, ביי וועלכע מען פלעגט פאַר אָרימע קראַנקע אין אַן עת צרה בעטן אַ ביסעלע יויך.

איינמאָל פורים ווען די מגילה איז אויסגעפאַלן דאָנערשטיק, אין אַ מאַרקס־טאָג, און די אָרימע קרעמערס האָבן זיך געאײַלט צו דער מגילה און האָבן פאַרגעסן אַוועקצורוימען די געשטעלן, טישלעך, און פּעסער, האָט זיך אַ חברה שטיפער אַ לאָז געטון אויפן מאַרק־פּלאַץ אַרויף, אַראָפּגעטאַשטשעט די סטאָלענקעס, אַראָפּגעקוילערט די פּעסער און מיט דעם אָנגעפילט דעם פּאָליש פון אַלטן בית־מדרש. און ווען ס'איז געקומען ביים דעם „ויהי המן", האָט זיך אויף זייער שטייגער אָנגעהויבן די גרויסע שלאַכט. די פּעסער זענען געשפּרונגען אין דער לופטן. פון די טישלעך איז געוואָרן אַש און ערד, מיט אַ שטשאַפּע האָלץ האָט מען צעכמאַליעט דעם קופּערנעם האַנט־פאַס. גלייך נאָכן לייענען איז פון די „קאָזעלעך" געוואָרן אַ טראָגעריי פון דעם אָנגעבראָכענעם האָלץ. דעמאָלט ערשט האָבן זיך די קרעמער געכאַפּט.

נאָך דער סאָקאָלאָווער שריפה, ווען דאָס שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן צוריק אויפבויען, איז אין שטעטל געקומען אַ גאַסט — דער משוגענער בן־ציון ער איז דעמאָלט געווען אין עלטער פון עטלעכע דרייסיק יאָר, אַ גרויסער למדן, מרה־שחורהניק, און צייטנווייז אויך פריילעך. זיין מרה־שחורה זאָל האָבן געקומען פון אַ ליבע, און ס'איז אַ פאַקט אַז ער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו רעדן און צו זינגען פון ליבעס. אונדזער שטעטל איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ גאַנצע רייע לידער וועגן געשעענישן, וואָס זענען פאַר אונדז געווען פרעמד. אַ סך לידער האָט ער אפילו אַליין איבערזעצט פון פּויליש. פון זיין רעפּערטואַר געדענק איך: „דער גלח שלאָפט מיט דער בעל־ביתטע" (פּרי־מיטיוו און ראָמאַנטיש); „וואָס וועט זיין, טייערער מיינער, אַז מיר וועלן חתונה האָבן און האָבן אַ קינד, ווו וועלן מיר נעמען אַ וויגעלע"; „דאָרט אויפן בוידעם שטייט אַ פעסל"; „איך מאַרק שטייען הענער — מאָגער ווי די שפּענער, נאָך ערב יום־כיפּור ליד: „דער פּאָטשטער וואָס טראָגט די ידיעה, איינעם זאָגט ער אָן אַ גוטע בשורה, און דער צווייטער רייסט שוין קריעה; „אויף דער פיר. איך געזעגן זיך מיט דיר" (פון מאָניושקאָס „האַלקאַ") „ווער ס'וועט צעשיידן אונדזער ליבע, זאָל האָבן אָפּגעשניטענע יאָרן", „ווען איך וואָלט געווען אַ פייגעלע וואָלט איך צו דיר געפלויגן" — א. א. אונדזערע לאַנדסלייט, ווו זיי זענען, וועלן זיכער נאָך געדענקען די לידער. מיין טאַטע איז אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון זיין „שיר המעלות" און חיים שמואל ראָזענבוים, דער בעל־מוסף פון דער שול, האָט געזונגען זיין וכל־מאמינים מיט דעם ניגון פון „האַלקא" — און דאָס אַלץ אַ דאַנק בן־ציונדלען.

דער פּאָדעם האָט זיך אַזוי געצויגן אין אונדזער שטעטל ביזן ערשטן וועלט־ קריג. ביי קלמן שעפּסלס (אַ באַקאַנטער נאָמען) וואָס האָט געוווינט אַנטקעגן איבער אהרן קאַרפּעל, נעבן שטאָטישן מאַרק, איז געווען אַ פאַבריקל פון סאָדע וואַסער, וואָס האָט געהערט צו קלמן־שעפּסלס, און דער צווייטער טייל פון דעם געוועלבל — צו זיין זון יצחק־דוד, וועלכער האָט פאַרקויפט

נאַשוואָרג און סאָדע־וואַסער. (ס׳איז געווען מער „קיביציארניע״ ווי געוועלב), פון די אָפּטע געסט, אויפגעקלערטע יידן, געדענק איך: ישראל־לייבוש טייבלום, ישראל נתע, מענדל דעם רב׳ס זון. יצחק־דוד אַליין איז געווען אַ קלוגער ייד. דאָרט איז אויך געקומען מרדכי לוקעווער־פּאַרדיאזור, מרדכי זלמן ווינאָגורא, מיין פֿאָטער משה לייזער און שלאַפּמיץ, מען האָט דאָרטן געשמועסט פון פּאָליטיק. פון די צייטונגען האָבן מיר געשעפּט די נייעס פון פראָנט, מען האָט דיסקוטירט וועט ס׳וו׳עט יאָ, אָדער נישט געווינען. דאָס איז געווען בעתן ערשטן וועלט־קריג. דער אינטערעסאַנטסטער שמועס.

אין דער זעלבער צייט איז אונדז צוגעקומען היימלאָזע געסט פון פּינסק. פאָלקס יידן פון אַ הויכע קולטורעלע מדרגה, למדנים און ישיבה בחורים, וועלכע האָבן געהאַט אַן השפּעה אויפן קולטורעלן לעבן. ווען די דייטשן האָבן אין 1915 פאַרנומען סאָקאָלאָוו, און יידן האָבן אָנגעהויבן פרייער צו אָטעמען איז ביי משה־חיים שפּילמאַן געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יידישע ביבליאָטעק, די מיטגרינדער זענען געווען די צוויי היימלאָזע: בצלאל פרידמאַן און בן־ציון גאָלדבערג. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרצווייגטע, קולטורעלע און נאַציאָנאַלע טעטיקייט. בצלאל פרידמאַן, אַ לערער, האָט געוווינט ביי אַ פּוילישן ווירט נעבן דעם שטאָט־גאָרטן. מיין חבר און פריינד נתע קויפמאַן האָט מיך דעמאָלט איינגעלאַדן צו פאַרקויפן „דאָס יידישע פאָלק״ און די „הצפירה״, וואָס איז געווען נישט קיין לייכטע, אָבער דערפאַר חשובע אַרבעט.

אַ ביסל שפּעטער איז צו אונדז געקומען שלמה שערצמאַן פון שעדלעץ, ער איז געוויס געווען די אינטערעסאַנטסטע פערזענלעכקייט, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געקענט. (ער איז געווען סעקרעטאַר אין דעם דייטשישן באַצירקס־געריכט).

שלמה שערצמאַן גרינדעט די „פּועלי־ציון״־פּאַרטיי. באַלד באַטייליקן זיך אַקטיוו אויך אייזיק פלאַטנער, שמעון רובינשטיין, ברוך ווינאָגורא, איטשע פאַרביאַזש, נתע קויפמאַן, אַלטער שוסטער און בצלאל פרידמאַן, ס׳ווערן איינגעאָרדנט אַן ארבעטער־היים מיט אַ לייען און טעאַטער־זאַל פאַר עטלעכע הונדערט מענטשן; און דאַן ביי אהרן קאַרפּעלס אַ דראַמאַטישע סעקציע, וואָס האָט צום ערשטן אויפגעפירט גאָרדאָנס „דער ווילדער מענטש״. ס׳איז געווען צו באַוווּנדערן ווי אייזיק פלאַטנער, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געהאַט געשפּילט טעאַטער, האָט רעזשיסירט און אויך געשפּילט.

צו געדענקען זענען אויך די טאַלאַנטירטע זעלדע ראָזענבוים און ברײַנדל ראָזענגאַרט. צו דער זעלבער צייט זענען אַנטשטאַנען די פּאַרטייען (צווישן זיי אויך „צעירי־ציון״), שולן און אָוונט־קורסן — מיט די לערער האָלצהעקער, און שפּעטער — בצלאל פרידמאַן און בן־ציון גאָלדבערג. ס׳אַנטוויקלט זיך אויך די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן יידן, אין ווען די דייטשן זענען אַ שונה. מען גרייט זיך צום ערשטן מאָל אין סאָקאָלאָוו צו פייערן דעם ערשטן מאַי... די דייטשע מאַכט שליסט די אַרבעטער־היים; ס׳ווערט אַרעסטירט

אַ טייל פון קאָמיטעט, שערצמאַן אַנטלויפט. די ערשטע מאַי־פייערונג קומט פאָר אין וועלדל אויף דעם דראַגאָטשינער וועג, אויף יעדע 20 מעטער שטייען אונדזערע חברים און יוגנטלעכע. די פאַרזאַמלונג קומט פאָר אין דער אַנוועזנהייט פון שערצמאַן. פלוצעם באַווייזט זיך פאָליציי און פעלד־זשאַנדאַרמעריע, מען לייזט אויף די מאַניפעסטאַציע און מען הויבט זיך אָן צעלויפן. אַ טייל ווערט אַרעסטירט און איינגעזעצט אין סאָקאָלאָווער תפיסה.

עס אַנטשטייט אַ קאָנספּיראַטיווע און שטילע באַוועגונג ביזן סוף פון קריג. די דייטשן גייען אַוועק, און פּוילן ווערט זעלבסשטענדיק. די באַוועגונג לעבט ווידער אויף, און עס עפנט זיך ווידער די „אַרבעטער־היים" ביי שמעון יאָסל־עליעס. בצלאל פרידמאַן אָרגאַניזירט די יוגנט אונטער דער לייטונג פון די „פּועלי־ציון". אין ערשטן קאָמיטעט איז געווען עליע בראַווערמאַן, צביה בעקערמאַן, רבקה קאַווער, מאָטל ראָזענצווייג, מלכה שטשערב, נחום זילבערמאַן, יצחק וואַלצער. שפּעטער קומען אָן נאָך אַנדערע. דאָס איז דאָס שענסטע קאַפּיטל פון יענער צייט. ס׳הויבט זיך אָן אַ נייע קולטור־טעטיקייט צווישן דער יוגנט. מיר ווערן באַרייכערט מיט חיים נח ווינאָגורא, וועלכער איז צוריקגעקומען פון עסטרייך, ער האָט פאָרטראַגן אויף קולטורעלע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע טעמען. ער גרינדעט אַ יוגנט דראַמ־קרייז, וואָס איז זיכער געווען איינע פון די שענסטע אין גאַנצן ראַיאָן. נתע קויפמאַן האָט לעקציעס און ווערט, צוליב דעם, שטאַרק באַליבט.

אין יענער צייט איז אין סאָקאָלאָוו געווען זייער טעטיק די באַקאַנטע בונדיסטקע נעכע וואַליגורא — די טאָכטער פון חיה־שרה שואלקיס, וואָס זי האָט נאָר פאַרדינט, האָט זי געגעבן פאַר דער באַוועגונג. אויך אין וואַרשע איז זי געווען אַקטיוו, דאָרט געהונגערט און צוריקגעקומען קיין סאָקאָלאָוו, ווו זי איז נאָך שווערע ליידן געשטאָרבן. פאַרן טויט האָט זי נישט געוואָלט זאָגן קיין „ווידוי" מיטן פולן באַוווּסטזיין געזונגען די בונדישע „שבועה. געשטאָרבן איז זי אין אַ פרייטיק־צונאַכטס. שבת האָבן אַלע פאַרטייען באַשלאָסן אַז די לויה זאָל פאָרקומען זונטיק, כדי אַלע זאָלן קאָנען אָנטייל נעמען. ס׳ווערט אָוועקגעשטעלט אַ וואַך נישט צו לאָזן פריער קובר זיין. די ברידער שפּאַנקע נעמען איבער די ערן־וואַך. די מוטער און די רעליגיעזע יידן לייגן איין וועלטן. די גאַנצע סאָקאָלאָווער יוגנט און אַלע געזעלשאַפטלעכע כוחות גרייטן זיך צו דער לויה. די עגלה ווערט באַדעקט מיט בלומען. ס׳ווערן געטראָגן טראַנספּאַרענטן מיט אויפשריפטן פון אַלע גרופּירונגען. איך דערמאָן זיך די אויפשריפט פון דער יוגנט: „אַ העלד קעמפט, זיגט און פאַלט".

דער צוג רירט זיך אין אַ פראָסטיקן טאָג, וואָס שניידט די הענט, די טרעגער פון די פענער און טראַנספּאַרענטן. אַ חברים־מיליץ גייט פאָרויס און רופט צו פאַרמאַכן אַלע געוועלבער. דער סאָקאָלאָווער רבי איז נישט געווען צופרידן, אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכן. דער צוג גייט פון חיים רב׳ס פאַרביי דעם פערד־מאַרק אין דער ריכטונג פון דער שעדלעצער גאַס ביז

דעם פאָטאָגראַפיסט ליבראַך. דאָרט וואַרט דער כאַר פון „ארבעטער־היים" אונטער דער אָנפירונג פון חיים נח ווינאָגורא. מיט געזאַנג און טרערן באַגלייטן מיר זי צו דער אייביקער רו, „מיר הויבן די הענט און שווערן צו קעמפן, צו קעמפן ווי דו..." ביים קבר האָט גערעדט ברוך ראָזנבוים, אַלטער שוסטער און איך — מצד דער יוגנט. קליין און גרויס האָבן אין דעם פּראָסטיקן טאָג זיך געטאָפּטשעט אין דעם טיפן שניי ביז דעם נייעם בית עולם.

די פּוילישע נייע הערשער האָבן דערזעען ווער ס'איז דער רעוואָלוציאָנערער כוח אין שטאָט. רעליגיעזע יידן האָבן אונדז דאָס נישט געקאָנט מוחל זיין. עס איז געבליבן אַן אומפאַרגעסלעכער איינדרוק פאַר דער גאַנצער שטאָט. און מיר, לעבנגעבליבענע, וועלן דאָס זיכער קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דאָס איז געווען די צייט פאַרן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. מיר איז באַקאַנט אַז דער גאָלדענער פאָדים האָט זיך ווייטער געצויגן, עס איז פאַר מיר שטענדיק געווען אַ חלום צוריקצוקומען אין מיין געבוירן־שטעטל — סאָקאָלאָו־פּאָדליאַסקי.

אברהם ביאלילעוו
(גבעתיים)

# סאָקאָלאָוו ביזן חורבן

## I

דאָס שטעטל סאָקאָלאָוו ליגט פאַרדרימלט צווישן די ברייטע פעלדער פון פּאָדליאַשע מיט די צונויפגעקוועטשטע הילצערנע הייזלעך, מיט דעם גרויסן „פערד-מאַרק" און דעם קליינעם מאַרק, וווּהין יעדן דאָנערשטיק פלעגן זיך צונויפקומען טויזנטער פּוערים פון די אַרומיקע דערפער און ישובים מיט זייערע פערד און וועגענער, חזירים, עופות, קעלבער, תבואה א. א. וו.

דער מאַרק־גערודל פלעגט דעמאָלט איבערייסן די אידילישע שטילקייט פון שטעטל. יידן און יידענעס זענען פאַרפאָרעט אין זייערע געוועלבער און סטראַגאַנעס, באַדינענדיק די פּויערים, ווער מיט אַ פּאָר פונט זאַלץ און נאַפט, ווער מיט קוילעטשעס, הערינג און אַנדערע זאַכן. דרייען זיך יידן אַרום צווישן דעם געדיכטן פּלאָנטער פון פערד און וועגענער און באַטראַכטן בנעי־מות, אַ קעלבל אָדער אַ זעקל תבואה אויפן וואָגן. שטייען טאַנדייטניקעס מיט זייערע צונויפגעשלאָגענע הענגערס און טישן און פאַרקויפן זייערע אויס־אַרבעטונגען.

ס'טרעפט אָפט אַז שיכורע פּוערים פּרוּוון זיך לוסטיק מאַכן און איבער־דרייען אַ יידישע בויד מיט סחורה, און באַקומען דערפאַר דעם פּסק באַלד אויפן אָרט פון די קצבים, בעלי־עגלות, טרעגערס און אַנדערע חברה־לייט אויפן מאַרק. עס פלעגן זיך דערביי אויסצייכענען חיים דער וואַסער קאָפּ יאַנקעלע־מאיר „קרעט" און אַנדערע. דער שלום צווישן די צדדים פלעגט זיך ס'רוב ענדיקן אין דער שכנותדיקער שענק.

אין שטאָט געוועלטיקט אַ רוסישער וואַכמישטש (אויפזעער), וועלכער טרעפט זיך מיט די יידן, נאָר בעת אַ „גאַלאָווקע", ווען מען אָרדנט איין אין שול אַ מי שברך דעם צאַר. קיין אַנדערע אינטערעסן בינדן אים נישט מיט די יידן. נישט געווען נאָך דעמאָלט קיין פּאַרטייען, נישט קיין בונטאָווטשיקעס און רעוואָלוציאָנערן. אַזוי לויפן די יאָרן, און דורות ווערן געבוירן און דורות ווערן פאַרלוירן. זיצן יידן אין בית־המדרש ווינטער ביים וואַרימען אויוון און

דערציילן זיך מעשיות וועגן נאַפּאָלעאָנען, וועגן דעם רוסיש־טערקישן קריג, און דער עיקר — מעשיות און מופתים פון גוטע יידן.

דער בית־המדרש איז אַ גאַנצן טאָג פול מיט די ניגונדיקע קולות פון בחורים און סתם יידן ביי לערנען אַ בלעטל גמרא מיט תוספות.

פרייטיקצינאַכט איז דאָס גאַנצע שטעטל מקבל שבת אין דער שול, וואָס איז צעטיילט אויף מתפללים אין פּאָליש, אין ביידע זייטן חברה תהילים, און אויך אין שניידער שולעכל. אין שכנות איז דאָס אַלטע בית המדרש פול מיט יידן. פון יעדער גאַס שפּאַרן אַרויס די ניגונים פון לכה דודי: אין גערער שטיבל, אַלעקסאנדערער, סקערניוויצער, קאָצקער און אַנדערע. פון איין עק שטעטל ביזן אַנדערן, שפּרייט זיך אויס מלכותדיק דער קבלת שבת־קודש.

אויפן כסא הרבנות אין סאָקאָלאָוו זענען געזעסן באַוווסטע רבנים, אָבער אַ לאנגע צייט האָבן זיי נישט באַוויזן איינצוהאַלטן דאָס כסא הרבנות, צוליב די גרויסע מחלוקתן וואָס זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך פאַרשידענע תקיפים. עס איז אפילו געווען אַ פאַל ווען מען האָט מיט כוח פאַרטריבן אַ רב פון שטאָט.

אַן אויסנאַם איז געווען דער רב ר׳ יצחק זעליג מאָרגנשטערן ז״ל, וועלכער איז געזעסן אויפן כסא הרבנות קרוב 40 יאָר (ביזן צווייטן וועלט קריג). אויסער רב אין שטאָט איז ער אויך געווען רבי פון אַ טייל חסידים וואָס זענען געוואָרן זיינע אָנהענגער נאָך דער פטירה פון זיין פאָטער, דעם פילעווער רבי ז״ל. דער סאָקאָלאָווער רבי איז אַמאָל אויך געווילט געוואָרן אין אַ רבנים דעלעגאַציע, וואָס איז געפאָרן קיין פעטערבורג; ער האָט אויך געגרינדעט און אָנגעפירט מיט אַ ישיבה אין סאָקאָלאָוו און געווען טעטיק ווי אַ דעלעגאַט אויף אַגודישע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן.

די גאַנצע אַדמיניסטראַציע פון דער קהילה איז דאַן געווען אין די הענט פון דעם אָרטיקי בירגערמייסטער, וועלכער פלעגט צוזאַמען מיטן רב און דאָזאָרעס צונויפשטעלן אַ בודזשעט פון די רעגיליעזע הצטרכותן און אַרויפלייגן אַזוי גערופענעם עטאַט (שטייער) אויף די בעלי־הבתים פון שטאָט. די ברייטע מאַסן האָבן נישט געהאַט קיין ידיעה פון דעם וואָס עס טוט זיך אין דער קהילה פאַרוואַלטונג און זיי האָבן זיך אויך נישט דערמיט פאַר־אינטערעסירט.

אַזוי ווי אין פיל אַנדערע קהילות האָט זיך אויך אין סאָקאָלאָוו גע־פינען אַ ייד אַ נדבן, ר׳ שמעון גרודקער ז״ל, וועלכער האָט מיט זיינע אייגענע מיטלען אויפגעבויט אַ הקדש אויף דער שול־גאַס, אין וועלכן אַ העלפט איז געווען באַשטימט פאַר אָרימע און פאַרוואָרלאָזטע משוגעים צום נעכטיקן און אויפהאַלטן זיך, און די אַנדערע העלפט אויף אַ תלמוד תורה.

אַ צווייטער ייד, משה מלכה׳ס אָדער משה באַריכאָווסקי, האָט אויפ־געבויט דעם נייעם בית המדרש כמעט אינגאַנצן דורך זיינע מיטלען. פון

צייט צו צייט פלעגן אויך פאַרשידענע פאַמיליעס לאָזן שרייבן אויף זייערע קאָסטן אַ ספר תורה פאַר דער שול אָדער בית המדרש, דאָס פלעגט געשעען מיט גרויס פייערלעכקייט, מוזיק, טענץ און אַ סעודה פאַר אַ גרויסן עולם.

צו די פּאָפּולערסטע מענטשן פון שטאָט האָבן געהערט די בעדערס (יידן, וועלכע האָבן געהאַלטן די קהילהשע באָד און מקוה אין אַרענדע). וועל־כער ייד איז דען נישט געגאַנגען אין מקוה אָדער באָד. נאַטירלעך איז דאָס געווען די אויפגאַבע פון די דאָזאָרעס צו דערהאַלטן די מקוה אין אַ געהעריקן מצב. ווען ס'האָט זיך געפאָדערט אַן ערנסטער רעמאָנט, איז די גאַנצע שטאָט אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם ענין.

אַ באַזונדערע וועלט מיט איר אייגנאַרטיקער אויטאָנאָמיע איז געווען די חברה קדישא מיט אַ געוויילטן גבאי בראש דורך די חברה לייט. זייערע באַפעלן זענען געווען הייליקע. משה לייזערקעס אָדער משה מאַשעזאָן ז״ל, דער דאַמען־שניידער, וועלכער האָט אויסגענייט פאַר די סאָקאָלאָווער כלה'ס דעם חתונה אויסשטייער, איז געווען גבאי אין שניידער שולעכל. (ער האָט אויך אַ לאַנגע צייט געפירט דאָס גבאות פון די חברה קדישא. די עסקנים זענען געווען גרייט אויף יעדן רוף, אפילו אין מיטן דערנאַכט, אין גרויסן



חברה קדישא

פראָסט, אין אַ זאַווירוכע צו טון זייער פליכט. מיט זייער איבערגעגעבנקייט האָבן זיך אויסגעצייכנט: מאיר רייזמאַן, (מען פלעגט אים רופן — מאיר קרעט) שמעיה טאמע, אברהמלריידער, יודל בלאכער און אַנדערע.

אין סאָקאָלאָוו איז אויך געווען טעטיק אַ קאָאָפּעראַטיווע ליי־און שפּאָר־

קאָסע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: הערש טוביע בער, יהושוע לינדע, משה מאָשעזאָן און אַנדערע. בוכהאַלטער איז געווען דוד אייזיק בערס. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז אַ גרופּע יונגע־לייט האָבן נעגרינדעט אַ חברה לינת־הצדק, ביי וועלכער עס זענען געווען טעטיק די צוויי יידישע פעלדשערס יעקב פלינדער און יעקב ביכאָווסקי (דער לעצטער איז אויך שפּעטער געווען דער איינציקער יידישער פרייוויליקער פייערלעשער ביי דער אָרטיקער פוילישער פייערלעשער־אָרגאַניזאַציע).

צווישן דער יידישער באַפעלקערונג זענען דאַן אין סאָקאָלאָוו נאָך נישט געווען קיין דיפּלאָמירטע אינטעליגענטן. דער איינציקער בחור, וואָס האָט געלערנט אין אַ גימנאַזיע, איז געווען יעקב פלינדערס אַ זון — יאָסעלע פלינדער. ווען ער פלעגט קומען אויף אַ יום־טוב אַהיים מיט זיין העלן גימנאַזיסטן פּאַלטאָ מיט די זילבערנע קנעפּ, פלעגט ער ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון גאַנצן עולם, און קנאה פון דער סאָקאָלאָווער יוגנט.

טראָץ דעם פאַרבאָט פון דער צאַרישער מאַכט איז אין סאָקאָלאָוו געווען טעטיק אַ ציוניסטישע יוגנט גרופּע, וואָס פלעגט געהיים דורכפירן געלט־זאַמלונגען פאַרן קרן־קימת לישראל און אַנדערע אונטערנעמונגען. ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען קאָנספּיראַטיוו, אין פּריוואַטע וווינונגען. פאַרן הויז זענען געשטאַנען יוגנטלעכע און געהיטן, צו עס באַוויזט זיך נישט דער שטאָטישער זשאַנדאַרם און וואַכמישטש. צו יענער צייט איז אויך געווען טעטיק אַ בונדישע גרופּע, וועלכע האָט געפירט איר אַרבעט קאָנספּיראַטיוו.

די יידישע באַפעלקערונג פון סאָקאָלאָוו איז באַשטאַנען פון בערך 60% בעלי־מלאכות: שוסטערס (איניקע הונדערט פאַמיליעס) פעלצנמאַכערס, שניידערס א. א. וו. די רעשט 40% באַפעלקערונג: קליינע סוחרים, דאָרפסגייער, מלמדים און סתם קבצנים.

טראָץ דעם זינט דורות איינגעבירגערטן אַנטיסעמיטיזם ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג, זענען די באַציונגען צווישן די יידן און פּאָליאַקן געווען ענגע. זונטיק גאַנץ פרי פלעגן זיך אַרויסלאָזן די דאָרפס־גייער מיט זייערע זעקלעך אויף די פּלייצעס אין די אַרומיקע דערפער, און במשך פון דער גאַנצער וואָך פירן זייער האַנדל מיט די פּויערים, געגעכטיקט אויף דעם פרישן היי אין די סטאָדאָלעס און אין ווינטער — אויף דעם וואַרימען אויוון ביי די פּויערים. אויף שבת פלעגן זיי קומען אַהיים צו ווייב און קינדער און מיטברענגען — ווער אייער, קעזלעך, קאַרטאָפל און אַנדערע גרינוואַרג, ווי אויך אַ ביסל געלט אויף חיונה.

דאָס יאָר 1905 ברענגט אויך קיין סאָקאָלאָוו די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן לאַנד קעגן צאַר פון רוסלאַנד. עס באַוויזן זיך אויך אויף דער יידישער גאַס יידישע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע גייען אָנגעטון שוואַרצע בלוזעס און רויטע קראַוואַטן. אין איינעם אַן אָוונט, ווען איבער די גאַסן פון שטאָט מאַרשירט אַ פיל־טויזנט־קעפּיקע דעמאָנסטראַציע

אַרבעטער פון דער נאָענטער צוקער־פאַבריק אין פשעזדיאַטקע (מיטן אָנטייל פון קיפּיעטינער און ראָגאָווער פּאַראָבקעס) גייען אויף יידישע רעוואָלוציאָנערן אין די רייען, אויך צווישן די פאָנעך־טרעגערס. פון זיי איז כדאי צו דערמאָנען דוד פרידמאַן, יחיאלקע ראָזנבוים (ישראל איצל קצבס אַ זון), דוד טענענבוים, קלמן יחיאל פרידמאַן, שלום און אַנדערע.

שטורמישע צייטן האָבן זיך אָנגעטראָגן אויפן שטעטל. ס'באַווייזן זיך אָפּטיילונגען רוסישע זעלנער, און באַלד הערן זיך ידיעות וועגן אַ באָמבע אַטענטאַט אויפן שעדלעצער מיליטערישן קאָמענדאַנט, און באַלד דערנאָך — אַ פּאָגראָם אויף יידן אין שעדלעץ, אָרגאַניזירט דורכן צאַרישן מיליטער. ס'פאַלן בערך 50 קרבנות. אַ טויט־שרעק כאַפּט אַרום די באַפעלקערונג און פיל מענטשן צעפאָרן זיך אין די דערפער צו באַקאַנטע פּויערים אויף איבערצוּוואַרטן די אומרוּקע טעג. אינצווישן ווערט אויך אויסגעפירט אַן אַטענטאַט דורך יידישע רעוואָלוציאָנערן אויפן סאָקאָלאָווער וואַכמישטש קוטאָוו.

אין אייניקע יאָר אַרום (1910), ערב שבועות אינדערפרי ברעכט אין שטאָט אויס אַ שריפה. דער שטאַרקער ווינט צעטראָגט דאָס פייער פון איין עק שטאָט ביזן אַנדערן, און אין משך פון אַ פּאָר שעה איז כמעט די גאַנצע שטאָט אין פלאַמען. אַ ריזיקע צאָל נשרפים ציען זיך איבער אַלע גאַסן און געסלעך, טראָגנדיק דאָס ביסל אָפּגעראַטעוועטע האָב און גוטס אין די קריסטלעכע קוואַרטאַלן, ווו זיי באַזעצן זיך צייטווייליק ביי באַקאַנטע פּויערים אין שטובן, תבואה־שייערס, אָדער אויפן פעלד. עס דאַרף דערביי דערמאָנט ווערן די באַלדיקע הילפס־אַקציע אין די אַרומיקע שטעט: שעדלעץ, ווענגראָוו־קאָסאָוו, סטערדין א. א. פונוואַנען עס זענען באַלד אָנגעקומען וועגענער, באַלאָדן מיט חלה'ס, צוקער, מעל און אַנדערע שפּייז פּראָדוקטן.

דאָס שטעטל הויבט זיך אָן ביסלעכווייז ווידער אויפבויען, אָבער דער שאָטן פון דער שווערער צייט, דער ריס וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג מיט דער פּוילישער בעת די וואַלן צו דער רוסישער דומע, ווען די יידישע באַפעלקערונג האָט געשטימט פאַר די פאָלקס־דעפּוטאַטן פון די פּוילישע דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, און נישט פאַר דער „ענדעציע" אָדער פּריצישע דעפּוטאַטן, האָט אָנגעוואָרפן פּחד און פּיין פאַר די יידן אין סאָקאָלאָוו.

עס עפענען זיך איינע נאָך די אַנדערע פּוילישע קאָאָפּעראַטיווע געוועלבער אין שטאָט און אין דאָרף, די ענדעקישע צייטונג „דוואַ־גראָשע" פאַרשפּרייט אַנטיסעמיטישן גיפט, רופנדיק טאָג טעגלעך די פּאָליאַקן נישט צו קויפן ביי יידן. די לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ" (נאָר ביי אייגענע) איז פאַרשפּרייט געוואָרן טיף און ברייט צווישן די פּוילישע מאַסן, און דער יידישער האַנדל ווערט מיט יעדן טאָג מער באַדראָט.

תשעה באָב 1914 פאַלט ווי אַ שווערער וואָלקן אויף דער שטאָט די ידיעה פון אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג. איובס בשורות קומען אָן פון

שטעט און שטעטלעך. די צאַרישע חיילות צייכענען זייער וועג מיט יידישע תליות און בלוט. מחנות היימלאָזע הויבן אָן אָנקומען. זיי ווערן אויפגענומען דורכן הילפס־קאָמיטעט וואָס האָט זיך שנעל געשאַפן בראש מיט ראקאטש, בנימין עלענבערג, פנחס טשערניצקי און אַנדערע. עס דערנענטערט זיך דאָס אָפּטרעטן פון די רוסישע חיילות אויך פון סאָקאָלאָוו און פאַרלאָזן די שטאָט מיט אַ שיסעריי און רויבעריי און ס׳פאַלן דערביי 9 יידישע קרבנות. די שטאָט ווערט אָקופּירט דורך ווילהעלמס דייטשן.

די דייטשן זענען באַשעפטיקט מיט אַריינברענגען ריינקייט און אָרדענונג אין שטאָט. די פאַמיליע שאַפּראַן באַקומט אַ קאָנצעסיע אויף אַן עלעקטראָווניע, און סאָקאָלאָוו באַקומט דאָס ערשטע מאָל עלעקטרישע באַלייכטונג. און דער מאַגיסטראַט — אַ יידישן ראַטמאַן (הערשל גרינבערג).

צוליב די פאַרשידענע באַגרענעצונגען און רעקוויזיצ־עס פון דער מיליטער ווערט דאָס לעבן וואָס אַמאָל שווערער, אָבער די יידן אין סאָקאָלאָוו גיבן זיך ווי עס איז אַן עצה. דאָס ראָד טוט זיך אַ קער איבער — ווער עס איז געווען פריער רייך, ווערט ביסלעכווייז אָרימער, און עס שטייען אויף פרישע נגידים. אויך אין דער מיליץ האָבן געאַרבעט יידישע בחורים.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך דאָס געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן פון שטאָט אינגאַנצן געענדערט. עס פאַרשווינדט די אַלטמאָדישע הלבשה. עס אַנטשטייען ביבליאָטעקן, פאַריינען און פאַרטייען. פון צייט צו צייט גאַסטראָלירן אין שטאָט טעאַטער טרופּעס.

די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט ברענגט אויך אַריין אָרדענונג אין דעם פאַרוואָרלאָזטן קהילה־לעבן. עס ווערט פאַרעפנטלעכט אַ קהילה־סטאַטוט מיט דער פאַראָרדענונג פון אַלגעמיינע פראָפּאָרציאָנעלע און געהיימע וואַלן צו דער קהילה. ס׳ווערן אויסגעוויילט די דאָזיקע: משה באַריכאָווסקי, משה לוסטיגמאַן, ישעיהו שאַפּראַן, יהושע לאַנדאו און אַנדערע. די קהילה פאַרוואַלטונג באַקומט איר אייראָפּעישן און דעמאָקראַטישן כאַראַקטער.

די מלחמה ענדיקט זיך און פּוילן ווערט צוריק זעלבסטשטענדיק. די יידן אָטעמען אָפּ לייכטער אין דער האָפנונג, אַז דאָס נייע פּוילן וועט זיין דעמאָקראַטיש... מיט גרויס אינטערעס פאַרנעמט זיך די יידישע באַפעלקערונג מיט די וואַלן צום פּוילישן סיים (פּאַרלאַמענט). אַ דאַנק דער פאַראייניקונג מיט די אנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פּוילן: דייטשן, אוקראַינער, ווייסרוסן א. א. וו. באַקומען אויך יידן אַ היפּשע צאָל דעפּוטאַטן.

נאָך אַ קורצער צייט פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט טרעט אַרויס דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם שאַרפער און ברוטאַלער. די אַנטיסעמיטישע פּרעסע העצט אויף שריט און טריט. יידן ווערן באַפאַלן אויף די וועגן און באַנען. די יידישע קהילה מוז אויסברייטערן אירע קאָמפּעטענצן אויך אויפן פּאָליטישן געביט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע פּאָליטישע טעטיקייט פון אַלע פּאַרטייען — פון עקסטרעם רעכטס, ביז עקסטרעם לינקס. די וואַלן צו דער

יידישער קהילה ווערן געפירט אונטערן צייכן פון די פּאָליטישע פּראָגראַמען פון די פּאַרטייען. יעדע פּאַרטיי האָט געקעמפט, כדי צו געווינען וואָס מער פאָרשטייער אין דער יידישער קהילה.

כדאי צו דערמאָנען די נעמען פון די קהילה פאָרשטייער, וועלכע האָבן געלעבט און געווירקט אין די פאַרשידענע קאַדענצן פאַרן חורבן סאָקאָלאָוו: משה לוסטיגמאַן („אגודה״), חיים יעקב שפּאָדעל, הערש קייט און שיע זעלאַנילאָס („אגודה״); חיים זילבערמאַן, מענדל לאַשיצקי, מאָטל שלאַפּמיץ און בנימין רובינשטיין (ציוניסטן); אַלטער חיים קאַפּאָוו, פּנחס צערניצקי, קשידלאָווער, שוואַרצבאַרט, זיגדל לערמאַן און שכנא ראַדזינסקי („המזרחי״); בראַווערמאַן („בונד״); אברהם ציצינסקי, און אברהם ווײַנבערג (האַנדווערקער); דוד ליבער־מאַן (פּועלי־ציון לינקע; יצחק זאַרעמבסקי (פּועלי־ציון רעכטע).

דער ראַבינאַט איז באַשטאַנען פון: הרב ר׳ יצחק זעליג מאָרגענשטערן ז״ל (אויך סאָקאָלאָווער רבי, צו זיין טיש זענען געקומען טויזנטער חסידים פון פּוילן), ווי אויך דער מורה הוראה ר׳ מרדכי האַלבערשטאַט ז״ל, אַ תמימותדיקער און עניוותדיקער למדן און בקי, דער נשיא פון די חב״דער חסידים.

היטלערס סם האָט אָנגעהויבן וואָס מער אַרײַנדרינגען אויך אין פּוילן. די בויקאָט באַוועגונג קעגן יידן, נעמט אָן אַלץ שאַרפערע פאָרמען. עס דערגייט צו אַ מצב ווען אין יאָר 1938 שטעלן די פּוילישע אַנטיסעמיטן אַוועק ביי די יידישע קראָמען פּיקעטן צו היטן אַז פּוילישע קונים זאָלן נישט אַרײַנגיין אין יידישע געוועלבער. אין איינעם אַ מאַרק־טאָג, ווען די שטאָט איז פול געווען מיט פּויערים פון דער גאַנצער סביבה איז פאָרגעקומען אין סאָקאָלאָוו אַ פּאָגראָם. יעדער יידישער דורכגייער אין גאַס ווערט צעשלאָגן; שויבן און ביטרינעס ווערן אויסגעשלאָגן; יידישע סטראַגאַנעס ווערן אומגעדרייט און עס דערגייט צו אַזאַ לאַגע, אַז אייניקע מיטגלידער אין קהילה־פאַרוואַלטונג, מיט דעם שרייבער פון די שורות, לויפן דורך אונטערגעסלעך צום סטאַראָסטווע בעטן הילף און שוץ. עס איז אויך אַלאַרמירט געוואָרן דער יידישער סיים־דעפּוטאַטן־קלוב אין וואַרשע, וועלכער שיקט אַרויס אַ דעפּוטאַט צו פאָרשן און אונטערזוכן.

דאָס זענען געווען די ערשטע כוואַליעס פון דעם מבול וואָס האָט גע־האָנגען איבערן פּוילישן יידנטום ביז סעפּטעמבער 1939, ווען די היטלעריסטישע חיילות זענען אַרײַן אין שטאָט און האָבן אָנגעהויבן זייער טויט און חורבן.



„בית־יעקב" - גרופע אין סאקאלאוו

הערשל י. קויפמאַן
(פּאַריז)

# די גרויסע שריפה

ווען אינעם טאָג פון ערב־שבועות פון יאָר 1910 זענען, ווי תמיד אין דער צייט, די סאָקאָלאָווער יידן געווען פאַרנומען מיטן צוגרייטן און פּוצן די וווינונגען, כדי אַריינצובריינגען דעם יום־טוב אין שטעטל; פאַרשידענע שמעקנדיקע גרינסן, צווייגן מיט פרישע יונגע בלעטער און לאַנגע מחיה־דיקן טאטריק האָבן אָנגעפילט די היימען מיט פאַרשידנאַרטיקע אָנגענעמע ריחות; די מאָן־און פּוטער־קוכנס זענען נאָך צעפּאַרעטע געווען פאַרמאַכט אין די אויוונס — איז אומגעריכט אויסגעבראָכן אַ שריפה. געגומען האָט זיך עס פון דעם, וואָס אַ יידישע פרוי האָט געהאַט באַהאַלטן די אויסגעברענטע קוילן, כדי זיי נאָכדעם צו פאַרקויפן פאַר שניידערס. זי איז געווען שטאַרק פאַרנומען און אין איילעניש, ווען זי האָט די צעגליטע קוילן געהאַט אָפּגע־גאָסן מיט די ערשטע פעסלעך לייטישע פּאָמיעס, האָט זי נישט געהאַט גוט אויפגעפּאַסט אויב דאָס פייער איז טאַקע אויף אַן אמת געווען גוט פאַרלאָשן. זי האָט די קוילן געהאַט אַוועקגעשטעלט אין אַ קעמערל אינטער די טרעפּ און איבער דעם אַרויפגעוואָרפן אַ שטרוי־זאַק, און נישט געהאַט קיין צייט מער וועגן דעם צו טראַכטן. אַ ביסל שפּעטער האָט דאָס פייער זיך אָבער צעשפּרייט און דער שטרוי־זאַק האָט זיך דערפון לייכט אָנגעצונדן. ס'איז באַלד געוואָרן צו שפּעט אויסצומיידן די געפאַר. אַ שטאַרקער רויך, און אויך פלאַמען, האָבן זיך געטראָגן פונעם קעמערל, אָנגעצונדן די טרעפּ, און ס'האָט זיך באַלד געשאַפן אַ בהלה אַז ס'ברענט. מען האָט געמוזט וואָס גיכער אַנטלויפן, כדי נישט אַרומגעכאַפּט צו ווערן פון די פלאַמען.

דאָס פייער האָט זיך אָנגעהויבן אויסברייטערן און אָנגעצונדן די שכנות־דיקע האָלצערנע הייזער, זיך באַלד פריי צעהוליעט און איינציקווייז פאַרכאַפּט אַ ריי בנינים אין גאַס. ס'איז געווען אַ פלוצימדיק אומגליק. די פּאַניק איז כסדר געוואַקסן, און יעדער האָט געכאַפּט אין די הענט אַריין וואָס אים איז נאָר געווען מעגלעך, און דערמיט אַנטלאָפן. די ווייבער האָבן געטראָגן: ווער די קינדער, ווער אַן איבערבעט, אָדער אַ קישן... די מענער האָבן אַרויסגע־

וויזן גרויס מסירות־נפש, כדי אָפּצוראַטעווען אַלץ וואָס מען האָט נאָר געקאָנט, און געהאָלפן ניצל ווערן אַלטע־לייט, קראַנקע, פרויען און קינדער.

אַ שטאַרקער ווינט האָט זיך געהאַט צעהוליעט און דערמיט צוגעהאָלפן אַז די שריפה זאָל זיך שטאַרקער פונאַנדערפלאַקערן. פון עטלעכע זייטן איז מען געוואָרן אַרומגענומען פון די פלאַמען און געצוווּנגען געווען צו אַנטלויפן פון די באַדראָטע ערטער. ווידער האָט אַ פרישע רייע הייזער גענומען ברענען, ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז די גאַנצע שטאָט וועט אַוועק מיטן פייער.

ס׳איז געבליבן אַן איינציק געזיכערט אָרט, וווהין מען איז געלאָפן זיך ראַטעווען: דער גרויסער, אַלטער יידישער בית־עלמין. צעשראָקענע, הונגעריקע, דאַכלאָזע פרויען מיט קינדער זענען דאָרט זיך צוזאַמענגעלאָפן אײַנטערן פרייען הימל, זיך אַרומגעוואַלגערט אויך אין די נעכט, ציטערנדיקע פון קעלט. די מענער האָבן ענערגיש געהאָלפן די פייערלעשער, צולאָקאַליזירן די שריפה און אָפּצוראַטעווען די איבעריקע טיילן שטאָט.

ענדלעך האָט דער ווינט זיך איינגעשטילט און מער נישט צעשפּרייט די צעווילדעוועטע פלאַמען איבער די שוין צעוואַרעמטע ווענט פון די הייזער — אין דער רייע פאַרשלונגען צו ווערן. די פייערלעשער האָבן, ווו ס׳איז נאָר געווען מעגלעך, זיך דורכגעריסן און מיט עמערס וואַסער, אָפּגעגאָסן די ווענט און אַזויאַרום איז געשען דער נס: דאָס פייער איז געוואָרן אָפּגעהאַלטן, אָבער דער רוב הייזער, זענען געווען אַרומגעכאַפּט פון די פלאַמען. טשאַד און רויך האָבן עטלעכע טעג אָנגעפילט די לופט. צום גליק זענען די טעג געווען שיינע, און דעם שיינעם יידישן יום־טוב האָט דער אומגליקלעכער עולם פאַרבראַכט וויינענדיק, פאַרצווייפלט, הונגעריק און אויסגעשעפּט אויפן היימישן „גוטן אָרט" — דעם אַלטן יידישן בית־הקברות.

אַ גרויסער אָפּגעליידיקטער פלאַץ האָט זיך איצט געצויגן מיט פאַרקוילטע שריפהדיקע סמנים, סימעטריש גלייך ברייט און לאַנג: פון אַלטן בית־המדרש ביז אַנטקעגן איבער די נאָווע; פון די שעראָקע ביז די פּרינציפּאַלע שטאָט־גאַס — די דלוגע, האָט זיך דאָס פייער ערטערווייז געהאַט דורכגעריסן, אָבער נישט מיט קיין שטאַרקן דערפאָלג, און דאָס דערפאַר, ווייל דאָ האָבן זיך געפונען געמויערטע בנינים. דאָך זענען אויך דאָ פאַרברענט געוואָרן אייניקע הייזער. ביי דער ערשטער גאַס איז געלונגען דאָס פייער אָפּצוהאַלטן און באַהערשן. נאָענט פון דאַנען האָבן זיך געפונען די גוישע גערטנער און הייזער און די פּוילישע שכנים האָבן דאָ געקעמפט ווי גבורים און ס׳איז זיי געלונגען אַ חוץ קליינע אויסנאַמען, זיך צו איזאָלירן פון דער שריפה — דאָך זענען ווי דורך אַ נס געבליבן דאָ אָפּגעראַטעוועטע עטלעכע יידישע הייזער, וואָס זענען געווען ווי אין אַ קלעם צווישן די אַרומיקע פלאַמען: פון די קיזאָווס; איצל דעם מילכיקן; יאַנקל בראָקער, קיילע דוואָשעס; שיע דוואָשעס, מיין פאטערס און אברהם פעלצענמאַכערס, וואָס איז געווען ניי אויפגעבויט און, ווי געזאָגט, אַ דאַנק דעם גרויסן אָנשטרענג פון די פייערלעשער, און דאָס באַ־

רויקן זיך פון ווינט, — אַנדערש וואָלטן אויך די פּוילישע הײַזער, שפּײַכלערס און שײַערן פאַרניכטעט געוואָרן.

אין סאָקאָלאָוו האָט בײַ ייִדן זיך קיינמאָל נישט אַרויסגעפילט קיין אָרימקייט, אין אַמעריקע האָבן אונדזערע לאַנדסלײַט, ווי אויך די אָרומיקע שטעטלעך געזאַמלט און געשיקט הילף, נאָר אין סך־הכל זענען, דער ווײַט גרעסטער טייל פון די פריערדיקע פאַרמעגלעכע בעלי־בתּים געבליבן אומגליקלעכע אביונים אויפן גאַנצן לעבן. אַ טייל האָבן דאָס איבערגעלעבטע נישט געקאָנט איבערטראָגן, און פון עגמת נפש אָנגעהויבן קרענקען, און אויך פאַר דער צײַט געשטאָרבן.

אין די ערשטע טעג נאָך דעם אומגליק, ווען דער אַשיקער באָדן איז נאָך נישט געווען גענוג אָפּגעקילט, האָבן אויף די פּלעצער זיך אַרומגעדרייט פאַמיליעס־ווײַז, פרויען, מענער און קינדער; פאַרווײַנטע האָבן זיי מיט האַרץ ווייטיק געזוכט אין די חורבות, נאָר לײַדער אָן דערפאָלג. אין צוגאָב האָט דאָס פײַער אויך געהאַט צעשטערט די פרייד פון דעם אַזוי שײנעם ייִדישן יום־טוב. זיי האָבן מער נישט געהאַט קיין דאַך איבערן קאָפּ, געבליבן נאַקעט און באָרוועס — אומבאַשיצטע אינטערן פרײַען הימל אין דרויסן.

שפּעטער האָט מען זיך גענומען פּראַקטיש אַרומקוקן, און ווער ס'האָט נאָר געקאָנט, האָט צונויפגעזאַמלט מיטלען, כּדי אויפסנײַ אָנצוהויבן בויען. ווער ס'האָט אַזעלכע אויסזיכטן נישט געהאַט, האָט פאַרקויפט די אייגענע פּלעצער, כּדי מיט דעם ביסל געלט צו קאָנען ערגעץ ווו דינגען אַ וווינונג. מען האָט אויך געמאַכט שותּפות: איינער האָט געגעבן פּלאַץ, און דער אַנדערער — באַצאָלט פאַר די בוי־מאַטעריאַלן, און אַזוי־אַרום האָט מען אָנגעהויבן אויפסנײַ. אין די וועלדער האָט מען אויסגעהאַקט לאַנגע דעמבעס און סאָסנעס, און איבער די שאָסייען האָבן זיך געצויגן פערד און וועגן מיט די שווערע, לאַנגע קלעצער אין שטאָט אַרײַן.

דער זומער איז אַדורך און דער קומענדיקער ווינטער האָט שווער געווירקט אויף די געליטענע. שווער איז אָנגעקומען צו אָרגאַניזירן און איבערצוקומען די דאָזיקע צײַט, נאָר אַז מען איז איבערגעקומען דעם ווינטער, האָט מען אין דער פרילינג־צײַט ממשיך געווען בויען. מען האָט געהאַקט און געזעגט, געמויערט פונדאַמענטן, אויפגעשטאַפּלט ווענט, דאָ און דאָרטן האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן אייניצלנע נײַע הײַזער, און דערנאָך האָט נאָך געדויערט אַן ערך 25 יאָר ביז די ליידיק געבליבענע פּלעצער האָבן באַקומען זייער תּיקון, געוואָרן פאַרבויט, און די איבעריקע האָט מען אַרומגעצוימט מיט פּלויטן, ווו סוחרים פון האָלץ און ברעטער האָבן געהאַט דאָרטן אײַנגעאָרדנט זייערע גוט־גייענדיקע געשעפטן פון בוי־מאַטעריאַל.

נישט געקוקט אויף די טראַגיק פון דעם געשעענעם, האָט די לאַגע פון זיך אַליין געשאַפן אַן אויסטערלישע, און אויך קאָמישע סיטואַציעס. ס'האָבן נישט אויסגעפעלט קיין לצים, וועלכע האָבן פון דעם געהאַט אַ סך יאָרן

שפּעטער „אָפּצולאַכן“. אָט האָט אַ יידענע אין פּאַניק בעת דער שריפה זיך געהאַט אַזוי פאַרלוירן אַז דאָס איינציקע מיט וואָס זי איז אַנטלאָפן, איז געווען — אַ קישן. דאָס זעלבע האָט אויך געטון אַ צווייטע, נאָר איר קישן איז געווען איר ניי־געבוירן קינד, און ערשט שפּעטער באַמערקט אַז זי האָט בלויז דאָס קישן — אָן דעם קינד. פאַרביילויפנדיקע מענטשן אין דער גרויסער בהלה האָבן געפינען אויף דער ערד ליגן אַ לעבעדיק קינד, וואָס האָט זיך רויק געוואַרעמט ביים פייער. מען האָט דאָס קינד אָפּגעגעבן די פאַרצווייפלטע מוטער, וועלכע האָט דערווייל איבערגעלעבט גרויס שרעק.

סאָקאָלאָווער לצים האָבן געהאַט אַ שם צוליב זייער אייגענעם וואָקאַבולאַר צום חוזק, מיט וועמען אַנדערע, אַרומיקע שטעטלעך האָבן נישט געקאָנט קאָנקורירן. די שטאָטישע פאַרזאָרגער האָבן געטון דאָס בעסטע, כדי צו געפינען די מיטלען, צו באַזאָרגן די נויט־באַדערפטיקע מיט דער ערשטער־הילף. בן־ציון שמש האָט וועגן דעם געשיקט בריוו קיין אַמעריקע.

די געליטענע האָבן געהייסן נשרפים. פאַר די שטאָטישע לצים זענען זיי אָבער געווען איינגעטיילט אין קאַטעגאָריעס: קבצנים, דלפונים, אביונים, און די, וועלכע האָבן קיינמאָל גאָרנישט געהאַט פאַרמאָגט, האָט מען גערופן שלומע־זאַלניקעס, לאַ־עליכם׳ניקעס; די לעצטע האָבן אפילו אויך קיין האָפענונגען נישט געהאַט, און אויך אפילו נישט געחלומט צו עפּעס זיך צו דערשלאָגן. וועגן זיי האָבן די זעלבע לצים געזאָגט, אַז דאָס זענען די שענסטע בעלי־בתים פון שטעטל, מחמת זיי האָבן גאָרנישט פאַרמאָגט און צוליב דעם — אויך גאָרנישט פאַרלוירן.

צו דער דאָזיקער צייט איז אַ לאַנדסמאַן, יאַנקל דוד גיטקעס, צוריקגעקומען פון אַמעריקע, וווּ ער האָט דאָרטן געהאַט פאַרבראַכט עטלעכע יאָר און אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר דאָלאַר, ער איז געווען צווישן די ערשטע, ממש אַ פּיאָנער פון בויען דירות פאַר לאָקאַטאָרן, און האָט אויך געשעפטסמעסיק אויסגערעכנט, צו האָבן פון דעם פּרנסה. די הייזער האָט ער געבויט פון ביליקן מאַטעריאַל און צוערשט אויפגעבויט נאָר בלויז די ווענט און דעם דאַך, ערשט נאָכן פאַרדינגען אַ צימער, געמאַכט די פּאָדלאָגע, דעם סופיט אַריינגעשטעלט פענצטער און אָנגעהאָנגען טירן. דער לאָקאַטאָר פון זיין זייט האָט ביים משווה ווערן אָפּגעשמועסט די פאַרשידענע איינצלהייטן: וווּ מען דאַרף פאַרקלאַפּן לעכער, אונטערמויערן ציגל, אָדער אינטערלייגן שטיינער, כדי די טרעפּלעך זאָלן נישט איינפאַלן. מען איז דורכגעקומען, און אַזוי האָט מען געשלאָסן געשעפטן.

אַ צווייטער, ווייניקער מזלדיקער פּיאָנער איז געווען דער קלעזמער הערש־נחום. ווען ער איז צוגעגאַנגען בויען, האָט ער אויסער דעם פּלאַץ גאָרנישט מער פאַרמאָגט. ער האָט פאָרויס גענומען געלט ביי לאָקאַטאָרן און דערנאָך דאָך נישט געהאַט גענוג מיטלען צו ענדיקן דאָס הויז. הערש נחום קלעזמער איז אַליין געבליבן אַ בעל־חוב דאָס גאַנצע לעבן און פון

דעם זיך נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען. אַליין האָט ער פאַר זיך געמוזט זיך באַגגיגענען מיט אַ צימער, וואָס ער האָט קיינמאָל שוין נישט געקאָנט ענדיק דערמיט האָט ער זיך טאַקע געהאַט איינגעקויפט אַלס שטאָטישער בעלי־בית אָבער איז אַרויס פון דעם אַ געניזק׳טער; ס׳הייסט אַ בעלי־בית, וועלכער האָט פון זיין באַלעבאטישקייט גאָרנישט געהאַט און געבליבן אַ קבצן. זיין נעבעכדיקע פרנסה האָט ער געהאַט פון זיין אָפּגעריבן פידעלע אויף יידישע און נישט־יידישע חתונות. געריבן מיטן סמיטשעק איבער די הייזעריקע סטרונעס און ביי אַזעלכע געלעגנהייטן, נעבעך, אַוועקגעקוילעט די חתונה־מוזיק. נאָך אַ נס וואָס ער, הערש נחום, האָט אין זיין קאַפּעלע געהאַט דעם באַגאַבטן פידלער שפּילמאַן. הערש נחום האָט אָבער אַמאָל אין אַ נויט אויך געקאָנט זאָגן שיינע גראַמען און אָפּט דערמיט אַרויסגערופן טרערן אין די אויגן ביי די נאָענטע ווייבער פון דער מחותנים׳שאַפט. בכלל איז ער געווען אַ שטילער, שווייגנדיקער און מרה־שחורהדיקער. זיין איינציקער פּזמון, וואָס מען האָט אפילו אין יאָרן שפּעטער פון אים געהערט, איז געווען, אַז זיין בויען דאָס הויז האָט ביי אים אַרויסגעריסן די קישקעס פון בויך.

ווער ס׳האָט געהאַט פלאַץ און מיטלען, האָט אַליין געבויט. אויך יאַנקל בראַם און זיין ברודער,ביידע טשעשלאַרעס, האָבן אויפגעבויט אַ לאַנג גרויס הויז. אויף דער היינטיקער שפּראַך וואָלט דאָס שיער נישט געוואָרן אָנגערופן „אַ בולדינג״. ביידע ברידער פון בוי־פאַך — האָבן זיך לייכטער אַן עצה געגעבן. געלט האָבן זיי געהאַט אָפּגענומען פון דער פייער־קאַסע, ווו זיי זענען געווען פאַרזיכערט, און האָבן אויפן פלאַץ שוין געהאַט אַ חזקה. ס׳זענען אויך געווען אייניקע וועלכע האָבן געבויט בנינים פון ציגל און דערמיט געוואָלט פטור ווערן פון עווענטועל׳ע שריפות.

מיט עטלעכע יאָרן שפּעטער איז אויך אונטערגעקומען אַ גאָר אָריגינעלער ייד, נחום וואָלף, וועלכן ס׳איז געלונגען איינצוזאַמלען אַ קאָפּיקע נאָך אַ קאָפּיקע, און צחאַמען מיט דעם באַקומענעם געלט פון דער פייער־קאַסע, האָט ער געהאַט צוזאַמענגעשטעלט עטלעכע קערבלעך. וועגן זיינע אויפטוען האָבן די שטאָטישע לצים כסדר געהאַט אַ חשבון, ווייל ער האָט זיך גערעכנט פון עמך און, צוליב זיין איצטיקע עקשנות געשפּילט די ראָלע פון אַ תקיף. ער איז געווען אַ שרייער, אַ כעסן, וועמען מען האָט געמוזט אויסמיידן. שכנים האָבן, זעענדיק אים אָנקומען, אָפּגעטראָטן דעם וועג; ייִנגלעך, אָפּגעריסענע ווייסע חברהניקעס, פלעגן פון אים אַנטלויפן. שיינע בעלי־בתים האָבן אים מיט דרך־ארץ געמאַכט אַ וואַרע און מיט אַ שמייכעלע באַגריסט. די שטאָטישע לצים האָבן געלאַכט פון אַזעלכע אויפטוער און געזאָגט: ס׳איז אַ מורא, אַז אַ חזיר, וואָס וועט דאָ דורכגיין און זיך אין זיינס אַ וואַנט אָנשפּאַרן, כדי זיך אַ לייטישן קראַץ צו טון, וועט זי נאָך, חלילה, איינלייגן. מען האָט אויך אָפּגעלאַכט פון זיינע לאָקאַטאָרן (אויפן היימישן לשון גערופן „קאָמאָרניקעס״ — ממש ערשטקלאַסיקע לא־יצלח׳ס פון שטאָט).

אונדזער פריִער דערמאָנטער חשובער יאַנקל־דוד גיטקעס האָט זײַנע הײַזער אויסגעבויט אויף זײַנע פּלעצער אויף דער זײַט פון דער „סטריִגע“. זומער איז דאָ אַלץ געווען גרין פאַרוואַקסן מיט גראָז, נאָר צײַטנווײַז אין די באַזונדערע סעזאָנען פונעם יאָר, פלעגט דער באָדן אַרום ווערן זומפּיק צוליב דעם וואַסער ביים טײַכל, וואָס פלעגט זיך אויסברייטערן איבער די נאָענטע פלאַכקייט, אַזוי אַז ס׳האָט געקאָנט דראָען מיט אַ פאַרפלייצונג. אונדזער חשובער יאַנקל־דוד גיטקעס איז בײַ די דאָזיקע זאַכן נישט געווען איבערקלויבעריש. ערגעץ האָט ער אויך פאַרפלאַנצט אַ בוימל, וואָס האָט נישט געהאַט קיין מזל צו קאָנען רויק וואַקסן, ווײַל פרילינגס־צײַט פלעגן קומען כאָפּטעס קינדער און עס צעברעכן.

אויף דער רעכטער זײַט פון די דאָזיקע הײַזער איז געווען אַ גרויסער טיפער גרוב, וואָס פלעגט אויך עטלעכע מאָל אין יאָר זיך אָנפילן מיט וואַסער. מען האָט געזאָגט, אַז מען האָט דאָרטן אויך געזען פיש. נאָר דאָס איז מסתמא געווען אַזאַ פאָרשטעלונג. דאָרטיקע אײַנוווינער פלעגן אין גרוב אַרײַנוואַרפן בלעכוואַרג און אַנדערע אָפּפאַלעכצן, פון וואָס ס׳האָט גאַנץ לייטיש גע׳עיפּשט. און איבער דער אויבערפלאַך פונעם וואַסער האָט געגרינט ווי אַ זומפּ. אין די זומער־טעג פלעגט דער גרוב ווערן אויסגעטרוקנט, און די קינדער זענען פון דעם געווען צופרידן, ווײַל זיי האָבן געהאָפט דאָרטן צו געפינען מציאות.

אויך האָט זיך פון דער נאָענט געפינען די יידישע מקווה און אַזוי איז דער גאַנצער אַרום געווען ווי אַ באַזונדערע זאָנע, וואָס האָט באַקומען דעם צונאָמען „קליין פּאַריז“, אָדער — „מלך אביונס גיטער“...



סאָקאָלאָווער יינגלעך

יצחק רייזמאַן
(דעטרויט)

## חברה השכמה

אַמאָליקע יאָרן איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו וועלן דערגיין דעם זין פון דער עקזיסטענץ פון דער חברה השכמה, פאַרוואָס די דאַווענען דווקא אין דער שול, פאַרוואָס דווקא אַזוי באַגינען, צו האָבן אַזעלכע חברות עקזיסטירט אין נאָך אַנדערע שטעטלעך, א. אַז. וו. איצט, אין אָנבליק פון גרויסן חורבן, מיין איך אַז עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען לדורות וואָס עס איז מיר געבליבן אין זכרון וועגן דער חברה השכמה, ווו מיין פאָטער ע״ה איז געווען איינער פון די זיילן פון דער חברה, דער בעל קורא און שליח ציבור.

אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, האָט די חברה נישט געפירט קיין פנקס און ווען דאָס שטעטל וואָלט נישט חרוב געוואָרן, וואָלטן מיר אפשר געווען בכוח זיך צו דערוויסן פון זקנים וועגן די אַמאָליקע מתנגדישע מנינים, וועגן די מחלוקות׳ן צווישן מתנגדים און חסידים, וועגן די הויפּט פערזאָנען אין די דאָזיקע מחלוקות׳ן, אָבער צו אונדזער גרויסן ווייטיק איז עס ווייט נישט מעגלעך מער, און מיר וועלן זיך מוזן באַנוגענען דערמיט וואָס עס געדענקט זיך פון די קינדער יאָרן, בעת איך פלעג מיט מיין טאַטן גיין דאַווענען אין שול אַריין שבת באַגינען, שמחת תורה מיטן מנין צו פּסח־משה ניידאָרפן אויפן יערלעכן קידוש פון דער חברה השכמה, א. אַז. וו.

דאָס ווייטערדיקע דערציילן איז בכן נישט מער ווי אַ בינטל זכרונות פון מיינע קינדער יאָרן אין שייכות מיט דער חברה השכמה אין שטעטל.

כאַטש קיין אָפיציעלע כראָניקעס וועגן דער צייט און סיבה פון דער גרינדונג פון דער חברה השכמה עקזיסטירן נישט, איז אָבער כמעט ווי זיכער, אַז די גרינדער פון דער חברה זענען געווען דער איבערבלייב פון דער אַמאָ־ליקער מתנגדישער עדה אין שטעטל.

אין מיינע קינדער יאָרן זענען געווען די אָנפירער — וואַרשיינלעך אויך די גרינדער — פון דער חברה השכמה: פּסח־משה ניידאָרף, שמעון קאַלינאַ און הערשל רייזמאַן. די דאָזיקע זענען, ווי איך געדענק, אַלע יאָרן געווען די אָנפירער מיט דער חברה. עס לייגט זיך זייער אויפן שכל, אַז דאָס דאַווענען באַגינען, און דאָס גראָד אין דער נישט באַהייצטער שול, איז אַן איבערבלייבעכץ פון דער מתנגדישער השפעה אין שטעטל.

## סאָקאָלאָוו-פּאָדליאַסק

עס זענען אַלגעמיין באַוווסט די מחלוקות׳ן אין שטעטל, וועלכע זענען מיינסטן געפירט געוואָרן קעגן אָדער פאַר אַ געוויסן רב; איז כמעט ווי זיכער אַז די דאָזיקע מחלוקות׳ן זענען גלייכצייטיק געווען קאַמפן צווישן חסידים און מתנגדים און אין די דאָזיקע קאַמפן האָבן די חסידים באַזיגט די מתנגדים, און די לעצטע זענען פאַרבליבן אַ קליין הייפעלע און דאָס שטעטל איז מיט דער צייט געוואָרן אַ פעסטונג פון חסידות.

מיין טאַטע ע״ה פלעגט דערציילן מיט שפּאַס וועגן דעם ווי אַזוי איינער איז געוואָרן איבערנאַכט אַ חסיד. די מעשה פלעגט גיין אַזוי:

איינער איז זיך ערגעץ ווו פאַרזעסן אינאָוונט און אַהיימגעקומען שפּעט, האָט ער שוין ממילא געדאַוונט מעריב שפּעט, געגעסן וועטשערע שפּעט, זיך געלייגט שלאָפן שפּעט, אויפגעשטאַנען דעם צווייטן טאָג שפּעט און געדאַוונט שפּעט מיטן חסידישן מנין...

עס איז אָנצונעמען, אַז די דאָזיקע אָפּשפּעטערישע דערציילונג איז אַן איבערבלייבעכץ פון די אַמאָליקע מתנגדים, וועלכע האָבן נישט געהאַלטן פון דער חסידישער הנהגה אויפצושטיין שפּעט און דאַוונען שפּעט.

פון דער דאָזיקער הנחה איז פאַקטיש בלויז איין שפּאַן צו פאַרשטיין דעם אייגנטלעכן זין פון דער גרינדונג פון אַ חברה השכמה, וועלכע פלעגט יעדן שבת, סיי זומער סיי ווינטער, דאַוונען באַגינען אין דער שול.

מען האָט געדאַרפט פאַרמאָגן גענוג מוט און זיין גרייט אויף מסירת־נפש, כדי צו זיין בכוח אין די קאַלטע ווינטערדיקע פרימאָרגנס צו פאַרלאָזן די וואַרימע שטוב און גיין דאַוונען אין דער נישט־באַהייצטער שול. לויט מיין מיינונג איז דאָס אַן איבערבלייבעכץ פון אַמאָליקן מתנגדישן קעמפעריש׳ן לעבנסשטייגער, וואָס האָט געהערשט צווישן די מתנגדים אין שטעטל פאַרן אַריינדרינגען פון חסידיזם.

דער עולם, וואָס פלעגט זיך פאַרזאַמלען יעדן שבת באַגינען, סיי זומער סיי ווינטער, פלעגט כמעט אינגאַנצן באַשטיין פון באלעמעלאָכעס. כאָטש עס האָט עקזיסטירט אַ שניידער שולעכל און אפשר אויך אַ שוסטער־מנין פון צייט צו צייט, האָט דאָך די חברה השכמה צונויפגעזאַמלט כמעט בלויז באַלעמעלאָכעס.

די באַלעמעלאָכעס פלעגן זיך גערן פאַרזאַמלען צו דאַוונען מיט דער חברה השכמה, ווייל עס איז געווען נאָענט צו זייערע היימען אויף דער שול־גאַס, אָדער ווייל אין די קרייזן פון די האָרעפּאַשניקעס איז דער מתנגדישער לעבנסשטייגער געווען מער איינגעפונדעוועט, איז שווער צו זאָגן; קיין צו פעסטער בונד צווישן די מתפּללים אין דער חברה השכמה איז בכלל נישט געווען קענטיק און יעדער איינער האָט אָן שום טענות ומענות געקאָנט קומען דאַוונען ווען ער האָט נאָר געוואָלט און אַזוי אויך נאָכן דאַוונען מיטגיין צו קידוש, אָדער אפילו קומען שמחה תורה צו דער יערלעכער סעודה.

עס האָט טאַקע נישט עקזיסטירט קיין שום חוב צו קומען דאַוונען,

דאָך איז נישט באַקאַנט קיין איין מאָל, עס זאָל האָבן געווען אַ פאַל ווען עס זאָל אַמאָל, אפילו אין די סאַמע קאַלטסטע ווינטער שבתים, נישט זיין קיין מנין ביי דער חברה השכמה. פאַרשטענדלעך, אַז די דריי, וועמען מיר האָבן פריער באַצייכנט ווי גרינדער און פירער, האָבן נישט געפעלט.

עס איז אַלעמען באַקאַנט די לעגענדע, וואָס איז אומגעגאנגען אין שטעטל וועגן דעם ווי די מתים פאַרזאַמלען זיך אין שול נאָך חצות, און ווער עס פּאַרט, אָדער גייט דורך דער שול אין דער צייט, רופן זיי אויף צו דער תורה און דער אויפגערופענער מוז אַריינגיין אין שול, אַרויפגיין אויפן באַלעמער און מאַכן די ברכות. לויט ווי די לעגענדע איז דערציילט געוואָרן, זאָלן די מתים האָבן פאַרשווינדן ווען עס דערשיינט דער מאָרגנשטערן, באַגינען. ווען איך פלעג אַלס יינגל קומען מיט מיין טאַטן אין שול אַריין אין די טונקעלע ווינטער פרימאָרגנס, פלעג איך מיט קינדערשער נייגעריקייט זוכן סימנים פון מיסטעריעזע טריט אַרום באַלעמער, נעבן ארון־קודש און אויפן וועג צו דער זייטיקער טיר, דורך וועלכער די מתים זאָלן האָבן פריער געווען אַריינגעקומען און אַרויסגעגאַנגען.

ווינטער פלעגן די מתפללים אָנטון די טליתים אויף די גראָבע, ווינ־טערדיקע פאַלטענעס און, פאַרשטעקט די הענט אין אַרבל, פלעגן זיי אַרומ־לויפן איבער די שול, קלאַפּן און פוס אָן אַ פוס, — זיך צו דערוואַרעמען. אַזוי פלעגט מען אויף שנעל אָפּדאַווענען שחרית, אָפּלייענען די סדרה פון דער וואָך, אָפּענדיקן אויף שנעל דעם מוסף און גיין ערגעץ אויף קידוש, אָדער גאַר לויפן אויף שנעל אַהיים. זייער זעלטן פלעגט ווער אַריינגיין אין קעגנאיבערדיקן בית־המדרש זיך דערוואַרעמען, דאָרטן איז דאַן געווען אין פולן ברען דאָס תהלים זאָגן.

די פריילעכסטע צייט פלעגט פאַרשטענדלעך זיין זומער. באַגינען, די זונען־שטראַלן פלעגן אַריינשיינען דורך די קאָלירטע פענצטערלעך הויך אונטערן געוועלבטן סופיט און אויסלייגן פאַרשידן קאָלירטע קוואַדראַטן אַרום באַלע־מער; די פייגעלעך פלעגן אַרומפליען טשאַטעסוויז אריין און ארויס פון זייערע נעסטן אונטערן דאַך און אָנפילן די לופט מיט פריילעכן צוויטשער: די מתפללים פלעגן זיך נישט איילן. מען פלעגט זאָגן די תפילות הויך אויף קול און די גאַנצע שטימונג איז געווען ווי אַ גרופע דערוואַקסענע זין וואָלטן זיך פאַרזאַמלט צו קלאָגן זיך פאַר זייער פאָטער אויף זייער דאָליע, דערביי אַזוי זאָרגלאָז, ווייל זיי זענען זיכער אַז זיי דאַרפן אים בלויז דערמאָנען אַז זיי קוקן צו אים אַרויף, ער זאָל זיי העלפן און זיי וועלן געהאָלפן ווערן מיט אַלעם גוטן.

דאָס דאָזיקע געפיל איז ביי מיר באַזונדערס שטאַרק ווען איך דערמאָן זיך ווי שליח ציבור און מתפללים פלעגן אַריינלייגן אין די תפילות זייערע אייגענע פערזענלעכע דאגות און צרות. אַזעלכע שבתדיקע תפילות ווי נשמת

כל חי, א. אנד., וועלכע האָבן אויף זיי געוויעט מיט פייערלעכקייט, האָבן זיך אויך געמאַכט פאַר שותפים צום בורא עולם און די מלאכים. שוין דאָס אַליין האָט געשטאַרקט זייער מוט און געשפּייזט זייער גלויבן מיט האָפענונג אויף באַלדיקער הילף.

כאָטש איך האָב, צוליב היסטאָרישן אמת, דערמאָנט אויך די צוויי אַנדערע גרינדער און טוער אין דער חברה השכמה, מוז איך אָבער דאָ אָפּ־געבן דעם געהעריקן פּלאַץ מיין פאָטער און דערציילן וועגן זיין הויפּט ראָל אין דער חברה.

ווען מען זאָל וועלן זיין ראָל איבערזעצן אויף אונדזער מאָדערנער שפּראַך, וואָלט מען געדאַרפט זאָגן, אַז ער איז געווען דער גייסטיקער פירער פון דער חברה. ער פלעגט דאוונען שחרית אָדער מוסף, אַמאָל — איבער־הויפּט ווינטער שבתים — פלעגט ער דאַוונען אי שחרית, אי מוסף; פלעגט לייענען אין ספר און אויפרופן צו דער תורה; שמחת־תורה פלעגט ער פירן די הקפות, לייענען ביים צווייטן שולחן, זעען מען זאָל קיינעם נישט מבייש זיין און געבן אַן עליה און צו כל הנערים פלעגט ער צונויפנעמען אַלע קליינע קינדער, מאַכן מיט זיי די ברכה און אַרונטערנעמענדיק אַלעמען אונטערן טלית, פלעגט זיין פּנים שיינען, ווי ער וואָלט דאַן געווען די גליקלעכסטער פאָטער פון אָט די אַלע יידישע קומענדיקע דורות.

ווידער ביי קידוש, אָדער ביי דער שמחת־תורה סעודה, האָט ער שוין געלאָזט באַלעבאַטעווען פסח־משהן און שמעון קאַלינע. ער פלעגט זיך דעמאָלט באַמיען זיין איינער פון עולם און נישט מער.

אויב עס איז פאַראַנען אַ ספּעציעלער פּרט, וואָס הייבט אַרויס דעם מתנגדישן שטייגער, וואָס די חברה השכמה האָט אָפּגעהיט, איז עס אָן שום ספק דאָס אָפּהיטן שבת.

דאָס ערשטע ווערט זייער אויפפאַלנדיק וואָס די חברה השכמה דאַוונער, כאָטש זיי האָבן אָפּגעדאַוונט אַזוי פרי, זענען זיי כמעט קיינמאָל נישט געווען צווישן די „תהילים־זאָגער", וועלכע האָבן שטענדיק אָנגעפילט דעם בית־המדרש. עס איז נישט געווען ביי זיי דאָס צעיאַכמערטע זאָגן תהילים אָן דעם פאַרטראַכטן זיך וועגן פירוש המילות, ווי עס איז געווען דער שטייגער פון די מייסטע „תהילים־זאָגער".

דער געדאַנק פון פירוש המילות, וואָס איז אפשר דער מתנגדישער שטייגער פון נישט דערלאָזן אַריינטייטשן אין טעקסט קיין אַנדערן געדאַנק ווי דעם פשוטן טייטש פון פסוק, האָט זיך אויסגעדריקט אויך אין דאַוונען. איך פלעג זיך צוהערן ווי מיין טאַטע פלעגט אין טייל שבתדיקע פרימאָרגנס, ווען ער איז געווען ספּעציעל גוט געשטימט, אַ פאַרנעם טון זיך אויסטענה'ן מיטן בורא עולם דורך דעם פירוש המילות פון די פסוקים אין דאַוונען.

אַ ספּעציעל אַרט אויסטייטשן פסוקים פון דאַוונען איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון, עס איז די קדושה פון שחרית. ווען מיין טאַטע פלעגט

קומען צו דער קדושה פון שחרית, האָב איך ליב געהאַט זיך איינצוהערן ווי ער טענהט זיך אויס אויף זיין שטייגער, דורך די פסוקים פון דער קדושה, מיטן באַשעפער.

דאָס פאַרענדיקן די קדושה איז שוין ווידער געווען אין אַ טאָן פון במעט רעזיגנאַציע: געגרויסט און געהייליקט זאָלסטו זיין אין ירושלים דיין שטאָט אויף אַלע דורות און אַלע אייביקייטן און אונדזערע אויגן זאָלן זען דיין קעניגן... דאָס איז שוין געווען אַן אונטערוואַרפן זיך דעם גורל און, בלית ברירה, וואַרטן אויף ביאת הגואל.

אין דעם שבתדיקן זומער פרימאָרגן, באַגלייט פון עכאָ פון הויך געוועלבטן סופיט פון שול, געמישט מיטן געצוויטשער פון די פייגעלעך, האָט דאָס דאָזיקע אויסטענהן זיך מיטן באַשעפער ביי מיר אויסגעזען צי האָבן מער עליה הנשמה ווי טויזנטער חסידישע ניגונים און אויסברוכן פון התלהבות, וועלכע איך האָב שפּעטער מיטגעמאַכט אין די פאַרשידענע חסידישע שטיבלעך און ביים רבין אין בית־המדרש.

ברוך ראזנבוים
(שיקאַגאָ)

# אין שטעטל

## אַ חתונה

אַז אין סאָקאָלאָוו איז געווען אַ חתונה, איז דאָס גאַנצע שטעטל גע־גאַנגען צו דער שמחה. סיי געבעטענע סיי אומגעבעטענע געסט... דאָס הויז, ווו די חתונה איז פאָרגעקומען, איז אינגאַנצן געווען איינגעטונקען אין ליכט און מוזיק. געסט אין הויז און אויך די טירן און פענצטער זענען געווען באַ־האָנגען מיט נייגיריקע. אויפן דאַך זענען אַרומגעקראָכן קונדייסים.

די קאַפּעליע איז באַשטאַנען פון זעקס כלי־זמרים: משה־חיים מיטן פידל, זיינע זין מיט טראָמפּייטן, הערש־נחום (אויך אַ פידלער), שעפּסל מיט דער פּויק און הערש־בער מיטן באַס.

משה חיים איז געווען אַ געפּוצט ידל, אַ „פּאַצעט", מיט אַ האַרטן קאַפּעליוש. אַ פלינקער, פלעגט ער זיך פיין פאַרנייגן פאַר די געסט און מחותנים און אַלעמען אַריינוואַרפן אין אַ פריילעכער שטימונג. די מיידלעך פלעגן פאַרכאַפּט ווערן פאַר זיין עלעגאַנטישקייט. און אַז ער פלעגט אָננעמען אַ מיידל פאַרן גאָמבעלע, פלעגט זי פשוט שמעלצן אונטער זיינע הענט. „כאשע — פלעגט ער זאָגן — „זעלדע איז אַ נעכטיקע קאַרטאָפעלע קעגן דיר", און אַז ער האָט זיך צעלאָזט אויף זיין פידל, איז די גאַנצע חתונה אַוועקגעשווומען אין מוזיק.

הערש־נחום, אַ פשוטער ייד, אַ גאָטספאָרכטיקער, פאַרוואָרפן מיט קינ־דער, און דאַרף פרנסה. אַז מען האָט אים גערופן צו אַ חתונה איז ער גע־גאַנגען, צווישן איין חתונה און אַ צווייטער, פלעגט ער זיצן אין אַלטן בית־המדרש און בעטן גאָט ער זאָל עפּעס צושיקן. דערפאַר האָבן שעפּסל פּויקער און הערש־בער געהאַט זייטיקע פרנסות — פריזירעריי.

שעפּסל פּויקער איז געווען אַ בעסערער שערער, אַ ביסל אַ געפּוצטער מיט אַ שפּיציק בערדל, אַ רונדיק. היטעלע מייט אַ לאַקירטן דאַשעק. דער־פאַר פלעגט די יוגנט פון סאָקאָלאָוו גיין צו אים זיך שערן.

הערש־בער פלעגט שערן אָרימע־לייט און קינדער און דערביי שטיל

אַריינרעדן אין קאַלנער, אַזוי ווי ער וואָלט געצויגן אויפן באַס, קעגן זיין ברודער שעפסל — דעם קאָנקורענט.

„שוין לאַנג נישט געווען קיין חתונה; ווען, קלערסטו, וועט זיין אַ חתונה? אויף אַ חתונה מאַכט מען אַ גילדן פּרנסה...״ און פלעגט אַזוי שטיל וואַרטשן ביז ער איז איינגעשלאָפן ביים קליענט אויפן קאַלנער.

צו אַ חתונה פלעגט הערש-בער זיין דער ערשטער מיט זיין גרויסן באַס. איינמאָל האָט ער זיין גרויסן אינסטרומענט, אויפגעהאַנגען אויף אַ פליג, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַנט און — טראַך! דער באַס איז צעפאַלן אויף שטיקלעך. שטייט הערש-בער איבער די שטיקלעך און מורמלט: יידן, וואָלט איר נישט געגלויבט אַז דאָרט איז געווען אַ טשוואָק?

## בן־ציון שמש׳ס מעשיות

אַלע יאָר פאַר הושענא-רבא פלעגט מען ביי אונדז אין שטוב פלעכטן הושענות. דער סעזאָן פון פלעכטן הושענות איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער יום-טוב. ערשטנס — דאָס רייסן. איך און מיין פאָטער פלעגן אַרויסגיין אויפן פעלד צווישן רייפע בלעטער, קאָרן און בלומען, און באַלד איז אין דער שטוב געוואָרן אַ דערפרישונג: מיר האָבן געבראַכט דאָס פעלד אין שטוב אַריין... ס׳האָט געשמעקט מיט רייפן זומער.

אין אָוונט פלעגן זיך אַלע צוזאַמענקומען: מיין טאַטע, בן־ציון, משה־שכנאס און שמחה-יואל. מען האָט זיך אַוועקגעזעצט אַרים אַ טישל פלעכטן הושענות, איז אין שטוב געוואָרן היימלעך; אויפן קוימען האָט זיך געקאָכט אַ קרויט-באָרשטש מיט ראָזשנעס, און בן־ציון, אַ ייד מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע, פלעגט נעמען דערציילן מעשיות.

„איינמאָל ביינאַכט נאָך אַ חתונה״ — דערציילט ער — „קום איך מיר אַזוי צו צו דער שול אַריינשטעלן ליכט אין עמוד, איך עפן אויף די טיר און גיי אַריין אין שול און טו אַ קוק: אַ פולע שול מיט יידן אין און אַלע אַזעלכע פרעמדע פנימער — קיין איין באַקאַנט פנים. אַ חזן שטייט אויפן באַלעמער און זאָגט מיט אַזאַ מאָדנעם ניגון „אוי לרשע ואוי לשכנו״. גיי איך צו צום שמש און זאָג אים, נו, גיב מיר אויך אַ סידור. קוק איך אַריין אין סידור און ס׳מישן זיך מיר אויס די ווערטער. גיי איך צום טיש און זאָג: אין זכות פון זיידן זאָלט איר אָפּטרעטן. איז מיט איינמאָל געוואָרן פינצטער און ס׳איז געוואָרן אַ טומל, אַ קלאַפּעריי, אַ פייפעריי; מען איז געלאָפן אויפן בוידעם, אויפן דאַך, אויף טרעפּ, און איינער האָט געטון אַ גרויסן פייף און ס׳איז שטיל געוואָרן, האָב איך דאַן אָנגעצונדן אַ ליכט און געגאַנגען אַהיים.״

— און ווי אַזוי מען האָט גערופן אַ חתן אין שול אַריין, האָב איך אייך שוין דערציילט?

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

— נאָך נישט, אדרבה, דערציילט!

— גייט אַ חתן שפּעט ביינאַכט אין דער וואָך פון דער חתונה פאַרביי דער שול, הערט ער ווי מען רופט זיין נאָמען מיט אַ ניגון און אַלע פענצטער פון שול זענען באַלויכטן. גייט ער אַריין אין שול — ס'איז אַ חתונה און די חופּה איז גאָר אויפן באַלעמער. די כלה איז אין ווייסן שטייט און וואַרט, און עמיצער רוימט אים איין אין אויער — ס'איז דיין כלה. און אַ בדחן שטייט און זאָגט גראַמען:

„כלה'שי, כלה'שי דאַרפסט זיך נישט זאָרגן.<br>וואָס דו ביסט געוועזן נעכטן,<br>וועסטו נישט זיין — מאָרגן.<br>פון היינט אָן וועט איר זיין אין צווייען,<br>אַז גאָט און לייט וועלן זיך פרייען."

אַז איך בין געקומען אין שול אַריין איז שוין געווען נאָך דער חופּה. גיי איך צו צו דער כלה און פרעג: וועמענס טאָכטער ביסטו? שטעלט זי מיר אַרויס אַ צונג, הויבט זיך אויף און פליט אַוועק. אין שול ווערט מיט־אַמאָל פינצטער און שטיל, ס'הערט זיך בלויז די שטימע פון בדחן וואָס גראַמט:

אין אַ זומער נאַכט<br>פליט אַ ווייסע גאַנדז;<br>טאַנצן מכשפות אַכט<br>ווילד אַ שדים טאַנץ.<br>הו! —טאַנצן זיי אַהער<br>הו! — טאַנצן זיי אַהין;<br>פליט אַרויף אַ וואָלקן רויך —<br>ווערן אַלע שטום.

און ס'איז געוואָרן שטיל. צינד איך אָן אַ ליכט און געפין דעם חתן אויף דער ערד אַ פאַרחלשטן...

## אַ פּראָלעטאַרישע לויה

געשטאָרבן אַ חברטע אין סאָקאָלאָוו, נעכע וויעליגאָרע, פאַר דער מלחמה האָט די חברטע געלעבט אין וואַרשע. אַז די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָט די ארבעטסלאָזיקייט זי געטריבן אַהיים צו דער מאַמען אין סאָקאָלאָוו. די מאַמע האָט געהאַט אַ קרעמל צווישן די סטראַגאַנעס. דאָס קרעמל האָט שטאַרק דערמאָנט אין ש. פּרוגס „אַ קרעמל". דאָרטן האָט איר געקאָנט באַקומען שפּילקעס און קנעפּלעך, סטענגעס און זאַטשאַסקעס; אויערינגלעך און פאָדעם, צעפּלעך און שפּיצן, און אַלץ פאַר גראָשנס. דאָרטן האָט די מאַמע געצויגן

איר פּרנסה. אַז נעכע איז געקומען אַהיים האָט זי אַרויסגעהאָלפן דער מאַמען אין קרעמל.

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין פּוילן, האָט דאָס קרעמל אָנגעהויבן גיין אַרונטער און ביז ס'האָט זיך צוגעמאַכט. אין שטוב האָט מען גענומען הונגערן, און נעכע, אַן אידעלע אַן אויסגעהונגערטע, איז געשטאָרבן פון דער פּראָלעטאַרישער קרענק — סוכאָטע.

דער בונדישער קאָמיטעט אין סאָקאָלאָוו האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דער פּוילישער רעגירונג, וועלכע איז שוין דאַן געווען ביי דער מאַכט. דער בונדישער קאָמיטעט האָט גערופן די פּ״צ אָרגאַניזאַציע זיך צו פּאַראייניקן אין דער לויה. די לויה איז דאַן געווען אַ זייער אימפּאָזאַנטע, וואָס סאָקאָלאָוו האָט ביז דעמאָלט נישט געזען. עס האָט זיך געצויגן אַ דעמאָנסטראַציע איבער דער גאַנצער לענג פון דער שעדלעצער גאַס ביזן שפּאַציר־גאָרטן. די לויה האָט אויסגעפילט דעם גאַנצן פערדישן־מאַרק, פּונקט קעגן דער פּאָליציי־סטאַציע. פון דאָרטן האָט די לויה געצויגן צום נייעם בית־עולם. אויפן וועג האָט מען געהערט דאָס געזאַנג פון דער בונדישער שבועה:

„ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט
אַלע וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט״
און —
„אַרבעטער פרויען, ליידנדע פרויען,
פרויען וואָס שמאַכטן אין הויז אין פאַבריק״

... די „פּועלי־ציון״ האָבן געזונגען: —

מיר הויבן די הענט צום מזרח און שווערן
ביי אַלץ וואָס מיר ליבן און הייליק מיר ערן׳

ביי דער לויה האָבן גערעדט אברהם גרינבערג, משה האָכמאַן, נחום זילבערמאַן און איך.

אין דער זעלבער נאַכט האָט מען אַרעסטירט אייניקע חברים, געהאַלטן זיי אַ קורצע צייט און דערנאָך באַפרייט.

אָט די לויה וועלן געדענקען אַלע, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין איר.

ישראל כשר
(קיבוץ נגבה)

# מיין שטעטל סאָקאלאוו

מייך טאטן ע״ה האָט מען גערופן מאָטל גרינעס. פאַרוואָס ווייס איך נישט; אגב שטאַמט ער גאָר פון שטעטל קאָסאָוו.

די גאַנצע משפחה, אַ פאַרצווייגטע מיט פעטערס, מומעס, שנורן און אפילו די אייניקלעך, האָט מען גערופן אויף די באָבע גרינעס נאָמען, למשל: בעריש גרינעס א. א. מסתמא איז דאָס געווען דערפאַר וואָס דער עול פון דער פרנסה איז שטענדיק געווען אויף דער באָבעס פלייצעס. די באָבע ווי איך געדענק זי פון מיינע קינדער־יאָרן, איז געווען אַ קליינינקע, רירעוודיקע, שטענדיק פאַרטועך, מיט אַ הויכע הויב מיט גלאַנציקע קרעלן אויפן קאָפּ און זומער און ווינטער מיט אַ לאַנגען פאַרטוך. אין די פרייע צייט אירע פלעגט זי אַריינקוקן אין סידור און מורמלען...

מיין זיידע משה־הערש לייזערס (אויך דעם זיידן האָט מען גערופן מעה גריגעס), איז, ווי איך זע אים אין מיין זכרון, געווען אַ נידריק געוויקסיקער, מיט אַ הויכן, ווייסן שטערן, דורכזיכטיק־ווייס פנים און צווי ליכטיקע, שוואַרצע אויגן; זומער און ווינטער איז ער געזעסן ביים קאַכל־אויוון און עוסק געווען מיט לערנען, פאַרטיפט אין די ספרים.

אין פראַקטיקע פאַרנאַכטן פלעגט דעם זיידנס צימער זיין רעש׳יק טומלדיק, די געשרייען און די וויכוחים — שאַרפע און אויפגערעגטע, באַגלייט טיילמאָל מיט געוואַלדן עד לב השמים. די סילועטן אויף די ווענט פלעגן זיך הויבן און שאָקלען, אַלס קינד פלעג איך פשוט מורא האָבן גיין צום זיידן.... אין די באַזוכן ביי אים פלעגן אויף מיר שווער ווירקן און נישט זיין צום האַרצן... אַז מיין זיידע פלעגט זיך איינעקשנען אין אַ פירוש, אַ מדרש אָדער אַ פשט, האָט אים קיינער נישט געקאָנט בשום אופן איבערצייגן. אפילו ווען מען האָט אים באַוויזן „שוואַרץ אויף ווייס"... צוליב דעם פלעגט מען רופן דעם זיידן „משה עקשן". זיין גרעסטער „קעגנער" ביים לערנען איז געווען מענדל־משה אהרונס דער שוחט. — אַ מיטלוויקסיקער מיט קורצזיכטיקע אויגן, פלעגט ער דעם ספר דאַלטן כמעט נעבן פנים מיט דער שיין פאַרקעמטער באָרד; זיין כאַלאַטל, כמעט תמיד אַ העלעס מיט אַ ברייטן לאַנגן גארטל. נישט איינמאָל זענען זיי געווען אַזוי פאַרטיפט אין חקרנען זיך אַזוי ברוגזדיק, אַז זיי האָבן אויסגעזען ווי צוויי געפערלעכע שונאים...

## אַלטע היים

אין בין־השמשות פלעגט מען טונקען די פינגער אין די פאַרנעפּלטע שויבן, ווען די נאַכט פלעגט שוין אַריינקומען, זענען זיי געוואָרן מילדער און נאָכלאָזן פון דעם שאַרפן געראַנגל. ביים, געזעגנען זיך — געשמייכלט גוטווי־ליק און אויף די טונקעלע שטיגן זיך נאָכגעווינטשן: „געזונטערהייט... אַ גוט יאָר...“

אַן אָפּטער אַריינגייער איז געווען מענדל אידיסעס, אַ שטעפּער, וואָס האָט געהאַט אַ געוועלב אויף מאלי רינעק; שטענדיק אַן אויסגעפּוצטער אין אַ שווארצע קאַפּאָטע מיט אויסגעגלאנצטע שיך. אַ נידעריקער און שטענדיק אַ פריילעכער. זיינע קניפּן אין מיינע באַקן געדענק איך נאָך ביז היינט...

ווען יונה בלעכער, אַ קליינער איינגעדאַרטער, מיט צוויי פריילעכע אויגן, געטראָגן אַ פאַרזשאַווערטן כאַלאַטל, האָט אליין אויסגעזעען ווי אן אלטע בלעך, פלעגט אַריינקומען מיט זיינע מעשיות, האָט זיך די ערנסטע שטימונג באַלד געביטן. ער פלעגט אַלע פריילעך מאַכן, אפילו דער זיידע פלעגט פאַרלירן דאָס ערנסטקייט פון פּנים. טראָץ דעם איז יונה בלעכער געווען אַ ייד אַ דלפון אין „זיבן פאָלעס“, מען פלעגט זאָגן אויף אים, אַז אַלעס קאָן ער מאַכן, — נאָר נישט פאַרדינען אויף שבת.

* * *

אין דעם געסל פון אַלטן בית־מדרש אין אַ קעלער איז געווען מ־ין זיידנס „פאַבריק“ פון סאָדע־וואַסער. ביים אַריינגאַנג, אין דעם תמיד פינצטערן קעלער, זענען געווען אָנגעשטעלט קאַסטנס פלעשער און פלעשלעך, גראָבע, צו־געקלעפּט מיט פאַרשידענע פאַרביקע עטיקעטן. אויף טרעפּלעך אַראָפּצוג־יין נידריקער, זענען געשטאַנען מעשענע גרויסע און קליינע באַלאָנען און אַ גרוי־סער קעסל צום קאָכן דאָס וואַסער. אָבער קיינמאָל האָט מען דאָס וואַסער נישט געקאָכט, פאַרשטייט זיך אַז דער קעסל איז געשטאַנען תמיד אַ קאַלטער, נאָר פארן געזעץ...

ביי דער מאַשין מיט אַ גרויס ראָד און צוויי הענטלעך, איז געשטאַנען לייזער פאַסנע און געדרייט דאָס ראָד. זינט איך געדענק האָט געאַרבעט איין אַרבעטער, מען האָט אים גערופן לייזער „פאָסנע“; מען פלעגט זאָגן אַז ער האָט ליב נאָר „פאָסנע“ מאכלים... „פאָסנע“ פלעגט דרייען דאָס ראָד פון דער מאַשין און גלייכצייטיק צעטראָגן די באַלאָנען אין די סאָדע־וואַסער געוועלבער. דער עיקר פלעגט ער שוויצן אין די זומערדיקע דאָנערשטיקע מאַרק־טעג, דאַן פלעגט דאָס ראָד אַרבעטן אָן אויפהער, און באַזאָרגן אַלע געוועלבער מיט סאָדע־וואַסער. ערב־שבתדיקע טעג, פרייטיק, ווען מען פלעגט שוין שרייען: שבת, שבת! און יידן פלעגן שנעל פאַרמאַכן די געוועלבער, פלעגט נאָך לייזער פאָסנע טראָגן אויף זיינע דאַרע פּלייצעס די באַלאָנען מיטן אייז. צו פיל פּרנסה האָט ער פון

די אַרבעט קיינמאָל נישט געהאַט; שטענדיק געווען אַ פאַרהאָרעוועטער, פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט געטראָגן די באַלאָנען און געדרייט דאָס ראָד אָדער געפירט איין. פונדעסטוועגן איז ער געווען שטענדיק אַ פריילעכער, אַ שמח בחלקו, ווי מען פלעגט זאָגן: אַ לוסטיקער דאַלעס (דלות).

דער זיידע האָט געהאַלטן אויך אַ לאַדאָווניע ד. ה. אַן אייז־קעלער, ביים אַלטן אַפּטייקער אין גאָרטן. זומער צייט פלעגט זיצן דער אַלטער אַפּטייקער אין דעם שיינעם פרוכט־גאָרטן מיט עלטערע פרויען און שפּילן אין קאָרטן. די פרויען פלעגן רויכערן סיגאַרן (אין יענע צייטן איז דאָס געווען אַ חידוש) די יינגלעך פון חדר פלעגט עס שטערן ביים גנב׳נען עפּל פון גאָרטן דורך אַ לאָך, וואָס איז געווען אין דעם פּאַרקן ביים אַריינגאַנג פון די זייט פון אַלטן בית־מדרש. ווען מיין זיידע איז נפטר געוואָרן (איך בין דאַן געווען אויף הכשרה), איז געגאַנגען ר׳ מענדל משה אהרונ׳ס תשעה־באב אויפן בית הקברות און אויפן קבר פון משה־הערש לייזערס שטאַרק געוויינט, ווייל ער האָט נישט מיט וועמען צו רעדן אַ וואָרט. אין אַ קורצער צייט איז ר׳ מענדל־משה אַהרונס נסתלק געוואָרן און ביידע טרייע חברים האָבן געפונען זייער מקום צוזאַמען.

מיין פאָטער, גערופן אין שטעטל: מאָטל גרינעס, האָט געשטאַמט פון שטעטל קאָסאָוו, אַ שוחטס אַ זון. דער שידוך איז צושטאַנד געקומען ביי אַ צוזאַמענטרעף פון ביידע מחותנים ביים אַלעקסאַנדער רבין.

נאָכן איבערייסן די קעסט, האָט דער טאַטע באַקומען זיין נדן — אַ געוועלב פון שוסטער־צידאַטן.

אין די זומערדיקע אָוונטן, פלעג איך זיצן אַלס קינד ביי אונדז אין גע־וועלב אויף אַ גרויסן טיש אָדער אויף אַ זאַק מיט הילצערנע טשוועקלעך, ווי מ׳פלעגט זיי רופן שפּילן, אויסהערן די פאַנטאַסטישע מעשיות פון די שוסטערס. וואָס פלעגן דערציילן פון פאַניע גנב, ווען זיי זענען געווען סאָלדאַטן ביים צאַר.

אַן אָפטער אַריינגייער צו אונדז איז געווען יענקל שוסטער, אַ געזונטער ברייטפּלייציקער פעסטער ייד מיט אַ שוואַרץ געשוירן בערדל, דאָס קיילעכדיקע טוכן היטל פּאַריקט אין אַ זייט. זיינע שטענדיקע מעשיות וועגן פאַניען, און דער עיקר די מעשה וועגן זיין טיאשקע (שווערד), האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, און אים שטענדיק זיך פאַרגעשטעלט אין מיין קינדערישער פאַנטאַזיע ווי בר־כוכבא. דאָס געוועלב איז געווען אָפן ביז שפּעט אין אָוונט. ווען די נאַכט פלעגט נאָר צופאַלן, פלעגן די שוסטער שנעל קומען פון מנחה־מעריב, ביז אינדערהיים וועט פּאַרטיק ווערן די וועטשערע, קויפן איינעם אָדער צוויי פּאַפּיראָסן. גאָר גרויסע פּאַרדינער פלעגן קויפן אַ האלבע שאַכטל, פּאַרשטייט זיך, נישט פון די געהויבענע.

אונדזער שטעטל סאָקאָלאָוו האָט געשמט פאַר אַ שטעטל פון בעלי־מלאכות — שניידער און שוסטער. די שניידערס פלעגן אַרבעטן „טאַנדעטנע״ אַרבעט פאַר די אַרומיקע געגנט. די אַזוי גערופענע „כאַלופניקעס״ פלעגן אַרבעטן פון פרי ביז שפּעט אין דער נאכט, און די סוחרים, וואָס פלעגן אַליין אויך ארבעטן,

פלעגן זיך אַרומשלעפּן מיט געפּאַקטע וועגענער אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך גאַנצע טעג און נעכט, כמעט די גאַנצע משפּחה פלעגט זיך שלעפּן אויף די ירידים.

יעדע בראַנזשע איז געווען משפּחה׳דיק. אַז דער פאָטער האָט זיך פאַרנומען מיטן פאָרן אויף ירידים און פאַרקויפן טאַנדעטנע מלבושים, איז דאָס איבערגעגאַנגען צו קינדער און אייניקלעך, און געוואָרן אַ משפּחה באַשעפטיקונג. נישט איינמאָל פלעגט פאָרקומען אַ שאַרפע קאָנקורענץ אפילו צווישן אייגענע ברידער.

פאַרן ערשטן וועלט־קריג פלעגן שטיוול פון סאָקאָלאָוו גיין קיין רוסלאַנד. עס איז דעמאָלט פּאָפּולער געווען דאָס ווערטל, אַז די לאַגע פון די שוסטער איז אַזוי גוט, אַז זיי שטעלן פייגן אין טשאָלנט.

מיין באָבע גרינע האָט מיר דערציילט, אַז ווען דער זיידע האָט נאָך געהאַט אַ געוועלב פון שוסטער־צודאַטן, פלעגט ער טיילן „חנוכה־געלט״ די שוסטער. יעדער קליענט פלעגט באַקומען אַ געבראָטענע גאַנדז מיט אַ פלאַש בראָנפן. פאַרשטייט זיך אַז די סוחרים פלעגן זיין פאַרמעגלעך און געלעבט ווי די שוסטער.

פון פרי ביז שפּעט אין דערנאַכט פלעגן די שוסטער זיצן אויף זייערע קליינע בענקעלעך און קלאַפּן מיטן העמערל ווי מען פלעגט זאָגן: „ביז שפּעט אין דער נאָדל אַרייך״. די געזאַנגען פון די שוסטער־געזעלן פלעגן זיך טראָגן אין די גאַסן און געסלעך. ביי די שוסטער האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די ערשטע פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטיי — דער „בונד״ אין סאָקאָלאָוו. ווי מען דערציילט, האָט שעפּסל פּערגער אָרגאַניזירט דעם ערשטן שטרייק ביי די שוסטער אַז מען זאָל נישט אַרבעטן שבת צונאַכטס.

די גרעסטע און הויפּט־גאַס אין שטעטל דער צענטער איז געווען — די דלוגע גאַס; זי האָט זיך געצויגן ביזן אַריינפאָר פון דער באַן. זומער פלעגט דאָרט זיין דער שפּאַציר פון דער יוגנט. ס׳האָבן אויף דעם באַן־וועג כמעט נישט געוווינט קיין יידן. די לעצטע יאָרן האָט דאָרט געוווינט חיים שמואל. וועלכער דאָט אַמאָל געהאַט אין שטעטל ביים אַלטן בית־עלמין די ערשטע מיל. וואָס ער האָט געמוזט פאַרקויפן נטע פּאַטערקאַזען, אַ ייד וואָס האָט געמאַכט אַ סך געלט ביי דעם פּאַטערקאַזער פריץ און איבערגעבויט אויף אַ גרויסע מאָדערנע מיל.

חיים שמואל איז געווען דער לאַנגיאָריקער ימים נוראים בעל־תפילה אין דער גרויסער שול. זיינע הארציקע תפילות האָבן מיטגעריסן אַלע מתפללים. אויפן הויף פון חיים שמואלן איז געווען אַ ברונעם מיט אַ הילצערנעם עמער. צוגעבונדן מיט אַ גראָבן שטריק. יידן פלעגן דאָרט זומער אין די שבתים קומען טרינקען קאַלט און ווייך וואַסער נאָכן טשאָלענט.

ביים אָנהויב פון דער דלוגע־גאַס איז געווען שלמה ראָזענבערגס האָטעל — דער ערשטער „מאָדערנער״ האָטעל אין שטעטל. עס פלעגן ביי אים איינ־

שטיין סוחרים, אַגענטן, אַרטיסטן, רעדנער און סתם „אינטעליגענטנע" מענטשן. קעגנאיבער דעם האָטעל איז אין אַ העלצערנעם הויז געווען יאָרן לאַנג דער האָטעל פון די פעדערס. אין די פינצטערע חדרים׳לעך פלעגן איינשטיין פרומע יידן, על פי רוב חסידים, געקומענע צום סאָקאָלאָווער רבין אויף די ימים־טובים.

* * *

צווישן די קאַשטאַן בוימער האָבן זיך געצויגן די שיינע מויערן פון די דלוגע גאַס — אַ ברוקירטע מיט קיילעכדיקע שטיינער און טראָטואַרן. ווען די פויערים פלעגן קומען מיט זייערע וועגענער מיט אייזערנע רייפן אויף די רעדער בעת די מאַרק־טעג פלעגט דאָס פאַרהילכן די גאַנצע גאַס. אויף די דלוגע־גאַס זענען דער רוב די געשעפטן געווען קראָמען, רעזורעס און פיוויאַרנעס.

מיין באָבעס שענק איז געווען קעגנאיבער דעם מאַרק, ווו עס איז געשטאַנען בזשוסקעס „פּאָמניק"; דערנעבן — אַ ברונעם מיט אַ פּלומפּ, ווו די גאַנצע גאַס פלעגט פּלומפּעווען וואַסער. נעבן דעם שענק זענען געשטאַנען די דראָזשקעס מיט זייערע אויסגעפּוצטע פערד, וואָס פלעגן פירן דעם עולם צו דער באַן. אויף די טרעפּלעך פון שענק פלעגן, בראש מיט זייער פירער ישראל פינדיק, זיצן די טרעגער וואָס פלעגן פון צייט צו צייט נאָך אַ פאַרדינסטל זיך אַריינכאַפּן מאַכן אַ שנאַפּס. די אַלטע באָבע גרינע מיט די קינדער האָבן געפירט דעם שענק און געשט אין איין דאָנערשטיק אין אַ מאַרק־טאָג, ווע־ די פויערים זענען געוואָרן בגילופין, פלעגן פליען בענק, פלעשער און גלעזער — ביז די פּאָליציי האָט די צעבלוטיקטע פויערים געפירט אין קאָזע. אין די מאַרק־טעג פלעגן אין שענק אָפט זיצן צוויי גויים מיט האַנט־גאַרמאָשקעס, שפּילן און טרינקען — מער טרינקען ווי שפּילן. ביי אַ גרויסן פאַס ביר מיט אַ קופּערנער פּאָמפּע, פלעגט שטיין דער פעטער פנחס און צאַפּן אין גרויסע, גראָבע ביר־גלעזער און זיי אָנפילן מיט אַ גרויסן שוים. אין די פאַרנאַכטן פלעגט די באָבע מורמלען פון איר „קרבן־מנחה" סידור און בעטן גאָט אַז די מאַרק־טעג זאָלן זיין גוטע און אַלעס זאָל איבערגיין בשלום.

פאַרטאָג פלעגן זיך פאַרשלאָפענע יידן מיט טליתים אונטער די אָרעמס, אין פאַרלאָזטע כאַלאַטן, פון זיידנס געסל לאָזן באַרג אַראָפּ צום אַלטן בית־מדרש דאַווענען. בעלי־מלאכות פלעגן נאָכן ערשטן מנין שנעל צוריק לויפן דעם באַרג אַרויף צום האַמער און שער.

אַלס קינד, און שפּעטער — אַלס גמרא־ייִנגל מיט פּאה׳לעך מיט אַ קיילעכיק טוכן היטל, אַ כאַלאַטל מיט אַ שפּאָלט, פלעג איך, בעתן גיין דאַווענען אין אַלטן בית־מדרש, זיין אין גרויס פחד, מחמת קעגנאיבער איז געווען די שול, די גרויסע, הויכע, שיינע שול מיט אירע פאַרשידנפאַרביקע פענצטערלעך. אויפן סופיט איז געווען געמאָלט אַ בלויער הימל מיט שטערן אין פאַרשידענע קאָלירן. די פייגל פון גאַס פלעגן אַרומפליען איבער דעם הויכן ארון־קודש מיט זיינע גרוי־

סע לייבן. צווישן אונדז קינדער האָט מען זיך דערציילט אַז די פייגל זענען פאַרוואָגלטע נשמות.

אויפן ערשטן שטאָק, ביים אַריינגאַנג פון עזרת־נשים זענען געשטאַנען גרויסע קאַסטנס מיט אַלטע שמות, וועגן וואָס מ׳פלעגט דערציילן אַז נשמות ליגן אין די קאַסטנס און וואַרטן אויף אַ תּיקון. דאָרט איז אויך געשטאַנען אַ קאַסטן מיט זאמד, וואָס פלעגט דינען די סימנים פון אַלע ברית׳ן אין שטעטל.

נידעריקער, באַרג אַראָפּ פון בית־מדרש, איז געווען די מקווה צו באַדינען דאָס גאַנצע שטעטל אָרים און רייך. פאַר די גבירים, די שיינע בעלי־בתים, פלעגט דער בעדער ר׳ אברהם, וואָס האָט געהאַט אַ זייטיקע פרנסה — אַ בלעכער — אונטערלייגן נאָך אַ ביסל האָלץ.

נאָענט פון דער מקווה איז געפלאָסן די סטריגע. זייער אַ שמאָל טייכל, וואָס מ׳האָט געקאָנט אַריבערגיין מיט איין שפּריַז. דאָס איינציקע טייכל אין שטעטל, וואָס האָט געדינט די באַלעבאָסטעס צו וואַשן וועש און אַלע מצוות פון אַ גאַנץ יאָר: צום כשרן כלים אויף פסח און ראש־השנה — צו תשליך.

כמעט מיטן אויג איז געלעגן דער אַלטער בית־הקברות מיט איינגעפאַלענע מצבות, אַרומגערינגלט מיט אַ הויכן פּאַרקן. צווישן אונדז קינדער פון חדר פלעגט מען זיך דערציילן אַז מתים גייען ביינאַכט פון בית־הקברות דאַווענען אין שול. אין די ווינטערדיקע נעכט אַז מיר פלעגן דאַרפן דורכגיין דאָס געסל פון חדר מיט די לאַמטערנעס אין די הענט, פלעגן מיר מיט גרויס שרעק שנעל די גאַס דורכלויפן. ווינטער פלעגן יידן לויפן אין דעם געסל, זיך גליטשנדיק און אָנהאַלטנדיק זיך ביי די ווענט; ווען עס איז געווען אַ פראָסט אָדער זאַוויערוכע, פלעגט נישט איינער אָפּקומען מיט שרעק ביז ער איז אָנגעקומען אין בית־מדרש.

אין אַלטן בית־מדרש ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַ גרויסער שווערער טיש, ווו דער מוכר־ספרים׳ניק, אַ געלער, אַ הויכער און בייזער ייד פלעגט פאַרקויפן סידורים, טליתים און פאַרשידענע מעשה־ביכלעך. אין ווינטערדיקע פאַרנאַכטן, ווען עס פלעגט קומען אַ מגיד, אַ חזנדל אָדער סתם אַ „וונדערקינד", פלעגט ביים טיש שטיין דער גבאי פון בית־מדרש און מיט דער הילף פון די טרעגער נישט לאָזן דעם עולם זיך צעלויפן פאַרן, איבערלאָזן אַ פאַר גראָשן. דער טיש האָט אויך גענוצט פאַר די אָנגעפאָרענע פרעמדע אָרימעלייט (מ׳פלעגט זיי רופן „גייערס"). אַ גאַנצן טאָג פלעגן זיי גיין פון שטוב און קלייטל, און בין מנחה למעריב וואַרטן ביי דעם טיש, אַז אַ בעל־הבית זאָל זיי נעמען אויף אַ וואַרימע וועטשערע...

מיין פאָטער ע״ה, טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער אַלטער חבר אין „מזרחי" — איז געווען אַן אַלעקסאַנדערער חסיד; אַממערסטן פלעגט ער אָנטון דעם טלית אונטערן פּאַלטן און די יאַרמלקע — אונטערן טוכענעם קיילעכדיקן היטל, און ווינטער, — שבת דאַווענען אין אַלעקסאַנדער׳ער שטיבל.

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

אין פּאָליש פון דער גרויסער שול, אין אַ קליין צימער, איז געווען דאָס אַלעקסאַנדערער שטיבל. שטענדיק איז דאָרט געווען ענג, און די חסדים זענען ס׳רוב געזעסן און געשטאַנען איינגעפּרעסט און געדאַווענט מיט התלהבות און ברען. דאָס שטיבל האָט געשמעקט פון שבתדיקע קאַפּאָטעס, שוואַרצע זיידענע זשופּיצעס מיט ברייטע לאַנגע גאַרטלען, וואָס האָבן זיך געבאָמבלט שאָקלענדיק ביים דאַווגען...

* * *

דער נייער בית־מדרש וואָס איז געווען אין דעם געסל פון מאַלי רינעק, איז געווען אָן אַ פּאָליש, מען איז גלייך אַריינגעפאַלן דאַווגען... דער רעש וואָס איז שטענדיק געווען אין אַלטן בית־מדרש פון די פאַרשפּעטיקטע בעלי־בתים איז דאָ נישט געווען. אויך די ישיבה־בחורים האָבן אין דעם נייעם בית־המדרש נישט געלערנט עס איז געווען מער פאַר האָראָפּאַשנע מענטשן, „עמך״ — שניידער, שוסטער, בעלי־מלאכות. אין די ווינטערדיקע לאַנגע פרייטיק־צונאַכטן פלעגט יוסף מענדל זשיטעלני (גערופן: דאָס רבי׳לע) אַ קליין יידל, פון פאַך אַ היטלמאַכער, — פאַר די פאַרהאָרעוועטע, אויסגעמאַטערטע פון אַ גאַנצע וואָך בעלי־מלאכות, וואָס האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום טישן, לערנען פּרשת השבוע אָדער דעם „מעבר יבק״... און די יידן פלעגן ביסלעכווייז איינדרימלען אין זיסע חלומות פון די פאַנטאַסטישע מעשיות פון חומש...

* * *

אין דעם קליינעם מאַרק (מאַלי רינעק) פלעגן זיצן די הענדלערקעס אויף נידעריקע קעסטלעך און אין זומער פאַרקויפן רויטע קאַרשן, גרויסע גרינע זויערע אַגרעס, וואָס די חדר־יינגלעך פלעגן קויפן פאַר אַ פּאָר גראָשן. אין דעם אוגערקעס־סעזאָן זענען געליגן גאַנצע בערג מיט אוגערקעס. ימים נוראים און סוכות־צייט — גאַנצע זעק מיט עפּל, באַרנעס און פלוימען; בעת די ווינטערדיקע שנייען און פרעסט האָבן די מאַרק זיצערינס, איינגעבאָבלעטע, קוים די אויגן אַרויפצוזעצן, מיט פייער־טעפּ אונטער די פיס, פאַרקויפט געפרוירענע עפּל מיט אַ טעם גן־עדן...

דאָנערשטיק האָבן באַלעבאָסטעס געקויפט אויף דעם מאַרק פיש, דער עיקר גרויסע לעבעדיקע קאַרפּן אָדער העכט; דאָס שטעטל איז געווען באַרימט ווי ליבהאָבער פון גוט עסן... און גרויסע לעבעדיקע פיש פלעגט מען נאָר קאָנען באַקומען אינעם דאָנערשטיקן טאָג — און ווײ איז געווען די באַלעבאָסטע וואָס האָט זיך אין דעם טאָג נישט פאַרזאָרגט מיט פיש. זי פלעגט זיך מוזן פרייטיק באַגענוגענען מיט קליינע פישלעך, פאַר די אָרימע לייט.

# אַלטע היים

* * *

מײַן פֿאָטער ע״ה האָט אין די זומער שבתים געדאַוונט אין „מזרחי״ שטיבל, בײַ אַלטער בעקערמאַן (קרומער קאָפּ). אַ גאַנצע וואָך האָט דאָס שטיבל גענוצט פֿאַר אַ חדר, דער ערשטער פּראָגרעסיווער חדר אין שטעטל (אויסער די „פּאָושעכנע״ פּוילישע־שול), ווו מען האָט געלערנט לימודי קודש און לימודי חול, שפּעטער — גערופֿן בית־ספר „יבנה״. קיין ייִדישע שולן און מיטל־שולן זענען נישט געווען אין שטעטל, נאָר אַ תלמוד־תורה, ווו ס׳האָבן געלערנט ס׳רוב אָרימע קינדער. אַ טייל קינדער פֿון פֿאַרמעגלעכע עלטערן האָבן געלערנט אין דער פֿרעמד, און די גימנאַזיסטן, וואָס זענען געקומען אויף וואַקאַציע מיט זייערע גימנאַזיסטישע היטלען, פֿלעגן אַרויסרופֿן קנאה...

אין „מזרחי״ זענען געווען ס׳רוב מענטשן פֿון מיטל־שטאַנד, צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געקעמפֿט ביטער פֿאַר דעם שטיקל פּרנסה...

ווען ס׳איז געקומען דער שבת פֿלעגן מיר גיין זיך לאָזן פֿאַרהערן בײַ פֿאַרשידענע בעלי־בתּים, חברים פֿון „מזרחי״. איך געדענק, אַז אַמבעסטן האָבן מיר זיך געפֿילט בײַ פּנחס ראַפּאַלאָוויטש, ווײַל ער האָט אונדז שטענדיק אויפֿגענומען מיט אַ „גוט שבת, קינדער!״ און מיט אַ פֿריילעך פּנים. צוערשט פֿלעגט ער מכבד זײַן מיט שבת־אויבס און אַ גוט שטיקל שטרודל, און דערנאָך האָבן מיר באַדאַרפֿן זאָגן דעם שיעור פֿון די גמרא.

חנוכה פֿלעגט די שול צוגרייטן אַ טעאַטער פֿאָרשטעלונג און מען פֿלעגט שפּילן „חנה מיט די זיבן זין״. די קינדער זענען געווען אין זיבעטן הימל פֿון פֿרייד.

די יוגנט פֿון „מזרחי״ איז באַשטאַנען פֿון בעל־בתּישע קינדער, וואָס זייערע טאַטעס פֿלעגן דאַוונען אין גערער, קאָצקער און אַלעקסאַנדערער־שטיבל. זייער „רעוואָלוציאָנערער״ טאַט איז געווען: „קורץ געקליידט״, ס׳רוב אין קאַפּעלושן, און דאַוונען שבת אין „מזרחי״...

פֿון די דעמאָלסטיקע יוגנט אין „מזרחי״ איז געווען משה שפּירא, (מ׳האָט אים גערופֿן משה׳לע), אַן אײַנגעדאַרטער, אַ נידריקער, נאָר אויגן האָט ער פֿאַרמאָגט ברענענדיקע, לעבעדיקע. שטענדיק אַ פֿאַרשמייעטער, אַ געבוירענער כלל־טוער, געווען איז ער אַ יתום, נישט געהאַט קיין טאַטן. ווי איך געדענק, איז ער צו דרײַצן יאָר געשטאַנען צום פּריזיוו (אַמאָל פֿלעגן טייל עלטערן נישט ווערן פֿאַרשרײַבן די געבוירע יאָרן).

אַ באַוווסטער אין שטעטל, וואָס פֿלעגט דאַוונען אין „מזרחי״־שטיבל איז געווען דער „טויטער״ — גערופֿן האָט מען אים „שמואל דער טויטער״. ווי מען דערציילט, איז ער געווען אַ בן־יחיד בײַ זײַנע עלטערן, און ווי אַ סגולה האָט ער געטראָגן ווײַסע מלבושים ביז דרײַצן יאָר... פֿון דעמאָלט איז זײַן נאָמען געווען — „שמואל דער טויטער״. זײַן פּרנסה איז געווען פֿאַרקויפֿן צײַטונגען. קיין גרויסער גביר איז ער פֿון די פּרנסה נישט געווען. מען זאָגט

„גאָט שיקט שוין צו די אביונים אַ סך קינדער" — און ביים „טויטן" איז געווען אַ פולע שטוב מיט קינדער... אָבער אַזאַ פריילעך מאַכער ווי שמואל דער „טויטער" איז נישט געווען אין גאַנצן שטעטל — פאַר יעדן איינעם האָט ער געהאַט אַ גוט פריילעך ווערטל...

און דער עיקר שמחת־תורה אין „מזרחי"־שטיבל. שמחת־תורה איז געווען דער פריילעכסטער יום־טוב. כמעט נאָך שחרית, האָט מען שוין אָנגעהויבן קידושן. און נאָכן דאַוונען פלעגט מען אַרומגיין אין די שטובן און ברענגען די מטעמים, וואָס די באַלעבאָסטעס פלעגן צוגרייטן... נישט איינמאָל פלעגט דער „טויטער" אַליין אַוועק אין אַ שטוב און אַרויסטראָגן פאַרן עולם כמעט אַלץ וואָס איז געווען צוגעגרייט אויף יום־טוב. די עיקרדיקע שמחה איז געווען מוצאי שמחת־תורה, ווען עס פלעגט שטיין אַ גרויס פאַס ביר מיט אַ מעשענע פּאָמפּע און מען פלעגט צאַפּן אָן אַ סוף... איינמאָל געדענק איך, ווען מיר זענען נאָך קינדער געווען, איז די בגילופין געווען גאָר גרויס, האָט זיך שמואל דער „טויטער" אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, איינגעוויקלט אין אַ טלית און אָנגעצונדן ליכט איבער זיין קאָפּ, און אַלע האָבן זיך געשטעלט ווינען איבער אים ביז איינער פון די עלטערע ידן איז אָנגעקומען און, זעענדיק דאָס „טעאַטער", האָט ער גענומען אַן עמער מיט קאַלט וואַסער און אים אָפּגעגאָסן. גאָר גיך איז דער „טויטער" אויפגעשטאַנען תחית־המתים.

אַ חשובער און געשעצטער ייד אין „מזרחי" איז געווען לייבל פּרינץ. אַ ברייטער, הויכוווקסיקער ייד. געהאַט האָט ער אַ געוועלב אויף די דלוגע־גאַס פון פאַרשידענע איילן און פאַרבן. ער פלעגט שטענדיק זיצן ביי זיך אין געוועלב אָנגעטון אין אַן „אויסגעפּוצט" כאַלאַטל, פון וואָס מען האָט געקאָנט צאַפּן בוימאייל... אין זיין פרייע צייט איז ער תמיד געווען פאַרטיפט אין די ספרים, אויך ביכער, זשורנאַלן און צייטונגען. הגם ער איז געווען זייער פרום, איז לייבל פּרינץ געווען אַ גרויסער לייענער פון ספרי חול און געווען אַ גרויסער ידען אין די קלאַסישע ליטעראַטור. ביי אים איז געווען אַ בוך געווידמעט אונדזער שטעטל, וואָס איינער אַ ייד האָט אָנגעשריבן נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק. שבת איז לייבל פּרינץ געווען שבתדיק, נשמה־יתרהדיק, מיט די שוואַרצע זיידענע קאַפּאָטע, מיט זיינע הימל בלויע אויגן, מיט אַ רויטער שיינער פייערדיקער באָרד, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון די חומש געשטאַלטן... זיין האַרציק־מתיקותדיק דאַוונען ביים עמוד, בפרט אין די ימים נוראים, פלעגט „צעברעכן" די הערצער פון אַלע מתפללים.

אין די שבתים, ווען די שויבן פון די פענצטער פלעגן אָנהויבן טונקעלן בין־השמשותדיק, פלעגט מען פּראַווען שלוש־סעודות און עסן חלה מיט הערינג. אַנדערע ווידער פלעגן זיך אין דער זעלבער צייט זאַמלען אין גרופּעס און שטיין און שמועסן. די זון פלעגט זיך דאַן פאַמעלעך מעלאַנכאָליש רוקן הינטער הינטערן שטעטל... די ידענעס פלעגן דאַן שוין זאָגן „גאָט פון אברהם"... און די וואָכעדיקייט פלעגט באַהערשן דעם עולם. אין אַ שטענדיקע

גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון לייבל פּרינץ, משה זארעמסקי, שמואל אייזנ־קרעמער, גדליה פּעלער און מיין טאַטע, וואַרטנדיק אויף די ערשטע אַרויס־קומענדיקע שטערן, פלעגן שטיין און שמועסן פון פּאָליטיקער" אָדער דער־ציילן מעשיות פון אַמאָליקע צייטן פון שטעטל סאָקאָלאָוו. איך נאָך אַ קינד, פלעג שטיין ביי מיין טאַטן, אומגעדולדיק אויסהערן פאַרשידענע מעשיות, וואָס זענען מיר ביז היינט פאַרבליבן אין זכרון...



דער שטאָט־גאָרטן



„טאַנדייטער"

מרדכי רעזניק
(סענט-לאָיס)

## דער זיידע שרייבט אַ ספר תורה

שרייבן אַ ספר־תורה איז ביי אַ פאָלקס־מענטש געווען דער גרעסטער ווונטש און כבוד. אָבער וועלכער ייד האָט אין יענער צייט געקאָנט טראַכטן דערפון? סיידן אַ גביר. דאָך האָבן אויך אָרימע יידן נישט געוואָלט מותר זיין אויף אַזאַ גרויסע מצוה, פלעגן זיי דאָס טון בשותפות.

אויך מיין זיידע שמואל יעקב, אַ פאָלקס־מענטש, אַליין אַן אָרימער הענדלער, האָט זיך אַרומגעטראָגן מייט אַ חלום צו שרייבן אַ ספר־תורה ווייל פשוט, כדי צו דערגרייכן די גרויסע מצוה, צו וואָס ער איז ענדלעך זוכה געווען. ווען דער זיידע האָט איינגעצאָלט יצחקלן סופר די ערשטע ראַטע. אויך דאָס גאַנצע יאָר בעתן שרייבן די ספר־תורה, איז זיין פרייד געווען גרויס.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענע נאַכט ווען ביי מיין זיידן אין שטוב איז געפייערט געוואָרן דער סיום־הספר. די גאַס פון שטוב ביזן בית־המדרש איז געווען פאַרפלייצט פון פרייד. אָנגעטון אין יום־טובדיקע קליידער האָבן מענער און ווייבער און קינדער, מיט שטורקאַצן אין די הענט אין געדיכטע רייען אַרומגערינגלט די חופה מיט דער ספר־תורה, אויפן וועג צום בית־המדרש.

די ספר־תורה איז געווען אָנגעטון אין אַ באָרדאָ סאַמעטן מענטעלע, אויסגענייט מיט עכט גאָלדענע פעדים — אַ מתנה פון די קינדער פון אַמעריקע.

אַלע האָבן זיך געשטיפּט, וואָס נאָענטער צו דער חופה, כדי צו קאָנען אַ קוש טון די ספר־תורה, אָדער כאָטש זי אָנרירן.

הגם לאַנגע יאָרן טיילן מיר שוין אָפּ פון יענער נאַכט, יאָרן פון אָפּגעריסנקייט און בענקען נאָך אַן עכט יידיש לעבן — דערגייען נאָך צו מיר די קלאַנגען פון יענע טאַנצנדיקע מאַסע יידן, ביים בית־המדרש.

יעדן פרייטיק צו נאַכטס און שבת אינדערפרי, פלעגט מען דאַוונען ביי מיין זיידן אין שטוב און לייענען פון זיין ספר.

איך בין נאָך דעמאָלט צו יונג געווען צו פאַרשטיין די וויכטיקייט און גרויסקייט פון דער זאַך, אַז כ׳בין עלטער געוואָרן האָב איך אַמאָל ביי מיין זיידן געפרעגט: „צוליב וואָס, זיידע האָסטו געשריבן דעם ספר?“

אויף דעם האָט ער מיר געענטפערט: „איך וועל דיר זאָגן מיין קינד: איך האָב דאָס געטון צוליב צוויי זאַכן: ערשטנס ווייסטו דאָך, אַז עס איז

## אַלטע היים

אַ גרויסע מצוה, און צווייטנס ווייסטו דאָך אויך, אַז מיין יוסף (דער איינציקער זון) איז אַוועק קיין אַמעריקע. נו, איבער הונדערט יאָר, אַז כ׳וועל שוין דאָ נישט זיין — ווייס איך דען צי ער וועט נאָך מיר קדיש זאָגן? אַז מ׳האָט אַן אייגענע ספר־תורה — זאָגט די ספר־תורה קדיש״...

מיין טייערע זיידע!

דיין ספר־תורה, דער קדיש זאָגער, איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט די 6 מיליאָן יידן, און איך דיין אייניקל, ווייט פון דיין קבר שטיי געבויגן מיט גרויס דרך־ארץ פאַר דיין הייליקן ווילן.

„יתגדל ויתקדש שמה רבא״.



ב. סאַטט: חדר יינגלעך.

משה שטיינגארט
(ניו־יאָרק)

## די נאַכט דערציילט

וואָס דערציילט דיר די נאַכט
דאַכטער פון יודנלאַנד?
ס׳איז דער הימל דער אייגענער
וואָס נעכטן און אייערנעכטן
און אַלע נעכט וואָס זענען נישט געזעטיקטע
אין דיין חלום אַוועקגעקומען.

די נאַכט דערציילט פון גרויסן אומגליק.
די פון יידן וואָס דער שונא האָט צוביימער צוגעהאַקט,
פון טרערן וואָס גראָזן זאַמלען איבער גאָרער ערד צענויף.
און שפּאַנען די זון איין יעדן טראָפּן איין
ביים ערשטן אָנזאָג פון באַגין.

די נאַכט דערציילט פון גרויסן צאָרן —
וואָס דער תליון האָט איבער אַלע שאָסייען צעלייגט,
פון קול וואָס קאָן נישט דערשטיקט ווערן
און לעצטן קלאַנג פון שמע —
גאָט, האָסט אַלע ליכטער אויסגעלאָשן,
אַלע שטערן אויסגעבלאָזן,
וואָס האָסטו מיך אַליין געלאָזט אין אַזאַ נאַכט?

איך פרעג נישט דיין רעכט.
איך מאָן נישט ביי דיר פאַרוואָס.
איך בעט בלויז ביי דיר —
לאָז מיך אויך זיין איינער פון די
אויף וועמען דו האָסט זעם תליונס האַנט דערהויבן
איך זאָל אַ געלייטערטער צו דיר דערגרייכן.

## איך באַלייט מיין טאַטן

ווילדע ווינטן, לינדע טעג.
בלינדע הימלען, דינע נעכט.
ביימער אָפּגעגרינטע,
האָבן מיך פון האַרבסט צו האַרבסט אָנגעדונגען.

מיין זכרון איז נאָך אַ קינד געווען.
די נעכטנס האָבן נאָך קיין ציפער נישט געהאַט.
כ׳האָב פריי אין פעלד זיך אַרויסגעשטעלט
און פלינק מיט וויג פון קאָרן זיך געהוידעט.
יעדער זמן האָט הויפּנס טעג אויף מיר אַרויפגעצײלט
און דערקענט בין איך זיך געוואָרן,
ווען דער ערשטער רעגן האָט דעם געלן ווייץ פאַרגאָסן.

דער שניטער האָט זיין שפּע שוין לאַנג
אין שירעמדיקן שייער איינגעזאַמלט.
מיין טאַטע האָט זיין שאָטן מיט זיך מיטגענומען,
און בלויז אַ צווייג, מיט איינציקן בלאַט,
בין איך געהאָנגען איבער ברייטן ליידיק
פון אויסגעזומערטן פעלד.

ווער ווייסט אויף וואָסער שפּראַך ס׳רעדט די נאַכט?
ווער ווייסט, וואָס דער ווינט דערציילט דעם ווייץ,
ווען די זון וואַרעמט אויס דעם ערשטן זאַנג?
איך ווייס נאָר —
ס׳וויגט זיך נאָך אַלץ אין מיר דער ערשטער בלאַט,
און די ווילדע ווינטן, די לינדע טעג,
ווערן צוגעמאַכטע אויגן,
ווען ס׳וואַכט אין מיטן פעלד די נאַכט.

## סאַקאַלאַװ-פּאָדליאַסק

װען ס׳לעבט דײַן זײדע קאָנסטו —
אפילו אַן אײנציק בלאַט אויף דינסטן צװײַג —
גרינג אין װילדסטן װינט זיך װיגן.
װען ס׳גײט אַװעק דײַן טאַטנס שאָטן,
באַלײַטסטו צום ערשטן מאָל אויך זיך.
הינטער דיר גײט שױן קײנער נישט נאָך.
דאָס לײדיקע אָרט װערט פֿול מיט ערשטן קדיש,
װאָס דו זאָגסט נאָך זיך אַלײן.

ביסט מער נישט פֿרײַ.
דײַן טראָט איז אויסגעמאָסטן מיט שטרענגער מאָס
פֿון די ערשטע, בלינדע הימלען.
די לינדע טעג.
װערן בלויז אָטעם פֿאַר די װילדע װינטן.
די דינע נעכט —
בלויז אַ שמײכל צום קינד,
װאָס גײט שױן אַלײן.

גד זאקליקאווסקי
(פתח־תקוה)

# פון שטעטלדיקן אַמאָל

## א) אין אַלטן בית־המדרש

געווען איז דאָס ווען דער נייער בית־המדרש אויף דער שעדלעצער גאַס, ביים קליינעם מאַרק, איז פון אינעווייניק נאָכנישט געווען אויסגעפּאַרטיקט. עס זענען נאָך געשטאַנען אַ טייל רושטאָוואַניעס און די מוליאַרעס האָבן נאָך אַזוי קונציק געפּאַטשעוועט די ציגל אין דער הויך, צום פאַרענדיקן די ווענט מיט די געזימסן. און פון דער צווייטער זייט, ווו מען האָט אָנגעהויבן דעקן



אין פאָדערגרונט: דער שטיין, וואָס איז געבליבן ווי אַ זכר להורבן פון דער שיינער סאָקאָלאָווער שול.

דעם בלעכערנעם רויטן דאַך, האָט מען געטינקעוועט און אַלץ איז געווען פאַרלייגט מיט ציגל, קופּעס ליים, וואַפּנע און צעגראָבענע ערד. איז דעריבער נישט אַזוי לייכט געווען צוצוקומען צום אַריינגאַנג. אַ חוץ דעם האָט מען געדאַרפט פאָרזיכטיק אויסמיידן די פרישע וואַפּנע־גריבער און ליים־בערג־

לעך. וואָס מען האָט נאָרוואָס געמאַכט, אָנהויבנדיק פאַרגיסן דעם פונדאַמענט פון אמשינאָווער שטיבל, וואָס איין זייט איז אָנגעלענט אויף דער בית־מדרש־וואַנט.

דאָך האָט דאָס נישט אָפּגעהאַלטן די מאַרק־שטייער און די בעלי־מלאכות, די געוועלבניקעס, וואָס זענען אַלע געווען בעלי־מלאכות, נאָר מיט אַן אָפענער טיר פאַר אַ קונה — און די שטענדיקע השכמהניקעס פון פיש־מאַרק און פון די זייטיקע נאָענטע גאַסן און געסלעך זיך אַריינצוכאַפּן גאַנץ פרי אין דעם נישט פאַרענדיקטן בית המדרש אַריין, וואָס איז פאַר זיי געווען ווי אַ צוגעשיקטע ישועה, צו פאַרשפּאָרן לויפן אַזאַ ווייטעניש אין אַלטן בית־המדרש אַריין און אַרויסיאָגן פון זיך די נשמה. און וואָס פאַר אַ טעם האָט שוין געהאַט דאָס דאַווענען אין אַזאַ איילעניש ? (דאָס חיי־אדם־שטיבל, אין נאָענטן געסל, איז נאָך אויך נישט געווען) און ווי מען האָט נאָר אַריינגעשטעלט די צוויי דיקע, ברייט־לאַנגע טישן פון ביידע זייטן ארון־קודש און די פיר לאַנגע בענק אַרום זיי, און אויף די ספרים־פּאָליצעס אין די געמויערטע ווענט האָבן זיך באַוויזן די גרויסע גמרות, די משניותן און נאָך ספרים, וואָס דער עולם האָט מנדב געווען — האָבן זיך באַלד אַריינגעקליבן די בית־המדרשניקעס, די לערנערס פון יענער סביבה, אריה משה אהרונס, אברהמלע־מאיר קאָרצערס, באָטשע אברהם מיכלס, דעם פערדהענדלערס און זיין שוועסטער־קינד, איצל פרידמאַנס זון גדליה־ברוך, דער שיינער בחור, אַ וויל־לערנער און אַ בעל־מידות, קלמן יחיאל פרידמאַנס ברודער.

און אַזוי איז צוגעקומען נאָך אַ בית־ מדרש, פון תורה ותפילה. נאָר קיין עלטערע, שטענדיקע יושבים, ווי אין אַלטן בית מדרש, זענען אין נייעם נישט געווען. האָט דאָס אַן השגחהדיקע לערנען צוגעצויגן בחורים אויך פון אַרום אַלטן בית־המדרש, און ווען מען האָט אַריינגעשטעלט די איבעריקע גרויסע טישן, האָבן חברה מיט די פען מעסערלעך און „ציגיינערלעך" אויסגעשניצט אויף זיי די פיראַונזעכציק שאַך־קעסטלעך (אויף די מזרח־טישן האָבן זיי נישט מעז־פּנים־געווען דאָס צו טון) און צוגעשניטן פון אַלטע ווייסע טאָוולענע גילזן־פּושקעס קליינע פירקאַנטיקע טאָוועלעך, אָנגעשריבן אויף זיי מלך, מלכה, זקן, סוס אַזוי אַלע שאַך־כלים מיט די פענדלעך (פּויערים), זיי אָפּגעשוואַרצט מיט טינט ; געט־?קען אַן אויסגעלאָשן שוועבעלע, אַ גוטן איינגעביסנס פון אויבן, איז עס געוואָרן ווייך ווי אַ פּעניקל. אַזוי האָבן זיי געהאַט ווייסע און שוואַרצע שאַך־שטיקעס און דעם ערשטן שאַך געשפּילט, ווען עס איז נישט געווען קיין גרויסער חשק צו לערנען. ממילא האָט זיך שוין עמעץ אַהין אַריינגעפּלאָנטשעט, כדי צו כאַפּן אַ קוק, אויך אַ קעסט־איידעמל און אַזוי צוקוקנדיק זיך אַוועקגעזעצט מאַכן אַ שאַך. פון די בעסטע צוקוקערישע שאַך־שפּילער, איז געווען הענעך דוד איצלס אַן אמת חסידיש־שטילער יונגערמאַן, אַן עניוותדיקער, מיט תורה און חכמה, וואָס פלעגט אָנהויבן מיט וויזן „אַ גאַנג", זיך בעטנדיק : גזלן, וואָס טוסטו ? קוילעסט זיך דאָך אָפּ, פּאַרטאַטש !

אַזוי פלעגט אויך אַהין פאַרבלאָנדזשען אַן אויסגעסטראָצלטער בחור, אונטער װעמענס קלײנעם טוכן היטעלע עס איז שוין געװען אַ גוט־פאַרשוירעניע און גליך־פאַרקעמטער גזשיבע. געצויגן אין נײעם בית־המדרש אַריין, אין די האַרבסטיקע, נאָך ימים־נוראימדיקע קאַלט־כמורנע טעג (פון װינטער שוין אָפּגערעדט) האָבן אויך די צװײ שײנע און רײנע קאַכלאָװע אויװנס די הויכע, װאָס האָבן דערגרײכט ביז צו די באַפּוירהאַנגטע פענצטערלעך פון װײבערישן בית המדרש, װאָס מען האָט געהייצט מיט שטײן־קױלן און פאַרמאַכט מיט טאָפּלטע הערמעטישע טירלעך, און מיט אַזאַ שײן מעשן הענטל — נישט װי דער ברײטער, אומגעלומפּערט־מגושמדיקער ציגל אויװן אין אַלטן בית־המדרש װאָס רויכערט אָפּט און װי מען שטעלט זיך נאָר אַנידער װערט מען באַקאַלעכט װי גרויס מען איז, נישט צום דערדערקענען, סײדן מען טוט אויס דאָס כאַלאַטל און מען בלײבט שטײן אין די הויזן. אַ שײן פּנים האָט עס...

אַזוי זענען אויך צוגעקומען די יונגערע בחורים פון אַלטן בית המדרש און אײדער װאָס װען, מען האָט נאָך רעכט נישט באַװיזן זיך אַרומצוקוקן, איז דער אַלטער בית המדרש כמעט װי אויסגעלײדיקט געװאָרן פון זײנע לערנערס. געבליבן זענען בלויז עטלעכע עלטערע בחורים. אברהמעלע משה לײזערקעס, דעם שנײדערס, דער קורצזיכטיקער ספרא־רבא מיטן שײנעם כתב־יד און דעם בעל־עגלה׳ס דער ציכטיקער, גוט־פאַרקעמטער, שטיל־קלוגער בחור, חיים־חײקל, רב זעליקלס אײניקל, דער שײנער זינגער, אברהמעלע זיסקינדס מיטן אָפּגעהאַקטן פינגער פון דער לינקער האַנט (מסתמא צוליבן פּריזיװ) און פון די יונגערע — ישראלקע ציבולע, די גרויסע רויזעס, חנא דוד גיטקעס, דעם הויכן שוסטערס און משה באָטשע עסיקמאַכערס, דער רוסישקענער. בקיצור, דער אַלטער בית המדרש, אַ מקום תורה פון שנים קדמוניות האָט אָנגעהויבן פוסטעװען. דאָס האָבן די ערשטע באַמערקט די חסידישע קרעמער, פון נאָענטן גרויסן מאַרק, זיך אַרײנכאַפּנדיק אָנװאַרעמען אַ ביסל און אין אײנװעגס מעיין זײן אין אַ ספר.

דערזעענדיק די אויסגעלײדיקטקייט, האָבן זײ געפרעגט דעם אַלטן שמש, רב שמואל אלין און רב בן ציונען, דעם שול־שמש, װאָס האָט געזאָגט, „עין־יעקב" פאַרן עולם אין בית־מדרש: פונװאַנען האָט זיך דאָס דערנומען די פוסטקייט? האָבן זײ די אַקסלען געהויבן, זײ װײסן נישט. נאָר װען מען האָט געפרעגט חיים יאָסל סטאָליאַר, דעם בית מדרש־גבאי, װאָס װוינט נעבן נײעם בית המדרש און זעט װער אַלץ עס לערנט דאָרט, איז מען דערגאַנגען, אַז דאָס האָט זײ דער נײער בית מדרש צוגעצויגן, װי אַ מאַגנעס, װוּ די לערנערס זענען דעם גאַנצן טאָג אָן השגחה. װי די פרײע פײגל. אַ חוץ דעם האָט נאָך אײזיקל, שמשון היטלמאַכערס אײדעם, אין דער בית־מדרש־מויער אין פראָנט־װינקל אַ נאַש־געװעלבל, װוּ מען קריגט אַ קישקעלע, אַ באַבקעלע, אַ „שפּיגעלע" (אַ קיכעלע, װאָס פון מיטן האָט אַרויסגעשפּיגלט אַ צוקערקע), אַ דיק מצהלע מיט אַן אײל־גלאַנץ אַ געזאַלצנס, אַ פלעשל שװאַרץ ביר, װאָס

דער שוואַרצער חיים דער מלמד מאַכט אַליין, און נאָך פאַרשידענע משקאות און פאַרבייסעכצער, צו יעדער צייט. בפרט אַז ער גיט נאָך אויף „באָרג״... — דאָס אַלץ האָט צוגעצויגן די יינגלעך, וואָס האָבן אָנגעהויבן לערנען פאַר זיך.

בקיצור, מען האָט אָנגעהויבן קלערן, ווי מאַכט מען, אַז דער אַלטער בית המדרש זאָל ווידער ווערן אַ מקום־תורה. ווי לאָזט מען עס פוסטעווען אַזאַ מקום קדוש, ווו דער גרויסער צדיק רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער האָט דאָרטן געדאַוונט? (ווען ער איז אַנטלאָפן פון זשעלעכאָוו) און צו מנחה צו, ווען עס זענען געקומען אין אַלטן בית־המדרש אַריין כאַפּן אַ קדושה די בעסע־רע תלמידים, וואָס ווינען אין דער נאָענט — בער לייב, יוסף עקיבא יאָסלס, איטשע מאיר אברהם יענקלס — האָבן זיי וועגן דעם איבערגערעדט אויך מיט מענדל רב לייבעלעס, וואָס האָט געוווינט אין שכנות, און מען איז געקו־מען לכלל דעה, אַז מען זאָל פון די חסידים־שטיבלעך שיקן לערנען יעדן טאָג עטלעכע בחורים און קעסט־אײדעמס אין אַלטן בית מדרש אַריין.

אַזוי האָט מען זיך באַלד צענויפגערעדט מיט די גבאים פון די חסידיש שטיבלעך און אין די נאָענטסטע טעג האָט מען געזען ווי חסידישע יונגעלייט און חתן־בחורים, פילן אָן דעם אַלטן בית המדרש און לערנען בהתמדה אַזוי, אַז גאַנץ אָפט האָט מען געוווסט, אַז אויב מען וויל ערנסט אַ לערן טאָן, דאַרף מען גיין אין אַלטן בית המדרש אַריין. און אַזוי אויך האָבן יינגלעך די דאָנער־שטיקע משמר־נעכט, ווען מען פלעגט אויף זיין אַ גאַנצע נאַכט, געמאַכט אין אַלטן בית המדרש, ווו עס איז געשטאַנען פון דער לינקער זייט ארון קודש אַ משמר־טיש. און אין די אָוונטן איז שוין קיין אָרט נישט געווען, ווו אַ גמרא אַוועקצולייגן.

## ב) די משמר נאַכט

צו די חברים, וואָס האָבן באַשלאָסן צו לערנען, ווו די גרויסע, די דאָ־נערשטיקע משמר־נאַכט, זענען צוגעקומען חברים פון קאָצקער און אַלעקסאַנ־דערער און אויך פון גערער שטיבלעך, מיט וועמען מיר האָבן געהאַט גע־לערנט אין איין חדר, אלעזר קלמן יחיאלס, אברהמעלע מענדל הגדולס, יודל שכנא אליטוביה׳ס, שאולקע דעם רבס, רב בנימין אליס, משה ישראל מענדלס, און יענקעלע יהושע יאָסלס, דער איינציקער וואָס האָט שוין געלערנט אין אַ ישיבה און אַהיימגעקומען אַזאַ אויסגעפּוצטער, אַז עס האָט פון אים גע־פּעכלט. סך הכל איז ער געווען עלטער פון אונדז מיט אַ האַלב יאָר. נאָר שיע יאָסל, דער בעל עגלה מיט דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, האָט אים נישט געקאָנט מער האַלטן אין חדר, האָט יענקעלע געזאָגט: אויב אַזוי, פאָר איך קיין לאָמזשע, אין דער ישיבה. איצט, אַהיימקומענדיק האָט ער אונדז דערציילט ווי נישט פרום זיי זענען דאָרט, ער האָט אַליין געזען אַ רב דאַווענען אָן אַ גאַרטל, און נישט געהאַט קיין לאַנגע פיאות און — המקצר בעליונים מאריך

בתחתונים, דאָס הייסט אַ קורצע קאַפּאָטע און לאַנגע הויזן, און אָן אַ שטריימל, נאָר אַ היטל מיט אַ הויכער דענקע, און אַז דער רב גייט שוין אין אַזאַ הולך, ווי איז שוין מיט די פּשוטע יידן? האָט אים טאַקע שיע יאָסל געזאָגט, אַז מען קאָן נאָך דאָרט ווערן אַ מתנגד. נאָר יענקעלע, וואָס איז שוין געווען אָנגעשמעקט מיט „ליטע״, האָט געזאָגט, אַז אים ירצה השם, בלי נדר, אין אָנהויב מרחשון, פאָרט ער ווידער אין אַ ישיבה, עס קאָן זיין קיין ביאַליסטאָק. און אַזוי ווי ער איז געווען אַ מענטש מיט אָרדענונג, האָבן מיר אים איבערגעגעבן אָנצופירן מיט אַלץ וואָס מען דאַרף אויף דער משמר־נאַכט.

דאָס ערשטע וואָס יענקעלע שיע יאָסלס האָט געבעטן איז געווען, אַ גרויסן שבתדיקן טישטוך, אַ לעבל האַלב־זיידן ברויט (שיטנע) און אַ לעבעלע געבייטלט ברויט, קאַרטאָפּליעס, מעסערס, לעפּלען און גאָפּלען. מיר האָבן זיך נישט געשפּאַרט מיט אים. איז ער דאָך אויסגעווען אַ וועלט, נאָר צו גאָפּלען זענען מיר נאָכנישט געוווינט געווען. ווייטער, וועגן בולקעס, אַ שבתדיקע חלה? — איז דאָך עס דאָנערשטיק, וועט איו אָונט זיין פרישע. אַזוי האָט מען געקויפט ביי מינדל מאיר פּאָטשנערס פעטע „פּאָטשטאָווע״ הערינג, שואלקע דעם רבס, וואָס האָט געוווינט נאָענט, האָט געברענגט אַן אַלטע קופּערנע קוואַרט מיט צוויי אויערן צום וואַשן, צום עסן, ווי דער דין איז, כדי מען זאָל נישט אונטערשטעלן די הענט אונטערן האַנטפאַס. שפּעטער זענען מיר אַוועק צו חיה די בעקערקע, רב נפתלי פינחסעס ווייב און געקויפט פערצן אייל־קיכלעך פאַר אַ „צוואַנציקער״ און עטלעכע אייער־קיכלעך. נאָר ווען חיה די בעקערקע האָט אונדז געפרעגט צוואָס מען נעמט דאָס און מיר האָבן איר געזאָגט, האָט זי געגעבן אַ צולאָג, עטלעכע מאָן קיכלעך און אַ געפלאָכטענע שבתדיקע חלה, און ווען מיר זענען שוין געשטאַנען ביי דער טיר, האָט זי אונדז צוריקגערופן און געפרעגט, וואָס נאָך מיר האָבן צוגעגרייט, האָט מען איר געזאָגט, אַזוי האָט זי געהייסן אַריינברענגען די הערינג, נאָר למען השם באַלד, ס'איז דאָך דאָנערשטיק ביינאַכט, אַ רענדל אַ מינוט, און אַז מיר האָבן איר געברענגט די הערינג, האָט זי צוויי באַלד ריין געמאַכט. אַרויסגענומען דעם גייץ, אָפּגעשיילט, צעשניטן, אָנגעשאָטן אויפן ראַנד פון טעלער אַ ביסל געמאָלענעם פעפער און געזאָגט: נאַטס, דאָס איז צו די קאַרטאָפליעס, און נאָך די איבעריקע הערינג זאָלט עך קומען שפּעטער, איך ווען מיר זענען שפּעטער געקומען איז שוין געווען צוגעפּראַוועט, אויף איין טעלער צעהאַקטע הערינג מיט ציבעלעס, מאָנטשקע, עסיק, געווירקטע און אויסגעקוועטשטע חלה, געמישט אַלץ צום טעם. און די לאַנגע שטיקער הערינג־מילך ביי די זייטן, ריין, שיין און מלא חן: נאַטס, זאָגט זי, דאָס איז אַ קראַץ־באָרשטש (אַזוי האָט זי דאָס אָנגערופן) און אין צווייטן טעלער — צעשניטענע הערינג מיט קיילעכדיקע פעניצלעך ציבעלעס, אָפּגעצוקערטע וואַסער מיט עסיק, די רויגן ביי דער זייט. אַזוי ווי אויף אַ רייך מאָל־צייט. או אַראָפּגענומען פון וואַנט־שענקל צוויי טעלערס, צוגעדעקט, געזאָגט: קיין עסן

האַלט מען נישט אָפּגעדעקט. אַרומגעוויקלט מיט אַ פּילקע, און אונדז אַרײַנשטעקנדיק אין די קעשענעס אַ פּאָר פרישע פּאַשליאַדקעס מיט ציבעלעס און מאָן, אָנגעזאָגט מיר זאָלן למען השם, אָפּברענגען די טעלער.

נישט־קשה, עס איז אונדז גאַנץ גוט צונוץ געקומען, קיין סך געלט האָבן מיר נישט געהאַט. די מאַמעס האָבן געזאָגט, איידער געלט, וועלן זיי אונדז מיטגעבן עפּעס געקעכטס, עלעהיי אַ חסידישע וועטשערע.

אַזוי זענען מיר אַרײַן אין בית המדרש מיט אַלדאָס גוטס און אויך מיט די ברכות, וואָס חיה די בעקערקע האָט אונדז געבענטשט מיט אַזאַ אויפגעלויכטענער אויסשטראַלונג אין אירע פּייכטלעכע אויגן ווינטשענדיק: מיר זאָלן תמיד באַגערן צו לערנען די הייליקע תורה.

די שוין אָפּגעבראָטענע קאַרטאָפליעס, האָט מען אַוועקגעשאַרט פון פּייער אין זשאַר אַריין, זיי זאָלן נישט קאַלט ווערן, דאָ האָט יענקעלע שיע יאָסלס געזאָגט: חברה, אַ קוואַרטירל בראָנפן דאַרף מען, י״ש איז ראשי תיבות ירא שמים! לויפט ווער נאָך אַ ביסל אָקעוויט. און אַזוי ווי עס איז אונדז געבליבן געלט, וואָס חיה די בעקערקע האָט נישט געוואָלט נעמען, פאַרן געבעקס, האָט יענקעלע אונדז געהייסן קויפן נאָך פאַרבייסעכץ ביי דער אַלטער חנה־חיהן, וועמען מיר פלעגן רופן רב חנה־חיה, צוליב איר אַלטקייט, אַזאַ פּיצעלע ווייבעלע, אַ פּיצל געוועלבעלע און אַזאַ הויכן מאַן, זענען מיר אַרײַן צו דער אלטיטשקער, געקויפט עטלעכע דרייסיק סיראָפּ־קיכלעך פאַר אַ גילדן. צוויי האָט זי אונדז געגעבן אַ צולאָג. אַזוי האָט זיך אויסגעליידיקט דאָס שויבן־שענקעלע, וואָס איז געהאָנגען אויף משקולת. און ווען זי האָט געציילט די סיראָפּ־קיכלעך (צו עטלעכע מאָל) האָבן מיר דערווייל אַרײַנגעקוקט דורך דער שויבן־טיר און געזען דאָס הויכע „הימלבעט“, דאָס איינציקע שוין אין שטעטל. פון חנה־חיהן זענען מיר אַרײַן צו גרונען, מיטן פאַרדרייטן קופּקעלע, וואָס דער טשיפּיקל פון פאָרנט איז איר שטענדיק געווען פאַררוקט איבערן אויער און האָט מען איר דאָס געזאָגט, האָט זי אַזאַ האַסטיקן דריי געטון דאָס קופּקעלע, אַז דאָס טשיפּיקל איז אויסגעקומען ביים צווייטן אויער. ביי איר האָבן מיר גענומען עטלעכע „קישקעלעך“, אַ דרייער אַ שטיק און אַראָפּ אין בית המדרש אַרײַן. דאָ איז אָנגעקומען משה ישראל מענדלס מיט אַ טשייניק אָפּגעצוקערטן טיי, וואָס מען האָט אַרײַנגעשטעלט אין אויוון אַרײַן. און גלעזלעך מיט טעפּעלעך האָט ער אַרויסגענומען פון די קעשענעס, נאָך אים איז אַרײַן אפרים רחלע פישלס מיט אַ ריינדל צוגעריישטן לעבער, און דערמיט האָבן זיך געענדיקט די הכנות.

ביסלעכווייז איז זיך דער עולם צעגאַנגען און מיר זענען אַליין געבליבן. רב שמחה יואל דער אַלטער אונטער־שמש מיטן ברייטן פוטערנעם קאָלנער האָט אונדז געגעבן עטלעכע חלבענע ליכטלעך — דעם אַלטן רב אלי טוביהס אַרבעט — ווי עס מאַכט זיך, טאָמער ווערט קאַליע דער לאָמפּ, און ער איז חער לעצטער אַרויס פון בית המדרש. ערשט איצט האָבן מיר זיך צעזעצט

אַרום משמר־טיש, וואָס נידעריק, איבער אים איז געהאָנגען אַן עלעפּער־לאָמפּ, כמעט אַלע האָבן זיך געזעצט ביי דער וואַנט, מיט דער פּלייצע צום פענצטער, כדי נישט אַרויסצוקוקן צו דער אַנטקעגנאיבערדיקער שול, וואָס מען האָט דערציילט אַז ביינאַכט קומען טויטע דאָרטן דאַווענען. (שפּעטערצו איז דאָס אונדז פון זינען אַרויס).

אָפּגערעדט האָבן מיר אָנצוהויבן אַ מסכתא און ענדיקן, און נאָך אַ שקלא וטריא איז געבליבן עס זאָל ווער צוגיין צו די ספרים־פּאָליצעס. פאַר־מאַכן די אויגן און אָנטאַפּן אַ דינע גמרא, אַרויסנעמען און די, וועלן מיר לערנען. אַזוי האָט מען אַרויסגענומען די מסכתא חגיגה, וואָס האָט נישט מער ווי דריי פּרקים. געלערנט האָט מען זאַלבע צווייט אין אַ גמרא. און אויב די ביידע איז עפּעס קשה געווען, האָט איינער אַ פּאַטש געטאָן איבער דער גמרא, האָבן אַלע מפסיק געווען, און ווער עס האָט געוווּסט האָט מסביר געווען, ווען נישט, האָבן זיך אַלע אין דעם פּאַרטיפט און לסוף געפונען אַן אויפקלער. אַזוי האָבן מיר געלערנט מיט חשק און ברען דעם ערשטן פּרק „הכל חייבין בראיה". אַלע זענען מחויב זיך צו באַווייזן אין בית המקדש אין די דריי יומם טובים. אַ מסכתא וואָס מיר האָבן קיינמאָל נישט געלערנט און דאָך אַזוי היימיש, חומשדיק און עשרים וארבעהדיקע מקומות. ווי מיר האָבן נאָר אָנגע־הויבן לערנען זענען מיר שוין געווען אין ארץ ישראל. צוזאַמען מיט די עולי רגלניקעס אין ירושלים. אין בית המקדש. מיט די כוהנים און לוויים ביי די תרומות ומעשרות. אָט איז מען מקריב די „עולת ראייה" וואָס קיינער עסט נישט. אָט־דעם קרבן שלמים, וואָס אַ חוצן חלב און אַ פּאָר קליינקייטן מעג מען אַלץ עסן אין ירושלים, דער קרבן הייסט „שלמי חגיגה". בקיצור, מיר זענען אויסגעווען אויף אַלע ארץ ישראל וועגן און שטעגן. איז דאָך אונדז אַזוי גוט געווען. און פּלוצים זיך אַ פּאַרהאַק געטון און שטיין געבליבן, ביי דער משנה ואין דורשין בעריות בשלשה, ולא במרכבה ביחיד. און גע־מוזט אַוועק פון ארץ ישראל, פון ירושלים, פון בית המקדש. און עפּעס אַזוי שווער, גיי פאַרשטיי וואָס עס איז אין הימל מעשה מרכבה? דאָ האָבן מיר מעיין געווען אין משניות. און געזען ווי דער ברטנורא מאַכט געוואַלדן אויפן רמב"ם, פאַרוואָס ער זאָגט, אַז מעשה בראשית איז די טבע און מעשה מרכבה איז גאָר אַ חכמה. נו, מירן זיך גיין אַריינמישן צווישן רמב"ם און ברטנורא? — אַזוי האָבן מיר אויף גיך אַ פּרעפּל אָפּ געטאָן די משנה און עס האָט נישט לאַנג געדויערט ווי מיר האָבן זיך ווידער געפונען אין ירושלים און אין בית המקדש מיט די כוהנים ולוויים, און צייט אַ שעה, אַנדערטהאַלבן זענען מיר אין לעצטן פּרק אַריין, איז אונדז וואַרעם און וואַרעמער געוואָרן. אַזאַ התלה־בותדיקער וואַרעם־האַרציקייט, האָט זיך אין די איברים צעגאָסן מיט אַזאַ נצחונותדיקן געפיל. נאָך אַ שעה, עפּעס מערער, און פאַרענדיקן די מסכתא. נאָר יענקעלע שיִע יאָסלס, דער בעל־סדר, טוט אַ פּאַטש אָן טיש: חברה, אַ הפסקה! האָט מען די גמרא פאַרמאַכט אַ טישטוך געשפּרייט, די

סעודה געגרייט. ביים עסן, ווי געניטע חסידים האָט יעדער אַ רבינס אַ תורה איבערגעזאָגט (וואָסי. קוים זיך אָנגעהערט?) דאָ איז איינער מיט „אַ פריי־לעכס" אַרויס, האָבן אַלע אונטערגעכאַפּט. אַ ראָד געמאַכט און אין א טאַנץ אוועק. און ווען מען איז, אונטער יענקעלעס קאָמאַנדע, אין אַ פּאַטש־טאַנץ אַרויס און מען האָט דאָס אין גאַס דערהערט, איז דער אַלטער סטראַזשניק איוואַנאָוו, מיט וועמען קליינוואַרג האָבן יידיש גערעדט, און וואָס פלעגט מאַכן אַ שהכל איבער אַ שמעק טאַבאַק, אַריין זען וואָס פאר א שמחה עס איז. האָט מען אים מכבד געווען מיט אַ „לחיים" און אין ראָד אַריינגענומען. דאָ האָט דער אַלטער סטראַזשניק די פּאָלעס אין פּאַס פאַרשטעקט, די שווערד אָפּגעשפּיליעט, אויף אַ באַנק געלייגט, און מיט די אָפּצאַסן און טילקעס אַ קאָזאַטשאָק אויסגעקלאַפּט. זיך אין האַרצן געקלאַפּט: יעי באָגו „אַלע, מיר, יידן, שוין איך אַלט". געבעטן נאָך אַ קאַפּיטשקע, די שווערד גענומען או אַרויס.

און אין יענעם כעלות, נאָכן ענדיקן די מסתּא חגיגה, האָבן אַ טייל פון אונדז באַשלאָסן זיך דורכצורעדן מיט יענקעלע שיע יאָסלס, מכוח פאָרן אין אַ ישיבה.

נטע קויפמאַן
(עכו)

# דאָס יידישע עקאנאמישע לעבן אין סאקאלאוו

דער יידישער האַנדל אין סאָקאָלאָוו איז געווען פון אַ קליינעם מאסשטאַב. ס׳רוב געשעפטן האָבן זיך געפינען אין סטראַגאַנעס און געוועלבער, וואָס הערשמאַן, דער פריץ און בעל־הבית פון שטאָטישע ערד, האָט אַמאָל אויסגעבויט. אַ קלענערער פּראָצענט פון די סוחרים האָבן געהאַט זייערע אייגענע געוועלבן. און די רעשט סוחרים האָבן געפירט זייערע עסקים אויף מאַרקטישלעך צווישן די סטראַגאַנעס און געוועלבן פאַר אַן אָפּצאָל אין דער מוניציפּאַלע מוסדות.

די עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען, הן פון דער מלאכה, און הן פון האַנדל, וואָס האָבן באַדינט דאָס לעבן פון דער באַפעלקערונג פון דער אייגענער שטאָטישער און דאָרפישער סביבה, און די באַפעלקערונג פון די דערפער פון דער נאָענטער סביבה, צו וועלכע מ׳איז געפאָרן אויף די דאָרטיקע יריד טעג, זענען געווען קליין און באַגרענעצט. ערשטנס ווייל אַלע סוחרים און בעלי־מלאכות זענען אָפּהענגיק געווען אין קרעדיטן, אין וועלכע זיי האָבן שטענדיק געפילט אַ דוחק. די פּריוואַטע קרעדיטן האָבן געקאָסט טייער און זענען בכלל געווען ווייניק, און די געזעלשאַפטלעכע קרעדיטן האָבן נישט אין אַלע דורות עקזיסטירט. ווען זיי האָבן יאָ אין די לעצטע יאָרצענדליקער עקזיסטירט אין דער פאָרם פון אַ „ליי־קאַסע“, און „גמילות־חסד קאַסע“ ביי דער חברה „תפארת בחורים“ — האָבן זיי מיט זייערע קרעדיטן דעם נצרך ווייניק, אָבער דאָך געהאָלפן נישט אומצופאַלן. ד. ה. פאַר די קליינע סומע געלט, וואָס ער האָט באַקומען (אין הלוואה), האָט ער נאָר געקאָנט קויפן אַ ביסל רויע סחורה אויסצואַרבעטן אָדער פאַרקויפן אין געשעפט אבי־ווי עס איז צו פאַרדינען אויף פרנסה.

די צווייטע סיבה פון באַגרענעצטע מעגלעכקייטן פון האַנדל אין מלאכה איז געווען די קאָנקורענץ וואָס האָט זיך יאָר־איין און יאָר־אויס געשטאַרקט צווישן די אייגענע און פרעמדע סוחרים, הענדלער און בעלי־מלאכות אויפן מאַרק, דאָס האָט אויפגעגעסן דעם ריווח פון זייערע עסקים.

דער מעמד פלעגט זיך אַ ביסל בעסערן ווען סוחרים פון די ראַנדגעביטן פון לאַנד זענען געקומען אויפקויפן די סחורה ביי די בעלי־מלאכות און הענדלער אויפן אָרט. אַזעלכע סעזאָנען האָבן געוויסע בראַנזשעס אויפ־

געלעבט; די פלייסיקע האָבן באַוויזן אָפּצושפּאָרן אַ גילדן „אויף אַ שלעכטער צייט". אָדער זאַמלען געלט אויף אַן אייגענע וווינונג, וואָס איז געווען דער שטענדיקער חלום פון די איינוווינער פון אונדזער היים־שטאָט.

די לעדער בראַנזשע

אַן אויסנאַם איז ביי אונדז געווען די לעדער־בראַנזשע, וועמענס פאַכמענער עס האָבן „געלעבט און געלאַכט" נאָר אין סעזאָנען ווען סוחרים פון די רוסישע גובערניעס אין די צאַרישע צייטן, אָדער סוחרים פון די קרעסן אין די יאָרן פון אומאָפּהענגיקן פוילן, האָבן געמאַכט גרויסע באַשטעלונגען. דעמאָלט האָבן זיי „געקאָוועט" טאָג און נאַכט און פאַרדינט „אָפּצועסן". אויב אַזעלכע סוחרים אָדער זייערע באַשטעלונגען זענען נישט אָנגעקומען, זענען די וואַרשטאַטן און מאַשינען (אַ חוץ קליינע אויסנאַמען) פון דער דאָזיקער בראַנזשע געווען באַדראַט אָפּצושטעלן (צוצודעקן) זיך. סיי די בעלי־בתים און סיי זייערע געזעלן זענען געווען אויף גרויסע צרות. פון די דאָזיקע ספערן פון די לעדער־פאַכן, צווישן די אַרבעטסלאָזע, זענען געווען אַזעלכע מיט ווייניק קוואַליפיקאַציעס (פּאַרטאַטשעס, לאַטוטניקעס) און דערפאַר נישט צוגעפאסטע אין אַ שלעכטער צייט ווען עס פאָדערט זיך אַ בעסערע אַרבעט אויפן היימישן מאַרק, וואָס איז סיי ווי צו קליין געווען פאַר אַזויפיל לעדער־פּראָדוצענטן (שיך און שטיוול). עס זענען דעריבער אַרויסגעקומען „עקאָנאָמישע וואַנדלער" ד. ה. אַזעלכע, וואָס זענען געצוווּנגען געוואָרן דורך זייער נויטלאַגע איבערצוגיין צו אַנדערע באַשעפטיקונגען, כדי נישט אונטערצוגיין.

צווישן די לעצטע געהערן די דאָרפסגייער. זיי האָבן אויפגעקויפט ביי די פויערים אַלטע, אָפּגעטראָגענע פעלצן, שטיוול, חזיר־האָר, פעלן פון חיות און בהמות. ס'זענען אויך געווען דאָרפס־פאָרער, יידן, וואָס האָבן מיט אייגענע פערד און וואָגן ווייט אָנגעשפּאַרט איבער די דערפער פון דער סביבה און אויסגעביטן ליימענע און פאָרצעלייענע כלים און גלאָזוואַרג אויף אַלט אייזן, שמאַטעס, און אַנדערע אָפּפאַלן ביי די פויערים פון די דערפער. צווישן די דאָרפס־פאָרער זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אויפגעקויפט אייער, עופות און קעלבער, און זיי געפירט קייך וואַרשע.

פון די לעדער־בראַנזשע זענען אויך אַרויסגעקומען בעלי־עגלה'ס, טרעגער, גאַסן־מעקלער, האָלצהעקער און מדינה־גייערס. אין שטאָט זענען געווען צוויי טרעגער־קאָמפּאַניעס, וואָס האָבן צווישן זיך געהאַט מחלוקתן פאַרן גילדן פאַרדינסט מחמת אונדזערע קליינע שטאָט איז בכלל ווייניק בכוח געווען צו געבן...

די יידישע האָלצהעקער, וואָס האָבן קאָנקורירט מיט די גוישע האָלצהעקער, האָבן דעמאָלט מיט די יוגנטלעכע חלוצים „מזרחי" פאַרפירט אַ קאַמף פאַר די רעכט צו האַקן דאָס האָלץ ביי די בעלי־הבתים אין שטאָט.

## אַלטע היים

די מעקלער האָבן זיך תמיד געדרייט, יעדער מיט אַ זאַק אויפן אָרעם צווישן די פויערים אויפן מאַרק „אויסגעדינגען" און „אַריבערטראָגן" אין די תבואה סוחרישע שפּייכלער פאַר 20—10 גראָשן ריווח אַ „קניה"... די דאָרפסגייער און די דאָרפספּאָרער האָבן, מצמצם זייענדיק אפילו זייער טרוקן ברויט, קויב געזשיפּעט.

אַזעלכע דאָרפספּאָרער האָבן זעלטן אויסגעגלייכט זייער בילאַנס פון הוצאה און הכנסה און פאַר ווייב און קינד ווייניק פרנסה געבראַכט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זייערע פערד אָפּט געפּטרט, ווייל אנשטאָט עסן, האָבן זיי געגעבן צו טרינקען... אַ חוץ דאָרפספּאָרער אָדער דאָרפסגייער זענען געווען ביי אונדז יידישע דאָרפּישע שניידער, שוסטער און זייגער־מאַכער א. א. זיי פלעגן זונטיק פרי אַוועק אין די דערפער און ערשט פרייטיק פאַרנאַכט צוריק־קערן אַהיים אויף שבת. אין פריערדיקע דורות האָט דער דאָזיקער מין דאָרף־בעל־מלאכה אַ פנים פאַרגעשטעלט מיט זיך אַן אָנגעזעענעם שיכט פון דער אַלגעמיינער יידישער באַפעלקערונג פון אונדזער געבוירנשטאָט. אַ ראיה פאַר דעם זענען די תקנות פון שניידער־צעך אין די פיפציקער יאָרן פון אַכט־צענטן יאָרהונדערט. („ייוואָ"־בלעטער, באַנד 40.) זייערע פּאַראַגראַפן פלעגן אויך רעגולירן די רעכט פון געזעלן באַטייליקן זיך אין אַרבעט אויפן דאָרף.

קושניערס

אויך אנדערע, אויפן סעזאָן אויסגעשטעלטע פאַכן, האָבן מיטגעמאַכט ירידות און עליות.

אַזאַ איז געווען דאָס קושניער־פאַך, אין וועלכן די יידן זענען געווען אָנגעזעען באַטייליקט, און געהאַט אויסצושטיין אַ שטענדיקע שטאַרקע קאָנקו־רענץ מצד די פּוילישע קושניער. געווען צייטן ווען די צוגעגרייטע פּעלצן־לאַגערן זענען געבליבן ליגן און נישט פאַרקויפט געוואָרן אין סעזאָן, און נייע קרעדיטן איז נישט לייכט געווען צו קריגן, ווייל מ'האָט די חובות פון פאָריקן יאָר נישט געצאָלט. אָבער ביי די פּעלצן־מאַכער זענען אַזעלכע קריזיסן געווען פּעריאָדיש אַלס רעזולטאַט פון אַ צייטווייליק פאַרשטאָפּטן מאַרק, סיי דאָ אין דער אייגענער נאָענטער סביבה, סיי דאָרטן פונוואַנען די סוחרים פלעגן קומען האָבן ווייניק געענדערט זייער פּראָפעסיע, און דער מאַטעריעלער מעמד איז קיינמאָל נישט געווען קיין פאַרצווייפלטער, הגם שטענדיק אָפּהענגיקע אין קרעדיטן (פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע) צו פינאַנסירן זייערע וואַרשטאַטן, ס'זענען אפילו צווישן זיי געווען עשירים, אָבער די פאַכן פון דער לעדער־בראַנזשע זענען פּערמאַנענט געווען אויסגעשטעלט אויף אַרבעטסלאָזיקייט. דערפאַר זענען זייער ווינציק, אפילו פון די גרעסערע ווערקשטאַט־פירער געווען אין דער לאַגע אַרויפצואַרבעטן זיך און ווערן אַ באַזיצער פון אַן אייגן הויז...

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

### שניידער סעקטאָרן און די אַרבעטס־באַדינגונגען

פון די היפשע צאָל שניידער־וואַרשטאַטן זענען אין סאָקאָלאָוו געווען צוויי טיפן: מאַגאַזין און פּריוואַטע. די ערשטע האָבן געאַרבעט פאַרן היימישן מארק און פאר ירידים אין אַנדערע שטעט. אין פריערדיקע צייטן פלעגן זיי יעדן דאָנערשטיק אין מאַרק־טאָג אויפשטעלן לענג אויס דעם גרויסן מאַרק זייערע לייוונטענע שטעלן און מיט זייערע עלעגאַנטע מלבושים, רייצן די אָנגעפּאָרענע דאָרפישע שיקסעס און שקצים. די לעצטע יאָרן האָבן שוין כמעט אַלע מאַגאַזין־שניידערמייסטער געהאַט צוגעפּאַסט זיך צום געשמאק און שטייגער פון דער מאָדערנער צייט און פאַרקויפט זייערע אויסאַרבעטונגען טאָג־טעגלעך אין געוועלבן, אָבער אויף ירידים אין אַנדערע שטעט אַריין זענען זיי געפאָרן מיט לייוונטענע שטעלן ווי אַמאָל.

די דאָזיקע מאַגאַזין־שניידערמייסטער האָבן באַשעפטיקט פיל אַרבעטער, וועלכע זיי האָבן אַנגאַזשירט דורך אינדיווידועלע פאַרשטענדיקונג, אָדער דורך דער פאַרמיטלונג פון פראָפעסיאָנעלן נאָדל־פאַריין.

אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן האָבן די שניידער־מייסטער איינגעפירט דעם סיסטעם פון שטוב אַרבעט. די מלבושים זענען פּראָדוצירט געוואָרן ביי די אַזויגערופענע „כאַלופניקעס" אין דער היים, וועלכע פלעגן קריגן באַלוינט פון שטיק. די „כאַלופניקעס" האָבן אויך באַשעפטיקט אַרבעטער וועמען זיי האָבן געצאָלט וואָכן־לוין. דער דאָזיקער סיסטעם פון מאַגאַזין־שניידעריי איז אויפגעקומען אין אָנהויב פון באַנייטן אומאָפּהענגיקן פוילן און געהאַט פאַר אַ ציל צו ווערן זיך קעגן די גרויסע שטייערן פון די רעגירונג, וואָס האָט ביי ווערקשטאַט־פירער און פאַבריקאַנטן אויסגעמאָסטן די שטייערן לויט די צאָל באַשעפטיקטע אַרבעטער. דער סיסטעם איז פאַר די פאַרמעגלעכע שניידערמייסטער געווען לטובה, אָבער פאַר די וואָכן־לוינער און „כאַלופניקעס" איז ער געווען אומגעזונט. די אויסנוצונג דורך די אַרבעטסגעבער איז אויסגעקומען גרעסער מיט ווייניקער מעגלעכקייטן צו פאַרטיידיקן זיך. ווייל אַ קאַמף פון די וואָכן־לוינער מיט זייערע בעלי־בתים, די „כאַלופניקעס" האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין דערפאָלג, און אַריינציען אויך די „כאַלופניקעס" אין אַן אַלגעמיינער אַקציע קעגן די שניידער־מייסטער, האָט זיך אויך קיינמאָל נישט איינגעגעבן. דערפאַר איז דער ארבעטס־לוין ביי די וואָכן לוינער קיינמאָל נישט געווען רעגולירט, און דער אַרבעטס־לויף — נישט געזעצמעסיק באַשטימט.

כדי צו אילוסטרירן דאָס אויבן געזאָגטע איז כדאי צי דערמאָנען דעם פאָלגנדיקן עפּיזאָד: אין יאָר 1926 איז דער פּראָפעסיאָנעלער נאָדל־פאַריין אַריין אין אונטערהאַנדלונגען מיט די שניידער־מייסטער וועגן איינפירן דעם אין פוילן געזעצלעך אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג, אַז די אונטערהאַנדלונגען האָבן נישט געבראַכט קיין דערפאָלג, האָט אַ מאַסנפאַרזאמלונג פון נאָדל־אַר־

## אַלטע היים

בעטער אין שטאָט ארויסגערופן אַן אַלגעמיינעם שטרייק, צו וועלכן עס זענען אויך צוגעשטאַנען די „כאַלופניקעס“. די שניידער־מייסטער, האָבן אַלץ געטון כדי דעם שטרייק צוצעברעכן. זיי האָבן דעמאָלט גערופן צו הילף דעם שטאָט־סטאַראָסטע און דעם אַרבעטס־אינספּעקטאָר און זיי האָבן געפּועלט ביי די דאָזיקע „היטער פון געזעץ“ אַז זיי זאָלן מאַכן אַ דרוק אויף די פּירער פון שטרייק. די מייסטער האָבן טאַקע גערופן אַ קאָנפערענץ ביים סטאַראָסטע און געסטראַשעט די פאָרשטייער פון די שטרייקנדיקע מיט שווערע קאָנסעקווענצן. (פאַרשיקן אין קאַרטוז־בערעזע, מיט אַ משפט פאַר עקאָנאָמישן טעראָר א. א.). אַז דער וועג האָט זיי נישט געהאָלפן און דער שטרייק איז פאָרגעזעצט געוואָרן, האָבן די מייסטער געזוכט אַנדערע וועגן, כדי די „כאַלופניקעס“ זאָלן זיך צוריקציען פון דעם שטרייק. ענדלעך איז דער שטרייק איבערגעריסן געוואָרן, זעקס וואָכן אַרבעטסצייט איז געגאַנגען פאַרלוירן, נישט דערגרייכענדיק דעם ציל איינצופירן דעם אַכט שעהדיקן אַרבעטס־טאָג.

צווישן די מאַגאַזין־שניידער אַרבעטער זענען געווען פיל אָרימע מענטשן, אָבער זיי זענען געבליבן ביי דער בראַנזשע.

אויך אין פּריוואַטן סעקטאָר פון דער שניידער בראַנזשע האָבן די מייסטערס, די בעלי־בתים אפילו געלעבט אין אַ בעסערן מעמד, און די אַרבעטער זייערע האָבן געדאַרפט די הילף פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, כדי אויסצובעסערן זיך אַ ביסל זייערע לעבנס באַדינגונגען. קליין איז געווען זייער צאָל און זיי האָבן זיך מיט דער שער־און־נאָדל, צו וועלכע זייערע עלטערן האָבן זיי צום לעבן צוגעגרייט, נישט געשיידט.

### היטלמאַכער

וויפיל היטלמאַכער ס'זענען ביי אונדז געווען, איז הפּנים צופיל געווען פאַר דער שטאָט און סביבה. אַ חוץ איינער פון זיי, אַ פאַרמעגלעכער, וועלכער האָט באַשעפטיקט אַרבעטער, זענען אַלע געווען אָרימע־לייט, און נויטיק געהאַט הילפס־פּרנסות, כדי ווי עס איז דורכצולעבן. אַזעלכע האָבן געהאַנדלט מיט פיש, מיט סעדער, אָדער זייערע פרויען זענען געווען פאַרדינערקעס, אויך זיי זענען געבליבן ביי דער „שער און נאָדל“.

אין דער קליין־מלאכה פון סאָקאָלאָווער יידן האָט אַן אָנגעזען אָרט פאַרנומען דאָס אויספאַריכטן און איבערבייטן אַלטע פעלצן, אַלטע שיך און שטיוול. איבערניצעווען אַלטע היטלען אָדער מלבושים, אַ חוץ דעם פאַריכטן אַלטע וועגענער. ראָווערן, און רימאַרסקע פערד־באַקליידונג. און אָט די ווערקשטאַט־פירער, וואָס יעדער פון זיי איז געווען „אַ גביר פון אַ גראָשן פיר“, פלעגן אין יריד־טעג אויסשטעלן זייערע סחורות אויפן מאַרק, חנפענען און ציען צו זיך די קונים (די פּוערים פון די דערפער) מיט קאָנקורענץ־פּרייזן, אַ ביסל לייכטער איז געווען דער משא־ומתן ווען דער קונה איז געקומען צום בעל־

## סאָקאָלאָוו-פּאָדליאַסק

מלאכה אַהים, דעמאָלט האָט ער צוטרוילעך גערעדט צום „סטאַרי זאַקאָנני" און ער, דער „סטאַרי זאַקאָנני" האָט דעם „פּאַניע דאָברו-דזשעיו" מיט כבוד אָפּגעגעבן די נייע שטיוול אָדער פּעלץ מיט אַ זיכערן פּאַרדינסט פאַר זיין אַרבעט. מען דאַרף אויך באַמערקן אַז דאָס „ציען" די קונים, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן די סוחרים פון די סטראַגאַנעס און מאַרק-טישלעך, האָט שטענדיק געמאַכט אַ באַדויערלעכן איינדרוק.

### סטאָלאַרעס און מולאַרעס

סטאָלאַרעס זענען ביי אונדז געווען צוויי סעקטאָרן: מעבל און בניז. דער ערשטער סעקטאָר האָט געאַרבעט פאַר מאַגאַזינען און פּריוואַטע באַשטעלונגען. נישט פיל זענען געווען אַזעלכע ווערקשטאַטן, נאָך ווייניקער — די צאָל אַרבעטער וואָס זיי האָבן באַשעפטיקט. דער רוב אַזעלכע בעלי מלאכות האָבן געאַרבעט אַליין און געהאַט פּרנסה. דאַקעגן די אַרבעטער וואָס זענען יאָ געווען באַשעפטיקט אין טייל אַזעלכע וואַרשטאַטן, האָבן באַדאַרפט די הילף פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, כדי אויסצובעסערן זייערע אַרבעטס-לוינען.

די סטאָליאַרעס, די בוימייסטער, האָבן זעלטן באַשעפטיקט וועמען אַלס לוין-אַרבעטער: זיי האָבן געאַרבעט בשותפות און לוין-אַרבעטער זעלטן באַשעפטיקט. צוליב דער אַלגעמיינער אָרימקייט פון שטאָט, איז די אַנטוויקלונג פון בוי געווען זייער אַ שוואַכער. נאָך פון דער צייט פון דער גרויסער שריפה אין 1910 יאָר זענען געווען ליידיקע פּלעצער אפילו אין די יאָרן פון צווייטן וועלט-קריג.

די מולאַרעס זענען אַלע געווען אָרימע יידן.

### בעקער

דאָס איינציקע פאַך, וואָס האָט אין אַלע יאָרן נישט געוווּסט פון קיין קריזיסן, איז געווען ביי אונדז די בעקעריי. די בעקערייען האָבן שטענדיק געאַרבעט און באַשעפטיקט אַרבעטער. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין האָט מיט דערפאָלג געזאָרגט פאַר זייערע אַרבעטס-באַדינגונגען. אויב עס האָט אַמאָל געטראָפן אַז, צוליב וועלכע עס איז סיבה, איז איינער פון די אַרבעטער געוואָרן אַרבעטס-לאָז, האָט דער פאַריין געטיילט די אַרבעט אין אַלע בעקערייען און באַשעפטיקט דעם אַרבעטסלאָזן.

### קאָוואַלעס

צווישן די זיבן יידישע קאָוואַלעס וואָס האָבן לעצטנס געהאַט זייערע

„קוזשניעס" אין סאַקאַלאָוו, זענען געווען אַזעלכע וואָס זענען געבוירן, גע־וואַקסן און געאַרבעט אַלע יאָרן אין די דערפער ביז דער בייזער גייסט פון די „נארא"־לייט, די פוילישע היטלעריסטן, האָבן דערגרייכט אין די דערפער און אָנגעשטעקט די פויערים מיט זייער זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם און די יידישע קאָוואַליעס פון דאָרטן פאַרטריבן. אַ חוץ צוויי יונגע־לייט, שותפים צו איין קוזשניע, זענען אַלע שוין געווען גרויע זקנים, נישט קיין גבירים און נישט קיין עשירים, נאָר קליינע באַלעבאַטישע נאָך געזונטע, באַבערדיקטע יידן, וואָס האָבן אַליין אָדער מיט דער הילף פון ווייב ביים מיעך געאַרבעט אין קוזשניע פון השכמה ביז שפּעט אין אָוונט; פאַריכט און געשמידט וועגענער, אַקערס, און פערד, פאַרדינענדיק אויף באַשיידענע פּרנסה. זיי האָבן געדאַווּנט פרום, תהילים געזאָגט און אין דער פרייער צייט געזעסן אין בית־המדרש ביי טישן פון לערנערס און איינגעהאָרכט זיך אין דעם לימוד הספרים.

זיי זענען אַלע געווען ווי פון איין טאַטע־מאַמע געבוירן, אַלע פּשוטע, בכבודיקע און אָנגעהאָרעוועטע מענטשן און שטענדיק אַזעלכע שטילע, שוויי־גנדיקע, אַז עס האָט זיך געדאַכט (און עס איז אמת געווען) אַז זייערע שטענדיקע שווערע אַרבעט מיט די האַמערס, און דאָס בלוי־גרינע איזן, אַ עסנדיקע מיעך־פייער שווייסט אַרויס פון זיי דעם כוח צו רעדן.

אָט די יידן האָבן אויך געטיילט דעם גורל פון אומקום צוזאַמען מיט דער סאַקאָלאָווער יידישער עדה.

דאָס פאַרהעלטעניש פון די ספּעציעלע באַרופן ביי די זיבעציק פּראָצענט יידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט פיזישער אַרבעט, איז בלפי די פוילישע איינוווינער פון שטאָט אין געגנט, אויף פאָלגענדיקן פּראָצענטועלן אופן:

| | |
|---|---|
| אַלע משא בעל עגלות זענען געווען | יידן |
| אַלע דראָזשקאַזשעס (אַ חוץ איין פּאָליאַק) | " |
| אַלע משא טרעגערס | " |
| אַלע גאַרבער, בייגער, רימערס און שטעפּער | " |
| אַלע מעבל־סטאָליארעס | " |
| אַלע שטריקמאַכער, מאַרקזיצער, און סאַדאָווניקעס | |
| קאָוואַלעס, שלאָסער, בוימייסטער | 80% יידן |
| בעקער, שוסטער, און קצבים | 80% יידן |
| קושניערס | 60% יידן |

(אויך דער האַלץ און קוילנהאַנדל איז געווען אין יידישע הענט).

פוילישע סוחרים זענען די לעצטע צייט געווען פאַרעכנט פינף ביז זעקס פּראָצענט פון דער גאַנצער געגנט. אין דעם דאָזיקן חשבון זענען געווען

**די אינדיווידועלע צוזאַמען מיט די נייע אויפגעקומענע פּוילישע געשעפטן פֿון פֿאַרשידענע טיפּן און סיי די „ספּולקעס" (קאָאָפּעראַטיוון).**

דאָס פּוילישע האַנדווערקערטום פֿון דער גאַנצער געגנט שטעלט זיך פֿאָר אין פּראָצענטן אויף פֿאָלגנדיקן אופֿן: קושנירעס — פֿערציק פּראָצענט; שוסטער, בוימייסטער, קאָוואַלעס און שלאָסער — צוואַנציק פּראָצענט; בעקער און קצבים אויך צוואַנציק פּראָצענט; פּאָליאַקן אין דער לאַנדווירטשאַפֿט און דאָס שטאָטישע באַאַמטענטום — הונדערט פּראָצענט.

פֿון דעם חשבון פֿון די עקאָנאָמישע פֿונקציעס אין לעבן פֿון ביידע נאַציאָנאַל־שטאַמיקע באַפֿעלקערונגס־מאַסן, איז לייכט צו זען די פֿולע אָפּהענגיקייט איינער פֿון צווייטן, און די פֿריינדלעכע השפּעות, וואָס דער דאָזיקער שותּפֿותדיקער גורל האָט געדאַרפֿט האָבן אין זייער היסטאָרישן און קעגנאַרטיקן צוזאַמענלעבן. און באמת האָט זינט דורות אין יעדן מאַרקטאָג פֿון דער וואָך, אין יעדן דאָנערשטיק באַגינען די אויפֿגייענדיקע זון איבער פּוילנס האָריזאָנטן מיט ברכה באַגלייט די גאָלדענע וועגן; מיט פֿאַרהאָרעוועטע שפּע, וואָס פּאָדליאַשער פּויערים האָבן פֿון זייערע דערפֿער, מיט אַלע וועגן צו די גאַסן פֿון סאָקאָלאָוו געפֿירט און אַזויפֿיל די שטאָט איבערגעפֿילט. אַזש די מערק האָבן זיך געבראָכן. און די יידן, די קליינע און גרויסע סוחרים און בעלי־מלאכות האָבן זייערע לעבנס שכנים און גורל־שותּפֿים געדינט מיטן אַרויסשטעלן זייערע אויסאַרבעטונגען און סחורות צו „פּאַניע דאָברו־דזשעיו" צו פֿאַרקויפֿן, און פֿולער קעגנזייטיקער אַכטונג און צוטרוילעכקייט.

פּונקט אַזוי ווי אין גאַנצן לאַנד, אַזוי אויך אין אונדזער געגנט, האָבן סיי די פּריצים פֿון די הויפֿן סיי די פּויערים פֿון די דערפֿער, גערן געהאַט צו פֿאַרבינדן זיך מיט יידן אין זייערע קליינע און גרויסע עסקנים. אויך די שטאָטישע פּוילישע באַפֿעלקערונג, די בעלי־מלאכות, האָבן זיך געווענדעט צו יידן, כּדי צו פֿאַרגרינגערן זיך דאָס לעבן. אַרבעטנדיק פֿאַר יידן: שיך, פּעלצן און אַ דאַנק דעם געוואָרן, „מיט לייטן גלייך". ביי יידן האָבן זיי אַמאָל געאַרבעט, פֿאַרדינענדיק צום לעבן, און ביי יידן האָבן זיי גענאָסן פֿון קרעדיטן ביים איינקויפֿן זיך זאַכן פֿאַר זייער לעבנס־באַדאַרף...

אויך צווישן פּאָליאַקן פֿון אַלע שיכטן זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט „זייערע יידן" וואָס האָבן ביי זיי „נושא־חן" געווען און געווען זייער צוטרוי, און האָבן זיי אונטערגעהאַלטן אין אַן „עת צרה" — אָדער בכלל גערן געהאַט זייער פֿריינטשאַפֿט — אַזעלכע דערשיינונגען זענען אָבער געווען זעלטענע, נישט צו פֿאַרגלייכן צו די אויבנדערמאָנטע האַנדלונגען און פֿריינטשאַפֿטלעכע באַציִונגען פֿון יידן צו פּאָליאַקן...

**דאָך האָבן די יידן כּמעט קיינמאָל נישט געוווּסט פֿון אמתער מנוחה...**

**דער יידישער האַנדעל און מלאכה, די יידישע מענטאַליטעט, האָבן שטענ־**

דיק געוועקט קנאה ביי אַלע יענע פון דער פוילישער געזעלשאַפט. וואָס האָבן געצויגן צו ווערן סוחרים, און בעלי־מלאכות, און פאַרנעמען די יידישע ערטער אין די שטעט — און פונקט אַזוי ווי אין גאַנץ פוילן, אַזוי אויך אין אונדזער געגנט, זענען אַזעלכע בעלי־קנאה געוואָרן די טרעגער פון דעמאַגאָגישע און כוליגאַנישע השפעות, פאַרסמענדיק די פוילישע אַרומיקע סביבה מיט אָפענע און באַהאַלטענע שנאה, אפילו צו די יידן וועלכע האָבן אַזעלכע דעמאַגאָגן און כוליגאַנעס אמאָל געהאָלפן. און אַט די אָפענע און באַהאַלטענע קנאה און שנאה וואָס איז שטענדיק געווען באַגראָבן ביי די פוילישע שכנים, האָט אין פאַרשידענע צייטן מיטן יידישן קרבן זיך געזעטיקט, פאַרהווילנדיק די שפורן פון די מערדער... ר׳ הערשל אָרקעס ז״ל דער שניידער (אַמאָל אַ פּאָפּולערער טיפּ אין שטאָט, אַ פאַרקאָכטער תהלים־זאָגער אין „שניידער־שטיבל״ ביי די „חברה תהלים״ און אַ שרייעדיקער שליח ציבור ביי מנחה מערב אין „אַלטן בית־המדרש״, איז ווי זיין שטייגער אַמאָל אַוועק אַרבעטן אויפן דאָרף און איז שוין אַ לעבעדיקער צוריק נישט געקומען. דער יידישער דאָרפס איינוווי־נער ר׳ דוד פון סאַוועשס ז״ל אַ קליינהענדלער אויף די דערפער איז דער־הרגעט געוואָרן גייענדיק פון איין דאָרף צום צווייטן. דער סאָקאָלאָווער פיש הענדלער לייזער ז״ל איז דערהרגעט געוואָרן גייענדיק פון שטאָט אין דאָרף אַריין נאָך פיש קויפן (אין די אַלע פאַלן זענען די מערדער נישט געפינען געוואָרן) דאָס איז געווען „אַמאָל״ נאָך אין די בעסערע צייטן, און אין אויפ־גערודערטע צייטן פון „עלילת־דם״ האָבן זיי מיט כוליגאַנעס אינטערגעהאַלטן דעם שקר קעגן אונדז און אין צייטן פון קאַטאַקליזם, גלייך מיט די מערדער געמאָנט דאָס בלוט פון די יידן. און צוליב דעם וואָס אין אַלע דורות זענען געווען אַזעלכע וואָס זענען אָפן אָדער באַהאַלטן געוועזן יידישע שונאים, טראָגן די ברידערלעכקייט וואָס יידן האָבן זיי אַרויסגעוויזן — אויף וועלכע די פּאָליאַקן אַליין פלעגן אַמאָל מודה זיין בעטנדיק הילף ביי יידן — איז ביי די פּאָליאַקן גופא זייער פּאָפּולער געווען, אַ ציניִשער שפּרוך וואָס האָט כאַראַק־טעריזירט זייער באַציִונג צו יידן:

„יאַק ביעדא, טאָ דאָ זשידא... פּאָ ביעדזשע —
פּאָצאַלוּי מניע, זשידזשע.
(אין אַ נויט — דאַן צום ייד; נאָך דער נויט, קיש מיר, ייד).

## די פראָפעסיאָנעלע באַוועגונג

איידער די יידישע אַרבעטער פּאַרטיי „בונד״ איז אויפגעקומען אין סאָקאָ־לאָוו, האָט אין יידישן לעבן זינט דורות געהערשט אַן אומבאַהאָלפענע אָרימ־קייט, סאָציאַלע אומגערעכטיקייט, גייסטיק געזעלשאַפטלעכע אָפּגעשטאַנענקייט און אָבערגלויבן. — פּונקט אַזוי ווי אין די פריערדיקע דורות, האָט אויך דער־

**נאָך** נישט עקזיסטירט קיין שום פאַך אויסבילדונגס־אַנשטאַלט פאַר דער יידישער יוגנט. דער רוב אונטערגעוואַקסענע מיידלעך ביי אָרימע עלטערן זענען געוואָרן „דינסטן“, געפאָרן קיין וואַרשע, געפּטרט זייערע יאָרן און געזונט אין עבודת־פּרך, טאָג און נאַכט ביי טעמפּע נגידעסטעס. דעמאָלט זענען אַזעלכע מיידלעך געשטאָרבן פון „סוכאָטע“, וואָס איז אין אַזעלכע קרייזן געווען אַן אָפטער גאַסט, אַ טייל אַזעלכע מיידלעך זענען געבליבן אין דערהיים, צוצאַנקנדיק אין דחקות און נויט. נאָר אַ קליינער טייל האָט זיך איינגעגעבן צו גיין לערנען שניידעריי אָדער אַן אַנדערע מלאכה, אָפּפּינצטערנדיק אויף דער לער־יאָרן, „נאַנטשען“ די קינדער און רוימען די שטוב פון דער מייסטעראָווע. נאָך דער „לער“ האָבן זיי מיט זייערע דערגרייכטע קענטענישן ווייטער געמוזט בלייבן אַרבעטן פאַר אַ גראָשנדיקן לוין וואָס דער מייסטער אָדער מייסטעראָווע האָט באַשטימט פאַר אַ פערצן, זעכצן שעהדיקן אַרבעטסטאָג. ווען אַזעלכע מיידלעך האָבן שוין יאָ דערגרייכט אַ ביסל פאַך־קענטעניש און פאַרלאַנגט אַ ביסל אַ בעסערן אַרבעטס־לוין, זענען זיי אַרויסגעוואָרפן געוואָרן, און זייערע אַרבעטס־פּלעצער האָבן פאַרנומען אַנדערע לערנמיידלעך.

דעם זעלבן שקלאַפערישן גורל האָבן אַדורכגעמאַכט די ייִנגלעך פון אָרימע עלטערן. אויך זיי האָבן זיך יאָרן געמאַטערט אויף דער „לער“, אויספירנדיק פאַרשידענע ברודיקע שטוב אַרבעטן. און נאָך דער „לער“ זענען זיי ווידער געצוווּנגען געווען צו אַרבעטן פערצן, זעכצן שעה אַ טאָג. פאַר אַ לוין וואָס דער אַרבעטס־געבער האָט באַשטימט.

און אַז אַן ארבעטער האָט דערגרייכט אַ געוויסע מדרגה אין פאַך־קענטעניש און פאַרלאַנגט אַ בעסערע באַלוינונג, האָט ער זעלטן געפינען אַ בעלן, ווער עס זאָל זיינע הענט קויפן. ס׳רוב איז זיין אַרבעטס־פּלאַץ פאַרנומען געוואָרן דורך אַן אַנדערן „לער“־אָדער „האַנט־יונג“, וואָס דער מייסטער האָט שטענדיק געפינען.

די געשיכטע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין סאָקאָלאָוו, הויבט זיך אָן מיטן אויפקומען פון „בונד“ אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. ווי אַ פּאַרטיי, וואָס איר טעאָריע און פּראָגראַם באַזירט אויף קאַרל מאַרקס לערע וועגן דער קלאַסן צעטיילונג וואָס עס הערשט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, און וועגן דער עקאָנאָמישער עקספּלאָאַטאַציע פון דעם אַרבעטס־מענטש מצד די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן. די ערשטע פירער פון דער בונדישער פּאַרטיי האָבן צוזאַמען מיט זייער פּאָליטישער און רעוואָלוציאָנערער אויפקלערונג, אויך געפירט אומלעגאַל אַ פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט צווישן די אַרבעטער; אָרגאַניזירט און אַרויסגעשטעלט עקאָנאָמישע פאָדערונגען צו די אַרבעטסגעבער וועגן העכערן לוין און קלענערן אַרבעטס־טאָג (דער נאָמינירטער אַרבעטס־טאָג, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע האָט דעמאָלט געפאָדערט פאַר די אַרבעטער, איז געווען צוועלף שעה): פון זיבן אינדערפרי ביז זיבן אין אָוונט (פון „שעה צו שעה“ האָט מען עס דעמאָלט גערופן).

פריער האָבן די אַרבעטער געאַרבעט פערצן, פופצן און זעכצן שעה אין מעת־לעת...

און אויב עס האָט נישט געהאָלפן דער גוטער ווילן פון געזעלשאַפטלעכער און פּראָפעסיאָנעלער ווענדונג, ד. ה. אויב ווער פון די אַרבעטסגעבער האָט זיך פאַרעקשנט, און נישט געוואָלט אונטערשרייבן די געהעכערטע לוין־פאָדערונג, אָדער אינגאַנצן נישט געוואָלט אָנערקענען דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, איז די „שטרייק־קאָמיסיע" אָדער די „באָיוווקע" פון אַרבעטער געשטאַנען אויף דער וואַך און נישט דערלאָזט, אַז עס זאָלן זיין שטרייק־ברעכער. און אויב ווּעמען פון די אַרבעטער האָט זיך פאַרגלוסט צו ווערן אַ שטרייק־ברעכער, האָט די „באָיוווקע" אַזעלכע מיט שטעקנעס גוט מקיים פּסק געווען. ביי דער אַרבעטער־יוגנט בכלל איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע צו שפּאַצירן מיט לייכטע „שמשין־שטעקעלעך" אין די הענט. דעם עלטערן דור איז עס אַ פּנים נישט געווען געפעלן, האָבן זיי יעדן איינעם יונגן מענטשן, וואָס האָט געטראָגן אַזאַ שטעקעלע, גערופן „שטרייקער", ווייל מיט אַזעלכע „שטשין"־שטעקענעס האָבן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער זיך געווערט קעגן דער שטרייק־ברעכעריי, וואָס איז דעמאָלט געווען אַן אָפטע דערשיינונג צווישן די אָרימע, אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער. חוץ דעם האָט דער מייסטער פון דעם שטרייק־ברעכער געדאַרפט צאָלן אַ סומע געלט אַנטשעדיקונג וואָס דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין האָט באַשטימט.

צוליב דעם וואָס די עקזיסטענץ און טעטיקייט פון „בונד" אין יענע יאָרן איז פאַר די יידן אין סאָקאָלאָוו געווען אַ נייעס, און צומאָל אַ גזירה שלא כתובה בתורה, איז די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט צושטאַנדגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן. מער ווי דער געזעלשאַפטלעכער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט, האָט אין אונדזער שטאָט באַשווערט די פּראָפ־אַרבעט דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער כאַראַקטער פון יידישן לעבן וועגן וועלכן ס'איז אויבן דערמאָנט. די אַזויגער־פענע „אַרבעטס־פּלעצער" זענען באַשטאַנען פון קליינע וואַרשטאַטלעך פון כל המינים, וועמענס אייגנטימערס זענען געשטאַנען מיט איין פוס אַלס מייסטער, און מיטן צווייטן פוס — גרייט צו גיין אַרבעטן אויף שכר יום אין אַנדערע וואַרשטאַטן אבי צו האָבן פּרנסה. ס'זענען אויך געווען אַרבעטער, וואָס האָבן נישט געקאָנט נאָכקומען די פאָדערונגען פון פּראָפּ־פאַריין פאַר זייערע איינציקע באַשעפטיקטע האַנט־יונגען, עס האָט געטראָפן אַז אַזעלכע „מייסטערס" האָבן לפנים אונטערגעשריבן די לוין־פאָדערונג פון פּראָפּ.־פאַריין, און אין דער ווירקלעכקייט האָט זיך גאָרנישט געביטן, זיך נישט פאַרבעסערט די אַרבעטס־לאַגע פון זייערע אַרבעטער.

די שטרייק־קאָמיסיע פלעגט דערפאַר שטענדיק זיין באַשעפטיקט אויז קאָנטראָלירן די אַרבעטס־פּלעצער נאָך זיבן אַזייגער אין אָוונט, כדי צו פאַרזיכערן אַז דער צוועלף־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג ווערט נישט געבראָכן, אוז צי ס'ווערט אָפּגעהיטן דער פרייער שבת־צו־נאַכט וואָס פלעגט אין דער

פאַריין־תּקופה פאַרנעמען אַן אָנגעזען אָרט אין אַרבעטס־חשבון פון דער וואָך.

פון דער דאָזיקער מאָדנער לאַגע איז געבוירן געוואָרן די שטיק־אָדער פאָרן־אַרבעט אין פאַרשידענע פאַכן, און דאָך האָט זיך אַ פראָפעסיאָנעלע אַרבעט געפירט אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער פּאָליטישער טעטיקייט פון די בונדי־שע רעוואָלוציאָנערן. מיט זייער טעטיקייט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג האָבן זיי קעגנגעווירקט די אַמאָליקע סאָציאַלע צעשטויבטקייט און דע־קלאַסירונג אין יידישן לעבן, געהויבן דעם מאָראַל און גייסט ביי די אַרבעטער און פאַרבעסערט זייער עקאָנאָמישע לאַגע.

מיטן אַנטשוויגן ווערן פון „בונד" אין סאָקאָלאָוו, האָט אויפגעהערט יעדע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער, ווידער זענען די אַרבעטס־געבער געוואָרן די בעל־הבתים, וואָס האָבן באַשטימט דעם לוין און די אַרבעטס־צייט. געצויגן פון פרי באַגינען ביז 10—12 ביינאַכט, און אַ צוגאָב — אָן אַ באַלוינונג אַרבעטן אַ ביסל שבת־צו־נאַכט...

דער הויפּט־מעכאַניזם פון דער גאַנצער בונדישער טעטיקייט איז געווען דער פּאַרטיי־קאָלעקטיוו, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי אָדער פינף מענטשן. זיי האָבן אָנגעפירט די אַרבעט קאָנספּיראַטיוו און נישט אַלע פּאַרטיי־חברים האָבן געוווּסט פון וועמען ער באַשטייט, דער קאָלעקטיוו האָט געהאַט אונטער זיך פאַרטרויונגס חברים. די לעצטע זענען געווען די פאַרבינדלער מיט די פאָרשטייער פון די פאַכן, אָדער בכלל מיט אַרבעטער גרופּן פון דער מאַסע, צווישן וועמען דער „בונד" האָט געפירט זיין אַרבעט אויף אַלע געביטן.

צוליב דעם וואָס דער „בונד" און זיין טעטיקייט איז געווען אומלעגאַל, און די רוסיש־צאַרישע פּאָליציי האָט זיי שטענדיק געהאַט „אויפן אויג", האָט נישט עקזיסטירט קיין שטענדיק באַשטימט אָרט פאַר זיינע צוזאַמענטרעפן. די זיצונגען פון דער אָנפירערשאַפט זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ספּעציעל צו־געגרייטע ערטער, באַוואַכטע פון דרויסן פון פאַרטרויונגס־חברים. די הויפּט אַדרעס פון טרעפן זיך מיט דער מאַסע איז געווען די „בירזשע" אויף דער דלוגאַ־גאַס מיט דער שטיינערנער ברוקאָוואַניע. אין דער זייט פון די גע־וועלבן האָט יעדן אָוונט געראַשט פון די שפּאַצירנדיקע אַרבעטער. צווישן זיי זענען אויך געווען בונדישע אַקטיווע טוער וואָס האָבן צעטיילט פּראָקלאַ־מאַציעס, איבערגעגעבן וויכטיקע פּאָליטישע נייעסן, אויפגענומען נייע מיט־גלידער, אָרגאַניזירט פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַקציעס א. א. וו. געוויס האָט די אומלעגאַלע לאַגע פון „בונד" אויך געשטערט און באַשווערט די אַר־בעט אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט. עס זענען געווען פאַלן ווען אַרבעטס־געבער האָבן שפּעקולירט אויף דער אומלעגאַלער לאַגע פון פּראָפ.־פאַריין און זיינע אַקטיווע טוער, און דעריבער אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן די פאָדערונג פון פּראָפעסיאָנעלן־פאַריין. עס פלעגן אין אַזעלכע פאַלן אויסקומען זייער פּרימי־טיווע האַנדלונגען און פאַרענדיקט אַזעלכע קאָנפליקטן אין שול פאַרן לייענען דאָס ספר אָדער ערגעץ אין אַ שענק, ממילא לטובה די אַרבעטער.

# אַלטע היים

אין יאָר 1916, ווען פּוילן איז געווען אָקופּירט דורך די דייטשן, און דער רעזשים איז געוואָרן ליבעראַלער ווי דער צאַרישער, איז אין סאָקאָלאָוו אויפגעקומען די נייע יידישע אַרבעטער פּאַרטיי, „פּועלי־ציון", און באַלד נאָך איר איז אין אַ קלענערע מאָס באַנייט געוואָרן די עקזיסטענץ פון דער בונדישער פּאַרטיי. דיביידע פּאַרטייען האָבן זיך פאַרשטענדיקט און רעאָרגאַניזירט אין אַ גרויסן מאסשטאַב די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין שטאָט. די אָקופּאַציע מאַכט האָט זיי נישט לעגאַליזירט, אָבער אויך נישט אָנגעווענדעט קעגן זיי אַזאַ פּאָליצייאישע פאַרפאָלגונג ווי קעגן די בונדישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען בשעתו פון דער פּאָליציי אין די צאַרישע צייטן. ס'איז געווען אין מלחמה צייט און די באַפעלקערונג האָט געלעבט אויף אַ נאָרמירטער הונגער־באַשפּייזונג, אין די יידישע פאַכן האָט געהערשט אַרבעט־ און פּרנסה־לאָזיקייט, די ספּעציעלע פאַראָרדענונגען פון די דייטשן האָבן פאַרבאָטן צו דיספּאָנירן מיט געוויסע אַרטיקלען, וואָס זענען געווען דער יסוד פון יידישן האַנדל אין מלאכה, דאָך האָבן אַלע אָרגאַניזיר־אַקציעס פון די פאַכן זיך באַלד פאַרענדיקט מיט גרויס דערפאָלג, די אַרבעטער, סיי די באַשעפטיקטע סיי די אַרבעטסלאָזע, זענען געקומען מאַסנוויז און אויפגענומען אונדזער אויפקלערונג מיט באַגייסטערונג. ביי־געטראָגן צו דעם האָט דאָס געמיט פון דער יידישער מאַסע, וואָס האָט זיך געפילט באַפרייט און דערהויבן נאָכן פּטור ווערן די צאַריש־פינצטערע דעספּאָטישע מאַכט, אונטער וועלכע זי האָט זיך שטענדיק געפּייניקט. דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעכער היסטאָרישער פאַקט, וואָס אויף די גאַסן פון שטאָט טרעטן נישט מער די רוסישע קאָזאַקן, די קאַטאָווס, די זאשיקס און אנדערע רוסישע סאַטראַפּן, וואָס האָבן טאָג טעגלעך יידן באַליידיקט און דאָס לעבן פאַרביטערט, האָט געמאַכט גלויבן אין די אידעאַלן פון פרייהייט און אויסלייזונג.

ביי־געטראָגן צו אונדזער דערפאָלג האָט אויך דאָס, וואָס אין דעם זכרון, פון דער יידישער מאַסע אין אַלגעמיין, אפילו צווישן די יידישע קעגנער פון „בונד", האָט דאָך געלעבט דער אָנדענק פון „בונדס" פאַרגאַנגענהייט. די צרות וואָס יידן האָבן איבערגעלעבט פאַר די צען יאָר, וואָס דער „בונד" אין סאָקאָלאָוו האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, די שרעק פאַר פּאָגראָם אין זעקסטן, זיבעטן און אַכטן יאָר, דער ביילים־פּראָצעס און די בלוטיקע איבערלעבונגען אין ערשטן יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער און פּראַקטישער אַרבעט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זענען מיר געגאַנגען אין די וועגן פון דער בונדישער טראַדיציע, יעדעס פאַך האָט געהאַט זיין פאַרוואַלטונג ; יעדע פאַרוואַלטונג — אַ פאָרשטייער אין דעם אַלגעמיינעם פּראָפעסיאָנעלן ראַט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַלע אַקציעס און אַרבעטן פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. די פאַרטרעטער און ראַט זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט זייערע פּאָליטישע ארבעטער־פּאַרטייען, און אַלע אַקטועלע פּאָליטישע פראַגן ביי די פּאַרטייען זענען געלעגנטלעך

באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַרבעטער פאַרזאַמלונגען. אויך מיר האָבן איינגעפירט שטרייק־קאָמיסיעס, כדי צו קעמפן קעגן שטרייקברעכער, אָבער ווייניק אויסגענוצט דאָס דאָזיקער סיסטעם, ווייל די אַרבעטער־מאַסן אַליין האָבן ביי אַלע אַקציעס וועגן לוינהעכערונג מיט כבוד דעמאָלט געזאָרגט, אַז עס זאָל נישט זיין קיין דערשיינונגען פון שטרייקברעכעריי, און די אַרבעטס־צייט איז אָפּגעהיטן געוואָרן לויט אָפּגעשטימטע נאָרמעס פון די פאַך־פאַרזאַמלונגען. דאָך האָבן אויך אין אונדזער טעטיקייט פּאַסירט קאָנפליקטן מיט אַרבעטסגעבער, וועלכע האָבן זיך פאַרענדיקט מיט געווינסן פאַר די אַרבעטער.

אין די יאָרן 16—18 און די ערשטע העלפט פון 19־טן יאָר זענען קיין עקאָנאָמישע לאַנגדויערנדיקע שטרייקן נישט פאָרגעקומען. (אין דער דאָזיקער צייט האָב איך אַלס דעלעגירטער פון דער פּאַרטיי „פּועלי־ציון“ פאַרנומען דעם אַמט פון פאָרזיצער און סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן אַרבעטער־ראַט. דער צווייטער דעלעגירטער פון „פּועלי־ציון“ איז געווען אלתר שוסטער (אומגעקומען) און דער דריטער דעלעגירטער פון „בונד“ איז געווען דער חבר איטשע שפּאַנקע.

די לוינפאָדערונגען פלעגן די אַרבעטסגעבער באַקומען צוגעשיקט אין די וואַרשטאַטן. אין משך פון אַ טאָג־צוויי האָבן זיך געפירט די אונטערהאַנדלונגען מיט זיי ביז אַלע האָבן אונטערגעשריבן די לוין־פאָדערונגען אין פּראָפּ־פאַריין. נאָר ביי אַזעלכע נעבעכדיקע קליינע מייסטערלעך וואָס איך האָב אויבן דערמאָנט, האָט זיך אָפט געטראָפן אַז ער האָט געבעטן „רחמים“ און נישט באַשטאַנען אונטערצושרייבן די אַרויסגעשטעלטע לוין־פאָדערונגען.

פאַר די פריער דערמאָנטע יאָרן, איז נאָר איינמאָל די פּראָפעסיאָנעלע־פאַריינען געגעבן געוואָרן אַ באַפעל אויסצופירן אַ פּאָליטישן שטרייק, סאָלידאַר מיט די פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטייען „פּועלי־ציון“ און „בונד“ וואָס האָבן אויך עקזיסטירט אומלעגאַל.

עס האָט זיך געהאַנדלט אין פייערן דעם ערשטן מאי פון 17־טן יאָר די דייטשע מאַכט אין סאָקאָלאָוו האָט זיך מקדים געווען און האָט אין 23־טן אַפּריל פון דעם יאָר אין מיטן דערנאַכט אַרעסטירט דעם פּאַרטיי־קאָמיטעט פון „פּועלי־ציון“, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין שטאָט. האָבן די פּראָפ.־פאַריינען אַלצדינג געטון, כדי דער טאָג פון ערשטן מאי זאָל טאַקע אויסזען ווי אַן אַרבעטער יום־טוב און אין די וואַרשטאַטן זאָל מען נישט אַרבעטן.

באַלד אינדערפרי האָבן די פאַרטרויונגס־חברים וואָס די פּאַרטיי „פּועלי־ציון“ האָט צוגעגרייט אויף דעם טאָג אויף אַ קאָנספּיראַטיוון אופן מיר געגעבן צו וויסן, „אַז אַלץ גייט גוט“ און ווירקלעך האָבן זיך אין די גאַסן באַוויזן אַלעמאָל אַנדערע יומטובדיק געקליידעטע אַרבעטער און באַלד פאַרשווונדן, כדי נישט צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. די פאַרטרויונגס חברים האָבן נאָכדעם אויסגעפירט דעם לעצטן באַפעל און סודותדיק באַפוילן חברים און חברות צו זאַמלען זיך אין וואַלד צוויי קילאָמעטער פון שטאָט. אָבער טראָץ דעם וואָס אַלץ איז געווען גוט

צוגעגרייט און פּאַרטרויונגס חברים זענען געווען צעשטעלט איבער דעם גאַנצן וועג פון שטאָט ביזן וואַלד, האָט זיך די דייטשע זשאַנדערמעריע דערפון דערוווּסט און אין מיטן דער פייערלעכקייט און די באַגייסטערטע רייד פון חבר שלמה שערצמאַן, (אַן אַקטיווער טוער ביי די „פּועלי־ציון״) בעת די בעסטע שטימונג און באַגייסטערונג פון אירע צוגרייטער, צווישן זיי אויך די חברטע באַשע יעלין, איז אָנגעפלויגן די דייטשע זשאַנדאַרמעריע אויף פערד און שפּיר־הינט, אַרומגערינגלט דעם וואַלד און ווען זיי האָט זיך איינגעגעבן צו כאַפּן, האָבן זיי אַרעסטירט, און שפּעטער פאַרפירט פּראָצעסן און באַשטראָפט מיט געלט און אַרעסט.

אין 1919—1920 זענען נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּאַרטיי „פּועלי־ציון״, נאָך אין מיטן יאָר, צוגעקומען אין שטאָט נאָך צוויי אַרבעטער־פּאַרטייען: איינע די רעכטע „פּועלי־ציון״ און די צווייטע — די קאָמוניסטן (רעקרוטירט פון „בונד״ און „פּועלי־ציון״) פון „בונד״ איז צוליבן אַוועקגיין פון די יוגנטלעכע אַרבעטער־טוער, אין יענער צייט שוין נישט געווען קיין פאַרשטייערשאַפט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די רעכטע „פּועלי־ציון״ האָבן צונויפגענומען זייערע פּאַרטיי־חברים און געפירט אַ באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט. די לינקע „פּועלי־ציון״, וואָס האָבן אין יענער צייט זיך געאייניקט מיט די קאָמוניסטן און שותפותדיקער אַרבעט אין דער פּראָפ.־באַוועגונג, האָבן מיט דער צייט פאַרנאַכלעסיקט זייער פליכט אויף אַזוי ווייט אַז די קאָמוניסטן זענען דאָרט געוואָרן די פּאַקטישע אַקטיווע טוער. צוליב דעם וואָס די פּראָפעסיאָנעלע פּאַריינען האָבן שוין דעמאָלט עקזיסטירט לעגאַל, איז פאַר די קאָמוניסטן, וואָס זענען אין זעלבסטשטענדיקן פּוילן געווען אומלעגאַל, געווען אַ גוטער שאַנס פאַר זייער פּאָליטישער פּאַרטיי־אַרבעט. אַ דאַנק זייער פלייסיקער איבערגעגעבענער אַרבעט אין די פּאַריינען פון די פאַכן, האָבן זיי פאַרגרעסערט די צאָל מיטגלידער אין זייער פּאַרטיי, און אַזויאַרום געווען און געבליבן די בעסטע אין שטאָט פּראָפעסיאָנעלע טוער ביזן סוף 39־טן יאָר. (די פּראָפּעסיאָנעלע טוער ישראל אלתר, דוד פרידמאַן, פּיעלטע און פסח שטוטמאַן — (אומגעקומען) פאַר דער תקופה זענען פאָרגעקומען זייער ווייניק שטרייקן, אַ חוץ דער גרויסער שטרייק פון די נאָדל־אַרבעטער פאַר אַן אַכט שעהדיקן אַרבעטס־טאָג אין יאָר 1926.

אברהם ביאלילעוו
געוועזענער סעקרעטאַר פון דער סאָקאָלאָווער קהילה
(גבעתיים)

פנחס ראפאלאוויטש
(תל־אביב)

# די יידישע קהילה אין סאָקאלאוו

לויט היסטאָרישע מקורות ווערט דאַטירט די אַנטשטייּונג פון דער קהילה סאָקאָלאָוו פון 15־טן יאָרהונדערט. אין יאָר 1665 ווערן שוין דערמאָנט דאָרטיקע יידן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּריווילעגיע וואָס דער אייגנטימער פון סאָקאָלאָוו און ווענגראָוו, יאַן קראשינסקי, האָט אַרויסגעגעבן צו דערמו־טיקן דאָס באַזעצן זיך פון יידן.

די פּריווילעגיע פון יאָר 1665 אָנערקענט די יידן אַלע רעכט וואָס זיי האָבן דערוואָרבן פון די פריערדיקע בעלי־בתים פון סאָקאָלאָוו און דערלויבט זיי צו האָבן אַן אייגענעם בית־דין. סאָקאָלאָוו איז דעמאָלט אַריבער צו נייע בעלי־בתים (מיכאל אגינסקי), און ער באַשטעטיקט זיי די פּריווילעגיעס צו אַנטוויקלען אין שטאָט מלאכה און האַנדל.

אין 18־טן יאָרהונדערט גיט דער בעל־הבית פון שטאָט (יאַן אגינסקי) אַרויס תקנות וועגן אויסקלויבן ראשי־הקהילה יעדעס יאָר דעם צווייטן זונטיק נאָך דער חגא פון הייליקן יאַן, אויף פאָלגנדיקן אופן: די ראשי־הקהילה פאַר־שרייבן די נעמען פון אַלע בעלי־הבתים, וועלכע צאָלן נישט ווייניקער ווי 25 גילדן אַ יאָר „סקלאַדקע“. די נעמען ווערן פאַרשריבן אויף קאַרטלעך און איבערגעגעבן דעם רב פון שטאָט. דער רב לייגט אַריין די אַלע קאַרטלעך אין דער אָנוועזנהייט פון גאַנצן המון אין אַ זאַק, גיט אים דריי מאָל אַ טרייסל און מיט דער רעכטער האַנט נעמט ער אַרויס 5 קאַרטלעך. יעדעס קאַרטל באַ־זונדער לייענט ער איבער און פאַרשרייבט אויף אַ ליסטע. די פינף אויסגע־ווילטע קלויבן אויס די קהילה־פאַרוואַלטונג, וועלכע פירט אָן מיט אַלע ענינים פון די יידן.

לײדער זענען די פנקסים פון דער קהילה פאַרניכטעט געוואָרן בשעת די 2 גרויסע שריפות, וואָס זענען פאָרגעקומען אין שטאָט. אויך דער לעצטער

פנקס, וועלכער האָט זיך געפונען ביים מורה הוראה, רב מרדכי האַלבערשטאַט זצ״ל, איז פאַרלוירן געגאַנגען אין די צייטן פון דער פינצטערער היטלער עפּאָכע. דעריבער האָבן מיר נישט קיין פּרטים פון דעם קהילה־לעבן ביז דער צאַרישער עפּאָכע.

אונטער דער צאַרישער הערשאַפט

אין די צייטן פון דער צאַרישער הערשאַפט אין פּוילן איז געגרינדעט געוואָרן דער אַזויגערופענער „דאָזאָר בוזשניצי״, וועלכער איז באַשטאַנען פון דריי דאָזאָרעס מיטן רב פון שטאָט. דער דאָזיקער ראָט האָט צוזאַמען מיטן בירגערמייסטער פון שטאָט געפירט די קהילה־ענינים און באַשטייערט די יידן פון אייגענע הייזער מיט קהילה־שטייער („עטאַט״), אויסצוהאַלטן דעם רב און די קהילה־אינסטיטוציעס ווי: שול, מקוה, בית־עלמין א. א. וו. די עטאַט־ליס־טעס און ביורא־אַרבעטן פלעגן געפירט ווערן דורך אַ באַאַמטן פון אָרטיקן מאַגיסטראַט.

פון די לעצטע דאָזאָרעס, וועלכע האָבן געלעבט אין דער צייט ווען די צאַרישע מאַכט איז פאַרטריבן געוואָרן פון פּוילן, זענען באַקאַנט ר׳ אַלטער ראָזענבלום (אַלטער דוד׳ס ז״ל), אַ ייד אַ תלמיד־חכם, מחבר פון אַ ספר וועגן דיני ברכות. ער האָט געהאַט אַ באַנק געשעפטל ביי זיך אין שטוב; ר׳ הערש טוביה בער, אַ רעפּרעזענטאַטיווער בעל־הבית פון אַ הויז; משה מאַשעזאָן — אַ דאַמען־שניידער, גבאי פון דער חברה־קדישא און דער שטאָט־רב, הרב יצחק זעליג מאָרגנשטערן זצ״ל, (סאָקאָלאָווער רבי, אַן אייניקל פון קאָצקער רבין, ר׳ מענדעלע זצ״ל).

דאָס אויפנעמען אין שטאָט אַ רב, אַ שוחט, אַ חזן אָדער אפילו אַ בעדער האָט אַרויסגערופן גרויס אויפזען. ס׳האָבן זיך געשאַפן צדדים און עס איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגער און עקשנותדיקער קאַמף ביז דער קאַנדידאַט איז אויפ־גענומען געוואָרן.

עס איז אָפט געקומען אפילו צו אַן אינטערווענץ פון דער אָרטיקער מאַכט, און אין בעסטן פאַל — צו אַ בוררות פון פּרעמדע רבנים. די מחלוקותן וועגן אַ בעדער זענען דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אויף דעם באָדן האָט מען אַמאָל פאַרברענט די באָד און ס׳איז אפילו דאָרט געקומען צו אַן עקספּלאָזיע פון אַ פאַרע־קעסל.

קהילה פאַרמעגן

א) דער אַלטער יידישער בית־עלמין, וואָס האָט זיך געפינען ביים ראַנד פון דער שול־גאַס אויף דער צווייטער זייט פון טייכל צעטיניע („די סטריגע״),

האָט פאַרנומען אַ שטח פון בערך 500 דונאם באָדן, דער בית־עלמין רעכנט זיך פון דער ערשטער צייט ווען די קהילה איז אַנטשטאַנען.

ב) דער נייער בית־עלמין, וואָס האָט זיך געפונען 3—2 קילאָמעטער פון שטאָט און האָט געהאַט אַ שטח פון בערך 1000 דונאַם באָדן, דאַטירט זיך פון בערך 50 יאָר פאַרן לעצטן חורבן פון יידישן ישוב אין סאָקאָלאָוו.

ג) די שול, איז געוואָרן געבויט אויף דער שול־גאַס צוויי מאָל: איינמאָל פאַר 100 יאָר און דאָס צווייטע מאָל — נאָך דער גרויסער שריפה פון סאָקאָלאָוו, אין יאָר 1910. אין דער שול פלעגט מען אויסער די תפילות בציבור שבתים און ימים־טובים אויך אָפּריכטן אָפיציעלע פייערלעכקייטן, ווי אויך תפילות בעתן ענדיקן דאָס שרייבן אַ ספר־תורה. מען האָט די ספר־תורה אַריינגעשטעלט אין ארון־הקודש מיט גרויס פּאַראַד, מוזיק און טענץ אין דער



דאָס נייע בית־המדרש

אָנוועזנהייט פון גרויסע מאַסן מענטשן. דאָרט פלעגט מען אָפּריכטן תפילות און מי שברך פאַר די צאַרן, און נאָכדעם — פאַר דעם פּוילישן מלוכה־פּרעזידענט — אין דער צייט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

פיל יאָרן האָט אין דער שול ימים נוראים געדאַווענט חיים שמואל ראָזנבוים, וועלכער האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם מתפללים דורך זיין זיסע, לירישע שטימע, וואָס פיל סאָקאָלאָווער געדענקען זי נאָך ביז היינט.

ד) דאָס אַלטע בית־המדרש וואָס האָט זיך אויך געפונען אויף דער

שול־גאַס קעגנאיבער דער שול, דאַטירט זיך פון בערך 80 יאָר פאַרן חורבן סאָקאָלאָוו. אין בית־המדרש פלעגן זיך פאַרזאַמלען פיל בחורים נאָכן ענדיקן דאָס חדר, און יונגע־לייט, וועלכע פלעגן גאַנצע טעג און נעכט לערנען ש״ס ופוסקים.

דאָרטן פלעגן האַלטן זייערע דרשות פאַרשידענע מגידים און בעלי־דרשנ׳ס צווישן מנחה און מעריב. דאָרט איז אויך געווען אַ גרויסער וואַרימער אויוון, ווו טרעגער, בעלי־מלאכות, בעלי־עגלות א. א. פלעגן זיך אַריינכאַפּן פון מאַרק, זיך צו דערוואַרעמען אַ ביסל, און גלייכצייטיק זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים.

ה) דער נייער בית־המדרש, וואָס איז געבויט געוואָרן בערך 42 יאָר פאַרן חורבן סאָקאָלאָוו אין צענטער שטאָט אויף דער דלוגא גאַס דורך ר׳ משה באַריכאָוויסקי (משה מלכה׳ס).

אין דעם בית־המדרש פלעגט מען לערנען כמעט אַ גאַנצן טאָג און נאַכט, דאָרט האָבן זיך מערסטנטייל גרופּירט ציוניסטיש־געשטימטע יונגע־לייט. דאָרט זענען אויך געהאַלטן געוואָרן דרשות וועגן ארץ־ישראל.

ו) די באָד אויף דער שול גאַס נעבן דעם אַפּטייקערס סאַד.

ז) דער הקדש — אַ הילצערנע געביידע אויף דער שול־גאַס — אויפן ראַנד פון די גריבער פון נאַפּאָלעאָנס צייטן. דאָרט איז געווען אַ מקום־מקלט פאַר אָרימע, היימלאָזע און אומגאָרמאַלע מענטשן. אין אַ טייל פון דער געביידע האָט זיך געפינען אַ תלמוד תורה אין אַ ישיבה.

אַ חוץ דעם זענען אין שטאָט געווען אַ פּאָר צענדליק חסידישע מנינים און שטיבלעך — גערער, אַלעקסאַנדערער, אַמשינאָווער, סקערניעוויצער, „חיי־אדם״, ביאַלער, פּילאָווער, אָטוואָצקער, פּוריסאָווער, ראַדזינער, ווי אויך דאָס גרויסע בית־המדרש אין רבינס הויז, וואָס האָט אויך געדינט פאַר דעם רבינס ישיבה א. א.

## סאָציאַלע הילף

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע יונגע לייט איז געגרינדעט געוואָרן דער לינת־הצדק צו באַדינען די קראַנקע — אויסבאָרגן פאַרשידענע כלים: פּענכערס, באַנקעס א. א. וו. און געבן מעדיציניש הילף.

אַ גרויסע ראָל האָט געשפּילט אין שטאָט די לייַ־קאַסע, וואָס האָט באַדינט כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג מיט הלוואות און אָפּשפּורונגען. אין שפּיץ פון דער קאַסע איז געשטאַנען ר׳ הערש טוביה בער ז״ל און ר׳ דוד צוקערמאַן און יבדל לחיים — ר׳ מרדכי עלנבערג (אין ישראל).

הגם די קהילה האָט זיך נישט פאַרנומען מיט סאָציאַלער שטיצע, האָבן

זיך דאַך דערמיט פּאַרנומען פאַרשידענע גבאים און גבאי׳טעס, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט זאַמלען חלות אויף שבת, ברויט א. א. וו. און דאָס פאַרטיילן צווישן אָרימעלייט.

מקורות פון פרנסה אין סאָקאָלאָוו

אַלס הויפּט מקור פון פרנסה, איז געווען די שיך־בראַנזשע וואָס האָט אָנגעשפּאַרט אין די ווייטסטע ווינקלען פון רוסלאַנד, אפילו אויפן ווייטן מזרח. (באַשעפטיקט דאַביי בערך 300 פאַמיליעס). קיין סאָקאָלאָוו פלעגן קומען קאָמיסיאָנערן פון די ווייטסטע ערטער אין רוסלאַנד, איינצוקויפן די שטיוול. אין שטאָט איז אויך געווען אַ באַדייטנדיקע צאָל שניידערס און פעלצנמאַכערס, וועלכע פלעגן צעפירן זייער פּראָדוקציע אויף די אַרומיקע מערק. אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון תבואה סוחרים.



די מקוה

דאָרפס גייערס, וועלכע פלעגן אַרומגיין פון זונטיק ביז פרייטיק איבער די דערפער פון דעם גאַנצן סאָקאָלאָווער קרייז און אויפקויפן ביי די פויערים פעלן און פאַרשידענע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, ווי אומעטום, זענען אויך געווען טרעגער, בעלי־עגלות, מעקלער און — מלמדים. ווי אויך אַ גרויסע צאָל גרעסערע און קלענערע שפּייז־ און אַנדערע געוועלבער.

## אַלטע היים

### ערשטער וועלט־קריג 1918—1914

דאָס שטילע, כמעט אידילישע שטייגער־לעבן פון סאָקאָלאָוו האָט זיך געצויגן אָן שום וויזנטלעכע ענדערונגען אין משך פון לאַנגע דורות ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן צענדליקע היימלאָזע משפחות אַנגעהויבן קומען פון פאַרשידענע ערטער פון פוילן, ווו דער פראָנט איז אַדורך.

מיט גרויס איבערגעגעבנקייט האָט דעמאָלט די אָרטיקע קהילה אַלץ געטון כדי צו לינדערן דעם גורל פון די היימלאָזע. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט צו זאָרגן פאַר זיי מיט ברויט און אַ דאַך איבערן קאָפּ.

ביים באַזעצן סאָקאָלאָוו דורכן דייטשן מיליטער זענען דורך די אָפּטרעטנ־דיקע רוסישע פּאָגראָמטשיקעס־קאָזאַקן, געפאַלן אַ פּאָר צענדליק יידן.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין סאָקאָלאָוו ווערט זייער אַ שווערע; מענטשן הויבן פּשוט אָן צו הונגערן און אין שטאָט פאַרשפּרייטן זיך טיפוס און אַנדערע קראַנקהייטן.

אין 1916 פאַרעפנטלעכט די דייטשע אַדמיניסטראַציע אַ סטאַטוט, וואָס ברענגט אַריין אָרדענונג אין קהילה־לעבן, פירט איין אַלגעמיינע, פּראָפּאָרציאָ־נעלע און געהיימע וואַלן צו די קהילה אינסטאַנצן און ברייטערט אויס די קאָמ־פּעטענצן פון דער קהילה וואָס טראָגט אַ רעליגיעזן כאַראַקטער.

אַלס דאַזאָרעס ווערן דעמאָלט אויסגעוויילט: ישעיהו שאַפּראַן, משה מאָשעזאָן, הערש טוביה בער, ה. ש. ראָזענבוים און יהושע לאַנדוי; אַלס סעקרעטאַר ווערט באַשטימט אברהם ביאַלילעוו.

צום ערשטן מאָל האָט די קהילה אַדורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג. די ביוראָ פון דער קהילה אַמטירט אין איינעם פון די זייטיקע צימערן אין שול, און שפּעטער — אין אַ צימער ביים נייעם בית־המדרש.

די קהילה־פאַרוואַלטונג אַרבעט אויס צום ערשטן מאָל זעלבסטשטענדיק איר יערלעכן בודזשעט פאַר די קהילה־הצטרכותן. זי פאַרנעמט זיך מיט אַריינ־ברענגען אָרדענונג אין אַלע ענינים פון דער קהילה, פירט איין אָרדענונג אויפן בית־הקברות, אַרבעט אויס אַ פּלאַן פון די קברים מיט גאַסן און נומערן, וואָס זענען פריער נישט געווען.

די קהילה־פאַרוואַלטונג פאַרנעמט זיך דעמאָלט אויך מיטן רעמאָנטירן און אויפפרישן די שול. ס׳ווערט אויך אויפגעבויט אַן ארון־קודש, באַצירט מיט שיינע שניצערייען. צי וואָס ס׳ווערן אַנגאַזשירט צוויי ספּעציעלע האָלץ־שניצערס פון מעזשריטש. דערביי איז כדאי אונטערצושטרייכן די גרויסע פאַר־דינסטן פון ערשטן יידישן סעקרעטאַר פון מאַגיסטראַט, הערש גרינבערג, וועל־כער האָט אַריינגעלייגט פיל מי ביים רעמאָנט פון די שול מיטן ארון־הקודש.

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

### דער דזשאָינט

אין דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג העלפט פיל אַרויס דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט". צו דעם צוועק ווערט געווײלט אַ קאָמיטעט וואָס פירט אָן מיט דער אומזיסטער קוך, פון וועל־כער עס האָט געגאָסן כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון סאָקאָלאָוו. אין שפּיץ פון קאָמיטעט זענען געשטאַנען: ראַקאַטש, בנימין רובינשטיין, פנחס טשערניצקי, בנימין עלנבערג, מרדכי עלנבערג און אַנדערע.

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דער יידישער קהילה, ווערט דעמאָלט געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט, „סומך־נופלים", וואָס פאַרנעמט זיך מיט מאַ־טעריעלער און מעדיצינישער הילף פאַר אָרימע. בראש פון קאָמיטעט זענען געשטאַנען: הערש קייט, לייב אַלטמאַן ז"ל, אברהם אייזנבערג און אנדערע; אַלס סעקרעטאַר — ברוך דאַבזשינסקי.

### געזעלשאַפטלעכע אַרבעט

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע טרעטן אַריין אין יידישן לעבן פון סאָקאָלאָוו פיל ענדערונגען. דאָס נאַפט־לעמפּל טרעט אָפּ דאָס אָרט דעם עלעקטרישן ליכט, וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרן דורך ישעיהו שאַפ־ראַן, דעם בויער פון דער עלעקטראַווניע אין דער שטאָט.

אַ גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט פאַרטוישט דאָס טיכענע היטל אויף אַ קאַפּעליוש, דאָס לאַנגע כאַלאַט — אויף אַ קורצן אנצוג. עס ווערן געגרינדעט צוויי ביבליאָטעקן און פאַרטייען: מזרחי, ציונים כלליים, „פּועלי־ציון" לינקע, „פּועלי־ציון" רעכטע, „בונד" א. א. וו.

די שטאָט באַזוכן פאַרשידענע רעדנער, ליטעראַטן, זינגער און קאָנ־צערט אַנסאַמבלען. ס'ווערט אויך געגרינדעט אַ יידישע פאָלקס־שול (אָנגעפירט דורך יידישע לערער), און דאָס חדר „יבנה" (דורך די „מזרחי").

### דער אויפקום פון דער פוילישער מלוכה 1918

אין דער ערשטער צייט פון אויפקום פון דער פוילישער מלוכה אַרבעט די יידישע קהילה־פאַרוואַלטונג אויף די זעלבע יסודות וואָס פריער. צוליב די אָפטע מדינה פאַרפאָלגונגען וואָס האָט זיך פאַרמערט אין די צייטן ווען די „ענדעציע" איז געווען ביי דער מאַכט, ווערט די יידישע קהילה־פאַרוואַלטונג פאַרוואַנדלט אין אַ מין נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע, וואָס מוז זיך פאַרנעמען אויך מיט פּאָליטישע פראַגן, כדי רעכטלעך צו פאַרטיידיקן די יידישע באַפעלקע־רונג, קעגן דיסקרימינאַציעס און עקסצעסן.

אין די צייטן פון די וואַלן צום פוילישן סיים, נעמט די קהילה אַן אַקטיוון אָנטייל ביים מיטהעלפן שאַפן דעם נאַציאָנאַליטעטן־בלאָק, ביי וועלכן יידן מיט דייטשן שטימען אין סאָקאָלאָווער קרייז פאַר די נאַציאָנאַליטעטן־ליסטע.

אין יאָר 1923 ווערט פאַרעפנטלעכט דער פוילישער קהילה־סטאַטוט און אין שטאָט קומען פאָר וואַלן פון אַלע יידישע, עקזיסטירנדיקע פּאָליטישע פּאַרטייען. דער וואַל־קאַמף איז זייער אַן אינטענסיווער. עס קומען פאָר וואַל־מיטינגען, בעת וועלכע רעדנער פון פאַרשידענע פאַרטייען באַקעמפן זיך קעגנזייטיק. ס'ווערט געוויילט אַ ראַט פון 13 פּערזאָן, און אַ פאַרוואַלטונג פון 8 פּערזאָן.

אין דער שפּיץ פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג שטייט סקשידלאָווער און פון ראַט — קאַפּאָווי, אַלס דאָזאָרעס זענען אין דער פוילישע תקופה געוויילט געוואָרן: סקשידלאָווער (מזרחי), לוסטיגמאַן (אגודה), קייט (אגודה) ישראל גאָלדפאַרב (אגודה), קאַפּאָווי (מזרחי), לוסטיגמאַן (אגודה), קייט (אגודה), ישראל מאַן (פועלי־ציון לינקע), מ. לאשיצקי (ציוניסטן), ציטינסקי (האַנטווערקער), וויינבערג אברהם (האַנדווערקער), פערגער (האַנדווערקער), ב. רובינשטיין (ציוניסטן), י. מ. אָרנשטייך (אגודה), ראדזינסקי (מזרחי), ראַפּאַלאָוויטש (מזרחי), (אויף זיין אָרט גייט אַריין י. גאָלדפאַרב — אגודה), זאַרעמבסקי (פועלי־ציון רעכטע), סענדער רובינשטיין (מזרחי), יואלקע שלאפמיץ (ציונים), ח. ש. ראָזנבוים (מזרחי), מ. עלסטער (האַנדווערקער), ראדזינסקי (מזרחי), און שפּאָדל (אגודה).

די קהילה אַרבעט אויס איר בודזשעט וואָס ווערט באַשטעטיקט דורכן ראַט און דורך די אָרטיקע מאַכט.

דער בודזשעט נעמט אַרום, אויסער די הצטרכותן פון דער קהילה, אויך פאַרשידענע סובווענצן פאַר קרן־קימת, קרן־היסוד, בית־יעקב שולן, ווי אויך אונטערשטיצונגען פאַר די אָרטיקע סאָציאַלע אינסטיטוציעס: ווי „סומך נופלים", „טאָז", „תלמוד תורה", „מזרחי" שול א. א. וו. צו די וואַלן איז געשאַפן געוואָרן אַ בלאָק פון האַנדווערקער און „אגודה" קעגן מזרחי און ציונים.

אין דער צייט אַרבעט דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט" אין פוילן, און אַ דאַנק זיינע אונטערשטיצונגען פירט די קהילה אַדורך אַ גרונטלעכן רעמאָנט פון דער באָד, ווו עס ווערן אינסטאַלירט וואַנעס, שפּריצן און קאַפּל־מקוואות; אַרום די ביידע בית־עלמינס ווערן אויפגעשטעלט פּאַרקנס.

## די שחיטה־פראַגע

די קהילה האָט אַ גרויסן טייל פון איר מי און ענערגיע פאַרווענדעט אַריינצוברענגען אָרדענונג. די הכנסות פון שחיטה, וואָס איז געווען אין די פּריוואַטע הענט פון די שוחטים, זענען, לויט אַ הסכם מיט די שוחטים, איבערגעגאַנגען צו דער קהילה.

אַ לאַנגדוירנדיקן קאַמף האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג געמוזט אויסשטיין מיט די שחיטה באַגרענעצונגען, וואָס די פוילישע סיים־דעפּוטאַטין, פרוי־פּריסטאָראָווא האָט אַדורכגעפירט אין פוילישן סיים. מען האָט געדאַרפט שטענ־

דיק קעמפן פאַרן דערהאַלטן דעם גויטיקן קאָנטיגענט פון כשרער שחיטה פאַר דער ידישער באַפעלקערונג.

עס איז אויפגעבויט געוואָרן אַ שעכט-הייזל פאַר דער שחיטה פון עופות — וואָס האָט מעגלעך געמאַכט צו האַלטן אַ קאָנטראָל איבער די הכנסות פון דער שחיטה, און עס האָט אויסגעמיטן דאָס פאַראומרייניקן די פלעצער דורך די שוחטים, וועלכע פלעגן פריער שעכטן פריוואַט אין פאַרשידענע ערטער.

די ידישע קהילה איז פאַקטיש געווען די פאַרטרעטערין פון דער ידי-שער באַפעלקערונג אין שטאָט. ביי פאַרשידענע פייערלעכקייטן און מלוכה אימ-פּרעזעס און ביים פאַרטיידיקן ידן אין דער צייט פון דער בויקאָט-אַקציע קעגן יידישן האַנדל וואָס די פוילישע אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אָנגעפירט.

אין דער צייט פון דער העכסטער בויקאָט שפּאַנונג אין 1938, איז בעת אַ מאַרק-טאָג אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אין שטאָט, קעגן ידישע הענדלער און קראָמען, ס'איז אַלאַרמירט געוואָרן די אָרטיקע מאַכט, ווי אויך דער קלוב פון די ידישע סיים-דעפּוטאַטן. ס'איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ רעגיסטראַציע פון די געליטענע, וועמען מען האָט געמוזט העלפן צוליבן אָנקומענדיקן פסח.

די ידישע קהילה-פאַרוואַלטונג האָט אָפט קאָאָרדינירט איר טעטיקייט צוזאַמען מיטן קלוב פון די ידישע ראַטמענער אין שטאָט-ראַט, וואָס פלעגט אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען אין לאָקאַל פון דער קהילה-פאַרוואַלטונג. די ידישע קהילה-פאַרוואַלטונג האָט געאַרבעט אונטער דעם פאָרזיץ פון קהילה-פאָרזיצער ה' חיים יעקב שפּאַדעל ביזן לעצטן מאָמענט ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער צוויי-טער וועלט-קריג.

## „חברה קדישא תהלים"

(פרטים פון סאָקאָלאָווער פנקס)

היסטאָרישע דאָקומענטן און מאַטעריאַלן זענען אין סאָקאָלאָוו כמעט ווי נישט פאַראַן; די גרויסע שריפה אין יאָר 1910 האָט אַ סך פאַרניכטעט און עס איז דעריבער, שווער צו שאַפן אַ בילד פונעם אַמאָליקן ייִדישן לעבן אין דער שטאָט.

איינער פון די איבערגעבליבענע דאָקומענטן פונם ווײַטן עבר איז — דער פנקס פון דער „חברה קדישה תהלים", וועלכן מען האָט אָנגעהויבן שרייבן אין יאָר תק"ע (1810).

דער דאָזיקער פנקס, האָלט 172 זײַטן פון גרויסן פאָרמאַט. די אויפשריפטן אויפן שער־בלאַט לויטעט: „שייך לחברה הקדישא תהילים פ"ה, סוקולוב שבתי יהודא שו"ב"; די ערשטע פאַרצייכנונג אין דעם פנקס איז געמאַכט געוואָרן „יום א' כ"ג אייר תק"ע לפ"ק", (1810).

נאָך דער הקדמה וועגן דער באַדייטונג פונעם תהילים־זאָגן — געשריבן מיט גרויסע כתיבה־אותיות — קומען 17 תקנות פון דער חברה, וועלכע באַהאַנדלען די פליכטן און אויפגאַבן פון די חברה־מיטגלידער.

לויט די תקנות, איז יעדער איינער, וואָס געהערט צו דער חברה, פאַרפליכטעט צו זאָגן יעדן טאָג 21 קאַפּיטלעך תהלים און דאָס — נישט שנעל, נאָר „מלה במלה", וואָרט ביי וואָרט; דער, וואָס שטייט פאַרן עמוד דאַרף באַזיצן אַ געשמאַקע שטימע, שמחה און כוונת הלב (תקנות א' ב' און ג').

וועגן דער קעגנזייטיקער איבערגעגעבנקייט און חברשאַפט צווישן די מיטגלידער דערציילן די תקנות ו' און ז', וועלכע פאַרפליכטן די גאַנצע חברה צו זאָגן תהילים, אויב איינער פון זיי איז קראַנק געוואָרן; דאָס זעלבע אויך אין פאַל ווען איינער איז געשטאָרבן — זענען 10 פּערזאָן מחויב צו האַלטן „משמר" און אין די שבעה־טעג קומען צום דאַווענען אין הויז פונעם נפטר.

די חברה איז אויך מחויב (תקנה ח') אָפּצוהיטן די יאָרצייטן פון המנוח הרב הקדוש בן רחל (ט"ו) און המנוח הרב הגאון והמפורסם מר שבתי בי פעסל שנפטר בשם טוב (כ"ח תמוז).

די פּראָצעדור פון אָנעמען נייע מיטגלידער אין דער חברה איז נישט געווען קיין לייכטע. בקשות אָנגענומען צו ווערן אין דער חברה זענען באַטראַכט געוואָרן נאָר אויף די אַלגעמיינע אסיפות — חול המועד סוכות (תקנה ט'). די בקשות האָט מען איבערגעגעבן דעם „גבאי החודש", וועלכער האָט זיי פאָרגעשטעלט פאַר 18 מענטשן. דאָס איינשרייב־געלט האָט באַטראָפן

נישט ווייניקער פון „ארבעה ועשרים זהוב פוליש ועגת דבש ויי״ש לח״י האנשים ההם״ (תקנה י׳).

די זעלבע ח״י (18) פּערזאָן, וועלכע דעצידירן אויך וועגן אויסשליסן פון דער חברה, באַשטייען פון געוויילטע משגיחים, גבאים, אַ נאמן און 3 רואי־חשבון (תקנה י״א); דער מיטגלידס־אָפּצאָל באַטרעפט פאַר יעדן איינעם 1 גדול פוליש וועכנטלעך (תקנה י׳ד), די שטראָף פון נישט קומען זאָגן תהילים „בכנופיא״ באַטרעפט 1 ״גדול פוליש״ אין וואָכן טעג, און 3 — שבתים און ימים־טובים. פאַר די געלטער ווערט יעדער ראש חודש כסלו געפּראַוועט אַ גרויסע סעודה.

דאָס זענען די תקנות פון דער חברה, אָנגענומען און פעסטגעשטעלט יום א׳ כ״ג איר תק״ע לפ״ק און געחתמט מיט איניקע צענדליק אונטער־שריפטן.

די הכנסות פון דער חברה האָבן באַטראָפן אין דעם זעלבן יאָר — תק״ע — 498 זר״ש און די הוצאות — 774 זר״ש.

כדאי צוצוגעבן, אַז צו דער חברה האָבן אויך געהערט פרויען און קינ־דער, נאָר אין באצוג צו זיי זענען די תקנות מילדערע.

די אַלע 172 זייטן זענען געדיכט באַשריבן און אַנטהאַלטן פאַרצייכנונ־גען, נאָטיצן און אויפשריפטן וועגן די אסיפות, אָננעמען און אויסשליסן מיט־גלידער, שטראָפן א״א. די דאָטע אויפן לעצטן עמוד איז פון יאָר תרנ״ה, דאָ־קעגן איז אויף אַ פריערדיקן בלאַט אין פנקס אָנגעגעבן אויף אַ שפּעטערע — און ווייזט אויס אויך די לעצטע — דאַטע פון ראש חודש סיון תרס״ז, ווען ס׳איז איבערגעריסן געוואָרן דאָס ווייטערדיקע כראָנאָלאָגישע פאַרצייכנען אינעם פנקס.

די לעצטע פאַרצייכנונגען אינעם פנקס האָט געמאַכט ר׳ בן־ציון שמש, וועלכער איז נפטר געוואָרן נישט לאַנג פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אין עלטער פון 84 יאָר.

(אליעזר רובינשטיין „שעדלעצער וואָכנבלאַט״, 1937).

פנחס ארפאלאוויטש
(תל־אביב)

# די יידישע ליי־קאַסע

די יידישע קאָאָפּעראַטיווע ליי־און שפּאָר־קאַסע אין סאָקאָלאָוו איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1907.

דער הויפּט איניציאַטאָר פאַרן אויפשטעלן אין סאָקאָלאָוו די אויבנדערמאָנטע קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע איז געווען ר׳ מרדכי עלענבערג. נישט לייכט איז אים אָנגעקומען צו פאַרווירקלעכן די אידעע. דער סקעפּטיציזם פון פאַרשידענע שטאָטישע בעלי־בתים צום געדאַנק פון קאָאָפּעראַציע און פּחד פון עפּעס נייעס, האָט פאַרלאַנגזאַמט איר ענטגילטיקע דערגרייכונג. אָבער אַ דאַנק די ענערגישע אַרבעט פון ר׳ מרדכי עלענבערג צו שאַפן די געהעריקע צאָל מיטגלידער וואָס איז נויטיק געווען לויטן געזעץ, האָט די ליי־קאַסע אנגעהויבן איר טעטיקייט.

די פאַרוואַלטונג פון די ליי־קאַסע איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע אָנגעזעענע שטאָט בעלי־בתים:

ר׳ חיים שמואל ראָזענבוים, פּנחס פוטערמאַן, נטע פינקלשטיין, חיים לייב לעווין, נחמן־יוסל מאָרגענשטערן, חיים טוביה בער און מרדכי עלענבערג אַלס טעכנישער פירער פון דער ליי־קאַסע.

בערך 200 יידישע ליי־קאַסעס האָבן דאַן עקזיסטירט אין קאָנגרעס פּוילן, דער פּראָגראַם פון די אַלע אינסטיטוציעס איז געווען צו העלפן דעם יידישן קליין-הענדלער און האַנטווערקער מיט הלוואות אויף לענגערע טערמינען מיט קליינע צינזן.

די באַוועגונג פון אָרגאַניזירן אין די שטעט און שטעטלעך די קאָאָפּעראַטיווע פינאַנציעלע אינסטיטוציעס איז דערמוטיקט געוואָרן דורך די „יק״א״ געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיי מיט אַ ברייטע האַנט פינאַנציעל געשטיצט. דער אייגענער קאַפּיטאַל פון די ליי־קאַסע איז באַשטאַנען פון מיטגליד־אָפּצאָלונגען און פקדונות פון די אָרטיקע יידישע באַפעלקערונג אָבער דער הויפּט־קאַפּיטאַל איז געווען די פינאַנציעלע הילף פון די „יק״א געזעלשאַפט.

די פאַרוואַלטונג האָט געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט און זי דערהויבן צו אַ חשובן עקאָנאָמישן פאַקטאָר אין שטאָט. מיטן אויסברוך פון דעם ערשטן וועלט־קריג אין יאָר 1914, ווערט דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן פאַראַליזירט. די מיטגלידער קאָנען נישט צוריקצאָלן זייערע הלוואות.

**די טעטיקייט פון די ליי־קאַסע ווערט אָפּגעשטעלט.**

רעאָרגאַניזאַציע

דאָס אַנטשטיין פון דעם אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט באַדייטנדיק געענ־דערט די עקאָנאָמישע סטרוקטור אין לאַנד. דער האַנדל און מלאכה האָט זיך געניטיקט אין נייע אינוועסטיציעס, אַנטשפּרעכנדיק צו די נייע עקאָנאָ־מישע באַדינגונגען. לײַדער האָבן די האַנטווערקער נישט געהאַט קיין פינאַנ־ציעלע מעגלעכקייטן דאָס צו דערגרייכן. אויך די סוחרים האָבן זיך געמאַטערט אין פינאַנציעלע הילף כדי צו קאָנען שאַפן די סחורה פאַר זייערע קליענטן.

אין אַנבליק פון דעם מצב האָט די סאָציאַל-עקאָנאָמישע אָפּטיילונג ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ קער־פּערשאַפט, וואָס זאָל זאָרגן פאַר רעאָרגאַניזירן די יידישע לײַ־קאַסעס און געבן זיי די נויטיקע פינאַנציעלע הילף פאַר זייער טעטיקייט. אַ דאַנק די אינטענסיווע אַרבעט פון דער אָפּטיילונג איז אין פאַרלויף פון אַ קורצע צייט אָרגאַניזירט געוואָרן די „געזעלשאַפט פאַרן קאָאָפּעראַטיוון פאַרבאַנד" אין וואַרשע. די גע־זעלשאַפט האָט רעאָרגאַניזירט די לײַ־קאַסעס און געגעבן פינאַנציעלע הילף אין די ראַמען פון זייערע מעגלעכקייטן.

די יק"א און „דזשאָינט"

דער באַשלוס פון „דזשאָינט" און די „יק"א" צו באַטייליקן זיך מיט פי־נאַנציעלער הילף פאַר דער רעאָרגאַניזאַציע פון די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן און לײַ־קאַסעס, האָט פונדאַמענטירט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג און פאַר־שנעלערט דעם טעמפּאָ פון די רעאָרגאַניזאַציע אויף סטאַבילע יסודות.

די פאָרשטייער פון די אויבנדערמאָנטע, וועלט באַרימטע סאָציאַלע גע־זעלשאַפטן האָבן אָרגאַניזירט דעם „רעוויזיאָנס-פאַרבאַנד" וואָס האָט אָנגעפירט מיט די גאַנצע קאָאָפּעראַטיווע טעטיקייט און איז געווען די צענטראַלע פאַר־שטייערשאַפט פון גרעסטן טייל לײַ־קאַסעס און פאָלק-בענק אין פּוילן.

אין שפּיץ פון דעם רעוויזיאָנס-פאַרבאַנד זענען געשטאַנען ד"ר מאיר קלומל, רפאל שערעשעווסקי, אינזש. א. בערקענהיים און אַנדערע. דער רעווי־זיאָנס פאַרבאַנד האָט אויך אָרגאַניזירט אַן אינספּעקטאָרן-ראַט פון קוואַליפי־צירטע קאָאָפּעראַטיווע טוער, ווי חיים שאָשקעס, מיכעלסאָן, גאָלדפאַרב א. א.

די אינספּעקטאָרן האָבן באַזוכט יעדע לײַ־קאַסע, אָנגעוויזן די ריכט־ליניען פאַר זייער טעטיקייט, אָרגאַניזירט נייע לײַ־קאַסעס און געהאַט איבער זיי די אויפזיכט. די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג האָט זיך שנעל אַנטוויקלט און במשך פון אַ קורצע צייט האָבן שוין עקזיסטירט הונדערטער לײַ־קאַסעס אין פּוילן מיט די צענטראַלע באַנק פאַר קאָאָפּעראַטיוון אין וואַרשע.

אין יאָר 1920 ווערט צוריק געעפנט די יידישע לײַ־קאַסע אין סאָקאָלאָוו אין הויז פון וועלוועל יאַספּערשטיין אויף דלוגא גאַס 22. די פאַרוואַלטונג איז

באַשטאַנען פון יעקל טיקולסקי, מענדל לאשיצקי, יצחק סקאלע, משה משהזאָן שבתיל פערגער, פלאַטנער און בנימין רובינשטיין.

דער פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון יואלקע שלאַפמיץ, ברוך ישראל יעדלין און יבלח״ט משה האָכבערג (איצט אין ישראל). די לײַ־קאַסע אין סאָקאָלאָוו אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט. די צאָל מיטגלידער שטייגט פון טאָג צו טאָג. די באַפעלקערונג האָט צוטרוי צו איר טעטיקייט, זיי ברענגען זייערע פקדונות אין די לײַ־קאַסע; דער פייען־קאַפּיטאַל פאַרגרעסערט זיך אַ דאַנק דעם האָט זי די מעגלעכקייט צו געבן אירע מיטגלידער גרעסערע הלוואות.

דעוואַלואַציע

אין יאָר 1923 לעבט איבער פּוילן אַ דעוואַלואַציע פון פּוילישן זלאָטי, דאָס איז גורם צו אַ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס. דער האַנדל און מלאכה ווערט ווי פּאַראַליזירט. די מיטגלידער, וועלכע זענען שולדיק הלוואות, קאָנען זיי נישט באַצאָלן. דער פינאַנציעלער באַזיס פון די לײַ־קאַסע ווערט איינגעבראָכן, און די סכנה פון ליקווידאַציע פון די אַזוי וויכטיקע אינסטיטוציע איז גרויס. די פאַרוואַלטונג פון די לײַ־קאַסע ווערט נישט פאַרצווייפלט און באַשליסט צו מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען צו דערמעגלעכן איר ווייטערע עקזיסטענץ. די פאַר־וואַלטונג אינטערווענירט אין רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד און בעט הילף צו ־אַטעווען די לײַ־קאַסע פון ליקווידאַציע.

דער רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד קומט אַנטקעגן און באַשטעטיקט אַ באַדייטנ־דיקע סומע אלס לאַנגטערמיניקע הלוואה. אַ דאַנק דעם ווערט געראַטעוועט די לײַ־קאַסע פון אונטערגאַנג.

די לײַ־קאַסע באַקומט די רעכט אַלס באַנק

די פּוילישע וואַלוטע האָט זיך סטאַביליזירט און די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך געבעסערט. די הורטאָווניקעס גיבן ווידער סחורה אויף קרע־דיט קעגן וועקסלען. די קראָמען און וואַרשטאַטן זענען מער נישט ליידיק ווי פריער און דער פדיון שטייגט. די דעטאַליסטן צאָלן די וועקסלען פּינקטלעך. די קרעמער און האַנטווערקער באַקלאָגן זיך אָבער צוליב דעם וואָס אַלע וועקסלען ווערן געשיקט אויף אינקאַסאָ אין די פּוילישע בענק פון „האַנדל און אינדוסטרי״ — די איינציקע באַנק וואָס האָט עקזיסטירט אין סאָקאָלאָוו. די קליינע קרעמער און בעלי־מלאכות האָבן דאָרט נישט געהאַט קיין קרעדיט און געמוזט צאָלן די וועקסלען אין אויסגעשטעלטן טערמין ביז 12 בייטאָג, אַנדערש איז דער וועקסעל געגאַנגען צום פּראָטעסט. היות, די הורטאָווניקעס האָבן נישט גע־קאָנט שיקן זייערע וועקסלען אויף אינקאַסאָ נאָר אין אַ באַנק, איז געוואָרן נייטיק צי שאַפן אַ יידישע באַנק.

באַטראַכטנדיק די לאַגע, האָט דער ראָט און פאַרוואַלטונג באַשלאָסן רע־אָרגאַניזירן די לײַ־קאַסע אַלס באַנק. די אַלגעמײנע פאַרזאַמלונג פון די מיט־גלידער פון דער לײַ־קאַסע האָט מיט פרייד אָקצעפּטירט דעם באַשלוס.

די פאַרוואַלטונג האָט אונטערגענומען אַלע געהעריקע שריט און נאָך אַן אינטענסיווע אַרבעט, און מיטהילף פון רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד האָט זי באַקומען די דערלויבעניש אויף דעם. אין אַ געוויסן טאָג איז די שילד פון דער לײַ־קאַסע געטוישט געוואָרן אויף אַ גרויסע שילד: באַנק פאַר קלײנהענדלער און האַנטווערקער".

ס'איז געווײלט געוואָרן אַ ראָט און פאַרוואַלטונג פון דער באַנק פון פאָלגנדיקע מיטגלידער, לויטן אלף בית: משה גרינבערג, אהרן הענדלער, אברהם זאַיאָנץ, חיים זילבערמאַן, מענדעל לאשיצקי, משה משהזאָן, משה סעבער, ישראל פישער, משה פערעלשטיין, אלתר חיים קאפּאָווי און יבלח"ט בנימין רובינשטיין און פּנחס ראפּאַלאָוויטש.

## די טעטיקייט פון די באַנק

מיטן עפענען די באַנק טרעט אַריין די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין סאָקאָלאָוו אין אַ נײַער פאַזע. פון אַלע עקן פוילן קומען אָן וועקסלען אויף אינקאַסאָ. דער אומזאַץ פון די באַנק האָט זיך פילפאַך פאַרגרעסערט, פּקדונות פליסן. אַ דאַנק דעם ווערט די מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן דעם סכום פון די הלוואות פאַר די מיטגלידער.

אויך דער רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד באַשטעטיקט אַ באַדייטנדיקן סכום געלט צו דיספּאָזיציע פון די באַנק צו מאַכן רעדיסקאָנטעס פון וועקסל־פּאָרטפעל אין די צענטראַל־באַנק פאַר קאָאָפּעראַטיוון. מיט אײן וואָרט די יידישע פאָלקס־באַנק איז אַ קאָלאָסאַלער פאַקטאָר פאַר די יידישע קרעמער אין באַלמעלאָכעס צו געפינען פרנסה פאַר זייערע משפחות.

דער קלײנער פערסאָנאַל פון דער לײַ־קאַסע איז מער נישט גענוג פאַר די ברייטע טעטיקייט פון דער באַנק. דאָס פּערסאָנאַל פאַרגרעסערט זיך, ס'ווערט אַנגאַזשירט אברהם צישינסקי אַלס טעכנישער לייטער און יצחק שלאָפמיץ אַלס צווייטער בוכהאַלטער.

## אַלגעמײנע פאַרזאַמלונגען

די יערלעכע אַלגעמײנע פאַרזאַמלונג פון דער באַנק פלעגט זײַן דאָס געשעעניש פון טאָג. די פרעקווענץ פון די מיטגלידער און די פאַרזאַמלונגען איז געווען גרויס, און די דעבאַטן זענען שטענדיק געווען ערנסטע, מיט אַכטונג און ליבע צו דער אינסטיטוציע. די רעדנער אין דער דעבאַטע האָבן אונטער־געשטראָכן די גרויסע באַדייטונג פון דער באַנק פאַר די יידישע מאַסן, און די פאָרשלאָגן זענען געווען נאָר אין דער ריכטונג פון אָפּהיטן די אינסטיטוציע.

די אויסערנפּאָליטיק

ווידער קומט צרות אויף יידן, די אַנטיסעמיטישע ווירטשאַפט „אָוושעם״ פּאָליטיק פון דעם דעמאָלסדיקן מיניסטער סקלאַדקאָווסקי צעטרייסלט דעם יידישן האַנדל און מלאכה. אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין פוילן עפענען די ענדעקעס קריסטלעכע קראָמען און וואַרשטאַטן. אין סאָקאָלאָוו ווערן געעפנט אַ גרעסערע צאָל פּויליש קראָמען און וואַרשטאַטן, וועלכע רייסן אַרויס דעם קונה פון יידישן געווּעלב. אַנטדערטהאַלבן יאָר זענען געשטאַנען ענדעקישע שקצים „פּיקעטן״ ביי די יידישע קראָמען און נישט געלאָזט צוקומען קיין קריסטלעכן קונה. אָפטמאָל זענען די שקצים באַפאַלן מיט שטיינער די יידישע קרעמער אָדער בעלי־מלאכה, צעהאַקט זיי די קעפּ, ווייל זיי האָבן נישט גע־וואָלט שליסן די קראָמען. די לאַגע איז ממש קאַטאַסטראָפאַל די קלענערע קרעמער אין די אויפקויפערס אין מאַרק הונגערן בוכשטעבלעך. דער שווערער מצב האָט ווייטער פאַרויסגעזאָגט אַ קריזיס פון די באַנק.

די פאַרוואַלטונג קעמפט מיט מסירות נפש פאַרן דערהאַלטן די עקזיס־טענץ פון די באַנק, כדי צו געבן הילף די יידישע הענדלער און בעלי מלאכה אין זייער שווערן קאַמף קעגן די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער פוילישער רעגירונג.

אונדזערע קרעמער, בעלי־מלאכה, בעלי־עגלות און דאָרפס־גייער, האָבן אַרויסגעוויזן אַ קאָלאָסאַלע גבורה אין זייער שווערן קאַמף קעגן די אַנטי־סעמיטן צו דערהאַלטן זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. צעבראָכענע און הונ־געריקע האָבן זיי באַוואַכט די קראָמען און וואַרשטאַטן און זיך נישט געלאָזט ליקווידירן.

קוים האָבן זיך באַוויזן סימפּטאָמען פון יידישן נצחון איבער דעם שטאַרקן קעגנער, ברעכט פּלוצים אויס די צווייטע וועלט־קריג, וועלכע האָט געבראַכט דעם חורבן אויף די יידן אין גאַנץ פוילן. מיט דעם אומקום פון אונדזערע יידן אין סאָקאָלאָוו, איז אויך פאַרשוווּנדן די יידישע פאָלקס־באַנק, וואָס איז אויפ־געשטעלט געוואָרן מיט מסירת־נפש פון ערלעכע עסקנים, געטריבן פון די אידעען צו העלפן די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן אין זייער שווערן עקאָנאָ־מישן קאַמף אין דעם אַנטיסעמיטישן פוילן.

ס׳איז כדאי אויך צו דערמאָנען אַז אין די יאָרן פון 1929—30 האָט זיך געגרינדעט אין סאָקאָלאָוו די „באַנק־קופּיעצקי״ („האַנדלס־באַנק״). דער גרינדער און דירעקטאָר פון דער באַנק איז געווען ר׳ לייבוש ראָזענפעלד ז״ל. אין דער „באַנק־קופּיעצקי״ האָבן זיך ס׳רוב קאָנצענטרירט די גרעסערע סוחרים פון שטאָט. די באַנק איז געווען איינגעשלאָסן אין דעם רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד פון דער אגודה. די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון: הרב משה מאָרגנשטערן, הערשל זאַלצבערג, טוביה ציפּעלעוויטש און אַנדערע.

נאָכן טויט פון ר׳ לייביש ראָזענפעלד, עטלעכע יאָר פאַרן לעצטן וועלט־קריג, האָט זיך די באַנק ליקווידירט.

נתן פאדעמבערג
(לאָס־אַנדזשעלעס)

# סאקאלאווער בעלי־מלאכות

סאָקאָלאָוו איז געווען אַ שטעטל פון בעלי־מלאכות, קליין־הענדלער, דאָרפס־גייער און, האָרעפּאַשניקעס. אַלע האָבן געאַרבעט שווער פאַרן שטיקל ברויט און מקיים געווען דעם פסוק: בזעת אפיך תאכל לחם — מיט דער פולער מאָס.

די דאָרפס־גייער פלעגן גיין צופוס צענדליקער ווייאָרסטן, טראָגנדיק אויף זיך שווערע פעק: העמערלעך, קאָפּיטעס, טשוועקלעך, שטיקלעך לעדער, געוואַנט, שערלעך, נאָדלען, פאָדעם און אַנדערע זאַכן צו פאַריכטן פויערישע שיך און מלבושים. אין זאַק האָט מען אויך געטראָגן דעם טלית און תפילין און אַ ביסל שפּייז, מען זאָל חלילה נישט דאַרפן עסן ביי די גויים.

אויפן דאָרף האָט מען זיך אַוועקגעלאָזט מאָנטיק באַגינען, כדי צו טרעפן די פויערים איידער זיי גייען ארויס ארבעטן אויפן פעלד. אַז מען האָט געקריגן אביסל אַרבעט, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, פונאַנדערגענומען דאָס געפּאַק, אַוועקגעזעצט זיך, אָפּגעאַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט ביי אַ נאַפט־לעמפּל. נישט געגעסן קיין געקעכטס, נאָר ברויט מיט טיי, און געשלאָפן אין די שייערן אויף אַ ביסל שטרוי. אַז עס איז געווען אַרבעט אַ גאַנצע וואָך, איז געווען גוט. אויב נישט איז מען אוועק זוכן טעג ביי אַנדערע פויערים. פרייטיק פאַרטאָג האָט מען גענומען דעם פּאַק אויף די פּלייצעס, מיט אַביסל קאַרטאָפל, קרויט און מייערן וואָס דער „גוטער פויער" האָט געגעבן, און מיט אַ פולן זאַק „מתנות" זיך געלאָזט אַהיים צו דער פאַמיליע אויף שבת.

די סאָקאָלאָווער בעלי־מלאכות פלעגן אַרבעטן „גאַנצע שטונדן" פיר, פינף פאַרטאָג האָט מען שוין געהערט קלאַפּן שוסטערישע העמערלעך. נייען מאַשינען, הובלען ברעטער, שאָבן פעלצן און קאָוועןן אייזן ביי די שמידן. אָפּגעאַרבעט עטלעכע שעה, איז מען דערנאָך געגאַנגען דאַווענען און אָנבייסן, און ווידער זיך אַוועקגעזעצט אַרבעטן ביז מנחה, אָפּגעגעסן וואַרעמס און אָפּגעאַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט, און דאָך נישט געהאַט צו עסן צו דער זעט. די וואָכנדיקע טעג איז מען ווי עס איז דורכגעקומען, אָבער שבת, איז געלעגן ווי אַ שווערע משא אויף יעדן בעל־מלאכה און האָרעפּאַשניק אַ גאַנצע וואָך צייט.

דאָס גאַנצע שטעטל איינוווינער האָט געהאָפט אויף דעם דאָנערשטיקן מאַרק־טאָג. וואָס איז אָפּטמאָל געווען פאַר וועמען אַ טאָג פון פרייד, און פאַר

אַנדערע — אַנטוישונג. אין דעם טאָג איז געווען אָפּהענגיק אַ גאַנצע וואָך פּר־נסה פאַר די פאַמיליע. פאַרטאָג האָט מען שוין געהערט דאָס טראַסקען פון די פּויערישע וועגענער און דאָס קלאַפּן פון די פערדישע קאָפּיטעס אויף די שטיין ברוקירטע גאַסן. און אַזוי שנעל ווי די פּויערים פלעגן זיך באַווייזן אויפן מאַרק, פלעגט ווערן טומלדיק און פריילעך אין אונדזער שטעטל סאָקאָלאָוו.

מ'פלעגט אויפשטיין באַגינען. אַוועקגיין אין בית המדרש. שנעל אָפּ־דאַוונען, אָפּטמאָל איבערהיפּערן, אַביסל געקריוודעט דעם רבונו של עולם, זאָל ער אויך וויסן אַז עס איז מאַרק־טאָג אין סאָקאָלאָוו.

די בעלי־מלאכות האָבן איינגעשפּאַנט די פרויען און קינדער צו טראָגן די שטיוול, היטלען, פעלצן גאַרניטורן, בלעכוואַרג און אַנדערע אויסגעאַרבע־טע זאַכן. בערג מיט סחורות האָבן פאַרפולט דאָס שמאָלע שטיקל פּאַס צווישן די סטראַגאַנעס פון אהרן קארפלס מויער אויף ראגעווער גאס, ביז אייזיק מענ־דעל שוסטערס מויער ביי דעם ראָג פון שעדלעצער גאַס.

די ערשטע וואָס פלעגן זיך באַווייזן אויפן מאַרק־פּלאַץ, זענען געווען די תבואה־הענדלער. זיי פלעגן לויפן בליץ־שנעל פון איין וואָגן צום צווייטן טאַפּן, קוקן, שטעקן די הענט אין די זעק, ארויסנעמען אַ ביסל תבואה, אויס־שפּרייטן עס אויף דער דלאניע און מיטן פינגער צעשפּרייטן, מען זאָל קאָנען בעסער זעען די גרויס און קוואליטעט. נאָכדעם האָט מען זיך גענומען דינגען, אויסגעדינגען און אַ היים געפירט.

דער אמתער יאַריד האָט זיך אָנגעהויבן ווען די פּויערים האָבן אויס־פאַרקויפט זייערע פּראָדוקטן און זיך באַוויזן ביי די געשטעלן פון די בעלי־מלאכות. דערביי האָבן זיי געמאַכט קולות, און איבערגעשריגן איינער דעם אַנ־דערן ביי דעם דינגען זיך וועגן פּרייז, אַז מען האָט קוים געקאָנט פאַרשטיין איינער דעם צווייטן. די מאַרק־זיצערס, וואָס פלעגן זיין אַ גאַנצע וואָך קעגנ־איבער דעם „מעשענעם הויז" נאָענט פון נייעם בית־המדרש, פלעגן יעצן דאָנערשטיק איבערטראָגן זייערע „געשעפטן" צו די „סטראַגאַנעס" און אויף אַ „צעבראָכענעם" פּויליש לאָזן וויסן די פּויערים אַז זיי האָבן צו פאַרקויפן: פרישע בולקעס, קוואַס, סאָדע־וואַסער, זאַלץ, פעפער, הערינג, זייף און אַנדערע זאַכן וואָס מען קריגט נישט אויפן דאָרף.

די סאָקאָלאָווער בעלי־מלאכות פלעגן זייער אָפט ארומפאָרן אויף יריד־דים אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. אַ טאָג אָדער צוויי פאָרן יריד פלעגן לייבקע דער בעל־עגלה אָנטון זיינע שטיוול מיט די לאַנגע כאָ־לעוועס. אויף זיינע ברייטע אַקסלען פלעגט הענגען אַ כאַלאַט, אָדער אַ בורקע און גיין פון איין בעל־מלאכה צום צווייטן, פרעגן אויב זיי ווילן פאָרן מיט אים אויפן יאַריד, און איבער די שטיינערנע גאַסן פלעגט אָפּקלינגען דער קלאַנג פון זיינע פאָדקעוואַטע שטיוול.

דעם טאָג פאָרן יריד פלעגט לייבקע אָנפּאָיען די פערד, איינשפּאַנען

זיי אין דעם לאַנגן וואָגן, צונויפנעמען די סחורות מיט די פּאַסאַזשירן און געלאָזט זיך אין וועג אריין. ער איז געפאָרן פּאַמעלעך, איבערגעדרימלט די נאַכט סיי ווינטער אין די שנייען און פרעסט, סיי זומער טיילמאָל דורכגענעצט פון רעגן ביז מען איז געקומען צום יריד.

אַ גאַנצן טאָג איז מען געשטאַנען ביי די געשטעלן, צווישן איין קונה און דעם אַנדערן האָט מען געכאַפּט אַ ביסן אין מויל אַריין. נאָכן יאַריד האָט מען איינגעפּאַקט די סחורה, אָפּגעדאַוונט אַ מנחה, אָפּגעגעסן וואַרעמס, אַריינגעזעצט זיך אין וואָגן און זיך געשלעפּט אַ היים.

די לאַגע פון די לערן־ייִנגלעך איז געווען אַ שווערע. מען פלעגט זיי אויפוועקן באַגינען אָנצוטראָגן וואַסער אין הויז אַריין. האַקן האָלץ, הייצן דעם אויוון, טראָגן וועש צו דער „סטריגע" און אָפּהיטן די קינדער. געאַרבעט ביז 10—12 ביינאַכט; שבת צו נאַכטס און פאַר די יום־טובים — גאַנצע נעכט. װאָן פרייד, שפּיל און טון עפּעס אַליין, האָט מען נישט געוווּסט.

פאַרשקלאַפט, קאָנטראָלירט פון דער פריעסטער יוגנט; אַ סך אַנאַלפאַבעטן געווען, נישט געהאַט קיין געלעגנהייט אפילו אויסצולערנען זיך לייענען אַ יידיש ביכל, און אָפּגערעדט פון שרייבן. דערפאַר האָבן זיי זיך אויסגעלערנט זינגען, און נישט איינמאָל פלעגט מען הערן אונטערן טאַקט פון די שוסטערישע העמערלעך זינגען: „העמערל, העמערל קלאַפּ, קלאַפּ שטאַרקער אַ טשוואָק נאָך אַ טשוואָק", אָדער: „בין איך מיר אַ שניידערל, לעב איך מיר טאָג־אויס, טאָג־איין לוסטיק פריילעך", מען האָט אויך געהערט די קלויזניקעס זינגען אברהם רייזינס „מא קא משמע לן, דער רעגן וואָזשע לאָזט ער מיך צו הערן"

אָט די מאָדנע אומבאַקאַנטע קלאַנגען פלעגן זיך צעטראָגן איבערן שטעטל ווי שיינע סימפאָניעס פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. און אזוי זינגנדיק פלעגן זיך וועבן געדאַנקען און געפילן פון בענקשאַפט צו אַן אַנדער לעבן. פראַגן האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין די מוחות. באַגרענעצט איז אָבער געווען דאָס וויסן, קולטורלאָז די סביבה און מ'האָט נישט געקריגן קיין ענטפער אויף די פראַגן וואָס האָבן געעגבערט אין קאָפּ.

די טוער פון 1905, די„ציציליסטן", ווי מען פלעגט זיי רופן, זענען געווען קאָנספּיראַטיוו, האָבן נישט געוואָלט אָפּגעבן זיך מיט די יונגע שנעקעס האָט מען אַליין גענומען זוכן אַ וועג אָפּטמאָל פאַרבלאָנדזשעט און שיעור נישט פאַרדאָרבן זיך מיט „שלעכטע שפּייז", אָבער דער געזונטער חוש האָט אָפּגעטיילט דאָס שלעכטע פון גוטן. דער ווינט האָט די פסולת ארויסגעבלאָזן און מען איז אוועק אויפן גלייכן וועג.

„ליכט" האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען פון די וואַרשאַוויאַקעס: נעכע וועליגורע, גרינטשע מאַנדעלבוים, געלע גרינבערג, וואָס פלעגן קומען אַ היים פאַר פּסח און פאַר סוכות און מיטברענגען אַלטע יידישע צייטונגען, פראָקלאַמאַציעס, ביכלעך. משה חיים שפּילמאַן (אָדער קלעזמער) האָט געעפנט אַ ביבליאָטעק און געבראַכט ביכלעך צום לייענען פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל. שפּעטער

האָבן זיך אָרגאַניזירט גרופּן בחורים און מיידלעך און אַליין געשאַפֿן ביבליאָטעקן. מען האָט געלייענט געזוברעוועט, געדאַנקן, געפֿילן און פֿראַגן וואָס זענען געלעגן פֿאַרשלאָפֿן, נישט ט'אַרענטפֿערט. און ווען די דייטשן — די שפּעטערדיקע באַרבאַרן — האָבן אין 1915 פֿאַרנומען אונדזער שטעטל און געגעבן אַ ביסל קולטורעלע און פּאָליטישע פֿרייהייט, איז מען געוואָרן אײַבעראַשט צו זעען דאָס וויסן און פֿאַרשטענדעניש וואָס די שטילע, נאַיווע בחורים און מיידלעך האָבן אַרויסגעוויזן.

ס'האָט זיך צעבליט און פֿונאַנדערגעוואַקסן אינטיליגענטע און באַוווסטזיניקע קולטור־טוער מיט פֿאַרשטענדעניש פֿאַר קולטורעלע, נאַציאָנאַלע און וועלט־פּראָבלעמען.

עס זענען געשאַפֿן געוואָרן קולטור־קלובן, פּאָליטישע פּאַרטייען, דראַמאַטישע קרייזן, און ווי אין יעדן שטעטל — אַזוי ביי אונדז — מיינונגס־פֿאַרשידנהייטן וואָס האָבן שפּעטער געפֿירט צו צעטיילן אויף געזעצלעכע פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס. פֿון איין זייט די „פּועלי־ציון" מיט אייזיק פּלאַטנער, ברוך ווינאָגוראַ, שערצמאַן, איטשע פֿאַרביאַזש, שלמה האָכבערג און אַנדערע: פֿון דער צווייטער זייט: פֿון „בונד": ברוך ראָזענבוים, נאָסקע פּאָדעמבערג, איטשע שפּאַנקע, נעכע וועליגורע א. א. וו. מען האָט געבראַכט רעדנער, דיסקוטירט, איין גרופּע מיט דער אַנדערע האָט געפֿירט אַ קאַמף און צוזאַמען דערמיט איז מען אויך געוואָרן אינטעליגענטער, באַוווסטזיניקער אין אונדזער שטעטל האָט לאַנגזאַם דערצויגן דיכטער (אייזיק פּלאַטנער) ליטעראַטורקריטיקער (ברוך ווינאָגורא). שרייבער, לערער, פּאָליטישע טוער א. א. וו.

# דער „טאָז“ אין סאָקאָלאָוו

(טעטיקייטס־באַריכט)

שוין לאַנג האָבן זיך פאַרשידענע פערזאָנען אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו שאַפן אַ „טאָז“־אָפּטיילונג אין סאָקאָלאָוו. אמת, אַז אינסטיטוציעס וועמענס אויפגאַבע ס׳איז צו דערטיילן מעדיצינישע הילף דער אָרעמער באַפעלקערונג, האָבן שוין אויך פריער עקזיסטירט, אָבער זייער טעטיקייט איז נישט געווען קיין קאָאָרדינירטע און פערמאַנענטע און האָט זיך באַגרעניצט אויף איינצלנע געביטן. און ס׳איז פאַרשטענדלעך אַז אויך די רעזולטאַטן זענען געווען נישט באַפרידיקנדיקע. ס׳זענען דעריבער געמאַכט געוואָרן פּרוּוון פון פאַרשידענע קרייזן צו גרינדן אין סאָקאָלאָוו אַזאַ אינסטיטוציע וואָס זאָל קאָנען באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט, און וואָס איר אויפגאַבע זאָל זיין — נישט בלויז צו געבן הילף אין נויט־פאַלן, נאָר אויך, דורך אַ טאָג־טעגלעכער אויפקלערונגס־אַרבעט, הייבן דעם סאַניטאַרן ניוואָ פון די יידישע מאַסן, — אַ געביט וואָס איז אין משך פון יאָרן פאַרנאכלעסיקט געוואָרן. פון זיך אַליין איז קלאָר געוואָרן, אַז אַן אינסטיטוציע, וואָס איז דערצו באַרופן, איז נאָר „טאָז“.

לײדער האָבן זיך די פּרוּוון פון די יחידים נישט איינגעגעבן, צוליב פעלן פון אַ פאַרשטענדעניש מצד דער ברייטער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין סאָקאָלאָוו און מאַנגל אין געלט־מיטלען. ערשט נאָך דער שאַפונג פון היגן צענטראַלן הילפס־קאָמיטעט איז די איניציאַטיוו ווידער באַנייט געוואָרן, און דאָסמאָל מיט דערפאָלג, אַ דאַנק די ערשטע געלט סומען, וועלכע דער הילפס־קאָמיטעט האָט אַסיגנירט אויף דעם צוועק און דעם גוטן ווילן פון דער „טאָז צענטראַלע אין וואַרשע.

אַזוי איז אַנטשטאַנען די היגע „טאָז“ אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך גלייך דערוואָרבן סימפּאַטיע ביי אַלע שיכטן פון דער היגער באַפעלקערונג, דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער גרויסער צאָל מיטגלידער (278), וועלכע האָבן דעקלאַרירט זייער אָנגעהעריקייט צו דער אינסטיטוציע.

אַמבולאַטאָריום, דענטיסטישער־קאַבינעט, שול־היגיענע

צוקוקנדיק זיך צו דער גרויסער נויט אין שטאָט, וואָס איז נאָך מער געוואַקסן דורך די באַקאַנטע „בעשעטיגישן“ פון פאַריקן יאָר, און וואָס האָט

זיך אויך אָפּגערופן אויפן סאַניטאַרישן צושטאַנד פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג, האָבן די גרינדער פון דער נייער אינסטיטוציע באַשלאָסן צו אַלעם ערשטן צו עפענען אַן אַמבולאַטאָריום אונטער דער לייטונג פון ד״ר גראַדזשענטשיק.

אין משך פון דער צייט, ד. ה. פון 20־טן יאַנואַר ביז דעם 20־טן נאָוועמבער 1938, זענען אין אַמבולאַטאָריום געמאַכט געוואָרן 499 אונטערזוכונגען, אַ חוץ דעם 66 וויזיטן אין די וווינונגען פון די קראַנקע.

די מעדיצינישע אונטערזוכונגען אין אַמבולאַטאָריום און אין די פּריוואַטע וווינונגען, לויט די באַזונדערע חדשים

| חודש: | אמב: | פּריוו.וווינונגען | ס״ה. |
|---|---|---|---|
| יאַנואַר | 17 | — | 17 |
| פעברואַר | 53 | 3 | 56 |
| מערץ | 80 | 20 | 100 |
| אַפּריל | 41 | 14 | 55 |
| מאַי | 74 | 15 | 89 |
| יוני | 71 | 7 | 78 |
| יולי | 50 | 7 | 57 |
| אויגוסט | 15 | — | 15 |
| סעפּטעמבער | 14 | — | 14 |
| אָקטאָבער | 34 | — | 34 |
| נאָוועמבער | 50 | — | 50 |
| אַלג. ס״ה | 499 | 66 | 565 |

באַקענענדיק זיך מיטן סאָציאַלן אָפּשטאַם פון די אונטערזוכטע, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַז זיי רעקרוטירן זיך פון די אָרימסטע אין שטאָט; נישט אין איינעם פון זיי האָבן שוין פון לאַנג געניסטעט פאַרשידענע קראַנקהייטן וואָס האָבן זיך כסדר אַלץ מער אַנטוויקלט.

די אָרימקייט פון אָט די מענטשן האָט זיי נישט דערמעגלעכט אונטערזוכט צו ווערן פון אַ דאָקטאָר; אַן ענדערונג אין דער לאַגע איז אַריינגעטרעטן מיטן באַשטימען דעם מינימאַלן אָפּצאָל פון אַ וויזיט אין אַמבולאַטאָריע (50גר.).

אַ גרויסע צאָל פון די וואָס זענען אונטערזוכט געוואָרן דורכן „טאָז״־דאָקטאָר, האָבן אויך באַקומען הנחה־ און טיילווייז אומזיסטע רעצעפּטן. (154 רעצעפּטן זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן ביז דעם 1־טן יוני).

דער דענטיסטישער־קאַבינעט האָט דערטיילט הילף 203 פּערזאָן, דערביי דאַרף באַמערקט ווערן אז דער קאַבינעט איז געווען טעטיק ביז דעם 14־טן

יוני — און מיט הפסקות וואָס זענען פאַראורזאַכט געוואָרן דורכן מאַנגל אין געלט־מיטלען.

ביי אַ גאָר גרויסער צאָל קינדער פון „בית יעקב" און „תלמוד־תורה" זענען געמאַכט געוואָרן צאָן־בלאָמבעס אָן אָפּצאָל.

מיטן דענטיסטישן־קאַבינעט האָט געלייטעט די פרוי ד"ר ר. נעלקען.

אַלע קינדער פון דער „בית־יעקב", „תלמוד־תורה" חדרים און אַלגע־מיינע שולן זענען אונטערזוכט געוואָרן פון 5—3 מאָל אַ חודש דורך אַ דאָק־טאָר וועלכער האָט זיי ביי דער געלעגנהייט אויך געגעבן די געהעריקע פּראָ־פילאַקטישע אָנווייזונגען.

ליכט־הייל־קאַבינעט, טראַן

אַ דאַנק דער ערשטער שפּענדונג פון דער „טאָז"־צענטראַלע איז דער־מעגלעכט געוואָרן צו עפענען אַ ליכט־הייל־קאַבינעט. אין משך פון דער קור־צער צייט, ד. ה. פון 7־טן ביז דעם 20־טן ד. ה. זענען געמאַכט געוואָרן 204 באַשטראַלונגען מיטן קוואַרץ־לאָמפּ.

ווי עס איז פאָרויסגעזען וועלן געמאַכט ווערן אַזעלכע באַשטראַלונגען אַלע קינדער פון שטאָט וואָס נויטיקן זיך נאָר אין דעם, ווייל דער אָפּצאָל איז זייער אַ צוטריטלעכער און באַטרעפט פון 10 ביז 30 גראָשן.

אין פאַריקן ווינטער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן 250 פלעשלעך טראַן, פון זיי 37 אומזיסט און 213 — צו הנחה פּרייזן.

קאָלאָניע

איינע פון די וויכטיקסטע מאָמענטן אין דער אַרבעט פון „טאָז" איז דאָס אַרויסשיקן קינדער אויף קאָלאָניעס, נאַטירלעך אַז די פּראַגע האָט עקזיסטירט פאַר דער היגער אָפּטיילונג בעת זי איז צוגעטרעטן צו דער אַרבעט זומער־צייט.

צוליבן נישט האָבן די באַדינגונגען, וואָס זענען נויטיק צו עפענען אַן אייגענע קאָלאָניע, האָבן מיר זיך פאַרבינדן מיט דער „טאָז"־אָפּטיילונג אין ווענגראָוו. און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַז די סאָקאָלאָווער קינדער זאָלן אויפגענומען ווערן אין דער קאָלאָניע אין יאַרניץ.

עס מוז פעסטגעשטעלט ווערן, אַז די קאָלאָניע־אַקציע אין פאַרגאַנ־גענעם זומער איז געווען איינע פון די שענסטע לייסטונגען פון דער היגער אָפּטיילונג, הגם נישט אַלע קינדער, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין פרישע לופט און גוטע דערנערונג, האָבן געהאַט די מעגלעכקייט דערפון צו גע־ניסן. דאָס איז אָבער נישט געווען אונדזער שולד, ווייל מיר האָבן היי־יאָר דיספּאָנירט מיט זייער באַשרענקטע מעגלעכקייטן.

עס זענען דורך אונדז אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף דער קאָלאָניע אין אָטוואָצק 5 קינדער, און אויף דער זומער קאָלאָניע אין יארניץ — 64, פאַר וועלכער מיר האָבן איינגעצאָלט דער ווענגראָווער „טאָז״־אָפּטיילונג די סומע פון 2240 זל. (35 זל. פון אַ קינד). צוגעבנדיק דערצו די רייזע־הוצאות, וואָס האָבן באַטראָפן 103,10 זל. באַקומט זיך די אַלגעמיינע סומע פון 2343,10 זל.

אויף דעם האָבן מיר באַקומען איינגעצאָלט:

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| פון | 17 | קינדער | צו | 10 | זל. | 170.— | זל. |
| ״ | 16 | ״ | ״ | 20 | ״ | 320.— | ״ |
| ״ | 5 | ״ | ״ | 25 | ״ | 125.— | ״ |
| ״ | 2 | ״ | ״ | 30 | ״ | 60.— | ״ |
| ״ | 10 | ״ | ״ | 35 | ״ | 350.— | ״ |
| ״ | 5 | ״ | ״ | 38 | ״ | 190.— | ״ |
| ״ | 2 | ״ | ״ | 40 | ״ | 80.— | ״ |
| ״ | 7 *) | | | | | אומזיסט | |
| צוזאַמען | 64 | | | | | 1295.— | זל. |

די רעשט פון באַטרעף 978.00 זל. איז געדעקט געוואָרן פון דער „טאָז״־קאַסע.

צו אונדזער גרויס צופרידנהייט האָט די קאָלאָניע געהאַט אַ זייער גוטע ווירקונג אויף די קינדער, וועלכע האָבן אין דורכשניט צוגענומען אויף דער וואָג צו 2 קילאָ, און וועמענס געזונט־צושטאַנד ס׳האָט זיך באַדייטנדיק פאַרבעסערט.

די קאָלאָניע איז אייניקע מאָל באַזוכט געוואָרן דורכן ד״ר גראדזשענטשיק, אַנדערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער און איינגעלאַדענע געסט.

## באַשפּייזונג און באַקליידונג

די באַשפּייזונג פון אָרימע יידישע שול־קינדער ווערט געפירט דורך אַ ספּעציעלער סעקציע וואָס באַשטייט פון לערער, מיטגלידער פון דער „טאָז״־פאַרוואַלטונג א.א. אונטער דער ליטונג פון ה׳ י. נעלקען.

ביז דעם פאָריקן יאָר איז די באַשפּייזונג געפירט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, און מיטן איבערנעמען די לייטונג פון דער באַשפּייזונג־אַקציע דורכן „טאָז״ האָט זיך די לאַגע אויף דעם געביט פיל געענדערט צום בעסערן, און כאָטש אין אונדזער רשות זענען געווען זייער קליינע געלט־סומען, זענען די רעזולטאַטן געווען זייער צופרידנשטעלנדיקע.

אין פאַרגאַנגענעם ווינטער איז די באַשפּייזונג פאָרגעקומען אין די זאַלן פון „טאָז״, וואָס ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער פּראַקטיש.

*) פאַר די 7 קינדער האָבן איינגעצאָלט אייניקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער די סומע 70 זל.

## סאָקאָלאָװ־פּאָדליאַסק

פון דער באַשפּייזונג־אַקציע האָבן גענאָסן אין משך פון די װינטער־חדשים 305 קינדער פון די אַלגעמיינע שולן „בית־יעקב" און תלמוד תורה". די באַשפּייזונג האָט געקאָסט 860 זל. מאָנאַטלעך.

מיט אַ קורצע צייט צוריק האָט די זעלבע סעקציע פונאַנדערגעטיילט מלבושים 115 אָרימע קינדער.



פאַרוואַלטונג פון „טאָז" אין סאָקאָלאָװ.

## פּאַרשידנס

עס זענען פאָרגעקומען 39 זיצונגען און באַראַטונגען פון דער „טאָז" פאַרוואַלטונג.

אין משך פון דער צייט ד. ה. ביז דעם 20־טן נאָװעמבער זענען דער־האַלטן געוואָרן 127 בריוו. אַרויסגעשיקט איז געוואָרן — 107. פון צייט צו צייט זענען אויך דערשינען קאָמוניקאַטן און מעלדונגען פון דער „טאָז" פאַרוואַלטונג א. א. דרוק־אויסגאַבן.

עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן 14 אימפּרעזעס, פון וועלכע עס דאַרפן באַזונדערס דערמאָנט ווערן דער חנכה־ און פּורים־באַל וואָס האָבן געבראַכט אַ באַדייטנדיקע הכנסה פאַר אונדזער אָפּטיילונג, ווי אויך דער אויפטריט פון זינגער משה מיאַדאָװסקי און 2 פאַרלעזונגען פון ד״ר י. קאַנטאָר (וואַרשע). (די קליינע צאָל אימפּרעזן דערקלערט זיך דערמיט וואָס זינט דער אַנטשטייונג פון היגן „געזעלשאַפטלעכן קלוב", ווערן אַלע פאַראַנשטאַלטונגען איינ־געאָרדנט דורך אים און די הכנסה גייט לטובת דעם „טאָז").

אין משך פון דער צייט איז אונדזער אָפּטיילונג באַזוכט געוואָרן דורך




סאָקאָלאָווער יידישע קינדער, וואָס זענען באַשפּייזט געוואָרן דורכן „טאָז"

**די שליחים פון דער „טאָז" צענטראַלע אין וואַרשע: ד"ר מ. שליכער (שעדלעץ) י. פעלד און י. אַלטוסקי (2 מאָל).**

**אין די דורך דער לאַנדעס־צענטראַלע צונויפגערופענע צוזאַמענפאָרן האָבן זיך באַטייליקט: אין דער דריטער לאַנד־קאָנפערענץ — ד"ר ג. גראַדזשענטשיק; קאָלאָניע קאָנפערענץ — י. נעלקין און ש. רובינשטיין; שול־היגיעניע־קאָנפערענץ — ד"ר גראַדזשענטשיק און י. עלענבערג.**

**ביים „טאָז" איז אויך טעטיק אַ לעזע־זאַל וואָס איז פאַרזען מיט אינלענדישע און אויסלענדישע פרעסע.**

(פון „טאָז"־ביולעטין, 1938 —
רעד. א. רובינשטיין, ח. ראָטשטיין).

# פונעם סאָקאָלאָווער גיהנום

## (פּאָגראָם פון פּוילישע כוליגאַנעס)

אַזוי ווי דער לעצטער דאָנערשטיק, פאַר פּסח, איז אַריבער אָן גרעסערע געשעענישן, האָט מען אָנגעהויבן גלויבן אַז אפשר וועט זיך דאָך אַ ביסל איינשטילן; בפרט ווען ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער בויקאָט איז דאָ באַשטימט געוואָרן נאָר אויף 4 וואָכן ד. ה. ביז פּסח, און פון איצט אָן וועט שוין זיין בעסער. אָבער שוין די ערשטע טעג יום־טוב האָבן באַוויזן, אַז דאָס זענען נישט מער ווי פאַלשע אילוזיעס. ס׳איז געוואָרן אוממעגלעך אַדורכצוגיין בשלום די גאַס, מען זאָל נישט צעשלאָגן ווערן. אַזוי צ. ב. ש. איז דער עטלעכע 80־יעריקער משה פּיערשטיין דעם ערשטן טאָג יום־טוב געטראָפן געוואָרן מיט אַ שטיין אין פוס און געמוזט ליגן צו־בעט. דעם צווייטן טאָג זענען צעשלאָגן געוואָרן מלכה בעקערמאַן, פייגע באָטשאַן א. א. מאָנטיק ביינאַכט האָט מען אויסגעהאַקט די שויבן ביים שניידער ליפּע ראָטשטיין, אויפצומאָרגנס, דינסטיק ביינאַכט, איז אין פענצטער פון פעלדשער א. וואַנס, אַריינגעוואָרפן געוואָרן אַ ריזיקער שטיין, וועלכער האָט אַדורכגעבראָכן דעם לאָדן און אַריין אין שטוב. אויך אין הויז פון מנחם ראָזן זענען אַלע שויבן אויסגעהאַקט געוואָרן.

אָבער דאָס, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט דעם לעצטן דאָנערשטיק, חול־המועד פּסח, שטייגט איבער אַלץ, וואָס ס׳איז ביז ׳היינט געשען אין סאָקאָלאָוו. ס׳איז גענוג אַדורכצוגיין די גאַסן, איבער וועלכע ס׳איז פאָרגעקומען דער איבערפאַל און זען די בערגלעך גלאָז אויף דער ערד און די אויסגעהאַקטע שויבן, פאַרשטעלט מיט ברעטלעך אין קישענס. מ׳דאַרף אויך זען די פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ — כדי צו האָבן אַ שטיקל באַגריף פון די ענדעקישע העלדישקייטן...

דאָנערשטיק, פון באַלד אינדערפרי, האָבן זיך באַוויזן זייער פיל פּיקעטן, וועלכע האָבן באַלד גענומען אַרויסשלעפּן די קריסטלעכע קונים פון די יידישע קראָמען. דערביי איז געשען פאָלגנדיקער טשעקאַווער פאַקט: אין אַ יידיש געווילב איז אַריינגעגאַנגען אַ גלח עפּעס קויפן. די פּיקעטן האָבן אים גענומען אַרויסרופן, ער האָט זיי אָבער נישט געפאָלגט און איינגעקויפט זיך די נויטיקע זאַכן. ווען ער איז נאָכדעם אַרויס אויפן גאַס, האָבן אים די פּיקעטן גענומען נאָכלויפן מיט אויסרופן: „זשידאָווסקי קשאָנדז״...

ווען די באַנדעס האָבן געזען, אַז זיי בלייבן „אַרבעטסלאָז״, ווייל די יידישע קראָמען זענען שוין ליידיק, אָן קונים — האָבן זיי אָנגעהויבן אַריינוואַרפן אין די קראָמען שטיינער און איבערקערן די סטראַגאַנעס; די סחורות זענען צעראַבירט און פאַרניכטעט געוואָרן. אָבער דאָס איז פאַר זיי נאָך געווען ווינציק,

ס׳האָט זיך דערהערט אַ פֿייף און מען האָט אָנגעהויבן שלאָגן, ווו מען האָט נאָר געזען אַ ייד. אין איילעניש האָט מען אָנגעהויבן צו שליסן די געוועלבער, דערביי זענען אַ סך צעשלאָגן געוואָרן.

ביי פֿאָלגנדיקע הענדלער זענען פֿאַרניכטעט און צעראַבירט געוואָרן די סחורות: מ. קוקאָווקע, מ. ווישניעווסקי (פֿון ווענגראָוו), פּ. זאַקליקאָווסקא, ב. ב. באָמער, ש. פֿרידמאַן, ה. סוקעניק, א. ציבולסקי, א. ד. גאָלד־פֿאַרב און אַנדערע.

דער שרייבער פֿון די שורות איז אַרומגערינגלט געוואָרן פֿון אַ באַנדע כוליגאַנעס, אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם ענדעק שווענטאָכאָווסקי, און איז שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן.

די כוליגאַנעס האָבן זיך אַ לאָז געטון אויף די אָרימסטע גאַסן שעראָקע און וויניצע, און אָנגעהויבן פּאָגראָמירן. די איינוווינער האָבן זיך קעגנגעשטעלט, אָבער די צאָל כוליגאַנעס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. אויף די דאָזיקע גאַסן איז כמעט אין קיין הויז נישט געבליבן קיין גאַנצע שויב. אין איין וווינונג, ווו די כוליגאַנעס האָבן גענומען אויפֿברעכן די טיר, כדי אַריינצורייסן זיך, האָט דער אייגנטימער זיך פֿאַרטיידיקט מיט אַ האַק אין האַנט, ערשט דאַן זענען זיי אָפּגעטרעטן.

צווישן די אָנפֿירער מיט די באַנדעס, האָט מען געזען דעם באַקאַנטן „העלד“ סטשינסקי, דעם אינקאַסענט פֿון דער היגער פֿייער־קאַסע פּיטשקע, יאַן שוויענטאָכאָווסקי און דעם ראַטמאַן רעטשקע.

צוזאַמען איז אויף די גאַסן: שעראָקע, וויניצע, פּיענקנע, ניעצאַלע, אָל־שעווסקע, נאָווע א. א. אויסגעהאַקט געוואָרן קנאַפּע 500 שויבן. אין אַ יידישער יאַטקע איז אַריינגעפֿאַלן אַ קריסט, אַ כאַפּ געטון דאָס מעסער פֿון טיש און אַנטלאָפֿן דערמיט אין גאַס אַריין.

אָט איז אַ רשימה פֿון די צעשלאָגענע און פֿאַרווונדעטע: הערשל סוקעניק, זיין שוועסטער בלימע סוקעניק, וועלוול ראָזענבוים (שווער פֿאַרווונדעט, געמוזט אָנקומען צו אַ דאָקטאָר). יעקב טשעכאַנאָוויטש, משה פּערלשטיין, חנינא ראָט־שטיין (2 ווונדן אין קאָפּ), בנימין קאַכאַנאָוויטש, מאָטל גאָלדפֿאַרב, גיטל טשע־כאַנאָוויטש, (שווער פֿאַרווונדעט, געמוזט אָנקומען צו אַ דאָקטאָר). רחל הערשבערג, שמעון וויערזשביצקי, פֿייגע הענדעל, יוסף פּענצאַק, משה ראָזנצווייג, שמואל עקיבא האָכבערג, ישראל ניידאָרף (שווער פֿאַרווונדעט, געמוזט אָנקומען צו אַ דאָקטאָר), אברהם פֿרידמאַן, שואל׳קע ראדזינסקי, משה ווישניעווסקי (פֿון ווענ־גראָוו, שווער פֿאַרווונדעט; אַ דאָקטאָר האָט אים געמוזט פֿאַרנייען די ווונדן), יענטע הימלפֿאַרב, דוד ליטעווסקי און ישראל יצחק גליקסמאַן.

די קהילה האָט גלייך נאָך די געשעענישן אַוועקגעשיקט טעלעגראַמעס צום פּרעמיער סקלאַדקאָווסקי און לובלינער וואָיעוואָדע.

זונטיק איז אַהער אַראָפּגעקומען אַן אויספֿאָרשונג־קאָמיסיע פֿון שעדלעץ און 2 העכערע פּאָליציי־אָפֿיצירן פֿון לובלין.

אַ קליינער, אָבער כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד: איבער די גאַסן איז אַרומגעגאַנגען אַ שכור׳ער קאַפּראַל פון שעדלעץ און פאַרטשעפּעט די יידישע דורכגייער, בעת ער האָט אָנגעטראָפן אויפן דאָזאָר א. ח. קאַפּאָווי, האָט זיך דער לעצטער קעגנגעשטעלט, דער קאַפּראַל האָט דאַן אויסגערופן: „ווען איך האָב ביי זיך אַ רעוואָלווער, וואָלט איך דיך דערשאָסן אויפן אָרט“. ס׳איז אָנגעקומען אַ פּאָליציאַנט, אָבער גלייך האָבן זיך געמאָלדן קריסטלעכע „עדות“, וואָס האָבן אַליין געהערט, ווי ה׳ קאַפּאָווי האָט פריער דעם קאַפּראַל פאַרטשעפּעט. דער ליגן איז זיי אָבער נישט געלונגען און דער קאַפּראַל איז אַרעסטירט און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין שעדלעץ. אָבער דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט מען אים ווידער געזען אַרומגיין אין גאַס. צום מיטינג, וואָס איז פאָרגעקומען זונטיק אין קינאָזאַל, איז ספּעציעל געקומען פון וואַרשע אַדוו. סטיפּולקאָווסקי (באַקאַנט פון פּשיטיקער פּראָצעס). דער מיטינג האָט צוגעצויגן עטלעכע טויזנט פּויערים פון גאַנצן קאַנט אַרום. די פּאָליציי־וואַך איז געווען פאַרשטאַרקט. צו קיין אַרויסטרעטונגען איז נישט געקומען.

אין רעזולטאַט פון דער אויספאָרשונג, וואָס האָט דאָ אַדורכגעפירט די שעדלעצער און לובלינער אויספאָרשונגס־מאַכט, זענען זונטיק ביינאַכט אַדורכגעפירט געוואָרן אַרעסטן צווישן די ענדעקעס אין סאָקאָלאָוו און אַרומיקע דערפער. ס׳זענען אַרעסטירט געוואָרן די ברידער שעמבאָווסקי, בולבעטאָווסקי, טעשקא, די ברידער סטשינסקי א. א.

בעת מען האָט זיי מאָנטיק פאַרנאַכט אָפּגעפירט קיין שעדלעץ, האָבן זיך פאַרן פּאָליציי פּאָסטערונעק פאַרזאַמלט עטלעכע צענדליק היגע ענדעקעס, געמאַכט אַ לאַנג־דויערנדיקע אָוואַציע מיטן היטלער־גרוס.

היינט האָבן דאָ אַלאַרמירט די יידישע איינוווינער פון דאָרף לאָזאָוו וועגן אַ מוראדיקן חורבן וואָס ס׳איז פאַרגאַנגענע נאַכט געמאַכט געוואָרן אין זייערע וווינונגען. די לאָדנס זענען צעבראָכן געוואָרן, די שויבן מיט די פּורטקעס צעהאַקט, און די שטובן זענען פול מיט שטיינער. אַן אַלטער ייד (פּאָלאקעוויטש), איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן.

אין דאָרף טריבניעץ האָט מען פאַרגאַנגענע נאַכט געמאַכט אַן איבערפאַל אויף דער וווינונג פונעם איינציקן יידישן איינוווינער, מען האָט איינגעוואָרפן שטיינער און אויך אריינגעשאָסן.

אין מאָמענט ווען כ׳פאַרענדיק דעם בריוו, גיט מען איבער, אַז נאָר וואָס זענען אין אַ סך הייזער אויסגעהאַקט געוואָרן די שויבן.

דער קריזיס צוליב די געשעענישן איז געוואַלטיק. קיין בעלי־מלאכות אַרבעטן נישט, טייל קרעמער זענען שוין געצוווּנגען צו שליסן די קראָמען. נישט האָבנדיק צו צאָלן קיין דירה־געלט.

אַ יידישער קיבוץ ווערט חרוב.

חנינא ראָטשטייק, 1937.

פנחס ראפאלאוויטש
(תל־אביב)

# די „יבנה"־שול אין סאָקאָלאָוו

די ערשטע שריט אויפצושטעלן אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלן חינוך־אַנשטאַלט אין סאָקאָלאָוו זענען געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1918, ווען ר׳ יעקב גרינבערג, דער געזעלשאַפטלעכער טוער און דעמאָלטיקער פאָרזיצער פון „מזרחי" אין סאָקאָלאָוו, — איצט וויצע־פאָרזיצער פון כנסת (ישראל־פּאַרלאַמענט) — האָט מיט דער מיטהילף פון אַ גרופּע „מזרחי"־חברים געגרינדעט דעם „חדר מזרחי", וואָס האָט זיך געפונען אין „מזרחי"־לאָקאַל, אויף ניעצאַלא־גאַס, אין הויז פון אַלטער בעקערמאַן. דער מורה (לערער) פון דעם חדר איז געווען ר׳ יצחק שמידמאַן, איצט איינער פון די אָנגעזעענסטע רבנים אין אַמעריקע.

הרב שמידמאַן איז געקומען און זיך באַזעצט אין סאָקאָלאָוו בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, צוזאַמען מיט אַ גרופּע היימלאָזע ייִדן, וואָס זענען געווען אַרויסגעטריבן פון פּינסק און אומגעגנט. ער איז שוין דאַן געווען אַ תלמיד־חכם, באַשאָנקען מיט פּעדאַגאָגישע פעיקייטן און מיט אַ טיפן רעליגיעז־נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין, און אַן איבערגעגעבענער חבר פון „מזרחי". אַ דאַנק די אַלע מעלות טובות זיינע, איז ער אַנגאַזשירט געוואָרן אַלס מורה אין דעם „מזרחי־חדר" און ער האָט טאַקע זיין אויפגאַבע דערפילט בשלימות, אַרויסווייזנדיק פיל איבערגעגעבנקייט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער האָט אין די הערצער פון זיינע יונגע תלמידים איינגעפלאַנצט אַ ליבע צו עם ישראל, ארץ־ישראל און תורת ישראל. פיל פון זיינע תלמידים האָט מען שפּעטער געטראָפן ביים גרינדן די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס ביים „מזרחי" אין פּוילן, ביי אַקטיווער אַלגעמיין־ציוניסטישער און „מזרחי"־אַרבעט אין לאַנד־פאַרנעם.

צוליב פאַרשידענע סיבות איז דער „מזרחי־חדר" געשלאָסן געוואָרן אין יאָר 1921.

מיטן אַנטשטיין פון דער אומאָפּהענגיקער פּוילישער רעפּובליק איז דערשינען דאָס געזעץ וועגן צוואַנגס־בילדונג, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע קינדער אין עלטער פון 14—6 יאָר. די רעגירונג האָט געזאָרגט פאַרן געפינען די געהעריקע שול־געבידעס אין אַלע שטעט און דערפער. די ערשטע

צייט האָט די רעגירונג געעפנט באַזונדערע שולן פאַר יידישע קינדער. די דאָזיקע שולן האָט מען גערופן „שבתוווקעס", ווייל מען האָט אין זיי נישט געלערנט אין די שבתים, און דער לערער־פערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון יידן, אַזוי, אַז די יידישע קינדער האָבן זיך אין זיי גוט געפילט. נאָך אַ קורצער צייט זענען אָבער די דאָזיקע שולן ליקווידירט געוואָרן, הגם די למודים אין זיי זענען געפירט געוואָרן אין גייסט פון דעם אַלגעמיינעם לערן־פּראָגראַמען און אין דער פוילישער שפּראַך. אין רעזולטאַט פון דעם זענען יידישע קינדער געוואָרן געצוווּנגען צו לערנען אין די אַלגעמיינע שולן, צוזאַמען מיט די קריסטלעכע קינדער. אין סאָקאָלאָוו האָט זיך די שול געפונען אין אַ גרויסן בנין אויף דער קופּיענטינער־גאַס, אין אַ געגנט, וואָס איז געווען באַוווינט פון די פוילישע „מיעשטשאַנעס".

די נייע פאַראָרדענונג פון דער שול־מאַכט האָט פאַר די יידישע על־טערן געשאַפן אַן ערנסט פּראָבלעם, וואָס האָט געפאָדערט אַ דרינגענדיקע ליי־זונג שוין בלויז צוליב די פאָלגנדיקע צוויי סיבות: א) די למודים אין דער שול האָבן זיך אָנגעהויבן 8 פרי און געענדיקט 2 נאָכמיטיק. די קינדער, וועלכע האָבן אין דער שול פאַרבראַכט 6 שעה האָבן, אַהיימקומענדיק פאַר־מאַטערטע נישט געקאָנט ווי געהעריק אָפּגעבן זיך מיט למודי־קודש אָדער האָבן בכלל שוין נישט געקאָנט גיין אין חדר. ב) דער אַנטיסעמיטיזם פון די פּאָליאַקן האָט אויך אָנגעשטעקט זייערע קינדער, וועלכע פלעגן אין שול פאַר־שאַפן בזיונות און לײַדן זייערע יידישע שול־חברים. דאָס אַהיימגיין נאָך די למודים איז געווען אַן אָפּקומעניש ממש פאַר די יידישע קינדער, וואָס זענען אָפט באַפאַלן געוואָרן דורך די קריסטלעכע שילער מיט שטעקנס און מיט שטיינער. במשך פון דער צייט האָבן די יידישע קינדער אין גרופּעס קעגנגע־שטעלט זיך און גאַנץ אָפט אויך גוט באַצאָלט די שקצים פאַר די שיקאַנעס. טייל־מאָל האָט אויך פּאַסירט דאָס פאַרקערטע, מחמת די קריסטלעכע קינדער זענען געווען די מערהייט. די אָפטע אינטערווענצן פון די יידישע עלטערן בײַ דעם דעמאָלטיקן שול־דירעקטאָר פּראָוועצקי האָבן ווייניק־וואָס געווירקט. ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז טראָץ זיין גוטן ווילן האָט ער נישט קיין מעגלעכקייט, צו באַאיינפלוסן די קריסטלעכע שילער, זיי זאָלן נישט שיקאַנירן זייערע יידישע חברים, און דאָבײַ אויסגעדרוקט זיין מיינונג, אַז זיין פאַריי־טיידיקן די „זשידעס" קאָן גאָר האָבן אַ פאַרקערטע ווירקונג. אגב, פּראָוועצקי איז געווען באַקאַנט ווי אַ דעמאָקראַט און פּאַטריאָט און אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן.

אין אָנבליק פון דער לאַגע האָט דער „מזרחי" אין סאָקאָלאָוו אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג באַשלאָסן אויפצושטעלן אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע שול, וואָס זאָל אויך אָנערקענט ווערן דורך דער מאַכט. אין דער שול, וואָס דאַרף אָנגעהערן צו דער שול־נעץ פון „יבנה" ביים „מזרחי" אין פוילן, זאָל מען לערנען לימודי קודש אין אַ ברייטער מאָס און אויך לימודי חול לויטן אַלגע־

מיינעם לערן-פּראָגראַם פאַר שולן פון אַזאַ טיפּ, וואָס באַפרייען זייערע שילער פון לערנען אין די מלוכהשע שולן („שקאָלאַ פּאָווּשעכנאַ").

די פאַרזאַמלונג האָט אויסגעוויילט אַ ועד החינוך (פּעדאַגאָגישער ראַט), וואָס איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע חברים: סענדער רובינשטיין, הערשל זאָלצבערג, משה (בער לייבס) גרינבערג, יהודה הערש סקשידלאָווער, הערצקע (איצל מילכיקערס זון) ווייסבערג, מרדכי ליקעווער, פּאַרביאַזש, שכנא ראַ־דזינסקי (מרדכי זלמנס איידעם) הי״ד, און יבדלו לחיים, פּנחס ראַפּאַלאָוויטש,



„יבנה"-שול אין סאָקאָלאָוו

לייביש שולעוויטש, אברהם ביאַלילעוו, שמואל קליינמאַן. דער שרייבער פון די שורות איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פונעם ועד, און שמואל קליינמאַן איז באַשטימט געוואָרן אַלס מנהל פון דער שול.

די ערשטע זיצונג פון ועד איז פאָרגעקומען ביי סענדער רובינשטיין ז״ל אין שטוב. אויף דער זיצונג זענען צוגעטיילט געוואָרן די באַזונדערע ועד־מיטגלידער. זייערע פונקציעס אין די הכנות צו עפענען די שול: א) שאַפן דעם געהעריקן לאָקאַל פאַר דער שול, ב) אַנגאַזשירן דעם לערער-פּערסאָנאַל און ג) פאַרזיכערן די נויטיקע געלט-מיטלען. די חברים, אויף וועלכע עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די זאָרג פאַר שאַפן די געלט-מיטלען, האָבן שטאַרק זיך געקווענקלט אָנצונעמען די זיי אָנגעטרויטע אויפגאַבע און עס איז שווער געווען צו באַפרייען זיי פון דעם פּחד פאַר די פאַרשטייענדיקע שוועריקייטן. **וויסנדיק אויך, אַז אָן די געהעריקע געלט-מיטלען וועט חלילה צונישט ווערן**

דער גרויסער פּלאַן. די ספיקות זענען געווען ערנסטע און די שטימונג אַ געדריקטע. געראַטעוועט די לאַגע האָט דאַן ר׳ סענדער רובינשטיין ז״ל.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם מאָמענט, ווען ר׳ סענדער האָט אין האַרציקע ווערטער זיך געווענדעט צו די חברים און אַפּעלירט צו זיי נישט צו שרעקן זיך פאַר די שוועריקייטן בעת עס האַנדלט זיך אין אַזא הייליקן ענין, ווי די דערציונג פון יונגן דור. עס איז נישט קיין צייט צו מאַכן אַזעלכע חשבונות — האָט ער דאַן געזאָגט — ווען עס האַנדלט זיך וועגן גורל פונעם דור, וואָס איז די צוקונפט פון אונדזער פאָלק און דער יסוד פון זייער קיום. זיינע האַרציקע ווערטער האָט ר׳ סענדער פאַרענדיקט מיט אַ דערקלערונג, אַז ער נעמט אויף זיך די פּערזענלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַ העלפט פון די הוצאות, וואָס זענען נויטיק פאַר דעם צוועק. זיינע ווערטער האָבן געהאַט די געהעריקע ווירקונג, דער ענין איז געוואָרן דערליידיקט און די חברים זענען ענערגיש צוגעטרעטן צו דער אַרבעט.

נישט לייכט איז אָנגעקומען צו געפינען אַ לאָקאַל פון 3 צימערן פאַר די 3 כיתות (קלאַסן) פון דער שול, ווייל ווי באַוווּסט זענען אין סאָקאָלאָוו קיינמאָל נישט געווען קיין פרייע דירות און באַזונדערס אַזאַ דירה, וואָס זאָל זיין פּאַסיק פאַר אַזאַ בית־ספר. נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען איז געלונגען צו דעם צוועק צו באַקומען דעם פּאָליש פון דער גרויסער שול. דער פּאָליש איז באַשטאַנען פון צוויי גרויסע חדרים אין ביידע זייטן פון אַריינגאַנג אין שול. אין איין חדר האָבן שבת געדאַוונט די שניידערס און אין דעם צווייטן די לאָמאַזער חסידים. איך האַלט פאַר מיין חוב צו דערמאָנען די הילף, וואָס מיר האָבן באַקומען פון ר׳ פסח־משה ניידאָרף, דער גבאי פון ערשטן מנין, און פון ר׳ איצל מילכיקער, דער דעמאָלטיקער הויפּט־גבאי אין דער שול. זיי האָבן געהאָלפן באַקומען דעם פּאָליש פאַר דעם בית־ספר „יבנה". די דריטע כיתה האָבן מיר איינלאָקירט אין לאָקאַל פון „מזרחי".

כדי נישט מקפח צו זיין — דורכן עפענען דעם בית־ספר — די אָרטיקע מלמדים אין זייער פּרנסה, האָט דער ועד החינוך באַשלאָסן צו אַנגאַזשירן עטלעכע גוטע מלמדים אין שטאָט אַלס לערער אין דער שול. אַ שווערע פראַגע איז געווען צו באַקומען אַ מורה (לערער), וואָס זאָל זיין אַ שומר תורה ומצוות, צום אונטעריכט פון העברעיש און צום לערנען אַ טייל פון די למודי־קודש אין העברעיש, ווי דאָס זעט־פאַר דער פּראָגראַם פון די „יבנה" שולן. אַזוי ווי אין סאָקאָלאָוו איז נישט געווען קיין פּאַסיקער קאַנדידאַט איז דער מנהל, ר׳ שמואל קליינמאַן אַרויסגעפאָרן קיין שעדלעץ און נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען איז אים געלונגען צו אַנגאַזשירן איינעם פון די בעסטע מורים אין שעדלעץ, אַן אַלטער „מזרחי"־חבר, אויסגעצייכנטער פּעדאַגאָג מיט אַ לאַנגיאָריקער דערפאַרונג ר׳ דוד מאָרגנשטערן. גלייכצייטיק האָבן מיר פאַר די למודי־חול אַנגאַזשירט לערער, וועמענס קוואַליפיקאַציעס האָבן אָנטשפּראָכן

די פֿאָדערונגען פֿון דער אָפּיציעלער שול־מאַכט אויך זענען געווען פֿאַראַנט־וואָרטלעך פֿאַר איר.

די דערעפֿנונג פֿון בית־הספר איז פֿאָרגעקומען נאָך פּסח מיט דער באַטייליקונג פֿון אָרטיקע געזעלשאַפֿטלעכע עסקנים פֿון פֿאַרשידענע ריכטונ־גען און דעם חשובן ערן־פֿאָרזיצער פֿון „מזרחי״ און באַקאַנטן עסקן ר׳ חיים־שמואל ראָזנבוים ז״ל. די תּלמידים פֿון אַלע דריי כּיתות האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין דער גרויסער שול — אַלע אין יום־טובדיקע מלבושים — שטראַלנדיקע פֿון פֿרייד, וואָס זיי זענען ענדלעך פּטור געוואָרן פֿון די שיקאַנעס פֿון די שקצים און בעיקר — וואָס זיי וועלן לערנען לימודי־קודש און לימודי־חול אין איין און דעם זעלבן בית־ספר. אויף די פֿיל באַגריסונגען פֿון די געסט און פֿון די מיטגלידער פֿון ועד החינוך האָבן געענטפֿערט די נאָך גאָר יונגע תּלמידים, וואָס האָבן שוין אָבער אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע פֿעיִקייטן: ישראל־מאיר ווייסבערג, משה פּערלא הי״ד און יבל״ח אליעזר רובינשטיין. זייערע אַרויסטריטן זענען אויפֿגענומען געוואָרן דורכן גרויסן עולם מיט גרויס באַגייסטערונג.

די ערשטע צייט נאָך דער דערעפֿנונג פֿון בית־ספר האָט דער ועד החינוך שווער געמוזט זיך מיען כּדי צו קאָנען דעקן דעם בודזשעט און אָפֿט איז מען געווען געצוווּנגען צו באַצאָלן די לערערס זייער געהאַלט פֿון די אייגענע טאַשן. די איינציקע הכנסה איז דאַן געווען דער שכר־לימוד, אַזוי, אַז דער דעפֿיציט איז געוואַקסן מיט יעדן חודש. אָנערקענענדיק די וויכטיקייט פֿון דעם דאָזיקן חינוך־אַנשטאַלט, האָט די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער יידישער קהילה באַשטעטיקט אַ יערלעכע סובווענץ פֿאַר דעם בית־הספר. אונדזערע פֿאָרשטייער אין שטאָט־ראַט, אַלטער־חיים קאָפּאָווי, פּנחס טשערניצקי און יבל״ח אברהם ביאַלילעוו, האָבן באַווירקט די יידישע ראַטמענער פֿון אַלע ריכטונגען און אונטערגענומען אַן אַקציע צו באַקומען אַ סובווענץ אויך פֿון מאַגיסטראַט. אַלע צוזאַמען האָבן נאָך אַ לאַנגן און שווערן קאַמף מיט די אַנטיסעמיטישע ראַטמענער, די ענדעקעס, דורכגעפֿירט אַ באַשלוס צו באַשטע־טיקן דער שול אַ יערלעכע סובווענץ פֿאַר אונדזער חינוך. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט מען אויך באַקומען שטיצע פֿון דער „יבנה״־צענטראַלע ביים „מזרחי״ אין פּוילן. אַ דאַנק די אַלע שטיצעס האָבן מיר מער־ווייניק געקאָנט דעקן דעם בודזשעט.

יעדן חודש זענען אין אַלע כּיתות פֿאָרגעקומען בחינות (פּריוווּנגען) וואָס זענען געווען אַ גייסטיקע איבערלעבונג און אַ סאַטיספֿאַקציע פֿאַר דער שווע־רער אַרבעט אויפֿצוהאַלטן די שול, ווייל זיי האָבן באַוויזן דעם כּסדרדיקן פֿאָר־שריט פֿון די שילער אין זייערע לימודים. אַזעלכע בחינות פֿלעגן אויך דורכ־פֿירן די רבנים, וואָס פֿלעגן ווײַלן אין שטאָט אין „מזרחי״־אַנגעלעגנהייטן און זיי זענען געווען אַנטציקט פֿון די דערגרייכונגען פֿון די שילער און פֿון

זייערע גרויסע פעיקייטן. די היטלער־שווערד וואָס האָט חרוב געמאַכט אונדזער שטאָט, האָט פאַרשניטן די לעבנס פון די דאָזיקע פיל־צוזאָגנדיקע תלמידים, בלויז איינצלנע פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט און לעבן איצט אין ישראל. איך האַלט פאַר מייך חוב צו דערמאָנען די אַלע מורים, וועלכע האָבן אין משך פון יאָרן דערצויגן די הונדערטער תלמידים אין דעם סאָקאָלאָווער בית־ספר „יבנה" צו ליבשאַפט פאַר תורה און מצוות, פאַר ארץ־ישראל און דעם יידישן פאָלק: דוד מאָרגנשטערן און שלמה יאַבלאָנקא פון שעדלעץ; די ברידער משה און נחמן מגדל — זאַראָמב; אַ. פלאטניק וויסאָקי־ליטעווסק, דער שרייבער אייזיק רוסקאָלענקער — קאָלנע; יונה באַנדרימער — אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק; די סאָקאָלאָווער: משה קאָטלאַרסקי, יונה פאָסמאנטער, ישראל זינגער, עקיבא ליכטנשטיין (פעסע חיה'טשעס זון), עקיבא שטערן הי"ד יבל"ח יצחק שולעוויטש, און חיים ווײדלער — דער לערער פאַר לימודי־חול. אַלע האָבן דערפילט זייער אויפגאַבע מיט מסירות און ליבשאַפט און געהאַט אַ גרויסן חלק אין דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער שיינער סאָקאָלאָווער יוגנט.

יהא זכרם ברוך.

אליעזר רובינשטיין
(רמת־גן)

# די רעליגיעזע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „השומר הדתי" אין סאָקאָלאָוו

דער „השומר הדתי" אין סאָקאָלאָוו — געגרינדעט אין יאָר 1929 — איז געווען איינע פון די ערשטע און פון די גרעסטע אָפּטיילונגען פון דער דאָזיקער רעליגיעזער סקויטן־אָרגאַניזאַציע ביי דער „מזרחי"־ און „תורה־ועבודה"־באַוועגונג אין פוילן. ווי אין אַנדערע שטעט, איז אויך די אָפּטיילונג



גרופּע פון „השומר הדתי".

אין סאָקאָלאָוו געשאַפן געוואָרן דורך דער אין דער שטאָט גרויסער און איינפלוסרייכער „מזרחי"־ און „צעירי־מזרחי"־אָרגאַניזאַציע, מיטן ווילן צו שאַפן אַן אַנטשפּרעכנדיקע רעליגיעז־נאַציאָנאַלע אַטמאָספער פאַר דעם יונגן דור נאָכן פאַרענדיקן די לער אין דער מלוכהשער פאָלקס־שול, אין דער „יבנה"־שול פון „מזרחי" און אין אַנדערע עלעמענטאַרע לערן־אַנשטאַלטן. ווי אין אַ שטאָט, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין שום יידישן, אויך נישט אַלגעמיין־מלוכהשן, אַנשטאַלט פאַר מיטל־בילדונג, האָט אַזאַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע אויך

געהאַט צו דערפילן — און דער „השומר־הדתי" אין סאָקאָלאָוו האָטווירקלעך דערפילט — אַן ערשטראַנגיקע דערציִונגס־און בילדונגס־אויפגאַבע צווישן דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט, וואָס האָט געזוכט די געזעלשאַפטלעכע ראַם פאַר פאַרברענגען, לערנען, און רעליגיעז־נאַציאָנאַלן אויסלעבן־זיך.



השומר הדתי אָרגאַניזאַציע אויף אַ ל"ג־בעומר אויספלוג אין וואַלד

די אָרגאַניזאַציע האָט צוערשט געפירט איר 'טעטיקייט אינעם „מזרחי"־לאָקאַל, ווו עס איז אויך געווען דער „מזרחי"־מנין, די ביבליאָטעק פון „צעירי־מזרחי" און די „יבנה"־שול. איר פאַטראָן און גייסטיקער פאָטער איז געווען דער פאָרזיצער פון „מזרחי" אין סאָקאָלאָוו, ר' פנחס ראַפּאַלאָוויטש, וועלכער איז זייער אָפט אויפגעטרעטן פאַר אירע יונגע מיטגלידער מיט זיינע גייסט־רייכע פאָרטראַגן וועגן יידנטום און יידישער געשיכטע, געגעבן שעורים אין יהדות א"א. די דאָזיקע לעקציעס און פאָרטראַגן זיינע, ווי אויך דער פאַקט, וואָס אַזאַ אַלגעמיין־אָנערקענטע און דורך אַלעמען געשעצטע פערזענלעכקייט ווי ער, ווירקט אין דער דאָזיקער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, האָבן דעם „השומר־הדתי" באַזונדערס באַליבט־געמאַכט ביי יונג און אַלט אין שטאָט, און גע־בראכט אין אירע רייען פיל יינגלעך און מיידלעך פון רעליגיעזע — און אויך פרייע — היימען.

מיט דער צייט זענען אויך אַריינגעטרעטן אין דער אַרבעט די אונטער־געוואַקסענע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע און עס איז אויך אויסגעברייטערט געוואָרן איר דערציִונגס־און קולטור־טעטיקייט. אין דער אָרגאַניזאַציע זענען פאָרגעקומען שעורים פון עברית, פאָרטראַגן אויף אַלע געביטן פון

יהדות־וויסן, געשיכטע פון ציוניזם און פון רעליגיעזע באַוועגונגען אא״וו. די אָרגאַניזאַציע איז אַריבער אין אַן אייגענעם לאָקאַל (אויף פּיענקנא־גאַס) און האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט איר טעטיקייט אויפן רעליגיעזן געביט אין שטאָט און אין דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אַרבעט (קרן־קיימת לישראל, ציוניסטישע פאַראַנשטאַלטונגען א״א).

די לייטונג פון דער אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון אירע יונגע מיטגלידער: אליעזר רובינשטיין, ישראל מאיר וויסבערג (אַ באַגאַבטער און אידעלער בחור, אַ פעיקער שילער פון „תחכמוני״ אין וואַרשע; זיין יונגערער ברודער; שמעון ווייס, איז געווען אַ יונגער און פיל־צוזאָגנדיקער יידישער שרייבער), חנא גרינבערג, יעקב־משה פערלא, מיכאל ראָגאָוויעץ, אבא גאָלדבלאַט א״א. פון די „צעירי־מזרחי״־חברים זענען געווען אַקטיוו: משה שאפירא, יצחק שולעוויטש, ישראל גאָלדבערג, שלום פעדער, אברהם ביאלילעוו א״א, ווי אויך דער לערער פון דער „יבנה״־שול יונה באנדרימער; די חברים פונעם סאָקאָלאָווער הכשרה־קיבוץ פון „החלוץ־המזרחי״ פלעגן אָפט קומען אין לאָקאַל און מיטהעלפן אין דער אַרבעט. שוין אין דער ערשטער לאַנדעס־קאָלאָניע פאַר מדריכים אינסטרוקטאָרן, וואָס איז פאָרגעקומען אין זאַקאָפּאַניע אין יאָר 1931, האָבן זיך באַטייליקט צוויי מדריכים פון דער סאָקאָלאָווער אָפּטיילונג — משה שאפירא און אליעזר רובינשטיין. שפּעטער האָבן זיך אין אַזעלכע זומער־קאָלאָניעס (אין זאַקאָפּאַנע, סטאָצק־לוק, יארניק א״א), באַטייליקט פיל מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע. די סאָקאָלאָווער אָפּטיילונג האָט אויך דערפילט אַ וויכטיקע אויפגאַבע אין דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע אין לאַנד־מאסשטאַב: האָט געדינט אַלס קרייז־סעקרעטאַריאַט פאַר פּאָדליאשע, האָט געגרינדעט נייע אָפּטיילונגען און געהאָלפן זיי אין זייער אַרבעט, האָט זיך באַטייליקט אין אַלע לאַנד־קאָנפערענצן, געווען פאַרטרעטן אין די לייטנדיקע אינסטאַנצן פון דער לאַנדעס־באַוועגונג, אא״וו; האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפירטע צייטונג „קולנו״ און פאַרשידענע בראָשורן, וואָס זענען אויך פאַרשפּרייט געוואָרן אין אַנדערע ערטער — (רעדאַגירט דורך אליעזר רובינשטיין, וועלכער האָט זיך אויך סטאַביל באַטייליקט אין דער לאַנד־פּרעסע פון „מזרחי״ און „השומר־הדתי״ אין פוילן: „די יידישע שטימע״, „אהלנו״, „הד השומר הדתי״ א״א).

אַ גרעסערע צאָל חברים פון דער אָפּטיילונג האָבן דורכגעמאַכט הכשרה אין קבוצים פון „השומר הדתי״ (איינער פון זיי אין אַ דאָרף ביי סאָקאָלאָוו) און דערנאָך עולה־געווען קיין ארץ־ישראל. ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער „השומר־הדתי״ געציילט ביי צוויי הונדערט מיטגלידער, וועלכע זענען כמעט אַלע אומגעקומען אינעם גרויסן חורבן פון יידישן סאָקאָלאָוו.

**השם ינקום דמם!**

יהיאל אורנשטיין
(תל־אביב)

# דער „רוס״ און דער „דייטש״

## (פון דער ערשטער וועלט־מלחמה)

אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך אין שטעטל (ווי אומעטום, מסתמא) די יידן צעטיילט אין צוויי גרופּעס, אין „רוסן״ און אין „דייטשן״. די שמועסן־פירער פון בײדע גרופּעס זענען געווען ר׳ בערקע ליטוואַק און ר׳ משה מענדל אָרענשטיין. בײטאָג האָבן זיך די ויכוחים געפירט בײ ר׳ אהרן־אשר זאַיאָנץ אין געוועלב, און אין דערפרי און אין אָונט — אין אַלטן בית־המדרש. אגב זענען די ויכוחים בײ ר׳ אהרן־אשרן נישט געווען אַזעלכע „ברענענדיקע״, ווײל ר׳ אהרן אשר, האָט געקאָנט אַזוי פּקחותדיק הערן, זעען און שווײגן, האָט דערמיט אָפּגעקילט די צעהיצטקייט, און בוררות מעסיק, מיט אַ שמייכל, געקאָנט אַזאָג טון, אַז „אילו ואילו דברי אלוקים חיים״ אַז אַלץ איז דאָך פון רבונו של עולם, כביכול. ר׳ משה מענדל, דער געלאַ־סענער, פלעגט אַנטשוויגן ווערן אויף אַ צײט, אָבער דער הייס־בלוטיקער ר׳ בערקע, האָט אויף קײן אײן מינוט זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן: ס׳טייטש״? — האָט ער געטענהט — „טאַקע „דברי אלוקים חיים״ אָבער הרבה שליחים למקום. אַ סך שליחים בײ אים אויבן און מיר דאַרפן טון אונדזער שליחות בשלימות״ — און דער ויכוח האָט זיך ווידער צעפייערט, אָבער נישט מיט אַזאַ „ברען״ די אָפּגעקילקייט האָט אָנגעהאַלטן ביז מנחה צײט, ווען מ׳איז געקומען אין אַלטן בית־המדרש כאַפּן אַ „קדושה״. דאָ האָט יעדער פון זיי געוואָלט אַריבערציען אויף זײן זײט יענעמס אָנהענגער. און דער ויכוח האָט זיך צעפלאַקערט נישט אָפּצוקילן, און די קולות זענען אויפגעגאַנגען עד לב השמים. ר׳ בערקע ליטוואַק, דער „רוס״ האָט אויפגעוויזן באותות ומופתים, אַז דאָס גרויסע מעכטיקע רוסלאַנד, מיט אַזוי פיל סאָלדאַטן, מוז מנצח זײן: ס׳איז־דיר נישט די יאַפּאַנישע־רוסישע מלחמה פון 1904, ווען גענעראַל סטעסל (גאָר נישט קײן רוס) האָט פאַרקויפט פּאָרט־אַרטור די יאַפּאַנטשיקעס פאַר 10 טויזנט רובל, דער כאַבאַרניק, דער לאַפּקע־בחור, אָבער אין די 10 יאָר, איז דאָך די רוסישע אַרמײ געוואָרן גוט אויסמושטירט מיט אַלערלײ כלי־זין. און דער רוסישער נצחון, וועט זײן לטובת יידן, און ר׳ משה מענדל האָט געטענהט, פונקט קאַפויר. אַז די דייטשן מיט זייער הויכער קול־

טור און דיסציפּלין, באַשטייט זייער איין סאָלדאַט פאַר 10 רוסישע. און זיי וועלן אויך אַריינברענגען אָרדענונג און ריינקייט אין פאַרגרעבטן רוסלאַנד. וואָס דאַרף גאַרנישט און האָט גאַרנישט, און מ׳קאָן אים איינרעדן צו מאַכן פּאָגראָמען ווען נאָר מ׳וויל. אָט הערט מען שוין נייע גזירות און מ׳טרייבט פון די דערפער און פון גרעניץ-שטעט. דעריבער וועט דער דייטשישער נצחון ברענגען ישועות פאַר ייִדן.

ר׳ בערקע ליטוואַק איז אַ פּאַפּיראָסן-מאַכער און האָט זיי אַליין פאַר־קויפט. זיין פאַרקויף-פּלאַץ איז געווען אויף דער דלוגא-גאַס, ביים פּאַרקאַן אַנטקעגן ר׳ יודל בליאַכאַרס סטראַגאַן, האַלטנדיק זיין אומלעגאַלער סחורה, אין די פּולאַנגעפּאַקטע קעשענעס. ווען די מלחמה האָט זיך צום „בוג״ דער־נענטערט, און דורך דער דלוגע האָבן מאַרשירט די רוסן מיט די שווערע האַרמאַטן און כלערליי „אָבאָזן״ איז בערקע ליטוואַק מיט דער ברייט-לאַנגער באָרד אין גאַס אַרויס. געשטאַנען אַ צעלויכטענער, מיט אָפענע פּושקעס פּאַפּיראָסן. און זיי אומזיסט געטיילט די סאָלדאַטן זאָגנדיק: „פּאַזשאַלוסטע, סקאָלקע כאָטשיש״, ביז עטלעכע פּאַניעס האָבן זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן אַרויסגעריסן ביי אים די אַלע פּושקעס פּאַפּיראָסן און אים אַ פּאָר גוטע „בוכטשעס״ דערלאַנגט, און פאַר אַ צולאָג, שטיקער באָרד אויסגעריסן. קריצנ־דיק מיט די ציין, „טי זשידאָווסקאַ מאָרדאַ״, און פאַרענדיקט מיט אַ שלשלת־דיקן „מי שברך״.

און בערקע ליטוואַק, אַ צעשלאָגענער, האָט מיט אַ צעבראָכן געמיט געפילט, ווי זיין וועלט איז אים אונטערגעגאַנגען, און אַ פאַרשעמטער, זיך אַריינגערוקט אין אַ דערנעבנדיק געסעלע.

און אַ ביסל שפּעטער האָט דאָס זעלביקע געטראָפן מיט ר׳ משה מענדל אָרענשטייק, אויך ער האָט זיך אַנטוישט, פון זיינע הויך-קולטורעלע דייטשן. אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע, שטייענדיק פאַרן געוועלב, מיט עפּל-קוכן און נאָך דעליקאַטעסן, זענען צוגעקומען עטלעכע דייטשישע אָפיצירן, געהייסן אָפּוועגן צווי בלעכן עפּל-קוכן פון בעסטן סאָרט, געבעטן דאָס גוט פאַרפּאַקן, און אַנשטאָט צו באַצאָלן, האָבן זיי זיך צעכאָכאָטשעט ווי צעהירזשעטע פערד, און אים אין פּנים אַריינגעשריגן: „דו פאַרפלוכטער, שמו־ציקער יודע!״ און אים דערלאַנגענדיק מיט אַ שפּיצרוט איבערן קאָפּ, פאַרשוווּנדן.

יענעם טאָג האָט ר׳ משה מענדל דאָס געוועלב פאַרמאַכט, און נישט אַוועק, ווי תמיד אין בית-המדרש אַריין, נאָר אַ צעבראָכן-קראַנקער זיך אין בעט געלייגט, געפילט ווי זיין וועלט וואָלט אים אונטערגעגאַנגען.

יצחק נהרי־מענדזשיצקי
(קיבוץ יגור)

## סאָקאָלאָווער יוגנט

סאָקאָלאָוו — אַ שטעטל ווי אַלע יידישע שטעטלעך אין פוילן. קיין אַנאַלפאַבעטיזם איז אין סאָקאָלאָוו כמעט נישט געווען. יינגלעך האָבן געלערנט אין חדרים, און וועמען ס'האָט געגליקט — אין ישיבות. מיידלעך — אין דער פוילישער רעגירונגס פאָלקס־שול (פּאָווּשעכנע). אויך אַ סך יינגלעך האָבן געלערנט אין דער פוילישער פאָלקס־שול, איבערהויפּט אין די העכערע קלאַסן. די יינגלעך, וועלכע האָבן די ערשטע יאָרן געלערנט אין די



אַ גרופּע „פּועלי־ציון" („פרייהייט")

חזירים, זענען צוליב פאַרשידענע סיבות (אין חדר האָט מען געמוזט צאָלן און אין תלמוד תורה האָט נישט געפּאַסט), איבערגעפירט געוואָרן אין דער פאָלקס־שול.

קיין מיטל־שול איז אין סאָקאָלאָוו נישט געווען, און נאָר יחידים האָבן זיך אַרויסגעריסן אין די אַרומיקע שטעט (ווענגראָוו, שעדלעץ און אויך

ביאַליסטאָק אָדער וואַרשע), זיך דערגענצן אין אַ פאַך-שול, אָדער גימנאַזיע, און איינצלנע אויף די פינגער צו ציילן — אין די הויך-שולן. די איבערוויגנדיקע מערהייט האָט זיך דאָס צוליב עקאָנאָמישע סיבות נישט געקאָנט דערלויבן. און דערפאַר ווערט פאַרשטענדלעך דער דראַנג צו זעלבסט-לערנען, זיך צו אָרגאַניזירן אין יוגנט-אָרגאַניזאַציעס.

אַ זייער וויכטיק אָרט האָבן פאַרנומען די ציוניסטישע יוגנט-אָרגאַניזאַציעס, און אפילו די פּאָליטישע פּאַרטייען זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך יונגע טוער, ספּעציעל די זייער שטאַרקע ציוניסטישע פּאַרטייען פון אַלע שאַטירונגען.

די חלוצישע יוגנט-אָרגאַניזאַציעס: „החלוץ", „פרייהייט", „החלוץ-הצעיר" און „השומר הצעיר", האָבן געציילט אין די סוף צוואַנציקער יאָרן, און ספּעציעל פון 1930 ביזן אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה, העכער טויזנט אָרגאַניזירטע יוגנטלעכע. די יוגנט האָט געזוכט אַן ענטפער — נישט נאָר זיך צו אַנטוויקלען געזעלשאַפטלעך און קולטורעל — נאָר אויך „תכלית". אין סאָקאָלאָוו זענען נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט זיך עקאָנאָמיש איינצואָרדנען; און דער ציוניזם, באַזונדערס דער אַרבעטער-ציוניזם האָט געוועקט, געמוטיקט,



אַ גרופּע פון „באַפרייונג"

געוויזן אַ וועג, און הונדערטער זענען אָנגעצונדן געוואָרן מיטן גלויבן פון ציוניזם און זיך געריסן קיין ארץ-ישראל.

איך בין געווען טעטיק אין „החלוץ" און „פרייהייט", און געווען דער גרינדער פון „החלוץ-הצעיר" אין די יאָרן 1935—1927 (ביז מיין עליה קיין

ארץ־ישראל), אין די זעלבע יאָרן אויך אַקטיוו אין דער פּאָליטישער פּאַרטיי „פּועלי־ציון־צ. ס."

נישט נאָר פּאָליטישע קאַמפן און פאַרמעסטונגען איז געווען דער אינ־האַלט פון די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס, נאָר אויך קולטורעלע ליטעראַרישע טעטיקייט פון אַלגעמיין יידישן אָדער וועלטלעכן כאַראַקטער.

די ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון י. ח. ברענער איז געבויט געוואָרן דורך יחידים, געהאָלפן פון די אָרגאַניזאַציעס מיט הונדערטער אַקטיווע לייענער. כדאי ביי דער געלעגנהייט צו דערמאָנען די חברים יוסל ראָזנצוויג, זישע פרידמאַן און יוסל רובין ז"ל, וועלכע האָבן מיט איבערגעבנ־קייט געבויט די ביבליאָטעק, נישט געשפּאָרט קיין מי און צייט אויף צו פאַר־גרעסערן די צאָל לייענער און דעראָבערן נאָך נייע ביכער.

און נישט נאָר פּאַסיווע לייענער: פאַרשידענע ליטעראַרישע שמועסן אָדער ליטעראַרישע משפּטים, קעסטל־אָוונטן אָדער צוזאַמענטרעפן מיט יידי־שע שרייבער און דיכטער. מיט איין וואָרט, די ביבליאָטעק איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס אויף צו לעשן דעם דורשט פון די יוגנט־לעכע (און נישט נאָר יוגנט!) צו וויסן און לערנען, וואָס זיי האָבן ערגעץ אַנדערש נישט געקאָנט באַקומען.

די ביבליאָטעק האָט געציילט טויזנטער יידישע ביכער: אָריגינעלע און איבערזעצונגען פון די קלאַסישער ליטעראַטור. — כמעט אַלץ וואָס איז דער־שינען אין יידיש. איצט איז די געלעגנהייט צו באַצייכנען, אַז יוסל ראָזנצוויג, זישע פרידמאַן און יוסף רובין האָבן יאָרן, טאָג איין טאָג אויס, זיך אָפּגעגעבן אין דער ביבליאָטעק שלא על מנת לקבל פּרס' ווי זייער איינציקע גייסטיקע סאַטיספאַקציע, ממש אַ יום־טוב, איז ביי זיי געווען ווען זיי האָבן באַקומען אַ נייעם לייענער, אָדער געבערענגט פון וואַרשע נייע ביכער.

צענדליקער עסקנים זענען געווען אין סאָקאָלאָוו: אין דער ביבליאָטעק. אָדער אין די יוגנט אָרגאַניזאַציעס. אין דער פּאַרטיי אָדער דראַמאַטישער קרייז. די שול־אָרגאַניזאַציע די פרעבל־שול, פרייער סקויט (ביי „פרייהייט"), „קרן־קימת", „קרן־היסוד" — אַלץ איז געטון געוואָרן פריוויליק, מיט איבערגע־געבנקייט און התלהבות און נישט איינמאָל האָט דער עסקן געדאַרפט דעקן „קליינע" אויסגאַבן פון דער אייגענער טאַש...

דער כאַראַקטער פון די אָרגאַניזאַציעס. נישט געווען אין סאָקאָלאָוו קיין „גאָלדענע יוגנט" און נישט קיין אַסימילאַציע. די אָרגאַניזאַציעס האָבן אויס־געשולט אייגענע אָנפירער און טוער. קרייזן זענען זיך צונויפגעקומען עטלעכע מאָל אין וואָך. געווען אַ מאַנגל אין געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן, איז מען זיך צונויפגעקומען אין פּריוואַטע הייזער און געלייענט, געהערט אַ לעקציע וועגן קולטור, ליטעראַטור, סאָציאָלאָגיע אָדער געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

די טעטיקייט איז געווען אַ פאַרצווייגטע: זעלבסט־בילדונגס קרייז, אויס־

פלוגן, זומער־קאָלאָניעס, ווינטער סעמינאַרן — צענטראַלע אָדער פון ראַיאָן. א. א. אין טעטיקייט האָט מער אָדער ווייניקער דערגענצט די צווייטע.

די יוגנט האָט איבערגעריסן מיט דעם פריערדיקן דרך און באַקומען אין דער באַוועגונג אַ וועלט־באַנעם פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג, ערנסט זיך צו איר באַצויגן, נישט געזען אין דעם קיין אַבסטראַקטן אידעאַל, נאָר פאַרקערט — באַרירט יעדן איינעם פערזענלעך און פאַרשטאַנען: אַז נאָר מיט זיין אינדענטיפיצירונג מיט שטעלן זיך אין דער מחנה פון פאַרווירקלעכער, איז די גאַראַנטיע אַז זיינע אידעאַלן זאָלן נישט ווערן קיין אוטאָפּיע.

די אינערלעכע באַציונגען זענען געווען שיינע חברישע און פאַמיליאַרע. געווען אַנטוויקלט דאָס געפיל פון קעגנזייטיקער הילף, מיט איין וואָרט: די אָרגאַניזאַציע איז ביי אים געווען אַ צווייטע און, פיל מאָל — אַ בעסערע היים...

די יוגנט האָט כמעט נישט באַקומען קיין שום מוזיקאַלישע דערציונג. נישט געווען אין שטאָט קיין כאָר, קיין אָרקעסטער און נישט געהערט קיין סימפאָנישע קאָנצערטן; נישט געוווסט פון קלאַסישע מוזיק אָדער מאָדערנע... דער בלאָז־אָרקעסטער פון די פאָזשאַרנע־קאָמאַנדע האָט געשפילט (לויט באַדאַרף) טרויער אָדער פריילעכע מאַרשן, און דאָס אויף אַ גאַנץ נידעריקן ניוואָ... געלערנט אַ ביסל געזאַנג אין דער פאָלקס־שול אָדער מיטגעבראַכט מיט זיך יידישע מאָטיוון פון טאַטע־מאַמע: פון ימים־נוראים אָדער סתם חסידישן געזאַנג און דביקות.



אַ גרופּע יוגנט פון „חלוץ הצעיר" — 1930

אָבער די יוגנט האָט געזונגען. געווען אַנטוויקלט דאָס יידישע פאָלקס-

ליד. נישט געקאָנט קיין נאָטן, אָבער דאָס ליד איז געגאַנגען פון קרייז צו קרייז, פון שטאָט צו שטאָט, פון געגנט צו געגנט — דורך זומער קאָלאָניעס סעמינאַרן אָדער קאָנפערענצן. ספעציעל די ארץ־ישראל לידער, וואָס זענען געברענגט געוואָרן דורך א״י שליחים. הונדערטע פאָלקס־לידער, לידער — אָדער סתם חסידישע ניגונים זענען אַרומגעגאַנגען ביי דער יוגנט. אַ קוריאָז: איך האָב אַמאָל צו אַ פאָרשטעלונג פון „החלוץ־הצעיר" אין „דאָם־לודאָווי". פאַרפאַסט 3—2 פאָליטישע פּאַראָדיעס צו באַקאַנטע פאָלקס־מאָטיוון און אין עטלעכע יאָר אַרום האָט לייבל שפּיזמאַן (סעקרעטאַר פון „פרייהייט"), מיך געכאַפּט אין ווילנע און מיר געוואָלט פאַרקויפן (פאַרן פּרייז, אַז כ׳זאָל אים אויסלערנען אַ ניי יידיש פאָלקס־ליד) אָט די 3—2 פּאַראָדיעס, וועלכע זענען ניי, גלייך פון דער נאָדל־אַראָפּ...

נישט ווייניק לידער האָט אויך געליפערט דאָס יידישע טעאַטער. אומ־אָפּהענגיק פון זיין ניוואָ (וואָס איז אין קליינעם שטעטל נישט געווען קיין גע־הויבענער). די יוגנט פלעגט אַרויסנעמען דעם קערן, די נייע פאַר אים אַנט־פּלעקונג און אויף זיין אייגנאַרטיקן געזונטן אופן דאָס פאַרדייען.

נאָך נישט געווען, אין יענער צייט קיין קלאַנג־פילם אָדער ראַדיאָ. די אינטואיציע און עמפינדלעכקייט האָבן דערגענצט די באַגרענעצטע מעגלעכקייטן, מיט איין וואָרט: די יוגנט איז געווען געלאָדן פול מיט פרייד און לעבן; אַן אידעאַליסטישע, אַ טאַנצנדיקע און אַ זינגנדיקע.

די פּאַרטיי „פּועלי־ציון" (צ. ס.) מיט אירע הונדערטער חברים איז דאָ אייגנטלעך געווען אַן „עלטערע יוגנט־אָרגאַניזאַציע". דער רוב מיטגלידער זענען קוים דערגאַנגען צו 30 יאָר (איך אַליין בין אַריין אין דער פּאַרטיי קוים אַלט זייענדיק 17 יאָר), מיט דער געשיכטע און רייכער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, וועלן זיכער זיך פאַרנעמען אַנדערע חברים; איך וויל נאָר דאָ דערמאָנען עטלעכע, בעתן חורבן אומגעקומענע חברים: אַלטער שוסטער: אַ פּאַרטיי פירער אין פּוילן, דאָס גאַנצע לעבן אַן אַרבעטער. טראָץ זיינע שווערע דאגות פרנסה, איז ער נישט מותר געווען אויף זיינע געזעלשאַפטלעכע פליכטן. געווען אַ טוער און דערציער. נישט שטענדיק מצליח געווען זיך אַליין צו העלפן, אָבער גרייט געווען שטענדיק צו העלפן אַ חבר. געווען באַ־ליבט נישט נאָר אין די פּאַרטיי־קרייזן. געווען אַ פירער נישט נאָר אין די ראַמען פון קליינעם שטעטעלע סאָקאָלאָוו; אין די שפּעטערע יאָרן אין ביאַ־ליסטאָק געווען איינער פון די דאָרטיקע פּאַרטיי־פירער.

יצחק סקאַלע: מורי ורבי — די לעצטע צענדליקער יאָרן געוווינט אין וואַרשע, געווען פון די גרינדער און פירער און אויך אַ סובטעלער, און אינדי־ווידועלער געפילסמענטש — געקומען צום סאָציאַליזם, קודם כל צוליב עטישע און מענטשלעכע טעמים. אַ ציוניסט מיט לייב און לעבן. געווען אָנגעזאַפּט מיט קולטור און וויסן. זיך באַצויגן צום בוך ווי צו אַ הייליקטום. אין יאָר

1933, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט האָט עס ביי אים דערוועקט אַ ווידערגעפיל צו פליש און בלוט און געוואָרן אַן עטישער וועגעטאַריער. ער האָט געשטיצט די טעאָריע, אַז דאָס גאַנצע שלעכטס און רציחה קומט פון עסן פליש און בלוט. אין די לעצטע יאָרן זיך אויך געחקרנט אין פילאָזאָפישע פראַגן.

אין היטעריליסטישן גיהנום איז סקאַלע געווען אַקטיוו אין וואַרשעווער געטאָ; אַ טוער אין די פאָלקס-קוכן, אויך געהאָלפן אָרגאַניזירן אין געטאָ אַ העברעיש-יידיש שול־נעץ. געווען נאָענט צו די „החלוץ" קרייזן. אומגעקומען אין געטאָ־וואַרשע.

יצחק זאַרעמבסקי אַ פאָלקסטימלעכער טיפ, אַן אימפּולסיוו ענערגישער טוער; נישט געקאָנט זיין קיין פאַרטיי־קאָמיטעט אָן דעם ענערגישן זאַרעמבסקי — דער אייביקער קאַסירער פון דער פאַרטיי, וועלכער האָט שטענדיק געדעקט די פאַרטיי־דעפיציטן פון דער אייגענער קעשענע... ער איז אויך תמיד גרייט געווען צו העלפן אַ חבר אין נויט. ער איז געווען דער באַליבסטער חבר אין דער פאַרטיי, און זיין שטוב — דער צענטער פון די „פּועלי־ציון" עסקנים; ערלעך און געטריי איז ער געווען איבערגעגעבן דער באַוועגונג און דעם יחיד אָן שום תנאים און באַגרעניצונגען, אַ זעלטענער טיפ, ביי וועמען דאָס וואָרט און האַרץ זענען געווען אייניק...

חנוך זאַיאָנץ — דער אינטעליגענטער בחור. אַ קעגנזאַץ פון זאַרעמבסקי און אפשר גאָר אַ דערגענצונג: ישוב הדעת, לאָגיק, רויק און געזעצמעסיקייט. זיך נישט געאיילט און קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקט... רוב צייט — סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי, געווען פון די וויכטיקסטע פאַרטיי־טוער. אַן אייביקער שמייכל אויף די ליפּן. זיך באַצויגן מיט כבוד צו יעדן איינעם, אַרויסרופנדיק קעגנזייטיקן רעספּעקט. נישט געווען קיין וויכטיקע פאַרטיי־אַקציע, ביי וועלכער ער זאָל נישט זיין דער נערוו און דער טאָן־געבער אין דער באַוועגונג. און נישט נאָר אין די פאַרטיי־ראַמען: אין יעדע אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעכע פאַרטיי טעטיקייט איז זאַיאָנץ געווען דער שליח. זיינע קענטעניש און איבערגעגעבנקייט האָבן געברענגט דער פאַרטיי, און אויך אים אַליין, אָנערקענונג און ברכה.

אויסערלעך — רויק. אָבער אינערלעך — ווייט־ווייט נישט רויק. געחלומט וועגן ארץ־ישראל, און נישט איינמאָל מיר דערציילט וועגן זיינע „חלומות", ווי אַזוי ער וועט זיך אויסבויען זיין לעבן אין א״י, געחלומט — און נישט דערגאַנגען...

דאָס זענען נאָר עטלעכע פון די צענדליקע טוער, אַ חוץ די עלטערע זענען די מיינסטע געווען אינטים נאָענטע חברים. די מערדערישע האַנט האָט אָפּגעמעקט דעם רעזערוו פון יידישער האָפענונג און פאַרווירקלעכער פון אידעאַלן.



אַ גרופּע פון דראַמקרייז ביי דער „פּועלי־ציון", 1922



צבי טשעכאַנאָוויצקי
(חיפה)

# די באַוועגונג „פרייהייט“ אין סאָקאָלאָוו

די פּאַרטיי „פּועלי־ציון“ צ. ס. מיט איר יוגנט באַוועגונג „פרייהייט“ זענען געווען אַ שטיק געשיכטע פון אַלגעמיינעם פּאַרטיי לעבן אין סאָקאָלאָוו.

איך וויל דערמאָנען מיט וועלכע שוועריקייטן די חברים פון „פרייהייט“ איז אויסגעקומען צו פירן איר טעטיקייט. קיין לאָקאַל איז נישט געווען, די שמועסן וואָס מיר פלעגן פירן וועגן די אויפגאַבן פון אונדזער יונגט־באַוועגונג ווי אויך קולטור־אַרבעט, איז פאָרגעקומען אין אַ צימער פון חברים. דער ערשטער קאָמיטעט פון „פרייהייט“ אין סאָקאָלאָוו אין יאָר 1927 וואָס איז באַשטאַנען פון די חברים: א. שפּאַדעל, חנה זאַקליקאָווסקי, ר. מיגזאל, דוד שטוטמאַן, משה אברהם קאַנדל און דער אומגעקומענער חבר מ. זשעפּקע. די „פרייהייט“ אין סאָקאָלאָוו ווי אין אַלע יידישע ישובים אין פּוילן, האָט פאַרוואָרצלט דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק צווישן דער יידישער יוגנט. מיר זענען געווען טעטיק אין אַלע ציוניסטישע אונטערנעמונגען וואָס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן דורך די ציוניסטישע פּאַרטייען אין סאָקאָלאָוו.

יעדן שבת פלעגן מיר זיך טרעפן אין ריפקער וואַלד, ווו מיר פלעגן פאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג מיט פאַרשידענע ספּאָרט־שפּילן, ווי אויך הוראַ־טענץ און צום שלוס אַ חברישן שמועס.

די פּאָליציי האָט אונדז ענדלעך באַמערקט און עטלעכע חברים זענען אַרעסטירט געוואָרן, צווישן זיי די אומגעקומענע חברה שיינע טענענבוים. די „פרייהייט“ אין סאָקאָלאָוו האָט מיטגעאַרבעט מיט דער פּאַרטיי „פּועלי־ציון“ און אין אַלע ציוניסטישע אינסטיטוציעס געווען פאַרטרעטן: „קרן־קימת“, „שקל“־אַקציעס און וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס און אין אַלע פּאָליטישע אַקציעס, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן דורך די יידישע באַפעלקערונג: שטאָט־ראַט־און גמינע־וואַלן, ווו די פּאַרטיי האָט געהאַט איר פאָרשטייערשאַפט.

אין יאָר 1936 האָט די פּאַרטיי באַשלאָסן, אַז די חברים פון „פרייהייט“ אין עלטער פון 18 יאָר, גייען איבער אין דער פּאַרטיי. מיר, די יוגנטלעכע נעמען איבער די אַרבעט אין „פרייהייט“. דער קאָמיטעט וואָס איז געווילט געוואָרן דורך די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג באַשטייט פון: וואָלקע שוסטער. פישל פעלמאַן, שיינע טענענבוים, זלמן סאָבאָל (אַלע אומגעקומען פון די

נאַצי־מערדער), שרה פלײשער (אַמעריקע) און הערשל טשעכאַנאָוויטש (אין ישׂראל).

מיר האָבן שוין געהאַט אַ לאָקאַל פאַר דער ברענער־ביבליאָטעק ביי דער פּאַרטיי „פּועלי־ציון" צ. ס. דער לאָקאַל איז געווען ביי אַלטע שפּילמאַן (געשטאָרבן אין פאַרשיקונג אין רוסלאַנד) די קולטור־אַרבעט איז פאָרגעקומען מיטן אָנטייל פון די פּאַרטיי חברים. דער אומגעקומענער ליבער חבר הענעך זאַיאָנץ פלעגט אָפט עפנטלעך שמועסן אויף ליטעראַרישע טעמען; פרץ גראַניטשטיין וועגן באָרכאָוויזם; יצחק מענדזשיצקי — וועגן דער חלוצישע באַוועגונג. ש. שמוטמאַן — וועגן מענדעלען און י. ל. פרץ, יעדן פרייטיק איז פאָרגעקומען אַ קעסטל אָוונט מיט אָנטייל פון די חברים פון דער פּאַרטיי. די שמועסן פלעגן ווערן באַזוכט דורך פיל יוגנטלעכע פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון די חברים יצחק זאַרעמבסקי, יחיאל עלענבערג, יוסף ראַזענצווייג (אַלע אומגעקומען) און אביש ווירזשבע (געשטאָרבן אין ישׂראל) באַשליסט די פּאַרטיי צו נעמען אַ גרויס און באַקוועמען לאָקאַל ביי הערשל פישער. די „פרייהייט" ווערט ממש די גרעסטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין סאָקאָלאָוו. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון לעדער־פאַבריק, וואָס איז געווען אונטערן איינפלוס פון דער ידישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין סאָקאָלאָוו, ווערט אין נאָמען פון „פרייהייט" געוויילט דער חבר טשעכאַנאָוויצקי אין דער פאַרוואַלטונג. דאָס איז געווען אַ דאַנק דער גרויסער צאָל מיטגלידער פון אונדזערע חברים אין לעדער־פאַבריק, און דעם אַקטיוון אָנטייל וואָס מיר האָבן דאָרט גענומען. אויף דער איניציאַטיוו פון נ. קויפמאַן ווערט געשאַפן אַ קאָמיטעט צו זאַמלען געלט פאַר די שפּאַנישע קעמפער, ווו די חברים פון „פרייהייט" נעמען אַ גרויסן אָנטייל. אויך די סאָקאָלאָווער באַפעלקערונג האָט זיך דערצו וואַרים אָפּגערופן.

אין יאָר 1934 איז אויך אין סאָקאָלאָוו געפייערט געוואָרן די אַקציע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישׂראל. בראש פון דער אַקציע איז געשטאַנען דער חבר הענעך זאַיאָנץ. אויך דאָ נעמען די חברים פון „פרייהייט" אַן אַקטיוון אָנטייל, ספּעציעל דער חבר מאָטל זיידנער און דער שרייבער פון די שורות. מיר פלעגן גייען אויף אַלע שמחות זאַמלען געלט. איך וויל באַמערקן, אַז אויך אונדזערע עלטערן פלעגן מיט גרויס פרייד געבן פאַר ארץ־ישׂראל. באַזונדער וויל איך זיך אָפּשטעלן וועגן דעם חבר הענעך זאַיאָנץ. עס איז געווען ממש אַ וווּנדער, ווי ער האָט געאַרבעט; יעדן טאָג פאַרזאַמלונגען מיט אַלע אָרגאַניזאַציעס. מיר האָבן באַשלאָסן צו שאַפן 500 זל. און מיר האָבן עס דערגרייכט אַ דאַנק זיין אַקטיווער טעטיקייט.

נאָך דער אַקציע באַשליסט די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישׂראל צו נעמען אַ גרויסן לאָקאַל, דאָס הויז, וואָס איז אַמאָל געווען די פּאָוושעכנע שול, ווערט די באָראָכאָוו־הייב פאַר דער גאַנצער ליגע: „פּועלי־ציון" צ. ס., „פרייהייט", „החלוץ", „החלוץ הצעיר" „עובד" און „הפועל". די ליגע איז געוואָרן

דער גרעסטער כוח אויף דער סאָקאָלאָווער גאַס. זומער פלעגן מיר, די „פריי־היט" חברים, מאַכן פארשידענע אויספלוגן, באַזונדערע אין סטערדין, ווז עס איז געווען א גרויסע „פרייהייט"־אָרגאַניזאַציע. מיר פלעגן שבת נאָך מיטיק פאָרן קיין סטערדין און, צוזאַמען מיט די דאָרטיקע חברים פאַרברענגען אין וואַלד ביי הורא־טענץ און שמועסן וועגן „פרייהייט" פּראָבלעמען. דער אויס־פלוג פלעגט זיך פאַרענדיקן מיט אַ מסיבה און אַ פאָרשטעלונג פון דרום־קרייז ביי דער „פרייהייט" אין סטערדין. איך וויל דערמאָנען אַז אַ דאַנק דער „פריי־הייט", וועלכע האָט געשיקט אַ סך חברים אויף הכשרה (און זענען שפּעטער עולה געווען) געפינען זיך היינט אין פאַרשידענע פונקטן אין ישראל.

י. גרינבערג
(תל־אביב)

# די ציוניסישע ארגאניזאציע אין סאקאלאוו

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין סאָקאָלאָוו איז געגרינדעט געוואָרן שוין אין יאָר 1901. די גרינדער זענען געווען: לייביש רובינשטיין, נטע פינקעלשטיין, יעקב טייטלבוים, אברהם מאָסנזאָן (משה־לייזערקעס זון) און אברהם־יצחק ראָזן. צו דעם קליינעם קרייז סימפּאַטיקער־מיטהעלפער האָבן געהערט: פינטשע מלמד, חיים־שמואל ראָזנבוים, איצל דראַטעווקע א. א. די דאָזיקע ציוניסטישע גרופּע האָט זיך באַזונדערס אָפּגעגעבן מיט: פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן שקל; אַבאָנירן די „הצפירה“; פאַרשפּרייטן אַקציעס פון דער קאָלאָניאַל־באַנק, ציוניסטישע ביבליאָטעק א. א. איבעריק צו זאָגן, אַז די דאָזיקע גרופּע האָט געהאַט אויסצושטיין רדיפות — סיי פון דער מאַכט און סיי פון ייִדן, וועלכע האָבן נישט „געהאַלטן“ פון ציוניזם, אָבער האָבן מורא געהאַט פאַר דער מאַכט, — און זי האָט געמוזט פירן איר טעטיקייט אין קאָנספּיראַציע און מיט גרויס פאָרזיכטיקייט. צו דער דאָזיקער ציוניסטישער גרופּע האָבן, פאַרשטייט זיך, געהערט ייִדן פון פאַרשידענע שיכטן פון דער סאָקאָלאָווער באַפעלקערונג, וועלכע זענען אַלע געווען פאַראייניקט מיט דער אידעע פון שיבת־ציון, און עס איז נאָך דאַן נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר דער פונאַנדערטיילונג אין פאַרטייען, וואָס איז געקומען מיט יאָרן שפּעטער. טראָץ דעם ווערט דערציילט, אַז אויף דער גרויסער אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע אין יאָר 1905 איז אויך געטראָגן געוואָרן אַ פאָן פון „פועלי־ציון“, ד. ה. — פון ייִדישע־ציוניסטישע סאָציאַליסטן.

אין יאָר 1912 איז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין סאָקאָלאָוו אָרגאַנזירט געוואָרן פונדאָסניי. צווישן די אַקטיוויסטן פון דער אָרגאַניזאַציע געפינען מיר: יאָסל פלינדער (אַ סטודענט), ראובן העלסטער, הערשל צעבוליע, דוד לוסטיגמאַן (אַ בוכהאַלטער) און יעקב גרינבערג. די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געציילט ביי הונדערט מיטגלידער — אויך פרויען האָבן געהערט צו איר, — האָט געפירט איר טעטיקייט אויף אַ קאָנספּיראַטיווען אופן, דורך „ממונים“ אויף קליינע גרופּן, וואָס זענען באַשטאַנען פון נישט מער ווי 10—8 מיטגלידער, וועלכע האָבן נישט געקענט איינער דעם אַנדערן און האָבן פיגורירט אין די רשימות מיט זייערע איניציאַלן בלויז. נאָר דער „ממונה“ איז געווען דער פאַרבינדלער צווישן זיי. די מיטגלידער האָבן אויך געצאָלט אַ מיטגלידס־שטייער פון 6 גראָשן (3 קאָפּיקעס) אַ וואָך.

די טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט אַרומגענומען: פאַרשפּרייטן שקלים, אויפשטעלן ערב יום־כיפּור „קערות" פאַרן נאַציאָנאַלן פאָנד. פאַרשפּרייטן קינסטלערישע אַנזיכטס־קאַרטן פון „בצלאל", איבערשיקן געלט קיין אָדעס צום „אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט" און באַקומען פון דאָרט קבלות, פאַרשפּרייטן בראָשורן און די „קאָפּיקע־ביבליאָטעק", שאַפן אַבאָנענטן אויף דעם זשורנאַל „דאָס אידישע פאָלק", וואָס איז אין די יאָרן 1913/14. פאַרשפּרייט געוואָרן אין סאָקאָלאָוו אין 50 עקז. דעם „העולם", אָרגאַן פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג (איין עקז.) און די „הצפירה" (עטלעכע עקז.), פאַר וועלכער עס איז געווען אַ באַזונדערער אינטערעס אין דער צייט פון ציוניסטישן קאָנגרעס אין ווין (אין יאָר 1913).

אין יאָר 1913 האָט באַזוכט סאָקאָלאָוו אַ. טריוואַקס, מיט זיך באַטייליקונג איז צווישן אַנדערן פאָרגעקומען אַ פּרויען־פאַרזאַמלונג, וואָס איז אָבער אין מיטן פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן מיטן באַקומען אַ ידיעה, אַז די פּאָליציי ווייסט וועגן דער פאַרזאַמלונג. אין שטאָט איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער טומל אַרום דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט, ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1914, ווען עס איז אויך איבערגעריסן געוואָרן יעטוועדע ציוניסטישע אַרבעט.

די טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז ווידער באַנייט געוואָרן מיטן אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע און איז געפירט געוואָרן — אין פולשטענדיקער פרייהייט — אויף אַ רעגולערן אופן. צום קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן דאַן געהערט: יאַנקל טיקולסקי, חיים זילבערמאַן, ד"ר ראַקאָטש, מענדל לאָשיצקי, יצחק סקאַלע, אליעזר שאַפּראַן, אברהם און חיהטשע זאַיאָנץ, יעקב לוסטיגמאַן און יעקב גרינבערג. דער קאָמיטעט פלעגט אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען אין דער וווינונג פון יעקב טיקולסקי. איך געדענק, אַז כדי אויסצומיידן אומאַנגענעמלעכקייטן, וואָס איך האָב געקענט דערוואַרטן ווי דער מנהל פון דעם סאָקאָלאָווער רבינס ישיבה, וועלנדיק, אַז מען זאָל נישט וויסן וועגן מיין באַטייליקן זיך אין די דאָזיקע זיצונגען, פלעג איך יעדעס מאָל, אַרויפגייענדיק צו יאַנקל טיקולסקי אויף אַ קאָמיטעט־זיצונג, פאַרלעשן דאָס נאַפט־לעמפּל וואָס האָט דאָרט געברענט אין הויז...

פון צייט צו צייט פלעגן אויך באַזוכן אונדזער שטאָט, אין ציוניסטישע אָנגעלעגנהייטן, די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע פון וואַרשע און אַנדערע שטעט. אַזוי האָבן אונדז באַזוכט: ד"ר גאָטליב, אדוו. מ. האַרטגלאַס, יוסף העפּטמאַן, אדוו. אלחנן לעווין פון שעדלעץ א. א. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך ווייטער פאַרנומען — אָבער אין אַ ברייטערן פאַרנעם — מיט פאַרשפּרייטן ציוניסטישע פּרעסע, אויסהאַלטן אַ ציוניסטישע ביבליאָטעק, קרן קיימת־אַרבעט, דורכפירן די „פּעטיציע" צו דער דייטשער רעגירונג וועגן ארץ־ישראל און אַנדערע ציוניסטישע אַרבעטס־געביטן.

## אַלטע היים

## „מזרחי"

דערנאָך איז געקומען די דיפערענציאַציע — דאָס אַנטשטיין פון באַזונדערע ציוניסטישע גרופּן, מיט באַזונדערע אידעאָלאָגישע ריכטונגען. אין יאָר 1916 האָט באַזוכט סאָקאָלאָוו י. ל. שטשאַראַנסקי פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „מזרחי" אין וואַרשע און געגרינדעט אין סאָקאָלאָוו אַ סניף פון „מזרחי" שטשאַראַנסקי האָט אויך באַזוכט און געהאַט אַ שמועס מיטן סאָקאָלאָווער רבין זצ"ל און ער האָט שוין כמעט ווי געהאַט באַקומען דעם רבינס הסכמה צוצושטיין צום „מזרחי". איך האָב אָבער אָפּגעהאַלטן דעם רבין פון דעם דאָזיקן שריט וועלכן איך האָב געהאַלטן פאַר נישט געוווּנטשן צוליב פאַרשידענע טעמים. דער ועד פון „מזרחי" איז באַשטאַנען פון: חיים־שמואל ראָזנבוים, פאַלובאַ, אליעזר שאַפּראַן, פּנחס טשערניצקי, שמואל־לייב כץ, דוד'טשע וואַרשאַווסקי (איצט אין מעקסיקע), חיים־הערש קנאָרפעל, משה באָרכאָווסקי, יהודה־הערש סקשידלאָווער, משה גרינבערג און יעקב גרינבערג. אין די דעמאָלטדיקע וואַלן צו דער קהלה־פאַרוואַלטונג, זענען אַלס ראשי הקהל אויסגעוויילט געוואָרן בלויז „מזרחי"־מיטגלידער — משה באָרכאָווסקי, הערש־טוביה בער, משה לוסטיגמאַן. פּנחס טשערניצקי — ייעלכע האָבן אויך פאַר די וואַלן געגעבן אַ שריפטלעכע פאַרזיכערונג, אַז זיי וועלן פירן זייער טעטיקייט לויט די אינסטרוקציעס פון ועד פון דער „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע. אויף דער „מזרחי"־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין יאָר 1916, זענען אויך געווען דעלעגאַטן פון סאָקאָלאָווער סניף: משה באָרכאָווסקי, הערש־טוביה בער און חיים־שמואל ראָזנבוים. אין שטאָט־ראַט זענען אויך אויסגעוויילט געוואָרן צוויי „מזרחי־פאָרשטייער — אַלטער קאָפּאָווי און פּנחס טשערניצקי. די „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע האָט אויך גלייך געשאַפן אַן אייגענעם „מניז", וואָס איז אויך געוואָרן אַ צענטער פאַר רעליגיעזער טעטיקייט און תורה־לערנען.

עס איז כדאי איבערצוגעבן פאָלגנדיקן עפּיזאָד, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז אויסגעקומען צו פירן די ציוניסטישע אַרבעט. אַ געוויס טאָג איז אויף מיין אַדרעס אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון צענטראַלן שקל־קאָמיטעט אין וואַרשע מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט: פּושיסטאָמפּיטש דאָ ספּזשעדאַזשי שקלאַ". דאָס האָט געדאַרפט באַדייטן, אַז מען זאָל צוטרעטן צום שקלים־פאַרקויף. ווייזט אויס, אַז די פּאָסט, האָט די טעלעגראַמע מיט אַזאַ אויסטערלישן אינהאַלט איבערגעגעבן דער מאַכט, וועלכע האָט נישט געקענט „פאַרשטייך" די אינסטרוקציע „צו פאַרקויפן גלאָז" (צוליב אַ טעות האָט זיך אין דער טעלעגראַמע באַקומען אַנשטאָט „שעקלאַ" דאָס וואָרט „שקלא" — אויף פויליש: גלאָז). צוליב דעם איז באַלד דורכגעפירט געוואָרן אַ רעוויזיע אין „מזרח"־לאָקאַל, אַן אויספאָרשונג צווישן די מיטגלידער און ערשט שפּעטער איז אויפגעקלערט געוואָרן, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ טעות אין דער טעלעגראַמע...

שפּעטער איז אויך געשאַפן געוואָרן די אָרגאַניזאַציע „צעירי מזרחי" — פאַר יונגערע אָנהענגער פון „מזרחי", „החלוץ המזרחי" — פאַר די יעניקע מיט־גלידער, וואָס האָבן זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און האָבן פאַר דעם געדאַרפט דורכמאַכן אַן „הכשרה" עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַזא הכשרה־קיבוץ אין סאָקאָלאָוו. צו יענער צייט זענען אין סאָקאָלאָוו געווען 50 אַבאָנענטן פון „המזרחי", דעם אָרגאַן פון דער „מזרחי"־באַוועגונג. דער „מזרחי" האָט געפירט אַ זייער לעבהאַפטע טעטיקייט און פלעגט אויך באַזוכט ווערן דורך די פירער פון דער פאַרטיי אין וואַרשע, רבנים און שליחים. אַזוי האָבן באַזוכט סאָקאָלאָוו אין שליחות פון „מזרחי": יצחק ריווקינד, העשל פאַרבשטיין, הרב ניפעלד (די פאַרזאַמלונג איז געמסרט געוואָרן צו דער פּאָליציי און איז איבערגעריסן געוואָרן אינמיטן. הרב נייפעלד ז"ל האָט דאַן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט), הרב ראַפּאַפּאָרט פון יענדזשעיעוו, הרב דינעס א.א. די דאָזיקע „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע האָט זיך שפּעטער שטאַרק אַנטוויקלט, מיט אירע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, „יבנה־שולע א. א. דער „מזרחי"־סניף אין סאָקאָלאָוו איז געוואָרן איינער פון די גרעסטע און שענסטע אָפּטיילונגען פון דער דאָזיקער פאַרטיי אין פּוילן און האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אינעם ציוניסטישן און אַלגעמיין־יידישן לעבן אין שטאָט.

עדינה ילין־לנדוי (מסילות)

## חדוות נעורים בקן השומר־הצעיר

תמצאו מהם היום בקיבוצים בארץ: באילון בצפון ובנגבה בדרום, במסילות ותל־עמל בעמק בית־שאן ובמקומות אחרים. נושאים הם בלבם את זוהר ימי נעוריהם בקן „השומר הצעיר" בעיירה הקטנה סוקולוב.

היה הקן פינה של ארץ־ישראל במציאות האפורה של העיירה. נערים ונערות היו מתכנסים בד' אמות של כתלי הקן, — מקודם ברחוב דלוגה במעונם של הציונים הכלליים ואחר כך ברחוב רוגובסקה, ובסוף במועדונים, לא רחוק מ„שולהויף". המו הקירות משירה עליזה, בקעו משם קולות ההורה הארצישראלית. שמעו זאת בחוץ ובהתחלה התיחסו לנערים השובבים בזלזול ובקלות־ראש. הורים אדוקים התנגדו לכך וניהלו מאבק עם בניהם ובנותיהם. אולם אלה הצעירים מצאו כאן, בתנועת הנוער, את ביתם, פה באו על סיפוק מאווייהם, מאוויי נעורים, פה מצאו את שמחת נעוריהם.

אולם לא תמיד רקדו ושרו. עת לרקוד ועת ללמוד. היו אלה רציניים מאוד בלימודיהם. כאן העמיקו את השכלתם, ביססו את דרכם הרעיונית. בצמא שתו את תורת מדריכיהם ואף הזמינו אנשים מבחוץ וגם משכילי העיר (זלמן גרינברג ז"ל, חיים זילברמן ז"ל, לוסטיגמן ז"ל, ולהיבדל לחיים — משה מייזליש וחיים פרידלוב) להרצות בפניהם ולהרחיב את אופקיהם.

קסם הקן לנערים בעיר. באו בני טובים, אך באו גם בני שכבות אחרות. לכולם קסמה חדוות הנעורים הממוזגת ברצינות ובידיעת התפקידים החלוציים המוטלים על הנוער העברי.

לא תמיד ישבו בין כתלי הקן. בקייץ התנהלו הפעולות ביערות הקרובים. קבוצות וגדודים היו קובעים את פגישותיהם בחורשה (אין ברעזענעם וועלדל), או ביער (אין ראַגאָווער וואַלד) או ליד המחלבה של מנדלבוים.

מלאי רושם היו טיולי הקן בל"ג בעומר. היה זה מאורע בעיירה. זקן וילד יצאו לפנות ערב לפגוש את השומרים הצועדים באון תחת דגליהם. תמהו גם הגויים ל„סקאוטים היהודים" הגאים.

הצטינו נשפי הקן, שנערכו מדי פעם ובהם הפגינו אנשי „השומר הצעיר" את הישגיהם. בתשואות היו מתקבלות הצגות החוג הדראמטי, שירת המקהלה, תרגילי התעמלות וכדומה.

הקן היה מצטיין בכל הפעולות הציוניות והחלוציות בעיר. ראשונים היינו באיסוף כספים למען הקרן הקימת, פעילים בסניף „החלוץ" ובליגה למען ארץ־ישראל העובדת.

צמח הקן בסוקולוב בסוף שנות העשרים. תנועת נוער לא היתה קיימת עד אז בעיר. הנוער המתבגר הרציני היה מוצא את מקומו במפלגות ונסחף לתוכן בלי לדעת. באה גננת מעיר אחרת ומצאה את הדרך ללבות הצעירים. ארגנה אותם ארגנה אותם ויסדה את הקן של השומר הצעיר בסוקולוב.

בשנים האחרונות קשתה הפעולה. גברה האנטישמיות ובא הקץ לטיולים־ההעליזים בשדות וביערות. מועקה והרגשת הבאות היתה בלב הצעירים. ובכל זאת בתוך הקן נשכחו מעט הצרות והודלקו הלבבות.

באותם הימים בגרו חניכי הקן ונעמדו בפניהם תביעות ההגשמה. נשרו מהקן אלה שלא היו מוכנים לכך. האחרים יצאו להכשרה ואחר כך עלו.

לא גדול הוא האחוז של אותם הצעירים שהגיעו להגשמת מאווייהם. את אלה, כאמור, תמצאו בארץ בקיבוצים, אבות ואמהות לבנים ההולכים בדרכיהם. רבים שלא הגיעו לכך תמצאו בארץ, באמריקה הצפונית והדרומית וגם בליבם נושאים הם בהאבה את זכר הימים ההם.

נזכור גם את אלה שחתרו להגיע למטרתם ונקטפו באיבם ביד הזידים.

נתן פאדעמבערג
(לאָס־אַנזשעלעס)

## דער „בונד" אין סאָקאָלאָוו פון 1900 ביז 1911

דער „בונד", וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין סאָקאָלאָוו אין אָנהויב 1900 פון אברהם (לעסער) גרינבערג, לייבל פאָדעמבערג, שעפסל בערגער, דער שוואַרצער יאָסל, אברהם טשישינסקי, קלמן יחיאל פרידמאַן און אַנד., איז די ערשטע פּאָליטישע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי, וואָס האָט, לויט מיין מיינונג, אַריינגעבראַכט אין אונדזער שטעטל אַ נייע אידעע און זעלבסשטענדיק דענקען. דאָס איז די פּאַרטיי וואָס האָט אויפגעוועקט ביי די אַרבעטער־יוגנט, און טייל־ווייז ביי די ישיבה בחורים, דאָס באַוווסטזיין צו קעמפן פאַר עקאָנאָמישע פאַרבעסערונג און פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע און קולטורעלע אַקטיוויטעט.

פון יאָר 1900 ביז 1905, האָט זיך דער „בונד" כמעט ווי נישט אָנגעזען ביי אונדז אין שטאָט; פון צייט צו צייט פלעגט זיך באַוויזן אַ בראָשורקע, אַ פּראָקלאַמאַציע וואָס פלעגט איבערגיין פון האַנט צו האַנט „צו זיכערע מענטשן". און געלייענט געוואָרן מיט גרויס אינטערעס און פאַרזיכט. עס פלעגן זיך אָפט באַוויזן „פרעמדע מענטשן" מיט לאַנגע נישט געשוירענע האָר, רויטע העמדער איבער די הויזן אַרומגעגאַרטלט מיט'אַ גראָבע סטענגע, און קניי־לעכלעך מיט פראַנדזן האָבן זיך מיטגעבאָמבלט ביים גיין. די מענטשן פלעגן צוציען אויפמערקזאַמקייט פון אונדז יונגע בחורים „שנעקעס" ווי מען פלעגט דעמאָלט רופן דאָס יונגוואַרג. מיר פלעגן זיי נאָכגיין מיט נייגיר און אינ־טערעס ביז מען פלעגט אונדז אַוועקטרייבן. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דער־וווסט, זענען די מענטשן געווען „אַגיטאַטאָרן". זיי פלעגן אָפט קומען קיין סאָקאָלאָוו פון שעדלעץ און פון אַנדערע גרעסערע שטעט צו געבן אינסטרוק־ציעס די גרינדער פון „בונד", ווי אַזוי צו פאָרמירן „בירזשעס", פירן אַגי־טאַציע צווישן די אַרבעטער און אָרגאַניזירן פאַרשידענע אַקציעס.

די אויפקלערונגס־אַרבעט פון „בונד" איז אָנגעפירט געוואָרן אויף די „בירזשעס", גערטנדלעך, וועלדעלעך, אונטער די „שייערן" און אין אַנדערע געהיימע פלעצער. אַלץ איז געווען זייער קאָנספּיראַטיוו. אָבער עס האָט דאָך אָנגעהויבן צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי, וואָס האָט גע־וואָרפן אַן אויג אויף די „פרעמדע מענטשן", מיט זייער מאָדנע קליידונג און אויך אויף די נאָכגייענדיקע צוהערער. די פּאָליציי האָט אָנגעהויבן נאָכפּאָלגן,

נאָכפֿאָרשן זייער אַרבעט און אין יאָר 1905 האָט שוין די סאָקאָלאָווער פּאָליציי אַרויסגעריסן אַ סך פֿירער פֿון דער יונגער, יידישער בונדישער אָרגאַניזאַציע, זיי אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט אין שעדלעצער גובערניאַלער טורמע אויף פֿאַרשיידענע טערמינען.

דער ערשטער אַרעסט איז געקומען אומדערוואַרט. די יונגע „בונדישע" פֿירער זענען, אין אָנהויב, געווען אַ ביסל דערשראָקן, און דאָס האָט אויף אַ קורצער צייט אונטערגעבראָכן די טעטיקייט פֿון „בונד", אָבער די אַרבעט האָט זיך ביסלעכווייז גענומען צוריק איינשטעלן און די טעטיקייט איז פֿאַר־געזעצט געוואָרן.

פּרוכטבאַר איז געווען דער באָדן פֿאַר „בונדישער" אַקטיוויטעט אין סאָקאָלאָוו, אַ שטאָט פֿון אַ סך טאַנדייטניקעס ווי: שוסטער, שניידער, היטל־מאַכער, פּעלצנמאַכער, שטעפּער און אַנדערע וואָס פֿלעגן פֿאַרקויפֿן זייערע סחורות אויף די מערק, ירידים און סוחרים פֿון ווייטן רוסלאַנד. די אַרבעטער ביי די דערמאָנטע מלאכות פֿלעגן אַרבעטן 18—16 שעה אַ טאָג און פֿאַר די יום־טובים — גאַנצע נעכט פֿאַר אַ נישטיקן, זמניקן, (האַלב יערלעכן) אָדער אַ יערלעכן געהאַלט. כאָטש דער אַרבעטער און באַלעבאָס פֿלעגן זיך טרעפֿן צוזאַמען אין בית המדרש בײַם דאַווענען, אָדער ביי אַ לחיים אויף שמחות, אָדער אויפֿגערופֿן ווערן צו אַן עליה צו דער זעלבער ספֿר־תּורה, פֿונדעסטוועגן האָט געטליעט אין האַרצן אַ באַהאַלטענער פֿאַרדרוס, אַן אומצופֿרידנקייט צו זייערע באַלעבאַטים פֿאַר די אומציילִיקע אַרבעטס־שעה׳ן טעגלעך פֿאַר קליינע שכירות. איינציקע אַרבעטער פֿלעגן אינדיווידועל, אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופֿן בעטן דעם באַלעבאָס אַ העכערונג. מיט ווייניק אויסנאַמען פֿלעגן זיי קריגן און גע־מוזט אָפּאַרבעטן דעם זמן פֿאַר דעם פּרייז וואָס זיי האָבן זיך לכתחילה פֿאַר־דונגען.

די בונדישע טוער האָבן אויסגענוצט די שווערע לאַגע פֿון די אַרבע־טער פֿאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס, בראָשורן, אַגיטירט און געוועקט ביי זיי דאָס באַוווסטזיין. פּאַמעלעכווייז האָט די אַגיטאַציע אָנגעהויבן ווירקן. דער שלום צווישן אַרבעטער און באַלעבאָס איז געוואָרן שוואַכער. די אַרבעטער האָבן זיך אָנגעהויבן איבערצייגן, אַז דאָס בעטן אינדיווידועל ביי דעם באַ־לעבאָס אַ גרעסערן געהאַלט, איז אין מערסטע פֿאַלן אַרויסגעוואָרפֿענע רייד. אין אַ געוויסן טאָג האָבן די אַרבעטער דערקלערט אַ שטרייק קעגן משה שמחה יואלס. די פֿאָדערונג איז געווען: 12 שעה אַ טאָג אַרבעט ביי די זעלבע שכירות.

אַ רעש איז געוואָרן אין שטעטל. די באַלעבאַטים האָבן אַזאַ זאַך קיינ־מאָל נישט געהערט. אַזאַ חוצפּה; שטעלן פֿאָדערונגען צום באַלעבאָס און אויפֿהערן אַרבעטן, אויב מען גיט נישט נאָך — אַזעלכעס איז קיינמאָל נישט פֿאָרגעקומען אין דער געשיכטע פֿון סאָקאָלאָוו. משה שמחה יואלס האָט גע־רופֿן די עלטערן פֿון די אַרבעטער ווי מיטשולדיקע אין שטרייק. אָבער צום

גרויסן וווּנדער האָט ער אויסגעפונען, אַז אין שטאָט זענען פאַראַן „ציציליסטן״. וואָס רעדן דערצו אָן די אַרבעטער.

משה שמחה יואלס איז געווען איינגעשפּאַרט. ער וועט זיך נישט בעטן ביי די „לאָבוזעס״ זיי זאָלן צוריקגיין צו דער אַרבעט. זאָלן זיי שטרייקן אויב זיי ווילן — האָט ער געטראַכט. ווען די שטרייקער האָבן אים געדראָט, אַז זיין וועלן צעוואַרפן זיין געשטעל מיט שטיוול אין אַ מאַרק־טאָג, האָט ער נאָכגעגעבן די פאָדערונגען.

דער ערשטער געווינערער שטרייק איז געווען אַ גרויסער זיג פאַר דעם יונגען „בונד״ אין סאָקאָלאָוו. דאָס האָט צוגעגעבן מוט צו ווייטערדיקער אַרבעט און פאַמעילעכעווייז האָבן זיך גענומען פאַרשפרייטן אין אַלע



אַ בונדישע גרופּע פון יאָר 1910.

„בראָנזשעס״, פאַר אַ 12 שעה׳דיקן אַרבעטס־טאָג. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דעם „בונד״ געלונגען איינצופירן אַ 12 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג אין אַלע סאָקאָלאָווער פאַבריקלעך.

דער „בונד״ האָט אין ערשטן פּעריאָד פון זיין גרינדונג פון 1900 ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914 אַריינגעבראַכט צו אונדז אין שטעטל דעם קלאַסן־באַוווסטזיין ביי די אַרבעטער פאַר עקאָנאָמישער אויסבעסערונג, אָנגערעגט צו לייענען, לערנען און צו דערהייבן דעם קולטורעלן מצב ביי די אָפּגעשטאַנענע און אומוויסנדיקע, אַ קורצער פּעריאָד, אָבער אַ גרויסע און וויכטיקע אַרבעט פאַר יענער צייט.

## סאָקאָלאָוו-פּאָדליאַסק

די מלחמה פון 1914 האָט אַוועקגענומען איניקע „בונדישע" פירער צו דער מלחמה, אַנדערע האָבן פאַרלאָזט אונדזער שטעטל. ס'איז נישט געבליבן קיין טוער פאַרצוזעצן די אַרבעט, אַ חוץ דעם איז געוואָרן אַ צערודערונג אין שטעטל. אמת עס האָט געטליעט ביי די אַרבעטער פון פריער דער באַוווסט־זיין, וואָס זיי האָבן דערוואָרבן פון דער „בונדישער" אַגיטאַציע.

דערווייל האָט מען געלייענט, וואָס מען האָט געקריגן: אַ פּראָקלאַמאַציע, אַ בראָשור. מ'איז געוואָרן באַוווסטזיניקער, רייפער און ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט אונדזער שטעטל און עס האָט זיך, ווי נישט איז איינגעשטעלט אַ „נאָרמאַל" לעבן — זענען געקומען צום אויסדרוק יענע געדאַנקען וואָס דער „בונד" האָט אויפגעוועקט. עס איז שוין געווען אַן אינטעליגענטע און באַוווסטזיניקע יוגנט.

עס זענען געשאַפן געוואָרן קולטור־קלובן. פּאָליטישע פּאַרטייען. דראַמאַטישע קרייזן. ווי אין יעדן שטעטל, אַזוי ביי אונדז אין סאָקאָלאָוו, האָבן זיך געשאַפן מיינונגס־פאַרשידנהייטן, וואָס האָט געפירט צו אַ צעטיילונג פון אונדזער סאָקאָלאָווער יוגנט אויף צוויי קעגנזעצלעכע פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס. פון איין זייט די „פּועלי־ציון" בראש מיט ברוך ווינאַגורא, איציק פלאָטנער, איטשע פּאַרביאַזש, נתן קויפמאַן און אַנדערע, און פון דער צווייטער זייט — דער „בונד" מיט נאסקע פּאָדעמבערג, ברוך ראָזנבוים, איטשע שפּאַנקע, שמואלקע באַרנשטיין, נעכע וועליגורא, געלע גרינבערג און אַנדערע, דער „בונד" האָט געדונגען ביי אהרן קאָפּלס אַ לאָקאַל אויף אַ קלוב. מען האָט אָראָפּגעבראַכט רעדנער און איינגעאָרדנט פאַרלעזונגען, געעפנט אַ ביבליאָטעק, אויסגעשריבן די בונדישע „לעבנס־פראַגן", פון וואַרשע און אָנגעפירט אַ ביסל פּאָליטישע אַרבעט.

די אַרבעט האָט זיך ברייט צעוואַקסן און געבליט. אין 1918, ווען עס האָט זיך געענדיקט די ערשטע וועלט מלחמה און עס האָבן זיך באַוויזן מעגלעכקייטן צו עמיגרירן, זענען כמעט אַלע בונדישע טוער אַוועק פון סאָקאָלאָוו קיין אַרגענטינע, ארץ־ישראל, פאַראייניקטע שטאַטן און אַנדערע לענדער. דער יונגערער דור, וואָס איז געבליבן, האָט איבערגענומען די אַרבעט פון זייערע פריערדיקע חברים פון „בונד" ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג און חורבן.

ברוך ראזנבוים
(שיקאַגאַ)

# די בונדישע באַוועגונג אין סאָקאָלאָוו

אויף וויפיל איך האָב זיך אָריענטירט איז שוין אין 1905 געווען אין סאָקאָלאָוו אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע, אָבער נישט קיין גאַנץ באַוווסטזיניקע. ס'איז געווען אַ „בונד" אַ „פּאַמאַשטש־בונד", אָבער מער אַ סטיכישע — איך געדענק בלויע העמדלעך מיט רויטע קוטאַסן, פּאַלערינעס מיט ברייטע קאַפּעליושן.

קיין ביבליאָטעק אָדער פאַריינען זענען דאַן נישט געווען. פון צייט צו צייט פלעגט מען דאָ און דאָרטן געפינען פּראָקלאַמאַציעס. חברים פלעגן און אַ שבת פאַרכאַפּן דעם בית־המדרש אין מיטן דאַוונען, און איינער פלעגט האַלטן אַ רעדע — איז געקומען פּאָליציי און אַרעסטירט די פאַרזאַמלטע.

אייניקע אַטענטאַטן זענען אויך פאָרגעקומען אין סאָקאָלאָוו, ווען מען האָט דערשאָסן קאַטאָוון און אַנדערע. פיר בונדיסטן זענען דערנאָך אַרעסטירט געוואָרן, אָפּגעזעסן צוויי יאָר אין שעדלעץ און שפּעטער באַפרייט געוואָרן. איך געדענק דעם טאָג פון זייער באַפרייונג. פאַר פּסח — די גאַנצע יוגנט פון סאָקאָלאָוו איז זיי געגאַנגען באַגריסן. אויפן שעדלעצער שאָסיי האָבן זיך געצויגן „מחנות" יונגע מענטשן... אַ כאָר האָט געזונגען ש. אַנסקיס:

„אין זאַלציקן ים פון מענטשלעכע טרערן
געפינט זיך אַ שרעקלעכער תהום,
ער קאָן שוין נישט טיפער און פינצטערער ווערן
און צייכנט אַ בלוטיקן שטראָם."

ווייטער געדענק איך דעמאָנסטראַציעס פון בונד צוזאַמען מיט די פּוילישע מאַסן קעגן די צאַרישע הערשער. צווישן 1905 ביז 1916 איז געווען שטיל אין שטעטל.

חול־המועד פּסח אָדער סוכות פלעגן זיך קאַמאַשן־מאַכער (דער אינטעליגענטער עלעמענט צווישן די אַרבעטער) פאַרזאַמלען אין אַ פּריוואַט הויז ווו איינער האָט געהאַלטן אַ „רעדע" און מען האָט פאַרשריבן אַלע פאַרזאַמלטע, און מען האָט דאַן באַשלאָסן אַ העכערונג פון 5 רובל אויפן זמן (אַ זמן איז 6 חדשים). אַזוי שנעל ווי ס'איז אַוועק דער יום־טוב זענען אַלע אַוועק צו דער אַרבעט אָן אַ העכערונג. די פאַרזאַמלונגען זענען בלויז געווען יום־טובדיקע. איצט איז שוין נאָך יום־טוב, צו וואָס אַ פאַרזאַמלונג?

אַ ברייטע פּאַרטיי באַוועגונג אין סאָקאָלאָוו הויבט זיך אָן אין 1916 בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען איך בין

## סאָקאָלאָוו-פּאָדליאַסק

פון וואַרשע געקומען קיין סאָקאָלאָוו האָט שוין דאַן עקזיסטירט אַן אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך רעקרוטירט פון פאַרשידענע חברות ווי: „לינת הצדק״, הכנסת־כלה, גמילות־חסדים״, א. א. וועלכע האָבן אַרויסגעהאָלפן דער אָרימקייט אין דער היים.

די בונדישע באַוועגונג הויבט זיך אָן מיטן פאַרשפּרייטן די בונדישע וואָכן־צייטונג — „לעבנס־פראַגן״. די „לעבנס־פראַגן״ זענען באַלד די ערשטע וואָך פאַרקויפט געוואָרן 150 עקזעמפּלאַרן. אויפן גאַס האָט מען אין אַ שבתדיקן טאָג שוין געזען יינגלעך און מיידלעך שפּאַצירן אויפן טראָטואַר מיט דער צייטונג. מיר האָבן גערופן אַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד. ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט, וועלכער זאָל אָרגאַניזירן און לעגאַליזירן די בונדישע באַוועגונג.

דער ערשטער לאָקאַל פון „בונד״ איז געווען ביי הערשל שמערלס אויפן צווייטן שטאָק; אַ קליינער לאָקאַל, נאָר גרויס גענוג פאַרן אָנהויב. דאָרטן זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן די מיטינגען, איינגעאָרדנט געוואָרן לעקציעס, פאָרלעזונגען, זיצונגען און ד. ג.

שפּעטער צו האָבן מיר גענומען פאַרשפּרייטן בונדישע ליטעראַטור. פון די ביכער געדענק איך:

„פון מיין נאָטיץ־בוך״ — פון וולאַדימיר מעדעם
„טורמע־זכרונות״ — פון וולאַדימיר מעדעם
„עקאָנאָמישע שמועסן״ — פון ב. מיכאַלעוויטש
„קולטור און דער אַרבעטער־קלאַס״ פון מ. טערמאַן
„וועבער־ליבע״ — פון י. ל. פּרץ
„פליגן און שפּינען״ — (אָן אַ נאָמען)
„אונדזער שטימע״ — אַ חודש זשורנאַל.

אונדזער קליינער לאָקאַל איז דאַן געוואָרן ענג פאַר אונדז און מיר האָבן געדונגען ביי אהרן קאַרפּעלס דעם גאַנצן צווייטן שטאָט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן ליכטיקן לייען־זאַל, אַ גרויסן פאַרזאַמלונג־זאַל, א בופעט־זאַל, אַ קוך און ביבליאָטעק צימער.

מיר האָבן אין דעם לאָקאַל געבויט אַ בינע. דעם לאָקאַל האָבן מיר לעגאַליזירט און גערופן „גראָסער־קלוב״, אויפן נאָמען פון בראָניסלאַוו גראָסער, וועלכער איז געווען איינער פון די גרינדער פון „בונד״ אין פוילן.

אין דעם גראָסער־קלוב האָבן מיר געפירט אַ ברייט פאַרצווייגטע קולטור טעטיקייט, געעפנט אַ ביבליאָטעק, איינגעאָרדנט לעקציעס, פאָרלעזונגען און רעפעראַטן. עס האָבן ביי אונדז רעפערירט — מ. אָזשעך, ב. שאַפראַן, ד. ניימאַרק און אַנדערע.

מיר האָבן דאָרטן געגרינדעט אַ דראַמאַטישע סעקציע און אויפגעפירט, אונטער דער רעזשי פון אברהם גרינבערג, „גנבים״ פון פּ. בימקאָ; „די נבילה״ פון פּ. הירשביין; דער „אינטעליגענט״ פון פּ. הירשביין און אַ

רייע אַנדערע פּיעסן. דער קלוב האָט עקזיסטירט ביז מיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע. אויף דער איניציאַטיוו פון „בונד" איז געגרינדעט געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַריין. סאָקאָלאָוו האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל שוסטער, שניידער און קאַמאַשן־מאַכער. מיר האָבן אָט די אַרבעטער אָרגאַניזירט אין איין פאַריין מיט פאַרשידענע סעקציעס און דערקלערט אַן אַלגעמיינעם שטרייק פון אַלע אַרבעטער, וועלכע זענען געווען מיטגלידער אין דעם פאַריין. מיר האָבן געפאָדערט און געוווּנען וואָכן־אַרבעט, 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און אַנדערע פאָדערונגען. מיר האָבן אפילו געוווּנען אַ לוין־העכערונג ביי די בעקער, טרעגער און סטאָליער, וועלכע זענען געווען קליין אין צאָל. אָט דער פאַריין, ווי מען האָט מיך אינפאָרמירט, האָט עקזיסטירט אַ לאַנגע צייט.

אָט דאָס איז דאָס קאַפּיטל פון דער בונדישער באַוועגונג אין סאָקאָלאָוו אין מיין צייט.

חנינה ראָטשטיין
(לאָס-אַנזשעלעס)

# דער „בונד" אין סאָקאָלאָוו

מיט די וויטערדיקע שורות פּרעטענדיר איך נישט צו שרייבן די פולע געשיכטע פון „בונד" אין סאָקאָלאָוו, ליידער איז פונעם עלטערן דור בונדיסטן, וועלכע האָבן געדענקט דאָס „פינפֿצער יאָר", דוכט זיך, ווייניק פאַראַן צווישן די לעבעדיקע, און אַזוי אויך פונעם שפּעטערדיקן פּעריאָד.




גרופּע פון יוגנט-בונד „צוקונפט"

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט-מלחמה און גלייך ביים אַנטשטיין פונעם אומאָפּהענגיקן פּוילן, געדענק איך בלויז אַ בונדישן לאָקאַל אין אהרן'ס קאָמעניצע.

די וויטערדיקע אויפלעבונג פון אַ בונדישער באַוועגונג ביי אונדז אין שטאָט, דאַטירט זיך פון יאָר 1927, און עס האָט זיך אָנגעהויבן פּאַרקערט ווי אין רוב שטעט, וווּ די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט געשאַפן אַ יוגנט-און קינדער-אָפּטיילונג (באַקאַנט אַלס יוגנט-בונד „צוקונפט" און „סקיף") — איז

ביי אונדז אינעם דערמאָנטן יאָר אַנטשטאַנען אַ בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, און שפּעטער אַן אָרג. פון „בונד" און „סקיף".

געווען ביז דעמאָלט איינצלנע בונדיסטן, וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן זייער בונדישע טראַדיציע דורך לייענען די „פאָלקס־צייטונג". דער באַקאַנטס־טער צווישן זיי איז געווען אברהם שוואַרצפאַרב. ער פלעגט אויך פאַר־שפּרייטן אייניקע נומערן פון בונדישן יוגנט זשורנאַל „יוגנט־וועקער". און אַזוי איז געשען אַז דער זשורנאַל איז אָנגעקומען צו מיר און נאָך אייניקע יוגנטלעכע באַקאַנטע. און דאַן האָבן מיר געגרינדעט אַן אָרג. פון י. ב. „צוקונפט" די גרופּע איז באַשטאַנען פון 7 יוגנטלעכע, אָבער אין אַ קור־צער צייט איז די צאָל געוואַקסן צו אַריבער פופציק. אַ לאַנגע צייט האָבן מיר נישט געהאַט קיין לאָקאַל און די אַרבעט פלעגט אָנגעפירט ווערן אין די שבתים אויפן פרייען פעלד — (באַקאַנט „הינטער די שייערן") אויפן וועג צום בערעזענעם וועלדל, און אין די פאַרנאַכטן פלעגן זיך אַלע צונויפקומען


Jednodniówka
פרייז 10 גראשן
SOKOLOWER WEKER
סאקאלאווער וועקער
1933
צו דער סאקאלאווער ארבעטער־יוגנט.

צייטשריפט פון יוגנט־בונד „צוקונפט", 1933.

אויף דער „בירזשע", וואָס איז געווען אויפן ליידיקן פּלאַץ אין פראָנט פון אונדזער הויז נעבן אַלטן בית־מדרש.

מיט דער צייט האָבן מיר געדינגען אַ לאָקאַל, און ס'האָבן זיך אָנגע־הויבן אָפּרופן עלטערע בונדיסטן, און ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַן אָרגאַ־ניזאַציע פון „בונד", פון סאָצ. קינדער פאַרבאַנד „סקיף" און אַ סאָציאַליסטי־שער האַנדווערקער־פאַרייך. אין יענער צייט שטייט צו צום „בונד" דער לערער פון די „פּאָווּשעכנע" שולן חיים לייב ווידלער. אַליין נישט קיין סאָקאָלאָווער (געשטאַמט פון גאַליציע), איז ער אָנגעקומען קיין סאָקאָלאָוו אין 1922. ווייד־לער איז געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע טוער אין דער אָרגאַניזאַציע און איר פאָרזיצער. בעת די שטאָט־ראַט וואַלן אין יאָר 1930 איז ער אויס־געווילט געוואָרן אַלס בונדישער ראַטמאַן. ווען ער איז אין 1934 פלוצים

געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק, האָט זיך אין דער לויה באַטייליקט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל. עס איז געטראָגן געוואָרן קרענץ, און צום ערשטן מאָל איז דאָן עפנטלעך געטראָגן געוואָרן אַ רויטע פאָן פון דער „צוקונפט" אָרג. צו די שלושים נאָך זיין טויט האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע אַרויסגעגעבן אַ געדרוקטע אויסגאַבע.

* * *

אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט אין אונדזער שטעטל, האָט זייער יונג אָנגעהויבן אַרבעטן, און דעריבער נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו לערנען זיך. איינע פון די הויפּט אויפגאַבן פון דער „צוקונפט" אָרג. איז געווען דאָס אָרגאַניזירן אָוונט־קורסן צו לערנען לייענען און שרייבן — אָנגעפירט דורך דעם דערמאָנטן ווידלער און רחל רובינשטיין (פרוי פון שמעון רובינשטיין), אַ געוועזענע לערערין אין אַ „צ.י.ש.אָ."־שול אין ביאַ־ליסטאָק. ביי דער „צוקונפט" האָט אויך עקזיסטירט אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט אויפפירן איינאַקטערס און סצענקעס. אַ באַ־זונדערע פרייד האָט אין לעבן פון די יוגנטלעכע אַריינגעטראָגן דאָס טרעפן זיך אין זומער־לאַגערן און צוזאַמענפליען, אַזוי האָט זיך די סאָקאָלאָווער אָרג. באַטייליקט אין צוזאַמענפליען, אין קאַלושין, שעדלעץ און וואַרשע, אויך געהאַט אַ זומער־לאַגער צוזאַמען מיט די שעדלעצער אין פּאָדניעשניע צווישן שעדלעץ און סאָקאָלאָוו, און אַ ווינטער לאַגער — אין אַ דאָרף. אין 1933 גיט די „צוקונפט" אַרויס אַן איינמאָליקע געדרוקטע אויסגאַבע ביי אונדז אין שטאָט. דער „סקיף" האָט אַרויסגעגעבן אַ זייער שיינע וואַנט־צייטונג א. נ. „חברשאַפט".

אַ גרויסער יום־טוב איז געווען דאָס אַראָפּברענגען אַ רעדנער פון וואַרשע (און סאָקאָלאָוו האָט דווקא געוואָלט האָבן די באַרימטסטע), זענען טאַקע געקומען די ח"ח ה. ערליך, יעקב פּאַט, ב. שעפנער, ד. ניימאַרק ז. אַרטור, א. א. מיט יעדער וויכטיקער וועלט־געשעעניש האָבן די יוגנט־לעכע מיטגעלעבט: צי דאָס איז געווען דער סאַץ. אויפשטאַנד אין עסטרייך אָדער דער בירגער־קריג אין שפּאַניע, ס'האָט דעמאָלט געזשומעט אין לאָקאָל ווי אין אַ בינשטאָק.

אַזוי האָט אַ יוגנט געהאָפט און געטרוימט פון אַ בעסערן מאָרגן...

W sobotę dnia 31 października o godz 9-ej w. w sali kina miejskiego odegrany zostanie dramat p. t. „OJFSZTAND"

שטאָטישער דראַמאַטישער קרייז א. נ. „שלום עליכם" אין סאָקאָלאָוו.

היינט שבת

דעם 31-טן אָקטאָבער 1936

9 אָוונט אין קינאָ-זאַל

צום 2-טן מאָל.

ווערט אויפגעפירט די דראַמאַטישע פּאָעמע אין 4 אַקטן פון י. ג. ציפּור

# אויפשטאַנד

מיטן אנטייל פון באַקאַנטן אַרטיסט מ. גאַרבאַזש פון ווארשע

---

Poniedziałek dnia 5 września o godz. 9-ej w. w sali kina mie[jskiego] odegrany zostanie dramat p. t. „DYBUK" Sz. AŃSKIE[go]

[שטאָט]ישער דראַמ. קרייז א. נ. „שלום עליכם" אין סאָקאָלאָוו.

אָנטיק, דעם 5-טן אָקטאָבער 1936 9 אָוונט אין קינאָ-זאַל

ווערט אויפגעפירט

באַרימטע מאָנומענטאַלע ווערק

# דיבוק

פון ש. אנ-סקי

[מ]יט ספּעציעל געמאָלטע דעקאָראַציעס

ס'נעמען אנטייל (לויטן א' ב'):

| | | |
|---|---|---|
| מיראַפּאָלער | מילגרוים בלימע | בתיה |
| פראַדע | מינדאַל דור | 2-טער בטלן |
| נחמן | עדעלשטיין נעמי | לאה |
| חנה אסתר | קאַגאַן משה | סנדר בריניצער |
| מאיר | קאַפּאור פרידע | ניסל |
| חנן | קאַגאַן ישראליקע | היינאך |
| [מיכ]אל און מענדל | ראָזענצווייג נחום | משולח |
| מנשה | שוסטער יואַליקע | 1-טער בטלן |
| 3-טער בטלן | | |

[...]מעלים, ייִדן, יידענעס, חסידים, רבנים.

| [ד]אַראַציעס: | בינע טעכניקער: | סופליאָר: |
|---|---|---|
| ריינהאָלד | משה וואַקשטיין | חנינא ראָטשטיין |
| (ווירשע) | יאָסל ריבאַק | |

Wydawca: CH. ROTSZTEJN, Sokolow Podl.

---

Staraniem Ż. R. K. S. „Hapoel" odegrana zostanie w dniu 14 X w sali kina miejskiego komedja w 4 aktach p. t. „Kuna Lemel"

שטאָטישער דראַמ. קרייז א. נ. „שלום עליכם" אין סאָקאָלאָוו.

די איינציקע געלעגנהייט אנצולאַכן זיך צו דער זעט.

אז לאַכן זאָל זיין געלאַכט!

אין אָוונט פון גרענעצלאָזן געלעכטער

1935 .אין דינסטיק ד. 14-טן אָקטאָבער

[ש]טעלט מיט זיך פאָר די פאָרשטעלונג מאָנטיק די הומאָרפולע.

[ע]רשטער טאָג חול-המועד) אין קינאָ זאַל ס'וועט אויפגעפירט

אין קאָמישע סיטואַציעס-רייכע קאָמעדיע.

די ביידע

# קוני לעמל

(4 אַקטן, 5 בילדער)

פון באַוווּסטן דראַמאַטורג, דעם „פאָטער פון יידישן טעאַטער" א. גאָלדפאַדן.

ס'נעמען אנטייל לויטן א' ב':

| | | | |
|---|---|---|---|
| גרינבערג עטע | ליבעלע | קאַגאַן משה | ר' פנחסל |
| זאַלצבערג לייבל | ר' שלום | שפּילמאַן גוסטע | קאַראָלינע |
| | דבקה | שוסטער יואַליקע | קלמן שרכן |

[...] אין די ראָלן אַלס ביידע קוני לעמל:

חנינא ראָטשטיין (מאַקס) — נחום ראָזענצווייג (קוני לעמל)

אין די מאַסן סצענעס: יידן, חסידים, סטודענטן, מתים א. א.

אָנהייב 9 אָוונט.

טענץ, געזאַנג.

באַמערקונג.

אנשטאָט אן ענטפער אויפן אַמעראַציע[...], פּאַסקווילע בלעטל — נאָך דער פאָרשטעלונג

אין איבערבליק וועגן דעם טעטיקייט פון דראַמ. קרייז.

Druk. „Oświata" w Sokołowie.

אַפּישן פון דראַמקרייז א. נ. „שלום־עליכם"

ביים פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, 1936.





פריוואַט־גרופּעס אין סאָקאָלאָוו צווישן ביידע וועלט מלחמות

נטע קויפמאַן
(עכו)

## מיין סביבה
(פאַר און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה)

די פּאַראַלעלע אַנטוויקלונג פון די יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען און די נייע יידישע ליטעראַטור, האָבן האַרט פאַרן ערשטן וועלט־קריג, משפּיע געווען אויף דעם קולטור־רענעסאַנס ביי אונדזער סאָקאָלאָווער יוגנט. דעמאָלט, אין 12־טן יאָר פון דעם יאָרהונדערט, וואָס איז געווען אַ יאָר פון מאָראַלישן ווי ביים יידישן כלל צוליב דעם עלילת־דם פּראָצעס וואָס די „שוואַרצע־מאה" פון



בעריש עפּעלבוים

רוסלאַנד האָט פאַרפירט קעגן דעם ייד מענדל בייליס פון קיעוו. אין יענער צייט איז געקומען פון פולאַווע קיין סאָקאָלאָוו הערשל קיט (אומגעקומען ביי די דייטשן) צו אַרבעטן אַלס זעצער אין דער נייער טיפּאָגראַפיע אין דער פּראָנ־טאָווער דירה אין דער נייער מויער פון משה סטראַג אויף דער דלוגאַ גאַס. צווישן די דעמאָלטיקע פריינט ווי שלמה האָכבערג א. א. זענען באַזונדערס צו דערמאָנען צוויי שרייבער, וועלכע האָבן זייער יוגנט פאַרבראַכט אַ

געוויסע צייט אין סאָקאָלאָוו. איינער פון זיי איז געווען בעריש עפּפּלבוים, וועלכער איז אין יענע יאָרן געוואָרן אַ סאָקאָלאָווער אײדעם. ער האָט געוווינט אויף שעראָקע גאַס, און דאָרטן געוועבט זיינע יוגנע ערשטע חלומות און זיך געגרייט שטעלן די ערשטע ליטעראַרישע טריט. ער פלעגט זיך טרעפן מיט יוגנטלעכע, מער אויפגעקלערטע אַרבעטער פון יענער גאַס און אַרומיקער סביבה און זיך אויך געקלאָגט אויף דער גייסטיקער ענגשאַפט אין קליינעם שטעטל און סוף סוף אַנטלאָפן אין דער וועלט אַריין, איבערלאָזנדיק אַ שטאַרקן רושם אויף זיינע באַקאַנטע.

דער צווייטער איז געווען דער דעמאָלט נאָך יונגער אַרבעטער שלמה שיינבערג, וועלכער איז אין די צוואַנציקער יאָרן באַקאַנט געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור אַלס אַן עסייאיסט און איבערזעצער.

דער דאָזיקער בחור, שלמה שיינבערג, דעמאָלט אין עלטער בערך זיבעצן-אַכצן יאָר, האָט געטראָגן אין זיך די שטימונגען פון דער צייט. ער איז אויך געווען אָנגעלאָדן מיט טרוימען און בענקשאַפטן פון אַ יונגן יידישן שרייבער, וואָס זוכט קאָנטאַקט מיטן יידישן כלל אין זיין לעבן, בעיקר מיט די יוגנט.

די ערשטע השפּעה זיינע איז געווען אַ גייסטיק וועלטלעכע, באַקענענדיק זיי מיט די אידעען פון דער השכלה, פון וועלכע די יוגנטלעכע האָבן שוין עפּעס געוווּסט. האָט ער זיי פאַראינטערעסירט מיט ביכער און שרייבער פון דער וועלט-ליטעראַטור געלייענט און רעציטירט זייערע שאַפונגען, כאַראַקטעריזירט און אויפגעקלערט זייערע העלדן און אידעען. דאַביי האָט ער זיך באַנוצט מיט עמאָציאָנעלע אַרטיסטישע הוויות, ארוירופנדיק באַגייסטערטע אָנערקענונג און ליבשאַפט צום ליטעראַריש קינסטלערישן וואָרט, אָבער צום מיינסטן ליבשאַפט און התלהבות האָט ער אַליין אַרויסגעוויזן, געוועקט און אַרויסגערופן ביי זיינע חברים צו די ליטעראַרישע שאַפונגען פון די באַקאַנטע יידישע שרייבער.

## חיים נח און ברוך ידידיה ווינאגורא

דער גייסטיק גרעאַטנסטער פון די יוגנטלעכע איינגייער אין הערשל קייטס דרוקעריי, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן זינט דער חברשאַפט מיט שלמה שיינבערגן, איז געווען ברוך ידידיה ווינאָגורע (אומגעקומען ביי די דייטשן), דער יונגערער זין פון דעם באַוווסטן למדן און מלמד פון דערוואַקסענע בחורים, ר׳ מרדכי זלמנס. ברוך ידידיע, ווי אַ סך אַזעלכע יינגלעך אין יענער צייט, האָט געאַרבעט אויך די אָוונטן אַוועק אין ביאַלער שטיבל לערנען און דערנאָך דערשמעקט דעם גייסט פון אפיקורסות פון זיין עלטערן ברודער חיים נח ווינאָגורע, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען פאַרהייראַט און אַלס לערנער נאָך געזעסן אויף קעסט ביי זיין שווער און שוויגער אין שעדלעץ.

## אַלטע היים

אין אָנהויב יאָר 1921, ווען איך האָב זיך געפינען אין רוסלאַנד אין שליחות פון דער פּאַרטיי „פּועלי־ציון" און נישט געקאָנט פון דאָרטן צוריק־פאָרן, האָב איך דאָרט צופעליק געטראָפן חיים נח'ן. ער איז אַהין געקומען אין סוף פון צוואַנציקסטן יאָר צוזאַמען מיט דער דעמאָלט פון פּוילן צוריק־טרעטנדיקער רויטער אַרמיי. חיים נח האָט דאַן געשפּילט אין יידישן מלוכה־טעאַטער מיט גרויס דערפאָלג.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך געזען חיים נח'ן אין יאָר 1939 אין ביאַליס־טאָק, ווו ער איז דעמאָלט געווען לייטער פון יידישן מלוכה־טעאַטער ביי דער



חיים נח ווינאָגוראַ

יידישער קולטור־סעקציע, וואָס רוסלאַנד האָט געשיקט אויף די געוועזענע פּוילישע געביטן. ער האָט זיך דעמאָלט ביי מיר פיל אויסגעפרעגט וועגן גורל פון די יידן אין פּוילן בכלל, און ספּעציעל וועגן גורל פון די יידן אין אונדזער שטאָט. ער האָט יעדן געדענקט און יעדן גערופן ביי זיין נאָמען און געוואָלט וויסן צו ער לעבט אָדער געוואָרן אַ קרבן פון די דייטשן. באַזונדערס האָט ער זיך אויסגעפרעגט וועגן זיינע עלטערן וואָס האָבן שוין נישט געלעבט. און ער האָט באַדויערט וואָס ער האָט מיט זיי נישט געקאָנט האָבן קיין קאָנטאַקט אַלע זיינע יאָרן, וואָס ער איז אין רוסלאַנד.

**ווען ער האָט פון מיר געהערט אַז זיין ברודער ברוך פלעגט זיי שיקן יעדן חודש געלט פון פּאַריז, איז ער געווען שטאַרק גערירט, עס האָט אים וויי געטון וואָס ער האָט נישט געהאַט דעם זכות צו העלפן זיינע אָרימע**

עלטערן, וועמען ער האָט שטאַרק ליב געהאַט, און באַדויערט זייער מאַטעריעלן עלנד אין סוף פון זייער לעבן.

סיי חיים נח, סיי איזיק פלאַטנער, וועלכער איז ווי אַ יידישער שרייבער אויך געווען איינער פון דער יידישער קולטור־סעקציע אין ביאַליסטאָק — בידע האָבן מיר דעמאָלט דערציילט אַז זיי שרייבן פאַרן יידישן טעאַטער אין רוסלאַנד.

פון דעמאָלט אָן האָב איך מער נישט געהערט פון חיים נח׳ן, און היינט ווייס איך נישט אויב ער לעבט. איך ווייס אויך נישט דעם גורל פון זיין קליינער משפּחה: זיין פרוי, אַ פעיקע אַרטיסטין, (זיי האָבן חתונה געהאַט אין רוסלאַנד. נאָך אין די יוגנט־יאָרן האָט זי אַרויסגעוויזן טאַלאַנט אין דער מאָלערייקונסט).

* * *

אין דעם ברודער חיים נח׳ן, האָט זיך ברוך ידידיע מתקנה געווען און אַליין אויך זיך אָנגעהויבן שטעלן פראַגן און פּילפּלען זיך ביזן אַריינטרעפן אין



אַ גרופּע מיט די שרייבער אייזיק פלאַטנערן (דער ערשטער רעכטס) און ברוך ווינאָגורען (דער דריטער רעכטס)

הערשל קייטס דרוקעריי, און פונקט אַזוי ווי אין חדר און ישיבה ביי דער גמרא, אַזוי אויך דאָ ביי חברישע שמועסן וועגן שרייבער און ביכער, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גייסטיקע רירעוודיקייט און שכלדיקע קלאָרקייט ביים אָפּשאַצן די באַהאַנדלטע ווערק און זייערע שעפער. ער איז דערפאַר באַלד געוואָרן און געבליבן דער איניציאַטאָר פון די דעמאָלטיקע חברישע צוזאַמענטרעפן אין

פאַרווילדונגען אין דער דרוקעריי, סיי אין דער צייט פון שלמה שיינבערג — און סיי נאָכדעם ווען דער לעצטער האָט אונדזער שטעטל פאַרלאָזט.

אַדאַנק ברוך ידידיען איז די דרוקעריי איך משך פון אַ פּאָר יאָר געווען אַ גייסטיקער צענטער, צו וועלכן עס האָט געצויגן אַלע יוגנטלעכע, וואָס האָבן געדורשט נאָך וויסן, קולטור און געזעלשאַפט. ממילא האָבן זיך אונטער זיין איינפלוס באַרייכערט די אידעען פון זיינע נאָענטע חברים, און דורך זייער השפעה האָט זיך אויך געריפּט דאָס דערוואַכנדיקע קולטור־ און געזעלשאַפטלעכע באַוווסטזיין פון געוויסע קרייזן יוגנטלעכע אין אונדזער שטאָט אין אַלגעמיין. אַז די צייט איז געקומען, און די פּאַסירונגען אין גאַנג פון ערשטן וועלט־קריג האָבן אומדערוואַרטעט געבראַכט דעם אונטערגאַנג פון דער צאַרישער רוסישער אָקופּאַציע אין פוילן, און דערמיט געשאַפן די מעגלעכקייט פאַר געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע איניציאַטיוו און אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פריער אין אַלע יאָרן געווען פאַרבאָטן. בעת די יידישע מאַסן, דערוועקטע פון גייסט פון יענער צייט צו קולטור־געזעלשאַפטלעכע באַנייונג, האָבן נויטיק געהאַט וועגווייזערישע איניציאַטיוו, איז ברוך ווינאָגורא געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכער פירער און פאָלקס־טריבון אין שטאָט.

זיינע איבעראַשענדיקע רעדעס האָבן געצינדן דאָס באַוווסטזיין אין די הערצער פון די מאַסן צוהערער און גערופן צום לעבן אינסטיטוציעס וואָס האָבן נאָך קיינמאָל אין סאָקאָלאָוו נישט עקזיסטירט: די אַלגעמיינע יידישע ביבליאָטעק, לייען־זאַל און דראַמאַטישער קרייז; שפּעטער — פּאָליטישע פּאַרטייען, די „אַרבעטער־היים", פּראָפעסיאָנעלע פּאַראייניגן,׳ באַראָכאָוו־שול און אַנדערע.

אָבער נישט בלויז אויף דער קליינער טריבונע פון סאָקאָלאָוו האָט ברוך ווינאָגורע געווירקט. אין זיין יוגנטלעכן עלטער ווייזן זיך שוין אַרויס זיינע גייסטיק געזעלשאַפטלעכע פעיקייטן אויף די טריבונעס פון די שטעט און שטעטלעך אין קאָוונער ליטע, וווּ־אַהין דער אומרויִקער געזעלשאַפטלעכער גייסט פון יענער צייט האָט אים, צוזאַמען מיט זיינע צוויי נאָענטסטע חברים, געבראַכט.

אַזוי ווי אין זיין געבוירן שטאָט סאָקאָלאָוו, האָבן אויך דאָרטן אין ליטע, די יידישע מאַסן זיך באַגייסטערט פון זיינע קלינגענדיקע, איבערצייגנדיקע רעפעראַטן וועגן טעאָריע און פּראָגראַם פון דער נייער יידישער אַרבעטער פּאַרטיי „פּועלי־ציון". זענען אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס אויפגעקומען אין אַלע שטעט פון לאַנד — און ביי יעדער אָרגאַניזאַציע — די קולטורעלע געזעלשאַפטלעכע און פּראָפעסיאָנעלע אינסטיטוציעס. ביי דער געלעגנהייט וויל איך דערמאָנען אַז אין יענער צייט, אין יאָר 1919, האָבן מיר אַלע אין ליטע אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסע אָפּגעשטאַנענקייט. קיין שום פּאַרטיי — ציוניסטישע אָדער בונדישע א. א. וו. האָט נישט עקזיסטירט. אָבער נאָכדעם ווי עס זענען פּאָפּולער געוואָרן די „פּועלי־ציון" אָרגאַניזאַציעס, וואָס ווערן אין די שטעט און שטעטלעך געשאַפן, האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון זייער שלאָף ציוניסטישע, בונדיסטישע און קאָמוניסטישע פּאַרטייען.

זיינע נייגונגען צום שרייבן האָבן זיך אין אים דערוועקט אין זיין יוגנט־לעכן עלטער. צו 18 יאָר שרייבט ער צום ערשטן מאָל וועגן י. ל. פּרץ, און זינט דעמאָלט האָט ער געשריבן און געהאַלטן פאָרלעזונגען אויף ליטעראַרישע טעמען. נאָכן באַזעצן זיך אין פּאַריז, ביים סוף פון די צוואַנציקער יאָרן, ווידמעט ער זיין פרייע צייט (ער איז דעמאָלט געווען אַ טריקאָטאַזש אַרבעטער) אויף שרייבן ליטעראריש קריטישע אָגהאַנדלונגען איבער ביכער פון יידישע שרייבער אין אַמעריקע.

נאָך צוויי יאָר מאַטערניש און מאַטעריעלע נויט און דחקות, ביי דער פולער איבערצייגונג אַז די אַרבעטער־באַוועגונג אין ליטע איז שוין אויסגע־וואַקסן צו אַ געהעריקער הויך, פאָרט ברוך ידידיע ווינאָגורע אַריבער פון ליטע קיין דייטשלאַנד אין דעם אינדוסטריעלן צענטער פון לאַנד (אין „רור־געביט״), און גייט אַרבעטן אין אַ קוילן־גרוב. דאָרט אַרבעט ער אָפּ זעקס וואָכן. ער ווערט ביי דער אַרבעט פאַרחלשט. דער דאָקטאָר שטעלט פעסט הויכע טעמפּע־ראַטור און אַן אַנצינדונג אין בויך, און פאַראָרדנט צו פירן אים אין שפּיטאָל. (אַן ענלעכן גורל האָט אַ ביסל שפּעטער אויך געהאַט זיין חבר, דער שרייבער פון די שורות. מיט וועמען ער האָט צוזאַמען פאַרלאָזט ליטע. און געלאָזט זיך קיין דייטשלאַנד זוכן דעם „בלויען פויגל״ פון דעמאָלט אַזויפיל געלויבטער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג).

אויפן דריטן טאָג פון מיין זיין אין שפּיטאָל האָב איך דורך די גרויסע נידריקע פענצטער באַמערקט ברוך ווינאָגורס אויסגעמאַטערטע געשטאַלט בלאָנדזשען און זוכן דעם אַריינגאַנג. איך האָב אים גערופן, ער האָט אויסגע־לאָדן זיינע קעשענעס און אויסגעלייגט אַרום מיר כל המינים פרוכטן פון די טייערסטע סאָרטן. ווען איך בין אַרויס פון שפּיטאָל האָב איך אים ווידער געפונען אַ קראַנקן אין אַן אַנדער שפּיטאָל.

וועגן ברוך ידידיען אַלס געזעלשאַפטלעכער פּאָליטישער פירער, און טאַלאַנטירטער רעדנער, געדענקען נאָך זיכער די לעבנגעבליבענע יחידים, די שארית־הפליטה פון די יידישע מאַסן פון די שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, ליטע און פּאַריז אָדער אין אַנדערע לענדער פון דער וועלט. זיין ליטעראַרישע ירושה — קריטיק איבער ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור — וועט, האָפנט־לעך, מיט דער צייט באַקומען אַ תיקון.

אויך זיין פרוי, די דיכטעריין און קונסט־מאָלערן חנה קאָוואַלסקי, (טאָכ־טער פון וולאָצלאַוועקער רב קאָוואַלסקי), האָט פון אירע גרויסע מעלות נישט געמאַכט קיין וועזן. איר ליטעראַריש וויסן און באַדייטנדיקן אינטעלעקט האָט זי תמיד אַרויסגעבראַכט אין פאָלקסטימלעכער, האַרציקע מענטשלעכקייט. דאָס איז געווען איר טבע, דערפאַר האָט זי קיינמאָל נישט געגעבן צו פילן איר יחוסדיקן אָפּשטאַם, און געווען אידעאַליסטיש און גלויביק אין מענטש און אין זיין צוקונפט, אין דער יידישער מאַסע, און שטענדיק אינספּירירט איר מאַן

צו געזעלשאַפטלעכער און ליטעראַרישער אַרבעט, זיך תמיד דעצידירט אויף אַ שווער לעבן.

דערפאַר איז זי געווען ברוכן אַ חבר, אַ מענטשלעכער פריינט, ביז צו זייער טראַגישן אומקום דורך די דייטשע מערדער.

## חיים-לייב האכבערג

צווישן די ייִנגעלייט, וואָס האָבן אין אָנהויב צוואַנציקער יאָרן זיך דער־נענטערט צו אונדז, איז אויך געווען חיים לייב האָכבערג, דער העברעישער לערער, וואָס איז יונגערהייט געשטאָרבן אין דער קרעסן־שטאָט קאָוועל, ווו ער האָט די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געאַרבעט אַלס לערער אין דער דאָרטיקער „תרבות"־שול און גלייכצייטיק געווען עסקן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין וואָלינער ראַיאָן.



פאָלקסשול מיטן לערער חיים לייב האָכבערג

חיים־לייבן האָב איך צום ערשטן מאָל באַקענט, ווען איך האָב געלערנט ביי זיין טאַטן אין חדר (ברוך יוסף מלמד ז"ל) ער האָט שוין דעמאָלט געלערנט אין ישיבות אין דער פרעמד און געווען פיל יאָרן עלטער פון מיר. איך געדענק, אַז יעדעס מאָל ווען ער איז אַהיים געקומען אויף אַ יום־טוב, איז ביי זיינע עלטערן געווען אַ גרויסע פרייד, ווייל ער האָט געקענט אין יעדן ספר, ווו זיין פאָטער האָט אים פאַרהערט; צומיינסטנס האָט זיך געפרייט זיין האַרציקע מאַמע און גוטע רביצין שיינדל. חיים־לייב איז געווען פאַר איר אַ נחת און אַ טרייסט אין אָרימען לעבן. „ער באַגערט צו לערנען" — פלעגט זי שמייכלענדיק זאָגן — און די שכינה „רוט אויף זיין קאָפּ". זי ווייסט נישט — פלעגט זי זאָגן —

וואָס אין איר חיים לייבלען איז שענער: זיין נשמה אָדער זיין גוף; זי ווייסט נאָר, אַז ביידע ליכטיקן איר האַרץ.

אין די ערשטע יאָרן פון נאָך דער גרויסער שריפה, איז ער אויך געווען צווישן די דערוואַקסענע בחורים לערנערס וואָס זענען געצוווּנגען גע־וואָרן צו זוכן אַ מעמד אין לעבן. ער איז אַראָפּגעקומען פון די ישיבות אין דער פרעמד, חתונה געהאַט און געוואָרן אַ מאָדערנער לערער, אַ משכיל, וואָס האָט מיט זיין קורצער קליידונג, ראַזירט פּנים, שיינעם קאָפּ האָר און אייראָ־פּעישע מאַניערן, אימפּאָנירט די אַרבעטער יוגנט, וואָס זענען געלאָפן צו אים זיך לערנען שרייבן.

דערקענט האָב איך חיים־לייבן נאָך אונדזער צוריקקער פון אויסלאַנד. פּונקט ווי אַנדערע געוועזענע לערנערס, איז ער פריי און אָפן געגאַנגען אויפן וועג פון ידיש נאַציאָנאַלן קולטור־רענעסאַנס און זיך באַגייסטערט מיט יעדער וועלטלעכער קולטור דערשיינונג.

מיר, די חברה, וואָס פלעגן צו אים קומען, האָבן זיך שנעל איינגעלעבט מיט אים, זיין איידעלער פרוי אסתר און זיינע צוויי שיינע מיידלעך, — שרה׳לע און חנה׳לע. ער האָט אונז חבריש צונויפגעפירט מיט די לערערס און לערערקעס פון דער פאָווּשעכנע שול פאַר יידישע קינדער, מיט וועלכע ער האָט דעמאָלט צוזאַמענגעאַרבעט אַלס לערער פון רעליגיע.

שרייבנדיק וועגן דער לערערשאַפט, דאַרף איך דערמאָנט ווערן די „פּוילישע פאָווּשעכנע שול". פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט איז די שול געווען אַנגעוואָרפן די יידישע קינדער, וואָס האָבן זיך געגוויטיקט אין אַ שול אין גייסט פון לעבן און קולטור פון זייער פאָלק אין אונטעריכט פון זייער מוטער־שפּראַך. די קינדער וואָס זענען אַדורכגעגאַנגען אפילו אַלע „אָדזשיאַלן" האָבן קיינמאָל נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון רייפע, מיט קענטענישן, פאַרקערט: אַלעמאָל, ביי יעדער געלעגנהייט, האָט זיך אַרויסגעוויזן די נישט גענוגנדי־קייט, נישט דערגאַנגענקייט אין די לימודים וואָס זיי האָבן געלערנט.

## אברהם שמחה האָכבערג

אין דער חברישער גרופּע איינגייער אין הערשל קייטס דרוקעריי זענען געווען די צוויי ברידער, אברהם שמחה און שלמה מאיר האָכבערג. — ר׳ ברוך יוסף מלמד׳ס צוויי זין, וואָס האָבן נאָכגעטון דעם ביישפּיל פון נאָך אַזעלכע דערוואַקסענע יינגלעך, פון נאָך דער גרויסער שריפה פאַראָרימטע משפחות, און זענען געוואָרן קאָמאַשנמאַכער. זיי האָבן זיך אַריינגעטראָפן אין דער חברותא פון דער דרוקעריי און אַרויסגעוויזן בקיאות אין די חברישע שמועסן וועגן ביכער און שרייבער, מיטמאַכנדיק סיי דאָס „האַזאַרדישע" שאָך־שפּילן און סיי די פריילעכע פאַרוויילונגען, וואָס איז צווישן די חברים דאָרטן אָנגעגאַנגען. נאָר נאָך מער ווי אַלע אַנדערע חברים, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער שטילער

סענטימענטאלער און א ביסל צוריקגעהאלטענער אברהם שמחה, איז זיך מתקנא אין די דיכטער און שרייבער וועלכע ער לייענט... באהאלטן און שטיל האט ער געזאמלט אין זיינע בוזים-קעשענעס שטיקלעך פאפיר מיט אייגענע דיכטערישע שאפונגען. נאר פאר יחידי סגולה האט ער זיין סוד פון שרייבן אויפגעדעקט, און נישט פרעגנדיק קיין מבינות האט ער זיי נאכן אדורכלייענען שנעל צוריק באהאלטן...

שוין נאכדעם ווי שלמה שיינבערג איז געווען אוועקגעפארן פון סאקאלאוו, איבערלאזנדיק א בענקשאפט ביי יעדן אין הארץ — און חברה האט דערפילט אז זיי זענען אינגאנצן אראפ אויף אייגענע ליטעראַרישע קעסט, און די חברשאפט צווישן זיי איז געשטארקט געווארן, בין איך אויך געווען איינער פון די, וועמען אברהם שמחה האט זיין סוד פארטרויט. פון די פיל שטיקלעך פאפיר, פארשריבענע מיט קליינע לידער, וואס ער פלעגט מיר פארלייענען, געדענק איך אויך אזעלכע פערזן וואס האבן געהאט אין זיך רייפקייט פון דיכטערישער שאפונג:

אט איז א ביישפיל פון פערזן וואס האבן בערך אזוי געקלינגען:

„פארוואס שטראלן און פינקלען די שטערן ביינאכט?
זייער ליכטיקייט — ווי ווערט זי געמאכט, ווי ווערט זי געמאכט?
די נאכט, די נאכט איז דאך א פינצטערער תהום, —
און די שטערן, ווער צינד זיי אין רוים?...
און פונוואנעט דער כוח פון די שטערן צו שטראלן,
און אין תהום-פינצטערניש נישט ווערן פארפאלן?
איז אפשר די שטערן צו מענטש צו גלייכן,
ס'איז יעדער געלאדן מיט א הארץ א רייכן.
און יעדנס הארץ פון ליבשאפט נאר טראכט,
און אין ליבשאפט איז ער גובר די נאכט?!"

איך געדענק, אז אלע זיינע לידער, וואס ער האט מיר געלייענט, זענען געווען געשריבן אויף ראמאנטישע טעמען. די פערסאנאזשן זענען געווען שטערן און געליבטע. דאקעגן פון דער נויט, אין וועלכע ער איז געווען געבוירן און געוואקסן, האט ער מיט קיין שורה נישט דערמאנט...

פון דחקות וואס ער האט געליטן און אנהויב פון ערשטן וועלט-קריג, איז אים דאס הארץ אפגעשוואכט געווארן. זיינע חברים וואס האבן זיך אליין אויך דעמאלט אין דחקות געמאטערט צוזאמען מיט זייערע עלטערן, ווייל א סך ידישע פרנסות זענען געווען אונטערגעגאנגען, האבן אים וויניק געקאנט העלפן. ער איז קראנק געווארן און האט זיך א צייט געמאטערט אויף זיין געלעגער, און א טאג פארן שטארבן געמאלדן זיינע ארומיקע, אז ער „וועט באלד איינשלאפן אויף אייביק"...

דער דאזיקער אומגעריכטער, אויסטערלישער טויט פון דעם יונגן אברהם

שמחה׳ן, האָבן זיינע חברים באַטראַכט ווי דעם „ערשטן קרבן״ וואָס דער סאָציאַלער מולך האָט פון זיי אַוועקגעריסן.

## בצלאל פרידמאַן

### און די יידישע פאָלקס־שול אין סאָקאָלאָוו

צווישן די יידן וואָס ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דער צאַרישער מלחמה הויפּט־קאָמאַנדיר האָט באַפוילן צו פאַרטרייבן פון זייערע באַזעסענע שטעט און דערפער אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג, זענען געוועזן וואַנדערנדיקע היימלאָזע משפחות, וואָס האָבן אין סאָקאָלאָוו געפינען זייער מקום מנוחה. איינע פון די משפחות מיטן נאָמען פרידמאַן, געשטאַמט פון בריסק, האָט באַלד אין אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע געעפנט אַ קליינע „טשיינע״ (טייהויז) אין דעם טויער פון ג.ד ראָזענבוים אויף דער דלוגע־גאַס.

די איינגייער אין דער „טשיינע״, וואָס זענען באַשטאַנען פון אין די דחקות לעבנדיקער אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, האָבן זייער הונגער אַ ביסל געשטילט מיט קליינע פּאָרציעס שוואַרץ ברויט, — טיי אָדער קאַווע, געזיסט מיט „סאַכאַרינקעס״, וואָס מען האָט דאָרטן באַקומען צו קויפן.

אין דער „טשיינע״ אָדער אין דרויסן ביים אַריינגאַנג, פלעגט זיך אַמאָל באַווייזן און באַלד צוריק פאַרשווינדן אַ סטודענטיש געקליידעטער, שלאַנקער, שוואַרצהנעוודיקער בחור, וועלכער האָט געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, אָבער מיט קיינעם נישט פאַרבונדן קיין באַקאַנטשאַפט דאָס איז געוועזן דער זון פון דעם אייגנטימער פון דער אָרימער „טשיינע״. זיין נאָמען איז געוועזן בצלאל פרידמאַן, וועגן וועמען זיין פאָטער האָט דערציילט, אַז ער איז צוליבן קריג געצוווּנגען געוואָרן איבערצורייסן זיין שטודיום אויפן פילאָלאָגישן פאַקולטעט.

דער דאָזיקער בצלאל פרידמאַן וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון א שטילן פארחלומטן און זיך צוריקהאַלטנדיקער יונגער בחור, איז נישט בייגעשטאַנען דעם גייסט פון יענער צייט; די כוואַליעס פון געזעלשאַפטלעכן און פאָליטישן אויפשטייג, האָט דעם רוב יידישע אַרבעטער געבראַכט אין די רייען פון די אַרבעטער פאַרטיי „פועלי־ציון״ און איר גרויסן לאָקאַל פון דער „אַרבעטער־היים״. צוליב דעם וואָס פרידמאַנס סענטימענטן זענען געוועזן פאַר ליטעראַטור און פעדאַגאָגיק, אין וועלכע ער איז שטענדיק עוסק געוועזן און אַרויסגעוויזן פעיקייטן און באַגייסטערונג, האָט מען אין זעלבן יאָר 19.6 געעפנט אָוונט־קורסן פאַר יוגנטלעכע און דערוואַקסענע, אַ דאַנק דעם דערפאָלג פון די אָוונט־קורסן ווו פרידמאַן איז געוועזן הויפּט־לערער, וואָס זענען באַזוכט געוואָרן פון פיל צענדליקער פון די אָרימסטע פאָלקס־קרייזן, האָט די פאַרטיי אין יאָר 1917, מיט פיל אָנשטרענגונג געעפנט די פיר קלאַסיקע יידישע פאָלקס־שול פאַר קינדער אין יענער צייט פון די געציילטע יידישע פאָלקס־שולן אין

פוילן מיט דער יידישער אונטעריכטס־שפּראַך, כאָטש פּעדאַגאָגישע האַנטביכער פאַר יידישע שולן איז נאָך דעמאָלט געווען קנאַפּ, איז שוין אָבער רייך געווען די יידישע מאָדערנע ליטעראַטור מיט קלאַסישע און אָריגינעלע שאַפונגען און דערמיט געזיכערט דעם דערפאָלג פון דער מאס בילדונג און דערציִונג פאַר די קינדער פון דער פאָלקס־שול. אויך די עלטערן, פון די שילער זענען געווען צופרידן מיט אונדזער פאָלקס־שול און קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט זייער קליינעם צושטייער.

די פינאַנציעלע באַזע פון דער פאָלקס־שול זענען געווען די סובסידיעס פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „פּועלי־ציון" און די איינקונפטן פון די טעאַטער פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן פון „דראַמאַטישן קרייז", וואָס האָט עקזיסטירט ביי דער „פּועלי־ציון" אין סאָקאָלאָוו. אַ חוץ בצלאל פרידמאַן האָבן געאַרבעט אַלס לערער, געשיקטע פון וואַרשעווער צענטראַל־קאָמיטעט פון „פּועלי־ציון" די סטודענטן: פּייוול סאַמעט און האָלצקענער, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט מיט זייערע משפחות באַזעצט אין סאָקאָלאָוו.
ס'איז כדאי צו באַמערקן אַז דער לערער האָלצקענער איז געווען אַ סטודענט פון מעדיצינישן פאַקולטעט, צוליב דער מלחמה געמוזט איבעררייסן זיין שטודיום און אויסגעוויילט זיין פּאָליטישע צוגעהעריקייט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

נאָכן אויפשטיין פון זעלבסטשטענדיקן פוילן, פּאָרט בצלאל פרידמאַן אַוועק קיין אַמעריקע, און דאָרט ווערט ער איינער פון די אָנגעזעענסטע לערער און טוער פון דעם יידישן שול־וועזן. שרייבט אויך פאַרעפנטלעכט לירישע לי־דער אין מיטן פון זיינע יונגע בליענדיקע יאָרן געשטאָרבן.

אַלע לערער האָבן געהאַט געבוג פאַרשטענדעניש און ליבשאַפט צו די קינדער, וועלכע זיי האָבן דערצויגן; אַלע אָן אויסנאַם האָבן געשטאַמט פון פאַראָרימטע יידישע עלטערן, און מסתמא מיט גרויסע שוועריקייטן אַדורכגע־גאַנגען די יאָרן פון שטודיום.

עס איז געווען צווישן זיי איינע אַ ציוניסטקע (קעזמאַן) איינע פון „בונד" (מאַניע) און די לערערקע לוקסענבורג און סאָלאָוואַנטשיק זענען געווען אומ־פּאַרטייאישע, אמתע פאָלקס־קינדער. די מערהייט פון זיי אַלע האָבן געאַרבעט אין סאָקאָלאָוו זינט אַלע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער „פוילישער פאָוו־שעכנער שול". ביז אין סוף יוני 1939 יאָר.

חוץ דעם לערער יעקב גרינבערג און זיין פרוי די לערערין מאַניע אַראַבטשיק וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה יאָרן אין רוסלאַנד, און אויך די לערערקע קעזמאַן, איז נישט באַקאַנט ווער פון די אַנדערע לערער ס'האָט זיך געראַטעוועט פון אומקום...

כבוד זייער אָנדענק.

# שלמה שערצמאַן

נאָך איינער, אַ יונגער בחור, האָט זיך שוין אין אָנהויב פון דער דיטשער אָקופּאַציע אין יאָר 1915, באַוויזן אין שטאָט. ער פלעגט איילנדיק שטענדיק אַדורכלויפן די גאַסן ווי אַ פרעמדער, וואָס וויל גאָרנישט זען און מיט קיינעם נישט האָבן קיין מגע ומשא... אויך ער איז געווען סטודענטיש געקליידעט. נישט האָבנדיק אויף זייך לענגלעכן ברונעטן פּנים קיין ספּעציעלע שטריכן פון יידישן אָפּשטאַם, האָבן נייגעריקע „אַלצוויסער" אין שטאָט געפּסקנט אַז דאָס איז „אַ דייטש", וואָס אַרבעט אין דער „רעבערזשע" ביים קריית־שעף און „האַלט זיך אויף" אין דער אכסניה פון פיניע הערש לייזערס אויף ווענגראָווער גאַס.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז דאָס איז אַ ייד. און אַרבעט אַלס דער ערשטער סעקרעטאַר ביים קרייז־שעף, באַהערשט עטלעכע שפּראַכן, אַ הוץ „אַ ביסל ידיש"... יידישע קולטור איז אים געווען פרעמד, צו יידיש לעבן, נישט צוגעוווינט, דערפאַר אָבער מיט אַ סך פאַרשטענדניש און נייגעריקייט פאַר אַלצדינג, וואָס עס טוט זיך אויף דער יידישער גאַס — דאָס איז געווען שלמה שערצמאַן...

אַ פּנים אַז אויך צו אים איז דערגאַנגען דעמאָלט דער אויפלעבונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן ביי דער יידישער יוגנט אין שטאָט, און עס האָט אים געצויגן אַרויסצוגיין פון די אָרימע נודנע חדרים, פון דער אכסניה, ווו ער האָט בלית־ברירה געוווינט נאָך דער אַרבעט אַזוי ווי ער איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער שאַך־שפּילער, האָט ער אוודאי געזוכט מיט וועמען זיין ליידנשאַפט צו שטילן, ביז ער האָט זיך דערפרעגט צו הערשל קייטס דזוקעריי און גלייך אונדז חברה פאַרגעלייגט צו מאַכן מיט אים אַ פּאַרטיע, און בעטן שפּילן אונדז איבעראַשט מיט זיינע נייע געגנג און געניאַלע פּראָיעקטן און דערמיט געוווּנען אונדזער אָנערקענונג. ער האָט אויך געווינען פּאַרטיעס, וואָס ער האָט געשפּילט „בלינדערהייט"... קורץ נאָכדעם איז ער געקומען אין „אַרבעטער־היים" כדי שפּילן שאַך. אויך „בלינדערהייט" און געווינען ביי עטלעכע פּאַרטנערן מיט אַמאָל. ענדלעך האָט ער דערקלערט, אַז עס פאַרכאַפּט אים דער גייסט פון דער יידישער מאַסע, וואָס ער זעט יעדן אָוונט אין דער „אַרבעטער־היים"; אַז ער איז אַנטציקט פון די דיסקוסיעס וואָס מען פירט דאָרט איבער ליטעראַטור און פּאָליטישע פראַגן, דערפאַר בעט ער מ'זאָל אים דערלויבן צו דעקלאַרירן זיך אַלס חבר אין דער פּאַרטיי „פּועלי־ציון".

פון דעמאָלט האָט זיך זיין „שאַך ליידנשאַפט" איבערגעצינדן אויף געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פאַרן יידישן אַרבעטער־קלאַס, און אָריענטירנדיק זיך שנעל אין פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי, איז ער געוואָרן אַ ליידנשאַפטלעכער רעדנער.

**און הגם דאָס רעדן איז אים אָנגעקומען שווערלעך, (און מיט דעם**

יידישן לשון אויך אַ ביסל געמאַטערט זיך), פונדעסטוועגן האָט ער זיינע צו־הערער באַלד געווינען. מיט יראת הכבוד זענען זיי געזעסן און גוט איינגע־הערט זיך, וואָס דער חבר שערצמאַן רעדט.

כאָטש ער האָט געהאַט אַזאַ הויכע שטעלע ביים „קריית־שעף", פונדעס־וועגן איז ער געוואָרן דער מיט־שותף אין די שווערסטע קאָנספּיראַטיווע פּלע־נער אין פּאָליטישע אַקציעס פון דער פּאַרטיי. אין דער פּלאַנירונג און דורכפירונג פון אַ גרויסע אַרבעטער פאַרזאַמלונג אין וואַלד, דעם ערשטן מאי פון 1917 א. א.

וועגן זיין אָפּשטאַמונג און היים האָט ער אונדז קיינמאָל גאָרנישט דער־ציילט מ׳האָט אָבער געשמועסט אַז ער שטאַמט פון אַ פּאַראָרימטער בעל־הבתישער שטוב אין שעדלעץ, וואָס האָט זיך דערוויייטערט פון דער יידישער סביבה. זיין מוטער, אַן אלמנה, האָט געשטרעבט, אַז איר זון זאָל ענדיקן די הויך־שול און באַקומען אַ דיפּלאָם, וואָס איז אין דער צייט פון דער רוסישער הערשאַפט פאַר יידן געווען שווער צו דערגרייכן. מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה זענען די האָפענונגען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן... נאָכן פּאַרטרייבן די דייטשן פון פוילן, האָבן מיר געטראַכט, וועלן מיר אים שוין בכלל נישט זען, ווייל דאָס לעבן וועט אונדז פאַרטראָגן אויף פאַרשידענע וועגן פון דער וועלט. אין זכרון וועט יעדער טראָגן די דערמאָנונג פון לעבן און אונדזער געבוירנשטאָט.

באַשערט איז אָבער געווען מיט שערצמאַנען נאָכאַמאָל צו טרעפן זיך אָבער שוין נישט אין פוילן, נאָר אין ליטע. אין די זומער חדשים פון 1919 האָבן מיר אויף די גאַסן פון קאָוונע דערזען שערצמאַנען אין אַ טרויעריקן מצב: זיין הויכע, נישט סימעטרישע פיגור איין אָפּגעטראָגענע קליידער, זיין פּנים קרענקלעך בלאַס, אָפּגעמאָגערט און זיינע אויגן — אויסגעלאָשן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז פּונקט אַזוי ווי מיר, האָט ער פאַרלאָזט זיין היימלאַנד און געלאָזט זיך אין דער וועלט אַריין זוכן דעם בלויען פויגל פון פרייהייט. און דאָס דאָרטיקע פּאָליציי־געריכט האָט אים פאַרמשפט אויף 25 שמיץ און דריי חדשים טורמע פאַר אַריבערגיין אומלעגאַל די גרענעץ. צוליב דער טאָר־טור, איז ער נאָך קראַנק געווען פון די ווונדן אויפן לייב. דאָך האָט ער שוין געאַרבעט אַלס איבערזעצער אין איינעם פון די ליטווישע מיניסטעריומס. ער איז געווען מוטלאָז, און מער צו אונדזער פּאַרטייאישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס. ווען זיין געזונט האָט זיך געבעסערט איז ער אַ פּאָר מאָל אַראָפּגעקומען צו אונדז קיין „ווילקאָווישקי", ווו עס האָט זיך געפינען אונדזער וווינאָרט אין דעם הויפּט־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

ער האָט חתונה געהאַט מיט איינער פון אונדזערע בעסטע חברטעס אין ליטע, אייגע ראָזענבוים. אַן אָפּשטאַמיקע פון אַ בכבודיקער סוחרישער שטוב.



אַ יוגנט גרופּע אין יאָר 1919



תרבות בית־ספר מיטן לערער גד זאַקוקאָווסקי

פנחס ראפאלאוויטש
(תל־אביב)

# בתי תפילה אין סאקאלאוו

נאָכן חורבן בית המקדש איז די שול און בית המדרש געוואָרן דער גייס־טיקער־צענטער, דער מרכז רוחני פון יידישן פאָלק.

די חז״ל רופן זיי אן „מקדש מעט״, אויף דעם פסוק „ואהי להם למקדש מעט״ זאָגט די גמרא „אלו בתי כנסת ובתי מדרשות״ (מגילה כ״ט)

אין דעם שווערן גלות וועג האט דער ייד אין זיי געהאַט דעם שוץ־פונקט קעגן אַסימילאַציע; זיי האָבן געשטאַרקט זיין קשר מיטן בורא־העולם און תורה, דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלע אייניקייט, דעם יסוד פון אָרגאַניזירן סאָציאַלע הילף פאר די נויטבאַדאַפטיקע אין די ראַמען פון כלל ישראל.

צוזאַמען מיטן חורבן סאָקאָלאָוו זענען אַוועקגעקומען פאַלגענדע 21 בתי תפילה, אין וועלכע ס׳ האבן געדאַוונט טויזנטער יידן. צווישן זיי — גרויסע בתי תפילה, ווו מ׳האט געדאַוונט טעגליך ביי טאָג און ביי נאַכט, און דאָס קול תורה האָט נישט אויפגעהערט אַ גאנצן מעת לעת, ווי אויך קלענערע בתי תפילה, ווו מ׳האָט געדאַוונט נאָר שבת און יום־טוב

*

די גרויסע שול האָט זיך געפונען אין א שיינעם גרויסן בנין, וואָס איז אויפ־געבויט געוואָרן נאָך די שריפה אין יאָר 1910 אויף בוזשניצקא גאַס.

אין דער שול האָט געדאַוונט א חזן וואָס האָט באַקומען מאָנאַטליכן געהאַלט פון דער קהילה, דער לעצטער שול־חזן איז געווען ר׳ אשר מאנדלבוים, דער מחותן פון ר׳ מענדל דעם רב׳ס. ער האט פיל יאָרן געוווינט אין ווארשע, געווען אן עושר, שפעטער געוואָרן אַ יורד. אין רעזולטאַט פון זיין לאַגע האָט ער אָנגע־נומען דעם אַמט אַלס חזן אין דער סאָקאָלאָווער שול ער איז געווען אַ בן־תורה, געדאַוונט נוסח חסידים, געזונגען וואָרקער און מאדזשיצער נגונים, געוון מער בעל־תפילה ווי חזן, זיינע תפילות זענען געווען אויסגעפילט מיט יראת שמים. אין די ימים הנוראים האט ער געדאַוונט אין שול נאָר שחרית.

איבער 40 יאָר איז ר׳ חיים שמואל ראָזנבוים געווען דער ימים הנוראים בעל מוסף פון דער שול. ער האָט פאַרמאָגט א שיינע לירישע שטימע און געדאַוונט ראש־השנה און יום־כפור אן ר׳ חיים שמואל׳ן אלס שליח ציבור.

דער קאָזשניצער מגיד זצ״ל האט געזאָגט אז אין דעם ניגון וואָס אַ ייד זינגט שפיגלט זיך אָפּ זיינע מעשים אין דעם אַלטעגליכן לעבן. אין די נגונים און תפילות פון ר׳ חיים שמואל׳ן האָט זיך אויסגעדריקט זיין איידעלע נשמה און מידות טובות.

2 מנינים האבן שבת געדאַוונט אין שול. א מנין וואָס האָט זיך גערופן „השכמה״ ז״י האבן געדאַוונט באַגינען, און שפּעטער — דער צווייטער מנין.

די פאַרטרעטער פון שול־גבאיביים „השכמה״ מנין זענען געווען ר׳ הערשל רייזמאַן און ר׳ פסח ניידאָרף.

גבאים: די שול האָט נישט געהאַט קיין ספּעציעלע פאַרוואַלטונג. די מת־פּללים האָבן געוויילט אַ גבאי, וועלכער זאָל זאָרגן פאר אלע שול־באַדערפענישן. ביי א גרעסערע זאַמל־אקציע, ווי צום ביישפּיל פאַר רעמאָנט א.ד.גל. האט דער גבאי צו הילף איינגעלאַדן אַנגעזעענע שול בעלי־בתים.

אין משך פון די לעצטע 15 יאָר פארן חורבן זענען אין געוויסע צייט־אבשניטן, געווען גבאים: ר׳ איציל ווייסבערג (מיליכיקער) בנימינטשע רובינש־טיין, ר׳ בנימין עלינבערג און ר׳ ראובן פענציק. סאיז כדאי צודערמאָנען אז בנימינטשע רובינשטיין האָט אין קאדענץ אדורכגעפירט אַ גרונטלעכן אינער־ליכן און אויסערליכן רעמאָנט פון דער שול און אויך ווערבירט צווישן די מתפללים פיל סימפּאַטיקער פאר די רעליגיעז ציוניסטישע אידעע.

יארן לאַנג איז דער שול שמש געווען ר׳ בן־ציון — א סימפּאַטישער מענטש מיט א הדרת פנים, א לעגענדארע געשטאַלט, מיט אהבת ישראל און איידעלע זיטן, אלע, קליין און גרויס, האָבן אים זייער ליב געהאַט און רעספּעקטירט. ווען ר׳ בן־ציון האָט פרייטיק פאר ליכטצינדן אויסגערופן אין מיטן מאַרק מיט זיין אייגנאַרטיקע מעלאדיע: „אין שול אריין!״ — האבן אלע קרעמער און בעלי־מלאכות מאָמענטאַל געשלאָסן זייערע קראָמען שנעל א היים מקבל שבת זיין. מ׳האט געפילט ווי ר׳ בן־ציון ז״ל האט מיט זיין רופן „אין שול אריין״ אראפגע־בראַכט די קדושת השבת אין שטאָט.

די שול איז געווען דאָס צענטראַלע אָרט פאר אלע נאַציאָנאַלע, מלוכה׳שע און יידישע פייערונגען און מאַסן־פארזאמלונגען.

דער אלטער בית־המדרש — אויב די שול געווען דאס צענטראַלע אָרט לתפילה איז דער אַלטער בית המדרש געווען דער מרכז לתורה ולתפילה.

פון באַגינען ביז 12 בייטאג האט מען דארט געטראָפן מנינים דאווענען. נאָך א הפסקה פון עטלעכע שעה האט זיך אנגעהויבן דאַווענען מנחה און מעריב. מענדל שוחט האט פאַרלאָזט שפּעט ביינאַכט דעם בית המדרש, זענען שוין אָנגע־קומען די תהילים זאגער וועלכע האבן געדאווגט ביי דעם ערשטן מנין. דער אלטער בית המדרש, איז ווינטער געווען וואַרם און זומער קיל.

אין אים האט מען געטראָפן זיצן די באקאַנטע שטאָט לומדים ר׳ העניך כהן, ר׳ ישראל העניך שוואַרצוואַרט, ר׳ מרדכי זלמנס (וויניגורא), הרב יעקב קאַרפל, אשר נעלקענבערג (אברהם טשארניצקעס איידעם) ר׳ בער לייב גרינבערג (א מלמד) ביי אָפענע גמרות אָדער מתוכח זיין אין א שווערע סוגיא.

ב״י דעם טיש לינקס פון אַריינגאנג אין בית המדרש פלעגט זיצן ר׳ יעקעל בּראָקער מרדכי פארביאזש (ליקאָווער), משה קוטלאַרסקי, יוסף (מענדל דניאלס), שמועסן איבער א פרק מורה נבוכים אדער איבער פארשידענע וועלט פּאָליטישע

ענינים. יעדער פון זיי זאָגט זיך ארויס זיין מיינונג. די צווייטע העלפט פון בית־המדרש איז באזעצט דורך די לערן־בחורים און יונגעלייט, ווי פעקער, נטע גאָר־פינקעלס איידעם, דער באקאנטער בחור גדליהו די גלעזערקעס, אן עילוי, געלעבט אין דחקות, פּיזיש שוואַך, (ישראל גאָלאַנד שוחטס זון). אין די זייטן ביים באַלעמער זיצן די קרעמער און בעלי מלאכות, רעדן זיך אָפּ פון זייערע שווערע גראָע ארבעט; דערוואַרעמען זיך זייערע שוואַכע ביינער, שמועסן און האָבן נישט געהאַט קיין גרויס חשק אומקערן זיך אין זייערע אָרימע קאַלטע שטובן.

גבאים — אין די לעצטע 20 יאָר פארן חורבן האָט דער בית המדרש געהאָט 2 גבאים .א לענגערע צייט איז געווען גבאי ר׳ חיים יוסף רובינשטיין, וועלכער איז שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישראל, נאָך אים ביזן חורבן איז געווען גבאי דוד שידלא, זיי האָבן געזאָרגט פאר אַלע באדערפעֿנישן פון בית־המדרש און געוועזן איבערגעגעבן זייער אויפגאבע.

בעלי תפילות — אין די ימים הנוראים זענען געווען ר׳ שמואל יוסל שוחט. ער האָט געדאַוונט שחרית, און ר׳ יודל שוואַרצבארב (מאנצאר) מוסף. דער הויפּט משורר איז געווען ר׳ איצעל, (נטע קויפמאַנס שווער). א דאנק אים האָט דער בעל מוסף געקאָנט ענדיקן דאָס דאווגען, ווייל ער פלעגט אין מיטן דאַוונען הייזעריק ווערן. נאָר ר׳ איצעל האָט ארויסגעהאָלפן. אין די לעצטע 10 יאָר איז געווען שמש פון בית המדרש ר׳ חיים יעקעל. ער איז געווען א גרויסער בן־תורה און בעל מדות, נישט געמישט זיך אין מחלוקת, נישט געוואָלט הערן קיין רכילות. זיין פרייע צייט האָט ער אויסגענוצט נאָר צו לערנען. מ׳האָט אים קיינמאָל נישט געזען שמועסן מיט וועמען ס׳איז, ווען דאָס איז נישט געווען אין ענין בית המדרש אדער צדקה. קיין געלט פון די בעלי בתים האָט ער׳ נישט געמאָנט, ווי ס׳פירן זיך אנדערע שמשים. ווען א בעל־הבית האָט אים געוואָלט מהנה זיין, איז אים נישט אָנגעקומען לייכט, אז ר׳ חיים יעקעל זאָל מסכים זיין עפּעס צו נעמען.

שעורי תורה — עס איז פיל געלערנט געוואָרן. ס׳זענען אָרגאניזירט געוואָרן פארשידענע חברות, ווי חברת משניות, חברת עין יעקב, חברת ש״ס און אויך פרשת השבוע.

ר׳ בן־ציון שמש איז געווען דער מגיד שיעור פון עין יעקב. נאָך זיין פטירה האָט פארטגעזעצט דעם שיעור ר׳ חיים יעקעל שמש.

די חברה משניות האָט געהאַט א גרופּע וועלכע האָט זיך געוועקסעלט אין פאַרזאָגן דעם שיעור. די גרופּע מגידי השיעור איז באשטאַנען פון ר׳ שמואלקע ישראל מרדכי׳ס, ר׳ ישראל גאָלדפאַרב, ר ׳יהושע אפרים׳ס (א מלמד), יעקעל רחל הינדעס פרידלוב (חיים פרידלובס פאָטער) און ישראל ישעיה גרינבערג. (יעקב גרינבערגס פאָטער). זיי האָבן געלערנט משניות און זיך ברייט מתוכח געווען אין דעם לערנען.

די מגידי שיעור פון חברת ש״ס זענען געווען ר׳ ישראל העניך, ר׳ שמואלקע ישראל מרדכ׳ס און דער לעצטער איז געווען ר׳ מרדכי שוחט (מענדל שוחט׳ס

זון). ער איז געווען אַ גרויסער למדן מיט פּעדאַגאָגישע פעיקייטן. זיין אָרט לערנען האָט צוגעצויגן אַ קאָלאָסאַלע צאָל צוהערער. פרייטיק צו נאַכטס האָט ר׳ יוסף מענדעלע (דאָס רבילע) געלערנט פּרשת השבוע, ער איז געווען א גלענצענדער מגיד. זיין לערנען חומש האָט געהאט דערפאָלג. נאָכן לערנען האט דער גבאי געטיילט ביר מיט ארבעס לשם עונג שבת.

די חברה תהלים איז באשטאנען פון עטליכע צענדליק מתפללים. איך געדענק נאר א טייל פון זיי וועלכע איך דערמאן איצט: ר׳ יואל וועלוויל ריבק, א ער־ליכער און פרומער ייד מיט א הדרת פנים. דערצויגן זיינע קינדער אין רעליגיעז נאציאנאלן גייסט. שכנא טשערניצקי, א בן תורה, א סטאבילער תורם אויף קרן־היסוד. גדליה משה מאנקא, א טוער אין האנדווערקער פאראיין, געווען א געוויסע צייט דאָזאָר פון דער יידישער קהילה. ישעיה טאמע, פון פאַך א שוסטער, א גע־זעלשאפטלעכער עסקן, אַקטיווער טוער אין דער חברה קדישא, מיטגליד אין ראַט פון די יידישע פאלקס־באַנק. שמחה סאַדאָווניק, מענדל קאווער, שמואל גדליה, אייזיק מענדל סופיצקי, יצחק אלעזר׳ס און אנדערע טייערע יידן וועלכע איך געדענק נישט איצט זייערע נעמען.

נישט קיין רעגן און נישט קיין שניי האָבן זיי אָפּגעהאַלטן פון קומען ווי שטענדיק אין דער באשטימטער צייט אין בית המדרש. זיי האָבן בתמימות פינקט־ליך מקיים געווען דעם ערשטן סעיף אין שלחן ערוך: „יתגבר כארי לעמוד בבוקר לעבודת בוראו שיהא הוא מעורר השחר״.

דער נייער בית המדרש איז געשטאַנען אויף שעדליצער גאַס אין רעכטן פראָנט פון שטאָט. דער אריינגאַנג איז געווען פון מאַלירינעק. דער בנין פון בית המדרש איז געווען מיט א שטאָק, אויף וועלכן ס׳האָט זיך געפונען די עזרת נשים.

דער הויפטאיניציאטאָר פון דעם נייעם בית המדרש איז געווען ר׳ משה מלכה׳ס ביראָווסקי. ער האָט אָנגעפירט מיט דעם בויען און אויך געגעבן באַדייטנדיקע תרומות צו דעם צוועק. ער פלעגט זאָגן אז דער בית המדרש איז די מצבה און פאַראייביקונג פון זיין אָנדענקן (ער איז געווען קינדערלאָז).

ר׳ משה מלכ׳ס איז געווען פון די חשובע בעלי בתים אין שטאָט, ער איז נישט געווען קיין למדן אָדער געבילדעט, ער האָט זיך אָבער גוט געהאַלטן אין דער געזעלשאפט, געווען א געזעלשאפטלעכער טוער, א דאָזאָר אין דער קהילה, א ראָטמאן אין שטאָט־ראַט, פון די ערשטע חובבי ציון אין סאָקאָלאָוו, שפּעטער אין מזרחי.

די מתפללים אין דעם בית המדרש האָבן זיך קאָנצענטרירט מערסטנטייל פון מעריב זייט סאָקאָלאָוו, איבערהויפּט בעלי מלאכות, סאַדאָווניקעס און קליינע קרעמער. אין די ערשטע צייטן האָט מען דאָרט נאָר געדאַוונט אין דער וואָכן און שבת. קיין שיעור תורה איז אין אים נישט געווען; אָבער מיט דער צייט האָבן זיך דאָ קאָנצענטרירט אויך מתפללים בני תורה און דער נייער בית המדרש איז געוואָרן א צענטער פון תורה און תפילה. נאָך מנחה מעריב האָבן זיך אוועק־

געזעצט א גרעסערע צאל בעלי בתים און בעלי מלאכות, יודעי ספר, ביי די טישן און געלערנט ביז שפעט אין דער נאכט. צווישן זיי האָט מען געזען לערנען ר׳ מרדכי מורה הוראה, ר׳ מרדכי זלמנס ווינאגורא, ר׳ שמעלקע ישראל מרדכי׳ס, יעקעל חיים׳ס אַדערשיין, מענדעלע חיים׳ס אייזענבערג, אלתר שניידער, זונדל לערמאַן, אברהם אייזענבערג, ר׳ מנחם מיענדזיזיצקי, אברהם שמואל גרינבערג, הערצקע ווייסבערג, שמואל גאָלדפאַרב און אנדערע. אויך א גרופע בחורים וואָס וואָס האָבן געלערנט אין אַלטן בית המדרש, האָבן זיך אריבערגעטראָגן ביינאכט לערנען זייער שיעור אין נייעם בית המדרש.

צווישן מנחה מעריב האָט ר׳ יוסף מענדעלע (דער רבילע) געלערנט תהילים. אַ טייל פון זיי זענען געבליבן אין בית המדרש ביז שפעט און געשמועסט איבער פארשידענע ענינים.

שבת נאכמיטיק האָט ר׳ משה קאַלשינער (א היטל מאַכער) געלערנט מיט א גרופע יידן מדרש רבה.

דער ערשטער גבאי און פירער פון בית המדרש איז געווען ר׳ משה מלכה׳ס, וועלכער האָט כסדר געזאָרגט פאר פארשענערן און פארברייטערן די השפעה פון דעם בית המדרש. נאָך זיין טויט האָט זיין ברודער הערש בער, פון פאַך א שוסטער, איבערגענומען דאָס גבאות. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אז ער האָט ליקווידירט זיין שוסטער װערקשטאַט און זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן צו דער הייליקער ארבעט.

ר׳ הערש בער, א ייד א בעל מלאכה, אן איש תם, האָט דערפילט זיין אויפ־גאבע בשלימות. נישט נאר א גבאי איז ער געווען, נאָר אויך א שמש. ער האָט אליין געטון אלע ארבעטן פון א שמש. געהייצט ווינטער דעם אויוון, געעפענט פאַרטאָג דעם בית המדרש און צוגעלייגט האָלץ אז די מתפללים זאלן האָבן וואַרים ביי דעם דאווענען. זיין פנים האָט געשטראַלט פון שמחה ווען ער האָט געזען ביינאכט זיצן אן עולם און לערנען.

כדי צו פארלייכטערן די ארבעט פון ר׳ הערש בער אויף אנדערע געביטן, ווי רעפּרעזענטירן דעם בית המדרש אין געוויסע מוסדות אָדער געלט זאַמלונגען, האָבן די מתפללים געוויילט א פארוואַלטונג וואָס איז באשטאַנען אויסער ר׳ הירש בער אלס הויפט גבאי, אויך פון פאָלגענדע בעלי בתים: ר׳ מענדל אייזענבערג, ר׳ משה שיינע חוה׳ס (ראָזענצווייג) און דוד מולמוטוקער (פארבשטיין).

דער גרעסטער טייל דרשות פון פארשידענע מגידים איז געהאַלטן געוואָרן אין דעם נייעם בית המדרש.

סאָקאָלאָוו האָט געהאט מזל צו מגידים, ווייל די שול און בית המדרש בעלי בתים האבן גערן געגעבן זייערע תרומות פאר מגידים. א דאנק דעם פלעגן די מגידים זיצן אין סאָקאָלאָוו עטלעכע טעג און געהאַלטן זייערע דרשות אין די בתי מדרשים, אמערסטן אין נייעם בית המדרש. ס׳האָבן געזאָרגט פאר זיי די ברידער איטשע און אבא ביכאָווסקי, שלמה שטוטמאַן, דוד׳ל פרזעזאַדסקי (א שניידער) און איצעל (אויך א שניידער — געוווינט אין ארונס הויז). זיי האבן זיך באַמיט אז דער מגיד זאָל האָבן מיט וואָס אוועקצופאָרן פון סאָקאָלאָוו. ווען דער

מגיד אז פארבליבן אויף שבת אין סאָקאָלאָוו, איבערהויפּט א גוטער מגיד, האָט ער געהאַלטן זיין דרשה אין נייעם בית המדרש. דאָס איז געווען כדי צו האבן א גרויסע צאָל צוהערער. און ווירקליך דער בית המדרש איז געווען פול מיט מענער און פרויען, וואָס זענען געקומען הערן די דרשה. דער נייער בית־המדרש איז אויך געווען דער צענטראַלער אָרט פאַר אלע ציוניסטיש־מזרחיסטישע פאר־זאמלונגען. דארט פלעגן רבנים פון מזרחי, קרן קימת, קרן היסוד האלטן זייערע פארטראָגן, וועקן און רופן צו ארבעט פון ארץ ישראל אויפבוי. דער רוב מת־פללים זענען געווען טריי דעם אידעאל פון שיבת ציון, ביי וועלכן די שטאָטישע מוסדות ווי שטאָט־ראָט אָדער קהילה האָבן זייערע שטימען געגעבן פאר ציוניסטיש־מזרחיסטישע רשימות. די מזרחי־חברים, תלמידי חכמים און סתם בני־תורה, וועלכע האבן געדאַוונט און געלערנט אין דעם בית־המדרש, האבן געהאט א גרויסע השפעה אויף די מתפללים.

שמחת בית השואבה איז אין נייעם בית־המדרש געפייערט געוואָרן מיט גרויס שמחה ביז שפעט אין דער נאַכט. דער מורה הוראה, א בראצלאַווער חסיד האָט געטאַנצט צוזאמען מיט פשוטע יידן שעה'ן לאנג און זיי מיטגעריסן מיט זיין דבקות אין די עולמות העליונים. ר' מענדעל יהודית'ס איז געגאנגען אויף די בימה מיט שטאָלצן, צוזאמען מיט די קינדער אויסגעטאַנצט פארשידענע טענץ און גע־זונגען אם אין אני לי מי לי — אם לא עכשיו אימתי. ער האָט אריינגעבראַכט שמחה אין די צעבראָכענע יידישע הערצער.

דעם רבינ'ס בית המדרש. ווען דער סאָקאָלאָווער רבי זצ"ל האָט געבויט זיין הויז, וואָס איז געשטעלט געוואָרן צווישן פיענקנע און גרויסן מארק, איז גלייכ־צייטיק געבויט געוואָרן אין פארטער א גרויסער בית המדרש פאר די הונדערטער סאָקאָלאָווער חסידים, וואָס פלעגן קומען צום רבין אויף די ימים טובים.

ווי באקאנט האָט דער סאָקאָלאָווער רבי געהאַט טויזנטער חסידים און פאר־שידענע שטעט אין פוילן.

שבת האָבן דארט געדאַוונט די אלטע סאקאלאָווער חסידים, אין די וואָכן־טעג האָבן אין אים געלערנט די ישיבה בחורים. א ישיבה ווי באוווסט איז געגרינדעט געוואָרן אין סאָקאָלאָוו דורך די זין פון רבין זצ"ל — די רבנים ר' משה און בנימין הי"ד. די ישיבה האָט געטראָגן דעם נאָמען פון סאָקאָלאָווער רבינס פאטער, דער פילעוווער רבי ר' ישראל זצ"ל, מחבר פון ספר „שלום ירושלים". ער איז געווען פון די גדולי התורה, גערופן צו טון פעולות פאר באזעצן יידן אין ארץ ישראל. אין אויבנדערמאָנטן ספר שרייבט ער: „ישוב ארץ ישראל על ידי עם ישראל, בסדר עולם יתנהג לפדות הארץ מיד האכזרים ויהיה פתח תקוה לצמיחת ישועה מעט מעט"...

שבת פארן דאווענען האָט דער רבי זצ"ל געזאָגט א טיפן שיעור פאר די לומדישע ישיבה בחורים. אויך די אלטע חסידישע תלמידי חכמים האבן זיך צו־געהערט צום רבינס לומדישן שיעור און נאָכהער געדאַוונט אַזוי ווי מען האָט געזאָגט אין קאָצק, אז מען לערנט פארן דאווענען א בלאַט גמרא, ווייסט מען וואָס מען דאַוונט.

אין רבינס בית המדרש האבן געדאַוונט שבת בערך 10 מנינים מתפללים, צווישן זיי פּאָלגענדע באקאנטע חסידים, תלמידי חכמים: ר׳ מענל זארעמבבסקי, א גרויסער תלמיד חכם און חסיד, געפאָרן נאָך צום קאָצקער רבין זצ״ל און גוט פארשטאַנען דעם מהות פון קאָצקער חסידות. ער איז געווען א מסתפק במועט, געשטארבן בטהרה אין דער סאָקאָלאָווער מקוה.

ר׳ אייזשע הענדעל, א תלמיד חכם מיט חסידיש נגידיש רחבותדיקן פּארנעם, געווען א מפורסם צווישן אלע קאָצקער חסידים. ער איז געווען דער יועץ אין רבינס הויף און געאַכטעט ביי אלע שיכטן אין שטאָט. זיין שטוב איז געווען א בית ועד לחסידים. זייער אפט, און בפרט מוצאי שבת, פלעגן חסידים צוזאמענ־קומען ביי ר׳ אייזשע אין שטוב טרינקען טיי, וואָס האָט א גוטן טעם און ריח. ער אליין פלעגט דערלאנגען די טיי פאר די חסידים און געהאַט גרויס שמחה פון די מצוה מחיה זיין א ייד מיט א גוטע גלאָז הייסע טיי און דערביי זאָגן און לערנען דברי תורה, שארפזיניקע קאָצקער רעיונות. ער איז געווען א סוחר געהאט א קראָם פון מאַנופאקטור, געקומען אין געשעפט אריין נאָר נאָך דעם ווי ער האָט פארענדיקט זיינע פרימארגן שעורי תורה און תפילה בציבור. גלייכצייטיק האָט ער פיל געטון פאר דער עקזיסטענץ פון דער תלמוד תורה אין שטאָט און אויך העלפן נויטבאַדערפטיקע. ער האָט אלץ געטון מיט מסירות נפש.

ר׳ יעקב סלאוויטצער, א ייד פון דער אלטער וועלט. א תלמיד חכם מובהק מיט א ברייטן פארנעם אין לערנען, האָט אויך געהאַט אַ ברייטע ידיעה אין מחקר. זיינע שמועסן אין לערנען זענען געווען אינטערעסאַנט; פיינט געהאַט בתכלית השנאה דעם שקר, זיינע מאטעריעלע באדערפענישן זענען געווען מינימאַלע. באגנוגנט זיך מיט שמחה פון לערנען און עבודת ה׳.

ר׳ אשר נעלקענבוים, א זון פון אסטראָווער רב און איידעם פון אברהם אַשערניצקי, געהאַט סמיכה אויף רבנות, א יונגערמאן א חריף, און דאָך נישט געזוכט קיין רבנות נאר געארבעט ביי זיין שווער אין די סאָדעוואַסער פאבריק, געזאָגט דערביי „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך״.

ר׳ משה ליסטיגמאן, א גרויסער בן תורה, יעדן אוונט איבערגעלאָזט די פּיוונע ביי זיין פרוי און ארויף צו זיך אין שטוב לערנען זיינע סטאַבילע שעורי תורה. געווען א געוויסע צייט פארזיצער פון דער יידישער קהילה אין שטאָט, א טעטיקער חבר פון אגודת ישראל. זיין עסקנות איז געווען אן ערליכע און גע־וויסנהאַפטע.

אלתר חיים קאפאווי און פנחס טשערניצקי, ביידע באקאנטע טעטיקע געזעל־שאַפטלעכע טוער אין שטאָט אלס פאָרשטייער פון „מזרחי״. זיי האָבן מיט דערפאָלג און ווירדע פאַרטיידיקט די יידישע אינטערעסן אין שטאָט־ראַט, ווי אויך אין אנדערע אלגעמיינע שטאָטישע קערפערשאפטן. פיל געלייסטעט פאר דער עקספּאַנסיע פון מזרחי אויף אַלע געביטן.

ר׳ לייזער שוחט גאלאנד, דער זון פון ר׳ שבת׳ל שוחט, א בן תורה און בעל מדות טובות. פארמאָגט פיל עניוות. ער האָט געהאָלפן אָרימע לייט, איז געווען זייער באליבט ביי אלע שיכטן אין שטאָט.

## סאקאלאוו־פאדליאסק

ר׳ מענדיל שבתל׳ס גרינבערג פון די אַלטע חסידים, א בן תורה און געהאַנדלט באמונה, דערצויגן זיינע קינדער לתורה וחסידות, געווען פון די שליחי ציבור אין די ימים הנוראים ביים סאָקאָלאָווער רבין.

ר׳ ישראל ווייסבאָרד, א חסיד מיט א ברען, גוט געלערנט א בלאַט גמרא און זוכה געווען עולה צו זיין קיין ישראל.

ר׳ משה שאולקעס, א בן תורה, געלעבט פון מלמדות, נישט באקלאָגט זיך אויף זיינע באדינגונגען, אויפגענומען באהבה און גלויבן אז זיין גורל איז אזעלכער. צר האָט געשעפט שמחה און כח פון דעם קאָצקער חסידות קוואל.

ר׳ חיים נח טוכלענדער, א בעל הבית, פאַרמאָגט אין זיך א נאַטירלעכע אינטעליגענץ, געווען ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט, געטון טובות יידן, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין זיין אינטערווענץ ביים בירגערמייסטער אָדער ביי די פריצים מיט וועלכע ער האָט געהאַנדלט.

ר׳ יוסף שפיגלשטיין און ר׳ ישראלקע גראַנאַטשטיין, איבערגעגעבענע סאָקאָלאָווער חסידים. זיי זענען געווען די גבאים פון רבינס בית המדרש און אַקטיווע טוער אויפן געביט פון שאפן הילף ווען דאָס איז נייטיק געווען.

אַלעקסאַנדערער שטיבל

אין הויז פון ר׳ פנחס׳ל אייזענבערגס קינדער אויף ראגאָווסקי גאַס האָט זיך געפונען דאָס אַלעקסאַנדערער שטיבל. דאָ האָט געדאַוונט א גרויסע צאָל מתפללים. בכלל האבן זיך אין סאָקאָלאָוו געפונען אסאך אַלעקסאנדערער חסידים, צווישן זיי תלמידי חכמים, עסקנים, נגידים און נדבנים און סימפאַטישע מענטשן.

דאָס אלעקסאנדערער חסידות באזירט זיך אויף אהבת ישראל, נישט אונטערשעצן קיינעם, מקרב זיין אלע צו עבודת השם, ווייל יעדער ייד איז הייליק און טייער.

די גרויסע חסידישע פערזענלעכקייט ר׳ פנחס׳ל אייזענבערג האָט איבערגעלאָזן אַ גרויסע גייסטיקע און דערציערישע השפעה אויף זיינע תלמידים, און זיי האָבן זיך באמיט פאָרטצוזעצן דעם וועג, אין וועלכן ער האָט זיי געפירט.

מ׳דערציילט אז אין יאָר תר״ע 1910, נאָך דער פטירה פון דעם באוווסטן אַלעקסאנדערע רבין, דער „ישמח ישראל״, האָט א טייל חסידים געוואָלט אז ר׳ פנחס׳ל זאָל ווערן רבי, אבער ער האָט דעם פארשלאג אָפגעוואָרפן און אליין געפאָרן צו דעם „תפארת שמואל״, דעם ברודער פון אַלעקסאַנדערער רבין, וועלכער איז געוואָרן דער ממלא מקום פון ישמח ישראל. אין דעם שטיבל פלעגט מען דאַווענען יעדן טאָג שחרית וערבית ווי אויך פלעגן קומען אַ טייל חסידים יעדן אָוונט לערנען צוזאמען.

די קעגנזייטיקע באציאונגען פון איינעם צום צווייטן זענען געווען פריינטלעכע און פול מיט אהבה. אַמבולטסטן האָט מען דאָס געזען אין פאַל ווען איינער פון די מתפללים האָט זיך גענויטיקט אין הילף. ס׳איז דאן נישט נויטיק געווען קיין מאָביליזאַציע פון די אַלע, וועלכע האָבן געדאַרפט געבן זייערע תרומות, פרייוויליק האָט יעדער געברענגט און דאָס ווי אמשנעלסטן.

איך וויל דערמאָנען נאָר א טייל פון די אנגעזעענע אַלעקסאנדערער חסידים:

ר׳ יחזקאל קראמארזש, אן אַלטער וואָרקער חסיד, פיזיש שוואַך און קראַנק, אָבער גייסטיק שטארק, געלערנט פון דערפרי ביז שפעט ביינאכט. יאָרן לאנג איז ער דער שליח ציבור (בעל מוסף) אין די ימים הנוראים אין אַלעקסאנדערער שטיבל. זיין דאַווענען איז געווען מיט התלהבות און מלא חן. ווען ער איז געשטאַנען פארן עמוד און געדאַוונט וואָלט קיינער נישט געגלויבט אז ר׳ יחזקאל איז א קראַנקער מענטש.

ר׳ מענדל טיקולסקי (מענדל ר׳ לייבעלס), א זון פון בראקער רב, א גרויסער תלמיד חכם און חסיד מפורסם, געהאַט סמיכה אויף רבנות, אבער נישט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות־אַמט. זיין פרנסה איז געווען פון מסחר. ער האָט געהאַט אַ גרויס מאנופאקטור געשעפט אין מיטן מארק. קיין פיל צייט האָט ער נישט אוועקגעגעבן פארן מסחר, מחמת זיין פרוי ליבע, וועלכע איז געווען באקאנט אלס צדקת, האָט אים געהאָלפן אין געשעפט. די גרעסטע טייל האָט ער מקדיש געווען פאר לערנען מיט בחורים און יונגעלייט שעורי תורה — אין ברייטן פאַרנעם.

ער האָט פאַרמאָגט א גרויסע מאָס אהבת ישראל. אין די יארן פון ערשטן וועלטקריג, בעת די עקאָנאָמישע לאגע ביי יידן איז געווען זייער קריטיש און פיל יידן האָבן געהונגערט, האָט ער זיך מיטבאַטייליקט אין דעם צער און אָפּגעשפאָרט, כדי צו קענען העלפן די ארימע־לייט — לויט די גמרא אין תענית י״א „בזמן שהצבור שרוי בצער אל יאמר אדם אלך לבית ואוכל ואשתה ושלום עלי נפשי אלא יצער עצמו עם הצבור״.

ער האָט אויך געהאַט א פאָזיטיווע באַציונג צו בנין ארץ־ישראל. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען אז נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווען די יידן אין סאָקאָלאָוו האבן דעמאנסטרירט די שמחה פון דער געשעעניש, איז ר׳ מענדל ז״ל געגאַנגען אין שפיץ פון דער מאניפעסטאציע און געשטראַלט פון שמחה.

ר׳ יאנקעלע שאלעוויטש, אן איידעם פון ר׳ מענדל ר׳ לייבעלס, א קרוב פון אמשינאָווער רבין, א גרויסער תלמיד חכם מיט מדות טובות. ער איז דערצויגן געוואָרן אין בתי מדרשים פון אלעקסאנדער און אמשינאוו. דאָרט ה/ט ער קולט געוואָרן אין בתי מדרשים פון אלעקסאנדער און אמשינאָוו. דארט האָט ער קולט זצ״ל, מחבר פון ספר „ישמח ישראל״, האט אים שטארק געאכטעט.

אויך די חסידים און בעלי־בתים אין סאָקאָלאָוו, האָבן געקענט די מעלות פון ר׳ יענקעלע. אלע האָבן זיך באצויגן צו אים מיטן גרעסטן יראת הכבוד. דעם גרעסטן טייל פון זיין צייט האט ער אוועקגעגעבן פאר תורה און עבודת ד׳.

אפט פלעגן צו אים קומען אלעקסאַנדערער חסידים און סתם יונגעלייט בני־תורה הערען זיינע תורה־שמועסן וואָס זענען געוון זייער אינטערעסאַנט. ר׳ יענקעלע איז אויך שטענדיק גרייט געווען אויסצוהערן די אלע יידן וואָס זענען צו אים געקומען זיך אפריידן די צרות. נאך אזא שמועס מיט יידן פלעגט ר׳ יענקעלע אפט פארמאכן זיין גמרא און ארויס אין שטאָט שאפן הילף פאר דעם נויטבאדערפטיקן.

ער האָט געהאַט א פּאָזיטיװע באַציונג צו ארץ־ישראל און גערן געזען װי זײנע זין, אײנגעזעסענע חסידישע יונגעלײט אין שטאָט, זענען ארײנגעטרעטן אין דער „מזרחי" און זיך באַטײליקט אין איר אַנטװיקלונג.

ער האָט זוכה געװען אז דער גרעסטער טײל פון זײנע קינדער זענען נאָך פאַרן חורבן עולה געװען קײן ארץ־ישראל און מיטן חלוציש ברען מיטבאַטײליקט זיך אין דער ארבעט פון בנין הארץ ברוח התורה.

ר' אברהם כהן באַצן, אן אײדעם פון ר' מענדל ר' לײבלעס.

ער איז געװען א מיוחס, אָנגעהױבן זײן יחוס פון שמעון הצדיק. יעדן אװנט האָט מען געטראָפן ר' אברהם כהן לערנען אין אלכסנדר שטיבל ביז שפּעט אין דער נאַכט.

ער איז געװען א צנוע און פאַרמאָגט פיל מדות טובות געבענטשט מיט א טיב עין. קײנמאָל נישט קריטיקירט, נאָר תמיד געזען דאָס גוטע אין יעדן ייד.

זײנע מאַטעריעלע באַדינגונגען זענען געװען נישט קײן גלענצענדע, אָבער דאָך זיך נישט באַקלאָגט אויף דעם — פאַרקערט: געװען שמח בחלקו. נישט געשטרעבט צו עשירות, ער האָט אין זײן לעבן מקיים געװען דעם רוף פון נביא, „הגיד לך אדם מה טוב ומה ד' דורש ממך כי אם עשות משפט ואהבת חסד והצנע לכת עם אלוקיך"

ער האָט זוכה געװען צוזאַמען מיט זײן פרוי שרה לאה, א גוטהאַרציקע און קלוגע פרוי, עולה צו זײן קײן ארץ ישראל צו זײער זון ברוך און טאָכטער רױזע, װעלכע זענען געקומען אלס חלוצים קײן ארץ ישראל.

ר' װעלװעלע האַלבערשטאַט, דער ברודער פון מורה הוראה אין שטאָט, א תלמיד חכם און חסיד, געװען באַשײדן און פאַרמאָגט אין זיך פיל טאַקט און געהערט צו די אָנגעזעענע בעלי בתים תלמידי חכמים אין שטאָט.

ר' װעלװל און זײן פרוי זענען פון די ערשטע אומגעקומען בעת דעם נאַצישן באַמבאַדירן די שטאָט.

ר' משה מענדל ארנשטײן, לעצטנס געהערט צו סלאָװיטשער חסידים א שײנער בן תורה, באַרימט אין שטאָט אלס גרױסער חכם און אן אקטיװער טוער אין אגודת ישראל. מ'האָט אים גערופן מיניסטער פון דער אגודת ישראל. די פּאַרטײ האָט אים געװאָלט שיקן אלס איר פאַרשטײער אין פאַרשידענע געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אָבער ער האָט זיך פון דעם אָפּגעזאָגט. ס'איז געװען א גײסטיק פאַרגניגן צו דיסקוטירן מיט אים. ער האָט לאָגיש געדענקט און זיך גוט צוגעהערט צו דער מײנונג פון אַנדערן צד.

ר' שכנא רובינשטײן געהערט צו דער אלטער גװאַרדיע אלעקסאַנדערער חסי־דים .א בן תורה און אן עושר. גערעדט געלאַסן און מיט שכל, באַשײדן און ערלעך. ער האָט זיך אױסגעצײכנט מיט מקיים זײן די מצוה פון גמילות חסדים. פיל אָרעמע קרעמער און בעלי מלאכות האָבן זיך געהאָלפן אין זײער

פרנסה מיט די גמילות חסדים וואָס זיי האָבן באַקומען ביי ר׳ שכנא רובינשטיין. ער האָט געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צום רעליגיעזן ציוניזם און דערצויגן זיינע אַלע קינדער אין דעם גייסט.

ר׳ הירש טוביה בער, א בעל הבית, א חסיד, פון די נגידים אין שטאָט, געווען א גוזעלשאַפטלעכער עסקן. דאָזאַר אין דער יידישער קהילה. זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט ער דערפילט באמונה.

ר׳ בנימין עלענבערג (דורך זיין ערשטע פרוי געווען א קרוב מיטן אַלעק־סאַנדערער רבין), יאָרן לאַנג געווען דער יידישער פאַרשטייער אין מאַגיסטראַט און וויצע־פּאַרזיצער פון דער יידישער קהילה פאַרוואַלטונג. א דאַנק זיינע גע־שעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט פּריצים, האָט ער געטון פיל טובות אָרימע יידן, וואָס פלעגן האַנדלען אין די הייף מיט די פּריצים.

ר׳ יוסף זשיטעלני, א תלמיד חכם און בעל צדקה. יעדן טאָג באַגינען נאָך פאַרן זון אויפגאַנג איז ר׳ יוסף שוין געזעסן ביי דער גמרא און געלערנט זיינע סטאַבילע שעורים, נישט געמישט זיך אין דער שטאָט פּאָליטיק קיינעם נישט קרי־טיקירט. פאַרמאָגט א לב טוב, געגעבן צדקה אָן פרסום.

ר׳ פנחס׳ל אייזענבערג ז״ל — קינדער ר׳ עזרי׳אלקע, ר׳ מרדכי, ר׳ חיים יוסל און איידעם שמואל יוסף מיאַדאָווניק, אַלע תלמידי חכמים און סימפּאַטישע מענטשן, געהערט צו די שיינע און חסידישע יונגעלייט אין אלעקסאַנדער, באשיידן און טאַקטפול געגעבן צדקה איבער זייער מאַטעריעלע מעגלעכקייטן.

ר׳ מנחם מיענדיזשעצקי, א גרויסער בן תורה און חריף, פאַרמאָגט חכמה און תבונה, מסירות נפש פאַר יעדן ייד, איבערגעלאָזט זיין געשעפט מיט די קונים, כדי צו טוען א טובה א ייד. ווען ס׳איז נויטיק געווען צו שאַפן געלט אויפצושטעלן אַ געפאַלענעם קרעמער אָדער בעל מלאכה אין שטאָט, איז ר׳ מנחם געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן אויף זיך גענומען די אקציע אדורכצופירן. א דאַנק זיין אומדערמידלעכע ענערגיע און פאַרשטענדעניש פלעגן אזעלכע אקציעס געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג. ער איז געווען פון די אַקטיווסטע און פּעאיקסטע יידישע פאַרשטייער אין שטאָט־ראָט, ווי אויך אין דער יידישער קהילה. נאָך די פטירה פון ר׳ יחזקאל קראַמאַרזש האָבן די אלעקסאַנדערער חסידים פשוט אים געצוווּנגען צו זיין דער בעל־מוסף אין די ימים הנוראים אין שטיבל. ער האָט געדאַוונט האַר־ציק און מלא טעם. ער איז געווען מפורסם ביים אלעקסאַנדערער רבין און זיינע חסידים אלס חריף און חכם.

ר׳ ישראל ישעיה גרינבערג, דער לעצטער גבאי פון אַלעקסאַנדערער שטיבל, ער האָט ערנסט געזאָרגט פאַר אַלע באַדערפענישן אין שטיבל, געקענט דעם מאַטעריעלן מצב פון זיינע מתפללים און דערפילט דעם מאָמענט ווען וועדער פון זיי נויטיקט זיך אין מאַטעריעלע הילף. דאַן האָט ער נישט פאַרזוימט קיין מינוט און די הילף דערלאַנגט אלס מתן בסתר. ער איז אויך געווען פון די הויפּט גבאים אין דער חברה קדישא דערפילט די מצוה פון חסד של אמת בשלימות און לשם שמים.

אַמשינעווער שטיבל. ווען מען האָט געבויט דעם נייעם בית המדרש האָט מען גלייכצייטיק צוגעבויט נעבן נייעם בית המדרש א קליין הייזל ספּעציעל פאר אן אמשינעווער שטיבל. די הויפּט פינאַנסיעלע שטיצע פאר דעם צוועק האָבן געגעבן ר׳ פנחס פוטערמאַן און ר׳ חיים לייב לעווין, אַמשינעווער חסידים. ר׳ פנחס פוטערמאַן איז געווען פון די שטאָטישע נגידים מיט אַן אַריסטאָקראַטישן פּאַרנעם, חסידיש נגידישן גלאַנץ, א דאָזאַר אין דער יידישער קהילה און פאַר־וואַלטונגס־מיטגליד אין אנדערע אינסטיטוציעס אין שטאָט.

ר׳ חיים לייב לעווין איז געווען מער פּאָלקסטימלעך, אויך אַן עושר און אַ איבערגעבענער אמשינעווער חסיד מיט א ברייטער האנט פאר צדקה. קיין גרויסער עולם אַמשינעווער חסידים א״ז נישט געווען אין סאָקאָלאָוו, דאָך האָט מען דאָ ביז דער לעצטער צייט פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה געדאַוונט יעדן טאָג. אויב עס האָט געפעלט איינער אָדער צוויי פערזאָן צום מנין האָט מען אַריינ־גערופן יידן פון שכנות׳דיקן בית המדרש וואָס איז געווען פול מיט מתפללים. שבת און יום טוב האָבן דאָרט אויך געדאַוונט אַ גרעסערע צאָל מתפללים וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שייכות מיט אַמשינעווער חסידים. עס זענען געווען בית המדרש מתפללים. ווען זיי האָבן זיך פאַרשפּעטיקט צום דאַוונען אין בית המדרש, זענען זיי אריין אין שטיבל.

די הויפּט פערזענלעכקייט איז געווען ר׳ שמעון חותם, א ייד מיט א פּאַט־ריארכאלישן אויסזען, געזעסן ע ל התורה ועל עבודה, געקאָנט דערציילן מעשיות פון אַמשינעווער רבי׳ס, וואָס זייער אינהאלט איז געווען אהבת־ישראל. ר. שמעון חותם איז געווען דער איינציקער מוהל אין שטאָט, טויזנטער יידישע קינדער האָט ער אַריינגעבראַכט אין ברית ישראל. ער פלעגט זומער און ווינטער אין די גרעסטע פרעסט פאָרן אין די דערפער אַרום סאָקאָלאָוו, ווו ס׳האָבן זיך גע־פונען יידן, כדי מל צו זיין די נייע געבוירענע יידישע קינדער. נישט איינמאָל פלעגן אים די שקצים אין די דערפער באַוואַרפן מיט שטיינער, אָבער ער האָט געהאט פון דעם שמחה, זאגנדיק אז די מצוה וואָס מען טוט מיט מסירת נפש, האָט א קיום.

קיין געלט פאַר זיין טרחה האָט ער נישט גענומען. נישט איינמאָל ווען ער האָט געהאט א ברית ביי אן ארימאַן, האָט ער מיטגענומען מיט זיך לעקעך און בראָנפן, כדי נישט צופאַרשעמען די עלטערן, וואָס האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט דאָס צו געבן.

ר׳ יעקעל אַדעלשטיין (יענקעל חיים׳ס), אַ ייד אַ תלמיד חכם פון די הויפּט גבאים אין דער ת״ת. אליין א שוואכער, האָט ער דאָך פיל געלייסטעט פאר דער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון דער תלמוד־תורה. אויך געשאפן צדקה פאר נויטבאַדערפטיקע. קיין פרוי פייגע דעם רבס, פלעגט זאַמלען נדבות און דאָס געלט פונאנדערטיילן צווישן בכבודיקע פאַמיליעס „מתן בסתר״.

ר׳ אברהם יואל האָכבערג, א בן־תורה. יעדן טאָג געלייענט באשטימטע שעורי תורה אין אַלטן בית־המדרש. געלאָמט אויף א פוס, אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט באַגינען און אין אָוונט צו גיין אין בית־המדרש. זיין פרנסה האָט ער

געהאַט פון פאַרקויף אין מאַרק אייזן־גאַלאַנטעריע. זומער אין די גרעסטע היצן און ווינטער אין די גרעסטע פרעסט, איז ער געזעסן אויף דעם בענקעלע ביי זיין טישל אויסקוקענדיק א קונה.

ר׳ ברוך סאַפירשטיין, דעם מורה הוראה׳ס עלטערער איידעם, א בן־תורה און קלוגער ייד, פארמאָגט א לב טוב, דערנערט זיין משפחה פון א קליין שפייז געוועלבל און איז שטענדיק גרייט געווען מיטצונעמען אן אורח צו זיין וועטשערע. ער האָט געגעבן צדקה איבער זיינע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן.

ר׳ אהרן וואנס, דער יידישער פעלדשער אין שטאָט, א בן תורה און אַ פרומער ייד. באַליבט ביי אלע שיכטן אין שטאָט. זיין פאַך האָט ער באטראַכט אַלס הייליקע אַרבעט. ביי אָרימע קראַנקע פלעגט ער צוזאַמען מיטן רעצעפּט וואָס ער האָט אָנגעשריבן, איבערגעלאָזט עטלעכע זלאָטעס צו קויפן דעם רעצעפּט און אויך פראָדוקטן פאַר די קינדער אין שטוב.

יעקעל עקיבא׳עס (צעכאַנאָווסקי), געהאַט א יאַטקע און א הינער־הענדלער, א פשוטער ייד, אָבער ערלעך און פרום. די חסידישע יידן פלעגן ביי אים קויפן פלייש, געהאַט צו אים דעם פולן צוטרוי אויף כשרות. ער איז געווען אן איבער־געגעבענער אַמשינעווער חסיד, באַמיט זיך צו שאפן יעדן טאָג א מנין צו דאווענען אין שטיבל מנחה מעריב בציבור, ווייל דאָס איז דער ווילן פון אַמשינעווער רבין.

ר׳ ברוך סאַפירשטיין און חיים רינעצקי (יענקעל חיימס איידעם) זענען געווען די שטיבל בעלי תפילות אין די ימים הנוראים. דער ערשטער האָט געדאַוונט שחרית און דער לעצטער — מוסף.

בית תפילה דחסידי אָטוואָצק (ווארקע). — די אָטוואָצקער חסידים האָבן געדאָוונט שבת און יום־טוב אין לאָקאַל פון „סומך־נופלים", וואָס האָט זיך געפונען אין די קעלער שטובן פון אַלטן בית־המדרש. גבאי איז געווען ר׳ פייוויש ליבראך, דער איידעם פון ר׳ ישעיהו שאפראן, א ייד א בן־תורה מיט א ברייטן פארנעם, אן אָנגעזעענער חסיד ביים רבין און פון די שענסטע בעלי־בתים אין שטאָט. ער האָט זיך נישט געמישט אין די שטאָטישע פּאָליטיק און פלעגט נאָר אָנטייל נעמען אין גאָר וויכטיקע יידישע אַלגעמיינע בעראטונגען.

ער איז געווען בּעל שחרית אין די ימים הנוראים — בעל מוסף איז געווען ר׳ יצחק מענדל מאַנדעלבוים (דער איידעם פון ר׳ מענדל דעם רב׳ס) א תלמיד חכם און אַ חסיד. אין די לעצטע יאָרן געווען מלמד מיט גרעסערע ייִנגלעך און פאַרמאָגט פּעדאַגאָגישע פעאיקייטן. ער האָט געדאַוונט מיט טעם, געזונגען זייער שיין און געהאַט אן אויסערגעוויינלעכע תפיסה. ס׳איז גענוג געווען פאר אים צו הערן 2 מאָל א ניגון, האָט ער אים גלייך נאָכגעזונגען. אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן האָט ער געדאַוונט מוסף אין נייעם בית־המדרש, אויף זיין אָרט אין שטיבל האָט געדאַוונט מוסף ר׳ שמחה לענדער.

פון צייט צו צייט האָט אויך דאָ געדאַוונט ר׳ חיים שמואל ראָזענבוים. דאָ האָט אויך געדאַוונט ר׳ משה קאָטלארסקי. ער איז געווען אייניקע יאָר מלמד ביי

דעם אָטוואָצקער רבין, געלערנט מיט זיינע קינדער. א גרויסער בן־תורה און אַן איבערגעגעבענער אָטוואָצקער חסיד. ביי דער אַנטשטייאונג פון בית ספר „יבנה" איז ער אַנגאַזשירט געוואָרן דורך די מזרחי אַלס מורה לתלמוד אין דעם אויבנ־דערמאָנטן בית הספר.

בית תפילה פון ביאלער חסידים. — אין דעם אויבנדערמאָנטן בית התפילה האָבן זיך קאָנצענטרירט א גרעסערער צאָל מתפללים ביאַלער חסידים, וועלכע זענען נאָך די פטירה פון ביאַלער רבין ר׳ יענקעלע זצ״ל געפאָרן צו זיינע זין, וועלכע האָבן געוווינט אין פארצעווע שפעטער אין שעדליץ מעזריטש און לובלין.

נישט קוקענדיק אויף דעם, וואָס דער ביאַלער עולם האָט זיך צעטיילט צווישן די זין פון ביאַלער רבי׳ן זצ״ל, האָבן זיי אַלע געדאַוונט צוזאמען, און ס׳האָט געהערשט צווישן זיי אהבה אחוה ורעות. ביז אין יאָר 1928 האָבן זיי געדאַוונט אין א שיינעם גרויסן לאָקאַל אין הויז פון ר׳ אברהם פּאַסמאַניק אויף שעדליצער גאס. נאָך זיין פטירה האָבן זיי צוליב פארשידענע סיבות פארלאָזט דאס אָרט און איבערגעגאַנגען דאַווענען אין בנין פון תלמוד תורה אויף נאָווע גאס.

גבאים. — במשך פון די לעצטע 15 יאָר פאַרן חורבן זענען געווען גבאים: בסירוגין, ר׳ יהושע אפרים׳ס, נאָך אים — ר׳ ישראל גאָלדפאַרב, און דער לעצטער גבאי איז געווען ר, שבתל גאָלדפארב (יצחק לייבישס זון).

בעלי תפילות. — די ביאַלער חסידים אין סאָקאָלאָוו האָבן זיך נישט אויס־געצייכנט מיט קיין גרויסע און טאַלאַנטירטע זינגערס. די בעלי תפילות זענען געווען יידן יראי שמים, וואָס האָבן געקאָנט אביסל זינגען, און בעיקר דעם נוסח התפילה.

די ביאַלער חסידים האָבן פארמאָגט אין זיך פשטות און ענוות. טיף אדורכ־געדרונגען מיט אמונת צדיקים, געוווּסט פון פיל מעשיות און מופתים פון „גוטע" יידן. זיי האבן גוט דערציילט די מעשיות און מיט טאַלאַנט זיי מסביר געווען.

צווישן זיי זענען געווען רבנים און לומדים, אבער קיינמאל נישט דעמאָנ־סטרירט מיט זייער לומדות און נישט געשאַפן קיין דיסטאַנץ צווישן זיך מיט די פשוטע יידן.

די חשובע אָנגעזעענע ביאַלער חסידים אין סאָקאָלאָוו זענען געווען ר׳ מרדכי וויניגורא (מרדכי זלמנ׳ס), א גרויסער למדן און חריף. ער האָט געהערט צו די לומדים אין שטאָט. פאַרמאָגט אין זיך איינגעבוירענע אינטעליגענץ, קלאָר געווען דער יידישער היסטאָריע, פארשטאנען אסטראָנאָמיע און געהאט ידיעות אין טעכנאָלאָגיע.

ווען ווער פון די תלמידי חכמים און לומדי תורה האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף וועלכע ס׳איז שווערע שטעלן אין תלמוד און נישט געקאָנט פארשטיין דעם ענין, האָט ר׳ מרדכי זלמנס שנעל און דייטלעך דערקלערט דעם פשט. ער האָט זיך זיינע אלע יאָרן געמאָטערט פאַר פרנסה. א געוויסע צייט דערנערט זיין

משפחה מיט דעם וואָס זיין פרוי האט געבאקן באָבלעך, אבער קיינמאל זיך נישט באקלאָגט אויף זיין מצב. א ריי יאָרן איז ער געווען מלמד ביי דעם מעזריטשער רבין, געלערנט מיט דעם רבינס זון, איינגעפלאַנצט אין זיי תורה ויראת שמים, אהבה צו מענטשן. אין די לעצטע יאָרן איז ער געווען מגיד שעור אין רבינס ישיבה און גלייכצייטיק דער גייסטיקער דערציער פון די תלמידי הישיבה. אלע תלמידים האָבן אים ליב געהאַט אהבת נפש.

ער איז קלאר געווען אינאלע איינצלהייטן פון ביאלער חסידות און געווען מפורסם צווישן דעם ביאַלער עולם. עטלעכע יאָר פארן חורבן האָט ער ארויס־געגעבן א ספר וואָס אנטהאַלט חדושי תורה; א טייל פון דעם ספר אַנטהאלט אן אָבשאַצונג איבער די שושלת לענצנע — ביאלא וואָס רופט צו אמונת ד׳ און אמונת צדיקים.

ר יונה ליקעווער, א ייד א תלמיד חכם און שאַרפער ביאַלער חסיד, אויסערלעך אויסגעזען ווי א בטלן, אָבער ווייט געווען פון בטלנות, געהאַט אויך א ידיעה אין וועלטלעכע ענינים. ער האָט נישט געטראָגן קיין וואָלענע מלבושים, ער האָט געמאַכט טינט פאר סופרים, בתים צו תפילין, געלעבט אין דחקות און קיינמאל נישט געוואָלט נעמען קיין הילף.

ר׳ ישראל גאָלדפאַרב, א בן תורה, א מגיד שעור און משניות אין אלטן בית־המדרש. געגעבן צדקה און גמילת־חסדים אָן פירסום. פיל בעלי מלאכות און תבואה אויפקויפער האָבן אדאַנק זיינע גמילת חסדים געהאַט די מעגלעכקייט צו פארדינען וואָס ס׳איז צו קאָנען דערנערן זייערע ארעמע משפחות. ער האָט געפירט אַ גענויען חשבון פון זיינע פאַרדינסטן און פון זיי א צענטל פאַרטיילט אויף צדקה, אָבער אלץ אָן פירסום. א געוויסע ציַיט געווען דאָזער אין דער קהילה געשטימט צוזאמען מיט „מזרחי״ און ציוניסטישע פארשטייער פאר געבן א סובסידיע פאר קרן קימת לישראל נישט קוקנדיק וואָס די אגודה פארשטייער האָבן געשטימט אַנדערש. ער האָט געזאָגט: איך וויל נישט און קען נישט קיין פאָליטיק, גאולת הארץ איז א מצווה און די יידישע קהילה מוז געבן א סובסידיע פאר דעם הייליקן צעווק. אויך זיין פרוי ציריל, א צדקת, האט אפגעשפארט פון די הוצאות אין שטוב פאר צדקה צוועקן.

ר׳ אברהם ראָזענבאַנד, א בן תורה, א גרויסער מאמין אין צדיקים, א בעל צדקה און מכניס אורחים. שטענדיק געטראָגן דאָס קאפעל אונטערן היטל. אפילו דאן ווען ער איז געקומען אין א מלוכישן אמט, ווו מ׳האָט דאָס היטל אראָפגענומען, איז ער געבליבן אין קאפל נישט רעכענענדיק זיך מיט דעם וואָס די גויים לאכן פון אים. מיט גרויס איבערגעבנקייט האָט ער געטיילט שבת באַגינען הייסע קאווע מיט מילך די אַלע יידן, וועלכע זענען געגאַנגען באַגינען אין בית המדרש דאווענען אָדער לערנען. ווינטער אין די פראָסטיקע טעג האָבן זיך די יידן פשוט מחיה געווען מיט ר׳ אברהם׳ס הייסע קאווע מיט מילך. אין שבתדיקע באַגינען שעהן, איז זיין שטוב פול געווען מיט אזעלכע יידן.

חיים דוד ראָזענצווייג, יצחק אליעזר׳ס זון, שבתל שוחטס איידעם, געהאנדלט

ערלעך, געגעבן צדקה, יידן, און קריסטן האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט דרך ארץ אדאנק זיין סאָלידקייט און ערלעכקייט.

שמואל גאָלדפאַרב, א זון פון ר׳ ישראל גאָלדפאַרב, פון די חשובע יונגעלייט אין ביאַלער שטיבל רעליגיעז און באַוווסטזיניק, א שיינער בן תורה, באַזיצט גוט די פוילישע שפּראַך, אן אקטיווער חבר פון צעירי אגודת ישראל, פאַרמאָגט אין זיך פיל עניוות. די פּאַרטיי האָט אים געוואָלט שיקן אלס זייער פאָרשטייער אין שטאָט־ראַט און קהילה, אבער ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, אַנטלויפנדיק פון כבוד און פרסום.

די ברידער יצחק און יהושועלע ראָזענצווייג, יראי שמים, פאַרמאָגט אין זיך טראָץ זייער יחוס פיל פשטות, די זין פון ר׳ אליעזר שכנאס, א באַקאַנטע פער־זענלעכקייט אין סאָקאָלאָוו.

ר׳ הערשל אבישי׳ס, א בעקער פון ראָזאָווע ברויט, אן איינפאכער ייד, נישט קיין גרויסער בן תורה, אבער מיט זיין גאַנצן אינערליכן וועזן געווען צוגעבונדן צום ביאַלער בית התפילה.

ר׳ יהושוע אפרים׳ס, א תלמיד־חכם, געלעבט פון מלמדות אין שווערע באַ־דינגונגען, געווען פון די מגידי השעור אן דער חברת משניות אין אלטן בית־המדרש, קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט אויף זיין מאַטעריעלן מצב, געווען א מסתפק במועט און שטענדיק צופרידן.

בית התפילה דחסידי גור. — די גערער חסידים אין סאָקאָלאָוו האָבן געהאַט אן אייגן שטיבל אין אַ קליין הויז, וואָס ס׳איז געבויט געוואָרן ספּעציעל צו דעם צוועק אויף שקאָלנע גאַס. די צאָל מתפללים אין דעם בית התפילה זענען געווען בערך גלייך צו די צאָל מתפללים אין אַלעקסאַנדערער שטיבל, אַזוי אז די צוויי בתי התפילה זענען געווען די גרעסטע חסידים שטיבלעך אין סאָקאָלאָוו.

אויסער שבת און יום טוב האָט מען געדאַוונט אויך אין דער װאָכנס און אין אָוונט געלערנט בצוותא.

ווי באַוווסט, האָבן די גערער חסידים געדאַוונט תפילה בזמנו. זיי האָבן זיך שבת און יום טוב געשטעלט דאַווענען 7.30 אין דער פרי, נאָך שחרית געמאַכט א הפסקה אויף א שעה. די מתפללים האָבן אין דער שעה געלערנט, נאָכהער פאַרענדיקט דאָס דאַווענען.

אין די לעצטע יאָרן פאר דער ליקווידאַציע פון סאָקאָלאָווער יידנטום זענען געווען די גבאים פון שטיבל ר׳ איטשע מאיר גאָלדבערג (מענדל סטאלאס איידעם) מיכאל נתן ליכט (פעסל חייטשעס איידעם) און, דאַכט זיך, אז אויך יהושועלע גאָלדרייך (ר׳ ר׳ באטשעס איידעם).

די ימים נוראים בעלי תפילות זענען געווען ר׳ דודטשע ראזענבוים (ר׳ חיים שמואלס זון) און ר׳ ישראל העניך שוואַרצבאַרד. דער ערשטער האָט געדאַוונט שחרית און דער צווייטער — מוסף. צווישן די מתפללים האָט זיך געפונען א גרעסערע צאל תלמידי חכמים, אנשי מעשה, אויך עטלעכע באקאנטע גבירים. איך וועל נאר דערמאָנען איינִיקע פון זיי:

ר׳ באטשע רובינשטיין, א בן תורה און חכם, יעדן טאג האָט ער קובע געווען עטלעכע שעה צו לערנען. נישט קוקנדיק אויף זיינע גרויסע געשעפטן, האָט ער צוזאמען מיט מיכאל נתן ליכט געלערנט 2 שעה יעדן אוונט. די חסידים האָבן געזאָגט אז ר׳ מיכאל נתן האָט באקומען א מאָנאַטלעכן געהאַלט פון ר׳ באַטשע פאַר דעם קומען יעדן אָוונט צו אים אין שטוב צוזאמען לערנען, און ווען ר׳ מיכאל נתן איז געקומען האָט ר׳ באַטשע מאָמענטאַל פאַרלאָזן די ביורא און געשעפטן, אויסגעטון זיך פון די האַנדלסוועלט און אַריין אין די וועלט פון תורה און גייסט.

ר׳ באַטשע איז געווען א ליבלעכער מענטש, געשטרעבט צו שלום, מיט זיין פקחות האָט ער שטענדיק געפונען דעם וועג פאר אחדות און זוכה געווען אז זיינע קינדער האָבן פארגעזעצט זיין דרך און געווען דער המשך פון ר׳ באַטשע רובינשטיין.

ר׳ באַטשעס הויף איז געווען זייער פאָפולער אין שטאָט. די ערשטע נדבות פלעגן געזאמלט ווערן ביי ר׳ באטשע און זיינע קינדער, וועלכע האָבן אלע געוווינט צוזאמען ביי אים אין הויז. האָט מען באדארפט א מיטיק פאר א קראנקן אָרעמען ייד, איז דאָס אָרט געווען ביי פייגע באַטשעס און אירע קינדער. ער האָט קיינמאָל נישט געפירט קיין דיסקוסיעס מיט זיינע קינדער, וועלכע זענען געווען אקטיווע עסקנים אויפן געביט פון ישוב ארץ־ישראל, און געווען זייער צופרידן פון די אַלע תרומות פאר בנין ארץ־ישראל, וואָס זענען געגעבן געוואָרן דורך זיינע קינדער.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אז ווען דער פלויט פון אַלטן בית עולם איז געווען צעבראכן, די גויים שכנים האָבן אויף אים געפאשעט בהמות, האָט ר׳ באַטשע אויף זיין פריוואטן חשבון אויפגעשטעלט א גדר וועלכער האט באַסראָפן ביי 8000 זלאָטעס — אין יענער צייט אַ גרויסע סומע געלט.

ר׳ ישעיה שאַפראַן געקומען פון סטאָניסלאָוו נעבן מינסק אין יאָר 1916 קיין סאָקאָלאָוו. אויפגעשטעלט אַ גרויסע מיל מיט אן עלעקטראָוניע וואָס האָט געגעבן ליכט אין אַלע הייזער אין די שטאָט. א ייד א חסיד א בן תורה פאַרמאָגט אין זיך אינטעליגענץ און טאַקט. ער איז נישט געווען אָפיציעל קיין פאַרשטייער אין די אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אָבער די עסקנים האָבן ביי אים געפרעגט עצות אין פארשידענע פאַרפלאָנטערטע יידישע געזעלשאַפטלעכע פראַגן און זיך גערעכנט מיט זיין מיינונג. אויך פון זיין הויז איז אַרויסגעגאַנגען צדקה און גמילת חסדים פאַר אויפצושטעלן געפאַלענע קרעמער און בעלי מלאכה. אַז דער גערער רבי איז געווען אמאָל אין סאָקאָלאָוו איז ער איינגעשטאַנען ביי ר׳ ישעיה שאַפראַן.

אָפיציעל האָט ער געהערט צו אגודת ישראל, אָבער ער איז גלייכצייטיק געווען א חובב ציון. ער האָט אפט געשטעלט די פראגע פארוואָס פאראייניקן זיך נישט די צוויי רעליגיעזע פאַרטייען: מזרחי מיט אגודת ישראל. ער האָט עטלעכע מאָל באזוכט ארץ־ישראל קרוב פארן חורבן, ער האָט זיך געפונען א לענגערע צייט אין ארץ־ישראל און אין תל־אביב געקויפט א הויז.

זיין גרויס פאַרמעגן אין סאָקאָלאָוו איז ליידער אַריינגעפאַלן צו גויים, נאָר דאָס הויז אין תל־אביב איז דער איינציקער רכוש וואָס איז געבליבן פון אים פאַר זיינע אייניקלעך. אַלע קינדער זענען אומגעקומען. געראַטעוועט פון די היטלער־הענט האָט זיך זיין איידעם ר׳ יצחק וואָלקאָוויץ מיט עטלעכע קינדער (געפינען זיך איצט אין ארץ־ישראל).

ר׳ העניך כהן (דוד איצלס) און ר׳ ישראל העניך שוואַרצוואָרט בעלי־בתּים לומדים, זיי, מיט ר׳ מרדכי זלמנס, האָבן געבילדעט דעם חוט המשולש פון די גרעסטע בעלי בתים לומדים אין שטאָט. האָבן געהאַט סמיכה אויף רבנות אָבער געבליבן בעלי בתים און נישט קיין רבנים.

ר׳ העניך כהן איז געווען ראש מתיבתא אין סאָקאָלאָווער ישיבה. ער האָט פאַרמאָגט א כח הסברה, זיינע שעורים פאַר די תלמידי ישיבה זענען געווען אַרכיטעקטאָניש געבויט און פאַרשטענדלעך פאַר אַלע תלמידים. ער איז געווען א חכם אין אַלע ענינים, אויך וועלט ענינים זענען אים נישט פרעמד געווען. ר׳ העניך איז געווען א חריף און בקי, געלערנט בעומק און מיט טאַלאַנט. אַלע תלמידי חכמים האָבן ליב געהאַט צו שמועסן און לערנען מיט ר׳ העניך׳ן וואָס האָט קלאָר און לאָגיש באַגרינדעט זיינע חדושים. ר׳ חיים לייב האַכבערג איז געווען זיין איידעם.

ר׳ ישראל העניך שוואַרצוואָרט, דער שאַרפער קאָפּ און בקי, איז געבליבן א קרעמער. זיין קראָם פון טאַפעטן האָט זיך געפונען אין זיין ירושה־הויז אין מאַרק. ער האָט ווייניק פאַרברענגט אין זיין קראָם. זיין סטאַביל אָרט איז געווען אין אַלטן בית המדרש ביי די גרויסע ווילנער גמרות און פוסקים. ווען דער מורה־הוראה זצ״ל האָט זיך נישט געפונען אין סאָקאָלאָוו האָבן די בעלי־בתים געפרעגט ביי אים אַלע שאלות.

ער האָט אויך געהאַט א גרויסע ידיעה אין ספרי מחקר, זיי אויסגענוצט מסביר צו זיין דעם אמת פון די אמונה בד׳ ובתורתו. געווען פון די ערשטע חברים פון רעליגיעזן ציוניזם געבליבן א סימפּאַטיקער פון מזרחי.

ר׳ בער לייב גרינבערג (דער פעטער פון ר׳ יעקב גרינבערג) א תלמיד חכם מובהק און מחדש. געלערנט מיט גרויסע בחורים, מקיים געווען לימוד התורה מתוך עוני. זיין ווייב האָט געפירט א קרעמל און געשפּייזט די משפחה. ער איז שטענדיק געזעסן און געלערנט, געדענקט ש״ס און פוסקים. אין די לעצטע יאָרן איז ער געוואָרן א סגי נהור, געלערנט פון זכרון.

ר׳ מענדל משה אהרנס פשעננאַ, א גרויסער מתמיד און עובד ד׳. נאָך האַלבער נאַכט האָט ער זיך שוין געפונען אין בית המדרש אָדער אין גערער שטיבל און געלערנט. זיין פרנסה אין די לעצטע יאָרן איז געווען פון פאַרקויפן איבער די דערפער אביסל מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריע. די דאָרפס יידן האָבן דערציילט, אַז ווען ר׳ מענדל האָט ביי זיי גענעכטיקט, פלעגט ער ביינאַכט אויפשטיין לערנען. זיינע מאַטעריעלע באַדינגונגען זענען געווען שווערע, ער איז אָבער געווען גייסטיק רייך און שטאַרק.

ר׳ יענקעלע הערשבערג, א גרויסער בן תורה, געריכט ווייניק, פיל געלערנט און פאַרמאַגט א לב־טוב. אין זיינע שווערע מאַטעריעלע צייטן האָט ער זיך געטיילט זיין אָרעמע וויעטשערע מיט אָרימע לייט. שטענדיק דן געווען יעדן ייד לכף זכות, די שטאָט האָט זיך געקאָנט אויף זיינע מעלות און אים שטארק געאַכטעט.

ר׳ יהושוע יוסל בעל־עגלה, אַ לוסטיקער אָרימאַן, פאַרנדיק אויף די וועגן האָט ער געהאַט מיט זיך ספרים צום לערנען און געווען תמיד בשמחה.

ר׳ אברהמלע חיים׳ס אייזענבערג, א בן־תורה, איז געווען א ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט און עסקן אין פיל אנדערע פילאַנטראָפישע אינסטיטוציעס, פארזיצער זון „סומך־נופלים.

ר׳ אברהמלע אייזענבערג, גערופן ר׳ אברהמלע חיימס, א בן תורה און יחסן, אן אייניקל פון פלאָצקער רב. ער האָט יעדן אונט געהאַט אַ סטאבילן שעור אין גערער שטיבל און געווען באַקאנט צווישן די גערער חסידים. ער איז אויך געווען א געזעלשאפטלעכער עסקן אויף פארשידענע געביטן, ווי ראַטמאַן אין שטאָט, פארזיצער פון דער סומך־נופלים געזעלשאגט, פארוואלטונגס־מיטגליד אין דער באנק קופיעצקי און אויך אין דער גמילת־חסדים קאסע.

ר׳ אלתר כץ, גערופן אלתר גייער, א בן תורה און גערער חסיד. א גאנצע וואָך געוואנדערט איבער די דערפער עפעס קויפן און פארקויפן, געלעבט בצמצום אבער זיך נישט געקלאָגט. געווען א מסתפק במועט. געלעבט אין שטיבל און געווען בשמחה.

ר׳ מתתיהו קוקאווקע, א ייד א בן תורה מיט מדות טובות, געלעבט פון מלאכה. ער האָט געהאַט א בעקעריי ביי דעם רבין אין הויף און אין מיטן דער נאַכט שטייענדיק ביי דעם אויוון, פלעגט ער יעדע פרייע צייט אריין אין רבינס בית המדרש „אריינכאפן״ א פרק משניות אדער בלאט גמרא.

פון זיינע שווערע אויסגעהאָרעוועטע גראָשנס פלעגט ער אויך געבן צדקה איבער זיינע מעגלעכקייטן.

ר׳ ברוך דאָבזינסקי א בן תורה, א קלוגער ייד, לעצטנס געפירט די סאָציאַלע אינסטיטוציעס, ביקור־חולים און גמילות־חסד־קאסע, געזאָרגט פאַר אן אָרימאַן און נויטליידנדיקן ייד, אז ער זאָל באקומען ווי אמשנעלסטן דעם גמילת־חסד, ווען אין דער קאַסע איז נישט געווען קיין געלט, האָט ער זיך באַמיט צו באַקומען אַ הלואה פון בעלי בתים, כדי קאָנען געבן דעם נויטבאַדערפטיקן דאָס גמילת־חסד.

ואהרון אהרון חביב — ר׳ מנחם רובינשטיין, א גרויסער בן תורה און פון די גרעסטע הורטאָווע קאַלאָניאַל־סוחרים אין שטאָט, מפורסם אין גור, געהאַט א ברייטע האַנט צו געבן צדקה און מכניס אורחים. אלע שיכטן אין שטאָט האָבן זיך באצויגן צו אים מיט גרויס רעספעקט.

ר׳ מענדל דעם רבס, א למדן און א גרויסער חכם, באַזיצט אן אייזערנע לאָגיק. אלע פאַרפלאָנטערטע סכסוכים אין גרויסן מאַסשטאַב האָט מען געברענגט

פאר אים צו אנטשיידונג. זיין פסק־דין איז געווען א געזעץ. אלע האָבן געגלויבט אַז ר׳ מענדל מיט זיין גרויס פקחות פאַרטראַכט זיך גוט איבער אן ענין.

בית תפילה דחסידי לומאז.

דאָס לומאזער שטיבל האט זיך געפונען אין רעכטן חדר פון פאליש אין דער גרויסער שול. געדאווענט האט מען דאָ נאָר שבת און יום־טוב און די וואָכנטעג האָבן דאָ געלערנט די תלמידים פון בית־ספר „יבנה״. די לעצטע יאָרן פארן חורבן איז געווען גבאי ר׳ איצעל ווייסבערג (מילכיקער) א פשוטער ייד. זיין פרנסה איז געווען פון פאַרקויפן כשרע פוטער און קעז. דער רבי זצ״ל האָט גענוצט נאָר די פוטער וואָס מען האָט געקויפט ביי ר׳ איצל מילכיקער. ער האָט פארמאָגט א גוט הארץ, און אז אן ארימאן האָט ביי אים געקויפט עטלעכע דעקא פוטער אָדער קעז פלעגט ער נאָך צולייגן נאָך עטלעכע דעקאָ. איך וועל פון דעם קיין גרעסערער אָרימאַן נישט ווערן — פלעגט ער זאָגן. צו ימים נוראים זענען געווען בעלי תפילות ר׳ בנימטשע ווישנע א שטעפער פון פאך און גלייכצייטיק א בן־תורה און איבערגעבענער לומאזער חסיד. יעדן טאָג פלעגט ער קומען אין בית המדרש לערנען. ר׳ איצל ווייסבערג (מילכיקער) און לעצטנס ר׳ פייוועל זלאַטאגוויאזדע (נטע גורפינקעלס איידעם), א געזעלשאַפט־לעכער עסקן און גדבן. ער האָט פיל געלייסטעט אַלס מיטגליד פון קאָמיטעט פאַר סאָציאַלע הילף אין געטאָ צו באַשפייזן די אָרימע נויטבאַדערפטיקע יידן. ער איז אויך געווען אַן אַקטיווער חבר אין „מזרחי״ און לייכט געגעבן זיינע שפענדן פאַר אלע ארץ־ישראל פאָנדן. דאָ האָבן אויך געדאַוונט די גוט באַקאַנטע בעלי־בתים:

ר׳ נטע גורפינקעל (פאַטריקוסער), וועלכער האָט געקויפט די מיל ביי ר׳ חיים שמואל ראָזענבוים, א פשוטער ייד, דורכגעדרונגען מיט אמונה און ליבע צו תורה. געגעבן צדקה אָרימע לייט און אויף אַנדערע אַלגעמיינע יידישע שטאָטישע באַדערפעניש. געוומען פאַר זיינע טעכטער יונגעלייט לומדים און זיי געהאַלטן ביי זיך אין זיין געשעפט. אַז דער לאמאזער רבי פלעגט קומען קיין סאָקאָלאָוו איז ער איינגעשטאַנען ביי ר׳ נטען.

דוטשע זאלצבערג, א שיינער בן תורה און פקח. ער האָט גוט פארשטאנען קאָצקער חסידות. געווען א סימפאַטישער מענטש, קיינמאָל זיך ניט געבייזערט. אויף זיין פנים איז שטענדיק אויסגעשפּרייט געווען א שמייכעל, הגם זיין פרנסה איז געווען א שווערע.

ר׳ מיכאל ווישנע, א בעל־מלאכה, פון פאַך א שטעפער, געלעבט ערליך פון זיין ארבעט און געהאט דערפאַלג. זיין אמונה איז געווען פעלזנפעסט. אָפט געלערנט עין יעקב און שלחן ערוך. ער האָט פיינט געהאַט ליגנס אָדער גוזמאות, ווען ער האָט געהערט פון וועמען ס׳איז דערציילען א גוזמא, איז ער אַרויס פון די כלים און פראָטעסטירט. ער האָט געהאַט אן אָפענע האַנט צו געבן צדקה בסבר פנים יפות.

ר׳ יעקעל ראָזן, א בן־תורה און תמים. ער האָט זיך געמאַטערט שווער און

ביטער צו קאָנען דערנערן זיין משפחה, אבער נישט באַקלאָגט זיך אויף זיין שווערער לאגע. נישט געקוקט דערויף, האָט ער מיט דער מיטהילף פון זיין אינ־טעליגענטע בכבודיקע פרוי געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען, כדי צו דערציען זיינע קינדער לתורה וחכמה.

בית התפילה פון סקערנעוויצער חסידים

די סקערנעוויצער חסידים אין סאָקאָלאָוו האָבן א לעגערע צייט נישט געהאַט קיין סטאַביל אָרט צום דאַווענען. אַמאָל האָבן זיי געדאַוונט ביי ר׳ משה פיעקאַרסקי, שפּעטער — ביי ר׳ וועלוועל בראַניצקי (מאַשאַנזניק), ענדליך האָבן זיי געדונגען א שטוב ביי ר׳ בעריל עקיבא׳ס אויף דלוגא גאַס און דאָרט גע־דאַוונט ביז צום חורבן סאָקאָלאָוו. אין סקערנעוויצער שטיבל האָט מען געדאַוונט אויסער שבתות וימים טובים אויך אין די וואָכנטעג. אין אָוונט האָבן די מתפללים געלערנט שעורי תורה.

גבאי פון שטיבל איז געווען ר׳ יצחק אריה פישער. א בן־תורה און חסיד, געזאָרגט אַז אין שטיבל זאָל זיין ליכטיק און וואַרים. און ווען ס׳איז נייטיק געווען צו שאַפן פאַר ווערמען פון די מתפללים הילף, האָט ר׳ יצחק אריה די אַקציע אדורכגעפירט מיט מסירת נפש און ברען.

בעלי תפילות אין די ימים הנוראים זענען געווען ר׳ משה פיעקאַרסקקי (בעל מוסף), א תלמיד חכם מובהק. אין זיין גרויס געשעפט פון מאנופאַקטור איז ער יעדן טאָג געווען נאָר עטלעכע שעה און די גרעסטע טייל פון מעת לעת האָט ער מקדיש געווען צו לערנען. ווען מ׳פלעגט אריינקומען צו ר׳ משה פיעקאַרסקי אין שטוב, האָט מען אים געטראָפן לערנען. ער איז געווען מפורסם אין סקערניעוויץ.

דאָ האָט אויך געדאַוונט ר׳ הערשל זאלצבערג, פון די חשובע יונגעלייט אין שטאָט, א בן־תורה און חכם. אין פאַל פון אַ שווער און פאַרפּלאָנטערט בוררות האָט מען זיך צו אים געוואָנדן, ער זאָל זיין דער פוסק אחרון. אן אַקטיווער חבר פון „מזרחי״ און מיטגליד פון ועד החינוך פון ביה״ס יבנה.

ר׳ שלמה ראובן לינדענהיים, אַן איידעם פון ר׳ משה פיעקאַרסקי, א תלמיד־חכם און פון די בעסטע יונגעלייט צווישן די סקערנעוויצער חסידים בכלל. ער איז געווען מפורסם נאָך ביים אלטן סקערנעוויצער רבין אלס תלמיד חכם און חסיד.

ר׳ וועלוועל מאשאנזניק, א בעל מלאכה, א יודע ספר. די ארבעט האָט אים טאַקי דערוואַרעמט צו חסידות און מעשים טובים. ער איז געווען א מכניס אורחים און געגעבן צדקה.

ר׳ ראובן ביאַלילעוו, א בן תורה און קלוגער ייד, נאָך געפאָרן צום אַלטן סקערנעוויצער רבין זצ״ל. געדענקט די גאַנצע השתלשלות פון וואָרקע ביז סקערנעוויץ. יעדן טאָג אין אָוונט געקומען אין שטיבל לערנען. הגם נישט קיין אָפיציעלער חבר פון „מזרחי״, פלעגט ער דאָך פאַר זיי שטימען ביי די וואַלן.

בית תפילה דחסידי פילעוו.

דאָס פילעווער שטיבל האָט זיך געפונען אין אַ גרויסע שטוב ביי ר׳ אליעזר

רענדל אויף דלוגא גאס. די פּילעווער חסידים אין סאָקאָלאָוו זענען געווען קליין אין כמות, אבער גרויס אין איכות. דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געווען תלמידי חכמים, צווישן זיי יונגע לייט, גרויסע בני־תורה, און באגאבטע בעלי תפילה און זינגער, ווי מענדל גאָלדזאק (דער איידעם פון ר׳ שמואל יוסל שוחט); יוסלי בערנבליט, איידעם פון יהושע העלפּמאן (היינט חזן אין אמעריקע); ישעיהו שטערן, איידעם פון יצחק אלעזרס און יוסל, דער איידעם פון ר׳ חיים דוד ראָזענצווייג, א גרויסער למדן און צדיק, געהאַט סמיכה אויף רבנות.

ווען די אויבנדערמאָנטע האָבן געזונגען זמירות ביי שלוש סעודות שבת פארנאַכט, איז דער הויף געווען פול מיט צוהערער. די שירה האָט פּשוט גע־קלונגען ווי די שענסטע סימפאָניע.

גבאי איז געווען ר׳ לייבל אַלטמאַן, א בעל מלאכה, א בעקער, אן ערלעכער ייד און איש אמת. געגעבן צדקה איבער זיינע מעגלעכקייטן, מקיים געווען הכנסת אורחים בסבר פנים יפות. זיין שטוב האָט מען גערופן אברהם אבינו׳ס שטוב, ווייל וועלכער ארימאַן ס׳איז אריין צו אים הונגעריק, איז ארויס זאַט. ניט געקוקט אויף זיין שווערע ארבעט וואָס האט אים בארויבט דעם שלאָף ביינאַכט. ווייל די בעקערס האָבן געארבעט נאָר ביינאכט, האָט ער זיך אויך מיטבא־טייליקט אין די טעטיקייט פון פאַרשידענע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, ווי חברת סומך נופלים און גמילת חסד קאסע.

אין די ימים הנוראים האָט געדאַוונט מוסף ר׳ שמואלקי ישראל מרדכי׳ס גרינבערג, א גרויסער תלמיד־חכם, געלערנט טיפזיניק, געהאַט אַן אויסערגע־וויינלעכן זכרון. דאָס לערנען האָט אים גייסטיק דערהויבן און געשאַפן גרויס שמחה. (שחרית האָט ער געדאַוונט אין נייעם בית המדרש).

שחרית האָט געדאַוונט אברהם שמואל גרינבערג, דער פאָטער פון שבתיל גרינבערג, א בן־תורה און צנוע, ליב געהאַט פּשטות, נישט געליטן קיין קריטיק איבער וועלכן ס׳איז ייד און געהאַנדלט ערליך. זיין וואָרט איז געווען קדוש. אַלע סוחרים אין ווארשע, מיט וועמען ער האָט געהאַנדלט, האָבן גערימט זיין ערלעכקייט. פון זיינע קינדער האָבן זיך געראַטעוועט זיין זון שבתיל און זיין טאָכטער מרים הירשבערג, געפינען זיך אין ישראל.

אין יום־הכפּור האָט געדאַוונט שחרית ר׳ אליעזר הענדל, א בן־תורה, אַן אנגעזעענער חסיד, אויסגעהאלטן אויף זיין חשבון אלע הוצאות פאר דעם שטיבל וואָס ער האָט געגעבן אין זיין דירה אומזיסט. אין דער צייט ווען זיין עקאָנאָמישער מצב איז געווען גוט, האט ער געגעבן צדקה מיט א ברייטער האנט. געווען פון די הויפּט גבאים אין תלמוד תורה.

אינטערעסאנט איז געווען ר׳ אברהם לייב ביאַליסטאָצקי, א למדן, א חריף און מגיד שעור אין סאָקאָלאָווער רבינס ישיבה, שפּעטער פּריוואָט מלמד אין סאָקאָלאָוו. ער איז געווען אַ שטאָלצער מענטש און פריי געזאָגט דאָס וואָס ער דענקט, פיינט געהאַט בתכלית השנאה דעם שקר, קיינעם נישט נושא פנים געווען.

יוסעלע איינבינדער, א ייד א תמים, א גרויסער אָרימאַן און זיך געגרויסט וואָס ער איז א פילעווער חסיד.

הערצקע ווייסבערג, געבוירן און דערצויגן אין סאָקאָלאָוו, געהערט צו די באַוווסטזיניקע יונגעלייט. פאַרמאָגט איינגעבוירענע אינטעליגענץ און טאַקט, אָבגעשפאָרט פון זיין ברויט אין שטוב און געגעבן זיינע קינדער א רעליגיעז וועלטלעכע דערציאונג. זיינע זין ישראל, מאיר, שמעון און יעקעלע האָבן פיל דערגרייכט. געהאָלפן אין דעם אלעם האָט אים זיין קלוגע און ענערגישע פרוי שרה, וועלכע האָט פארשטאנען און געוווסט וואָס ס'איז דערציאונג, מוסר נפש געווען פאַר געבן אירע זין אַ רעליגיעז נאַציאָנאַלע און וועלטלעכע בילדונג.

ר' דוד ראזענבערג, בן־תורה און חכם, געהערט צו די אנגעזעענע יונגעלייט אין פילעוו. ער האָט פאַרמאָגט בר״טע ידיעות אין תלמוד, ווי אויך אין אנדערע וועלטלעכע געגענשטאנדן, אויך געווען א גוטער פעדאגאָג און געווירקט פאָזיטיוו אויף די יוגנט צו דערהאַלטן זיי ביי יידישקייט.

ר' דוד טשערניצקי, א גרויסער קאָפּ אויף א קראנקן אויסגעקרימטן גוף, אז מ'האט אים געפרעגט א פסוק אין תנ״ך, האָט ער גלייך געזאָגט גענוי אין וועלכן פרק ער געפינט זיך, ער וואָלט היינט זיכער געווען צווישן די אלופי התנ״ך אין ישראל.

בית התפילה דחסידי פאריסאָוו

די פאַריסאָווער חסידים האָבן געדאַוונט שבת און ימים־טובים אין לאָקאל פון דער תלמוד־תורה.

פאריסאָווער חסידים זענען אין סאָקאָלאָוו געווען בערך 2 מנינים, דאָך האבן זיי, א דאַנק דעם וואָס מיט זיי האָבן אויך געדאַוונט שכנים און סתם בעלי־בתים, געהאַט א גרעסערע צאָל מתפללים.

גבאי איז געווען ר' אלתר שניידער, דער זון פון ר' שמואלקע חיים'ס, א בן־תורה און איבערגעגעבענער פאַריסאָווער חסיד. פרום און גוט, א גרויסער בעל־בטחון און אוהב ישראל. ער איז געווען דער יסוד פון דעם פאריסעווער שטיבל. ער איז אויך געווען גבאי אין דער תלמוד־תורה און, נישט געקוקט אויף זיין שוואכן געזונט, האָט ער זיך אקטיוו באַטייליקט ביים שאפן געלט פאר דער תלמוד תורה.

בעל מוסף אין די ימים־הנוראים איז געווען ר' אברהם פריילעך, א בן־תורה און טאַקטפולער מענטש, א גוטער בעל־תפילה און שיינער מנגן. ס'איז געווען א פארגניגן צו הערן אים דאוונען אדער זינגען אין דער באגלייטונג פון זיינע זין. (ער איז אויך געווען א פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער באַנק־קופיעצקי).

אויך האָבן דאָ געדאַוונט ר' שמואלקע חיים'ס שניידער, א יודע ספר, יעדן אוונט געלערנט אין דער חברה משניות אין אלטן בית המדרש, דערצויגן זיינע קינדער לתורה ויראת שמים, ליב געהאַט תורה און געגעבן צדקה.

זיין זון לייביש שניידער, מאַטעריעל גוט סיטואירט, פון די נגידים אין שטאָט, געהאַט א שם פאַר אן ערלעכן סוחר, באַקאַנט אין שטאָט אַלס א גומל

חסד. פיל יידן האָבן ביי אים באַקומען גמילות חסדים, פלעגט אפילו אַליין פאַר־שלאָגן צו נעמען ביי אים א גמילות חסד און אויך געגעבן צדקה.

משה מיסטאַווסקי, א יונגערמאַן א בן תורה און ירא שמים.

קאַלישינער שטיבל.

די קלושינער חסידים זענען מערסטנטייל באַשטאַנען פון ערלעכע און אָבגעגעבן אַ חדר אין זיין דירה צו דעם צוועק אָן געלט). אין די ימים הנוראים האָבן זיי געדאַוונט אין שול צוזאַמען מיט די שול מתפללים.

די קאַלישינער חסידים זענען מערסטנטייל באַשטאַנען פון ערלעכע און פּשוטע גוטע יידן. מ׳האָט זיי געטראָפן אין אָוונט לערנען אין די חברה משניות און עין יעקב, זאָגן תהלים באַגינען אין אַלטן בית המדרש. יעדעס יאָר האָבן זיי אראָפּגעבראַכט זייער רבין הרב ר׳ נפתלי הי״ד פון קאַלושין אויף עטלעכע טעג מיט א שבת. דער רבי פלעגט איינשטיין ביי ר׳ חיים יעקעל שפּאַדעל אױן שטוב. די חסידים האָבן אין די טעג איבערגעלאָזט די אַרבעט און געפילט זיך יום־טובדיק און נאָענט צו דעם רבין.

גלייכצייטיק וויל איך דאָ דערמאָנען אז ר׳ חיים יעקל שפּאַדל איז געווען דער לעצטער פּאַרזיצער פון דער יידישער קהלה אין סאָקאָלאָוו. ער האָט זיין אויפגאַבע דערפילט ערליך און געוויסנהאַפט. אַ גרויסן טייל פון זיין צייט האָט ער פאַר די כלל־אַרבעט אָפּגעגעבן נישט קוקנדיק, הגם דאָס האָט אים געשטערט אין זיינע פּריוואַטע אינטערעסן. דאָ האָבן אויך געדאַוונט די ברידער פון ר׳ חיים יעקעל שפּאַדעל: ר׳ אברהם און משה שפּאַדעל, יידן בעלי־מלאכה, יודעי ספר און גוטהאַרציקע מענטשן.

ר׳ שמואל רזשעפּקי, א שטילער רעליגיעז ערליכער ייד. געגעבן צדקה גמ״ח און מכניס אורחים. דערצויגן זיינע קינדער צו תורה ויראת שמים.

ר׳ ירחמיאל ריבאַק, א רעליגיעזער ייד, א נגיד, א חבר אין דער פאַר־וואַלטונג פון האַנטווערקער־פאַראיין, פאָרשטייער פון די האַנטווערקער אין שטאָט־ראָט. גרייט געווען צו געבען א גמילות חסד.

און אַנדערע ערלעכע יידן: ר׳ משה משהזאָן, א דאַמען־שניידער און יודע־ספר, געווען גבאי פון דער חברה קדישא, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין די קאָאָפּעראַטיווע קליינהענדלער און האַנטווערקער באַנק, געגעבן צדקה און געהאָלפן קראַנקע.

ראַדזינער שטיבל

די ראַדזינער חסידים האָבן געדאַוונט שבת און יום־טוב אין הויז פון תלמוד־תורה. זיי האָבן זיך אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע חסידים מיט דעם תכלת אין זייערע ציצית. ווי באַוווסט האָט דער ראַדזינער רבי זצ״ל, א גרויסער גאון אויף אַלע געביטן און מחבר פון פיל וויכטיקע הלכה ספרים, געפונען דעם חלזון און אַדאַנק דעם באַנייט די מצוה פון תכלת אין די ציצית. קיין נגידים איז צווישן זיי נישט געווען. ס׳רוב געהערט צו „מזרחי״.

גבאי איז געווען ר׳ יעקב, דער איידעם פון ר׳ שמואל אלטמאַן, א שיינער

בן־תורה און חסיד און שווער געאַרבעט אויף פרנסה. ער פלעגט שטענדיק זאָגן: „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך״.

דער בעל מוסף אין די ימים הנוראים איז געווען ר׳ יעקל קיווייקא. א בן־תורה. אויסגעניצט זיין פרייע צייט צו לערנען אָדער קוקן אין א ספר און קלאָר געווען אין דעם גרויסן וכוח אין יענער צייט איבער דער תכלת.

בעל שחרית איז געווען ר׳ פסח אלטמאַן, דער זון פון ר׳ שמואל אַלטמאַן. אויך ער ווי זיין שוואָגער יעקעלע, איז געווען א בן־תורה און קלוגער ייד, געלעבט אין שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען. אָבער געהאַט בטחון אַז זיין לאגע וועט זיך בעסערן. ער האָט דערצויגן זיינע קינדער לתורה ויראת שמים און איינגעפלאַנצט אין זיי ליבע צו ארץ־ישראל.

צו די ראַדזינער חסידים האָט אויך געהערט ר׳ אהרן אשר זאַיאַנץ, א ייד מיט א סך מעלות. א בן־תורה און וועלטלעך געבילדעטער, פאַרמאָגט איינגע־בוירענע אינטעליגענץ. ער האָט געדענקט לאָגיש. ווער ס׳האָט געהאַט עפּעס א קאָמפּליצירטן ענין, האָט געפרעגט אַן עצה ביי ר׳ אהרן אשרן. האָט ווער געדאַרפט אָנשרייבן אַ פּוילישע ביטע צו דער מאַכט, איז מען געקומען צו ר׳ אהרן אשרן, וועלכער האָט דאָס גלייך געטון בסבר פנים יפות. שוין נישט רעדנדיק פון אָנצושרייבן יעדן טאָג פיל ענגלישע אַדרעסן פאַר די אלע טאַטעס און מאמעס צו זייערע קינדער אין אמעריקע.

ר׳ שמואל אלטמאַן, א בעל מלאכה (א בעקער), געאַרבעט בייטאָג און ביי־נאַכט, א יודע ספר און ירא שמים, דערצויגן זיינע קינדער לתורה ויראת שמים, געגעבן ארימעלייט און ארבעטסלאָזע ברויט און קרעדיט. ווען מ׳האָט אים געפרעגט ווו וועלן זיי נעמען צו באַצאָלן, האָט ער געענטפערט: צו זאָלן זיי דערוויל נישט עסן? ג׳ וועט העלפן און זיי וועלן מיר באַצאָלן.

ביות תפילה פון „מזרחי״

אין סאָקאָלאָוו האט עקזיסטירט א גרויסער סניף פון „מזרחי״, וועלכער האט געציילט בערך 200 דעקלאַרירטע חברים. צווישן די חברים האָבן זיך געפונען פיל תלמידי חכמים און בני־תורה חסידים און מתנגדים. דער סניף „מזרחי״ אין סאָקאָלאָוו איז געווען מפורסם אין די מזרחי צענטראַלע מיט זיין איכות און כמות.

הגם א באַדייטנדיקער טייל פון די „מזרחי״ חברים האָבן געדאַוונט אין די שטיבלעך, האָט אויך אין סניף געדאַוונט שבת און יום טוב א גרעסערע צאָל מתפללים. אין די וואָכנטעג האָט דאָרט געלערנט א כתה פון בי״ס „יבנה״. אין די אָוונטן האָט דאָ די יוגנט פון מזרחי געפירט זייער אָרגאַניזאַציאָנעלע טע־טיקייט. דער גבאי פון דעם מנין איז יאָרן לאנג געווען ר׳ יהודה הירש סקזשידלאָווער, וועלכער האָט מיט איבערגעגעבנקייט געזאָרגט פאַר די באַדער־פענישן פון דעם מנין און אפילו פארן קידוש נאָכן דאַוונען פאַר אלע מתפללים.

דער אינקאַסענט פון די נדרים און אַנדערע תרומות איז געווען שמואל

פּאַסמאַנטער. ער איז אויך געווען דער גבאי פון שלש סעודות. בעת די „מזרחי״ שלוש סעודות האָט מען געזאָגט דברי תורה, געפירט שמועסן וועגן פּראָבלעמען פון דער באַוועגונג ווי אויך שירה בציבור. די עלטערן האָבן אויך מיטגעבראַכט זייערע קליינע קינדער.

אַלע שבת האָט אן אנדערער חבר געגעבן דעם שלש סעודות. שמואל פּאַס־מאַנטער, דער גבאי, פלעגט שוין וועגן דעם זאָרגן. ס׳האָט זיך אָבער ארויסגע־וויזן אז פיל שבתות האָט ער, הגם אַליין אן אָרימאַן, פאַר זיין אייגן געלט צוגעגרייט דעם שלוש סעודות.

שבת פארן דאַוונען האָט ר׳ לייב פרינץ, (שפּעטער מרדכי כשר, משה ניימאַן און משה גרינבערג) געזאָגט א שעור גמרא פארן צבור. זומער בייטאָג האָט פרקי אבות געלערנט פנחס ראפּאלאָוויטש, אין די שעורים האָבן זיך באטייליקט א גרויסע צאָל צוהערער, אפילו פון סתם בעלי־בתים אין שטאָט און אויך יוגנט.

די ימים נוראים בעלי תפילות זענען געווען ר׳ לייבל פרינץ און ר׳ זינדל לערמאַן און משה ניימאַן. ר׳ לייב פרינץ האָט געדאַוונט מוסף, איז געווען א בן תורה, געלערנט חובת הלבבות און מורה נבוכים, געהאַט א שיינעם נוסח תפילה און געדאַוונט מיט התלהבות.

ר׳ זינדל לערמאַן, א בן־תורה און אַטוואַצקער חסיד, א גרויסער עושר, האָט געדאַוונט שחרית, ער האָט פיל געהאָלפן זיין אָרימע משפּחה און אנדערע אָרימעלייט. ער איז געווען דער פאָרשטייער פון „מזרחי״ אין דער קהילה פאַר־וואַלטונג, איבער 2 קאַדענצן.

נאָך דער פטירה פון ר׳ לייבל פרינץ האָט געדאַוונט מוסף ר׳ משה ניימאַן, געהאַט אַ דרוקעריי אין סאָקאָלאָוו, האָט פאַרמאָגט פיל מעלות. תורה חכמה און מדות טובות. שטענדיק געווען פון די ערשטע נותנים אויף צדקה־צוועקן און ווי אויך ביי אלע ארץ־ישראל אַקציעס. זיין דאַוונען האָט שטאַרק אויסגענומען ביי די מתפּללים. בעל תוקע איז געווען ר׳ מרדכי שר, אן אַלעקסאַנדערער חסיד, אבער האָט געדאוונט א גאנץ יאר אין „מזרחי״. ער האָט געהערט צו די גרעסערע בני תורה אין שטאָט און געווען אַ גרויסער עניו. אן אוהב ישראל.

דאָ האָבן אויך געדאַוונט די גוט באַקאַנטע אַקטיווע „מזרחי״ חברים ר׳ סענדער רובינשטיין, ר׳ שמואל לייב כץ, ר׳ שמואל פינקעלשטיין, ר׳ משה גרינבערג און שכנא ראַדזינסקי — (פארשטייער פון „מזרחי״ אין דער קהילה פארוואלטונג). פיל צייט אוועקגעגעבן פאר כלל ארבעט, ווי אויך יבלח״ט — ר׳ לייביש שולעוויטש, בן־ציון שולעוויטש און ישראל בער, (איצט אין ישראל).

ציוניסטישער מנין.

די ציוניסטן האָבן געדאַוונט שבת און יום־טוב אין לאָקאַל פון דער יידישער קליינהענדלער און האנטווערקער־באנק אין הויז פון ר׳ וועלוול סאפּערשטיין אויף דער צעד שעדלעצער גאס.

די הויפּט איניציאַטאָרן פון דעם מנין זענען געווען: ר׳ יענקעל טוקאָלסקי,

חיים זילבערמאַן, מענדל לאַשיצקי, ישראל לייביש טייבלום, און — יבלח״ט: ר׳ בנימינטשע רובינשטיין, ישראל מילגראם און חיים סקאצנאדיק ע״ה גבאי פון מנין איז געווען אליעזר עלבלינג (דער גראָער לייזער). אין די ימים הנוראים האָט געדאַוונט שחרית ישראל לייביש טייבלום. ער האָט געדאַוונט מיט רעש און געזונגען חסידישע נגונים פון דער צייט ווען ער איז געווען א סקערנעוויצער חסיד. ר׳ חיים זילבערמאַן האָט געדאַוונט מוסף. ער האָט געדאַוונט געלאַסן און מיט הארץ. אין זיינע תפילות איז געקומען צום אויסדרוק זיין גירסא דינקותא אין סקערנעוויצער שטיבל אין שעדלעץ, ווו ער האָט זיך געעכנט צווישן די גוטע לערנער נאָך פון זיין יוגנטלעכע חסידישע תקופה.

חיים זילבערמאַן איז געווען פון די פירער און טריבון פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין סאָקאָלאָוו. א גלענצענדער רעדנער וואָס האָט געווירקט מיט זיינע רעדעס אויף אלע צוהערער, א מיטגליד אין ציוניסטישן צענטראַלן פאַרטייראַט, ציוניסטישער פאַרשטייער אין שטאָט־ראַט און פארוואַלטונגס־פאָרזיצער פון יידישע האַנדווערקער און פאָלקס־באַנק. ער פלעגט זאָגן אַז גייסטיק דערהויבן פילט ער זיך שבת באגינען ביים שרייבער פון די שורות בעתן לערנען א בלאט גמרא.

דער מנין האט פיל געהאָלפן אקטיוויזירן די חברים לטובת די ציוניסטישע פאָנדן, ווי אויך ביים פאַרשפרייטן די ציוניסטישע אידעע צווישן די ברייטע מאַסן אין שטאָט.

## בית התפילה „חיי אדם״

נעבען דעם נייעם בית־המדרש צווישן דלוגא און שלעפאַ־גאַס האָט זיך געפונען דער בית התפילה „חיי אדם״. דער מנין איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך ר׳ שלמה יהודה׳ס. ער איז געווען דער רבי פון דעם מנין און געלערנט יעדן אָוונט מיטן צבור דינים פון חיי אדם.

ר׳ שלמה יהודה׳ס איז געווען א פשוטער שניידער, דערצו אן ערלעכער ייד, א בן־תורה. ער האָט געהאַט א גרויסע השפעה אויף די מתפללים פון זיין שול, זיין הדרכה און דרשות שבת נאָכן לייענען האָבן געווירקט אויף די צוהערער אין נייעם בית־המדרש. ער פלעגט אויך לערנען מיט א גרופע יידן שבת נאכן עסן פרקי אבות אדער חיי אדם.

אין די ימים נוראים האָט מען אויף ר׳ שלמה יהודה׳ס ווונטש, געדאַוונט צוזאמען אין נייעם בית המדרש.

גבאי פון דעם שולעכל איז געווען אלתר בעקערמאַן, א קוואַליפיצירטער שניידער. ער האָט געארבעט פאר די פריצים און פאר די אינטעליגענטע יידישע יונגעלייט. נאָכן טויט פון ר׳ שלמה יהודה׳ס האָט אים פאַרטרעטן אין דעם בית התפלה יונה פסאמאנטור. ער האָט געלערנט „חיי אדם״ מיט די מתפללים און שבת נאָך קריאת התורה — די הפטורה. אין די וואָכנס האָט ר׳ יונה פסאמאנטור דאָ געלערנט מיט קינדער אלס מלמד, שפעטער אנגאַזשירט געוואָרן אלס מורה אין בית ספר „יבנה״.

**די צאָל מתפללים איז נישט געווען קיין גרויסע, אָבער דער מנין האָט עקזיסטירט ביז דעם חורבן־סאָקאָלאָוו.**

דער שניידער מנין

אין פּאָליש פון דער גרויסער שול האָט עקזיסטירט א מנין — גערופן ד שניידער־שול. דער רוב מתפללים איז דאָרט באַשטאַנען פון שניידער און פעל־צנמאכער. זיי האָבן געדאַוונט באזונדער נאָר שבת און יום טוב און די ימים־נוראים האָבן זיי געדאַוונט צוזאמען מיטן גרויסן צבור אין דער שול ווו ר׳ חייב שמואל ז״ל איז געווען דער שליח צבור.

גבאי אין דער שניידער־שול איז געווען ר׳ בונעם ציפּעלעוויטש, א פּשוטער ערלעכער ייד, א גרויסער גביר און אלע זיינע יארן א בעל מלאכה, ער האָט אפּגעהיטן יעדן טאָג תפילה בצבור, געשטיצט ישיבות און תלמוד־תורה אין ליב געהאָט צו באַרגן יידן א גמילות חסד.

ר׳ הערשל לאַפּאַטאַ איז געווען דער בעל קורא, ווי אויך בעל תפילה. בעת די ימים טובים געבענטשט גשם און טל. די מתפללים האָבן אים רעספּעקטירט און געהאָלפן מיט גמילות חסדים.

דאָ האָט אויך געדאַוונט דער אַלטער ציפּעלעוויטש מיט זיינע זין טוביה, לייביש און פּרץ. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין די מצוה פון הכנסת אורחים אויף שבת. יעדן שבת האָט ר׳ טוביה און זיין ברודער לייביש אַהיימגענומען צו זיך אן אָרימען אורח, און געגעבן בסבר פנים יפות א גוטע שבת סעודה. אויך טוביה, ווי זיין ברודער בונים, פלעגט גערן געבן אַ ייד אַ גימלות חסד.

ר׳ בנימין שטשערב, אַ שטילער רויקער מענטש, פון די גרעסערע טאַנדייטער אין שטאָט, געהאַט א שיין געוועלב פון הלבשה אין מיטן מאַרק און דערצויגן זיינע קינדער אין רעליגיעז נאַציאָנאַלן גייסט. זיין בן יחיד קלמן איז געווען פון די אקטיווע טוער אין די צעירי מזרחי און האנדווערקער פאראיין אין סאָקאָ־לאָוו. ער האָט געגעבן צדקה אין די ראַמען פון זיינע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן.

דער גרעסטער טייל שניידער און פּעלצנמאַכער, וועלכע האָבן געוווינט אויף שיראקא און נעצאָלע גאַסן זענען געווען סטאַבילע מתפללים פון שניידער מנין. אלע ערלעכע און טייערע יידן, געלעבט פון שווערער ארבעט און געהאפּט אויף בעסערע צייטן. דער רוב פון זיי האָט געטיילט די שבתדיקע סעודה מיט אָרימעלייט, וועלכע האָבן א גאנצע וואָך געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט קלייבנדיק נדבות כדי צו דערנערן זייערע הונגעריקע משפּחות.

בית התפלה תפארת בחורים

א גרופּע יוגנטלעכע מיט שלמה שטוטמאן בראש, האבן בשעתו באשלאָסן צו אָרגאַניזירן א בית התפילה צעירים מיטן נאָמען „תפארת בחורים״ — אין לאָקאַל אויפן ערשטן שטאָק איבער דעם „חיי אדם״ מנין. די אידעע האָט געהאַט דער־פאָלג. די צאָל יונגעלעכע מתפללים האָט זיך פארגרעסערט, אַזוי אז דער מנין האָט געציילט עטלעכע צענדליק מתפללים, צווישן זיי גוטע בעל־תפילות. ביי

דעם בית התפילה האָט אויך עקזיסטירט א גמילת־חסד קאסע פאר די מתפללים, וואָס האָבן זיך אין דעם געניייטיקט.

גבאי ראשון איז געווען ר׳ שלמה שטוטמאַן. ער האָט געזאָרגט פאר אלע באדערפעניישן פון דעם בית התפילה און פיל פון זיין צייט אוועקגעגעבן. דער גבאי שני איז געווען ר׳ אלתר פעלדמאַן, געהאָט אַ געוועלב פון טאַנדייט הלבשה אין די סטראַגאַנעס. ער האָט אביסל געהאָלפן ר׳ שלמה שטוטמאן אין זיין ארבעט פאר דעם בית התפילה, יעקעל קאגאַן, משה פייערשטיינס איידעם, פון פאַך א שניידער, איז געווען איינער פון די גוטע בעלי תפילות אין תפארת בחורים.

**י. ראזנבערג**
**(ווארשע)**

## אויף די וועגן צום היימישן שטעטל

יעדעס מאָל, ווען ס׳קומט מיר אויס צו זיין אויף דער פּאָדליאשער ערד, באַהערשט מיך אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט. וויפל דערמאָנונגען פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט טויכן אויף, ווען דער צעשטרייטער בליק קוקט אויף דעם אין הארצן איינגעשניטענעם דרימלענדיקן פייזאַזש פון סאָסנע און זאַפטיקע פּאָדליאשער לאָנקעס.

די באַן טראָגט זיך אויף מזרח פון וואַרשע — קיין שעדלעץ. אַ העלער זוניקער זונטיק־פרימאָרגן. מענטשן צעשמייכלט, גאַנצע משפחות מיט צעשפּילטע קינדער פאָרן אויף אָפּרו אין די נאָענטע וועלדער.

פון צווישן די סאָסנעס, וואָס באַוועגן קוים מיט די קרוינען לענגאויס דער באַן־ליניע שניידט זיך דער צוג אַריין ווי נישט באמערקט פון זיך אליין קיין שעדלעץ. ווער קאָן איצט זאָגן, אַז דורך דער דאָזיקער ציכטיקער, בנעימות־דיקער סטאַציע זענען אין משך פון אַ קנאַפּ יאָר פאַרבייגעפאָרן פון גאַנץ אייראָפּע עשאַלאָנען מיט צום טויט פארמשפּטע יידן צום גאָר נאָענטן, וויסטן שחיטה־אָרט, וואָס הייסט טרעבלינקע.

נישט ווייט פונדאַנען איז אין משך פון 8 חדשים, בייטאָג און ביינאַכט געגאַנגען אין הימל פאַר די אויגן פון די איינוווינער פון צענדליקער שטעטלעך און דערפער דער טויטער, שטיקנדיקער פלאַם און רויך פון די קרעמאַטאָריעס. און אויף די אַרומיקע פעלדער האָט זיך בייטאָג און ביינאַכט געטראַגן דער שוידערלעכער יאָמער־געשריי.

אָט, אויף דער סטאציע, אויף די דאָזיקע סאָסנעס און זאַמד, האָבן געקוקט מיליאָנען מענטשלעכע אויגן פון די וואַגאָנעס, וואָס זענען לאַנגזאַם פאַרביי־געפאָרן זייער לעצטן וועג לענגאויס די פּעראָנען פון דער שעדלעצער סטאַציע. נישט ווייט פון דאַנען ליגט טרעבלינקע. איבער איר הוילער קבר־ערד רוישן היינט שטילע פעלד־בלימעלעך און מארגאריטקעס...

פון די 17 טויזנט שעדלעצער יידן זענען דאָ בלויז פאַרבליבן עטלעכע יידישע משפחות. דער אָנדענק פון די 17 טויזנט פאַרשניטענע יידן איז פאַר־אייביקט געוואָרן אין סאַמע צענטער פון דער שטאָט. אויפן פלאַץ, ווו עס האָט זיך אַמאָל געפונען דער אַלטער יידישער בית־עולם איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ באַשיידענער דענקמאָל לכבוד זייער אָנדענק.

פון שעדלעץ לאָזן מיר זיך מיט אַן אויטאָמאָביל קיין סאָקאָלאָוו. צוזאַמען מיט אונדז פאָרט עליע שטיינבערג פון פּאַריז, וועלכער האָט מיט פיל יאָרן צוריק פאַרלאָזט דאָס שטעטל, איצט וויל ער מיט די אייגענע אויגן אָנקוקן, באַטרעטן די געסלעך, ווו עס האָט זיך דורך די אָפענע פענצטערלעך געטראָגן דאָס געזאַנג פון די שניידער־און שוסטער־געזעלן וועגן אַ שענערער און יושר־דיקער וועלט.

פֿאָרן מיר איבער די פּאָדליאשער ערד. מיטן שאָסיי, וואָס פֿירט פֿון שעדלעץ קיין סאָקאָלאָוו. פֿאַרשווּנדן זענען דאָ די סימנים פֿון דורותדיקן יידישן לעבן. בלויז די פֿאַרבליבענע בית־עולמס זאָגן עדות, אַז דאָ זענען יידישע ישובֿים געווען, אַז דאָ האָבן אומעטום, אפֿילו אין די דערפֿער יידן געוווינט. אויף די פּאָדליאַשער פֿעלדער האָבן יידן געקעמפֿט פֿאַר דער פֿרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פֿון פּוילן, קעגן די צאַרישע חיילות. אָט דאָ נישט ווייט, אין קאָצק, געפֿינט זיך דער קבֿר פֿון בערעק יאָסעלעוויטש. אויף דער דאָזיקער ערד האָבן יידישע בחורים אָנגעשפּיזט זייערע באַגנעטן אינעם האַרץ פֿון די היטלעריסטישע מענטשן־חיות.

אונדזער אויטאָ פֿאַדרייט זיך אויף אַ זייטיקן, זאַמדיקן וועג צווישן געדיכטע סאָסנע־וועלדלעך. אין דאָרף וואָלאַ־וואַדינסקאַ, אויפֿן מיליטערישן בית־עולם צווישן די לאַנגע ברידער־קבֿרים, איבער וועלכע עס וויגן זיך שלאַנקע סאָסנעס און בעריאָזעס, געפֿינען זיך די קבֿרים פֿון אַכט יידישע זעלנער, וועלכע זענען דאָ צוזאַמען מיט זייערע פּוילישע חבֿרים געפֿאַלן אין שלאַכט מיטן היטלעריסטישן מיליטער, דעם 17 סעפּטעמבער 1939. די בעריאָזעס באַשיצן די אַכט קבֿרים מיט זייערע אַראָפּגעהאָנגענע צווייגן און אויף די מיט־גראָז באַוואַקסענע בערגלעך האָבן וועמענס הענט צעוואָרפֿן בינטלעך פֿרישע פֿעלד־בלומען.

אָט איז דאָס דאָרף סוכאַזשעבראַ. דאָ האָבן געוווינט יידישע פּויערים, יידן מיט ברייטע פּלייצעס, געדיכטע, קאָלטענעוואַטע בערד מיט צעאַקערטע, אָפּגעברענטע פּנימער, וואָס האָבן פֿון אָבֿות־אבֿותינו געצויגן זייער חיונה פֿון דער מאַמע־ערד און פֿאַרקויפֿט זייער מילכוואַרג אין די אַרומיקע שטעטלעך, און שוין איז דאָס דאָרף פּאָדניעשנאַ, די מחיצה צווישן שעדלעץ און סאָקאָלאָווער פּאָוויאַט. דער שאָסיי ציט זיך נאָך ווי אַ שמאָלע סטענגע דורך פֿעלדער און וועלדער און פּלוצים פֿאַלט ער אַריין צווישן הייזער און הייזלעך. די קליינע — הילצערנע און די העכסטע איינשטאָקיקע. סאָקאָלאָוו — דאָס שטעטל שווימט אַרויס אומגעריכט. מען דאַרף באמת האָבן אַ גוט אויג, צו באַמערקן ווען די פֿעלדער פֿאַרוואַנדלען זיך אין גאַסן.

אָט איז די שעדלעצער גאַס און באַלד וועלן מיר אַרויס אויף דער דלוגע. אַ סך האָט די מלחמה דאָ חרובֿ געמאַכט. פֿאַרשווּנדן, צעשטערט, זענען די אַמאָליקע הייזער. די שטיינער זענען אָבער נאָענט און באַקאַנט. שוין געפֿינען מיר זיך אויפֿן אָרט פֿון „ליבע די בעקערינס" געוועלב, די „בערזע" פֿון די יידישע טרעגער און באַלעגאָלעס. מיר פֿאַדרייען זיך באַרג־אַראָפּ צום אַלטן יידישן בית־המדרש, ווו עס האָט זיך געפֿונען דער שול־הויף און „מלך־אבֿיונס גיטער" — די קליינע צעהויקערטע, איינגעבויגענע הייזקעס פֿון דער יידישער אָרעמקייט. דאָס קעניגרייך פֿון די פֿורמאַנעס, שוסטער און פֿעלצנמאַכער, וועמענס שטיבלעך עס האָט אויף איין שפּאַן אָפּגעטיילט פֿון אַלטן בית־עולם דאָס שמאָלע מוטנע סטרונע־וואַסערל „ציטרינקאַ".

אויפֿן אַלטן בית־עולם, וואָס איז אַרומגעצוימט מיט דראָט, איז אויסגעוואַקסן אַ געדיכטער סאָסנע־וואַלד. כאָטש דער הימל איז אַ טיף־בלויער און די

זון ברענט, איז דאָ פינצטער. מען קען זיך קוים דורכרייסן דורך די שמאָלע שטעגעלעך און סטעזשקעס. די סאָסנעס שטייען געדיכט, און פאַרפּלאָנטערטע מיט זייערע צווייגן, וואָס דערמאָנען אין פאַרבראָכענע הענט. ווי אַמאָל אויף דער באַוואָקסענער מיט ווילד־גראָז ערד די בית־עולם־עפּעלעך, וואָס מיר, ווייס־חברה׳ניקעס, פלעגן דאָ קלייבן...

פון געסל צו געסל — מיר גייען נישט — נאָר לויפן. אָט דאָ האָט געוווינט „שמאַקעדעסקע" דער דאָרפס־גייער און סאַדאָווניק און דאָרט „שלמה פערציקער" דער מלמד. דאָ ווידער איז מען אין חדר געגאַנגען. און ווייטער אויף לינקס ציט זיך די ליפּאָווע גאַס, אָדער ווי יידן פלעגן איר אָנרופן „צווישן דיביימער", איבער וועלכער דו גייסט זומער־צייט אונטער אַ חופה פון בלעטער.

אָט איז דער שפּאַציר־גאָרטן לעבן קלויסטער, וואָס פלעגט רוישן מיט יידישער יוגנט. נאָך מער האָבן זיך צעוואַקסן די קאַשטאַן־ביימער, נאָך געדיכטער זענען געוואָרן זייערע קרוינען. אוי! ווען די אַלטע ביימער זאָלן קאָנען רעדן! וויפל ליבע־שעפּטשעריי אויף מאַמע־לשון האָבן זיי אויסגעהערט?...

אויפן קליינעם מאַרק איז פאָרגעקומען די שחיטה פון די סאָקאָלאָווער יידן. דריי טעג האָבן דאָ די פאַשיסטישע מערדער פשוט געשאָכטן די שולדלאָזע קרבנות. די הייזער אַרום דעם פּלאַץ זענען צעשטערט געוואָרן. עס זענען שוין אויסגעוואַקסן אַנדערע, רויט־ציגלדיקע פּאַרטער־הייזער. אויף דער שכנותדיקער ראַגאָווסקי־גאַס שטייט נאָך דאָס האַלב־חרובע הויז מיט אויסגעריבענע, צעקריי־שלטע ציגל פון „מעשענעם". דאָ איז עליע שטיינבערג געבוירן און דערצויגן געוואָרן. אין פינצטערן מרהשחורהדיקן קאָרידאָר עפענען זיך טירן און עס רוקן זיך אַרויס ווייס־פלאַקסענע קעפּלעך פון קינדער. און מיר דאַכט זיך אויס, אַז אָט, אָט וועט פון וועלכער טיר באַווייזן זיך אַ היימיש פּנים... שטיינבערג פירט זיין בליק איבער די פיר ווענט, וואָס זענען אַמאָל געווען „זייער שטוב", דורך די פענצטער זעען זיך די פעלדער און לאָנקעס און נאָך אַמאָל דערשפּירט מען דעם גרויליקן אמת, אַז קיינער, קיינער איז נישט געבליבן...

אויף לינקס פון דער ראַגאָווער גאַס ציט זיך דער ניעטשעצער שאָסיי. דאָ פלעגן יידן קומען שבת צום „וואַסער־בוים". נאָך איצט שטייט ביים וואַסער די אַלטע, איינגעבויגענע וויינענדיקע ווערבע. אסיען צו ווערט דער שפּיגל פון וואַסערל אָנגעפילט מיט גאָלדענע און קופּערנע בלעטער, ווי מיט טרערן פון דער וויינענדיקער ווערבע נאָך אירע אַמאָליקע באַזוכער...

ס׳איז שוין פאַרנאַכט, שווער זיך אָפּצורייסן פון היימישן שטעטל. עס ווילט זיך פאַרקריצן אין האַרץ, אין זכרון אַלץ, וואָס מען האָט געזען. ווען מיר פאַרלאָזן דאָס שטעטל זעצט זיך שוין די זון אַ צונטער־רויטע הינטערן ראַנד פון וואַלד. דעם וועג קיין שעדלעץ באַגלייט אונדז שוין אַ זילבערנע לבנה, ווי זי וואָלט וועלן מיט איר קאַלטן, גלעטנדיקן גלאַנץ שטילן דעם ווייַ פון דער אויפ־געטייעטער וווּנד אין האַרץ.

(צוגעשיקט פון אסתר ראזענבערג—אנא, אין ישראל)

**חיים בר-שלום**
**(גבעתיים)**

## מאבקים חברתיים בעיר — חלוצים באים

בשנת 1933, שנה אחת לפני עלותי ארצה, נתנסיתי באחד מנסיונותי בפעילותי הציונית. והמעשה שהיה כך היה.

לסוקולוב הגיעה קבוצת של נוער חלוצי של „הפועל המזרחי״ להכשרה במקום. זה היה מאורע חברתי בעיר. אמנם סוקולוב היהודית היתה עיר של עמלים, עיר אשר רב תושביה חיו על יגיעת כפיים, עיר אשר העמידה מתוכה לוחמים נאמנים ואמיצים לזכויות האדם העובד. אבל המעשים לחוד וההלכה לחוד. קרנה של עבודת כפיים היתה ירודה והעוסקים בה לא זכו לכבוד יתר. רק בודדים מבין עובדי כפיים זכו להיות נציגי צבור. אפילו במפלגות הסוציאליסטיות הנציגים ברובם לא נמנו עם אנשי עבודה ממש. בבית המדרש וב„שטיבל״ מקומם בל יזכר בין אנשי „הכותל המזרחי״. האיש העובד היה מבודד ונתון באוירה של זלזול. אפילו האחרון בדרג של התגרנים ראה את עצמו יחסן כלפי בעל המלאכה ועל אחת כמה וכמה כלפי הפועל. אין תימה שבאוירה של זלזול בערך העבודה גם העובדים בעצמם ראו בעבודתם רק הכרח הגורל שיש להשתחרר ממנו.

לכן בואו של נוער יהודי לעיר לעסוק בעבודת כפיים פשוטה כמו „גויים״ ממש הכה בתדהמה את ה„בעליבתים״ שבעיר — איזה שגעון — טענו הם — יהודים חוטבי עצים?

אבל בשביל המוני העמלים זה היה כעין עלית נשמה. עלתה קרנם וכבודם בעיני אחרים ובעיקר בעיני עצמם.

לא קל היה להשיג עבודה בשבילם. בתי חרושת יהודיים בעיר לא היו. במוסדות המוניציפליים לא היתה דריסת רגל לעובד יהודי. בית החרושת הגדול לסוכר ע״י העיר, שהעסיק מאות פועלים גם הוא היה סגור בפני פועלים יהודיים, לכן העבודה היחידה האפשרית היא חטיבת עצים ועבודות נקיון אצל יהודים.

לעיר נוסף נוף חדש שאבות אבותיהם של יהודי המקום טרם ראוהו:

בקר בקר יוצאות קבוצות נוער יהודי, בחורים דלי גוף, לחטוב עצים ולעשות עבודות פשוטות שונות.

לכתחילה התנהל הדבר כשורה, אבל לא עברו ימים וקפץ עליהם רגזם של הקומוניסטים — יהודי המקום. מחשש של עלית קרנם של החלוצים בעיני עמלים התחיל; לַהפריע לחלוצים בעבודתם. תחת הסיסמה: „נגד הוצאת עבודה מידי העובדים הלא יהודים״. הדברים הגיעו עד למלחמה ממש. הנערים היו חוזרים מעבודתם זבי דם.

אנשי „המזרחי״ וביחוד ר׳ יהודה צבי סקשודלובר ז״ל אשר פעל באומץ ומסירות למען הענין, היו אובדי עצות.

קמתי והצטרפתי למגינים עליהם. יום יום הייתי מופיע במקום עבודתם של החלוצים כדי לעמוד לעזרתם נגד מתקיפיהם הקומוניסטים.

פניתי למצפונם של הקומוניסטים וכאשר לא נענו הטחתי בפניהם דברים קשים. כנראה שזה הפריע להם והם החליטו להתנקם בי. הגיעה אלי ידיעה

שאורבים לי ושבועות רבים לא יצאתי בערבים מן הבית ובכל זאת הצליחו בזוממם. באחד הימים לפנות ערב ארבו לי ברחוב דלוגה ופצעוני במכת ברזל בראש. ד"ר גרודינציק ז"ל חבש את פצעי וכאשר נודע לו סיבת ההתנפלות הצטרף גם הוא למאבק.

המקרה של ההתנפלות עורר את דעת הקהל והתחילו תגובות מכל עבר. בסופו של הדבר הסתלקו הקומוניסטים מהמערכה הבזויה. ואני מאמין שאלה מהקומו־ניסטים דאז החיים עמנו מצטערים על משגם.

## אנשי בראשית בין ציוני סוקולוב

הם הופיעו עם הופעת המרד החברתי בחיי יהדות מזרח אירופה על סף המאה העשרים. זה היה מרד של כוחות עולים בציבור נגד קפאונה הרעיוני והחברתי של העיירה, מרד נגד אזלת־יד מול הסערה הקרבה והולכת ומאיימת למוטט את היסודות של חיי היהודים בגולה זו

הם עלו מתוך סדנת רוח היהדות, מתוך בית המדרש ו„השטיבל", נסערים ע"י רוח התחיה הלאומית והחברתית אשר תבעה מהפכה בחיי הגולה.

הציונות קסמה להם בחזונה הנעלה, ברוח העפלה שבה.

חבורה קטנה של חובשי בית המדרש, כמנין במספר, הניחה את היסוד להסתדרות הציונית בסוקולוב.

לא קל היה להיות ציוני בימים ההם. היה בכך משום קריאת תגר על ההוי של קנאות דתית ושמרנות מאובנת והרגלי דורות של „שב ואל תעשה".

הם נאבקו עם ההורים, הוחרמו ע"י הסביבה, הוצאו מבתי המדרש וה„שטיבלאך" ונרדפו ע"י שלטונות הצאר, אשר ראו בהם סכנה למשטרם.

החבורה הקטנה הזאת היותה התא הראשון של פעולה צבורית־לאומית בעיר, הגרעין אשר גדל והסתעף במשך הזמן לתנועה רבת פנים בציבוריות היהודית בסוקולוב בשנים שלאחר־מכן.

אם קמו בסוקולוב בתי ספר, ספריות, תנועות נוער, אם אורגנה נציגות יהודית דמוקרטית במוסדות המוניציפליים, אם התנהל מאבק רצוף לזכויות היהודים בעיר — הרי יש לזקוף כל זה לזכותה של אותה החבורה הציונית, אשר כוח השפעתה נמשך אפילו אחרי שההסתדרות הציונית התפלגה לסיעות ולפלגים נוגדים.

היתה בחבורה זו רוח של ראשוניות, אשר נשארה נאמנה למהותה בחלוף העתים. הפרימט של נאמנות לעם ולציון הוא קבע את דמות־דיוקנה.

מעטים מביניהם ראו נחת בחייהם האישיים, בהיותם חצויים בין הכרח של חיי יום־יום וביןפעילותם להגשים את חלומם על שיבת ציון.

רובם אינם עוד בחיים: מי שקדים ומהת ומי שנספה בשואה.

זכיתי לחיות בימי נעורי את חיי התנועה הציונית במחיצתם והנני נושא בלבי אהבה והוקרה על הערכים הגדולים שהקנו לי.

אני מעלה בעטי הדל ציונים לזכרם של אחדים מביניהם כסמל של רבים אשר המשיכו בדרכם.

**לאה מארגנשטערן**
(תל־אביב)

## די לעצטע דעראינערונג

אַ שלאַנקע, מאַיעסטעטישע פיגור, געמאָסטענע טריט פון אַריסטאָקראַטישער חשיבות, צאַרטע הענט און מילדע אויגן, פון וועלכע עס האָט שטענדיק אַרויסגע־שטראַלט גוטסקייט געפּאָרט מיט פרומקייט און צניעות, — אַזוי האָב איך אין מיינע קינדעריאָרן געזען מיין מאַמע, און אַזוי וועט זי שטענדיק בלייבן אין מיין זכרון.

איך האָב געקענט אַ סך פּוילישע רביצינס; זיי אַלע האָבן מיט זיך פאָרגע־שטעלט אַ בעזונדער טיפּ פון אָרטאָדאָקסישער אַריסטאָקראַטיע און די מערהייט פון זיי האָבן פאַרמאָגט אַ ספּעציפישן חן. אָבער אין מיינע אויגן האָט קיינע פון פּוילישע רביצינס מיט מיין מאַמע נישט געקענט זיך פאַרגלייכן.

אין סאָקאָלאָוו האָבן אַלע, אַלטע און יונגע, רעליגיעזע און נישט־רעליגיעזע יידן זיך בעצויגן צו מיין מאַמע מיט אַ בעזונדעדן רעספּעקט. פאַר זיי איז זי געווען די רביצין, די סאָקאָלאָווער „פוירסט ליידי", די באַלעבאָסטע פון רבינ׳ס „הויף". פאַר מיר אָבער איז זי געווען אַלץ: מיין מאַמע, מיין וועג־ווייזער און מיין איינציקע און בעסטע פריינדין. אין מיינע אויגן איז נישט דער רבי, מיין פאָטער, נאָר זי, מיין מאַמע„ געווען דאָס שטראַלנדע ליכט און דער צענטער פון הויף, און אַלע מיינע בעסטע יוגנט הערינערונגען זענען פאַרבונדן מיט איר, וועלכע איז געווען פאַר מיר דער אידעאַל, דער מוסטער־מענטש.

ביי מיינע עלטערן בין איך געווען די מוזינקע, די ייגנסטע פון עלף קינדער (אַכט שוועסטער און דריי ברידער), און אַלע האָבן מיך געבאַלעוועט, געצערטעלט און איך בין דערצויגן געוואָרן אין אַן אַטמאָספערע פון רחבות און מאַטעריעלע באַקוועמלעכקייט. אָבער איך מוז זאָגן, אַז גאַנץ גליקלעך האָב איך מיך קיינמאָל נישט געפילט. דער שטרענגער רעזשים פון מיין פאָטער׳ס הויף איז נישט געווען צוגעפּאַסט צו מיין נאַטור, צו מיין יונגער צאַפּלענדיקער נשמה. עפּעס האָט אויף מיר געדריקט און איך האָב זיך געפילט ווי אַ געפאַנגענע, ווי אַ צוגעשמידטע. מיר פלעגט זיך שטענדיק דאַכטן: ערגעץ ווו איז דאָ אַ גרויסע וועלט, צו וועלכע מען לאָזט מיך נישט צו, ערגעץ־ווו אויסערהאלב דעם „הויף" איז דאָ אַ קאָכעדיק לעבן, פרייהייט, שווונג און איך דאָ מוז לעבן ווי אין אַ געפענגעניש. אָפט מאָל, אין די אָוונטן, פלעג איך שטיין שעה׳ן לאַנג ביים פענצטער, אַרויסקוקן אין גאַס, בעטראַכטן די יוגנט וואָס שפּאַצירט אַרום פראַנק און פריי, און איך פלעג טראַכטן מיט ווייטיק: אַה, ווי גוט און וווּל איז זיי אַלע, וואָס קענען זיין פריי

און נאַטירלעך, גיין שפּאַצירן אין שטאָטישן גאָרטן, זיך חברן מיט וועמען דאָס האַרץ גלוסט! איך האָב זיי מקנא געווען און אין יענע שעה׳ן בין איך געווען גערן בעריט אָפּצוגעבן דעם גאַנצן פּראַכט און רחבות פון אונזער הויף פאַר איין ווינקעלע פון דער „קאָזע גאס״ (די גאַס פון די אָרעמסטע). אָבער ענדערן מיין לאַגע האָב איך נישט געקענט דען מיין פאָטער האָט מיר שטרענג פערבאָטן זיך אויסצומישן מיט דעם פּראָסטן עולם און איך בין ווייטער געבליבן די געפאַנגענע „פּרינצעסין״. דאָס אַלץ האָט אין מיר אַרויסגערופן אַ ברויזענדן צאָרן, גערעכטע און אויך אומגערעכטע פּרעטענזיעס און ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם גאַנצן „הויף״ ווי מיין באַדריקער, וואָס וויל ביי מיר אַוועקרויבן מיין יוגנט און פרייהייט.

און אויב איך האָב דאָס דורכגעהאַלטן און נישט אַריינגעפאַלן אין קיין מרה שחורה, האָב איך עס געהאַט צו פערדאַנקען דער ליכטיקער געשטאַלט פון מיין מוטער, וועלכע האָט מיט איר גוטסקייט, טאַקט און טאָלעראַנץ פערזיסט מיינע קינדער־יאָרן.

ווען זי האָט חתונה געהאַט איז זי אינגאַנצן 15 יאָר אַלט געווען. זי האָט אין איר קינדהייט קיין וועלטלעכע שולע נישט בעזוכט און קיין בילדונג נישט געהאַט, אָבער שפּעטער האָט זי — איך ווייס נישט ווי אַזוי — זיך אויסגעלערנט צו לייענען און שרייבן גאַנץ קאָרעקט פּויליש און דייטש און זי פלעגט זער גערן לייענען ביכער און צייטונגען אין די ביידע שפּראַכן. מיין פאָטער האָט דאָס נישט זייער געשמעקט, אָבער ער האָט עס געדולדעט, דען ער האָט גוט געוווסט, אַז מיין שטרענג־פרומער מוטער וועט עס חלילה נישט שאַדן. אָבער מיין מוטער, וועלכע איז געווען מערקווירדיק טאָלעראַנט צו מענטשן, האָט געמאַכט נאָך אַ שריט ווייטער און צוגענומען לערער פון שפּראַכן אויך פאַר אונדז, די קינדער. מיר, ד. ה. די ווייבער, האָבן זיך געהאַט אונדזער בעזונדער וועלטל. אין אַלגעמיין האָבן מיר נאַטירלעך געמוזט זיך צופּאַסן צו אַלע רעגעלן פון דעם שטרענגן הויף־רעזשים. אָבער מען האָט אונדז דערלויבט צו האָבן אויך אונדזער אייגן ווינקל און סיי מיין פאָטער און סיי די חסידים האָבן זיך בעצויגן דערצו מיט טאָלעראַנטן ביטול: עס, זאָלן דאָרט די ווייבער אַביסל זיך נאַריש מאַכן און זאָלן זיי אין זייער עזרת נשים לייענען וואָס זיי ווילן, שאַדן וועט עס קיינעם נישט.

איך בין איבערצייגט, אַז מיין מוטער איז געווען פון נאַטור געבענטשט מיט אַ פיינעם עסטעטישן געשמאַק. זי האָט ליב געהאַט שיין זיך קליידן און געווען אַ גוטער מבין אויף קליידער, אַזוי ווייט, אַז די בעסטע שניידער פון די וואַרשעווער סאַלאָנען פלעגן זיך שטאַרק רעכענען מיט איר געשמאַק. און פּונקט ווי זי איז געווען אַ מבין אויף קליידער, אַזוי איז זי אויך געווען אַ מבין אויף מענטשן און פערמאָגט אַ געבוירענעם פּסיכאָלאָגישן חוש. אין „הויף״ האָבן זיך אַרומגעדרייט טויזנטער מענטשן פון אַלערליי סאָרטן און מיין מוטער פלעגט יעדן איינציקן ריכטיק אָפּשאַצן לויט זיין ווערט. בטלנים, און ספּעציעל חונפים, טעלער־דעקער, האָט זי נישט געקענט פערטראָגן.

מיין מוטער האָט געמוזט פירן די גאַנצעווירטשאַפט פון הויף, און דאָס איז געווען פאַרבונדן נישט בלויז מיט גרויסע אויסגאַבן, נאָר אויך מיט זאָרגן, חשבונות און אַמאָל אויך מיט פאַרשידענע קרענקונגען. אָבער מיט אַ מערקווירדיקער לייכטקייט האָט מיין מוטער געטראָגן די גאַנצע לאַסט אויף זיך און די אדמיניסטראַציע פון דעם הויף איז דורך איר געפירט געוואָרן מוסטערהאַפט. פאַר אַלץ האָט זי געפונען צייט און אַלץ האָט זי געטראָגן אויף איר קאָפּ. מען מוז וויסן, אַז אונדזער משפּחה איז געווען אַ זייער פאַרצווייגטע, מיט איידעמס, שנירן און אייניקלעך. זיי אַלע האָבן זיך בעצויגן צו איר מיט גרויס ליבשאַפט און רעספּעקט און ביי יעדער שמחה אָדער עת צרה און אויך ביי יעדן משפּחה־סכסוך, איז מיין מוטער געווען די צענטראַלע פיגור, מיט וועלכער אַלע האָבן זיך גערעכנט, און איר מיינונג איז געווען אין אַלע משפּחה־פראַגן דעציִדירנדיק. דאָס אַלץ האָט געפאָדערט פון מיין מוטער אַ סך צייט, אויפמערקזאַמקייט, און נערוון. אָבער זי האָט אויף אַלץ געפונען צייט און אַלץ אַדורכגעפירט מיט ווערעמער ליבשאַפט און מערקווירדיקער לייכטקייט. און אַחוץ די אַדמיניסטראַציע פון הויף און די זאָרגן פון דער משפּחה, האָט נאָך מיין מוטער שטענדיק געזאָרגט פאַר פרעמדע און געגעבן פיל צדקה אָפן און בסתר פאַר אָרעמע בכבודיקע פאַמיליעס. איך געדענק, אַז איינמאָל ווען איינע פון מיינע עלטערע שוועסטער האָט חתונה געהאַט און מען האָט שוין געדאַרפט גיין צו דער חופּה, האָט מען פּלוצלונג אַנטדעקט אַז מיין מאַמע טראָגט נישט איר צירונג. אין הויף איז געוואָרן אַ גערודער: ווו איז דער רביצינס צירונג? און ווי אַזוי קען מען דען גיין צו דער חופּה, אויב די רביצין האָט נישט קיין צירונג אויף דעם האַלדז? מיין מוטער האָט געמוזט אויסזאָגן דעם סוד, אַז זי האָט פאַרזעצט די צירונג, ווייל זי האָט געמוזט העלפן אַ ב׳כבוד׳יקער פאַראָרעמטער פאַמיליע.

מיין לעצטע אומפאַרגעסלעכע דעראינערונג: איך געזעגן זיך מיט מיין מאַמע נאָכדעם ווי איך האָב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן סאָקאָלאָוו און אַריבער קיין ווארשע. ווען מען האָט זיך דערוווּסט וועגן מיין באַשלוס איז אין הויף געוואָרן אַ גערודער. אַלע, און אויך איך אליין, האָבן געפילט, אַז דאָס בעדייט נישט סתם אַריבערפאָרן אין אַנאַנדער שטאָט, נאָר עס מיינט; אָפּשיד, אויף אַ סך יאָרן, אָדער אפשר אויף אייביק. און אַלע זענען אַרומגעגאַנגען אָנגע׳ברוגז׳ט, פאַרטרויערט. מער פון אַלע איז געווען פאַרזאָרגט און ברוגז מיין פאָטער, וועלכער האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט זיך מיט מיר נישט געזעגענען און אָפּפאָרן אָן אַ זיי־געזונט פון מיין פאָטער, איז אפילו פאַר מיר, די „רעוואָלוציאָנערקע" געווען אַ טראַגעדיע. בלויז מיין גוטע, טאָלעראַנטע מוטער האָט מיך געטרייסט, ווישנדיק די פאַרוויינטע אויגן: — פאַרפאַלן, קינד, איך זע, אַז דאָ איז פאַר דיר קיין פּלאַץ נישטאָ. אָבער וואַרט צו עטלעכע טעג ביז דער טאַטע וועט זיך בערויִקן און דיר געבן אַ ברכה... ענדליך איז דער פאָטער אַביסל ווייכער געוואָרן און זיך מיט מיר געזעגנט מיט אַ ברוגזן „פאַר לחיים ולשלום" און איך בין אָפּגעפאָרן מיט אַ צעבראָכן געמיט. אָבער ווען איך האָב שוין געהאַט אָפּגעפאָרן אַ שטיק וועג אין דער דראָזשקע,

אין פלוצלעם מיט די לעצטע כוחות אָנגעלאָפן מיין מאַמע, אָפּגעשטעלט די דראָזשקע און פאַלנדיק מיר אויפן האַלדז צו מיר געזאָגט: — מיין קינד, איך בין געלאָפן נאָך אַמאָל זיך געזעגענען מיט דיר, דען איך האָב צו דיר אַ בקשה. דו ווייסט, אַז איך בין שטענדיק געווען צו דיר אַ גוטע מאַמע און דער מאַמעס האַרץ זאָגט, אַז איך וועל דיך שוין אַזוי גיך נישט זען, וויל איך פון דיר אַ קליי־ניקייט: דו זאָלסט מיר צוזאָגן, אַז דו וועסט פרייטאָג־צו־נאַכטס בענטשן ליכט...

נאָך דעם טראַגישן טויט פון מיין פאָטער איז מיין מוטער און די גאַנצע פאַמיליע אריבער קיין ווארשע. אַ שטיק צייט האָב איך נאָך דאָ אין אַמעריקע בעקומען פון מיין מוטער בריוו פול מיט בענקשאַפט און צער. אָבער מיטאַמאָל האָבן די בריוו אויפגעהערט אָנקומען און שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, אַז ביי דער ליקווידאציע פון וואַרשע איז אויך מיין מוטער און כמעט די גאנצע פאַמיליע אומגעקומען. פון אונדזער גרויסער פאַרצווייגטער פאַמיליע האָבן זיך געראַטעוועט בלויז דריי.

**חיים בר־שלום (פרידלוב)**
(גבעתיים)

## סאקאלאוו אין אנהויב פון דעם יארהונדערט

די סאָקאָלאָווער יידישע קהילה האָט געציילט אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט בערך 4500 נפשות, וועלכע האָבן באַוווינט אַ גאַנץ קליינעם שטח. צוויי הויפּט־גאַסן — דלוגע און ראָגאָווסקע — האָבן דערכגעשניטן דע לענג פון שטעטל און, צוזאַמען מיט נאָך אַ צענדליק קורצע גאַסן און געסלעך, ווי אויך אַ גרויסער מאַרק־פּלאַץ אין צענטער. האָבן געבילדעט דאָס יידישע סאָקאָלאָוו.

צווישן די גאַסן זענען בלויז איניקע געווען ברוקירט מיט רונדע נישט בעאַר בעטע שטיינער, און אַז אַ וועגעלע איז דורכגעפאָרן האָט עס אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן שטעטל. די איבעריקע גאַסן זענען געווען ערד־וועגן, און אַז עס איז געקומען הער ווינטער האָט מען געבראָדזשעט אין טיפע בלאָטעס.

דאָס איז געווען אַן אָפּגעשלאָסענער שטח, כמעט אַ געטאָ, פון ווו יידן האָבן נישט געוואַגט אַריבערצוגיין די גרענעץ, וואָס האָט שוין געהייסן „אונטער דער שטאָט", הגם דאָרט האָבן געוווינט פּאָליאַקן.

מען האָט געוווינט צונויפגעקוועטשט אַ הויז צו אַ הויז, כמעט אָן הייף, און אַז מען האָט חתונה געמאַכט אַ קינד איז צוגעקומען אַ בוידעם־שטיבל. בלויז געציילטע משפחות האָבן „ריזיקירט" צו וווינען „אויסער דער שטאָט" און הגם זיי האָבן געהאַט גרעסערע און לופטיקערע דירות, איז זיי קיינער נישט מקנא געווען — פּאַרקערט, מען האָט געזען אין דעם אַן אָפּקערן זיך פון יידישקייט.

די וווינונגען זענען באַשטאַנען פון קליינע, האַלב איינגעפאַלענע הילצערנע נידעריקע הייזלעך, די דעכער — געדעקט מיט שינדלען אָדער פּאַפּע און — זעלטן מיט בלעך. אַ בלעכענער דאַך איז געווען אַ סימן פון „גבירישקייט". די ווענט און דעכער זענען צומיינסטן געווען באַדעקט מיט מאָך פון אַלטקייט. די דאָזיקע הייזלעך האָבן געדענקט אַ סך דורות; כמעט אַלע זענען געווען „אונטערגעבויט" ד. ה. ווען דער אונטערשטער טייל פלעגט אָנהויבן זינקען פון פאַרפוילטקייט, האָבן די יידישע „טשעשלארעס" געפונען אַ וועג ווי אַזוי ארונטערצוגעבן שטיקלעך ווענט און מאַכן צוריק אַ „ניי הויז".

דאָס אין אָרעמקייט פאַרזונקענע שטעטל האָט געשאַפן ספּעציפישע מלאָכה׳ס: אונטערבויען הייזער, אונטערנייען שטיוול און איבערניצעווען מלבושים. עס איז כדאי זיך צו דערמאָנען ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דער אינעווייניק פון אַזאַ וווינונג פון אַ דורכשניטלעכן יידן אין יענער צייט. אַז מען האָט געעפנט

די טיר, וועלכע איז געווען פאַרמאַכט אויף אַ „קליאַמקע", האָט מען זיך גלייך געפונען אין דער אַזוי גערופענער קיך. דאָ איז געשטאַנען אַ באַנק פאַרן עמער וואַסער און אונטער אים דער „פּאָמעשאַף" (א כלי אויף שמוציק וואַסער), ביי דער זייט — דער קוימען צו קאָכן און א „קאפּע" פון וואנען עס האָט געפירט אַ לאָך אין דימניק פאַרן רויך. אויף דער קיך אונטער דער קאַפּע איז געשטאַנען אַ דרייפוס פון אייזן, אונטערגעהייצט פון אונטן, אויף אים — די טעפּ צום קאָכן. און אַז עס איז געווען אַ שטאַרקער ווינט, פלעגט דער רויך, אַנשטאַט אין דימניק, אַריינגיין אין שטוב. ווען איך האָב געלערנט אין חדר ביי ר' ישראל לייבעלע מלמד, פלעגט דאָס אָפט געשעען, און יעדער מאָל פלעגט ער זיך פאַנאַנדערשרייען: שרה מינדל, ביסט גורם צו ביטול תורה!

שפּעטער פלעגט מען שוין מאַכן אַ פּלאַטע מיט פייערקעס און דער רויך איז נישט געגאנגען דורך דער קאַפּע. אין דער קיך איז אויך געשטאַנען א סאָפקע ווו עס פלעגט שלאָפן אַן „איבעריק קינד", אָדער דאָס לערן־ינגל, ווייל די קיך האָט אויך געדינט אַלס ארבעטס־וואַרשטאַט. איבערהויפּט, ביי שניידער און שוסטער.

נאָך דעם איז געקומען די „שטוב" ד. ה. דער חדר ווו עס זענען געשטאַנען די בעטן פון טאַטע־מאַמע און א סאָפקע פאַר קינדער. (אַז עס האָט נישט געסטאַיעט פלעגט מען אויסבעטן אויף בענקלעך אָדער אויף דער פּאָדלאָגע) ווי אויך אַ טיש מיט בענקלעך פון פאַרשידענעם אויסזען (אָפט געירשנטע פון דורות). די שפּאַרעס אין די ווענט אויסגעקלעפּט מיט ליים און אָפּגעקאַלכט (ביי פאַרמעגלעכע געקלעפּט מיט טאַפּעטן). די פּאָדלאָגע איז ניט אומעטום געווען פון ברעטער. עס זענען געווען נישט ווייניק וווינונגען ווו די פּאָדלאָגע איז בעשטאַנען פון איינגעקלאַפּטע ערד. נאָך אין יאָר 1933 פאָר מיין עולה זיין קיין ישראל, האָב איך געזען אַזאַ פּאָדלאָגע אין הירש־נחום כליזמרס הויז.

נישט בעסער האָט אויסגעזען די הלבשה. זומער האָט מען געטראָגן אַ כאַלאַטל, אין יעשען פלעגט מען אָנטאָן נאָך אַ כאַלאַטל און ווינטער אין אַ פראָסט האָט מען אויף די צוויי כאַלאַטלעך אָנגעטון אַ פּאַלטן, און אַז דער פראָסט פלעגט אויסטריקענען די פאַרבלאָטיקטע עקן פון די דריי מלבושים, האָט זיך דער גאַנג פון אַזאַ אָנגעבערדיקטן יידן זיך געלאָזט הערן פון גאַנץ ווייט. נישט בעסער האָט אויסגעזען די ווייבערשע הלבשה. זומער האָבן זיי זיך „געסטראָיעט" אין ביליקע לייוונט קליידלעך און אין ווענטער האָט מען זיך אָנגעטאָן אייניקע „האַלקעס" — איינע אויף דער אנדערער.

הערפּאַר ווען עס איז געקומען דער שבת פלעגט מען זיך אויספּוצן, מענער און פרויען אין חתונה מלבושים, ד. ה. מלבושים וואָס מען האָט געמאַכט צו זייער חתונה, אפילו ווען דער חתונה־טאָג זייערער האָט זיך שוין „געזילבערט". די מלבושים פלעגן דורכמאַכן אַ סך „אָפּעראַציעס": צוערשט איבערדרייען, דערנאָך לאַטען און צום סוף איבערמאַכן פאַר קינדער. שיך אָדער שטיוול נייע האָט מען געמאַכט באין ברירה, ווען פנחס אהרון דער לאַטע־מאַכער האָט גע„פסקנט" אַז

די אַלטע זענען שוין אַרויסצוואַרפן אויפֿן מיסט. פֿאַרשטענדלעך אַז די נייע שטיוול זענען געווען אונטערגענייטע — „די אַלטע כאַלעוועס זענען בעסער ווי די נייע" — האָבן יידן געטענהט.

שווער און ביטער איז געווען דער געראַנגל פֿאַרן שטיקל ברויט, אין בוכשטעבליכן זין פֿון וואָרט, און אַז יידן האָבן נישט געהאַט קיין פּרנסה, האָט מען געמאַכט פּרנסה פֿון שפּאָרן. אַז מען האָט געקאָנט „אָפּשטופּן דאָס מויל" איז מען געווען צופֿרידן. מען האָט געשפּאָרט פֿון שטיקל ברויט פֿון ביסל קאַרטאָפֿל, אפֿילו פֿון קאַפּ זאַלץ. דאָס נאַפֿט־לעמפּל האָט מען געהיטן אַז עס זאָל זיך חלילה נישט „צופֿלאַקערן", אַז דאָס פֿייער אין קוימען זאָל נישט „אַוועק מיטן ווינט". פֿלעגן ווייבער גיין איינע צו דער צווייטער „כאַפּן אַ קויל" כדי איינצושפּאָרן שוועבעלעך.

איינער פֿון מיינע מלמדים, דער שוואַרצער חיים ז"ל, פֿלעגט מיך שיקן אין געוועלבן קויפֿן אַ שטיקל הערינג און דערביי אָנזאָגן, „נאָר אַ ווידל". אַז איך האָב געבראַכט דעם ווידל הערינג, פֿלעגט ער אים אַוועקלייגן אויפֿן טיש, אָפּמעסטן מיט אַ בליק, מאַכן מיטן מעסער 5 צייכנס און דאַן צושניידן אויף 5 טיילן פֿאַר די 5 קינדערלעך.

ווייס ברויט האָבן געגעסן נאָר רייכע, אַלע איבעריקע האָבן געגעסן שוואַרץ־ברויט, און נאָר דאָס „היימישע", ווייל דאָס „דייטשישע" ד. ה. ברויט געבאַקן אין מאָדערנע אויוונס האָט געקאָסט טייערער און עס עסט זיך מער...

אייער האָט מען געגעסן פּסח און מילך האָט מען געטרונקען ווען מען איז געווען הייזעריק. און ווען יידן, אויסגעהונגערטע פֿון דער גאַנצער וואָך, פֿלעגן זיך צוכאַפּן צו די שבתדיקע און יום־טובדיקע מאכלים, האָט דאָס זיי פֿאַרשאַדט.

די דאָזיקע אָרימקייט איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון דער פּרנסה־לאָזיקייט, — דער שטענדיקער באַגלייטער פֿון דער איבערוויגנדיקער מערהייט יידן אין סאָקאָלאָוו, חוץ אַ גאַנץ קליינע טייל פֿון פֿאַרמעגלעכע, וועלכע איז בטל בששים געוואָרן אין דער אַלגעמיינער נויט.

דער רוב פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג איז געווען אַרבעטנדיקע. שוסטער, שניידער, סטאָלער, קאָוואַלעס, היטל־מאַכערס אַ. אַנד. זיי פֿלעגן האָרעווען שווער און ביטער, נעכט און טעג, כדי צו פֿאַרדינען זייערע אָרעמע גראָשנס. און נישט אַלע האָבן געהאַט די אַרבעט אין שטאָט. טייל פֿון זיי פֿלעגן זיך אַרומפּלאָגן איבער די דערפֿער, וואַלעגרן זיך אַ גאַנצע וואָך אויף פֿרעמדע געלעגערס, כדי צו געפֿינען אַרבעט. אויך די הענדלער פֿלעגן זיך אַרומפּלאָגן מיט די ווייבער און קינדער אויף די ירידים צו פֿאַרקויפֿן אַ ביסל סחורה. נאָך ערגער איז געווען די לאַגע פֿון די אַזוי גערופֿענע — דאָרפֿס־גייער. מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס האָבן זיי זיך געשלעפּט איבער די דערפֿער, אָפּגעקומען מיט אַ שטיקל ברויט און געוואַרט אַז אַ פּויער זאָל פֿאַרקויפֿן עפּעס אַ „מציאה". זייענדיק אויסגעשטעלט אויף באַליידיקונגען און אפֿילו אויף אָנפֿאַלן פֿון אָנגערייצטע הינט.

און נישט בלויז די מענער האָבן געטראָגן דעם עול פֿון דעם שווערן לעבן,

אויך אַ גרויסער טייל פון די סאָקאָלאָווער יידישע פרויען האָבן זיך מיטבאַטייליקט אין דעם געראַנגל פאַר פרנסה.

זיי זענען געווען פאַרקויפערינס אין די געוועלבן, געשטאַנען אין די גרעסטע היצן און קעלטן מיט טישלעך סחורה אין גאַס, געפאָרן אויף ירידים, געמאַכט קרייטשיקעס, שייטלען, געאַרבעט אין די בעקערייען גאַנצע נעכט, געטראָגן סחורה אין די הייזער צו פארקויפן אויף אויסצאָלונגען, געזעסן ביי די שניידער־מאַשינען ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן פון מידקייט, און גלייכצייטיק געטראָגן דעם עול פון זיין מאַמעס צו קינדער און זאָרגן אַז אין שטוב זאָל קיין הונגער ניט זיין. זיי זענען פאַר דער צייט אַלט און קראַנק געוואָרן, און אַז מיר דערמאָנען זיך אין דעם שווערן לעבן פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, גייט אויף אונדז אָן אַ טיפער ווייטיק.

אין די פרימאָרגנס און פאַרנאַכטן פלעגן יידן מתפלל זיין אין די בתי־מדרשים און שטיבלעך, און בעטן אויף אַ ישועה. טייל פלעגן אָפּשפּאָרן דעם לעצטן גראָשן און אַוועק צום רבין מיט אַ „קוויטל״. מען האָט געהאָפט אויף הילף, אויף דער גאולה פון דעם שווערן לעבן.

אָבער די ישועה איז נישט געקומען, אויך דאָס דאָזיקע אָרימע לעבן פון די סאָקאָלאָווער יידן האָט געשטאָכן די אויגן פון דער, איינגעוואָרצעלטער מיט יידן שנאה, גויישער סביבה, וועלכע איז אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ געזעלשאַפטלעכער אנטיסעמיטישער באָיקאָט־באַוועגונג אונטער דער לאָזונג „פּאָליאַקן פאַר פּאָליאַקן״ (״סוואָי דאָ סוועגאָ״). מען האָט געטריבן יידן פון די דערפער, באַזייטיקט פון ארבעט אין די פריצישע הויפן. אין די שטעט זענען אַנטשטאַנען קאָאָפעראַטיוון, וועמענס הויפּט־ציל איז געווען צו קעמפן מיטן יידישן האַנדל און מלאכה. דאָס לעבן איז געוואָרן נאָך שווערער און אויסזיכטסלאָזער.

אין אָנבליק פון דער שפּעטערדיקער טראַגישער אַנטוויקלונג, קען מען פעסט־שטעלן אַז דאָס איז געווען דער אָנהויב פון סוף פון יידישן לעבן אין סאָקאָלאָוו.

אָבער ווער האָט געאַנט וועגן אַזאַ שרעכליכן סוף ?...

## דאס געזעלשאפטלעכע לעבן

די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יענער צייט איז אויך געווען אַ רעזולטאַט פון געזעלשאַפטלעכער אָפּגעשטאַנענקייט. זינט פיל דורות האָט דאָס שטעטל געלעבט אָפּגעשלאָסן אין אירע טראַדיציאָנעלע פערשטיינערטע פאָרמען, און איז געווען אומבאהאָלפן כלפי די אָנקומענדיקע סכנות. צו דער דאָזיקער צוריקגעשטאַנענקייט האָט אויך צוגעהאָלפן די צאַרישע מאַכט, וועלכע האָט אונטערדריקט יעדע געזעלשפטלעכע איניציאטיוו.

די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע אין 1905 האָט אויך אין סאָקאָלאָוו אויפגעוועקט רעוואָלוציאָנערע כוחות. די יידישע אַרבעטער אין שטעטל, דער צומייסט ליידנ־דיקער און באַעוולטער טייל אין דער אַלגעמיינער נויט, האָבן גענומען אַ גרויסן

אנטייל אין אַלגעמיינעם קאַמף קעגן דער צאַרישער רעאַקציאָנערער מאַכט. צענדליקער אַרבעטער מיט זייערע פירער זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די תפיסות. אָבער נאָך דעם אָפּפלוס פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, זענען געבליבן ווייניקע קאָנסטרוקטיווע שפורן אין לעבן פון די יידישע ארבעטער אין שטעטל.

אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אַנטשטאַנען יענע צייט אין סאָקאָלאָוו, האָט ווייניק וואָס געענדערט דאָס קאָנסערוואַטיווע געשטאַלט פון שטעטל, זייענדיק באַגרענעצט אין איר טעטיקייט, צוליב דעם געראַנגל מיט דער צאַרישער מאַכט, ווי אויך מיט די פרומע שיכטן.

די גרויסע השכלה באַוועגונג וואָס האָט אַרומגענומען די יידן אין רוסלאַנד און וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסע קאָנסטרוקטיווע השפעה אויף זייער לעבן, איז קיין סאָקאָלאָוו נישט דערגאַנגען. חדר מתוקן איז אין סאָקאָלאָוו געווען הס מלהזכיר. אַז יאַנקל פלינדער, דעם פעלדשערס זון, איז געוואָרן אַ סטודענט, איז ער געווען אַ בן־יחיד אין שטעטל.

דער מאַנגל אין דינאַמישע מאָדערנע כוחות האָט גורם געווען אַ פאַרשפּעטי־קונג פון מאָדערנע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אין סאָקאָלאָוו. אין יענער צייט האָט בלויז עקזיסטירט דער „לינת הצדק״, איינער פון אירע גרינדער, דער לאַנג־יאָריקער ציוניסטישער עסקן בנימין רובינשטיין, לעבט מיט אונדז אין ישראל.

אפילו די גרויסע עמיגראַציע־באַוועגונג צווישן יידן אין רוסלאַנד אין סוף פון 19־טן יאָרהונדערט, איז קיין סאָקאָלאָוו נישט דערגאַנגען. פאָרן קיין אמעריקע האָט געהייסן אין שטעטל: פאַרלאָזן די יידישקייט, אַרויסגיין צו שמד ר״ל. די ערשטע סאָקאָלאָווער וועלכע האָבן געוואַגט צו עמיגרירן, זענען געווען די מצד דער צאַרישער מאַכט פאַרפאָלגטע רעוואָלוציאָנערן פון 5־טן יאָר. און אַז עס האָט ווער אַנדערש עמיגרירט איז געווען אַ סימן, אַז באו מים עד נפש, פשוט נישטאָ קיין ברויט. די משפחות פלעגן זיך שעמן ווייזן דעם פנים. איך געדענק אַז חיים לייב דער אָרליאַרניק איז אַוועק קיין אמעריקע, איז געווען א סענסאַציע אין שטעטל. מען האָט זיך געפרעגט: — ס'טייטש ווי קומט עס אַז אַ ייד אַ חסיד זאָל אוועק אין אַ גוייש לאַנד?

אָבער די דאָזיקע אַנטלאָפענע אין „גוישן לאַנד״, זענען געווען דער איינ־ציקער מקור פון גרויסער הילף פאַר סאָקאָלאָווער יידן אין זייערער גרויסע נויטן אין די קומענדיקע יאָרן.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות אַז עס האָט נישט עקזיסטירט אין יענער צייט צווישן די סאָקאָלאָווער יידן קיין קעגנזייטיקע הילף. זי האָט עקזיסטירט, אָבער אין אירע ספּעציפישע טראַדיציאָנעלע פאָרמען.

קודם כל די בתי־תפילה. זיי זענען געווען אַן אָרט נישט בלויז פאַר תורה און תפילה, נאָר אויך אין אַ גרויסער מאָס, פאַר ענינים וואָס זענען בין אדם לחברו. מען האָט געזאָרגט פאַר אַ געפאַלענעם, פאַר אַ קראַנקען, מען האָט גע־דאגה'ט אַז אַ ייד זאָל קאָנען חתונה מאכן אַ קינד. אַז עס איז געפאַלן דאָס פערד ביי א בעל־עגלה האָט מען געשאַפן אַן אַנדערס. אין די בתי־תפילות האָט געהערשט

דאָס קעגנזייטיקע אחריות־געפיל, בעזונדערס אין חסידים שטיבלעך און אין קלענערע מנינים.

חוץ דעם האָט עקזיסטירט צווישן סאָקאָלאָווער יידן אַ ספּעציפישע, נישט אָרגאַניזירטע הילפס אינסטיטוציע, די אַזוי גערופענע גימלות־חסד אינסטיטוציע. געבן אָדער נעמען אַ גמילות־חסד איז געווען דער נאַטירלעכער גאַנג פון ווירט־שאַפטלעכן לעבן. ווו וואָלטן גענומען די צענדליקער הענדלער איינצוקויפן אַ ביסל תבואה אין דאָנערשטיקן מאַרק־טאָג? פון וואַנען וואָלטן די אָרעמע קרעמער גע־נומען געלט אויף צו פאָרן קיין וואַרשע איינצוקויפן אַ ביסל סחורה? און ווי אַזוי וואָלטן יידן געקאָנט באַצאָלן א וועקסל צו דער צייט — ווען נישט די פונקציע פון גמ״ח. מען האָט גענומען אַ גמ״ח אויף אַ וואָך, אויף אַ טאָג און אַפילו „געכאַפּט״ אויף אַ פּאָר שעה, אבי זיך דורכצודרייען. דאָס איז געווען א מין קאָלעקטיווער אַנאָנימער באַוועגלעכער קאַפּיטאַל, וואָס איז געגאַנגען פון האנט צו האַנט. אַ מין גייענדיקע באַנק אָן פונקציאָנאַרן און אַ באַשטימטן זיץ־פּלאַץ. די דאָזיקע ספּאָנטאַנישע קעגנזייטיקע הילף איז געבוירן געוואָרן אויפן שויס פון דער יידישער נויט.

ווען איך פרעג זיך פון וואַנען האָבן סאָקאָלאָווער יידן גענומען כוח צו טראָגן דעם עול פון זייער שווערן וואָכנדיקן לעבן, גייען אויף די זכרונות וועגן זייער שבת יום־טובדיקייט.

איך דערמאָן זיך אין מיינע מלמדים: דער ברייט ביינערקער שוואַרצער ר׳ חיים, ר׳ ישראל לייבעלע מיט זיינע צונויפגעגאָסענע באָרד און פיאות, ר׳ יוסף עקיבא יעקלס, מיט זיין הויכן עילויישן שטערן און ר׳ הענאך דוד הערצלס, דער קנאי לדבר תורה — זכרונם לברכה.

זיי האָבן געווינט ד׳ על ד׳, מסתפקים במועט, אָבער ווען אַ ייִנגל פלעגט אַרויסווייזן חשק צום לערנען, פלעגט זייער פּנים אויפשיינען פון פרייד — די פרייד פון אהבת התורה.

איך דערמאָן זיך אין די פול געפּאַקטע בתי־מדרשים אין די לאַנגע ווינטער נעכט, ווו די יידן פלעגן זיך טובלען אין די לויטערע וואַסערן פון תורה און תפילה. עס דערגייען צו מיינע אויערן די הילכיקע קלאַנגען פון די זמירות אין די פרייטיק צונאַכטסן און פון די נאָגנדיקע תפילות אין די ימים נוראים, ווען יידן האָבן אויסגעוויינט זייער צער און פּיין. עס בליצט אויף אין מיין זכרון יענער פריידיקער רעש פון אַ חתונה אין שטעטל. בליץ־לאָמפּן פאַרלייכטן די שטוב און די גאַס, מען שפּילט און מען טאַנצט, עס טאַנצן מחותנים, שכנים, עס טאַנצט די גאַנצע גאַס.

איך דערמאָן זיך אין די פלייצנדיקע פרייד פון אַ סיום־הספר אין שטעטל. פון אַלע גאַסן און געסלעך שטראָמען אויסגעפּוצטע יידן אין דער ריכטונג צו דער שול. דער אַריינגאַנג אין דער שול־גאַס איז פאַרשפּאַרט פון געדראַנג פון מענטשן. אונטער דער חופה טאַנצן יידן מיט פאַרמאַכטע אויגן. יאָ, די דאָזיקע תמימותדיקע אמונה און שמחה זענען בייגעקומען דעם צער פון די וואָכעדיקע טעג.

אַלטע היים

## דער שטורעם

לענג אויס די מערב־זייט פון דעם גרויסן פירקאַנטיקן מאַרק־פּלאַץ איז געשטאַנען די לאַנגע, געמויערטע געביידע, די אַזוי גערופענע „רעבערזשע" (אפשר אַן אַלט פּוילישר נאָמען פון אַ גרויסע אָנגעזעענע געביידע) די דאָזיקע געביידע האָט מיט זיך פאַרקערפּערט די מאַכט אין שטעטל זינט דער לעצטער צעטיילונג פון פּוילן — די צאַרישע מאַכט. די „רעבערזשע" איז געווען דאָס זיץ־אָרט פון דער פּאָוויאַטאָווער נאַטשאַלסטוואָ און אויך פון דער פּאָליציי.

אין פראָנט פון הויז איבער דעם ברייטן טויער איז געווען צוגעבויט אַ הילצערנער באַלקאָן, געשטיצט אויף הילצערנע סלופּעס. אויף דעם באַלקאָן פלעגן דערשיינען די פּאָוויאַטאָווע צאַרישע נאַטשאַלניקעס, אויסגעפּוצטע אין פאַרבך רייכע מונדירן, באַהאָנגען מיט מיליטערישע אויסצייכענונגען, און אַראָפּקוקן מיט בליקן פון הערשער אויף דעם אויסגעשפּרייטן שטעטל. פון דאַנען פלעגן זיי נאָכפאָלגן דעם גאַנג פון יידישן לעבן. אַריינדרינגען זייערע בליקן אין יעדן יידישן הויז און געוועלב און דערביי טראַכטן: אָט זיי אַלע זענען ביי אונדז אין די הענט.

אין אַ יומא דפגרא, אַז עס פלעגן אַראָפּקומען הויכע געסט, די גובערנאַטאָרן פון שעדלעץ אָדער לובלין, אָדער גאָר אַ מיליטערישע סוויטע, אין דער צייט פון מאַנעוורעס, פלעגט אַן אָרקעסטער שפּילן אויפן באַלקאָן און „איינעמען" דאָס שטעטל מיט זיינע שיינע רוסישע מאַרשן.

די דאָזיקע געביידע האָט דערמאָנט דעם פיל יאָריקן געראַנגל פון דער סאָקאָלאָווער קהילה מיט דער צאַרישער אַכזריותדיקער מאַכט. יידן פלעמן זיך ווי ווייט מעגלעך דערווייטערן פון דעם הויז, אָדער שנעל פאַרבייגיין.

אַז מען האָט אַמאָל געזען אַ גרופּע יידן, אָנגעטאָן אין שבתדיקע מלבושים, אַריינגיין דורך דעם ברייטן טויער וואָס אונטערן באַלקאָן אין דער געביידע, האָט מען גלייך פאַרשטאַנען: דאָ גייען ראשי־קהל אָפּבעטן אַ גזירה.

איצט, אין דער שפּעטער נאָכמיטיק־שעה פון איינעם פון די אויגוסט טעג 1915, שטייט די „רעבערזשע" אַן אויסגעליידיקטע, עס הערט זיך א האַרמאַטן שיסעריי. דער פראָנט דערנענטערט זיך, די צאַרישע באַאַמטע זענען שוין עוואַקואירט. עס זענען בלויז געבליבן דער קליינגעוויקסיגער פּאָוויאַטאָווער נאַטשאַלניק איוואַנאָוו מיט זיינע צוויי געהילפן. פון צייט צו צייט לויפן פאַרביי רעשטלעך פון צעשלאָגענעם רוסישן מיליטער. דער מאַרק־פּלאַץ איז פּוסט. יידן שטייען ביי זייערע האַלב־פאַרמאַכטע געוועלבן, צעשראָקענע פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

פלוצים פאַרפאָרט אַ וואָגן, געשפּאַנט צו אַ פּאָר פערד, און פאַרהאַלט זיך פאַר דער „רעבעזשע". אויף דעם באַלקאָן דערשיינט דער נאַטשאַלניק איוואַנאָוו. מיט אַ שטאַרן בליק נעמט ער אַרום דאָס שטעטל, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל דערזען דעם סוף פון דער צאַרישער, דורות לאַנגער, הערשאַפט.

באַלד נאָכדעם גייט ער אַרויס דורך דעםברייטן טויער אין באַגלייטונג פון 2 באַאַמטע, זעצט זיך אויף דעם וואָגן, און לאָזט זיך אין דער ריכטונג צו מזרח.

דאָס האַסטיקע פאָרן פון וואָגן אויף דעם ברוק הילכט אָפּ אין דער פוסטקייט פון שטעטל. יידן שטעקן אַרויס פאַרזיכטיק די קעפּ פון די הייזער און געוועלבן, קוקן נאָך מיט זאָרג דעם אָפּפאָרנדן וואָגן און פרעגן מיט פּחד: די צאַרישע אכזריותדיקע מאַכט איז אַוועק, ווער וועט קומען אויף איר אָרט? ווי וועלן אויסזען די נייע הערשער?

דער פּחד פון די יידן האָט געהאַט אַ יסוד. די נאָענטסטע טעג זענען געווען טעג פון שרעקליכע יסורים פאַר סאָקאָלאָווער יידן. איבער 10 יידן זענען דער־מאָרדעט געוואָרן דורך די צוריקגייענדיקע קאָזאַקן. יידישע געשעפטן ווערן צערויבט.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען אַ פאַקט פון קידוש־השם פון אַ סאָקאָלאָווער ייד אין יענעם פּאָגראָם־טאָג. שלום גאָלדשטיין ז״ל (זיין זון געפינט זיך אין ישראל, הרצליה), אַנטוואָפנט דעמאָלט 2 רוסישע זעלנער, וועלכע זענען באַפאַלן אַ יידן, און ברענגט צוריק דעם רויב צו די באַפאַלענע.

## די דייטשע אקופּאַציע

די דרייאָריקע דייטשע אָקופּאַציע אין סאָקאָלאָוו איז געווען אַ תקופה פון שווערע ליידן. הונגער און עפּידעמישע קרענק האָבן געבושעוועט און געבראַכט אומצייליקע קרבנות. די דייטשע אכזריותדיקע מלחמה־גזירות (אפשר שוין אַן אָנזאָג אויפן שפּעטערדיקן נאַציזם) האָבן פאַרמאַכט יעדן וועג פאַר פרייען האַנדל און אַרבעט. עס איז אַנטשטאַנען אַ שמוגלער לעבן. דאָס פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט איז געווען פאַרבונדן מיט דער סכנה פון שווערער שטראָף. אָבער די דאָזיקע תקופה האָט אויך געבראַכט אַן אַנטשפּאַנונג פון דער שרעק פאַר די צאַרישע פּאָגראָמטשיקעס און פּוילישע אַנטיסעמיטן, וואָס האָט באַהערשט די סאָקאָלאָווער, אַזוי ווי אַלע יידן אין פּוילן, ערב און נאָך דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די פאַר מלחמהדיקע באַוועגונג אונטער דער לאָזונג „פּאָליאַקן פאַר פּאָליאַקן״, איז מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מכשיר אין די הענט פון די צאַרישע פּאָגראָמטשיקעס צו יידן פאַרפאָלגונגען. גלייך נאָך די ערשטע מפּלות פון רוסישן מיליטער, האָבן זיך אַ שאָט געטאָן גזירות קעגן יידן. מען האָט געזוכט אַ שעיר לעזאזל און אים געפינען אין ייד. „יידן זענען שפּיאָנען״ — האָבן זיי צוגעטראַכט, און שטענדיק האָבן זיך געפונען עדות צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן „אליין געזען״.

אויך אין סאָקאָלאָוו אין דעם פּאָגראָם טאָג פאַרן פאַרלאָזן פון די קאָזאַקן די שטאָט, האָט אַ טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג מיטגעהאָלפן די קאָזאַקן צו צערויבן די יידישע געשעפטן.

אויך אין סאָקאָלאָוו האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון, בעיקר ווען

איך דערמאָן זיך אין די „הייליקע בילדער" וואָס האָבן זיך באַוויזן מיטאַמאָל אויף אַלע קריסטלעכע הייזער, כדי דערמיט אָנצוווייזן די קאָזאַקן די ריכטיקע אַדרעסן ווו צו מאָרדן און רויבן.

מיטן אָנקומען פון די דייטשן האָבן סאָקאָלאָווער יידן פריי אָפּגעאָטעמט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ תקופה פון אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן אויפשוווּנג. די דעמאָלסדיקע דייטשע מאַכט האָט צוזאַמען מיט דער מלחמה־אכזריות אויך אריינגעבראַכט קיין פוילן עפּעס פון דעם גייסט פון אייראָפּעאישן ליבעראַליזם. סאָקאָלאָוו האָט מיט גרויס אימפּעט אָנגעהויבן צו פאַרוועלטליכן איר געשטאַלט. עס זענען גלייך אָנטשטאַנען וועלטליכע קולטור אינסטיטוציעס: ביבליאָטעקן, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, העברעישע און יידישע שולן, קינדער־היימען און הילפס־קאָמיטעט פאַר סאָציאַלע הילף. באַזונדער האָפערדיק האָט געווירקט אויף דער יידישער באַפעלקערונג דער פאַקט פון באַשטימען יידישע באַאַמטע אין שטאָטישע אינסטיטוציעס. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון יידישן סאָקאָ־לאָוו זענען צוגענומען געוואָרן יידן אין דער מיליץ. הערשל גרינבערג ז"ל ווערט באַשטימט אַלס וויצע־בירגערמייסטער. יידן האָבן געאַרבעט אַלס סאַניטאַרן פון געזונטהייטס־אַמט. עס אַנטשטייען נייע געזעלשאַפטלעכע כוחות וואָס רייסן אַרויס דאָס שטעטל פון איר פאַרגליווערטקייט און אויסזיכטסלאָזיקייט.

די לעגאַליזאַציע פון די פּאָליטישע פּאַרטייען ברענגען צו אַ פרוכטבאַרע פּאָליטישע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן דער יוגנט, באַזונדער צווישן דער ציוניסטישער יוגנט. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז אַרויס אויף אַ ברייטן שלאַך פון איר טעטיקייט.

נישט קוקנדיק אויף איר אינערלעכע צעשפּליטערונג אין דער „מזרחי", „פּועלי־ציון" און אנד. ווי אויך אויף איר הויפּט־טעטיקייט פאַר שיבת־ציון, איז די ציר־ניסטישע באַוועגונג אין סאָקאָלאָוו געבליבן די הויפּט־טרעגערין פון געראַנגל פאַר די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, פאַר פרייהייט פון יידישער דערציאונג, פאַר פולער בירגערליכער און נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג. די דאָזיקע טעטיקייט, וועלכע האָט אויפגעבליט אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, איז גע־וואַקסן נאָך דער אנטשטייונג פון פוילן אָן אַן אונטערברעכונג ביז דעם טראַ־גישן סוף.

## סאקאלאוו אין באפרייטן פוילן

דער וועג פון יידישן סאָקאָלאָוו, זינט דער אַנטשטייונג פון אַ פריי פוילן — פון 1918 ביז 1939 — איז געווען אַ וועג ווו האָפענונג און יאוש האָבן געווירקט צוזאמען.

אין דעם טאָג ווען עס איז געפאַלן די דייטשע אָקופּאַציע מאַכט, איז אַנט־שטאַנען אין שטאָט אַ פּאָגראָם־שטימונג. מען האָט מורא געהאַט פאַר איבערפאַלן

מצד די פּאָליאַקן. איך געדענק אַז אין דעם זעלבן אָוונט איז פאָרגעקומען אַ צווישן־פּאַרטייאישע באַראַטונג אין קעלער שטוב פון אַלטן בית־המדרש וועגן אָרגאַניזירן אַ זעלבסט־שוץ.

די אָנפאַלן פון פוילישע זעלנער אויף יידן, און דער פּאָגראָם אין לעמבערג האָבן באַלד אָפּגעשוואַכט, אויב נישט צעשערט, די האָפענונג אַז אין אַ באַפרייטן פוילן איז דאָס אָרט אויף פאַר אַ פריי יידיש לעבן.

אַ גאָר שווערן נסיון איז סאָקאָלאָוו אויסגעשטאַנען אין 1920, אין דער צייט פון דער דאַמאָלסדיקער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע אין פוילן. די פויליש־באָל־שעוויסטישע מלחמה האָט אויפגעדעקט די טראַגישקייט פון יידישן גלות אין פוילן. די באָלשעוויקעס האָבן אויסגענוצט דעם פוילישן אנטיסעמיטיזם, כדי צו דערוועקן אָנהענגער צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, און די פּאָליאַקן האָבן אידענטי־פיצירט יעדן יידישן קאָמוניסט מיט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

אויף דעם נייעם יידישן בית עולם האָב איך געזען צעשפּאָלטענע און צעשאָ־סענע קעפּ פון יידישע סאָלדאַטן אין פוילישן מיליטער, וועלכע זענען געפאַלן אין קאַמף ביים איינעמען סאָקאָלאָוו דורך די באָלשעוויקעס און אין אייניקע וואָכן אַרום זענען סאָקאָלאָווער אומשולדיקע יידן דערשאָסן געוואָרן דורך פוילישע סאָלדאַטן נאָכן צוריקטרעטן פון די באָלשעוויקעס. דערנאָך זענען געקומען אַ ביסל רוייקע יאָרן — יאָרן פון אויפבוי.

יידן האָבן געקעמפט פאַר גלייכע רעכט, ווייל די יידישע יוגנט האָט גע־גלויבט אין אויפקום פון ליבעראַלע כוחות אין פוילן. עס זענען געווען צייטן פון אַ צוזאַמענאַרבעט אין סאָקאָלאָווער שטאָט־ראַט, פון געבן שטיצע פאַר יידישע אינסטיטוציעס א. א. וו.

אָבער די דאָזיקע האָפענונגען זענען שנעל צערונען געוואָרן גלייך נאָך דעם, ווען אפילו די סאַנאַציע פאַרטיי, וועלכע האָט אָנגעהויבן איר וועג מיט ליבעראַלע לאָזונגען, האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַן עקאָנאָמישן קאַמף מיט דער יידישער מינדערהייט. די באַוווּסטע „אָווושעם" לאָזונג פון פּראָפעסאָר באַרטעל.

דער אויפקום פון היטלעריזם אין דייטשלאַנד האָט פריי געמאַכט דעם וועג פאַרן זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם אין סאָקאָלאָוו און אין גאַנץ פוילן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיזישער קאַמף קעגן יידן: פּיקעטן ביי די געוועלבן, כוליגאַנישע אָנפאַלן אין דער סאָקאָלאָווער קהילה, האָבן דערנענטערט צו דער קאַטאַסטראָפע.

אין 1933, באַלד נאָך דעם ווי עס איז אַנטשטאַנען די היטלער־רעגירונג אין דייטשלאַנד, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט מזרחי, גערופן אין שול אַ פּראָטעסט־מיטינג פון סאָקאָלאָווער יידן.

איך דערמאָן זיך ווי איך בין געגאַנגען, צוזאַמען מיט משה שאַפּירא ז"ל און גערופן די יידן צו פאַרלאָזן די געוועלבן און גיין אין שול. איך בין געשטאַנען אויפן בעלעמער צוזאַמען מיט חיים זילבערמאַן ז"ל און יבל"ח פנחס ראַפּאַלאָ־וויטש, און גערופן צו אַ פול געפּאַקטער שול מיט יידן צום קאַמף קעגן היטלער

דייטשלאַנד, צום באָיקאָט אויף דייטשע סחורות, מיר האָבן געוואָרנט פאַר דער גרויסער אָנקומענדיקער סכנה.

אַז איך דערמאָן זיך, אַז נישט די פאַרזאַמלטע יידן אין שול, און נישט מיר אויפן בעלעמער, האָבן טיף אין האַרץ נישט געגלויבט אַז די סכנה איז אַזוי נאָענט. דער גלויבן אין מענטש האָט פאַרפירט...

שבת פאַרנאַכט דעם 2־טן פעברואַר 1934 אין דעם טאָג פון מיין פאַרלאָזן סאָקאָלאָוו, האָב איך געמאַכט מיין לעצטן שפּאַציר אין מיין היימשטעטל. איך בין געגאַנגען איבער אַלע אירע גאַסן און געסלעך, כדי איינצוזאַפּן אין זיך מיין היים אויף אייביק.

ווען איך בין געווען ביים סוף פון מיין שפּאַציר האָט מיך פּלוצים אַרומגע־נומען אַ רחמנות־געפיל אויף מיין שטעטל, און איך האָב זיך דערפילט ווי אַ דעזערטער וואָס פאַרלאָזט זיין מחנה, וועלכע געפינט זיך אין אַ סכנה. עפּעס האָט דאָס האַרץ געזאָגט אַז די סכנה איז נאָענט...

י. גרינבערג
(תל־אביב)

# צווישן האמער און קאוואדלע

(זכרונות פון די געשעענישן אין סאָקאָלאָוו
בעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע נאָכן ערשטן וועלטקריג)

אין יאָר 1920 האָבן די באָלשעוויקעס פאַרטריבן דאָס פוילישע מיליטער פון די דורך די לעצטע פאַרנומענע רוסישע טעריטאָריעס און אויך פאַרנומען אָ היפּשן טייל פון פוילן. אין חודש אויגוסט פון זעלבן יאָר אויך בערך צוויי וואָכן האָט דאָס רוסישע מיליטער אָקופּירט סאָקאָלאָוו. ביים פאַרנעמען די שטאָט זע־נען נישט פאָרגעקומען קיין גרויסע שלאכטן, דאָס פוילישע מיליטער איז געווען אין ריקצוג ביז צו דער ווייסל־ליניע. דאָך זענען געווען מיליטערישע קרבנות פון ביידע זייטן. צווישן די געפאַלענע פוילישע זעלנער זענען געווען אַן אַנגע־זעענע צאָל יידן.

די קורצע צייט בעת די באָלשעוויקעס זענען געווען אין סאָקאָלאָוו איז זייער באַציִונג צו דער באַפעלקערונג געווען קאָרעקט, מ׳קאָן זאָגן — אַ פריינטלעכע; זיי האָבן איינגעאָרדענט פאַר דער באַפעלקערונג מיטינגען, פאַרוויילונגען און שפּילערייען. זייער באַציִונג צו דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען אַ באַ־זונדערס פריינטלעכע, מחמת אַ גרויסע טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך געקענט פאַרשטענדיקן אין רוסיש, אגב זענען געווען אַסך יידן אין דער רוסישער אַרמיי. מ׳דאַרף געדענקען אַז דאָס איז געווען אין די צייטן, ווען אַנטיסעמיטיזם איז אין רוסלאַנד געווען שטרענג פאַרבאָטן, און אָפיציעלער אנטי־סעמיטיזם — אַ פאַרברעכן.

אין פוילן דאַקעגן האָט אין יענער צייט געבושעוועט דער אנטיסעמיטיזם. די פוילישע געזעלשאַפט איז געווען אַדורכגעפרעסן פון שנאת ישראל, די מפּלות אויף די שלאכט־פעלדער זענען אַויסגעגאנגען צו יידישע קעפּ. די פּרעסע האָט געהעצט קעגן יידן. די אַרמיי איז געווען פאַרפעסטעט מיט אנטיסעמיטישן גיפט באַזונדער געגנעראַל האַלערס ארמיי־גרופּן, די „האַלערטשיקעס". מ׳האָט עפנט־לעך געשלאָגן יידן אין די גאַסן, געשניטן בערד א. ד. ג. ס׳איז געווען פאַלן ווען מ׳האָט אַרויסגעוואָרפן יידן פון די לויפנדיקע צוגן, מ׳האָט אויסגעטראַכט די ווילדעסטע בלבולים אויף יידן, צווישן אַנדערע אַז זיי גיסן קאָכנדיק וואַסער אויף דעם אָפּטרעטנדיקן פוילישן מיליטער, שפּיאָנירן פאַר רוסלאַנד, און טראָגן געהיימע טעלעפאָנען אין די בערד...

ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן די שטימונג ביי דער סאָקאָלאָווער יידישער באַפעלקערונג ווען ס׳איז פאַר זיי קלאָר געוואָרן, אַז די רוסישע אַרמיי טרעט פּלוצים צוריק. געוויסע עסקנים און יוגנטלעכע האָבן פאַרלאָזן די שטאָט, אַ

טייל זענען אַוועק אין שכנותדיקן שטעטל — דאָרט ווי מ׳קאָן זיי נישט, און אַ טייל — אַוועק מיט דער רוסישער אַרמיי.

די טריומפירנדיקע פּוילישע אַרמיי האָט זיך באַצויגן אכזריותדיק צו די יידן אין די וועגן, עטלעכע און דרייסיק קרבנות און טויטע זענען געווען פון די סאָקאָלאָווער יידן אין דער אומגעגנט. אָבער אַסך מער פאַרוואונדעטע צעקאַ־ליעטשעטע און צעשלאָגענע.

ווען דאָס פּוילישע מיליטער איז צוריק אַריין אין סאָקאָלאָוו, זענען די דאָרטיקע יידן געוואָרן אָפּגעריסן פון דער וועלט — מחוץ תשכל חרב ומחדרים אימה. ס׳איז געווען אַ מורא זיך צו באַווייזן אין גאַס, די געשעפטן — געשלאָסן, די הייזער פאַרמאַכט, ווער ס׳האָט זיך געוויזן אין גאַס, האָט מען געכאַפּט אויף אַרבעט צו טרייבן בהמות, ס׳איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות, די לאַגע האָט אָנגעהויבן צו ווערן קאַטאַסטראָפאַל. ס׳האָט אויסגעפעלט שפּייז און ס׳איז געווען אַ געפאַר פון עפּידעמיעס. ס׳איז דעמאָלט געלונגען איבערצושיקן אַן אַלאַרמירנדיקן בריוו דורך אַ קריסטלעכן שליח צום יידישן נאַציאָנאַל ראַט קיין וואַרשע. אַדאַנק זייער אינטערווענץ, און אויף אַ ווונק פון „אויבן״, האָט זיך די לאַגע אַביסל געענדערט, און ס׳איז אַפילו אַראָפּגעקומען אַ מיליטערישע אויספאָרשונגס קאָמיסיע אונטערצוזוכן די געשעענישן.

פון אַ פאַרבליבענעם נאָטיץ איז צו זעען די שטימונג צווישן די סאָקאָלאָווער יידן אין יענער צייט:

## שומר, מה מלילה?

פרייטיק פאַרנאַכט, שאָטנס שלייכן אַרויס פון גרויסע געסלעך, די שפּיץ־ביימער ביים קאָשטשיאָל ווערן טונקל און שפּרייטן מרה־שחורה. פאַרשעמט און איינזאַם שטייט די שול — קיינער קומט נישט. איר שאָטן נעמט אַרום די שכנישע נידעריקע יידישע הייזלעך, ווו זי וואָלט זיי וועלן אויסהיטן פון דעם אומגליק וואָס רוקט זיך אויף זיי.

אויף די יידישע גאַסן איז שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. יידן געפינען זיך הינטערן שלאָס און ריגל, פינסטער אין די הייזער און נאָך ערגער די געמיטער פון זייערע איינוווינער. וואָס איז אייגענטלעך פאַרגעקומען אין שטעטל און מיט וואָס האָבן זיך די יידן פאַרזינדיקט?

כאָטש מיר לעבן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — דערויף זאָגט אויך עדות די עלעקטרישע דראָטן־נעץ איבער די גאַסן, און די שרעק פון עלילת־דם איז מער נישט חל, הענגט אָבער אַ נייער בלבול איבער די יידן פון שטעטל. אַ בלבול וועגן פאַראַט, העלפן דעם שונא. שיסן אויף דעם אייגענעם מיליטער און ענלעכעס. דער פחד איז גרויס, אויך דאָס קליינוואַרג זיצט צוזאַמענגעטוליעט איינס צום צווייטן, קוקט שטום אויפן טאַטן, דער מאַמען, אויף אַלע אַרומיקע. אַלץ

איז פאַר די קינדער אַ נייעס, אַ רעטעניש און זיי האָבן אפילו מורא צו

און יעדעס מאָל ווען ס׳הערן זיך טריט פון מיליטער, צעוואַקסט זיך ז נאָך שטאַרקער און מאַכט ציטערן דאָס האַרץ, גליווערן דאָס בלוט. דערוואַקסענע, זיצן הילפסלאָז, פאַרצווייפלט און דערשלאָגן, די אויגן צום דער ליבער דרויסן, דער באַקאַנטער מאַרק, ווי האָט ער זיך פאַרענדע זיין שטילן שווייגן ליגט עפעס אכזריותדיקעס, גרויזאַמעס באַהאַלטן. ז עפעס שרעכלעכעס אויפרייסן אין דאָס פּאָרגעפיל האָט נישט אָפּגענאַר געשעען...

אין דער דריקנדיקער טויטשטילקייט הערט זיך אַ פּאַרטעמפּט קל רייסן אַ טיר. דאָס אין אָנהויב שוואַכע קלאַפּן פאַרשטאַרקט זיך. די באַה יידן אין די הייזער ברעכן די הענט פאַר פאַרצווייפלונג צום רבונו ש מען וואַרט אויף ניסים און זיי קומען נישט.

ס׳הערט זיך אַ הייזעריקער סקריפּ פון אַן אויפגעבראָכענער טיר. א מיט דער ערשטער פאַרצווייפעלטער געשריי. מען שרייט שוין פון אַ און געסלעך פון אַלע הייזער און הייזלעך, פון די בוידעמער אין קע שטאָט האָט הימלשרייענדיק געבעטן רחמים צו גאָט, צו מענטשן אין כ דער וועלט אַריין. און שיסערייען — איז געוועז דער ענטפער.

שפּעט ביינאַכט, די „ארבעט" איז אין רעכטן ברען, די געשרייען ווער כער וואָס האָט געזאָלט געשעען איז שוין געשעען.

אין הימל שווימט שטיל אין הויך אַ פאַרטראַכטע לבנה. זי האָט זיך פאַרטראַכט איבער ענצעלנע אַזעלכע נעכט, וואָס דאָס פאָלק ישראל הז אַדורכגעמאכט.

שומר, מה מלילה ?...

## מאטל פרידר־קפלן
(תל־אביב)

# יום מתן הצהרת בלפור בעיירתנו

את יום מתן הצהרת בלפור אני זוכרת כאלו הייתי אז אדם מבוגר ואני רק ילדה קטנה. היה זה חג לאומי ראשון ויחידי, אשר יהודי סוקולוב חגגוהו ברוב עם ופאר והשמחה היתה רבה וכללית.

אני הרגשתי באותו יום את השמחה ואת התקוה של כל עם ישראל. תקוה של תקומת עם במולדתו, אם כי טרם יכולתי להבין את משמעותו של המושג „הכרזת בלפור".

אותה הרגשה נפלאה עברה אלי מאמי אשר לשמחתה לא היה קץ באותו יום. היא היתה כולה נתונה לאידיאל של תקומת עמנו, היתה בקיאה בכל הבעיות של התנועה הציונית והתקוה להגשמת האידיאל נתנה טעם ועניין לחייה הקשים. אמי, כל ימיה חכתה לנס הגדול שיתרחש והאמינה שבמהרה בימינו יעלו אלפים ורבבות יהודים — והיא בתוכם — למולדתם בארץ־ישראל.

האמונה הזאת חשלה את אמי ואפשרה לה לעמוד איתנה ואופטימית בחזית הקשה של חיי יום יום. אותו יום סתיו מאוחר לא היה דומה לימים שקדמו לו ולא לאלה שבאו אחריו, היה זה ממש יום קיץ נהדר. אני זוכרת היטב את היום החם והבהיר כשהשמש עוטפת את העזרה בכסוי של זהב לכבוד החג הגדול.

מהבוקר המוקדם התחילו נשי העיר לקשט את חלונותיהם וגזוזטראותיהן הפונות לרחובות הראשיים של העיירה. כל אחת השתדלה שהגזוזטרה שלה תהיה היפה ביותר. היה לי הרושם שקיימת איזה התחרות בין הנשים ובליבי קויתי ששלנו תהיה היפה מכולן.

אני לא זזתי מאמי כל העת שהיא קשטה את גזוזטרת מעוננו אשר השקיפה לככר השוק.

את חזית הגזוזטרה קשטה אמי במרבדי קטיפה אדומים. באמצע המרבד תלתה את תמונת המנהיג הציוני תאודור הרצל, אשר השקיף מתוך מגן דוד עשוי סרטים לבנים וכחולים. מעל לגזוזטרה נתלו מנורות חשמל, בכדי להאיר את הגזוזטרה עם רדת החשכה. בשני צדיה עמדו עצי אשוח ועל ידם שני דגלי לאום גדולים ומסביב לכל הרבה דגלונים קטנים ופרחים. כך בערך נראו כל הגזוז־טראות מסביב לככר השוק. אותה ככר אשר שמשה מקום לחגיגות, לא היתה אף פעם כה יפה, מהודרת וחגיגית כמו באותו יום.

הבתים המקושטים האלו היו באותו יום ריקים מאדם כי כולם יצאו לחוג

ברוב פאר בתופים ומחולות, באספות עם ומסיבות את החג הגדול, של התגשמות תקות עם ישראל לחזור למולדתו.

לבושי בגדי חג התאספו כל אנשי סוקולוב, ציונים ולא ציונים בככר שלפני בית הכנסת.

בכל העיר שבתה המלאכה, נסגרו החנויות. מנהיגי התנועות הציוניות עם פרח לבן וכחול בדשיהם התיצבו בראש התנועות. כל ילדי בתי־הספר וילדי החדרים נכחו בככר עם מוריהם ורביהם כדי לקחת חלק בתהלוכה אשר כמוה טרם ראתה עיירתנו.

התהלוכה צריכה היתה לעבור ברחובות הראשיים של עיירתנו.

מסודרים זוגות זוגות עמדו אנשי התנועות, ילדי בתי־הספר כשדרות של אנשים, ומעל כולם נפרשו שמים כחולים ובהירים והשמש חממה ונסכה שמחה בלבבות החוגגים. מעולם לא ראיתי קהל כה גדול באותה ככר.

ראשי הציבור עמדו מדי פעם לפעם בין המחנות ונתנו הוראות שונות. אני זוכרת היטב את פניהם הקורנות של מנהיגי הציונות בעיירתנו חיים זילברמן, מנדל לשיצקי ורקודש ז״ל ועוד. אנשים אלו שבלב ובנפש היו מסורים לאידיאל של תקומת העם.

הסדר היה למופת, בלי רעש הרגיל באספות והתקהלויות של יהודים. עמדנו וחיכינו להתחלת התהלוכה. כל קבוצה עם דגלה בראש. אחרי התהלוכה היו צריכות להתקיים אספות עם, מסיבות ורקודים.

הקהל עמד דרוך וחיכה. אני מתארת לעצמי כי כך דרוכים ומתוחים עמדו היהודים לפני הר סיני וחכו למשה.

הזמן חלף וחלף והתחיל להתמשך ולא באה אותה ההתחלה. הרגשתי כי דבר מה אינו כשורה. מדי פעם בפעם ראיתי את המנהיגים הציוניים עוברים בין טורי ילדי בתי־הספר ומתלחשים ביניהם. נדמה היה לי שעל פניהם עבר צל של דאגה.

— מה קרה — חשבתי, איה פניהם הקורנות שמלפני כמה רגעים ? מה מדאיג אותם ?

לפתע נשמע רעם של אבנים נופלות, מטר של אבנים ירד לפתע על עיירתנו.

פני העסקנים הקדירו עוד יותר. כתפיהם נפלו, גבם התכופף. והנה באה פקודה או לחש ? לא היתה זו פקודה: „קדימה צעד" זאת היתה פקודה לנסיגה. בבהלה במהירות התחלנו לסגת ברחובות הצדדיים של עיירתנו. מפחדים לעבור את הרחובות הראשיים, כי שם היתה ממש סכנת נפשות להופיע באותו רגע. אף אחד לא שמר כבר על הסדר. הדגלון שהחזקתי בידי נשמט. פחד אחז בי וכל רצוני היה להמלט. איך הגעתי הביתה איני זוכרת אבל פה נודע לי מה קרה ומי הפריע לנו לחוג את חגנו.

בהתערבות כומר קתולי בטלה המשטרה את הרשיון של החגיגות. אותו כומר היה איש גבה קומה, רזה מאד, וגמיש תנועה. הבעת פניו היתה דומה לאותה של

הצורר הגרמני הגדול. שפתיו צרות ומהודקות, אף מחודד ועיניו האפורות הזכירו במבטן להב של סכין. ידעתי אותו משחר ילדותי ופחדתי מפניו. כשהיה עובר על ידי נדמה היה לי שדוקר הוא אותי במבטו. היה לי הרושם שמשתוקק הוא להסתער על מחנה הילדים היהודים המשחקים ברחוב ולרמוס אותם ברגליו. היה ידוע בכל העיר כשונא ישראל גדול.

אותו „משרת ה׳" היה מחנך בגמנסיה בעיירתנו. הוא יצא ביום חגנו בראש חניכיו להפריע ליהודים לשמוח. הם באו לככר השוק והתחילו להמטיר אבנים על הגזוזטראות והחלונות המקושטים. הם שברו שמשות ולא הפסיקו את מלאכתם עד שלא נעלם הקשוט הכחול־לבן האחרון.

עמדתי על מרפסת ביתנו בין שברי זכוכית ודגלים קרועים כשאכזבה וצער גדול משתלטים עלי. הבינותי בפעם הראשונה את משמעות היותנו בגלות.

# די אגודת ישראל אין סאקאלאוו

צווישן די פאַרשידענע שטרעמונגען פון דער סאָקאָלאָווער געזעלשאַפט האָט אויך די אגודת שלומי אמוני ישראל פאַרנומען אַ באַדייטנדיקן פּלאַץ.

די אגודה אין סאָקאָלאָוו איז אַנטשטאַנען נאָכן ערשטן וועלטקריג. בראש פון דער אגודה איז געשטאַנען הרב בנימין מאָרגענשטערן ז״ל, דעם סאָקאָלאָווער רבינס זון. ער האָט מיט עקשנות און ברען אַקטיוו פיל געלייסטעט צו דער אַנט־וויקלונג פון דער אגודה און צוגעצויגן צו איר חשובע בעלי־בתים פון שטאָט. צו דעם דערפאָלג האָט פיל געהאָלפן די אויטאָריטעט פון סאָקאָלאָווער רבין, וועל־כער איז געווען וויצע־פאָרזיצער פון צענטראַלן קאָמיטעט פון דער אגודה אין פוילן.

זייער אָפט פלעגן באַזוכן סאָקאָלאָוו אָנגעזעענע אגודה־פירער פון צענטראַל־קאָמיטעט ווי ר׳ אלכסנדר זישע פרידמאַן ז״ל, הרב הערשהאָרן, דער יאַוואָזנער רב און אַנדערע, וועלכע האָבן געפירט אַ ברייטע אַגיטאַציע פאַר ווערבירן חברים צו דער פאַרטיי. די מאַסן פאַרזאַמלונגען און פאָרטראַגן פלעגן פאָרקומען אין רבינס בית־מדרש.

די אַקטיווע טוער, וועלכע האָבן געהאָלפן אָרגאַניזירן די אגודה זענען געווען: ר׳ ברוך לאשיצע, ר׳ משה ארנשטיין, ר׳ הירש קייט, ר׳ יצחק וואלאנאוויץ, ר׳ אליעזר הענדעל, ר׳ אברהם אייזנבערג, ר׳ יהושע שלעכטא, הרב הענאך כהן און אַנדערע.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט זיך אויך אָרגאַניזירט די צעירי אגודת ישראל, וועלכע האָט זיך רעקרוטירט פון אַ טייל תלמידים אין רבינס ישיבה, בית־מדרש בחורים און אַנדערע. די יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז געווען זייער אַקטיוו און מיטגעהאָלפן דער אגודה, הויפּטזעכלעך ביי וואַלן צו די אָרטיקע שטאָטישע אינ־סטיטוציעס: שטאָט ראַט, קהילה־פאַרוואַלטונג א. א.

אין דער שפּיץ פון צעירי אגודת ישראל זענען געשטאַנען יעקב גאַלאַנט (יעצט אין ישראל), שיע זעלאַנילאס, פישל יאַבלאָנאָוויטש, שמואל גאָלדפאַרב, מענדל שעדלעצקי, ישעיהו שטערן, ישראל גרינבערג, הערשל גרינבערג הי״ד, אברהם ווייסבאַרט (יעצט אין ישראל) און אַנדערע.

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט גע־וואָרן די בית־יעקב שולע אין סאָקאָלאָוו, אין וועלכער ס׳האָבן געלערנט 100 מיידלעך אין שול־עלטער; די שולע האָט זיך געפונען אין הויז פון אליעזר הענ־דעל אויף דער דלוגע גאַס.

אַ געוויסע תקופה איז געווען לערערין פון בית־יעקב שולע די פרוי קאַרפעל טאָכטער פון ראש ישיבה הרב שמחה וואָלפאָווסקי ז״ל), און אַנדערע, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן פון דעם בית־יעקב סעמינאַר אין קראָקא. די בית־יעקב שולע האָט געגעבן די קינדער פון דער אַלגעמיינער פוילישער פאָלקס־שולע ידיעות אין יידישקייט און רעליגיעזע דערציאונג.

די אגודה איז געווען פאַרטרעטן אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס פון שטאָט: קהילה־פאַרוואַלטונג, שטאָט־ראַט, ועד תלמוד־תורה, סומך נופלים און אזוי.

זייערע פאָרשטייער אין שטאָט ראַט זענען געווען הערש קייט, יצחק וואָל־נאָוויץ, מנחם מענדזיצקי, אברהם אייזענבערג. אין דער קהילה: משה לוסטיגמאַן, חיים יעקב שפּאַדעל, הערש קייט, שיע זעלאַנילאָס, ישראל גאָלדפאַרב.

אין דער קהילה פלעגן פאָרקומען אָפטע און פאַרביסענע שטרייטן צווישן די אגודה פאַרשטייער מיט די ציוניסטישע און אַנדערע גרופּירונגען. אין שטאָט־ראַט האָבן אַלע יידישע פאַרשטייער געפירט אַן איינהייטלעכע טעטיקייט צו פאַרטיידיקן די אַלגעמיינע יידישע אינטערעסן אין שטאָט.

**א סאקאלאווער**

אברהם שפאדל
(רמת־גן)

# סאקאלאוו-פאדלאסק

(אַ שפּאַציר איבער די יידישע גאַסן)

## א. דלוגא גאס

די הויפּט גאַסן וואָס האָבן אַדורכגעשניטן דאָס גאַנצע שטעטל און איר גאַנצער לענג, זענען געווען: פּיענקנע, ראַגאָווסקע און די דלוגע. די צענטראַלע גאסן פון סאָקאָלאָוו מיט אירע דריי שטאָקיקע מויערן און געשעפטן זענען געווען: ראַגאָווסקע און דלוגע. זיי האָבן ווי אַ רינג ארומגענומען דעם שטאָטישן גרויסן מאַרק, דעם פיש־און גרינוואַרג מאַרק („מאַלי רינעק") מיט די קלייטן (סטראַגאַנעס), וווּ ס'האָט זיך קאָנצענטרירט דער גאַנצער יידישער האַנדל פון שטעטל.

סאָקאָלאָוו איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער געגנט מיט אירע גרויסע, ריזיקע מערק. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק פלעגן זיך צונויפפאָרן טויזנטער פויערים פון די ארומיקע דערפער מיט אָנגעפּראָפּטע וועגנער פון כל־טוב: תבואה, קעלבלעך, פוטער, הינער, אייער און עופות. סאָקאָלאָווער יידן האָבן געשעפּט זייער פרנסה פון די מערק; דער גאַנצער עקאָנאָמישער מצב פון שטעטל איז פון זיי געווען אָפּהענגיק. די מערק זענען געווען דער באַראָמעטער פאר קרעדיט פון די וואַרשעווער און לאָדזשער הורט־סוחרים, וועלכע האָבן „געשפּירט" ווען ס'איז געווען אַ גוטער, אָדער שלעכטער מאַרק.

די דלוגע גאַס איז געווען די שענסטע אין שטעטל. אויף דער גאַס איז געווען קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן פונם שטעטל, כמעט אַלע גבירים פונם שטעטל האָבן געוווינט אויף דער דלוגע. דאָרט האָט זיך געפינען דאָס גרויסע געשעפט פון פּאַרטיקע מלבושים פון ירחמיאל ריבאַק (דער שוואַרצער ירחמיאל) וואָס האָט געגעבן פרנסה עטלעכע צענדליק יידישע שניידער: דאָס געשעפט פון פעלצן פון די ברידער טוביה און בונים שטשיפּעלעוויטש; דאָס קאַנטאָר פון די בני־בוטשעס (בוטשע רובינשטיין און זיינע זון) בשותפות מיט הערשל זאַלצבערג — די גרעסטע תבואה סוחרים אין שטעטל. אַרום זייער קאַנטאָר און גרויסע תבואה סקלאַדן ביים סאָקאָלאָווער באַנהויף, האָבן צענדליקער משפחות געשעפּט זייער פרנסה דורך צושטעלן די ביי די פויערים אויפגעקויפטע תבואה; די סאָדע־וואַסער פאַבריקן פון בערל קיוועס

(בערל פאזנגארד) משה שטערניצקי מיט זייער לאָדאָווניעס (אייז קעלערן) וואָס פלעגן באַזאָרגן די בעל־הבית׳טעס מיט אַ שטיקל אייז אין די זומערדיקע שבתים; די וויין געשעפטן פון יצחק אהרון מאָרגענשטערן און שכנה טשערניצקי; די רעסטאָראַנען (אונטער־שענקען) פון משה פערלשטיין, משה גרינבערג (גרינעס שענק, ווו די געסט זענען ס׳רוב געווען די באלעגאָלעס, וועלכע זענען געשטאַנען קעגנאיבער), און יעקב קיווייקע; די בעקערייען פון ליבע קאווער, אסתר גרינ־בערג (וואָס זענען געווען באַקאַנט אין שטעטל מיט זייערע וויעטשערוווקעס); די האָלץ סקלאַדעס פון זלמן זיידענבורג, יחיאל וואלמער, יואל שפאדל און שבתילע גאָלדפאַרב; דער האָטעל פון שלמה ראָזענבערג;; דער חסידישער האָטעל פון פנחס פעדער (וואָס פלעגט זיין איבערפילט מיט חסידים פון די ארומיקע שטעט, געקו־מענע צום סאָקאָלאָווער רבין; די דרוקעריי פון הערשל קייט אַ בעל־מיוחס — גע־שטאַמט פון רבנים; און דאָס ביכער געשעפט פון אהרן זאיאָנץ (איינער פון די אינטעליגענטע יידן אין שטעטל). דאָרט איז אויך געווען דער פרויען קליניק פון ד״ר גרשון גרודזשענטשיק )א הארציקער, איבערגעגעבענער ייד, וואָס האָט זיין פרייער צייט אוועקגעגעבן געזעלשאַפטלעכע ארבעט, אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין דער פועלי־ציון (רעכטע), אַלס לאַווניק אין שטאָט־ראַט. אויף דער גאַס איז געווען דאָס סאָדע געוועלבל פון בנימינטשע (דער זאַמלפונקט פון עמך און סתם ליידיק גייער). די דיסקוסיעס וועגן „וועלט־פראָבלעמען” פלעגן צוציען די אויפ־מערקזאמקייט פון פאָליציאַנט גורסקי, וואָס פלעגט דעריבער דאָרט זוכן פאָלי־טישע „פארברעכער”... די היץ פון די דיסקוסיעס פלעגן ווערן אָפגעקילט מיט באַניקערן און אַ קאַלטן טרונק סאָדע־וואַסער. דאָרט האָבן זיך אויך געפינען צוויי אפטייקן — די איינציקע קריסטלעכע געשעפטן.

אויף דער גאס זענען געווען די ברענער־און באָראָכאָוו ביבליאָטעקן מיט טויזנטער ביכער. די לייען־זאַלן האָבן געדינט ווי דער קולטור־צענטער פונם שטעטל. אין די זאַלן פון מאַגיסטראַט־קינאָ „דאָם לידאָווי” פלעגן פאָרקומען פאָרלעזונגען און טעאַטער פאָרשטעלונגען, אָפטמאָל דורך אייגענע כוחות, ווי אויך דורך פרעלעגענטן און טעאַטער טרופעס פון וואַרשע. אויף דער דלוגע גאַס האָט זיך געפונען דער נייער בית המדרש. דורך די אָפענע פענצטער האָט מען געקאָנט הערן דאָס קול פון שטאָט־חזן, און נישט איין ייד האָט זיך פלוצים אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַס אריינצוכאַפּן אַ קדושה. אַ ברוך הוא אָדער אַן אָמן. אין אַ באַזונדער גרויסן צימער פון נייעם בית־המדרש איז געווען די ביורא פון דער סאָקאָלאָווער יידישער קהילה, ווו ס׳האָט אין לעצטן צענדליק יאָר פאַרן צווייטן וועלט־קריג אַמטירט דער לאַווניק אין שטאָט־ראט און פרעזעס פון דער יידישער קהילה, ר׳ חיים יעקב שפאדל, און דער קהילה־סעקרעטאַר אברהם ביאַ־לילעוו. אויף די זיצונגען פלעגן זיך אָפּשפּילן געזעלשאַפטלעכע און פאָליטישע קאמפן פון די פאַרטייען פאר דער העגמאָניע אין דער קהילה. באַזונדערס העפטיק איז געווען דער קאַמף ביים באַשטעטיקן דעם קהילה־בודזשעט. דאָ פלעגן די

ציוניסטישע פּאַרטרעטער, ווי מענדל לאַשיצקי, יצחק זאַרעמבסקי, דוד ליבערמאַן קעמפן מיט דער אגודהשער מערהייט פאַר סובסידיעס פאַרן קרן־קימת, קרן־היסוד און אַנדערע ציוניסטישע פאָנדן.

די דלוגע גאַס איז אויך געווען דער טרעף־פּונקט, וואָס פלעגט נאָך דער אַרבעט פול ווערן מיט שפּאַצירנדיקע, באַזונדערס די יוגנט בעת שבתדיקע אָדער יום טובדיקע אָוונטן. נישט איין שידוך אָדער ליבע איז דאָרט געשלאָסן געוואָרן. דער שפּאַציר פלעגט זיך אָנהייבן פון קליינעם גאָרטן ביים רוסישן קלויסטער אויף דעם קרייץ וועג: שעדלעצקי־רעפקאָווסקי־דלוגע, און זיך ציען דורך דער דער גאַנצער דלוגע ביז דעם גרויסן שפּאַציר־גאָרטן אויף דער קאָשטשיושקע גאַס ביים קאַטוילישן קלויסטער, ביז דער גרויסער מיל און עלעקטראָווניע פון ר׳ ישעיהו שאפּראַן. ווייטער שפּאַצירן האָט מען נישט געוואָגט, צוליב די פּוילישע כוליגאַנעס, וועלכע פלעגן באַוואַרפן מיט שטיינער.

## ב. די ראַגאָווסקאַ גאַס

אויך די ראַגאָווער גאַס האָט זיך געהאַט איר יחוס, און אויך זי איז געווען אָנגעזאַפּט מיט יידיש לעבן, מיט יידיש האָב און גוטס. אויך אויף דער גאַס איז געווען אַ קייט פון יידישע קליינע און גרויסע געשעפטן. דאָ האָט זיך געפונען דאָס גרויסע פאַרבן־געשעפט פון שכנה רובינשטיין; די גאַלאַנטעריע געשעפטן פון חיים סקאַצנאַריק, יוסל ראָזענצווייג; די קאָלאָניאַלע הורט־געשעפטן פון חיים זילבערמאַן, משה ראָזענצווייג (משה שיינע חוה׳ס) און יוסף זשיטעלניע (אַ פאַרברענטער אַלעקסאַנדערער חסיד, אַ קנאי); די בעקערייען פון יענטע מאַטל טויביעס, שמואלעכל בעקער; די האָלץ און קוילן־סקלאַדן פון בניומטשע רובינ־שטיין, ראובן ביאַלילעוו און אברהם שפּאַדל (אין דעם סקלאַד האָבן פיל פון די סאָקאָלאָווער אין ישראל אַדורכגעמאַכט זייער הכשרה פאַר זייער עולה זיין).

אויף דער ראַגאָווער גאַס, אין גרויסן הויז פון שטאָט־גביר אהרון קאַפּל, איז געווען דער ערשטער פּועלי־ציון קלוב „אַרבעטער היים", דער ערשטער לאָקאַל, וווּ יינגלעך און מיידלעך זענען זיך צונויפגעקומען (און אַרויסגערופן אַ שטורם צווישן די עקסטרעם רעליגיעזע יידן פון שטעטל). די גרינדער פון דעם פאַראיין זענען געווען: חיים נח ווינאַגורא, אייזיק פלאַטנער, אסתר שוסטער, שמעון רובינשטיין און נטע קויפמאַן. זיי האָבן דעמאָלט אַריינגעבראַכט ליכט און וויסן צווישן די יוגנט. פון דעם אַרבעטער־פאַראיין איז אויך אַרויס דער רוף צו די סאָקאָלאָווער יוגנט, איבערצואַנדערשן זייער לעבן דורך פאָרן קיין ארץ־ישראל.

אויף דער גאַס אין הויז פון הערש לייזער בראַם איז געווען די קינדער־ביבליאָטעק, (געגרינדעט דורך הערשל מאַדאַנסקי און זישע פרידמאַן) וואָס האָט צוגעצויגן אַ גרויסן טייל פון דער סאָקאָלאָווער יוגנט. דער עיקר די אַביטוריענטן

פון דער פּאָושעכנער שול, זיי אָנגערעדט צו לייענען יידישע ביכער און באַקענען זיך מיט דער יידישער ליטעראַטור. די קינדער־ביבליאָטעק האָט זיך שפּעטער, נאָך אינערלעכע קאַמפן פון פאַרשידענע שטרעמונגען אין קאָמיטעט פאַראייניקט מיט דער ברענער ביבליאָטעק און דערמיט געוואָרן די גרעסטע ביבליאָטעק אין שטעטל.

אויף דער ראָגאָווסקי גאַס, איז געווען דאָס אַלעקסאַנדערער שטיבל. דאָרט האָט זיך געפירט די אַקציע קעגן דער השפעה פון דער „אגודה" אויף די סאָקאָלאָווער רעליגיעזע יידן. באַזונדערס ביי שטאָט־ראַט, אָדער קהילה־וואַלן, ווען די אַלעקסאַנדעדער חסידים זענען אַרויס מיט אַן אייגענע ליסטע, מיט מנחם מענדערזשיצקי בראש.

אָבער דער עיקר יחוס פון דער ראָגאָווסקי גאַס נעמט זיך פונם סאָקאָלאָווער רבינס, ר׳ יצחק זעליק מאָרגענשטערנס, הויף. דער סאָקאָלאָווער רבי האָט גע׳שמ׳ט אויך אויסער די גרענעצן פון פוילן ווי איינער פון די גרעסטע רביים אין פאַרמלחמה׳דיקן פוילן. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער אגודת־ישראל, צו זיין וואָרט האָט מען זיך תמיד צוגעהערט.

טויזנטער חסידים פלעגן קומען פון גאַנץ פוילן צו זיין טיש שעפּן זיין תורה און חכמה. ער איז געווען אַ קלוגער ייד, געוווסט צו באַגיין זיך מיט זיינע צאָן־קדשים. זיין תורה־זאָגן איז געווען צונויפגעמישט מיט פּילפּול און שווערן טייטש וואָס נאָר יחידים האָבן פאַרשטאַנען.

## ג. פּיענקנע גאַס

די פּיענקנע גאַס, וואָס איז אגב נישט געווען אין איינקלאַנג צווישן איר נאָמען און אמתדיקן אויסזען, איז שוין געווען אַ געמישטע. אויך קריסטן האָבן דאָרט געוווינט. זי איז געווען מער א וווינונגס־געגנט און ווייניקער — אַ האַנדלסצענטער. אָבער אויך די פּיענקנע גאַס האָט געהאַט איר באַדייט און גרויסן צושטייער צום יידישן לעבן אין אויסזען פון שטעטל סאָקאָלאָוו.

אויף דער פּיענקנער גאַס האָט זיך געפונען דער גרויסער סקלאַד און די מחסנים פון בעטאָנרערן, צעמענט, קאַלך און אַנדערע בוי מאַטעריאַלן, וואָס האָט געהערט צו ר׳ יעקב עדעלשטיין (אַן איידעם פון חיים דעב רב׳ס), ער איז געווען אַ ייד אַ למדן, א ירא־שמים, געזעסן יומם ולילה און געלערנט און זיין ווייב פייגע (חיים רב׳ס) האָט געפירט די געשעפטן. ער האָט געהאַט אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. אין זעלבן הויף האָט געוווינט מענדעלע חיים רב׳ס, אַ למדן און קלוגער ייד, וואָס איז געווען מפורסם מיט זיינע קלוגע עצות; אברהם אייזענבערג (אברהם חיים רב׳ס), וועלכער איז געווען ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט, און דאָרט משפיע געווען דורך זיינע „פוילישע" רעדעס. דער דאָזיקער ריזיקער הויף, וואָס האָט זיך געצויגן איבער די גרינע פעלדער ביז אברהם ראָזנבאַנדס ציגעלניע, איז געווען אַ פּלאַץ פאַר דער יידישער יוגנט פון שטעטל צו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט, נישט געשטערט צו ווערן פון די כוליגאַנישע פּוילישע שקצים.

אויף דער זעלבער גאַס, אין דער דריי שטאָקיקער מויער פון ר׳ יענקל מאַנעסעס (יעקב קאָנסטאַנטינער), זענען געווען די חדרים פון די בעסטע מלמדים, ווי ר׳ נפתלי קירשענבוים, יעקל מאיר אפּאַטשנער און ר׳ יענקל תם (יעקל סלאָוויטיצער, וואָס פלעגט זיך באַרימען אַז ער האָט געלערנט אין איין חדר מיטן סאָקאָלאָווער רבין ר׳ יצחק זעליק, און פון בורא העולם באַשטימט געוואָרן אנט־קעגן צו גיין משיחן), אַ זעלטענער יידישער טיפּ וואָס האָט געקענט גאַנץ ש״ס און פוסקים פון אויסנווייניק. פלעגט זיין אַ מסתפק במועט און פאַסטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. פאַר זיינע תלמידים פלעגט ער טענהען אַז דער עיקר ביי אַ מענטש דאַרף זיין נישט דער חומר נאָר דער יוצר, נישט געבן קיין סך דעם זינדיקן גוף, נאָר די נשמה. ער איז טאַקע געווען אַ ייד א קבצן, הויט און ביינער, פון זיין מלמד׳ס געהאַט קוים אָפּצועסן — און דאָס אויך אַ דאַנק דער מיטהילף פון זיין זוגתו פריידקע, וועלכע פלעגט באַזאָרגן מיט מילך די בעל־הביתטעס פון די רייכע הייזער. אָט די דאָזיקע חדרים זענען געווען די בריק צו דעם רבנ׳ס ישיבה, צו די צוקונפטיקע שוחטים און רבנים.

אויף דער פיענקנער, נאָענטער צו דער ניעציעצקער גאַס, ווו ס׳האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די קריסטלעכע הייזער, זענען געווען די תבואה שפּייכלערס פון די ברודער שולקע און אבוש וויעזשבע (איינער פון די שטאַטישע טוער פון די רעכטע „פּועלי־ציון״), אַ בעל־נדבן פלעגט געבן נדבות מיט דער ברייטער האַנט. דאָס פּאַרטייאישע לעבן איז געווען זיין חיות, אומעטום ליב געהאַט צו זאָגן זיין וואָרט; דער סקלאַד פון עליע שיעס (אליהו וואלמער) אַ קליין, דאַר יידל, אָבער אַ גרויסער מנגן און בעל תפילה, ליב געהאַט דעם עמוד. זיינע בנים, יחיאל, אברהם און יהושע, פלעגן אים אונטערהאַלטן אין כאָר, זיין דאַווענען ראש־השנה און יום־כפור אין אַלעקסאַנדערער שטיבל האָט צוגעצויגן פיל חסידים.

אויף דער פיענקנער גאַס אין הויז פון משה־מלכס האָט געוווינט הערשל רייזמאַן, דער איינציקער יידישער באַאמטער אין סאָקאָלאָווער שטאַט־ראַט, אזעל־טענער טיפּ מיט אַ פענאָמענאַלן זכרון. ער אליין איז געווען אַן „אַדרעסן־בוך״. ער האָט געקענט יעדן פון שטעטל מיטן נאָמען און זיין וווינט־אָרט, האָט ווער געוואָלט וויסן אַן אַדרעס, איז מען געגאַנגען צו הערשל רייזמאַן, אַ פעסט גע־בויטער ייד מיט אַ ברייטער ווייסער באָרד, געווען באַקאַנט ביי יידן און קריסטן.

אָבער דער עיקר שיינקייט פון דער גאַס נעמט זיך פון סאָקאָלאָווער רבנ׳ס ישיבה, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער גרענעץ פון דעם יידישן און קריסטלעכן טייל פון דער גאַס.

די סאָקאָלאָווער ישיבה האָט געהאַט הונדערטער בחורים פון שטעטל און פון דער ארומיקער געגנט. דער סאָקאָלאָווער ר׳ יצחק זעליק אַליין, האָט געוואַכט איבער די ישיבה־בחורים, זיי זאָלן חס־ושלום נישט געשטרויכלט ווערן. דער רבי אליין פלעגט געבן א שיעור, צונויפגעפלאָכטן מיט מוסר.

# אַלטע היים



אָבער נישט נאָר די דריי הויפּט גאסן זענען געווען יידישע. אויך צו אַנדערע גאַסן און געסלעך זענען געווען אַנגעזאַפּט מיט יידיש לעבן, מיט יידישע ליידן און פריידן און ספּעציפישער יידישע אייגנאַרטיקייט. די גאסן ניעצאַלע, נאָווע, בזשניטשנע און שעראקא און אירע געסלעך, זענען ס׳רוב געווען באַוווינט פון ארבעטער און אַנדערע בעלי־מלאכות. דאָ האָבן געוווינט שטעפּערס, שוסטער, שניידער, בעלי־עגלות, קצבים און אַנדערע בעלי־מלאכות. דאָ פלעגט דאָס קלאַפּן פון די שוסטער־האַמערס, ניי־מאַשינען און דאָס געזאַנג פון די ארבעטער פלעגט פארהילכן די גאַסן.

אויף דער נאווער גאס, אין הויז פון מאטעס חיים בנימינס, האָט געוווינט ישראל פישער (פּאַרזיצער פון די האנטווערקער), א מיטלוווקסיק געפּוצט יידל, מיט אַ קורץ געשוירן בערדל. זיין גאַנג און זיין אַרט קליידונג האָבן אויסגערופן דרך־ארץ ביי עמך.

דאָ האָט געוווינט משה אהרון רימארזש, אַ שווער לייביקער ייד, שטענדיק מיטן ברייטן טלית־קטן אויף די ברייטע אַקסלען, אַ פאַרברענטער חסיד פון קאָ־לאָשינער רבין. ביים דאווענען פלעגט ער איבערזאָגן יעדעס וואָרט צוויי מאָל, וואָס פלעגט אַרויסרופן אַ געלעכטער ביי די קינדער.

דאָ האָט געוווינט אברהם נירענבערג, דער בעל־מנגן פון קאַלאָשינער שטיבל, געהאַט אַ באַסאָווע שטימע. אַז ער האָט אָנגעהויבן זינגען, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַזעלכע קולות, אַז די בעלקעס פון הילצערנעם הייזל האָבן געציטערט.

דאָ האָט געוווינט יוסף גרינשפּאן (דער שוואַרצער יוסף) דער חסיד צווישן די בעלי עגלות אַ ייד, פעסט געבויט ווי א דאָמב, האָט ליב געהאַט דאָס גלעזל, פלעגט זיין באַרימט מיט זיי טאַנצן אויפן טיש אָדער אויפן פאַס ביר יעדן שמחת תורה אינם קאַלאָשינער שטיבל.

אויף דער ניעצאַלעס גאַס, אין צווייטן הויף ווי ס׳איז געשטאַנען אַמאָל דאָס קאָצקער שטיבל, אין הויז פון יענקל דעם טשעשלער קראַם, האָט געוווינט משה׳לע זשיטעלניע, דער בעל־גמילות־חסד (א יידל מיט צוויי גרויסע אויגן גלעזער, וואָס פלעגט זיין גאַנץ געלט צעטיילן גמילות חסדים). צענטליקער יידן פון שטעטל האָבן געהאַט צו פאַרדאַנקען זייער בידנער פרנסה דעם גמילות חסד צום דאָנער־שטיקן מאַרק.

אויף דער זעלבער גאס אויפן וועג צום „זדראי״, דעם איינציקן ברונעם וואָס פלעגט באַזאָרגן מיט וויכע וואַסער די יידישע באַפעלקערונג, אין דעם צוויי שטאָקיקן שיין און ריינעם האָלצערנעם הויז, געהערט דעם לעדער סוחר שמואל רובינשטיין, שמואל חיים יוסל׳ס, האָט געוווינט חיים לייב האָכבערג, דער איינצי־קער העברעישער לערער אין שטעטל.

# דער שול-הויף און די שעראקא גאס

די גאסן שעראקע, בזשניטשנע, שקאָלנע ווי מען האָט זיי גערופן — דער שול הויף — זענען געווען געבינדן און אַרייַנגעפלאָכטן איין געסל אין צווייטן און ס׳וואָלט געווען שווער זיי פונאַנדערשיידן. דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע כלי־קודש פון שטעטל: די שטאָטישע גרויסע נייע שול, וואָס איז נאָך דער סאָקאָלאָווער שריפה צוריק אויפגעבויט געוואָרן: די שול איז געווען די שענסטע אין גאַנץ פּאָדליאַשער געגנט. דער ארון־קודש און די ווענט זענען געמאָלט געוואָרן דורך דעם בעסטן קונסט־מאלער פון מעזריטש. די שול איז געווען די פעסטונג פון די מתנגדים, די בעסטע חזנים, מיט ר׳ חיים שמואל ראָזענבוים בראש, פלעגן דאַוונען אין דער שול. חיים שמואלס דאווגען פלעגט צוציען אַ גרויסן עולם מתפללים, דער עיקר אין די ימים־נוראים. אין דער נייער שול, האַרט ביים אַרייַנגאַנג, און צוויי באַזונדערע לאָקאַלן, האָבן זיך געפינען די שניידער שול, דאָס לאָמזשער שטיבל און די תפארת בחורים שול. אַנטקעגן דער נייער שול איז געשטאַנען דאָס אַלטע בית־המדרש וואָס איז שטענדיק געווען פול מיט מתפללים, און איז אויסגענוצט געוואָרן, דער עיקר אין די בין־השמשות און אין די שבת׳ים, אַלס טריבונע פאַר פאַרשידענע רעדנער און שליחים סיי פון די וועלטלעכע און סיי פון רעליגיעזע פאַרטייען. דאָ איז שטענדיק געווען אַן עולם. שטאנען די באָד (בעת צווייטן וועלט־קריג — איבערגעבויט און מאָדערניזירט) נישט ווייט פון דער שול, אין בית־המדרש, האַרט ביים טייכל סטרוגע, איז גע־וואָס איז געווען אַ קוואַל פון הכנסה פאַר דער יידישער קהלה און געפירט געוואָרן דורך די בעדער אברהמלע בלאכער און מאיר רייזמאן.

אין דער צווייטער זייט פון דער סטריגע, אַנטקעגן חיים שמואל ראָזענבוים׳ס מיל, אויף דער גרענעץ פון שטעטל איז געווען דער אַלטער בית־עולם, וואָס פלעגט שרעקן דאָס יידישע קליינוואַרג מיט די הויכע מצבות מיט די פון אַלטקייט אָפּגעריבענע אותיות. פאַרשידענע לעגענדעס פלעגן דערציילט ווערן צווישן די קינדער וועגן דעם בית־עולם, אַז יעדע נאכט קומען זיך צונויף די טויטע אין דער גרויסער שול, נעמען אַרויס די ספר־תורות און לייענען די פרשה פון דער וואָך. און ווי׳ איז דעם, וואָס גייט אַדורך אין דער האַלבער נאַכט דורך דער שול: ער ווערט פון די טויטע אויפגערופן צו די תורה און מוז זאָגן די ברכות. און אַז משיח וועט קומען, וועט אליהו הנביא אַרויפשטעלן איין פוס אויף דער שול, דעם צווייטן אויפן בית־עלמין און מיט זיין לאנגן שטעקן אָנקלאַפּן אין די שטיינערנע מצבות און אויפוועקן צו תחית המתים.

די שעראקא גאס וואָס האָט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרמאָגט טיפע גרובער אין מיטן גאַס, וואָס פלעגן אין דער רעגן־צייט אָנגעפילט ווערן מיט וואַסערן און באַדראָען די הילצערנע הייזקעס פון משה לייזערקע (די פרעזעס פון די חברה קדישה) דוד גוטקעס, איצעל מילכיקער און לייבעלע גאמבקעס. אירע וואַסערן זענען זעלטן ווען אויסגעטרוקנט געוואָרן, אפילו נישט אין די הייסע

זומער־טעג. נאָכדעם ווי די גריבער זענען נאָך די ערשטער וועלט־מלחמה דורך די מאַכט פאַרשאָטן געוואָרן, איז די שעראָקע גאס געוואָרן איינע פון די יידישיסטעשע גאסן פון שטעטל, נייע הילצערנע הייזקעס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין ביידע זייטן פון דער גאַס, דאָ זענען געווען די הייזער פון הערשל פלאטנער און די שטאָטישע תלמוד־תורה פון אגודת־ישראל און פון „מזרחי״ — איינגעפירט דורך די בעסטע מלמדים, ווי יהושע פרוים, (דעם קאוואלס איידעם) יונה מידלאַרסקי און קאָפל קאווער. די תלמוד־תורה איז באַזוכט געוואָרן דורכן רוב פון דער סאָקאָלאָווער יוגנט. די תלמוד־תורה לאָקאַלן פלעגן אין די שבתים און יום־טובים פאַרוואַנדלט ווערן אין חסידים־שטיבלעך: ראַדזינער, אַמשינאָווער, פאָרסאָווער, סקערניוויצער, ביאַלער חסידים האָבן דאָרט געפּראַוועט חסידות. די חסידישע ניגונים ביי שלוש־סעודות און מלווה־מלכות פלעגן פאַרהילכן די שעראקע און אַרומיקע געסלעך. נישט ווייט פון דער תלמוד־תורה, אנטקעגן דעם הויז פון יענקל שרה ביילים דעם בעקער, איז געשטאַנען דאָס גערער־שטיבל, ווו ס׳פלעגן ביז שפּעט אין דער נאַכט געלערנט ווערן דער דף־יומי, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן דורך די רביים און רבנים פון יענער צייט. די לומדים פון גערער שטיבל, ווי דודטשע חיים שמואלס, ישראל הענעך, אברהם אייזענבערג, און זלמן זיידענבורג, פלעגן פאַר די חסידים אין פשוטע יידן (וואָס פלעגן זיך אריינכאַפּן אויף איינצוהערן זיך דברי־תורה) — אויפקלערן און פונאנאַדערטייטשן אין א פשוטע שפּראַך דעם זין פון דער גמרה. דאָס קול פון גמרה לערנען, וואָס איז אָפּטמאָל באַגלייט געוואָרן מיט חסידישן ברען און עקסטאַז, פלעגט אויפוועקן די אַרומיקע געסלעך פון איר דרימעלדיקער שטילקייט.

אויף דער זעלבער שעראקער גאַס, אַנטקעגן די תלמוד־תורה לאָקאַלן, טיף אין מיטן גרויסן הויף, אַרומגערינגלט מיט שמעקנדיקע סאָסנאָווע קלעצער, האָט זיך אין אַ גרויסן צימער, וואָס איז געשפּענדעט געוואָרן דורך דעם ווירט פון דעם האָלצערנעם הויז, ר׳ חיים יענקל שפּאדל, איז געווען דאָס קאַלאָשינער חסידים־שטיבל פונם רבין ר׳ נפתלי שאפּירא, אַ הויכער ייד מיט אַ פּאטריארכאלער ווייסער באָרד און געקרייזלטע פּיאות. זיין גאַנג און הדרת פנים פלעגט אַרויסרופן דרך־ארץ און יראת־הכבוד פון די מענטשן, וועלכע זענען געקומען אין זיין באַרירונג. ער איז געווען אַ גרויסער למדן און ירא שמים, האָט אָבער נישט געהאַט קיין מזל ווי די אַנדערע רביים אין פּוילן. זיינע חסידים זענען נישט געווען קיין גרויסע גבירים און נישט קיין גרויסע למדנים, נאָר פשוטע עמך־מענטשן, האָראָפּאַשניקעס, יעדעס יאָר אין אָנהויב פון חודש אב, פלעגט דער רבי נפתלי באַזוכן זיינע חסידים, שבת יום־טובדיק פלעגט דעמאָלט אויסזען די שעראקא גאַס. דער טאָג ווען דער רבי איז אָנגעקומען איז געווען אַ יום־טוב פאַר אַלע איינוווינער פון דער גאס. פון יעדן ווארשטאט, פאַבריקל, אָדער קראָם, זענען די מענטשן ארויס מקבל־פנים זיין דעם רבין. זיי האָבן זיך געפילט דערהויבן וואָס אויך זייער גאַס איז זוכה אויפצונעמען אַ חסידישן רבין.

אויף דער שעראקער גאס זענען געשטאַנען די וויגעלעך פון די ברודער שלום

און קלמן לעקאַך, זעלעדע ראָזנבוים און האָכמאַן — די שפּעטערדיקע רעוואָלוציאָנערן און ארבעטער טוער, מיטגלידער פון ערשטן „רעווקאָם”, די וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער סאָקאָלאָווער שטאָט פארוואלטונג, נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן אין 1920־טן יאָר פארנומען די שטאָט סאָקאָלאָוו.

אויך דאָס וויגעלע פון יינג אומגעקומענעם נאָוועליסט שמעון ווייס (ווייסבערג) איז געשטאַנען אויף אַ בוידעם שטיבל פון א הויז אויף דער שעראקא גאס, וואָס האָט געהערט צו זיין זיידן איצל מילכיקער (יצחק ווייסבערג).

סאָקאָלאָווער יידן, צעשפּרייט אויף אַלע קאָנטינענטן, וועלן ביזן לעצטן אָטעם־צוג פון זייער לעבן, מיט ליבע און ציטער געדענקען זייערע אומגעקומענע יידן, וועלכע האָבן געלעבט און געשאַפן אין די באַקאַנטע גאַסן און געסלעך פון שטעטל.

שמהה פאָליאַקעוויטש
(תל־אביב)

# סאָקאָלאָווער געטאָ

די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל מיט אַ כוואַליע פון טעראָר.

באַלד פון ערשטן טאָג, ווען זייערע זעלנערישע שטיוול האָבן באַטרעטן די סאָקאָלאָווער גאַסן, האָבן זיך גענומען שיטן אויף יידן שווערע פיזישע און מאָראַלישע יסורים. מיט שרעק האָבן יידן אַרויסגעשטעלט אַ פוס אין דרויסן, געציטערט פאַר דער צעבושעוועטער הפקרדיקייט — רויב, אָנפאַלן, כאַפעריייען צו דער אַרבעט און כלערליי דערנידערונגען.

אין אַזאַ אַטמאָספער האָבן די דייטשן שפּעטער נאָמינירט דעם „יודנראַט". אַלס „יודנעלטסטער" איז באַשטימט געוואָרן דער דעמאָלטיקער פּרעזעס פון דער יידישער קהילה חיים־יאַנקל שפּאדעל, וועלכער איז אָבער קורץ נאָך דעם געשטאָרבן. נאָך זיין טויט האָט דער באַקאַנטער פאָלקס־דייטש שולץ געראָטן דער דייטשער מאַכט צו נאָמינירן אַלס פאָרזיצער פון יודנראַט נחום לעווין, וועלכער האָט טאַקע גלייך געקריגן און אָנגעטון אַ גרינע לענטע מיט דער אויפשריפט „איבעריודע".

אַלס זיינע נאָענסטע מיטאַרבעטער אין יודנראַט האָט דער פּרעזעס איינגעלאָדן דעם מיל־אייגנטימער אליעזר שאַפראַן, דעם פעלצן־סוחר טוביה טשיפּעלעוויטש, דעם טאַנדייטער ירחמיאל ריבאַק, ווי אויך יצחק שעדלעצקי און יאַנקל זשיטעלני. אַלס סעקרעטאַר פון יודנראַט איז באַשטימט געוואָרן דער בוכהאַלטער יצחק שלאָפמיץ.

ביים יודנראַט איז באַלד געשאַפן געוואָרן אַן ארבעטס־רעסאָרט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די צוואַנגסאַרבעטן. בראש פון דאָזיקן רעסאָרט איז געשטעלט געוואָרן קלמן ראַזן („קלין"). ער האָט אָרגאַניזירט ארבעט־דרוזשינעס, וועלכע מען האָט אַרויסגעשיקט אויף פאַרשידענע פלעצער אין שטאָט און אויסער דער שטאָט. דורך דעם האָט דער יודנראַט באַוויזן טיילווייז אָפּצושטעלן דאָס כסדרדיקע כאַפּן אויף די גאַסן און אַרויסשלעפּן פון די הייזער, אַ מעטאָד וואָס די דייטשן האָבן פריער געהאַט אָנגעווענדעט. ביי דעם אַרבעטס־רעסאָרט פונעם יודנראַט איז אויך געשאַפן געוואָרן אַן „אָרדנונגס־דינסט", וואָס האָט מאָביליזירט און גערופן די יידן צו ארבעט. די דאָזיקע אָרדנונגס־דינסט, אָרגאַניזירט דורך יוסף סוקעניק, איז געווען דער קערן פון קורץ נאָך דעם געשאַפענער יידישער פאָליציי, מיט גראַנאַטענע־היטלען אויף די קעפּ, בלויע לאַמפּאַסן אויף די אָרעמס און מיט גומי־שטעקלעך אין די הענט.

די הכנסות פון דעם יודנראַט זענען באַשטאַנען פון די שטייערן וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט געמוזט צאָלן. אַ באַזונדערער הכנסה־קוואַל פאַרן

יודנראַט איז געווען דאָס אויסקויפן זיך פון צוואַנג־אַרבעט. די פּרייזן פאַר דעם זענען געווען לויטן איינזען פון די יודנראַטניקעס. זיי פלעגן, נאָכן אָפּנעמען די פאַרהעלטניסמעסיק גרויסע סומעס פון די פאַרמעגלעכע, אויספילן די אַרבעטס־ליסטעס מיט נעמען פון אַנדערע, וואָס האָבן זיך געמוזט „פאַרקויפן" צו דער אַרבעט. די אָרעמע יידן מיט זייערע משפחות האָט די אַרבעט געראַטעוועט פון הונגער, כאָטש זיי האָבן פאַר דער שווערער אַרבעט באַקומען גראָשנס. אָרעמעלייט און פּליטים פון אַנדערע שטעט, זענען פּאַקטיש באַפרייט געווען פון די שטייערן. זיי זענען דערפאַר געווען די ערשטע צו אַלע צוואַנג־אַרבעטן און ביים געשיקט־ווערן אין די לאַגערן.

עס זענען נאָך געווען רעסאָרטן פאַר סאַניטאַרע אויפזיכט, פּאָסט, אַפּראָוויזאַציע און סאָציאַלע הילף.

עטלעכע מאָל אין דער וואָך האָט דער "אויבערידע", דער פּרעזעס, זיך געמוזט מעלדן צום־ראַפּאָרט פאַר די דייטשן, אָפּנעמען פון זיי באַפעלן, אינסטרוקציעס און אָפּגעבן באַריכטן פון דער אָפּגעטועגער אַרבעט פון יודנראַט. פאַר דער אויספירונג פון די באַפעלן איז ער פּערזענלעך געווען פאַראַנטוואָרטלעך. די יידישע באַפעלקערונג האָט געמוזט זיין געהאָרכזאַם און אויספירן אַלע אינסטרוקציעס און באַפעלן פון דער דייטשער מאַכט וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורכן יודנראַט. אַלע באַפעלן און פאַראָרדענונגען זענען געדרוקט געוואָרן אין צוויי שפּראַכן: דייטש און פויליש.

אָנהייב 1941 האָט דער קרייז־האויפּטמאַן, גראַמס אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז די שטאָטישע יידן איז שטרענג פאַרבאָטן צו קומען אין די דאָרפישע געביטן, אָס זענען באַזעצט דורכן דייטשן מיליטער. אין סאָקאָלאָוו, נאָענט פון דער גרענעץ, מיט די צענטליקער דערפער ביים טייך בוג, זענען געווען פיל דייטשע גאַרניזאָנען. די דאָזיקע גזירה האָט דעריבער שטאַרק געטראָפן די יידישע דאָרפסגייער, וואָס זענען אין יענער צייט געווען אין אַ גרויסער צאָל. יידן זענען אַרומגעגאַנגען צווישן די פויערים מיט קוישלעך גאַלאַנטעריעזאַכן און באַקומען דערפאַר שפּייז. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז די פאַראָרדענונג האָט אַ שייכות מיט די מיליטערישע צוגרייטונגען ביי דער גרענעץ. בלויז די שטענדיקע יידישע דאָרפס־איינוווינער האָבן געקאָנט בלייבן אויף זייערע ערטער.

אין מיטן יוני האָט די דייטשע מיליטער־מאַכט אין שטאָט פאַראָרדנט, מען זאָל צוגרייטן לופט־שוץ־גרובנס. די ערד אַרום די הייזער איז צעגראָבן געוואָרן אין שמאָלע זיגזאַגישע ראָוועס. מלבושים און ווערט־זאַכן האָט מען באַהאַלטן אין דער ערד. מען האָט איינגעפּאַקט רוקזעק מיט די בויטיקסטע זאַכן, גרייט צו לויפן. וווהין? —

די נאַכט פון 22טן יוני איז פאַר סאָקאָלאָווער יידן געווען אַ וואַך־נאַכט. מיר האָבן שוין געוווסט אַז בלויז געציילטע שעה'ן טיילן אונדז אָפּ פון די אָנקומענדיקע געשעענישן. אונדזערע הערצער און געדאַנקען זענען דעמאָלט

געווען מיט די שכנותדיקע סאָוויעטן אויף דער אַנדערער זייט בוג. יידישע ליפּן האָבן תּפילה־געטון, אַז די היטלעריסטישע בעסטיע זאָל צעשמעטערט ווערן דורך דער רויטער אַרמיי.

ווי נאָר ס׳איז טאָג געוואָרן האָבן אַלע פּלוצלינג דערהערט אַ געדיכטע קאַנאָנאַדע פון אַרטילעריע־שאָסן. די רואיקע אומגעגנט לענגאויס דער גרענעץ איז אויפגעציטערט געוואָרן פון די הילכיקע אויפרייסן. פון מערב זענען מיט אַ פּאַרטויבנדיקן גערויש אָנגעקומען פיל עסקאַדרעס באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען. גלייך נאָך דעם איז די לופט אויפגעטרייסלט געוואָרן פון די שווערע באָמבן־אויפרייסן. פון שטעט און דערפער פון דער אַנדערער זייט בוג זענען אויפגעגאַנגען רויך־וואָלקנס. שעה׳ן־לאַנג האָט מען זיך צוגעהערט צו די אויפרייסן און געקוקט אין טיפן האָריזאָנט אויף מזרח; מען האָט געוואַרט מיט שפּאַנונג אויף דעם וואָס ס׳וועט ווייטער געשען. ערשט אין די פאַרמיטאָג־שעה׳ן האָבן טויבע אָפּהילכן פון אַרטילעריע־שאָסן אָנגעזאָגט, אַז דער קריג טראָגט זיך איבער ווייטער אויף מזרח־זייט.

אין דעם זעלבן טאָג האָט מען שוין געזען פירן דורך דעם ריפּקער שאָסיי מחנות סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע. די טראַנספּאָרטן זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג צו שעדלעץ. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אין דאָרף סוכאָזשעברע איז שוין פון פריער געווען גרייט אַ מיט דראָט־פאַרצוימטער גרויסער שטח — אַלס לאַגער פאַר די קריגס־געפאַנגענע.

* * *

אין יולי 1941 האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן זיך פונאַנדערטראָגן קלאַנגען, אַז די דייטשע שטאָט־אַדמיניסטראַציע גרייט זיך בקרוב איינצופירן אין סאָקאָלאָוו אַ געטאָ פאַר די יידן. די דאָזיקע קלאַנגען האָבן אַרויסגערופן אַ גרויס צערודערונג. פאַרמעגלעכע יידן האָבן גענומען איינקויפן און צוגרייטן זיך שפּייז. אויך די קריסטן האָבן אָנגעהויבן ליקווידירן זייערע געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט די יידן. מאַסן יידן האָבן זיך אָנגעהויבן באַמיען וועגן קריגן אַרבעט אין מיליטערישע אַרבעטס־פּלעצער, בכדי צו קאָנען האָבן אַ קאָנטאַקט מיט מענטשן און ערטער אויסערן געטאָ־געביט.

די צערודירונג האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. דער קרייז־האויפּטמאַן, איז מען געוווּיר געוואָרן, האָט זיך צייטווייליק געלאָזט איבערקויפן און אָפּגעלייגט די גזירה. די שפּאַנונג האָט נאָכגעלאָזט.

עס זענען פאַריבער בלויז געציילטע וואָכן און ווידער האָט מען אָנגעהויבן רעדן — דאָס מאָל גאַנץ ערנסט — וועגן אַ געטאָ. פון שעדלעץ זענען דערגאַנגען באַאומרואיקנדיקע ידיעות, אַז עס קומט פאָר אַן „איבערשיכטונג“ פון די דאָרטיקע יידן. זיי ווערן קאָנצענטרירט אין די ריין־יידישע גאַסן. עס

האָט נישט לאַנג געדויערט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין שעדלעץ ווערט ווירקלעך איינגעפירט אַ געטאָ. פיל שעדלעצער יידן, וועלכע האָבן געהאַט קרובים און פריינט אין סאָקאָלאָוו, זענען געקומען זיך באַזעצן ביי אונדז אין שטאָט, וואָס האָט געשמ׳ט מיט דער „מילדערער" באַציונג פון די דייטשן צו די יידן.

נאָכן איינפירן דאָס געטאָ אין שעדלעץ זענען אונדזערע עקאָנאָמישע באַציאונגען מיט די דאָרטיקע יידן איבערגעריסן געוואָרן. דאָס האָט פאַטאַל געווירקט אויף די סאָקאָלאָווער יידן, קודם־כל, אויף פיל בעלי־עגלות און סוחרים, וועלכע האָבן דורך דעם שעדלעצער וועג אַרויסבאַקומען סחורות פון וואַרשעווער געטאָ. חוץ דעם, האָבן סאָקאָלאָווער יידן איצט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז די געטאָ־געפאַר דערנענטערט זיך שנעל אויך צו זיי.

אַנהייב אויגוסט האָט דער פּרעזעס פון יודנראַט, נחום לעווין, געלאָזט וויסן, אַז די לאַגע האָט זיך פאַרערגערט: גראַמס איז געוואָרן פאַרעקשנט און אַ געטאָ אין סאָקאָלאָוו קאָן ווערן אַ פאַקט, אויב מ׳וועט ווידער נישט איבערקויפן די דייטשע מאַכט און דאָס מאָל מיט אַ נאָך גרעסערער געלט־סומע. דער פּרעזעס האָט אַפּעלירט צו אַלע יידן, זיי זאָלן נישט קאַרגן קיין געלט־פאַר דעם רעטונגס־צוועק. דער יודנראַט האָט דעמאָלט אויסגעמאָסטן יעדן אַ שטייער, לויט זיין איינזעעניש. די סומע איז שנעל צוזאַמענגענומען געוואָרן, ווייל יעדער ייד וועלכער האָט נאָר געהאַט די מינימאַלסטע מעגלעכקייט, האָט אַליין געברענגט דאָס געלט, בכדי אָפּצושטופּן די דראָענדיקע געפאַר, וואָס האָט געלויערט איבער דער שטאָט.

אין דער צווייטער העלפט אויגוסט 1941 האָט מען פּלוצעם באַמערקט, אַז דער פּוילישער אינזשיניער באַנק פון פויזן האָט מיט עטלעכע געהילפן אָנגעהויבן אויסמעסטן די לענג פון דער פיענקנע־גאַס ביזן רבינס הויז, און אויף דער אַנדערער זייט שטאָט — פון שעדלעצער גאַס ביזן שולהויף. מען האָט געזען אין דעם אַ סימן, אַז דער געטאָ־פּלאַן הויבט אָן ווערן ווירקלעכקייט. ס׳איז שנעל באַקאַנט געוואָרן, אַז די דייטשע מאַכט האָט דעם אינזשעניער באַנק איבערגעגעבן די טעכנישע אַרבעט ביים רעאַליזירן דעם פּלאַן פונעם סאָקאָלאָווער געטאָ.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, נאָכן אויסמעסטן די גאַסן, האָט דער יודנראַט באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן יעדן טאָג צו דער דיספּאָזיציע פון אינזשעניער באַנק יידישע אַרבעטס־הענט, וויפל ער וועט נאָר האַלטן פאַר נויטיק.

אין די לעצטע טעג פון אויגוסט האָבן יידישע צוואַנג־אַרבעטער, אונטער דער אָנפירונג פון אינזשעניער באַנק, אָנגעהויבן אויסבויען אין צוויי ערטער צו צוויי הויכע ציגל־ווילן, איינער אַנטקעגן צווייטן; פון ביידע זייטן פון דער ראָגאָווסקע־גאַס, לעבן משה ראָזענצווייגס געוועלב (אין די „סטראַגאַנעס"), און אויפן יאַבלאָנער וועג, ביי משה פּיעקאַרסקיס הויז.

מיר האָבן הילפלאָז צוגעזען ווי מ׳הייבט אָן אַרומצוימען אונדז. אַלע יידן, וואָס האָבן געוווינט צעשפּרייט איבער דער שטאָט, האָבן געקריגן אַ באַפעל זיך אַריבערצוקלויבן אין די באַשטימטע גרענעצן פון „יודנראַיאָן״. ביים פאַנאַנדערטיילן די וווינונגען האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז עס וועט נישט גענוג זיין, אפילו אין דער גרעסטער ענגשאַפט צו באַזעצן אַלע אין דעם שטח פון די פריער אויסגעמאָסטענע גרענעצן. דער פרעזעס האָט ווידער פאַרהאַנדלט מיט גראַמסן און „אָפּגעקויפט״ ביי אים אַ טייל הייזער פון דער פּיעראַצקי־גאַס: פון שול־הויף ביזן שעדלעצער וועג. ער האָט דערצו מסכים געווען מיטן „באַדינג, אַז פון פאָרנט זאָלן פאַרמויערט ווערן אַלע אַריינגענג. ביי דער טראַנזאַקציע איז אויך צוגעטיילט געוואָרן אַ האַלבער „זדראָי״ פאַר די יידן.

דער יודנראָט האָט באַקומען אַ פאַראָרדענונג צוצושטעלן די נויטיקסטע מאַטעריאַלן פאַרן אַרומצוימען דאָס געטאָ: שטעכל־דראָט, טשוועקעס, ציגל, צעמענט, דרענגלעך און דיקע הילצערנע סלופּעס. די געטאָ־גזירה איז פון די דייטשן באַגלייט געוואָרן מיט דער צינישער פאַראָרדענונג, אַז יידן זענען געצוווּנגען אַליין אויסצופירן די דאָזיקע אַרבעט.

פריער, פאַרן אויספּרעסן דאָס געלט ,און די פאַרשידענע ווערטפולע מתנות, האָבן די דייטשן געהאַט „פאַרזיכערט״, אַז צוליב געאָגראַפישע טעמים איז אין סאָקאָלאָוו נישט דורכפירבאַר דער געטאָ־פּלאַן.

אָנהייב סעפּטעמבער 1941 איז שוין די אַרבעט אַרום געטאָ אָנגעגאַנגען טאָג־טעגלעך אין פולן פאַרנעם. צווישן די ציגל־זיילן אויף דער ראָגאָווסקע, נעבן די „סטראַגאַנעס״, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ שלאַבאַן, נעבן משה פּיעקאַרסקיס הויז האָבן יידישע סטאָלאַרעס געמאַכט אַ הויכן מאַסיוון טויער פון צוויי טירן, וואָס האָט פאַרנומען די גאַנצע ברייט פון דער ראָגאָווער גאַס.

אויף דער פּיעקני, נעבן דעם רבינס הויז, וואָס איז געבליבן אויף דער קריסטלעכער זייט, איז אויפגעשטעלט געוואָרן איבער דער ברייט פון דער גאַס אַ הויכע ציגלנע וואַנט, וואָס איז אויבן געווען באַצויגן מיט שטעכל־דראָט און אויסגעפילט מיט שטיקער גלאָז פון צעהאַקטע פלעשער. אויף דער זעלבער גאַס, ביים ניעטשיעצער וועג, איז אויפגעשטעלט געוואָרן נאָך אַזאַ וואַנט.

אין דער צווייטער זייט האָט זיך די פאַרצוימונג אָנגעהויבן נעבן בית־המדרש פון דעם פּרוזשנע־געסל, אַנטקעגן דעם שול־באַרג, און זי האָט זיך געצויגן ביז אַראָפּ צו דער שטאָטישער באָד, ווו ס׳איז אויך אויפגעשטעלט געוואָרן אַ שלאַבאַן.

אַלע געסלעך און דורכגענג, וואָס האָבן געפירט צו פּיעראַצקי־גאַס און שעדלעצער־גאַס, זענען פאַרמויערט געוואָרן. עס איז בלויז געבליבן אַ שמאָלער דורכגאַנג — אין אַ פאַרמויערטער וואַנט — צום קליינעם מאַרק ביי דער

ניעצאַלע. דער דורכגאַנג האָט געדינט אויף צו קאָנען אַריבערגיין די גאַס דורך דער פּיעראַצקי, וואָס האָט אָפּגעטיילט ביידע העלפטן פונעם געטאָ.

איבער צוויי וואָכן האָט געדויערט דאָס אויפשטעלן די סלופּעס, וואָס האָבן געהאַט צו פיר מעטער די הויך, און זענען געווען אָפּגערוקט איינער פון צווייטן דריי מעטער. זיי האָבן זיך געצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון געטאָ, געמאַכט אַ קרייז אַרום אָפענע פעלדער פון ביידע זייטן שטאָט: פון דער זייט פון רבינס הויז, און שול־הויף אַראָפּ, ביזן שעדלעצער שאָסיי.

סוף סעפּטעמבער האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט פון אַרומציען די סלופּעס מיט דיקע געדיכטע ליניעס פון שטעכיקן דראָט. די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. אַ סך פּוילישע אויסוווּרפן זענען דערביי באַשטימט געוואָרן אַלס מייסטער און אויפזעער איבער די יידישע גרופּן צוואַנג־אַרבעטער. די דייטשע מאַכט־פאַרשטייער, אין באַגלייטונג פון פּוילישן אינזשעניער באַנק, זענען טאָג־טעגלעך געקומען נאָכקוקן די אַרבעט.

אין אָקטאָבער 1941 איז פאַרענדיקט געוואָרן די אַרבעט אַרום סאָקאָלאָווער געטאָ. דעמאָלט איז שוין אויך געווען פאַרענדיקט די „אַקציע", פון דעם אויפגעצוווּנגענעם איבערטראַגן זיך אין געטאָ. יעדע חורבה, יעדער שפּאַן ערד, וואָס האָט פאַר דעם קריג געקאָנט דינען נאָר אַלס שטייג פאַר עופות, איז באַזעצט געוואָרן מיט יידן, וואָס זענען אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין אַן ענגשאַפט, אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען. די סאָקאָלאָווער יידן מיט בערך צוויי טויזנט פּליטים פון אַנדערע ערטער, וואָס האָבן דאָ געלעבט, זענען מיטאַמאָל געבליבן פאַרשפּאַרט הינטער די געטאָ־דראָטן. אין דער זעלבער צייט איז אַרויסגעקלעפּט געוואָרן אויף די ווענט אין דער פּוילישער זייט שטאָט אַן אויפרוף, אונטערגעשריבן פון קרייז־האופּטמאַן, גראַמס, און זיין פאַרטרעטער, ד"ר הערמאַן. אין אויפרוף האָט זיך געזאָגט:

„צו דער פּוילישער באַפעלקערונג! פון היינט אָן האָט געגומען עקזיסטירן דער „יודנראַיאָן" אין סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסקי. ווי אין אַלע שטעט פון „גענעראַלגוווערנעמענט", זענען אויך די היגע יידן איזאָלירט געוואָרן. דאָס עפנטלעכע פּוילישע לעבן איז געווען באַדראָט פון דעמאָראַליזאַציע און אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן מצד די יידן. די גאַנצע פּוילישע באַפעלקערונג ווערט שטרענג אויפגעפאָדערט נישט צו קומען אין באַרירונג מיטן „יודנראַיאָן". ווער ס'וועט ברעכן די פאַראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט, שטעלט זיך אויס אויף אַ האַרבער שטראָף".

אויף די ווענט פון יודנראַט אין געטאָ איז אַרויסגעהאַנגען געוואָרן אַ צווייטער קורצער אויפרוף מיט אַזאַ אינהאַלט:

„צו די יידישע איינוווינער פון „יודנפערטל"!

אַלע יידישע איינוווינער פון „יודנראַיאָן" ווערן אויפגעפאָדערט נישט איבערטרעטן די פאַר זיי באַשטימטע גרענעצן פון דעם אָפּגעשלאָסענעם געביט. יעדער ייד, וואָס די מאַכט וועט אים טרעפן אויסער דער גרענעץ

אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, וועט באַשטראָפט ווערן מיט דער גרעסטער שטראָף: טויט! בלויז די יידן, וועלכע באַזיצן אַרבעטס־קאַרטן פון דייטשן אַרבעט־אַמט, ווי אויך די שטענדיקע צוואַנג־ארבעטער, קאָנען פאַרלאָזן דאָס געביט, נאָר אין דער ריכטונג צום אַרבעטס־פּלאַץ. יעדער ייד, וואָס וועט מיס־ברויכן מיט די רעכט, וועט באַקומען אַ שטרענגע שטראָף. דער יודנראַט ווערט אויפגעפאָדערט אָפּצוהיטן, אַז דאָס געזעץ זאָל פּינקטלעך אָפּגעהיטן ווערן דורך אַלע איינוווינער פון „יודנראַיאָן“.




דייטשע באַקאַנטמאַכונג וועגן סאָקאָלאָווער געטאָ.

* * *

מיטן אַנטשטיין פון געטאָ האָט די דייטשע מאַכט פאַראָרדנט, אַז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג מוז דורכגיין אַ רעגיסטראַציע, כדי צו באַקומען געלע דאָקומענטן, ספּעציעל־באַשטימטע פאַר די געטאָ־איינוווינער. מיט דעם דאָזיקן דאָקומענט האָט יעדער ייד געזאָלט אָנערקענט ווערן אַלס „לעגאַלער“ איינוווינער פון „יידן־פערטל“. דאָס האָט אים אויך געדאַרפט געבן די רעכט צו באַקומען די שפּייז־ראַציעס. פאַר נישט האָבן אַזאַ דאָקומענט וועט דראָען טויט־שטראָף.

ביים יודנראַט זענען טעטיק געווען ספּעציעלע באַאַמטע, וועלכע האָבן דורכגעפירט אַלע שריפטלעכע פאָרמאַליטעטן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן

מיטן אַרויסגעבן די געלע דאָקומענטן. ווען די רעגיסטראַציע האָט זיך געענ־דיקט, זענען אַלע פאָרמולאַרן מיט די פאָטאָגראַפיעס אָפּגעשיקט געוואָרן צו דער שטאָטישער מאַכט. די דייטשן האָבן אָפּגעלייגט פון איין טערמין צום צווייטן דאָס אַרויסגעבן די קאַרטן. לסוף איז אין גאַנצן שטיל געוואָרן מיט דעם ענין..

קורץ נאָך דעם איז געקומען אַ צווייטע רעגיסטראַציע. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ מעלדונג, אַז אַלע יידישע מענער אין עלטער פון 15 ביז 60 יאָר מוזן רעגיסטרירן זייער געזונט צושטאַנד, פאַך און זייער באשעפטיקונג אין געטאָ. פוילישע מאַגיסטראַט־באַאמטע, וועלכע די דייטשן האָבן געשיקט בייזיין ביי דער שטרענגער רעגיסטראַציע, האָבן געוווּסט צו דערקלערן, אַז מ׳זוכט דער־מיט ספּעציעלע פאַכלייט פאַר די גרויסע אַרבעטס־וואַרשטאַטן פון מיליטער, וואָס דאַרפן געשאַפן ווערן אין געטאָ. זיי האָבן אפילו געוווּסט אָנצוגעבן, וואָס פאַראַ פאַכן עס וועלן זיין די נויטיקסטע און מער לוינבאַרע. פּריווילעגירט און די ערשטע צו ווערן באַשעפטיקט האָבן געזאָלט זיין שניידער, שוסטער, שטעפּער, סטאָליערס און שלאָסער פאַר נישט רעגיסטירן זיך האָט געדראָט מיט פאַרשיקט ווערן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. נאָך דעם ווי עס זענען רע־גיסטרירט געוואָרן אַלע מענער אין דערמאָנטן עלטער, זענען קאָפּיעס פון אַלע פאַפירן אַוועק צו דער שטאָטישער מאַכט. פון די אַרבעטס־וואַרשטאַטן, וואָס האָבן געזאָלט געשאַפן ווערן אין געטאָ, האָט זיך אויסגעלאָזט דאס זעלביקע, ווי מיט די געלע דאָקומענטן.

נאָך דער צווייטער איז געקומען אַ דריטע רעגיסטראַציע. דאָס מאָל בלויז פון אַרבעטס־אומפעיקע, ווי: טובערקולאָזע, קריפּלען און כראָניש־קראַנקע. יידן האָבן פאַרשטאַנען. אַז די קראַנקע זענען זיכערע קאַנדידאַטן צו בלייבן אין דער היים און דערמיט אויסצומיידן צוואַנג־אַרבעט. האָט זיך דעריבער בעת די רעגיסטראַציע טייל געזונטע געלאָזט פאַרשרייבן פאַר קראַנקע. פאר גוט־באַצאָלט האָט מען ביים יידישן דאָקטאָר האָלצער ארויסגעקריגן א צייגניש, אז מען ליידט אויף פאַרשידענע קרענק. יידן האָבן „איינגעהאַנדלט“ קראַנקע הערצער, מאָגן־קאַטאַרן, אַסטמע, און אפילו שטייפע־פיס, וואָס דאַרפן אָנקומען צו שטעקעלעך אין די הענט... אין דער אַרבעטס־אָפּטיילונג ביים יודנראַט האָט מען געוווּסט ווער ס׳איז קראַנק און ווער ס׳האָט אַ „געקויפטע“ קרענק. די לעצטע האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט פאַר געלט זיך אויסצוקויפן פון דער טעגלעכער צוואַנג־אַרבעט.

נאָך די דערמאָנטע רעגיסטראַציעס, האָט דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר לעבע פאַראָרדנט, מ׳זאָל אים צושטעלן אַ רשימה פון אַלע יידישע אַרבעטס־פעיקע מענער, אין עלטער ביז 35 יאָר. שנעל האָט זיך אין געטאָ פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז די מענטשן שטייען פאַר אַ געפאַר פאַרשיקט צו ווערן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן איבער פאַרשידענע פונקטן אין פוילן. אַן אומרואיקייט האָט אַרומגע־כאַפּט די אַלע. די לאַגע איז געוואָרן זייער ערנסט, ווייל ד״ר הערמאַן האָט

שוין געהאַט אין זיינע הענט גענויע פּרטים וועגן דער פּולער צאָל געטאָ־איינוווינער. די אַנטשטאַנענע פּאַניק האָט באַאומרויקט דעם יודנראַט. נחום לעווינען איז דאַן געלונגען איבערצוקויפן פאַר אַ פעטן פּרייז גראַמסן און הערמאַנען ס׳איז שטיל געוואָרן מיט דער רשימה פאַרן אַרבעטס־אינספּעקטאָר. דערווייל האָט די שפּאַנונג נאָכגעלאָזט און יידן האָבן אָפּגעאָטעמט, כאָטש אויף ווי לאַנג — האָט קיינער אין געטאָ נישט געוווסט.

די באַאַמטע פון דער שטאָט־אַדמיניסטראַציע, מיטן פּוילישן בירגערמייסטער בראש, זענען געבליבן אויף זייערע שטעלעס, ווי פאַר דעם קריג. אויך די פּוילישע פּאָליציי מיטן קאָמענדאַנט, אַנטאָניעוויטש, זענען ווי פריער געבליבן אַמטירן אין דער פּאָליציי־געביידע אַנטקעגן גרויסן מאַרק. די דייטשן זענען געווען פאַראינטערעסירט, אז אַלע נידעריקע אַמטן זאָלן זיין באַזעצט פון פּאָליאַקן. בלויז אין שפּיץ פון די אַמטן. האָבן געמוזט שטיין דייטשן. די דייטשע הויפּט־רעגירער איבער דער גאַנצער אומגעגנט, זענען אויך געווען די הערשער איבערן געטאָ אין סאָקאָלאָוו.

ווער זענען געווען די דייטשע רעגירער אין שטאָט, וואָס האָבן פאַרשאַפט די יידן פון סאָקאָלאָוו און אומגעגנט אַזויפיל פּיין און דערנידערונג און צום סוף זיי פאַרטיליקט?

איך וועל דערמאָנען בלויז די יעניקע, וועלכע זענען געווען אויף די אָפיציעלע אָנפירנדיקע אַמטן:

דער קרייז־האופּטמאַן גראַמס, אַ דייטש אין די פערציקער, איז געווען אַ מאַיאָר פון ס. ס. דעם אַמט האָט ער פאַרנומען פון אָנהייב דער דייטשער אָקופּאַציע אין סאָקאָלאָוו ביז דער צייט פון פאַרניכטונג. מ׳האָט זיך דערוווסט, אַז גראַמס מיט זיינע געהילפן אַרבעטן אויס אַלע טעכנישע איינצלהייטן פון עוואַקואַציע־פּלאַן. פּלוצעם איז אָבער די שטאָט פאַרפלייצט געוואָרן פון מאַסן יידישע פּליטים, וואָס זענען אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון זייערע היימען אין דער געגנט פון לאָדזש־קאַליש. יענע געגנט איז דעמאָלט פאַראייניקט געוואָרן מיטן דייטשן רייך.

אויך אויף דער פּוילישער באַפעלקערונג אין די ווייטסטע דערפער האָט דער נאָמען גראַמס אָנגעוואָרפן שרעק. דער קלענסטער ברוך פון זיינע פאַראָרדענונגען איז נישט דורך שטראָפלאָז.

ד״ר הערמאַן האָט פאַרטרעטן דעם אַמט פון דעם לאָמען באהו, גראַמס רעכטע האַנט ביז סוף 1940. דעם פּלאַץ פון דעם שטענדיק־שיכורן אַוואַנטוריסט באהו, וועלכער איז אַוועק אין ביאַליסטאָקער געגנט.

מיט איין מאָל האָבן זיך אָבער איבערן געטאָ אַ שיט־געטאָן פיל אַנטי־יידישע פאַראָרדענונגען. דער צוביסלעך איינגעשטילטער טעראָר איז פּלוצים ווידער פאַרשאַרפט געוואָרן. אין גאַס האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן מיט באַפעלן, אונטערגעשריבן פון הערמאַנען. יידן האָבן זיך לכתחילה געוווּנדערט אויף דעם „מילדן" ד״ר הערמאַן. מען האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז

מיט אים געשען. מ׳האָט געפונען אַ תירוץ, אַז מסתמא מאַכט אים „ווער" קאַליע, מען איז אויף אים אויס אַ דרוק. פון יודנראַט האָט מען גענומען אָנווענדן די אַלטע עצה — מען האָט געפּרוווט ווירקן אויף אים, בעטן און שענקען אים ווערטפולע מתנות. עס האָט אָבער ווייניק געהאָלפן. אין געטאָ האָט מען אָנגעהויבן פילן, אַז די לאַגע האָט זיך געענדערט צום שלעכטן; אַז ד״ר הערמאַן הויבט אָן שטעכן מיט זיינע ביז איצט פאַרשטעלטע שפּיציקע נעגל.

ד״ר הערמאַן האָט קעגן יידן אָנגעוואָנדן אַ ספּעציעלע מעטאָדע. ער האָט מיט אַ וויסנשאַפטלעכן סיסטעם צוגעגרייט די פּלענער קעגן יעדער שיכט פון דער באַפעלקערונג אין פּאָדליאַשער געגנט. אפילו ווען ער האָט שוין איבערגענומען די גאַנצע מאַכט אין יידישע פראַגן, ער איז שוין געוועזן דער באַפעלגעבער פון פאַרשטאַרקטן טעראָר איבערן געטאָ, פלעגט ער נאָך אויך כלומרשט אויסדריקן „באַדויערן" פאַרוואָס די זשאַנדערמעריע דערשיסט יידן אויסערן געטאָ אָן אַן אויספאָרשונג, אָן א געריכט...

אין דער צייט פון אויפשטעלן דעם פאַרניכטונגס־לאַגער אין טרעבלינקע — נישט ווייט פון סאָקאָלאָוו — איז ער דאָרט געווען דער באַפעלגעבער ביים אויספּרוּוון די שוידערלעכע פּיין־מעטאָדן אויף די סאָקאָלאָווער, סטער־דינער און קאָסאָוער יידן. ער האָט דאָס איינגעאָרדנט אויף אַזאַ אופן, אַז די יידן זענען פאַרכאַפּט געוואָרן כלומרשט „אָן זיין וויסן". שפּעטער, ווען אַ געוויסער טייל פון די פאַרכאַפּטע יידן איז שוין געהאַט אומגעקומען און דער רעשט איז געבליבן אין אַ האַלב־טויטן־צושטאַנד — האָט ער זיך פּלוצלינג באַוויזן און באַפוילן צו פאַרריכטן די עוולה לגבי זיי. ער האָט געהייסן אָפּפירן זיי קוים לעבעדיקע אַהיים.

געגנוי ווי גראַמס, איז ער אויך געווען אַ כאַבאַר־נעמער, אָבער דאָס לאָזן זיך איבערקויפן איז ביי אים שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט זיינע צוגעטראַכטע פּלענער אויף שפּעטער.

אין דער צייט ווען די דייטשן האָבן פאַרניכטעט די שעדלעצער און לאָשיצער יידן, זענען די יידן פון סאָקאָלאָווער געטאָ זיך צעלאָפן, הערמאַן האָט באַלד גערופן צו זיך די פאָרשטייער פונעם יודנראַט און פאַרלאַנגט פון זיי, אַז אלע זאָלן בלייבן אויף זייערע ערטער. ער האָט פאַרזיכערט מיט זיין „ערד־וואָרט", אַז קיינעם אין געטאָ דראָט נישט קיין געפאַר, ער נעמט אַלע אונטער זיין שוץ. נאָך דעם, ווי עס איז אים געלונגען צוריק אַריינצונאַרן אין געטאָ די האָפענונגסלאָזע יידן פון די פעלדער און וועלדער, פונוואַנען זיי זענען געקומען באַרויבטע און געפּייניקטע, איז ער אַליין געוואָרן דער הויפּט־אָנפירער פון דער פאַרניכטונג־אַקציע.

דער דאָזיקער מערדער האָט ליב געהאַט צו פירן מיט זיינע קרבנות אַ סאַדיסטישע שפּיל, אפילו אין דער לעצטער רגע. ווען די ערשטע פיר טויזנט געפאַנגענע יידן זענען שוין געזעסן אַרומגערינגלט אויפן שול־הויף

אין גסיסה־אָגסטן און געוואַרט אויפן טויט — איז ד״ר הערמאַן צווישן זיי אַרומגעלאָפן מיט עמערס וואַסער און דערלאַנגט יעדן צו טרינקען. אויך שפּעטער, ווען די יידן זענען שוין געווען פאַרשפּאַרט אין די טראַנספּאָרט־וואַגאָנען, גרייט צו זייער לעצטער וועג קיין טרעבלינקע, האָט ער פאַראָרדנט ברענגען הונדערטער ברויטן מיט וווּרשטן. דורך די פאַרקראַטעוועטע פענצטער האָט ער אריינגעשטופּט אין די וואַגאָנען און אַריינגעשריגן:

— פאַרטיילט אייך, פאַר יעדן גלייכע פּאָרציאָנען...

* * *

אויף דער פּילסודסקי־גאַס, אין שכנות פון ד״ר פּערלאָווסקי, איז אַ גאַנץ הויז געווען פאַרנומען פון דייטשן אַרבעטס־אַמט. אַ גאַנצער שטאַב מיט דייטשע און פּוילישע באַאַמטע איז געווען באַשעפטיקט אין די ביוראָ־צימערן, געזעסן איבער ביכער און צעטלען מיט צענדליקער טויזנטער נעמען. דאָס איז געווען די צענטראַלע פון צושטעלן אַרבעטס שקלאַפן פון סאָקאָלאָווער געגנט פאַר דער דייטשער קריגס־אונדוסטריע. דאָ איז באַשטימט געוואָרן ווער פון די פּאָליאַקן עס דאַרף אַוועקגעשיקט ווערן ווי אַן „אַרבעטס־כוח קיין דייטשלאנד. אויף טויזנטער נעמען פון יידן אין עלטער ביז פופציק יאָר זענען רעגיסטרירט אין אַרבעטס־אַמט אין באַזונדערע רעגיסטראַציע־ביכער. די יידישע נעמען זענען געווען די ביליקסטע אויף דער „בערזע פון אַלגעמיינעם שקלאַפן־האַנדל. דער פירער און פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דעם גאַנצן שטאַב באַאַמטע אין אַרבעטס־אַמט איז געווען דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר לעבע.

זעלטן־ווען מ׳האָט לעבען געטראָפן אין אַ ניכטערן צושטאַנד. זיינע בלויע שפּיזיקע אויגן, שטענדיק פאַרגאָסענע פון בראָנפן, האָבן געפינקלט און געשפּראָצט מיט גיפט. דעם ווילדן כוח פון זיינע שווערע שלעגער־הענט האָבן פיל יידן געפילט אויף זיך. צו זיין הפקרדיק פאַרריסנקייט האָבן אים גוט געפּאַסט זיין שוואַרצעד מונדיר און די לאַנגע געפלאַכטענע גומי־בייטש אין האַנט.

אין אַזאַ צורה פלעגט עד גאַנץ אָפט זיך באַווייזן אין געטאָ. וויי און ווינד איז געווען צום דעם ייד, וואָס האָט צו דער צייט נישט אַראָפּגעצויגן פאַר אים דאָס היטל. ווי נאָר ער פלעגט אַריבערטרעטן די גרענעץ פון געטאָ האָבן זיך יידן איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן דעם אָפּגערעדטן סימן — נומער „זעקס״. אַלע האָבן דעמאָלט געוווּסט, אַז לעבע איז אָנגעקומען און מ׳דאַרף פאַרשווונדן.

אייניקע פאַקטן וועלן כאַראַקטעריזירן די ווילדע דייטשע חיה־געשטאַלט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען לעבע.

מיר איז אַמאָל אויסגעקומען צו זיין אין אַרבעטס־אַמט, כדי צו שטעמפּלען מיין אַרבעטס־קאַרטע. איך האָב דעמאָלט צום ערשטן מאָל אַליין צוגעזען לעבעס ברוטאַלקייט.

אין פאָדערצימער פון אַרבעטס־אמט האָט יעדן טאָג דיזשורירט אַ יידישער פּאָליציאַנט. ער איז געווען דער פאַרבינדלער צווישן ארבעטס־אינספּעקטאָר און דעם יודנראַט. יענעם טאָג האָט געהאט דינסט דער יידישער געטאָ־פּאָליציאַנט יאַנקל פאַרבשטיין. ער איז צופעליק געשטאַנען אַזוי אַז ער האָט נישט באַמערקט דאָס פּלוצמדיקע אַריינקומען פון אַרבעטס־אינספּעקטאָר אין קאָרידאָר. פאַרבשטיין האָט נישט באַוויזן אויגנבליקלעך צו סאַלוטירן פאַר אים. אין לעבן האָט זיך מאָמענטאַל צעצונדן די רציחה. ער איז אַרויפגעפאַלן אויף פאַרבשטיינען, ווי אַ ווילדע חיה און געשלאָגן אים מיט די הענט און פיס. די קלעפּ זענען געפאַלן אויף אים ווי אייזערנע פּרענטן. אַ צעבלוטיקטער, קוים אַ לעבעדיקער, האָט זיך פאַרבשטיין אַרויסגעריסן פון דעם הויז און איבערגעלאָזט זיין פּאָליציי־היטל אויפן דיל. די באַאַמטע, וואָס זענען געזעסן אינעווייניק האָט ווייניק אינטערעסירט דאָס געשריי פון קאָרידאָר. ס'האָט אויסגעזען, אַז לעבעס געשלעגן זענען פאַר זיי נישט קיין נייעס.

נאָך אַ פאַקט פון לעבעס אכזריותדיקייט: מענדל בלעכערס איידעם, אַ סטאָליער, איז געשיקט געוואָרן צום אַרבעטס־אינספּעקטאָר אויסצופירן פאַרשידענע אַרבעטן אין זיין שטוב־ווירטשאַפט, דער ייד האָט זיך אָפּט פאַרקלאָגט אין דער אַרבעטס־אָפּטיילונג ביים יודנראַט, אַז ער ווערט פון לעבען באַליידיקט און אפילו געשלאָגן, מיטן אויסרייד, אז ער מאַכט נישט די אַרבעט, וואָס די הויזווירטין פאַרלאַנגט פון אים, לויט איר ווילן. דער יידישער סטאָליער האָט געוווסט, אַז אויב ער וועט זיך נישט יעדן טאָג צושטעלן צו דער אַרבעט — דראָט אים פאַרשיקט צו ווערן קיין טרעבלינקע, האָט ער געמוזט אויסטראָגן אַלע פּיינען אין לעבעס שטוב ביז צום לעצטן טאָג פון זיין אַרבעט. דעמאָלט, פאַרן אַוועקגיין, האָט זיך לעבע באַוויזן מיט אַ גרויסן הונט, וואָס איז אַ צערייצטער אַרויפגעשפּרונגען אויפן סטאָליער. לעבע האָט דערביי געשריגן צום הונט: „באַצאָל דעם יודע פאַר זיין אַרבעט!...״ דער ייד איז אַהיימגעקומען מיט אַ צעביסן לייב און צעריסענע פאַרבלוטיקטע קליידער.

אין געטאָ איז יעדן באַקאַנט געווען די געשיכטע מיטן קאַלישער בעקער ווידאָווסקי, וועלכער האָט געבאַקן צוקער־געבעקס פאַרן הויז פון אַרבעטס־אינספּעקטאָר. חדשים־לאַנג האָט ווידאָווסקי טאָג־טעגלעך אַהין געטראָגן די בלעכן מיט קוכן פון פאַרשידענע סאָרטן און מינים ביז איין מאָל, אַ זונטיק, איז געשען, אַז די דערלאַנגטע קוכנס האָבן נישט גענוג געשמעקט די געסט ביים אַרבעטס־אינספּעקטאָר. צומאָרגנס האָט לעבע אַרויסגערופן צו זיך דעם יידישן בעקער און איז אים באַפאַלן מיט דער גומי־בייטש. פאַר לעבען איז ווייניק געווען בלויז דאָס שמייסן. ער האָט געלאָזט אַרעסטירן דעם בעקער, אונטער דער באַשולדיקונג פון אַריינטון סם אין די קוכנס. נאָך אַ פּאָר טעג זיצן אין אַרעסט, איז דער יידישער בעקער פאַרמשפּט געוואָרן אויף דרייסיק טעג אַרבעטס־לאַגער אין טרעבלינקע. מען האָט אים אַוועקגעפירט און ער איז שוין פון דאָרט קיינמאָל נישט צוריקגעקומען. מיט וואָס

פֿאַראַ טויט דער יידישער בעקער איז אומגעקומען, האָט געוווסט בלויז לעבע, וועלכער איז געווען אַן אָפּטער גאַסט אין טרעבלינקע.

לעבע האָט געהאַט אַ מיטאַרבעטער — אַ יונגער פּויזנער פּאָליאַק. אין יידישע ענינים איז ער געווען זיין נאָענטסטער ראַטגעבער. ער האָט אים געהאַלטן פֿאַר אַ ספּעץ אין דער „יידן־פּראַגע״. לעבע פֿלעגט אָפֿט קומען אין יודנראַט אין זיין באַגלייטונג. איין מאָל האָט דער פּאָליאַק געהאָלפֿן באַפֿרייען אַ זון פֿון אַ רייכן פֿויער פֿון פֿאָרן קיין דייטשלאַנד אויף צוואַנג־אַרבעט. לעבע האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט ער פֿאַרמשפּט זיין ביז דעמאָלט נאָענטן מיטאַרבעטער, מען זאָל אים אַרויספֿירן אין אַ זונטיקדיקן טאָג אין מיטן גרויסן מאַרק און מען זאָל אויף אים אָנהענגען אַ שילד מיט אַ גרויסער אויפֿשריפֿט:

„איך האָב זיך געלאָזט איבערקויפֿן, דערפֿאַר קומט מיר טרעבלינקער אַרבעטס־לאַגער״.

דער אורטייל האָט דעם פּאָליאַק נישט אויסגעמיטן. ער איז טאַקע אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

ביי צוואַנג־אַרבעטן אין געטאָ איז געווען איינגעפֿירט, אַז אַלע מענער ביז פֿופֿציק יאָר האָבן דערהאַלטן צעטלעך וועגן גיין אַרבעטן צו די דייטשן איין טאָג אין דער וואָך. אויף אַזאַ אַרבעטס־טאָג האָט אויך געדאַרפֿט גיין אַ געוויסער גאַלאַנטעריע־הענדלער וועמענס נאָמען איך האָב פֿאַרגעסן. צוליב זיין שוואַכן געזונט, האָט דער ייד געדאַרפֿט צושטעלן זיין פֿופֿצן־יעריקע טאָכטער אויף אַ טאָג אַרבעט. דאָס מיידל, אַן אויסגעטרוקנטע פֿון הונגער, האָט נישט געהאַט קיין כוח אויסצולייזן איר פֿאָטער. האָט לעבע אַרויסגעפֿאָדערט זי צו זיך אין אַרבעטס־אַמט צום אויספֿאָרשן. דאָס דערשראָקענע מיידל האָט נישט געקאָנט ענטפֿערן קיין וואָרט דעם צערייצטן און ווילדן לעבע. האָט ער באַפֿוילן זי זאָל מיטגיין מיט אים צוריק אין געטאָ. ביים שלאַבאַן, אויף דער ראַגאָווסקע־גאַס, האָט ער אַרויסגעצויגן פֿון טאַש זיין איינגעוויקלטע גומי־בייטש און אָנגעהויבן שמייסן דאָס מיידל. זי האָט יאָמערלעך געשריגן. לעבע האָט אַזוי שמייסנדיק זי געטריבן צום יודנראַט. דאָס מיידל איז געפֿאַלן אויף דער ערד, געקאָלערט זיך אויף די ברוק־שטיינער אונטער לעבעס זעלנערישע שטיוול. זי איז געלאָפֿן און געפֿאַלן, באַנעצנדיק די שטיינער מיט טרערן און בלוט, ביז אירע געוויינען זענען פֿאַרשטיקט געוואָרן צווישן די ווענט פֿון יודנראַט. מיט דער דאָזיקער אינקוויזיציע־סצענע האָט לעבע געוואָרנט די יידן אין געטאָ צו זיין געהאָרכזאַם צו זיינע באַפֿעלן.

לעבע האָט ליב געהאַט זאַמלען בילדער פֿון יידן אין פֿאַרשידענע פּאָזעס, וואָס זאָלן זיי פֿאָרשטעלן, וואָס ווילדער און משונהדיקער — וואָס ענלעכער צו יוליוס שטרייכערס יידישע קאַריקאַטורן. איך האָב לעבן געזען אַרבעטן מיט זיין פֿאָטאָ־אַפּאַראַט, ביים זאַמלען אַזעלכע „יידן־בילדער״.

אין 1941, אום יום־כיפּור, האָבן סאָקאָלאָווער יידן געדאַוונט אין דער

גרויסער שול, מיט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון קרייז־האויפּטמאַן. די שול איז פול געווען מיט מתפּללים, וואָס זענען געקומען הערן דעם באַליבטן אַלטן בעל־תפילה, ר׳ חיים שמואל ראָזנבוים. פון עמוד און בעלעמער האָבן געקלונגען זיין האַרציק דאַוונען און זיינע טרייסטווערטער צו די שטעטל־דיקע יידן, מען זאָל נישט פאַלן פון מוט. „מיט אמונה אין האַרצן וועט לייכ־טער זיין איבערצומראַגן אַלע פּיינען״. ווען ער האָט אויפגעהויבן זיינע הענט צום הימל און אויסגעשריגן מיט געוויין: „גאָט! האָב רחמנות אויף דיין פאָלק ישראל״ — איז לעבע אָנגעקומען און ער האָט באַוויזן אויפצוכאַפּן דאָס בילד.

אויבן אין שול, אויף דער גאַלעריע איז לעבע געבליבן שטיין מיט זיין פאָטאָגראַפיר־אַפּאַראַט און האָט אָפּגעוואַרט „פּיקאַנטע״ סצענעס. אין מיטן דאַוונען זענען געקומען פאַרצוויפלטע מאַמעס און געוזומען איינרייס; ביים ארון קודש פאַר זייערע שטאַרבנדיקע קינדער. לעבע האָט שנעל אָנגע־שטעלט דעם אַפּאַראַט. בעת דער שטילער שמונה־עשרה איז ער אַראָפּ צווישן די יידן און אויפגעכאַפּט זיי ביים בויגן זיך...

יצחק שלאַפּמיצן מיט נחום לעווינען האָט ער באַדאַנקט מיט מאַכן פון זיי אַ ספּעציעלע אויפנאַמע אין די טליתים.

אין די טעג פון פאַרניכטונג איז לעבע געווען צווישן די אַקטיווסטע רוצחים.

* * *

ברינינג איז געווען דער רעפערענט פאַר יידישע פראַגן ביי דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט אין סאָקאָלאָוו. מ׳פלעגט אים זען אין גאַס אין אַ גרינעם מונדיר. אויף דער רעכטער האַנט האָט ער געטראָגן אַ רויטע לע־נטע מיט אַ שוואַרצן האַקנקרייץ, ווי אַ גרויסע פאַרגליווערטע שפּין. דאָס קורצע שטיקל וועג פון זיין וווינונג אויף דער ליפּאָווע ביזן נייעם סטאַראָ־סטווע־בנין, איז ער שטענדיק געגאַנגען מיט דער ביקס אויפן אַקסל, ווי אין אַ מיליטערשן מאַרש.

צווישן יידן איז ער געווען באַקאַנט פאַר נישט קיין אַגרעסיוון און אָפט אפילו פאַר אַ באַהאַלטענעם יידן־פריינט... אין געטאָ איז יעדן געווען באַקאַנט זיין נאָמען, צוליב די זייער פיל פאַלן פון אַנטקעגנקומען יידישע בקשות. אַלס היכער באַאַמטער האָט ער שטענדיק געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצווייזן גוטן ווילן, מיט עפּעס צו פאַרלייכטערן די שווערע לאַגע, איבער־הויפּט ביים צוטיילן אַפּראָוויזאַציע פאַרן געטאָ. זיין אונטערשריפט האָט זיך געפונען אויף די אין געטאָ גוט־באַקאַנטע „קראַנקן־שיינען״, מיט וועלכע יידן האָבן לעגאַל געמעגט פאָרן מיט דער באַן קיין וואַרשע צו אַ דאָקטאָר. מען האָט געשמועסט, אַז דאָס אַרויסגעבן יידן די דאָזיקע שיינען שטאַמט פון זיין איניציאַטיוו.

צו ברינינגן אין הויז פלעגן אריינקומען יידן פון געטא, כדי דארט צו מאכן הויז־ארבעט. פאר אריינטראגן צו אים א פאר עמערס וואסער, אדער פאר צעהאקן ביי אים א ביסל האלץ, פלעגט מען דארט קריגן און ברענגען אהיים פולע טאשן ברויט און קארטאפל. זיין פרוי, וואס איז געווען זייער העפלעך, האט אריינגענומען די יידישע ארבעטער אין א זייטיקן צימער און זיי געגעבן אפצועסן ביז זאט־ווערן.

ברינינגן האבן יידן באטראכט ווי איינעם פון עלטערן דור דייטשן מיט איבערבלייבעכצן פון מענטשן־פריינטלעכע טראדיציעס — נאך פון פאר דער ערשטער וועלט־קריג. אין דעם גאנצן ארום פון צעבושעוועטן טעראר, אין קרייז פון הערשער־אויסווורפן, האט ער זיך ארויסגעזען מיט זיין מילדערער באציאונג.

וועגן ברינינגן האט מען זייער פיל גערעדט צום־גוטן אין דעם ערשטן האלבן יאר נאכן איינפירן דאס געטא. מיט דער צייט אבער — מיטן פארשארפן זיך פון רעזשים און די וואס א מאל שטרענגערע געטא־פארארדענונגען — האט ער זיך טאקטיש גענומען צוריקציען פון זיין „גוטע פארשטענדעניש" פאר יידישעליידן. ווען מ'איז שפעטער פון יודנראט געגאנגען צו אים מיט אינטערווענצן, כדי צו בעטן א פארלייכטערונג אין א וועלכע ס'איז צרה, האט ער זיך העפלעך פארענטפערט, אז דאס איז איבער זיינע רעכטן. ער האט דערביי באדויערט פארוואס ער קאן דאס נישט ענדערן צום גוטן.

ס'איז פאריבער א שטיקל צייט. וועגן ברינינגן איז שטיל געווארן. מען האט נישט געהערט פון אים, ווי ער וואלס מער נישט געזעסן אין דער אפטיילונג פאר „יידישע פראגן".

אין יוני 1942, נאכן באזוך פון וואַרשעווער גובערנאטאר, ד"ר פישער, אין סאקאלאוו, האבן יידן אינסטינקטיוו דערפילט, אז עס גרייט זיך עפעס גרויזאמס פארן שטעטל. נחום לעווין איז אוועק צו ברינינגן אויפקלערן די לאגע. דער רעפערענט פון דער יידישער אפטיילונג האט געהאלטן פאר נויטיק קלאר צו מאכן דעם פרעזעס וועגן דער אין אלגעמיין־געענדערטער לאגע צום שלעכטן. סאקאלאווער יידן — האט ער אבער פארזיכערט — זענען פארגעשטעלט געווארן פאר דער העכערער מאכט אין ווארשע, ווי ארבעטער, איינגעטיילטע אין באטאליאנען, וואס זענען ניצלעך איך דער קריגס־צייט.

ער האט געוווסט אנצורופן שטעט, ווו גרויסע יידישע ארבעטער־גרופן זענען געבליבן אין געטא, אלס נארמאל־באשעפטיקטע ביי די דייטשן, בעת אנדערע טיילן פון דארט האט מען „ערגעץ פארשיקט". סאקאלאווער יידן — האט ער צוגעגעבן — דארפן זיך נישט באאומרואיקן. זייער גורל ליגט אין די זיכערע הענט פון דער אדמיניסטראטיווער מאכט, וועלכע נויטיקט זיך שטארק אין די יידישע ארבעטס־כוחות. ווי זיין שטייגער, האט ברינינג דאס געגעבן צו פארשטיין ווייך און מילד און דערביי פארלאנגט צוטרוי צו זיינע פארזיכערונגען.

אין די טעג ווען די ייִדן זענען אַנטלאָפן פון געטאָ, האָט ברינינג פּער־זענלעך אינטערווענירט אין יודנראַט און דאָרט ווידער אויפגעקלערט, אַז מיט זייער אומצוטרוי צו דער דייטשער מאַכט, קאָנען סאָקאָלאָווער ייִדן פאַר־לירן די רעכט, וואָס האָבן זיי געשיצט ביז איצט. ער האָט געראָטן אַלע ייִדן צוריקצוקומען, דעמאָלט וועט נישט געענדערט ווערן די לאָיאַלע באַצי־אונג צו זיי און סאָקאָלאָווער ייִדן וועלן ווייטער קאָנען עקזיסטירן אין געטאָ.

ברינינג האָט געוווינט אויף דער ליפּאָווע־גאַס, אַנטקעגן ספּאָרט־פּלאַץ, ווו עס האָט זיך געפונען דער אַרבעטס־לאַגער „אונטערקונפט־פאַרוואַלטונג״. איך האָב דאָרט געאַרבעט צוזאַמען מיט אַנדערע ייִדן. וואַסער פאַרן גאַנצן לאַ־גער פלעגן מיר ברענגען פון ברונעם אויף ברינינגס הויף.

בעת די סאָקאָלאָווער ייִדן זענען אַנטלאָפן פון געטאָ און דערנאָך טיי־לווייז אָנגעהויבן זיך צוריקצוקערן, זענען מיר אַמאָל געגאַנגען נאָך וואַסער. אויפן וועג איז אונדז אַנטקעגנגעקומען פון קאָסאָווער שאָסיי אַ גרופּע ייִדן — איבערגעטון אין פּויערישע קליידער. ווען די ייִדן האָבן זיך דערנענטערט צו אונדז, האָבן מיר אין זיי גלייך דערקענט היימישע פּנימער. זיי זענען געקומען געוואָר ווערן צי מ׳קאָן צוריק אַריין אין שטאָט. בכדי נישט צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, זענען מיר צוזאַמען אַריין אין הויף פון ברינינגס הויז נאָך וואַסער. דאָרט האָבן מיר זיי געגעבן אַלע נויטיקע אינפאָרמאַציעס. דורכן פענצטער האָט אונדז באַמערקט פרוי ברינינג. באַלד נאָך דעם איז זי אַראָפּ־געקומען פון שטוב מיט אַ פּעקל אין די הענט.

— זענט איר אַלע ייִדן? — האָט זי געפרעגט מיט אַ ווייכער, באַרואי־קנדיקער שטימע.

מיר זענען שטיין־געבליבן דערשראָקן פון איר פּלוצעמדיקן באַווייזן זיך. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי איז אויסן מיט איר פראַגע. איינער פון אונז האָט געענטפערט, אַז מיר זענען געקומען פון לאַגער נאָך וואַסער.
זי אונדז שמייכלנדיק אויפמערקזאַם־געמאַכט, פונאַנדערוויקלענדיק דערביי דאָס פּעקל צעשניטן ברויט און וווּרשט, האָט זי דאָס צעטיילט צווישן די וואָס זענען געשטאַנען אַמנאָענטסטן צו איר.

די ייִדן האָבן איר באַדאַנקט.

—איך האָב פיל מיטלייד מיט אייך. פאַרוואָס זענט איר אַנטלאָפן פון שטאָט? אָט, זעט, ייִדן אַרבעטן דאָ אַנטקעגן און עס פּאַסירט זיי גאָרנישט. אַלע דאַרפן צוריקקומען און זיך ווידער שטעלן אין דינסט פון דער דייטשער ווערמאַכט.

נאָכן באַקענען זיך מיט דער לאַגע אין שטאָט, זענען די ייִדן אַוועק אין דער ריכטונג פון וואַנען זיי זענען געקומען.

ברינינג פלעגט גאַנץ אָפט אַריינקומען אין לאַגער און מיטנעמען מיט זיך אַ פּאָר ייִדן צו זיך אויף הויז־אַרבעט. אַזעלכע אַרבעטער פלעגן, ווי גע־זאָגט, צוריקקומען מיט פולע טאַשן שפּייז און מיט פּעקלעך סיגאַרעטן. מיר

האָבן געוווּסט, אַז אינעם אַנטקעגנאיבערדיקן הויז פון ברינינגן וווינען גוטע דייטשן, פאַר וועלכע מען דאַרף זיך נישט שרעקן.

ווען עס זענען געקומען די טעג פון פאַרניכטונג, איז אַנטקעגן אונזער לאַגער, אין אַ מיליטערישן באַראַק, נאָענט פון ברינינגס־הויז, איינקוואַרטירט געוואָרן אַ גאַנצע אָפּטיילונג באַוואָפנטע פוילישע פּאָליציי און אוקראַינער. זיי האָבן פריער געהאַט פאַרטיליקט די סטערדינער יידן. בייטאָג זענען די מערדער געווען פאַרנומען מיט דער בלוטיקער אַרבעט און יעדן אָוונט פלעגן זיי צוריקקומען און דאָ בלייבן נעכטיקן. נאָכן ענדיקן מיט די יידן פון סטערדין, זענען די באַנדיטן אַוועק צוהילף דער אויסראָטונגס־אַקציע אין ווענגראָוו.

אין יענע טרויעריקע טעג האָט מען פלוצלינג באַמערקט, ווי ברינינג ברענגט אַריין צו די רוצחים קעסטלעך מיט פלעשער בראָנפן.

ווען די פאַרניכטונגס־אַקציע איז אָנגעגאַנגען אין סאָקאָלאָווער געטאָ, האָבן זיך אין אונדזער לאַגער געראַטעוועט איינצלנע אַנטלאָפענע פון געטאָ. פון זייערע שרעקלעכע דערציילונגען זענען מיר איבערראַשט געוואָרן, הערנדיק אויך וועגן ברינינגס ראָל אין דער אויסראָטונג פון די יידן.

זיי האָבן דערציילט:

ברינינג איז אַרומגעלאָפן איבערן געטאָ אין שפּיץ פון אַ באַוואָפנטער באַנדע, מיט זיין ביקס אין האַנט. ער האָט געזוכט אין יעדן ווינקל באַהאַלטענע יידן; געזוכט געלאַסן, אויסגערעכנט, פלאַנמעסיק. ער האָט אַרומגעפירט מיט זיך אַ געפאַנגענעם יידיש יינגעלע, וואָס האָט נעבן יעדן יידיש הויז געמוזט אויסשרייען די איינגעחזרטע פאַר ווערטער אויף יידיש:

— „יידן, קומט אַרויס פון די באַהעלטענישן! אַלע כאַפּערס זענען שוין אַוועק! איך גיי אַרום אין די גאַסן, קיינער טוט מיר נישט קיין שלעכטס"!

נאָך דעם פלעגט דאָס יינגעלע שטיל בלייבן און ברינינג מיט זיין באַנדע האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן אַרום די ווענט, אויפצוכאַפּן יעדן שאָרך, יעדע באַוועגונג פון אונטער דער ערד... אין פיל ערטער איז דער מערדער אויף אַזאַ אופן געפאַלן אויף די שפּורן פון זיינע קרבנות.

אין יענע טעג האָבן מיר אין לאַגער געזען ברינינגן אַהיימקומען פון זיין אַרבעט אין געטאָ אין די זעלבע קליידער ווי תמיד, מיט דער ביקס אויפן אַקסל און מיט דעם זעלבן רואיקן גאַנג. אַ פּאָר מאָל האָט ער געברענגט צו פירן צו זיין הויז פולע וועגענער מיט זאַכן, אויסגערויבטע פון די ליידיקע יידישע הייזלעך.

נאָך דער ליקווידאַציע פון די סאָקאָלאָווער יידן, פלעגט ברינינג ווידער אַריינקומען צו אונדז אין לאַגער, זיך ווענדן צום לאַגער־פירער, ער זאָל אים שיקן אַ פּאָר יידן צו דער אַרבעט. יעדער פון אונדז האָט געוואָלט אויסמיידן די אַרבעט ביי אים. מיר האָבן צווישן זיך איינגעאָרדנט, אַז יעדער זאָל גיין

נאָך דער ריי, איבערצוקומען די אַרבעט אין זיין הויז.

אין איינעם אַ טאָג איז אויסגעפאַלן די ריי אויף מיר צוזאַמען מיט ישראל גרינבערגן. אויפגענומען האָט אונדז ברינינגס פרוי, ווי תמיד העפלעך און שמייכלענדיק. זי האָט געוואָלט מכבד זיין מיט עסן. מיר האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט, נישט געוואָלט נעמען פאַרן ענדיקן די אַרבעט. דערנאָך האָט ז' אונדז אַראָפּגעפירט אין אַ קעלער, אָנגעוויזן ווי מיר דאַרפן אויסשטעלן אין אָרדענונג די אָנגעוואָרפענע פּעק און קאַסטנס. די דייטשקע האָט גלייך באַמערקט די שטימונג וואָס האָט אונדז באַהערשט זעענדיק די דאָזיקע פּעק, און זי האָט געוואָלט אָפּווענדן אונדזער אויפמערקזאַמקייט פון דעם רויב.

— איז דאָס ריכטיק, אַז יידישע מוטערס האָבן טויט־געשלאָגן זייערע קליינע קינדער אין געטאָ? — האָט זי געפרעגט, גלעטנדיק דערביי איר קליינעם ממזר נעבן זיך.

מיר זענען געשטאַנען פאַרשטימט און גאָרנישט געענטפערט.

— מיין מאַן האָט מיר דאָס דערציילט, אָבער מיר איז שווער צו גלויבן אין דעם. קאָן אַ זעלכעס מעגלעך זיין?

— מער האָט אייער מאַן נישט געהאַט וואָס צו דערציילן פון געטאָ?

— האָט ישראל פלוצים געפרעגט, קוקנדיק איר גלייך אין פּנים אַריין.

— ניין, מיין מאַן האָט נישט גערן פיל צו רעדן... ווען עס פּאַסירט אָבער עפּעס באַזונדערס, אינטערעסאַנטס — דערציילט ער עס מיר.

— פאַרשטייט איר נישט, וואָס עס האָבן באַדייט די שאַסן און אויפרייסן אין געטאָ? האָט איר נישט געהערט וועגן הונדערטער דערשאָסענע יידן אויף די גאַסן — קינדער, פרויען, אַלטע לייט? האָט איר נישט געזען טרייבן אַלע יידן פון שטאָט צו דער באַן? ווייסט איר ווירקלעך נישט, אַז די יידן ווערן דערמאָרדערט אין טרעבלינקע? — האָט ישראל אַ צעצונדענער געשמיסן די ווערטער גלייך אין פּרצוף דער דייטשקע, וואָס האָט זיך גערייצט מיט אונדזער טרויער.

— דאָס איז נישט ריכטיק! מען איבערטרייבט זיי בלויז. איר זענט צופיל אויפגערעגט — האָט זי געזאָגט. זי האָט זיך דערביי צוריקגערוקט צום אַרויסגאַנג און אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף דער וואַנט, ווי אַזוי אויסצושטעלן די קאַסטנס. זי איז גיך פאַרשוווּנדן.

מיט געליימטע הענט און פאַרשטומטע פון צער האָבן מיר אָנגעהויבן אונדזער אַרבעט. אויפן האַרצן איז געווען אַזוי שווער. מיר האָבן געוואָלט וואָס גיכער אַרויסקומען פון דעם קעלער.

* * *

אויף פּילסודסקי־גאַס, נעבן אַרבעטס־אַמט, האָט זיך געפונען די קאָמענדאַנטור פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. דאָ איז געווען דער צענטראַלער

שטאַב פון אלע פאָליציייאישע אָפּטיילונגען אין דער גאַנצער אומגעגנט.

די זשאַנדאַרמעריע איז געווען אומבאַגרענעצט אין איר מאַכט אויספירנדיק די געזעצן און באַפעלן פון די אָנפירנדיקע מאַכט־אָרגאַנען. יעדע פאַראָרדענונג, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די' הענט פון די זשאַנדאַרן — איז אויסגעפירט געוואָרן מיט פייער און בלוט. אויב אין באַצוג צו דער פוילישער באַפעלקערונג האָבן די זשאַנדאַרן אָנגעווענדעט אין אַ געוויסער מאָס זייערע רעכט לויט די אָקופּאַציע־געזעצן, איז זייער באַציאונג צו יידן שוין אין גאַנצן געשטאַנען אויסערן געזעץ. אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע איז דאָס לעבן פון יידן געווען פולשטענדיק הפקר.

די סאָקאָלאָווער זשאַנדאַרמעריע, וואָס איז געווען טרויעריק־באַרימט אין דער גאַנצער אומגעגנט, האָט אויסגעטיילט אַן אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך באַזונדערס פאַרנומען מיט די יידן אין געטאָ. אין שפּיץ פון דער זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָט געהאלטן אויפן אויג די גאַנצע גרענעץ־ליניע אַרום געטאָ, איז געשטאַנען אַ באַוווסטער יידן־מערדער, דער זשאַנדאַר לאָלעק.

זיין ריכטיקער נאָמען איז פאַר יידן געווען אומבאַקאַנט. געוווסט האָט מען, אַז ער שטאַמט פון נידערשלעזיע, ער געהערט צו די פאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך ביי דער דייטשער הערשאַפט אָנגעגעבן אַלס פאָלקס־דייטשן.

די רשימה פון לאָלעקס קרבנות איז אַ לאַנגע. איך וועל דערמאָנען בלויז עטלעכע פון זיי:

אַ קאַלישער פּליט, מאיר ליכטענבערג, האָט געוווינט אין געטאָ ביי דער גרענעץ נעבן „זדראי". דער הונגער, וואָס האָט געפּייניקט זיין ווייב און קינדער, האָט אים געטריבן פון געטאָ אַרויס. יעדעס מאָל, ווען ער איז אַרויס דורכן געהיימען לאָך, האָט ער געבעטן ביי גאָט, ער זאָל זיך נישט אָנטרעפן אויף לאלקעס אויגן. ביז איין מאָל, אין אַ שנייאיקן טאָג, איז לאָלעק געפאלן אויף זיינע שפּורן. ווען דער ייד האָט אין שוץ פון דער נאַכטיקער טונקלקייט זיך געוואָלט אַריינבאַקומען צוריק אין געטאָ דורך דעם לאָך, זענען אויף אים געפאַלן אַ פּאָר ביקסן־שאָסן. ליכטענבערג איז געפאַלן טויט. לאָלעק האָט אויף זיין קרבן אָנגעטשעפּעט אַ צעטעלע, געשריבן מיט האַנטשריפט: „דער אַרויסגאַנג פון געטאָ — פאַרשטאָפּט"...

אין אַלטן בית־המדרש האָבן געלעבט פּליטים. דערנעבן, אין אַ פּאַרבאָרגן אָרט, איז אויך געווען אַ מאַסקירטער אַרויסגאַנג פון געטאָ. ס'פלעגן זיך אַרויסקריגן דורך דעם אָרט אַ פּאָר יידישע פרויען, איבערגעטון פאַר דאָרפישע פויערטעס. זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך אַ ביסל סחורה אין די דערפער און דאָרט האָבן זיי דערפאַר באַקומען שפּייז־פּראָדוקטן.

איין מאָל איז לאָלעק אָנגעקומען אַ רייטנדיקער אויף זיין פערד און באַמערקט אויפן וועג אין דאָרף אַריין צוויי פרויען, וואָס האָבן אים אויסגעזען פאַרדעכטיק. ער האָט פאַרלאַנגט דאָקומענטן.

ביידע פרויען, וואָס האָבן גוט געקענט לאָלעקן, האָבן זיך צעוויינט,

געבעטן רחמים ביים מערדער. איין פרוי איז געווען אין די העכערע חדשים. דער זשאַנדאַר איז שנעל אַראָפּ פון פערד, געבליבן שטיין אַנטקעגן דער פרוי, מיטן צעעפנטן מאַנטל, וואָס האָט זיך באַוויזן פאַר אים אַ שוואַנגערדיקע. אַזוי אַריינקוקנדיק זיך אין איר, האָט לאָלעק אַריינגעשאָסן אין איר בויך אַ סעריע קוילן פון זיין אויטאָמאַטישן רעוואָלווער. פּאָליאַקן, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען אויף דעם וועג, האָבן דערציילט, אַז די צווייטע יידישע פרוי האָט זיך געוואָרפן אויפן מערדער מיט אַ שטיין.

אין ראָוו ביי דער זייט פון ריפקער שאָסיי געפינט זיך זייער ביידנס קבר.

— אויפן קליינעם מאַרק האָט אין אַ קעלער געוווינט אַ שוסטער. ער איז געווען פון די דרייסטע גייערס פון געטאָ אין די דערפער אויפן קאָסאָווער וועג. דאָרט פלעגט ער זיין טעג און נעכט ביי באַקאַנטע פּויערים. פאַרזאָרגט מיט אַרבעט און שפּייז, פלעגט ער זיך לאָזן צוריק אין געטאָ אַריין מיט זיין שמוגל.

נאָך פאַר דעם קריג האָט מען צווישן די פּויערים גוט געקענט דעם דאָזיקן יידישן שוסטער, וואָס פלעגט קומען אין די דערפער, באַהאָנגען מיט די באַשטעלטע שטיוול. יאָרנלאַנג האָט ער געהאַנדלט מיט די פּויערים און איז געווען פאַרהיימישט מיט זיי. אין דער צייט פון געטאָ, ווען דער הונגער האָט זיך באַוויזן אין זייער קעלער־שטוב, האָט ער זיך דערמאָנט אין זיינע באַקאַנטע פּויערים; ער האָט געגלויבט, אַז זיי וועלן אויף אים רחמנות האָבן און אים מיט עפּעס העלפן.

דעם שוסטער האָט דאָס מזל באַגלייט אויף די געפערלעכסטע וועגן. אין די דערפער צווישן זיינע היימישע פּויערים האָט ער דערוועקט צו זיך מיטלייד.

דורך אַ מסירה האָט זיך לאָלעק דערוווסט, אַז אין די דערפער גייט אַרום אַ פאַרשטעלטער ייד. לאָלעק האָט שוין פּינקטלעך געוווסט וועגן דעם יידנס אויסזען און אין וועלכע טעג ער גייט דאָרט אַרום. האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף יענע וועגן, באַהאַלטענערהייט נאָכגעפאָלגט דעם יידן. ביים פאַרלאָזן דאָס דאָרף צוריק צום געטאָ, האָט לאָלעק אים אָנגעטראָפן און זיך געוואָרפן אויף אים, ווי אַ חיה אויף איר קרבן. עס זענען דערביי מיטגעווען דעם מערדערס פּוילישע רויב־שותּפים. אין אַ קליין וועלדל הינטערן דאָרף איז דער יידישער שוסטער געפאַלן טויט פון לאָלעקס רוצחישע הענט.

נאָך דער פאַרניכטונג איז לאָלעק אַרומגעגאַנגען אין די נעכט צווישן די טויטע געטאָ־הייזלעך, געלויערט אויף אַ לעבעדיקן צייכן, טאָמער אָטעמט נאָך ערגעץ־ווו אַ פאַרבאָרגענער ייד אונטער דער ערד.

צוויי יידן, מלך פישער און יאַנקל מאָרגענשטערן, זענען גראָד געקומען פון קורטשעווער אַרבעטס־לאַגער מיטן פּלאַן זיך אַריינקריגן אין זייער פאַרלאָזטע הייזער אין געטאָ. זיי האָבן ביי זיך געהאַט פּוילישע

דאָקומענטן. בײדע חברים האָבן געהאַט אָפּגערעדט צװישן זיך, צוזאַמען אַװעקצופֿאָרן ערגעץ־װוּ אַלס אַריער. צו דעם צװעק האָבן זײ געדאַרפֿט דאָס באַהאַלטענע ביסל געלט פֿון זײער שטוב אין געטאָ.

אין שוץ פֿון דער נאַכט זענען זײ מיט שטילע טריט אַרײַן אין טויטן געטאָ. צװישן די װענט האָט זיך יעדער אײנער צוגעשלײַכט צו זײַן שטוב. אין דער בית־עולמדיקער שטילקײט האָט לאָלעק דערהערט עפּעס אַ פּאַר דעכטיקן גערויש. זײַנע אָנגעשפּיצטע אויערן האָבן אים דערפֿירט צו מלך פֿישערס װױנונג. װען מלך איז שױן געװען צוריק בײַם אַרויסגאַנג, איז אויף זײַן פּנים געפֿאַלן אַ פֿאַרבלענדנדיקער ליכט־שײַן און אין זעלבן מאָ־מענט — אַ פּאָר שאָסן. אויך יאַנקל מאָרגענשטערן איז אַ װײַלע שפּעטער געפֿאַלן פֿון זײַנע שאָסן בײַם אַרויסבאַקומען זיך פֿון געטאָ.

אין דער זעלבער נאַכט האָט לאָלעק געטרונקען צוזאַמען מיט זײַן מערדער־באַנדע פֿאַרן צוגערויבטן געלט פֿון די צװײ געפֿאַלענע חבירים.

* * *

דער קרײַז־האַופּטמאַן גראַמס האָט באַשטימט דעם פּאָליאַק סורדיק אַלס קאָמענדאַנט איבערן געטאָ. זײַן אויפֿגאַבע איז געװען אָפּצוהיטן, אַז אַלע אַנטי־ייִדישע פֿאַראָרדענונגען זאָל שטרענג אויסגעפֿירט װערן. ער האָט געקריגן די מאַכט אָפּצוהיטן די אינערלעכע „אָרדענונג" אין געטאָ. די ייִדישע געטאָ־פּאָליצײ איז געשטעלט געװאָרן אונטער זײַן אויפֿזיכט אין באַפֿעלן.

טאָג־טעגלעך איז סורדיק געקומען אין געטאָ. ער איז געװאָרן דער געפֿערלעכסטער פֿײַנט אין געטאָ. אַלץ, װאָס ייִדן האָבן אויסבאַהאַלטן האָט ער דערשנאַפּט. װי אַ שפּיר־הונט האָט ער אַלץ נאָכגעשמעקט. יעדע זאַך װאָס הערמאַן האָט געדאַרפֿט אויפֿכאַפּן אין געטאָ, האָט ער עס דערזען מיט סורדיקס אויגן.

װי אַזוי שטילט מען אײַן דעם דאָזיקן מסור? — דאָס איז געװען די פֿראַגע, װאָס האָט באַשעפֿטיקט אַלע ייִדן אין געטאָ. ייִדן האָבן דעם צעלאָזע־נעם יונג אָנגעהויבן אײַנשלעפּערן מיטן בראָנפֿן־ריח. ער איז לײַדנשאַפֿטלעך געװען געפֿאַנגען פֿונעם ביטערן טראָפּן, װאָס האָט אים געמאַכט נאָך פֿלעגמאַ־טישער און פֿױלער.

סורדיק איז אָבער געװען פֿול מיט באַהאַלטענעם חשד, אַז אין געטאָ װערן נאָך אָפּגעטון פֿאַרבאָרגענע זאַכן, װעגן װעלכע ער װײסט נישט און ער פֿאַרלירט דערבײַ זײַן שוחד־געלט.

ער האָט גענוי געװוּסט װעגן אַלע פֿאַרניכטונגס־פּלענער קעגן סאָקאָלאָ־װער ייִדן און ער האָט אויסגערעכנט, אַז עס איז אים נאָך געבליבן זײער װײניק צײַט און ער דאַרף אַרײַנכאַפּן װאָס מער עס לאָזט זיך; אַז ער דאַרף

ווי געהעריק אויסנוצן זיין פּאָזיציע אַלס געטאָ־קאָמענדאַנט, ווייל עס דערנענטערט זיך דער סוף פון די יידן און מיט זיי — דער סוף פון זיין געלט־און גאָלד־קוואַל.

ווי אַזוי באַקומט מען אַרויס וואָס מער געלט פון די געטאָ־יידן וואָס שטייען שוין ביים ראַנד פון אומקום? דאָס איז איצט געווען סורדיקס הויפּט־„זאָרג". און דאָ איז אים געקומען צוהילף — יוזעף דער קוימענקערער.

* * *

אויף דער פּוילישער זייט פון שטאָט פלעגט ער גיין אין מיטן גאַס נישט אויפן טראָטואַר, צוזאַמען מיט אַנדערע שפּאַצירער; ער האָט געשפּרייזט שנעל, ווי ער וואָלט זיך געשעמט פאַר זיינע פּויזנער קאַמעראַדן מיט זיין שוואַרצער מלאכה.

קומענדיק אין געטאָ צו זיין אַרבעט איז ער געווען גאָר אַן אַנדערער. דאָ איז ער געגאַנגען אַ געלאַסענער, אויפן טראָטואַר, מיט געמאָסטענע טריט אומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן. ער פלעגט שטיין בלייבן ביי אַ הויז, לאַנג באַטראַכטן עס און צום סוף אַריינגיין צו די שכנים אָנזאָגן, זיי זאָלן אַראָפּנעמען די טעפּלעך פון די קאָך־אויוועלעך.

צו די יידן, מיט וועלכע ער האָט זיך פאַרהיימישט, פלעגט ער אַליין אַריינגיין אין שטוב און אַראָפּנעמען די כלים פון דער קיך. דערביי פלעגט ער גוט אַריינקוקן אין די טעפּלעך. נאָך דעם איז ער אַרויף אויפן דאַך אויסרייניקן די סאַזשע פון די קוימענס.

אין אַנדערע שטובן פלעגט יוזעפן גאָר איינפאַלן אַריינגיין בעטן אַ שוועבעלע צו פאַרויכערן אַ סיגאַרעט. ער פלעגט דאָס מאַכן פלעגמאַטיש און בשעת מעשה גוט אַרומגעקוקט זיך אין אַלע ווינקעלעך פון דער שטוב. זיינע אויגן האָבן אויך דערגרייכט די מלבושים־שענק, צו די טישן, ווי מען האָט געגעסן אָדער געגרייט זיך צום עסן.

זייער אָפט פלעגט יוזעף קומען רייניקן די קוימענס פון די הייזלעך וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו דער געטאָ־גרענעץ. דאָ האָט ער נישט זעלטן געקאָנט זען אין מיטן העלן טאָג ווי אַזוי קריסטן פון דער אַרישער זייט און יידן פון געטאָ פאַרשטענדיקן זיך הינטער די ווענט מיט אָפּגערעדטע האַנט־צייכנס. באַלד נאָך דעם איז פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אַן איינגעבויגענער פּאָליאַק, וואָס פלעגט עפּעס אונטערוואַרפן ביי די געטאָ־דראָטן, אַ שווערן זאַק אָדער אַ קליין פּעקעלע, און שנעל אַנטלויפן, ווי עמיצער וואָלט אים געיאָגט.

אָט פאַרגנבעט זיך צו די געטאָ־דראָטן אַ דרייסטע קריסטין, שטעקט אַריבער דורך די דראָטן־לעכער אַ טאָרבע שפּייז און באַקומט דערפאַר, דורכן זעלבן וועג, אַ פּעקעלע און — זי איז שוין נישטאָ. דאָס אַלץ קומט פאָר אין אַן אויגנבליקלעכער שנעלקייט.

פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ, פון די הייזער־דעכער, האָט יוזעף געקאָנט זען: וואָס יידן טוען אַלץ כדי צו דערהאַלטן זייער קיום. קיינער האָט נישט געוווּסט און נישט געקאָנט זיך פאַרשטעלן, אַז יוזעף קוקט זיך צו און זעט וואָס מען טוט, ביז עס איז געקומען סורדיק איינמאָנען „וואָס אים קומט״ פאַר פאַרשידענע זאַכן, וואָס זענען געווען פאַרצייכנט אין דער לאַנגער רשימה אין זיין האַנט. סורדיק פלעגט דערביי זאָגן אַ טריאומפירנדיקער: „אין געטאָ קאָן גאָרנישט פּאַסירן איך זאָל וועגן דעם נישט וויסן״.

אַזוי האָבן יידן זיך דערוווּסט, אַז פאַר יוזעפן דעם קוימענקערער דאַרף מען זיך אויסהיטן ווי פאַר אַ שפּיאָן, אַ מסור, און יוזעף אַליין האָט שנעל פאַרשטאַנען, אַז מען היט זיך פאַר אים. דאָס האָט שוין אָבער נישט געהאָלפן — סורדיק האָט געמוזט באַקומען די פאַרלאַנגטע געלט־סומעס.

סורדיק האָט געוווּסט, אַז אויך יוזעף שלעפּט געלט פון די געטאָ־יידן, ער האָט אָבער גאָרנישט געקאָנט טון און נישט געשטערט אים אין דעם, אָבער מיט איין באַדינג — ער זאָל אים ווייטער ברענגען ידיעות פונעם געטאָ.

דער שוואַרצער קוימענקערער איז געוואָרן אַ געשפּענסט פאַר די געטאָ־יידן. ווי נאָר יוזעף פלעגט אַריינקומען אין געטאָ און נעמען זיך צו זיין אַרבעט, האָט שוין די גאַנצע גאַס געוווּסט, אַז מען דאַרף זיך אויסהיטן, און דער מסור האָט אומזיסט געזוכט עפּעס פאַרדעכטיקס. ער האָט זיך אָבער נישט איבערגענומען פון דעם נישט קאָנען אַנטדעקן עפּעס־וואָס, וואָס זאָל צונוץ קומען אים און סורדיקן. ער האָט ווייטער איבערגעבן סורדיקן מסירות, ליגנערישע מעשיות, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין זיין מיט בראָנפן פאַרגאָסענעם מוח. אַזוי האָבן די צוויי פּאַליאַקן וואָס האָבן אַליין געליטן פון די דייטשן, געזויגן דאָס בלוט פון די געטאָ־יידן.

יום־כיפּור תש״ב (1942) איז סורדיק אויך אַרויסגעגאַנגען מיט הערמאַנען אויסקוקן, ווו עס וועט קאָנען זיין אַ גרעסערער זאַמל־פּלאַץ פאַר די געפאַנגענע יידן, וועלכע מען וועט מיט אַ טאָג שפּעטער צונויפזאַמלען כדי צו פירן קיין טרעבלינקע. צוזאַמען האָט זיך סורדיק געבאָדן אין יידיש בלוט. היימישע יידן, ביי וועלכע ער האָט ווי אַ פּיאַווקע כסדר געזויגן געלט, האָט ער אַליין געשלעפּט צו דער שחיטה. אַ צווויל־דעווועטער איז ער אַרומגעלאָפן און געכאַפּט יידישע קרבנות. ער האָט טריאומפירט פון וויסטן נצחון איבער די סאָקאָלאָווער יידן. אין יענע טעג איז זיין פּויזנער אַנטיסעמיטישער טרוים פאַרווירקלעכט געוואָרן. דאָס יידישע שטעטל סאָקאָלאָוו איז צוזאַמען מיט גאַנץ פוילן געוואָרן יידן־ריין...

* * *

ווער ס'האָט אין געטאָ געוואָלט זען אַ יידן, וועמען ס'איז פרעמד דאָס געפיל פון פאַרלוירנקייט און אומזיכערקייט, וואָס האָט באַגלייט יעדן ייד —

האָט נאָר געדאַרפט אַ קוק־טאָן אויף דעם איבער פּופּציק־יעיקן, נידעריק־געוויקסיקן, רונדיק־אויסגעפּילטן פּרעזוס, נחום לעווין, מיט זיין געלאַסענעם גאַנג, ווי ער וואָלט געציילט זיינע טריט, אָן פּחד, אָן אַ שפּור פון אומרו און זאָרג אין זיינע וואַכזאַמע אויגן, וואָס האָבן דרייסט געקוקט אויף אַלע זייטן, מעשה באַלעבאָס. ער איז תמיד געגאַנגען מיט אַ ברוינער לעדערנער טעקע וואָס האָט אַראָפּגעהאָנגען פון זיין האַנט ביז דער ערד, מיט אַ גרינער לענטע, פון וועלכער ס׳האָט דייטלעך זיך אָנגעזען דאָס איינציק־געדריקטע וואָרט „אויבערריודע״.

פאַר דער מלחמה האָט מען לעווינען געקענט אין שטעטל, ווי אַ „דריי קאָפּ״. בעת ער האָט נאָך געפירט זיין גרויסן האַנדל, זענען זיינע געשעפטן געגאַנגען „אויף רעדער״. ווען ס׳האָט וועגן אַ מאָל איינגעהאַנדלט ביי אים אַ וואַגאָן אייל־קערנער, אָדער אַ וואַגאָן תבואה און די טראַנזאַקציע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס פּיקטיווע, האָט לעווין געקאָנט באַווייזן זיין קונה, אַז שולדיק איז גאָר די „ערשטע האַנט״. די „האַנט״ איז אין אמתן באַעוולט געוואָרן פון לעווינען, דורך באַקומען טשעקן אָן דעקונג. אין זיינע מסחרים האָט לעווין תמיד געוווסט, ווי אַזוי אַלץ צו „רעגולירן״ און שטענדיק ווידער שטיין־בלייבן אויף די פיס.

אַלס באַוויז, ווי ווייט נחום לעווין האָט געגלויבט אין זיין איבערקויף־פּאָליטיק, קאָנען דינען זיינע באַקאַנטע רייד:

„ווען איך האָב אַ צוטריט צו היטלערן, וואָלט איך אויך אים איבערגע־קויפט ״

לעווין, וועמען ס׳איז אָנפאַרטרויט געוואָרן דאָס לעבן פון אַ שטעטל יידן, און וואָס יידן האָבן אויף אים אין גורלדיקע טעג געקוקט, ווי אויף דעם איינציקן רעטער, איז צו לעבנס־וויכטיקע ענינים צוגעגאַנגען מיט ברוטאַלע סוחרישע קאַלקולאַציעס.

אַ פּאָר פאַקטן פון לעווינס מעשים וועלן אים אַוועקשטעלן אין שפּיגל פון זיין טעטיקייט אין געטאָ אַלס פּרעזוס:

ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן מאַכן זייערע צוגרייטונגען צום אָנגריף אויף די סאָוויעטן ביים בוג, האָבן זיי דערלויבט זיך באַוועגן אין די דערפער נאָענט פון דער גרענעץ, נאָר די דאָרטיקע יידישע איינוווינער. אין יענער צייט איז אַרעסטירט געוואָרן אַ קאַלישער ייד, אַ פּליט אין סאָקאָלאָוו, מיט אַ קוישל גאַלאַנטעריע־אַרטיקלען. די דייטשישע גרענעץ־וואַך האָט דעם ייד אָנ־גענומען פאַר אַ שפּיאָן און אים איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ אין שעדלעץ. נאָענטע קרובים פון אַרעסטירטן, וואָס האָבן זיך באַמיט אים צו באַפרייען, זענען אינפאָרמירט געוואָרן פון די, וואָס זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער געסטאַפּאָ, אַז פאַר פינף טויזנט זלאָטעס קאָן מען דעם יונגנמאַן ראַטעווען פון טויט. האָבן די קרובים גלייך אָנגעהויבן זוכן מאַטעריעלע הילף.

אַ יונגע פריילין פון קאַליש, אַ געוועזענע שכנה פון אַרעסטירטן, האָט

אַוועקגעשענקט איר נייעם פוטערנעם מאַנטל צו העלפן ראַטעווען דעם צום טויט־פאַרמשפּטן ייִד.

ביים נאָכזוכן אַ קונה אויף דעם ווערטפולן מלבוש, זענען די קרובים דערגאַנגען צום פּרעזעס נחום לעווין, וועמען ס׳איז שטאַרק געפעלן דער עלעגאַנטער לאַפּקענער מאַנטל. נאָר אַזוי ווי זיין טאָכטער, דאָס כלה־מיידל, רחלע, איז שוין געווען באַקליידט מיט אַ זשרעבאַק־מאַנטל, האָט דער פּרעזעס גע־האַלטן, אַז דעם מלבוש דאַרף ער קויפן ווי אַ מציאה.

נחום לעווינען איז גוט באַקאַנט געווען דער אַרעסט פון דעם ייִדישן פּליט און אויף וואָס פאַר אַ צוועק דאָס געלט איז באַשטימט. דאָס האָט אָבער נישט געהאַט קיין ווירקונג אין זיינע האַנדלס־קאַלקולאַציעס. איבער צוויי וואָכן האָט געדויערט ביז דער מאַנטל איז פאַרקויפט געוואָרן צו אַ פּאָליאַק, פאַר אַ טאָפּלטן פּרייז, וואָס דער פּרעזעס האָט געוואָלט באַצאָלן. דאָס געלט האָט אָבער שוין נישט געקאָנט ברענגען קיין נוצן. דער ייִד איז אין צווישנצייט אומגעבראַכט געוואָרן.

אין געטאָ איז באַקאַנט געווען, אַז נחום לעווין האָט אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג, ביים מאַגיסטראַט, אויפגעגעבן די צאָל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צחאַמען מיט די פּליטים אויף מער וויפל זי איז ווירקלעך געווען. מען האָט גערעדט וועגן דריי טויזנט צוגעשריבענע נעמען. פון די יודנראַט־קרייזן האָט מען געזאָגט: צוויי טויזנט נעמען. נחום לעווין האָט גע־האַלטן דעם ענין פאַר זיינס אַ וויכטיקן אויפטו, שאַפנדיק אַזוי אָרום פאַר דעם געטאָ מער שפּייז.

אין געטאָ האָט זיך קיינער נישט פאַרנומען מיט נאָכפאָרשן, וויפל קילאָ ברויט אַ טאָג ייִדן באַקומען פון די איבעריקע צוויי טויזנט נעמען. דער בעס־טער סטאַטיסטיקער איז דער הונגער, און פיל ייִדישע הייזער האָט מען נישט פאַרזוכט קיין איין ביסן ברויט פון לעווינס סוחרישן אויפטו מיט די כאַבאַר־ניקעס אין דייטשישן אַפּראָוויזאַציע־אַמט.

אין געטאָ האָבן בלויז ווייניקע פאַרשטאַנען דעם רעזולטאַט פון אָנגעבן אַ פאַלשע ציפער פון דער צאָל ייִדן אין שטעטל. די דייטשן האָבן לויט דער צאָל אַרויסגעגעבענע שפּייז־קאַרטן פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג, געפאָדערט ייִדישן אַרבעטס־כוח פאַר זייערע קריגס־צוועקן און אַרבעטס־לאַגערן.

ווייסנדיק וועגן אַ גרויסער באַפעלקערונג אין געטאָ, האָבן זיי טאָגטעגלעך זיך אַרומגעיאָגט מיט די אַנטלויפנדיקע און זיך אויסבאַהאַלטענע ייִדן, און איינגעאָרדנט נאַכט־אָבלאַוועס אין די ייִדישע הייזער.

גראַמס און ד״ר הערמאַנס פאַרניכטונג־רשימה פון סאָקאָלאָווער ייִדן איז ווארשיינלעך געווען באַזירט אויף דער ליסטע פון אַפּראָוויזאַציע־אַמט. איבער צען טעג און נעכט האָבן זיי די איבעריקע ייִדן נאָכגעזוכט אין אַלע פאַרבאָרגנסטע ווינקלען, אין פאַרשידענע בונקערס, קעלערס, אונטער דער ערד און איבערן גאַנצן שטח פון אומגעבראַכטן געטאָ.

נחום לעווין האָט אין אַ יוני־טאָג 1942, פּאָראָרדנט, אַז יידן זאָלן זיך פון דער פרי ביז ביינאַכט נישט באַוועגן אויף די גאַסן פון געטאָ, אויסער אין אַ נויטפאַל. אין דעם טאָג האָט געדאַרפט אָנקומען קיין סאָקאָלאָוו ד״ר פישער. לעווין האָט ערנסט געגלויבט, אַז דער גורל פון די סאָקאָלאָווער יידן ליגט אין די הענט פון די לאָקאַלע מושלים, גראַמס און ד״ר הערמאַן. זיין גלויבן איז געווען אַזוי פעסט, אַז ער האָט אַלעמען אַרום זיך, אַלע יידן אין געטאָ, מיט כוח געוואָלט אים אויפצווינגען, אפילו נאָכן וויזיט פון ד״ר פישער, וואָס האָט בעת זיין באַזוך געחתמעט דעם טויט־אורטייל איבער די יידן פון סאָקאָלאָוו און אומגעגנט.

באַלד נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ. סאָקאָלאָווער יידן האָבן געזען פאַרבייפאָרן די טראַנספּאָרט־וואַגאָנען, אָנגעפולטע מיט וואַרשעווער יידן, אויפן וועג קיין טרעבלינקע.

סוף אויגוסט זענען פאַרניכטעט געוואָרן די שעדלעצער יידן און אויך אַלע שכנותדיקע קהילות. די יידן אין שטעטל האָבן זיך געקלאַמערט איינער אין אַנדערן. ווייטע פאַמיליעס האָבן געפונען צווישן זיך קרובהשאַפט. מען האָט באַמיט זיך צו האַלטן צוזאַמען.

די געטאָ־יידן פלעגן זיך טוישן, ביים האַלטן וואַך, במשך לאַנגע נעכט. עס זענען אָפּגערעדט געוואָרן צייכנס, סימנים צו סיגנאַליזירן בעת אַ געפאַר. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס אומגליק דערנענטערט זיך. אין דער זעלבער צייט האָט נחום לעווין נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אויסערלעכע סימנים פון אומרו. פאַרקערט, אין די שמועסן, וואָס ער האָט געפירט מיט זיינע מיט־אַרבעטער און שכנים, האָט ער געזאָגט, אַז ער נעמט אויף זיך די אחריות פאַר אַלעמענס גורל. ער האָט גערופן צו פאַרהאַלטן זיך רויק און זיכער.

גראַמס און ד״ר הערמאַן האָבן דערקענט אין לעווינען אַ מענטש מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער, וואָס וועט זיין געהאָרכזאַם אַלע זייערע פאַראָרדענונגען. האָבן זיי אים אַריינגעצויגן אין אַ נעץ פון כאַבאַר און קאָרופּציע.

אויך אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט נישט געקאָנט באַהערשן און ענדערן די האָפענונגסלאָזע סיטואַציע. אָבער צווישן סאָקאָלאָווער יידן האָט זיך אַנטוויקלט אַ בונטאַריש געפיל, וואָס איז אַמשטאַרקסטן געקומען צום אויסדרוק אין מאסן־אַנטלויפן פון געטאָ. דאָס דאָזיקע געפיל, וואָס וואָלט די דייטשן פאַרשאַפט פיל שוועריקייטן ביים אויספירן די מערדערישע פלענער, איז איינגעשלעפערט געוואָרן דורכן פּרעזעס, וואָס האָט פאַרטושט די סכנה מיטן אויפצווינגען צו גלויבן אין די דייטשישע הבטחות.

מוצאי יום־כיפור 1942, ווען יידן אין געטאָ האָבן מיט אָפענע אויגן געזען זייער לאַגע און דער גרעסטער טייל געטאָ־איינוווינער איז געזעסן מיט דער גרעסטער פאַרצווייפלונג אויף פּעקלעך נעבן די צוגעגרייטע באַ־העלטענישן — איז נחום לעווין רויק געשלאָפן נאָכן יום־כיפור־טאָג און ביי

אים אין שטוב זענען געזעסן יידישע פּאָליציי־לייט, חברים פון זיין טאַטער, זאָרגלאָז פאַרטון אין קאָרטן־שפּיל.

שעפּסל גרינבערג (איצט אין ישראל), איז געקומען אין דער זעלבער נאַכט צום פּרעזעס אין שטוב אַריין, אויפמערקזאַם מאַכן אים אויף די ערנסטע סימנים פון דער טויט־סכנה. נחום לעווין האָט אים מיט אַ ביזן טאָן געדראָט מיט פאַרשיקן קיין טרעבלינקע פאַר אַרויסרופן אַ פּאַניק־שטימונג אין געטאָ.

אַ פּאָר שעה נאָך דעם, אין גרויען פרימאָרגן, האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרניכטונג.

* * *

האַרבסט 1942. אויף דעם קליינעם מאַרק האָבן אויסגעשלאָגן די לעצטע שעהן פון יידישן לעבן אין שטעטל. פון אונטער דער ערד זענען כסדר אַרויסגעשלעפּט געוואָרן די רעשטלעך יידן פון די פאַרבאָרגנסטע פאַרהעלטענישן.

יידן זענען געזעסן אויף די שטיינער רעזיגנירטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. באַוואָפנטע סאָלדאַטן זענען געשטאַנען אַרום זיי, ווי דער מלאך המוות ביי אַ גוססדיקן.

אין מיטן פון דער צונויפגעקוועטשטער מאַסע יידן איז געזעסן דער יונגער אויסגעבליכטער פון שרעק און הונגער, משה סאָליאַזש. אָט דאָ, האָט ער דערפילט אין דער גאַנצער שאַרפקייט די גרויסע סכנה. ער האָט זיך געקנאָדערט וואָכנלאַנג אין אַלע ווינקעלעך פון געטאָ, אין פינצטערן ערדישן לאָך. אַלע שרעק־מינוטן האָבן זיך צוזאַמענגענומען און ווי אַ דונער איבער זיין קאָפּ אָפּגעהילכט: דאָס זענען די לעצטע מינוטן פון לעבן.

צו זיין יונגערן חבר, בערעלע שולץ, וואָס איז געזעסן לעבן אים מיט פּחד אין די אויגן, רעדט ער אַריין אין אויער:

— געדענק, אַזוי ווי מיר האָבן גערעדט. ווען דער לאַסט־אויטאָ מיט אונדז וועט זיך פאַרדרייען צום וועלדל אויפן קאָסאָווער וועג, שפּרינג איך דער ערשטער און דו נאָך מיר. פאַרגעס נישט צו לויפן זיג־זאַגיק ביז צום וואַלד.

— אפשר שוין נישט כדאי, אויך אין וואַלד איז דער טויט פאַר יידן — האָט בערעלע געענטפערט אַ רעזיגנירטער.

— אַלע טויטן, אָבער נישט טרעבלינקע! נישטאָ צו פאַרלירן!

— ביסט זיכער, אַז די ערשטע קויל וועט אונדז נישט טרעפן און מיר וועלן נישט בלייבן ליגן ווי דערשאָסענע הינט אין פעלד?

— אין וואַלד האָסטו נאָך האָפענונגען, אָבער אין טרעבלינקע — באַשליס שנעל, די צייט איז קורץ!

— איך שפּרינג נאָך דיר!

ווען די לאַסט־אויטאָס, פול אָנגעשטאָפּט מיט די לעצטע יידן, האָבן זיך שפּעטער מיט גערויש אַוועקגעלאָזט אויפן וועג קיין טרעבלינקע, זענען צום אָפּענעם געטאָ־טויער אָנגעקומען צוויי פּויערים, אונטערשטופּנדיק אַ טויט־דערשראָקענע יונגע פרוי. אַ צעיושעטע באַנדע פּוילישע יינגלעך האָט זיי נאָכגעשריגן:

„דאַ געטאָ! דאַ געטאָ!" (אין געטאָ אַריין, אין געטאָ אַריין!).

אין מיטן פון קליינעם מאַרק האָבן זיי שטיין־געלאָזט די פרוי אין צעריסענע קליידער, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט שטיקער לייב. זי איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענע, מיט דעם לעצטן צאַפּל פון איר לעבן.

איינער פון די צוויי פּויערים, מיט אַ צלמל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון זיין צעעפנט העמד, האָט, אַראָפּציענדיק זיין היטל, געזאָגט מיט אַן אונטערניקן טאָן צום דייטש מיט אַ „טויטן קאָפּ" אויף זיין ברוסט:

— מיר האָבן איך געבראַכט צו טרייבן אַ יידישקע, וואָס האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אויף די וועגן צווישן די דערפער.

— איך, פּאַניע, האָב אַריינגערעדט אין דער יידישקע, אויפן וועג צום געטאָ, אַז אַזאַ מח זיין איר גורל. ווו לויפסטו? מוזט גיין אַהין. ווו אַלע דיינע יידן זענען געגאַנגען!

דער דייטש האָט אָנגעשטעלט זיין בינאָקל צו דער פרוי און אויס־געשריגן באַפעלעריש.

— איך פאַראָרדן אַנדערש! דו יידישקע, בלייבסט לעבן! אַלע דיינע יידן זענען אַוועק קיין טרעבלינקע, נאָר דו וועסט בלייבן אין שטאָט אַרבעטן ביי אונדז.

ביידע פּויערים האָבן נישט געקאָנט באַנעמען די מילדע באַציאונג צו זייער קרבן. דעם גאַנצן וועג האָבן זיי זיך פאַרגעשטעלט, אַז באַלד ביי דער שוועל פון געטאָ וועט איר דער ערשטער דייטש מיט אַ ביקסן־קאָלבע דעם קאָפּ צעשפּאַלטן און נאָך דעם וועלן זיי באַקומען זייער לויי.

— יידישקע, וועסט עסן ביי אונדז ברויט מיט שפּעק און צוקערינקען רום — האָט אַ צווייטער דייטש מיט אַ בראָנפן־שטימע, זיך אָנגערופן הינ־טער אירע פּלייצעס, צווינקנדיק מיט אַן אויג צו די באַוואָפנטע אוקראַינער.

— צום טייוול! ווילסט נישט לעבן מער, יידישקע?! טאָ קלייב אויס וועלכן טויט דו ווילסט: דערשאָסן ווערן ווי אַ הונט דאַ, אָדער גיין צו דיינע קאַמעראַדן קיין טרעבלינקע? איך גיב דיר איין מינוט צייט צו ענטפערן! — האָט דער דייטש באַפוילן מיטן רעוואָלווער אַנטקעגן אירע אויגן.

אין ליידיקן געטאָ האָבן אָפּגעהילכט שאָסן.

אויף דער ערד, פאַר די פיס פון די דייטשע רוצחים און פּוילישע שקצים, איז געלעגן דער לעצטער קרבן פון סאָקאָלאָווער געטאָ...

נאָך דער פאַרניכטונגס־אַקציע האָבן די דייטשן איבערגעלאָזן אין געטאָ איבער פופציק יידן, מענער און פרויען, ריין צו מאַכן דעם געטאָ.

די דאָזיקע יידן האָבן אונטער אַ שטרענגער וואַך סאָרטירט די זאַכן פון די פאַרלאָזטע יידישע הייזער, אין ספּעציעל איינגעאָרדנטע מאַגאַזינען, ווו עס זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן די מער־קאָסטבאַרע חפצים, כדי זיי שפּעטער אָפּצושיקן קיין דייטשלאַנד. די זאַכן פון אַ קלענערן ווערט זענען ליציטירט און פאַרקויפט געוואָרן די פויערים פון די דערפער און די פּאָ־ליאַקן פון שטעטל.

צווישן די פאַרבליבענע יידן האָט זיך אויך געפונען חיה־איטע פּערל־שטיין (איצט אין ישראל), וואָס איז אָנגעקומען צו דער זשאַנדאַרמעריע אויף אַרבעט.

זי דערציילט:

— דעם גאַראַזש אויף חנה־דעם־רב׳ס פעלד האָבן די דייטשן פאַר־וואַנדלט אין אַ זאַמל־פּונקט פאַר די געציילטע יידן, וואָס זענען נאָך דע־פּאַרניכטונג אַנטדעקט געוואָרן דורך די רוצחים אין באַהעלטענישן. די זשאַנ־דאַרמעריע האָט איינגעפונען, אַז דאָ וועט זיין דאָס פּאַסיקסטע אָרט פאַר די געכאַפּטע, וואָס דאַרפן אַוועקגעשיקט ווערן קיין טרעבלינקע. דער גאַראַזש איז געווען אַ לאַנגער הילצערנער באַראַק, וואָס האָט פריער געדינט אַלס מאַגאַזין פאַר קאַסטנס ביר און בראָנפן און אַ שטיי־פּלאַץ פאַר די אויטאָס מיט וועלכע מען האָט די סחורה צעפירט אין דער אומגעגנט. מיט די זעל־בע אויטאָס, וואָס האָבן פריער געהערט צו יידן, האָבן די זשאַנדאַרן אַוועק־געפירט די געכאַפּטע יידן קיין טרעבלינקע.

אַ טויט־שרעק איז באַפאַלן די יידן אין באַראַק, ווען עס האָט זיך דערהערט דאָס אויפשליסן דעם פאַרזשאַווערטן שלאָס. די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט מיט אַ גרילץ און די דייטשן האָבן אַריינגעוואָרפן אַ פרישע גרופּע יידן אין דער פינצטערניש פון באַראַק.

איינמאָל, ביים אויפשליסן די טיר, האָט מען פון יענער זייט באַראַק געהערט אַ פערד געלעכטער. אין דער אָפענער טיר האָבן די זשאַנדאַרן אַריינגעשריגן: „איצט וועט אייך זיין פריילעכער, מיר האָבן אייך געבראַכט יודן־שוישפּילער״.

ווער זענען די דאָזיקע פון קאָפּ ביז פיס שוואַרצע יידן? פונוואַנען קומט די סאַזשע אויף זייערע פּנימער און אויף זייערע קליידער?

איינער פון זיי, קיימעס דער בעקער, האָט דערציילט:

— ווען מען האָט אין געטאָ אָנגעהויבן רעדן וועגן אויסבאַהאַלטן זיך, האָב איך פון מיין באַק־אויוון געמאַכט אַ וועג צו אַ באַהעלטעניש, וואָס האָט זיך געצויגן ביז צום דאַך־קוימען.

דאָרט זענען מיר אין רויך און סאַזשע געשטאַנען ווי אין אַ קלעם טעג און נעכט אָן עסן און אָן טרינקען, שטיקנדיק זיך מיט דער שרעקלע־כער לופט, ביז די פיס האָבן זיך איינגעבראָכן און מיר האָבן געמוזט פון דאָרט אַרויס. נעבן אונדזער הייזל האָט אונדז באַגעגנט אַ זשאַנדאַר. אַזוי זענען מיר געקומען אַהער.

זיי זענען צוזאַמען מיט אונדז געשטאַנען און דורך די שפּאַלטן פון הילצערנעם באַראַק אַרויסגעקוקט אויף דער פּיענקנע־גאַס, אויף די אויס־גערױסענע ליידיקע הייזלעך וווּ עס איז שוין נישט געווען קיין סימן פון אַ מענטשלעך לעבן. פונדאַנען האָבן מיר אויך געזען דעם נאָך אָפענעם מאַסן־קבר, ביי וועלכן זשאַנדאַרן פלעגן נאָך דערשיסן די איינצלנע אָפּגעפונענע יידן.

איינמאָל האָט לאָלעק דער זשאַנדאַר געבראַכט אַהער איינע אַ פרוי פון די קאַלישער פליטים, סאָניע בענעש. לאָלעק האָט איר באַפוילן אַריינ־גיין אין קבר און זיך אַוועקלייגן. דאַן האָט ער געצילט צו איר זיין רע־וואָלווער. נאָכן ערשטן שאָס איז די פרוי געבליבן לעבן. נאָכן צווייטן שאָס האָט לאָלעק אַריינגעשריגן צו איר אין קבר אַריין: צום טייוול, די לעבסט נאָך?! נאָכן דריטן שאָס, און די פרוי האָט נאָך געלעבט, האָט לאָלעק פון מאָרד־משוגעת געקאָפּעט מיט די פיס אין דער ערד און גע־רעוועט ווי אַ ווילדע חיה: דריי מאָל געצילט אין דיין קאָפּ און קיין איין מאָל נישט געטראָפן! קריך שנעל אַרויס פון גרוב און גיי וווהין דו ווילסט!

נאָך אַ פּאָר טעג אַרומוואַנדערן אין דער געגנט איז סאָניע בענעש, די געראַטעוועטע פון קבר, צוריקגעקומען אין געטאָ און מיט נאָך אַנדערע יידן אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין גאַראַזש. דאָ האָט זי דערציילט אירע איבער־לעבענישן פון די לעצטע טעג. און פאַרענדיקנדיק האָט זי אַ זאָג געטון אַ פאַרצווייפלטע: און איצט איז געבליבן דער לעצטער וועג — קיין טרעבלינקע.

צוזאַמען מיט די איבעריקע יידן אין גאַראַזש איז זי שפּעטער אַוועק אין איר לעצטן וועג.



דייטשן כאַפּן יידן צו דער אויסזידלונג קיין טרעבלינקע

* * *

באַלד נאָך דער ליקווידאַציע, ווען דאָס שטעטל יידן איז שוין געווען דערשטיקט אין די טרעבלינקער גאַז־קאַמערן און דערשאָסן אין מאַסן־קברים אין געטאָ, האָט דער קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע צוגעפירט נחום לעווינען צו אַ קאַלך־גרובן און דאָרט אים דערשאָסן.

## קורטשעווער אַרבעטס־לאַגער

דאָס אויפשטעלן פון דערנעבנדיקן טרעבלינקער לאגער האָט ניטש געלאָזט רוען די סאָקאָלאָווער יידן; די געפאר איז איצט געוואָרן נאָך גרעסער, ממושדיקער, נענטער. דאָס שרעק־וואָרט — טרעבלינקע — האָט זיך איינגעוועבט אין טאָג־טעגלעכן געטאָ־לעבן; איז געוואָרן אַ מוראדיק געשפענסט וואָס האָט פאַרפאָלגט יעדן איינעם. מען האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר נייע גזרות און נייע פארשיקונגען.

קורץ נאָך דעם איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער יודנראַט האָט באַשלאָסן איינצוואָרדנען אין קורטשעוו ביי שטשעגלאַטשין אַ יידישן אַרבעטס־לאַגער. דאָס האָט געדארפט זיין אַ מין בארויקונגס־מיטל אין אָנבליק פון טרעבלינקע און גלייכצייטיק אַ באַוויז פאר די דייטשן, אַז אין געטאָ ווערן אלע ארבעטס־פעיקע יידן באשעפטיקט ביי פראָדוקטיווע ארבעטן.

אויף דרום־זייט פון סאָקאָלאָוו, בערך פופצן קילאָמעטער פון דער שטאָט איז געווען אַ גרויס גוט, וואָס מען האָט גערופן דער „קורטשעווער הויף“. דאָרט זענען געווען גרויסע ווילדע שטחים איבער וועלכע סאָקאָלאָווער יידן האָבן אָנגעהויבן דורכפירן אַן אויסגעאַרבעטן באַוואַסערונגס־פּלאַן, כדי צו פאַרוואנדלען די וויסטעניש אין פרוכטבארער אַקער־ערד.

דעם גוט־באזיצער האָבן די יידן פאָרגעלייגט צו געבן פאַר אַ גאָר נידעריקן לוין אַרבעטס־הענט פון געטאָ אַרויס אויף דורכצופירן אָט דעם פּלאַן. פאַר דעם צוועק האָט דער פריץ געדארפט דערלויבן אויפצושטעלן ביי אים אַ סטאַבילן ארבעטס־לאַגער. אויך די דייטשע פארוואלטונג אין קורטשעווער הויף האָט אין דעם פּלאַן דערזען אַ באַדייטנדיקן פּראָפיט. ווען דער פּלאַן איז אויך אָנגענומען געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט אין סאָקאָלאָוו, האָט דער יודנראַט גענומען ווערבירן מענער צו דער אַרבעט.

אין פרילינג 1942 האָט דער יודנראַט צעשיקט צו פיל יידישע מענער אַרבעטס־צעטלען מיט אַזאַ אינהאַלט:

„אין קורטשעוו איז איצט געשאַפן געוואָרן אַ יידישער אַרבעטס־לאַגער.

דאָס אויפשטעלן דעם לאגער איז פארן נוצן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס שטייט פאַר גרויסע געפאַרן. יעדער, וואָס באַקומט אַזאַ אַרבעטס־צעטל, דאַרף זיך גלייך מעלדן אין זיינע אייגענע אינטערעסן. קעגן דעם, וואָס וועט אויסמיידן זיין פליכט גלייך זיך צו מעלדן, וועלן אָנגענומען ווערן שטרענגע מיטלען".

אונטערן איינדרוק פון די דערציילונגען פון די צוריקגעקומענע פון טרעבלינקע, האָבן יידן זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו אַזעלכע „איינלאַדונגען" צו אַרבעט, און אויסער ווייניקע אויסנאַמען, נישט געמאָלדן זיך. מורא־האָבנדיק פאַר רעפּרעסיעס מצד דעם יודנראַט, האָט דער גרעסטער טייל זיך אַראָפּגעלאָזט אין אונטערערדישע באַהעלטענישן.

דער יודנראַט האָט דאַן געלאָזט אין גאַנג דעם גאַנצן פּאָליציי־אַפּאַראַט. מען האָט געזוכט אין אַלע פאַרבאָרגענע ערטער. נאָך צוויי טעג און נעכט פּאָליצייאישע באַלאַגערונג, רעפּרעסיעס און דראָאונגען קעגן די איבעריקע פאַמיליען־מיטגלידער, איז אים געלונגען צו כאַפּן אַ גרויסן טייל פון די אויסבאַהאַלטענע.

ווען דער ערשטער טראַנספּאָרט יידן איז אָנגעקומען אין קורטשעווער לאַגער און געלאָזט וועגן זיך וויסן דורך בריוו, איז פאַרשוואונדן די שרעק. אַז אַרבעטס־צעטל אין קורטשעווער לאַגער אריין האָט אויפגעהערט צו זיין פאַרדעכטיק, נישט קוקנדיק אויף די שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען, האָבן זיך געפונען פיל פאַראָרימטע יידן, וואָס זענען גרייט געווען פאַר אַ באַשטימטער סומע געלט צו פאַרטרעטן אַנדערע, וואָס האָבן זיך געקאָנט אויסקויפן פון דער צוואַנג־אַרבעט אין קורטשעוו.

אין געטאָ איז באַלד באַקאַנט געוואָרן, אַז אין לאַגער האָט מען געשאַפן אַ זעלבסטשטענדיקע קיך און אַז יעדער אַרבעטנדיקער באַקומט טעגלעך אַ קילאָ ברויט. צו די שווערע אַרבעטן האָבן יידן זיך שנעל צוגעוווינט. דער קורטשעווער לאַגער איז פאַר זיי געוואָרן אַן אויסלייזונג פון שלאָפלאָזע נעכט ביי כאַפּערייען אין געטאָ.

נאָענט צו די זומפּיקע פעלדער האָט אַ הויכער דראָטענער צוים ארומגערינגלט דעם שטח פון ארבעטס־לאגער. הונדערטער יידישע שקלאַפן האָבן אָנגעפילט די הילצערנע פערד־שטאַלן. די אָנפירונג פון לאַגער האָט איינגעשטעלט אַן אינערלעכע אָרדנונג, מיט אַ לייכטן רעזשים. דער אַרבעטס־רעגולאַמין איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון דער ספּעציעלער געשאַפענער יידישער לאַגער־פּאָליציי. די קיך האָט צוגעשטעלט עסן צו דער זעט. אַ סאַניטאַר־קאָמיסיע האָט געזאָרגט פאַר מעדיצינישער הילף. שווערע קראַנקע זענען צוריק אָפּגעשיקט געוואָרן אַהיים.

דער יידישער אַרבעטס־לאַגער אין קורטשעוו איז באַקאַנט געוואָרן אין דער אומגעגנט. מיט אַ צעטל וואָס איז געווען געשטעמפּלט „קורטשעווער יודן־לאַגער", האָבן יידן זיך געקאָנט באַוועגן פון לאַגער אין שטאָט אַריין און

צוריק. אפילו די דייטשע זשאַנדאַרמעריע האָט רעספּעקטירט אַזאַ צעטל. יעדן חודש זענען געטוישט געוואָרן די אַרבעטער. ווער ס׳האָט געוואָלט בלייבן לענגער, האָט באַקומען פריי אַ טאָג אין דער וואָך צו גיין אין שטאָט אַריין. די אַרבעט אויף די פעלדער איז אָנגעגאַנגען אונטער דער אויפזיכט פון פּוילישע אויפזעער. מען האָט געאַרבעט גרופּנווייז. ייִדן האָבן זיך איינגעלעבט מיט די פּוילישע אַרבעטס־אויפזעער, וואָס האָבן זיך נישט אַזוי באַצויגן צו זיי ברוטאַל. פון שלאָגן ביי דער אַרבעט האָט מען נישט געהערט.

אין דער צייט ווען דאָס קורטשעווער לאַגער־לעבן האָט זיך סטאַביליזירט מיט דערטרעגלעכע באַדינגונגען, האָבן זיך אויף דעם געטאָ אַ שאָט געטאָן נייע גזרות און רעפּרעסיעס. טאָג און נאַכט איז אָנגעגאַנגען אַ כאַפּעריי אויף אַרבעט; יונגערע מענער זענען, מיט איבעררייסן, געלעגן פאַרשטעקטע אין פינצטערע בוידעם־לעכער און אין אונטערערדישע באַהעלטענישן. אין מיטן ברען פון די כאַפּ־אַקציעס אין געטאָ, פלעגן די כאַפּערס באַפרייען יעדן ייִד, וואָס האָט ביי זיך געהאַט אַ צעטל פון קורטשעווער אַרבעטס־לאַגער. דער דאָזיקער פאַקט האָט די ייִדן אין געטאָ געצווּנגען צו רעספּעקטירן דעם פּלאַץ. די פאַרהאַלטענע געטאָ־ייִדן האָבן מקנא געווען די, וואָס האָבן זיך געפונען אויף די זומפּיקע פעלדער. נאָך אַזעלכע כאַפּערייען פלעגן ייִדן זיך מאַסנווייז מעלדן פרייוויליק אַלס קאַנדידאַטן אויף אַרבעט אין קורטשעווער לאַגער. אַזוי אַרום איז דער לאַגער אין אַ קורצער צייט איבערפילט געוואָרן מיט מער מענטשן, וויפל די אַרבעטס־פּלענער האָבן פאַרלאַנגט. דער דראַנג נאָך קורטשעוו האָט געמוזט אָפּגעשטעלט ווערן מיט אַ מעלדונג פון יודנראַט, אַז קיין נייע אַרבעטס־קאַנדידאַטן ווערן נישט אָנגענומען.

זומער 1942, ווען קיין טרעבלינקע זענען טאָג־טעגלעך געלאָפן איבערפולטע צוגן מיט ייִדן; ווען פון סאָקאָלאָווער געטאָ פלעגן ייִדן פאַרשיקט ווערן אויף „אַרבעט“ אין אומבאַקאַנטע ערטער פונוואַנען קיינער איז נישט צוריקגעקומען, איז דער קורטשעווער לאַגער זיך צעוואַקסן און געציילט איבער טויזנט ייִדן. ד״ר הערמאַן איז געווען אינפאָרמירט וועגן דעם מאַסן־צופלוס פון סאָקאָלאָווער ייִדן קיין קורטשעוו; ער האָט אָבער נישט געהאַט דאַקעגן, אַז ייִדן זאָלן זיך קאָנצענטרירן אין אָט דעם פּונקט. פון אָנהויב פלעגט ער אָפּט קומען אין אַרבעטס־לאַגער נאָכקוקן די „אָרדנונג“. ער האָט אָבסערווירט די אַרבעטס־גרופּן אויף די פעלדער. אַממייַנסטן האָט אים אינטערעסירט די צאָל ייִדן אין קורטשעוו.

אין די שרעקלעכע טעג פון אויסראָטונגס־אַקציעס אין סאָקאָלאָוו האָט דער קורטשעווער לאַגער אויפגענומען ייִדישע פּליטים פון געטאָ. די צאָל ייִדן האָט דעמאָלט דאָ דערגרייכט איבער טויזנט פינף הונדערט; די פון שטאָט אַנטלאָפענע ייִדן, וואָס זענען בשלום אָנגעקומען קיין קורטשעוו, האָבן אונטערן איינדרוק פון נאָך עקזיסטירנדיקן ייִדישן לעבן אין לאַגער, זיך געשאַפן אַ פאַרצווייפלטן גלויבן, אַז זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט. אין דער אמתן. ווי עס האָט זיך

שפּעטער ארויסגעוויזן, האָט ד״ר הערמאַן פּארוואנדלט דעם יידישן ארבעטס־לאַגער ווי אַ שטייג, ווו ער האָט ארייַנגעקריגן אַלע פון געטאָ אַנטלאָפענע יידן אין די טעג, ווען דאָס יידישע סאָקאָלאָוו איז פּאַרטיליקט געוואָרן.

אָקטאָבער 1942 איז ד״ר הערמאַן פאַרפאָרן אין קורטשעווער לאגער. דאָס באוויין זיך פון דעם מאַסן מערדער האָט דאָס מאָל ארויסגערופן טויט־שרעק ביי די לאגער־יידן. דאָס מאָל איז ד״ר הערמאַן געקומען מיט אַ נייעם טייוולאָנישן פּלאַן. זיין מערדערישע כוונה איז געווען פאַרשלייערט. פאר דער אָנפירונג פון לאגער האָט ער אויפגעקלערט, אַז אזוי ווי עס קומען אין קורצן אָן די פרעסט, וויל ער פאַרן לאגער באַזאָרגן אַ גרויסן קוואַנטום פון קאַרטאָפל און קרויט. צו דעם צוועק האָט ער פאַראָרדנט, אַז אין לאגער זאָלן אויסגעגראָבן ווערן טיפע, לאנגע גריבער פאַר די הונדערטער זעק קאַרטאָפל, וואָס האָט, לויט זיינע רייד, געדארפט זיין דאָס הויפּט־שפּייז פאר די לאגער־מענטשן אין משך פון ווינטער. ד״ר הערמאַן האָט געוווּסט, אַז די סאָקאָלאָווער יידן קענען אים שוין גוט, מיט זיינע טייוולאָנישע איינפאַלן, האָט ער גערעדט מיט אַן ערנסטן טאָן און זיך באַמיט ארויסצורופן וואָס מער צוטרוי צו זיינע רייד. ער האָט פאָרגעשטעלט ארבעטס־פּלענער אויף אַ לענגערע צייט.

נאָך ד״ר הערמאַנס באזוך אין לאגער, האָט זיך קיינער פון די יידן שוין נישט געמאַכט קיין אילוזיעס. מען האָט געוווּסט ווי זיך צו באַציִען צו זיינע פארזיכערונגען. יעדער איינער אין לאגער האָט געפילט, אז דער טויט־אורטייל הענגט איבער זיין קאָפּ. נישט געקוקט דערויף, האָט מען אָבער געמיינט, אַז די צוגעזאָגטע שפּייז־ טראנספּאָרטן וועלן אָנקומען, ווייל עס זענען דאָך געווען פאָרויסגעזען גרויסע ארבעטן אויף די פעלדער. דערפאר האָט מען אין לאגער אויסגעגראָבן לאַנגע גריבער, וואָס זענען געשטאַנען אָפן, גרייט פאַר די קאַר־טאָפל־טראנספּאָרטן.

ווען איך האָב אין נאָוועמבער, 1942 פארלאָזט סאָקאָלאָוו אויפן וועג קיין ווארשע, מיט ארישע פּאַפּירן אין טאַש, האָב איך געוווּסט אַז די יידן אין קורטשעווער לאַגער לעבן אין טויט־שרעק. אין סאָקאָלאָוו האָבן די פּאָליאַקן געוווּסט פאָרצוזאָגן טערמינען, ווען דער קורטשעווער לאַגער דארף פארניכטעט ווערן.

שוין זייענדיק אין דייטשלאנד, אויף צוואַנג־אַרבעט, אלס פּאָליאַק צווישן פּאָליאַקן, איז מיר געלונגען צו דערגיין וועגן טראגישן סוף פון די רעשט סאָקאָלאָווער יידן אין קורטשעווער לאגער. עס האָט מיר וועגן דעם דערציילט איינער אַ קורטשעווער פּאָליאַק, א געוויסער סטאַניסלאַוו כאַמעלאַנטשיק. דאָס קאָן באַטראַכט ווערן ווי א גבית עדות.

סטאַניסלאַוו כאַמעלאַנטשיק איז געווען מיינער אַ שכן אין פוילישן ארבעטס־לאגער אין דייטשלאנד. ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער איז פון דאָרף קורטשעוו, האָב איך אָפט אים ארויפגעפירט אויף געשפּרעכן וועגן די יידן אין קורטשעווער לאגער. ער האָט נישט געוווּסט, אַז ער רעדט מיט אַ פאַרשטעלטן

יידן. איך בין דעריבער געווען אונטערן איינדרוק, אַז ער דערציילט מיר דעם גאַנצן אמת.

כאַמעלאַנטשיק האָט מיר דערציילט:

— איך בין געווען איינער פון די פּוילישע אויפזעער איבער די יידן ביי דער ארבעט. דעם 26־טן נאָוועמבער 1942 בין איך, ווי יעדן טאָג אין דער זעלבער צייט געקומען אָפּצונעמען די גרופּע יידישע ארבעטער. ווען איך האָב זיך דערנענטערט צום לאגער, האָב איך דערזען מיליטערישע אויטאָס מיט שווערע מאשין־ביקסן, גרייט צום שיסן. ארום די לאגער־דראָטן זענען געשטאַנען געדיכטע באַוואָפנטע וואכן פון אוקראַינער און פון דער זאָנדערדינסט. איך האָב זיך צו זיי דערנענטערט און זיי אויפגעקלערט דעם ציל פון מיין קומען. מיט שפּאָט האָבן זיי מיר געענטפערט: קוק זיך גוט איין, וועסטו זעען וואָס מיר מאכן פון די יידן. איך האָב זיך דערנענטערט צו די דראָטן און דערזעען ווי ארום יעדן באראק, ווו די יידן זענען געווען פארשפּארט, זענען געשטאַנען באַוואָפנטע סאָלדאטן אין קאמפּס־גרייטקייט. אַנדערע האָבן גרופּנווייז ארויסגעפירט די יידן צו די אָפענע גריבער, ווו עס זענען געשטאַנען צעדליקער אוקראינער אין גרינע מונדירן. מיט אייזערנע דרענגער האָבן זיי געהאַקט איבער די קעפּ. נאָך אַ זעץ איבערן קאָפּ איז דער ייד גלייך אריינגעפאלן אין גרוב.

ד״ר הערמאַן האָט אָנגעפירט מיט דער אַקציע. ער איז ארומגעלאָפן ארום יעדן גרוב און אָנגעוויזן די שלעגער צו טוישן די ערטער, כדי די גריבער זאָלן גלייכמעסיק אָנגעפילט ווערן. ד״ר הערמאַן האָט נישט געלאָזט באַניצן קיין הייס געווער ביים אָנהויב פון דער אַקציע, כדי די לאגער־מענטשן זאָלן זיך נישט באַלד אריענטירן, אַז מען פירט זיי צום טויט צו די אָפענע גריבער. גיך האָבן די יידן דערפילט וואָס עס קומט פאָר. פון די באראקן האָבן זיך מיט אַ מאָל דערטראָגן געשרייען. ס׳האָט אויסגעזען ווי די אינעווייניק פארשפּארטע יידן ווילן דורכרייסן די באראקן־ווענט. ווילן זיך ארויסרייסן פון זיי מיט די לעצטע כוחות. די אוקראינער האָבן זיך צוריקגעצויגן פון די באראקן. ד״ר הערמאַן האָט געגעבן אַ באַפעל און גלייך האָט אַ האָגל מיט קוילן פון די שווערע מאַשין־ביקסן זיך אַ שאָט געטון אויף די ווענט פון די באַראַקן. דער פריער־דיקער פארצווייפלונג־אויפברויז האָט זיך איינגעשטעלט. מען האָט איצט געהערט גסיסה־קרעכצן פון פארוואונדעטע, דורכגעשאָסענע יידן. די פארניכטונג איז ווייטער אָנגעגאנגען. ווידער האָבן אוקראינער און די זאָנדערדינסט־טרופּן ארויסגעשלעפּט די יידן און מיט די באַגנעטן אויף די ביקסן געשטויסן מענטשן צו די אָפענע גריבער. די יידן האָבן אויסגעזען פארלוירן. מ׳האָט אויך געזען יידן, וואָס האָבן זיך געאַמפּערט, געשאָלטן, נישט געלאָזט זיך טרייבן, די זענען גלייך דערמאָרדעט געוואָרן נאָך איידער זיי זענען דערגאַנגען צום גרוב. דאָס האקן איבער די קעפּ האָט געדויערט שעהן־לאַנג. יעדע פּאָר מינוט האָבן זיך די מערדער געטוישט מיט די אייזנס. אין פּראָסטיקע ווינטער־טעג האָט דאָס ביי זיי אויסגעזען, ווי עפּעס אַן אַרבעט זיך צו דערוואַרעמען אין דער שטאַרקער

קעלט. ס׳איז געווען אַ שרעק צו קוקן, ווי הונדערטער מענטשן פאַלן ווי אונטער־געהאַקטע ביימער און די גריבער ווערן פאַרפולט מיט טויטע און נאָך לעבעדיקע קערפּערס. איך האָב מער נישט געקאָנט קוקן, בין איך אַוועק פון די דראָטן צוריק אין דאָרף אריין.

שפּעטער האָט מען ביי אונדז דערציילט, אַז אַזוי ווי דער ווינטער־טאָג איז געווען צו קורץ פאַר אַזאַ מאַסן־פאַרטיליקונג, האָבן די דייטשן לסוף באַנוצט מאַשין־געווער און דערמיט צוגעאיילט דאָס אומברענגען אַלע לאַגער־יידן. קורטשעווער פּאָליאַקן זענען דערנאָך געריפן געוואָרן מיט לאָפּאַטעס צו פאַר־שיטן די גריבער. דער גאַנצער לאַגער שטח האָט אויסגעזען ווי אַ שעכט־הויז. דער שניי איז באַדעקט געוואָרן מיט קאַלוזשעס בלוט. די טריט פון טויזנטער פיס אין ווייס־רויטן שניי זענען געבליבן, ווי די לעצטע סימנים פון דעם מאַסן־מאָרד אין קורטשעווער ארבעטס־לאַגער.

## קיין טרעבלינקע

דאָס איז געווען דעם 10־טן אָקטאָבער 1942. אויף דער באַן־סטאַנציע אין סאָקאָלאָוו איז געשטאַנען אַ לאַנגער צוג מיט יידן, געפירט פון אַ ווייטן וועג. עס ווייזט אויס, די מערדער אין סאָקאָלאָוו האָבן געוווסט, אַז אין טרעבלינקער גאַז־קאַמערן איז נאָך קיין פּלאַץ נישטאָ. מיר האָבן געציילט דאָרט הינטער די לאַגער־דראָטן — שוין דער פערטער טויט־צוג אין זעלבן טאָג... שטייט דער לאַנגער צוג מיט די צוזיי לאָקאָמאָטיוון און וואַרט אויף אַ באַפעל, ווען דער וועג צו די טויט־קאַמערן וועט פריי ווערן פאַר די פרישע קרבנות, צווישן וועלכע אויך איך האָב זיך געפונען.

אויף דער באַן־סטאַציע טרייבט מען אונדז ארונטער פון לאַסט־אויטאָ, ארומגערינגלט מיט באַוואָפנטע מערדער, אַנדערע מערדער קוקן נאָך אין די וואַגאָנען ווו־הין מען קאָן נאָך אַריינקוועטשן אַ פּאָר יידן. איך האַלט מיך פעסט פאַר די הענט מיט מיין אַלטן פריינט, דעם זעכציק יעריקן לאַדזשער ייד בוב, מיר ווילן זיך נישט שיידן, אויך אין די לעצטע מינוטן פון לעבן איז נישט גוט צו זיין אַליין. אַ פּוילישער פּאָליציאַנט פרעגט מיך, צו איך ווייס, ווו איך פאָר?

יאָ, זאָג איך, די וואָס שיקן מיך אַהין, וועלן אויך דעם וועג נישט אויסמיידן. אַ זעץ מיט דער קאָלבע פון ביקס איז געווען דעם פּאָליציאַנטס ענטפער. באַלד פירט מען אונדז צו אַ וואַגאָן, ווו די מערדער מאַכן פּלאַץ פאַר נאָך אַ פּאָר יידן.

אין וואַגאָן, וואָס עיפּשט פון כלאָריק און מתים־געררוך, בלייב איך און מיין אלטער פריינט שטיין, פאַרקוועטשטע צווישן דייטש־רעדנדיקע יידן, וואָס מען פירט זיי שוין דעם צווייטן טאָג כלומרשט אויף אַרבעט — קיין טרעבלינקע. זיי פרעגן אונדז ווי ווייט איז נאָך אהין?... וואָס פאַר אַן ארבעט איז דאָרט?... איך ווער אויפגעציטערט. זאָל איך זיי זאָגן דעם אמת, אַז מען פירט די צום טויט? אָבער נאָך וואָס, ווען מען ווייסט נישט, איז לייכטער דער טויט. פאַר אַ מענטש, וואָס האָט אַזעלכעס נישט איבערגעלעבט, איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן ווי שוידערלעך עס איז צו זיין מיטן באַוווסטזיין, אַז דער טויט איז אומפאַרמיידלעך און דערנענטערט זיך. איך בין מקנא געווען די, וואָס זענען אָפּגענאַרטע געפירט געוואָרן כלומרשט אויף ארבעט צו אזא שוידערלעך שרעקלעכן אומקום. איך וויל זיך אומדרייען, כדי אריינקוקן אין האַלב פינסטערן וואַגאָן, ווי עס זעען אויס די דייטשע יידן, וואָס וואַרטן שוין מיט אומגעדולד צו קומען אין דעם „אַרבעטס־לאַגער", בכדי צו קאָנען זיך אויסרוען פון שוידערלעך־שווערן וועג. אָבער איך קאָן זיך נישט אומדרייען. אזוי פארקוועטשט בין איך. עס הערן זיך שטילע קרעכצן פון גוסנדיקע מענטשן. איינער בייזערט זיך אויפן צווייטן, ווי יענער וואָלט שולדיק געווען אין דער ענגשאַפט, וואָס האָט געבראָכן די ביינער און נישט געלאָזט אטעמען. מיר זענען צענויפגעפרעסט איינער צום צווייטן, באַגיסנדיק זיך מיט אַ קלעפּיקן טויט־שוייס. אַן אלטער מאַן לויט זיין שטים, וואָס האָט נאָך קוים געקאָנט רעדן, שעלט אומאויפהערלעך די גאַנצע וועלט. איין ברודער פרוווט מיט די לעצטע אָנשטרענגונגען פריי מאַכן אַ שטיקל אָרט פאר זיין שוין שטאַרבנדיקן צווייטן ברודער. עס ווייזט זיך ארויס, אַז מיר האָבן נאָך ענגער געמאַכט אין דעם טויט־וואַגאָן, וואָס איז געווען שוין אזוי אָנגעשטאָפּט, אז די ווענט האָבן זיך שיער נישט צעשטויסן. מען הוסט און מען שטיקט זיך פון די גאזן פון דעם אויסגעשאָטענעם כלאָריק אין דעם וואַגאָן, פון מענטשלעכער אומרייניקייט, פון דעם עיפּוש פון די טויטע, ס'האָט געטרוקנט אין האַלדז. וואסער! אביסעלע וואסער צו באַנעצן די פארטרוקנטע ליפּן!

מיין אַלטער פריינט פרעגט מיך, צי כ'וועל האָבן כוח אויסצוהאַלטן זיין קאָפּ אויף מיין אַקסל. אַזוי אַן אָנגעשפּאַרטער, מיט אַ שווערן אטעמען, ווונטשט ער זיך אַזוי צו קאָנען שטאַרבן און נישט אָנקוקן טרעבלינקע. ער פרעגט זיך אַליין: „צי ווייסט די וועלט פון דעם שוידערלעכן פאַרברעכן?" ער רעכנט אויס נעמען פון זיינע נאָענטסטע, וואָס לעבן שוין נישט מער, דערמאָנט פיל מאָל דעם נאָמען פון זיין יונגסטן זון, דעם יונגן שילער הערשל בוב, וואָס איז מיט אַ פּאָר טעג צוריק דערמאָרדעט געוואָרן אין לאַגער.

אזוי גייען פאַרביי שעהן, עס ווערט נאַכט, אין וואגאָן ווערט אַ מורא־

דיקע פינצטערניש, מיר שטייען צוזאַמענגעפּרעסט אין טויטלעכן שרעק און ווארטן, ווען דער צוג וועט זיך רירן פון אָרט אויפן וועג צום טויט.

פון צייט צו צייט הערן מיר שאָסן און שוידערלעכע געשרייען פון פאַרוווּנדערטע און דערשראָקענע. אין אַ דערנעבנדיקן וואַגאָן האָט מען אָנגעהויבן רייסן די טיר. דאָס איז געווען געגוג, אַז די מערדער זאָלן גלייך אָנהייבן שיסן אין דער טיר, וועלכע די קוילן האָבן דורכגעלעכערט און אַריין אין די מענטשלעכע קערפּער.

דאָס קרעכצן פון די פאַרוווּנדערטע ווערט לאַנגזאַם שטילער, ווי דער אָנקומענדיקער טויט וואָלט זיי פאַרשטילט, און ווידער הערשט א טויט שטילקייט וואָס צעברעכט און מאַטערט.

א שרעקלעכע מידקייט פיניקט מיך, גוט וואָס מיר זענען אַזוי צוזאַמענגעפּרעסט אַז קאָנען אייגער דעם צווייטן אונטערהאַלטן. עס פּייניקן מיך פאַרשידענע געדאַנקען, איך האָב איצט אין זינען און עס שטייען מיר פאַר די' אויגן אַלע מיינע נאָענטסטע, וואָס זענען מיר אַזוי ליב און טייער געווען, אַלע פאַר וועלכע איך האָב געלעבט. מיין אומשולדיק קליין עופהלע, וואָס אַ דייטשע בעסטיע האַלט דאָס ביים פּיסל און צעקלאַפּט דאָס קעפּל אָן אַ וואַנט אָדער אָן דער ערד. זיי אַלע זענען שוין נישטאָ און איך גיי איצט צו זיי. פאַר וואָס שפּעטער? צוזאַמען מיט זיי וואָלט מיר לייכטער געווען, געטיילט זיך אין דעם מאָמענט מיט דעם זעלבן גורל וואָס זיי. אין די געדאַנקען לויפן פאַרביי די יוגנט־יאָרן, מיין היים, ווו איך האָב זיך דערצויגן נישט ווייט פון דעם אָרט, וואָס איז איצט געוואָרן דער שוידערלעכער אומקום פון צענדליקער טויזנט יידן אַ טאָג. מען דערמאָנט זיך, ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געווען, די צייטן פון ליבע און האַרמאָנישן פאַמיליע־לעבן, אָט ערשט נעכטן האָב איך דאָך נאָך געהאַט די געפילן פון פאָטערלעכער ליבע צו אָ קינד, צו אַ פרוי, צו ברידער און שוועסטער. איז ווירקלעך שוין א סוף צו דעם דאַזיקן לעבן? אַזוי לויפן די געדאַנקען אין פיינפולן טראַכטן, ווי עפּעס אַן אומבאַשטימטעס וואָלט אויף אַ מאָמענט געוואָלט פאַריאָגן דאָס געפיל, אַז מען שטייט שוין ביים ראַנד פון טויט. וועלן די מענטשן־פרעסער אונדז אין גאַנצן מיטן וואָרצל אַרויסרייסן? ניין! ערגעץ אין דער ווייטער וועלט, ווו די טייוולעשע נעגל וועלן נישט דערגרייכן, בלייבן מיר נאָך לעבן צוויי ברידער. עס וועלן נאָך לעבן אַזעלכע, וואָס וועלן אונדזערע נעמען דערמאָנען.

עס שטיקט דער כלאָריק, עס מאַטערן די טויט־קאָנוווּלסיעס פון די נעבן מיר שוין שטאַרבנדיקע. אויך מיין אלטער פריינט פארלירט די קרעפטן — עס ווילט זיך אים אַזוי אַוועקלייגן און אויסהויכן די נשמה — זאָגט ער מיר שעפּטשענדיק אין אויער — פאַרוואָס שטייט דער צוג? פאַרוואָס איז נאָך קיין פּלאַץ נישטאָ פאַר אונדז? פאַרוואָס ווערן דאָרט די מערדער שנעלער נישט פאַרטיק?

עס קומט דער פרימאָרגן, וואָס שלאָגט זיך אריין דורך דעם פאַר־

קראַטעוועטן פענצטערל, ווידער די ליכטיקע שייך! אָבער פאר די אויגן דרייען זיך שווארצע רעדער, שווער מיר צו דערזען דאָס ליכט, בעסער די אויגן פארמאכן, דאָס ליכט איז שוין נישט פאר אונדז... עס דערהערן זיך שטארקע באַוועגונגען פון מערדעריש שנעלע טריט, און באַלד דערנאָך אַ געדיכט שיסן פון האַנט־ און מאשין־געווער. די שיסעריי זאָגט אָן, אז דער צוג רירט פון אָרט. און שוין שלעפן אונדז די צוויי לאָקאָמאָטיוון. דורך די שפּארעס זע איך צום לעצטן מאָל די פעלדער און וועלדער, דעם זון־אויפגאנג, ווי זי וואָלט פון אַ באַהעלטעניש ארויסקריכן, אויף צו בלייבן אן עדות און צו קוקן צו דער מערדערישער שאַנד־טאַט, וואָס ווערט אָפּגעטון אונטער איר. איך קוק צום לעצטן מאָל מיט צעשטרייטע בליקן אויף דעם אומעטיקן פּייזאַזש פון סאָסנע־ביימער, אין זומפּן, גרויע אומעטיקע געביידלעך, פּויערישע כאַטקעס, אלץ בלייבט הינטער מיר. דאָס אַלץ בלייבט נאָך לעבן. אָפּקלאַנגען פון געדיכטע ביקסן־שאָסן רייסן זיך אריין אין די רוישנדיקע אויערן. איך קוק מיך ארום נעבן מיר, אלעמענס פּנימער זענען אזוי בלאס! זע איך אויך אזוי אויס? איך באַוועג מיט מיין קאָפּ. יאָ, איך קאָן אים נאָך רירן. לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, הייבט דער צוג אָן האַמעווען זיין שנעלקייט, עס זאָגט אָן, אַז טרעבלינקע דערנענטערט זיך.




דער וועג צום טויט

# אַ טאָג אין טרעבלינקע

דער צוג בלייבט שטיין און אַ מוראדיקע שפּאַנונג כאַפּט אַלעמען אַרום. דער מאָמענט דויערט אָבער קורץ, מען הערט באַוועגונגען צווישן די וואַגאָנען און באַלד הייבט ווידער אָן צו גיין די באַן, אָבער שוין מיט אַ צווייטן גאַנג, לאַנגזאַם ווי צו דערפאָרן אויפן ריכטיקן אָרט. עס פאַרהאַקט זיך דער אָטעם און אין אַ קורצער ווײַלע אַרום בלייבט דער צוג שטיין. מערדערישע הענט רייסן אויף די פאַרהאַקטע טירן מיט ווילדע חיהשע געשרייען צום אַראָפּגיין.

עס שווינדלט מיר פאַר די אויגן, אָבער איך פאַרמאָג נאָך קרעפטן צו האַלטן זיך אויף די פיס, איך רייס מיך אַרויס פון דער איינגעפרעסטע־מענטשן־מאַסע אין וואַגאָן. אַ סך פון די פריער שטייענדיקע אין ענגשאַפט פאַלן איצט אום ווי פאַרשטייפטע, דער גרעסטער טייל באַווייזט נאָך אַראָנצוקריכן האַלב לעבעדיק. ביים אויסשטייגן באַמערק איך ווי דער צוג איז קירצער געוואָרן אויף אַ מער ווי אַ העלפט. איך קאָן דאָס נישט פאַרשטיין. עס פאַרדריסט מיך וואָס איך בין נישט אין יענעם טייל צוג, וואָס איז נישט דערפאָרן קיין טרעבלינקע. איך קוק מיך אַרום און דערזע, נישט ווייט, אַ וואַקזאַל־געביידע מיט דער אויפשריפט „טרעבלינקע". עס הערט זיך דאָס שפּילן פון אַן אָרקעסטער. אין ערשטן אויגנבליק בין איך ווי צעמישט. וואָס שפּילט דער אָרקעסטער? וואָס עפּעס אויף דער באַן־סטאַציע? איך האָב מיך פאַרגעשטעלט, אַז איך פאָר גלייך אַריין אין די טויט־קאַמערן. ביז דעם מאָמענט האָב איך מער ווי טויט אַרום זיך נישט געזען. און ווידער הייבן מיך אָן צו באַהערשן פיינלפולע געדאַנקען, אויסגעמישט מיט אומפאַרשטענדלעכע האָפנונגס־געפילן, אפשר געפינען מיר זיך נישט אין פאַרניכטונגס־לאַגער, נאָר אין דעם אַרבעטס־לאַגער טרעבלינקע נומער 1? איך אָטעם אײַן פרישע לופט, וואָס מישט זיך אין מיר אויס מיט די פאַרעיפּושטע ריחות פון טויט־צוג. 4 אוקראַינער אין טונקל גרינע אָנצוגן הייבן אָן קלאַפּן נעבן מיך וואַגאָן מיט אַ גומע איבערן קאָפּ, דאָס קלײַבן זיי אויס, ווער עס איז נאָך פעיק אַראָפּצוטראָגן די טויטע פון די וואַגאָנען אין די שוין צוגעגרייטע אָפענע גריבער. איך בין צווישן די אויסגעקבליבענע, פיל אַזעלכע קלייבט מען אויס, ווייל עס זענען פאַראַן אַ סך טויטע אין די וואַגאָנען.

די ס. ס. און אוקראַינער שלאָגן מכות־רצח מיט גומעס און שטעקנס. עס ווערן צעבלוטיקט פּנימער און קעפּ פון די האַלב משוגענע יידן. פון די גומעס און שטעקנס שפּריצט יידיש בלוט. ווילדע געשרייען פאַרהילכן: „אויסשטעלן זיך אין רייען!"

עטלעכע טויזנט מענטשן שלעפּן זיך מיט פּעק, זעק, וואַליזעס, ראַנצן אויף די פּלייצעס. צווישן זיי אַ טייל פרויען מיט קינדער אויף די הענט; אַלטע לייט, וועלכע האַלטן זיך קוים אויף די פיס און ווערן אונטערגעהאַלטן פון זייערע נאָענטע קרובים. אַ מוטער שרייט מיט וויינענדיקע קולות און טרייסלט איר קינד, וואָס איז שוין טויט, טרייסלט עס ווי זי וואָלט עס געוואָלט אויפוועקן פון אייביקן שלאָף. קראַנקע מיט בלאַסע פּנימער באַמיען זיך צו מאַכן געזונט און רירעוודיק אונטער די שטרענגע באַפעלן פון די מערדער.

עלטערן היטן אָפּ זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן זיך נישט פארלירן. פון אַנדערע ערטער הערט מען שרייען און וויינען קינדער, וואָס זוכן זייערע פארלוירענע עלטערן. מען הערט רופן נעמען פון אַזעלכע, וואָס האָבן זיך פארלוירן פון זייערע נאָענטע, עס שרייען פון פארצווייפלונג די, וועלכע האָבן אין די וואגאָנען געלאָזן טויט זייערע נאָענטסטע קרובים. אין א דערבייאיקן וואגאָן שטייט אַ יונג פארצווייפלט מיידל, וואָס וויל נישט ארויסגיין פון וואגאָן דאָרט איז טויט געבליבן די מוטער, מיט וועלכער זי וויל זיך נישט שיידן, מערדערישע הענט טוען זיך שנעל מיט איר דערליידיקן און שלעפּן זי ארונטער. אַ געדראַנג פון טויזנטער יידן, אַלט און יונג, קראנקע און געזונטע. צונויפגעדריקט איך רייען, באַוועגן זיך לאנגזאם אלע אין ריכטונג צו דער „וואַקזאַל"־געביידע, אונטער די ארנונגסבאַפעלן פון אוקראַאינער און דייטשן. אַ טייל מערדער קוקן אויף די יידן מיט עפּעס אַ פארדעכטיקן, צוריקגעהאַלטענעם חוזקדיקן בליק און באפעלן מיט א ציניישן געלעכטער שנעלער זיך פארטיק מאַכן צום רעגיסטרירן זיך אויף דער צווייטער זייט וואַקזאַל...

ווען לענגאויס דער באַן־ליניע איז שוין געווען אָפּגערייניקט פון די אלע, וואָס האָבן געדארפט אריבערגיין דעם „וואַקזאַל", זענען נאָר געבליבן די, וואָס זענען אויסגעקליבן געוואָרן צו באַגראָבן די טויטע פון די וואַגאָנען. מען סאָרטירט אונדז אין גרופּן צו 10 מאַן אומגעפער ביי אַ 20 אזעלכע גרופּן זענען מיר געווען, מען טרייבט אונדז ווידער אריין אין די וואגאָנען, און דער צוג רירט אויף אייניקע מינוטן, ביז ער בלייבט ווידער שטיין. נישט ווייט פון דעם אָרט, צווישן זאַמדיקן באָדן, ארומגערינגלט מיט סאָסנע וועלדלעך, געפינען זיך אויסגעגראָבענע גריבער. די מערדער באַפעלן אראָפּצוטראָגן די טויטע און אריינשליידערן אין די גריבער, די ארבעט מזו צוגיין שנעל לויט די באַפעלן פון די מערדער. פון מיין גרופּע שטייען אייניקע אין די וואַגאָנען און שלעפּן אַרונטער די טויטע, און די וואָס שטייען אויף דער ערד, טראָגן זיי אריבער צו די גריבער.

שטייען די מערדער און קוקן זיך צו ווי צו אַ געוועונלעכער ארבעט. ווי מיר שלעפּן די טויטע און ווי מיר ברעכן זיך אין דרייען. מיר טראָגן אין שלעפּן געיאָגטע, נישט דעם אָטעם צו כאַפּן, מיר זענען ווי לעבעדיקע

מומיעס, וואָס באַוועגן זיך ווי היפּנאָטיזירטע, נאָכן ווילן פון די מערדער, געטריבן פון ווילדע געשרייען און אומברחמנותדיקע קלעפּ. ס. ס. לייט מיט אויסגעטשעלטע ביקסן שטייען אין די זייטן און אָבסערווירן, צו יעדער באַוועגט זיך לויט זייערע ווילדע באַפעלן.

פיל פון די באַגרעבער האָבן דערקאָנט אין די טויטע זייערע נאָענטע קרובים, ווען וועלכער פון די באַגרעבער האָט נאָך געקאָנט דערביי אַרויס־וויזן געפילן פון צוזאַמענברוך, האָבן דאָס די מערדער גלייך דערשטיקט מיט די הילף פון שטעקנס און גומעס. געוועזן פיל פאַלן פון דערשיסן ביים שלעפּן די טויטע, בפרט די, וועלכע האָבן זיך פיזיש איינגעבראָכן. מיינע פאַרשטיינערטע גלידער ווערן אין מיר דערציטערט, ווען איך מוז מיין אַלטן פריינט בוב שלעפּן צום אָפענעם גרוב זיך ווילן איז דאָך געווען שטאַרבן נישט אָנקוקנדיק טרעבלינקע... איך בין אים מקנא, וואָס ער קאָן שוין נישט זעען און פילן דעם דאָזיקן שוידער שנעל ווערט דער צוג אויס־געליידיקט און פאָרט אָפּ מיט די ליידיקע וואַגאָנען אין דער זעלבער ריכ־טונג פון וואַנען ער איז געקומען. איינצלנע פון די מערדער פאָרן מיט, און מיר בלייבן נאָך פאַרזאַמלט, עס זעט אויס, אַז מיר זענען נאָך נישט פאַרטיק מיט דער אַרבעט.

די מערדער באַפעלן: מיר זאָלן זיך אויסזעצן. ווער עס וועט זיך רירן פון אָרט, וועט אַריינגעשליידערט ווערן אין דעם אָפענעם קבר מיר בלייבן זיצן, יעדע גרופּע באַזונדער. אַלע זענען פאַרשטומט. קיינער רעדט נישט, מען קוקט אפילו נישט איינער אויפן צווייטן. קיינער קאָן נישט רעדן, די טויט ־ אַטמאָספער האָט אונדז באַהערטש. אַלץ איז אָפּגענומען אָבגעטויט, יעדע אייגנשאַפט פון פילן און טראַכטן, מיר זענען איצט שאָטנס פון מענטשן, וואָס זייער לעבן איז שוין אַוועקגענומען.

זיצן מיר אַזוי אומבאַוועגלעך, אַרומגערינגלט מיט וואַלד און אָפענע מאַסן־קבֿרים. עס האָט אונדז שוין אויפגעהערט צו קימערן דאָס שוידער־לעכע, עס שרעקט שוין נישט מער דער טויט. עס איז פאַרלוירן געגאַנגען דער ווילן צום לעבן, ווייל מען האָט אויפגעהערט צו טראַכטן. מען פילט נישט די וואַרעמקייט פון דער זון און נישט קיין צימער פון דעם גרויל. מען האָט אויפגעהערט צו זיין מענטשן.

אַזוי גייט פאַרביי אַ שעה־צווייי, וואָס ציט זיך ווי אַן אייביקייט, די זון איז שוין געוווג הויך אויפגעגאַנגען אויפן הימל, וואַרעמט און באַ־לייכט די מערדער און זייער אַרבעט.

עס דערהערט זיך דאָס קלאַפּן פון באַן־רעדער, עס דערנענטערט זיך צו אונדז די אַנדערע העלפט צוג, וואָס איז געבליבן ערגעץ צווישן אַ וואַלד.

די מערדער באַפעלן: אויפשטעלן זיך! און ווידער די זעלבע ווילדע יאָגעניש אַראָפּצושלעפּן די מתים פון די וואַגאָנען. דאָסמאָל איז דאָ ווייניקער

טויטע, אָבער דער גרעסטער טייל זענען פרויען און קינדער.

אין איין וואַגאָן שטויסן מיר זיך אָן אויף אַ טויטע פרוי, וועלכע ליגט צוזאַמענגעדריקט מיט אַ קינד, וואָס איז געבליבן אין אירע פאַרשטייפטע הענט. זיכער האָט די מוטער איר טויט קינד נישט אַרויסגעלאָזט פון די הענט, עס צוגעדריקט צו זיך מיט מיטערלעכער ליבע און פאַרצווייפלונג, פילנדיק, אַז אויך זי שטאַרבט צוזאַמען מיט איר קינד, דאָס מויל פון דער מוטער איז אַזוי געבליבן פאַרקרימט ביי דער לעצטער קללה, וואָס זי האָט געגעבן דער וועלט פון די מערדער.

אין די וואַגאָנען געפינט מען ליגן אויסגעטונקען אין כלאָריק־קאַלך שפּילצייג פון קינדער, ווייסע ברויטן, איינגעפּאַקט געדויכערט פלייש, ציגאַרןשאַכטלען, ברילן, דער איינציקער אָנדענק פון די, וואָס האָבן מיטגעמאַכט דעם לעצטן וועג אין די טויט־צוגן.

ווען די מערדער האָבן פעסטגעשטעלט, אַז מיר זענען שוין פאַרטיק מיט דער אַרבעט, ווערן די גרופּן פונאַנדערגעטיילט. דער גרעסטער טייל בלייבט אָבער אויף די זעלבע ערטער, און איך האָב זיי שוין מער נישט געזען. איך געפין זיך צווישן די גרופּן, וואָס ווערן געטריבן לענגאויס דער באַן־ליניע, וואָס זענען ביי די זייטן באַוואַקסן מיט בוימער, אין דער ריכטונג צום פאַרניכטונגס־לאַגער.

מיט לאַנגזאַמע טריט, קוים וואָס מען שלעפּט די פיס, דערנענטערן מיר זיך צום אָרט פון די צום טויט־פאַרמישפּטע, צו דער „וואַקזאַל־געביידע. איצט הערט מען שוין נישט דאָס שפּילן פון אָרקעסטער. נישטאָ וועמען מער צו נאַרן, די פּאָר צענדליק קרבנות, וואָס ווערן איצט געטריבן, פאַר זיי דאַרף מען שוין נישט קיין אָרקעסטער, מיר זענען שוין פאַרטויבט און מאַכטלאָז.

צווישן מיין גרופּע געפינען זיך טשעכישע יידן, וואָס ווייסן נאָך אַלץ נישט, וואָס פאַראַ גורל עס דערוואַרט זיי. איינער מיטן צווייטן טאָר זיך נישט צוזאַמענרעדן, ווער עס היט נישט אָפּ די פאַראָרדנונג, ווערט זיין קאָפּ געשפּאָלטן מיט דער הילצערנער קאָלבע פון ביקס.

מיר גייען אַריבער די וואַקזאַל־געביידע, עס מאַכט אַן איינדרוק פון אַ ריכטיקן וואָקזאַל. אַ פענצטערל פון אַ קאַסע, שילדלעך מיט אויפשריפטן פון פאַרשידענע שטעט, פאַרמאַכטע טירן מיט פאַרשידענע איפשריפטן. אַ באַאַמטער פון דער דאָזיקער געביידע, אין א גראַנאַט אַנצוג, קוקט זיך צו ווי מיר ווערן געטריבן פון די מערדער דורך דער דאָזיקער געביידע. וואָס פוסטעוועט איצט, מיר גייען אַדורך אַן אויסגעטרעטענעם פּלאַץ און עס איז לייכט צו דערקענען, ווי הונדערטער טויזנטער פיס זענען דאָ פאַרביי. עפּעס שרעקלעך באַאומרואיקנדיק האָט אויסגעזען דער פּלאַץ, וואָס איז געווען הויך אַרומגעצוימט מיט שטעכיק דראָט. מען זעט נאָך דאָ אַרוםוואַלגערנדיקע זאַכן, ווי אַלטע מלבושים, צעריסענע וואַליזעס, כלים. די

טשעכישע יידן קוקן זיך באַאומרויקט ארום, א מוראדיק געפיל כאַפּט אלעמען ארום, מיר בלייבן אַ ווײַלע שטיין און באַלד פירט מען אונדז ווייטער צווישן אַ גאַנץ הויכער וואַנט פון דראָטן, באַדעקט מיט צווייגן. מיר גייען אַלע פאַרביי אַ לאַנגען און זייער ברייטן גרוב, אָנגעוואָרפן מיט שטעכעדיקע דראָט, און באַלד דערזעט מען הילצערנע טורעמס, פון וועלכע עס קוקן אראָפּ מערדער ביי אָנגעשטעלטע גרויסע מאשין־ביקסן פון אלע זייטן. עס נעמט ארום אַ שרעקלעך געפיל. נישטאָ שוין קיין וועג אויף צוריק.

מיר ווערן ווייטער געטריבן אויף א פרישן גרויסן פלאַץ, וואָס איז געוואלדיק ארומגעצוימט, אייניקע מאָל גאַנץ הויך מיט אַ נעץ פון געדיכטן דראָט. אויפן מיטן פלאַץ שטייט אַ גרויסע געביידע, ביי די זייטן שטייען באראקן, מען זעט לאַסט־אויטאָס פון דערווייטנס זעט מען אַ סך ציווילע מענטשן און מיליטעריש־באַוואָפנטע מערדער, אין שווארצע און גרינע אַנצוגן. עס דרייען זיך ארום מערדער מיט האַנט־גראנאטן, אויטאָמאַטן, רעוואָלווערן אין די הענט, מען זעט נאָך רעשטלעך פון דעם פריער גרויזאַמען צוג פון דער פיל טויזנט־קעפּיקער מאַסע. זיי זענען נאַקעט און ווערן געטריבן „זיך באָדן", אין דער ריכטונג צו דעם באראק, וואָס שטייט אין מיטן פון ריזן־פלאַץ. עס הערן זיך מוראדיק ווילדע געשרייען פון די מערדער, געשרייען פון פארצווייפלטע יידן, וועלכע האָבן' דערזען דעם טויט. די געשרייען ווערן אויסגעמישט מיט בילן פון צעווילדעוועטע הינט. דאָס אַלץ זאָגט אָן דעם סוף פון לעבן.

די פריש־געקומענע טשעכישע יידן קוקן אומרואיק אויף אלע זייטן, זיי קאָנען נישט פארשטיין, ווו זיי געפינען זיך, אין זייערע צעשראָקענע אויגן און בלייכע פּנימער דערקענט מען, ווי עס פייניקן זיי ווילדע געדאַנקען. ווו זענען זייערע קרובים, וואָס זענען דאָ פריער אויסגעשטיגן? ווו איז די אַרבעט אין לאַגער, וואָס זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט? וווּהין גייען די נאַקעטע מענטשן? וואָס באַדייטן די ווילדע געשרייען? אַ מוראדיקע שרעק און הילפלאָזיקייט באהערשט אלע. פאַר מיר איז אַלץ קלאָר. איך ווארט אָפּ דעם טויט, וואָס איז אומפארמיידלעך אין דעם דאָזיקן גיהנום.

מיר שטייען אַזוי אַ קורצע צייט מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן. מען האָט מורא צו קוקן אין די אויגן פון טריאומפירנדיקע מערדער, מען קוקט אויף דער ערד, וואָס וועט אונדז באַלד אין איר אייביקייט פארשלינגען. אזוי שטייען מיר ארומגערינגלט מיט מערדער, וואָס וואַרטן־אָפּ דעם באַפעל, וואָס צו מאכן מיט אונדז.

עס באַווייזט זיך אָן ס. ס.־אָפיציר מיט אַ טויטן קאָפּ אויף דער ברוסט, מיט אַ פּיסטאָלעט אין דער האַנט, באַגלייט פון אוקראַינער, וועלכע האָבן אונדז געטריבן, און מען הייבט אָן ווידער פונאַנדערטיילן די גרופּן.

איך מיט נאָך אייניקע יידן ווערן צוגעפירט צווישן גרויסע באַראַקן, וועלכע זענען אָנגעפּילט מיט מלבושים און שוכוואַרג. אין אַ ווינקל פון אַזאַ באַראַק זיצן אייניקע יידן און ציען רינגעלעך אויף שטריקלעך. מיר בלייבן זיצן אַזוי ווי זיי, די פיס אונטער זיך, ביי פולע קעסטלעך מיט רינגעלעך און ציען עס אויף שטריקלעך, ביז זיי ווערן פיל צום פאַרבינדן.

אין מויל איז אַזוי טרוקן מיט שטויב. עס וואָלט זיך אַזוי געוואָלט אַ שלוק טון אַ ביסל וואַסער צו דערהאַלטן נאָך די קרעפטן, וואָס גייען לאַנגזאַם אויס.

אַ יינגל פון אַנטקעגנאיבער אונדז, וואָס טוט אויך די זעלבע אַרבעט, בעט ביי אַ מערדער אַ ביסל וואַסער, דער אוקראַינער ווייזט אים אויף אַן עמער וואַסער, וואָס שטייט נישט ווייט פון אונדז ביי אַ לייטער. דאָס געפייניקטע יידישע יינגל, וואָס זעט אויס אַזוי שרעקלעך פאַרמאַטערט מיט פאַרטריקנטע ליפּן, הייבט זיך אויף און גייט צום עמער, דער אוקראַינער גייט אים נאָך. דאָס יינגל בייגט זיך איין איבער דעם עמער, מיט אַן אָפן מויל, ווי ער וואָלט געוואָלט דעם גאַנצן עמער איינשלינגען. בעת דאָס יינגל בייגט זיך אַזוי, גיט אים דער אוקראַינער אַ קאָפּ אין פּנים מיטן זעלנערישן שטיוול און טרעפט אים גלייך אין די אייגן אַריין. דאָס אומגליקלעכע יינגל כאַפּט זיך פאַרן אויסגעהאַקטן אויג. אַ שטראָם בלוט גיסט זיך אין זיין אָפן מויל — אַנשטאָט דעם וואַסער צום טרינקען. דער אוקראַינער לאַכט סאַדיסטיש און פרעגט זיך אויף פּויליש: „ווילסט נאָך וועלן טרינקען? — מאַרש צו דער אַרבעט!" דאָס יינגל קאָרטשעט זיך איין פון ווייטיק און ווערט אוועקגעשלעפּט פון מערדער.

און מיר ציען נאָך אַלץ אַרויף אויף די שטריקלעך די רינגלעך. אונדזערע הענט ציטערן צוזעענדיק די דאָזיקע סצענע. איך פיל שוין נישט, אַז אין מויל איז מיר אַזוי שלעכט, אַזוי טרוקן די צונג, באַקלעפּט מיט זאַמד. איך דאַרף שוין נישט קיין טראָפּן וואַסער אין מויל.

אויפן טויט־פּלאַץ איז איצט שטיל. די קולות זענען פאַרשלונגען געוואָרן אין די טויט־קאַמערן. בלויז צו אונדזערע פיין נעמט ניטש קיין סוף. מען זעט פיל מערדער זיך אַרומדרייען אין אַ שיכורן צושטאַנד, פון דערוויטנס רוישן אומאויפהערלעך מאָטאָרן, פון לאַגער־פּלאַץ פאַרן אַרויס און אַרייז לאַסט־אויטאָס. דער גיהנום האָט געביטן זיין אויסזען. אַ פרישאָנגעקומענער וואָלט דורכאויס נישט פאַרשטאַנען, אַז ער געפינט זיך איצט אין אַזאַ שרעקלעכן פאַרניכטונגס־לאַגער.

פּלוצלונג דערהערט מען פייפן. שכורע מערדער מיט ווילדע קולות רופן:

— אויפשטעלן זיך!

אַ דערציטערטער רייס איך מיך אויף פון דעם אָרט און פאַל צוריק אַ נידער, די פיס זענען מיר איינגעבראָכן. איך קאָן שוין מער נישט שטיין.

עס פּרוּוון מיך אונטערהאַלטן די, וואָס האָבן מיט מיר געאַרבעט. אין דעם מאָמענט לויפט צו אַן אוקראַינער און הייבט אָן מיט אַ גומע אונדז צו שלאָגן איבער די קעפּ. עס רינט בלוט פון די פּנימער און קעפּ. אים צו הילף קומען נאָך אנדערע מערדער און שלאָגן אונדז איבערן גאַנצן לייב. זייערע גומעס ווערן אויסגעטונקען אין אונדזער בלוט. איצט קאָן איך שוין שטיין אויף די פיס. האַלב משוגענע ווייסן מיר נישט, וואָס מיר זאָלן טון, וואָס די מערדער פארלאנגען פון אונדז. אָנקוקנדיק די ווילדקייט פון די מערדער אין שכורן צושטאַנד, דאָס חיהשע ברומען מיט קריצנדיקע ציין און ווילדע אויגן, וואָס זענען אזוי בלוטדורשטיק, די צעטראָגנקייט און די שרעק, וואָס איז אויסגעגאָסן ביי יעדן געפּייניקטן ייד אויפן צע־בלוטיקטן פּנים, זאָגט אָן, אַז אונדזער גורל איז געצייכנט. ווער ווייסט, וואָס פאַראַ טויט די ווילדע מערדער האָבן אונדז אויסגעקלערט צו שטילן זייער איצטיקע ווילדקייט.



אַ מתים־באַרג

עס קומען נאָך ס. ס.־מענער און הייסן טרייבן אלעמען צום ארויס־גאַנג דורך אַ טויער פון דאָרט, נעבן דער באַן־ליניע, ווו עס שטייט אַ ליי־דיקער קורצער צוג און ווו לאסט־אויטאָס פירן צו מלבושים געפּאַקט אין ראָלן.

וואָס זאָל דאָס באדייטן? נישט טויטן פירט מען אונדז? די מערדער שפּילן זיך נאָך מיט אונדזער גורל? מען וועט ווידער ארבעטן, ווען די כוחות גייען שוין אויס.

פון דערווייטנס הינטער אונדז טרייבט מען נאָך אנדערע יידן אויפן זעלבן אָרט. פון דער אונטערשטער פּאַרטיע דערטראָגן זיך משונהדיקע לידער, וואָס גרילצן אין מיינע אויערן. דאָס געזאַנג, ווי געשרייען פון משוגעים, ווערט אויסגעמישט מיט אַ חוזקנדיק לאַכן פון די צעיושעטע מערדער, וואָס קייכן און ווילן זיך פון זייערע קרבנות. אונדזער גרופּע פארנעמט אַן אָרט נישט ווייט פון צוג. מיר בלייבן שטיין ווארטנדיק, ביז עס וועלן אָנקומען די טרייבנדיקע פון הינטער אונדז. עס דערנענטערט זיך דאָס געזאַנג פון די גרופּעס יידן, וואָס ווערן געטריבן אין מיליטערישן מארש. זיי מארשירן פארביי אונדז, ארומגערינגלט מיט פיל באַוואָפנטע מערדער.

עס גייען לעבעדיקע מתים און שלעפּן צום טאַקט זייערע פיס, וואָס זענען ווי שטאָלצן, וואַרפן מיט די הענט, וואָס הענגען ביי זיי נאָך ווי די בייטשן. שרייען פון די מיילער אַ משונהדיק ליד, וואָס ווערט דיריגירט פון די וואנדאלן, א שדים־מאַרש מיט אַ דיבוק־געשריי פון די הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס די טרעבלינקער קאלך־אויוונס האָבן דאַן שוין געהאַט איינגעשלונגען.

די לעצטע גרופּע, וואָס ווערט געטריבן, באַשטייט פון אַ 12—15 יידן. עס שלעפּט זיך נאָך אַ יונגערמאַן, וועלכער ווערט שטאַרק געשלאָגן. דער דאָזיקער ייד קאָרטשעט זיך אונטער די גומי־שטעקנס, וואָס פאלן אויף אים און שרייט און רופט עפּעס מיט אַן איבערנאַטירלעכן כוח. די דאָזיקע גרופּע ווערט גלייך איזאָלירט פון אלע. מיט שרעק קוקן מיר צו זיי און קאָנען נישט פאַרשטייך, וואָס עס קומט פאָר, צו די געשרייען פון דעם איינעם פאראייניקן זיך נאָך מער פון דער גרופּע, מען דערהערט אויסרופן יידן... אַ טויט... שנעל קומען נאָך אַנדערע מערדער, וועלכע רינגלען ארום די דאָזיקע גרופּן און שלעפּן זיי אוועק טיפער אין פעלד, פונדערווייטנס, אין דער לופט, צעטראָגן זיך די זעלבע געשרייען פון די געשלאָגענע. די מערדער האַנדלען געוואלדיק שנעל און פארשלעפּן די קרבנות. די צעיושעטע מערדער הייבן אָן אויך אונדז שלאָגן און טרייבן אין דער זעלבער ריכטונג. מען באפעלט אונדז שנעל זיך אויסטון. אלע רייסן פון זיך אַראָפּ די קליידער, מיר בלייבן נאַקעט. דאָס אַלץ קומט פאָר מיט אַ בליץ־שנעלקייט, לויט די באַפעלן פון די מערדער.

מיט ווילדע געשרייען באַפעלן די מערדער זיך אויסשטעלן אויף די קני מיט די הענט הויך אויסגעצויגן, די פריער פאַרשלעפּטע גרופּע ווערט געשלאָגן מכות־רצח. דער יונגערמאַן, וואָס האָט פריער געשריען, ליגט שוין אָן א זייט אויפן זאמדיקן באָדן אַ טויטער. די גאנצע גרופּע ווערט מוראדיק געקאַטעוועט. עס קומט אַ מערדער מיט אַ הונט, וועלכער רייסט און בייסט שטיקער פון די, וואָס ווערן אזוי שרעקלעך געשלאָגן און געשטאָכן מיט באַגנעטן. איך פאַרמאַך די אויגן. זאָל איך בעסער נישט

זענען, וואָס עס טוט זיך. פאַרוואָס אַזוי פיל מאַטערנין פאַרן טויט? דער טויט אליין איז דאָך נישט אזוי שרעקלעך ווי דער גרויל און פיין פאר אים. פארוואָס קלאַפּט נאָך מיין האַרץ? פאַרוואָס לעב איך נאָך?

אָבער אין דעם שרעקלעכן גיהנום טרעבלינקע קומט נישט אָן דער טויט אזוי לייכט. די מערדער האָבן ליב די סאדיסטיש־בלוטיקע שפּיל מיט זייערע קרבנות און מיר מוזן פארגליווערטע אַזוי קניען.



נאָך אַ מאַסאַקרע

ווען פון דער גאַנצער גרופּע יידן איז שוין געווען אַ שטיק בלוטיקע מאַסע, הייבט אָן אַן אויטאָמאַט שיסן איבער אונדזערע קעפּ. איצט מעג איך שוין מיינע אויגן אויפמאכן. דע מענטשן־פרעסער קריגן מיטלייד אויף אונדז און שוין וועט אַ קויל אַן ענדע מאַכן צו אונדזערעליידן.

גאָט מיינער! קיינער פאלט דאָך נישט טויט פון אונדז! אויטאָמאַטן שיסן און מיר אַלע קניען ווייטער מיט די אויסגעצויגענע הענט! וואָס קומט דאָ פאַר? דאָס שפּילן זיך די מענטשן־פרעסער אזוי מיט אונדז. אזוי לייכט קומט נישט אָן דער טויט אין טרעבלינקע פון די, וואָס זענען נישט באַלד געטויט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן.

טויט־פארגליווערט, דערפיל איך שטאַרקע קלעפּ אויף מיין נאַקעטן קערפּער. ווי לאַנג עס האָט געדויערט, ווי די גומי־שטעקנס האָבן איבער־געריסן מיין פארגליווערונג, געדענק איך נישט. איך האָב דערזען ארום זיך שטייענדיק שוין אויף די פיס נאַקעטע יידן. די מערדערלעכע קלעפּ

האָבן מיך צוריק אויף די פיס געשטעלט. מיט ווילדע באַפעלן ווערן מיר געיאָגט צוריק צום צוג.

איך לויף נאַקעט נישט וויסנדיק, וואָס מיט מיר טוט זיך, ווי געטראָגן פון אַ שטורעם־ווינט. ביים צוג שטייען יידן און פילן אָן די וואַגאָנען מיט די גרויסע פעק מלבושים. מיר ווערן צוגעטריבן צו אַ וואַגאָן. איך מיט נאָך אַנדערע זעקס יידן קריכן ארויף אויף אַ וואַגאָן און פאַרפאַקן די מלבושים, וואָס מען דערלאַנגט אונדז פון אונטן. דער וואגאָן ווערט לאַנגזאַם פארפולט. די מערדער ווילדעווען און יאָגן־צו די ארבעט.

איך דערפיל אַ שטאַרקע שרעק פאַר אַזאַ טויט, וואָס איך האָב מיט מינוטן צוריק געזען. עפּעס הייבט מיר אָן שווינדלען פאר די אויגן. איך וויל אנטלויפן — עס פאלט מיר איין אַ געדאַנק: אפשר זיך באַהאַלטן אָט דאָ, אין דעם לאָך צווישן די קליידער, ווער וועט דען זען? די מערדער זענען שיכור און זעען מיך נישט. די יידן, וואָס זענען מיט מיר, וועל איך לאָזן צוערשט אַראָפּגיין, איך וועל בלייבן דער לעצטער און זיך באַהאַלטן אין דעם לאָך, וואָס איך גרייט פאר מיר צו, איינפּאקנדיק די ראָלן. מען מוז אַנטלויפן פון דעם שרעקלעכן גיהנום!

דער געדאַנק צעטרייסלט מיינע אָפּגעטויטע נערוון. יעדע סעקונדע, וואָס פאַרציט זיך, — זענען שעהן. דאָס פענצטערל פון וואַגאָן פאַרשטעל איך, אז עס זאָל נאָך מער טונקל ווערן, דער געדאַנק און ווילן צו אַנטלויפן איז ביי מיר אַ ספּאָנטאַנער אויסברוך, וואָס האָט מיך אינגאַנצן צעטרייסלט. נישט פון קעלט טרייסלט זיך איצט מיין נאַקעטער קערפּער אין דעם פארנאכט אין וואַגאָן, דאָס ארבעט מיין אונטערבאַוווסטזיין, דאָס האָבן זיך צעשאָקלט די פריער אָפּגעטויטע נערוון. עס טרייסלען זיך מיינע הענט און פיס, עס ווארפט זיך אין משוגעת־קאָנווולסיעס מיין גאנצער קערפּער.

עס דערהערן זיך פייפן און באפעלן אראָפּצוגיין פון די וואַגאָנען, זיך אויסשטעלן אין גרופּן. ווילדע געשרייען פון די מערדער און ווידער שלעגעריי. איך זע ווי די האַלב־טויטע יידן, וואָס האָבן מיט מיר געארבעט אין וואגאָן, הייבן אָן אַראָפּקריכן. קיינער פון די אַראָפּקריכנדיקע קוקט זיך נישט אום, וואָס הינטער אים טוט זיך, לאָזן זיך אַראָפּ ווי אין אַן אומענדלעכן טיפן אָפּגרונט, וואָס דאַרף זיי גלייך פאַרשלינגען.

און איך ליג שוין פארשטעקט אַן איינגעקאָרטשעטער אין מיין מלבושים־לאָך. איך פאַרמאַך די אויגן, כאָטש אַרום מיר איז אַ פינצטערניש. מיין האַרץ קלאַפּט אזוי שנעל ווי די מערדערישע אויטאָמאַטן.

עס דערהערן זיך טריט. איך האַלט־אויף מיין אָטעם. עמיצער פאַרהאַקט די טיר פון וואַגאָן.

אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט מיין נאַקעטן קערפּער, דערפילנדיק אַז מען דערווייטערט זיך פון דעם אָרט. הייסט עס, אַז די טיר איז שוין

אײנגעאַנצן צוגערוקט און איך בין שוין פאַרשטעלט פון די מערדערישע אויגן.

פּלוצלינג דערפיל איך ווי דער צוג הויבט אָן רירן! איז עס ווירקלעך אַזוי, אָדער דאַכט זיך מיר דאָס בלויז? יאָ! דער צוג גייט! איך קריך האַסטיק ארויס פון לאַך, באַפריי מיך פון די פעקלעך, וואָס האָבן מיך פאַרשטעלט, דעק אָפּ דאָס פאַרשטעלטע פענצטערל. עס רייסט זיך אַריין אַ העלע לבנה־ליכט. איך דערפיל ווי דער צוג צעלויפט זיך מיט אַ שנעל־קייט. מיינע געדאַנקען הויבן אָן זיך שנעל קאָנצענטרירן, ווו און ווי אַזוי צו שפרינגען. איך שטעק אַרויס דעם קאָפּ דורך דעם פענצטערל און קוק מיך ארום — איצט זעט מען נישט די מערדער אויף די וואַגאָנען־טרעפּלעך גרייט צום שיסן. עס כאַפּט מיך ארום די נאַכט־ליכטיקייט, עס שווינדלט מיר פאַר די אויגן די טעלעפאָנישע סלופּעס און ביימער, וואָס פאַרשווינדן פאַרביי דעם דורכלויפנדיקן צוג. מיינע אַלע חושים זענען קאָנצענטרירט אַט צו דעם פענצטערל, דורך וועלכן איך מוז ארויסגעשפּרינגען. אַזוי לויפט דער צוג מיט מיין ארויסגעשטעקטן קאָפּ, וואָס גאַרט איצט זיך צו באַפרייען, ווי אַ ווילדע חיה פון אַ שטייג.

רוישן די לויפנדיקע רעדער אַזוי שטאַרק אין מיינע אויערן? אָדער שרייען די מתים אַזוי ארויס פון די קליידער? יענע מתים פון דעם ריזיקן מאַסן־קבר אין וואַלד. נישט קיין קליידער ליגן דאָ, עס ליגן צונויפגעפרעסט די טויטע, וואָס זענען נאָך נעכטן אין די קליידער געווען. און פון אָט די קליידער האָבן זיי זיך ערשט צעשריגן, עס שרייען ארויס די קינדער פון די קליידלעך, עס שרייען די אַלטע לייט פון זייערע וואַרעמע ווינטער־מאַנטלען, עס שרייען מוטערס פון זייערע פרימאָרגן־ראָקן.

עס האָבן זיך ערשט צעשריען די מאַסן־קברים פון טרעבלינקע.

עס שרייט דער באַרג מתים, וואָס איז ערשט פאַרקאַטעוועט געוואָרן. אָט דער באַרג מתים, וואָס האָט מיך פאַרטשעלט פון די מערדערישע אויגן.

טרעטן אצינד מיינע נאַקעטע פיס אויף די בערג מתים און רייסן זיך צום פענצטערל וואָס יידן, געפירטע קיין טרעבלינקע, האָבן די אייזערנע קראַטעס מיט די הענט אָוועקגעריסן. דער צוג פאָרט פאַרביי דער באַן־סטאַ־ציע פון שטעטל קאָסאָוו־לאַצקי. איך ציטער פון אויפרעגונג, איין בינטל נערוון בין איך איצט. אַלץ אין מיר איז קאָנצענטרירט צו איין פאַרלאַנג: וואַרפן זיך פון לויפנדיקן צוג. אַן איבערמענטשלעך סטיכישע קראַפט הייבט אויף מיינע פיס צום פענצטערל. איך שטעק אַרויס איין פוס, דעם צווייטן, רוק ארויס דעם קאָפּ. מיין קערפּער ווערט איינגעבראָכן אין צווייען, מיינע הענט קלאַמערן זיך אָן די ראַמען פון פענצטערל. אַזוי טראָגט מיך אַ ווילדע דער צוג, שניידנדיק די לופט, איך פאַרקריץ די ציין פון ווילדקייט און שרעק און וואַרף זיך ווי אין אַ טיפן אָפּגרונט פון לויפנדיקן צוג...

* * *

ווען איך בין צום באוווסטזיין געקומען, האָב איך דערפילט אַ שטאַרקע קעלט, וואָס האָט מיך געשווידערט. איך הייב מיך אָן אַרומקוקן — ווו געפין איך זיך איצט? ווי לאַנג ליג איך שוין דאָ? כ׳וויל זיך דערמאָנען ווי אַזוי קום איך אַהער?

איך דערפיל נאַסע גראָז אונטער מיר. איך לייג מיך מיטן פּנים צו דער נאַסקייט. מיינע פאַרטריקנטע ליפּן און די אויסגעטריקנטע צונג ווייקן זיך אין פייכטקייט און לעשן מיין פאַרברענט מויל, וואָס זויגט די נאַסע גראָזן.

איך שלינג די פייכטקייט, אַזוי ווי איך וואָלט דעם טייערסטן ווייַן געטרונקען, איך דערפיל אַ דערמונטערונג, די קעלט און דאָס נאַסע גראָז האָבן מיך אויפגעלעבט. איך הייב זיך אָן אָפּגעבן אַ דין־וחשבון וואָס מיט מ׳־טוט זיך. איך גלויב מיר אליין נישט, אַז דאָס איז אַ ווירקלעכקייט.

אָבער איך בין דאָך נאַקעט! איך זע הימל און ערד און איך — בין אַ נאַקעטער.

די לבנה שווימט איבערן הימל און מיינע אויגן לויפן נאָך און שלעפּן מיך מיט אין אומענדלעכע וועלטן.

אַ פאַרביילויפנדיקער צוג מאַכט מיך נאָך מער וואכעדיק. איך קוק מיך נאָך מער ארום, ווו איך געפין זיך און איך הייב אָן צו פאַרשטייןּ אז איך האָב מיך פאַלנדיק אַראָפּגעקייקלט אין אַ טיפן ראוו וואָס געפינט זיך ביי דער באַן־ליניע, וועלכע ציט זיך אויף אַ הויכקייט לענגאויס דעם ראָוו.

ווו וועל איך מיך איצט אהינטון? ווי געפינט מען אַ רעטונג נאַקעטערהייט? איך בין דאָך צווישן קליידער געווען, פאַרוואָס האָב איך נישט ארויפגעשלעפּט אויף זיך אַ מלבוש? איך הייב אָן צו פילן, אז מיין נאַקעטקייט האַלט איך מיין ווידערשטאַנד קעגן דעם ביטערן גורל מיינעם, עס באַהערשט מיך אַ מאַכטלאָזיקייט. איך ציטער אינגאַנצן. עס קלאַפּט אַ צאָן אָן א צאָן. מיין קערפּער באַדעקט דער נאַכטיקער טוי, וואָס איז צעשפּרייט אין דער הארבסטיקער לבנה־נאַכט. איך קריג אַ פאַרלאַנג מיט עפּעס זיך צו שיצן קעגן דער קעלט. איך הייב מיך אויף, אָבער כ׳קאָן קוים שטיין. עפּעס בין איך אזוי אין גאַנצן צעטרייסלט, אָבער איך טראַכט וועגן דעם נישט, איך וויל אצינד זיך נאָר שיצן קעגן דער קעלט, וואָס מאַטערט מיך. איך דערזע פון דערווייטנס אַ וואַלד און עס הייבט מיך אָן ציען אהין. דאָרט איז זיכער נישט אזוי קאַלט. איך לויף אין דער ריכטונג צום וואַלד. אַצינד יאָגן מיך שוין נישט די מענטשן־פרעסער צום טויט, אצינד ווער איך געיאָגט פון אַן אינערלעכן אינסטינקט, וואָס שטויסט מיך צום וועג פון רעטונג.

אין וואַלד שטייען ארום מיר אומבאוועגעכע ביימער, צו וועלכע איך טוליע זיך אונטערשפּרינגנדיק פון קעלט, און מיט מיר טאַנצט מיט דער שאָטן מיינער. איך קאָן שוין גוט מיין וואלדישע היים, איך האָב שוין דאָ

געטאָגט און געגעכטיקט, איצט האָב איך נישט קיין שרעק פאַרן ביינאַכט אין וואַלד. אָבער איך בין דאָך נאַקעט, און עס וואָלט זיך אַזוי געוואָלט, אַז אַלע ביימער זאָלן זיך צוזאַמענרוקן און מיך טוליען און מיך פארשטעלן פון דער קעלט, וואָס שנײַדט מיר דאָס לייב.

פלוצלינג דערהער איך ווי מען פייפט. עס ענטפערט אַ צווייטער, אַ דריטער, אין מיינע אויערן שניידט זיך אַריין אַ געפייפעריי.

האָט מיך ווער דערזען און לויערט אויף מיר? איך קריך שנעל ארויף ווי אַ מאַלפּע אויפן בוים, דערגרייך ביזן שפּיץ און קלאַמער זיך איין אָן די צווייגן. דאָ וועט מיך שוין קיינער נישט דערזען, און אפילו ווען יאָ וועט מען אַנטלויפן, פאַר אַ מאַלפּע אויף אַ בוים אין וואלד דערשרעקט זיך יעדער.

זיץ איך אַזוי אויף די פעסטע צווייגן, וואָס האַלטן מיך פעסט און מיט מיינע הענט דריק איך די צווייגן איבער מיר און שאָקל זיך מיט מיט דעם שפּיץ פון בוים, וואָס וויגט מיך אהין און אַהער.

די ביימער שאָקלען זיך, ווי זיי וואָלטן געשעפּטשעט אַ טרויער־תּפילה איבער די יידישע מאסן־קבֿרים אין טרעבלינקע. איך שאָקל זיך מיט מיט די ביימער וואָס האָבן זיך צעדאַוונט. איך זע איצט אַלע טרעבלינקער מתים, איבער וועלכע בלויז די ביימער זענען געבליבן קדיש זאָגן.

* * *

עס ווערט ווידער שטיל אין וואלד. און איך קלאַמער זיך מיט די הענט אָן די צווייגן, קעמפנדיק מיט דער טויט־מידקייט און מאַכטלאָזיקייט מיט דער ציטערנדיקער קעלט, וואָס וויל מיך פון בוים אַרונטערשליידערן.

לנגזאַם פארלירט די לבֿנה איר נאַכטיקע ליכטיקייט אין דעם גרויען פרימאָרגן וואָס פאַריאָגט די נאַכט. די זון הייבט אָן אויפגיין און צעצינדט מיט אירע גאָלדשטראַלן דעם גרויען פרימאָרגן.

ווידער זון־ליכטיקייט. איך שרעק זיך פאַר איר ליכט, אָבער איך גאַר נאָך איר וואַרעמקייט. און איך קוק טאַקע ווי זי טוט זיך דערהויבן, איך וויל זי שוין האָבן איבער מיין בוים, איבער מיין נאַקעטן קערפּער. די צווייגן זענען נאָך נאַס און איך שאָקל די טראָפּנס אין מיין דורשטיק מויל. איך הער אויף צו ציטערן פון קעלט, אָבער דער הונגער הייבט מיך אָן צו מאַטערן. איך וויל געפינען אַ וועג צום לעבן. אַז איך האָב געפונען אַ וועג פון טרעבלינקער גיהנום, מוז איך אָנהייבן זוכן דעם וועג צום לעבן.

איך קוק מיך אַרום, פון מיין בוים זע איך דערפער און קאָלאָניעס און די ברייטע פעלדער אין אַ זייט פון וואַלד.

וואָס מאַכט מען נאַקעטערהייט? וועט זיך דאָ אין וואלד נישט באַווייזן קיינער, וואָס זאָל גרייט זיין מיר צו העלפן?

עס דערהערן זיך טריט, שענלע טריט ווי איינער וואָלט געלאָפן. ווער איז דאָס? עס לויפט אַ הונט. נאָך אים גייט אַ וואַלד־וועכטער אין אַ טונקל גרויען אַנצוג, אָבער פאַר אים האָב איך מורא, דאָס פלעגן די וועכטער אין וואַלד אָנווייזן די דייטשן אויף באהעלטענע יידן. ביי אים קאָן איך קיין רעטונג נישט געפינען, ער וועט מיך צוריקשיקן קיין טרעבלינקע. ער פאַרשווינדט פייפנדיק צום הונט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אליין צו בלייבן אין וואַלד.

אזוי זיץ איך אויף דעם בוים, פילנדיק ווי דער טאָג פארשווינדט און אויך מיין ביסל כוחות לאָזן זיך מיר אויס, נישט ווּיסנדיק ווי אזוי צו געפינען אַ רעטונג אין מיין פארצווייפלטער לאגע. די זון הייבט אָן פאַרגיין און איך דערפיל אַ שרעק פאַר דער אָנקומענדיקער נאַכט. איך דערפיל ווי די נאַכט־קעלט וועט מיך פון בוים אַראָפּשמעטערן. אזוי מאַטערנדיק זיך אין מיינע פינצטערע געדאַנקען, דערהער איך ווי עס טרייבט ווער בהמות צום אויסגאַנג פון וואַלד, איך קוק זיך אויפמערקזאַם צו און דערזע אין מיין ריכטונג קומט אָן אַן אַלטע פויערטע מיט אַ קליין פויעריש מיידל וואָס טראָגט א קוישל אין האַנט און די אלטע פויערטע טרייבט מיט אַ צווייג די בהמות, וואָס קומען אין דער ריכטונג פון מיין בוים. איך כאַפּ מיך שנעל אויף פון די צווייגן, וואָס האָבן זיך שוין אין מיין לייב איינגעשניטן, און הייב אָן שנעל אַראָפּקריכן מיט דער זעלבער מאַלפּישער שנעלקייט, ווי איך בין אויף דעם בוים ארויף, ווען איך בין אראָפּגעשפרונגען, האָב איך דערהערט אַן אויסגעשריי אָנרופנדיק גאָטס נאָמען...

די אלטע פויערטע, אָנגעטון אין אַ פויעריש העמד, וואָס איז ביז דער טאַליע געווען באַצויגן מיט אַ פויעריש ברייט און לאַנג האלב־קליידל, אויף וועלכן זי האָט געטראָגן אַ פאַרטוך, האָט פון שרעק פארלוירן פון איין האַנט די עקן פון פארטוך, אויסשיטנדיק די וואַלד־געוויקסן, וואָס זי האָט געהאַט אנגעקליבן. דאס פויערישע מיידעלע האָט פעסטהאַלטנדיק דאָס קוישל זיך צוגעטוליעט צו דער אלטער פויערטע, זוכנדיק שוץ ביי איר באַבען אַ וויינענדיקע פון שרעק... נאָך אַ קורצער ווילע געלינגט מיר צו באַהערשן זייער שרעק און פארלוירנקייט. איך דערצייל זיי שנעל, פון וואנען איך קום. איך זאָג צו זיי: האָט גאָט אין האַרצן און גיט מיר עפּעס הילף. די אַלטע פוירעטע איז שטאַרק גערירט געוואָרן און האָט מיר געגעבן ברויט און מילך. גגעבן מיר דעם פארטוך צו פארדעקן אַ האַלבן נאַקעטן קערפּער און אָנגעוויזן מיר דעם וועג אין דער ריכטונג צו דער שטאָט. איך האָב זיך דאַן געפונען 16 קילאָמעטער פון סאָקאָלאָוו־קאסאוו.

די פויערטע, וועלכע האָט מיר צוגעזאָגט צו ברענגען נאָך עפּעס קליידער אין וואַלד, האָט זיך שוין מער נישט געוויזן. איך בין ווידער אליין געבליבן אין וואַלד, אָפּגעריסן פון דער לעבעדיקער וועלט. דאָך האָט מיר די ערשטע הילף פון דער אַלטער פויערטע צוגעגעבן דערמונטערונג. איך

האָב באַשלאָסן, ווען עס וועט צופאַלן די נאַכט, וועל איך זיך לאָזן אויפן וועג, אַזוי ווי זי האָט מיר אָנגעוויזן. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָב איך אָנגעהויבן וואַנדערן איבער די וועלדער אין דער ריכטונג פון דער שטאָט, לאָזנדיק זיך פירן פון אַן אומבאַשטימטן גורל. איך האָב געוואַנדערט אין וואַלד און די לבנה האָט מיר באַלויכטן דעם וועג. אַ שרעק האָט מיך באַהערשט אין דעם דאָזיקן אויסטערלישן גאַנג. איך בין געלאָפן ווי פון אַ פּאַטום געיאָגט.

אַזוי וואַנדערנדיק בין איך דערגאַנגען צום ראַנד פון וואַלד, נישט וויסנדיק ווו איך געפין זיך. איך בין אַרויס אויף פעלדער און דערזען שיטערע צעוואָרפענע פּויערישע קאָלאָניעס. איך באַשליס איבערגעבן מיין גורל אין די הענט פון אַזאַ פּויער, אפשר וועל איך ווידער אָנטרעפן אויף אַ גוטן מענטשן.

שטיל אויף אַלע פיר, עס זאָל מיך קיינער נישט דערזען, קריך איך צו נאָענט צו אַ פּויערישע ווירטשאַפט און באַהאַלט זיך צווישן אַ סטויג אויסגעדראָשענע שטרוי און וואַרט ביז דער פּויער וועט זיך באַווייזן פאַר־טאָג אַרום זיין כאַטע.

ליג איך אַזוי איינגעגראָבן אין דעם שטרוי, וואָס האָט מיך צוגע־דעקט און געוואַרעמט און קאָן נישט באַקעמפן די טויט־מידקייט, איך הייב אָן דרימלען, ביז איך פאַל אַריין אין אַ טויט־מידן שלאָף. אין שלאָף ווער איך באַהערשט פון שרעקלעכע קאָשמאַרן, עס חלומט זיך מיר דער טרעב־לינקער גיהנום, ווי די מערדער יאָגן מיך נאָך איבער די פעלדער און וועל־דער, און זיי כאַפּן מיך, ווען איך ליג פאַרשטעקט אין לאָך. די מערדער שלעפּן מיך צום מאַסן־קבר אין וואַלד צווישן זאַמדן, איך קאָרטשע זיך אין דרייען אין טויטלעכע קאָנווולסיעס, און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך ליג שוין צווישן די טויטע.

° ° °

אויפגעוועקט האָט מיך אַ פּויער, אַרויסשלעפּנדיק מיך פאַר אַ נאַקעט אַרויסגעשטעקן פוס פון דעם איינגעגראָבענעם שטרויענעם לאָך. איך בין ווי צעטומלט און קאָן נישט פאַרשטיין, ווו איך געפין זיך. איך קום אָבער שנעל צו זיך און דערצייל דעם פּויער, פון וואַנען איך קום און הייב אים אָן בעטן הילף. ער האָט אויף מיר באַקומען רחמנות און פירט מיך אַרויף אויף אַ שטאָל־בוידים, גיט מיר אָנצוטון אַ פּאָר הויזן און אַ פּויעריש העמד, באַזאָרגט מיך מיט עסן און מיט וואַסער אַרומצוּוואַשן די בלוט־פלעקן. האָבנדיק שוין צוגעדעקט מיין נאַקעטן קערפּער און געשטילט דעם הונגער, האָב איך מיך אָנגעהויבן דערפילן צוריק אין מיין מענטשלעכער ראָל.. איך האָב דערזען, אַז דער שיקזאַל פון רעטונג באַגלייט מיך. איך

האָב ווידער געקריגן אַ שטאַרקן דראַנג צו זוכן די וועגן צום לעבן מיט דער בלינדער האָפענונג, אַז דער גליקלעכער שיקזאַל וועט אויך ווייטער נישט פארלאָזן. ביי דעם פויער בין איך געבליבן אַ גאַנצן טאָג צווישן די שטרויענע סנאָפּעס אויפן שטאַל־בוידעם.

ביינאַכט קומט צו מיר דער פויער און זאָגט מיר, אז איך מוז פארלאָזן די באַהעלטעניש, ווייל די קאַלאַניסטן ריכטן זיך אויף אַן אַבלאַווע מצד די דייטשן. איך פאַרלאָז דאָס אָרט דאַנקענדיק דעם פייער, וועלכער זאָגט צו מיר:

— אַז די ביזט פון טרעבלינקע ארויס, וועט דיך שוין דער טייוול נישט נעמען.

זייענדיק שוין אָנגעטון אין פוירישע קליידער, האָב איך מיך געלאָזט אויפן וועג קיין סאָקאָלאָוו, וווהין איך האָב נאָך געהאַט 11 קילאָמעטער, איך בין געגאַנגען דורך וועגן שוין גוט אויסגעטרעטענע דורך טויזנטער יידן, וואָס האָבן דאָ געוואַנדערט און געוואָלט געפינען אין פארצווייפלונג אַ רעטונג. איך האָב שוין געקאַנט יעדן וועגל און שטעגל.

## אויף דער אַרישער זייט

נאָכן אַנטלויפן פון טרעבלינקער פארניכטונגס־לאגער בין איך מיט ארישע פאַפּירן אַוועק קיין וואַרשע, ווו איך האָב זיך אַרומגעשלעפּט איבער גויאישע גאַסן און אין די נעכט זיך אייסבאַהאַלטן אין חרובע הייזער. דורך אַ צופאַל בין איך אָנגעקומען אין אַן אַנשטאַלט פאר היימלאָזע פּאָליאַקן, דאָרט געלעבט איבער א חודש צייט און דערנאָך דורך דער געסטאַפּאָ געפאנגען געוואָרן מיט אַנדערע איינוווינער פון דער זעלבער אַנטשאַלט. אין דעצעמבער 1942 בין איך מיט די זעלבע גרופּע ארעסטירט און פארשלעפּט געוואָרן אין דעם פּאָליאַקן־לאגער „לייטן־שטראסע" אין וועסטפאלן (דייטשלאַנד), ווו איך האָב געארבעט ביז צו דער באַפרייונג דורך דער אמעריקאַנער ארמיי, דעם 10־טן מאי, 1945 אין קוילנשאַכט „צעכע האָלאַנד" אין לאגער נעבן וואַטנשייד, זעקס קילאָמעטער פון עסען.

איבער צוויי מיט אַ האַלב יאָר האָב איך געלעבט אונטער אַ גוישער מאַסקע. דער דאָזיקער צייט־אָפּשניט אין מיין לעבן איז געווען פול מיט אוםגעווייינלעכע פּאַסירונגען און ראַנגלענישן צו דערהאַלטן דאָס נאַקעטע לעבן.

## אין קוילנשאַכט „צעבע האַלאנד“

...אין דעם טאָג האָב איך געהאַט אַ ווונטש עפּעס זאָל מיט מיר פּאַסירן בײַ דער אַרבעט. שוין אייניקע טעג מאַכט דער דײַטשער מײַסטער אַדאָלף ציַיכנס פאַר מיר מיט זיין קרײַד־שטיפט נאָך אַ מעטער מער קוילן אויסצוגראָבן; ס׳זעט אויס אז ער וויל לאַנגזאַם ארויסציען פון מיר דאָס ביסל חיות. מיר איז פאַרגעקומען ווי ער באַהאַלט זיך אויס אונטער מיר אין דער פינצטער מיט זיין פאַרלאָשענער לאָמפּ, אָבסערווירט מיך פאַרשעריש ווי איך שטיי אין אונטערערדישן שטויב־וואָלקן ביי אַראָפּפאלנדיקע שטיקער קוילן פון דער געפּלאַצטער קוילנוואַנט פון דעם לופט־האַמער, וואָס טראַסקעט ווי אַ שווערע מאַשין־ביקס.

א ווילדער צאָרן האָט זיך אין מיר אָנגעצינדן; מיט די ציינער האָב איך זיך געוואָלט איינבייסן אין דער קוילנוואַנט, וואָס האָט זיך אַקעגנגעשטעלט דער בויערמאשין מיט דער הארטקייט פון איר אורואלטער איינגעוואַקסנקייט אין די טיפסטע טיפענישן אינטער דער ערד. איך ראַנגל זיך מיט פאַרביסענע עקשנות קעגן דער רויער ווילדער נאַטור; מיין האַנט ציטערט פון דעם לופט־האַמער אין די קוילן וואַנט, וואָס פּלאַצט אויף מיט קראַך ביים צעפאַלן שטיקערווייז.

א ברום ווי פון אַ פאַרוווּנדעטן אקס האָט זיך פון מיר ארויסגעריסן. אַ שטיק קויל איז אָפּגעשפרינגען אויף דעם שין־ביין פון מיין פוס. די בויערמאשין איז מיר ארויסגעפאלן פון דער האַנט. מיט פאַרקריצטע ציין בין איך געבליבן שטיין אויף איין פוס. איך האָב גלייך דערהערט דאָס בייזע קול פון אַדאָלפן: — פאַרוואָס האָסטו אַוועקגעוואָרפן דעם האַמער?

ביידע האָבן מיר זיך א ווײַלע איינער דעם צווייטן געקוקט אין די שווארצע פּנימער. אַן אויסצורעדן אַ וואָרט האָב איך אַנטקעגן שיין פון אדאָלפ׳ס לאָמפּ אַנטבלויזט דעם פאַרוווּנדעטן פוס.

אַדאָלף האָט אַראָפּגעבויפן זיין קאָפּ צו מיין פוס אין געזאָגט גלייכגילטיק: „די ווונד איז אַ לײַכטע. איך גיב דיר נאָך איינעם צו הילף, און פאַרענדיקט די שיכט. אַדאָלכ האָט מיך געקענט פאַר אַ „פּאָזנאַנטשיק“ וואָס האָט דעם מוט זיך אים קעגנצושטעלן — האָב איך אַ שריי געטון אין זיין פרצוף, נישט מיט מיין קול:

— „דו הורן־זון! פּרוּוו נאָר דו אַליין אַרבעטן אויף איין פוס!

כ׳וועל דיך אָנקלאָגן פאַרן לאגער־קאָמענדאַנט פאַר בייזוויליק אויסמעסטן צו פיל ארבעט, און פאַר צווינגען מיך ארבעטן אַ פאַרוווּנדעטער!“

אַדאָלף האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ שאַרפן בליק, אויסגעשפּיגן אין מייז זייט און אַוועקגעקראָכן באַרג אַראָפּ. אין געציילטע מינוטן האָט ער זיך צוריק ארויפגעדראפּעט מיט אַ באַנדאַזש און אַ שיין, ארויסצופאָרן אין מיטן דער

אַרבעט פון קוילן־גרובן. דער דאָקטאָר פון דער ערשטער הילף האָט מיר אויס־געשריבן אַ קראַנקן־שיין אויף צען טעג אין לאגער שפּיטאָל.

דאָט לאַגער שפּיטאָל האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן, רויט געפאַרבטן הילצערנעם באראק, ארומגעצוימט מיט ווייסע געקאַלכטע שטריק; דער פראנט אויסגעפּיצט מיט פארשידנפארביקע בלומען. אַ לאַנגער קאָרידאָר האָט אָפּ־געטיילט די ביורא־צימערן פון דעם ברייטן זאַל, ווו עס זענען געשטאַנען שורות־וויַז לאנגע רייען בעטן.

—„טשאָלעם סטאַניסלאוו"! — איך קוק זיך אום: אין קאָרידאָר און אין קראנקן זאַל גריסן און קוקן מיר נאָך באַקאַנטע פּנימער פון לאגערניקעס מיט ארומגעבונדעטע קעפּ און הענט, הינקענדיקע מיט שטעקנס, אָנגעשפּאַרטע אויף קוליעס; אַנדערע זענען געליגן אין די בעטן.

ז׳ער הויפּט־סאַניטאַר, וועלכער האָט מיך ביים אָנקומען אויפגענומען אין זיין ביורא־צימער, האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ ליידיק בעט, איבערלאָזענדיק פאַר מיר אַ שטעקן.

דאָס ערשטע מאָל, נאָך איבער אַ האַלב יאָר זיך וואלגערן איבער שמוצי־קע געלעגערס, האָב איך זיך דאָ אויסגעלעגט אין אַ זויבער בעט, איף אַ ווייס ליילעך, א קישן, מיט אַ וואַרימען צודעק. אַ חלום געווען: אַ בעט אָן לייז, אָן וואַנצן: — האָב איך געוואָלט אז דאָס געשעניש זאָל אריינדרינגען טיפער און מיך אָנפילן כאָטש מיט אַ ביסעלע אינערלעכע מנוחה; אָבער דאָס געפיל פון נשמה פרייד איז מיר פרעמד געווען, מער ווי אַ ביסעלע פריי אָפּעטעמען האָב איך נישט געקאָנט.

נעבן מיין בעט איז געלעגן מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט דער גרויסער סטעפאַן, מיין באראק־שכן. סטעפאַן, מיט דער קראנקער האַנט אויף דער ברוסט, האָט פארנומען די גאַנצע לענג און ברייט פון זיין בעט. ער איז גע־לעגן דאָס ערשטע מאָל אין שפּיטאָל און מקנא געווען יעדן ערנסטן פארווונ־דעטן וואָס איז אויף אַ לענגערע צייט באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט אין קוילן גרובן.

נאָכן דערוויסן זיך וועגן מיין פּאָרפאַל ביי דער ארבעט, קוקט זיך סטעפאַן איין אויף מיין פארבאנדאזשירטן פוס אין דרייט מיטן קאָפּ:

— „סטאַניסלאוו, האָסט נישט קיין מזל, אַ שאָד, אַ שאָד, אַ פעסטער׳ן זעץ — אין דער פוס איז אויף צוויי העלפטן. וואָלסט אַ יאָר צייט נישט אָנגע־קוקט מער דעם פאַרשאָלטענעם קוילן־גרובן"...

— „סטעפאַן, איז דאָך שוין בעסער דער טויט, געענדיקט, און א סוף מיטן קוילן־גרובן".

לאַכט פון אונדז ביידע יורעק, אַן אָפּטער פאציענט אין דעם שפּיטאָל:

—„צום טייוול! נאָך וואָס פטרן דאָס לעבן! לערנט זיך אויס פון מי־ר: איין חודש אין גרובן — דעם צווייטן אין שפּיטאָל. מען דאַרף נישט צו פי־ל זיך איבעראַרבעטן פאַר די „שוואבעס". פאַר אזא הינטיש לעבן, וואָס מי־ר

האָבן דאָ, איז דאָס אויך פאַר זיי צופיל".

דרייט איבער סטעפּאַן זיין שווערן גוף מיטן פּנים צו יורעקן און פרעגט אים:

— „ווי אזוי מאכסטו דאָס? ווען איך ארבעט אין גרובן קוקן אויף מיר פון אלע זייטן שוואַבסקע אויגן".

יורעק, וואָס איז אין לאגער באַקאַנט געווען אלס „זשיווי כלאָפּ" (לעבעדיקער יונג), האָט יעצט אָנגעשטעלט אַן ערנסט פּנים:

— „פארשטיי סטעפאן! אין קוילן־גרובן איז ווי אויף אַ פראָנט; דאָרט פלאַצן איבער די באָמבעס, דאָ פלאַצן — שטיינערנע סופיטן, דאָרט ווערט אַ זעלנער אַמאָל פארוווּנדערט און פארלאָזט דעם פראָנט — אויך דאָ אין גרובן זענען דאָ אזעלכע פּאָרפאַלן פון וואָס מען ליידט ווייניק און מען מאַכט אַ לעבן אין שפּיטאָל. מען דאַרף אָבער קאָנען „מאַנקערירן", אין דער מאַמען אריין די שוואַבעס!.. דאָס פריערדיקע מאָל בין איך דאָ געלעגן מיט אַ לייכטע וווּנד אויפן פוס. אָבער יורעק — ער האָט א וויז געטאָן מיט אַ פינגער אויף זיין קאָפּ — ווייזט וואָס צו טוען; אַמאָל אַ ביסעלע זייף באַשמירט, אַ מאָל מיט אַ ביסעלע זאלץ באַשאָטן די וווּנד — ביז איך האָב מיך אזוי א גאנצן חודש ארויסגעדרייט פון גרובן. יעצט בין איך אינערלעך קראנק, האָב פיבער, טו איך אַ פּאָר קלעפּ מיטן עלנבויגן אין דער וואַנט ביים מעסטן מיר די היץ, און דער טערמאָמעטער אינטערן אָרעם ציט אָן. ווען איך וויל -- אפילו ביז ניין און דרייסיק.. אין זייער מאַמען אריין די שוואבסקע מאָרדעס".

נאָכן דערציילן האָט זיך יורעק צעשאָקלט פון לאכן. קאלערט זיך איבער סטעפאן מיט זיין מגושמדיק פלײישיק פּנים אויף איין זייט, הירזשעט ווי אַ פערד, קוים וואָס איך פארשטיי וואָס ער רעדט צו מיר:

-- „אַ יידישן קאָפּ האָט ער אויף זיך, יורעק.."

— „אין דו, סטעפאן, — האָסט אויף זיך אַ פערדישן קאָפּ, אין דיין מאַמען אַריין. א יידישער קאָפּ וואָלט דאָ געהאָנגען אין מיטן לאגער אויף אַ תליה" — האָט יורעק אַ צעצונדענער ארויסגעסיקעט פון צווישן זיינע ציין.

— „און דו וואָלסט געוואָלט זיין דער תליון?" — האָב איך יורעקן געפרעגט מיט אַ געמאַכטן שמייכל אויפן פּנים...

— „יאָ! ווי גאָט איז מיר ליבו"

— „ביזטו נישט קיין פרומער קריסט, יורעק!"

-- „וואָס פאַרדרייסטו, סטאניסלאַוו, דעם קאָפּ מיט גלויביקייט אין פאל מיט די זשידעס. ביי אונדז אין שטאָט האָט דער גלח געוואָרנט, מיר זאָלן נישט געבן קיין הילף און נישט אויסבאַהאַלטן קיין איין ייד".

-- „ביי אונדז אין פּאָזנאַן האָב איך מער קיין יידן נישט געזען זינט די דייטשן זענען אריין".

— „יאָ, דערפאַר רעדסטו אזוי סטאַניסלאַוו״״ — האָט מיר יורעק מוחל געווען — אויך ביי אונדז אין „קאָנגרעסוווקע״ איז איצט מיט די יידן דאָס זעלבע...״

סטעפאַנס בעט האָט אַ קרעכץ געטון, ווען זיין האַלבער גוף האָט זיך דערהויבן ווי אַ שווערער קלאָץ, ער האָט ארויסגערעדט ווי פון אַ פוסט פאַס ארויס:

— „נישט אמת, אַז מען האָט שוין אַלע יידן אויסגעשניטן? פיל פון זיי בלאָנקען נאָך ארום איבער די דאָרפישע וועגן, אָבער די כלאָפּעס ווייסן וואָס צו טון מיט זיי. אָט, זענען צו אונדז אין דאָרף געקומען צוויי יידן, שניי־דערס, אַנטלאָפענע פון געטאָ. אַ פאָר וואָכן האָבן די יידן געאַרבעט ביי אונדז אין שטוב. מיר האָבן די יידן דערפאר צוגעזאָגט אַ באַהעלטעניש און זיי האָבן אין דעם געגלויבט ווי אין זייער גאָט. פלוצעם: זשאַנדאַרמעריע איז דאָ אין דאָרף, זוכן פון שטוב צו שטוב. ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו אונדזער כאַטע, האָבן מיר די יידן ארויסגעיאָגט. קליינוואַרג זענען זיי נאָכגעלאָפן מיט געשרייען „זשיד״... „זשיד״... די זשאַנדאַרמען זענען אַנגעלאָפן ווי אַנגערייצטע הונט, און די יידן זענען ווי האָזן אויף יאגד דערשאָסן געוואָרן...״

איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט ווען דאָס גלעקל האָט זיך צעקלינגען צו שטעלן זיך אין דער ריי נאָך עסן...

דאָס ערשטע יידן־געשפרעך ביי מיין נאָר וואָס אָנקומען אין שפיטאָל, האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ שרעק. כאָטש איך האָב שוין אַ פאָר חדשים געלעבט אין אַזאַ אטמאספער, האָבן מיך דאָך מיינע איצטיקע שכנים אין שפיטאָל אָנגעפילט מיט אומרו, מיר איז פארגעקומען אַז מיין גויישע מאַסקע וועט דאָ ווערן דורכזיכטיקער. דאָ איז צופיל ריין און באַקוועם, צופיל טאָג... צופיל ליכט... דאָ האָט מען צופיל צייט צו רעדן; צופיל אויגן וואָס זוכן נייגעריק אַ פרעמד פנים — פרעמדע אויגן וואָס דרינגען אריין אין מענטשן...

ווי שטענדיק אין אַזעלכע מאָמענטן, האָט אין מיר עפּעס גערופן זיך באַהערשן און — ווייטער שפילן מיין ראָל...

אויפצומאָרגנס בין איך געשטאַנען פארן לאגער דאָקטאָר, אַ מיטל־יאָריקער, טונקלהויטיקער דייטש מיט אַ לענגלעכע אדלער נאָז אויף זיין סעמיטיש פנים. איך וואָלט געשוווירן אז ער איז אַ ייד. נאָר דער האָקנקרייץ־זשעטאָן אויף זיין קלאַפּע האָט ביי מיר גלייך אוועקגענומען דעם ערשטן איינדרוק. נאָכן באַטראַכטן דעם פוס, האָט מיר דער דאָקטאָר אויסגעטאַפּט אונטער דער קני. נאָכדעם — מיט די שפיצן פינגער אַ שטאָך געטון אין „דעכע״ (דיך — צווישן די פיס) און געקוקט מיר גלייך אין די אויגן אריין:

— „קיין שמערצן?״

— „ניין״.

נאָכן אונטערזוכן מיך האָט דער דאָקטאָר אויפמערקזאַם געמאַכט דעם הויפּט־סאַניטאַר, ער זאָל ביים באַהאַנדלען מיך אַבסערווירן דיביידע ערטער

פון קראַנקן פוס, דער עיקר דעם „דיך״ כדי צו פאַרהיטן פאַר אַ שווערע אָנצינדונג.

A. K...

**Arbeitskarte — ~~Befreiungsschein~~**

Gültig bis auf weiteres. Widerruf vorbehalten.

Familienname: Frybel

Vor(Ruf-)name: Stanislaw

Geburtsname bei Frauen:

Geboren am 20.10.08 in

männlich, ~~weibl.~~ ledig, ~~verh., verw., gesch.~~

Staatsangehörigkeit: Schutzangeh(Pole)

Volkszugehörigkeit:

Herkunftsland (eingereist aus): eingegl. Ostgeb.

Heimatort: Frübel-Siedleo

Kreis: Posen

Wohnhaft:
(bei Ausstellg. d. Befr.Sch.)

Beschäftigt als: Schlepper

Arbeitsbuch-Nr.: A 134 Wa/864

Arbeitsstelle: Zeche Holland
Wattenscheid

Trpt-Nr.: Im Inl. seit 4.12.4

Ausgestellt am 7.1. 194 4

(Dienstsiegel) Arbeitsamt
Bochu[redacted]

[redacted] ...digen Arbeiter/Angestellten auszuhändigen)

מיין אַרבעטס־קאַרטע אויפן נאָמען סטאַנעסלאוו פריבעל

מיט אפשר אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך דערפילט שמערצן אויף דעם אָרט, ווו דער דאָקטאָר האָט געשטאָכן מיט זיין שפּיצן פינגער. איך האָב אָנגעהויבן נאָכקוקן ווי אזוי עס ווערן באהאנדלט די קראַנקע מיט אזעלכע ווונדן ווי ביי מיר און באַמערקט, אַז אַ טייל פון זיי באַקומען איינשפּריצונגען.

איינמאָל, ביים באַטראַכטן די רויט־צעפּלאַמטע ווונד אויפן פוס, האָט מיר דער הויבט־סאניטאר געהייסן אַנטבלויזן דעם אינטערשטן טייל פון בויך. אויסמיידנדיק דאָס צו טון, האָב איך דערקלערט דעם סאניטאר אז איך פיל נישט מער קיין שמערצן אויסער ארום די ווונד און געגלויבט אז ער נעמט ערנסט מיינע ווערטער.

אָבער פון דעם מאָמענט האָט אין מיר עפּעס אָנגעהויבן טאָטשען ווי אַ וואָרעם. דער ווייטיק אין דעם 'אָרט אויף מיין קערפּער, וואָס האָט געמוזט זיין פאַרבאָרגן פאַר גוישע אויגן, האָט מיר אָנגעהויבן פאַרשאַפן, אַ חוץ פיזישע יסורים, אויך פסיכישן אומרו. איך האָב באַמערקט, אַז דער סאַניטאַר קוקט מיר נאָך ביים גיין, ביים זיצן, און אפילו ביים עסן. ער האָט אָנגעהויבן פירן מיט מיר צו אָפטע געשפּרעכן, כלומרשט פארבייגייענדיק, נישט דירעקט. ס'איז אים שטאַרק אָנגעגאַנגען ווי איך פיל זיך. אָבער אַזאַ אויפמערקזאַמקייט האָט דער סאַניטאַר, אַ חוץ מיר, קיינעם נישט געשענקט.



מיין דעמאָלטיקע פאָטאָגראַפיע אויף דער צווייטער זייט פון דער אַרבעטסקאַרטע

וואָס פאַר א פלענער — האָב איך מיט זאָרג געטראַכט — קלערט מע איצט אויס, כדי צו קאָנען ווייטער באשיצן מיין לעבן? אויב עס איז געפאַלן א חשד אויף מיר ווי אַ ייד. וואָס זאָל איך איצט טון? אַנטלויפן? דאָס האָט אויסגעזען אין מיינע באדינגונגען נישט אקטועל. איז מיר קיין אַנדער אויסוועג נישט געבליבן ווי אָנהויבן באַהערשן די לאגע וואָס האָט זיך געשאַפן ארום מיר אין שפּיטאָל. קודם דערדריקן אין זיך דעם פסיכישן אומרו. איך האָב זיך אָנגעהויבן אָפט באַטייליקן אין די געמיינזאַמע פארווייילונגסשפּילן אין שפּיטאָל: דאַמקעס, דאָמינאָ, דער עיקר קארטן. איך האָב אין גרעסטן טייל מיינע מיטשפּילער געלאָזט געווינען ביי מיר געלט. דאָס האָט זיי נאָך מער פארהיימישט מיט מיר. דעם סאַניטאַר האָב איך אויפגעהערט אויסמיידן, און אפילו מיט אַ כונה באזוכט מיט פארשידענע אויסריידן, ער

זאָל אין מיר נישט דערקענען קיין געפיל פון שרעק פאַר אים. מיינע קורצע באַגעגענישן מיטן סאַניטאַר אין זיין ביורא־צימער האָבן געהאַט פאַר אַ ציל אים נאָענטער צו דערקענען, כדי זיך וועגן אים קאָנען שאַפן אַ בילד.

דער סאַניטאַר, אַ ווייניק רעדעוודיקער, האָט מיר אויגעזען אין די פּערציקע יאָרן: אַ מאָגערע, קורצע פיגור, שוואַרץ־האָריק, מיט צוויי בולט שאַרף דורכדרינגלעכע אויגן אין זיין בלאַסלעך מאַט פּנים. ביי דער אַרבעט ארום די קראַנקע, אין ווייסן פאַרטוך, אַן ערנסט פאַרטראַכטער, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער, דער הויפּט־סאַניטאַר דאַרף דאָס פעסטשטעלן די דיאַגנאָזע ביים קראַנקען.

איינמאָל — דאָס איז געווען אין אָנהויב ביים אָנקומען אין לאַגער, האָט דער סאַניטאַר, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען זיין אָפענעם פענצטער, מיטן פינגער מיך אַ רוף געטון צו זיך, מיך געפרעגט פון וואַנען איך שטאַם. ער האָט מסתמא געוואָלט אין מיר דערקענען זיינעם אַ באַקאַנטן, צו ווען. לויט זיינע רייד, איך בין אים געווען זייער ענלעך. דעם מאָמענט, האָב איך זיך געטראַכט, האָב איך אים אפשר אויסגעזען פאַרדעכטיק. שוין באַלד אין אָנהויב פון מיין אָנקומען אין לאַגער, און איצט אין שפּיטאָל פון דער נאָענט, האָט דער סאַניטאַר די מעגלעכקייט דעם חשד פאַרצווזעצן; אָבסערווירן מיינע זשעסטן, שפּראַך, אייגנשאַפטן און מיין אלגעמיינע אויפפירונג. די געדאַנקן וואָס האָבן מיך אָנגעהויבן באַהערשן, האָב איך גלייכצייטיק אָנגעהויבן באַקעמפן, טרייבן פון זיך. מיט אַ סוגעסטיזון כוח האָב איך באַהערשט איבערגעטריבענע געדאַנקן וואָס זענען אַ רעזולטאַט פון מיינע טראַגישע איבערלעבונגען, און איצט קומען אויף פּסיכישע קאָנפליקטן אין מיין איינערלעכע איינזאַמקייט אין אזא אויסטערלישער פאַר מיר פרעמדער וועלט...

אויב דער סאַניטאַר איז מיך ווירקלעך חושד אז איך בין אַ באַהאַלטענער ייד און וויל מיך פאַראטן, — טראַכט איך ווייטער — וואָלט ער דעם עג'ן איבערגעגעבן צו דער „געסטאַפּאָ“ וואָס איז געשטאַנען אין ענגען קאָנטאַקט מיט דעם לאַגער פירער. טוט ער דאָס נישט — מיינט ער נישט מיך שלעכטס. איך מאָל זיך יעצט דעם סאַניטאַר אין מיינע מחשבות גאָרנישט פאַר אזעלכן וואָס ער איז מיר פאָרגעקומען. איצט, דאַכט זיך מיר, אַז ער לייגט נישט מער קיין ספּעציעלע אויפמערקזאמקייט אויף מיר, און איך פיל שוין נישט מער זיינע שפּיציקע דורכשטעכנדיקע אויגן; ער הויבט מיך אָן אפילו פאַרנאַכלעסיקן און אויסמיידן. אָט איז ער היינט געווען אין קראַנקן־זאַל קאָנטראָלירן; נאָכזעען צו אַלץ איז אין אָרדנונג, און צו מיין בעט נישט צוגעקומען. אין דער רשימה צום דאָקטאָר בין איך שוין צוויי טעג נישט געווען. די פאַקטן שטאַרקן מיך, הגם דער פוס פאַרשאַפט מיר זאָרגן; דאָס געשווילעכץ אין דער „דעך“ פאַרגרעסערט זיך, די וואַרעמע קאָמפּרעסן מיט דער בלעכענער קאַווע־באַנקע, וואָס איך מאַך אין געהיים, העלפן גאָרנישט. מיט שוועריקייט טרעט איך מיטן קראַנקן פוס, וואָס איך הויב אָן נאָכשלעפּן.

דעם ערשטן זונטיק אין שפּיטאָל האָב איך פּונקט געטראָפן אַן אַל־געמיינעם רו־טאָג. אַלע לאַגעריסטן זענען אויף דעם טאָג באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט. אין די קוילן שאַכטן איז שטיל געוואָרן דאָס גערויש פון די מאַשינען. אין די שכנותדיקע פּוילישע אַרבעטס־לאַגערן איז באַקאַנט געווען אַז אויף דעם זונטיק קומט פאָר אין וואַנטשייד, לייטן־שטראַסע נומער צוויי אַ גרויסע „זאַבאַווע" (פאַרוויילונג).

אַ לויטערע פרילינגס זון האָט געשיינט איבער די באַראַקן־דעכער פון דער בוימער־אַליי; אין מיטן דעם לאַגער־שטח האָט געשמעקט מיט בליעכץ און גרינע גראָזן.

נאָך אַ באָקס־סצענע, האָט זיך ביי אַ פול געפּאַקטן עולם אָנגעהויבן דער הומאָריסטישער טייל פון דער „זאַבאַווע".

אין באַראַק איז געוואָרן אַ גערידער. מיט אָנגעשפּיצטע אויגן האָבן אַלע געקוקט צו דעם אָרט, וווּ ס'האָט זיך אַוועקגעשאַרט אַ צעהאָנגענע קאָלדרע; אויף צוזאַמענגעריקטע טישן האָט זיך באַוויזן אַן איינגעקאָרטשעטער, מיט אַן אויסזעען ווי אַ קריפּל וואָס האָט זיך לאַנגזאַם מיט שווערע קרעכצן דערהויבן, אונטערגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן און שטייף געבליבן איינגעהויקערט אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, אַ צעדרייטן הוט אויפן קאָפּ און דאָס פּנים מיט אַ לאַנגע קאָלטענעוואַטע באָרד... — „גאַרבאַטי זשיד! (הויקערדיקער ייד) גאַרבאַטי זשיד"! — האָט זיך דער עולם צעשריגן. ווען דעם געהילפס־סאַניטאַר איז קוים געלונגען איינצושטילן די צעווילדעוועטע געשרייען, האָט דער, וואָס איז געווען פאַרשלייערט פאַר אַ ייד, אָנגעהויבן רעדן שטאַמלדיק, באַגלייט מיט משונה־דיקע זשעסטיקולאַציעס.

— „אַי אַי — אַי... איך בין א ייד פון פּוילן... געווען איז מיר אַמאָל גוט... (אויסגעשפּיצט דעם בויך) געלעבט פון אָפּנאַרן די גויים... (די הענט געשטיפּט אין די טאַשן) איצט, פּאַנאָוויע, איז מיר זייער שלעכט... אָנגע־וויזן אויף זיין אויסזען) אוי ווי שלעכט... (געשאָקלט מיטן קאָפּ) געמאַכט מיט אונדז כיק... כיק... כיק... (מיטן פינגער געקיצלט איבערן האַלדז) לאָזט מיך דאָ בלייבן מיט אייך... (אויסגעשטרעקט ווי אַ בעטלער די הענט). לאָזט מיך לאָזט מיך..."

פאַרכליניטע פון געלעכטער, האָבן זיך די לאַגערניקעס אָנגעהאַלטן איי־נער ביים צווייטן. עס האָט אויסגעזען ווי אַלע צושויער זענען פאַרשיכורט גע־וואָרן פון דעם בילד, כמעט געפאַלן פון געלעכטער.

איך בין געזעסן אין דער רייע צווישן די קראַנקע, אָנגעלעגט דאָס פּנים איבער שטעקן, און אַזוי אַרום אויסבאַהאַלטן מיינע פאַרבאָרגענע גע־פילן פון חרפּה, פון עלנט ווי אין אַ וואַלד צווישן ווילדע חיות.

ווען כ'האָב דערהויבן דאָס פּנים, האָב איך זיך אומגעריכט אָנגעטראָפן מיט די שאַרפע אויגן פון סאַניטאַר... איך האָב דערפילט ווי אין מיר וואָלט זיך עפּעס אָפּגעריסן... דעם אויסדרוק אויף מיין פּנים האָב איך פאַרדעקט

מיט די שמערצן פון מיין פאַרוווּנדערטן פוס...

„וואָס איז סטאַניסלאַוו, האָסטו ווייטיק?

דער סאניטאַר וואָס האָט זיך גלייך דערנענטערט צו מיר, האָט די פראגע געשטעלט זייער מילד, לייגנדיק זיין האַנט אויף מיין אַקסל.

אויפהויבנדיק דאָס פּנים, וואָס איך האָב געהאלטן אַראָפּגעלאָזט צום פיס, האָב איך אים געענטפערט:

— טוט אַ ביסל ווי, קאָן זיין צוילבן באַנדאַזש וואָס איז לויז געעופן פוס".

— ט׳גיי אין שפּיטאָל אריין. איך קום שפּעטער אַ קוק געבן צו דיר".

ווען איך בין ארויס פון באַראַק, האָבן אין מיינע אויערן נאָך געקלינגען די שווערע גרילצנדיקע טענער פון די צעצויגענע האַרמאָניעס אין די הענט פון די מוזיקאַנטן מיט צעשאָקלטע קעפּ. טאַנצדיקע פּאָרלעך לאָבן געטופּעט מיט די פיס צום טאַקט, באַגלייט מיט אויסגעשריי־ען „הוהא, הו־הא!"

ס׳איז שוין געווען שפּעט נאָך האלבן טאָג. דער לאנגער קאָרידאָר אין שפּיטאָל איז געווען פּוסט, די טירן פון די ביוראָ־צימערן — געשלאָסן. איך בין געבליבן שטיין אין מיטן קאָרידאָר, געקוקט אויף דער רשימה פון די קראנקע, וואָס זענען געווען פאַרשריבן אויף מאָרגן צום דאָקטאָר.

דערנאָך בין איך אריין אין קראנקן־זאל און דאָ אָנגעטראָפן אַ טויטע שטילקייט. בלויז אַ פּאָר שווערע קראַנקע זענען געליגן אין די בעטן צעוואָרפן איבערן זאל. איינער האָט עפּעס געשטאַמלט צו מיר. אַ ווײַלע בין איך שטיין געבליבן אַ צעטומלטער ביז איך האָב אויסגעפונען מיין בעט.

ליגנדיק איז פאַר מיין דמיון נאָך בולטער געשטאַנען דאָס פּנים פון סאַניטאַר. וואָס מער איך האָב זיך פאַרטראַכט וועגן אים, אַלץ שוואַכער זענען געוואָרן מיינע צווייפלונגען, צו ער מיינט טאַקע מיך, דעם באַהאַלטענעם ייד. ט׳וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס דאָזיקע געשטאַלט? ווער באַהאַלט זיך אויס אונטער דעם ווייסן פאַרטוך? אַ דייטשער געסטאַפּאָוויעץ אָדער אַ פּוילישער פּראָוואָקאַטאָר צווישן די לאַגער מענטשן? דאַרף איך דאָס זיין דער ערשטער געפאנגענער אין זיין געהיימער נעץ, דער ערשטער קרבן דאָ אין לאַגער? שטיי איך ווידער אין אָנבליק פון טויט? איך האָב דאָס פּנים איינגעבראָכן אין קישן, געבליבן ליגן ווי אין אַ פינצטערן תהום...

פּלוצים האָב איך דערהערט אונטער מיין ריקן שטילע טריט, וואָס האָבן זיך פאַרהאַלטן נעבן מיין בעט; באַלד נאָכדעם — אַ גערויש פון פּאַפּיר. איך האָב א ווײַלע איינגעהאלטן דעם אָטעם און אויפגענומען די פאַרדעכטיקע שטילקייט ארום מיר. נאָכדעם האָב איך זיך פויל איבערגעדרייט, צעעפנט די אויגן און דערזען פאַר מיר דעם סאַניטאַר... גלייך האָב איך זיך אויפגעזעצט און מיט אויסגעצויגענע הענט אַנטבלויזט דעם קראנקן פוס.

דער סאַניטאַר האָט, אַנשטאָט זיך אומקוקן אויפן פוס, גענומען מיין האַנט, אָנגעשטעלט זיינע פינגער שפּיצן אויף מיין פּולס, דערנאָך זיך טיף

איינגעקוקט אין די רויט צעצינדענע ווונד און אומגעריכט אַ שטעק געטוי־ מיט די פינגער־שפּיצן אין „דיך” פון קראנקן פוס.

איך האָב אַ ציטער געטון...

— „ס׳טוט דיר דאָך שטאַרק ווי. אה?”

— ניין — האָב איך געענטפערט, פארטושנדיק דעם גרימאַס אויף מײַן פּנים.

— ט׳וואָס האָסטו אַזאַ ציטער געטון ?”...

— „דאָס אָרט איז ביי יעדן מענטש „עמפּינדלעך”.

אַ ווײַלע זענען אונדז ביידנס אויגן געבליבן שטעקן איינער אַנטקעגן צווייטן, און צווישן בײדע האָט געהאָנגען אַ פראַגע־צייכן: „ווער ביסטו”?...

נאָך אַ קורצן שטיל שווייגן האָט דער סאניטאר זיך אָפּגערופן, באַיועגנדיק נערוועז מיטן קאָפּ.

— „מאָרגן וועל איך דיר צעוויסן טון, וועלכע שעה דו זאָלסט זיך מעלדן צו מיר. דיין פוס פאָדערט אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג...”

ווען דער סאניטאר איז ארויס פון קראנקן־זאל האָב איך גלייך נאָכגעקוקט די זאַכן, וואָס זענען געלעגן אויף מײַן נאַכט טישל. אין זעלבע אָרדנונג וואָס פריער, איז געלעגן דאָס פוילישע בוך, אַ דייטשע צייטונג, אַ דאָמינע און די קאָרטן. בארירט איז געווען דאָס פּאַק פּאפּיר פון אַ דערהאַלטענעם שפּייז פּאַקעט פון דער פרוי ראַגאָזשאַנסקי, אַדרעסירט צו סטאַניסלאַוו פּריבעל, געשיקט אַנאָנים פון יאדוויגא ביעלעצקא, סאָקאָלאָוו־פּאָדליאסקי, קור־פיעטינסקא 91. נעבן דעם איז געלעגן אַ פּאָסט־קאַרטל וואָס איך האָב צו זיך אליין געשיקט נאָך פארן אריינגען אין שפּיטאָל. אין קארטל, געסטעמפּלט פון באכומער פּאָסט־אַמט, האָט זיך געלייענט:

„ליבער קאָלעגע סטאַניסלאַוו וויצעק פון דארטמונד איז געווען ביי מיר. ער ארבעט, ווי דו, אין אַ קוילן־שאַכט. מיר איז בעסער — איך ארבעט ביי מײַן פּאַך אלס שלאָסער אין באַכום. אין דערהיים, אין דאָרף, איז נישטאָ ווער ס׳זאָל די עלטערן ארויסהעלפן ביי דער ארבעט אין פעלד. די מאַטקע (מאַמע) — נאָר זי וויינט פאַרוואָס מ׳האָט אונדז פאַרשיקט פון דער היים. שרייב וועלכן זונטאָג דו וועסט זיין מיין גאסט. זשי! (לעבן). דיין קאָלעגע בראָנעק.”.

איך ליג אויפן בעט און טראַכט: האָט דער סאניטאַר גענומען ערנסט דאָס צוגערייטע, כדי צו ציען זיך אויפמערקזאמקייט צום לייענען? זענען דאָך דאָס שטאַרקע באַווייזן קעגן זיין פאַרפּאָלגונגס־חשד אויף מיר? באַפאלט מיך אָבער אַ צווייטער געדאנק: האָב איך נישט דערמיט קיין פעלער געטון? האָב איך נישט אליין אריינגעלייגט אין זיינע הענט באַווייזן, אז איך שטיי אין קאָנטאַקט מיט נאָך אַזעלכע, פאר וועלכע ער איז מיך חושד? האָט ער טאַקע אזוי פארשטאַנען? וואָס זאָלן באַדייטן זיינע ווערטער — איך זאָל זיך מעלדן צו אים; וואָס מיינט ער דערמיט? האָט ער שוין וועמען איבערגעגעבן

וועגן מיר, און איך וועל דארפן שטייען פאר אַ קרייך־פייער? גאָט! ווי נעמט מען כוח בייצושטייך אזא נסיון נאָך אַזוי פיל מאָל ראנגלענישן מיטן טויט? וועט מען מיר גלויבן וואָס איך וועל זאָגן?... וועט עמיצער אויסשטרעקן אַ האַנט צו מיר, אָדער איך וועל מיט שאַנד אין שפּאָט אויפגעהאָנגען ווערן אין מיטן לאגער. אַ תליה פאר אן אויסגעפונענעם ייד צווישן אזוי פיל גויים. דער לעצטער ייד... און יורעק וועט זיין מיין תליון? יורעק, וואָס עסט און שלאָפט מיט מיר צוזאמען און האָט אפילו דרך ארץ פאר מיינע פרומע „מאָדליטוועס" אין לאגער־קלויסטער?

פון קאָרידאָר האָבן זיך צו מיר דערטראָגן אומבאַקאַנטע טריט. באַלד איז אין קראנקן־זאל פול געוואָרן מיט רעש און געלעכטער. סטעפאן איז צו צו מיין בעט, מיך אַ טרייסל געטאָן: „העי סטאַניסלאַוו! פארוואָס ביסטו אוועק פון דער „זאבאווע"?

— „ס'האָט מיך דערקוטשעט" — האָב איך אים, אַ פאַרשלאָפענער געענטפערט...

יורעק, צום טאַקט פון „אַ מאַזורעק", וואָס ער האָט זיך אונטערגעפייפט, האָט זיך, א גוט געשטימטער, אָנגערופן:

— „סטעפאַן, לאָז אים שלאָפן. סטאַניסלאַוו איז שוין צו אַלט פאר „זאבאוועס"; אים איז ליבער זיך „מאָדלען" אין קלויסטער... און אויך דו, אין דיין מאַמען אריין, ביזט אין דייטשלאַנד ווי אַ געשלאָגענער ייד!"

„אין דיין מאַמען אַריין" — האָט סטעפאַן געשריגן — „מיך רופסטו געשלאָגענער ייד? אַליין ביסטו ווי דער הויקנדיקער ייד פונקט אַזוי ווי דו האָסט היינט פאָרגעשטעלט"...

מיין האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיקער קלאפן. איך האָב יורעקן אַ שטויס געטון אין דער זייט מיטן פוס, — „דאָס ביסטו געוועזן אַזוי פארשלייערט פאר אַ ייד? ווי גאָט איז מיר ליב, איך האָב דיך נישט דערקענט. פון וואנעט, יורעק, קאָנסטו דאָס אזוי טיפּאָווע נאָכמאַכן די יידישע שטיקלעך?"

יורעק, וואָס האָט מיך אין יידישע ענינים געהאַלטן פאר זייער נישט קיין דערפארענעם, האָט מיר אויפגעקלערט:

— „דו, סטאַניסלאַוו, אין דיין „פּאָזנאַן" האָסטו נישט געהאַט צוטון מיט אזא באַשעפעניש וואָס רופט זיך „ייד", ביי אונדז אין זשיראַרדאָוו האָבן מיר אומעטום געהאַט יידן, אין אלע גאַסן, כמעט אין יעדן הויז: און טאַקע אַנטקעגן איבער אונדז, ווו מיר האָבן געוווינט, האָבן מיר געהאַט יידישע שכנים, רייכע פאבריקאנטן פון ווייסע לייוונט; יידן באַוואַקסענע מיט בערד און פייסאקעס (פיאות). פון קינדוווייז אָן האָב איך צוגעזען זייער לעבן, איך געדענקט אפילו נישט בלויז זייערע חתונה'ס, נאָר אויך זייערע לויה'ס איך האָב דעם „זשיד" געקענט מיט אַלע זיינע אייגנשאַפטן ווי גאָט איז מיר לעבּנעם, סטאניסלאוו, און שטעל אויס צווישן טויזנט פּאָליאקן איין ייד אין די

זעלבע קליידער וואָס אַלע, וועל איך אים גלייך דערקענען...

איך האָב יורעקן איבערגעהאַקט דאָס רעדן.

—„דערצייל מיר, ווער האָט דיך דאָ אויסגעפונען פאר אַן ארטיסט?"

יורעק האָט מיר שטאָלץ געענטפערט:

— זשיראַרדאָווער אין לאַגער קענען מיך פאַר אַ זעלבן, וואָס קאָן פאַר־שטעלן קאָמישע שטיקלעך. פאַריקן זונטיק האָב איך דאָ אין שפּיטאָל פאַר־געשטעלט אַ „ייד". די קראַנקע האָבן זיך געשאָקלט אויף די בעטן פון גע־לעכטער מיט אַזעלכע געשרייען אז דער הויפּט־סאַניטאר איז געקומען צו־לויפן נאָכקוקן וואָס ס'איז געשען: שטעל זיך פאָר, סטאַניסלאַוו: דער סאַניטאַר, וואָס גייט שטענדיק ארום מיט אַ זויער פּנים און ארויסגעקוועטשטע אויגן — אים האָב איך געמאַכט לאַכנדיק. ווען איך האָב געענדיקט, האָט ער מיר פאַר־געלייגט דאָס זעלבע פאָרצוטשעלן היינט אויף דער „זאבאווע"...

— קענסטו דעם סאַניטאַר נאָך פון פוילן?"

יורעק האָט אַ הייב געטון מיט די אקסלען און פארגרימט דאָס פּנים.

— דער טייוול וויסט אים פון וואַנעט ער שטאַמט. איך קען אפילו נישט זיין נאָמען, פאר איינעם זאָגט ער, אז ער שטאַמט פון שלעזיען — ער רעדט גוט דייטש — פאר א צווייטן איז ער פון קאָנגרעס־פוילן. אין לאגער דער־ציילט מען אז ער שטאַמט גאָר פון די רוסישע געביטן. איך האָב אים אליין געהערט רעדן רוסיש מיט איוואַן דעם פריזירער, און וועמען גייט עס אָן פון וואנען ער טשאַמט?...

אין קראנקען זאל האָט זיך באוויזן יאנעק דער געהילפס־סאניטאַר מיטן גלעקל אין האַנט. אַלע האָבן גענומען אויף גיך צוזאמענלייגן די דאָמינעס, דאַמקעס, קאָרטן און אַנדערע שפּילערייען. יעדער קראנקער האָט פארנומען זיין בעט. אין זאל איז געוואָרן פינצטער.

איך בין געבליבן ליגן אין בעט ארומגענומען מיט דער חשכות. דער שווער איבערגעלעבטער טאָג האָט אויף מיר געדריקט ווי אַ שווערע משא. דער מוח — נישט פעיק מער צו טראכטן. אלע אברים אין מיר האָבן פאר־לאַנגט אַנטשפּאנונג. איך בין שווער איינגעשלאָפן.

אויף צומאָרגנס בין איך געשטאַנען אין דער ריי צווישן די קראַנקע, צו באַנדאַזשירן דעם פוס. ווען דער סאַניטאַר האָט מיך דערזען, האָט ער מיך ארויסגענומען פון דער ריי, אַוועק מיט מיר אין אַ זייט און שטרענג, באַפע־לעריש, געזאָגט:

— „דו וועסט יעצט נישט באַהאַנדלט! אכט אין אָונט קום אַריין צו מיר אין מיין ביוראָ־צימער, וועל איך באַשליסן וואָס צו מאַכן מיט דיין פוס..."

— „וואָס איז דען מיט מיין פוס וואָס פאָדערט אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג?"

— האָב איך געפרעגט, אונטערשפּאַרנדיק זיך אויפן שטעקן, איינצוהאַלטן מיין גלייכגעוויכט.

דער סאַניטאַר האָט אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע אויגן און אַ וואָרף

געטון די ווערטער:

„אָן פּראַגן! יעצט גייסטו צוריק אין דייך בעט!“

פאַר מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז דער סאַניטאַר הייבט אָן אָפּן אַראָפּ־צו רייסן פון מיר די מאַסקע. עפּעס פּלאַנט ער קעגן מיר און וויל דעם פּלאַן דערפירן צום סוף.

איך בין געלעגן אויפן בעט און געטראַכט וועגן קומענדיקן צוזאַ־מענטרעף מיטן סאַניטאַר. איך האָב פאַרגעפילט אַז דאָס וועט זיין די וואָג־שאָל פון מיין ווייטערדיקן לעבן אין דעם לאַגער, ווו דער גורל האָט מיך פאַרוואָרפן נאָכן אַנטלויפן פון טרעבלינקע. פאַרשידענע פּלענער האָב איך אָנגעהויבן פאַרטראַכטן. דער ערשטער פּלאַן איז געווען — איך זאָל אויס־באַהאַלטן ביי זיך אַ שאַרף מעסער אויף דעם מאָמענט, ווען איך וועל זען אַז איך בין שוין אין גאַנצן אַ פאַרלוירענער. דעמאָלט וועל איך זיך וואַרפן אויפן סאַניטאַר, אים דערשטעכן און דערנאָך — זיך אַליין. איך האָב אָבער ביי זיך נישט געפינען גענוג פיזישן און מאָראַלישן כוח דאָס דורכצופירן. דער געדאַנק איז מיר פאָרגעקומען ווי אַ זעלבסטמאָרד.

נאָך אַ פּלאַן איז מיר אויסגעקומען רעאַלער און לאָגישער. דעם פּלאַן האָב איך אָנגעהויבן גענוי פאַרטראַכטן און דורכפירן.

ווען ס׳האָט זיך דערנענטערט די צייט פון צוזאַמענטרעף, האָב איך געמאַכט אַ שמועס מיט די צוויי לאַגער שקצים סטעפאַן און גזשיגאָרש און זיי דערציילט אַז מיר טרעפט זיך צו קויפן אַ ביליק פּעקל קליידער ווי אויך אַ קוכן, און האָב זיי געבעטן מיר העלפן. פאַר דער הילף וועלן זיי פון מיר באַקומען קוכן און אַ פּעקל ציגאַרעטן. זיי דאַרפן קומען האַלב 9 אין אָוונט מיך אָפּוואַרטן ביי דער טיר פון סאַניטאַר. אויב איך וועל זיך פאַרשפּעטיקן — זאָלן זיי אַרויסקומען זיך דאָרט פרעגן אויף מיר. באַלד נאָכן אַריינקומען אין צימער האָט מיר דער סאַניטאַר אַ פרעג געטאָן, ווער ס׳זענען די ביידע.

— „מיינע גוטע חברים נאָך פון פּוילן“ — האָב איך דערקלערט.

— „פון וואַנען זענען די ביידע, זיי זענען מיר פון ערגעץ קענטיק“

— „מיר האָבן צוזאַמענגעלעבט ווי פּליטים פון פּויזנער אומגעגנט אין סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסקי“.

— „געהאַט אַ טעות“... — האָט דער סאַניטאַר קוים אַרויסגערעדט אונטערברומענדיק אונטער די נאָז.

נאָכן קורצן געשפּרעך האָט דער סאַניטאַר מיר אָנגעוויזן מיטן פינ־גער, ווו איך זאָל זיך אַוועקזעצן. איך בין געבליבן זיצן מיטן פּנים אַנטקעגן אַ שפּיגל אויף דער וואַנט און צוגעזען, ווי ער טוט זיך אָן דאָס ווייסע פאַר־טוך, פאַרוויכערט לאַנגזאַם אַ ציגאַרעט, בלייבט אַ ווײַלע שטיין פאַרטראַכט און אַ שפּריץ געטון צו די גלעזערנע שאַפּקעס מיט מעדיקאַמענטן, געזוכט עפּעס מיטן פּנים נאָענט צו די פלעשלעך, פאַרמאַכט און ווידער געעפנט די שאַפּקעס, געגאַנגען אַ פּאָר מאָל איבערן צימער, שטיין געבליבן לעבן

מיר און צעעפנט מיין העמד אונטערן האַלדז. דערנאָך האָט ער אַריינגעשמעקט אַ טערמאָמעטער אונטער מיין אָרעם, אַ קוק געטון אויפן זייגער און געבליבן זיצן אין דער זעלבער פּאָזע, ווי איך. מיר האָבן זיך בײדע אין שפּיגל צוזאַמענגעטראָפן מיט די בליקן. אויף זיין פּנים האָב איך גלייך דערקענט אַז ער שטעלט אָן אַ טאָן צו רעדן. באַלד האָט ער מיר טאַקע דערציילט, אַז עמעצער האָט אים אָפּגעשטעלט, און ערשט פון שמועס דערקענט אין יענעם אַ ייד, וועלכן ער האָט געהאָלפן אַנטלויפן פון פּוילן.

איך האָב געוואָלט דער סאַניטאַר זאָל באַמערקן, אַז איך פאַרשטיי זיך גאָר נישט אויף דעם. איך האָב איצט פאַר אים געוואָלט בולטער ברענגען צום אויסדרוק מיין קראַנקן צושטאַנד, האָב איך מיט אַ שווערער שטים, קוים וואָס מען האָט געקאָנט דערהערן, אים געענטפערט אַז פאַר מיר איז איצט נישט טשעקאַווע דאָס וואָס איך האָב געהערט דערציילן און איך בין דאָ אַריין געקומען באַהאַנדלט ווערן ווי אַ קראַנקער.

דער סאַניטאַר האָט אַרויסגעצויגן דעם ציגאַרעט פון מויל און פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס.

— „דאָס דאַרף איבערהויפּט נישט שטערן אונדז זיך אַ ביסל אונטערצוהאַלטן ווען די שטימונג איז צום רעדן...“

איך האָב, ווי אים נישט הערנדיק, אַרויסגעצויגן דעם טערמאָמעטער און אַ אַוועקגעלייגט לעבן סאַניטאַר... אים האָט אָבער איצט דאָס נישט אינטערעסירט. ווי איינרעזשיסירט האָט ער ווידער אָנגעהויבן דערציילן:

—„קיין וואַטענשייד בין איך געקומען פון קאַסעל. דאָרט בין איך אויך געווען, ווי דאָ, דער הויפּט־סאַניטאַר אין אַ לאַגער. איינמאָל זענען אַריין צו מיר צוויי פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער קיך, מיט אָפּגעבריטע הענט. איינע פון זיי איז מיר פאָרגעקומען אַלס יידישקע. זי האָט אַ לאַנגע צייט געלייקנט אין דעם... אָבער מיינע אויגן האָבן מיך נישט גענאַרט... זי האָט געמוזט אין דעם מודה זיין... נאָך דעם זענען מיר געוואָרן זייער פאַרהיימישט אויף אַזוי ווייט, אַז זי האָט מיר שפּעטער פאַרטרעטן מיין ווייב, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן אין דער היים“...

דער סאַניטאַר איז שטיל געבליבן; זיינע אויגן האָבן מיר כסדר אָבסערווירט אין שפּיגל. פאַר מיר איז קלאָר פּעוואָרן דער ציל פון זיינע רייד, און פון זיין אָנקוקן מיך אין שפּיגל. איך האָב אַ דריי געטון דאָס פּנים צום סאַניטאַר, אָפּגעמאָסטן אים מיט אַרויסגעזעצטע אויגן, פאַרקריצט די ציין און אים שאַרף אָנגעקוקט.

— „וואָס קוקסטו אַזוי פרעך אויף מיר!“ — האָט ער אויסגעשריגן, אויפשפּרינגענדיק פון שטול.

— „וואָס פאַר אַ ציל האָבן דיינע יידישע געשיכטעס קעגן מיר? וואָס פאַר אַ געמיינזאַמעס האָב איך דערמיט? זאָג! ענטפער!!“

בײדע זענען מיר געבליבן שטיין איינער אַנטקעגן צווייטן מיט בריט

צעעפּנטע אויגן, פון קאָרידאָר האָט זיך דערהערט שווערע, שלעפּנדיקע טריט. די אומגעריכטע צעעפּנטע טיר האָט איבערגעהאַקט די צעצינדענע שטימונג צווישן אונדז ביידע. סטעפאַנס גרויסער קאָפּ האָט געשטעקט אין די צע־עפּנטע טיר און געפרעגט ווען כ׳קום אַרויס.

דער סאַניטאַר וואָס איז שטיין געבליבן ווי אַ צעמישטער, האָט גע־וואָרפן מיט די אויגן פון מיר אויף סטעפאַנס קאָפּ, וואָס האָט אויסגעזען צווישן דער טיר ווילד און אָנגעוואָרפן שרעק. דעם איינדרוק האָב איך נאָך מער פאַרגרעסערט ביים סאַניטאַר, ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו דער טיר ווען סטעפאַנ׳ס קאָפּ האָט זיך צוריק געצויגן. אין קאָרידאָר האָב איך אים דערקלערט אַז מיר קאָנען איצט נישט גיין צו וואַלעצקי, ווייל ער אַרבעט נאַכט־שיכט... מאָרגן מיטאָג־צייט וועלן מיר זיך זען מיט אים.

-- „ס׳שאַדט נישט, ס׳שאַדט נישט. זאָל זיין מאָרגן" — האָט סטעפאַן פאַר גוט גענומען מיינע רייד און זיך אַוועקגעשטעלט מיט בערישע טריט צוריק אין קראַנקען־זאַל.

ווען איך בין צוריק אַריין אין צימער, איז דער סאַניטאַר געזעסן ביי זיין שרייב־טיש מיטן טערמאָמעטער אין דער האַנט... די נאָרוואָס צערייצטע שטימונג איז פון אים פלוצעם פאַרשוואונדן... אַ מילדער, מיט ווייכע רייד, האָט ער מיך געפרעגט צו כ׳האָב פיבער און געהייסן אָפּוויקלען דעם באַנדאַזש.

— „וואָס האָט דער כלאָפּ געוואָלט פון דיר פונקט איצט?" — האָט דער סאַניטאַר ווייטער געפאָרשט.

— „אַ פּריוואַטער ענין"... — האָב איך געענטפערט קורץ.

—ווי אַזוי האָט ער געוווסט אַז דו געפינסט זיך ביי מיר אין צימער?"

— ער האָט זיכער געזען, ווען איך בין דאָ אַריין"...

דער סאַניטאַר האָט ווי איינגעשטימט מיט מיינע רייד און זיך גע־הייסן ווייזן דעם קראַנקן פוס. באַטראַכטנדיק די וווּנד, האָט ער שטרענג אַ קוק געגעבן אויף מיר, און פון זיין מויל האָט זיך אַרויסגעשיט ווערטער ווי הייסע קוילן:

— „דו האָסט אָנגעשוואָלעכץ אין „דיך"... דו באַהאַלסט דאָס אויס פאַר מיר... זאָג מיר אָבער דעם אמת, וואָס איז די סיבה פון אויסבאַהאַלטן?"

— זיך איך איצט מיט אַ סאַניטאַר אָדער אַן אויספאָרשער?"

— ביי דער פראַגע — מיט אַן אויספאָרשער..."

— „פאַר אַן אויספאָרשער זיך איך?"...

אַ שטאַרקע באַוועגונג פון הענטל אויף דער טיר האָט אָנגעהויבן קלאַפּן ווען דער סאַניטאַר האָט אַ דריי געטון מיטן שליסל און אַ ביסל צעעפּנט די טיר האָט זיך אין צימער אַריין געשטויסן גזשעגאָרזשעס אַטלע־טישע פיגור... גזשעגאָרזש האָט געפינטלט מיט די אויגן און זיך דרייסט אַרומגעקוקט אין צימער און וווּליזנגעריש געפרעגט, אויב מיר האָבן שוין

גענדיקט די שפּיל...

גזשעגאַרזשן האָב איך שנעל אַ כאַפּ געטאָן אונטערן אָרעם, מיט אים אַרויס אין קאָרידאָר און שטיל דערציילט אַז פֿראַנעק אַרבעט היינט נאַכט־שיכט און מאָרגן גייען מיר צו אים. ער איז מסכים געווען.

ביים אומקערן זיך צוריק אין צימער האָט דער סאַניטאַר מיך אָפּגעוואַרט אין די צעעפֿנטע טיר, דערנאָך פֿאַרשלאָסן, גענומען דעם שליסל צו זיך אין טאַש און אָנגעהויבן נערוועז גיין איבערן צימער ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט געביילטע פֿויסטן... פֿון אונטער מיין רוקן האָב איך דערהערט זיין פֿאַרסאָפּעטע שטים.

— „דו ביזט אין לאַגער אַ פֿאַרדעכטיקער טיפּ! אָרגאַניזירסט אינ־טריגעס, זאָג גלייך ווער דו ביסט. זאָג דעם אמת...

— „מיין נאָמען איז סטאַניסלאַוו פּריבעלי!“, — האָב איך אויסגעשריגן צו אים.

— „נישט ריכטיק!. נישט ריכטיק... דיין נאָמען איז משה... אָדער יונה!... אַ זשיד ביזטו!.. יאָ, דער וואָס זיצט דאָ איז אַ זשיד. אַ זשיד.“

איך האָב נאָך אין שפּיגל באַוויזן צו זעען זיין אויסגעצויגענע, דראָענ־דיקע האַנט איבער מיין קאָפּ: איך האָב דערפֿילט אַ ציטער איבער מיין לייב און געבליבן אין אָנמאַכט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט נאָכהענ־גענדיקע הענט...

איך ווייס נישט ווי לאַנג ס'האָט געדויערט ביז איך האָב געקאָנט אַרויס־רעדן אַ וואָרט... ווען איך האָב אין שפּיגל ווידער דערזען דעם סאַניטאַרס אויגן אָנגעשטעלט אויף מיר, האָב איך זיך אַ וואַקלדיקער אויף מיינע פֿיס איבערגעזעצט צום שרייב טיש, ווו ס'איז פֿון דער צווייטער זייט געזעסן דער סאַניטאַר.

„נו וואָס האָסטו מיר יעצט צו זאָגן, ווען דיין מאַסקע איז אַרונטער געריסן, און דו זיצט פֿאַר מיר מיט דיין ידיש פּנים?“...

די גיפֿטיקע ווערטער האָט דער סאַניטאַר געזאָגט מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל, אויסציענדיק זיין קאָפּ איבערן שרייב־טיש נאָענטער צו מיר...

— „פּאַניע סאַניטאַרזשע, איך בין דיר גרייט עפּעס צו זאָגן ווען דו וועסט מיר אויסהערן מיט געדולד און שענקען מיינע ווערטער אַ ביסל אויפֿמערק“.

— „וואָס פֿאַר אַ טשעקאַוועס קאָנסטו עס מיר דערציילן“ — האָט דער סאַניטאַר באַוועגט מיט חוזק זיין קאָפּ — „נו, דערצייל, איך וועל הערן.“

— „איך ווייס נישט מיט וועמען און פֿאַר וועמען איך רעד דאָ“ — האָב איך אָנגעהויבן מיט אַ ציטערדיקע שטים — „קאָן זיין מיט אַ פֿאַר־מאַסקירטן דייטש, וואָס וועט נאָכן ענדיקן מיט מיר, זוכן אַ צווייטן קרבן אין אַ לאַגער, איך וויל אָבער גיכער גלויבן אַז איך רעד פֿאַר אַ פּאָליאַק. אַ קריסט וואָס גלויבט אויפֿריכטיק אין גאָט... וואָס האָט אַ מענטשלעך

האַרץ... וואָס איז אַליין אַ געררודפטער ביי די דייטשן. אַלס אַזעלכער בין איך זיך פאַר דיר מודה, אַז איך בין ווירקלעך אַ ייד...

צו וואָס בין איך אַהער געקומען קיין דייטשלאַנד, און ווי אַזוי האָב איך געקאָנט אַהער קומען אונטער אַ פרעמדן נאָמען, דאָס איז פאַרבינדן מיט מיין לעבנסגעשיכטע בלויז פון לעצטן האַלבן יאָר. דאָס וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין דער קורצער צייט, וואָלט געווען גענוג פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט געלעבט הונדערט יאָר, און ער זאָל נאָך שטאַרבן ווי אַ שווער געפייניקטער...

איך ווייס נישט צו דיר איז באַקאַנט טרעבלינקער פאַרניכטונגס־לאַגער, ווו די דייטשן האָבן איינגעאָרדנט אַ פאַבריק צו טויטן מענטשן. איך בין פון דאָרט אַנטלאָפן אַ נאַקעטער געציילטע מינוטן פאַרן אומברענגען. גאָט האָט מיר אַנטקעגנגעשיקט אויף דעם וועג גוטע מענטשן.. דאָס ערשטע מלבוש, אַ פאַרטוך, האָט מיר געגעבן אַן אַלטע פוילישע פרוי אין אַ וואַלד, דאָס ערשטע העמד, מיט וואָס איך האָב צוגעדעקט מיין פאַרוווּנדעטע לייב, האָט מיר געגעבן אַ פּאָליאַק מיט אַ מענטשלעך האַרץ. און אַן אַנדערער פּאָליאַק האָט מיך אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, ווו איך האָב צוריק באַקומען דאָס געפיל פון אַ מענטש... אפילו דאָ אין לאַגער געפינען זיך אַ פּאָר פּאָליאַקן, וואָס ווייסן מיין פאַרגאַנגענהייט. צוויי פון זיי האָסטו געזען איצט אין דיין צימער. די דאָזיקע פּאָליאַקן האָבן מיר צוגעהאָלפן קומען קיין דייטשלאַנד. אויך זיי זענען פאַראינטערעסירט, איך זאָל דאָ נישט ענטדעקט ווערן אַלס ייד, דאָס וואָלט אויך געווען פאַר זיי אַ זיכערער טויט...

איך בין דיר מוחל דיין דעטעקטיווע פאַרפאָלגונג קעגן מיר ביז יעצט, איך בין זיכער, אַז דו האָסט נישט אָפּגעגעבן קיין רעכנונג וואָס דו האָסט געטון קעגן מיר. דו, אַליין אַ געפייניקטער פּאָליאַק, וואָס שטרעבט נאָך צו זיין אַ פרייער מענטש אין דיין פאָטערלאַנד, ביזט דאָך אויך אַ פרומער קאַטאָליק. איך זע דאָך ווי פרום דו „מאָדליעסט" זיך אין לאגער קאַפּעלאַ. פרעג דעם גלח רוטשעוווסקי, צו דו האָסט געמעגט אַזוי טון אפילו קעגן אַזעלכן ווי איך. זאָל דיר דער גלח זאָגן, צו דו דאַרפסט מיר רודפן אָדער געבן שוץ... ביזטו ווירקלעך אַ גלייביקער קאַטאָליק — ט'גיב מיר הילף... גיב מיר שוץ... איך אַפּעליר צו דיין מענטשלעך געוויסן... וועסטו זיין קעגן מיר אַנדערש, שטעלסטו איין דאָס לעבן פון אַלע גוטע פּאָליאַקען וואָס האָבן מיר מענטשלעך געהאָלפן... דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב דיר געוואָלט זאָגן, און איצט טו מיט מיר ווי דיין האַרץ און געוויסן דיקטירן דיר.

נאָך מיינע רייד איז אין צימער שטיל געוואָרן. לאַנגע מינוטן זענען מיר ביידע געזעסן: ער מיט זיין פּנים אין די הענט — איך — פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויפן ראַנד פון דער שטול, אַ שווער סאַפּענדיקער, ווי נאָך אַ לאַנג לויפן...

גורלדיקע מינוטן האָבן זיך געצויגן פאַר מיינע אויגן. מיין ווייטער־

דיק לעבן איז געווען אין די הענט פון דעם סודותפולן מענטש וואָס איז געזעסן פאַר מיר. איך האָב געציטערט פאַרן ערשטן וואָרט וואָס וועט באַלד אַרויס פון זיין מויל — אַ וואָרט וואָס וועט באַלד באַשטימען צו מיינע רייד האָבן אָנגערירט אין אַ מענטשלעכן געוויסן, אָדער אַ ווידוי פאַרן טויט...

די שטול, אויף וואָס ס'איז געזעסן דער סאַניטאַר, האָט זיך אַ רוק געטון פון אָרט. דער סאַניטאַר איז אויפגעשטאַנען, ער איז צו צו דער גלעזערנער וואַנט־שאַפקע, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ קליין פלעשעלע, און אַ האַלבע גלאָז וואסער, האָט ער אַריינגעציילט אַ פּאָר טונקעלע טראָפּנס און מיר דערלאַנגט צום מויל...

— „טרינק, וועסט זיך באַרויקן"...

—„פּאַניע סאַניטאַרזשע" — האָב איך זיך געבעטן קוים אַרויסצורעדן

— „שענק מיר אַ וואַרעם וואָרט — פון דעם וועל איך זיך גיכער באַרויקן"...

— „איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טון"...

— „דערקלער מיר דאָס אויפריכטיק און קלאָרער"...

דער סאַניטאַר האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבן מירביים שרייב־טיש, פאַרלעגט אַ פוס אויף אַ פוס. די הענט אויף הינטן אונטערגעשפּאַרט אין ראַנד פון טיש, מיטן פּנים צו דער זייט, ווו איך בין געזעסן, און אָנגעהויבן רעדן שטיל, ווי נאָר איך אַליין זאָל קאָנען הערן:

— פון איצט אָן, נאָך דיין מודה זיין, איז די דראַמאַטישע שפּיל צווישן אונדז ביידע געענדיקט. האָסט געמוזט קאַפּיטולירן פאַר מיר... אָבער דו האָסט דיין ראָל גוט געשפּילט ביזן לעצטן מאָמענט. ווען איך האָב דין געצוווּנגען אויפהייבן די הענט פאַר מיר. איך בין אַ לאַנג יאָריקער געהיים־אַגענט פון דער פּוילישער פּאָליציי אין טשענסטאָכאָוו. איך האָב נאָך מיין פּראָפעסיע נישט פאַרגעסן, כאָטש איך טראָג דאָ אין שפּיטאָל אַ ווייסן פאַר־טוך... איך זאָג דיר אויפריכטיק: פאַריאָג פון זיך די שרעק פאַר מיר. קריג צוטרוי צו מיר. אויך מיין נאָמען איז סטאַניסלאַוו — סטאַניסלאַוו סילזוועס־טער, אַ גוט באַקאַנטער נאָמען געווען צווישן די טשענסטאָכאָווער יידן... האַלט דאָס פאַר אַ סוד... געדענק אין לאַגער האָב נישט מיט מיר קיין נאָענטע באַקאַנטשאַפט, לעב דאָ שטיל אָן אַוואַנטורעס. מייד אויס שפּילן אין קאָרטן. פיר נישט קיין איבעריקע געשפּרעכן, איבערהויפּט מיט די אינטע־ליגענטן אין לאַגער. פאַרוואַרף דיינע מאַניערן, גיי פּראָסטער, שווערער פּויעריש; שנייץ אויס די נאָז אין מיטן גאַנג און נוץ נישט קיין נאָז־טיכל — דעמאָלט וועסטו קיינעם נישט ווערן פאַרדעכטיק... ווייל אין לאַגער זענען דאָ אויגן וואָס אָבסערווירן... געדענק אין דעם וואָס איך זאָג דיר אָן"...

נאָך זיינע רייד, וואָס האָבן מיר אָנגעפילט מיט חיות, האָב איך אַ געריירטער, דריקענדיק אים די האַנט, געזאָגט:

— „איך האָב ווידער מזל געהאַט־צו באַגעגענען אין מיין טרויעריק לעבן אַ גוטן מענטשן"...

## סאָקאָלאָוו-פּאָדליאַסק

דער סאַניטאַר האָט זיך צעשמייכלט און געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין...

— „איך ווייס נישט וואָס איז אַזוינס גוט זיין. מיך האָט קיינער נישט געקענט פאַר־אָזעלכן, ספּעציעל די יידן... אָבער דאָס שטערט מיר נישט צו האָסן די דייטשן פאַר זייערע מערדערייען. איך האָב פיל צוגעזען וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט מיט די יידן אין טשענסטאָכאָוו. איך זע אין דיר אַזאַ טשענסטאָכאָווער ייד וואָס איך האָב שטאַרק באַדויערט, כאָטש איך האָב די יידן נישט ליב געהאַט...“

שפּעט אין אָוונט האָט מיך דער סאַניטאַר באַגלייט צו מיין בעט...

פנחס ראפּאלאָוויטש
(תל־אביב)

# חורבן סאקאלאוו

דער שעדלעצער חורבן פון די יידן אין חודש אלול 1942 האָט מיט אַמאָל אַ סוף געמאַכט צו אַלע הבטחות מצד די ליגנעריש דייטשישע מערדער, אַז די געטאָס אין פּאָדליאַשע ווערן נישט ליקווידירט, נאָר אָנערקענט אַלס אַרבעטס־פּונקטן פאַר די דייטשישע ווער־מאַכט.

מיר, סאָקאָלאָווער יידן, פאַרשלאָסענע אין געטאָ, האָבן דערזען אַז די אויסראָטונג־כוואַליע דערנענטערט זיך צו אונדז. דער פּחד פאַר די יסורי־מות און די גאַז־קאַמערן האָט אַלעמען שרעקלעך צעטרייסלט. דערשראָקענע און צעטומעלטע זענען די יידן אין געטאָ געלאָפן איינער צום צווייטן. אַלע האָבן געפרעגט די זעלבע פראַגע. וואָס טוט מען און וווהין לויפט מען? נאָר לײדער האָט קיינער קיין ענטפער אויף דער פראַגע נישט געגעבן.

די פאַרצווייפלונג ווערט גרעסער פון מינוט צו מינוט. מיט אַמאָל הערט מען, אַז יידן אַנטלויפן פון׳ם געטאָ. מענער, פרויען, קינדער, מוטערס מיט זויגלינגען אויף די הענט הויבן אָן אַנטלויפן איבער פעלדער גערטנער, וואָס פירן ביז די קיפּיטינער, ניטשיצער און ראָגאָווער וועלדער, נישט געקוקט אויף דער שטרענגער דייטשישער פאַראָרדענונג, אַז יעדער ייד, וואָס וועט אַריבערגייען די גרענעץ פונעם געטאָ, ווערט דערשאָסן.

זענען יידן געלאָפן אָן אַ ציל, נישט וויסנדיק אַליין וווהין זיי לויפן. איינס האָבן זיי יאָ געוווסט: זיי אַנטלויפן פון די דייטשישע רוצחים, וועלכע וועלן דאָך זיכער קומען פון שעדלעץ, נאָכדעם ווי זיי האָבן איבער די דאָרטיקע יידן געמאַכט אַ בלוט־באָד. און אויב זיי האָבן עס געקאָנט דורכפירן לגבי די שעדלעצער יידן, פאַר וואָס וועלן זיי עס נישט דורכפירן איבער די סאָקאָלאָווער יידן?

און ווירקלעך האָבן די סאָקאָלאָווער יידן נישט געהאַט קיין טעות. ווען די אויסראָטונגס־אַקציע קעגן יידן אין שעדלעץ איז נאָך אָנגעגאַנגען מיט זייער גאַנצער ברוטאַלקייט און ברען, איז אָנגעקומען קיין סאָקאָלאָוו אַ בריגאַדע געסטאַפּאָווצעס ספּעציעל צו פאַרניכטן יידן.

זיי זענען אַריין אין די קרייז־מאַנשאַפטן, כדי צו באַקומען גענויע אינסטרוקציעס פון ד״ר הערמאַן, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער פאַרניכטונגס־אַקציע נישט בלויז אין סאָקאָלאָוו, נאָר אויך אין ווענגראָוו און אין קאָסאָוו.

ד״ר הערמאַן, וועלכער האָט שוין געהאַט גענויע ידיעות וועגן דעם אַנטלויפן פון די יידן פון דער שטאָט, האָט פאַראָרדנט אָפּצולייגן די שחיטה

אויף נאָך אַ חודש צייט ביז די יידן וועלן זיך אומקערן צוריק אין געטאָ. נאָך עטלעכע וואָכן אין די וועלדער און פעלדער, האָט זיך דער רוב יידן: הונגעריקע, דורשטיקע און פאַרצווייפלטע אומגעקערט אינם געטאָ, ווייל די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיי ווייניק געהאָלפן. פאַרקערט — אָרגאַניזירטע באַנדעס שקצים זענען אויף די וועגן באַפאַלן די הילפלאָזע און די צום טויט פאַרמשפטע יידן. באַרויבט זיי און צעשלאָגן, אָפּט צוגענומען די מלבושים פון דערוואקסענע און אפילו פון קליינע קינדער און צוריק געטריבן אין געטאָ אָדער אָנגערייצט די דייטשישע זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט מיט טייוולאָנישן פאַרגעניגן פאַרגאָסן יידיש בלוט. אויך די באַקאַנטע גויים, וועמען מ׳האָט געגלייבט אַז זיי וועלן געבן הילף, האָבן זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. ס׳האָט זיך באַשטעטיקט די ווערטער פון נביא ירמיהו: „קראתי למאהבי והמה כמוני.״ נאָר איינצעלנע קריסטן האָבן רחמנות געהאַט אויף די אומגליקלעכע וואַנדערער וואָס זענען אַנטלאָפן פון אַ זיכערן טויט. זאָלן זיי טאַקע דערמאָנט ווערן צום גוטן, לײַדער זענען דאָס נאָר געווען יחידים. אַ טייל האָבן זיך געשראָקן פאַר זייערע שכנים, אַז זיי וועלן איבערגעבן די דייטשן וועגן דערלאַנגען הילף פאַר יידן.

מיטן צוריקקומען פון די אַנטלאָפענע יידן אין געטאָ במשך פון עטלעכע טעג, און הערנדיק די טרויעריקע ידיעות וועגן די באַציונגען פון די קריסטן צו זיי, איז אויף אלע יידן אין געטאָ געפאַלן אַ שווערע פּאַניק. די ידיעות האָבן אלע אויפגעטרייסלט. מיט אַמאָל זענען צערינען אַלע חלומות וועגן ראַטעווען זיך. ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מיר געפינען זיך דער עיקר צווישן שונאים.

נאַכט, ס׳שטיקן די וויזיעס פון טרעבלינקע ס׳הערן זיך שטאַרקער די קולות פון די געטריבענע יידן דורך די דייטשישע טייוולנים אין די גאַז־קאַמערן, אַ געיאָמער: „מה חטאנו ומה פשענו״? פאַר וואָס הרגעט מען אונדז? די קולות רייסן די הערצער פון יעדן ייד אין געטאָ, מען קאָן מער דאָ נישט בלייבן. יידן גנבענען זיך אַרויס פונעם געטאָ און דעם שטשעגלאָטשין־קורטשעווער לאַגער. ווו ס׳האָבן געאַרבעט עטלעכע הונדערט יידן ביי טריקענען זומפּן פון די וויסטע פעלדער, וואָס האָבן געהערט צום קורטשעווער פּריץ.

אויך איך בין געווען צווישן די אַנטלאָפענע און, נישט קוקנדיק אויף די סכנה וואָס האָט אויף אונדז געלויערט מצד די דייטשן און די פּוילישע באַנדעס, זענען טאָג־טעגלעך גרעסערע גרופּעס אַנטלאָפן פון געטאָ אין דעם אויבן דערמאָנטן לאַגער — דערווייל ווי דער איינציקער אויסוועג.

במשך פון עטלעכע וואָכן איז די צאָל יידן אין לאַגער פאַרדרייפאַכט געוואָרן. דער רוב אויפן וועג צעשלאָגענע און באַרבעוועטע, מאַנכע אפילו לגמרי נאַקעט און באָרוועס. דער קאָנטאַקט פון לאַגער מיט די שטאָט איז צוליב די פאַרשטאַרקטע דייטשישע וואַך־פּאָסטנס, כסדר געוואָרן שווערער. די טעג זענען שוין נישט קיין זומערדיקע, די נעכט — גאָר קאַלטע און

רעגנדיקע. די נאַקעטע און באָרוועסע יידן ציטערן פון קעלט. דער ווייטיק איז גרויס, אָבער ליידער זענען ווייניק אַזעלכע, וואָס זאָלן עפּעס אָוועקגעבן פון זיך פאר יענעם. איך ליג בייגאַכט אויף דער פּריטשע אין לאַגער און קאָן קיין אויג נישט צו מאַכן. עס וואַרפט און שוידערט מיך. איך פיל די קעלט פון די אומגליקלעכע קליידערלאָזע יידן, וועלכע געפינען זיך אין לאַגער און איך באַשליס מאָרגן צונויפרופן אַ באַראַטונג פון די עסקנים אין אַמאָליקן סאַקאַלאָוו, בכדי מיר זאָלן אָרגאַניזירן אַ הילפס־אַקציע צו דעם צוועק.

אויף דער באַראַטונג, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט בײַ צוואַנציק פּערזאָן, איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַ דעלעגאַציע פון פינף מענטשן; הרב יעקב קאַרפל — דער איידעם פון ראש הישבה ר׳ שמחה וואָלפּאָווסקי; הרב אשר ראָזענבלום (אברהם יעקב שמעונס טשערניצקעס איידעם; לייזער עלבלינג (דער גרויער לייזער); משה פעלצענמאַכער און — יבדל לחיים — דער שרייבער פון די שורות.

היות ס׳איז געווען ערב יום כיפור, איז באַשלאָסן געוואָרן פאַרן דאַווענען וועגן דעם צו מעלדן דעם גאַנצן עולם. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אַז נאָר יום כפור האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט צו דאַווענען בציבור, מחמת מיר זענען נאָך פיל שתדלנות מצד די יידישע קהלה אין סאָקאָלאָוו, באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט.

ראש השנה דאַקעגן האָבן מיר געמוזט אַרבעטן אויף די ווילדע פעלדער. יונה פאסמענטע, דער איידעם פון אברהם מידלארסקי — אַ בראצלאווער חסיד, האָט פון טיפן גרוב, ווו ער האָט געאַרבעט שטייענדיק אין דער העלפט אין וואסער, ארויסגעדאַוונט אויפן קול און צוקומנדיק צו „ובכן תן פחדך”, האָט ער געזאָגט מיט אַזעלכע יללות, אַז די אַלע ארומיקע זענען מיט־געריסן געוואָרן און אַלע ווי איינער האָבן אויסגעשריגן: „וכל הרשעה כולה כעשן תכלה, כי תעבור ממשלת זדון מן הארץ”.

יום כיפור צווישן שחרית און מוסף האָט פנחס טשערניצקי געמאָלדן דעם עולם וועגן דעם באַשלוס. דער עולם האָט די ידיעה ענטוזיאסטיש אויפגענומען און געווונטשן הצלחה אין דער אַקציע, בעיקר: מיר זאָלן צוריק קומען בשלום.

דער קאָמענדאַנט פון לאַגער איז געווען אַ שטשעגלאָטשינער גוי, אַן אונטערוועלטניק, וועלכער האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן. פאַר געלט האָט מען ביי אים געקראגן אַ פּאסירשיין.

מוצאי יום כפור האָבן מיר פאַר אַ שיינע מתנה געקראָגן פון אים די „פשעפּוסטקע” כדי צו פאָרן אין שטאָט אריין אין שליחות פון לאַגער צו העלפן מיט קליידער נויט־באַדערפטיקע און נאָקעטע.

צופעליק איז יום כפור געווען אין לאַגער שלום גלעזער מיט זייַ פערד און וואָגן און ער איז גערן מסכים געווען אונדז מיטנעמען אין שטאָט

צומאָרגנס נאָך יום כפור, זעקס אַ זייגער אינדערפרי זענען מיר ארויס פון לאַגער. מיר האָבן געגלויבט אז „שליחי מצוה אינם נזוקים“. מיר זענען געווען זיכער אַז עס וועט אונדז געלונגען במשך פון צוויי טעג אַ דורכ־צופירן מיט דערפאָלג די אַקציע, קענענדיק די טיפע פאַרשטענדניש און ברייטהאַרציקייט פון אונדזערע סאָקאָלאָווער, אפילו אין די שווערסטע מאָ־מענטן פון געטאָ. אפילו די, וועלכע האָבן געשמ׳ט פאַר קמצנים, האָבן אינעם געטאָ ליכט געגעבן זייער שטיצע פאַר נויטבאַדערפטיקע. און טאַקע אַ דאַנק דעם האָבן מיר, דער ידישער קאָמיטעט פאר סאציאלע הילף, געהאַט די מעגלעכקייט צו פירן במשך פון קנאַפּע דריי יאָר הילפס־קיכן, ווו מיר האָבן געטיילט בערך טויזנט פינף הונדערט מיטאָגן פאַר דערוואַקסענע און פיר הונדערט פרישטיקן פאַר קינדער, ווו אויך מעדיצינישע הילף.

צוויי קילאָמעטער פאַר סקרישעווע קומט אונדז אַקעגן אַ קריסט, זאָגנ־דיק: „ידן, ווו פאָרט איר? ווייסט איר דען נישט אַז אין סאָקאָלאָוו פאַרניכ־טעט מען אַלע יידן?“

די ידיעה האָט אונדז פאַרגליווערט. קומענדיק צו זיך נאָך עטלעכע מינוט, האָבן מיר צווישן זיך באַראַטן וואָס איז צו טון. משה פעלצנמאכער האָט אונדז איבערצייגט אַז מיר זאָלן אונדזער נסיעה פאָרזעצן, מאָטיווירנ־דיק, אז די קריסטן האָבן א הנאה איבערצושרעקן יידן און דאָס איז פשוט ביי די אַ וויץ.

אויפן וועג פון סקרישעוו קיין ריפקי באַגעגענען מיר מחנות דייטשן, און פיל אויטאָס, באַוואָפנט מיט מאַשין געווער. מיר ווייסן נישט אין וועלכע ריכטונג זיי פאָרן. אַ טויט־שרעק נעמט אונדז אַרום. מיר פילן אַז עס גרייט זיך עפּעס אין דער אומגעגנט. פון דער פּראַקטיק האָבן מיר שוין געוווּסט וואָס ס׳באַדייטן אַזעלכע „באַוועגונגען“ פון די בלוטדורשטיקע חיות און וואָס פאַר טרויעריקע רעזולטאַטן זיי ברענגען. מיר ווילן זיך צוריקציען פון שאַ־סיי, נאָר ס׳איז שוין נישט פאראן מער קיין שום מעגלעכקייט דערצו, אין קעגן אונדזער ווילן פאָרן מיר פאָרויס און די נערוון ווערן וואָס אַמאָל שוואַ־כער, מער אָנגעצויגן און רייסן זיך ווי טוכלע פעדים. דער קערפּער גליווערט. פּלוצים דערהערן מיר אַ יאָמערלעך געשריי פון אַ ייִנגל: „פאָרט נישט אין שטאָט אַריין! מ׳הרגט אויס אַלע יידן! אַנטלויפט!“

איך דריי דעם קאָפּ אין אַלע זייטן בכדי צו זעען, ווער עס רופט. איך זע נישט קיינעם. דאָס קול גייט פון די ברייטע פעלדער. קיין צורה פון אַ מענטש זעט מען נישט. הרב קאַרפּל שרייט אויס „ס׳איז דאָך אַ בת קול מן השמים“! וואָס טוט מען אין אַזאַ מצב? נאָך אַ שווערן געראַנגל באַשליסן מיר שנעל צו פאַרלאָזן דעם וואָגן און אומקערן זיך צופיס דורך זייטיקע וועגן קיין שטשעגלאָטשין.

מיר לויפן שוין עטלעכע שעה און מיר ווייסן נישט ווו מיר געפונען זיך. מען האָט אפילו פון דערווייטנס געזען אַ שטוב, אָבער מיר האָבן מורא

געהאַט אהין אריינצוגייך אויספרעגן וועגן דעם וועג. ווי באוווסט האָבן די דייטשן געצאָלט יעדן גוי פינף הונדערט גילדן פאַר צושטעלן אַ יידישן קאָפּ.

מיר האָבן אָנגעטראָפן אויף אַן אלטע קריסטין, זי האָט אונדז באַדויערט, ארויסגעוויזן מיטלייד און געוויזן דעם וועג קיין קורטשעוו. מיר לויפן ווײַ־טער. אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען אין לאַגער.

דער גרויסער פלאַץ און אלע בארעקן זענען געווען איינגעהילט אין אַ טיפן טרויער. פון די באַראַקן הערט זיך דאָס וויינען פון די יתומים נאָך זייערע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, וועלכע שטיקן זיך איצט אין די בלאָמבירטע וואַגאָנעס אין ענגשאפט. אויפן וועג קיין טרעבלינקע.

איך דערשלעפּט זיך אין מיין באראק. ווי כ׳האָב איבערגעטראָטן די שוועל, בין איך געפאַלן אין חלשות. ווען מ׳האָט מיר דערמונטערט, האָב איך דערזען אַז איך געפין זיך שוין צוריק צווישן מיינע ברידער און שוועסטער.

די ידיעה אַז די פינף יידן, וועלכע מ׳האָט געשיקט אַלס שליחי מצוה, לעבן און געפינען זיך שוין אין לאַגער, האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט צווישן אַלע יידן.

מיט אַמאָל האָבן הערש טוביה יאבלאנאוויטש און ישראל ראָזנבויט אַראָפּגעצויגן פון זיך ווער אַ רעקל און ווער אַ סוועטער מיט אַ פּאַלטאָ, און האַלטנדיק דאָס אין די הענט, זיך געוואָנדן צו די איבעריקע נאָכצוטון דעם ביישפּיל. זאָל יעדער פון אונדז עפּעס געבן, ווער אַ העמד, ווער אַ פּאָר שיך א. א.

במשך פון אַ קורצע צייט האָט זיך געפונען אינעם באַראַק וועש און קליידער וואָס אונדזערע יידן האָבן, ממש פון זיך אַראָפּגענומען. צוזאָרגנס באַגינען, איז דאָס גלייך צעטיילט געוואָרן צווישן די נאַקעטע און באָרוועסע יידן אין לאַגער.

---

פינצטערע טעג האָבן זיך אָנגעהויבן אין לאַגער. די פּאניק וואָס האָט געהערשט אין די לעצטע וואָכן פאַר דער אויסראָטונג פון די יידן אין שטאָט, האָט זיך איבערגעטראָגן אין לאַגער. יעדער טאָג האָט געבראַכט איובס בשורות. די פראַגע צי וועט דער לאגער בלייבן אָדער ליקווידירט ווערן, האָט אָפּגעשוואַכט דעם כח אזוי, אַז מיר האָבן פאַר זיך נישט געזען קיין שום רעטונג.

דערווייל איז מען באגינען יעדן טאָג געגאנגען צו דער ארבעט און געשטאַנען אין די גריבער, וואָס זענען געווען פול מיט וואסער און ווערים. די באגינען שעהן זענען קאַלטע, ס׳יאָגט דורך אַלע ביינער, נאָר ערגער פון אַלץ איז וואָס קיינער גלויבט נישט, אַז די יסורים און פּיין וועלן מציל זיין פון טויט. די לאַגע ווערט יעדן טאָג שווערער. די ספּעציעלע שפּייז צוטיי־לונגען פון די דייטשן איז געווען אַ הונגער ראציע: טעגלעך צוואַנציק דע־קאָ ברויט און אַ האַלבע קילאָ קאַרטאָפל אויף אַ קאָפּ. צו דעם איז דאָס

ברויט געווען אַ געמיש פון מעל מיט זאַמד. די קאַרטאָפל — האַלב פאַר־פוילטע און אַ סך ווערעמדיקע. דער הונגער — צוזאמען מיט פחד פאַר: טויט, האָט מיט אַמאָל געענדערט די פנימער פון די יידן אין לאגער. ווייסע און — געלע, אמת, איינער שטאַרקט דעם צווייטן און העלפט לויט מעגלעכ־קייטן. עס קומען נאָך איינצעלנע יידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון געטאָ, אויסבאַהאַלטנדיק זיך עטלעכע וואָכן אין קעלערס אָדער אין אַנדערע לעכער. אַ פחד נעמט אָן, זיי אָנצוקוקן. עס איז פּשוט שווער זיי צו דערקענען: איינגעבויגענע און איינגעשרומפּענע, דערשראָקענע און קראַנקע.

מאָנטיק דעם 2 נאָוועמבער 1942, איז צו אונדז דערגאַנגען אַ ידיעה אַז דער לאַגער וועט ליקווידירט ווערן, און אַלע אירע אַרבעטער וועלן צעשיקט ווערן אין פאַרשידענע פּונקטן צו וואַלד אַרבעט.

מיר האָבן זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס און נישט געגלויבט אין די אַלע הבטחות. פאַר אונדז איז געווען קלאָר אז דער ציל פון די דייטשן איז פּשוט צו ברענגען די סאָקאָלאָווער יידן אין וואַלד און זיי דאָרט דער־שיסן פּונקט אַזוי ווי זיי האָבן געטון מיט די ווישקאָווער און פּולטוסקער יידן.

נאָר לײדער איז נישטאָ קיין אויסוועג ווו צו גיין און ווו צו אַנטלויפן. מיר זיצן אויף אַן אינדזל, ארומגערינגעלט פון שונאים

אין אַ געוויסן אָוונט זענען פאָרגעקומען סודותדיקע באַראַטונגען פון אַ גרופּע יוגנטלעכע, געוועזענע מיליטער לייט, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן איינצוקויפן אַ ביסל געווער כדי צו קאָנען זיך קעגנשטעלן די דייטשן. ס'איז אָבער נישט געלונגען, מחמת די שמירה איבערן לאַגער איז פאַר־שטאַרקט געוואָרן.

דעם 10־טן נאָוועמבער 1942 קומען אין לאַגער שליחים פון די יידן אין די ארבעטס־פלאצוווקעס אין פארשידענע דערפער ביי די פּריצים. אַ דאַנק דעם זענען זיי נישט אומגעקומען אין די שחיטה פון די יידן מוצאי־יום כפור אין סאָקאָלאָוו.

די יידן האָבן דערציילט אז אין די אַלע פּונקטן איז פארעפנטלעכט געוואָרן אַ באַקאַנטמאכונג, אונטערגעשריבן פון דעם קרייז־שעף, אַז אַלע יידן פון די „פלאַצוווקעס" מוזן ביז דעם 30־טן נאָוועמבער 1942 פאַרלאָזן די פּונקטן, און אַריבערפאָרן אין די ספּעציעלע קליינע געטאָס, אין קאָסאָוו, מעזריטש, קאלאשין, און ווער פון די יידן ס'וועט זיך געפונען נאָך דעם 30־טן נאָוועמבער אויסער די אויבנדערמאָנטע געטאָס, וועלן אויפן אָרט דערשאָסן ווערן.

די שליחים האָבן זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן, אַרויסגנבנדיק זיך פון די אַרבעטס־פּונקטן, און געקומען אין לאַגער, ווו ס'האָבן זיך געפונען איבער טויזנט יידן, כדי צו פרעגן זיך אן עצה, וואָס ווייטער צו טון.

די מיינונגען פון די יידן אין לאגער זענען צעטיילט: אייניקע האָבן געזאָגט, אַז אזוי ווי אין לאַגער איז אַזאַ באקאנטמאכונג נישט פאַרעפנטלעכט

געוואָרן איז אַ סימן אז דער לאַגער וועט אפשר ווייטער בלייבן. דעריבער איז זייער גלייך אַז די דאָרטיקע יידן זאָלן זיך אַהערשמוגלען. אנדערע האָבן געטעהנ׳עט אַז דער לאַגער ווערט פאַרעכנט פאַר אַ קליינעם געטאָ. און אזוי ווי ס׳איז נישט קיין ספק אַז די כוונה פון די דייטשן איז צונויפצוזאמלען אַלע יידן אין די קליינע געטאָס, כדי זיי מיטאַמאָל אומצוברענגען און מאַכן אַ סוף צו די רעשטלעך נאָך לעבעדיקע יידן, וועלן זיי אויך ליקווידירן דעם לאגער. מיר האָבן זיי געוואָרנט נישט צו גיין אין די געטאָס, נאָר זוכן מעג־לעכקייטן צו שאַפן זיך ערטער ביי גויים אָדער גיין אין די וועלדער, ווייל די קליינע געטאָס זענען אַ זיכערער טויט.

דעם 20־טן נאָוועמבער 1942 זענען די פּוילישע אויפזעער באַגינען גע־קומען אין לאגער און ארויסגעפירט די גרופּעס צו די ארבעט. מען דער־קענט אין זייערע פּנימער אַז זיי ווייסן עפּעס שלעכטע נייעס פאַר אונדז, אָבער זאָגן גאָרנישט. די נייגעריקייט וואַקסט פון מינוט צו מינוט. דאָס האַרץ קלאַפּט פון שרעק. די אַרבעט הויבט זיך אָן, זוכנדיק אַ גע־לעגנהייט עפּעס אַרויסצובאַקומען פון די גויים וועגן אונדזער גורל, איז אונדזערע גרופּע געפאלן אויף אַ המצאה, אָפּצושטעלן אויף אַ ווײַלע די אַר־בעט און אָנגעהויבן צו רעדן איינער צום אַנדערן און זען ווי אַזוי די אויפ־זעער וועלן זיך באַציִען צו דעם עניין.

געוויינלעך פלעגן די אויפזעער נישט לאָזן מאַכן קיין אַלגעמיינע הפסקות ביי דער אַרבעט. אָבער דאָס מאָל האָבן זיי דערויף גאָרנישט רע־אַגירט. זייערע קאַלטע באַציונגען צו אונדזער אַרבעט האָט פאָרויסגעזאָגט גרויסע געשעענישן. ענדלעך האָבן מיר אָנגעהויבן צו דערגיין דעם סוד, אַז אין קורטשעווער דירעקציע איז דאָ אַ פאַראָרדנונג פון גראַמסן, דעם קרייז־שעף איבער ווענגראָוו, סאָקאָלאָוו און אומגעגנט, אָפּצושטעלן די אַר־בעט אין די שטשעגלאָטשינער פעלדער און די יידן פונעם לאַגער איבערזי־דלען אין געוויסע גרופּעס אין די פאַרנומענע רוסישע געביטן ווי אויך אין די ביאַלאָוועזשער וועלדער אויסצוהאַקן דיביימער. פרויען און קינ־דער וועלן איבערגעשיקט ווערן אין די קליינע געטאָס, וואָס זענען ספּעציעל פאַר זיי אויפגעשטעלט געוואָרן.

די ידיעה וועגן די פאַראָרדנונגען האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבערן לאַגער און געמאַכט אויפציטערן גרויס און קליין. די פּאַניק וואַקסט פון מינוט צו מינוט. מערקווירדיק ווי די קינדער זענען אין די שווערע מאָמענטן מיט אַ מאָל גרויס געוואָרן. צוגלייך מיט די דערוואַקסענע מענטשן. זיי האָבן פאַר־שטאַנען די גרויזאַמקייט פון דער לאַגע. אַ קליינע צאָל פרויען, וואָס זענען געווען ענלעך צו קריסטנס, האָבן גענומען זייערע קינדער און אַוועק איבער דערפער זוכן אַ באַהעלטעניש. אויך אַ קליינע צאָל מענער האָבן זיך ארויסגע־גנבעט פון לאַגער צו באַקאַנטע קריסטן אין פאַרשידענע דערפער. נאָך דער מל־חמה האָט מען פון די אַלע יידן כמעט קיינעם נישט געטראָפן אין סאָקאָלאָוו, זיי

זענען מסתמא אומגעקומען אויף די וועגן, אָדער ביי די גויים אין די בונקערס.

אין לאַגער איז אַ כאַאָס, אַ צעמישונג. מ׳ווייסט נישט וואָס צו טון, און ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. דעם 22־טן נאָוועמבער 1942 איז געקומען דער אינ־זשיניער, אַ פּאָליאַק, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט אין לאַגער, און דערקלערט אַז דאָס ליקווידירן דעם לאַגער איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַ חודש. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן אים די דייטשן אָפּגענאַרט און אויסגענוצט צו זייערע טייוולאָנישע צוועקן, כדי אויפצוהאַלטן די יידן פון אַנ־טלויפן, אָדער טראַכטן וועגן אַן אויפשטאַנד.

די יידן אין לאַגער האָבן סיי ווי סיי נישט געגלויבט אין די אַלע הבֿ־טחותן. די אַלע וועלכע האָבן געהאַט וווהין צו לויפן, האָבן דעם לאַגער פאַר־לאָזט אין די פינצטערע טעג פון חודש נאָוועמבער, זייענדיק אויסגעשטעלט אויף אַלע סכנות. אייניקע זענען אויך אַוועק אין די ניי אויפגעשטעלטע, קליינע געטאָס, האָפנדיק אַז זייערע פריינט, אַלטע תושבים אין די ערטער, האָבן זיכער באַ־קאַנטשאַפט מיט גויים, אָדער געהיימע ערטער אין וואַלד, און אַ דאַנק זיי זיך אפשר ראַטעווען פון טויט.

פּנחס יעקב לעווין און הענעך מנחם רובינשטיין האָבן געהאַלטן אַז צום בעסטן איז זיך אַריבער צו שמוגלען אין די פאַרנומענע רוסישע געביטן, אויף די צווייטע זייט פון טייך בוג, וואָס איז דערוייל נישט באַדראָט.

מאָטל סמינאָווער איז געווען אַ גוטער שווימער, האָט ער אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון איבער צוואַנציק פּערזאָן, וועלכע האָבן באַשלאָסן אַריבער צו שווי־מען דעם בוג אין די פינצטערע נעכט, בעת די דייטשע וואַך איז נישט אַזוי וואַכזאַם אין זייער שמירה.

דער פּלאַן איז געווען אַז נאָך דער אַרבעט אין די פעלדער וועלן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין די גריבער און ביינאַכט אַריבערשווימען דעם בוג, וואָס איז געלעגן סך הכל 2 קילאָמעטער וייטער.

מיר האָבן צוזאַמענגעשאַפט אַ ביסל געלט פאַר די גרופּע באַזאָרגנדיק זיי מיט ברויט. דאָס געלט איז נויטיק געווען עווענטועל זיך אויסצוקויפן אויפן וועג פון שקצים שאַנטאַזשיסטן.

בכדי די פּוילישע אויפזעער זאָלן זיך נישט אָריענטירן פון דעם גאַנצן פּלאַן, האָבן מיר זיך מיט זיי געזעגנט ביי דער אַרבעט. מיר האָבן זיך צעשיידט איינער פון צווייטן. די גרופּע איז אוועק צום בוג. נאָך דער באַפרייאונג האָט מען אויך קיין איינעם נישט געטראָפן. פּלוצלונג איז אין 25־טן נאָוועמבער 1942 געקומען אין לאַגער אַן אויטובוס מיט דייטשישע זשאַנדאַרמעריע און זאָנדער־דינסט און אדורכגעפירט אַ שטרענגע רעוויזיע אין אַלע באַראַקן, אויף דער פראַ־גע פון פּוילישן קאָמענדאַנט וואָס זיי זוכן, האָבן זיי אים געענטפערט, אַז מ׳האָט זיי איבערגעגעבן וועגן גרויסע קוואַנטומס לעדער אין לאַגער וואָס איז אַרויס־געשמוגלט געוואָרן פון געטאָ, פון די אַרויסגעשיקטע יידן. ביים דורכפירן די

רעוויזיע האָבן זיי נישט געשפּאָרט קיין קלעפּ ווער ס׳איז זיי נאָר אונטערגעקומען אינטער די הענט, הגם זיי האָבן קיין לעדער נישט געפונען. גלייכצייטיק האָבן זיי איבערגענומען אַ גענויען באַריכט פון דער לאגער־קאָמאנדע וועגן דער צאָל יידן וואָס געפונען זיך אין לאַגער. ס׳איז שוין מער נישט געווען קיין צווייפל, אַז דער טאָג פון אומקום דערנענטערט זיך. איך, צוזאמען מיט נאָך פול יידן, האָבן מיר באַשלאָסן שוין צו אַנטלויפן פונם לאגער.

אינדרויסן איז געלעגן אַ טיפער שניי. ס׳האָט גענומען בושעווען אַ זאַוויערוכע אזוי אַז מ׳האָט דעם וועג ׳נישט געקאָנט דערקענען. דאָך זענען מיר ארויס פון לאַגער, צעטיילנדיק זיך אויף פאַרשידענע וועגן. איך בין אוועק צו מיין משפחה אויף ארבעט אין מאַיאָנטעק „ב״. אַ האַלב טויטער און געפרוירענער בין איך שפּעט ביינאַכט אָנגעקומען אין דעם דאָרף. צומאָרגנס ניין אַ זייגער האָבן מיר געהאַט די שרעקלעכע בשורה, אַז אַלע יידן אין לאַגער זענען בעסטיאַליש דערמאָרדעט געוואָרן, ה׳ ינקום דמם.

אין דעם מאַיאָנטעק האָבן זיך געפונען עטלעכע און צוואַנצייק יידישע נפשות, און צווישן זיי קינדער אין עלטער פון צוויי ביז 13 יאָר. די דערוואַקסענע זענען געווען אַ טייל פון סאָקאָלאָוו און אַ טייל פון דאָרף אסטרוועק, אויך עטלעכע פון פולטוסק. מיטן מאיאנטעק האָט פאַרוואַלטעט אַ זשאַנצע, וועלכער האָט זייער ליב געהאַט מתנות און אַ דאַנק דעם האָבן זיך אַריינגעכאַפּט נאָך עטלעכע יידן צווישן די ארבעטנדיקע, הגם זיי זענען נישט געקומען מיט אַן אַרבעטער צעטל פון אַרבעטס־אַמט. דער זשאָנדצע האָט די אַלע יידן געגעבן אַ שטוב וואָס האָט אַמאָל געדינט אַלס ווערקשטעל פון סטאָלעריי. פאַרשטייט זיך אַז די שטוב איז געווען צו קליין אריינצונעמען די עטלעכע צוואנציק נפשות. נאָר פאַר א מתנה האָט דער זשאָנדצע אויפגעשטעלט פריטשן, וואָס האָבן דערמעגלעכט די יידן אַריינצוקוועטשן זיך אין די איינציקע שטוב, וואָס האָט געדינט צום קאָכן עסן און שלאָפן.

דער בעל־הבית איבער דער ווירטשאַפט איז געווען ר׳ משה שיינע חוה׳ס. ער האָט געזאָרגט אָפּצונעמען די קארטאפל, וואָס מ׳האָט געטיילט פאַר די אַרבעטנדיקע, ווי אויך צוקויפן די נויטיקסטע פּראָדוקטן ביי די פויערים אין דאָרף, בכדי צו קאָנען די נשמה דערהאַלטן.

געקאָכט דאָס עסן האָבן די פרויען, וועלכע האָבן געהאַט קליינע קינדער און געמוזט בלייבן מיט זיי אין שטוב. די איבעריקע מענער און פרויען האָבן געאַרבעט אין פעלד ביי קאָפּן קאַרטאָפל, בוראקעס, קרויט, מייערן א.א.וו.

ווען איך בין ביינאַכט אָנגעקומען אין דעם מאַיאָנטעק נאָכן אַנטלויפן פון שטשעגלאָטשינער לאַגער, האָב איך די אַלע יידן דאָרט געטראָפן אין אַ שרעקלעכן פאַרצווייפלטן מצב. אין שטוב איז געווען פינצטער און קאַלט: פון צייט צו צייט הערט מען אַ קרעכצן און אַ שטיל געוויין פון אַ פרוי, שעפּטשענדיק די ווערטער: „ווי גייט מען און וואָס טוט מען? וואָלט כאָטש מיין מאַן געווען דאָ מיט אונדז, וואָלט מיר שוין לייכטער געווען״.

איך פיל אַז מיינע כוחות גייען אויס. נאָר צום מייסטן צעברעכט מיך די רייד פון קינד צו דער מאַמע: „מאַמעשי, וויין נישט, דער טאַטעשי וועט נאָך קו־מען צו אונדז"...

אין מיינע געדאַנקען לויפן אַדורך די ווערטער אין תהילים: „כי שחה לעפר נפשנו דבקה לארץ בטננו קומה עזרתה לנו".

אַ גאַנצע נאַכט האָט כמעט קיינער פון אונדז קיין אויג נישט צוגעמאַכט. און אויך די קינדער האָבן זיך אָפּט איבערגעוועקט. באַגינען, ס'איז נאָך פינ־צטער אין דרויסן, דער פאַרוואַלטער קומט צו צו דער טיר פון שטוב און איז מודיע אז די יידן גייען נישט מער צו דער אַרבעט. זיי האָבן דערהאַלטן אַ פּאַר־אָרדענונג פון דער פאַרוואַלטונג אין קורטשעוו, צו וועלכן עס אינטערליגט אויך דער מאַיאַנטעק, אז די יידן זאָלן פארלאזן דאָס אָרט און אָפּפאָרן קיין קאסאוו, ווו עס עקזיסטירט אַ קליינער געטאָ פאַר יידן. זיי זענען גרייט צו געבן אַ וואָגן, מיט וועלכן מיר זאָלן קאָנען אָפּפאָרן קיין קאָסאָוו. ווער ס'וועט אַהין נישט פאָרן נאָר אַנדערשווו. מוז אַוועק צו פוס. דער לעצטער טערמין צו פאַר־לאזן דאָס דאָרף איז דעם 29־טן נאָוועמבער 1942.

דער מאַיאַנטעק איז אַ קילאָמעטער ווייט פון דאָרף, ווו ס'האָבן זיך גע־פונען פויערים, וועלכע באזיצן אייגענע קאָלאָניעס, אָפּגערוקט איינע פון די צווייטע. דאַקעגן אין מאַיאַנטעק האָבן אַלע פאראַבקעס געוווינט אין בלאָקן. יעדער בלאָק איז געווען באַוווינט פון אַ היפּשע צאָל פאראבקעס.

פאַרשטייט זיך אַז ס'איז נישט מעגלעך געווען צו טראכטן פון קאָנען זיך אויסבאַהאַלטן אין מאיאנטעק ביי ווּעמען ס'איז אין שטוב. מורא האָבענדיק פאַר דעם שכן.

דעריבער האָבן מיר, אַ טייל פון די יידן, זיך געלאָזט אין דאָרף זוכן אַ באַהעלטעניש. אפשר וועט זיך פּאָרט געפונען אַן איידעלער גוי וואָס וועט כאָטש צייטווייליק, וועלן ראַטעווען פון די דייטשן.

אַלע האָבן אָבער געענטפערט, אַז זיי קאָנען נישט העלפן קיין יידן, מחמת מורא פאַר די אייגענע קינדער. נאָר מיט איין זאַך זענען זיי גרייט געווען אַנט־קעגן צוקומען: צוצונעמען דאָס געלט און די זאַכן פון די יידן. און אויב מיר וועלן איבערבלייבן נאָך דער מלחמה, וועלן זיי עס אומקערן. די כוונה איז גע־ווען אַ קלאָרע: זיי ווילן זיין די יורשים פון דעם וואָס יידן האָבן נאָך געהאַט אין דעם מאָמענט.

מיר שטייען ווי איבערגעבראָכענע אין די העלפט, פול מיט יסורים און זאָרג: וווהין איצט גיין? קיין שום וועג פירט נישט אַ היים, קיין שום וועג וועקט נישט קיין האָפנונגען. ווי יעדער מענטש אין עת־צרה, הויבן מיר די אויגן צום הימל, אָבער איבער אונדז שלענגלען זיך אָפּגעריסענע געדאַנקען וואָס זוכן אַ באַ־העלטעניש. אַן אויסוועג, כדי צו בלייבן ביים לעבן אין דערוואַרטן זיך אויף דער־באַפרייאונג און נאָך זעען די נקמה איבער אונדזערע מערדער, און זיך נאָך טרעפן מיט נאָענטע.

מיט אַמאָל זענען די אַלע מחשבותן איבערגעריסן געוואָרן. **אַ פּאַניק האָט** ארומגעכאַפּט דעם גאנצן קיבוץ. ס'איז געקומען צו לויפן א **קאַסאָווער בחור פון** שטשעגלאָטשין, זיין פּנים איז מער געווען ווייס ווי ביי אַ טויטן. **ער האָט אונדז** אָנגעזאָגט: „אַנטלויפט שוין פונעם דאָרף! מען הרגעט אויס אַלע יידן אין לאַגער! זיי קאָנען באַלד קומען אַהער ליקווידירן די יידן!“

איבערגעבנדיק די ידיעה, איז ער אוועקגעפאלן אין חלשות. **מיט שווע־** רע מי איז געלונגען אים אָפּצומונטערן. די ידיעה האָט געמאַכט **א סוף צו אלע** טראכטענישן און אַלע זענען זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע וועגן, **ווי אויך אין** די נאָענטע וועלדער, כדי צו זוכן אַ רעטונג. אַ טייל זענען אַוועק קיין קאַסאוו.

איך מיט מיין פרוי האָבן געפונען אַ קריסטלעכע פאַמיליע של חסד. זיי האָבן רחמנות געקראָגן און מסכים געווען אונדז אויסצובאַהאַלטן. מיין פרוי האָט געהאַט אַ פארזיכערונג פון אַ קריסטלעכער פרוי וואָס פלעגט קויפן ביי אונדז אין געוועלב. אז זי וועט זיך באמיען צו העלפן אין א עת צרה. די פרוי איז געווען זייער אַן איידעלע, ממש אַ יידן פריינדין, איר מאַן — אַ באַאמטער ביי דער פוילישער רעגירונג. ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער ענדעקישער פּאַרטיי, האָט אָבער געטאַדלט דאָס אומברענגען יידן. אין יענער צייט איז דאָס געווען אַ גרויסע מדרגה.

שפּעט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין דעם דאָרף, ווו ס'האָט גע־ וווינט די קריסטלעכע פאַמיליע און געבעטן ביי זיי רעטונג. מיין פרוי איז צו זיי אריינגעגאַנגען מיט גרויס פאָרזיכטיקייט, אַז קיין שכן זאָל עס נישט באַ־ מערקן. די נאַכט איז געווען אַ פראָסטיקע. איך בין געשטאַנען באַהאַלטן אונ־ טער די בוימער און געציטערט פון קעלט און פּחד, טאָמער דערזעט מיך ווער פון די פויערים אין דאָרף. יעדע מינוט איז ביי מיר געווען אַ יאָר. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם מאָמענט, ווען איך האָב דערזען אַ הונט, גרויס ווי אַ לייב, האָט זיך פון אַ זייטיקן וועג דערנענטערט צו די ביימער ווו איך בין געשטאַנען, דאָס בלוט איז מיר שיער נישט פארגליווערט געוואָרן פון שרעק און פּחד. איך בין אַוועקגעפאַלן, דער הונט איז צו מיר צוגעגאנגען, מיך ארומ־ געלעקט פון אלע זייטן און צוריק אַוועק.

דורך דער צייט האָט מיין פרוי דערווייל מיט טרערן אויסגעבעטן די הס־ כמה פון בעל־הבית, אונדז אויסצובאַהאַלטן ביי זיך.

איך מוז גלייכצייטיק דערמאָנען, אַז דעם גרעסטן חלק אין דעם דערגרייכן די הסכמה ביים מאַן האָט געהאַט זיין פרוי, וועלכע האָט צוזאַמען מיטגעוויינט ער זאָל אונדז אריינגעמען צו זיך.

דער קריסט האָט נישט געלאָזט אַז מיין פרוי זאָל אַרויסגייען, מיך אַריינ־ נעמען אין זיין שטוב, מורא האָבנדיק, אַז טאָמער וועט ווער פון די שכנים עס באַמערקן. אַליין איז ער צוגעקומען אונטער די ביימער און מיר שטילערהייט גע־ הייסן אים נאָכגיין. אַזוי בין איך אַריין צו אים אין שטוב.

**צומאָרגנס אין אָוונט האָט ער אונדז איבערגעפירט אין דער סטאָדאָלע**

וואס איז געשטאנען אין הויף, נישט ווייט פון דער שטוב. אזוי האבן מיר זיך דארט געפונען 22 חדשים ביז צו דער באפרייאונג.

די ערשטע טעג זענען מיר געלעגן אין דער סטאדאלע צווישן די סנאפעס אפגעשניטענעם קארן, פארשטעלט פון אלע זייטן, אז קיינער זאל אונדז, חס ושלום נישט זען. אבער דער בונקער איז נישט געווען קיין געזיכערטער. דער בעל־הבית האט מיר געזאגט, אז ס'איז נויטיק אויסצוגראבן א גרוב אונטער די תבואה אין דער סטאדאלע און אים גוט פארמאסקירן. דאס דארף זיין דער בונקער זיך אויסצובאהאלטן.

פארשטענדלעך אז מיר האבן זיך באלד גענומען צו דער נישט לייכטער ארבעט. מיר האבן געמוזט מאכן זייער גיך, קיינער פון די שכנים זאל נישט הערן קיין שום שארך פון דער סטאדאלע. אין פארלויף פון צוויי טעג איז דאס גרוב 190 צמ לאנג, הונדערט צוואנציק ברייט און 90 די הויך, פארטיק געווארן. די דעק איז געווען באדעקט מיט סנאפעס שטרוי און האלץ; אין א זייט — א גוט פארמאסקירטע, קליינע עפענונג, וואס האט געדינט צום אריין־ און ארויסגיין פונעם גרוב.

נאכן פארענדיקן אונדזער פינצטערע דירה, זענען מיר גלייך אריבער וווינען אין דעם גרוב. די ווירטשאפט איז באשטאנען פון א טלית און תפילין און א קאלדרע מיט עטלעכע העמדער. שווער איז אין אנהויב געווען צו ליגן אין דעם לעבעדיקן קבר. מיר האבן מורא געהאט אפילו א הוסט צו געבן, א ווארט אויסצורעדן, טאמער וועט א גוי דורכגיין און עס דערהערן. גאנצע טעג און נעכט האבן מיר געוויינט און נישט געקאנט אפזיפצן, ביז דער קוואל פון טרערן איז אויסגעטרוקנט געווארן, און דאס הארץ איז געווען אזוי פארקלעמט אז מיר האבן שוין מער נישט געקאנט וויינען און זיפצן. מיר האבן זיך געפילט ווי לעבעדיקע מתים וואס דרייען זיך ארום ווי גלגולים אויף א בית־הקברות.

עס ציען זיך די פינצטערע טעג און נעכט אין דעם גרוב. די נצחונות פון די דייטשן אויף אלע פראנטן מאכן נאך פינצטערער אונדזערע טעג און האפענונגען, ארויסצוקומען פון דעם גרוב אויף די ליכטיקע שיין.

צום מייסטנס האט אויף אונדז געווירקט די ידיעה אז די לעצטע 200 יידן, וואס זענען געבליבן אין סאקאלאוו אלס ארבעטער, האט מען שוין אויך אוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע, דערמיט איז געווען דער כתימת הגולל איבער אלע סאקאלאווער יידן אינטער די נאצישע מערדער.

אונדזער אבלות איז געווען זייער שטארק און מיר האבן נישט געקאנט קומען צו זיך, דאס פנים פון בעל־הבית איז אויך געווען פארכמורעט מחמת ער האט גערעכנט אז דאס אויסבאהאלטן זיך ביי אים וועט נישט דויערן א לענגערע צייט. ער האט געגלויבט אז מיר וועלן קאנען אריבערקומען צו די יידן אין שטאט און זיך פאראייניקן מיט זיי אלס ארבעטער אין קליינעם געטא. און דאס האט אויף אונדז אנגעווארפן א פחד מיר זאלן נישט מוזן

אַוועק פון דער באַהעלטעניש.

מיר פילן אַז די כוחות גייען אויס און נישט לאַנג וועלן מיר קאָנען אויסהאלטן. די פיס גייען נישט. דער קאָפּ — שווינדלט און צרות אחרונות משכּחות את הראשונות. די געפאַר פאר מיין שוואָגער מיט זיין פאַמיליע אומגעבראכט צו ווערן, האָט אונדז אויפגעוועקט די כוחות צו זוכן אַ וועג צו ראַטעווען זיי.

נאָך שווערע און סכנותפולע באַמיונגען איז מיין שוואָגער געלונגען צוזאַמען מיט יעקב שמעונס אַן אייניקל און זיין פרוי צו באקומען א גרוב אין א סטאָדאָלע ביי א פויער איין קילאָמעטער ווייטער פון אונדז. פאַר דעם גרוב האָבן זיי גוט באַצאָלט.

נאָך עטלעכע חדשים, ווען דער גוי האָט שוין געהאַט צוגענומען ביי זיי א שפּאָר ביסל געלט, און זיך גלייכגעשטעלט זיין אָפּגעלאָזענעם מאיאנטעק — האָט ער זיי אָנגעזאָגט אַז ער קאָן ביי זיך נישט האַלטן זעקס נפשות, נאָר צוויי. און אזוי ווי מיין שוואָגערס פאמיליע איז באַשטאַנען פון פיר נפשות, פאַלט אויף זיי דער גורל צו פאַרלאָזן דעם סכראָן. אויב נישט — וועט דער פויער ציטוויליק אַוועק פון דער אָפּגעלאָזענער כאַטע מיט די פעלדער, צו זיין שוועסטער אין אַ צווייטן דאָרף, וואָס האָט באַדייט, זיי איבערלאָזן צו שטאַרבן פון הונגער. די איניציאַטיוו פון דעם געמיינעם אָנשטעל איז געקומען מצד די באַלעבאָסטע זיינע. זי איז געווען אַ שרעקלעכע אַנטיסעמיטקע, נאָכן אויסזייגן דאָס געלט פון די יידן, האָט זי געוואָלט פון זיי פּטור ווערן. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס וויינען פון דער מאמע, מיין שוועגערין חנטשע, בעטנדיק רחמים ביי די גויע, אויך אַ מוטער פון קליינע קינדער. די גויע האָט פאַרלאַנגט אַז במשך פון עטלעכע טעג זאָלן זיי פאַרלאָזן די „קריאָוווקע“.

מיין שוואָגער און שוועגערין האָבן נאָך געהאַט פיל באַקאַנטע קריסטן אין פאַרשידענע דערפער אין דער סביבה. די קריסטן זענען געווען די שטאַבילע קונים ביי זיי אין געוועלב, געהאַלטן זיך ממש ווי נאָענטע פריינט. כאָטש די אַלע ידידים האָבן שוין געהאַט אָפּגעזאָגט זייער גרייטקייט, זיי אויסצובאַהאלטן ביי זיך, דאָך אין איצטיקן שווערן מאָמענט ווען קיין אויסוועג צו ראַטעווען זיך איז נישט געווען — האָט מיין שוועגערין באַשלאָסן נאָכאַמאָל צו פּרווון וועקן ביי זיי רחמנות, כאָטש פאַר אירע צוויי קינדער, די איינציקע ממשיכים פון דער גאַנצער משפּחה.

דער וועג איז געווען אומגעהויער אין סכנה, ווייל די פוילישע שקצים פלעגן דערהאַרגענען די יידן וואָס האָבן זיך ארומגעבלאָנקעט אויף די וועגן. די קינדער געדענקן נאָך היינט דעם גרויזאמען און טראַגישן מאָמענט ווען זייער מוטער איז אַרויס איבער די דערפער זוכן פאַר זיי אַ רעטונגס־ווינקל. דאָס וויינען און קלאָגן פון דער גאנצער משפּחה האָט געעפנט אלע זיבן הימלען. די גאַנצע עטלעכע טעג פון איר נישט זיין, האָבן די קינדער נישט געקאָנט איינשלאָפן.

נאָכן וואנדערן עטלעכע נעכט איבער פעלדער און וועלדער — בייטאָג האָט איר קיין שום קריסט צוליב מורא פאַר מסרן נישט אַריינגעלאָזט — איז איז זי צוריק געקומען צעבראָכן אין פול מיט יאוש. אומעטום דער זעלבער תירוץ: מען האָט מורא פאר א מסירה מצד די שכנים און פאר זייערע קינ־דער, וועלכע האָבן הנאה געהאַט פון גרויסן יידישן אומגליק.

מיין שוועגערין האָט ביי זיך געהאט א קופּאָן סחורה, וואָס זי האָט אָפּגענומען פון אַ באַקאַנטן קריסט, כדי דאָס צו פאַרטוישן אויף ברויט. איינ־מאָל, ארויסגייענדיק נאָך אן אָפּזאָג פון א קריסט, איז איר נאָכגעגאנגען זיין זון און צוגערויבט די סחורה. דערביי האָט ער געדראָט אַז זי זאָל זיך גיך אָפּ־טראָגן פון דאָרף, אַנדערש וועט מען זי דערהאַרגענען. דער קריסט, ביי וועמען זיי זענען געווען באהאלטן האָט פון זיי געפאָדערט אומבאדינגט צו פארלאָזן דאָס אָרט. דער מצב איז געוואָרן האָפנונגסלאָז.

דער „סכראָן" אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען צוזאמען מיט פּנחס טשער־ניעצקי און זיין פרוי, איז געווען בסך הכל אַ קילאָמעטער ווייט פון אונדזער באַהעלטעניש. אויך זיי האָבן זיך געפונען אין אַ סטאָדאָלע, וואָס איז געשטאַ־נען אין פעלד, אַ ביסל ווייט פון שאָסיי, ווי געווייגלעך איז אין די סטאָדאָלע געווען אַ קאַלטע קעגנאיבער די טיר, וואָס פלעגט געעפנט ווערן נאָר דע־מאָלט, ווען מ׳האָט געמליטשעט די תבואה, כדי דער ווינט זאָל אַוועקבלאָזן די פּלעווע פון דער תבואה.

מיין שוואָגער שבתל האָט באשלאָסן, איידער זיי וועלן פאַרלאָזן דעם „סכראָן" ביי דעם קריסט, וואָס דאָס באַדייט אַ זיכערער טויט פאַר דער גאַנ־צער משפחה, זאָל ער אונדז וועגן דעם איבערגעבן, און אויב מיר וועלן יאָ בלייבן לעבן, זאָלן מיר נעמען נקמה אין דעם גוי, וועלכער האָט ביי זיי צוגענומען דאָס געלט, און נאָכן איינקויפן זיך דערמיט פערד און קו — דערנאָך אַרויס־געטריבן אין די הענט פון מלאך המות. הרצחת וגם ירשת.

די נעכט פון סוף חודש זענען געווען פינצטערע, שבתיל איז שפּעט איי דער נאַכט צוגעקומען צו דער קלאַטקע אונדז איבערגעבן זייער מצב. די בשורה האָט אונדז דערשיטערט, אונדזער טרייסט, ליגנדיק אינעם גרוב, איז געווען די קליינע משפחה; אָן זיי האָבן מיר נישט קיין אינהאַלט אין אונדזער לעבן.

מיר באַשליסן זיי צו ראטעווען ביי אונדזער קריסט און אים בעטן ער זאָל זיך דערבאַרעמען איבער די פיר נפשות און זיי אַריינגעמען צו אונדז אין גרוב. דערווייל אָבער זאָל מיין שוואָגער ווירקן אויף דעם קריסט ווי זיי געפונען זיך איצט, אַז ער זאָל זיי נאָך האַלטן לכל הפּחות דריי טעג. ביז מיר וועלן איבערשמועסן וועגן דעם מיט אונדזער בעלי־בתים. די נאַכט איז פאַר אונדז געווען אַ שרעקלעכע. מיר האָבן אפילו געוווסט אַז אונדזער קריסט באַ־דויערט געגוג דערויף וואָס ער האָט אונדז אַריינגענומען. ער האָט דאָך געמיינט אַז דאָס איז אַן ענין פון וואָכן, און נישט פון יאָרן. וואָס וועט זיין מיטן עסן?

ער קאָן, צוליב פּאַרזיכטס־טעמים, נישט איינקויפן קיין עסן פאַר אונדז 2 נפשות און מיר אפילו הונגערן שוין אויך, און דאָרט געפינען זיך 4 נפשות, צווישן זיי — צוויי קליינע קינדער.

מיר געפונען נישט קיין שום לאָגישן יסוד פאַר דעם פּלאַן, אָבער מיר באַשליסן צו זיין דרייסט און בעטן. און ווען ח״ו מיר וועלן נישט מצליח זיין, זאָלן מיר זיך טיילן מיטן גורל וואָס דערוואַרט זיי. ווי יעדן טאָג ברענגט די קריסטן אויך היינט אַריין אינעם שייער אַ שטיקל ברויט מיט שוואַרצע קאַווע אויף פרישטיק. אין דעם מאָמענט האָבן מיר מיט געוויין אָנגעהויבן איבערגעבן וועגן דעם אומגליק און געבעטן נאָך ראַטעווען די פיר נפשות, וואָס זענען דער איינ־האַלט פון אונדזער וויטערדיקן לעבן. מיר וועלן זיך אין גרוב מיט זיי טיילן מיטן שטיקל ברויט וואָס מיר קריגן צוגעטיילט.

די אײדעלע קריסטן איז געשטאַנען ווי דערשיטערט און מיט אונדז טיף מיטגעוויינט. זי האָט צוגעזאָגט אַלץ צו טון, אַז איר מאַן זאָל דאָס דערלויבן. די טייערע לוצינע האָט טאַקע איבערגערעדט מיט איר מאַן און געבעטן צו ראַ־טעווען אויך די פיר נפשות. דער קריסט איז נאָך אייניקע שעהן אריין צו אונדז אין סטאַדאָלע מיט אַ שטרענגן פאָרוואורף, הלמאי מיר צעברעכן דאָס הארץ פון די פרוי, און אַפּעלירט צו אונדזער שכל: היתכן, ווי קאָנען מיר דאָס פון אים פארלאַנגען בעת ער האָט נישט פאַר זיין פאַמיליע גענוג עסן, אויך קאָן דער גרוב נישט אריינגעמען זעקס נפשות און ער זעט נישט פאַר, אַז מיר זאָלן דאָ אויט־האַלטן אפילו עטלעכע וואָכן. נאָר מיר האָבן זיך געהאַלטן ביי אונדזערס. מיר וועלן זיך שוין ווי ס׳איז צונויפדריקן. און וואָס שייך מיט עסן — וועלן מיר זיך טיילן מיט דעם וואָס מיר האָבן באַקומען ביז היינט.

ביינאַכט אין מיין שוואָגער נאָכאַמאָל צוגעקומען צו דער קלאָטקע, כדי צו דערוויסן זיך אויב אונדזער בעטן ביי דעם קריסט האָט עפּעס אַ ממשות. מיר באַשליסן, אַז אויך מיין שוועגערין חנטשע זאָל ביינאַכט אַריינגיין צום קריסט בעטן, ער זאָל זיי ראַטעווען.

זי איז טאַקע ביינאַכט אריין צו אים אין שטוב, געפאַלן צו זיינע פיס און געבעטן ראַטעווען אירע צוויי קינדער די טייערע לוצינע האָט צו דעם צוגע־האָלפן. ענדלעך האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט זיך נאָך פאַרטראַכטן. די קריסטן האָט דאָס אויסגענוצט און שטילערהייט געזאָגט צו מיין שוועגערין, אַז זי זאָל זיך מאָרגן שפּעט ביינאַכט צוזאמען מיטן מאַן און קינדער אַריינכאַפּן צו אונדז אין דער סטאַדאָלע. די קריסטן האָט איר דערביי צוגעזאָגט אז זי וועט נישט פארשליסן די סטאַדאָלע. און אַז זיי וועלן שוין זיין ביי אונדז אין גרוב וועט שוין איר מאַן נישט ארויסוואַרפן פון דעם אָרט. וואָס עס וואָלט געהייסן, אז ער האָט זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשישע מערדער.

צומאָרגנס אין אָוונט, אין פינצטערניש פון דער נאַכט, האָבן זיך איינ־ציקווייז אריינגעגנבעט אינם גרוב מיין שוואָגער מיט די שוועגערין און זייערע צוויי קינדער. ווי בעטלער האָט יעדער אויף די פּלייצעס מיטגעבראַכט מיט זיך

אַ טאָרבע אַלטוואַרג. די באַגעגעניש איז געווען זייער רירנדיק אָבער אַלץ אין שטום לשון, אויב ווער וועט הערן, איז מען שוין פאַרלוירן.

ווען די זון האָט אויפגעשיינט, האָט מען ערשט געקאָנט זען: אַ שרעק איז געווען צו קוקן אויף זיי: די פּנימער געל מיט שווארצע פּאַסן אינטער די אויגן. די אויגן אַליין — צעשראָקענע. די קינדער האָבן אויסגעזען פיל קלע־נער, ווי זיי וואָלטן געוואַקסן אַראָפּ, דאָך דערקענט מען אַז פון שמחה, צוליב ניצל ווערן פון אַ זיכערן טויט, באַווייזט זיך אַ שמייכל אויף זייערע פּנימער.

אונדזער אײדעלע לוציגע ווייזט זיי ארויס אַ פריילעך פּנים, וואָס דער־מונטערט אַלע. זי באמיט זיך אויך ווי ווייט מעגלעך צו פאַרגרעסערן די פּאָר־ציעס ברויט, כדי מיר זאָלן עס קאָנען טיילן פאר זעקס נפשות. מיר באַקומען אויך אַ ביסל מער זופּ. מיר הונגערן צוזאַמען, אָבער זענען גליקלעך. און די קליינע שרהלע זאָגט, אַז מיר וועלן שוין יאָ איבערלעבן, וועלן מיר באַלד אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל.

ס׳ציען זיך די טעג הונגעריקע, נישט אויסגעשלאָפענע.

אלע זעקס נפשות האָבן נישט געהאַט קיין אָרט ווו זיך אַוועקצולייגן. האָבן מיר געמוזט שלאָפן אין גרוב זיצנדיק, אָנגעלעגט אויף די ווענט פון גרוב.

מיר אַלע זענען געווען צעבראָכן. מען זעט נישט קיין סוף צו די צרות. און ס׳דאַכט זיך אַז אונדזער פּיק איז נישט מער ווי פארן טייוול... שווער איז געווען צו זען דעם הונגער פון קליינע קינדער. מיר זעען אַז זיי מאַטערן זיך נעבעך שטאַרק איבערצוטראָגן די יסורים. זיי האָבן געגעסן רויען קאָרן, וואָס מיר האָבן ארויסגענומען פון דער תבואה.

אַ שטראַל פון ליכט און האָפענונג זענען געווען די געהיימע בלעטלעך, וואָס וואַצעק, דער זון פון אונדזער באַלעבאָסטע, האָט געבראַכט. מיר באַקו־מען פארשיידענע דערמוטיגנדיקע ידיעות, דאָס יינגל איז אין כאַראַקטער גע־ווען ענדלעך צו זיין מוטער. ער פלעגט אונדז שטארקן און מוטיקן מיט זיינע פאנטאסטישע ידיעות, אַז די דייטשישע מפּלה איז נאָענט, און מיר וועלן בקרוב זיין פריי.

איינער פון אונדז האָט תמיד זיך צוגעהערט די באַוועגונג אין דרויסן אויפן שאָסיי — עטלעכע הונדערט מעטער, ווייט פון „סכראָן", ווייל ס׳איז צייט געווען זיכער: אויב ס׳פאָרט אַן אויטאָ זענען עס נאָר דייטשן, מחמת פּאָ־ליאַקן זענען דעמאָלט מיט קיין אויטאָ נישט געפאָרן.

ווען מ׳האָט געהערט אז עס פאָרט אַן אויטאָ, זענען מיר גלייך פון שיער אַראָפּ אין גרוב און פאַרמאַסקירט די עפענונג.

איינמאָל אין חודש יולי 1943, אינדרויסן איז וואַרעם און שיין, די פעל־דער שטיין צעבליטע און די ערד־באַזיצער מאַכן פאָרברייטונגען אַראָפּצו־

נעמען די תבואה. זעען מיר דורך די שפּאַרעס קינדער גייען אַ היים פון דער שול זינגנדיק און טאַנצדיק. מיר זענען פול מיט קנאה און פּראָטעסט קעגן אונדזער פינצטערן לעבן. פאַרטיפט אין טרויעריקע מחשבות שרייט פּלוצלינג דער קליינער יצחק: אַז ער הערט דאָס קלאַפּן פון אַן אויטא.

אין גרויס שרעק און איילעניש האָבן מיר זיך אַלע שנעל אַראָפּגעלאָזט און פאַרמאַכט אין סכראָן, אָנגעשטרענגט הערן מיר אין וועלכער ריכטונג דער אויטאָ פאָרט.

נאָך עטלעכע מינוט הערן מיר שוין קולות פון אָנגעפּרעסענע דייטשן אין די ריכטונג. די היץ אינם גרוב איז שרעקלעך, און די הערצער וואַרפן זיך פון פחד זייער קומען אינם דאָרף איז זיכער צו געפונען באַהאַלטענע יידן.

מיר הערן ווי די דייטשע מערדער דערנענטערן זיך צו אונדזער שייער. פראלן אויף די טויערן און דרינגען אין אים אריין. זיי צעוואָרפן די בינטן שטרוי, בילנדיק דערביי: „צווישן די בינטן שטרוי געפונען זיך פארפלוכטע יידן". די טרעטן אויפן סכראָן צוזאמען מיט הינט. מיר דערווארטן דעם טויט; אָט וועלן זיי וואַרפן גראַנאַטן. אָבער נאָך עטלעכע מינוט זוכן און נישט געפונען, זענען זיי מיט כעס ארויס פונם שייער. דאַן איז מיר געקומען אויפן געדאַנק דער פסוק פון תהילים פרק ק"ב: כי השקיף ממרום קדשו ה׳ משמים אל ארץ הביט לשמוע אנקת אסיר לפתח בני תמותה. לספר בציון שם ה׳ ותהלתו בירושלים. דאָס ניצל ווערן פון טויט אין דעם שרעקלעכן מאָמענט, האָט אונדז געגעבן האָפענונג, אַז מיר וועלן איבערלעבן די צרות און נאָך זוכה צו זיין צו לעבן ווי מענטשן.

לויט אונדזער השערה איז דאָס שיקן די געסטאַפּאָ אין דעם דאָרף איינגעשפּירט געוואָרן פון אונדזער פוילישן שכן, וועמען מיר האָבן איבערגעגעבן סחורה מיטן געלט פארן ליקווידירן דעם געטאָ אַלס פקדון. כדי ער זאָל בלייבן דער יורש פון דעם רכוש, האָט ער מסתמא געמסרט ביי דער זשאַנדאַרמעריע. אַזוי האָט אויסגעזען די פריינטשאַפט פון רוב פּאָליאַקן צו די יידן. דערפאַר זענען די פּאָליאקן, וואָס האָבן געהאָלפן ראַטעווען יידן, נאָך גרעסערע ווי חסידי אומות העולם.

ס׳איז ווייטער אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך. מיר ווייסן שוין דעם סוף פון די קליינע געטאָס און דעם גרויזאַמען אופן פון זייער פאַרניכטונג. די צווייי קינדער, וואָס זענען מיט אונדז געווען, האָבן מיט טרערן אין די אויגן געבעטן, אַז מיר זאָלן נישט וויינען, נאָר האָפן אויף דער באַפרייונג.

אין דאָרף גייט דער טאָג אדורך נאָרמאַל, אָבער ביי אונדז אינם גרוב האָט זיך די צייט אַוועקגעלייגט ווי אַ געהיימנישפולע בעסטיע. מיר פילן זיך שוואַך און דערשעפּט פון די כוחות פון הונגער און פחד. און אָט אזוי גייט אדורך אַ טאָג נאָך אַ טאָג אין דערווארטונג אויף די הילף וואָס דאַרף קומען.

ווי ס׳איז באַקאַנט איז אין סאקאלאוו דאָנערשטיק געווען דער מאַרקטאָג. פון אלע ארומיקע דערפער פלעגן זיך צונויפקומען די פויערן אין

שטאָט אַריין, איינצוקויפן וואָס זיי באַדאַרפן. אין די פרימאָרגן שעהן פלעגן מיר שוין הערן דאָס פאָרן פון די פויערים. אין אַ געוויסן דאָנערשטיק אין חודש אויגוסט, 1943, הערן מיר מער נישט פאָרן איבערן שאָסיי. מיר קוקן ארויס פון די שפּאַרעס פונעם שייער און זעען צווישן די דאָרטיקע גויים אַן אומרויקע באַוועגונג. באַלד קומט אריין די באַלעבאָסטע מיט פאַרבראָכענע הענט און דערציילט אונדז אַז די אינטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט דערשאָסן אַ דייטש אין דאָרף, און ביי אַזאַ פאַל מאַכן די דייטשן אַ סעלעקציע. זיי ארע־סטירן די אָנגעזעענע באַלעבאַטים פונעם דאָרף און אַמאָל טרייבן זיי אַלע־מען ארויס. זי האָט מורא אַז טאָמער פאַרברענען זיי די סטאָדאָלע, ווו מיר געפינען זיך, וועט דאָך אַלעס ענטדעקט ווערן און דאַן וועט מען זיי דערפאַר דערשיסן. זי בעט אונדז, מיר זאָלן אויף צייטווייליק אַוועק אין וואַלד ביינאַכט, ביז עס וועט איבערגיין דער צאָרן.

מיר ווייסן, אַז ווען מיר זאָלן איצט ארויס אין וואַלד וועלן מיר דאָרט געפינען דעם טויט דורך די אונטערערדישע פוילישע אַנטיסעמיטישע באַנדעס, וואָס הארגענען געטראָפענע יידן. מיר פאַרזיכערן, אַז אפילו ווען דער שייער וועט ברענען, וועלן מיר פון דאנען נישט ארויס. מיר וועלן נישט שטעלן אין סכנה דאָס לעבן פון די משפחה, וואָס ראַטעוועט אונדזער לעבן. ס'איז געלונגען צו בלייבן אינעם גרוב.

איינמאָל זענען אין דעם דאָרף אָנגעפאָרן פיל אויטאָס מיט זשאַנדאַר־מעריע און זאָנדער־דינסט און אָנגעהויבן רעווידירן יעדע שטוב און שייער. די דייטשן האָבן אויך געטאַפּט איבער אונדזער „סכראָן". זיי האָבן געזוכט יונגע־טלעכע אוועקצושיקן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. אַראָפּגעוואָרפן די אויבערשטע סנאָפּעס שטרוי וואָס האָבן צוגעדעקט אונדזער „סכראָן". אָבער דעם „סכראָן" האָבן זיי נישט ענטדעקט. מיר זענען ווייטער ניצל געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

זיצנדיק אין גרוב, הערן מיר ווי עמעצער עפנט שנעל די טויערן פון שייער. אַ ציטער נעמט אונדז אַדורך. ביי דער ערעפנונג באַווייזט זיך דער זעכצן יאָריקער זון פון באַלעבאָס און גיט איבער, אַז די דייטשן האָבן געליטן אַ גרויסע מפּלה ביי סטאַלינגראַד. די גאַנצע דייטשישע אַרמיי אויף דעם פראָנט סטאַלינגראַד — מאָסקווע איז פון די רוסן גענומען געפאַנגען, און די דייטשן ווערן צעשלאָגן אויף אַלע אַנדערע פראָנטן, אַזוי אז גאָר נאָענט שטייט פאַר אונדז די באַפרייאונג.

ס'איז שווער צו באַשרייבן די פרייד פון דער בשורה. מיר פילן אַ שטראָם פון האָפנונג, אויפמונטערונג. דער יוולן צום לעבן ווערט איצט שטאַר־קער און איינהאַלטספולער.

איינמאָל איז אין דעם דאָרף ווידער אָנגעקומען אַ גרופּע דייטשישע ס. ס. אָפיצירן און האָבן עוואַקואירט ביי די פוילישע איינוווינער, וועלכע האָבן געהאַט שיינע וווינונגען — צווישן זיי אויך ביי אונדזער באַלעבאָס.

אין דעם שייער, ווו מיר זענען געווען, האָט זיך באַלד אַ גרופּע דייטשישע זעלנער אויסגעשפּרייט אויפן שטרוי.

מיר זענען געבליבן אין גרוב צוויי טעג אָן ברויט און וואַסער. די באַלעבאָסטע האָט גאָרנישט געקאָנט אריינגעבן אין גרוב. מיר האָבן געפילט אַז מיר גייען אויס פון הונגער און דאָרשט. פּלוצלינג, אין מיטן דער נאַכט האָבן די דייטשן פארלאָזן דאָס דאָרף און דערמיט זענען מיר אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ הונגער־טויט.

די באַלעבאַטים האָבן אונדז געבראכט ידיעות, אַז די דייטשישע אַרמיי האָט אָפּגעשטויסן די רוסישע אַרמיי און זי גייט פאָרויס. די ידיעה האָט אונדז ווידער דערשיטערט. מיר האָבן באַדויערט וואָס מיר זענען נישט אויסגעגאַנגען פון הונגער אין יענע טעג אין גרוב. ווי ס'האָט זיך באַלד ארויסגעוויזן, איז דאָס געווען א הפסקה פאַר אַ גרויסן שטורם. יולי 1944, אין מיטן דער נאַכט, האָבן מיר אין גרוב דערהערט ווי עראפּלאַנען רוישן איבער אונדז. מיר זענען ארויס פונעם גרוב אין שייער און געזעען דורך די שפּארעס פון די ווענט אַז אויפן הימל בילדן זיך גרויס־באַלויכטענע לאָמפּן און ס'ווערט ליכטיק ווי אין מיטן טאָג. די עראָפּלאַנען פליען אין דער ריכטונג פון סאָקאָלאָוו. און באַלד הערן מיר די שטאַרקע דעטאָנאַציעס, וואָס צערייסט די לופט. עס פאַלן באָמבעס איינע נאָך די אַנדערע. די ערד ציטערט. און די סטאָדאָלע וואַקלט זיך ווי א פארשיכערטע, מיר זעען די פלאַמען אין פארשידענע זייטן פון דער שטאָט.

דער לופט־אָנגריף האָט זיך געצויגן איבער צוויי שעה. צומאָרגנס האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען איבער סאקאלאוו. ווו ס'זענען דערהארגעט געוואָרן איבער צוויי טויזנט דייטשן, ווי אויך אַ היפּשע צאָל פּאָליאקן.

נאָך דער באָמבאַרדירונג איז אין דאָרף, ווו מיר זענען געווען, אָנגעקומען פיל מיליטער. אַלע פּריוואַטע הייזער זענען עוואַקואירט געוואָרן. אויך די שייערן זענען פיל געוואָרן מיט דייטשע זעלנער. מיר זענען ווייטער געבליבן אינעם גרוב פעסט פאַרמאַכט. אונדזער פּראָוויאַנט איז געווען אַ צוויי קילאָדיק ברויט מיט אַ פלאַש וואסער. די היץ איז געווען שרעקלעך אין גרוב. מיר האָבן זיך דערנערט מיט אַ שטיקעלע ברויט פון עטלעכע גראם און א קאווע־לעפעלע וואסער.

די קאַמפן האָבן זיך אָנגעהויבן אינעם דאָרף. מיר זעען ווי אַ שייער, געטראָפן פון שראַפּנעלן, ברענט. מיר ליגן אין גרוב פארחלשטע, דערשטיקטע און פילן אז עס זענען די לעצטע מינוטן פון אונדזער לעבן. איך קוק אויף די ליגנדיקע מענטשן. זייערע ליפּן זענען פארברענט פון דאָרשט. דאָס פּנים — געל ווי אַ וואַקס. איך וועק זיי איבער, זיי קאָנען נישט רעדן. איך קוק שוין נישט אויף דער סכנה, און שטילערהייט רוק איך אַוועק דאָס קלעצל האָלץ פון די טיר פונעם גרוב, כדי אַריינצולאָזן אַ ביסל לופט. איך דערהער אַ באַווע־

גונג, וואָס הילכט אָפּ אינעם הויף, אַלע פאָרן אָפּ. דאָס דערוועקט אין מיר האָפע־
נונג, אַז עס קומט פאָר אַן ענדערונג. איין די פרימאָרגן שעהן, אין אַ קורצ־
צייט נאָך דעם, קומט לוצינע און קלאַפּט אריין אינעם גרוב, זאָגענדיק: — איר
זענט געראַטעוועט. די רוסישע אַרמיי איז שוין אין דאָרף" — כ'האָב ברייט
געעפנט דעם גרוב, ארויסגענומען די פאַרשמאַכטע נפשות אויף דער לופט. פון
גרויס פרייד האָבן זיי זיך דערמינטערט.

אָט אין דעם מאָמענט פון באַפרייאונג אין דער אויסגעטרוימטער מי־
נוט, ברעכט אויס אונדזער טיפער ווייטיק אין אַ געוואַלדיקן יאָמער — מיט
איינמאָל דערפילן מיר די גרויסע איינזאַמקייט, מיט וועלכע עס וועט אויסקו־
מען צו גיין צו דער פרייהייט; ערשט דערפילט מען די האַרצרייסנדיקע בענק־
שאַפט נאָך די נאָענטע; און די שוידערלעכע ווירקלעכקייט. דער ערשטער פאַר־
לאַנג איז געווען וואַסער! מיר זענען אַלע געווען אויסגעטרוקנט פון היץ און
דורשט. שוין נישט רעדנדיק פון הונגער. ביסלעכווייז זענען מיר געקומען צו
זיך און אָנגעהויבן פילן אונדזער ישועה. די באַלעבאָסטע האָט אַריינגעברענגט
אַ ברויט מיט שוואַרצע קאַווע. די קינדער זענען צעשטראַלט געוואָרן, זענע־
דיק אַ גאַנץ ברויט. מיר האָבן געמיינט אז אין איניקע סעקונדען וועט מען
דאָס אויפעסן. דער מאָגן איז אָבער געווען איינגעשרימפּן און נישט פאַרנומען
דאָ,ס וואָס די אויגן האָבן געוואָלט עסן.

ביסלעכווייז זענען מיר געקומען צו זיך און אָנגעהויבן פילן אַז מיר
לעבן. מיר שטייען ווייטער ביי אַ שפּאַרע פון שייער און קוקן ארויס. צום דאָרף
שטראָמט כסדר רוסיש מיליטער, פוסגייער, קאַוואַלעריע, טאַנקן און מאשין־גע־
ווער. אַ טייל בלייבט אין דאָרף און פאַרנעמען די אָפענע שייערן.

מיר געפונען זיך אין דעם מאָמענט אין דער גרעסטער שפּאַנונג, וואַרטנ־
דיק אַז דער באַלעבאָס זאָל דערלויבן ארויסצוגיין פונעם גרוב אויף דער פריי,
ווי אַ פויגל פון דער קלאַטקע. דער בעל־הבית קומט צו אינדז אין זאָגט, אַז ער
וויל, מיר זאָלן זיך נישט ווייזן אין דאָרף. ער האָט מורא פאַר זיינע שכנים.
ער וועט, זאָגט ער, פאַר אזא טאַט באַצאָלן מיטן לעבן. אין בעסטן פאַל דראָט
א סכנה אַז זיין דירה און פאַרמעגן זאָל ווערן פאַרברענט. ער וויל אז דער
ענין זאָל בלייבן אַ סוד. מיר האָבן זיין פאַרלאַנג דערפילט בשלמות. דער באַלע־
באָס האָט פאַרמאַכט דעם שייער מיט אַ גרויסן שלאָס, און מיר זענען פאַר־
בליבן אין שייער און אַכטונג געגעבן אַז טאָמער וועט ער מיט וועמען ס'אי־
עפענען, זאָלן מיר גלייך אַראָפּ אין גרוב.

דעם 9־טן אויגוסט, 1944 דערגרייכט צו אונדז די ידיעה, אַז ביי דעם
דאָרף ראַגעוו, בערך זעקס קילאָמעטער פון סאָקאָלאָוו, האָבן די דייטשן זיך
פאַרפעסטיקט און שטעלן אַ העפטיקן ווידערשטאַנד. איניקע שעהן שפּעטער
קומט אריין אין שייער די באַלעבאָסטע מיט פאַרבראָכענע הענט, דערציילנ־
דיק אז די דייטשן האָבן צוריקגעשטויסן די רויטע אַרמיי אויף פיער קי־
לאָמעטער, און אַז די רוסן ציען זיך צוריק. ס'ווערט אונדז פינצטער אין

די אויגן, מיר ווייסן נישט וואָס צו טאָן: צו זאָלן מיר פארלאָזן דאָס גרוב און לויפן איבער דער צווייטער זייט „בוג״, מיר גלויבן, אַז דאָרט וועלן די צעשלאָגענע דייטשן נישט אזוי שנעל צוריקגיין אָדער בלייבן אויפן אָרט, מחמת לויפנדיק אויף די וועגן איז נישט קיין קלענערע סכנה דערהארגעט צו ווערן דורך די פוילישע נ.ס.ז.־באנדעס וועמענס פראָגראַם איז צו ליקווידירן יעדן געראַטעוועטן ייד פון די דייטשן. אונדזערע באַלעבאַטים ווייסן אליין נישט וואָס צו טאָן — פון זייער זייט וואָלטן זיי שוין געוואָלט זיך באַפרייען, פון דער צווייטער זייט — אונדז צו ראטעווען, ענדלעך האָבן מיר זיך דעצידירט צו בלייבן אויפן אָרט און נישט לויפן.

מיר לעבן ווייטער איבער שווערע שעה׳ן. די שמחה איז מיט אַמאָל צעשטערט געוואָרן. מיר לעבן ווייטער אין פחד. די נערוון זענען אָנגעצויגן אויף די העכסטע שטופע. זיי רייסן זיך ווידער ווי טוכלע פעדעם און מיר קאָנען זיך נישט באַהערשן.

צו אודזער גליק זענען די שעהן נישט געווען לאַנגע, אין אָוונט האָבן מיר געהערט דורך די שפּאַרעס, ווי דער גלח פונעם דאָרף דערציילט אונדזער באַלעבאָסטע, אז די דייטשן ציען זיך שוין צוריק פון ראַגאָוו און די רויטע אַרמיי גייט פאָרויס. די פרייד אין דעם מאָמענט איז נישט צו באַשרייבן. צומאָרגנס באַגינען ברענגט די באלעבאָסטע די ידיעה, אז די רוסן שטייען שוין צוויי קילאָמעטער פון דער שטאָט און זיי גייען פאָרויס. מיר וואַרטן געדולדיק אויף דער בשורה, אַז סאָקאָלאָוו איז שוין פאַרנומען. יעדע מינוט איז אַ יאָר, צוליב סטראטעגישע טעמים איז דאָס פארנעמען די שטאָט אָפּגעלייגט געוואָרן מיט צוויי טעג. ענדלעך דעם צוועלפטן אויגוסט 1944, זעקס אַ זייגער פארטאָג, זענען די פאראייניקטע ארמייען אריין אין שטאָט. און אויף דעם בנין אויפן שעדלעצער וועג, אויף וועלכן ס׳האָט זיך געפונען פיר אין א האלב יאָר די דייטשישע פאָן, איז אויפגעהאָנגען געוואָרן די פאָן פון נצחון.

---

עלף א זייגער פארמיטאָג באקומען מיר אַ דערלויבעניש פון אונדזער באַלעבאָסטע, אַז אייניקע פון אונדז זאָלן איינציקווייז, געהיים, אַז קיינער פון אונדזערע שכנים זאָלן נישט זעען, אַרויסכאַפּן זיך פונעם שייער און גיין אין שטאָט.

מיר באשליסן אז די קינדער מיט זייער שויך פאלנדיקן, אָפּגעשוואכטן פאָטער, זאָלן נאָך בלייבן אינעם שייער. איך און מיין פרוי און שוועגערין חנטשע זאָלן גיין אין שטאָט אריין.

נישט טראַכטנדיק לאַנג, האָבן מיר זיך איינציקווייז ארויסגעגנבעט פונעם שייער דורך דער הינטער טיר פון כלעוו און אוועק אויף פארשידענע וועגן ביז אונטערן דאָרף. אויף דעם שאָסיי, וואָס גייט אין שטאָט אריין, האָבן מיר זיך צוזאמענגעטראָפן און אָנגעהויבן גיין אין שטאָט אריין, בערך פופצן קילאָמעטער.

די שמחה פון דער הילף, האָט געהויבן אונדזערע אויסגעדאַרטע פיס.

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

**אין משך פון עטלעכע שעה זענען מיר געווען אין ראַגאָוו. דאָרט האָבן מיר** זיך אַ ביסל אָפּגערוט. באַקאַנטע קריסטן האָבן זיך געצלמט, זעענדיק יידן, אויפגעשטאַנענע תחית־המתים; געקוקט מיט באַדויערן ווי אַזוי מיר זעען אויס; געגעבן ברויט און מילך און זיך געפרייט. מיר האָבן עפּעס געגעסן און געגאַנגען ווייטער.

דער שאָסיי האָט געציטערט פון די מאַשינען און טאַנקען, אויפן וועג צום פראָנט. מיר האָבן זיך מיט די לעצטע כוחות געשלעפּט אין שטאָט אַריין.

ענדלעך פארן זון־אונטערגאַנג, זענען מיר געשטאַנען אויף די פעלדער פון שטאָט, באַלד אַוועק אויפן ריפקער וועג, און פון דאָרטן אַריין אין שטאָט. וווהין און צו וועמען גייט מען? וועמען זאָלן מיר זוכן, און וועמען זאָלן מיר געפונען?

מיר גייען אויףביידע זייטן גאַס. מיר שטייען שוין ביי די יידישע הייזער. אָט דאַ האָט געוווינט יצחק לייבישעס טאָכטער, דאָ האָט דאָך געוווינט רפאל רחל די טרינעציערינס איידעם. מיר שטייען שוין ביי די הייזער פון אליעזר הענדל, הערשל פישער, יודל קרייטמאַן, אברהם אשער און אַנדערע נאָר פון די פענצטער קוקן גאָר ארויס אומבאַקאַנטע, נישט יידישע פנימער. מיר גייען און גלויבן נישט וואָס מיר זעען. סאקאלאוו אָן יידן! מיר גייען ווייטער און מיר דערזען צעשטערטע הייזער פון שלעפּאַ גאַס, ווו ס׳האָבן געוווינט שמולקע ישראל מרדכיס. די הייזער זענען מער נישטאָ. מען דערקענט אפילו נישט אַז ס׳איז דאָ אַמאָל עפּעס געווען. דאָס נייע בית־המדרש — אַ קלוב פאַר פויילישע יוגנט; אונדזער הויף אויף מאַלי־רינעק — צעשטערט דורך באָמבעס, געפאלן אין יענע היסטאָרישע נעכט, וואָס האָט אונדז געגעבן כוח אויסצוהאַלטן די שווערע וואָכן פאר דער באפרייאונג. מיר בלייבן שטיין אין מיטן גאַס, נישט האָבנדיק ווו אַריינצוגיין. ארום אונדז פארזאמלען זיך א גרויסער המון שטאָטישע קריסטן, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אז מיר זענען דאָ. אין שטאָט האָבן אונדז דאָך אַלע געקענט ווי אָנגעזעענע סוחרים. יעדער פון זיי, האָט זיך באמיט ארויסצווייזן פריינטשאפט און אונטערגעשטראָכן, אז זיי האָבן געהאָלפן יידן. דער און יענער ייד איז ביי זיי געווען אויסבאַהאַלטן אַ געוויסע צייט. זיי האָבן געוואָלט פארטושן דאָס געראַבעוועטע יידישע האָב און גוטס. מיר זוכן — אפשר זענען נאָך געקומען יידן אין שטאָט אריין. מיר געפינען נישט קיינעם. אַ ציטער נעמט אונדז דורך. אוי, ווו זענען די סאָקאָלאָווער יידן? איז טאַקע פון זיי קיינער נישט פארבליבן? אַ מבול פון טרערן גיסט זיך פון די אויגן, ווו זענען זיי אַלע אַהינגעקומען פון יידישן שטעטל? ווו זענען זיי אַלע, וועלכע איך האָב אַזוי ליב געהאַט? צו זענען טאַקע אלע פארברענט און דערשטיקט געוואָרן אין טרעבלינקע און דערמאָרדערט אויף אנדערע וועגן? ווי אזוי נעמט מען נקמה?

**די מחשבות פליען מיר אין קאָפּ. איך ציטער אינגאַנצן. די נאַכט איז צוגעפאלן. מיר האָבן נישט וווהין צו גיין. מיין הויז איז צעשטערט, אלע אַנ־**

דערע יידישע הייזער וואָס שטייען נאָך זענען באַזעצט פון אומבאַקאַנטע קריסטן פון די דערפער. די קריסטן עצהן אונדז, צו גיין אין דער פוילישער שול אויף נעטשעצער וועג, וואָס איז מיט איניקע טעג צוריק אָפּגערייניקט געוואָרן פון דייטשן. אין דער שול געפינען זיך נאָך עטלעכע בעטן און שעני־קעס. מיר קאָנען דערווייל דאָרט וווינען, אַ טייל פון זיי זענען גרייט צו געבן אַ נאַכט־לעגער, ביי זיך אין שטוב. פּלוצעם רייסן זיך אריין דורך דעם המון קריסטן אַ גרופּע פון זעקס יונגעלייט און פאַלן אַרויף אויף אונדזער האלדז אויסרופנדיק: „מיר זענען יידן"! דאָס האָט מיך אויפגעוועקט פון דער פארצווייפלונג כ'האָב זיך געקושט מיט די מענטשן, וועלכע איך האָב פריער נישט געקענט. ס'האָט אונדז געבונדן איין זאַך: מיר זענען יידן — געראַטעוועטע פון די היטלער מערדער.

די זעקס יינגעלייט זענען געווען פון פארשידענע שטעטלעך אין לובלינער געגנט, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן דורך די דייטשן צוזאמען מיט אלע יידן אין די שטעטלעך קיין טרעבלינקע. זיי זענען אָבער אין מיטן וועג געשפרונ־גען פון צוג און נאָך טראגישע גלגולים נאָך דער באַפרייאונג פון סאקאלאוו געקומען אין שטאָט זוכן יידן. אונדזער שמחה פון דער באַגעגעניש איז גע־ווען אומגעהויער און מיר אַלע צוזאמען זענען אַוועק אין דער אויבנדער־מאָנטער שול, כדי זיך אַ ביסל אויסרוען. א פּחד האָט אונדז דאָרט ארומגע־נומען. דער שאָטן פון די דייטשן האָט אונדז באַגלייט אויף יעדן שריט און טריט. מיר האָבן באַשלאָסן צו פארלאָזן דעם בנין און מיטגענומען מיט זיך עטלעכע שעניקעס. בעסער איבערנעכטיקן אין איינעם פון די איינגעפאלענע יידישע הייזער אויף נעצאלא־גאס, אַנטקעגן דעם נייעם בית־המדרש אינם הויז פון ר׳ מנדל שבתל, דער זיידע פון שבתל גרינבערג — איצט דער איינציקער יורש פון דעם הויז.

אַ העלפט פון דעם הויז איז געווען באַשעדיקט; געשפּאָלטענע ווענט, דער סופיט צעקלאַפּט. אַ סכנה געווען דאָרט אַריינצוגיין, אָבער אין דער צווייטע העלפט איז געווען בעסער. די אַנדערע דירות זענען געווען פאַרנומען פון גויים־אָבער איצט געשלאָסן. זיי זענען מסתמא אַנטלאָפן פון שטאָט בשעת דער באָמבאַרדירונג.

צומאָרגנס האָבן אָנגעהויבן קומען די איינוווינער און האָבן זיך צע־שפּרייט אין דעם יידישן הויז, כאָטש זיי האָבן געהאַט אין דאָרף אָדער הינ־טער דער שטאָט אייגענע הייזער. מיר האָבן געבעטן די גויים זיי זאָלן צו־ריקגעבן די דירות, מחמת דאָס הויז האָט דאָך געהערט צו יידן, וועלכע זענען געבליבן לעבן; כאָטש צוויי דירות, ווו מיר זאָלן זיך קאָנען צוזאמען איינ־אָרדנען.

אין דער צווישן־צייט זענען אָנגעקומען נאָך עטלעכע יידן פון סאקאלאוו אַזוי אַז די צאָל האָט שוין דערגרייכט פינף און צוואַנציק נפשות.

די קריסטן האָבן נישט געהאַט קיין חשק באַלד איבערצוגעבן עטלעכע

דירות זיי האָבן דעם ענין אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. מיר האָבן גענעכטיקט אין דער צעבראָכענער דירה.

צומאָרגנס האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו דעם בירגערמייסטער אין סאָקאָלאָוו, ער זאָל געבן צו אונדזער רשות עטלעכע דירות פון אַ יידיש הויז. זענען מיר דאָך סאקאלאווער „אָביוואַטעלעס"!

צו יענער צייט איז בירגערמייסטער געווען דער פאָטאָגראַפיסט פּענדיק. ער איז פאר דער מלחמה אָנגעגאַנגען ווי א דעמאָקראַט. איך בין געווען מיט אים זייער באַפריינדעט, און נישט איינמאָל צוזאַמען מיט די יידישע עסקנים אין שטאָט זיך בעראטן וועגן פארשידענע שטאָטישע ענינים, בעת ער איז נאָך געווען וויצע־בירגערמייסטער.

צוזאמען מיט גרינבערגן און אשר סאפּירשטיין, זענען מיר אריין צום בירגערמייסטער און אים געבעטן עטלעכע דירות. ער האָט אונדז געגעבן אַן עצה, מיר זאָלן אַריבערפאָרן קיין ווענגראָוו, מחמת דאָרט זענען פאַראַן פופציק יידן. די שטאָט ווענגראָווע איז נישט באָמבארדירט געוואָרן, דאָרט איז פאראַן גענוג דירות. דאָ אין סאקאלאוו זענען מיר בסך הכל עטלעכע און צוואנציק נפשות. צו וואָס זאָל זיצן אין סאָקאָלאָוו אזא קליינע גרופּע יידן. מיר זענען געווען אַנטוישט פון זיין עצה, און דעם גוי שטרענג געפרעגט: „צי ווילסט דו איצט מאַכן אַ נייעם געטאָ אין ווענגראָווע פאר יידן? צו ווילסט דו אונדזערע דורך די דייטשן בארויבטע הייזער, פארהאלטן פאַר דיינע פּאָליאקן? דאָס וועט זיך דיר נישט איינגעבן". און מיר האָבן פארלאָזט זיין צימער. דער גוי האָט זיך א ביסל דערשראָקן און צומאָרגנס געשיקט רופן, אָבער מיר זענען מער צו אים נישט געקומען.

ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט, האָט ער צוזאמען מיט נאָך אַזעלכע דעמאָקראַטישע עסקנים געהאַט ביי זיך א היפּש ביסל איבערגעלאָזן יידיש פארמעגן. צוליב דעם האָט ער נישט געוואָלט האָבן אין שטאָט קיין עדות צו דערקענען דאָס יידישע אייגנטום.

זעענדיק אַז מיר האָבן ווייניק צו דערוואַרטן הילף פון דער אָרטיקער מאַכט, האָבן מיר באשלאָסן אַנצוּווענדן אלע מיטלען, כדי צו באפרייען עטלעכע דירות אין דעם אויבנדערמאָנטן הויז פאר די לעבן געבליבענע, היימלאָזע יידן. צו אונדזער גליק איז געלונגען איבערצוצייגן אייניקע פון די לאָקאַטאָרן, וועלכע האָבן געהאַט שיינע דירות אונטער דער שטאָט און אויך באַקומען פון די דייטשן אַ דירה אין שטאָט, זיי זאָלן אונדז אָפּטרעטן די דירה. און מיר אַלע, 25 יידישע נפשות, האָבן זיך אריינגעצויגן אין דער וווינונג, וואָס איז באשטאנען פון איין צימער מיט אַ קיך, ווי איין משפחה האָבן מיר געגעסן צוזאַמען מיר זענען געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע, אויסגעבעט מיט שטרוי אזוי ווי אין אַ הקדש.

די רעשט גוישע לאָקאַטאָרן אין דעם הויז, ביי וועמען א ייד איז געווען ווי א פּעסט, האָבן אָנגעהויבן ביסלעכוויַיז פארלאָזן דאָס הויז און במשך

פון איניקע טעג האָבן מיר געהאַט פיר פרייע דירות וואָס מיר האָבן צווישן זיך פאַרטיילט. מיט איינמאָל איז געוואָרן ר׳ מנדל שבתל׳ס ז״ל הויז דער איינציקער יידישער פונקט אין דעם גוישן סאָקאָלאָוו. דעם ערשטן שבת האָבן מיר געדאַוונט מיט מנין. יעדער טאָג האָט געברענגט צו אונדזער הויז נאָך לעבנגעבליבענע סאקאלאווער יידן. און במשך פון א וואָך צייט דערגרייכט די צאָל לעבעדיקע סאקאלאווער יידן 36 נפשות. און מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט.

די עלטסטע פון די געראַטעוועטע זענען געווען משה שטוטמאַן (היינט אין ישראל), און משה מיעדזעשינסקי פון דאָרף ליזק ביי יאבלאנא.

דאָס נייע בית־המדרש וואָס איז געשטאַנען קעגן דעם הויז, ווו מיר האָבן זיך איצט געפונען, איז געווען פול מיט איינקווארטירטע סאָוועטישע זעלנער. זיי פלעגן זייער אָפט אונדז באזוכן, צוליב נייגעריקייט, כדי אָנצו־קוקן איבערגעבליבענע יידן. הינטער דער שטאָט האָט זיך אויך געפונען פויל מיליטער, צווישן זיי אויך יידן. אז די יידישע זעלנער און אָפיצירן האָבן זיך דערוווּסט וועגן אונדז, זענען זיי גיך געקומען, מיטברענגענדיק ברויט און קאָנסערוון, וואָס איז געווען שווער צו באקומען אפילו פאר געלט. זיי האָבן מיט טרערן אין די אויגן אונדז געקושט און פאַר גרויס שמחה געדריקט צום הארצן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם רירנדיקן מאָמענט, ווען שבת אינדערפרי איז אַ דיוויזיע פון מיליטער מיט טאַנקען און פאַרשידענע שווער־געווער געבליבן שטיין אויף דער שעדלעצער גאַס, וואַרטענדיק אויף אַ באַ־פעל פון גענעראַל־שטאַב צו מאַרשירן. אין דעם מאָמענט איז פון אַ טאַנק ארויסגעשפרונגען אַ הויכער יידישער אָפיציר, וועלכער האָט זיך דערוווּסט אַז נישט ווייט פון אים געפונען זיך יידן. ער איז ארויפגעפאַלן אויף מיר און אָנגעהויבן קישן און וויינען. יידיש האָט ער געקענט געציילטע ווערטער, רוסיש ווידער האָב איך נישט געקענט. ער האָט צעפראלט דעם זעלנערישן שינעל און אויסגערופן: „איך האָב אַ יידיש האַרץ״, וואָס פאַר טייערע זענען דאָס די רוסישע יידן. זייער האַרציקייט און מסירת נפש פאר א ייד איז דאָך אזוי גרויס! מיר האָבן זיי געזעען אין שווערע באדינגונגען, דיסציפלינירט, צווישן גוים אין מיליטערישע קליידער. טראָץ דעם האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַזוי פיל ווארעמקייט און אונדז געהאָלפן אריבערצוטראָגן די ערשטע שווערע טעג און אויך געבראכט זייער יידישן פעלד דאָקטאָר צו אונדזערע קראנקע. ווי אייביק זענען די ווערטער: „מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ״.

זונטיק באגינען זענען מיר, עטלעכע פערזאָן, ארויסגעגאַנגען אויפן סאָקאָלאָווער בית־החיים, כדי צו מתייחד זיין זיך מיט אונדזערע קדושים. גלייכצייטיק זיי איבערגעבן די בשורה, אז ס׳איז פארבליבן א יד ושם פון די סאָקאָלאָווער יידן.

אַריינקומענדיק אין בית־הקברות איז אונדז פינצטער געוואָרן פאַר די

אַויגן. אַ הימלישער כוח האָט געשטאַרקט איבערצוטראָגן דעם ווייטיק וואָס האָט אונדז ארומגענומען, זעענדיק דעם שרעקלעכן בזיון פון אומשולדיקע קדושים. מענטשלעכע אברים האָבן זיך געוואַלגערט איבערן בית־הקברות. די מצבות צעשמעטערטע, פיל פון זיי זענען פארשוווּנדן פון די קברים.



קבורת מת מצווה.

מיר זענען גלייך אוועק אינם שטעטל און אלארמירט אלע יידן, מקיים צו זיין „קבורת מת מצווה". עטלעכע טעג האָט געדויערט ביז מיר האָבן געמאַכט אַ שטיקל אָרדנונג אויפן בית־הקברות. שווער איז געווען צו ווירקן אויף די גוישע שכנים פונעם בית הקברות, זיי זאָלן מער נישט שיקן זייערע בהמות דאָרט צו פּאַשן. מיר זענען געווען געצווונגען צו זיכן אנדערע וועגן צו ליקווידירן דעם חילול בית־הקברות.

צו דעם אנטיסעמיטישן בירגערמייסטער, דעם פאָטאגראַפיסט, האָבן מיר מער נישט געוואָלט גיין און באַשלאָסן זיך צו ווענדן וועגן דעם עניין צום סטאראָסטווע, ווי אויך צום קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי. אין די ערשטע טעג פון דער באַפרייונג האָט סטזשעליץ, דער שטענדיקער וויצע־סטאַראָסטע פארטראָטן דעם סטאראָסטע, אַ פּאָזנאַנטשיק, וואָס איז אַנטלאָפן צוזאמען מיט די דייטשן פאַרן איינעמען סאקאלאוו דורך דער רויטער ארמיי סטזשעלעץ איז געווען איינער פון די צען פאָטערס, וואָס די דייטשן האָבן דערשאָסן זייערע זין עטלעכע חדשים פאַר דער באַפרייונג אויף דער

שעדלעצער גאַס פאַר די אויגן פון אַלע סאָקאָלאָווער „מיעשטשאַנעס״. צווישן די דערשאָסענע האָט זיך אויך געפונען פראווועצקי, דער דירעקטאָר פון דער פאָלקס־שולע אויף קופיטינער שאָסיי; צוויי לערער פון דער דערמאָנטער פאָלקס־שולע; דער זון פון „ענדעק״ דאָמבראָווסקי, און נאָך עטלעכע יוגנט־לעכע, פאַר פאָליטישע טעטיקייט. די געסטאַפּאָ האָט זיי שרעקלעך געפייניקט און פאַרן שיסן זיי מבזה געווען פאַר די אויגן פון זייערע על־טערן און שטאָטישע איינוווינער.

ווי געזאָגט איז סטזשעליץ געווען איינער פון די עלטערן פון די דער־שאָסענע צען פערזאָן. אַ דעלעגאַציע פון עטלעכע פערזאָן האָבן זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט און געבעטן, אז ער זאָל געבן אַ פאַראָרדנונג דער פּאָליציי צו דערליידיקן דעם ענין. סטזשעלעץ האָט אונדז פריינטלעך אויפגענומען און צוגעזאָגט אַלץ צו טאָן, ער האָט דערביי אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז איצט נישט קיין פראַגע בלויז פון אים, דאָך וועט ער טאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעג־לעך.

סטזשעליץ האָט זיך פארבינדן מיט דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט פון שטאָט, אויך מיט דעם הויפּט ריכטער פון פאָלקס־געריכט, כדי זיך איינפאָר־מירן די יורידישע זייט. מיר האָבן אויך אויסגענוצט פּראָטעקציע ביי דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט. ענדלעך האָט דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט ארויסגעשיקט עטלעכע פּאָליציי־לייט אויפן בית־הקברות און געצוווּנגען די גויים מאָמענ־טאַל ארויסצוטרייבן די בהמות פונעם בית־החיים. דערמיט זענען מיר באַ־פרייט געוואָרן פון קאשמאר פון שענדן די קברים. אָבער נאָך אַן הפסקה פון עטלעכע וואָכן האָבן זיי ווידער געשיקט די בהמות אויף דעם בית־הקברות.



אַ טייל פון סאָקאָלאָווער בית־הקברות

מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן, אַז כל' זמן ס'וועט זיין גראָז אויפן בית־החיים, זאָלן יעדן טאָג באַזוכן צוויי מענטשן דאָס אָרט, כדי נישט צו דער־לאָזן אויספירן דעם חלל בית־הקברות. איינמאָל איז פאָרגעקומען אַ געשלעג צווישן שמעון גרינשפּאַן און יהודה מיט עטלעכע גויים, וועלכע האָבן זיך אנטקעגנגעשטעלט די פאָדערונג פון זיי, תיכף אַראָפּצוטרייבן די בהמות פון דעם הייליקן אָרט. דער רוב פון די גויים שכנים האָבן בייטאָג נישט גע־שיקט זייערע בהמות אויף דעם בית הקברות.

* * *

אונדזער קליינער קיבוץ אין סאָקאָלאָוו האָט ביסלעכווייז זיך פאַר־גרעסערט. פון פאַרשידענע שטעטלעך פון דער אומגעגנט זענען געקומען גע־ראַטעוועטע יידן. און במשך פון 2 חדשים האָט זיך שוין מיט אונדז געפונען 98 נפשות.

אויסער די שטענדיקע תושבים זענען געווען ביי אונדז צענדליקער היימלאָזע אורחים אויפן וועג צו זוכן פאַרשידענע קרובים. מעגלעך אַז אונד־זער וואַרעמע הכנסת אורחים האָט צוגעצויגן די אַלע פאַריאושטע און צע־בראָכענע, כדי צו געפונען אַ טרייסט־וואָרט, אַ געפיל פון נאָענטקייט וואָס האָט זיי אַזוי שטאַרק געפעלט. מיר האָבן זיך באמת זיי צו מונטערן און מש־פּיע זיין צום נאָרמאַלן לעבן. אין די ערשטע חדשים נאָך דער באַפרייונג איז נישט געווען קיין „מיינס און דיינס"; און פיל פאַלן איז אונדז געלונגען זיי אַרויסצוציען פון תהום פון יאוש.

דאָס הויז וואָס האָט געדינט פאַר דעם צענטער פון די יידן אין סאָ־קאָלאָוו, האָט נישט געקאָנט אַריינעמען ביי זיך די אַלע בערך הונדערט נפשות אַלס שטענדיקע איינוואוינער. צוליב דעם האָט זיך אַ גרויסער טייל יידן באַזעצט אין פאַרשידענע ערטער פון שטאָט. און ביסלעכווייז האָבן די יידן אָנגעהויבן זוכן צייטווייליק צו פאַרדינען, מחמת קיינער פון אונדז האָט נישט געטראַכט צו בלייבן אין פּוילן וואָס איז דורכגעווייקט מיט בלוט פון אונדזערע נאָענטע און טייערע. יעדער האָט געטראַכט ווי צומשנעלסטן אַרויסצופאָרן. ס'איז נאָר געווען אַ פראַגע פון צייט, ווייל די צווייטע זייט פון דער ווייסל איז נאָך געווען אין די הענט פון די דייטשן, און יעדער האָט נאָך געהאָפט צו געפינען געראַטעוועטע קרובים.

אַ חוץ דעם האָט געשטערט די גרויסע אָרימקייט — יעדער איז גע־ווען כמעט נאַקעט און באָרוועס. מען האָט געזוכט אַ מעגלעכקייט צו קאָנען זיך באַקליידן. יידן זענען געפאָרן קיין לובלין און געברענגט פון דאָרט פאַר־שידענע פּראָדוקטן וואָס האָבן אויסגעפעלט אין די קליינע שטעטלעך. זייף שוועבעלעך, הייוון, און פאַרשידענע לעבנס־מיטלען. זיי האָבן נישט שלעכט פאַרדינט און ביסלעכווייז זייך איינגעקויפט די נויטיקע הלבשה.

דאָס פאָרן קיין לובלין, די דעמאָלטיקע הויפּט־שטאָט פון באַפרייטן פוילן, איז געווען פארבינדן ממש מיט מסירת־נפש. דאָרט האָט זיך געפונען דער זיץ־אָרט פון דער צייטווייליקער פוילישער רעגירונג, ווי אויך דער גענעראל־שטאַב. נאָר גאָר ייגנגע מענער, דער עיקר מיט אַ גוישן אויסזע, האָבן זיך געקאָנט דערלויבן אונטערצונעמען אזא רייזע. ווי געזאָגט האָט אין די ערשטע צייטן געהערשט צווישן אַלע יידן אַ געפיל פון אייניקייט. די יונ־געלייט האָבן איבערגעגעבן די סחורה פון לובלין צו די אָרטיקע יידן צו פארקויפן אויפן מאַרק, אזוי אַז אַלע האָבן אָנגעהויבן פארדינען. אַ דאַנק דעם האָבן מיר, די פון טויט געראַטעוועטע, אָנגעהויבן באַקומען אַ מעג־לעכקייט זיך צוגרייטן אַוועק צופאָרן.

אַ טייל פון דעם קליינעם קיבוץ האָט זיך אויך באמיט צוריקצובאקו־מען דאָס ביי גויים איבערגעלאָזענע פארמעגן. איך האָב פאָרן קריג געהאַט אַ גרויס מאַנופאַקטור געשעפט אין סאקאלאוו, ס׳איז מיר געלונגען אַ טייל פון מיין סחורה אויסצובאַהאַלטן ביי באַקאַנטע קריסטן. אויך ש׳ גרינבערג האָט געהאַט איבערגעגעבן זיין סחורה צו קריסטן אין דער האָפנונג צוריק צו באקומען. זענען דאָך דאָס געווען באקאַנטע און אינטעליגענטע קריסטן פון דער שטאָט!

ווי ס׳האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן איז דאָס געווען אַ גרויסער טעות. נאָך שווערע מי און אָנשטרענגונגען איז געלונגען אָפּצונעמען אפשר פינף פּראָצענט פון דעם, וואָס מיר האָבן זיי איבערגעגעבן אין פּקדון. אלע ווי איינער האָבן זיי געהאַט איין ליגנערישן ענטפער: די דייטשן האָבן צו־גענומען.

מיין מעבל פון שטוב האָב איך געפונען ביי דעם גוי גורסקי. ווען מיר האָבן געפאָדערט צוריק דאָס מעבל, האָט ער געטענהט, אַז ער האָט עס געקויפט ביי די דייטשן. מורא האָבנדיק אַרויסצוטראָטן מיט אַ גערichטלעכע תביעה, בכדי נישט גורם זיין צו די יידן שיקאנעס, האָב איך דערווייל מותר געווען אויף די תביעה, אַ פאַסיקע צייט איז ליידער נישט געקומען.

ש. גרינבערג האָט אַוועקגעגעבן א גרויסן טייל סחורה און מלבושים דעם שוסטער קאָזאַק. צווישן די מלבושים האָט זיך אויך געפונען אַ פּאַלטנדל פון זיין יצחק. ווען גרינבערג האָט זיך געווענדעט צו אים, ער זאָל אים צוריקגעבן די סחורה, האָט ער אויך געטענהט אַז מ׳האָט ביי אים די גאַנצע סחורה צוגערויבט. אויך דאָס פאלטנדל האָט ער נישט געוואָלט אָפּ־געבן. ווי ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן האָט ער פאַר דער סחורה און די זאכן געקויפט אַ הויז און אַ גרויסע שטאַל.

משה שיינה חוה׳ס ראָזענצווייג הי״ד האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער האָט זיך געראַטעוועט פון דער אקציע אין געטאָ, האָט ער גענעכטיקט איין נאַכט ביי דעם דערמאָנטן גוי, כדי זיך ארויסצוראטעווען פון געטאָ און כדי צו קומען קיין בארטקאָוו, ווו זיין שנור רחל ליבע קאַווערס טאָכטער האָט

זיך געפונען. דער גוי האָט ביי אים צוגענומען דאָס גאַנצע געלט וואָס ער האָט געהאַט.

דאָס זעלבע איז אויך געווען ביי פיל אַנדערע מער „אָנשטענדיקע״ קריסטן. אויב זיי האָבן שוין יאָ צוריקגעגעבן, איז עס ס׳רוב נאָך געווען איי־ניקע פּראָצענט פון דעם, וואָס זיי האָבן צוגענומען, און דאָס אויך נאָך שווע־רער מי און אינטערווענצן פון סאָקאָלאָווער גלח, וועלכער האָט זונטיק אין אַ רעדע גערופן די גויים זיי זאָלן די אומגליקלעכע יידן אָפּגעבן די אַלטע פקדון באַקומענע זאַכן.

פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ מצב האָט קיינער פון די יידן נישט גע־קאָנט טראַכטן וועגן באַזעצן זיך סטאַביל אין סאָקאָלאָוו. אַ טייל יידן פלעגן גיין אין די אַרומיקע דערפער עפּעס קויפן אָדער פאַרקויפן, און אַזוי זיך דערווייל געפירט דאָס יידישע לעבן אין סאָקאָלאָוו.



אַ צעאַקערטער שטח פון יידישן בית־הקברות אין סאָקאָלאָוו.

מיר האָבן אויך איינגעאָרדנט אַ מקום תפילה אין דעם הויז פון מענדל שבתלס, ווו ס׳האָט זיך געפונען דער צענטער פון דעם יידישן קיבוץ. יעדן שבת האָבן מיר געדאַוונט תפילה בציבור. אַלע מתפללים האָבן געזאָגט קדיש נאָך אונדזערע סאָקאָלאָווער קדושים. יעדעס וואָרט איז געווען פול מיט טרערן און ווייטיק און מ׳האָט גלייכצייטיק דערפילט אַ דערלייכטערונג צו די אָפענע ווונדן אין האַרצן.

**מיר האָבן באַקומען אין דער שול אריין צוויי ספרי־תורות, וואָס זע־**

נען ניצל געוואָרן פון פארניכטונג. איין ספר תורה האָבן מיר באקומען אָן געלט פון אַ קריסט, וועלכער האָט עס געהאַלטן ביי זיך צוועלעכע יאָר. די צווייטע האָבן מיר געקויפט פאר געלט ביי אַ שוסטער, וואָס האָט געמאַכט פון די יריעות בראנזוילן צו שיך. ער האָט געפאָדערט אַ סך געלט. אָבער מיר זענען אַדורכגעקומען. נאָך דער טראַנזאַקציע מיטן שוסטער, האָבן גוייִם אָנגעהויבן ברענגען פארשידענע ספרים, וויסנדיק אַז מיר וועלן פאר דעם באַצאָלן אַ בעסערן פרייז ווי פאַר פאַק־פאַפּיר. מיר האָבן צונויפגעזאַמלט פיל זעק מיט צעריסענע ספרים און זיי קובר געווען אויפן בית־הקברות.

די טעג פון די ימי־נוראים דערנענטערן זיך. מען דערמאָנט זיך אין יענע יאָרן. ווי לאַנג איז דען ווען אין סאָקאָלאָוו האָט עקזיסטירט אַ ברויזנ־דיק, שיין יידיש לעבן; לומדים, חסידים און סתם בעלי־בתים, פשוטע בעלי מלאכות — זיי אַלע האָבן דאָך אין זיך פאַרמאָגט אזוי פיל פאָלקסטימלעכ־קייט, ברייטהאַרציקייט, יידיש וויסן און אינטעליגענץ.

אין די טעג פון ראש־השנה און יום־כפור האָט זיך דאָך געררודערט אין שול און אין די בתי־מדרשים: געריייניקט, אָפּגעפרישט, צוגעטשעלט בענק, טישן, כדי זיי זאָלן קאָנען אויפנעמען אין זיך די אַלע יידן וואָס קו־מען דאַוונען. ווער איז דען נישט געקומען אין די שולן? איצט, ליידער, קיין זכר נישטאָ פון דער שיינער שול, וואָס איז געשטאַנען אין דער שול־גאַס, די אייניציקע שיינע און קונסט־געמאָלטע שול אין פּאָדלאַשע איז דורך די דייטשן אויפגעריסן געוואָרן מיטן פונדאַמענט.

דאָס אַלטע בית המדרש איז פארוואנדלט געוואָרן פאר א ביורא פון



**זכר לחורבן (דער שטיין) פון דער סאָקאָלאָווער שול.**

מאגיסטראַט, ווו עס זיצן דאָרט גרויסע אנטיסעמיטן. אין נייעם בית־המדרש — איינקוואַטירט רוסישע זעלנער. איך ציטער אויף פון די ווערטער: „אלוקים באו גויים בנחלתך".

די פענצטער פון אונדזער דירה אין ר׳ מענדל שבתל׳ס הויז, שטייען פונקט קעגן דעם נייען בית־המדרש, איך קאָן נישט אָפּרייסן מיינע אויגן פון אים. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז איך הער די קולות פון די מתפללים אין די טעג פון די ימים הנוראים, ווועלכע בעטן ביים בורא עולם, א שנה טובה, געזונט און פרנסה. זכרונות שפּינען זיך ווייטער, ס׳דערמאָנט זיך אלע חזנים און בעלי תפילות, שליחי ציבור אין דער שול און אין בתי מדרשים, האָבן געדאַוונט מיט אזוי פיל הארץ און טעם: ר׳ חיים שמואל ראזענבוים מיטן כאָר דאַוונט מוסף אין שול, האַרציקע תפילות; זיין „מכלכל חיים" פלעגט געוואונגען ווערן אַ גאַנץ יאָר דורך די אַרבעטער ביי די ווארשטאטן; זיין דרשה פאַר תקיעות און דער „הנני העני ממעש". ר׳ שמואלקע ישראל מרדכיס און ר׳ ישראל הענעך אין דעם נייעם בית־המדרש, און מנחם מיעג־דזשיצקי אין אַלעקסאַנדערער שטיבל, יעקב קיווייקאַ אין ראַדזינער און ישראל גאָלדפּאַרב אין ביאַלער דודטשע ראָזענבוים — אין גערער: אליעזר הענדל און אברהם שמואל גרינבלאַט — אין פּולעווער שטיבל, ביים רבין אין הויף ווו ס׳איז ראש השנה אָנגעקומען אַ גרויסער עולם פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, דער הויף פון רבין איז געווען פול מיט חסידים אין ייידענע בעקעשעס און שטריימלעך. אלתרל ע״ה האָט געדאַוונט מוסף מיט התלהבות און טעם; דער רבי זצ״ל האָט געפירט „טיש" ביז שפּעט אין דער נאַכט. איצט איז אַלץ חרוב. נישטאָ קיין זכר פון דעם אלעם.

די זכרונות ציען זיך אלץ ווייטער און ווייטער. איך זאמל אלע מיינע כוחות צו שטאַרקן זיך און געפינען אַ טרייסט אין די ווערטער פון נביא; וועלכע איך שריי אויס ווי אַ תפילה: „תבא כל רעתם לפניך ועולל למו כאשר עוללת לי על כל פשעי כי רבות אנחתי ולבי דוי" (איכה א׳ פסוק כ״ב).

עס באַהערשט מיך אַן אומגעהויער אינערלעכער ווילן פאַרצוברייטן אַ פּאַסיק אָרט פאַר אַ מקום לתפילה אויף די ימים נוראים צו דאווענען. אין אָוונט האָב איך צונויפגערופן אַ גרויסן טייל פון אונדזערע ברידער און איבערגעגעבן, אַז ס׳וואָלט זייער גלייך געווען צו נעמען אַ רואיגירטע שכ־נותדיקע דירה פון מענדל שבתל׳ס הויז און מאַכן אין איר מינימאַלע תיקו־נים, כדי דאָרט זאָל קאָנען דאווענען אַ גרויסער עולם. כ׳האָב אויך פאַרגע־שלאָגן, אז מיר זאָלן איינלאַדן די ווענגראָווער, קאָסאָווער און סטערדי־נער יידן, אלע זענען מסכים.

משה שטוטמאַן, משה מיעדזשערסקי פון דאָרף ליזוק און שבתיל גרינ־בערג האָבן גענומען אויף זיך די אויפגאבע פאַרצוברייטן די דירה אויף ראש השנה. אַ טייל יידן פון די אויבנדערמאָנטע שטעט, צווישן זיי — שמואל

בערל און חיים פון קאסאוו, יונגעלייט פון דראגאטשין און סעמיאטיטש און פון סטערדין זענען געקומען קיין סאקאלאוו דאווענען מיט אונדז צוזאמען.

קיינער פון די יידן האָט נישט געטראַכט צו רעמאנטירן, אָדער אפילו צו מאכן תקונים אין אַנדערע צעבראָכענע דירות. מחמת יעדער ייד איז געזעסן אויף דער וואליזקע. נאָך אַ טאָג, און מיר וועלן דאָך פארלאָזן די פּוילישע ערד מיט יידיש בלוט פארגאָסן דורך די דייטשן און פוילישע „נאַראָווצעס“. מיר בעטן אַז דער טאָג זאָל קומען ווי צומשנעלסטן.

ענדלעך די אָפענסיווע האָט זיך אָנגעהויבן. די דייטשן אַנטלויפן פון פוילן. אַלע געביטן אין פוילן זענען שוין אין די רוסישע הענט. די האָפנונגען האַלטן ביים פארווירקלעכט ווערן. עטלעכע טויזנט יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די אַרבעטס־לאַגערן פון די מערב געביטן, זענען ניצל געווארן פון אַ זיכערן טויט.

דאָס רוסישע מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין סאָקאָלאָוו, האָט זיך שטופנווייז ארויסגעצויגן פון שטאָט און אוועק אין די נייע פארנומענע געביטן. נאָר אַ קליינע צאָל פון זיי זענען געבליבן, דאָס אויך אונטער דער שטאָט.

די „נאראווצעס“, וועלכע האָבן זייער אנטיסעמיטיזם אויסבאַהאַלטן די גאנצע צייט, האָבן נאָכן אָפּטרעטן פון רוסישן מיליטער, מיט אַמאָל אויפגעהויבן די קעפּ. און ווידער באַנייט די באַנדיטישע אָנפאלן אויף יידן וואָס האָבן זיך געפונען אין דער שטאָט. ס׳איז נישט דורכגעגאנגען קיין איין וואָך, אַז ס׳זאָלן נישט אומקומען דורך זיי יידישע לעבנס.

ווי א באָמבע האָט געווירקט די ידיעה, אַז די „נאַראָווצעס“ האָבן באַשאָסן די יידן אין סעמיאטיטש, ארויסגענומען יידן פון דער באן און זיי אויפן אָרט דערהרגט. די באוועגונג פון די יידן אין לאַנד איז געוואָרן זייער געפערלעך. ביינאַכט האָט מען מורא געהאַט ארויסצוגיין אויף דער גאס. מיר האָבן ווידער געלעבט אין פּחד און געוואָלט וואָס גיכער פאַרלאָזן סאָקאָלאָוו.

אין דעם מאָמענט זענען געווען צוויי שטעט, ווו ס׳האָבן זיך געפונען גרעסערע יידישע קיבוצים: פּראגע און לאדזש; קלענערע יידישע קבוצים האָבן זיך געפונען אין לובלין און אָטוואָצק.

דער באַשלוס פון די יידן אין די שטעטלעך איז געווען ארויסצופאָרן קיין פּראגע אָדער לאָדזש. די סאָקאָלאָווער יידן האָבן באשלאָסן אריבערצופאָרן קיין לאָדזש, במשך פון עטלעכע טעג האָבן מיר ווידער בליץ־שנעל ליקווידירט אַלץ און אַריינגעפאָרן קיין לאָדזש. אין סאָקאָלאָוו זענען נאָך פארבליבן איינצעלנע יידן, אָבער שפּעטער זענען זיי אויך געקומען דאָרט אהין. סאָקאָלאָוו איז געבליבן יידן־ריין.

אין יאָר 1946 האָט זיך אָנגעהויבן דאָס צוריקומען פון די פּוילישע יידן פון רוסלאנד, צווישן זיי אויך יידן פון סאָקאָלאָוו. די טראנספּאָרטן זע־

נען צוממייסטן איבערגעשיקט געוואָרן אין די פאַרנומענע דייטשישע געביטן אין אויבערשלעזיען, נידערשלעזיען, שטעטין און אנדערע.

לאָדזש איז געווען דער צענטער פון דער שארית הפליטה. דאָרט האָט זיך נאָך דערקענט אַ יידיש לעבן אין מיניאַטור. ס׳איז געווען אַ קהילה אַ יידישער קאָמיטעט, פארשידענע הילפס־אינסטיטוציעס. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אז די יידן וועלכע זענען געקומען פון רוסלאנד, האָבן זייער ערשטע רייזע געמאַכט קיין לאָדזש, כדי זיך צו טרעפן מיט באַקאַנטע, וואָס זענען געבליבן לעבן.

אויך אונדזערע סאָקאָלאָווער פון רוסלאַנד זענען דעמאָלט געקומען קיין לאָדזש.



ערשטער סאָקאָלאָווער קאָמיטעט נאָך דער מלחמה אין לאָדזש (פּוילן)

צפורה ראָזען - מחרון
(חיפה)

# אַויף דער אַרישער זייט און אין וואַלד

אין מיין געבורט־שטעטל סאָקאָלאָוו־וואָדלאסקי בין איך דאָס לעצטע מאָל געוועזן פאַר דער מלחמה, אין סוף אויגוסט 1939. איך האָב שוין מער קיינמאָל נישט געזען מיינע אומפאַרגעסלעכע עלטערן, שוועסטער און ברידער. איך בין געפאָרן קיין בריסק, ווו איך האָב געוווינט נאָך מיין חתונה.

דעם דריטן יוני 1941, ביינאַכט, האָבן די היטלעריסטן אַרומגערינגלט מיין שטוב, אַריינגעריסן זיך אינעווייניק, געראַבעוועט און דעמאָלירט אַלץ וואָס ס'האָט זיך געלאָזט. מיין מאַן האָבן זיי מיט־גענומען מיט זיך און צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע יינגע און געזונטע יידן דערשאָסן אין בריסקער פעסטונג, ווען מען איז נאָך געווען אין פאָרצימער, האָב איך אים דערלאַנגט ברויט און באַלד געוואָרן דורך די דייטשן אַזוי מערדערליך צעשלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן, אַז איך בין געפאַלן צו דער ערד איינגאַנצן באַגאָסן מיט בלוט, אַזוי אז איך בין נאָכדעם אַ לאַנגע צייט קראַנק געווען.

דער גיהנם ווערט וואָס אַמאָל שרעקלעכער. נאָך עטלעכע טעג מוזן אַלע יידן אָנטון אויפן רעכטן אָרעם די לענטעס מיטן אויסגענייטן געלן מאָגן דוד. אַ פּאָר חדשים שפּעטער ווערן מיר פאַרשפּאַרט אין געטאָ, אַרומגערינגלט מיט שטעכנדיקן דראָט, ווו מיר ליידן הונגער און קעלט. פון טיפוס שטאַרבן אויס אַ סך מענטשן — ספּעציעל קליינע קינדער. אויך מיין איינציק קינד שטאַרבט פון טיפוס. ביינאַכט קומען פון דער אַרישער זייט כוליגאַנעס, גנבים און מערדער, רויבן און מאָרדן אין געטאָ, אוקראַינער, היטלעריסטישע אַגענטן, שפּיאָנירן אין געטאָ, זוכן יידישע בונטאָווטשיקעס און איזדעקעווען זיך איבער די יידן, גאָלן זיי אָפּ די בערד, באַפעלן זיי טאַנצן אין מיטן גאַס, צושפּילנדיק דערביי מיט גאַרמאָשקעס.

איך האָב באַוויזן צו מאַכן אַ באַזוך ביי מיין שוועסטער מאַטל אין פּינסק, וועלכע איז אויך געבליבן אַן עלנדע אלמנה מיט צוויי קליינע קינדערלעך ווען די דייטשן האָבן דערמאָרדעט איר מאַן באַלד נאָכן אויסברוך פון קריג. איך האָב געוואָלט געפונען עפּעס אַ באַהעלטעניש פאַר אונדז ביידע. אָבער איידער איך האָב באַוויזן נאָכאַמאָל צו קומען קיין פּינסק, איז זי צוזאַמען מיט די קינדערלעך שוין געווען אומגעקומען.

אַז איך פלעג זיך אַרויסגנבֿענען פון געטאָ דורך די שטעכיקע־דראָטן פלעג איך שטענדיק וואַנדערן אָן שום דאָקומענטן. מיינע דאָקומענטן אַלס ייִדישע און די לענטע מיטן געלן מגן־דוד פלעג איך פאַרקאָפּן אין דער ערד.

אין בריסקער געטאָ האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פליטים פון וואָלין און אוקראַינע. געווען זענען דאָס מייסטן ייִדן וואָס זענען געשפּרונגען פון די צוגן, אויפן וועג צו די טויט־לאַגערן.

איך מיט אַ גרופּע פון 62 ייִדן אין געטאָ, נישט וועלנדיק גלויבן אין די אָפּטימיסטישע פּראָפּאַגאַנדע פון אָרטיקן ייִדן־ראַט, האָבן מיר אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ ווידערשטאַנד, אָדער אַרויסבאַקומען זיך אין וואַלד אַריין. איך האָב געמאַכט באַקאַנטשאַפט מיט אַ ווייסרוסישע פרוי אויף דער אַרישער זייט, וועלכע פלעגט מיר צושטעלן פאַר פאַרשידענע זאַכן אַ ביסל שפּייז, מעדיקאַמענטן, סם (טיילמאָל געפעלשטן) און עטלעכע פּיסטאָלעטן. דערווייל האָט מיך געמסרט די דינסט פון מיינע שוויגער־עלטערן (אַ ייִדישע פרוי — צום באַדויערן), אַז איך גיי אַרויס פון געטאָ. אין אַ געוויסן פרימאָרגן איז געקומען צו מיר אַן אוקראַאינער אין אַ געסטאַפּאָ־מונדיר און געוואָלט מיך אַרעסטירן. צוליב דעם, וואָס ער איז געווען בלויז איינער אַליין, איז מיר געלונגען אים איבערצוקויפן מיט אַן אַנצוג, בלוזקע און צוויי טישטיכער.

עס איז מיר געלונגען אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט אַ פּאָליאַק אין עטלעכע קריגס־געפאַנגענע, וואָס האָבן געאַרבעט ביים פונאַנדערנעמען די איבערבלייבענישן פון די צעשטערטע הייזער. פאַר ברויט און טאַבאַק האָב איך פון זיי באַקומען אַ ביסל אויפרייס־מאַטעריאַל. מיר האָבן געזאַמלט אַמוניציע און באַשלאָסן עפּעס אויפצוטון, וועגן אָנהויבן אַ ווידערשטאַנד אין געטאָ איז נישט געווען וואָס צו טראַכטן, ווייל אונדזערע געווער זאַפּאַסן זענען געווען זייער קליינע, און מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום אונטערשטיצונג פון דער אַרישער זייט. צווישן די 22 טויזנט פאַרשפּאַרטע ייִדן אין געטאָ, צונויפגעדריקטע אין עטלעכע ענגע גאַסן (עטלעכע צענדליק משפּחות אין איין דירה) האָבן נאָר געציילטע געגלויבט, אַז די ייִדן שטייט פאַר אַן אַנטגילטיקע פאַרניכטונג. די מערהייט האָט בעסער געוואָלט גלויבן אין די גוטע צוזאָגן, וואָס דער ייִדן־ראַט האָט פאַרשפּרייט אין נאָמען פון דער דייטשישער מאַכט.

מיר האָבן אַרויסגעשיקט די ערשטע גרופּע מענטשן אין וואַלד אַריין אָבער נאָך עטלעכע טעג זענען צוריקגעקומען נאָר איינציקע פון זיי. אַ טייל פון זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין וועג און אויך אין וואַלד. אַלע האָבן געהאַרגעט ייִדן: „אַקאָווצעס“ (אַ מיליטערישע פאָרמאַציע פון פּוילישע נאַציאָנאַליסטן וואָס האָבן געקעמפט מיט די דייטשן אויף דער אָקופּירטער פּוי־

לישער טעריטאָריע, אזוי גערופענע „אַרמיאַ קראַיאָוואַ“ — א. ק.), אוקראַינער, סתם־פּאָליאַק און פאַרשטענדלעך — די דייטשן.

עטלעכע באַקאַנטע פּליטים פון קאָוועל האָבן מיר אָנגעוויזן אויף אַ פּלאַץ ווו מען קאָן זיך אויסאַרבעטן אַן אַרישען דאָקומענט. קולינסקי, דער שוואָגער פון סאָקאָלאָווער דאָקטאָר גראָדזיענטשיק, צו וועלכן איך בין אָנגעקומען וועגן דעם דאָזיקן ענין, האָט מיר געזאָגט, אַז ער וואָלט מיך אָראָפּגעוואָרפן פון אַלע טרעפּ, ווען ער וויסט נישט ווער איך בין (ער איז געבליבן לעבן). פרימאַרגן, דעם 14 אָקטאָבער, 1942 איז מיר געלונגען אַרויסצוגיין אויף דער אַרישער זייט. דאָ האָבן זיך געלאָזט באַמערקן גרויסע זאַמלונגען פון מיליטער און זשאַנדאַרמעריע, מען האָט געשמועסט וועגן נאָענטן ליקווידירן דעם געטאָ. דעם זעלביקן טאָג, אַרום 10 אַ זייגער, בין איך שוין געווען צוריק אין געטאָ און וועגן דעם אַלעמען דערציילט מיינע חברים פון אונטערגרונט. מיר האָבן דורך געוויסע פאַרטרויליכע פּערזאָנען וועגן דעם אויך גלייך מיטגעטיילט דעם יודנראַט. איך אַליין האָב פּערזענלעך גערעדט מיטן וויצע־פּרעזעס פון יודנראַט, דערציילט אים אַלץ און זיך פאַרטרויט פאַר אים, אַז איך אַנטלויף פון געטאָ. ס׳האָט אָבער אויף זיי נישט געווירקט. זיי האָבן נישט געקלערט וועגן אַרויס פון געטאָ. דער וויצע־פּרעזעס האָט אויך מיר געראַטן צו בלייבן אין געטאָ און טיילן דעם גורל פון אַלע. דעם פּרעזעס האָבן די דייטשן מיט אַ טאָג פריער אַרעסטירט מיטן אויסרייד, אַז אויפן פעלד וואָס מ׳האָט געגעבן איינעם פון די דייטשישע דיגניטאַרן, האָט מען געפונען אַ לויז.

דעם זעלבן טאָג האָב איך באַוויזן צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון עלף פּערזאָן צו פאַרלאָזן דעם געטאָ. מיר זענען געווען באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן, אַ ביסל מעדיקאַמענטן, ברויט און וואַסער און אויך צוויי קאָמפּאַסן. אונדזער ציל איז געווען אָנצוקומען אין דער געגנט פון ביאַליסטאָק. מיר זענען געגאַנגען צו צוויי־דריי פּערזאָן, אָפּגערוקט איין גרופּע פון דער צווייטער אויף אַ הונדערט מעטער בערך, און מיר האָבן געהאָפט אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן געוווסט, אַז דאָס געטאָ אין ביאַליסטאָק, וואָס האָט געהערט צום מזרח־פּרייסישן געביט, וועט נישט אזוי שנעל ליקווידירט ווערן. ביינאַכט בין איך צוזאַמען מיט צוויי חברים אָנגעקומען אין וואַלד. אויפן וועג אין וואַלד אַריין האָבן מיר באַמערקט א סך אַייטאָס און וועגענער, פול געפּאַקט מיט דייטשע זעלנער און זשאַנדאַרמעריע, ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז דעם זעלבן אָוונט, אַרום ניין אַ זייגער, איז דאָס געטאָ געוואָרן אַרומגערינגלט. אויף צומאָרגנס האָבן מיר שוין געטראָפן צוויי אַנטלאָפענע פון געטאָ. איינער פון זיי, דער 17־צן יעריקער זון פון ד״ר ליבראָוויטש. מיינע גוטע באַקאַנטע מיטגלידער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס געטאָ, זיי האָבן זיך שפּעטער אַליין פאַרסמט און דעם זון איבערגעלאָזט אַ בריוועלע מיט אַן אַדרעס פון אַ באַ־

קאַנטע קריסטין, ביי וועלכער ער וועט זיך קאָנען ראַטעווען. די דאָזיקע פאַ־
מיליע האָט אים אָבער ארויסגעטריבן און אזוי איז ער אָנגעקומען אין וואַלד
אַריין.

שפּעט אין אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי צווישן די פּאַרטי־
זאַנער און אַ דייטשישער אָפּטיילונג. פון מיין גרופּע זענען געפאַלן זעקס
פערזאָן. דערוויל וויזט זיך אַרויס, אז די פּאַרטיזאַנער ווילן אונדז נישט אָנ־
נעמען, זאָגנדיק אַז יידן זענען פאַרעטער און די פּאַרטיזאַנקע איז נישט קיין
באַהעלטעניש פאַר אונדז. נאָך אַ גענויע אונטערזוכונג האָבן זיי אונדז אַנט־
וואָפנט, אָבער געלאָזט לעבן. מיר האבן באַשלאָסן לאָזן זיך קיין ביאַליסטאָק.
דאס וועטער איז געוואָרן קאַלט, נאַס און פראָסטיק. מיר האָבן אָנגעהויבן
שטאַרק ליידן פון הונגער. דאָרשט און קעלט. אויף די פעלדער איז שווער
געווען צו געפונען אפילו אַ בלעטל צום דערנערן זיך. וואַסער האָבן מיר גע־
טרינקען פון די קאַלוזשעס. די שיך אויף די פיס זענען זיך צעפאַלן. איך
האָב די פיס אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס און אַזוי אַרום געשלעפּט זיך אין
די בלאָטעס. מיך האָט מען די ערשטע אַרויסגעשיקט אין דעם נאָענטסטן
דאָרף צו באַקומען עפּעס עסן. באַגלייט האָט מיך פינצטערניש און דאָס ביי־
עריי פון די הינט. איין פרימאָרגן בין איך אָנגעקומען צו אַ ברונעם, פון
וועלכן אַן אלטיטשקע פרוי האָט גענומען וואַסער. איך האָב זי שטארק גע־
בעטן, זי זאָל מיך אַריינלאָזן צו איר אין כאַטע אַ ביסל זיך דערוואַרעמען.
זי האָט אָבער מורא געהאַט פאַר אירע קינדער, און מיך געהייסן אויס־
באהאלטן זיך צווישן די נאָענטע בוימער און וואַרטן. ווען די קינדער אי׳ע
זענען אַרויס פון שטוב, האָט זי מיר ארויסגעבראַכט ברויט מיט קאַשע.
אַ גליקלעכע בין איך מיט דעם אַוועק צו מיינע חברים אין וואַלד. מיר האָבן
זיך געפונען נישט ווייט פון וויסאקא־ליטעווסק. מען האָט אָבער געמוזט גנ־
בענען אַ גרענעץ. אויף דער ערד זענען געווען אויסגעלייגט עלעקטריזירטע
דראָטן, וועלכע האָבן ביים באַרירן זיי גלייך אַלאַרמירט די גרענעץ־וואַך. צו־
ליב מיין אויסזען מיט אַ ביסל אַ פאַריסענע נאָז, האָט מען מיך געשיקט די
ערשטע. מיטן צופאַלן די נאַכט האָב איך זיך גערירט אין וועג אַריין, ציי־
טערנדיק אינגאַנצן פון מורא און קעלט. באַגינען בין איך אָנגעקומען צו די
מויערן פון געטאָ אין וויסאָקא־ליטעווסק. מענטשן פון געטאָ האָבן מיר גע־
געבן צייכנס, איך זאָל מיך שנעל אויסבאַהאַלטן, ווייל ס׳איז נאָך די פּאָליציי־
שעהן אין עטלעכע שעה אַרום האָב איך געמאַכט אַ פרווו אַריינצובאַקומען
זיך אין געטאָ. איך האָב קוים באַוויזן אריין, ווי ס׳האָט זיך דערהערט דער
רוצחישער אויסגעשריי: „האַלט!‟ איך הויב אויף דעם קאָפּ און דערזע אויפן
וועכטער־טורם אַ דייטש מיט די אויסגעשטרעקטע ביקס קעגן מיר. איך האָב
באַוויזן שנעל אַריינצושפּרינגען אין דער ערשטער טיר פון אַ הילצערנעם
באַראַק און דאַ האָט זיך פאַר מיינע אויגן פאַרגעשטעלט אַ שרעקליך בילד.
אויף בעטלעך זענען געלעגן קוים זשיפּיענדיקע פרויען מיט פּנימער פון

טויטע, דאָס איז געווען די פרויען־אָפּטיילונג פון געטאָ־שפּיטאָל פאַר טי־פוס קראַנקע.

פאַרשטייט זיך אַז דער דייטשישער וועכטער איז מיד נאָכגעלאָפן און פון זיינע הענט האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט דער אַדמיניסטראַטאָר פון דאָזיקן שפּיטאָל יעקב פרידמאַן. דער זעלבער האָט באַוויזן נאָך דעם זעלבן טאָג צו ברענגען מיינע חברים פון וואַלד. זיי זענען געבליבן דערוויל אין דעם געטאָ אַ ביסל זיך אונטערהיילן און אויסרוען. זיי האָבן זיך שוין מער פון דעם פּלאַץ נישט געוואָלט רירן. איך האָב זיך איינע אַליין געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין און מיטן צוג גליקליך אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. שפּעטער איז מיר באַקאַנט געוואָרן, אַז ביים ליקווידירן דאָס געטאָ אין וויסאָקאָ־ליטעווסק האָבן זיך מיינע חברים אַליין אויפגעהאָנגען, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די מערדער.

איינזאַם אַליין דריי איך זיך אַרום אין ביאַליסטאָק אויף דער אַרישער זייט, נישט האָבנדיק ווו דעם קאָפּ אָנעקצולייגן. ביי טאָג פלעג איך גייען אין די הייזער אַרבעטן פאַר אַ ביסל עסן, און ביינאַכט — שלאָפן אונטערן פרייען הימל. קיינער האָט מיך נישט געלאָזט ביי זיך איבערנעכטיקן, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין דאָקומענטן. איינמאָל איז מיר געלונגען זיך אַריינצוגנבענען אין די רייען פון אַ גרופּע יידישע אַרבעטער, וועלכע די זשאַנדאַרמעריע האָט געפירט צוריק אין געטאָ אַריין נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג אויסער די מויערן פון געטאָ.. אַריינקומענדיק אין געטאָ האָב איך זיך געמאָלדן אין יודנראַט און דערציילט זיי, אַז אויף וואָלין, אוקראַינע, און קאָנגרעס־פוילן זענען די געטאָס ליקווידירט געוואָרן אין די יידן אויסגעמאָרדעט. מען האָט אָבער נישט געגלויבט און מיך באַטראַכט אַלס אַ פאַנטאַזיאָרקע. איך האָב אָנגעהויבן זוכן סאָקאָלאָווער. איך האָב געפונען נאָר איינעם, דוד לייזערקעס אַ זון, אַ שוסטער, ער האָט וועגן גורל פון די סאָקאָלאָווער יידן גאָרנישט געוווּסט. שפּעטער איז מיר באַקאַנט געוואָרן וועגן דער ליקווידאַציע פון די סאָגאָלאָווער יידן.

עס איז מיר דאָ געלונגען אָנצוקניפּן קאָנטאַקט מיט די אונטערערדישע גרופּן, וועלכע האָבן צוגעגרייט דעם אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ. געווען צווישן זיי מענטשן פון פאַרשידענע פּאַרטייען: ציוניסטן, בונדיסטן און קאָמוניסטן.

די ראָל, וואָס איז מיר געוואָרן אָנפאַרטרויט, איז נישט געווען קיין גאָר לייכטע. איך האָב זיך מיט אייגענע כוחות געדאַרפט איינאָרדנען אויף ארבעט אויף דער אַרישער זייט. ביים אַרויסגייען פון געטאָ דורך אַ לאָך אין דער מויער, האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ צען־יעריק יינגלע, אָנגעטון אין אַ לאַנגען פּאַלטאָ מיט אַ היטל, אַראָפּגערוקט איבער די אויערן. ער פלעגט זיך פון צייט צו צייט ארויסגנבענען אויף דער אַרישער זייט און פאַרשאַפן דאָרט אַ שטיקל ברויט פאר זיין משפחה אין געטאָ. דאָס גע־

שטאָלט פון דעם קינד איז מיר כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן ווי אַ סימ־באָל פון אונדזערע אומשולדיק פאַרפייניגטע קינדערלעך.

דער אונטערערדישער אַנטיפאַשיסטישער קאָמיטעט האָט מיך קאָנ־טאַקטירט מיט אַ געוויסן פּאָליאַק, וועלכער האָט מיר געדאַרפט העלפן באַ־קומען אַרישע דאָקומענטן און בכלל העלפן זיך איינאָרדנען אויף דער אַרי־שער זייט. ער האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַלס העסלעכער אַנטיסעמיט, וועלכער האָט געפונען אַ פּלאַץ פאַר מיר נאָר אויפן ייִדישן בית עולם. פאַר־שטענדלעך, אַז איך האָב זיך שנעל אָפּגעטראָגן פון זיינע אויגן און געגעבן וועגן דעם צו וויסן אין אונטערגרונט. איך פלעג זיך ווייטער מוזן אויסבאַ־האַלטן אין פאַרשידענע לעכער און צווישן חורבות פון איינגעפאַלענע היי־זער. איינמאָל האָבן מיך די איינוווינער פון אַזאַ הויז געפּאַקט און פאַריאָגט פון דאָרט, נישט איבערגעבנדיק מיך אין די הענט פון דער פּאָליציי.

נאָך צוויי יונגע מיידלעך זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף דער אַרי־שער זייט. זיי האָבן געהאַט אַרישע דאָקומענטן און ס'איז זיי געלונגען זיך איינצואָרדנען אַלס דינסטן אין פּריוואַטע קריסטלעכע הייזער. זיי פלעגן מיר ברענגען עפּעס עסן אין מיין באַהעלטעניש אַריין, און אַז ס'האָבן זיך גע־מאַכט טעג פון כאַפּעניש אין שטאָט, די אַזוי גערופענע „לאַפּאַנקעס", פלעג איך גאַנצע טעג בלייבן אָן עסן. זיצנדיק אַזוי איינמאָל אין אַ לאָך־באַהעל־טעניש, האָב איך באַשלאָסן זיך ווענדן אין אַ פאַבריק נאָך אַרבעט. איך האָב מיר אויסגעקלערט אַן אַרישן נאָמען און עס האָט מיר אָפּגעגליקט. איך בין געוואָרן אָנגענומען אויף אַרבעט אָן דאָקומענטן און אפילו אַרויסצובאַ־קומען אַ דאָקומענט פון אַרבעטס־אַמט אויף פּראָדוקטן. איך האָב געאַרבעט אַלס לערן־מיידל ביים שפּינען פעדעם, מיין לערערין איז געווען אַ 14 יעַ־ריק פּויליש מיידל, אין דער צייט האָט מען אָנגעהויבן אַרויסגעבן פּאַס־פּאָרטן פאַר דער באַפעלקערונג, די אַזוי גערופענע „קען־קאַרטן". איך האָב אָנגעגעבן מיין נאָמען אַלס סטעפּאַנסקאַ עמיליאַ און אויף דעם דאָזיקן נאָמען האָב איך אַרויסבאַקומען אַ צייטווייליקן דאָקומענט און שפּייז־קאַרטע און נאָך צוויי וואָכן האָב איך געדאַרפט קומען אָפּנעמען מיין „קען־קאַרטע". איך האָב געפונען אַ צימערל אויפן דריטן שטאָק אויף די כאַנייקעס. אַלץ וואָלט שוין געווען גוט ווען נישט מיין געזונט צושטאַנד. איך האָב געהאַט אַ שרעק־ליכן אויסזען. געווען אינגאַנצן אָפּגעשיט מיט בלאַטערן אין די הויט פון פּנים האָט זיך מיר געשיילט. דער פאַבריקס־דאָקטאָר, אַ פּאָליאַק, האָט מיך געהיילט. איך האָב שוין געאַרבעט אין דער פאַבריק בערך אַ צען טעג. ווען איינמאָל פּלוצעם איז צו מיר צוגעגאַנגען איינער, אַ ייִנגער אַרבעטער און מיך אָנגעהויבן קאָפּן מיט די פיס; אַן אַנדערע האָט צו מיר געשריגן „גיי צום ראַבין" און מיין 14 יעריקע לערערין האָט מיר צו וויסן געגעבן אַז באַלד וועט מען קומען פון דער געסטאַפּאָ מיך נעמען. אַלע האָבן זיך אַרום

מיר פארזאמלט. איך האב פארשטאנען אז עפּעס איז דאָ געשען אַרום מיר. איך האָב זיך אָבער נישט פאַרלוירן, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער; אויסוועג. אַנטלויפן האָב איך נישט געקאָנט, קיין סם האָב איך אויך נישט געהאַט. איך האָב שנעל ארויסגעכאַפּט מיין דאָקומענט און צוגעלאָפן צום מייסטער, אַ פאָלקס־דייטש, און פאַרקלאָגט זיך פאַר אים אין וואָס מען איז מיך חושד. „איך ווייס פון דעם", האָט ער מיר געענטפערט — „איך האָב נאָך נישט צעוויסן געגעבן דערפון דעם דייטשישן דירעקטאָר פון דער פאַבריק". דער מייסטער האָט זיך אָנגעהויבן אויספרעגן צווישן די אַרבעטער פון וואַנעט עס נעמען זיך קלאַנגען אז איך בין אַ ידישע, און דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז א געוויסער אלטיטשקער, אַ באַדינער ביי דער וואָג אין דרויסן ביים וועגן רוי־שטאָף פון די מאַגאַזינען פאַר דער פאַבריק, האָט דאָס ארויסגעלאָזט דעם קלאַנג וועגן מיר. אַרויסגייענדיק צו אים, האָב איך צו מיין איבעראַשונג דערקאָנט אין אים מיין געוועזענעם שכן, דעם וועכטער פון הויז, ווו איך האָב געוווינט אין בריסק. איך האָב זיך געוואַנדן צו אים און אָנגעהויבן איבערצייגן, אַז ער האָט אַ פאַטאַלן טעות, און צוגיט ער זיך אָפּ אַ רעכנונג, מיט וואָס דאָס דראָט מיר. ער האָט אָנגעהויבן צוריק צו ציען זיינע ווערטער. ער איז אַריין צוזאמען מיט מיר צום מייסטער אין פאַבריק און דערקלערט פאַר אַלע אז ער האָט אַ טעות געהאַט, אז פון דערוויטנס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אז איך בין ענלעך צו אַ באקאנטע ידישקע.

איך האָב אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין אַ קוך ביי אַ פאַבריק, וואָס האָט לאָזן די פאבריק. איך האָב זיך געווענדעט צום דאָקטאָר פון דער פאַבריק און געקלאָגט זיך אז איך בין קראַנק אויף די אויגן, ער האָט מיך געשיקט אויף אַ קאָמיסיע און פון דאָרט האָט מען מיך אָפּגעשיקט צו אַן אויגן־ספּעציאַליסט פון רויטן־קרייץ. באַטראַכט האָט מיך דער ד"ר קערשמאַן פון וואָלין, וועלכן מען פלעגט ספּעציעל ברענגען פון געטאָ אויף אַזעלכע אונטערזוכונגען. זייענדיק מיט אים אונטער פיר אויגן אין פינצטערן צימער, האָב איך אים דערציילט דעם אמת וועגן מיר און געבעטן, ער זאָל געבן אַ דיאַגנאָזע וואָס זאָל מיר העלפן באַפרייען פון דער פאַבריק.

איך האַב אָנגעהויבן צו ארבעטן אין דער קוך ביי אַ פאַבירק וואָס האָט אויסגעארבעט אייל. איך בין געשטאַנען אויף אַ לייטער און געמישט אין אַ קעסל, עס זאָל נישט צוברענען.

מיין צימער פלעגט זיין אַ טרעף־פּונקט פאַר די פאַרבינדלער פון געטאָ און וואַלד. עס פלעגן אויך קומען איבערגעכטיקן געשיקטע פון געטאָ אויף דער ארישער זייט. מען פלעגט דאָ אָפּהאַלטן באראטונגען און זיך גרייטן צום אויפשטאַנד אין געטאָ. איך פלעג צושטעלן פאַרשידענע ידיעות און אויך געווער.

איינמאָל האָט מיך די פאַרוואַלטערין פון קיך מיטגענומען מיט זיך אין מאגאזין אריין ברענגען פּראָדוקטן. דאָרט האב איך געטראָפן אַ חבר פוי ווארשע, וועלכער האָט אויך דאָ געאַרבעט אויף ארישע פּאַפּירן. ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ער אויך געווען אַ מיטגליד פון דער אונטערערדישער באַוועגונג. (ער הייסט לאפאטאס, געפינט זיך אין לאַנד און אַרבעט אַלס לערער אין עפולה). אויף דער פאַבריק האָב איך זיך געמאַכט פאַר אן אנאלפאבעטין וואָס קען נישט קיין וואָרט דייטש. ס׳איז מיר געלונגען פון צייט־צי־צייט אויף דער פאַבריק צו קויפן אייל און אויסטוישן ביי דייטשן אויף געווער. ס׳איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין געטאָ. די לעבן־געבליבענע זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער, וווּ זיי האָבן געשאַפן אַ יידישע פּארטיזאנער גרופּע. צווישן אַנדערע זענען געווען; רבקה וואיסקאווסקוי און חייקע גראסמאן. די דורך די דייטשן געכאַפּטע יוגנט אין געטאָ פלעגן זיי מאַסנווייז אויפהענגען אויף די באַלקאָנען פון די געטאָ־הייזער.

אַ שווערע איבערלעבונג איז דאָס געווען פאַר מיר ווען איך האָב געמוזט צוזען ווי מען שלאָגט די יידן, וועלכע מ׳האָט געברענגט צו צוואַנגסאַרבעט אין דער פאַבריק, ווּו איך האָב געאַרבעט. איך האָב אויך איינמאָל געמוזט ביי זיך ביים אויספירן אַ טויט־אורטייל איבער צוויי יינגלעך, ביי וועלכע מ׳האָט נאָך דער אַרבעט געפונען אַ ביסל אייל־קערנדלעך. מ׳האָט זיי ביידע אויפגעהאָנגען אויפן הויף פון דער פאַבריק.

דאָס הויז, אין וועלכן איך האָב געוווינט, האָט זיך אָנגעהויבן אַליין מער צו באַפעלקערן. קעגן איבער מיין צימער האָבן זיך אַריינגעצויגן וווינען צוויי קריסטלעכע פאַמיליעס, און איבער דער וואַנט — אַ פאַמיליע, פון וועלכער איין זון האָט געדינט אין דער געסטאַפּאָ. אַז איך פלעג אַרויפקומען צו זיך אין צימער, פלעג איך לאָזן די טיר אָפן צו ווייזן אַז איך האָב זיך נישט מיט וואָס אויסצובאַהאַלטן. דאָס צימער מיינס איז געווען צעטיילט אויף צוויי טיילן. איין טייל גוט פאַרמאַסקירט, אין וועלכן ס׳האָט זיך שטענדיק געפונען עמיצער אָפּצוטראַנספּאָרטירן אין וואַלד אַריין. נחום שפּירא פון קאָוועל האָט זיך ביי מיר אויסבאַהאַלטן 10 טעג. מיר האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט, אַז ווער ס׳וועט איבערלעבן, זאָל זיך באַמיען אויפצוזוכן ווּעמען פון דעם צווייטנס פאמיליע און דערציילן וועגן זיין לעבן און אומקום. איך האָב אים אָפּגעפירט ביז אַ דריי קילאמעטער אונטער דער שטאט. איך האָב מיטגענומען אַ קליינעם פיסטאָלעט (פראַנצויזישע מאַרקע). ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ דייטשישן פּאַטרול און געוואָרן דורך זיי ראַנירט אין פוס. נישט ווילנדיק זיך איבערגעבן אין זייערע הענט, האָט ער זיך אַליין דערשאָסן. אויף צומאָרגנס נאָכן אַרויספירן אים אויפן וועג אין וואַלד אַריין, האָב איך געהאָט אַ האַלוצינאַציע: איך האָב עמיצן געזען אין אַ שרעקלעכן צושטאנד ווי ער גוססט, אָפּגייענדיק אין בלוט. ס׳האָט זיך טאַקע דערנאָך אַרויסגעוויזן אַז אין דער צייט ווען איך האָב אַדורכגעמאַכט די דאָזיקע האַלוצינאַציע, איז

ער אומגעקומען.

איך פלעג טראָגן אין וואַלד אַריין געווער, אָנגעפּילטע אַקומולאַטאָרן און מעדיקאַמענטן. איך האָב צוויי מאָל אַנטייל גענומען אין אַן אָנפאַל אויף דער פאַבריק־וואַך און אַזוי ארום גענומען געווער. איך האָב איינמאָל פאַרשלעפּערט אַ וועכטער פון דער פאַבריק, וווּ איך האָב געאַרבעט, און די חברים האָבן ביי אים צוגענומען די ביקס. איין חברטע אונדזערע האָט געארבעט אַלס ארישע אין דער געסטאַפּאָ. זי פלעגט אונדז פון דאָרט באַזאָרגן מיט דאָקומענטן און אויך ברענגען ידיעות ווען זיי גרייטן זיך צו מאַכן אַן אַקציע קעגן די פּאַרטיזאַנער. די דאָזיקע חברטע, די געלע רבקה, האָט דערשאָסן איין געסטאַפּאָוויעץ פאַר איר אַנטלויפן אין וואַלד אריין. ביי מיר פלעגט מען אויסבאַהאַלטן קרילן־טאַשמעס צו אויטאָמאַטן, וואָס מען פלעגט אויפקויפן ביי דייטשן פאַר בוים־אייל און חזיר־פעטס. זיי פלעגן גערן מאכן אַזאַ טויש, ווייל זיי האָבן געדאַרפט די דאָזיקע פראָדוקטן צו שיקן צו זייערע פאַמיליעס קיין דייטשלאַנד.

אין אָנהויב האָבן אונדזערע מענטשן געלעבט אין וואַלד אַלס אַ באַזונדערע גרופּע, אויסגעפירט פאַרשידענע אונטערנעמונגען, און אַרויסבאַקומען עסנוואַרג ביי די דאָרפישע באַפעלקערונג, אַלץ אויף אייגענער האַנט אונטער דער אָנפירונג פון רבקה וואָיסקאָווסקא (זי לעבט און געפינט זיך אין פוילן). ערשט אין 1943 האָט מען אונדז אָנגענומען אין דער פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג פון „קאַסטוש קאַלינאָווסקי" אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל קאַפּוסטא און קאָמענדאַנט וואיטשעכאָווסקי. אין דער דאָזיקער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג האָט געהערשט אַ שרעקלעכער אַנטיסעמיטיזם. זיי, ד־רוסן, ווייס־רוסן און פּאָליאַקן, פלעגן שיכורן, זידלען זיך און נישט איינמאָל פאַרגוואַלדיקן פרויען. די יידן פלעגן אויספירן די פאַראַנטוואָרטלעכסטע און געפערלעכסטע אויפגאַבן. דאָס האָבן זיי אויפגעריסן צוגן און סטראַטעגישע פונקטן הינטערן פראָנט, אויך די עלעקטראָ־סטאַנציע אין ביאַליסטאָק האָבן זיי אויפגעריסן.

מיך האָבן זיי בשום אופן נישט געוואָלט אָננעמען אין וואַלד אַריין. דערווייל האָט מען אָנגעהויבן שווער באָמבאַרדירן די שטאָט. אַ באָמבע האָט געטראָפן אין דעם הויז, וווּ איך האָב געוווינט. דאָס הויז איז גענצלעך צעשטערט געוואָרן (אויפן הויף פון דעם הויז האָבן זיך געפונען מאַגאַזינען פון שוועבל). איך האָב זיך פשוט מיט נסים געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט, ווייל אַ מינוט פריער בין איך ארויס פון הויז. צוויי חברטעס פון אונטערגרונט האָבן מיר געברענגט אַ באַפעל צו פאַרלאָזן ביאַליסטאָק און פאָרן קיין סאַלניק, נאָענטער צום פראָנט. איך האָב אַדורכגעלעבט צוויי שרעקלעכע טעג נאָענט פון פראָנט און זיך צוריקגעקערט מיט זייער וויכטיקע ידיעות פאַר די פּאַרטיזאַנער. איך וויל אויך דאָ דערמאָנען אַ פאַל מיט אַ יונג יידיש מיידל, אַ פאַרבינדלערין פון דער אונטערגרונט־באַוועגונג, חיה ראָזענבערג פון

לובלין, זי האט א לענגערע צייט אויסבאהאלטן א ייד אין א באהעלטעניש־צווישן חורבות פון אן איינגעפאלענעם הויז. ווען זי האט זיך איינמאל דער־נענטערט צום באהעלטעניש, געברענגט מיט זיך א פאר שטיוול און געוואלט ארויספירן דעם ייד אין וואלד אריין, זענען פלוצים ארויס עטלעכע דייטשי־שע אגענטן און געוואלט איר כאפן, זי האט אנגעהויבן אנטלויפן און איז דורך זיי דערשאסן געווארן אויפן ארט. כבוד איר אנדענקן. איך וויל אויך דערמאנען נאך א פאל. ביי מיר האט זיך אויסבאהאלטן א געוויסער יוסף פינ־קעלשטיין מיט זיין 14יעריקער טאכטער, שפעט אין אוונט קלאפט ביי מיר די שכנטע פון איבער דער וואנט און גיט מיר צו וויסן אז די געסטאפא איז דא אויפן הויף און פרעגט זיך אויף מיר. און ווירקלעך האט זיך גע־לאזט הערן די שווערע טריט פון זייערע שטיול. מיר האבן זיך געזעגנט מיטן לעבן. איך האב געבעטן ביי פינקעלשטיינען, ער זאל מיך פריער דער־שיסן און דערנאך זאל ער מאכן וואס ער וויל. ער האט זיך אבער פארעקשנט, אז ער מוז צום ערשטן דערשיסן א דייטש. דערווייל זענען די געסטאפא־לייט ארויף אויפן ערשטן שטאק און אנגעהויבן גייען אויפן צווייטן שטאק, אבער פלוצעם אויסגעדרייט זיך און אנגעהויבן גייען צוריק. עס האט זיך ארויס־געוויזן, אז זיי האבן גארנישט געמיינט מיך. אזוי האט געפעלט א סע־קונדע, אז מיר זאלן זיך אליין דערשיסן.

נאך א פאל איז געווען. איך בין איינמאל געקומען צו דער טיר פון מיין צימער און געטראפן דאס שלעסל פון דארט אראפגענומען, איך בין גע־ווען זיכער, אז מען האט מיך אבסערווירט, און עפעס איז דא געשעען. איך בין נישט אריין אין צימער, נאר געלאפן זיך טרעפן מיט איינעם פון די פאר־בינדלער און אים דאס דערציילט. איינער פון די חברים, איבערגעטאן אלס דייטש, איז געגאנגען זען וואס דארט קומט פאר, ער איז אריין אין צימער און נישט טרעפנדיק קיינעם, האט ער געגעבן דעם אפגעשמועסטן צייכן און דער באהאלטענער יוסף פינקלשטיין איז ארויס פון באהעלטעניש. דערזעענ־דיק דעם „דייטש" איז ער געפאלן אין חלשות. אויך דאס האט זיך פארענ־דיקט צום גוטן.

ס'איז גארנישט צו פארשטיין, ווי אזוי די נערוון האבן אויסגע־האלטן, כאטש איך בין געווען יונג און געזונט. איך בין געווען זייער דער־שעפט און אויסגעמאטערט פון שלאפלאזע נעכט און פון שטענדיק אנגע־שטרענגטע וואכזאמקייט, מורא האבנדיק, אז יעדער איינער שפיאנירט מיך נאך.

דעם 7־טן יולי 1944 בין איך שוין געווען א באפרייטע. איך האב אפ־געגעבן מיין ארישן פאספארט און באקומען א דאקומענט צוריק אויף מיין נא־מען. ביאליסטאק איז געשטאנען אינגאנצן אין פלאמען.

איך האב באקומען צוויי אויסצייכנונגען פאר דרייסטקייט אלס פאר־בינדלערן צווישן די פארטיזאנער. טרויעריק איז געווען אויף דער נשמה נאך דעם דאזיקן שרעקלעכן קאטאקליזם.

איך בין אַוועק קיין גראָדנע זוכן מיין פאַמיליע, ווייל איך האָב געווּסט אַז מיינע צוויי ברודער דאַרפֿן זיך געפֿונען אַלס פאַרשיקטע אין רוסלאַנד. ארויסגעוויזן האָט זיך, אַז זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון רוסלאַנד מיט דער אַרמיי און דעמאָביליזירט זיך אין פוילן.

שווער געווען דאָס לעבן אויך נאָך דער באַפרייונג. נישט געפֿונען קיינעם פון די נאָענסטע; די איינזיימקייט האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט טרויער אין בענקשאַפט נאָך אביסעלע גליק, און נישט איינמאָל האָט זיך געשטעלט די פראַגע צוליב וואָס און צוליב וועמען לעבן? אין דאָך האָט דער לעבנס־אינסטינקט געפאָדערט ווייטער צו בלייבן לעבן.

אין סאָקאָלאָוו בין איך געווען דאָס ערשטע מאָל אין יאָר 1949 ווען ס׳האָבן נאָך דאָרט געוווינט צוויי יידישע פאַמיליעס. דאָס לעצטע מאָל בין איך געווען אין סאָקאָלאָוו אין יאָר 1957, עטלעכע וואָכן פאַר מיין אָפּפאָרן קיין ישראל. איך בין געווען אין ווענגראָוו, קאלושין אין שעדלעץ, כמעט אויף גאַנץ פאָדליאַשע און קיין ייד נישט געפונען. אין שעדלעץ, האָט מען מיר געזאָגט, וווינען יאָ עטלעכע יידן.

אין סאָקאָלאָוו בין איך איינגעשטאַנען אין האָטעל „פאָדליאשאנקא“ אין דער ראַגאָווער גאַס. דאָס לעבן אין די שטעט איז אַזוי ווי אָפּגעשטאָרבן. דער אויסערלעכער אויסזען פון שטעטל איז געענדערט. דער גרויסער מאַרק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָט־גאָרטן. די סטראַגאַנעס — געשלאָסן (אין אַ טייל פון זיי זענען איצט פאַרשידענע מאגאזינען). לעבעדיק איז נאָר אין די קרעטשמעס, ווו מען שיכרט, און אויף דער אויטאָבוס־סטאַציע, ווו עס דרייען זיך און פאָרן אויף שפעקולאַציע די פויערים פון דאָרף. קיין יידן זענען אין סאָקאָלאָוו נישטאָ, אָבער מען רעדט נאָך פיל וועגן זיי. אין דער שלעכטער קאָניונקטור זענען נאָך היינט אויך שולדיק די יידן... פון אַ ייד נעמט מען גערן לאַפּוועקע, און דעמאָלט איז מען העפלעך צו אים. צו מיין אָפּפאָרן האָב איך געמוזט אַרויסנעמען אין סאָקאָלאָוו עטלעכע דאָקומענטן, און דאָס — האָט מען מיר געזאָגט — דאַרף דויערן צוויי טעג, אָבער פאַר אַ האַלבן ליטער בראָנפן האָב איך זיי באקומען אין פאַרלויף פון עטלעכע שע.ה. דער באַאַמטער האָט זיך גליך דערמאָנט ווער מיין פאָטער איז געווען, כאָטש אין דער אמתן האָט ער נישט אָנגעהויבן צו וויסן דערפון. איך בין געקומען צו אונדזערס אַ געוועזענע שכנ׳טע, צו דער וויגאַנאווסקין, דעם בעקערס טאָכטער, און זי געפרעגט, צו זי קאָן מיר עפּעס דערציילן וועגן גורל פון מיין פאַמיליע. די רציחה האָט זיך אין איר אַזוי אָנגעצינדן, אַז איך האָב מורא געהאַט, זי זאָל מיך נישט צעבייסן, אַזוי ווי איר משוגענער הינט פלעגט אַמאָל בייסן אונדזערע קינדער.

הייליק זאָל זיין דער אָנדענק פון אַלע אונדזערע אומפאַרגעסלעכע אומגעקומענע דורך די היטלעריסטישע מערדער און זייערע מיטהעלפער.

(יידיש מ. ז—ץ)

חנה שטוטמאן-ווישני
(נס-ציונה)

# פון דייטשן גיהנום

אין די ערשטע טעג פון זייער אַריינקומען, האָבן די דייטשן געכאַפּט צו דער אַרבעט בלויז מענער. דערנאָך האָבן זיי אויך אָנגעהויבן כאַפּן פרויען אין דער קאַמער ביי אונדז אין שטוב פלעגן זיך דעמאָלט אָפּט אויסבאַהאַלטן מענער, וועלכע ס'איז געלונגען נעלם צו ווערן פון די כאַפּערס. איינמאָל זענען צו אונדז אַריין דייטשע זשאַנדאַרן און פאַרלאַנגט פון מיין מוטער זי זאָל אָנווייזן ווו די באַהאַלטענע זענען, דערביי זי צעשלאָגן און אַליין אָנגעהויבן זוכן, אָבער די קאַמער נישט געפונען. די וואָס האָבן זיך נישט צוגעשטעלט לויטן באַפעל פון דער יידישער קהילה, האָט די דייטשישע זשאַנדאַרמעריע צוזאַמען מיט דער יידישער פּאָליציי אַרויסגענומען פון די שטובן, מחמת אויף די גאַסן האָבן יידן מורא געהאַט אַרויסצוגיין. די דייטשן האָבן געשלאָגן יידן, אָפּגעשווירן די בערד, צעראַבירט דאָס האָב און גוטס און מיט אויטיבוסן עס אַוועקגעפירט. איינמאָל זענען אַ כאַפּטע זשאַנדארן ווילד אריינגעלאָפן אין בית־המדרש און, שיסנדיק אויף דער ווייבערישער שול, דערהרגעט אַ יידישע פרוי.

די דייטשן האָבן די געכאַפּטע יידן צוגעפירט צום הויז פון דער קהילה (גמינע). דאָרט האָט יעדער באַקומען צוגעטיילט זיין פּאַרציע ברויט. אין יענער צייט איז די פאַרוואַלטונג פון דער יידישער גמינע באַשטאַנען פון פרעזעס נחום לעווין און די מיטגלידער יצחק שלאפמיץ, קלמן (גערופן „קלין") א. א.

ס'האָט נישט געדויערט לאַנג און די יידישע גמינע האָט באַקומען אַ שטרענגע פאַראָרדנונג, אַז אַלע יידן מוזן אויף די אַרבעל טראָגן לענטעס מיט מגן־דוד'ס. די ביטערע גזרה האָט די יידן שווער געטראָפן און יעדער איינער האָט געפילט אַז עס קומען אָן שווערע צייטן.

די פאָרשטייער פון דער יידישער גמינע האָבן גערופן די יידישע באַפעלקערונג אויסצופירן דעם באַפעל, ווייל אַנדערש וועלן זיין קרבנות. פונדעסטוועגן האָט זיך נישט יעדער איינער געוואָלט צופאַסן צו דער גזרה. האָבן טאַקע די דייטשן געשאָסן אויף יידן אויף דער גאַס אָן אַ לענטע.

מיט חדשים שפּעטער האָבן זיך אין סאָקאָלאָוו פּלוצעם אָנגעהויבן באַווייזן פיל יידן פון קאַליש, וועלכע די דייטשן האָבן פון דאָרט אַרויסגעטריבן.

ביים סוף פון יאָר 1941 איז אין סאָקאָלאָוו אַנטשטאַנען די געטאָ. די יידן פון די ארומיקע שטעטלעך זענען געוואָרן געצוווּנגען אַריינצוקומען

אין אונדזער געטאָ. וואָס איז אומעטום געווען פֿאַרמויערט מיט ציגל און שטעכיקע דראָטן און געוואָרן געהיטן פֿון דייטשישע, פּוילישע און אויך יידישע פּאָליציי. באַלד איז ארויס אַ באַפֿעל אַז פאר פּאָליאַקן איז פֿאַרבאָטן אריינצוגיין אין געטאָ. דערמיט איז דער גאַנצער האַנדל מיטאַמאָל געוואָרן ווי אָפּגעשטאָרבן. די וואָס האָבן זיך געהאַט אָנגעגרייט שפּייז, האָבן ווי ס׳איז דורכגעלעבט — דער הונגער איז געוואָרן מוראדיק. באַלד איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, און די שטערבלעכקייט איז געווען אומגעהויער. דער קאָמענדאַנט פֿונעם געטאָ, סורדיק, אַ פּאָליאַק פֿון פּויזן, האָט נישט דערלויבט אַז ביי די לויות, (צענדליקער אין אַ טאָג) — זאָלן זיך פֿאַרזאַמלען גרופּעס.

דאָס כאַפּן יינגע מענטשן אויף אַרבעט האָט נישט אויפגעהערט. די יידישע גמינע (איצט — יידן־ראַט), האָט געמוזט צושטעלן דעם קאָנטינגענט. די אַרבעטס מענטשן האָט מען אַרויסגעפירט פֿון געטאָ צו דער אַרבעט וואַשן וועש אין דייטשישע שפּיטעלער, רייניקן שניי אויף די שאָסייען, בריקן, קלאָזעטן, א. א. וו. ווען די ס.ס.־לייט האָבן זיך געוואָלט פֿאַרוויילן, האָבן זיי געשלאָגן מכות רצח ווען ס׳איז זיי אונטערגעקומען אונטער די הענט. מאַנכע האָבן זיי דערשאָסן און דערביי געקייכט פֿון געלעכטער. די אַרבעטער זענען יעדן פֿאַרנאַכט צוריקגעקומען אין געטאָ.

בערך מיט דריי חדשים שפּעטער, האָט זיך דער מצב אין גאַנצן געענדערט. די דייטשן האָבן פֿונעם יידן־ראַט שטרענג געפֿאָדערט די אַרבעטס פֿעיקע אָפּצושיקן אין די ארבעטס־לאַגערן. זיי האָבן איינגערעדט דעם יידן־ראַט אַז די יידן ווערן נאָר אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט.

איינמאָל איז אין געטאָ דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז מען פֿאַרניכטעט די יידן אין טרעבלינקע. דער קלאַנג איז געקומען פֿון אַ באַן־מאַשיניסט, וועלכער איז מיט דער באַן אַריינגעפֿאָרן קיין טרעבלינקע אזש ביז צום פֿאַרניכטונגס־לאַגער. דער באַן־מאַשיניסט האָט דערציילט די פּויערן, אַז ער האָט אַליין געזען ווי מען פֿאַרניכטעט די יידן און געבעטן גוטע גוים, אַז זיי זאָלן דאָס צעוויסן געבן אין סאָקאָלאָווער געטאָ. גוטע פּויערים האבן דאס באַלד געטאָן. מען האט אויך איבערגעגעבן די ידיעה פֿון אַ פּויער, וועלכער זאָל האָבן געזען פֿאָרן אַ לוקסוס־צוג מיט אויסגעפּוצטע אויסלענדישע יידן, וועלכע האָבן געפֿרעגט די דורכגייענדיקע פּויערים, ווו עס געפֿינט זיך טרעבלינקע. די פּויערים זענען אַזוי אַרום געווען זיכער, וווּהין מען פֿירט די יידן און זיי האָבן דורך עמיצן געלאָזט וויסן אין סאָקאָלאָווער געטאָ. אין געטאָ איז אַנטשטאַנען אַן אומבאַשרייבלעכער פּאַניק.

---

מיין פֿאָטער משה שטוטמאַן, דער שוואָגער אשר יאַספּערשטיין און איך, זענען פֿון אַרבעטס־פּלאַץ סקרישעוו אָנגעקומען אין שעדלעצער געטאָ. דאָס איז געווען שוין נאָך דער ליקווידאַציע פֿון סאָקאָלאָווער געטאָ. אויסער אונדז, זענען אין דעם געטאָ אָנגעקומען פֿיל יידן פֿון די ארומיקע ארבעטס־

פלעצער. די יידן זענען געקומען אויסגעדאַרטע, דערשעפּטע און שטאַרק פֿאַרלייזיקטע. ס'איז געווען שרעקלעך צוצוזען דאָס דאָזיקע בילד. אַז מיר האָבן געזען וואָס דערוואַרט אונדז אין דעם נייען געטאָ, האָבן מיר באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין סקרישעוו. ווו מיר האָבן געהאַט באַקאַנטע פויערים, און פאַר אַ סך געלט — האָבן מיר געטראַכט — וועט אונדז געלונגען זיך ביי זיי אויסצובאַהאַלטן. מיר האָבן אָנגעטראָפן אויף דעם באַקאַנטן פויער סטאַני־סלאַוו ראַסאַכאַצקי, וועלכער האָט געהאַט שטיין זיין כאַטע ביים הויפּט־שאָ־סיי אין מיטן דאָרף. מיר האָבן מיטן פויער משווה געוואָרן פאַרן פּרייז פון זיבן טויזנט זלאָטעס, אונדז צו האַלטן ביז די דייטשן וועלן פאַרלאָזן פוילן. דער פויער האָט פאַרזיכערט, אַז ווי לאַנג די מלחמה זאָל נישט דויערן, וועט ער אונדז נישט אַרויסטרייבן.

די כאַטע פון דעם פויער ראַסאַכאַצקי איז באַשטאַנען פון איין שטוב. ער האָט אין אַ ווינקל הינטערן אויוון צונויפגעקלאַפּט אַ ווענטל און אונדז דאָרט אַריינגעלאָזט. נישט ווייסנדיק פון וואַנען, זענען זיינע שכנים דערפון געוואָר געוואָרן און געפרעגט, ווי קומט עס גראָד איצט אַזאַ ווענטל? סטאַ־ניסלאַוו האָט זיך פאַרענפערט אַז ער האָט עס געמאַכט דערפאַר, ווייל ער דאַרף דאָרט אַוועקשטעלן די תבואה, מחמת די דייטשן זוכן אַרום זיין קאָנ־טינגענט.

אַז די שכנים זענען אַוועק, האָט דער פויער אָנגעהויבן זיך שרעקן פאַר דער „קריאַווקע". ער האָט זיך מיט אונדז דורכגעשמועסט און ס'איז געוואָרן באַשלאָסן צו גראָבן אַ גרוב אונטער דער פּאָדלאָגע. מיר האָבן זיך גענומען גלייך צו דער אַרבעט און אויסגעגראָבן אַ טיפן גרוב ביז צום דרויסן — אין גערטנדל אַריין.

אַז מיר האָבן שוין געהאַט פאַרטיק דאָס גרוב, האָט דער פויער פאַר־דעקט דעם דרויסנדיקן טייל מיט ברעטער און דערויף אָנגעשיט פולע הויפנס ערד. מיר האָבן אינם גרוב אויסגעגראָבן קליינע לעכער, כדי אַרויסצוקוקן און גלייכצייטיק כאַפּן לופט, און אַזוי האָבן מיר דורכגעלעבט זיבעצן חדשים

איינמאָל ווען מיין פאָטער און שוואָגער זענען געגאַנגען זיך פאַר־שאַפן ברויט (דער פויער האָט מיט אונדז אָפּגעמאַכט, אַז מיט אַלץ וועט ער אונדז אויסבאַהאַלטן, אָבער נישט מיט ברויט, מחמת ער טאָר נישט באַקן מער ברויט ווי תמיד, כדי ס'זאָל נישט פאַלן קיין פאַרדאַכט ביי זיינע שכנים), האָבן צוויי „אַקאָווצעס" („ארמיא קראַיאָוואַ" — אַנטיסעמיטישע מיליטע־רישע פאָרמאַציע) אונדז געזען גיין. די „אקאווצעס" האָבן אונדז נאָכ־שפּיאָנירט און אויסגעפאָרשט אין וועלכע כאַטע מיר באַהאַלטן זיך אויס.

אין אַ וואָך אַרום האָבן ביי דעם פויערס טיר אָנגעקלאַפּט אַ באַנדע „אקאווצעס". דער פויער האָט זיי געעפנט די טיר. איינער פון דער באַנדע האָט שטרענג געפאָדערט פונ'ם פויער, ער זאָל אַרויסגעבן די ביי אים אויס־

באַהאַלטענע ייִדן. צו ערשט האָט אונדזער פּויער, אַ שטאַרק צעטומלטער, געלייקנט. נאָר ווען זיי האָבן געדראָט אַז זיי וועלן אים דערשיסן און אונ־טערצינדן זיין כאַטע, האָט ער געעפנט די „קריאווקע" (באַהעלטעניש) און געהייסן אונדז אַרויסגיין.

מיר זענען אַרויס מיט ציטערדיקע פיס. איינער פון די באַנדע האָט באַפוילן אַז מיר זאָלן זיך אויסלייגן אויפן דיל מיט די פּנימער אַראָפּ. אַז מיר האָבן אַזוי געטאָן, האָט ער געזאָגט, אויב מיר וועלן אויסגעבן דאָס אָרט ווו מיר האָבן באהאלטן די טויזנט ליטער בראָנפן, וועלן זיי אונדז לאָזן לעבן.

מיין שוואָגער האָט זיך דערמאָנט אין וואָס עס גייט. ער האָט אַמאָל דערציילט פאַר אַ באַקאַנטן פּויער אַז ער האָט באַהאַלטן עפּעס אַ ביסל בראָנפן; איז דאָס אָנגעקומען צו אַנדערע פּויערים, און פון דעם ביסל איז געוואָרן טויזנט ליטער. מיין שוואָגער האָט געענטפערט, אַז ער קאָן מיט זיי מיטגיין און אָנווייזן די באַהעלטעניש. די באַנדע האָבן איבערגעלאָזט מיין פאָטער אינעם גרוב און מיך מיט מיין שוואָגער מיטגענומען.

אַז מיר זענען אַריין אין זייער קאָלאָניע, האָט מיין שוואָגער זיי גע־שילדערט, ווו דאָס באַהעלטעניש פון דעם באַגראָבענעם בראָנפן געפינט זיך, זענען עטלעכע פון זיי צוגעפאָרן צו דעם אָרט און, צוריקקומענדיק, דער־קלערט אַז אונדזער שילדערונג איז אַ ריכטיקע. היות ווי זיי האָבן נישט געקאָנט אויפגראָבן די באַהעלטעניש, מחמת די נעכט זענען געווען באַלויכטן פון די קיילעכדיקע לבנה, האָבן זיי אונדז דערוויילע באַפרייט. מען האָט אונדז אָפּגעפירט אין דערבייאיקן וואַלד און געגעבן עסן. מען האָט אונדז באַפוילן, נישט אַוועקצוגיין פון דעם אָרט, ביז זיי וועלן דעם בראָנפן אַרויסנעמען פונעם באַהעלטעניש און דערביי פאַרזיכערט אַז נאָכן אַרויסנעמען דעם בראָנפן, וועלן מיר געניסן פון זייער הילף.

מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז אויב זיי וועלן נישט טרעפן אפילו דאָס ביסעלע בראָנפן — און ווען אפילו זיי וועלן יאָ טרעפן — וועלן זיי אונדז טון אַזוי ווי זיי האָבן געטאָן מיט אַנדערע יידישע פאַרטיזאַנער.

מיר זענען באַלד פון דעם אָרט אַוועקגעגאַנגען און זיך אומגעקערט צו דער כאַטע ווו מיין פאָטער האָט זיך געפונען.

ווען מיר זענען אַריין אין דער כאַטע, האָט דער פּויער זיך שטאַרק געחידושט ווי אַזוי מיר האָבן געקאָנט צוריקקומען לעבעדיקע. מיר האָבן מיין פאָטער שוין דאָרט נישט געטראָפן. דער פּויער האָט געזאָגט, אַז מיין פאָטער האָט אים געבעטן זאָגן, אַז מיר זאָלן גיין אין סקרישיוווער סאָד, וואָס איז ביים שאָסיי. מיר זענען גלייך אַהינגעגאַנגען און טאַקע דאָרט געטראָפן דעם טאַטן.

און אַזוי האָבן מיר לאַנג געוואָגלט אין די וועלדער, אויסשטייענדיק הונגער און שרעק.

איינמאָל אין אַ זומער נאַכט, ווען מיר האָבן שוין נישט געקאָנט אויס־

האַלטן דעם הונגער, האָבן מיר באַשלאָסן דורכצוגיין דעם שאָסיי. וואָס האָט געפירט צו אַ קאָלאָניע, ווו ס'האָט געוווינט אַ קריסטליכע משפּחה. ווען מיר זענען אַריבער דעם שאָסיי, האָבן אונז פאַרהאַלטן דייטשישע סאָלדאַטן. קוקנדיק אין דעם אָרום, האָבן מיר געזען פיל דייטשיש מיליטער. מיר האָבן געטראַכט אַז מן הסתם געפינט זיך נישט ווייט דער פראָנט. היות ווי מיר האָבן ניט געהאַט קיין דאָקומענטן, האָבן צוויי דייטשישע זעלנער אונדז אַרעסטירט. גייענדיק מיט די זעלנער איז מיין שוואָגער געלונגען צו אַנטלויפן, מען האָט מיך מיטן טאַטן אָפּגעפירט אין דאָרף סקרישעוו. די צוויי באַוואָפנטע זעלנער האָבן אונדז צוגעפירט צו אַ גרויסע פויערישע כאַטע. באַלד איז פון דאָרט אַרויסגעקומען אַ דייטשישער אָפיציר, אונדז באַטראַכט און אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז מיר מוזן זיכער זיין רוסישע שפּיאָנען. דער אָפיציר האָט אַרויסגעגעבן אַ שטרענגן באַפעל, מען זאָל אונדז תיכף אָפּשיקן צו דער זשאַנדאַרמעריע אין סאָקאָלאָוו.

ווען מיר זענען געבראַכט געוואָרן קיין סאָקאָלאָוו, זענען דאָרט די זשאַנדאַרמעריע שוין געהאַט אָפּגעטראָטן. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז די רויטע אַרמיי דערנענטערט זיך מיט ריזן שריט. מיר האָבן ממש זיך געגעסן פון ווייטיק, וואָס מיר האָבן נישט אויסגעוואַרט אין וואַלד נאָך עטלעכע טעג.

די צוויי זעלנער זענען מיט אונדז אוועק קיין ווענגראָוו. אָבער אויך דאָרט זענען די זשאַנדאַרמעריע שוין נישט געווען. האָבן זיי זיך מיישב געווען און אונדז איבערגעגעבן דעם מיליטער שטאַב.

אין שטאַב האָט מען אונדז געפאָרשט ווער מיר זענען. צו ערשט האָבן זיי זיך גענומען צו מיר. איינער פון זיי האָט מיט אַ לעדערנעם ראַפּניק גענומען מיך מכבד זיין מיט שטאַרקע קלעפּ איבערן גאַנצן קערפּער, שרייענדיק אַז איך זאָל אויסזאָגן דעם אמת. וויינענדיק, האָב איך נישט אויפגעהערט צו טענהען, אַז צוליב די שטאַרקע שיסערייען ביים פראָנט, בין איך אַנטלאָפן פון דער היים, און פאַרגעסן מיטצונעמען דעם דאָקומענט. אויף דער פראַגע, ווער דער אַלטער איז, האָב איך געענטפערט אַז איך קען אים אין גאַנצן נישט און גייענדיק אויפן וועג, האָב איך אים צופעליק באַגעגנט.

נאָך דער אויספאָרשונג האָט מען מיך, אַ צעווייטיקטע פון די קלעפּ, אַריינגעפירט אין אַ שפּייכלער וואָס איז געשטאַנען אינם הויף. אינדרויסן ביי דער טיר האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ זעלנער מיט אַ ביקס אין האַנט.

דערנאָך האָט מען צו דער אויספאָרשונג אַריינגעפירט דעם טאַטן. אויך דער טאַטע האָט געטענהט דאָס זעלביקע. האָבנדיק אַ חשד אַז מיר זענען רוסישע שפּיאָנען, האָט אַן אָפיציר גענומען באַטאַפּן דעם טאַטנס בגדים טאַפּנדיק זיין וועסטל קעשענע, האָט ער אָנגעטראָפן עפּעס אויף אַ דיק אָרט. ער האָט צעשניטן דאָס וועסטל און ס'איז אַרויסגעפאַלן אַ מאָגן דוד לענטע. אַז די דייטשן האָבן עס דערזען, האָבן זיי דעם טאַטן פאַרוווּנדערט

געפרעגט: „יזנד זי יודע?" דער טאַטע, דערשטוינט וואָס ער אַליין האָט נישט געדענקט אַז ער האָט אין געטאָ איינגעניים די לענטע אַלס אָנדענק, האָט זיך אָנגעשטרענגט צו פאַרהאַלטן רויק און גענומען לייקענען אַז ער איז אַ ייד. האָט אַן אָפיציר אַ ווונק געטון צו די זעלנער, זיי זאָלן דעם טאַטן אַריינפירן אין אַ צווייטן צימער און אים אונטערזוכן, צו ער איז געמלעט. דער טאַטע האָט זיך באַלד מודה געווען אַז ער איז אַ ייד און זיך ביי זיי געבעטן, אַז אויב זיי האָבן בדעה אים צו שיסן, זאָלן זיי עס שוין טאָן, נאָר נישט אים פייניקן.

באַלד האָט דער טאַטע דערזען ווי מען פירט צו אים אַריין אַ גרויסן ווילדן הונט. דער טאַטע האָט אינגאַנצן געציטערט פון שרעק. דער הונט האָט דעם ציטערדיקן און אויסגעדאַרטן טאַטן באַטראַכט און נישט גערירט זיך פון אָרט. אַז די אָנווערזנדיקע דייטשן האָבן דאָס געזען, זענען זיי געבליבן שטיין דערשטוינט, און איינער פון זיי, אַן אָפיציר, האָט אָנגעהויבן רעדן צום הונט ער זאָל דעם טאַטן צובייסן. אָבער דער הונט האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און בשום אופן נישט געוואָלט זיך צורירן צום טאַטן. זענען די דייטשן, ווילד און צעיושעט צוגעלאָפן צום האַלב־נאַקעטן טאַטן און אים מערדערלעך געשלאָגן. זיי האָבן אים שטאַרק צעבלוטיקט, אויסגעהאַקט די ציינער און שלעפנדיק אים אַ פאַרחלשטן איבערן הויף, אַריינגעוואָרפן אין דעם שפייכלער ווו איך האָב זיך געפונען.

דער טאַטע איז געבליבן ליגן כמעט אָן באַוווסטזיין. מיט אַלע כוחות האָב איך אָנגעהויבן דעם טאַטן צו מינטערן. געקומען אַ ביסל צו זיך, האָט ער אויפגעהויבן אַ האַנט און מיט אַ געבראָכן קול געשעפטשעט: „רבונו של עולם, וואָס ווילסט דו פון אונדז האָבן?" און באַלד האָט ער גענומען מיט מיר זאָגן ווידוי. איך בין געוואָרן אויפגעציטערט און זיך געשלאָגן דעם קאָפּ אין וואַנט. שפּעטער ווען איך בין געלעגן אַ דערשעפּטע פון וויינען, האָב איך געזען ווי דער טאַטע האָט זיך פּלוצלונג אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו דער פאַרמאַכטער טיר און זי געפּרווט עפענען. צו מיין דערשטוינונג, האָט זיך די טיר אַליין געעפנט. ס'איז געוואָרן פאַרטאָג. דער טאַטע האָט דערזען ווי די בעל־הביתטע פון דעם הויז, ווו דער מיליטער שטאַב איז איינגעשטאַנען, גייט אַריין אין קלאָזעט. האָט ער זי אַ פרעג געטאָן, וועגן דער „וואַד", ווייל ער דאַרף זיך גיין דערליידיקן. די בעל הביתע האָט אים געענטפערט, אַז דער וואַד־פּאָסטן איז אַוועק שלאָפן.

ווען די בעל־הביתטע איז צוריק אַריין אין איר שטוב, האָבן מיר פאַרשטאַנען אַז זי גיט אונדז די געלעגנהייט צו אַנטלויפן. מיר האָבן אין איילעניש פאַרלאָזט דעם שפייכלער און אַנטלאָפן מיט אַ הינטערוועג. מיר זענען אַוועק אויפן פעלד און זיך געאיילט ערגעץ צו אַנטלויפן, נישט ווייסנדיק וווהין. ענדלעך האָבן מיר דערזען אַ וועלדל און דאָרט אהין געגאַנגען. שטייענדיק ביים וועלדל האָבן מיר מורא געהאַט אַריינצוגיין, נישט זייענ־

דיק זיכער צו דאָס איז ריין פון „אַקאָווצעס“. זעענדיק ווי איבערן גאַנצן פעלד שטייען סנאָפּעס שטרוי, זענען מיר אַרונטער אין איינעם פון זיי. בערך מיט צוויי שעה שפּעטער, האָבן מ׳ר דערזען צולויפן דייטשישע זעלנער מיט געווער אין די הענט, נאָך זיי זענען נאָכגעלאָפן אַ כאָפּטע פּאָליאַקן און געשריען אין וועלדל אַריין: „זשידקי, גייט אַרויס פון וואַלד“.

און אַז קיינער פון וועלדל האָט זיך נישט באַוויזן, האָבן די זעלנער אָנגעהויבן אַריינשיסן. די שיסעריי איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ס׳האָט זיך אונדז געדאַכט אַז דער באָדן הויבט זיך אויף.

ווען די זעלנער זענען שוין געהאַט אַוועק, האָבן מיר פונדעסטוועגן נאָך מורא געהאַט אַפּערצוקריכן פון דעם סנאָפּ שטרוי און געבליבן אַזוי זיצן איבער די נאַכט.

פאַרטאָג זענען מיר אַפּערגעקראָכן מיט צעווייטיקטע גלידער און געוואָלט אַוועקגיין פון דעם אָרט. פּלוצים איז פאַר אונדז אַרויסגעוואַקסן אַ פּויער, און געפרעגט וווּהין מיר גייען. אַז מיר האָבן ביי אים געבעטן אַ שטיקל ברויט, האָט ער אונדז געהייסן וואַרטן ביז ער וועט אונדז ברענגען. מיר האָבן נישט געוואָלט וואַרטן און געגאַנגען ווייטער. דער טאַטע איז שטיין געבליבן און געזאָגט, אַז ער האָט מער נישט קיין כוח צו גיין. מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, און ווידער אַרונטער אונטער אַ סנאָפּ שטרוי. איך האָב דעם טאַטן איבערגעלאָזט אויפן אָרט און זיך געלאָזט זוכן שפּייז.

איך בין אריין אין אַ קאָלאָניע, עפּענענדיק די טיר פון אַ שטוב. האָב איך געזען שטיין אַן עלטערן קריסט. איך האָב זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט אַלס קריסט, דערציילט אַז צוליב די שטאַרקע שיסערייען פון נאָענטן פראָנט, האָב איך פאַרלוירן דאָס געשפאַן און געבעטן ביי אים אַ שטיקל ברויט. דער קריסט האָט מיך געהייסן צוזעצן צום טיש און אַ ווונק געגעבן צום ווייב, אַז זי זאָל מיר דערלאַנגען עסן.

ווען איך האָב געגעסן מיט אַ שטאַרקן אַפּעטיט, האָט דער בעל־הבית, נישט אַראָפּגעלאָזט פון מיר דאָס אויג, געזאָגט: „מיין נישט אַז איך ווייס נישט, אַז די ביזט אַ יידישקע. מען דערקאָנט עס אין דיר. נאָר האָב נישט קיין מורא. איך וועל דיך נישט אויסגעבן און נישט טאָן קיין שלעכטס“. זעענדיק אַז איך האָב צו טאָן מיט אַן אָרנטלעכן מענטש, האָב איך פאַר אים אַלץ דערציילט. ער האָט מיר מיטגעגעבן עסן אויך פאַרן טאַטן.

צוריקקומענדיק איז דער טאַטע נאָך געלעגן אָן כוח. איך האָב געמוזט דאָס ברויט צעקייען פארן טאַטן, מחמת ער האָט שוין נישט געהאַט קיין צאָן אין מויל. מיר זענען געבליבן זיצן ביז נאַכט. ווען מיר האָבן זיך אַוועקגעשטעלט צו גיין ווייטער ביזן סאָקאָלאָווער בית־עולם, האָט דער טאַטע געפילט אַז זיינע פיס טראָגן אים מער נישט און צו מיר אַזוי געזאָגט: „הער אויס טאָכטער, זעסט דאָך אַז איך קאָן שוין נישט גיין, לאָז מיך איבער און גיי

אַליין. דו ביזט דאָך יונג! נאָר אַז די וועסט איבערלעבן די מלחמה, זאָלסט נישט פאַרגעסן אַז דיין טאַטע איז אויף דעם פּלאַץ אומגעקומען אָדער אויסגעגאַנגען פון דערשעפּונג.״

כ׳האָב דערפילט ווי דאָס הארץ פּלאַצט אין מיר, כ׳האָב זיך געשטאַרקט און מיטן גאַנצן כוח אויפגעשטעלט דעם טאַטן אויף די פיס. ער האָט זיך אין מיר אָנגעלענט און מיר האָבן געשטעלט שווערע טריט. ווען ער איז זיך אַ ביסל צעגאַנגען, איז ער ביסלעכווייז געקומען צו זיך. מיר זענען געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט.

אינדערפרי האָבן מיר אויפן וועג געטראָפן צוויי באַוואָפנטע דייטשישע זעלנער. אין גרויס שרעק בין איך מיטן טאַטן אַריין צווישן די זאַנגען תבואה. אַז די דייטשן זענען שוין פון אונדזערע אויגן פאַרשוווּנדן, האָבן מיר צווישן די געדיכטע זאַנגען זיך פאַרלוירן. איך האָב דעם טאַטן גערופן הויך אויפן קול אָבער קיין ענטפער נישט געהערט. איך האָב אַרומגעזוכט דעם טאַטן איבערן גאַנצן וועג. באַלד האָב איך ווידער דערזען צוויי באַוואָפנטע דייטשן בין איך נעבן זיי אַדורכגעגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. די דייטשן האָבן זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט. אין דעם מאָמענט האָב איך דערהערט אַ שאָס און אויך אַ געשריי: „געוואַלט״! מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי האָבן דעם טאַטן דערשאָסן.

איך האָב אָנגעהויבן לויפן וואָס ווייטער פון דעם אָרט; נישט זייענדיק זיכער אויב דער טאַטע איז טאַקע דערשאָסן געוואָרן, בין איך געגאַנגען צום סאָקאָלאָווער בית־עולם. איך האָב געדענקט דעם טאַטנס אָנזאָג, אַז אויב מיר וועלן זיך פאַרלירן, זאָל מען זיך זוכן אויפן סאָקאָלאָווער בית־עולם.

זייענדיק שוין נישט ווייט פון סאָקאָלאָווער בית־עולם, האָב איך באַגעגנט צוויי פּויערים, דערקענענדיק אַז איך בין אַ יידישקע, האָבן זיי צו מיר געזאָגט, איך זאָל פון דעם אָרט אַנטלויפן מחמת דער גאַנצער געגנט ארום איז פיל מיט דייטשיש מיליטער. בין איך פון דאָרט אַוועק און געגאַנגען צום דאָרף ריפּקי.

קומנדיק אויפן אָרט, האָב איך אָנגעטראָפן דעם גאַנצן פּראָנט און שוין נישט געקאָנט אין ערגעץ גיין. די דייטשן פרעגן מיך, וווּהין איך גיי, און איך האָב זיי געענטפערט, אַז איך גיי צו מיר אין שטוב. האָבן זיי מיר געראַטן אַז איך זאָל ווייטער נישט גיין, ווייל דאָרט זענען שוין די רוסן. בין איך צוריקגעגאַנגען אַ שטיקל וועג און אריין אין אַ פּויערישע כאַטע, און ביי די פּויערטע געבעטן אַ שטיקל ברויט. זי האָט מיר געגעבן אַ גאַנצן לאַבן ברויט. אָפּגייענדיק עטלעכע כאַטעס, כדי צו זיין וואָס ווייטער פונם מיליטער, האָב איך געזען זיצן אַ יונגע קריסטן מיט דריי קליינע קינדער. די קריסטן האָט ביטער געוויינט, פרעגנדיק זי פאַר וואָס זי וויינט, האָט זי מיר דערציילט, אַז היות ווי אירע פעלדער ליגן ווייט פון איר דאָרף,

איז איר מאַן מיט אַ זון געבליבן דאָרט ביי די רוסן און אַזוי אַרום איז זי מיט די קינדער צעשייד געוואָרן פון דער פאַמיליע. איך האָב איר צוגע־רעדט, אַז זי זאָל בלייבן מיט מיר. זי האָט מיך געפאָלגט. איך האָב איר אָוועקגעגעבן אַ האַלבן לאַבן ברויט. שפּעטער זענען די דייטשן אַנטלאָפן און די רוסן זענען אַריין מיט אַ שטורם.

אַז איך בין שוין געווען פריי, בין איך קודם געגאַנגען קיין סקרישעוו זוכן דעם טאַטן. איך האָב דאָרטן געטראָפן פינף ייִדן. די ייִדן האָבן פון טאַטן נישט געהאַט קיין ידיעה. איך האָב שוין געהאַלטן דעם טאַטן פאַר אַ פאַרלוירענעם. מיט צוויי טעג שפּעטער בין איך געגאַנגען אין נאָענטן, פריצישן הויף מיט דער האָפנונג אפשר דאָרט צו געפינען דעם טאַטן. אויפן וועג האָב איך באַגעגנט עטלעכע פויערים. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז זיי האָבן ערשט געזען מיין טאַטן. איך האָב קוים געגלויב.ט

קומענדיק אין פּריצישן הויף, האָב איך געזען זיצן אַן אַלטן, שטאַרק אָפּגעריסענעם מענטש, וועלכער האָט זיך מיר ארויסגעוויזן צו זיין ענלעך צו מיין טאַטן. אָבער ס'האָט זיך מיר אַלץ נישט געוואָלט צוגלויבן, אַז דאָס איז טאַקע מיין טאַטע.

אַז דער טאַטע האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן, האָב איך גענומען שרייען, ווי נישט מיט מיין קול: „טאַטע! טאַטע!״

מיר האָבן ביידע געחלשט.

קומנדיק אַ ביסל צו זיך, האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פוילן.

און אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין ישראל.

גדליה ווישני
(נס־ציונה)

# אין כישוף־ראָד פון געפאַרן

בעת די דייטשע יידן־אַקציעס, בין איך מיט מיין קוזין, יוסף ווישני, וועלכער געפינט זיך איצט אין פראנקרייך, געגאַנגען זיך איסבאהאלטן אין א שטאל, דער באַלעבאָס, אַן אַלטער ייד, האָט דעם שטאַל פארמאכט אוז מיר זענען דאָרט אָפּגעלעגן אַ גאנצע נאַכט. דורך דער נאַכט האָט מען געהערט ווי מען פירט די געכאַפּטע יידן. פאַרטאָג איז דער באַלעבאָס צו אונדז אַריין און דערציילט, אַז די דייטשישע זשאַנדאַרמעריע אליין וועט די קומענדיקע נאַכט אַריין אין געטאָ און גוט אַרומזוכן די אויסבאַהאַלטענע יידן.

איך מיט מיין קוזין האָבן באַשלאָסן, אַז מיר טאָרן לענגער נישט וואַרטן און מוזן אַריבער די הויכע דראָטן פונם געטאָ. עס איז אונדז טאַקע געלונגען אַריבערצושפּרינגען און מיר זענען אַריינגעלאפן אין אַ דאָרף, בערך צוואַנציק קילאָמעטער פונעם געטאָ.

היות ווי מיר ביידע זענען געווען בלאנדע, האָבן די דורכגייענדיקע דייטשן און אפילו די פּויערים, אונדז נישט אָנגענומען פאַר יידן. מיר זענען אַריין צו אַ פּויער, וועלכער האָט תמיד געהאַנדלט מיט מיין פאָטער. דער פּויער האָט מיך דערקענט און אונדז ביידע געגעבן עסן. באַלד זענען מיר פון דאָרט אַריין אין אַ צווייטן דאָרף — צו אַ פּויער וועלכער האָט אַמאָל ביי מיין פאָטער געאַרבעט. דער פּויער האָט אונדז אַוועקגעשטעלט ברויט און מילך און אויסגעפרעגט ווי אַזוי ס'לעבט זיך מיינע עלטערן אין געטאָ. פּלוצים האָט זיך געהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ אין דער טיר. אַז דער פּויער האָט געעפנט די טיר איז אַריינגעגאַנגען אַ צעיושעטער, נישט באַוואָפנטער דייטשער זעלנער, דער זעלנער האָט דעם פּויער אָפּגעמאָסטן מיט אַ שאַרפן בליק און געפרעגט, ווו ס'זענען די צוויי יידן, וועלכע האָבן זיך פאַר זיין כאַטע ארומגעדרייט.

דער פּויער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, אז דאָס לשון איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרן. אָריענטירנדיק זיך אין דעם געשעענעם מצב, האָב איך פאַרן פּויער דרייסט געענטפערט „מיר האָבן דאָ נישט געזעען קיין יידן".

„ווער איז דער באַלעבאָס?" — האָט דער דייטש שטרענג געפרעגט.

„איך" — האָט דער פּויער געענטפערט מיט אַ ציטערדיקער שטימע.

„זאָג, ווו זענען די צוויי יידן?!" — האָט דער דייטש אַ געשריי געטאָן.

דער פּויער האָט מיט שרעק געקוקט אויפן דייטש און אויף אונדז,

טראַכטענדיק אַז דער דייטש וועט זיך פון זיינע בליקן אָנשטויסן, ווער מיר זענען.

„זענען דאָס די יידן? — האָט דער דייטש אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף אונדז ביידע.

דער דייטש איז צוגעלאָפן צו מיין קוזין און אים דערלאַנגט אַ הילכיקן פּאַטש. דערנאָך דאָס זעלבע צו מיר — און באַפוילן מיט אים מיטצוגיין צום סאָלטיס.

מיר זענען געגאַנגען פאָרויס און דער דייטש איז אונדז נאָכגעגאַנגען. מיר האָבן געשפּרייזט מיט גיכע טריט, מורא האָבנדיק אַז ער וועט אונדז נאָך קאָפּען מיט זיינע שטיוול. דערווייל איז מיין קוזין געלונגען צו אַנטלויפן, דער דייטש האָט געקריצט מיט די ציין און געזאָגט צו מיר, אַז איך וועל שוין באַצאָלן מיטן קאָפּ פאר אים אויך — ער האָט מיך אַריינגעפירט צום סאָלטיס. דאָרט האָט ער זיך אויסגעטון דעם שינעל כדי עס זאָל אים זיין לייכטער, מיך צו שלאָגן. און באַלד האָט ער מיך שטאַרק צעשלאָגן און דערביי מיר אויסגעהאַקט עטלעכע ציין. איך האָב געחלשט עטלעכע מאָל און ווען מען האָט מיך דערמונטערט, האָב איך געזען אַז מיינע הענט און פּנים זענען באַגאָסן מיט בלוט. דער דייטש האָט מיך געפירט צו זיין וואַד־פּאָסטן.

גייענדיק פאָרויס מיטן דייטש, האָט ער זיך מיט מיר דערווייל אָפּגעשטעלט אין אַ הויף פון אַ פּויערישע כאַטע און אָנגעהויבן שמועסן מיט אַ פּויער. דער דייטש האָט פון מיר נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, כדי איך זאָל פון אים נישט אַנטלויפן.

פונדערווייטנס האָבן זיך אויסגעשטעלט קליינע שקצים און צו מיר גערעדט:

„זשידקו, אַנטלויף ווייל מען וועט דיך הרגענען!"

נישט געקוקט וואָס איך בין געווען דערשעפּט פון די קלעפּ וואָס איך האָב געקראָגן, האָב איך באַגריפן אין וואָס פאַר אַ גרויס געפאַר איך געפין זיך, און נישט ווויסנדיק אַליין מיט וועלכן כוח, האָב איך גענומען גיך פון אים אַנטלויפן.

דער דייטש האָט מיך אָנגעהויבן נאָכיאָגן. צו מיין גליק בין איך געלאָפן גיכער פון אים און צוגעקומען צו אַ בריקל פון אַ ליידיקן טיפן גרוב. איך בין אַריבערגעלאָפן דאָס בריקל, אָבער דער דייטש האָט, ווייזט אויס, עס נישט באַמערקט, ווייל ער איז אַריין אין גרוב.

אַריבערגייענדיק דעם טיפן גרוב, האָט דער דייטש מיך ווידער דערזען לויפן און מיך ווייטער גענומען נאָכיאָגן. אויסדרייענדיק אַ ווײַלע דעם קאָפּ, האָב איך געזען ווי דער צעיושעטער דייטש וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם שינעל און יאָגט מיך ווי אַ טייוול.

עפּעס אַ געהיימער כוח האָט מיך געטריבן אַזוי צו לויפן, אַז איך

בין אים אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון זיינע אויגן. איך בין אַריין אין דאָרף צום באַקאַנטן פויער ווירזאָוו. דער פויער האָט מיר געגעבן עסן, און איך האָב אים דערציילט וועגן אַלעם.

היות ווי דער דייטש האָט געהאַט צוגענומען מיין דאָקומענט, האָב איך מורא געקריגן, אַז ער וועט וועגן דעם צעווייסן געבן דער זשאַנדאַרמעריע אין סאָקאָלאָוו און אַזוי אַרום נעמען נקמה אין מיינע עלטערן. איך האָב באַשלאָסן דאָ אפילו נישט איבערצונעכטיקן און צוריקגיין אין געטאָ.

ס'איז געווען זייער אַ פינצטערע נאַכט און איך האָב אפילו נישט געזען דעם וועג צו גיין. דאָך בין איך אָנגעקומען צו אַ וואַנט פונעם געטאָ־מויער און אַהין אַריבערגעשפּרינגען. איך בין אַריין אין דעם ערשטן הייזל און אָנגעקלאַפּט; מען האָט מיר געעפנט די טיר. דער דערשראָקענער ייד האָט מיר אויסגעבעט אַ געלעגער און איך האָב זיך געלייגט שלאָפן. פלוצים האָט מען אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. דאָס בלוט איז אונדז אַלעמען שיער נישט געגליווערט געוואָרן. נאָר באַלד האָט מען געהערט אַ באַקאַנט קול, דאָס איז געווען מיין קוזין יוסף פּיעקאַרסקי, וועלכער איז אָקאָרשט אויך פון ערגעץ אָנגעקומען.

צו מאָרגנס אינדערפרי האָב איך מורא געהאַט אַהיימצוגיין און אַרויסגערופן אהער מיינע עלטערן. זענען זיי באַלד געגאַנגען צום יידן־ראַט און געבעטן הילף פאַר מיר. דער יידן־ראַט האָט מיך אַריינגעשטעלט אין דער רשימה פון די אַוועקגעשיקטע אויף אַרבעט. איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן נישט אין אונדזער הויז און דאָרט באַקומען אַ לונגען־אָנצינדונג און לאַנג געלעגן אין בעט.

ווען ס'איז נישט געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן, האָט מען געכאַפּט און אָפּגעשיקט אויף פאַרשידענע פלעצער, אַזוי, אַז מיר אין געטאָ האָבן נישט געהאַט קיין שום ידיעות וואָס מיט די מענטשן געשעט.

אין יאָר 1942, מוצאי יום כיפור, האָט זיך אין סאָקאָלאָוו אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון געטאָ. צומאָרגנס פאַרטאָג האָבן די דייטשן, וועלנדיק אָנוואַרפן אַ שרעק אויף די יידן, אַרומגערינגלט די געטאָ און באַשאָסן. בערך פופצן הונדערט מענטשן זענען פון דער מוראדיקער שיסעריי דערהרגעט געוואָרן. דערנאָך זענען זיי אַריין אין געטאָ אין אַ גרויסע צאָל, באַזעצט די הייזער און אַרויסגעשלעפּט יידן פון דער באַהעלטעניש. מען האָט זיי מיט אויטאָס אָפּגעשיקט צו דער באַן. נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט דורכגענישטערט יעדעס ווינקעלע, האָבן זיי איבערגעלאָזט אויף די ערטער בערך אַ צוויי הונדערט יידן, כדי זיי זאָלן קובר זיין די הויפנס דערשאָסענע, ווי אויך אויסצופירן אַנדערע ארבעטן.

די איבערגעבליבענע יידן, בלויז מענער, האָט מען באַזעצט אויפן קליינעם מאַרק, מען האָט זיי דאָרט געהאַלטן פינף וואָכן.

איינמאָל איז דער געטאָ־קאָמענדאַנט (דער פּאָזנאַנטשיק) אַריינגעקו־

מען איבּם קליינעם מארק און באַפוילן אַז די אַלע פאַרבליבענע זאָלן זיך פאַרזאַמלען אין שול־הויף, כדי זיי געבוי צו ציילן. ווען די יידן זענען אהין געקומען, האָבן די ס. ס. פון טרעבלינקע שוין אויף זיי געוואַרט. זיי האָבן די יידן אַריינגעטריבן אין די פּאָר זיי צוגעגרייטע אויטאָס און אָפּגע־פירט קיין טרעבלינקע. די וועלכע האָבן געפּרוווט צו אַנטלויפן, זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

געלונגען צו אַנטלויפן פון דער לעצטער אַקציע איז מיין קוזין יוסף פּיעקאַרסקי, ווי אויך צוויי זין פון אברהם פּערלע — איצל און גדליה.

---

נאָך אײדער די אַקציע קיין טרעבלינקע איז פאָרגעקומען, האָבן יידן זיך געבעטן ביי באַקאַנטע פּריצים, אַז זיי זאָלן פועלן ביי די דייטשן אַז מען זאָל פאַר זיי צושטעלן אַרבעטער פון געטאָ. די פּריצים האָבן עס אויס־געפועלט. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער פּריץ האָט זיך געהאַט זיינע יידן.

אויך איך בין אַריינגעפאַלן צו דעם באַקאַנטן פּריץ טאַדעוש כראַש־טשאַקאָווסקי, וועלכער האָט געהאַט זיין הויף נעבן דאָרף סקרישעוו.* אין דעם הויף זענען מיר געווען בערך פופציק יידן. מיר האָבן דאָרט געהערט וואָס ס'האָט פּאַסירט בעת דער לעצטער אַקציע פון סאָקאָלאָווער געטאָ. אין דעם הויף זענען מיר פאַרבליבן ביז סוף דעצעמבער 1942. דערנאָך איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די אַלע יידן, וואָס געפינען זיך אויף די אַרבעטס־פּלע־צער, דאַרפן אַריבער אין די געטאָס פון שעדלעץ אָדער קאָסאָוו. די יידן פון מיין הויף האָבן באַשלאָסן צו גיין קיין שעדלעץ.

אונדזער פּריץ האָט געבעטן די דייטשן אַז זיי זאָלן פאַרלענגערן דעם טערמין פון זיינע אַרבעטס־מענטשן, אָבער די דייטשן האָבן דערפון נישט געוואָלט הערן. לסוף האָט דער פּריץ געפועלט אַז דריי יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים מאַכן שינדלען צום דאַך, זאָלן ביי אים בלייבן אויף נאָך צוויי וואָכן. פאַרשטייענדיק אַז דאָס פאַרבלייבן די פופצן טעג איז פול מיט געפאַר, האָבן מיר, די דריי יידן, זיך באַראַטן מיטן פּריץ ווי אַזוי צו האַנדלען. דער פּריץ האָט אונדז געראַטן, אַז מיר זאָלן שוין אַנטלויפן, ווייל די דייטשן וועלן זיכער קומען און אונדז דערשיסן.

מיר האָבן זיך געגרייט צום אַוועקגיין. האָט דער פּריץ באַפוילן איי־נעם פון זיינע פאַראָבקעס, אַז ער זאָל אונדז אָפּפירן מיט אַ פור קיין קאָסאָוו, אָפּפאָרנדיק אַ העלפט וועג. האָבן מיר אונטערגעקויפט דעם פאַראָבעק און ער האָט אונדז אַראָפּגעלאָזט נעבן אַ וועלדל, מיר זענען אַריין טיפער אין קורטשעווער וואַלד, דאָרט האָבן מיר באַגעגנט פופצן יידן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער. מיר זענען מיט זיי געבליבן.

מיט צוויי טעג שפּעטער, איז צו אונדז געקומען אַ סאָקאָלאָווער יונ־גערמאַן און אונדז דערציילט, אַז ער איז געווען אויסבאהאלטן מיט נאָך פיר יידן אויף דער צווייטער זייט פון וואַלד. פלוצים איז צו זיי געקומען

אַ באַנדע רוסישע געפאַנגענע, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון זייערע ערטער, און ארומגעוואַנדערט אין דעם וואַלד. די באַנדע איז באַפאַלן די יידן, צוגערויבט אלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט און דערנאָך זיך אויף זיי געוואָרפן מיט העק און אַנדערע שווערע מכשירים און אַוועקגעלייגט טויט די פיר יידן. דער יונגערמאַן איז שוין ביי אונדז פאַרבליבן.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט אז די גאַנצע באַנדע זענען צוגעקומען צו אונדזער בונקער. זעענדיק ביי אונדז אַ גרויסע גרופּע, האָבן זיי געזאָגט אַז מיר טוען גוט וואָס מיר באַהאַלטן זיך אויס אין די וועלדער.

אַז די באַנדע, בערך זעקס פערזאָן, זענען פון אונדז אַוועק; האָבן מיר באַשלאָסן אַז מן הסתם זענען זיי געגאַנגען רופן נאָך רוסן — מיר האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז מיר וועלן נישט גיין אַלע צוואַנציק יידן צוזאַמען, נאָר גרופּנווייז. מיר האָבן זיך געזעגנט און צעוויינט הויך אויפן קול — ווען מיר האָבן זיך גענומען פונאנדערגיין, זענען פלוצים פון די קזשאַקעס אַרויסגעלאָפן אַ גרעסערע גרופּע רוסן מיט העק און שטיקער אייזן אין די הענט און אונדז באַפאַלן. פון אונדזער גרופּע זענען באַלד געפאַלן צוויי מענער. איינער פון זיי איז געווען שלמה קאָוואַלטשיק, וועלכער איז מיט צוויי טעג פריער אַנטלאָפן פון צוג, וואָס האָט אים געפירט קיין טרעבלינקע.

ס׳איז אויסגעבראָכן אַ קאַמף. אייניקע פון אונדזער גרופּע זענען זיך צעלאָפן. שמואל סטאָצקי האָט דערלאַנגט מיט אַ האַק אַ רוס איבערן קאָפּ. אַז איך האָט געזעען ווי אַ צווייטער רוס הויבט אויף זיין האַק כדי זיך צו וואַרפן אויף שמואלן, האָב איך בליץ שנעל די האַק פון אים אַרויסגעכאַפּט. די רוסן, זעענדיק אונדזער ווידערשטאַנד, האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר אונדז און אַנטלויפן.

מיר זענען געגאַנגען מיטן „וועג“ פון וואַלד אַרויס. די רוסן זענען ווידער פון ערגעץ אויסגעוואַקסן און באַפאַלן דריי יידישע פרויען און אַ זעכצען יעריק יינגל. איינער פון זיי האָט מיט אַ שטיק אייזן דערלאַנגט אַ קלאַפּ איבערן יינגלס קאָפּ און ער איז אויפן אָרט געפאַלן אַ טויטער. דערנאָך האָבן זיי גענומען נאָכיאָגן די דריי פרויען, וועלכע זענען געלאָפן אָן אָטעם. און ווען זיי האָבן זיי נישט געקאָנט דעריאָגן, האָבן זיי זיך גענומען כאַפּן צו מיר. איך האָב זיך געשיצט מיט אַ שאַרפע האַק אין האַנט. האַלטנדיק אין דער צווייטער האַנט אַ פּעקעלע וועש, האָב איך עס אַוועקגעשליידערט. די רוסן, אַ פּנים מיינענדיק אַז אין דעם פּעקל געפינט זיך אַן אוצר, האָבן זיי מיך צערו געלאָזט און זיך געוואָרפן אויפצוהויבן דאָס פּעקל. איך האָב אויסגענוצט דעם מאָמענט און אַנטלאָפן טיפער אין וואַלד אַריין.

לויפנדיק אינם וואַלד, האָב איך אָנגעיאָגט די חברים נתן גוויאַזדע און יואל שפּאַדעל, וועלכער איז מיט אַ צייט שפּעטער אומגעקומען. אין גרעסטן געפאַר האָבן מיר זיך דערשלאָגן אין דעם פּריצישן הויף קאַרסק. מחמת

ס׳איז צו אונדז דערגאַנגען אַ ידיעה אַז דאָרט באַהאַלטן זיך אויס יידן.

דער נאַכט־וועכטער האָט זיך פאַר אונדז מודה געווען, אַז ער באַהאַלט אויס יידן, און, פאַר געלט וואָס מיר האָבן אים געגעבן, האָט ער אונדז אַריינגעלאָזט צו די יידן.

נאָכן אָפּזיצן דאָרט אַ מעת לעת, האָב איך פאַרלאָזט די חברים און זיך געלאָזט זוכן די פון וואַלד צעלאָפענע יידן. גייענדיק אויף אַ פעלד, האָב איך געזען שטיין א שייער אויף אַ ליידיקן שטח. שטייענדיק שוין ביים שייער האָב איך מיט שרעק געפרעגט אויף פויליש, צו ס׳געפינען זיך דאָרט יידן, קיינער האָט נישט געענטפערט. האָב איך דאָס זעלבע געפרעגט אויף יידיש און באַלד געזען ווי די פריער אַנטלאָפענע חברה קריכן אַרויס פון זייער באַהעלטעניש.

איך בין געבליבן מיט זיי. אין דערזעלבער נאַכט, שלאָפנדיק האָסטיק אויף אַ בינט שטרוי, האָט זיך מיר געחלומט, ווי מיינע עלטערן און צוויי ברודער וועלכע זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע, זעצן זיך צו ביי מיינע פוס און שרייען, אַז איך זאָל נישט וואַרטן ביז עס וועט טאָג ווערן, נאָר שוין פון דאַנען אַנטלויפן.

אויפכאַפנדיק זיך, האָב איך אין דער פינצטערניש דערציילט דעם חלום פאַר די חברים. כמעט אַלע האָבן געהאַלטן אַז דער חלום האָט אַ באַדייט און מען דאַרף שוין אוועק פון דעם אָרט. מיר זענען גלייך אַוועק און אָנגעקומען אין דאַרף קרישעוו.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער, ווען איך האָב זיך אומגעקערט אויף דעם אָרט צו בעטן ברויט, האָט דער נאַכט־וועכטער מיר דערציילט, אַז ווען מיר זענען אַוועק פון אים, זענען אָנגעקומען באַוואָפנטע דייטשן און גלייך אַריין אין שייער זוכן.

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך דורך אַ באַקאַנטן גוי זיך דערוווּסט, ווי מיין קוזין געפינט זיך. מיר האָבן זיך געטראָפן. איך האָב מיט מיין קוזין זיך אַרומגעוואַלגערט עטלעכע חדשים, ווי געטאָגט דאָרט נישט גענעכטיגט, ביז ראובן מיעדזאָווסקי, וועלכער איז געווען אויסבאַהאַלטן ביי אַ גוי, האָט זיך דערוווּסט אַז איך לעב. ראובן האָט געבעטן דעם גוי זיינעם אַז ער זאָל מיך אָפּזוכן. און אַזוי אַרום בין איך מיטן קוזין אַריינגעקומען אין דיין „קריאָוקע" מיר זענען דאָרט געווען פינף יידן.

איינמאָל ביינאַכט, ווען מיר זענען געשלאָפן אין דעם פינצטערן גרוב, האָבן מיר געהערט ווי מען קלאַפּט שטאַרק אין פענצטער פון אונדזער בעל־הבית׳ס הייזקע.

„ווער קלאַפּט?" — האָט די בעל־הביתטע געפרעגט מיט אַ געבראָכן קול.

„עפן אויף, ווייל ביי דיר זענען פאַראַן יידן! — האָט זיך ווער געענטפערט אויף פויליש — עפן אויף דעם שייער, ווייל מיר ווייסן אַז די באַהאַלטסט דאָרט אויס יידן!"

די בעל הביתטע איז ארויס אינדרויסן און געעפנט דעם שייער. אַ כאָפּ־טע שקצים זענען אַריינגעלאָפן אינ׳ם שייער, צעוואָרפן די בינטן שטרוי, גע־קלאַפּט אין באָדן און געשטאָכן מיט די צייגער פון די ווידלעס אין די ערטער ווו זיי האָבן געהאַט אַ חשד. פון אונדזער „קריאָווקע״, אין דעם טיפן גרוב וואָס האָט זיך געפינען אין שטוב, האָבן זיי נישט געוווּסט.

און דאָרט טאַקע זענען מיר שוין פאַרבליבן ביז נאָך דער באַפרייונג.

פאלא שווארץ
(תל־אביב)

# אויף דער אַרישער זייט

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין סאָקאָלאָוו, איז מיין פאָטער אהרן וואַנס געווען אַ פעלדשער אין „שראָדעק זדראָוויאַ". די דייטשן האָבן איבגעמאַטערט, ער זאָל אויסזאָגן, ווו עס געפינט זיך נאָך געווער, מחמת מען האָט דאָרט געטראָפן אַ האַנט־גראַנאַט, וואָס דאָס אָפּטרעטנדיקע פוילישע מיליטער האָט איבערגעלאָזט. און היות ווי דער טאַטע האָט נישט געוווסט וואָס צו זאָגן, האָבן זיי אים אַרעסטירט און צוזאַמען מיט נאָך פלעניקעס, יעוגעץ אָפּגעפירט. מיר האָבן נישט גערוט, און אַ דאַנק געוויסע אָנגעזעענע פאָליאַקן, וועלכע האָבן דעם טאַטן תמיד ליב געהאַט, האָבן די דייטשן אים באַפרייט.

איינמאָל זענען די דייטשן אַריין אין פאָטאָ־אַטעליר, וואָס האָט געהערט צו מיין ברודער משה, און דאָרט אַדורכגעפירט אַ רעוויזיע. פאַר כעס וואָס זיי האָבן גאָרנישט געפונען — מחמת מיין ברודער האָט די פאָטאָ־אַפּאַראַטן נאָך פריער אַרויסגעפירט, האָבן זיי גענומען רעקוויזירן אַלץ וואָס איז זיי אונטערגעקומען ווערטפולעס אין די הענט. איך האָב דעמאָלט אַוועקגעשטעלט פלעשער משקה אויפן טיש און געפרווט זיי פאַרעדן — די משקה האָט די ס.ס.־מענער געלאָקט און זיי האָבן אָנגעהויבן אַריינגיסן אין די גלעזלעך, וואָס איך האָב פאַר זיי אַוועקגעשטעלט.

איין ס.ס.־מאַן האָט מיר דערלאַנגט זיין גלעזל משקה און מיך געהייסן פריער טרינקען. אַז זיי האָבן שוין געטרינקען, בין איך צו זיי צוגעשאַנען און געבעטן, זיי זאָלן אונדז צורו לאָזן. איך ווייס נישט צי מיין בעטן זיך ביי זיי וואָלט געווען געווירקט, ווען נישט דער פאָלגנדיקער פאַל: מיין מוטערס אַ שוועסטער האָט געהאַט אַ באַקאַנטע אין ווארשע מיטן נאָמען פעטערסבורסקאַ. איז פרוי פעטערסבורסקעס אַ זון, אַ מוזיקער אַנטלאָפן פון וואַרשע קיין רוסלאַנד. דורכפאָרנדיק ספּעציעל סאָקאָלאָוו, איז ער געקומען צו אונדז איבערגעבן אַ גרוס פון זיין מוטער. ווען די ס.ס.־מענער האָבן געוואָלט צורויבן ביי אונדז די אַלע ווערטפולע זאַכן, איז דער מוזיקער געווען ביי אונדז אין שטוב. ער האָט אין אַ פליסיקן דייטש גענומען זיך פונאַנדערשמועסן מיט די ס.ס.־מענער און זיי דערציילט, אַז ער האָט לאַנג געוווינט אין בערלין און דאָרט געשפּילט אין דער דייטשישער אָפּערעטע. די ס.ס.־מענער, בערלינער, האָבן אים אָנגעהויבן אויספרעגן גענויע פרטים. היות ווי ער האָט זיי געזאָגט אפילו דעם נאָמען פון דער גאַס, ווו דאָס טעאַטער האָט זיך געפונען, האָבן זיי אים געגלויבט

און אַ דאַנק דעם ביי אונדז גאָרנישט צוגענומען.

מייַן פאָטער איז צוזאַמען מיט דעם מוזיקער פּעטערסבורסקי אַוועק קיין פּעמיאַטיטש אויף דער סאָוויעטישער זייט, און נאָך צוויי חדשים צוריקגעקומען קיין סאָקאָלאָוו.

באַלד דערנאָך האָבן די דייטשן געשאַפן די געטאָ. מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן אונדזער שיינע וווינונג און אַריין אינעם געטאָ. היות ווי דער טאַטע איז געזוען באַליבט ביי די פּאָליאַקן, האָבן די דייטשן באַפוילן אַז מען זאָל פאַר אונדז אָפּגעבן אַ בעסערע וווינונג. דער טאַטע איז אינעם געטאָ אויך געווען פעלדשער און געראַטעוועט מענטשן אָן שום באַלוינונג.

ווען די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט דעם יודנראַט, האָבן אַלע פאַרלאַנגט אַז דער טאַטע זאָל ווערן דער „יודן־עלטסטער“, אָבער ער איז דערצו נישט מסכים געווען. היות נחום לעווין האָט זיך געריסן צו דעם דאָזיקן אַמט, האָט דער טאַטע אים רעקאָמענדירט, און ער איז טאַקע פאַרבליבן אַלס „יודן־עלטסטער“ ביז צו דער ליקווידאַציע.

אין שטשעגלאטשין, בערך אַכטצן קילאָמעטער פון סאָקאָלאָוו, האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט אַ לאַגער, און דאָרט אַריבערגעפירט עטלעכע הונדערט יידן פון סאָקאָלאָווער געטאָ. אויך מיינע עלטערן זענען דאָרט אַריינגעפאַלן. אין ערב יום־כּיפּור האָט מיין פאָטער די מאַמען איבערגעלאָזט אויפן אָרט, און זיך אַריינגעריסן קיין סאָקאָלאָוו.

ווען די דייטשן האָבן ביי דער לעצטער ליקווידאַציע שטאַרק באַשאָסן די געטאָ, בין איך מיטן טאַטן און מיט מיין מאַן אברהמ׳טשע זיידענבערג אַריין אין אַ בונקער — אין דעם זעלבן הויז, ווו מיר האָבן געוווינט. מיר זענען דאָרט פאַרבליבן עטלעכע טעג. דערנאָך זענען מיר פון דאָרט אַרויס און זיך געלאָזן גיין אין דער פינצטערער נאַכט קיין גרודעק — אָן אַרבעטספלאַץ ביי פּריצים.

זייענדיק דאָרט מיט אונדז עטלעכע טעג, האָט עס דעם טאַטן נישט געלאָזט רוען, און ער איז צוריקגעגאַנגען צו דער מאַמען קיין שטשעגלאטשין. מיט אַ חודש שפּעטער איז אויך געקומען די ליקווידאַציע אין שטשעגלאַטשין און ביי די מוראַדיקע שיסערייען זענען מסתמא אויך מיינע עלטערן אומגעקומען.

איינמאָל האָבן די דייטשן צעקלעפּט פּלאַקאַטן, אַז די יידן וואָס זענען נאָך ערגעץ פאַרשטעקט זאָלן קומען פרייוויליק זיך מעלדן, און דערפאַר וועלן פאַר זיי געגעבן ווערן וווינונגען און אַרבעט. האָב איך מיט מיין מאַן זיך נישט צוגעשטעלט, ווי ס׳האָבן עס געטון אַנדערע יידן, נאָר זיך צוריק אַריינבאַקומען קיין סאָקאָלאָוו. אַ באַקאַנטער פּאָליאַק האָט פאַר אַ גרויסע סומען געלט אויסגעאַרבעט פאַר אונדז ביידע אַרישע דאָקומענטן. אויף מיין דאָקומענט האָב איך זיך גערופן יאַנינאַ גלאָווינסקאַ און מיין מאַן — יוזעף קאָזשעדאַצקי. מיר זענען באַלד אַוועק קיין וואַרשע און אַרומגעזוכט אַ וווי־

נונג. דאָס איז אונדז זייער שווער אָנגעקומען. פּלוצעם האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ קריסטין אויף בראַדנאַ־גאַס, וועלכע האָט געהאַט אַ שוועסטער אין סאָקאָלאָוו. פאַר געלט איז זי גרייט געווען מיך אַריינצונעמען אויף אַרמעט. איך האָב ביי איר קוים געפּועלט, זי זאָל אויך אַריינצונעמען מיין מאַן. ליידער האָבן מיר דאָרט נישט געקאָנט לאַנג פאַרבלייבן, מחמת די שכנים האָבן אונדז דערקענט אַלס יידן. אונדזער באַלעבאָסטע האָט אונדז פאַרשאַפט אַ צווייט אָרט אין פּראַגע. דאָס איז געווען אין יאָר 1943.

אויף דעם נייעם אָרט האָבן מיר זייער געליטן. מען האָט פון אונדז געהאַלטן אין איין ציען געלט. דערווייל האָב איך פאַרשוואַנגערט און דאָרט געבוירן אַ קינד, אַ יינגל. אַהיימקומענדיק מיטן קינד פון קליניק, האָט די באַלעבאָסטע אונדז שוין מער נישט געלאָזט זיין ביי זיך. מיר זענען געוואָרן שטאַרק פאַרצווייפלט און נישט געוווסט וווהין צו גיין מיטן זויגלינג אויף דער האַנט. די באלעבאָסטע האָט רחמנות געקראָגן און אונדז רעקאָמאַנדירט אַ צווייטע קריסטין אין שטעטל גראָדזיסק, נעבן וואַרשע.

די פאַמיליע וויבאַרסקי אין גראָדזשיסק, האָט אונדז אָנגעטון זייער גרויסע צרות, הגם מיר האָבן זיי גוט געצאָלט, דאָס עסן איז געווען ערגער ווי פאַרן הונט. איינמאָל, אין חודש מאי 1943, איז אַ גרופּע אוקראַאינער פאָגראָמטשיקעס אַריינגעקומען צו אונדזער באַלעבאָסטע שפּילן אין קאָרטן. לכתחילה האָבן מיר נישט געוווסט ווער די פאַרשוינען זענען, נאָר מיט אַ וואָך שפּעטער האָט מען ביינאַכט שטאַרק אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון אונדזער הויז. דער באַלעבאָס איז דעמאָלט נישט געווען אינדערהיים. אויף דער פראַגע פון דער באַלעבאָסטע ווער דאָס איז, האָט מען געענטפערט אַז דאָס זענען זשאַנדאַרמעריע. די באַלעבאָסטע האָט געעפנט די טיר. אַ צעטומעלטער איז מיין מאַן געלאָפן צו דער לייטער אינעם פאָרהויז, וואָס איז געשטאַנען אָנגעלענט אויפן בוידעם. שוין שטייענדיק אויפן לייטער האָט איינער פון די באַנדע אויסגעשאָסן און אים געטראָפן אין רעכטן אָרעם. מיין מאַן, אַ פאַרוווּנדעטער, איז אַראָפּ פונעם לייטער און געבליבן שטיין. זיי זענען מיט אים אַריין אין באַלעבאָסטעס צימער. איך מיטן קינד האָבן זיך אין דעם מאָמענט געפונען אין צווייטן צימער. איך האָב געהערט ווי איינער פון דער גרופּע זשאַנדאַרמען פאָדערט שטרענג פון מיין מאַן זיין דאָקומענט. היות ווי דער דאָקומענט האָט באַשטעטיקט אַז ער איז אַ קריסט, זענען זיי מיט אים אַריין צו מיר אין צימער, מיך לעגיטימירט און געפרעגט צי איך בין זיין פרוי. איך האָב געענטפערט אַז איך קען אים אינגאַנצן נישט. זיי האָבן מיך איבערגעלאָזט און מיט מיין מאַן צוריק אַריין אין ערשטן צימער. איך האָב געהערט ווי איינער פון זיי פאָרשט אים שטרענג, צו ער קען מיך. מיין מאַן האָט געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט ווער איך בין, און אַז ער ווייסט אפילו נישט אין וואָס פאַר אַ וווינונג ער געפינט זיך, מחמת ער איז געווען שיכור און זיך אַהער אַריינגע׳גנב׳עט.

מיך האָט שטאַרק געחידושט, פאַרוואָס זיי פרעגן דאָס נישט די באַלעבאָסטע. דער עלטסטער פון די זשאַנדאַרמען האָט באַפוילן מיין מאַן אונטערצוזוכן. באַלד האָט זיך געהערט אַ שאָס און מיין מאַן איז האַסטיק אַוועקגעפאלן. אַ ציטערדיקע האָב איך אָנגעשטרענגט די אויערן און געהערט ווי זיי שלעפּן אים אַרויס אויף די גאַס. איך בין געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערט און נישט געקאָנט זיך רירן פון אָרט.

שפּעטער איז די באַלעבאָסטע אַריינגעקומען אין מיין צימער און באַפוילן, איך זאָל זיך שוין אָפּטראָגן פון איר הויז. איך האָב געפּרוּווט זי בעטן אַז זי זאָל מיך כאָטש דאָ לאָזן איבערזיצן ביז אינדערפרי, אָבער זי האָט דערפון נישט געוואָלט הערן, און מיך געשטופּט צו דער טיר. איך האָב זיך גענומען גרייטן צו פאַרלאָזן די וווינונג. מיטנעמען מיינע זאַכן, האָט די גויע מיך בשום אופן נישט געלאָזט, זי האָט דערלויבט בלויז מיטצונעמען דעם קינדס ווינדעלעך. איך האָב זיך איינגעוויקלט מיטן קינד און זיך געלאָזט אין דער פינצטערער נאַכט צום וואָקזאַל.

צוקומענדיק צו אַ באַלויכטענעם וואַגאָן מיט פּאַסאַזשירן, האָבן צוויי דייטשישע זשאַנדאַרן צו מיר אויסגעשריגן: „קאָם הער". דאָס האַרץ האָט מיר שיִער נישט געפּלאַצט פון שרעק. איך האָב זיך קוים באַהערשט און, מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, צו זיי צוגעגאַנגען. די דייטשן האָבן מיך מיטן וויינענדיקן קינד געהייסן אַריינגיין אין וואַגאָן און באַפוילן פאַר מיר אָפּגעבן אַ פּלאַץ.

אַראָפּגייענדיק פונעם הויפּט־וואָקזאַל אין וואַרשע, האָב איך געבלאָנדזשעט אָן אַ ציל. איך בין געווען אַזוי פיזיש און פּסיכיש דערשעפּט, אַז איך האָב אפילו נישט געפילט מיין קינד אויף דער האַנט. געשלעפּט זיך גאַס איין, גאַס אויס, ביז איך בין צוגעקומען צו אַ שלאַבאַן, נישט ווייט פון אַרומגעצוימטן געטאָ, נישט וויסנדיק וועגן די געפאַר. אָבער ביים שלאַ־האַן איז קיינער נישט געשטאַנען. איך בין אַריין אין אַ שטוב. דאָרט איז פאַר מיר ארויסגעוואַקסן אַן עלטערע קריסטין מיט אַ גוטמוטיק געזיכט. ז'איז געבליבן שטיין אַ דערציטערטע און פול מיט חידוש — ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז זי דערקענט מיך אַלס יידישקע. אויף דער פראַגע ווי אַזוי מ'האָט מיך אַריבערגעלאָזן דעם „שלאַבאַן", האָב איך נישט געקאָנט אַרויסברענגען אַ וואָרט פון מויל. זי האָט מיך באַטראַכט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און מיך געהייסן גיין הינטער אַ פאָרהאַנג פון אַ פינצטער קיכל. באַלד האָט זי מיר געברענגט עסן. איך האָב זיך דאָרט דערוואַרימט און אַ ביסל אויסגערוט. צומאָרגנס האָט זי מיר העלפלעך דערקלערט, אַז דער „שלאַבאַן" איז שוין ווידער נישט באַוואַכט און איך מוז אַוועק.

פון דער קריסטין האָב איך ווידער גענומען פאָרן מיט דער באַן אויף דער ליניע וואַרשע־טשענסטאָכאָוו. איך בין אויף דער ליניע געפאָרן גאַנצע וואָכן אָן איבעררייס, ווערנדיק אַזוי געשיצט נישט נאָר פון געפאַר צו ווערן

דערקענט אַלס ידישקע, נאָר אויך פון הונגער און קעלט, ווייל אויף דער באַן איז אויך געווען לייכטער זיך צו פאַרשאַפן עסן. נישט געקוקט אויף דער מידעקייט פון שטענדיקן וואַלגערן זיך אין די באַן־וואַגאָנען, וואָלט איך ווי ס׳איז אַדורך ווען מיינע האָר אויפן קאָפּ, וואָס כ׳האָב זיי אַמאָל געפאַרבט אויף בלאָנד, וואָלטן זיך וואָס אַ מאָל מער נישט געשוואַרצט און געמאַכט קענטיקער מיין ידישן אויסזען.

מיטאַמאָל האָב איך געזען ווי די פּאַסאַזשירען אין די באַן־וואַגאָנען נעמען מיך דורך מיט זייערע פאַרחידושטע אויגן, שושקען זיך איינער מיט דעם צווייטן אין די אויערן און הויבן מיט די אַקסלען. איך האָב דערפילט די געפאַר און זיך געאיילט צוצופאָרן קיין וואַרשע. געווען דעמאָלט קאַלטע טעג. איך האָב זיך געפילט שטאַרק מיד, און מורא געהאַט אַוועקצופאַלן מיטן קינד אויף דער גאַס. צופעליק האָב איך ביי אַ קריסטין זיך דערוווסט, אַז אויף דער יעראָזאָלימסקע גאַס 76, ביים סטרוזש פונעם הויז האַלטן זיך אויף הימלאָזע מענטשן. איך בין גלייך אַריין און טאַקע געטראָפן הימלאָזע אָדער פאַרשפּעטיקטע מענטשן, ווייט פון וואַרשע. איך האָב זיך דאָרט צוגעזעצט מיטן קינד אין אַ ווינקל אויף דער ערד און, אַ מידע, געדרימלט. באַלד הער איך ווי יונגע קריסטינס רעדן צווישן זיך הויך אויפן קול: „אַ ידישע צווישן אונדז!“ איך האָב אַרויסגעוויזן אַ נישט דענערווירטקייט, און, באַהערשנדיק גוט די פּוילישע שפּראַך, האָב איך זיי אָפּגעענטפערט ווי סדאַרף צו זיין. שפּעטער האָט דער סטרוזש, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון פּוילישן אונטערגרונט, מיך אַוועקגעפירט אין אַ זייט און פאַרטרוילעך געפרעגט אויב איך בין אַ ידישע. איך האָב זיך געהאלטן ביי מיינס און אים געוויזן מיין דאָקומענט.

— „ס׳וועט פאַר דיר און פאַר דיין קינד פיל בעסער זיין“ — האָט דער סטרוזש צו מיר גערעדט מיט אַ ווייכע שטימע — „ווען דו וועסט דיך פאַר מיר מודה זיין — זיי זיך מודה און איך וועל דיר באַלד העלפן. דיין קינד וועט צוליב דעם זיכער געראַטעוועט ווערן.

איך בין געוואָרן ווי פאַרשטומט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דער סטרוזש האָט מיך מער שוין גאָרנישט געפרעגט און מיר געגעבן גוט אָפּצוּעסן. דערנאָך האָט ער מיר דערקלערט, אַז דאָס קינד קאָן ער גלייך אַריינגעבן אין דעם „פינדל“־הויז אויף נאָוואָגראָדזקא גאַס 76. ער וועט שוין זאָרגן, אַז דעם קינד זאָל דאָרט גאָרנישט פעלן, און אַז נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה, וועל איך עס קאָנען צוריקאָפּנעמען. איך האָב דערצו איינגעשטימט.

ווען דאָס קינד האָט זיך שוין געפונען אין דעם „פינדל“־הויז, האָב איך אָנגעהויבן אַרומזוכן אַרבעט, און אָנגעקומען אין אַ רעסטאָראַן. אַרבעטנדיק דאָרט, האָב איך זיך דערוווסט, אַז דער איגנטימער איז גאָר אַן אוקראַינער. אין דעם רעסטאָראַן איז מען פון מיין אַרבעט געווען זייער צופרידן, אָבער צו מיין אומגליק, האָבן די געסט געוואָרפן אויף מיר פאַרשנדיקע

בליקן, אַזוי, אַז דער אייגנטימער האָט מיך איינמאָל צוגערופן, באַצאָלט וואָס מיר איז געקומען פאַר דער אַרבעט און געהייסן שוין פון דאַנען זיך אָפּצו־טראָגן.

איך האָב אַרומגעזוכט אַנדערע אַרבעט. כ׳האָב געפּרוווט צו פאַרדעקן וו ס׳איז מיינע האָר פון קאָפּ, מחמת די געפאַר האָט שוין אויף מיר געלויערט אויף יעדן שריט און טריט. איך האָב קיין אַנדערע אַרבעט אַזוי גיך נישט באַקומען. באַלד האָט מען געכאַפּט צו דער אַרבעט אויף צו ווערן אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד. אויך מיך האָט מען געכאַפּט און בין אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ברעסלאו. קומענדיק אַהין, האָט מען מיך אַריינגעגעבן צו הויז־ווירט־שאַפט ביי אַ דייטש. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דיך זון איז אַן ס.ס.־מאַן. מיר איז גראָד דאָרט נישט געווען שלעכט. נישט לאַנג דערנאָך האָט דער באַלעבאָס מיך באַפרייט פון דער אַרבעט און מיך צוריק אָפּגע־שיקט קיין פּוילן. אפשר האָט דער דייטש געהאַט אַ חשד, אַז איך בין אַ יידישקע.

איך בין אָנגעקומען קיין קראָקע און אויך דאָרט זיך געשטעלט צו הויזאַרבעט. מיט דער צייט האָבן די פּוילישע באַלעבאַטים אויסגעפונען מיין יידישן אויסזען, און מיך משלח געווען.

איך בין אַריין קיין טשענסטאָכאָוו. כ׳בין גענומען געוואָרן אויף צוויי וואָכן אַרבעט אין דער „וואָפּנשול", און דערנאָך אין דער „קאַזערנע". כ׳האָב דאָרט געהאַט גענוג צו עסן. איינמאָל האָט מען מיך אַריינגערופן אין דער קאַנצעלאַריע אויף אַן אויספאָרשונג. דאַביי האָט מען מיך אויסגעפרעגט אַלע איינצלהייטן פון מיין פאַרגאַנגענהייט. כ׳האָב פּלוצעם דערפילט די גרויסע געפאַר און פאַרשטאַנען, אַז די אַרבעטערינס, מייסטנס פאָלקס־דייטשקעס, האָבן אַוודאי אָנגערעדט אויף מיר. דער אויספאָרשער האָט מיך געהייסן צוריקגיין צו דער אַרבעט. דער אינסטינקט האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז איך טאָר נישט וואַרטן און מוז שוין פון דאַנען אַנטלויפן. איך האָב לאַנג נישט געטראַכט, אָנגעהאָנגען אויף זיך דעם מאַנטל, און צוגעגאַנגען צום וואַך־טויער. דאָרט איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער זעלנער. איך בין דרייסט פאַר אים דורכגעגאַנגען.

„וווּהין ?" — האָט ער מיך אָפּגעשטעלט.

— „כ׳דאַרף גיין עפּעס איינקויפן" — האָב איך געענטפערט מיט אַ שמייכל. ער האָט מיך געלאָזט גיין. פאַרשווונדנדיק פון זיינע אויגן, האָב איך גענומען שטעלן גיכע טריט, און זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין.

איך בין ווידער אָנגעקומען אויף אַן אַרבעטס־פּלאַץ, דאָרט בין איך קראַנק געוואָרן און אַריין אין אַ שפּיטאָל. איך בין געלעגן אין הויכע היץ און דעמאָלט אוודאי גערעדט אַזעלכע ווערטער וואָס האָבן מיך פאַראַטן. עס וואָלט זיך זיכער פאַר מיר נישט גוט פאַרענדיקט, ווען עס וואָלט נישט

אַריינגעקומען אַ פֿאָלקס־דייטש און געטענה'עט, אַז ער קען מיך. דאָס האָט געווירקט און מען האָט מיך מער נישט געטשעפּעט. דער פֿאָלקס־דייטש האָט אויף מיר געהאַט מיטלייד. ווען ער איז אַוועק, האָבן די אַנטיסעמיטקעס מיך געגעסן מיט זייערע ווילדע בליקן, אַפילו געזידלט: „פּאַרשיווע זשידוווקאַ". נאָר אַ גוטהאַרציקע קראַנקן־שוועסטער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט און מיך אַריינגעלאָזט אין אַ באַזונדער צימערל.

* * *

נאָך דער באַפרייונג בין איך געגאַנגען אָפּנעמען מיין קינד פונעם „פינדל"־הויז, וועלכעס איז ביים פוילישן אויפשטאַנד געוואָרן איבערגעפירט קיין פּרושקאָוו נעבן וואַרשע. דאָרט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַ פּאַרמעג־לעך קינדערלאָז־פּאָרפאָלק פון שטעטל גניעווקאָוו נעבן טורן האָבן מיין קינד אַדאָפּטירט. איך בין גלייך צוגעפאָרן אויף דעם אָרט. דאָס קריסטלעכע פּאָרפאָלק, אייגנטימער פון אַ קאָנדיטעריי, האָבן גאָרנישט געוואָלט הערן פון צוריקגעבן מיין קינד. מיין וויינען און בעטן זיך ביי זיי האָט גאָרנישט גע־האָלפן. ערשט נאָך אַ לאַנגער שתדלנות מצד אַנגעזעענע מענטשן און דער עיקר פאַר אַ גרויסער סומע געלט, וואָס מיין איצטיקער מאַן האָט זיי באַ־צאָלט, האָב איך ענדלעך מיין קינד אָפּגענומען.

שמעון גרינשפאן
(נס ציונה)

# אַנטלאָפן פון טרעבלינקע

שבת תשובה פון יאָר 1939 איז די היטלער־אַרמיי אַריין קיין סאָקאָ־לאָוו. נאָך אין ערשטן טאָג פון זייער אָנקום, איז אַ כאַפּטע זשאַנדאַרמעריע מיט אוקראַאינער אַריינגעפאַלן אין בית־המדרש מיט רעוואָלווערן אין די הענט. זעענדיק אַ גרויסן עולם דאַווענען, האָבן זיי אויסגעשאָסן צו די ווייַ־בערישער שול און דערהרגעט די פרוי חנה שעדלעצקי, ס׳איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע בהלה, און יידן האָבן זיך אין גרויס שרעק באַהאַלטן אין די הייַ־זער. צומאָרגנס האָט מען געכאַפּט מענער צו אַרבעט שלאָגנדיק זיי מכות רצח.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָבן די דייטשן פאַרלאָזט סאָקאָלאָוו, און ס׳האָט אַריינגעמאַרשירט די רויטע אַרמיי. אַז די דייטשן זענען אין אַ וואָך אַרום ווידער צוריקגעקומען, איז דער רוב יידן פון דער שטאָט מיטגעלאָפן מיט דער רויטער ארמיי. די דייטשן האָבן, צום ווּנדער פון די איבערגע־בליבענע יידן, זיך נישט נוקם געווען אין זיי; מען האָט זיי בלויז אויסגע־נוצט צו אַלערליי שווערע אַרבעטן.

אין יאָר 1941, באַלד נאָכדעם ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיט די רוסן, האָבן די דייטשן געשאַפן די געטאָ — זיי האָבן אויפגעשטעלט אַ יודן־ראַט מיט נחום לעווין בראש.

אין דער זעלבער צייט איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די יידן פון די אַרו־מיקע דערפער זאָלן אַריין אין סאָקאָלאָווער געטאָ. אין די יידישע הייזער איז באַלד געוואָרן זייער ענג, אַזוי אַז דער פלעק־טיפוס האָט גענומען שטאַרק בושעווען און די שטערבלעכקייט איז געוואָרן אומגעהויער.

ביז צו דער אויסזידלונג קיין טרעבלינקע האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט פון דעם יודנראַט אַ געוויסע צאָל יידן צו דער אַרבעט. דער יודנראַט איז גערן נאָכגעקומען זייער פאָדערונג, הגם מ׳האָט די יידישע אַרבעטער תמיד צעשלאָגן. צוליבן הונגער וואָס האָט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען כמעט אין יעדן יידישן הויז, האָבן זיך יידן צוגעשטעלט פרייוויליק צו אַרבעט, כאָטש מען האָט זיי נישט באַצאָלט. ערשט מיט וואָכן שפּעטער, ווען מ׳האָט זיך דערוווּסט פון די גויים, אַז די יידן פון אונדזער שכנותדיק שטעטל עסטער־דין, וועלכע זענען כלומרשט געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט קיין טרעבלינ־קע, קומען מער נישט צוריק, — האָבן מיר זיך געכאַפּט אין וואָס עס גייט

און מיר האָבן זיך מער צום רוף פונעם יודנראַט נישט געוואָלט צוהערן.

די ס.ס.־לייט האָבן באַלד געגעבן אַ שטרענגן באַפעל צום יודן־ראַט, אַז ער זאָל זיי צושטעלן דריי הונדערט מענער, אַנדערש וועט ער זיי פשוט אַרויסנעמען ביינאַכט פון די בעטן. נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָט זיך צוגעשטעלט כמעט אַ האַלבע געטאָ יוגנטלעכע מענער פון די עלטער. הונדערט צוגעשטעלטע מענער, האָבן די ס.ס.־לייט, צו אַלעמענס איבעראַשונג, נאָר אויסגעקליבן דרייסיק און זיי באַלד אָפּגעשיקט קיין טרעבלינקע אויף זעקס וואָכן אַרבעט. ווען די מענטשן האָבן זיך נאָך דעם צוגעזאָגטן טערמין נישט אומגעקערט, זענען זייערע פרויען און קינדער, טאַטעס און מאַמעס, אַריינגעלאָפן צום יודן־ראַט מיט אַ געוויין. דער יודן־ראַט האָט זיי באַרואיקט צוזאָגנדיק, אַז אין ערגסטן פאַל, וועט מען זיי מוזן אויסקויפן, און מען האָט טאַקע די יידן אויסגעקויפט פאַר אַ גרויסער סומע געלט, אָבער נישט אַלע פון זיי האָבן דערלעבט צוריק צוקומען. די צוריקגעקומענע זענען געווען האַלב־טויט — זיי האָבן דערציילט, אַז נישט ווייט פון זייער אַרבעטס־פּלאַץ, בערך אַ האַלבן קילאָמעטער, האָט מען אָן אויפהער געהערט האַרץ־רייסנדיקע געשרייען. אויך אַ פייער האָט זיך פון יענעם אָרט געריסן צום הימל. פון זייערע רייד איז געוואָרן קלאָר, אַז די קלאַנגען פון א קרעמאַטאָריום, וועגן וואָס די גויים האָבן פאַרשפּרייט, לאָזט זיך גלויבן. אין שטאָט איז אויסגעבראָכן אַ מוראדיקע בהלה.

דעם 22־טן סעפּטעמבער 1942, באַלד נאָך יום כפור איז די שטאָט פּלוצלינג געוואָרן אַרומגערינגלט מיט ס.ס. און אוקראַינער. צוערשט האָבן זיי געעפנט אַ שיסעריי און אַזוי אַרום צוזויסן געגעבן, אַז די אַקציע הויבט זיך אָן. די היטלער־מערדער האָבן באַלאַגערט די יידישע הייזער מיט אַ האָגל פון מאַשין־געווער און אַרויסגעוואָרפן קינדער פון די פענצטער. יעדן טאָג האָבן זיי געטריבן אַ טייל פרויען, מענער און קינדער — אין די גרויסע שול אַריין, און נאָכן אָפּהאַלטן זיי אַ גאַנצן טאָג, האָט מען זיי ביינאַכט אָפּגעשיקט קיין טרעבלינקע.

אַז די אַקציע האָט זיך פאַרענדיקט, איז נאָך אין געטאָ פאַרבליבן ביי אַ הונדערט יידן, בכדי זיי זאָלן קאָנען באַגראָבן די מתים וואָס זענען געפאַלן בעת די שיסערייען. מיט דריי חדשים שפּעטער, האָט מען אויך די הונדערט יידן געבראַכט קיין טרעבלינקע. פון די געקומענע האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מען האָט דעם גאַנצן יודן־ראַט אויסגעשאָסן אין געטאָ.

* * *

אין טרעבלינקע נומער 1 איז געווען אַן אַרבעטס־לאַגער — מיט געקליבענע מענטשן פון אַ האַלב לאַנד, די אַרבעט איז געווען גאָר א שווערע. פאַר דער מינדסטער זאַך האָט מען מערדערליך געשלאָגן. אָפטמאָל

פלעגט מען אונדז שיקן אויף אַרבעט אין שכנותדיקן אָרט מאַלקין, וואָס דער רוב פון זיי האָבן זיך שוין מער נישט אומגעקערט.

אין יאָר 1943, הערבסט צייט, איז פּלוצלינג אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין טרעבלינקע נומער 2. די אויפשטענדלער האָבן דערהרגעט אַן ס.ס.־מאַן מיט עטלעכע אוקראַינער און געמאַכט פריי דעם וועג צו אַנטלויפן דרייצן הונדערט יידן. אין דערזעלבער צייט איז דורכגעפאָרן אַ באַן מיט דייטשע מיליטער. די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און דאָס מיליטער האָט פאַרנומען פּאָזיציעס און ביסלעכווייז אַרומגערינגלט דעם דערבייאיקן וואַלד מיט די אַנטלאָפענע און אויסגעשאָסן פון זיי אַ העלפט.

* * *

נאָכן אויפשטאַנד איז פון מיין אַרבעטס־פּלאַץ געלונגען צו אַנטלויפן אַכט יידן. אויך איך בין געווען צווישן זיי. ווען מיר זענען שוין געווען נישט ווייט פון וועלדל, בערך זיבן קילאָמעטער פון אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ, האָבן די ס.ס. און אוקראַינער אונדז נאָכגעיאָגט מיט אַ שיסעריי. דער האָגל פון קוילן האָט קיינעם פון אונדז נישט געטראָפן און ס'איז אונדז געלונגען אַריינצולויפן אינעם וועלדל. די רוצחים זענען אין וועלדל נישט אַריין, זיי האָבן ווייזט אויס, מורא געהאַט אַהין אַריינצוגיין.

אויסגעשעפּט פון מידקייט און שרעק, זענען מיר אין אַ האַלב־פינצטערע נאַכט אַרויס פונעם וועלדל און מיר האָבן דערזען אַן אויסגעווייסטע, פויערישע כאַטע. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום אָרט, האָט אַ הונט אָנגעהויבן שטאַרק בילן, באַלד איז פון דער כאַטע אַרויסגעקומען אַ פויער מיט א ברענענדיקע לאמטער און נאָכן זאָגן דעם פויער וואָס מיר פאַרלאַנגען — האָט דער פויער אונדז געענטפערט, אַז ער האַלט שוין ביי זיך אויס עטלעכע יידן פון אונדזער שטאָט, אָבער ער האָט בדעה זיי אינגיכן אַרויסצוטרייבן, מחמת זיי האָבן אים מער נישט צו געבן דעם סכום וואָס זיי האָבן אים צוגעזאָגט. היות ווי דריי פון אונדז האָבן געהאַט פאַרנייט אין זייערע בגדים א גרויסע סומע, האָבן מיר קוים איבערגערעדט דעם פויער, און ער האָט ביי אונדז צוגענומען די גאַנצע סומע.

דער פויער האָט אונדז אַריינגעפירט אין זיין שייער, וואָס איז געווען אָנגעלייגט מיט בונטן שטרוי. ער האָט אויפגעמאַכט דאָס באַהעלטעניש פון אַ טיפן קעלער און מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט — דער קעלער איז געווען אָן אַ פענצטער. ס'האָט אין אים תמיד געלויכטן אַ שוואַכע שיין פון אַ ברענענדיקע לאַמטער. מיר האָבן באַלד דערקענט די יידן, זיי זענען געווען איינוווינער פון אונדזער שטעטל.

פון די דאָזיקע יידן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער פויער האָט

שוין לאַנג בדעה די אויסצוגעבן פאַר די דייטשן. נאָר אויב ער האָט דאָס נישט געטון איז עס דערפאַר, וואָס זייַן אידעם, אַ קאָמוניסט, האָט אים געדראָט, אַז אויב ער וועט די אומגליקלעכע יידן אויסגעבן, אָדער אפילו אַרויסטרייבן, וועלן די פּאַרטיזאַנער זיך נוקם זייַן אין אים און אפילו אונטערצינדן די כאַטע.

שמואל כהן
(קרית־שלום)

# פון יענע טעג

ווען די דייטשן האָבן אין יאָר 1939 פאַרנומען סאָקאָלאָוו, איז אַ האַלבע שטאָט מיט יידן אַנטלאָפן אויף די פאַרנומענע סאָוויעטישע געביטן. היות ווי זייערע הייזער זענען געבליבן ליידיקע, האָבן די דייטשן איבערגעפירט פון דער שטאָט קאַליש בערך צען טויזנט יידן, ווי אויך אַ גרויסע צאָל פּאַליאַקן פון פּויזנער געגנט, קיין סאָקאָלאָוו. פאַר וועמען ס'האָט נישט געסטייעט קיין פּלאַץ האָבן די דייטשן אַריינגעוואָרפן אין באַוווינטע יידישע הייזער, ווי אויך אין די אַרומיקע דערפער.

ביים אַנטשטיין פון געטאָ האָבן אַלע סאָקאָלאָווער יידן געזאָלט ווערן איבערגעפירט קיין ווענגראָוו, (דער גרויסער „יודנשטאַט", ווי די דייטשן האָבן עס באַצייכנט), נאָר צילאָוו, דער שעף פון דער קרייז־קרימינאַל־פּאָליצײ, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס יידן־פריינט, האָט אויסגעפועלט, אַז סאָקאָלאָוו זאָל בלייבן אַלס זעלבסשטענדיקע געטאָ.

צילאָוו איז געווען אַ דייטש פון בערלינער געגנט, שוין אַריבער די מיטעלע יאָרן, און דעם דאָזיקן אַמט פאַרנומען נאָך איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. מיין פאָטער, מנחם, איז אַ שטיקל צייט געווען וויצע־פּרעזעס פונעם סאָקאָלאָווער יודנראַט, האָט דער דאָזיקער צילאָוו זיך מיט אים באַקענט. אין דער צייט, ווען ער איז געווען בגילופן, פלעגט ער אפילו מאַכן חוזק פון היטלערן. ווי ווייט די געטאָ, און ספּעציעל איך, האָבן געהאַט גרויס נוצן פון דאָזיקן צילאָוו, קאָנען דינען די פאָלגנדיקע פאַקטן: באַיואָפנטע זעלנער פון דער ווערמאַכט פלעגן דורכשפּאַצירן נעבן פאַרצוימטן געטאָ און אַריינגעשאָסן אין יידישע הייזער. עס זענען דערביי געפאַלן טויטע און פאַרוווּנדעטע, די בהלה אינעם געטאָ איז געוואָרן גרויס — דער יודנראַט איז אין גרויס שרעק זיך צונויפגעקומען און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו ווענדן צו צילאָוון נאָך הילף. צילאָוו האָט געהייסן אַרויפזוכן די גילזן פון די אין געטאָ אַריינגעשאָסענע קוילן. מיט די גילזן איז ער אַוועק אינטערוועניר‍ן אין די מיליטערישע קאַזאַרמעס. מער זענען דייטשישע זעלנער נישט דורכגעגאַנגען די געטאָ.

איינמאָל האָט דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר, אַ ווילדער ס.ס.־מאַן, געמאַכט ביי זיך אין צימער אַ הוליאַנקע. ער האָט פאַרבעטן זיינע קאַמעראַדן ס.ס.־לייט אויף דער אָונט־שמפּה. היות ווי מיין ווערקשטעל האָט זיך געפונען אונטער זיין צימער, האָט ער מיך גערופן און מיר באַפוילן שוין צוצוגיין צום יודענראַט און זיי אויפפאָדערן, אַז זיי זאָלן פאַר אים צושיקן צען

לאָמפּן. ווען שלאַפמיץ, דער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פונעם יודנראַט, האָט די פאַרלאַנגטע לאָמפּן באַלד נישט צוגעשיקט, האָט דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר געמיינט, אַז איך האָב אים אָפּגענאַרט און ער האָט מיך אָנגעלויבן זוכן.

אויפן צווייטן טאָג האָט אַ געטאָ־פּאָליציאַנט מיך אויפגעזוכט און מיר געראַטן, אַז אויב איך וויל לעבן, זאָל איך זיך מער פאַר דעם אַרבעטס־אינספּעקטאָר נישט באַווייזן. איך האָב אים געפאָלגט.

דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר אַ האַלב־שיכורער, איז אַ ווילדער געלאָפן צום יודנראַט און אויפגעפאָדערט, אַז אויב זיי וועלן מיך פאַר אים נישט באַלד צושטעלן איז דער גאַנצער יודנראַט דערפאַר פאַראַנטוואָרטליך.

דער יודנראַט האָט מיך געהייסן זיך צושטעלן. אויך מיין פאָטער איז געווען ביי דער זעלבער מיינונג. אָבער איך האָב שטאַרק מורא געהאַט און זיך נישט צוגעשטעלט, פילנדיק, אַז דער ווילדער אַרבעטס־אינספּעקטאָר וועט מיין „חטא“ בשום אופן נישט דורכלאָזן, בין איך אַוועק צו צילאָוון און אים דערציילט די גאַנצע מעשה. מיטשיקנדיק אַ ציווילן געהיים־אַגענט, האָט ער מיך געהייסן זיך צו שטעלן פאַר דעם אַרבעטס־אינספּעקטאָר. איך האָב אַזוי געטון. דער געהיים־אַגענט האָט זיך געשטעלט הינטער דער טיר. דער געהיים־אַגענט האָט צו מיר געזאָגט, איך זאָל אַריינגיין און אין פאַל ווען דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר וועט מיר וועלן שלעכטס־טון, זאָל איך גלייך מאַכן אַ געוואַלט. דאָס וועט פאַר אים זיין אַ צייכן, אַז ער דאַרף מיר קומען צו הילף.

באַלד נאָכדעם האָט צילאָוו אַרויסגערופן צו זיך דעם אַרבעטס־אינספּעקטאָר און אים געוואָרנט, אַז ער זאָל מער מיט מיר נישט מאַכן אַזעלכע קונצן. דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר איז געווען פול מיט חידוש וואָס צילאָוו האָט זיך פאַר מיר איינגעשטעלט, נישט געקוקט וואָס ער האָט פאַר צילאָוון מורא געהאַט, האָט ער מיך פונדעסטוועגן געדראָט, אַז איך וועל זיין ביי אים דער ערשטער קרבן אַוועקגעשיקט צו ווערן אין אַ פאַרניכטונגס־לאַגער.

* * *

מיט דעם אויסברוך פון דער דייטשיש־סאָוויעטישער מלחמה, האָט זיך דער מצב אינעם געטאָ זייער פאַרערגערט. דער הונגער האָט זיך מוראדיק אַריינגעריסן אין יעדער שטוב די דייטשישע אַרמיי האָט גיך פאַרכאַפּט די סאָוויעטישע געביטן פון דער פּוילישער טעריטאָריע, צוליב דעם דאָזיקן זיג, זענען די ס.ס.־לייט געוואָרן נאָך מער צעושעט און אָנגעוואָרפן אַ פּאַניק אינעם געטאָ. די געטאָ־יידן זענען מיט איינמאָל געבליבן אַזוי פאַרצווייפלט און הילפלאָז, אַז די האָפענונגען אויף אויסלאַנד איז כמעט ווי פאַרשוווּנדן.

אין אָט אין די טעג, האָט דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר אויסגעקליבן בערך פופציק יידן — יונגע בחורים און מיידלעך, און זיי אָפּגעשיקט אויף אַרבעט אין דעם לאַזאַרעט, וואָס איז געשטאַנען אין אַן עק פון דער שטאָט. (צווישן די פופציק בין איך אויך אויסגעקליבן געוואָרן.)

דער לאַזאַרעט האָט פאַרנומען זייער אַ גרויסן שטח און איז באַשטאַנען פון גרויסע באַראַקן, וואָס אין זיי איז אַריין אַן אַ שיעור בעטן.

ווען די פופציק יידן זענען דורכגעגאַנגען אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג, האָט מען זיי באַפרייט פון טראָגן די בלויע מגן־דוד לענטעס און אַרויסגעגעבן אַרבעט־ביכלעך, אין וועלכע ס'איז געווען אָנגעוויזן, אַז זיי זענען יידן.

מיר האָבן געאַרבעט שווער, אָבער ביי נישט שלעכטע באַדינגונגען — אונדזערע צעוויטיקטע הערצער זענען ממש געוואָרן אָנגעפילט מיט פרייד, זעענדיק ווי מען ברענגט צופירן אָן אויפהער פאַרוווּנדעטע דייטשישע זעלנער פון פראָנט, וואָס אַ טייל פון זיי זענען באַלד אויסגעשטאָרבן.

איינמאָל האָט פּאַסירט מיט מיר אַזאַ פאַל: ווערנדיק באַזוכן מיין היים אינעם געטאָ, האָב איך געבעטן ביים הויפּט־דאָקטאָר פונעם לאַזאַרעט, מיך צו באַפרייען אויף עטלעכע טעג, און פון אים באַקומען די געוווּנשטע באַשייניגונג. איך בין געגאַנגען אָן דער לענטע אויפן אַרבל און פאַר קיינעם נישט קיין מורא געהאַט. איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג, גייענדיק ווי תמיד אין מיין גאַס אָן דער לענטע, האָב איך פלוצעם באַמערקט ווי דער זאָנדער־דינסט ס.ס.־מאַן, גייט מיר נאָך. איך האָב אפילו אויף דעם נישט געלייגט קיין אַכט און בין אַריין צו מיר אין הויז. ווען איך בין שוין געשטאַנען אין שטוב, האָב איך דערזען ווי דער זאָנדער־דינסט שטייט נעבן מיר. ער האָט מיך בייז אָנגעקוקט און געפרעגט פאַרוואָס איך טראָג נישט די לענטע. איך האָב אים דערלאַנגט די באַשייניגונג פון הויפּט־דאָקטאָר פונעם לאַזאַרעט. דער זאָנדער־דינסט־מאַן האָט די באַשיינונגען נישט געוואָלט נעמען אויסרופנדיק: „שייסע!“

אַז איך האָב אים נאָכאַמאָל דערמאָנט אַז די באַשיינונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון הויפּט־דאָקטאָר פונעם לאַזאַרעט, האָט ער אַלץ נישט אויפגעהערט צו שרייען: „שייסע! שייסע!. דאַביי האָט ער ווילד אַרויסגעכאַפּט זיין באַגנעט פונעם שיידל (קיין הייס געווער האָט ער מיט זיך נישט געטראָגן) און געדראָט מיך צו שטעכן, אויב איך וועל נישט מיט אים מיטגיין. אַז איך האָב מיך נישט גערירט פונעם אָרט, האָט ער געוואָלט אויף מיר אַרויפשפּרונגען מיט זיין באַגנעט אין האַנט. איך האָב זיך אָנגעהאַלטן ביים לאַנגען טיש אין מיטן שטוב און אים נישט צוגעלאָזט צו מיר. ער איז אַריין אין אַ ווילדן כעס און גענומען מיר נאָכיאָגן אַרום דעם טיש. מיר האָבן זיך אַזוי געיאָגט עטלעכע מינוטן, ביז ס'איז אים געלונגען מיר צו געבן אַ קלאַפּ מיטן באַגנעט איבערן קאַרק. פילנדיק שטאַרק די ווייטיק האָב איך אַ כאַפּ געטון אַ בענקל און מיטן גאַנצן כוח אים דערלאַנגט איבערן קאָפּ. איך בין

אַנטלאָפֿן אין דרויסן און געזען ווי מײַן מוטער שטייט אַ ציטערדיקע מיט פֿאַרבראָכענע הענט.

איך בין אַרײַנגעלאָפֿן צו עמיצן אין שטוב. ערשט דאָרט האָב איך באַנומען וואָס איך האָב אָפּגעטון מיטן כאַפּן זיך צו שלאָגן אַ זאָנדער־דינסטמאַן, ווי אַלע מאָל אין אַן עת־צרה בין איך געגאַנגען צו צילאָוון און אים דערציילט דעם נאָר־וואָס געשעענעם עפּיזאָד. צילאָוו האָט צוגעזאָגט, דעם ענין אויסצופֿאָרשן.

צוריקקומענדיק אינעם לאַזאַרעט, האָב איך זיך גלייך געמאָלדן צום הויפּט־דאָקטאָר און אים דערציילט וועגן דער גאַנצער פּאַסירונג מיטן זאָנדער־דינסטמאַן. דער הויפּט־דאָקטאָר איז געוואָרן שטאַרק אויפֿגעבראַכט. מסתּמא נישט אַזוי דערפֿאַר וואָס דער זאָנדער־דינסטמאַן האָט מיך געוואָלט שעכטן, נאָר דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט דער באַשייניקונג און זי באַצייכנט ווי „שייסע“. דער הויפּט־דאָקטאָר האָט נישט גערוט און געפֿאָדערט אַן אויספֿאָרשונג.

דערווײַל האָט עמיצער צווישן געגעבן דעם זאָנדער־דינסטמאַן, אַז סײַ צילאָוו און סײַ דער הויפּט־דאָקטאָר גרייטן זיך רופֿן אים אויף אַ פֿאַרהער. האָט ער זיך געמאַכט קראַנק און מ׳האָט אים גענומען אין לאַזאַרעט אַרײַן. אַז דער הויפּט־דאָקטאָר האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, איז ער אַליין געגאַנגען אים אונטערזוכן און אויסגעפֿונען, אַז ער איז גאָרנישט קראַנק און צוליב דעם באַזייטיקט געוואָרן פֿון דער זאָנדער־דינסט.

* * *

שטייענדיק אין אַ זוניקן טאָג נעבן אַ באַראַק פֿונעם לאַזאַרעט, וואָס פֿון דעם אָרט האָט דאָס אויג דערגרייכט צום וואָקזאַל, האָב איך געזען ווי מען פֿירט די סאָקאָלאָווער ייִדן צו דער באַן. מײַנע חברים זענען אַרויסגעקומען קוקן און ערשט איצט האָבן מיר פֿאַרשטאַנען וואָס די נעכטיקע שיסעריי האָט באַדייט.

מיר האָבן נאָכגעקוקט די צעפּייניקטע און אויסגעמאַטערטע וועלכע זענען געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אונטער אַ שטרענגע, אָבער נישט צאָלרײַכע וואַך. באַלד זענען מיר צוריק אַרײַנגעטריבן געוואָרן אין די באַראַקן און מער האָבן מיר שוין גאָרנישט געזען.

מיט אַ צײַט שפּעטער איז פֿון טרעבלינקע אָנגעקומען אַן ס.ס.־מאַן פֿון אַ העכערער ראַנגע און באַפֿוילן אַז אַלע מוזן פֿונעם לאַזאַרעט זיך איינדרויסן אויסשטעלן אין דער ריי: מענער רעכטס און פֿרויען — לינקס. ווען מיר זענען שוין געשטאַנען אַזוי אויסגעשטעלט האָבן מיר געהערט, ווי כמעט יעדער פֿון אונדזערע מייסטערס האָט נישט געהאַט קיין חשק אַרויסצוגעבן

ווינע אַרבעטנדיקע. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז דער טרעבלינקער ס.ס.־מאַן האָט אויסגעקליבן 17 יידן.

באַלד זענען צוריקגעקומען פיר פערזאָן און אונדז דערציילט עפּעט שווידערלעכעס. מיט זעקס וואָכן שפּעטער איז הער זעלבער ס.ס.־מאַן ווידער געקומען און געפאָדערט 25 פּערזאָן. דאָס מאָל האָט ער שוין געהאַט אַ פּאַרטיקע ליסטע מיט נעמען, דער עיקר מיידלעך. איך בין דאָס־מאָל אויך געבליבן אויפן פּלאַץ.

ווען מיר, די איבערגעבליבענע האָבן דאָס צוגעזען, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז אויך אונדזער ריי פון ווערן צוגענומען קיין טרעבלינקע וועט אינגיכן קומען, און מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ וועג ווו צו אַנטלויפן.

און ס'האָט טאַקע לאַנג נישט געדויערט ווי איך מיט נאָך פינף יידן, צווישן זיי אַ מיידל, איז געלונגען פון דאָרט צו אַנטלויפן. מיר זענען אַריינגעלאָפן אין סאָקאָלאָווער געטאָ. דאָרט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז נאָך דער ליקווידאַציע פון די אָרטיקע יידן זענען הונדערט און פופציק פון זיי געלונגען זיך צו פאַרשטעקן אין בונקערס. ווי נאָר מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ קאָנטאַקט מיט די באַהאַלטענע יידן, האָט מען אונדז געכאַפּט און אָפּגעפירט אין דער קאָמענדאַנטור, וואָס האָט זיך געפונען אין הויף פון נחום לעווי. פירנדיק אונדז האָב איך דערווייל אַריינגעכאַפּט שטאַרקע קלעפּ, מען האָט אונדז אַריינגעלאָזט אין אַ האַלב פינצטערן מאַגאַזין, וואָס אויף איין וואַנט איז געווען אַ פאַרמאַכט פענצטערל. מיר האָבן דאָרט געטראָפן נאָך יידן וועלכע זענען ערשט נישט לאַנג געכאַפּט געוואָרן. אינדרויסן ביים פענצטערל איז געלעגן אויסגעצויגן דער טויטער קערפּער פון עליע פענציק. דאָס האָבן אים די דייטשן דאָ אַוועקגעלייגט, כדי אָפּצושרעקן די אַנדערע יידן צו אַנטלויפן. עליע פענציק איז דערשאָסן געוואָרן נאָכדעם, ווען ער איז צוריקגעקומען אין לאַזאַרעט נאָכן אַראָפּשפּרינגען פון וואַגאָן, בעת ער איז געפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

זייענדיק אַז מיר וועלן דאָ אומקומען, אָדער ווערן אָפּגעשיקט אין אַ פאַרניכטונגס לאַגער, האָבן מיר, די פינף מענער און דאָס קאַלישער מיידל, ווידער געזוכט אַ געלעגנהייט פון דאַנען צו אַנטלויפן. און באַלד איז אַזאַ געלעגנהייט אונטערגעקומען. צוליב דעם וואָס עמעצער פון די סאָקאָלאָווער גויים האָט גענומען באַגנב'ענען אַ שאַפּע מיט סחורות, וואָס האָט זיך געפינען אין זעלבן הויז. דער באַוואָפנטער וועכטער האָט דעם גנב געכאַפּט, זיך מיט אים געאַמפּערט, און היות ווי מיר האָבן געזען ווי דער וועכטער איז שטאַרק פאַרנומען מיט דעם גנב, האָבן מיר אויסגענוצט דעם מאָמענט און אַרויפּדראַפּנדיק זיך גיך אויפן פענצטערל, זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן ברוק אינדרויסן. מיר און די פיר חברים איז געלונגען צו אַנטלויפן, אָבער דאָס קאַלישער מיידל האָט ביים אַראָפּלאָזן זיך אויפן ברוק פאַרטשעפּעט אין אַ דראָט, ראַנגלנדיק זיך מיט דער דראָט, האָט עס דער וועכטער באַמערקט; עס האָט אָפּגע־

הילכט אַ שאָס און דאָס מיידל איז געוואָרן פאַרווונדעט אין האַנט און אין אַקסל. זי איז געבליבן הענגען אויף דער דראָט און גענומען שרייען. דער וועכטער האָט זי אַראָפּגעשלעפּט פון דראָט און זי צוריק אַריינגעוואָרפן אינעם מאַגאַזין.

מיר, די גרופּע פינף, זענען געלאָפן אין דער פינצטערער נאַכט איבער פעלדער — קיין ריפּקי. מיר זענען צוגעקומען צום באַקאַנטן פּריצישן הויף און דאָרט באַגעגנט יידן, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט. מיר האָבן איבער־גענעכטיקט און ווייטער געגאַנגען איבער די פעלדער.

אין אַ צייט אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז נאָכדעם ווי מיר זענען אַוועקגעגאַנגען פון פּריצישן הויף, זענען אַהין אָנגעקומען אַ גרופּע זשאַנ־דאַרמען און געפרעגט די אָנוועזנדיקע יידן, אויב מיר זענען דאָרט נישט געווען. איינער פון זיי, שלאָפּמיץ׳ס אַ ברודער, האָט געענטפערט אַז יאָ. אויף זייער פראַגע וווּהין מיר זענען געגאַנגען, האָט ער געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט. זיי האָבן אים אַוועקגעשטעלט אויפן פּלאַץ און דערשאָסן.

מיר זענען געגאַנגען קיין קורטשעוו. די זשאַנדאַרמען זענען אונדז נאָכגעפאָרן, אָבער אונדז נישט באַגעגנט. די זשאַנדאַרמען זענען אָנגעקומען קיין קורטשעוו פריער פאַר אונדז און געפרעגט ביים לאַגער פירער צו מיר געפונען זיך דאָ. ער האָט זיי געענטפערט, אַז מיר זענען דאָ נישט געווען. האָבן די זשאַנדאַרמען באַפוילן, אַז ווי נאָר מיר וועלן דאָ אָנקומען, זאָל מען זיי באַלד וועגן דעם צעוויסן געבן.

ווי נאָר מיר האָבן זיך באַוויזן פאַר דעם יידישן לאַגער פירער (מאַקס ראָזענבערג) האָט ער אונדז דערציילט וואָס די זשאַנדאַרמען האָבן אים באַ־פוילן און אונדז געהייסן שוין אַוועקגיין פון דעם אָרט, אַזוי ווי ער וואָלט אונדז איינגאַנצן נישט געזען. מיר האָבן נישט געהאַט בדעה זיך דאָ אָפּצו־שטעלן, אָבער וווּהין גייט מען? האָט דער לאַגער פירער אונדז געראָטן, אַז מיר זאָלן גיין אויף יענער זייט פון טייך בוג, וואָס געהערט שוין צו רייכס־דייטשלאַנד. ער האָט אונדז אויך געהייסן זיך ווענדן נאָך הילף צו זיינע קוזינען. מיר זענען אַוועק. מיט אונדז איז אויך מיטגעגאַנגען דאָס סאָקאָלאָ־ווער מיידל לאה ראָזענבוים.

צוקומענדיק צו דער גרענעץ, זענען מיר אַריינגעקומען צו די פּויערים, וועלכע זענען געווען באַקאַנט מיט מאַקסן — מיר האָבן דאָרט אָפּגעאַרבעט אַ טאָג. דערנאָך האָט אַ פּויער אונדז אַריבערגעפירט די גרענעץ. מיר האָבן זיך געווענדעט צו מאַקס קוזינען און זיי דערציילט וואָס מיט די יידן האָט פּאַסירט בכלל, און מיט אונדז — בפרט. די מענטשן פון דעם אָרט האָבן געשטוינט פון אונדזערע רייד און גאָר נישט געוואָלט גלויבן וואָס מען טוט מיט יידן אויפן „פּוילישן געביט“.

איינמאָל איז געקומען אַ יידיש מיידל, וועלכע האָט געאַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע און דערציילט, אַז זי האָט געהערט ווי דער עלטסטער האָט

געזאָגט צום פּרעזעס פון יודנראַט אַז, ער זאָל אים צושטעלן פינף הונדערט פערד און וועגענער. לויט די דאָזיקע רייד — האָט זי דערקלערט — זעט זי אַ גרויסע צוגרייטונגס־אַקציע פון סעמיאַטיטשער געטאָ. נאָר די דאָרטיקע געטאָ ייִדן, וועלכע האָבן נאָך נישט געהאַט אַזוי פיל געליטן (דאָס האָט מען געקאָנט מערקן לויט די הוליאַקעס אין אַ היפּשן טייל ייִדישע הייזער) האָבן נישט געוואָלט גלייבן, אַז אַזאַ אַקציע וועט פאַר זיי קומען.

פונדעסטוועגן האָבן זיך דאָרט פאָרט געפונען מענטשן, וואָס האָבן נישט גרינגגעשעצט דעם מיידלס אָנזאָג און געטראַכט ווי אַזוי צו האַנדלען בעת אזא אקציע. האָבן מענטשן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט איבער־געשניטן אַ שטיק מיט דראָט אַרומגעצוימטן פּאַרקן, כדי פאַרלייכטערן דאָס אַנטלויפן, אויב אַזאַ אַקציע וועט טאַקע פאָרקומען.

איך געדענק נישט צו דער פּרעזעס פונעם סעמיאַטיטשער יודנראַט האָט טאַקע צוגעשטעלט (און צו ער איז בכלל געווען ביכולת עס צו טון) די פון זיי אויפגעפאָדערטע פונף הונדערט פערד און וועגענער, אָבער אַז די געטאָ איז אין אַ פאַרטאָג געוואָרן אַרומגערינגלט מיט דייטשישע טאַנקן — דאָס האָבן זיך באַלד איבערצייגט די נישט גלויביקע ייִדן אין דעם מיידלס רייד. באַלד האָט זיך געהערט אַזאַ מוראדיקע שיסעריי, אַז ס'האָט זיך גע־דאַכט, אַז די הייזער טרייסלען זיך. אין גרויס בהלה זענען מענטשן געלאָפן צום אַרומגעצוימטן פּאַרקאַן, ווילענדיק אַנטלויפן אין דערנעבנדיקן וואַלד. לויפנדיק זענען מענטשן געפאַלן, מאַנכע זענען געבליבן הענגען דערשאָסענע אויפן דראָט פאַרן פּאַרקן.

וויסנדיק פון דעם אָרט ווו די דראָטן זענען איבערגעשניטן, בין איך געלאָפן אַהינצו און טאַקע צוליב דעם געהאַט די מעגלעכקייט אריינצולויפן אין וואַלד, דורך דעם וועג האָבן זיך געראַטעוועט אַפּאָר צענדליק ייִדן.

איך האָב מיך געהאַלטן מיט אַ גרופּע פון פיר יונגע מענער. מיר זענען געקראָכן טיף אינעם וואַלד און נישט געוווּסט וואָס מיט זיך צו טון. דערווייל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ דריבנע, קאַלט רעגנדל — און אַזוי האָט עס אָנגע־האַלטן אַ גאַנצע וואָך. אונדזערע קליידער זענען פון דעם רעגן געוואָרן דורכ־געווייקט, אַזוי אַז מיר האָבן זיך געפילט אינגאַנצן צעבראָכן. אָבער גע־שטאַרקט פון אַן אומבאַשרייבלעכן לעבנס־פאַרלאַנג, האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצוגייך פון וואַלד און זוכן, פריער פאַר אַלעם, שפּייז ביי די פּויערים.

גייענדיק אַזוי אין וואַלד האָבן מיר פּלוצעם דערזען שטייך אַ זייער נידריקע כאַטע. מיר זענען גלייך צוגעגאַנגען אויף דעם אָרט און געהערט עפּעס אַ שטיל געפּליסטער. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין דעם שמאָלן טירל. זאָגנדיק אויף פּויליש „עפּנט, מיר זענען ייִדן" און אַז מען האָט נישט גע־הערט קיין ענטפער, האָבן מיר דאָס זעלבע איבערגעחזערט אויף ייִדיש. דאָס טירל האָט זיך שנעל געעפנט און באַלד האָט הען געזען אַ גרופּע ייִדן וועלכע זענען אויך אַנטלאָפן פון דעם באַשאָסענעם געטאָ.

אַזוי ווי די יידן האָבן אַליין נישט געהאַט וואָס צו עסן, זענער מיר פון זיי אַוועק און געזוכט אַ וועג וואָס פירט צו אַ דאָרף. ווילנדיק אַריבער־גייך אויף דער צווייטער זייט פונעם שאָסיי, איז פּלוצעם אָנגעפאָרן אַ באַ־וואָפנטער דייטש אויף אַ ראָווער, דערשראָקענע, זענען מיר צוריק אַריינגע־לאָפן אין וואַלד, און געהערט די שאָסן, וואָס דער דייטש האָט אונדז נאָכ־געשיקט. אָבער קיינעם פון אונדז נישט געטראָפן. אויפדערנאַכט זענען מיר ווידער אַריבערגעגאַנגען דעם שאָסיי און צוגעקומען אין אַ קליין דאָרף. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין אַ פאַרמאַכטן לאָדן פון אַ כאַטע.

— „ווער איז“? — האָט זיך געהערט אַ פּויערישע שטימע.

— „מיר זענען היימלאָזע און הונגעריקע יידן. מיר האָבן שוין נישט געגעסן עטלעכע מעת־לעת. דערבאַרעמט אייך איבער אונדז!“

— „גייט אַוועק פון דאַנען, אויב איר ווילט שוינען אייערע לעבנס“ — האָבן זיך שוין געהערט פון צוויי פּויערישע שטימען.

מיר זענען צו צו אַ צווייטע, דריטע און פערטע כאַטע — אָבער פון אומעטום באַקומען דעם זעלבן ענטפער, און היות ווי די הינט האָבן בילנדיק זיך געריסן אויף די קייטן, זענען מיר פון דאָרט אַוועק און צוריק געגאַנגען אין וואַלד אַריין. מיר זענען געבליבן זיצן אינעם וואַלד מורא־דיק פאַרצווייפלט.

אינדערפרי האָט אונדז דער הונגער ווידער געטריבן צו גיין זוכן שפּייז אין אַ צווייט דאָרף, אפילו ס'זאָל מיט אונדז געשען דאָס ערגסטע. צוקומענדיק צום שאָסיי איז אַדורכגעגאַנגען אַ יונגער פּויער. איינער פון אונדז האָט אים אָפּגעשטעלט און דערציילט, וואָס מיר לעבן איבער. דער פּויער האָט אונדז אָנגעקוקט מיט רחמנותדיקע בליקן און געהייסן וואַרטן ביז ער וועט ברענגען עסן. כאָטש מיר האָבן געהאַט אַ חשד, אַז דער פּויער קאָן, שטאָט עסן, אונדז ברענגען דייטשן, האָבן מיר פונדעסטוועגן אויף אים געוואַרט. צו אונדזער שטוינונג איז דער פּויער טאַקע געקומען מיט אַ טאָרבע עסנוואַרג — אַ גרויס שוואַרץ ברויט מיט אַ פלאַש בראָנפן.

— „טרינקט דעם בראָנפן, ס'וועט אייך דערוואַרימען“ — האָט דער פּויער דערלאַנגט דעם פלאַש אינעם פון אונדז.

נאָכן אויסטרינקען דעם בראָנפן, האָבן מיר דעם לאַבן ברויט ממש פאַרשלונגען. דער פּויער האָט אונדז לאַנג באַטראַכט מיט באַדויערן, זאָגנדיק:

— „קומט מיט מיר אין מיין שייער, וועל איך אייך אָנזעטיקן, און איר וועט אייך אַ ביסל אויסרוען!“

מיר זענען מיט אים מיטגעגאַנגען. דער פּויער האָט אונדז אַריינגעפירט אין זייך גרויסן שייער, וואָס איז געשטאַנען אויפן ליידיקן פעלד, אַ ביסל ווייט פון זייך דאָרף. מיר זענען אַריין צווישן סנאָפּעס שטרוי און זיך דערוואַרעמט.

שפּעטער האָט דער פויער אַריינגעבראַכט אַ גרויסן טאָפּ געקעכטס, ברויט און נאָכאַמאָל בראָנפן. מיר האָבן אויפגעגעסן צו דער זעט און זיך אויסגעריט אַ גאַנצע נאַכט.

צומאָרגנס אינדערפרי האָט דער פויער געעפנט דעם שייער זאָגנדיק:

— „איר וועט מוזן פון דאַנען אַוועקגיין, ווייסט איר דאָך, אַז איך טאָר אייך נישט האַלטן".

מיר האָבן אים געדאַנקט און גלייך פון אים אַוועק. אָבער פאַרנאַכט זענען מיר ווידער צוריקגעקומען צו דעם שייער און שטילערהייט זיך דאָרט איינגעגראָבן. אַז דער פויער האָט צומאָרגנס געעפנט דעם שייער און אונדז געזען ליגן אויפן שטרוי, האָט ער שוין גענומען רעדן מיט אַ בייזן טאָן. איינער פון אונדז האָט אַרויסגענומען פון זיך וועסטל קעשענע זיין גאָלדענעם זייגער און אים דערלאַנגט. באַלד האָט אַ צווייטער אויסגעפּאַקט פּאַפּירן־געלט. דער פויער האָט צוגענומען דעם זייגער און דאָס געלט און איז אַוועק.

שפּעטער איז ער צוריקגעקומען מיט פאַרשידענע עסנוואַרגן און עס אונדז דערלאַנגט. ער האָט, זאָגט ער, אויסגעגעבן אונדזער גאַנץ געלט פאַר דעם עסן.

מיר זענען אין דעם שייער פאַרבליבן אויף נאָך עטלעכע טעג. אָבער אַוועקגייען פון דעם אָרט האָבן מיר געמוזט, מחמת מיר האָבן געזען אַז דאָס אָרט איז פאַר אונדז נישט געזיכערט און שטעלן אויך אין געפאַר דאָס לעבן פון דעם גוטן פויער אין זיין פאַמיליע.

פון דעם טאָג אָן האָב איך זיך די גאַנצע צייט ביזן אָנקומען פון די רויטע אַרמיי געוואַלגערט אין די וועלדער און אין די פויערישע שייערן — זייענדיק נאָך איצט מיט פול חידוש, ווי אַזוי איך האָב דאָס אַלץ געקאָנט דורכלעבן און אויסהאַלטן.

עליע שטיינבערג
(פאריז)

# מיינע איבערלעבענישן אין די דייטשע קאַצעט-לאַגערן

די נישט געכאַפּטע יידן, וועלכע האָבן זיך נאָך געפונען אין פאריז, האָבן זיך מער אין דער עפנטלעכקייט נישט באוויזן, יעדער ליגט באַהאַלטן אונטער דער ערד, און ווען עס געלינגט צו קומען אין דעם נישט באַזעצטן געביט, ראַנגלט זיך אויך ווייטער מיטן גורל.

איך קום קיין ליאָן אין דער פרייער זאָנע, אין זומער 1943 ווערט אויך ליאָן באזעצט פון אקופּאנט. און ווייטער גייט אָן דער געראַנגל פארן לעבן. אין נאָוועמבער 1943 ווער איך געכאַפּט דורך דער געסטאַפּאָ, וואָס טוט כסדר איר טויט-מלאכה.

דינסטיק, דעם 22-טן נאָוועמבער בין איך צוזאמען מיט אַ גרעסערער גרו-פּע יידן געבראכט געוואָרן קיין דראנסי. מיר ווערן געציילט און קאָנטראָלירט דורך די יידישע פּאָליציי-געהילפן, וואָס נעמען אַוועק גלייך איין טייל פון אונדזער גרופּע צו דעפּאָרטירן אויפן קומענדיקן פרימאָרגן. איך בין צווישן די, וואָס בלייבן צייטווייליק. נאָכן אדורכגיין אלע קאָנטראָלן, ווערן מיר אריינגע-פירט אין אַ גרויסן צימער, ווו עס געפינען זיך אויך געכאַפּטע יידן פון פאַר-שידענע טיילן אין פראנקרייך. דאָ בין איך פארבליבן 15 טעג און שפּעטער ווער איך ווי אלע פון דאָסניי אָפּגעשיקט מיט אַ גרעסערע גרופּע אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען אויף מזרח. דער צוג שלעפּט אונדז אין דער שפּעטער באַקאַנט-גע-וואָרענער ריכטונג.

מיר ליגן דערווייל אויף די שטרוי-זעק און וואַרטן. דער שעף פון דער אָפּטיילונג וועקט דורך פייפן, דער זייגער איז 4 פארטאָג. אין דרויסן איז נאָך גוט פינצטער. מיר גרייטן צו אונדזערע באַגאַזשן, וואָס מיר נעמען מיט זיך. די וויכטיקע וואַליזעס מיט זאַכן האָבן שוין די ס. ס. צוגענומען מיט 2 טעג פריער, און זיי האָבן פאַרזיכערט אַז מיר וועלן דאָס צוריק באַקומען אויפן באַשטימטן פּלאַץ. מיר געפינען זיך אין הויף פון באַרימטן דראַנסי, עס הערט זיך דער צווייטער פייף און מיר מאַרשירן, צוזאַמען זע-נען מיר 60 מענטשן אין אַ גרופּע — מענער, פרויען און קינדער, אלץ ווײנט.

די אויטאָבוסן וואַרטן שוין אויף אונדז. יעדער גרופּע ווערט אריינגע-שטופּט אין איין אויטאָבוס, באוואַכט דורך די פראנצויזישע זשאַנדאַרמען אין פולער באוואָפנונג, מיט אײזערנע קאסקעס אויף די קעפּ. צו דעפּאָרטירן זענען אויך געבראַכט געוואָרן דאָס אַלטווארג פון די מושב זקנים הייזער.

ענדלעך קומט אונדזער רייע, מען פירט אונדז צו אַ באַן-ליניע. ווען מיר שטייגן אויס פון די אויטאָבוסן, זעען מיר אז מיר זענען אויף דער סטאַציע באַ-בעניע — א פאָרשטאָט נעבן פאריז.

דאָס אויסשטייגן איז אונטער אַ שטרענגער וואַך פון די באַוואָפנטע זשאַנדאַרמען. מיר ווערן נאָכאַמאָל געציילט: „60 שטיק". די דייטשע סאָלדאַטן נעמען אונדז איבער און פירן צו אַ וואַגאָן מיט אַן אויפשריפט: „פאַר 8 פערד אָדער 40 מענטשן". די דייטשע וואַך פאַרמאַכט די שווערע אײַזערנע טיר.

אין דרויסן ווערט טונקל, דער צוג רירט פון אָרט. מיר שטייען ביי די דורכזיכטיקע שפּאַרעס און ווילן זעען ווו מיר געפינען זיך. דער צוג לויפט פאַרביי נאַזי־לע־סעק און בלייבט שטיין. ווען עס ווערט גוט פינצטער, הויבט דער פולער צוג אָן צו פאָרן מיט אַ שטאַרקע שנעלקייט. ווו ס'זעט אויס האָבן די דייטשן אונדז נישט געוואָלט פירן בייטאָג, כדי די פראַנצויזן זאָלן נישט זעען אונדזער טראַגעדיע.

דער שעף פון וואַגאָן (ווייס, א פראנצויזישער ייד) צינדט אָן א נאַפט־לעמפּל. וואָס הענגט אין דער מיט פון וואַגאָן און מיר נעמען זיך איינאָרדענען די געלעגערס. אזוי ווי ס'איז נישט מעגלעך אז אלע זאָלן ליגן, טוישט מען זיך.

אן אראבישער ייד, וואָס איז מיט אונדז, וויל ארויס פון וואגאָן, ער אַמ־פּערט זיך מיט די קראַטן פון פענצטערל וואָס געפונען זיך אין דרויסן פון וואגאָן. די דריי דורך די דייטשן אָפּגעקליבענע אויפזעער (יידן) געוואַלדעווען אַז אַלע יידן וועלן ווערן דערשאָסן. עס טוט זיך חושך, אַלע 60 געפאַנגענע שטייען אויף די פיס, אַלץ שרייט, די פרויען און קינדער וויינען, דער שעף אַמפּערט זיך מיטן אַראַבישן ייד.

אין דרויסן ווערט שוין ליכטיק און ס'איז צו זעען אַז מיר געפינען זיך שוין אויף דער דייטשער טעריטאָריע, איצט האָט שוין קיין באַדייטונג אַרויסצושפּרינגען פון וואַגאָן.

די ערשטע נאַכט איז פאָריבער, אזוי זיצן מיר שוין 24 שעה אין פאַר־מאַכטן וואַגאָן. דאָס וואסער פון די עמערס איז שוין אויסגעגאַנגען, און איצט נוצט מען זיי פאר די באַדערפענישן. מענער און פרויען דערלידיקן זייער געברויך; די עמערס גייען איבער און מיר, 60 לעבעדיקע באַשעפענישן, שטיקן זיך אין דעם פערד־וואַגאָן.

עס הויבט ווידער אָן טונקל ווערן, וווהין מען פירט אונדז, ווייסן מיר נישט. אלע זענען פארביטערט און ווייטער גרייט מען די געלעגערס פארטיעס־ווייז, אָבער ס'איז נישטאָ קיין פלאַץ, אַלץ איז פאַרגאָסן. די עמערס זענען פול. די אַלטע, וואָס פאָרן מיט אונדז, מאַכן אונטער זיך, ווו זיי שטייען אָדער ליגן. די צווייטע נאַכט איז פיל ערגער ווי די ערשטע. דער צוג לויפט, און קיין פלאַץ ווו זיך צו לייגן איז מער נישטאָ. מיר האָבן געמאַכט פלאַץ פאר די פרויען, קינדער און אַלטע, וואָס קאָנען נישט שטיין. אַלע שטייען מיר אַ גאַנצע נאַכט אויף די פיס און דער טאָג קוקט ווידער אַריין אין אונדזער פאַרשטינקע־נעם וואַגאָן, ווו מיר זענען פאַרמאַכט ווי חיות. די פרויען און די קינדער וויי־נען; נישטאָ קיין וואַרימס פאַר די קינדער, נישט קיין ווינדעלעך — אַלץ איז נאַס, קאַלט, אלע זענען איינגעשמירט פון שמוץ.

נאָך 48 שעה פאָרן, בלייבט דער צוג שטיין. אַ דייטש מאַכט אויף די טיר פון וואַגאָן: — „ארונטער מיט די עמערס"! — באַפעלט ער. ווייס טוט די אַרבעט גישט ווילנדיק, מיט אַ ביטערער מינע קומט ער צוריק אין וואַגאָן און דערציילט, אַז מיר פאָרן אין דער ריכטונג צו מזרח. די טיר ווערט ווידער פאַרמאַכט.

דער צוג לויפט מיט דער גאַנצער שנעלקייט. מיר פאָרן פארביי דייטשע שטעט, מענטשן אין ציווילע קליידער זעט מען דורך די שפּאַרעס, די פרויען און קינדער ווייגען כסדר. עס ווערט ווידער נאַכט, און ווידער לייגט מען זיך אויפן נאַסן באָדן פון וואַגאָן. אַזוי די דריטע נאַכט.

עס איז פרייטיק, דעם 10־טן דעצעמבער 1943. מיר שטייען און קוקן ארויס דורך די שפּאַרעס און זעען פארשנייטע פעלדער, אַלץ ארום איז ווייס. שוין פיר טעג זינט מיר זיצן אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען, נישט וויסנדיק, וואוהין מען פירט אונדז.

דער צוג פאָרט לאַנגזאַמער און שטעלט זיך אָפּ. ס'דערהערט זיך דאָס ווילדע ריטשען פון די ס.ס.־לייט: „ארונטער! שנעל ראוס, שנעל ראוס!"

מיר קריכן ארויס פון די וואַגאָנען. די ווייסקייט פון שניי שטעכט די אויגן. די געוואַלדן פון ס. ס. פאַרטויבן אונדז, מיר זענען צומישט. די נאַציס שפּרינגען ארום אונדז און הערן נישט אויף צו שרייען „לאוס, לאוס, שנעלער מאַכן!"

ווען אַלע זענען שוין אַרויס פון וואַגאָן מיט די פעקלעך, הייסן זיי אַלץ אָפּלייגן אויף איין באַרג, אפילו די קינדער־פלעשלעך. זיי שטעלן אונדז אויס אין צוויי רייען: מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. אַלץ מוז ווערן שנעל געמאַכט, און כסדר גייט דאָס הינטישע ריטשן פון די טייוולאָנים. מיר שטייען שוין אין צוויי רייען. באַלד קומען 3 נאַציס אין מיליטערישע קליידער מיט פיל אָפּצייכנונגען אויף זייערע לאַצן. איינער פון זיי סעלעקטירט — רעכטס, לינקס. ס'דויערט אַ שטיקל צייט, דער אָפּקלייב איז געמאַכט.

מיר שטייען ווייטער, די אָפּגעקליבענע ווערן אריינגעשטופּט אין די צוגעגרייטע לאַסט־אויטאָס וואָס פירן צום ערשטן אוועק די פרויען און קינדער און דערנאָך די מענער.

איצט קומט אונדזער ריי. מען שטופּט אונדז אריין אין די לאַסט־אויטאָס און מען פירט אונדז אַוועק. עס געדויערט נישט לאַנג און מען הייסט אונדז אויסשטייגן. מיר זענען אין אַ לאַגער־הויז פון קראַנקע צווישן צוויי באַראַקן די קראַנקע זעען אונדז דורך די פענצטער, זיי שטעקן אַרויס אויסגעדאַרטע קעפּ. מיר זעען געגנוי דריי רייען פריטשעס (בעטן) איינע איבער די אַנדערע.

מיר שטייען אין אַ ריי. באַלד קומט צו אונדז אַן ס.ס.־מאַן און גרילצט ווי אַ טיגער: „אויסטון און שטיין בלייבן". ער הערט נישט אויף צו שרייען: „אויסטון און שטיין בלייבן נאַקעט"! אין דרויסן איז שרעקלעך קאַלט, דער שניי

דערגייט ביז צו די קני, מיר הויבן אָן זיך אויסטאָן, עס איז אָבער פאַר זיי נישט גענוג שנעל, און ס'פאַלן באַלד שטעקנס איבער אונדזערע קעפּ.

מיר זענען אָנגעקומען 10 אינדערפרי און דער זייגער איז שוין דריי נאָכמיטאָג. מיר שטייען. פאַרנאַכט פירט מען אונדז אַריין אין אַ וואַש־רוים. אַן ס. ס.־מאַן פאָדערט אַלץ אָפּצוגעבן, וואָס מען האָט געבראַכט מיט זיך: ווען וועט ס'וועט עפּעס אויסבאַהאַלטן, וועט באַלד דערשאָסן. מיר הערן אויס זיינע רייד און טוען אויס די זייגערלעך א. א. און צעטרעטן אַלץ אומבאַמערקט.

מיד און רעזיגנירט וואַרטן מיר, וואָס וועט ווייטער פאָרקומען. ענדלעך קומען אַריין צוויי מענער אין ווייסע כאַלאַטן: אַ געוועזענער פראַנצויזישער פּראָפעסאָר און אַ פּוילישער ייד. דער ערשטער רעדט צו אונדז אין פראַנצויזיש און דער אַנדערער — אין יידיש, דאָס פאָלגנדיקע:

„ווי איר זעט, זענט איר אָנגעקומען קיין אויסשוויץ־מאָנעוויץ. איר זענט אין אַרבעטס־לאַגער באָנאַ. דאָ איז אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פון דאָ קומט מען נישט אַרויס. אייערע קינדער און פרויען, וואָס זענען מיט אייך געקומען, זענען אוועקגעפירט געוואָרן אין גאַז־גאַמער, ווו מען האָט זיי דאָרט פאַרגאַזט און דערנאָך פאַרברענט. די אַלע וואָס זענען געווען סאָרטירט אויף לינקס זענען געווען צו פאַרניכטן. איר זענט אין אַ אַרבעטס־לאַגער, דאָ אַרבעט מען שווער, טראַכט נישט פון אייערע פרויען און קינדער, טוט זיך אויס פון אייער פּריוואַטן לעבן, קלערט נישט פון דעם געוועזענעם, אויב איר ווילט לעבן,

דאָס זעלבע האָט זיך איבערחזרט ביים אָנקומען פון יעדן נייעם טראַנספּאָרט.

מיר זענען ווי פאַרגליווערט, מיר קוקן זיך אָן, דאָס בלוט בלייבט שטיין אין די אָדערן. מיר זינקען פאַר פּיין: שוין זענען אונדזערע טייערע טויט. אַזוי שמועסן מיר שטייענדיק נאַקעט אין וואַש־רוים. מיר זענען אַהער געקומען 1250 נפשות, און אין וואַש־רום זענען מיר נאָר 180, זיי האָבן צוגענומען 1070 מענטשן צו פאַרניכטן. אונדזער ווייטיק איז גרויס, ביז משוגעת.

נאָך דער דערמאָנטער דרשה, וואָס זאָגט נישט אָן קיין גוטעס וועגן דעם נייעם אָרט ווו מיר געפינען זיך איצט, זענען געקומען איניקע פריזירער. אַלע מוזן מיר ווערן געשוירן און ראַזירט, ווו נאָר אַ האָר איז פאַראַן. אַלע 180 וואַרטן. אַזוי שטייען מיר שעה'ן ביז אַלע זענען פאַרטיק. איצט ווערט יעדער דעזינפיצירט, איינגעשמירט מיט אַ שאַרפע פליסיקייט אויף די דעליקאַטע ערטער און אַוועקגעפירט אין באָד. פון 10 אין דער פרי שטייען מיר שוין אויף די פיס און פון 2 נאָכמיטאָג — נאַקעט, צעבראָכן פון אונדזער רייזע. איצט זענען מיר אין באָד. דאָס אָרט איז נישט גענוג פאַר קיין 180 נפשות. די ס. ס.־לייט שטופּן מיט די שטיוול אונדזערע נאַקעטע קערפּעס ביז אַלע זענען אַריין צוזאַמענגעקוועטשט. דאָ וואַרטן מיר ווייטער אויף וואַסער, און אפשר קומט גאַז, ווער ווייסט? עס הערן זיך דערשלאָגענע אויסרופן: אַלץ איינס, סיי ווי זענען מיר פאַרלוירן.

עס קומט אַ שרעקלעך הייסער שטראָם וואסער איבער אונדזערע קעפּ, מען גיסט אונדז אָפּ מיט די הייסע וואסער און גלייך טרייבט מען אונדז ארויס אויפן פּראָסטיקן דרויסן נאַקעט. איצט פירט מען אונדז אין אַ צווייטן בלאָק, ווו מיר באַקומען מלבושים.

מיר קומען אין באַקליידונגס־מאגאזין. דאָ באַקומען מיר אַ העמד אין אונטערהויזן, און אין אַ צווייטן בלאָק — הויזן, אַ מאַרינאַרקע אין פּאסן, אַ היטעלע און אַ פּאָר הענטשקעס — אַלץ אין פּאַסן. מיר זעען אויס ווו די משו־געים און דערקענען זיך נישט.

דער לאַגער־עלטסטער, אָנגעטון אין געפּאַסטע הויזן מיט גלאַנציקע



אַ דייטשער קאָנצענטראַציע־לאַגער

שטיוול, אַ שוואַרצן ראָק מיט אַ גרינעם ווינקל (אַן אַלטער פאַרברעכער) פירט אונדז אין די בלאָקן, גרילצנדיק: „איינס, צוויי, דריי, פיר גלייכע שריט; איר פאַרפלוכטע מויזער־געזיכטער, גלייכע שריט!”. באַלד פאַלן שטעקנס אי־בער אונדזערע קעפּ און דאָס בלוט גיסט זיך שוין. פאַרמאַטערטע אויסגעשעפּטע מוזן מיר מאַרשירן מיט מיליטערישע שריט.

די צוגעגרייטע בלאָקן זענען: 33, 31, 30. איך בין אין בלאָק 30. צו־זאַמען מיט מיר איז אויך דאָ ווייס, דער שעף פון וואַגאָן, מיט זיינע געהילפּ־פיקאַרט און שטערן, מיין חבר מאָריס רעזניק, שוסטערמאַן מיט צוויי זין

יוריסט (וואָס איך האָב אים געקענט פון פּאַריז), שיקאַרע, שלאָס (אַ הענדלער פון סען־אַנטואַן) מאַקס ווינס (אַ ייד פון ווין וואָס איז מיט מיר געקומען פון ניצע קיין דראַנסי) און נאָך פיל פראַנצויזישע יידן, וועמענס נעמען איך קען נישט. אין בלאָק 30, ווו מיר זענען געקומען, איז דאָ אַ יידישער שטובן־עלטסטער, מאַקסים — פון דייטשלאַנד.

מיר ליגן שוין טיף אויסגעשעפּטע אויף שטרוי־זעק. דער שטובן עלטסטער מאַקס מעלדעט, אַז היינט באַקומען מיר קיין פרעסן. מאָרגן וועלן מיר באַקומען ברויט און זופּ. שוין 4 טעג ווי מיר האָבן פאַרלאָזט דראַנסי און ביז היינט נאָך קיין עסן נישט באַקומען. אַזוי ליגנדיק, שלאָפן מיר איין, דאָס איז געווען די נאַכט פון פרייטיק אויף שבת, דעם 11־טן דעצעמבער, 1943.

טיף פאַרמאַטערט ליג איך און טראַכט פון טאָג, וואָס איז געווען אַזוי פייגלעך. דער זייגער איז 4 פאַרטאָג, איך הער ווו ערגעץ צעקלינגט זיך אַ גלאָק, וואָס וועקט צום אויפשטיין און גלייך צעשרייט זיך דער שטובן דינער מאַקסים: „אויפשטיין! אויפשטיין! בעטן מאַכן! פענצטער אויפמאַכן!”, זיין קול ווערט הינטישער פון מינוט צו מינוט און עס פאַלן קלעפּ. — „פאַרשטייסט דאָס נישט, דרעק־זאַק, דער גלאָק האָט שוין געקלונגען. אויפשטיין און בעטן בויען” און דערביי דראָט ער, אַז ווער עס וועט נישט מאַכן גוט דאָס בעט, וועט באַקומען 10 אויפן „אַזש” (אויפן הינטן), און טאַקע אין אָונט באַקומען אַ סך די צוגעזאָגטע שטעקנס. דער פאַרמשפּעטער מוז זיך, לייגן אויף אַ טאַבורעטקע מיטן הינטן אַרויף, און דער בלאָק־עלטסטער מיטן שטוב־היטער קלויבן אויס אַ געזונטן פּאָליאַק וואָס האָט ליב צו שלאָגן אַ „יודע”. די קאַפּאָס שטייען אַרום, הער „שטובן־עלטסטער” (אָדער דער „שטובן־דינער”) ציילט, און דער פּאָליאַק לאָזט אַראָפּ דעם שטעקן מיט דער גאַנצער קראַפט. אלע ארום לאַכן ווו דער קרבן וואלגערט זיך פאַר ווייטיק. אויך איך בין געווען פון די קרבנות.

דער גלאָק קלינגט ווידער און די קאַפּאָס שרייען: „אַרבעט קאָמאַנדע אינטרעטן צום אַפּעל”. אַזוי קלינגט דער גלאָק אויך צום אָפּמאַרש. דורך דעם גלאָק זאָגט מען אָן ווען אויפשטיין, ווען זיך צו לייגן, אָדער ווען מען הענגט עמעצן. דעמאָלט רופט מען אַלע העפטלינגען זיך צו זאַמלען כדי בייצוזיין די עקזעקוציע, אָדער צו אַנדערע פּייניקונגען.

שבת באַקומען מיר ברויט מיט זופּ. מיר הויבן זיך אָן באַקענען מיט די לאַגערגעזעצן, לויטן איינזען פון די קאַפּאָס. אין אָונט נאָכן אַפּעל, לייגן מיר זיך ווידער אויף די שטרוי־זעק און טראַכטן פון נעכטיקן טאָג. צו קיין ארבעט האָט מען אונדז נאָך נישט גענומען.

זונטיק, דעם 12־ דעצעמבער, 1943 — אָפּרו־טאָג פאַר די העפטלינגען. נאָך יעדע 15 טעג אַרבעט באַקומען די העפטלינגען איין טאָג רו. דער אַפּעל קומט דעמאָלט פאַר איינמאָל אין טאָג — 12 פאַרמיטאָג (געווינלעך — 2 מאָל אין טאָג) ביז 2. מוז אלץ זיין אין אָרדנונג. דאָס הייסט: זיין געשוירן, ראַזירט

אדורכגעפירט דעם לייז־קאָנטראָל. פון 12 ביז 1 — דער אַפּעל; 3 ווערט פאַרטיילט די זופּ. דערנאָך זענען די הפּעטלינגען פריי... צו ווערן געפּייניקט.

אין אָוונט, צוריקקומענדיק פון אַפּעל, מעלדעט אונדז דער בלאָק־עלטסטער, אַז דער לאַגער עלטסטער קומט אונדז אָנקוקן צו אַלץ איז ביי אונדז אין אָרדנונג, דערביי זאָגט ער, אַז אַלץ מוז זיין אין בעסטער אָרדנונג, און יעדער מוז זיין ביי זיין בעט.

עס דערנעטענרט זיך די שעה, מיר שטייען אלע ביי די בעטן, ווו מיר שלאָפן, יעדערער קאָנטראָלירט זיך, צו אַלץ איז ביי אים אין אָרדנונג.

צו דער באַשטימטער צייט קומט דער לאַגער־עלטסטער. עס דערהערט זיך א געשריי פון שטובן־עלצטן:

„אכטונג, מיצן אָפּ“! יעדער שטייט ביי זיין בעט ווו צוגעשמידט, דאָס בלוט אין די אויערן גליווערט, מיר רירן זיך נישט פון אָרט און באַוועגן נישט מיט קיין אבר, עס הערט זיך דאָס שווערע סאָפּן פון אַלע העפטלינגען, (200 אין אַ בלאָק), די הערצער קלאַפּן.

פאַר אונדזערע אויגן טראָגט זיך דורך אַ קאָלאָס מיט ווילד געשוירענע האָר, אַ פּנים רויט פון רציחה, ער גייט טריט ביי טריט און קריצט מיט די ציין. ער זוכט אַ קרבן, פרעגט פון צייט צו צייט ביי יעדן זיין געבוירן אָרט, דערביי זידלט ער „פאַרדאַמטע יודן“ מויזנגעזיכטער, צו וועט איר שוין וויסן ווו אזוי מען דאַרף זיך זויבער האַלטן? איך וועל אייך ווי די הינט הענגען. פון דאַנען קומט איר נישט אַרויס! אין אַ סאַנאַטאָריום זענט איר, איר שווינען: קרעציקע פראַנצויזן! נעגער ראַסע! אַ קריג האָט איר געוואָלט?!“

אזוי גייט ער פּאָוואָליע מיט אַ רוט אין האַנט. אין בלאָק הערשט אַ טויטע שטילקייט, בלויז דער בלאָק־עלטסטער באַגלייט אים טריט נאָך טריט.

מיר אָטעמען שווער. יעצט גייט ער שוין אין דער דריטער רייע, ווו ער געפינט אַ קרבן, און שוין פאַלן קלעפּ. איינער איז נישט געווען ראזירט. מיר זעען זיין ברוטאַלקייט און קוקן צו דעם קרבן, וואָס ליגט שוין אויף דער ערד באַגאָסן מיט בלוט, ער מוז זיך שנעל צוריקשטעלן, דאָס פּנים פון קרבן איז אָנגעלאָפן, פון דער נאָז גיסט זיך בלוט, איצט באַנוצט ער זיין רוט, ער שמייסט אים איבערן פּנים, די קולות פון קרבן זענען שרעקלעכע און ער ליגט שוין ווידער אויף דער ערד. איצט קאָפּעט ער אים מיט זיינע שטיוול אין בויך אריין און לאכט דערביי:

„די באדאגליע, האָסט אונדז געוואָלט פאַראַטן, פאַרדאַמטער איטאַליענער, אַרמיסטיציאַ האָט זיך דיר פארוואָלט?! (דער נישט ראזירטער איז געווען אַן איטאַליענער ייד) אזוי זידלענדיק דעם איטאַליענער פארלאָזט ער דעם בלאָק. עס הערט זיך נאָכאַמאָל אַ געשריי פון בלאָק־עלטסטן: „אַכטונג!“ דער לאַגער־עלטסטער איז אַוועק. מיר אָטעמען לייכטער אָפּ.

אַזוי האָט אויסגעזען דער ערשטער וויזיט פון לאַגער־עלטסטן אין בלאָק 30, זונטיק, דעם 12־טן דעצעמבער. מיר באַקומען אונדזער פּאָרציע ברויט און

דעם ליטער זופּ. זעענדיק דאָס טרויעריקע ספּעקטאַקל, וואָס איז היינט אָונט פאַרגעקומען אין בלאָק, פאַרשטייען מיר שוין די ריכטיקייט פון די רייד, בעת אונדזער אָנקומען אַהער, מיר הויבן אָן באגרייפן, וואָס דאָ קומט פאָר. נישט איינער פון אונדז טראַכט זיך פאַרוואָס ער איז נישט אַוועק מיט זיין פרוי און קינדער.

דער גלאָק קלינגט ווידער. מיר לויפן אויפן אַפּעל־פּלאַץ. צוזאמען מיט אונדז שטייען אַלע העפטלינגען פון מאַנעוויץ — 11000 מאַן. אַלע שטייען און ציטערן, נאָכן ציילן גייען מיר צוריק אין די בלאָקן. דאָרט מעלדעט אונדז דער שטובנדינער, אַז מאָרגן גייען מיר שוין אויף אַרבעט. עס הויבט זיך אָן פאַר אונדז די גאַנצע ביטערקייט.

מאָנטיק, דעם 13־טן דעצעמבער, פאַרטאָג, דער זייגער איז 3.30. מען וועקט אונדז. מאַקסים, אַלייך אַ ידישער העפטלינג, איז נישט ווינציקער ברוטאַל ווי זיין באַלעבאָס, „אויפשטיין!” גרילצט ער מיט דער גאַנצער ווילדקייט, שנעלער גייט דאָס נישט, קרוציפיקס!” און דערביי לאָזט ער זיין קניפּל איבער אונדזערע קעפּ. זיין דייטשע הינטיש ריטשען איז נישט אַנדערש ווי פון די פאַרשאָלטענע ס. ס. אויך ער ווילדעוועט אויף אונדזער טראַגעדיע.

מיר באַקומען די פאָרציעס ברויט מיט מאַרגארין, און באַלד יאָגט ער אונדז אַרויס פון בלאָק. אין דרויסן איז פינצטער. „איינטרעטן!” שרייט ער. מיר שטייען פארן בלאָק, צו 5 אין אַ ריי. דאָ קומט אַ קאַפּאָ, אויפן האַנט־באַנד אַ נומער 63, אַ העפטלינג ווי מיר אין פּאַסן־קליידער מיט אַ רויטן ווינקל. אַ פּאָליאַק פון לובלינער ראיאָן, (אַ רויטער ווינקל באַדייט אַ פּאָליטישער). ער ציילט שנעל אָפּ 40 שטיק. אין דרויסן הויבט אָן ליכטיק ווערן, דער קאַפּאָ מאַרשירט מיט אונדז ווי מיט רעקרוטן. נאָכן אַפּעל טרעטן מיר אריין אין ארבעטס־קאָמאַנדע. צוזאמען מיט די 11000 העפטלינגע פון מאנעוויץ מארשירן מיר צו דער אַרבעט אויפן ארבעט פעלד וואָס הייסט באנא.

מיר מארשירן צום טויער וואָס פירט אויסער דעם לאגער, דער קאַפּאָ גייט אין דער לינקער זייט פון דער ערשטער ריי און שרייט כסדר: — לינקס, לינקס, נאַזע הויך, אָפּגיין לינקס, לינקס. דער וועג צום טויער איז באַשטעלט מיט ס. ס.־לייט, באַוואָפנטע מיט מאַשין־געווער.

ווען מיר קומען פארן טויער הערט זיך ווידער: „לינקס, לינקס, נאַזע הויך, מיצן אַפּ!” דאָ גייען מיר ווי האָלץ־פיגורן מיט די היטלעך אין דער רעכטער האַנט און באַוועגן נישט מיטן קאָפּ. דער קאַפּאָ מעלדעט דאָ: קאָמאַנדאָ 63, העפטלינגען 40 שטיק. מיר זענען פאַרן טויער. אַ קאַפּעליע פון 12 מענער אין פּאַסן־קליידער קלאַפּן כסדר מיט מוזיק־אינסטרומענטן אַ מיליטערישן מאַרש. פּאַרטויבט צו ווערן.

אַזוי מאַרשירן אַדורך די אַלע פיגורן אין פּאַסן פאַרן טויער פון גיהנום. דאָ שטייען אַלע לאגער פירער, (דער שטורם־פירער, דער אַרבעט־פירער, דער ק. א. ב. פירער) און פיל ס.ס.־לייט מיט מאַשין־געווער, אַלע באַוואַכן די שוצ־

לאָזע אויסגעמאַטערטע העפטלינגען. די באַנדע מערדער טוען כסדר זייער טייוו־לאָנישע אַרבעט.

דער וועג פון לאַגער ביז באנא (דאָס אַרבעטס־פּלאַץ) איז 4 קילאָמעטער. אויף יעדער 50 טריט שטייט אַן אויסגעבויטער אָבסערוואַציע־פּונקט פון 2 עטאַזש, ווו אַ באוואָפנטער ס.ס.־מאַן אָבסערווירט דעם וועג בעת די העפטלינגען מאַרשירן אַרויס פון לאַגער, פאַרצוימט מיט עלעקטערישע דראָטן. ווי איז צו דעם, וועלכער קאָן נישט מער מאַרשירן; דער ווערט גלייך אַרויסגעשלעפּט פון דער ריי און געשטעלט אָן אַ זייט. אַזוי זאַמלט זיך אָן יעדן טאָג אַ גרעסערע צאָל. ווען אַלע קאָמאַנדעס האָבן אַרויסמאַרשירט פון לאַגער, נעמט מען צוזאַמען אַלע די וואָס האָבן דאָס מער נישט געקאָנט מיטמאַכן, צו קאָנטראָלירן אין דעם קראַנקן־הויז, ווער עס איז נאָך פעיק צו דער אַרבעט; ווער ס'איז שוין אויסגעשעפּט, איז זיין גורל אָפּגעמשפּט. אַזוי טויטן זיי יעדן טאָג. צוזאַמען מאַרשירן מיר מיט די העפטלינגען אויף באנא. די וועגן, וואָס פירן צו דעם אַרבעטס־פּלאַץ, זענען באַדעקט מיט די פאַרשידענע פּאַסן־פיגורן. אָבער אויך דאָ זענען מיר באַוואַכט מיט די ס.ס.־לייט און אַרומגעצוימט מיט עלעקטרישע דראָטן וואָס מאַכן נישט מעגלעך, זיך צו דערנענטערן צום אַרויסגאַנג פון אַרבעטס־פּלאַץ.

דער קאַפּאָ 63 ווייזט אונדז אָן אונדזער אַרבעט. מיר גראָבן פאַרפרוירענע ערד. דער פאַך־אַרבעטער, אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען פראַנעק, ווייזט אונדז ווי אַזוי מיר דאַרפן אַרבעטן, דערביי זידלט ער אויך די „פאַרשיווע זשידעס".

די אַרבעט אונדזערע איז נישט קיין לייכטע: קלאַפּן מיט די פּיקעס אין דער געפרוירענער ערד וואָס וויל זיך נישט אונטערגעבן.

12 אַ זייגער הערט מען אַ סירענע וואָס זאָגט אָן מיטיק־צייט. מיר באַקומען עפּעס אַזעלכעס — נישט צום פאַרדייען. די ערשטע טעג איז דאָס עקלהאַפטיק, אַ ביסל שפּעטער עסן מיר שוין מיט אַ גוטן אַפּעטיט. די 45 מינוט פון מיטיק עסן איז אַריבער, און ווידער אַרבעטן מיר דאָס זעלבע.

דער טאָג פאַרענדיקט זיך ווען עס ווערט פינצטער. מיר גייען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע קאָמאַנדעס אין לאַגער. אונדזערע אַרבעטס־שעה'ן זענען פון זון־אויפגאַנג ביז זון אונטערגאַנג — פון טאָג ביז נאַכט — קיין זייגער קענען מיר נישט. ווייטער גייען מיר צוזאַמען אַלע 40, און דער קאַפּאָ 63 פירט זיין קאָמאַנדע. ווען מיר קומען ווידער נאָענט פאַרן טויער, הערט זיך די אויסגעשרייען פון קאַפּאָ, דאָס באַקאַנטע: „לינקס, לינקס, נאַזע הויך!" ווי האָלץ פיגורן שטייען מיר פאַרן טויטן־טויער. דער קאַפּאָ שרייט: „מיצן אַפּ, קאָמאַנדאָ 63, 40 העפטלינגען, לינקס, לינקס, מיצן אָפּ!" און ווידער שלעפּט מען אַרויס די וואָס קענען ווייטער נישט גיין און מען שטעלט זיי אָן אַ זייט. יעדן מאָרגן, יעדן אָוונט איז מען נישט זיכער מיטן לעבן, מיט האַרצקלאַפּע־

ניש מאַרשירן מיר אַריין אין לאַגער, גלייך. קומט פאָר דער אַפּעל, אַלע העפּטלינגען זענען שוין אויפן אַפּעל־פּלאַץ.

אויפן אַפּעל־פּלאַץ שטעלן מיר זיך צו צום בלאָק 30, דער בלאָק־עלטסטער קו'קט אונדז אָן מיט פאַראַכטונג און ציילט זיינע 200. זיינע הענט באַוועגן זיך שנעל, ער זשאַלעזועט נישט קיין פּעטש אָדער אַ קאַפּע אין בויך אַריין.

מיר שטייען צוזאַמען מיט אַלע 61 בלאָקן, וואָס ווערן געציילט פון די ס.ס.־קאָנטראָלערן. מיר שטייען אין לאַנגע רייען אויסגעשטעלט מיליטעריש, עס הערט זיך אַ ריטש פון לאַגער־עלטסטן: „מיצן אָפּ", עס שפּאַצירט אַדורך דער באריכט אָפּנעמער. אַלץ קומט פאָר פּינקטלעך. עס הערט זיך דער צווייטער באַפעל: „מיצן אויף", די מוזיק קלאַפּט, און מיר מאַרשירן אין די בלאָקן אונטער דער קאָמאַנדע פון בלאָק־עלטסטן. פאַרן בלאָק פירן 2 פון בלאָק־עלטסטן באַשטימטע העפטלינגע ווידער דורך אַ קאָנטראָל. נאָכן קאָנטראָל לויפן זיך אַלע וואַשן, דערנאָך, לויט נומערן, — באַקומט יעדער דעם ליטער זופּ, און — אויפן שטרוי־זאַק. אַזוי פון 4 פרי ביז 9 אָוונט אָן אָפּרו. ווען מיר ליגן שוין אויף די שטרוי־זעק קומט פאָר אַ פּיס־קאָנטראָל דורכן בלאָק־עלטסטן (מיט אַ גרינעם ווינקל). ער נעמט זיך צו הילף 2 געזונטע פּאָליאַקן, וואָס האָבן נישט פיינט צו שלאָגן ייִדן, באַקוקן די פּיס פון די וואָס ליגן אין די פּריטשעס. וועמענס פּיס ס'זענען נישט זויבער, דער באַקומט מיטן גומענעם שטעקן און מוז לויפן נאַקעט און באָרוועס ווינטער זיך וואַשן די פּיס. צוריקקומענדיק ווערט מען נאָכאַמאָל קאָנטראָלירט, און נאָכאַמאָל זענען די פּיס איינגעטראָטן לויפנדיק אָן שיך, אַזוי פאַרווילן זיי זיך.

מיר אַרבעטן שווער. אין אָוונט לאַדן מיר אויס צעמענט פון די וואַגאָנען, מיר שלעפּן 50 קילאָדיקע זעק צעמענט, מיר האָבן צו גיין אַ 150 מעטער פון דעם וואַגאָן ביזן אָרט פון אָפּלייגן דעם צעמענט. דער קאַפּאָ יאָגט, ער וויל מיט אַ כיוון אונדז פאַרמאַטערן. מיר לויפן מיט צעריסענע האָלץ־שיך און פאַלן כסדר. דער קאפּאָ ווערט ווילד, די מידע אויסגעמאַטערטע קאָמאַנדע האָט קיין כוח נישט צו גיין, און ער טרייבט מען זאָל לויפן, ווער ס'פאַלט מיטן זאַק צעמענט, ווערט דער קאפּאָ נאָך ווילדער און האַקט מיטן שטעקן. „אַלע פאַרשיווע זשידעס"! שרייט ער, דער פּוילישער לערער פון לובלין, דער קאַפּאָ אין לאַגער — און העלפט צו פאַרניכטן די ייִדן. „ווילן מאַכן געשעפטן, אָבער נישט אַרבעטן, איך וועל אייך שוין אויסלערנען אַרבעטן. איר זענט שולדיק אין קריג, צוליב אייך לײַדן מיר פּאָליאַקן. איר פוילע זעק, פּאַסקודנע זשידעס!"

ווען עס ווערט טונקל, רוקן מיר זיך אַריין אין לאַגער. מיר זענען פון די לעצטע קאָמאַנדעס, דער פּוילישער קאפּאָ רוקט זיך מיט אונדז אַריין אין לאַגער פון די לעצטע, און מיר, אויסגעמאַטערטע, מוזן נאָך לויפן 4 קילאָמעטער, אַ צעשלאָגענער, וואָס האָט אפילו נישט קיין כוח צו גיין, מוז לויפן, און פאַרלירט דערביי אַ האָלץ שיך. דער ווילדער קאַפּאָ דערלויבט אים נישט אָנצוטון

דעם שיך, און ער מוז לויפן מיט איין שיך אין האַנט אין אַ קאַלטן דעצעמבער־טאָג.

אַזוי דערשלאָגן ליגנדיק אויפן שטרוי־זאַק, טראַכט נישט איינער, אַז ס'איז אפשר גלייכער צו גיין צו די עלעקטרישע דראָטן, איידער אַזוי צו ווערן געפּייניקט.

אויף צומאָרגנס זענען מיר שוין מיט 2 ווינציקער, ביידע קרבנות זענען אין ק. א. ב. (קראַנקן שטוב) און פון דאָרט קומען ווייניק צוריק. היינט איז רו־טאָג. דער זייגער איז שוין 8, דער גלאָק קלינגט אויפצושטיין. פון 8 ביז 12 טוען מיר די אַרבעט פון די רו־טעג, און מיר טראַכטן פון דער זופּ, וואָס מיר וועלן היינט באַקומען, די פּאָרציע ברויט מיט מאַרגאַרין איז שוין לאַנג נישטאָ.

מען דערקלערט „בלאָקשפּערע“ — מיר טאָרן מער נישט אַרויס פון בלאָק. מיר זענען אַלע פאַרמאַכט און קאָנען ווערן אָפּגעמשפּט פאַרברענט צו ווערן. וואָס הייסט „בלאָקשפּערע“, ווייסן מיר שוין. מיר זענען אַלע דערשראָקן און טראַכטן מער נישט פון דער זופּ, עס גייט שוין מער נישט אַריין אין האַלדז קיין עסן. מיר זיצן דערשלאָגענע. די טירן און די פענצטער באַוואַכט דורך די קאַפּאָס. דער בלאָק־עלטסטער באַפעלט אונדז, זיך אויסצוטון און זיך איינשטעלן נומערוויז, אַלץ מוז גיין שנעל. מיר זענען ווי פאַרגליווערט, די הערצער קלאַפּן נערוועז און שוין לעשט זיך אויס אונדזער יונג לעבן. 200 מענער שטייען נאַקעט מיט האַרץ קלאַפּעניש און וואַרטן אַדורכגיין דורכן מלאך־המות, ווער ווייסט וועמען ער וועט אין אויוון אַריינשיקן, ווער פון די, וואָס שטייען דאָ, וועט שוין מאָרגן נישט לעבן? אונדזערע נאַקעטע קערפּערס זענען געגרינצלט. עס הערט זיך אַ ריטש־: „אַכטונג“! דער טייוול, אַ הויכער אין ברילן אין אַ פּעלץ מאַנטל. זיינע 2 באַגלייטער, איינער אַ ס. ס., דער צווייטער דער ק. א. ב. עלטסטער פון מאַנעוויץ. זיי דריי שיקן יעדן טאָג הונדערטער העפטלינגען אין קרעמאַטאָריע. 200 אויסגעדאַרטע קערפּערס, פאַרגליווערט פון פּיק, ציען זיך דורך פאַר דעם ס. ס.־אָפיציר און דעם ק. א. ב.־„סאַניטאַר“. דער וואָס מוז מאָרגן אומקומען, ווערט ביי אים זיין קאַרט צוגענומען. דער בלאָק־עלטסטער, וואָס האַלט די קאַרטן, אין האַנט, גיט דאָס איבער דעם ס. ל. מאַן, דער ס. ס. גיט דאָס איבער דעם ק. א. ב.־עלטסטן, אַזוי קומט פאָר די פּראָצעדור. אין 45 מינוט זענען 34 לעבנס פאַר־משפּט צום אומקום. עס דערהערט זיך ווידער „אַכטונג!“ דער טייוול מיט זיינע 2 געהילפן זענען אַוועק.

מיר זענען אין בלאָק, און זעען שוין דעם מאָרגנדיקן טאָג מיט זיין גאַנצן גרויל. די אָפּגעמשפּטע ווייסן, אַז מאָרגן וועלן זיי אומקומען. מיר אַלע שטיקן זיך פון טרערן, קוקנדיק אויף זיי. דער יוגאָסלאַווישער ייד פון מיין קאָמאַנדע געזעגנט זיך מיט מיר, זיין נאָמען איז דויטשער, געבראַכט

פון איטאַליע אין ענדע 1943. דער צוויטער, וואָס שלאָפט אין בעט נעבן מיר, קאנסטאנטין, אַ יוריסט פון איטאַליע, אויך ער איז פאַרמשפט מאָרגן אומצוקומען. ער וויינט.

פון מיין קאָמאַנדע 63 גייען אַוועק 6 מענטשן אין קרעמאַטאָריע.

ווידער אַ טאָג ווי אַלע טעג. מיר שטייען און אַרבעטן ביים אָנפילן ערד אין לאָרעס (וואַגאָנעטקעס) און מיר שטופּן די לאָרעס אָנשטאָט מאַשינעס, די אַרבעט איז שווער. איך אַרבעט מיט דער לאָפּאַטע. די נעכטיקע סעלעקציע לאָזט מיר נישט צורו.

דער קאַפּאָ רעדט צו אונדז וועגן דער נעכטיקער סעלעקציע ווי אַ זאַך, וואָס איז נאַטירלעך. די וואָס קאָנען נישט אַרבעטן, טאָרן נישט עסן, בפרט זשידעס. ער זאָגט אַז נעכטן זענען אַוועק 6 פון אונדזער קאָמאַנדע, מאָרגן קאָנען נאָך אַוועק אַנדערע 10. דאָס אַרט אים נישט, ער דינט טריי די ס.ס. און איז אַן איבערצייגטער אַנטיסעמיט; ער באַרעכטיקט די היטלער־מערדער, וואָס פאַרניכטן די יידן. ער באַרימט זיך מיט זיין ווילדקייט, ער האָט שוין אויך פיל גריכן און פראַנצויזן אין אויוון געשיקט. צום סוף פון טאָג זאָגט ער אונדז זיינע שטענדיקע זידלווערטער: „איר פאַרשיווע „זשידעס“ וועט אַלע גיין אין קרעמאַטאָריע; איר וועט פון דאַנען קיין לעבעדיקע נישט אַרויס“. — אַזוי רעדט צו אונדז מיטעק, דער קאַפּאָ פון דער קאָמאַנדע 63, דער געוועזענער פּוילישער לערער.

ווי יעדן טאָג קלינגט ווייטער דער גלאָק אויפצושטיין און ווייטער דאָס טאָג טעגלעכע מיט דער גאַנצער בייזקייט. אין דרויסן איז שרעקלעך קאַלט, די ווינטן רייסן שטיקער. די אַרבעט, וואָס מיר מאַכן איז שטענדיק די זעלבע. מיר זענען אויסגעפרוירן און פאַרהונגערט, אויסגעמאַטערט און פאַרפּייניקט אַ גאַנצן טאָג פון 4 פאַרטאָג ביז 9 אָוונט, יאָגט מען אונדז. מיר זענען שוין געוואָרן פאַרוואַנדלט אין גייענדיקע האַלץ־פיגורן, וואָס טוען יעדער זאַך אָן פאַרשטאַנד, אָן געפיל, און יעדן טאָג דאָס זעלבע.

אין אָוונט קומען מיר אויפן אַפּעל־פּלאַץ אין די טויזענטער, איינגעריסן פון אויסלאָדן קוילן אָדער צעמענט; מענטשן מיט אויסגעלאָשענע אויגן, איינגעהויקערט פון קעלט: מענטשן מיט געשוואָלענע פּנימער, שוואַרץ ווי פון גומע אָנגעבלאָזן, גראָבע ליפּן מיט שוואַרצע רינגען אונטער די אויגן, פאַרמיאָסט און צעבראָכן, פון אַלע הערט זיך איין גרויסער קרעכץ: ווען וועט עס שוין נעמען אַ סוף...

* * *

אַנשטאָט אין אָוונט, מאַרשירן מיר היינט 2 אַ זייגער אין לאַגער אַריין, פאַר אונדז איז עס אַ נייעס, ווען מיר קומען אויפן אַפּעל־פּלאַץ, באמערקט זיך אַז עפּעס קומט פאָר. מיר, די גרינע אין לאַגער, זענען איבערגעשראָקן. מיר שטעלן זיך אויס: 11000. מיר שטייען אויך נאָכן אַפּעל מיט אַנטבלויזטע

קעפּ און קוקן אין דער ריכטונג ווו די ס.ס. לייט געפינען זיך. עס קומען אָן סאָלדאַטן מיט מאַשין־געווער און קאַסקעס אויף די קעפּ.

עס רייסט זיך דורך אַ דונערדיקע שטים פון לאַגער־עלטסטן: „מיצן אָפּ“ מיר שטייען ווי איינגעמויערטע און רירן זיך נישט פון אָרט, אונדזערע בליקן זענען אָנגעשטרענגט אין דער ריכטונג פון די ס.ס. לייט. באַלד לייענט מען אַ טויט־אורטייל: פאַרמשפּט צום טויט דורך הענגען פאַרן וועלן אַנטלויפן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. מיר הערן דעם פּסק־דין און שטרענגען אָן אונדזערע בליקן צו דער תליה, וואָס שטייט נעבן בלאָק 4. איינער אין פּאַסן קליידער שטייט אונטער דער תליה מיט די הענט געבונדן אויף הינטן, אַ צווייטער הע‌פטלינג, אויך אין פּאַסן־קליידער, פאַרלייגט דעם פאַרמשפּטן די פּעטליע. ס'הערט זיך דער קלאַפּ פון דער דעק, אויף וועלכע דער פאַרמשפּטער איז געשטאַנען און דער געהאָנגענער וואַרפט זיך נאָך אַ פּאָר סעקונדן... די 11000, מוזן אַדורכמאַשירן און זעען דעם געהאָנגענעם. וואָס זעט איצט אויס ווי אַן אַראָפּהענגנדיקע, אָבגעבראָכענע צווייג.

אייניקע פון אונדזער בלאָק ליגן אין ק.א.ב (קראַנקענשטוב.). און אויך איך בין שוין קראַנק. וויסנדיק פון דעם וואָס דאָ קומט פאָר, טראַכט איך וועגן מיין ריי, ווייל אַלע וואָס ליגן אין קראַנקן־הויז, זענען קאַנדידאַטן קיין אוישוויץ. אַזוי גייען פאַרביי טעג נאָך טעג און איך קעמף מיט זיך, ווייל נישט גיין אין קראַנקן־הויז, די היץ שטייגט און איך ברען ווי פייער, די שווערע אַרבעט לייגט מיך אַוועק. אין אָוונט ווען מיר קומען פון דער אַרבעט לויף איך דאָך אין ק.א.ב. — מער אויסהאַלטן קאָן איך נישט. ווען איך קום צו צום היץ־מעסטער, ווייזט דער טערמאָמעטער 38.4. דאָס איז זאָגט ער, נישט גענוג צו ווערן אויפגענומען אין שפּיטאָל — מען מוז האָבן נישט ווינציקער ווי 39.5, ווען איך פאַרטיידיק זיך, קריג איך קלעפּ און ווער אַרויסגעוואָרפן. אויף צומאָרגנס מוז איך ווייטער גיין צו דער אַרבעט. איך שלעפּ זיך נאָך מיין קאָמאַנדע און פאַל ביי דער אַרבעט צוזאַמענגעבראָכן. דער קאַפּאָ איז נישט צופרידן; אויך מיך וויל ער שוין פירן אין קרעמאַטאָריע. איך ליג נעבן דער בודע, ווו מען נעמט דאָס געצייג צו דער אַרבעט. די מיטאָג־זופּ עס איך שוין נישט.

אויפן אַפּעל פירט מען מיך אַוועק אין קראַנקן־הויז. דער דאָקטאָר הייסט מיך אַוועקלייגן אויפן באָדן, ווו עס ליגן אַ סך ווי איך און וואַרטן אין דער ריי. יעדן אָוונט ברענגט מען פון דער אַרבעט געפרוירענע, צעריבענע און פאַרשמיסענע. דאָס צימער איז צו קליין אַריינצונעמען אַלע וואָס בעטן הילף. דער היץ־מעסטער גייט פון איינעם צום צווייטן, ביי מיר ווייזט דער טערמאָמעטער 40.1. „מיין יונגע“ — זאָגט ער — „מאָרגן וועסטו שוין זיין אין הימל“...

איך פאַרשטיי, אַז איך בין שוין אויך פאַרטיק, היינט איז שוין דער

72־טער טאָג זינט איך געפין זיך אין דעם גהינום. דער קאַפּאָ קלערט וויג־ציק פון די וואָס ער מאָרדעט אויס! ער באַרימט זיך, אַז יעדע 3 חדשים שיקט ער אין קרעמאַטאָריע אַ קאָמאַנדע פון 40 אָדער 50 העפטלינגען.

איך בין ביי דעם פולן באַוווּסטזיין, איצט בלייב איך שוין אין קראַנקן־הויז, פונוואַנען ס'גייען ווינציק אַרויס. יעדן טאָג זענען פאַראַן פיל טויטע. די „מוזלמענער" (אויסגעשעפּטע) וואָס מען ברענגט אַהער, האַלטן נישט לאַנג אויס.



די קאַפּאָס לאָדענען אומגעקומענע צו פאַרברענען אין קרעמאַטאָריע

איך זע מיין היים, מיינע 4 ברידער און 2 שוועסטער, מיין אַלטע טאַטע־מאַמע, מיין גרויסע משפחה. איך טראַכט צו ליידט נאָך ווער פון זיי. איך טראַכט פון מיין ברודער, וואָס איז דעם 16 יולי 1942 צוגענומען געוואָרן פון פּאַריז. לעבט נאָך ווער פון מיינע נאָענטע?

איצט איז מיין ריי. מיין ווייטיק איז גאָר שרעקלעך ווען איך טראַכט פון מיין טייערן זונעלע. ער איז נאָכנישט קיין 4 יאָר אַלט. צו וועט ער וויסן ווי אַזוי זיין טאַטע איז אומגעקומען? אָדער איז ער אויך שוין פון די ברוינע מערדער פאַרשלעפּט געוואָרן קיין אוישוויץ?

קורט, דער פלעגער פון קראַנקן־הויז, רייסט איבער מיין רעדן צו זיך. איך קוק אויף אים מיט ווילד ברענענדיקע אויגן. איך זאָג אים: „מיין

זונעלע איז נאָך קיין 4 יאָר אַלט און שוין מוז ער בלייבן אַ יתום. דער פלעגער הערט מיין רעדן און וויקלט מיך איין אין אַ נאַסע שמאַטע.

ווען איך וועק זיך אויף, איז שוין אין דרויסן גוט ליכטיק, איך זע דורך די פענצטער דעם דיקן שיכט שניי, און דעק זיך צו איבערן קאָפּ, נישט צו זען דאָס וויסטע לעבן פון מיינע מיטברידער, וועלכע מאַרשירן אין טיפן שניי צו זייער געצוווּנגענער שקלאַפן־אַרבעט. מיט שווידער דער־מאָן איך זיך אין מיין קאָמאַנדע. וויפל פאַרפייניקטע אָדער פאַרפרוירענע וועט מען היינט ברענגען צוריק פון דער אַרבעט.

היינט איז דער ערשטער טאָג, זינט איך געפין זיך אין קראַנקען־הויז. מיר איז גוט אין שמוציקן בעט, וואָס שטינקט מיט אייטער פון דעם לעצטן פאַרשטאָרבענעם. ס׳איז מיר וואַרעם, שוין 74 טעג זיך נישט אויסגעשלאָפן, יעדן טאָג זיך געמוזט אויפהויבן 4 פאַרטאָג און שטיין אויף די פיס ביז 9 אָוונט.

ס׳איז שוין אַ שטיק אויף טאָג, און איך ליג נאָך אין בעט. די היץ אין מיר ברענט. מיין שכן, אַ טשעכישער העפטלינג ליגט נעבן מיר און האָלט שוין ביים אויסשפּייען די רעשט לונגען. ער איז שוין ביים פאַרענדיקן און גיט מיר זיין שוואַרצע קאַווע. אויך איך באַקום נישט קיין עסן, נאָר אַ ביסל שוואַרצע קאַווע.

מיין צווייטער שכן דערציילט מיר, אַז מיט צוויי טעג צוריק איז פאָר־געקומען אַ סעלעקציע אין ק.א.ב. מען האָט דעמאָלט אַרויסגענומען 100 מענטשן פירן אין קרעמאַטאָריע, די וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט נעמען, האָט מען געשלעפּט מיט כוח. שפּעטער האָט מען צוריקגעבראַכט זייערע מאַנטלען...

עס איז שוין דער צווייטער טאָג, זינט איך געפין זיך אין קראַנקן־הויז. דער דאָקטאָר, אַ ייד, באַטראַכט מיך פון אַלע זייטן און געפינט אַן אָנצינדונג אין דער לינקער זייט, ער באַרואיקט מיך, אַז קיין וואַסער האָב איך נישט, און זאָגט מיר, אַז ער וועט זיך באַמיען, מיך צו ראַטעווען. קיין מעדיקאַמענטן האָט ער נישט, די ס.ס. גיבן בלויז טויט.

קומענדיק צוריק אין מיין בעט, איז שוין מיין שכן, דער טשעך איבערגעדעקט. ער נעכטיקט מיט אונדז. איך קאָן נישט איינשלאָפן. דאָס קליינע נאַכט־ליכט וואַרפט אויף מיר אַ שרעק. איך טראַכט פון טויט. דער פלעגער קורט וויקלט מיך נאָכאַמאָל איין אין אַ נאַסע שמאַטע, און זאָגט מיר, אַז מיר גייט בעסער. אויך מיין נייער שכן ענדיקט שוין און בלאָזט פון זיך אַרויס די נשמה. שוין 5 טעג האָלט ער זיין גאַנצן רעזערוו ברויט אין אַ זעקעלע אונטערן קאָפּ, און ווייסט נישט, אַז ער וועט זיין ברויט שוין נישט עסן, זיין נאָז איז ווייס ווי קרייד. איידער עס ווערט פינצטער, איז ער שוין טויט. דאָס געפונענע ברויט ווערט צעטיילט פאַר די וואָס קאָנען

עסן. דער הונגער איז גרויס און מען טראַכט נישט פונוואַנען דאָס עסן איז געקומען.

יעדן פרימאָרגן און אָוונט קומען אַריין צעבראָכענע, געשוואָלענע העפט־לינגען, אין אַ גאַנצן טאָג טראָגט מען אַרויס טויטע. מיין דריטער שכן, אַ ייד פון לאָדזש איז אויך שוין טויט. ער איז איינגעשלאָפן אַן אַ קרעכץ. אַזוי גייט עס כסדר.

זעענדיק, וואָס דאָ טוט זיך, ווילט זיך שוין ווידער גיין אין די קאָמאַנדע, דער דאָקטאָר זאָגט, אַז מיר גייט שוין פיל בעסער.

נאָך 23 טאָג אין קראַנקן־הויז, ווער איך באַשטימט צוזאַמען מיט נאָך איינעם אין זעלבן צימער ביינאַכט צו באַדינען די קראַנקע. דערפאַר באַקומט מען אַ צוגאָב זופּ.

שבת דעם 1־טן אפּריל 1944 פאַרלאָז איך דאָס פאַרשטונקענע קראַנקן־הויז, ווו איך בין געלעגן 28 טעג.

איך קום צוריק אין בלאָק 30, ווו איך בין געשלאָפן. דער בלאָק־עלטסטער (אַ גרינער ווינקל: פאַרברעכער) קוקט אויף מיר מיט פאַראַכטונג. ס׳קומט פאַר דער אַפּעל. ווען מיר קומען צוריק פרעגט ער מיך צו וועלכע קאָמענדע איך געהער: ווען ער הערט — 63, חוזקט ער: אַ גוטע קאָמאַנדע...

נאָכן אַפּעל, שטעל איך זיך ווי פריער, צו דער קאָמאַנדע 63. דער קאַפּאָ קוקט אויף מיר מיט איראָניע, זעען מיך אַ לעבעדיקן איז מסתמא נישט זיין פאַרלאַנג, איך בין אים איבעריק. ער האָט שוין פרישע קרבנות, פון די 40 מענטשן, וואָס זענען געווען מיט מיר, זענען געבליבן נאָר דער וואָס האָט אים געפּוצט די שיך און זיינע דריי דינער. אַלע אַנדערע פון פריער זענען שוין נישט געווען. ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן זענען אַלע געוואָרן „מוזלמענער״ און ביי אַ סעלעקציע — צוגענומען.

דער קאַפּאָ פון דער קאָמאַנדע 63, איז אַ באַרימטער אַנטיסעמיט. און העצט אַלע אַנדערע צו שלאָגן די יידן; אויף דעם קאַפּאָ 178, וועלכער איז אַליין אַ גוטער שלעגער. (דער קאַפּאָ 63 הייסט מיעטעק, אַ געוועזענער לערער פון לובלינער קרייז, אין יאָר 1944 געווען אין לאַגער מאַנעוויץ).

קומענדיק צוריק פון דער אַרבעט זעט מען שוין ווייטער 3 תליות נעבן בלאָק 4, ווו עס שלאָפט דער לאַגער־עלטסטער. אַלע מאַרשירן אויפן אַפּעל־פּלאַץ. די ס. ס. לייט קומען אין פולער באַוואָפנונג.

עס רייסט זיך דורך די שטים פון לאַגער עלטסטן: „רוע! מיצע אָפּ!״. אַלע קליינע און גרויסע פון לאַגער שטייען אַנטקעגן אונדז. די פּראָצעסיע איז אין פולן גאַנג.

אַ העפטלינג פון דער שרייבער־שטובע לייענט דעם אורטייל: פאַר־משפט צום טויט דורך הענגען פאַר גנבענען עסן אין דער צייט פון פלוג־אַלאַרם. אַזוי אַלע דריי אורטיילן. מיר, 11000 אין פאַסן־קליידער, מיט אַנט־

בלויזטע קעפּ, האַלטן אײַן דעם אָטעם צו הערן די לעצטע ווערטער פון די צום טויט פאַרמשפּטע.

עפּעס האָבן די קדושים געזאָגט, אָבער צוליב דער ווייטקייט האָב איך גאָרנישט פאַרשטאַנען. ווידער מאַרשירן מיר פאַרבײַ די געהאָנגענע, וואָס דער ווינט באַוועגט זייערע קערפּערס. פאַר זיי איז שוין אַלץ פאַרענדיקט. זיי האָבן זיך אַזויפיל אָנגעליטן, יאָרן זיך געפּייניקט אין הונגער, קעלט און איצט אין 1944, ווען די נאַציס, הויבן אָן קריגן די טויט־קלעפּ אין זייער שוואַרצער סוף דערנענטערט זיך, זענען זיי טויט. עס דערנענטערט זיך דער חודש מאַי, די לופט־אָנגריפן ווערן אָפטער, און מיר האָבן נישט קיין רעכט זיך אויסצובאַהאַלטן. ווען עס פאַלן די באָמבעס, מוזן מיר בלײַבן אויף די ערטער. באַנאַ איז גרויס, אַ גאַנצע שטאָט מיט פאַבריקן וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן דורך די אַהער געבראַכטע שקלאַפן. דאָ אַרבעטן יידן רוסן, פראַנצויזן, בעלגיער, איטאַליענער, פּאָליאַקן, יוגאָסלאַוון, גריכן, טערקן — מענטשן פון גאַנץ אייראָפּע.

אויב נישט פאַרברענט אין קרעמאַטאָריע, ווערן מיר געטויט פון די טראַסקערייען, אונדזערע נערוון זענען ביז גאָר צעשרויפט. ווען די אָפּעראַציעס ענדיקן זיך, זענען מיר ווייטער צופרידן צו זען ווי אַלץ איז צעשמעטערט. נאָכן לעצטן אָנגריף האָבן מיר אויפגעקליבן די קערפּערס, צווישן זיי אויך אונדזערע ברידער, ס׳זענען געווען ביז 225 טויטע און 430 פאַרוווּנדעטע. אַזוי גייט עס כסדר.

ווען מיר מאַרשירן אַרײַן אין לאַגער פון דער אַרבעט, פּאָרט שוין דער ק.א.ב. וואַגאָן צוריק. די דאָקטוירים האָבן שוין זייער אַרבעט געמאַכט — צוגענומען די פאַרוווּנדעטע, און די טויטע געשיקט אין קרעמאַטאָריע.

איך געפין זיך שוין אין אַ צווייטער פיל לײַכטערע קאָמאַנדע — פאַר טראַנספּאָרט. דער קאַפּאָ איז אַ דײַטשער ייד פון בערלין, זײַן פרוי און קינד האָבן די היטלעריסטן פאַרברענט אין אוישוויץ. ער זידלט נישט און שלאָגט נישט. מיר סאָרטירן, רערן, קייקלען זיי פון דערפרי ביז נאַכט. קלויבן צוזאַמען דאָס צעשטערטע פון די באָמבאַרדירונגען, מיר טוען די אַרבעט מיט גרויס פאַרגעניגן, וויסנדיק אַז אַלץ גייט צום סוף. אַזוי לעבן מיר מיט האָפנונג אפשר צו איבערלעבן.

צווישן די לעצטע טראַנספּאָרטן, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן קיין אוישוויץ אין יולי 1944, זענען אויך געווען די אונגאַרישע יידן (אויך פון די קאַרפּאַטן), זיי זענען געזעסן זינט דורות אין די דערפער און אין קליינע שטעטלעך, ס׳רוב — בעלי־מלאכות, איינער דערציילט אַז מען האָט איבער געזאָגט; אַלע פאָרן אין אַ לאַגער אַרײַן אַרבעטן. „נו, האָב איך געטראַכט, צו אַרבעטן בין איך געוווינט, וועט דאָך מיר נישט זײַן שלעכט“. ער איז אַ פאָטער פון 8 קינדער, מיטגענומען די גאַנצע פאַמיליע, צווישן זיי 2

טעכטער, וואָס האָבן געקאָנט איבערלעבן ביי נישט־יידן. ער האָט דאָס געטון, כדי צו זיין צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע...

די אַרבעט אויף די פעלדער איז געווען שווער און ביטער. אין די זומער חדשים — אַ גאַנצן טאָג אין וואַסער, און איבערן קאָפּ די זון, פאַר־ברענט פון היץ און דורשט, אויסגעשמירט אין בלאָטע און צעמענט, מיט געשוואָלענע און אָפּגעבריטע פיס פון די צעריסענע האָלץ־שיך. ווינטער אין די רעגנס און שנייען אָדער פרעסט אויפשטיין 4 פאַרטאָג און שטיין ביז 7 ביינאַכט ביי שווערער אַרבעט אין פעלד, שטענדיק זיין באַדראָט פון טויט דורך סעלעקציע צום פאַרברענען אָדער אַנדערן אופן.

איך געפין זיך אין בלאָק 34. דער בלאָק־עלטסטער איז אַ געשמדטער ייד פון דייטשלאַנד. ער האָט שטאַרק פיינט די מזרח אייראָפּעישע יידן און שלאָגט מכות רצח. ער אַליין טיילט די זופּ און גיסט מיט אַ כיוון דערנעבן. און ווי איז צו דעם, וואָס פאַלט אַריין אין זיינע בלוטיקע הענט. מיר ליגן


אַ גרופּע „העפטלינגע״ ביי דער אַרבעט

שוין אין די פּריטשעס. מיין איצטיקער שכן איז אַ בעלגישער ייד, גע־בוירן אין פּוילן. ער קומט יעצט פון לאַגער מסחר — דאָס הייסט פון דער קאַבינע (קלאָזעט) — די בערזע פון די העפטלינגען. דאָרט ווערט פון זיך פאַרקויפט דאָס העמד, אָדער די שיך פאַר אַ שטיקל ברויט אָדער ביסל זופּ. פון דאָרטן ברענגט ער מיט די שרעקלעכע נייעס, אַז די טעג וועט פאָרקומען אַ סעלעקציע.

די אונגאַרישע יידן, וואָס זענען געקומען מיט די לעצטע טראַנס־פּאָרטן אין 1944 שלאָפן ביז טויזנט מענטשן אין אַ צעלט, וואָס קאָן אַריינ־נעמען בלויז 200. די מענטשן ווערן משוגע פון ענגשאַפט, עס דויערט שעהן ביז מען באַקומט דאָס שטיקל ברויט אָדער די זופּ. דער מצב דאָרט איז זיך שווער פאָרצושטעלן. קומענדיק פון דער אַרבעט דאַווענען זיי מנחה

און מעריב אין דרויסן פאַרן געצעלט, נישט פאַרשטייענדיק ווו זיי געפינען זיך. אַ גרויסער טייל, די שטאַרק רעליגיעזע, עסן נישט די זופּ צוליב כשרות, זיי לעבן מיט דער פּאָרציע ברויט און פאַרקויפן זייער ביסל זופּ פאַר ציגאַרעטן אָדער עפּעס אַנדערש. זיי ווערן שנעל „מוסלמענער".

סעפּטעמבער 1944. עס איז ערב ראש השנה. יידן בעטן דעם בלאָק־עלטסטן ער זאָל זיי דערלויבן דאַווענען צוזאַמען ראש השנה נאָך דער אַרבעט אין בלאָק. וועצל, דער געשמדטער ייד, דער בלאָק־עלטסטער אין בלאָק 34, חוזקט, אָבער — דערלויבט. ראש־השנה ביינאַכט, קומענדיק פון דער אַרבעט, וואַשט מען זיך און יעדער נעמט זיין פּאָרציע זופּ. פון בלאָק פילט מען די גאָטספאָרכטיקייט פון די פרומע יידן. אַ בעל תפילה דאַוונט אויפן קול, און אַלע יידן פון בלאָק דאַווענען מיט. די געוויינען, און דאָס געבעט צו גאָט, ער זאָל אויסלייזן פון דעם גיהנום, גערינצלן אונדזערע לייבער. מענטשן וויינען מיט בלוט אויפן חורבן אוישוויץ.

אויף צומאָרגנס גייען מיר ווייטער צו אונדזער קאַטאָרגע־אַרבעט. יידן שמועסן אַז עס דערנענטערט זיך דער טאָג פון יום־הדין, עס איז ערב יום־כיפור. ווען מיר קומען אין בלאָק נאָך דער אַרבעט, מעלדט אונדז דער בלאָק־עלטסטער, אַז דעם אָוונט איז בלאָק־שפּערע. טיר און פענצטער ווערן באַוואַכט פון די קאַפּאָס. דער בלאָק־עלטסטער און די שטובן־דינער זענען צופרידן, זיך צו באַפרייען פון די „דרעק־זעקע" (אַזוי האָבן זיי אונדז גערופן). זיי שטשירן שוין מיט די ציינער. דאָס האַרץ פאַרקלעמט אין אַזאַ שרעקלעכן מאָמענט, מיר קאָנען זיך נישט באַוועגן און שטייען ווי אָקסן אין שעכטהויז.

דער בלאָק־עלטסטער באַפעלט, זיך אויסצוטון און איינשטעלן נומערוויז. ס׳שטייען נאַקעטע, לעבעדיקע מתים, און די טייוולאָנים מיט שטעקנס אין די הענט. מיר טאָרן נישט רעדן, נישט באַוועגן זיך. עס הערט זיך אַ גרילץ פון בלאָק־עלטסטן: „אַכטונג"! ס׳גייט איינער נאָך דעם צווייטן צום טויט, אַזוי ווערן ווידער 45 לעבנס אָפּגעמשפּט פאַרברענט צו ווערן.

אין מיין בלאָק איז חושך. אַ פאָטער זיצט איבערגעבויגן איבער זיין זון,ביידע זאָגן אַ ותפילה. אין דעם אָוונט איז געווען דער ריכטיקער יום־הדין.

די אָפּגעמשפּטע ווייסן אַז מאָרגן וועלן זיי שוין נישט לעבן, די נערוון זענען אָפּגעשוואַכט, אַלע זענען איינגעוויקלט אין מאָרגנדיקן רויך, וואָס וועט זיך ציען פון קרעמאַטאָריע צום פאַרוואָלקטן הימל. די קאַפּאָס און דער בלאָק־עלטסטער האָבן זיך איצט פאַרמאַכט אין זייער „טאָג־ראום" ווו זיי פרעסן און זויפן.

3 אנשטאט 4 פאַרטאָג פליט היינט אַרום דער בלאָק־עלטסטער מיט זיינע געהילפן איבער די בעטן פון די אָפּגעמשפּטע און נעמען זיי אַוועק

דאָס אָנטועכץ, און שלעפּן די פאַרמשפּטע צו זיך אין צימער ביז אַלע אַנדערע גייען אַוועק אויף דער אַרבעט. דערנאָך נעמען זיי צוזאַמען אַלע אָפּגעמשפּטע און פירן זיי אַוועק אין אַ צעלט, וואָס שטייט אין דער מיט אויפן פּלאַץ אין לאַגער מאַנעוויץ. דאָס מאָל זענען 500 מענטשן פון מאַנעוויץ פאַרמשפּט געוואָרן אומצוקומען. 11 אַזייגער פאַרמיטיק זענען געקומען אויטאָס, זיי אַוועקצופירן אין די גאַז־אויוונס.

ווידער שטייען מיר שוין צווישן טאָג און נאַכט אויפן אַפּעל־פּלאַץ אַנטקעגן די תליות, ווו נייע דריי פאַרמשפּטע שטייען שוין אויף די דעקן. ביים פאַרלייגן די פּעטלע שרייט איינער פון די פאַרמשפּטע אויס: חבריא, די קעפּ הויך! מיר זענען די לעצטע קרבנות, זאָל לעבן די פריי... מער האָט ער שוין נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן...

דאָס יאָר 1944 איז באַלד צום סוף, מיר ווייסן אַז אין פראַנקרייך זענען שוין די לעבנגעבליבענע יידן פריי.

אין די גרויסע קאַבינעס מיט 16 פּלעצער אין יעדער זייט זיצן 32 מענטשן אין פּאַסן קליידער, האַלב אַראָפּגעלאָזט די הויזן און ברומען די מאַרסעליעזע אויף פראַנצויזיש...

ווען מיר זענען שוין אין די בלאָקן, הערן זיך סירענעס, און קנאַקן פון אַוויאָנען. ערגעץ ווי פאַלן באָמבעס, און מיר זענען אין די פינצטערע בלאָקן אויסגעצויגן אויף די שטרוי־זעק. עס הערן זיך רופן „שמע ישראל״. מיר זענען פאַרמאַכט אין אַן עלעקטריזירטער שטייג, נישט אַרויסצובאַקומען זיך פון דאַנען. די שויבן טראַסקען, די בלאָקן ציטערן, אַלץ שפּרינגט אין די לופט. פון ווייטן זעט מען רויטע פייערן רייסן זיך צום הימל, נישט ווייט פון אונדז ברענט אַ לאַגער. מיר ליגן אויף די ערטער און טאָרן זיך נישט באַהאַלטן, נאָר וואַרטן אויפן טויט.

ס׳איז סוף פון יאָר 1944. צוליב זייער יום־טוב, האָבן מיר 2 רו־טעג. אין אָוונט, שוין נאָך דער זופּ, ליגט יעדער אויף זיין שטרוי־זאַק. אין בלאָק 34, ווו איך געפין זיך, זענען פאַראַן פיל גריכישע יידן. איינער ליגט אויפן דריטן עטאַזש און צעוויינט זיך מיט גרויס ווייטיק: „פאַרברענט מיין פרוי מיינע צוויי קינדער, מיין היים פאַרניכטעט״ און אַלעמענס אויגן שטעלן זיך טרערן. אין בלאָק איז שטיל, דער בלאָק־עלטסטער שטערט דאָסמאָל נישט. עס ווילט זיך שוין מער נישט לעבן, אין לאַגער ווערט יעדן טאָג ערגער, אונדזער שפּייז, ווייניקער. ווען מיר קומען צומאָרגן פון דער אַרבעט איז מער נישטאָ קיין ליכט און קיין וואַסער. אַלץ איז צעשמעטערט.

די בלאָק־עלטסטע און די קאַפּאָס ווערן ווילדער. זיי שלאָגן מכות רצח און דערמאָנען אונדז כסדר, אַז פון דאַנען קומען מיר מער נישט אַרויס:

יאַנואַר 1945, מיר פרירן. דאָס אויפשטיין 4 פאַרטאָג איז שרעקלעך.

אויף די פעלדער פון אויבערשלעזיע, די ווינטן בייסן און מיר ווערן צו־זאַמענגעבראָכן פון דער קעלט.

ווען מיר קומען דעם 15־טן יאַנואַר אין אָוונט פון דער אַרבעט, מעל־דעט דער בלאָק־עלטסטער, אַז מיר ווערן עוואַקויִרט פון דאַנען.

אין בלאָק טומלט זיך. מיר באַקומען נישט מער קיין זופּ, נאָר אַ פּאָר קאַרטאָפל מיטן שאָלעכץ. יעדער נעמט זיינע קאַרטאָפל אין היטל. יעדער טוט שוין וואָס ער וויל: ווען דער גלאָק קלינגט פאַרטאָג, שטייען שוין אַלע אויף די פיס ווי יעדן טאָג אָפּצומאַרשירן צו דער אַרבעט. מיר וואַרטן אין בלאָק. עס איז שוין 5—6—8 אַ זייגער, מען פירט אונדז נישט אויף אַרבעט, נאָך מיטאָג קלינגט ווידער דער גלאָק, און אַלע לויפן אויפן אַפּעל־פּלאַץ. מיר מאַשירן אַרויס צו דעם אַרבעט־פּלאַץ באַנאַ. ביים טויער זעט מען נישט מער קיין מיליטערישע פירער, קיין מייסטער. עס שטייען ס.ס. לייט מיט מאַשין־געווער, די גרויסע זענען אַוועק. אין באַנאַ הערט זיך שוין מער קיין געררויש אַלץ שטייט; עס רוישט נישט מער דאָס קראַפט־ווערק און נישט די גאַזאָוויניע. יעדער קאַפּאָ פירט זיין קאָמאַנדע ווו ע־וויל, מען טוט שוין גאָרנישט.

שפּעטער גייען מיר צוריק אין לאַגער אַריין, דער בלאָק־עלטסטער שלאָגט נישט מער. ער ליגט פאַרמאַכט אין זיין „טאָג־ראום”, מיר זענען נאַקעט אָן שיך, אָן עסן.

אין אָוונט מעלדעט דער בלאָק־עלטסטער, אַז נאָך אפשר היינט מאַר־שירן מיר אָפּ. מען רייסט די שטרוי זעק, און יעדער מאַכט זיך אַ טאָרבע אינדערפרי שטייען מיר אין פראָסט אויפן אַפּעל־פּלאַץ, אָנגעטון די טאָר־בע אויפן אַקסל און וואַרטן.

12 אַזייגער גייען מיר צוריק אין די בלאָקן, נאָכן באַקומען די זופּ שטייען מיר ווייטער און וואַרטן. די קראַנקע, וואָס קאָנען אפילו נישט שטיין, גייען מיט אין שרעקלעכן וועג.

אַזוי האַלט דאָס אָן אַ גאַנצן נאָכמיטאָג. פאַרן פינצטער ווערן צע־קלינגט זיך ווידער דער אכזריותדיקער גלאָק. עס איז דער 18־טער יאַנואַר 1945. אַלע 11000 העפטלינגען שטייען אויסגעשטעלט צו 100 אין אַ רייע. דער אַפּעל־פּלאַץ האָט אַ באַזונדערן אויסזעען; אַלע קאַפּאָס און בלאָק־עלטס־טע שטייען מיט אונדז, בלויז דער טיגער (דער לאַגער־עלטסטער) גייט פאָ־רויס. ס'הערשט אַ פולשטענדיקע שטילקייט. אַ מעלדונג: „אָפּמאַרשירן”! מיר גייען אין אַ לאַנגע רייע. איך קוק פאַר זיך און הינטער זיך; מיין אויג האָט נישט געקאָנט דערזען ווו עס איז דער סוף פון דעם לאַנגען צוג.

מיר גייען צו 5 אינדערברייט אויף באַשנייטע וועגן. פון דערווייטנס באַגלייט אַ וואָגן פון רויטן קרייץ, אָבער נישט פאַר אונדז. מיר זענען באַ־וואַכט פון ביידע זייטן פון ס.ס.־לייט מיט מאַשין־געווער. מיר גייען פאַרביי

אַ דאָרף. די האָלץ־שיך זענען פול מיט שניי און מיר גייען ווי אויף שטאָלצן. מען זעט ווי ציווילע עוואַקואירן זיך אויף האַנט־וועגעלעך. די פּאַניק ביי די לויפערס איז גרויס. מיר שלעפּן זיך טויט מידע אויף דעם וועג שעהן און קאָנען שוין מער נישט גיין. אין אַ צווייטן דאָרף בייטאַכט ווייזט דער קירכן־זייגער צוויי.

מיר מאַרשירן מיט אַלע כוחות. ווער ס׳קאָן מער נישט מאַרשירן, ווערט דערשאָסן. די נאַכט איז שרעקלעך, די שיסעריי הערט נישט אויף. וווהין מען פירט אונדז, ווייסן מיר נישט. מיר גייען כסדר אויף זייטיקע וועגן, נישט אויף קיין שאָסייען. דאָס מאַכט נאָך שווערער דעם מאַרש. אויף די וועגן ליגן שוין בערגלעך דערשאָסענע, און מען שלעפּט אונדז אַלץ ווייטער. אידרויסן הייבט אָן ליכטיק ווערן.

שוין אַ שטיק אויף טאָג קומען מיר פאַר אַ ציגעלניע. 15 שעה האָט מען אונדז געשלעפּט אָן אָפּרו. הונדערטער פון אונדז זענען געבליבן אויף די פאַרשנייטע פעלדער, מיר זענען אַלע אויסגעמאַטערט, אויסגעשעפּט. אידרויסן איז אַ וויסטע קעלט. עס איז דער 19־טער יאַנואַר 1945.

מיר זענען אין שטעטל ניקאָלאַיעוו. דאָס גאַנצע שטעטל איז באַזעצט מיט ס.ס. לייט, וואָס ציען זיך צוריק פון פראָנט. פאַר אונדז איז קיין פּלאַץ נישטאָ, מיר ווערן אַריינגעשטופּט אין הויף פון אַ ציגעלניע, וואָס איז באַדעקט מיט טיפע שניי. מיר לייגן זיך ווי עס זאָל נישט. אַ בוידעם, אַ לאָך, אַבי זיך אַביסל אָפּצורוען. אָבער אומעטום ליגן מענטשן, מען לייגט זיך דעריבער אויפן שניי. אויף יעדן ציגל זיצן מענטשן, האַלב דערפרוירענע, צוליבן פראָסט זענען פיל איינגעשלאָפן, עס ליגט שוין אַ באַרג פאַרשטייפטע. זיי האָבן זיך ערשט נאָך באַוועגט און שוין ווערן זיי אַרויסגעוואָרפן אויף באַרג טויטע. די אַנדערע נעמען פון זיי אַראָפּ די שמאַטעס זיך צוצודעקן, די מתים בלייבן ליגן נאַקעט, זייערע קערפּערס זענען שוואַרץ מיט שטייפע פיס. אין דרויסן רייסט דער פראָסט, ליגנדיק אין אַ לאָך פאַרשטעקט, טרעף איך דאָ אַ לאַנדסמאַן פון מיין געבוירן שטעטל סאָקאָלאָוו. איך געדענק נאָר זיין פאָרנאָמען — יאָסל. מען האָט זיך גלייך ווידער פאַרלוירן.

דער זייגער איז דריי, און שוין הערט זיך ווידער דאָס פייפעריי „איינטרעטען און מאַרשירען!“ מיר שטייען שוין אויסגעשטעלט צו 5, דאָ זענען שוין קיין קאַפּאָס נישטאָ, די ס.ס. לייט, וואָס פירן אונדז, זענען שרעקלעך ווילד, זיי לויפן אַרום מיט רעוואָלווערן אין די הענט, ווער עס רירט זיך נישט פון אָרט, ווערט באַלד דערשאָסן.

מיר דאַרפן יעצט מאַרשירן 24 קילאָמעטער צום לאַגער, גלייוויץ 2.

ווען מיר קומען פאַר גלייוויץ, שטייען מיר לאַנג ביז מיר באַקומען זיך אַריין.

דער אַזוי אויך נישט קיין גרויסער לאַגער, איז שוין פאַרלייגט מיט

טראַנספּאָרטן, וואָס זענען געקומען פאַר אונדז. דער שרעקלעכער גיהנום גלייוויץ קאָן אַריינגעמען נאָר 2000 העפטלינגען, און דאָ זענען שוין דאָ אַ פּאָר צענדליק טויזנט פון אוישוויץ, בירקענאו, בלעכהאַמער א. א. אַלע זענען געקומען פאַר אונדז. די בלאָקן, די שרייב־שטובע, די מאַגאַזינען, די קאַבינע — אַלץ איז פאַרלייגט, נישטאָ ווו זיך אַוועקצולייגן. מענטשן זענען אָנגעהאָנגען אויף די ווענט, אַלץ איז פאַרפּאַקט, עס טוט זיך חושך. די קעלט דערהרגט אונדז, מיר פאַלן פון מידקייט און לייגן זיך אַלע צוזאַמען אין שניי. זאָל זיין אויף אייביק, אבי זיך אַוועקלייגן.

עס קומט אָן אַ נייער טראַנספּאָרט מיט מענטשן אין פּאַסן־קליידער פון יאַווישעוויץ: צווישן זיי אַ סך רייכסדייטשן — געוועזענע פאַרברעכער. אויך פאַר זיי איז קיין פּלאַץ נישטאָ, זיי וואַרפן זיך אויף אַנדערע, שוואַכערע. אויך אונדז פאַרטרייבן זיי פון „אויסגעוואַרעמטן" שניי, ווו מיר ליגן און פרירן און באַקומען דערצו געשלאָגן פון די ס. ס. לייט. מען זאָל זיי אָפּגעבן די פּלעצער אין דרויסן ווערט ליכטיק און איך טרעף מיין מאַניעוויצער שכן פון לאָדזש וואָס איז מיר פאַרלוירן געגאַנגען ביי אונדזער אָנקומען אין גלייוויץ 2. מיר שטייען ווייטער צוזאַמען. די זון קומט אַרויס פון הינטער דעם נעפּל, עס הערט זיך אַ ווילדע פייפעריי, דאָס הייסט: איינטרעטן צום אַפּעל, אַלע פון די בלאָקן שטייען, אַ לאַווע מענטשן־קעפּ אויפן אַפּעל־פּלאַץ. די בלאָקאָוועס שטייען אויף די דעכער פון די בלאָקן, באַוואָפנט מיט שטעקענער. דאָ שטייענדיק טרעף איך מיין סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַן, יאַנקל קוויאַטעק. מיר פרייען זיך צו זיין צווישן די לעבעדיקע. ער דערציילט מיר, ווער פון אונדזערע נאָענטע לעבן נישט מער. ווייטער פייפן און שרייען די ס.ס. לייט: — „אַלע פון אוישוויץ און בירקענאו: — „אָפּמאַרשירן". די ס.ס.־סעלעקציע־קאָמיסיע קאָנטראָלירט: ווער עס איז שוין אויסגעשעפּט און קאָן ווייטער נישט מאַרשירן ווערט גלייך דערשאָסן. הינטן, נעבן דעם בלאָק ליגט אַ באַרג דערשאָסענע

די מאַניעוויצער בלייבן דערווייל ווייטער, מיר באַקומען זיך אַריין אין אַ בלאָק, וואָס איז איצט פריי געוואָרן. באַלד הערן זיך ווילדע געשרייען און אַ שיסעריי: „איינטרעטען!". מען שטעלט אונדז ווידער אויס צו פינף גריי אין וועג. עס איז דער 21־טער יאַנואַר, 1945.

ווייטער גייען מיר דורך אַ טויט קאָמיסיע, וואָס גיט נאָך 30 שעה הונגערן וועמען אַ שטיקל ברויט פון 300 גראַם און 25 גראַם וווּרשט, און וועמען — דעם טויט דורך דערשיסן אינטערן בלאָק. אין אַ לאַנגע ריי צו 5 קומען מיר צו אַ באַן־ליניע נישט ווייט פון לאַגער, דאָ בלייבן מיר שטיין 5 שעה. 10 ביינאַכט קומט אָן אַ טראַנספּאָרט וואַגאָנען אָן דעכער. די ס.ס. לייט באַפוילן: „שנעל אין די וואַגאָנען אַריין! שנעלער! שנעלער!" גייט דאָס נישט אַזוי שנעל, פאַלן גלייך שאָסן איבער אונדזערע קעפּ. אַלע וואַרפן זיך אויף די וואַגאָנען. ס'איז שוין קיין פּלאַץ נישטאָ, ס'טוט זיך חושך, דערשטיקט צו

ווערן. אין אַ וואַגאָן פאַר 40 זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן 180 ביז 220 מענטשן. עס האָבן זיך אויסגעבילדעט דריי שיכטן: די ערשטע, וועלכע זענען אַריין אין וואַגאָן, זענען געבליבן פון אונטן, די צווייטע שיכט, איז געלעגן אויפן ערשטן און די דריטע שיכט — אויפן צווייטן. דער אויבערשטער טייל איז געפּרווירן געוואָרן און דער אינטערשטער — דערשטיקט.

שוין 2 טעג ווי מיר זיצן אין די וואַגאָנען אָן עסן. מיר דערנערן זיך מיט שניי, וואָס פאַלט פון הימל אין די וואַגאָנען. די באַדערפעניש מאַכט מען אונטער זיך. בייטאָג שטייט דער צוג אויף די פעלדער, און ביינאַכט שלעפּט ער זיך אומזעבאַר אַדורך די שטעט. מיר פאָרן אַדורך ברעסלוי (וראָצלאַוו). אַלץ איז דאָרט פאַרמאַכט און פינצטער. דער צוג שטעלט זיך נישט אָפּ אויף די באַן-סטאַציעס, נאָר אויפן פעלד.

שוין דער דריטער טאָג ווי מיר זיצן געפּרווירן אין די שטייגן אָן עסן, אָן וואַסער. אויף די בקשה, אונדז צו באַפרייען פון די טויטע, קומט דער ענטפער: „איר וועט אַליין זיין טויט, די טויטע בלייבן ביז איר וועט קומען אויפן פּלאַץ". אויפן 4-טן טאָג קומען מיר אין שטאָט און בלייבן שטיין. מיר דערוויסן זיך, אַז מיר זענען אין טערעזיענשטאַט.

דאָ שטייען מיר גענוג לאַנג, די ס.ס.לייט און אויך די דאַקטוירים פון מאַנעוויץ פאָרן זיך אַרום די וואַגאָנען. נאָך פיר טעג טראַנספּאָרט, שטעלן מיר זיך צום ערשטן מאָל אויף און זעען, אַז מען טראָגט ברויט פאַר די העפטלינגען. די דאָקטוירים לויפן אַרום צו יעדן וואַגאָן און פרעגן וויפל לעבעדיקע געפינען זיך אין יעדן וואַגאָן. עס מעלדן זיך באַלד אַ פּאָר שטאַרקערע, וואָס ציילן איבער די לעבעדיקע און טויטע. ביי אונדז אין וואַגאָן זענען געווען 75 לעבעדיקע און אפשר אַזויפיל טויטע. די טויטע לייגט מען אין איין זייט און די לעבעדיקע שטעלן זיך אויס אין אַ צווייטע זייט. די טויטע לייגט מען איינעם אויפן צווייטן, כדי זיי זאָלן פאַרנעמען וואָס ווייניקער פּלאַץ.

אַן ס.ס.מאַן פרעגט אויב אַלע האָבן באַקומען ברויט. דער ס.ס.מאַן רופט אַרויס די דריי פאַרטיילערס, באַזוכט זיי אין וואַגאָן און געפינט זייערע פּאַרציעס און באַזונדער 2 גאַנצע ברויט. ער פרעגט נאָכאַמאָל „האָט איר אַלע ברויט באַקומען?" דערנאָך ציילט ער אַליין אַלע לעבעדיקע אין וואַגאָן און געפינט ווייניקער לעבעדיקע, ווי ס'איז געווען אָנגעגעבן. ער נעמט אַראָפּ די ברויט-פאַרטיילער און דערמאָרדעט זיי.

מיר פאָרן ווייטער. דער צוג שלעפּט זיך אַ גאַנצע נאַכט, מיר זיצן ווייטער אויף די פלעצער ווי צוגעוואַקסן אין שמוץ פון 4 מעת-לעת. מיר זענען אַלץ אויף דער טשעכישער טעריטאָריע. אונדזער צוג שטעלט זיך אָפּ אויף אַ סטאַציע אַנטקעגן די אַנדערע ציווילע צוגן. די ציווילע זעען אונדזערע פּאַסן-קליידער און פאַרשטייען ווער מיר זענען. זיי קוקן אויף אונדז מיט רחמנות. אייניקע וואַרפן אונדז אַריין שפּייז-פּעקלעך, וואָס ווערן באַלד צעכאַפּט.

ס'הויבט אָן פינצטער ווערן און מיר פאָרן ווייטער. ווידער הערט זיך שיסן, און ווידער באַגראָבט מען אַ פּאָר העפּטלינגען ביי דער שיין פון דער לבֿנה. ווען עס ווערט ליכטיק, זעען מיר די שטעטלעך און דערפער. מיר קומען צו אַ באַן־ליניע און ווערן געוווּיער אַז דאָ איז ווײַמאַר, און נישט ווייט — דער באַרימטער לאַגער בוכנוואַלד. איין האַלבער צוג בלייבט שטיין, און מיר פאָרן אַרויף אויף א באַרג. מיר זעען אַרומגעצוימטע באַראַקן מיט עלעקטרישע דראָטן און פאָרן אַריין אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד, וואָס וואַרפט א מורא. די ביימער פון ביידע זייטן מאַכן נאָך טונקעלער דעם פאַרכמאַרעטן הימל. בוכנוואַלד געפינט זיך טאַקע אין בויך פון אַ וואַלד.

אונדזער צוג בלייבט שטיין אויף אַ באַן־ליניע און ווידער הויבט זיך אָן די ווילדע גרילצעריי: „אויסשטייגן און לער מאַכן די וואַגאָנען, שנעלער! שנעלער! לאוס, לאוס!"

מיר ריקן זיך אַרונטער פון וואַגאָן און פאַלן אַראָפּ, די פּיס דינען נישט מער פון ליגן זעקס מעת־לעת אויף איין אָרט. די ס.ס. לייט ווערן ווילדער און עס פאַלן שטעקנס איבער די קעפּ. מיר שטעלן זיך אויף און נעמען אויסרייניקן די וואַגאָנען. מיר וואַרפן אַרונטער די מענטשן, וואָס ברעכן זיך איין. די טויטע ליגן געפרוירן מיט אַרויסגעזעצטע ביינער, שוואַרץ מיט געלע פלעקן.

עס שטייען אויך דאָ צענדליקער טויזנטער וואָס זענען געקומען פאַר אונדז. מיט אונדז פאַרנעמט זיך דער „לאַגער־שוץ" מיט גרינע מאַנטלען, זיי שלאָגן אומרחמנותדיק. מיר, אַ גרופּע פאַריזער, שטייען צוזאַמען: מישא רעזניק, באַקיעוויצקי; מאַרסעל פון אָרדען; שפּיגלמאַן און אייזנבערג פון בעלגיע און מיין פריינט סאַלאָמאָן.

אויפן פלאַץ אַנטקעגן דער באָד ליגן בערג פוטער־מאַנטלען, אסטראקאן, ויזאן, די בעסטע פוטערוואַרג, און אַנדערע ווערטפולע זאַכן, געבראַכט פון קרבנות פון גאַנץ אייראָפּע.

אונדזער גרופּע האַלט זיך צוזאַמען. מענטשן ווערן ווילד און משוגע פון די יסורים, איינער שטייט אויפן צווייטן, עס ליגן צעריבענע מענטשן, די מענטשן־לאַווע וואַרפט זיך פאַר קעלט, עס שטייען צענדליקער טויזנטער אין דער רייע אָנצוקומען.

שפּעט אין אָוונט קומט „דער לאַגער־שוץ" און שטעלט ווידער אויך צו 5, און פירט אונדז אין בלאָק, מיר קומען אין אַלטן־לאַגער, בלאָק 57. די אינקוויזיציע שטאָט האָט צוויי לאַגערן: איין אַלטן און איין נייעם, דער לעצטער געבויט פון ציגל מיט עטאַזשן, און דער אַלטער לאַגער איז פון האָלץ ווי איך אוישוויץ אָדער מאַנעוויץ.

אונדזער גרופּע, 1000 נפשות. לאָזט מען אַריין אין איין באַראַק. עס הויבט זיך ווייטער אָן דאָס ווילדע געשטיפּעריי צו געפינען אַ שטיקל פּלאַץ,

עס איז דאָ פּריטשעס פון דריי עטאַזשן, אָבער נישט פאַר קיין טויזנט מענטשן. אויף איין פּלאַץ פאַר 5 מענטשן ליגן — 24.

עס ווערט שטיל, מיר ליגן איינגעוויקלט אין אונדזערע בגדים, עס קומט אַריין דער בלאָק־עלטסטער, אַ הויכער דייטש מיט פיל קנייטשן אויפן פנים. (ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז ער אַ פּאָליטישער, שוין 10 יאָר אין בוכנוואַלד). ער גייט דורכן בלאָק, אונטער אים די שטובן־דינסטן, פראַנצויזן און רוסן. דער בלאָק־עלטסטער באַפעלט, זיך צו שטעלן גרופּנווייז צו באַקומען זופּ. די ידיעה איז געווען גענוג, אַז אַלע טויזנט מאַן זאָלן זיך שטעלן אויף די פיס און זיך שטופּן אויף די פעסער זופּ. די שטובן־דינער שרייען אויף אַלע שפּראַכן, מען זאָל זיך נישט שטופּן, אַז ס'איז דאָ זופּ פאַר אַלעמען, אָבער עס העלפט נישט. די שטובן־דינער זענען נישט בכוח איינצוהאַלטן די אויסגעפּרוירענע, אויסגעהונגערטע, וואָס האָבן שוין 8 טעג נישט געהאַט אין מויל קיין וואַרעמעס.

דער בלאָק־עלטסטער אַפּעלירט נאָכאַמאָל זיך צו האַלטן רואיק, אָבער אַלע שטייען אַנטקעגן אים מיט אַרויסגעזעצטע אויגן און קוקן אויף די פעסער, פון וועלכער עס זעצט אַ פאַרע. מען נעמט ווייטער טיילן זופּ, און דאָס שטופּן זיך הערט נישט אויף.

דער בלאָק־עלטסטער הייסט פירן די זופּ אין זיין שטוב. ביינאַכט וועקט מען אויף גרופּנווייז, און ס'ווערט געטיילט אַ גאַנצע נאַכט.

ווען דער בלאָק־עלטסטער ציילט אינדערפרי און געפינט נישט קיין טויזנט מאַן, זוכן די שטוב־דינסטן אין בלאָק און שלעפּן אַרויס פון די ווינקלען און לעכער טויטע, אויסגעשעפּטע, אויסגעמאַטערטע, דערשלאָגענע. די טויטע ווערן געשלעפּט ביי די פיס ביז אינטער דעם בלאָק, זייערע פנימער ווערן באַשאָטן מיט קאַלך. ווען די צאָל שטימט, באַקומט יעדער אַ שטיקל ברויט, ווורשט און אַ ליטער זופּ אויף 24 שעה. און אויף דער פּריטשע איז קוים אויסצוהאַלטן פון ענגשאַפט.

אויף צומאָרגנס אינדערפרי, הערט זיך דאָס פייפעריי: „אַריינטרעטן צום אַפּעל!" העפטלינגע שלעפּן ווי פערד גרויסע האָלץ־וועגענער מיט גוססדיקע מענטשן אין פאַסן־קליידער, מען פירט זיי שוין אין קרעמאַטאָריע. איך זע באַקאַנטע פנימער צווישן זיי. קראַנקע באַקומען אַן איינשפּריצונג און ווערן באַלד טויט. „איך בוכנוואַלד" — זאָגט מיר אַ קאַפּאָ מיט אַ טעמפּן פנים — „שפּילט מען זיך נישט, עס זענען דאָ פאַראַן צופיל קראַנקע".

די ערשטע פאַראָרדענונג: אָפּלייגן די לאַכעס וואָס מיר טראָגן אויף זיך. מיר זענען צופרידן דאָס אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך, נאַקעטע פירט מען אונדז אַריין אין אַ צווייטן צימער. דאָ שטייען צוויי ס.ס. אָפיצירן. זיי קוקן אונדז אָן, הייסן עפענען דאָס מויל. (זיי זוכן, מסתמא, גאָלדענע ציין) און הייסן זיך איבערדרייען מיט די פּלייצעס צו זיי, הייסן זיך איינלייגן אין צווייען, אַזוי ווערט איינער נאָכן צווייטן, דורך זיי קאָנטראָלירט. ווען אַלע זענען שוין

געגנט קאָנטראָלירט, לאָזט מען אונדז אַריין אין אַ גרויסע האַלע צו שערן און ראַזירן מיט עלעקטרישע מאַשינקעס, אַלע קערפּער טיילן. דאַן לאָזט מען אונדז אַריין אין אַ צווייטע האַלע, ווי יעדער מוז אַרייַנגיין און זיך איינטינקען אין אַ פֿאַס בייסנדיקע פֿליסיקייט. דאַן פֿירט מען אונדז זיך צו וואַשן.

דאָס וואַרעמע וואסער נעמט אַרום די אויסגעדאַרטע גופים, וואָס זענען שוין אַזוי לאַנג געווען צוזאַמענגעוואַקסן פֿון ליגן אויף אַ קופּע. דערנאָך פֿירט מען אונדז אריין אין אַ באַקליידונגס־מאַגאַזין. יעדער באַקומט אַ העמד, הויזן, אַ מאַרינאַרקע, אַ מיץ און אַ פּאָר האָלץ־שיך; די אלערליי אלטע קליידער זענען ציווילע מיט אַ רויטן פּאַס אויף דער פּלייצע.

אַריינקומענדיק אין בלאָק 57 באַקומען מיר אונדזער טעגלעכע פּאָרציע: אַ שטיקל ברויט און אַ ליטער זופּ, וואָס ווערט גלייך פֿאַרשלונגען, און ווידער מוז מען אַרויף צו די שלאָף־פּריטשן אויפֿן ענגן דריטן עטאַזש, דערשטיקט צו ווערן. יעדן טאָג שלעפּט מען פֿון די פּריטשעס די „איינגעשלאָפענע“, און נאָכן אַפּעל ווערן די מתים אַרויפגעלאַדעוועט אויף וועגן, געשלעפּט דורך העפּטלינגען. מען שמועסט אַז אין בוכנוואַלד געפֿונען זיך 60 טויזנט העפטלינגען.

מיר שטייען מיט אַלטע בוכנוואַלדער, וואָס קאָנען שוין גוט די געזעצן פֿון גלייך שטיין 10 שעה אין פֿראָסט אָדער אונטער אַ ברענענדיקער זון. איייניקע דערציילן אונדז שרעקלעכע זאַכן, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט די ערשטע צייטן, ווען בוכנוואַלד איז געבויט געוואָרן: וועגן לעקן מיט דער צונג די פּאָדלאָגע, קריכן אויפֿן בויך פֿון אייין וואַנט צו דער צווייטער, אָדער שטיין פֿון 11 אינדערפֿרי אין אַ זומער־טאָג אויפֿן אַפּעל־פּלאַץ אונטער די גליענדיקער זון ביז אויפֿצומאָרגנס 11 אינדערפֿרי. מער ווי אַ העלפֿט זענען אומגעקומען. פֿאַר יעדער קלייניקייט האָט מען געשאָסן, מענטשן זענען משוגע געוואָרן פֿון צרות.

מיר ווערן פֿאַרשריבן אויפֿסניי: נאָמען, געבוירן־אָרט, און באַקומען אַ נומער. מיין נומער איז 124000 פֿון בוכנוואַלד, דער נומער פֿון אוישוויץ רעכנט זיך דאָ נישט, דערנאָך באַקומט יעדער אַן איינשפּריץ. אויפֿן זיבעצנטן טאָג גייען מיר איבער אין אַ צווייטן לאַגער, ווי מיר גייען דורך אַ קאָמיסיע פֿאַרן שיקן אויף אַרבעט אין פֿאַבריק. נאָך אַזאַ שרעקלעכע עוואַקואַציע, ווייסן מיר נישט, ווער פֿון אונדז וועט בלייבן לעבן. באַקאַנטע באַשליסן דעריבער איבערצוגעבן זיך די נויטיקסטע צוואה אין פֿאַל ווען איינער פֿון אונדז פֿאַלט. נאָך דער סעלעקציע, פֿירט מען אונדז אַריין אין אַ קינאָ־זאַל מיט אויסגעשטעלטע האָלץ־בענק. דאָ זיצן אַלע, וואָס ווערן געשיקט אויף טראַנספּאָרט. ביז 4 פֿאַרטאָג פֿילט זיך אָן דער גרויסער זאַל מיט אַ פּאָר טויזנט מענטשן. דערנאָך פֿירט מען אונדז אויפֿן אַפּעל־פּלאַץ צום ציילן. אין דרויסן איז נאָך פֿינצטער און די פּראָזשעקטאָרן באַלויכטן דעם גרויסן אַפּעל־פּלאַץ פֿון בוכנ־

וואַלד. מיר שטייען אין מיליטערישע לאַנגע רייען צו 100. ס׳הייסט אַז מען שיקט אַרויס 10 טויזנט העפטלינגען אויף אַרבעט.

מיר מאַרשירן אונטער די באַגלייטונג פון באַוואָפנטע ס.ס. לייט מיט מאַשין געווער אויף באַשנייטע אונטער־וועגן צווישן בוימער צו אַ באַן ליניע. מען ציילט אונדז צו 60. מיר זיצן אויפן באָדן און באַקומען ברויט מיט ווייסן קעז.

אויפן וועג באַשיסן די אַוויאָנען אונדזער וואַגאָן. מיר זענען אינעווייניק, און אַ ווילד געטראַסקעריי איבער אונדזערע קעפּ, די ס.ס. לייט, וואָס שטייען ביי די טירן פאַלן טויט מיט אָפּגעריסענע קעפּ. זיי פאַלן אויף אונדז, עס גיסט זיך בלוט פון זייערע צעריסענע קערפּערס, מיר ליגן אויף איין קופּע, די אַוויאָנען — איבער אונדז. מיר שפּרינגען אַרויס און צעלויפן זיך איבער די אַרומיקע פעלדער. די אַוויאָנען פייערן אָן איבערייס פון מאַשין־געווער. מיר וואַרפן זיך אויף די ערד. די אַוויאָנען קרייזן אַרום אַ פּאָר מאָל און פליען אַוועק איבערלאָזנדיק צעריסענע קערפּערס, אויך פון העפטלינגען.

מיר האָבן געטראַכט אַז עס האָט נישט קיין צוועק צו אַנטלויפן, נישט ווייט פון בוכענוואַלד, אַרומגערינגלט מיט ס.ס.־לייט, וואָס קאָנען לאָזן זייערע טויט מכשירים אויף אונדז, און זיך צוריקגעקערט צו די וואַגאָנען. די אַוויאָנען האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן, דער צוג איז צעשמעטערט, פיל טויטע ליגן אַרום, און מיר קלויבן צוזאַמען די טויטע און פאַרוווּנדעטע. עס קומט דער רויטער קרייץ מיט די דאָקטוירים און גיבן הילף נאָר די פאַרוווּנדעטע ס.ס.־לייט. עס ליגן העפטלינגען מיט אויפגעריסענע בייכער, מיט אָפּגעריסענע הענט און פיס, דאָקטאָר מאַקאָווסקי פון קראַנקען־הויז אין מאַנעוויץ איז מיט אונדז. ער לויפט צו יעדן פאַרוווּנדעטן און טוט וואָס ער קאָן. די שטערבלעך פאַרוווּנדעטע קאָן ער גאָרנישט העלפן. ער האָט בלויז אַ פּאָר פּאַפּירענע באַנדאַזשן. אַזוי קלייבן מיר צוזאַמען די טויטע העפטלינגען אין איין זייט און די ס.ס. לייט — אין דער צווייטער. נאָר די פאַרוווּנדעטע ס.ס. לייט ווערן אָפּגעפירט אין אַ שפּיטאָל. די מיידלעך, וואָס זענען געקומען מיטן רויטן קרייץ, טיילן וואַסער פאַר אַלע און נעמען צוזאמען די צעריסענע שטיקער קערפּער אין פעלד.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען צום וואָקזאַל פון האַלבערשטאַט, 50 קילאָמעטער פון בוכענוואַלד און 150 פון מאַגדעבורג.

אין דעם ריינעם שטעטעלע האַלבערשטאַט מאַרשירן מיר פאַרביי געשעפטן, ווו מען קריגט אַלץ. יעדער טוט זיין טעגלעכע אַרבעט. ציווילע שטייען און קוקן אויף אונדז. מיר מאַרשירן ווייטער אינטער דעם איינדרוק פון טויט. ווידער קומען מיר אָן אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד.

דער לאַגער האַלבערשטאַט. ווי די אַנדערע לאַגערן, איז אויך ארומגעצוימט מיט עלעקטרישע דראָטן, און געפינט זיך אין אַ טאָל צווישן צוויי בערג.

אַריינקומענדיק אין הויף פון לאַגער, האָבן מיר געזען דריי מענטשן אין פּאַסנקליידער צוגעבונדן צו עלעקטרישע סלופּעס מיט די הענט אויף הינטן.

מיר שטייען אין אַ לאַנגע ריי. ס׳קומט דער לאַגער־פירער און פאַראָרדנט שטרענג, ס׳זאָל זיך אויסשטעלן באַזונדער יידן, רוסן און פראַנצויזן.

שוין שטייען דריי גרופּעס. באַלד פרעגט ער ווער עס קאָן איבערזעצן אויף פראַנצויזיש און ווער אויף רוסיש. גלייך טרעטן אַרויס איבערזעצער. דער פירער פון לאַגער דערציילט אַז דאָ אין לאַגער איז זייער שטרענג, ווען איינער פונדאַנען גנבעט, אַנטלויפט אָדער פּאַסט זיך נישט צו צו די פאַראָרדנונגען, ווערט גלייך איבערגעגעבן צו דער „געסטאַפּאָ" און געהאָנגען. אָט דאָ שטייען דריי רוסן, וועלכע האָבן געגנבעט קאַרטאָפל אין דער קיך; זיי מוזן שטיין ביז די קאָמאַנדאָס קומען פון דער אַרבעט, דאָס הייסט פון 7 אינדערפרי ביז 7 אָוונט. די איבערזעצער גיבן אַלץ איבער אין די פאַרשידענע שפּראַכן: דאָס הייסט: פאַר נעמען קאַרטאָפל שטייען דריי מענטשן צוגעבונדן צו די עלעקטרישע סלופּעס 12 שעה אין אַ ווינטער טאָג. דאָס איז געווען דעם 19־טן פעברואַר 1945 אין לאַגער האַלבערשטאַט.

נאָכן אויסהערן די רייד פון דעם עלטסטן און די איבערזעצער, לאָזט מען אונדז אַריין אין אַ גרויסע האַלע, פונוואַנען די נישט־יידן גייען אַרויס. אַזוי זענען מיר געשטאַנען 6 שעה און זיך נישט געטאָרט רירן פון אָרט.

מיר באַקומען שוואַרצע קאַווע, און דערביי פרעגט אַ שרייבער יעדן זיין נאָמען, פאַך און אָפּשטאַמונג. איידער עס ווערט נאַכט, פירט מען אונדז אין בלאָק 14, וואָס געפינט זיך אין אַ טאָל. אַלץ איז דאָ נאַס און שמוציק. נישט קיין בעטן, נישט קיין שטרוי־זעק, נישט קיין דעקן, קיין ליכט, קיין וואַסער.

שוין דריי טעג ווי מיר ליגן אויף דער קלעפּיקער ערד. דאָס עסן איז דאָ פיל ערגער ווי אין די אַנדערע לאַגערן. 1 ברויט פאַר 6 מענטשן, אַ ביסל עקלהאַפטע קאַלטע זופּ. שוין פיל טעג זיך נישט געוואַשן, יעדן טאָג פירט מען אונדז אַראָפּ פון די בערג צום אַפּעל־פּלאַץ, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון טויער פון לאַגער. אויפן 6־טן טאָג, ווען מיר שטייען אויפן אַפּעל־פּלאַץ און אַלץ איז פאַרטיק, קומט אַ פאַראָרדנונג ווייטער שטיין צובלייבן. די נאַכט־שיכט גייט צו דער אַרבעט, די צווייטע קאָמאַנדע פון טאָגשיכט קומט פון דער אַרבעט, און מיר שטייען כסדר. דאָ קומט צו אונדז אַ קאָמיסיע פון „ווערק הערמאַן גערינג", וואָס אַרבעט אויס אין אַ טונעל די „וואַפּע 2". די קאָמיסיע — אַ גרופּע ציווילע דייטשן מיט שטעקנס אין די הענט אין לעדערנע היטלען, גייט דורך אונדזערע לאַנגע רייען און קוקט יעדן אין פּנים אַריין. מיר וואַרטן מען זאָל אונדז פאַרקויפן. דערנאָך גייען מיר צוריק אין די קברים־בלאָקן. דער שמוץ עסט אונדזערע לייבער און מען

הערט זיך נישט אויף צו קראַצן. אַזוי ליגן מיר גאַנצע טעג און טוען די אומריינע אַרבעט פון זיך אַ ביסל באַפרייען פון די לייז.

אויפן 8־טן טאָג מעלדעט מען אונדז, אַז מיר גייען אויף אַרבעט. מען שטעלט צוזאַמען אַ 310־טע קאָמאַנדע פון 50 נומערן (50 מענטשן). אונדזער פירער איז אַ העפטלינג, וואָס איז שוין געווען 4 יאָר אין לאַגער. זיין אויפגאַבע איז, אונדז צושטעלן צו דער אַרבעט.

מיר גייען דאָס ערשטע מאָל אין טונעל „הערמאַן גערינג" אונדזער גרופּע ווערט געפירט פון ס.ס.לייט נישט פון דער „ריינער ראַסע". מיט אַ פרעמדן אַקצענט שרייען זיי: „שנעלער אויפגיין!"

אויף די וועגן שטייען „ריין ראַסיקע" מיט גומענע שטעקנס און הערן נישט אויף צו שלאָגן מכות רצח די קאָמאַנדעס וואָס גייען אין טונעל אויף אַרבעט. מיר לויפן ווי משוגעים און צעברעכן די פיס אויף די פאַרשידענע מאַטעריאַלן, וואָס וואַלגערן זיך אויף די וועגן. ענדלעך קומען מיר אין טונעל, וואָס איז נישט ברייט און נישט גענוג ליכטיק. איין פּאַרטיע גייט אַרויס און אַ צווייטע — אַריין. און דערמיט גייען 2 ליניעס, וואָס פירן אַרויס די אויפגעריסענע שטיינער אין וואַגאָנעטקעס. די ס.ס.־לייט, וואָס קאָנטראָלירן דאָס אַלץ, שטייען אין די זייטן פון טונעל ווי הינטשלעגער מיט שטעקנס און האַקן איבער די קעפּ, אַז מען זאָל מאַכן „לויפשריט". מיר לויפן צווישן מאַשינען, וואָס גייען איןביידע ריכטונגען און ווערן פאַרטויבט פון די גערוישן און געשרייען פון די ס.ס.־לייט. מענטשן ווערן צעקוועטשט צווישן די שנעל לויפנדיקע מאַשינען. די צעקוועטשטע ווערן אַרויסגעפירט אויף די וואַגנעטקעס, צוזאַמען מיט די שטייינער.

מיר קומען אויף אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ „הערמאַן גערינג". דער מייסטער טיילט אונדז צו אַרבעט. אונדזער אויפזעער, וואָס האָט אונדז אַהערגעבראַכט, האָט גאָרנישט צו זאָגן. דער מייסטער צעטיילט אונדז אין באַזונדערע גרופּעס צו אַ צווייטן מייסטער. דער צווייטער, וואָס פירט אָן מיט אונדז, איז אויך אַ האַמבורגער דייטש מיט אַ בייז פּנים און ציין. ער רעדט צו אונדז מיט אַ האַמבורגער אַקצענט און מיר פאַרשטייען נישט קיין וואָרט. אונדזער אַרבעט דאַרף זיין: אויפרייסן שטיינערנע ווענט און אַרויפלאָדן די שטיינער אויף וואַגאָנעטקעס. די ווענט דאַרפן מיר האַקן מיט פּיקעס.

די אַרבעטס־צייט אין דעם טונעל איז 12 שעה, עס אַרבעטן 2 שיכטן טאָג אין נאַכט. מיר אַרבעטן דעם טאָג־שיכט פון 7 אינדערפרי ביז 7 ביינאַכט.

יעדן אינדערפרי ווערן מיר אויפגעוועקט נישט דורך קיין גלאָק, נאָר דורך אַ ווילדן דייטש מיט אַ שטעקן אין זיינע גרויסע הענט. די בייזע וואַסער־אויגן מאַכן אים ענלעך צו אַ תליון. מיר שטייען טאַקע שנעל אויף די פיס און לויפן גלייך אויפן אַפּעל־פּלאַץ. דאָ אין לאַגער האַלבערשטאַט געפינט זיך איין גרויסע קאַבינע פאַר אַלע העפטלינגען און איין וואַסערקראַן, ווייט פון די בלאָקן. אַלע זענען שמוציק און פאַרלייזיקט. אינאַוונט,

ווען מיר קומען צוריק אין לאַגער, באַקומט מען די קאַלטע און עקלהאַפּטע זופּ.

נאָך 15 טעג טאָג־שיכט, טוישט מען אונדז אויף נאַכט־שיכט: פון 6 אָוונט ביז 5 אינדערפרי. די נאַכט־שיכט איז פיל ערגער — מיר האָבן נישט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט. דאָס צוריקקומען אינדערפרי פון דער נאַכט־אַרבעט דויערט לאַנג ביז מען לייגט זיך אַוועק אויף די פאַרלייזיקטע שטרוי־זעק. 13 אַזייגער וועקט מען אונדז, זיך צוגרייטן צו דער נאַכט־שיכט אַרבעט. פאַרן אָפּמאַרשירן צו דער ארבעט באַקומען מיר די טעגלעכע שפּייז 2 אַזייגער. אין לאַגער צירקולירן אַ באַגרענעצטע צאָל טעלער, וואָס ליגן איז די הענט פון די שטאַרקע, דער רוב נישט־יידן. מוז מען וואַרטן איינער אויפן צווייטן, צו קאָנען נעמען דאָס ביסל עקלדיקע קאַלטע זופּ.

דער וואָס באַקומט די זופּ גייט אַריין אין גרויסן האָל, וואָס נעמט אַריין מער ווי 2000 מענטשן, און עס איז נאָך דאָ פּלאַץ אויף שמוציקע שטרוי. דאָרט זיצן פיל נישט־יידן, וואָס אַרבעטן מיט אונדז: פראַנצויזן, רוסן, יוגאָסלאַוון, פּאָליאַקן, לעטן. נאָך דער זופּ־פּאַרטיילונג ווערט קיינער נישט אַרויסגעלאָזט. יעדער האַלט זיך ביי זיין גרופּע פון דער זעלבער נאַציע.

די רוסן זינגען צוממייסטן. אַזוי מישן זיך אויס פינף פעלקער, וואָס לעבן צייטנווייז נישט בשלום צווישן זיך. אַ טייל, ס'רוב פון די סלאַווישע פעלקער, זענען געווען ספּעציאַליזירט מיט פאַרשידענע טריקן צוצוגנבענען דאָס שטיקל ברויט ביים חבר. דאָס פלעגט ווערן אַזוי געמאַכט: אין איין האַנט האַלטסטו די פּאָרציע ברויט און אין דער צווייטער די זופּ, איינער כאַפּט אַראָפּ די מיץ, דער צווייטער דאָס ברויט, דער דריטער די שיסל זופּ, נאָך וועמען צוערשט לויפן?

דער אַלטער בערך 70 יעריקער מייסטער האָט נישט אויפגעהערט צו דראָען, אַז ער וועט אַלע דרעק־יידן טויטן מיטן קניפּל. ער שלאָגט מיט אַ באַזונדערן סאַדיזם. אַזוי גייען טעג נאָך טעג. צו דער קאָמאנדע, ווו איך האָב געאַרבעט, איז צוגעטיילט אַ לאָמער ס.ס.־מאַן, געקומען פון מזרח־פראָנט. 7 מאָל געווען פאַרוווּנדעט, מיט איין האַנט און איין שטייפן פוס און אַ גומענעם אונטן. ווייַ איז געווען צו דעם, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט. ער נעמט אַוועק אַ העפטלינג און הייסט זיך אים בוקן און ציילט אַריין 25 שטעקנס. אַזוי קומט ער אָפּט אין טונעל און נעמט נקמה פאַר זיין שוואַרצן סוף, וואָס ער האָט געהאַט אויפן פראָנט.

די מענטשן פאַלן דערשעפּט פון דער אַרבעט, פון ווייניק עסן און שרעקלעכע באַדינגונגען. די שטערבלעכקייט איז גרויס. דער לאַגער ציילט 4500 פאַרשפּאַרטע, און יעדע וואָך זענען דאָ בערג טויטע. דאָ איז קיין קרעמאַטאָריע נישט פאַראַן, און די טויטע ליגן ביז שבת, דאָס באַגראָבן די טויטע פלעגט דויערן אַ גאַנצע נאַכט. דאָס לעבן איז נאָך ערגער ווי אין

די ביזאיצטיקע לאַגערן, ווו איך בין געווען. די קאַמער מיט די טויטע געפינט זיך צווישן די בלאָקן, ווו מיר זענען, עס פילט זיך אַ שרעקלעכער ריח.

יעדן פרימאָרגן קומט דער בלאָק־עלטסטער, אַ טעמפּער דייטשער פאַרברעכער, מיט זיין געהילף, וואָס איז שוין לאַנגע יאָרן אין די לאַגערן. ער וועקט אונדז מיט זיין סענקעוואַטן שטעקן, אויב דאָס גייט נישט צו אַזוי שנעל ווי ער וויל, שיקט ער זיין פּאָליציי־הונט. אַזוי טרייבט מען אונדז יעדן פרימאָרגן אַרויס אויפן אַפּעל־פּלאַץ, און דער הונט רייסט אָפּ שטיקער פון אויסגעדאַרטן פלייש.




ביים אַוועקרוימען די אומגעקומענע.

ווי יעדן שבת, קומט אויפן אַפּעל־פּלאַץ דער באַפעל: „יודען שטייך בלייבען!“ ווידער שלעפּן מיר זיך מיט די טויטע, וואָס ליגן אין די קאַסטנס, עס גליטשן זיך אַרויס די אויסגעדאַרטע הענט פון אַ טויטן, זיי הענגען אַראָפּ ווי צוויי בייטש־שטעקלעך איבער אונדזערע אַקסלען. מיר קומען פאַר דעם גרויסן ברודער־קבר, היינט שטייט דאָרט אַ העפטלינג, וואָס פירט אָן מיט די אַרבעט, ער וויל נאָכמאַכן די אמתע ס.ס.־לייט און שרייט כסדר: „אַרונטערשמייסען!“.

אָנהויב אין חודש אַפּריל 1945, ווען מיר קומען פון דער אַרבעט אין לאַגער, טרעפן מיר אַ נייע סיטואַציע. וואָס דאָ קומט פאָר באַאומרואיקט אונדז שטאַרק. די 4500 העפטלינגען געפינען זיך דאָ צושטעלט אין לאַנגע רייען אויפן אַפּעל־פּלאַץ. יעדער פון אונדז זאָגט זיינע השערות, גענוי ווייסט קיינער נישט. מען גלויבט ווידער אין עוואַקואַציע. די נאַכט שלעפּט זיך אַדורך אין טומל און אין געפילדער. מיר קנוילן זיך ווייטער צוזאַמען אויף אונדזערע געלעגערס. אויף צומאָרגנס גייען מיר נישט צו דער אַרבעט.

נאָכן אַפּעל טרייבט מען אונדז נישט מער אין די בלאָקן, די אַפּריל זון וואַרעמט אַ ביסל, און מיר לייגן זיך אויס אויפן פּלאַץ און שינדן ווידער די אַזוי אויך פון שמוץ צעריסענע הויט פון קערפּער.

דער לאַגער־פירער מיט די ס.ס.־לייט באַפעלן אויסצושטעלן; די ס.ס.־לייט זוכן באַהאַלטן געווער אין די בלאָקן. אויפן דריטן טאָג מעלדט מען אונדז אויפן אַפּעל, אַז מיר גייען אויף טראַנספּאָרט.

אין אָוונט פון 8־טן אַפּריל 1945 שטעלט מען אונדז אויס אין באַזונדערע שפּראַך־גרופּן: צוזאַמען פראַנצויזן און בעלגיער, רוסן און פּאָליאַקן, און באַזונדער יידן. מיר זענען 500 יידן פון פראַנקרייך, פּוילן און האָלאַנד. אונדזער גרופּע איז די קלענסטע, צוממיינסטן זענען פאַראַן רוסן. אונדזער אָפּמאַרש קומט פאָר ווי אין מאַניעוויץ.

ווי דעמאָלט, אַזוי באַגלייטן אונדז יעצט די היטלער־האָרדעס, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס, דער פירער מיטן טויטן־קאָפּ גייט אויך מיט. די ס.ס.־פירער טרייבן אונטער מיט זייערע הינטישע קולות. מיר זענען אויף די וועגן, אין פאַרזייטע פעלדער. עס ציען זיך מיליטער טיילן. די פעלדער זענען שוין צעגרינט. די ס.ס.־לייט פירן יעדע גרופּע אין אַ צווייטער ריכטונג, אין דער פינצטער אויף הינטער וועגן. מיר זעען טאַקע זייער מפּלה: דאָס מיליטער לויפט איןביידע ריכטונגען אַהין און צוריק אין אַ ווילדע בהלה.

ערגעצוווּ אָפּערירן עראָפּלאַנען, מיר הערן דאָס טראַסקעריי פון די באָמבעס; אויפן הימל פליען ראַקעטן, וואָס באַלייכטן אונדז. מען זעט די צווייטע גרופּע, וואָס מאַרשירט אין אַ צווייטע זייט, עס קומט אַ פאַראָרדנונג זיך אויסצולייגן אויף די פעלדער. ס׳רוב גייען מיר ביינאַכט. אין אונדזער גרופּע גייען בלויז יידן, מיר טרעפן ציווילע מיט האַנט־וועגעלעך, ווו עס זיצן קינדער, די פרויען שלעפּן די וועגעלעך, מענער זעט מען נישט.

פאַרטאָג קומען מיר אָן פאַר אַ קירכע, ווו מיר זעצן זיך אויס ווי בעטלער, מיד פון דריטן טאָג זיך שלעפּן, פאַרביטערט און אויסגעהונגערט.

די נאַכט גייט דורך אונטער די קוילן פון מאַשין־געווער. יעדער וויל זיך קלאַמערן ביים לעבן. ווו מיד און דערשלאָגן מיר זענען געווען, האָט קיינער נישט געוואָלט אויסאָטעמען דאָס לעבן דורך קוילן. איינער האַלט זיך אָן צווייטן און שלעפּט זיך, דאָך ווערן אונדזערע רייען שיטערער. איך בין שוין באַלד פון די לעצטע, וואָס גייען אין די הינטערשטע רייען צו ווערן דערשאָסן. איך זע שוין מיין סוף. מיין פריינט רעזניק, נעבן מיר מונטערט און שלעפּט מיך מיט אַלע כוחות.

די היטלער־אַרמיי לויפט צוריק אין אומאָרדנונג. אונדז קומט אייליק אַנטקעגן אַ סאָלדאַטן גרופּע. דער פירער פון דער גרופּע פרעגט די ס.ס.־גרופּע: „וווהין פירט איר די שייסע אַרונטערשמייסן?“ מיר קומען ווייטער אָן אין אַ פעלד, ווו די פירער הייסן אונדז זיך אויסלייגן, און מיר באַקומען

250 גראַם ברויט יעדערער. אַלע ליגן און קאָנען מער נישט גיין, אַלע האָבן געשוואָלענע פיס, שוין דער 5־טער טאָג, סיי־ווי וועל איך דערשאָסן ווערן. די צעריסענע האָלץ־שיך דינען נישט מער; די פיס זענען אָפּגעריבן, צוואָס ווייטער מאַרשירן? איך בין זיכער, אַז איך וועל נישט קאָנען מער גיין און דער טויט איז שוין אונטער מיין נאָז.

איך טראַכט פון אַנטלויפן, ווען מיר וועלן קומען אין אַ פינצטערן וואַלד, ווייל אַ סך האָבן אזוי געטון. ווו אַזוי עס האָט זיך זיי פאַרענדיקט, איז נישט באַוווּסט. דער וואָס איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּע ביים אַנטלויפן, איז זיכער דערשאָסן געוואָרן. זענען דאָך צענדליקער געלעגן דערשאָסענע אויף די וועגן.

איך באַשליס פעסט, אַז מיין גיין ווייטער האָט קיין צוועק נישט; אַזעלכע, ווי איך, ליגן שוין אין די ראָוועס אָדער אויף די פעלדער דערשאָסן. ווייל איך קאָן מער נישט גיין, און פירן איז פאַר קיינעם נישט מעגלעך, ווייל אַלע זענען אויסגעשעפּט און מיד. איך ווענד זיך צו מיין פריינט, אַז מיר זאָלן אַנטלויפן. ער וויל נישט ריזיקירן אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. יעדן טאָג ווערט פון אונדז ווינציקער. ער זאָגט, אַז ער וויל נאָך לעבן. איך ווענד זיך צו אַ צווייטן. ער פאַרשטייט דאָס זעלבע וואָס איך, אַז גייען ווייטער איז אַן אומזין, אָבער זיינע פיס דינען אים נישט מער; ער וויל גערן, נאָר קאָן נישט; ער ווייסט, אַז ער קאָן אויך זיין אַ קרבן פון נישט קאָנען גיין און דערשאָסן ווערן אויפן וועג, אָבער אַנטלויפן וויל ער נישט. איך ווענד זיך צו נאָך אַ פּאָר חברים, אָבער קיינער וויל נישט אָפּגעבן דאָס אומזיניקע לעבן.

איך טרעף אַן אַנדערן פריינט פון האַלבערשטאַט, מאַקס סאלאָמאָן, אַ פּוילישער ייד, וועלכער האָט אין אוישוויץ פאַרלוירן אַ פרוי מיט 2 קינדער. מיין געשפּרעך מיט אים איז אַ קורצער: צו איז ער גרייט צו פאַרענדיקן דעם טויטן־מאַרש, ווייל פאָרזעצן איז אומזיניק. פון דעם מאָמענט וואָס מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט, זענען מיר צוזאַמען.ביידע פאַרשטייען מיר די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעם ריזיקאַלישן באַשלוס. מיר האָבן ביידע באַשלאָסן אין די לעצטע טעג פון אונדזער געפּלאַנטן ליידנס־וועג צו ריזיקירן. וועט געלונגען איז גוט, אויב נישט — איז סיי־ווי נישטאָ וואָס צו פאַרשפּילן. אין דרויסן הייבט אָן טונקל ווערן, דער באַפעל איז: זיך אויסשטעלן און ווייטער מאַרשירן. מיר גייען צוזאַמען, און רעדן זיך דורך ווי אַזוי דאָס צו מאַכן און באַשליסן, אַז אָנקומענדיק אין אַ פינצטערן וואַלד, זאָלן מיר באַלד אנטלויפן אַ פּאָר טריט און זיך וואַרפן אויף די ערד; איינער קריכט רעכטס און דער צווייטער — לינקס; נישט בלייבן ליגן, נאָר כסדר קריכן אויף אַלע פיר.

מיר מאַרשירן אין אַ וואַלד, ביידע צוזאַמען און האַלטן זיך ביי די הענט. די וואַך, וואָס רינגלט אונדז אַרום, איז געדיכט, מיר גייען מיט האַרץ־

קלאפּעניש, אפשר איז יעצט דאָס לעצטע מאָל ווען דאָס האַרץ קלאפּט. מיר גיבן זיך דעם אָפּגערעדטן צייכן, גייענדיק ביים ראַנד פון דער קאָמאַנדע. דער ס.ס.־מאַן וואָס גייט נעבן אונדז לאָזן מיר פאָרויסגיין, און מיר — לאַנגזאַמער. ער שרייט: שנעלער, לאוס! אין דעם מאָמענט זענען מיר שוין בײדע אויסער דער קאָמאַנדע און לויפן אין פינצטערן וואַלד אַריין, אַז ס.ס.־מאַן יאָגט אונדז נאָך און שרייט: שטיין בלייבן! מיר ליגן שוין אויפן בויך און קריכן אויף אַלע פיר, דער ווילדער ס.ס.־מאַן שרייט כסדר: שטיין בלייבן! אַזוי לויפט ער אַ פּאָר טריט און גייט צוריק.

מיר ליגן אַ פּאָר סעקונדן און הערן זיך גוט איין ווי די קאָמאַנדע מאַרשירט ווייטער. מיר קריכן אַריין טיפער אין וואַלד: איינער רעכטס, און דער צווייטער לינקס, אַזוי געדויערט אַ פּאָר מינוט און מיר בלייבן ליגן און הערן זיך ווידער גוט איין אין דער שטילקייט פון דער שוואַרצער נאַכט. אַלץ אַרום איז טויט שטיל, מיר הערן געניי די אָפּהילכן פון מאַשין־געווער, וואָס טויט ווייטער די וואָס קאָנען מער נישט גיין, ווען מיר הערן שוין נישט מער די קאָמאַנדע, קריכן מיר ווייטער אין וואַלד. עס געדויערט גענוג לאַנג, ביז מיר האָבן זיך געפונען. יעצט זענען מיר בײדע אין אַ טיפע דערשלאָגנקייט; בײדע ווייסן מיר, אַז אונדזער לעבן איז אויף דער וואָגשאָל. מיר קוקן אין דער פינצטערניש — ווו מיר זענען, ווייסן מיר נישט. אַזוי זענען מיר בײדע מיט זיך אַליין אין טויט שרעק, און באַשליסן, זיך אַרויסצוריקן פון וואַלד, וואָס מער אין דער זייט. כדי זיך צו אָריענטירן, ווו מיר געפונען זיך ס׳איז שטיל, און אַרום — פינצטער. ביים ראַנד פון וואַלד איז אַ טיפער ראָוו, וואָס טיילט אָפּ דעם וואַלד פון וועג. דאָ בלייבן מיר זיצן אָנגעשפּאַרט איין פּלייצע אויף דער צווייטער און קוקן זיך אַרום, צו קומט נישט עמעצער.

די אויגן קריכן אַרויס פון קאָפּ. עס ווילט זיך שלאָפן, און מיר מאַטערן זיך — נישט איינצושלאָפן. די נאַכט איז אומברחמנותדיק קאַלט. אַזוי זיצנדיק באַמערקן מיר, אַז עפּעס באַוועגט זיך אין דער פינצטער. יעצט אַנטלויפן האָט קיין זין נישט, מיר רוקן זיך נאָך מער איינעם צום צווייטן, ווי איין פאַרגליווערט שטיק זענען מיר. שטיל קומט צו אונדז צו איינער אין גומענע שטיוול און זאָגט: „דאָ ליגן צוויי און דאָרט ליגן אויך צוויי“. און גייט ווייטער. מיר בלייבן זיצן אין טויט שרעק. ווען עס הייבט אָן אַ ביסל טאָג ווערן, פאַרלאָזן מיר גלייך דאָס אָרט, און קומען צו אַ דאָרף.

אין געסל שטייען אַ פּאָר מיידלעך. דערזעענדיק אונדז, זענען זיי באַלד אַרייַנגעלאָפן אין אַ הויז. באַלד וואַקסט אויס איינער מיט אַ גרינעם הוט אויף אַ מאָטאָציקל. דאָ זעען מיר שוין אַז מיר זענען אַריינגעפאַלן. ער וואַרפט זיך אויף אונדז מיט אַ הינטיש ברילן און דראָט צו דערשיסן. דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט, און מיר פילן טאַקע די לעצטע מינוטן פאַרן טויט. ער פירט אונדז אַריין אין אַ קאַמער און פאַרשליסט. מיר טרעפן אין קאַמער נאָך צוויי (נישט קיין יידן). נאָך אַ ביסל צייט קומט ער צוריק און שליסט

אויף די קאַמער האַלטנדיק אין זיין בלוטיקער לאַפּע דאָס געווער. ער פירט אונדזביידע און זידלט: „איר באַנדיטן, אַנטלויפן האָט איר געוואָלט!" ער ווייזט אונדז 4 דערשאָסענע העפטלינגען אין פּאַסן־קליידער אין מיטן וועג, און שרייט: „צוגלייך ווי זיי וועט איר דערשאָסן!". ער פירט אונדז אויף אַ פעלד אין האַלט דעם רעוואָלווער כסדר אין האַנט און הערט נישט אויף צו זידלען, די מענטשן־חיה צייכנט אָן מיטן שטיוול אויף דער נאַסער ערד די גרויס פון אַ קבר פאַר אונדז און אויך פאַר די 4 דערשאָסענע, וואָס ליגן אויף די וועגן. דערביי זענען שוין דאָ נאָך צוויי אַנדערע, ווי ער, אין ציווילע קליידער, ער באַפעלט זיי צו רופן דעם בירגערמייסטער.

עס קומט אַ גאַנץ דיקער דייטש מיט 4 באַוואָפנטע ציווילן מיט לאָ־פּאַטעס פאַר אונדז צו גראָבן דאָס קבר, דער ערשטער רעדט מיטן בירגער־מייסטער וועגן אַראָפּנעמען די נומערן פון אונדז נאָכן דערשיסן. מיר גראָבן און הערן זיך איין דאָס געשפּרעך.

אין אונדז גליווערט דאָס בלוט, שוין וועלן מיר זיין טויט? מיר פאַר־ענטפערן זיך פאַר זיי, אַז מיר זענען נישט קיין באַנדיטן, נאָר האָבן פאַר־לוירן אונדזער קאָמאַנדע. „ניין"! — גרילצט ער — „איר האָט געוואָלט אַנטלויפן."

אזוי שטייען מיר אין פעלד צווישן הימל און ערד, די פיר באַוואָפנטע אַרום אונדז רעדן צווישן זיך. מיר שטייען מיט די רודלס אין האַנט און גראָבן דאָס קאַלטע קבר, וווּ אונדזערע קערפּערס וועלן באַלד אַריינגעוואָרפן ווערן.

עס איז שווער צו טראַכטן שטייענדיק אין אייגענעם קבר. מיר גראָבן פּאַמעלעך, עס זאָל דויערן לענגער. די טרערן גיסן זיך פון די אויגן, ס'איז שווער אַ וואָרט אַרויסצורעדן.

איך פיל ווי דאָס האַרץ שטעלט זיך מיר אָפּ, דאָס בלוט אין מיינע אָדערן גליווערט, איך בין אינגאַנצן ערשט 35 יאָר אַלט געוואָרן, און שוין וועט מיין לעבן באַלד פאַרענדיקט.

איך מיט מיין פריינט סאַלאָמאָן לעבן די לעצטע שעה'ן. איך קוק זיך אַרום און געזעגן זיך מיט אַלעמען אין געדאַנק. איך טראַכט פון אַלץ, און עס ווילט זיך אויסשרייען אונדזער פּיין, אונדזער ווייטיק אין דער וועלט אַריין. אַלץ אַרום בליט, אַלץ לעבט: די פייגל זינגען די בוימער בליען, און באַלד וועלן מיר אריינגעוואָרפן ווערן אין נאַסן קבר.

איך טראַכט פון מיין משפּחה, פון מיינע טאַטע־מאַמע, פון מיינע 4 ברידער און 2 שוועסטער מיט זייערע משפּחות, וואָס זענען דורך די זעלבע מערדער דערמאָרדעט און פאַרברענט געוואָרן אין קרעמאַטאָריע פון טרעב־לינקע אָדער אין אוישוויץ. יעצט איז מיין רייע — נאָך צוויי יאָר מאַטערן זיך אין די לאַגערן פון בירקענאו, מאַניעוויץ, בוכענוואַלד, האַלבערשטאַט.

איך טראַכט פון מיין איינציקן זונעלע, וואָס איז נאָך קיין 5 יאָר נישט

אַלט. צו לעבט ער נאָך אָדער האָבן אים שוין אויך די הענקער פאַרברענט אָדער אין אַ שטיינערנער וואַנט זיין קעפּעלע צעשמעטערט. איך זע אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען פאַר מיינע אויגן; איך ווייס אַז איך גראָב אַ קבר פאַר זיך. מיין פריינט רעדט פון זיין פרוי און צוויי קינדער וואָס זענען אין אושוויצער קרעמאַטאָריע פאַרברענט געוואָרן.

אַזוי שטייען מיר און גראָבן פאַרלאָזט פון דער וועלט; מיר, צוויי לעבעדיקע מתים, האָבן מער גאָרנישט צו זאָגן. מיר שטייען געבויגן אונטערן לאַסט פון מאלך־המות און וואַרטן אויפן טויט, עס איז זייער שווער איבער־צוטראָגען די לעצטע שעה׳ן אין לעבן. אונדזערע היטער שטייען אַרום אונדז. עס קומט דער בירגער־מייסטער און רעדט עפּעס מיט די אַנדערע. עס הערט זיך אַ שטאַרקע שיסעריי אַרום אונדז. דער דייטש מיטן גרינעם הוט ברענגט נאָך 4 העפטלינגען, צווישן זיי 2 יידן פון פוילן.

מיר זענען שוין צוזאַמען 6 מאַן, וואָס ווערן געהיט פון 4 באַוואָפנטע. מיר שטייען נאָך אַלץ ביי דעם אָפענעם קבר, זעענדיק אַנטקעגן זיך נאָך 4. דער באַנדיט מיטן מאַטאָר לויפט פלוצים אין איילעניש אַוועק.

פון ווייטנס הערט זיך אַ שיסעריי. עס קומט ווידער דער בירגערמייסטער און הייסט אונדז אַרויסגיין פון קבר. ער רעדט צו אַלע זעקס: „נעמט צוזאַמען די טויטע און שמייסט זיי אַריין אין גרוב, און איר וועט — נישט דערשאָסן ווערן...“

מיר וויינען פאַר פרייד, ווייטער זיך געפינען צווישן די לעבעדיקע. דער בירגערמייסטער גייט אַוועק, און מיר פאָרן זיך ביים פונאַנדערקלייבן די דערשאָסענע און ברענגען זיי צום גרוב, אַלע 4 ליגן שוין נעבן אויסגעגראָ־בענעם קבר. מיר וויקלען איין יעדן באַזונדער אין פלעטן, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זיך און לאָזן זיי אַראָפּ איינעם נאָכן צווייטן. דאָס האָט גע־דויערט ביז 12 אַזייגער. דאָס קבר איז שוין פאַרשיט. דאָ קומט דער בירגער־מייסטער מיט אַ גרויס קיילעכדיק ברויט און אַן עמער וואַסער און גיט יעדן פון אונדז אַ שטיקל ברויט און אַ שעפּ וואַסער.

די 4 היטער זענען באַוואָפנטע און מיר שטייען פאַרן פרישן קבר. עס הערט זיך גוט די שיסעריי. דער פראָנט, זעט אויס, איז געווען גאָר נאָענט פון אונדז. דער דייטש מיטן מאַטאָר איז שוין מער נישט צוריקגעקומען. מיר שטייען אויפן זעלבן פלאַץ, 2 אַזייגער קומט נאָך אַ ציווילער און אַלע 5 פירן אונדז אַוועק אין אַ קליין שטעטל.

מיר גייען דורך די גאַסן, אַלץ איז פאַרמאַכט, די געשעפטן זענען גע־שלאָסן און די לאָדנס אַראָפּגעלאָזן. עס צעשרייט זיך איינער פון ווייטן: „אַרונטערשמייסן די שייסע!“ אַזוי פירט מען אונדז, פרויען ווילן זיך דער־נענטערן און עפּעס געבן. די ציווילע היטער, וואָס פירן אונדז, דערלויבן נישט, אַלע אַרום קוקן אויף אונדזער שרעקלעכן מצב. מיר קומען אָן צו אַ

בריק, ווו עס שטייען נאָך אַזעלכע ווי מיר. זיי ווערן געהיטן דורך ס.ס.־לייט, אויך מיר ווערן דורך זיי איבערגענומען.

יעצט זענען מיר ווידער אין די הענט פון די ס.ס. די וואַך לויפט אויף די צווייטע זייט בריק, עס הערט זיך אַ שרעקלעכע קנאַלעריי.

באַלד קומט אָן אַ לאַסט־וואַגאָן, וואָס פירט אונדז איבער די בריק. אויף דער בריק שטייען צוויי זעלנער, וואָס דאַרפן זי באַלד אויפרייסן. ווען מיר זענען אָנגעקומען אויף די צווייטע זייט, האָט דאָס מיליטער געשריגן: „לאוס! לאוס!" דער אויטאָ שלעפּט אונדז אַ ביסל ווייטער, און עס דערהערט זיך אַ שרעקלעכע קאַנאָנאַדע, מיר שפּרונגען אַרויס פון אויטאָ און לייגן זיך אויס אויפן פעלד. דאָס קנאַקעריי הערט נישט אויף, עפּעס רויכערט זיך פונ־וויטנס, דאָס מיליטער אַנטלויפט, די בריק, איבער וועלכער מיר זענען נאָר וואָס אַריבער, איז שוין אויפגעריסן.

מיר זענען אַליין און ליגן צוגעשמידט צו דער ערד, אָבער זיך אויפ־שטעלן קאָנען מיר נישט, דאָס טראַסקעריי הערט נישט אויף. אַזוי ליגן מיר און קוקן ווי אַלע ס.ס.־לייט אַנטלויפן, עס גייען די לעצטע זשאַנדאַרן און קלויבן צענויף, וועמען זיי טרעפן אויפן וועג און נעמען אויך אונדז מיט. ווייטער פירן אונדז די ס.ס.־לייט צו אַ סטאַציע, ווו עס זענען דאָ פיל העפט־לינגע (גישט קיין יידן). מיר קומען אין אַ גרויסן הויף פול מיט ס.ס.־לייט. ווען עס ווערט פינצטער, פירט מען אַלע ווייטער: רוסן, פראַנצויזן, בעלגיער און יוגאָסלאַוון; יידן זענען געווען ווייניק. אַזוי גייען מיר ביז שפּעט אין דער נאַכט דורך שטעטלעך און דערפער, די דייטשן לויפן אין אַ ווילסטער בהלה.

אויף די וועגן באַוועגט זיך פיל מיליטער, מיר זעען זייער מפּלה, מיר גייען איבער די פעלדער און די אַרמיי ציט זיך אויף די שאָסייען. די ס.ס.־אָפיצירן זענען פאַרביטערט און שרייען: „אַוועק מיט די שייסע! אַרונטער־שמייסן." זיי זעען שוין זייער מפּלה און ווילן פּטור ווערן פון איבעריקע עדות.

מיר גייען אויסגעמאַטערטע. עס איז שוין דער 13־טער אַפּריל. שפּעט ביינאַכט קומען מיר אָן אין אַ לאַגער (ווו דאָס איז געווען, ווייס איך נישט ביז היינט צו טאָג). די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, דאָס מאַשין־געווער האָט געהאַקט אָן איבעררייס, פיל העפטלינגען זענען דערשאָסן געוואָרן. ווען מיר זענען אַריין אין לאַגער, איז פאַר אונדז קיין פּלאַץ נישט געווען. דער פּלאַץ איז ארומגעצוימט מיט עלעקטרישע דראָטן.

אַזוי ליגן מיר אין דרויסן אַ פּאָר שעה. דער גיהנום איז אומבאַשרייב־לעך, די באַנדיטן זענען ווילד, זיי טויטן מענטשן אָן אַ פאַרוואָס. ווען עס ווערט גוט ליכטיק, הערט זיך שוין ווייטער: „איינטרעטן! אָפּמאַרשירן!" אַזוי הייבט זיך ווידער אָן אַ טאָג פון שווערע פּייניקונגען. מיר גייען אונטער דער דראָונג פון טויט, שוין 5 טעג זינט מען טרייבט און מען הרגעט אונדז. די ס.ס.־לייט שיסן אָן אויפהער. עס שטייען פיל פרויען און טיילן עסן און מיל־די סאָלדאַטן, וואָס לויפן צוריק פון פראָנט. מיר זעען פיל מענער אין ציווילע

מאַנטלען אויף זייערע מיליטערישע קליידער, מיר זעען זייער מפּלה, אָבער זענען נאָך אַלץ אין זייערע הענט, ביז דער לעצטער מינוט טוען זיי זייערע מערדערישע מלאכה.

מיר גייען איבער באַמיסטיקטע פעלדער מיט פאַרפוילטע בוראַקעס און מייערן, עס לויפן העפטלינגען כאַפּן די מערן, און ווערן דערביי דערשאָסן.

די גאַנצע קאָמאַנדע וויגט זיך גייענדיק, אַלע זענען טויט מיד. מיר גייען שוין זעקס מעת־לעת, דאָס איז געווען די שרעקלעכסטע פייניקונג, וואָס מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין, זינט מיר זענען געווען אויף עוואַקואַציע. אַזויפיל דערשאָסענע האָב איך נאָכנישט געהאַט געזעען. פון וויטענס ברענט. עראָפּלאַנען רוישן איבער אונדז.

מיר גייען איבערן פעלד און זעען ווי די רעכטע זייט פון שאָסיי איז באַדעקט מיט טאַנקען אין אונדזער ריכטונג. אלע ווי איינער זענען מיר עלעקטריזירט און בלייבן מיט איינמאָל שטיין און קוקן צו די טאַנקען, וואָס קומען אַלץ נענטער צו אונדז. אַלע ווי איינער זעצן זיך אויף דער ערד, אויך די ס. ס., וואָס האָבן אָן איבערייס געשאָסן אויף אונדז, רעדן מער קיין וואָרט נישט. מיר זיצן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און קוקן וואָס דאָ קומט פאָר, מיר זעען שוין, אַז דאָס איז אַמעריקאַנער מיליטער, וואָס קומט צו אונדז מיט מאַשין געווער אין האַנט, אלע הויבן זיך אויף מיט פרישע כוחות און לויפן אַנטקעגן צום מיליטער. מיר שרייען אויף אַלע לשונות, מיר פאַלן זיי קישן זייער פיס, מיר זענען משוגע פאַר פרייד, מיר זענען פריי! פריי!...

מיר זענען נישט נאָרמאַל און ווייסן נישט וואָס מיר טוען, אונדזער פרייד ווערט פאַרוואַנדלט אין משוגעת. די ס. ס.־לייט וואָס זענען געבליבן זיצן, לייגן אָפּ דאָס געווער. די פירער זענען אין מיטן וועג אַנטלאָפן. די באַפרייטע וואַרפן זיך אויף די ס. ס.־מערדער, וואָס זיצן רואיק ווי נישט זיי מיינט מען. די רוסן און די פּאָליאַקן וואַרפן זיך אויף זיי, אָבער די אַמעריקאַנער לאָזן נישט, זיך נוקם זיין, און נעמען זיי אַוועק.

ס'לויפן טאַנקען און לאַסט־אויטאָס און מיר לויפן נאָך און שרייען פאַר פרייד, פון די טאַנקען וואַרפט מען אונדז אַרויס ברויט, שאָקאָלאַד, ציגאַרעטן.

יעצט זענען מיר צושפּרייט אויף די פעלדער, ווו עס קומט פאָר אַ קאַמף צווישן דער אַוויאַציע פוןביידע זייטן. די קאַנאָנאַדע הערט נישט אויף, מיר ליגן אויף דער ערד, עס פאַלן ווייטער העפטלינגען און דאָס זענען געווען די לעצטע וואָס איך האָב געזעען אויפן פעלד. דערביי זענען געפאַלן אַ סך פון מיינע באַקאַנטע — אין גרעסטן עקסטאַז פון פרייד, פון פרייד צו זיין באַפרייט, צווישן די לעבעדיקע.

אין דער גרויסער סומאַטאָכע, האָב איך ערשט פאַרלוירן מיין פריינט סאַלאָמאָן, מיט וועלכן כ'האָב צוזאַמען מיטגעמאַכט דאָס ערגסטע, צוזאַמען האָבן מיר זיך געגראָבן דאָס קבר און יעצט, אין מאָמענט פון באַפרייאונג, האָבן מיר זיך פאַרלוירן. מיינע אַלע באַמיאונגען, אים צו געפינען האָבן זיך

מיר נישט איינגעגעבן. מיט 18 חדשים שפּעטער האָבן מיר זיך געטראָפן אין פּאַריז. אויך מיין פריינט רעזניק איז צווישן די לעבעדיקע. ער האָט מיר דערציילט שוידערלעכע זאַכן פון זיין פאַרזעצן דעם מאַרש — פון די 500 יידן, וואָס זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן מיט דער קאָמאַנדע פון האַלבער־שטאַדט, זענען נאָך דער באַפרייאונג דורך דער רוסישער אַרמיי דעם 20־טן אַפּריל 1945, נאָר געבליבן לעבן 11 פּערזאָן...

הערשל י. קויפמאַן
(פּאַריז)

# אין דער פראַנצויזישער רעזיסטאַנץ

## (מיט פּאַרטיזאַנער אין קאַמף קעגן די נאַציס)

איך בין אָנגעקומען קיין אַנגילים, ווען איך האָב געהאַט דורכצוגיין אַ גרענעץ פון אָקופּירטן — אויף דעם פרייען טייל פון פראַנקרייך, אָבער ס'איז מיר דאָ צוגעגאַנגען שלימזלדיק. ווען אין בין שוין געווען אויף דער צווייטער זייט, האָבן מיך די פראַנצויזישע פּאָליציסטן (אין ציווילע קליידער) פאַרהאַלטן און צוריק געפירט פון וואַנען איך בין געקומען. צוליב נישט פאַר־זיכטיקייט האָט מיך ווידער די דייטשישע מיליטער־וואַך פאַרהאַלטן און אַריינגעזעצט אין דעם געפענגעניש פון אנגילים, ווו איך האָב פאַרבראַכט אין מערערע קאַמערן פון די דייטשישע אַדמיניסטרירטע אָפּטיילונג. איך בין דאָ געווען אין אַ קאַמער מיט זיבן יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין סעינט בײַ לא־ראשעל. צווישן זיי האָט זיך געפינען אַ באַגאַבטער צייכענער און מאָלער — גוטקאָווסקי. אַ צווייטער, וועלכער האָט מיך אויך דערקענט, איז געווען אַ סאָקאָלאָווער — משה שוואַצבערג. שוואַרצבערגן האָב איך דאָ אין פראַנקרייך נאָך נישט געהאַט באַגעגנט און אויך שפּעטער מער נישט געזען פאַר מיינע אויגן; צווישן זיי איז אויך געווען אַ ייד פון קנאַפּע זעכציק יאָר.

נאָכן פייניקן זיך אַ שטיקל צייט בין איך געפירט געוואָרן צו אַן אויספאָרשונג און אויך געשטאַנען פאַר אַ פּראָצעס מיט דער באַשולדיקונג, אַז איך זאָל מיך האָבן פאַרנומען מיט שפּיאָנאַזש. האָט זיי געפעלט באַווייזן. און צוליב דעם מיך באַפרייט. ס'איז געווען אַ נס און אַ גליק. אין די ערשטע צייט פון דער אָקופּאַציע זענען זיי נאָך נישט געווען אַזוי עקסטרעם ווילד, און אַ קאַפּיטאַן האָט אויסגענוצט זיין איינפלוס און מיר געעצהט, איך זאָל נאָכן באַפרייען אַוועק צוריק קיין פּאַריז, ווו ס'לעבן אַ סך מענטשן און ס'וועט דאָרט באַקוועמער זיין זיך צו פאַרשטעקן.

איך בין באַפרייט געוואָרן און צוריק געפאָרן קיין פּאַריז. מיינע פריינט האָבן נישט געקאָנט גלויבן זייערע אייגענע אויגן, ווייל זיי האָבן געוווּסט וועגן מיין דורכפאַל און האָבן מיך שוין פאַררעכנט פאַר אַ זיכערן קרבן. וואָס זיי האָבן מיך ווידער געטראָפן אויף דער פריי איז פאַר זיי געבליבן אַן אויסטערליש רעטעניש.

ס'האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג, און איך בין ווידער געוואָרן אַ קרבן, ווי אַ לאַגער מענטש האָב איך, צווישן אַנדערע, געמוזט ביי די שווערס־טע באַדינגונגען אַרבעטן ביי לאַנדווירטשאַפט. דאָרט האָט מען באַקומען קלעפּ,

און פון צייט צו צייט איז נאָך געקומען די פעלד־זשאַנדאַרמעריע אָפּגעבן וויזיטן און אויסגעזוכט קרבנות. איך אַליין האָב דעם 27 פעברואַר 1942 באַקומען מיין חלק קלעפּ, וואָס וועלן מיר שוין זייך גענוג צו געדענקען אויפן גאַנצן לעבן. דורך דראָונג האָט מען ביי אונדז געוואָלט אַרויסציען דעם מאַקסימום אַרבעט, דער דעוויז איז געווען: „אַרבעט אָדער קראַפּיר״. איך האָב ביי יענע באַדינגונגען געהונגערט און געגאַנגען אָפּגעריסן און באָרוועס. אַזוי האָב איך זיך געראַנגלט מער ווי זעקס און צוואַנציק חדשים. לסוף, ווען דער נייער פראָנט האָט זיך געדאַרפט אָנרוקן, האָבן זיי די מענטשן פון דאָרטן אַוועקגענומען. יידן האָט מען אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ און אין אַנדערע פאַרניכטונגס־לאַגערן, פון וואַנען בלויז איינצלנע זענען צוריק געקומען, און די איבעריקע זענען פאַרשוווּנדן.

אין דער בהלה האָבן טייל געהאַט פאַרלוירן דעם שכל און זענען ווי שעפּסן געהאָרכזאַם געגאַנגען צו דער שחיטה — געפאָלגט און נישט געפּרוּווט זיך צו ראַטעווען. אַ קלענער טייל האָט באַצייטנס געמאַכט פליטה. איך בין געווען פאַרשיקט אין אַ קליין אָרט, ממש אַן איזאָלירטער, צוליב די שלעכטע באַדינגונגען האָב איך באַקומען רעוומאַטישע ווייטאָקן אין די פיס און מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון אַ חודש האָב איך ריזיקירט און — געמאַכט פליטה.

איך בין פאַרבייגעפאָרן פאַריז און דערגרייכט אַ ווייטע געגנט ערגעצ־ווו אין פראַנקרייך, איך האָב אַזוי אַרום געהאַט דורכגעמאַכט אַ רייזע אַן ערך פון אַכט הונדערט קילאָמעטער.

ווידער איז געוואָרן שאַרף דאָס פּראָבלעם: וואָס צו טון און ווו זיך פאַרשטעקן. ביי יענע צייטן איז דאָס גאָרניטש געווען איינפאַך, און אין פאַרלויף פון איניקע טעג האָב איך נישט געקאָנט געפינען קיין אויסוועג. דער באָדן איז געווען הייס און געבריט אונטער די פיס, איידער איך בין נאָך אינגאַנצן פאַרכאַפּט געוואָרן פון פאַרצווייפלונג, בין איך מגולגל געוואָרן אין אַן אינטערנירונגס־לאַגער, אָבער נישט קיין דייטשישן, נאָר אַ פראַנצויזישן אַרבעטס־לאַגער, ווו מען האָט דערווייל געהאַט מער שאַנסן אויסצומיידן טויט געפאַרן.

די געפאַרן האָבן זיך אָבער דאָך דראָענדיק אָנגעריקט, ווייל דייטשישע מיליטער האָט אויך אויף אָט די לאַגערן געמאַכט איבערפאַלן און פון דאָרטן מיטגענומען קרבנות; אַ געפאַר, אַז זיי זאָלן די אַלע מענטשן אויסמאָרדן. דעמאָלט האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן אין אומבאַקאַנטע וועלדער, ווו איך האָב ענדלעך געפונען אַ פאַרבינדונג מיט אַ פאַרטיזאַנער אָפּטיילונג. אַזוי אַרום בין איך שוין געבליבן אויף ווייטער אַ וואלד־מענטש און האָב כסדר גענומען אָנטייל און געקעמפט קעגן די דייטשישע באַוואָפנטע טרופּן. דאָס געביט פון פראַנקרייך רופט זיך מאַסיווער־צענטער. דאָס איז אַ באַרגיקע געגנט, וואָס פאַרנעמט אַן ערך אַ פינפטל טייל פון לאַנד. אַמאָל אין די גאָר

אַלטע צייטן האָבן דאָ געווילדעוועט ווולקאַנען וואָס זענען שוין לאַנג אויסגעלאָשן, איבערלאָזנדיק ביי צוויי הונדערט איינגעפאַלענע קראַטערס. דער באָדן אַרום האָט אויך נאָך אַלע סימנים פון יענע צעשטערישע צייטן. אומעטום אָנגעוואָרפן מיט שטיינער און סקאַלעס, משופּעדיקע בערג, היילן און קוואַלן, ס׳רוב באַוואַקסן מיט גרויסע וועלדער, צווישן וועלכע ס׳ריזלען קליינע און גרויסע טייכן. און אָט די ערטער האָבן די פּאַרטיזאַנער זיך פאַרשטעקט, כדי צו קאָנען אָנגיין מיטן באַוואָפנטן קאַמף קעגן די דייטשישע מיליטער טרופּן.

אין די ערשטע גרופּע האָב איך אָנגעטראָפן 28 מענטשן. איך מיט נאָך אַ ניי געקומענעם האָבן אויסגעגלייכט די צאָל דרייסיק. בלויז צוויי זענען דאָ געווען פראַנצויזן. אַלע איבעריקע זענען געווען אויסלענדער, דער רוב שפּאַניער, און די איבעריקע פערצן יידן — אָפּשטאַמיקע פון פאַרשידענע אייראָפּעישע לענדער: דייטשלאַנד, עסטרייך, טשעכיע, פראַנקרייך, פּוילן און אונגאַרן.

אונדזערע מענטשן האָבן זיך געהאַט מיאוש געווען פון אַלץ וואָס ס׳איז געווען אַמאָל, דאָס איינציקע איז פאַר אונדז געווען — דאָס געווער, און די פליכטן. איינגעטיילטע אין אַכטלעך, האָבן מיר יעדן טאָג געהאַט אויסצופירן פאַרשידענע אַרבעטן פאַר די ציווילע איינוווינער. אין דער געגנט זענען מיר געווען אויסטערלישע באַשעפענישן, און אַן איבעריקער ביסן פאַר די ווילדע אַפּעטיטן פון די דייטשישע רויב־חיות.

אויף וויפל מען האָט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכנונג איז אונדזער לאַגע געווען אַ גענוג טרויעריקע. אָט לעבט מען, און אַ ביסעלע שפּעטער... ערגעצוו בלייבן מיט אַ דערשאָסענעם צעפליישטן קערפּער און מיטן אייגענעם בלוט באַפאַרבן די שטיינער פונעם שאָסיי. דעם וועג האָט מען אָבער געהאַט פרייוויליק אויסגעקליבן. ס׳איז געווען מער ניחא אַזויאַרום אומצוקומען אין אָפענעם קאַמף מיט געווער אין האַנט, איידער באַשאָסן צו ווערן ווי אַ מינדערווערטיקער קרעציקער הונט ערגעצוו אונטער אַ וואַנט, אָדער אַ דערנידעריקטער צעטרעטן ווערן דורך אַ באַנדע פאַריקטע רוצחים.

יעדע פּוק אָט די דאָ אַרום פאַרשטעקטע אָפּטיילונגען, איז שוין באַשערט געווען צו האָבן ספּעציעלע מיסיעס. מאַסקירט און באַוואָפנט זענען מיר טיילמאָל געפאָרן אין ווייטע געגנטן, הונדערטער קילאָמעטער, כדי צו צעשטערן אַ צענטער פון די פעטעניסטישע־פאַשיסטישע יוגנט, און דאָרט צוגענומען אַלץ אין וואָס מיר האָבן זיך גענויטיקט. אַן אַנדערש מאָל האָבן מיר איבערגעשראָקן מיט אונדזער באַזוך די באַדינער און אָנפירער פון אַ צוג און פון פּאָסט־וואַגאָן צוגענומען די געלטער. מען האָט אויפגעריסן און צעשטערט בריקן, אונטערגעזעגט און אומגעוואָרפן ביימער צו באַריקאַדן איבער די שאָסייען, געלייגט מינעס איבער די וועגן, און פון באַהעלטענישן געלויערט איבערצופאַלן דייטשן.

מיר האָבן זיך צו דעם שוין געהאַט צוגעוווינט און יעדן טאָג געמוזט

אויספירן אַן אַנדערע אויפגאַבע, און מיר האָבן אויך געהאַט אויסצושטיין פּלוצימדיקע איבערפאַלן פון די דייטשע שטראָף־עקספּעדיציעס.

טייל־מאָל זענען מיר געוואָרן געשטעלט אין אַ גאָר קריטישע לאַגע און געמוזט אין מיטן נאַכט מאַכן פּליטה ערגעץ אין אַן אַנדער אָרט, כדי דערווייל דאָרטן צו קאָנען כאַפּן דעם אָטעם, אָדער אָנגעטראָפן דייטשישע אָפּטיילונגען און מיט זיי אַריין אין שלאַכט.

אויסער די כסדרדיקע לאָקאַלע באַשעפטיקונגען, זענען מיר אויך אָפט געוואָרן אַרויסגערופן צי באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען קעגן דייטשישע גרעסערע קרעפטן. די דייטשן האָבן זיך געכיטרעוועט מיט דערשיסן ציווילע, ווי אויך אונדזעריקע, וועלכע זענען זיי אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט און דערמיט האָבן זיי געדעקט זייער פּחדנות פאַר נישט קאָנען אַריינדרינגען אין אונדזערע ערטער. אַזוי האָבן זיך געצויגן די צייטן איבער יענע אויסטערלישע היסטאָרישע טעג.

נאָכן אַריינמאַרש פון די פאַרבינדעטע אַרמייען אין פראַנקרייך, האָבן זיך די קאַמפס מעטאָדן ביי אונדז געביטן. מען איז געוואָרן ווייניקער פאַרזיכטיק פאַר די אויגן פון די ציווילע, און צייטנווייז האָבן מיר איינגאַנצן באַהערשט די געגנט, ווו מיר פלעגן מיט לאַסט־וועגן זיך באַוועגן איבער די שאָסייען, מיר האָבן זיך באַשעפטיקט מיט באַזעצן און פאַרפעסטיקן געוויסע ערטער כדי אָנצוגרייפן די דייטשישע טרופּן, אויב אַזעלכע וועלן נאָר פרווון דורכגיין. ווען אַ גרויסער טייל פון פראַנקרייך איז נאָך געווען פאַרנומען פון די דייטשן, זענען מיר נאָך געבליבן אין דעם געביט און געזאַמלט כוחות און אָפּגעוואַרט, ווען ס'וועט זיין נויטיק, זיך איבערצווואַרפן. מיר האָבן געהאַט אין אַ טייל געגנטן בלאָקירט דייטשישע טרופּן. ס'איז אונדז טיילמאָל אויך געלונגען זיי אפילו צו נעמען געפאַנגען, אָבער אויך זיי האָבן זיך דורכגעשלאָגן מיט שטורעם אַ וועג.

אין די ערטער ווו מיר האָבן געהאַט גובר צו זיין די שטאַרקע דייטשישע באַוואָפנטע קרעפטן, האָבן די קאַמפן געדויערט עטלעכע טעג מיט קרבנות פון ביידע זייטן. אין זעלבן דעפּאַרטמענט קארבעד, אין שטעטל עגלעטאָן, זענען מיר געשטאַנען אין אַ אָפענע מלחמה קעגן 380 דייטשן, וועלכע האָבן געוואָלט אונדז צווינגען זיך אונטערצוגעבן, אָבער דאָס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן. הגם צווישן זיי האָבן זיך געפינען הויכע מיליטערישע שישקעס. איך דער שלאַכט האָבן פון דער דייטשער זייט גענומען אַנטייל שווערע מאַשינען און אויך עראָפּלאַנען. נאָך ניינצן טעג האָבן זיי מיט דער הילף פון פאַרשטאַרקונגען זיך פריי געמאַכט דעם וועג און אונדזערע זענען געווען געצווונגען זיך צוריקצוציען, איבערלאָזנדיק צעטשערטע און פאַרברענטע הייזער מיט פיל טויטע און פאַרוווּנדעטע. פון אונדזערע — 15 טויטע און אויך פאַרוווּנדעטע. פון די דייטשן אַן ערך אַכצן טויטע און פאַרוווּנדעטע.

די צייט איז געווען כסדר אָנגעלאָדן מיט אויסטערלישע איבערלעבונגען

וואָס זענען שווער איבערצוטראָגן. מיר זענען כסדר געווען אונטערן געווער און האָבן געוואַרט אויף דעם אומבאַשטימטן. אַ גרויסער טייל פון לאַנד איז נאָך געווען פאַרנומען מיט פיינטלעכע טרופּן, וואָס האָבן געזייעט טעראָר, מאָרד און שרעק צווישן די ציווילע באַפעלקערונג. מיר האָבן כסדר געוואַרט אויף דעם וואָס דער בייזער גורל וועט צושיקן.

אין שפּעטן זומער פון יענעם יאָר, 1944 איז געווען שיין. חברה האָבן אין דעם באַפרייטן טייל וואַלד אַרומשפּאַצירט איבער די גאַסן פון די שטעטלעך און געזוכט אין די קאָפּעס פאַר זייערע קאַרגע פאָר פראַנק זיך דורכצושווענקען די העלדזער. מען האָט זיך געלאַנגווייליגט, אָבער מיר זענען געווען מיט שטאָלץ און איבערצייגונג אַז אונדזער אַרבעט און קרבנות זענען נישט געווען אומזיסט. די דייטשן זענען שוין געווען פאַרטריבן ביז די מזרח גרענעצן פון לאַנד. זיי האָבן זיך באַמיט דאָרטן אָפּצוהאַלטן און געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד, דראָענדיק ווידער צו פאַרנעמען פּאַריז און זיך דערביי נוקם זיין. נאָר די אַליאירטע אַרמייען האָבן דאָס מאָל מיט זיי נישט געשפּאַסט. אין די געביטן, ווו די דייטשן זענען נאָך געווען, האָבן זיי דערשאָסן ציווילע מענטשן, כדי אַזויאַרום אָנצושרעקן. פיל מענטשן האָבן נאָך אין די געביטן באַצאָלט מיטן לעבן, אָבער דער שרעקלעכער מאנסטער, די דייטשישע אַרמיי, איז שוין געווען צוזאַמענגעבראָכן.



הערשל קויפמאַן מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער.

אברהם פאַרביאַרזש
(וואַרשע)

# אין אַ פּאַרטיזאַנישער סאָוויעטישער דרוקעריי

די אַנדערטהאַלבן יאָר צווישן דעם דייטשישן איבערפאַל אויף פּוילן און דעם אַריינרייסן זיך פון די פאַשיסטישע באַנדיטן אויף די סאָוויעטישע טעריטאָריעס, האָב איך פאַרבראַכט אינעם שטילן אוקראַאינישן שטעטל ראָקיטנאָ, ווו כ'האָב זיך געהאַט איינגעאָרדנט און געאַרבעט ביים אַוועקשטעלן אַ סאָוויעטישע דרוקעריי.



אברהם פאַרביאַרזש, אַ סאָקאָלאָווער,
איז נאָך דער באַפרייונג געשטאָרבן אין פּוילן.

דער פראָנט איז נישט געגאַנגען דורך אונדזער פאַרוואָרפן שטעטל. מיר האָבן געפילט אין דער ערשטער צייט די מלחמה בלויז פון די לופט־איבערפאַלן און פונעם באַוויזן זיך פון די אויסגעהאָדעוועטע דורך די היטלעריסטן אוקראַאינישע פאַשיסטישע באַנדיטן.

דריי חדשים נאָכן אויסברוך פון קריג האָבן זיך ערשט ביי אונדז באַוויזן די ערשטע ס.ס.־לייט, וועלכע האָבן נאָך „פאַרפולקומט" די „אַרבעט" פון די אוקראַאינישע פאַשיסטן — געשאָסן אויף יידישע דורכגייער, פאַרגוואַלטיקט יידישע מיידלעך, אויסגעפּרעסט „אויסקויפגעלט" ביי דער באַפעלקערונג,

שפּעטער אַ ביסל האָט זיך שוין אויף פעסט באַזעצט אַן אָפּטיילונג ס.ס. ביי אונדז אין שטאָט און די פייניקונגען האָבן אָנגענומען אַ „סיסטעמאַטישן" כאַראַקטער.

יידישע אַרבעט־באַטאַליאָנען האָבן געדאַרפט פאַריכטן די באַן־וועגן, שאָסייען, בריקן. שוין נישט רעדנדיק וועגן דעם, אַז די אַרבעט איז געווען אַן עבודת־פּרך און געדויערט אַרום 12—15 שעה אַ טאָג, כמעט אָן עסן, האָבן זיך נאָך יעדן פרימאָרגן אַריינגעזעצט אין אַ דרעזינע אַ 70 אָנגעפרעסענע היטלעריסטן, וועלכע מיר האָבן געמוזט פירן צו דער אַרבעט. זיי האָבן געוואָלט האָבן דעם פאַרגעניגן פון גיך פאָרן, און זיצנדיק אויף דער דרע־זינע אונדז געשמיסן מיט נאַהייקעס שנעלער צו שטופּן די דרעזינע. דאָס זעלבע נאָך דער האָרעוואַניע.

אַזאַ „לעבן" האָבן מיר געפירט אַ גאַנץ יאָר. די דייטשן האָבן אָבער באַשלאָסן צוצואיילן אונדזער אומקום און אָנגעהויבן מאַכן די „סעלעקציעס". די ערשטע סעלעקציע איז פאָרגעקומען דעם 23־טן יוני 1942. מען האָט דאַן צונויפגעזאַמלט אַלע יידן, מענער, פרויען און קינדער, זיי פונאַנדער־געטיילט: מענער באַזונדער און פרויען און קינדער באַזונדער, דערביי זע־נען 8 יאָריקע יינגלעך פאַררעכנט געוואָרן צו „מענער". ביים צעשיידן אַליין האָבן זיך שוין אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס. מען קאָן זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ געפילן עס האָבן אַרויסגערופן ביי דער גאַנצער מאַסע אויסגעמאַטערטע, צעבראָכענע, הילפלאָזע מענטשן דאָס דערשיינען פון 30 באַוואָפנטע באַנדיטן צו הילף דער געוויינלעכער ס.ס.־קאָמאַנדע, וועלכע האָט מיט אונדז געבאַלעבאַטעוועט. מיר האָבן געפילט, אַז ס׳גרייט זיך עפּעס שוידערלעכס.

אין דער דאָזיקער לאַגע, האָבן זיך די יידן דאָך נישט געוואָלט אָפּ־געבן צו דער שחיטה און אַ טייל האָט אָנגעהויבן אַנטלויפן ווי די אויגן האָבן געטראָגן. די דייטשן האָבן געעפנט אַ שיסעריי. איך בין געווען צווישן די אַנטלאָפענע. געפינענדיק זיך שוין אויף אַ היפּשן מהלך פון די באַנדיטן אין אַ געדיכטן וואַלד, האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז צוזאַמען מיט מיר זענען פאַראַן 12 מענטשן, צווישן זיי עטלעכע פרויען. מיר זענען אַוועק טיף אין וואַלד. געוואַנדערט טאָג און נאַכט און זיך דערנערט מיט וואַלד־געוויקסן. ביסלעכווייז האָבן מיר זיך עטוואָס באַרויקט און זיך דערנענטערט צו ישו־בים, בכדי קאָנען באַקומען עפּעס עסן. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט נאָך יידישע גרופּן. מיר האָבן אָבער דאַן באַשלאָסן זיך נישט צו פאַרייניקן מיט אַנדערע גרופּן, ווייל ס׳איז לייכטער אין דער דאָזיקער לאַגע צו געפינען שפּייז פאַר אַ קלענערער צאָל מענטשן.

אין די וועלדער האָט אָבער אויפגעהערט צו זיין זיכער. די דייטשן האָבן נאָך אונדז אַרויסגעשיקט זייערע באַנדעס און פיל יידן דערמאָרדעט אין די וועלדער.

דאָס איז געווען זומער — און ווינטער? אָפּגעריסענע אָן שיך, אָן עסן — איך וואַלד. מיר האָבן זיך געמאַכט אַ שאַלאַש פון צווייגן. אָבער צי קאָן ער וואַרעמען ווינטער אַן אויסגעהונגערטן, האַלב־נאַקעטן מענטשן?

מיר האָבן זיך געמוזט ווידער דערנענטערן צום דאָרף. מיין גליק: עס האָט זיך געפונען אַ פויער אין אַן אוקראַיניש דאָרף, וועלכער האָט מסכים געווען מיך צו באַהאַלטן ביי זיך. פאַרשטייט זיך, אַז דער פויער האָט אַליין געלעבט אין טויט־שרעק. ביים פויערס פאָטער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן יידן. ווייזט אויס, אַז די דייטשן האָבן עפּעס דערשמעקט, אָדער דעם פויער האָט זיך אַזוי אויסגעדאַכט, און מיר, די צוויי יידן פונעם פויערס פאָטער און איך, — האָבן געמוזט פאַרלאָזן אונדזער באַהעלטעניש אינמיטן ווינטער, פאַר ניי־יאָר, און אַוועק אין אַ פינצטערער נאַכט אין דער אַרומיקער געגנט.

איינער פון די דאָזיקע יונגעלייט איז געווען אַ קצב און האָט אונדז געדינט פאַר אַ וועג־ווייזער. ער איז געווען גוט באַקענט מיט די אַרומיקע פויערים, מיט וועלכע ער האָט פאַר דער מלחמה געהאַנדלט. די פויערים זענען געווען שטאַרק טעראָריזירט, עטלעכע האָבן שוין געהאַט באַצאָלט מיטן קאָפּ פאַר אויסבאַהאַלטן יידן, און קיינער האָט נישט געוואַגט אונדז אויסבאַהאַלטן.

איינע אַ פויערטע האָט אונדז געוויזן אויף אַ וואַלד, אין וועלכן ס׳געפינען זיך יידן, פונוואַנען זיי קומען אָפּט אין דאָרף נאָך פאַרשידענע זאַכן זי האָט אונדז אפילו געוויזן ווי אַזוי אַ הין צו גיין. לאַנג, לאַנג, עטלעכע טעג האָבן מיר געזוכט דאָס גוט־מאַסקירטע באַהעלטעניש פון אונדזערע ברידער, ביז ענדלעך האָבן מיר געפונען די צוויי באַראַקן אין וואַלד, וועלכע זענען געווען באַוווינט: איינער פון די פרויען און דער צווייטער פון די מענער. דאָרטן האָבן מיר שוין איבערגעווינטערט.

מיר האָבן געהאַט באַגעגנט באַוואָפנטע אוקראַינער אין וואַלד, דאָס זענען אָבער געווען וואַלד־וועכטער, וועלכע האָבן אונדז פריינטלעך געוואָרנט זיך צו היטן, אָדער גאָר פאַרלאָזן דעם וואַלד, ווייל די דייטשן שיקן כסדר זייער פּאָליציי אין וואַלד זוכן יידן.

מיר האָבן זיך טאַקע געמוזט צוריקציען אין אַן אַנדערן וואַלד. אָבער אויך דאָרט איז געווען אומרואיק. איך האָב באַשלאָסן אַוועקצוגיין זוכן פּאַרטיזאַנער.

מיט אַ מאָל איז ווי אַ בליץ מיר אַדורך אַ געדאַנק. דער פויער, יאַן זאַלעווסקי, ביי וועלכן כ׳האָב זיך אָנהויב ווינטער געהאַט אויסבאַהאַלטן אין קעלער, האָט געוווינט אין גאַראַכאָוואָ. איינמאָל ביינאַכט האָב איך אין קעלער געהערט אַ סך שטימען און קלאַנגען פון געווער. שוין זשע, האָט ער געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער? און אפשר טאַקע דערפאַר האָבן מיר געמוזט פאַרלאָזן זיין כאַטע?

נאָך צוויי חברים זענען מיט מיר מיטגעגאַנגען זוכן פּאַרטיזאַנער. פאַרשטייט זיך, מיר האָבן זיך גלייך געלאָזט אין דאָרף גאָראָכאָווע. געקומען אין דאָרף, זענען מיר גלייך אַוועק צו מיין באַלעבאָס יאַן זאַלעווסקי און מיר האָבן זיך געוווּנדערט, אַז ער איז באַלד איינגעגאַנגען אונדז לאָזן נעכטיקן. מיר האָבן זיך אָפּגעשוירן די לאַנגע בערד, אָנגעוואַקסענע אין וואַלד, זיך אַרומגעוואַשן, אויסגעשלאָפן אין דער וואַרעמער כאַטע. דער באַלעבאָס האָט אויף אונדזער פראַגע וועגן פּאַרטיזאַנער געענטפערט גאַנץ פאָרזיכטיק, ווייזט אויס, נישט געהאַט צו אונדז קיין פולן צוטרוי. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז מיר האָבן ריכטיק געטראָפן.

צומאָרגנס אינדערפרי האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט די פּאַרטיזאַנער.

אַ טיפּישער רוס, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, מיט גוטע, מילדע אויגן, האָט אויף אונדזער פראַגע: איר זענט אַ פּאַרטיזאַן, אונדז גוט אָנגעקוקט, באַטראַכט און ענדלעך געפרעגט: וואָס דאַרפט איר? — אין שטאַב — האָבן מיר געענטפערט.

אַ געזעץ איז פאַראַן ביי די פּאַרטיזאַנער, וואָס ס'איז אין קיין פאַל נישט מעגלעך איבערצושטרייטן. דאָס געזעץ לויטעט: ווילסטו ווערן אַ פּאַרטיזאַנער, מוזסטו זיך פריער באַוואָפענען דורכן אַנטוואָפענען אַ דייטש. דאָס געזעץ איז אַנטשטאַנען נישט נאָר דערפאַר, ווייל די פּאַרטיזאַנער דאַרפן האָבן געווער, נאָר אויך דערפאַר, ווייל דאָס איז אַ צייגעניש פאַר דעם נייעם פּאַרטיזאַן, אַ צייגעניש פון שנאה צום דייטש, פון דרייסקייט, פון קעמפערישקייט

צי וועט אָבער אונדז געלונגען אויסצומיידן?...

מען האָט אונדז געפירט אין שטאַב.

אין אַ צימער האָבן זיך געפונען עטלעכע גוטמוטיקע, געלאַסענע באַוואָפנטע סאָוויעטישע מענטשן, וועלכע האָבן אונדז טאַקע דערמאָנט וועגן דעם פּאַרטיזאַנער־געזעץ, און נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז מיר האָבן נישט געקאָנט מיט הוילע הענט, אויסגעהונגערטע, אָפּגעשוואַכטע באַפאַלן דייטשן און ביי זיי צונעמען ס'געווער. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאָך נישט דער שטאַב און האָב אויפסניי געפאָדערט, אַז מ'זאָל מיך פירן צום שטאַב ווייל כ'האָב עפּעס וואָס מיטצוטיילן. איך האָב גערעכנט אין שטאַב אויסצובעטן, אַז אויף אונדז זאָל נישט חל זיין דאָס דאָזיקע געזעץ.

איך האָב מיך אַליין געוווּנדערט, אַז מען האָט מיך געהערט און טאַקע געפירט צום שטאַב. פריער האָט מען אונדז באַזוכט פון קאָפּ ביז די פיס און אונדז אַריינגעלאָזט צו עטלעכע קאָמאַנדירן פון דער רויטער אַרמיי. איינער האָט מיך געפרעגט, וואָס מיר ווילן. איך חזר איבער אונדזער ביטע. עס קומט דער זעלבער ענטפער, מיט פאָלגנדיקן צוגאָב: מיר האָבן נישט קיין געווער־פאַבריקן און נישט קיין מונדורן. דער פּאַרטיזאַן מוז זיך עס אַליין פאַרשאפן.

אונדז דריי האָט געראַטעוועט מיין פּאַך. ווען די קאָמאַנדירן פון שטאַב האָבן דערהערט אַז כ׳בין אַ זעצער זענען זיי געוואָרן מלא שמחה.

— דאַוואַי, בראַטקאָ, בודעט דיעלאָ!

מיר זענען אַלע דריי אָנגענומען געוואָרן אין דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון כרושטשאָוו.

איך האָב זיך דערפילט ווי אַ ניי־געבוירענער.

נעכטן — אַ געפּלאָגט, אויסגעהונגערט, הילפלאָז באַשעפעניש, אָן אַ שום פּערספּעקטיוו, אָן אַ שום ווערט — און היינט אַ מיטגליד פון אַ קאַמפערישער אָרגאַניזאַציע, אַ טייל פון אַ כוח, וואָס קעמפט קעגן פאַשיזם. אַלע ארום מיר זענען שוין נישט קיין ווילד־צעטראָגענע, הילפלאָזע מענטשן, נאָר באַוווסטזיניקע, רואיקע, דרייסטע קעמפער קעגן היטלעריסטישן דייטשלאַנד, וואָס וויסן נישט פון קיין פּחד. ניין, איך קאָן נישט איבערגעבן דעם איבערברוך אין מיין פּסיכיק במשך די עטלעכע טעג.

מיינע צוויי חברים זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין פאָרמאַציעס און איך האָב באַקומען אַ מיסיע.

דער שטאַב האָט געהאַט אַן אוצר. אין זעקעלעך זענען געווען אַריינגעשאָטן אותיות לויטן אלף־בית, יעדעס זעקעלע — אַן אות. פון דעם האָט מען געדאַרפט זעצן אויפרופן צו דער באַפעלקערונג, איבערגעבן באַריכטן פון די פראָנטן לויטן מאָסקווער ראַדיאָ און זיך באַמיען אַרויסצוגעבן אַ פּאַרטיזאַנער־צייטונג. קיין פאַכמאַן איז נישט געווען, מ׳האָט זיך וועגן דעם געווענדעט קיין מאָסקווע, נאָר קיין ענטפער איז נאָך ביז איצט נישט געקומען.

איך האָב באַדאַרפט באַווייזן דעם נס. מאַכן פון אותיות אין די זעקלעך — אַן אויפרוף.

איך האָב זיך גענומען צו דער עבודה. געלאָזט מאַכן אַ הילצערנע שופלע, אויסגעשאָטן די זעקעלעך אויפן טיש, ביי יעדן בערגעלע אותיות אָנגעשריבן, וועלכער אות דאָס איז און גענומען זעצן. ס׳האָט געדויערט אַ היפּשע צייט, אָבער די חברים פון שטאַב זענען געשטאַנען פאַרגאַפטע, זעענדיק ווי ס׳וואַקסן די שורות.

דער אויפרוף האָט געהאַלטן 20 שורות. די חברים פון שטאַב האָבן מיך באַטראַכט פאַר דעם גרעסטן זעצער־ספּעציאַליסט אין דער וועלט.

ווי אַזוי דרוקט מען אָפּ דעם זאַץ? אויף דעם האָט מען זיך געדאַרפט מוחן, און אָט־וואָס מיר האָבן אויסגעטראַכט: צוגעמאַכט אַ פערט לייסטל צו דער שופלע, געמאַכט צוויי הילצערנע קליינעס אויף פאַרפעסטיקן די פאָרעם אין דער שופלע, זי זאָל זיך נישט רוקן און נישט לויז ווערן. דערנאָך גענומען אַ שטיקל רער, אָנגעפילט אינעווייניק שטיינער, עס זאָל זיין שווערער. פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס, מיט אַ שטיקל שינעל אַרומגעוויקלט די רער פון אויבן און ס׳האָט זיך באַקומען אַ וואַלץ. מיט אַ בערשטל צעפירט אַ ביסל פאַרב אויפן שריפט און:

— דאָוואַי פּיעטשאַטאַט!

אַזוי האָבן אויסגעזען מיינע ערשטע באַשיידענע און פּרימיטיווע לייסטוג־גען פאַרן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד. מען האָט אָבער געשריגן „הוראַ״, געמאַכט אַ שנאַפּס צוליב דעם גרויסן אויפטו און אויפן באַלשעוויסטישן שטייגער זיך גע־ווונטשן אײנגיכן אַרויסצוגעבן אַ טאָג־צייטונג. דער ווונטש האָט אײנגיכן אָנגע־הויבן רעאַליזירט צו ווערן.

דער שטאַב האָט אַרויסגעשיקט ספּעציעלע דעלעגאַטן אין די וואָיעוואָ־דישע שטעט נאָך שריפט, וואָס מ׳האָט געדאַרפט אַרויסנעמען פון די אַרבעטנ־דיקע דייטשע דרוקערייען.

נאָך אַ רייע דורכפאַלן איז דאָך געלונגען צו ברענגען אַ ביסל שריפט מיר האָבן דאַן געמאַכט אַן אמוזן קאַסטן און שוין געקאָנט אויסזעצן אַ היפּשן זאַץ. דער קאַסטן איז געווען אַ צונויפגעשטעלטער פון דריי קלענערע קעסטלעך, כדי מען זאָל אים לייכטער קאָנען מיטנעמען אין וועג. אַזוי אַרום האָבן מיר ביסלעכווייז פאַרפּולקאָמט די טעכניק.

די פּויערים האָבן געברענגט תבואות, בהמות. עס זענען איינגעשטעלט געוואָרן סאָוויעטישע אַדמיניסטראַציעס אין די דערפער. די אַרבעט האָט זיך כסדר אויסגעברייטערט, די אויפגאַבן זענען געוואָרן גרעסערע. מיר האָבן זיך שוין געהאַט פאַרשאַפט אַן אַעראָדראָם, איינגעשטעלט אַ פּערמאַנענטן ראַדיאָ־קאָנטאַקט מיט מאָסקווע, פונוואַנען ס׳האָבן אָנגעהויבן קומען עראָפּלאַנען מיט געווער, אַמוניציע און מעדיקאַמענטן. זיי האָבן צוגענומען אונדזערע פאַרוווּנ־דעטע און קראַנקע און אַוועקגעפירט אויף דער „גרויסער ערד״ (ווי מיר פלעגן רופן די ערד, וואָס איז נישט געווען פאַרנומען דורך די דייטשן).

איך האָב דערווייל זיך געפאָרעט אַרום דער צוגרייטונג אַרויסצוגעבן אַ צייטונג, געמאַכט אַ סטאַנאָק איינצושליסן צוויי זייטן פאָליאָ־פאָרמאַט. דאָס פּאַפּיר איז געוואָרן גענעצט און אַז מען האָט אָפּגעדרוקט די צוויי זייטן, האָט מען גענומען מאַכן די אַנדערע צוויי און ס׳איז דערשינען אַ צייטונג „זאַ ראָדינו״ („פאַרן פאָטערלאַנד״).

מיר האָבן נאָך אַדורכגעמאַכט פאַרשידענע פאַרפּולקאָמונגען פון זעצן און דרוקן, געמאַכט פעלערן, זיי אויסגעבעסערט. אָבער די אַרבעט איז שוין געווען אין פולן גאַנג.

מאָסקווע האָט אונדז פאַרשאַפט אַן אָנגענעמע איבעראַשונג. נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין געהאַט געמאַכט אַלע צוגרייטונגען צו פייערן דעם 1־טן מאַי 1943, האָבן זיך פּלוצים דעם ערשטן מאַי פאַרטאָג געגעבן אַ לאָז אַראָפּ צו אונדז 12 פאַראַשוטיסטן מיט די טייערסטע מתנות פאַר דער פאַרטיזאַנער־מחנה. צווישן די אַנדערע מתנות האָט זיך אויך געפונען אַ פעלד־דרוקעריי.

די פאַראַשוטיסטן האָבן מיט זיך געבראַכט אַ באַפעל פון סטאַלינען צו די פּאַרטיזאַנער, וועלכער איז פאַרגעלייענט געוואָרן אויף אונדזער גרויסן פּאַרטיזאַנער פּאַראַד, וואָס מיר האָבן דעם 1־טן מאַי איינגעאָרדנט. אינעם

באַפעל ווערט אָנגעוויזן אויף די שוואַכע זייטן פון דייטשישן פאַשיזם און רופט אונדז אָנצוגרייפן אָט די שוואַכע זייטן. קאָנקרעט אין געגעבענעם פעריאָד לײַדן די דייטשן אַ גרויסן מאַנגל אין לאָקאָמאָטיוון און מ׳דאַרף דעריבער וואָס מער דייטשע לאָקאָמאָטיוון פאַרניכטן. די פאַראַשוטיסטן האָבן גלייכצייטיק מיטגעבראַכט מיט זיך אַזעלכע סנאַריאַדן, וועלכע וויקלען אַרום אין פלאַמען יעדן געטראָפענעם לאָקאָמאָטיוו.

דער ענטוזיאַזם פון דער ריזיקער פאַרטיזאַנער־מחנה איז געווען איילשער. דער קולמינאַציע־פונקט פונעם פאַראַד איז געווען דאָס אָפּגעבן די פאַרטיזאַנער־שבועה נקמה צו נעמען און אויסראָטן די היטלעריסטן, פאַרטריבן זיי פון דער סאָוויעטישער ערד.

דערנאָך האָט דער שטאַב איבערגעגעבן מעדאַלן פאַר די אויסגעצייכנטע פאַרטיזאַנער.

צווישן די פאַראַשוטיסטן האָט זיך אויך געפונען אַ מאָסקווער זעצער, מיט וועלכן מיר האָבן שוין צוזאַמען פאָרגעזעצט די אַרבעט.

צום סוף 1943 האָט אונדזער פאַרטיזאַנער־אָטריאַד שוין געהאַט אויף זיין קאָנטאָ אַריבער 4 טויזנט צעשמעטערטע וואַגאָנען, איבער 80 לאָקאָמאָטיוון, אַ גרויסע צאָל אויטאָ־מאַשינען און טויזנטער פאַשיסטישע פגרים. מיר האָבן אויפגעריסן צענדליקער באַן־בריקן און אַראָפּגעשאָסן דריי דייטשישע עראָפלאַנען.

די גאַנצע מחנה האָט געלעבט מיט איין לעבן: שלאָגן דעם דייטש.

עס האָבן זיך אָנגערוקט די סאַמע ערנסטע צייטן פאַר אונדזער פאַרטיזאַנער־מחנה. די דייטשישע חיילות זענען אין גאַנצע דעוויזיעס צוריקגעטרעטן פון פראָנט און מיר האָבן געדאַרפט פירן שווערע קאַמפן מיט גוט־באַוואָפנטע דייטשישע פאַרייניקונגען. נאָך אַ ריי דויערנדיקע שלאַכטן האָבן מיר דורכגעריסן די אָפּטרעטנדיקע דייטשישע דיוויזיעס און זיך פאַראייניקט מיט דער רויטער אַרמיי, וועלכע האָט אַריינמאַשירט קיין לוצק.

חנה־טשע גרינבערג
(תל־אביב)

# מיינע וואנדערונגען צווישן טויט און לעבן

שבת, דעם 22 אויגוסט 1942 דערגרייכט צו אונדז די שרעקלעכע בשורה, אז די דייטשע מערדער ליקווידירן שוין די יידן אין שעדלעץ. אין שטאט ווערט א שרעקלעכע בהלה. מ׳האט מורא, אז גלייך פון שעדלעץ קומען זיי צו אונדז. א פאנישע שרעק כאפט אלעמען ארום. אזוי ווי די זשאנדארמעריע און זאנדער־דינסט זענען נישט געווען אין שטאט (זיי האבן זיך באטייליקט אין דער פאר־ניכטונגס־אקציע פון די שעדלעצער יידן) האט מען אנגעהויבן ארויסלויפן פון געטא אויף אלע וועגן, פעלדער און וועלדער, אבי זיך צו ראטעווען.

איך טראכט אן אויפהער וועגן ראטעווען מיינע קינדער. עס קומט מיר אויפן געדאנק אונדזערס א באקאנטער לערער מיט זיין פרוי פון א געוויסן דארף. זיי זענען מיר באקאנט ווי גוטע און אידעלע מענטשן, און גלויב אז זיי וועלן זיין גרייט מיר צו העלפן אין דעם קריטישן מאמענט. עס געלונגט מיר זיי צו באזארגן א בריוו, אין וועלכן איך בעט זיי, זיך צו טרעפן מיט מיר ביים טויער פון געטא. אבער די סכנה איז שוין גרויס, און מ׳קאן נישט ווארטן ביז זיי וועלן קומען. איך לויף מיט מיין טעכטערל פון געטא צו דער שניידערין ווירשביצקא, בעט זי אויסצובאהאלטן מיין קינד אויף אייניקע טעג. זי איז מסכים. איך געזעגן זיך מיט מיין קינד מיט ביטערע טרערן, נישט גלויבנדיק אין אונ־דזער איבערלעבן. מיין זון מיט מיין יונגען שוואגער יודעלע איז מיר געלונגען אוועקצושיקן אין ארבעטסלאגער קיין קורטשעוו, און מיין מאן איז אוועק צו א באקאנטן פויער אין דארף ווירעכעוו, 8 קלמ. פון שטאט. מיין שוועסטער מיט דער מוטער און שוועגערין ווי אויך קרובים זענען אוועק צו באקאנטע קריסטן. די לעצטע בין איך ארויס פון געטא און אוועק צו א קריסטלעכן קונה. ער דער־לויבט מיר איבערנעכטיקן, מיין פאטער און ברודער זענען צוליב זייער יידישן אויסזען געבליבן אין שטאט.

אויפן צווייטן טאג, אין געטא איז שטיל, איך וויל ארויסנעמען מיין פאטער און ברודער. איך גיי צוריק אין געטא, אויך מיין שוועסטער איז צוריק־געקומען. מיר לאזן זיך ארויס אויף אלע וועגן, און עס געלונגט אונדז צו געפינען אונדזערס א גוט־באקאנטן קונה, וועלכער איז מסכים צו נעמען זיי צו זיך. מיר האבן זיי פארקלײדט פאר גויים, און מיט גרויס פחד ארויסגעפירט פון געטא אינטערן שטאט, וווּ דער פויער האט זיי איבערגענומען.

איך בלייב אין געטאָ און וואַרט אויפן לערער. אויפן צווייטן טאָג טרעף איך דעם לערער נעבן געטאָ און בעט אים, ער זאָל מיר ראַטעווען מיין טעכטערל. געריררט פון מיין שווערער לאַגע, פאַרזיכערט ער מיר זי צו האַלטן אַזוי לאַנג, ווי עס וועט נישט זיין קיין באַקאַנטמאַכונג וועגן טויט־שטראָף פאַר אויסבאַהאלטן ייִדן, און נעמט זי מיט.

איך גיי צוריק צו מיין קריסט, ווו כ'האָב שוין געגעכטיקט. זיין ווייב איז פול מיט שרעק, ווייל זשאַנדאַרמען זוכן אין יעדן הויז אויסבאַהאַלטענע ייִדן. איך מוז שוין פאַרלאָזן איר שטוב. די פיס ברעכן זיך מיר אונטער, אין דאָרף פשיוואַזק, 5 קלמ. פון שטאָט, דערלויבט מיר אַ באַקאַנטער קריסט צו נעכטיקן, אָבער צומאָרגן קומען אין דאָרף זשאַנדאַרמעריע און איך מוז פאַרלאָזן די שטוב. ווען די דייטשן פאַרלאָזן דאָס דאָרף, קומט די קריסטין אין וואַלד און נעמט מיך צוריק. נאָר אין אַ נאַכט גיי איך אַוועק אין אַנדערע דערפער. אַזוי ווי קיינער פון מיינע באַקאַנטע קונים ווילן מיך נישט אַריינלאָזן צו נעכטיקן, בין איך געוואָרן געצוווּנגען, גיין צוריק אין געטאָ. אין געטאָ הערשט אַ טויטע שטילקייט. מיינע שוויגער־עלטערן וואַרטן דאָרט ס'זאָל ווער פון די קינדער קומען, זיי אַרויסצונעמען. ווען מיין שוויגער באַגלייט מיך צום טויער פון געטאָ קומען אָן 2 זשאַנדאַרמען זיי פרעגן צי איך בין אַ קריסטין (אויך קריסטן האָט געדראָהט טויט שטראָף פאַרן אַריינגיין אין געטאָ) ווען איך זאָג אַז כ'בין אַ ייִדישקע ווער איך אַרעסטירט, ווייל איך האָב נישט געטראָגן דעם געלן באַנד.

כ'פּיל אַז יעצט איז מיין סוף. מיין שוויגער איז באַלד אַוועק אין יודן־ראַט בעטן מיך צו ראַטעווען. דער דעמאָלטיקער יודנעלסטער, יצחק שעדלעצקי איז באַלד אַוועק צו דער זשאַנדאַרמעריע און נאָך שווערער מי, איז אים געלונגען מיך צו באַפרייען, פון אַרעסט בין איך ווידער אַוועק אויף די פּויליש'ע זייט, אין דאָרף קאַראַבי, 8 קלמ. פון שטאָט. פאַרן ייִדישן בית־עלמין האָב איך זיך פאַרן גאַנצן געלט געמוזט „אויסקויפן" ביי אַ פּוילישן שקץ, וועלכער האָט מיך דערקענט אַלס ייִדישע, און געוואָלט מיך פירן צו דער זשאַנדאַרמעריע.

נאָך וואַנדערונגען אין שווערע איבערלעבונגען במשך פון אַ וואָך, בין איך צוריק געקומען אין געטאָ, ווו ס'זענען שוין געווען באַקאַנטמאַכונגען וועגן טויט־שטראָף פאַר באַהאַלטן ייִדן. ייִדן אויסערן געטאָ, אויך מיין משפחה קומט צוריק. די גויים ווילן זיי שוין נישט האַלטן. איך מוז דעמאָלט אויך אָפּנעמען מיין טעכטערל. ס'קורסירן פאַרשידענע קלאַנגען וואָס באַרויקן אַ ביסל די ייִדן. אַ טייל באַמיען זיך צו באַקומען אַרבעטס־„פּלאַצוווקעס" אין די „מאַיאַנטקעס". מיר פאָרן אַרויס אויף אַרבעט אין לאַגער. פון לאַגער האָט מען אונדז שפּעטער געשיקט אויף אַרבעט אין אַ שכניש׳ן „מאַיאַנטעק". צוזאַמען מיט אונז געפינט זיך רחל ראָזענצווייג מיט 2 קינדער, מיינע עלטערן, ווי אויך מיין מאַן זענען געבליבן אין דער היים.

די אַרבעט איז געווען זייער שווער: 8 שעה אין טאָג שטיין געבויגן

ביי קאָפּען קאַרטאָפל, דערצו נאָך — הונגעריק און צעבראָכן. נאָך 2 וואָכן שווערער אַרבעט דערגייט צו אונדז די שרעקלעכע בשורה, אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון געטאָ. מען שיסט, מ׳וואַרפט גראַנאַטן, פיל יידן ווערן געשיקט קיין טרעבלינקע אָדער געהרגט אויפן אָרט. די ידיעה האָט אונדז אַלעמען אויפגעציטערט. האָט דאָך יעדער זיינע נאָענטע.

עטלעכע טעג נאָך דער אַקציע באַוויזן זיך איינצלנע יידן, מ׳האָט זייערע באַהעלטענישן נישט אַנטדעקט און עס איז זיי געלונגען זיך ראַטעווען פון דער אַקציע. זיי דערציילן, אַז אַלע יידן אין געטאָ זענען אומגעקומען.

10 טעג נאָך דער אַקציע, זייענדיק שוין איינגאַנצן רעזיגנירט פון מיין מאַן, קומט צולויפן מיין טעכטערל אין פעלד, ווו איך אַרבעט, און זאָגט מיר, אַז דער טאַטעשי איז געקומען צוזאַמען מיט משה שיינה חוהס ראָזענצווייג. איך לויף „אַ היים" און טרעף מיין מאַן אַ פאַרחלשטן אויף דער ערד. מ׳ראַטעוועט אים. ווען ער קומט צום באַוווסטזיין, ווערן מיר געוויער וועגן זייערע שרעקלעכע איבערלעבונגען אין דער „קריוווקע". מיט זיי איז אויך געווען די יונגע פרוי מאַנדלבוים פון פוטער־געוועלב און דאָס שכנישע מיידל אסתר פלאַטנער. אויפן וועג האָבן זיי זיך צושיידט, יעדער איז אַוועק צו זיינע נאָענטסטע אויף די אַרבעטס־פלעצער.

איך גיי ווידער אַרויס אין דער געגנט צו אומבאַקאַנטע גויים, וועגן אַן אָרט פאַר אונדזער משפחה, אָבער אָן דערפאָלג. ווי אַ דאָרפישע פויערטע, מיט אַ קוישל אין האַנט, לאָז איך זיך צו מיינע באַקאַנטע קריסטן, וועלכע זענען איצט ווייט פון סאָקאָלאָוו. דערוויייל דערקענט מען מיך נישט. פּלוצים דערזע איך דייטשן מיט פוילישע פּאָליציי נעבן אַ שטוב אויף אַ קאָלאָניע, ווו איך מוז יעצט גיין, עס נעמט מיך אַרום אַ טויט־שרעק, צוריקגיין — איז שוין צו שפּעט; קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, גיי איך אַדורך נעבן זיי. איך האָב נאָך 8 קלמ. און קום אין גרויס שרעק צו מיין באַקאַנטן, וועלכער זאָגט אָפּ מיין בקשה, שיקט מיך אָבער עטלעכע קלמ. ווייטער אין וואַלד צו אַן אַנדערע משפחה. דער קריסט פון וואַלד וויל אונדז מאַכן אַ גרוב אויפן פעלד און צושטעלן עסן. איך האָב נישט קיין צוטרוי צו אַזאַ באַהעלטעניש און קום צוריק מיט גאָרנישט.

ווען אין נאָוועמבער 1942 קומט צו אונדז אָן די פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן אין די לאַגערן און „מאַיאָנטקעס" קאָנען נאָר פאַרבלייבן ביז סוף חודש, און דערנאָך גייך אין געטאָ פון קאָסאָוו אָדער שעדלעץ צו די רעשטלעך איבערגעבליבענע יידן — דעמאָלט זעען מיר שוין דעם טערמין פון אונדזער סוף. אַ טייל האָבן נאָך געגלויבט אַז די רעשטלעך יידן וועט מען שוין לאָזן לעבן. מיר באַשליסן צו נעמען דעם פּלאַץ אין וואַלד, אָבער אויך דאָס איז שוין פאַרנומען. רעקאָמענדירט דורך אונדזערס אַ באַקאַנטן לערער, געפינט מיין מאַן אַ פּלאַץ ביי אַ פויער אין אַ קאָלאָניע. אין דער צייט קומען צו אונדז די איבער־

געבליבענע פון זיין משפחה: חנה גרינבערג מיט איר חבר ישראל; מאיר ווייס־בערג און זיינע 2 קוזינען, שבתיל ליבערמאַן און קובאַ בוב פון לאָדזש. זיי ווילן זיך מיט אונדז האַלטן צוזאַמען. זיי גייען אין לאַגער ברענגען זייער'ע זאַכן און זאָגן צו צו קומען מאָרגן.

צומאָרגנס אינדערפרי קומט מיין מאַן פון זיין וועג פאַרבונדן דעם קאָפּ. מ'האָט אים אויפן וועג אין וואַלד צעשלאָגן. ער זאָגט, אַז ער האָט אַ פלאַץ געפינען און מאָרגן דאַרפן מיר פון דאָ אַרויספאָרן. ער איז צופרידן וואָס חנה מיט זיינע קוזינען קומען, און וועט זיין מיט אונדז צוזאַמען. דער קריסט האָט פאַרלאַנגט, מיר זאָלן קומען אָן קליינע קינדער.

בעתן פאַרפּאַקן אונדזער ביסל אָרימקייט, קומען פלוצים צולויפן עטלעכע יונגעלייט און דערציילן, אַז מ'האָט היינט פרי אַרומגערינגלט דעם לאַגער, און מ'הרגעט אויס אַלע. זיי האָבן זיך באַגינען אַרויסגעגנבעט פון לאַגער צו קויפן עפּעס ביי די פויערים, און אַזוי אויסגעמיטן דעם טויט. עס ווערט ביי אונדז אַ גרויסע בהלה. די יונגעלייט, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפינען דעם מורה הוראה'ס צוויי אייניקלעך (די זין פון זיין טאָכטער רחל), נעמען רידלעס און לויפן אַוועק אין וואַלד גראָבן אַ גרוב זיך אויסצובאַהאַלטן.

אין הסכם מיטן ווונטש פון אַלע לאַגער־יידן בעטן מיר דעם „זשאָנדצע", ער זאָל אונדז באַלד אַוועקשיקן אין געטאָ קיין קאָסאָווע. ער לייגט עס אָפּ אויף נאָכמיטאָג, אַזוי ווי דאָס וואַרטן איז אַ גרויסע סכנה. נעמען מיר ביידע קינדער און לאָזן זיך אין וועג צום לערער, פונוואַנען מיר ווען האָבן נאָענט צו אונדזער באַהעלטעניש.

דער ווינטער איז שוין געווען אין פולן פאַרנעם. צעשראָקענע זענען מיר געגאַנגען אין די טיפע שנייען. עס געלונגט אונדז צו באַקומען אַ פירל, ביז דעם דאָרף סקרישעוו. פון דאָרט, נאָך 6 קלמ. גייען מיר ווייטער מיט שרעק אין וועג דורכן וואַלד. אַ פאַרבייגייענדיקער שקץ דערקענט אונדז און כאַפּט מיר צו דאָס קוישל, אין וועלכן עס ליגן עטלעכע וויכטיקע זאַכן, און דראָענדיק מיט אַ מעסער הויבט ער אָן צו זוכן, ער באַמערקט אָבער אַ דורכגייענדיקע קריסטין — אַנטלויפט ער. איך בעט זי, אונדז צו פירן ביז צום דאָרף. גערירט פון בעטן און וויינען און פון די טרערן פון מיין קינד, פירט זי אונדז צו ביז צום דאָרף. איך בין פון זיי אַוועקגעגאַנגען צום לערער וואַרטן ביז ס'וועט קומען מיין משפחה.

ענדלעך זענען זיי אָנגעקומען צוזאַמען מיט פנחס טשערניצקי און זיין פרוי, וועלכע מיין מאַן האָט מיטגענומען מיט דער האָפענונג אַז אויך זיי וועט געלונגען אַריין צוזאַמען מיט אונדז. דער פויער האָט אָבער חרטה אויפן גאַנצן עסק. ווו גייט מען? מיר זיצן אין שניי אויפן פעלד אין צאַפּלען זיך פאַר שרעק און קעלט. ערשט ווען מיין מאַן פאַרזיכערט אים צו געבן אונדזער גאַנץ פאַר־מעגן אין סאָקאָלאָוו, איז ער מסכים, אונדז אַריינלאָזן אין שייער. מיר גראָבן אַ גרוב אין שייער, און נאָך אַ מעת־לעת שווערע אַרבעט, גייען מיר אַריין אין

פינצטערן גרוב. מיין שוועסטער און שוואָגער זענען געבליבן ביי דעם לערער. שוין עטלעכע טעג ווי מיר ליגן אין גרוב, און דער קריסט פאַרקלענערט יעדן טאָג אונדזער קוואַנטום ברויט, דער הונגער פּייניקט אונדז, די קינדער טראָגן קוים אַריבער די ליידן.

טראָץ אַלע געפאַרן, באַשליס איך אַרויסצוכאַפּן זיך פון שייער און גיין צו אַ באַקאַנטן קריסט בעטן ברויט פאַר מיינע קינדער. כדי נישט צו פאַראַטן זיך, גיי איך אַרויס אין אַ פינצטערן פאַרטאָג, צוויי שטעקענס זענען מיין איינציק געווער קעגן די הינט, וואָס זענען מיך טאַקי באַפאַלן אויפן וועג. ענדלעך בין איך אָנגעקומען צו מיין באַקאַנטן קריסט. איך האָב דאָרט באַקומען אַ גרויס ברויט, אַ בורעק און אַ ביסל מייערן. ערשט שפּעט ביינאַכט האָב איך זיך צוריקגעקערט מיט די פּראָדוקטן.

די קינדער, דערזעענדיק דאָס ברויט, האָבן געעפנט די האַלב פאַרמאַכטע אויסגעלאָשענע אויגן. אויך די דערוואַקסענע האָבן זיך דערמיט דערקוויקט. דער געלונגענער פּרווו האָט מיר געגעבן מוט צו מאַכן יעדע וואָך אַזאַ ריזיקאַלישן גאַנג, און אָפט, אויף די פאַרשנייטע פעלדער געפאַלן אין אַ גרוב. אַ חוץ דעם האָבן מיר שטאַרק געליטן פון געפערלעכן שמוץ. — ווערעם און פליי, אָן ליכט און אָן וואַסער.

נאָך איבער חדשים פּייניקן זיך, קומט צו אונדז דער בעל־הבית און איז אונדז מודיע, אַז ער קאָן מער ביי זיך נישט האַלטן ווי 2 פּערזאָן, אַנדערש מוזן מיר פאַרלאָזן דאָס אָרט. מיר בעטן און דערקלערן אים, אַז מיר האָבן נישט וווהין צוגיין; אַז אַרויסשיקן איז פאַר אונדז אַ זיכערער טויט, ענדלעך איז ער מסכים, מיר זאָלן בלייבן נאָך אַ חודש.

פאַר מיין אַוועקגיין ווערט פּלוצים מיין טעכטערל קראַנק, זי באַקומט גאָר גרויסע היץ. זי איז אין אַ באַוווסטלאָזן מצב, איך האָב נישט מיט וואָס זי צו ראַטעווען. ווען איך דערהער, אַז די קריסטין איז דאָ אַליין אין שייער, שלעפּ איך מיך אַרויס פון גרוב און בעט ביי איר אַ האַלבע גלאָז וואַסער מיט מילך פאַר מיין קראַנק קינד, און זי זאָגט אָפּ. גאָט האָט געהאָלפן און דער געזונטצושטאַנד פון מיין קינד האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן אָן אַ דאָקטאָר און, אָן מילך

דער חודש, וועלכן דער קריסט האָט אונדז נאָך פאַרלענגערט גייט צום סוף. איך קאָן לענגער נישט וואַרטן. אין אַ געוויסן פאַרטאָגס געזעגן איך מיין משפחה און גיי ווידער אין וועג, ווו די געפאַר פון טויט איז גרויס. איך קום אָן קיין דזשירב צו מיין באַקאַנטן. ליידער זאָגט אויך ער אָפּ. ער וואָלט מיר זייער געוואָלט העלפן, זאָגט ער, נאָר האָט מורא, ווייל אין דאָרף געפינען זיך דייטשן.

אינמיטן דער נאַכט, פירט ער מיך אָפּ צוריק מיט זיין פערד אין וואָגן מיטגעבנדיק פּראָדוקטן.

אַ פאַרצווייפלטע קום איך צוריק צו מיין משפחה אָן שום אויסזיכטן צו

ועמען זיך ווייטער צו ווענדן. אונדזער געלט ענדיקט זיך, אָן געלט זענען מיר דאָך שוין זיכער פאַרלוירן. איך באַשליס צו מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען צו באַקומען אַ טייל פון מיין סחורה, וואָס איך האָב איבערגעגעבן אַ גוט באַקאַנטן קריסט אין אַ דאָרף. איך גיי צו אים, און ער גיט מיר וואָס איך וויל. אויף מיין צוריקוועגס ביינאַכט, שוין זייענדיק נאָענט פון מיין פלאַץ, באַפאַלן מיך 2 שקצים און רויבן צו ביי מיר דאָס פעקל, מיט אַ קוישל אין וועלכן עס איז געליגען 2 שטיקלעך לייוונט, אויסשרייענדיק: „וואָס טוסטו נאָך דאָ „פאַר־שיווע זשידוווקע". איך לאָז זיי איבער דעם רויב און גיי ווייטער און זיי גייען מיר נאָך. ערשט ווען זיי זענען אַוועק באַרויקט איך זיך אַ ביסל, אָבער צו מיין משפחה אין גרוב, טאָר איך יעצט, צוליב דער געפאַר פון נאָכשפּיאָנירן נישט גיין. איך לייג זיך אַוועק אויפן פעלד אין טראַכט, אַז בעסער אַליין געהרגעט צו ווערן און נישט לאָזן אַנטדעקן אונדזער באַהעלטעניש. נאָך עטלעכע שעה גיי איך צוריק צו מיין משפחה, וועלכע האָט שוין אומגעדולדיק אויף מיר געוואַרט.

דער פאָרפאַל מיט די שקצים האָט מיר געמאַכט אוממעגלעך צו קאָנען זיך ווייטער באַוועגן. אפשר זענען שוין פאַרשפרייט אין דער אומגעגנט ידיעות, וועגן אונדז. דער איינציקער אויסוועג איז יעצט פאַר מיר צו ווענדן זיך צום לערער, ווו עס געפינען זיך מיין שוועסטער און שוואָגער. הגם ער האָט מיר שוין איינמאָל אָפגעזאָגט אַריינצונעמען, מוז איך דאָך נאָך מאַכן דעם פרווו, ווייל דאָס איז שוין יעצט דער איינציקער אויסוועג.

אין אַ געוויסן אָוונט בין איך אַוועק צו אים, און מיט ביטערע טרערן, שילדערנדיק אונדזער קריטישע לאַגע, געבעטן, ער זאָל אונדז ראַטעווען, און אַריינלאָזן צו אונדזער שוועסטער און שוואָגער. ער וויל אָבער דערפון נישט הערן. איך פאַל צו זיינע פיס און אַפעליר צו זיין פאָטערלעך געוויסן, ער זאָל כאָטש אַריינלאָזן מיינע 2 קינדער און זיי ראַטעווען פון אַ זיכערן טויט. אַ דאַנק זיין אידעלער פרוי, וועלכע האָט מיט טרערן געבעטן אים העלפן אונדז, האָט ער מסכים געווען.

אויף מאָרגן אין דער שפּעטער נאַכט, האָבן מיר זיך מיט ביטערע טרערן געזעגנט מיט די טשיניצקערס און פון קיינעם אומבאַמערקט אַדורך דעם וועג צו מיין שוועסטער און שוואָגער. אין פאַרלויף פון די 15 חדשים, וואָס מיר זענען געווען צוזאַמען, האָבן מיר נאָך דורכגעמאַכט שווערע איבערלעבענישן ביז מיר האָבן ענדלעך דערלעבט די באַפרייונג.

חוה שפּאַדל
(רמת גן)

## צוריק אין סאקאלאוו...

א מצבה פאַר מיינע קינדער
יוסעלע און רבקהלע

באַלד אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע — גלייך נאָך דער טרויעריקער בשורה אַז די רוסן פאַרלאָזן די שטאָט סאָקאָלאָוו, וואָס האָט געדאַרפט בלייבן ביי די רוסן, און די גרענעץ ווערט איבערגעריקט ביזן בוג, — האָב איך און מיין משפחה, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידן פאַרלאָזט מיין היימשטאָט.

נאָך אַ לאַנגען נע־ונד זענען מיר אָנגעקומען אינעם שטעטל איוויעניץ נעבן גרויס מינסק. מיט אונדז איז אויך מיטגעפאָרן מיין יינגסטער ברודער מאָטל ראָזענצווייג. (היינט אין אַמעריקא) און מיין שוואָגער בנימין שפּאדל (פּאַרטיזאַן — געפאַלן אין קאַמף מיט די דייטשע מערדער אין די וואלאזשינער וועלדער).

אָבער אין איוויעניץ האָבן די נאַציס אונדז דערגרייכט און פאַרשפּאַרט מיט אַלע יידן אין שטעטל אין געטאָ. אין יאָר 1942 האָבן די דייטשן צוגענומען אַלע אַרבעטס־פעיקע מענטשן, זיי אָפּגעריסן פון זייערע משפחות און פארשיקט אין אַרבעטס־לאַגערן. מיר האָבן דאַן געמיינט אַז אונדזער צעשיידונג איז אַ צייטווייליקע; נישט געגלויבט אַז דאָס וועט זיין אונדזער לעצט צוזאַמענזיין.

אין אייניקע טעג אַרום כ״ד סיון. האָבן די דייטשע מערדער אין אַ מאַסן־קבר דערשאָסן קינדער און אַלטע. דאָרט זענען אויך אומגעקומען מיינע קיינמאָל נישט פאַרגעסענע קינדערלעך יוסל און רבקה׳לע, וועלכע שטייען מיר שטענדיק אויף אַלע וועגן לעבעדיק פאַר מיינע אויגן. אויך די וועלדער מיט די פּאַרטיזאַנער און די בונקערס ערד־לעכער. שטורעמס, פרעסט, און אין די רעגנדיקע גרויסע נעכט. אויך היינט אין די צעשטראַלטע ליכטיקע גאַסן פון ישראל. דער לעצטער געזעגנס־קוש איז איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ רוצחישע שמיץ פון אַ דייטשער געפלאָכטענער נאַגייקע.

ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט די טרויעריקע ידיעה, אַז די דייטשן האָבן אַלע יידישע קינדער, און אויך אונדזערע, אומגעבראַכט, האָבן מיר, איך און מיין מאַן, באַשלאָסן מער אין אַרבעטס־לאַגער נישט צו בלייבן. מיר ווילן זיך נישט לאָזן פירן אין לאַסט־אויטאָס ווי די שאָף צו דער שחיטה.

נאָך אַ לאַנגען פיינלעכן וועג — געטריבן פון הונגער, נויט און קעלט, נישט

גענעכטיקט און געשלעפּט זיך ווי דערשלאָגענע פֿאַרפּייניקטע הינט, זענען מיר אין אַ פֿינצטערע, קאַלטע, פּראַכטיקע נאַכט געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַ גרופּע נאַוואָגרודקער פּאַרטיזאַנער. 3 יאָר צייט האָבן מיר אין פֿאַרשידענע וועלדער, נאָרעט און ערד־גריבער געלעבט צוזאַמען מיט יידישע און רוסישע פּאַרטיזאַנער.

פֿון וואַנען האָט זיך גענומען צו מיר, אַ שוואַכע פֿרוי, דער כח צו טראָגן וואָפֿן און אָנטיילנעמען אין פֿאַרשידענע פּאַרטיזאַנער אַקציעס? דער פֿאַרלאַנג צו נעמען נקמה פֿאַרן פֿאַרגאָסענעם בלוט פֿון מיינע קינדער האָט מיר געגעבן קראַפֿט אין מוט איבערצולעבן די גרויזאַמע צייט.

איך וועל ביז אין סוף פֿון מיין לעבן נישט פֿאַרגעסן דאָס שטעטל איוועניץ. יענעם מאָמענט, ווען נאָך דער באַפֿרייונג, ווען מיר זענען מיט נאָך פּאַרטיזאַנער, נישט ווייט פֿון שטעטל אין אַ וועלדל געשטאַנען ביי אַ גרויסן לאַנגען ברודער־קבר, ווו מיינע קינדער זענען באַגראָבן געוואָרן — געשטאַנען פֿאַרגליווערט, אָן לשון, קיין זיפֿץ, פֿאַרזינקען אין אבלות, ווי אַ שטומער שווייגנדיקער שטיין.

עלוט, איינזאַם, מיט צעווייטיקטע בענקשאַפֿט, האָבן מיר דערלעבט צו לייענען אין אַ רוסישע צייטונג די פֿריידיקע ידיעה אַז אויך סאָקאָלאָוו איז געוואָרן באַפֿרייט דורך די רוסן.

מיר האָבן דאַן נאָך נישט געוווּסט אונדזער חורבן. מיר האָבן אין משך פֿון אַלע יאָרן געהאָפֿט, געגלויבט צוריק צו קומען אין אונדזער היים. צו אונדזערע עלטערן, שוועסטער, ברידער און באַקאַנטע, כדי דאָרטן אַ טרייסט געפֿונען. נאָך פֿיל מי האָבן מיר באַקומען אַ דערלויבעניש צו פֿאָרן אַהיים, קיין סאָקאָלאָוו מיט לאַנגע עשאַלאָנען האָבן מיר זיך געשלעפּט איבער די חרובע־שטעטלעך. מיט זשעדנע אויגן געלייענט אויף די באַן־סטאַציעס זייערע נעמען.

ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז שעדלעץ. דערזעענדיק די שילד שעדלעץ, זענען מיר מיט אונדזער לייכטן באַגאַזש אין די הענט אַראָפּ שנעל פֿון באַן אין זיך געלאָזט אין שטאָט זוכן אַ ייד. אויף אַ שעדלעצער גאַס האָבן מיר דערקענט 2 יידישע פּנימער. מיר האָבן זיי אָפּגעשטעלט און גענומען אויספֿרעגן, אויב עס געפֿינען זיך עפּעס נאָך יידן? זיי האָבן אונדז אָנגעוויזן ווי עס געפֿינט זיך דער שעדלעצער קאָמיטעט, ווו אַלע צוריק־וואַנדערער קומען זיך דאָרט צונויף. דאָרט האָבן מיר שוין איבערגענעכטיקט און קוים זיך דערוואַרט אויפֿן זונאויפֿגאַנג.

באַלד אויף צומאָרגנס באַגינען זענען מיר אַוועק צו דער באַן־סטאַציע, כדי וואָס שנעלער אָנצוקומען קיין סאָקאָלאָוו. קיין איין ייד האָבן מיר נישט געטראָפֿן אויפֿן וועג. פֿאַרשעמטע, פֿאַריתמטע זענען מיר דורכגעגאַנגען די דראָשקעס ביי דער סטאַציע. קיין יידישער רוף מער: „קומט ארויף צו מיר" ווי מיר פֿלעגן הערן פֿאַר דער מלחמה פֿון יידישע בעל־עגלה׳ס, האָבן מיר נישט געהערט.

מיט ציטערדיקע הערצער האָבן מיר דורך ליפּאָווע גאַס זיך געלאָזט צו־

פוס צום שטעטל. ס׳איז דעמאָלט געווען נאָך סוכות. דער פּוילישער גאָלדענער הארבסט איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף די אָפּגעשניטענע פעלדער; געל־קוי־פּערנע בלעטער האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן טריט אויפן זאַמדיקן וועג. און אַ מילדע זון מיט ווייכע שטראַלן האָבן אונדז באַגלייט. נאָר אין אונדז האָט דער צער אינעם מוח געעגבערט די ביטערע פראַגע: „וועלן מיר וועמען טרעפן?"

מידע זענען מיר אָנגעקומען אין אונדזער חרובע שטאָט. מיר האָבן באַגעגנט אַ קאָסאָווער ייד מיטן נאָמען חיים. ער האָט אונדז דערקענט ווי יידן און אונדז אַרויפגעפירט אין הויז פון די פאַלעגערן. ווו ס׳האָבן זיך דעמאָלט געהאַט צוזאמענגעקומען די פּאָר לעבנגעבליבענע סאָקאָלאָווער יידן. אין שטוב זענען געשטאַנען 2 אייזערנע, ברודיקע בעטלעך און אַ לאַנגער טיש האָט זיך געשאָקלט אויף זיינע צעבראָכענע פיס. ווייזט אויס אז די גויים האָבן אים איבערגעלאָזט, נישט געלוינט צו שלעפּן אַזאַ צעבראָכענע כלי. אויפן טיש האָבן זיך געוואַלגערט פיל בריוו פון אויסלאַנד. איך האָב גלייך אָנגעהויבן לייענען די אַדרעסן פון די בריוו. באַקאַנטע נעמען האָב איך נישט קיין סך געפונען.

דער ערשטער בריוו איז געווען פון רבקה פּיעקאַרסקע (פון דער היים ראָזענבערג)· צו איר משפחה; דער צווייטער בריוו פון יעקב פישער צו זיינע עלטערן און דער דריטער — פון בערל־עקיבה׳ס אייניקלעך צו זייער זיידן. מיט פאַרוויינטע אויגן האָב איך איבערגעריסן דאָס לייענען. די יידן וואָס זענען נעבן מיר געשטאַנען, האָבן מיר געזאָגט אַז קיינער איז פון זיי נישט געבליבן...

די ערשטע נאַכט האָבן מיר צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר יידן גענעכטיקט אין דער שטוב. ווען מיר זענען נאָך אַ גאַנצן פיינפולן טאָג איינגעשלאָפן, האָט אונדז פּלוצים אויפגעוועקט אַ ווילד געשריי פון שיכורים. אין טויט שרעק זענען מיר געזעסן אַ גאַנצע נאַכט און געוואַרט עס זאָל ווערן טאָג.

דערשראָקענע, דערשלאָגענע האָבן מיר דאָך באַשלאָסן צו זען אונדזער חורבן מיט אייגענע אויגן. זען די גאַסן, די געשעפטן, דעם מאַרק, און דאָס אָרט פון געוועזענעם געטאָ. כמעט אַ גאַנצן טאָג זענען מיר ארומגעגאַנגען איבער די גאַסן, ווו יעדער שטיין, יעדעס אָרט, יעדעס שטיבל רופט ארויס דעראינערונגען פון אונדזערע קינדער־יאָרן. אויף יעדן פּלאַץ האָבן מיר מיט ווייטיק באַטראַכט אונדזער בראָך — אונדזער אומקום.

בעת מיר זענען געשטאַנען אויף ראגאווסקע גאַס, דעם פּלאַץ ווו מיר האָבן געהאַט אַ מאָל אונדזער האָלץ־סקלאַד, זענען פאַרביי געגאַנגען אייניקע באַקאַנטע קריסטן, זיי האָבן מיט חוצפּהדיקע, טעמפּע פּנימער אונדז באַגריסט. די ערשטע ווערטע זייערע זענען געווען: „ווי זשיעטשע?" (איר לעבט?)...

מיר זענען ווייטער געגאַנגען, איך האָב נאָך געוואָלט אויך זען דאָס הויז פון מיינע עלטערן, ווו אויך דאָס הויז פון מיין ברודער יאָסל ראָזענצווייג. אין געוועזענעם געשעפט פון מיינע עלטערן זענען געשטאַנען אַ קריסט מיט אַ קריסטין. איך בין אין געשעפט שוין נישט אַריין, נאָר גלייך געוואָנדן זיך אין דער ריכטונג צום געוועזענעם געשעפט פון מיין ברודער יאָסל. די מויער

איז געווען צעשטערט. פון דאָ ביז עלקע ברײנעס געשעפט איז געווען דער וועג אויסגעפּלאַסטערט מיט מצבות פון יידישן בית־עולם.

די אָפּגעריבענע געשענדעטע יידישע אותיות האָבן אונדז דערשלאָגן. ווייט גיין האָבן מיר מער שוין נישט געקאָנט.

ווען מיר זענען, מידע פון טאָג, צוגעקומען צו בניומטשעלעס געוועזענעם סאָדע־וואַסער געשעפט, האָט אונדזער געוועזענע סטרושקע, וועלכע האָט געקענט רעדן יידיש, מיך אַרומגעכאַפּט און מיט טרערן געקושט און אונדז שוין מער נישט געלאָזט אַרויסגיין פון דער שטוב, ווו עס קומען זיך צוזאַמען די פּאָר געבליבענע יידן. זי האָט אונדז גענומען נעכטיקן צו איר אין שטוב — ביי מיר איז אייער לעבן זיכער — האָט זי אונדז פאַרזיכערט. עס איז דאַן געווען מיטוואָך. אזוי ווי דאָנערשטיק פאָרט זיך צונויף דער סאָקאָלאָווער מאַרק, האָבן מיר באַשלאָסן נאך בלייבן,, געוואָלט זעען ווי אזוי עס זעט אויס אַ מאַרק־טאָג דאָנערשטיק אָן יידן.

דער מאַרק האָט זיך אָנגעפילט מיט טויזנטער פויערים פון די אַרומיקע דערפער. אַלע געוועזענע יידישע געשעפטן זענען געווען אָנגעפילט מיט סחורות, אין מיט קריסטלעכע פאַרקויפער. פוילישע סוחרים פון די אַרומיקע שטעטלעך זענען זיך צונויפגעפאָרן, אויפגעשטעלט טישן מיט פאַרשידענע סחורות אויפן קליינעם מאַרק, ווו מיר יידן פלעגן קויפן פיש, פּרוכטן און גרינוואַרג. ביי טייל האָבן מיר געזען פּאַרטיקע געניצטע יידישע מלבושים, גוטע פוטערס, און אויך אַנדערע קליידער. ס'איז געווען דער זעלבער מאַרק, אָבער אָן יידן...



דאס אַלטע בית־הקברות

שלמה ראטשטיין
(רמלה)

# סאקאלאוו — אָן יידן

(פון אַ בריוו)

ליבער ברודער חנינא, ליבע שוועגערין וויערע און ליב קינדעלע חנהלע:

איך שרייב אייך דעם בריוו נאָך מיין צוריקקומען פון לאָדזש, וואַרשע און פון סאָקאָלאָוו. זייענדיק אין וואַרשע האָב איך באַשלאָסן אַראָפּצופאָרן אין אונדזער געבורטס־שטעטל און זעען מיט די אייגענע אויגן ווי עס זעט איצט אויס. אין די גאַנצע אַכט יאָר פון אונדזער אַרומוואַנדערן האָט מיך שטענדיק באַגלייט אַ בענקשאַפט נאָך איין מאָל אַ קוק טאָן אויפן שטעטל און האָבן אַ רויק געוויסן.

איך בין אָנגעקומען מיט דער באַן קיין סאָקאָלאָוו עלף ביינאַכט. דאָס עררשטע וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן איז געווען דער צעשטערטער וואקזאל. איך האב זיך געלאָזט אין שטעטל אריין מיט דעם הינטערוועגל. דו געדענקסט דאָך זיכער דעם וועג און דאָס הילצערנע בריקל. ס'איז אַלץ דאָס זעלבע, פונקט ווי ס וואָלט אויף דער וועלט גאָרנישט פאָרגעקומען.

ס'איז עלף ביינאַכט, אַ פינצטערניש איז פאַרהאָנגען איבערן שטעטל, קיין שום לעבן זעט זיך נישט. שטיל אויף די גאַסן. איך גיי אויף דער פּיעראַצקע גאַס (די הויפּט־גאַס) און ווי אין אַ חלום שטעלט זיך מיר פאָר דאָס לעבן: עס מישן זיך אויף זכרונות פון אַמאָל ווי הונדערטער יידן, איבערהויפּט יוגנטלעכע, פלעגן פארפלייצן די גאס מיט טומל, מיט געזאַנג, מיט לעבן. עס זעען זיך נישט די צענדליקער פורמאַנעס וואָס פלעגן מיט די געשרייען פארהילכן די גאס. אַ טויט שטילקייט הערשט אומעטום, אַ שטילקייט וואָס קומט נאָך אַ שטורעם. די לבנה הויבט אָן אַרויסגיין פון הינטער אַ וואָלקן און באַלייכט דאָס שטעטל. דאַכט זיך די זעלבע לבנה אָבער נייך. ס'איז נישט די זעלבע. דאַכט זיך מיר רויטער געוואָרן. איז זי דאָך אַן עדות וואָס האָט אַלץ געזען, ווען העק און מעסערס דאַכט זיך די זעלבע לבנה? אָבער נייך, ס'איז נישט די זעלבע. דאַכט זיך מיר: שטראָמט פון נייעם בית־המדרש דורך בניומטשעלעס באַרג־אראפּ ביז דעם טייכל (די סטריגע) און זיכער האָט נישט איין ייד אין יענע גרויזאַמע נעכט געשאָלטן דיך לבנה, ווייל דו האָסט מיט דייך שיין די וועגן געוויזן צו זייער באַהעלטעניש.

עס איז שפּעט, איך גיי זוכן אַן אָרט צו שלאָפן. איך גיי ווו שלמה ראָזענבערג האָט אַמאָל זיין האָטעל געהאַט. יאָ, דאָס זעלבע שטיבל, דאַכט זיך, די

זעלבע בעטלעך אַלץ ווי געווען, נאָר מיט איין אונטערשיד: אַנשטאט דער שטענדיק פריילעכער צוגעלאָזענער שלמה — נעמט מיך קאַלט אויף אַ פּאָליאַק. יא איך קאָן שלאָפן, פאַרוואָס נישט? קום זע — דייך געשעפט גייט ווייטער און דאָס אַש פון די יידן — אין טרעבלינקע. ס׳איז אַ ליגן ווען מען זאָגט אַז אויף דער וועלט איז אַ מלחמה געווען. ניין! די מלחמה איז נאָר פאַר דיר און פאַר מיליאָנען ברידער דיינע געווען.

א קאשמארפולע נאכט. איך קאָן נישט איינשלאָפן. עס ווילט זיך נישט גלויבן. איז דאָס טאַקע אמת? בילדער שווימען אויף און ווערן באַלד פאַרשווונדן, איין בילד יאָגט דאָס צווייטע: איך זע דאָס שטעטל ווען איך בין אַ קינד געווען און דו האָסט מיך אין חדר צו שיע מלמד געפירט, זענען דאָך דאָס די בעסטע יאָרן געווען — די גוטע, קינדערישע יאָרן. און ס׳דערמאָנט זיך די צייט ווען דו האָסט מיטן „סקיף“ און „צוקונפט“ (סאָציאַליסטישע יוגנט-אָרגאניזאציעס) אָנגעפירט און דער פּלאַץ און די שטוב איז שטענדיק פול געווען, און דאָס געזאנג פלעגט זיך טראָגן ווייט אין די ארומיקע גאַסן. איך זע די מענטשן, זיי שטייען מיר פאר די אויגן: דוד גראסמאן, דער טענצער, וואָס די באָבע פלעגט אים רופן „דריי-פיסל“, בנימין מושקאַט, שלמה וויינשטיין, גדליהו ראָלניק. האָבן די מענטשן טאקע עקזיסטירט אָדער מיין פאנטאזיע מאָלט זיי בלויז אויס?

איך וויל זיך אָנטון און לויפן, האָב איך דאָך דאָ די משפּחה. דער פעטער יאַנקל (ראָטשטיין), מענדל לאָפּאַטע, בין איך דאָך אין סאָקאָלאָוו נאָך אזוי פיל יאָרן זיין נישט געגאַנגען זען וואָס עס מאַכן אונדזערע פריינט, שמילקעלע (באָרענשטיין) אברהם יצחק (ווישניעווסקי)? אָבער די פאַנטאַזיע פאַרשווונדט, איך הויב אָן באַנעמען די טרויעריקע ווירקלעכקייט. איך הויב אָן האסן די שטאָט אידער איך האָב זי נאָך גוט געזען. איך בין די נאַכט נישט געשלאָפן. איך האָב געבעטן אַז ס׳זאָל וואָס גיכער טאָג ווערן, אַז איך זאָל אַ קוק טון און אַנטלויפן; לויפן ווי די פיס וועלן מיך טראָגן, אַבי נישט זיין דאָ מער.

די זון הויבט אָן ארויסגיין און באלייכטן מיט אירע שטראלן דאָס שטעטל. ס׳איז שטיל אויף די גאַסן, קיין שום באוועגונג זעט זיך נאָך נישט, אלץ שלאפט נאך, בלויז איך שפּרייז שנעל איבער די גאסן, פונקט ווי עמיצער וואָלט מיך געיאָגט. איך וויל אַלץ זעען, אַלץ באקוקן, כדי ס׳זאָל מיר שטענדיק שטיין פאר די אויגן דאָס שטעטל, פון אַמאָל און דאָס שטעטל פון היינט. איבער זעכציק פראצענט איז סאָקאָלאָוו צעשטערט. ווען די רויטע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט, האָבן זיך די דייטשן באַפעסיטקט אין שטאט. די רוסישע אוויאציע האָט שטאַרק באָמבארדירט און נאָך פריער פאר די קריגס-אָפּעראציעס, האָבן די דייטשן אַראָפּגענומען אַ גרויסע צאָל הילצערנע הייזער. אַזוי אַרום איז אונדזער גאַס (די שול-גאַס) אינגאַנצן כמעט ניטאָ. בלויז דאָס בית-המדרש איז געבליבן. אויך די ארומיקע גאסן, ווי: שעראקע, שקאלנע און אנדערע זענען נישטאָ. ווען מען שטייט לעבן בית-המדרש, זעט מען ארויס די שעדלעצער גאַס. או־

מעטום בלויז ליידיקע פּלעצער. שווער איז מיר געווען זיך צו אָריענטירן ווי ס׳איז אַמאָל געשטאַנען אונדזער שטוב — נאָר בלויז אַ דאַנק דעם אַפּטייקער האָב איך געפונען דאָס אָרט. פון דער גרויסער שיינער שול איז געבליבן אַ זכר — בלויז איין גרויסער שטיין, וועלכער ליגט אין דער מיטן אַרומגעוואַקסן מיט גראָז.

ס׳איז דאָנערשטיק, מאַרק־טאָג: פּונקט ווי אַמאָל — אַ געררודער: הונ־דערטער פורן פאַרפּלייצן די גאַסן, שטעלן זיך אויס אויף די זעלבע ערטער ווי אַ מאָל, אונדזער פּלאַץ ווערט שנעל פאַרפולט מיט פורן און ס׳דערמאָנט זיך מיר ווי אַ מאָל פלעגט דער טאַטע אַרויסגיין און זיך אַמפּערן מיט זיי, נישט צו לאָזן פאַרשמוצן דעם פּלאַץ. דער מאַרק איז היינט אַ גרויסער, טויזנטער פּויערים פאַר־פולן די שטאָט. די זעלבע טישלעך שניט־סחורות, צוקערוואַרג, אויבס — אַלץ ווערט פאַרקויפט און געקויפט, אַ ביסל ווייטער נעבן די יאַטקעס איז שווער אַדורכצוגיין. אַ געדראַנג פון מענטשן, עס הערן זיך די קולות פון גענדז, קאַטש־קעס, הינער, פולע קוישן מיט אייער — אַלץ איז דאָ, בלויז קיין יידן זענען נישטאָ! אין דער לאַנגער מאַרטירער־געשיכטע פון אונדזער פאָלק אין פאַרשידענע צייטן און תקופות זענען אויפגעשטאַנען דיכטער, וועלכע האָבן מיט זייער ליד אַרויס־געשריגן דעם ווי און פּיין פון פאָלק, און אויך ביאַליק האָט עס אויסגעשריגן אין זיין „שחיטה־שטאָט קישעניעוו“. שטייענדיק איצט אויפן מאַרק, זע איך ווי שוואַך ביסטו געווען, ביאַליק — ווי קליין זעט איצט אויס קישעניעוו קעגן סאָקאָלאָוו. האָט מען דאָך די קישענעווער יידן געבראַכט צו קבר־ישראל, און פון די סאָקאָלאָווער יידן איז קיין זכר נישט געבליבן. בלויז אַ ביסל אַש און טרעבלינקע. בלויז די נעמען פון די יידן זענען אויף אַלע גאַסן דאָ; דו גייסט אויף די גאַסן און זעסט בלויז מצבות; אויסגעברוקירטע גאַסן און זעסט בלויז מצבות; אויסברוקירטע אויף הונדערטער מעטער די לענג פון די הייליקע שטיי־נער, פריש איז נאָך די פאַרב אויף אַ סך פון זיי, און דו קאָנסט איבערלייענען די נעמען.

ליבער ברודער, נישטאָ מער קיין יידן אין סאָקאָלאָוו. נישטאָ קיין בית־עולם. אַלץ איז אָפּגעווישט, קיין סימן זאָל נישט בלייבן פון די זעקס הונדערט־יעריקע עקזיסטענץ פון דער יידישער קהילה אין סאָקאָלאָוו. אין אַ גאָרטן נעבן נחום לעווינס פּלאַץ ליגן אין אַ גרוב הונדערטער יידן, אַ גרויסער ברודער־קבר. די דייטשן האָבן נישט באַוויזן אַרויסצונעמען זיי און פאַרברענען. איך שטיי נעבן קבר, איך בין אפשר דער איינציקער אין די לעצטע מאָנאַטן וואָס כ׳שטיי און וויין ביים קבר. נישטאָ ווער ס׳זאָל אַ מאָל קומען באַוויינען זייערע פאַר־שניטענע לעבנס. איך מוז אויך אַוועקגיין, איך קאָן נישט זיין דאָ.. איך וויל לויפן, אַנטלויפן פון זיך אַליין, אַוועק אין אַ מדבר ווייט פון מענטשן און דאָרט אויסשרייען מיין ווייטיק, דעם ווייטיק פון די וועלכע זענען לעבן געבליבן און האָבן אין לעבן קיין זין נישט געפינען.

די נאַכט פאַלט צו. דער מאַרק איז געענדיקט. אַ שטילקייט באַהערשט

צוריק דאָס שטעטל, איך בלאָנקע זיך ארום פון איין גאס אין דער צווייטער איך זעץ מיך אַנידער אַ ביסל אָפּרוען אויפן אַלטן בית־עולם. היינט איז דאָס שוין נישט דער אלטער בית־עולם — אַ שיינער פארק מיט אלייען אויסגעהאַקט די אלטע ביימער, אויסגעגלייכט, אויסגעשטעלט בענק. אַ הילכיק געלעכטער טראָגט זיך ארום מיר, עס הערט זיך דאָס שפּילן פון א הארמאָשקע, די יוגנט פארברענגט דאָ, מען טאנצט, מען שפּילט. דער אלטער טרוים זייערער איז פארווירקלעכט געוואָרן.

איך פאָר אוועק צוריק, איך קאָן מער נישט בלייבן קיין מינוט, איך וויל שוין אַנטלויפן פונדאַנען אויף שטענדיק. אַדיע, סאָקאָלאָוו, מיין געבורטס־שטעטל, איך וויל דיך מער נישט זען, ס'וועלן מער קיין יידן נישט זיין דאָ — וועט דיין ערד מער נישט איינזאַפּן קיין יידיש בלוט, און פאר אייך, איינוווי־נער פון סאָקאָלאָוו, וועלן יידן מער קיין הייזער נישט אויפבויען.



די מצבה נאָך די אומגעבראַכטע יידן אין סאָקאָלאָוו — געשטעלט אין 1945 אויף דער איניציאַטיוו פון סאָקאָלאָווער קאָמיטעט אין לאָדזש.

מ. צאַנין
(תל־אביב)

# סאקאלאוו... נאך אלעמען

ווי עס איז שווער צו קומען דאָס ערשטע מאָל אויף קבר־אבות, אַזוי איז שווער צו קומען אין דיין אייגן שטעטל, דאָרט ווו דו האָסט דאָס ערשטע מאָל די שיינקייט פון די פעלדער דערזעען, דאָרט ווו דיין טאַטע האָט דיך דאָס ערשטע מאָל אין אַ חדר אַוועקגעפירט, דאָרט ווו דו האָסט זיך דאָס ערשטע מאָל צונויפגעטראָפן מיט דער וועלט. אין סאָקאָלאָוו האָב איך געקענט יעדן שטיין און יעדן בוים. איך וואָלט געקאָנט אויסרעכענען וועמען אין וועלכן פענצטער איך האָב געזען אַרויסקוקן ווען איך בין אַלס קינד דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען אַליין אין גאַס.

סאָקאָלאָוו מיין היים־שטאָט, סאָקאָלאָוו מיין האַרציק יידיש שטעטעלע, וואָס אַלס קינד האָב איך אויף דיר געקוקט ווי אויף דעם צענטער פון דער וועלט. אפשר זענען אויף דער וועלט נאָך פאַראַן אַ פּאָר שטעט, אָבער קיין איינע איז נישט אַזוי גרויס און אַזוי שיין ווי דו... אין ערגעץ אויף דער וועלט איז נישטאָ אַזאַ טייך, ווי דו פאַרמאָגסט, כאָטש דער טייך האָט אפילו קיין נאָמען נישט. אין ערגעץ זענען די לאָנקעס נישט אַזוי גרין, ווי דיינע לאָנקעס און קיין שום שטאָט אויף דער וועלט פאַרמאָגט נישט אַזש צוויי שפּאַציר־סעדער, וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע וועלט דאָס איז געווען: סאָקאָלאָוו האָט געהאַט אַ הויכע שול, וואָס צו די פאַרביקע שייבלעך איבערן ארון־קודש האָט מען געדאַרפט פאַררייסן דעם קאָפּ, כדי צו קאָנען זען זייער פאַרבן־שפּיל: סאָקאָלאָוו האָט געהאַט אַ פּלומפּ אינמיטן מאַרק, וואָס האָט אין די קינדער־יאָרן געלאָקט ווי עפּעס אַ פאַרכישופטע מאַשין, וואָס ציט אַרויס וואַסער פון די סאַמע טיפענישן פון דער ערד... אפילו די סאָקאָלאָווער אָפטע שריפות האָבן געהאַט אין זיך עפּעס אַזאַ טיפע, ווילדע שיינקייט, וואָס פלעגט צעפלאַמען די קינדערשע פאַנטאַזיע און אַוועקפירן אין אַ וועלט פון גרויסע עמאָציעס

אפילו די מעשה־ביכלעך, וואָס מען פלעגט שפּעטער אויסלייען ביים בלינדן אהרנען האָבן נישט דערציילט וועגן געהייניספולערע וועלטן, ווי די וועגן וועלכע יונה דער בלעכער פלעגט דערציילן...

ניין, סאָקאָלאָוו איז דער סאַמע צענטער פון דער וועלט און אַלדאָס שענסטע און אַלדאָס אינטערעסאַנטסטע שפּילט זיך אָפּ אין דער דאָזיקער שטאָט...

איך בין געווען אין אַ סך שטעטלעך אויף פּאָדליאַשע. צען מאָל האָב איך די שטאָט געקאָנט זען, און זי אויסגעמיטן. איך האָב מורא געהאַט

די סאָקאָלאָווער קינדער זענען אַוועק אין די אַרמיי. דער סאָקאָלאָווער פאַריין האָט אָנגעהויבן שטיצן דורך קויפן אַמערקע באנדס פאַר טויזנטער דאָלאַרן. אַמעריקע דאַרף וואָס שנעלער געווינען די מלחמה און יידן זאָלן באַפרייט ווערן, אָבער צום אומגליק — פאַרשפּעטיקט... פאַריתומט מיט צעווייטיקטע הערצער זענען מיר צו אונדזערע סאָקאָלאָווער פאַריינס־פאַרזאַמלונגען געקומען, זוכנדיק אַ טרייסט איינער ביים צווייטן... די פאַנטאַזיע, ביי פיל סאָקאָלאָווער נאָך דער מלחמה אַהיימצופאָרן צו עלטערן און פריינט, איז אויף אייביק פאַרשוווּנדן. דער סאָקאָלאָווער פאַריין האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט פון שאַפן געלט פאַר די לעבנגעבליבענע, און דאָ קומט אַריין אַ שוועריקייט אין די אַרבעט. די אַלטע אַקטיווע מיטגלידער פאָרן אַוועק קיין לאָס־אַנזשעלעס. משה מאַנדלבוים מיט זיין פרוי, שלום טושנער, ש. ע. בער, חנינא ראָטשטיין און עקיבא פייערשטיין. אין יאָר 1946 האָבן אָנגעהויבן אָנקומען קיין שיקאַגאָ בריוו פון סאָקאָלאָווער פּליטים, וואָס זענען פון רוסלאַנד געקומען קיין פּוילן — קיין לאָדזש און אַנדערע שטעטלעך. זיי בעטן ביים סעקרעטאַר מאַדאַנסקי, אַז די סאָקאָלאָווער זאָלן זיי העלפן אין זייערן ביטערן מצב פון הונגער און פאַרצווייפלונג. און באַלד שאַפט זיך אַ נייער כוח צו דער אַרבעט. די סאָקאָלאָווער פרויען אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט דעם הילפס־קאָמיטעט שאַפן געלט צו שיקן פּעקלעך שפּייז צו די סאָקאָלאָווער.

יעדן טאָג באַקומט מען בריוו פון סאָקאָלאָווער פּליטים, וואָס דערציילן פון זייער וואַנדער־וועג און די שרעקלעכע צרות וואָס זיי האָבן מיטגעמאַכט. די בריוו ווערן ביי פאַרזאַמלונגען פאָרגעלייענט און די מיטגלידער פאַרגיסן דערביי טרערן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַז מען זאָל שיקן אַ דעלעגאַציע קיין סענט־לואיס צו אָרגאַניזירן שנעלע הילף. ס'זענען אַהין געפאָרן צבי מאַדאַנסקי, אברהם און סאָפיע באָרנשטיין מיט אַ פּעקל בריוו און אַ ליסטע פון אַריבער 100 אַדרעסן פון סאָקאָלאָווער פּליטים וואָס געפינען זיך אין פּוילן. ביים דאָרטיקן סעקרעטאַר מ. זשעזשניק אין הויז ווערט אַדורכגעפירט דער צוזאַמענטרעף. אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג. צו שאַפן הילף פאַר די געקומענע סאָקאָלאָווער אין פּוילן, פאַריז און ישראל. עס איז געוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט: בן פּלאַטנער — פּרעזידענט; מרדכי זשעזשניק — סעקרעטאַר און אַ גרויסער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. מאַדאַנסקי האָט אויף דער פאַרזאַמלונג געקריגן 300 דאָלאַר צו שיקן קיין לאָדזש אין זייער נאָמען. יעדן חודש איז שוין דאָרט פאָרגעקומען ביי אַן אַנדערן סאָקאָלאָווער אַ צוזאַמענקום, געשאַפן געלט און געשיקט שפּייז־פּעקלעך.

אַזוי האָט שיקאַגאָ, סענט־לואיס און ניו־יאָרק, יעדע פאַר חדשים געשיקט צענדליקע פּעקלעך שפּייז און קליידער, ווי אויך געלט. אין יאָר 1948, די היסטאָרישע תקופה אין יידישן לעבן, ווען די הערצער פון די יידן אין אַמעריקע און אין גאָר דער וועלט זענען דערפרייט געוואָרן מיט דער נייעס וועגן דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, ווו אַלע פּליטים וועלן האָבן אַ

היים. ווי אַ דונער האָט געטראָפן די אַמעריקאַנער יידן די ידיעה וועגן אַראַבישן איבערפאַל. אויף אַלע פאַרזאַמלונגען איז גערופן געוואָרן צו זיין גרייט אין דער הילף פאַר ישראל. און דער סאָקאָלאָווער פאַריין האָט געשאַפן אַ גרעסערן קאַמפּס־פאָנד און געקויפט אַ טאַנק צו שיקן צו דער יידישער אַרמיי. און ווען ישראל האָט די מלחמה מיט די אַראַבישע שונאים געוווּנען, האָבן מיר אַוועקגעשיקט 600 דאָלאַר, צום דעמאָלטדיקן פאָרזיצער ה. הארענשטיין פון סאָקאָלאָווער קאָמיטעט אין ישראל צו העלפן די סאָקאָלאָווער, וואָס נויטיקן זיך דערצו. ווען ישראל האָט אַרויסגעשיקט און פּראָקלאַמירט די אַקציע פון פאַרקויפן ישראל־באַנדס, איז אין סאָקאָלאָווער פאַריין גערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג, און די מיטגלידער האָבן געקויפט פאַר טויזנטער דאָלאַרן ישראל־באַנדס. היינט געפינט זיך אין דער קאַסע פאַר אַריבער 5000 דאָלאַר ישראל־באַנדס. און מיר שאַפן יעדעס יאָר אַריבער 3000 דאָלאַר פאַר פאַרשידענע צוועקן. יעדעס יאָר קומט פאָר אין פאַריין און אויך ביי די סאָקאָלאָווער פרויען־אָרגאַניזאַציע אַ באַנקעט. ווו ס'ווערט געזאַמלט פאַר דעם צוועק.

אין יאָר 1950 איז סעקרעטאַר הערשל מאַדאַנסקי באַאויפטראַגט געוואָרן זיך אַדורכצורעדן מיט די סאָקאָלאָווער פון ניו־יאָרק, סענט־לואי, לאָס־אַנזשעלעס, ראָקפאָרד און קאַנאַדע וועגן שאַפן וואָס מער געלט פאַר הילף און פאַראייניקן אַלע הילפס־אַרבעטן פון אַמעריקע, קאַנאַדע און ישראל אונטער אַ צענטראַלע הילפס־קערפערשאַפט. נאָך אַ ברייטע דיסקוסיע, דורך בריוו מיט די סעקרעטאַרן פון אַלע שטעט, איז באַשטימט געוואָרן אין שיקאַגאָ זונטיק, דעם 24־טן דעצעמבער, 1950 אַ סאָקאָלאָווער הילפס־קאָנפערענץ. עס זענען געקומען דעלעגאַטן פון ניו־יאָרק און סענט־לואי — 5, און פון ראָקפאָרד — 2. לאָס־אַנזשעלעס האָט צוגעשיקט אַ באַגריסונג. די סאָקאָלאָווער אין שיקאַגאָ האָבן געמאַכט אַלע צוגרייטונגען. אויפן טאָג־אָרדענונג: דערעפענונג — הערשל מאַדאַנסקי; קאָנסטיטואירונג — מ. כאינע (פאָרזיצער פון דער ערשטער זיצונג). ער גיט דאַביי איבער אַ גרוס פון ישראל און וועגן צוזאַמענאַרבעטן אין אַמעריקע.

הערשל מאידאַנסקי שילדערט אין זיין דערעפענונגס רעדע דעם גרויסן פאַרלוסט פון יידישן פאָלק מיט דעם אומקום פון די זעקס מיליאָן קדושים און דעם חורבן סאָקאָלאָוו. ס'ווערן באַערט די אומגעקומענע קדושים אין אייראָפּע און די יידישע העלדן פון דער ישראל אַרמיי, וואָס זענען געפאַלן אין די קאַמפן פאַר דער באַפרייונג פון מדינת ישראל. מאדאנסקי שילדערט, ווי עס גייט אַ נייער סאָקאָלאָווער דור אין ישראל און רופט אַלע דעלעגאַטן צו העלפן זיי. עס רעדן נאָך אַלטער לויס פון ראָקפאָרד; פעניע בראָקמאַן, בעז פלאטנער, מאָטל גאָרעלניק — סענט־לואיס; דוד גילבערג, סאָפיע באָרנשטיין — שיקאַגאָ, און הארי וויסבערג — ניו־יאָרק. כאינע ווערט באַשטימט אַלס פאָרזיצער פון צוזאַמענקום און מאַדאַנסקי — סעקרעטאַר. צי די באַריכטן ווערן גערופן די סעקרעטאַרן פון יעדער שטאָט.

שיקאַגאָ האָט געשיקט 3000 דאָלאַר געלט קיין לאָדזש, 200 — קיין פּאַריז; 600 — קיין ישראל. אין די לעצטע צייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס שיקן שפּייז־פּעקלעך קיין ישראל, ווייל דער קאָמיטעט אין ישראל בעט נישט קיין שפּייז פֿאַר סאָקאָלאָווער, נאָר קאָנסטרוקטיווע הילף. היינט געפינט זיך אין די הילפּס־קאַסע 1400 דאָלאַר. מ. זשעזשניק פון סענט־לואיס באַריכטעט אַז פון דער קאַסע האָבן זיי אַרויסגעגעבן 4000 דאָלאַר פֿאַר שפּייז־פּעקלעך קיין לאָדזש און אנדערע שטעט. היינט שיקן זיי שפּייז־פּעקלעך, קיין ישראל און אין זייער קאַסע געפינט זיך 2000 דאָלאַר.

מ. כאינע פון ניו־יאָרק באַריכטעט וועגן שיקן פון ניו־יאָרק הילף צו סאָקאָלאָווער קיין לאָדזש, און אויך מאַשינען פֿאַר יחידים קיין פּאַריז און ישראל. דאָס ניו־יאָרקער יובל־בוך, האָט אַרײַנגעבראַכט פֿאַר די רעליף־קאַסע 3500 דאָלאַר, היינט האָבן זיי אין דער קאַסע 2500 דאָלאַר. סאָפיע באָרנשטיין באַריכטעט אַז די פרויען אין שיקאַגאָ זענען אין דער הילפּס־אַרבעט פֿאַראייניקט מיט דעם רעליף־קאָמיטעט, און זיי זענען צו יעדער צייט גרייט צו העלפן. מ. כאינע גיט איבער אַ גרוס פון זיין באַזוך אין ישראל, ווו ער האָט זיך אין תל־אביב געטראָפן מיט די סאָקאָלאָווער אויף אַ פֿאַרזאַמלונג וועגן זייער הילפּס־אַרבעט אין ישראל. כאינע שילדערט די טראַגישע לאַגע פון די פּליטים. און ווי וויכטיק אונדזער אַרבעט איז פֿאַר זיי... די סאָקאָלאָווער אין ישראל האָבן געעפנט אַ לייַ־קאַסע, און האָבן די פּליטים געבאָרגט איבער 1000 פונט. ס׳איז אויך געווען אַ פּראָיעקט צו בויען אַ האָטעל מיטן נאָמען סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק אין ישראל. סאָקאָלאָווער פון אַמעריקע זאָלן בויען אין ישראל אַ האָטעל פון 40 צימערן און דער האָטעל זאָל הייסן „סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסקי״, דער האָטעל דאַרף קאָסטן 40,000 דאָלאַר; דעם באָדן פֿאַרן האָטעל וועלן די סאָקאָלאָווער אין ישראל באַקומען.

אויף דער צווייטער זיצונג, געפירט דורכן פֿאָרזיצער מ. זשעזשניק, באַגריסט רב שלמה דוד מאָרגענשטערן די קאָנפערענץ, און רופט צו אייני־קייט אין דער גוטער אַרבעט. שפּעטער ווערט באַשטימט צו שיקן דאָס געלט נישט פֿאַר בוי־צוועקן, נאָר פֿאַר אַ לייַ־קאַסע. פון שיקאַגאָ איז געשיקט געוואָרן 2000 דאָלאַר, סענט־לואיס — 2000, ניו־יאָרק — 2000 דער פֿאָרשלאַג צו בויען אַ פֿאָלקס־הויז וואָס זאָל פֿאַראייביקן די אַלטע היים סאָקאָלאָוו, איז אָפּ־געוואָרפן געוואָרן, און דער פֿאַראייניקטער הילפּס־קאָמיטעט פון ניו־יאָרק שיקאַגאָ און סענט־לואיס איז אויפגעלייזט געוואָרן.

שיקאַגאָ האָט איר הילפּס־אַרבעט נישט אָפּגעשטעלט. דער הילפּס־קאָ־מיטעט האָט אָנגעהויבן רופן פֿאַרזאַמלונגען אויפסניי, צו שאַפן געלט פֿאַר די סאָקאָלאָווער פּליטים וואָס געפינען זיך אין ישראל. אין יעדן יאָר, ווערט גע־רופן צו קומען צו אַ יזכור־פֿאַרזאַמלונג נאָך די סאָקאָלאָווער קדושים, וואָס זענען פון די היטלער־מערדער אומגעקומען י״ב תשרי 1942. עס קומען זיך מאַסנוויז צוזאַמען די סאָקאָלאָווער, צום יזכור־יאָרצייט און שטיקן זיך מיט

טרערן. דוד גילבערג צינדט אָן די יזכור־ליכט. און ס׳ווערט דערמאָנט די אַלטע היים און ווי אַזוי סאָקאָלאָוו האָט אויסגעזען אַ טאָג נאָך יום־כפור מיט איר טויטן־מאַרש קיין טרעבלינקע. און מען טרייסט זיך מיט די געראַטעוועטע און דעם המשך פון זיין אין ישראל. מיר זענען שטאָלץ מיט די סאָקאָלאָווער, וואָס זענען אַזוי אַקטיוו, מיט זייער שעפערישקייט אויפן געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן געביט אין אַלע וועלט־טיילן, ווו זיי געפינען זיך. צווישן אַנדערע האָבן אויך אויף אַזאַ אָוונט גערעדט רב ד״ר פערלאָוו, אַן אייניקל פון סאָקאָלאָווער רבין ז״ל, וועגן דער גרויסקייט פון די סאָקאָלאָווער יוגנט וואָס איז אַוועק אויף קידוש השם, און די וועלכע לעבן און שאַפן אין מדינת ישראל; סאָקאָלאָווער אין אַמעריקא דאַרפן זיין פאַרבונדן מיט די סאָקאָלאָווער אין ישראל, און זאָגן קדיש נאָך די אומגעקומענע. יעדן יאָר ווערט איינגעאָרדנט אַזאַ יזכור־אָוונט. היינט געפונען זיך אין פאַריין 85 מיטגלידער; די פרויען אָרגאַניזאַציע ציילט 65 מיטגלידערינס. זייער קאָמיטעט פירט זייער אַ גוטע הילפס־אַרבעט, מינדל זאמלאפער איז פאָרזיצערין; מאַלקע וואַליסקי — וויצע־פאָרזיצערין; חנה מאדאנסקי — באַריכט סעקרעטאַרין; ברוכע קאָלניק — פינאַנס־סעקרעטאַרין; סערקע גילבערג — קאַסירערין און פעגע קוקי — האָספּיטאַלערין. אין יאָר 1958 איז געשיקט געוואָרן קיין ישראל צו פאַרטיילן די סאָקאָלאָווער 400 דאָלאַר; אין 1959 איז מיט סערקע גילבערג אויך געשיקט געוואָרן 400 דאָלאַר, און מיר גרייטן זיך אויף להבא צו גוטער אַרבעט.

פיל לאַנדסמאַנשאַפטן אין שיקאַגאָ האָבן זיך שוין לאַנג אויפגעלייזט און אויפגעגעבן זייער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. דער סאָקאָלאָווער פאַריין האָט אין יאָר 1959 געפייערט זיין 49 יעריקן יובילעאום מיט אַ שיינעם באַנקעט, ווו 150 מיטגלידער און פריינט זענען געקומען אין אַ יום־טובדיקער שטימונג באַגריסן דעם קאָמיטעט אין אַלע אַקטיווע אַרבעטער וואָס גיבן אַוועק צייט און געלט פאַר דער גוטער אַרבעט פון פאַריין. באַלד נאָך דעם באַנקעט איז די איינקונפט פון 400 דאָלאר אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ישראל צו פאַרטיילן אויף פסח. מיר גרייטן צו אַ גרויסן באַנקעט מיט אַ ישראל־פילם און גוטע רעדנער. מיר שטעלן זיך פאַר אַן אויפגאַבע צו שאַפן 3000 דאָלאַר פאַרן רעטונגס־פאָנד, צו העלפן די געקומענע קיין ישראל.



דער קאָמיטעט פון דער ברויען־אָרגאַניזאַציע פון דער סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין שיקאַגאָ:
פון לינקס צו רעכטס (זיצן) ; סערקע גילבערג — קאַסירערין ; חנה מאָדאַנסקי — באַריכטס־סעקרעטאַרין ; מינדל זאַמענהאָפער — ס׳שטיין: פייגע קוקי — האָספּיטעלערין ; חנה ראָזענבוים — ערשטע פאָרזיצערין ; מלכה וואָלינסקי — וויצע־פאָרזיצערין.
פאָרזיצעירין ; הענע קאָסאָווער, איידל בער, חיה רבקה ראָזנבוים — עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.



סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין שיקאַגאָ גיט איבער אַ טשעק אויף 1.900 $
(דערפון: מאָריס קאַהן 1.600 $, דוד גילבערג — 400 $ און אַנדערע 500 דאָל.)
פון רעכטס: מאָריס קאַהן, סעמיול ט. כהן, פרוי קאַהן און דוד גילבערג



קאָמיטעט פון דער סאָקאָלאָווער לאנדסמאנשאַפט אין שיקאַגאָ (פון לינקס); אייזיק קאמער (סעקרעטאר) הערשל מאדאנסקי (סעקרעטאר) שלמה בער (וויצע־פּאָרזיצער), אברהם רובינשטיין (פּאָרזיצער) לוי וואלינסקי (סעקרעטאר), שעפּסל קאָסאָווער (פינאַנץ סעקרעטאר) יוסף ווישני (קאַסירער).

# די סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק

## I

(טעטיקייטס־באַריכט — פון 1905 ביז 1946)

דאָס יאָר 1905 איז אַ היסטאָרישע דאַטע איין דער געשיכטע פון דער סאָסייטי. אין יענעם יאָר זענען געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּרוון צו גרינדן אַ סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק. צווישן די איניציאַטאָרן פונעם פאַריין זענען געווען: ישראל ישעיה גרינבערג, מ. פערלשטיין, משה העריס, אהרן ראָזנבוים און יונה קאַרפּ.

דער פּרוון האָט זיך דעמאָלט נישט איינגעגעבן. דער גרעסטער טייל פון די סאָקאָלאָווער אין אַמעריקע זענען דעמאָלט געווען נישט קיין „גאַנצע" סאָקאָלאָווער, אָבער דער געדאַנק צו שאַפן אַ סאָקאָלאָווער פאַריין איז דאָך נישט אויפגעגעבן געוואָרן. פינף יאָר זענען פאַרפלויגן — און אין 1910 איז געמאַכט געוואָרן אַ צווייטער פּרוון.

אין יענעם יאָר איז איין סאָקאָלאָוו אויסגעבראָכן אַ גרויסע שרפה, דאָס פייער האָט פאַרניכטעט אַ באַדייטנדיקן טייל פון די דאָרטיקע יידישע היימען און קראָמען. גאַנצע גאַסן זענען אַוועק מיטן רויך. דער יידישער קיבוץ אין סאָקאָלאָוו איז כמעט אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן. די טראגעדיע איז געווען אַ האַרץ־רייסנדיקע; הילף איז געוואָרן מאָמענטאַל נויטיק.

דאָ אין ניו־יאָרק האָט משה העריס באַקומען פון סאָקאָלאָוו אַ רירנדיקן בריוו, אין וועלכן אונדזערע סאָקאָלאָווער ברידער און שוועסטער האָבן געבעטן ביי זייערע אַמעריקאַנער לאַנדסלייט, זיי באַלד צו העלפן. משה העריס האָט זיך באַראַטן מיט נאָך עטלעכע חברים און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן באַלד עפּעס צו טון.

איניקע לאַנדסלייט האָבן אָפּגעדרוקט אַן אויפרוף וואָס האָט גערופן די סאָקאָלאָווער אין ניו־יאָרק צו אַ מאַסן־מיטינג אין „היאס"־געביידע. ביים מיטינג — וואָס איז געווען אַ גוטבאַזוכטער און אַן אינספּירירנדיקער — האָבן די באַטייליקטע באַשלאָסן צו שאַפן אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע. אָן דעם — האָבן די רעדנער ביים מיטינג דערקלערט — זענען די לאַנדסלייט צעזייט און צעשפּרייט. באַפעסטיקט דורך אַ סאָסייטי, קאָנען די סאָקאָלאָווער דאָ קאָנסאָלידירן זייערע כוחות, האַלטן זיך געאייניקט, פאַרבעסערן זייער אייגענעם מצב

און פּאַרטיילן הילף זייערע ליידנדיקע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים — אויף אַן אָרגאַניזירטן סיסטעמאַטישן אופן.

דעמאָלט איז געמאַכט געוואָרן אַ צווייטער פּרוּוו צו שאַפן אַ סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט — און אויך דאָסמאָל האָט זיך עס נישט איינגעגעבן. דער פּאַריין האָט, אמת, דערזען די ליכטיקע וועלט, ער איז אָבער געווען געשפּאָלטן אין פאַרשידענע גרופּן.

אַזוי זענען פאַרלאָפן פיר יאָר. אין 1914 האָט אַ גרופּע לאַנדסלייט זיך פאַרזאַמלט ביי יונה קאַרפּ אין הויז און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן — מאַכן אַ נייעם פּרוּוו.

ס׳איז געווילט געוואָרן אַ צייטווייליקער קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדיקע מיטגלידער: ס. סילווער, מ. ראָזענגאַרט, ה. פעלדמאַן, אברהם ווישניע, און משה העריס אַלס פּאַרזיצער. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו שאַפן דעם באַזיס פאַר אַ פּערמאַנענטע סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק, און אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז די סאָסייטי וועט ביים גרינדן אַנהויבן אַ ברייט פאַרצווייגטע טעטיקייט, וואָס וועט אַריינציען די ברייטע שיכטן פון די סאָקאָלאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק.

אַ דאַנק דער ענערגישער אַרבעט פון אָט דעם איניציאַטיוו־קאָמיטעט איז געלונגען אַריינצוציען אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער און אין דעמזעלבן יאָר — 1914 איז דערוויילט געוואָרן אַ פּערמאַנענטער קאָמיטעט, וואָס האָט פאַר זיך געהאַט דריי אויפגאַבן:

1. אָרגאַניזירן די סאָסייטי.
2. אויפנעמען פאָרשלאָגן וועגן אַ נאָמען.
3. באַזאָרגן די סאָסייטי מיט אַ בית־הקברות.

אַזוי אַרום איז די איצטיקע סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט געגרינדעט געוואָרן. און די דערמאָנטע אויפגאַבן זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער־פאָלג.

ביי אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג, אין דעצעמבער 1915, איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער נאָמען פון דער סאָסייטי זאָל זיין:

„סאָקאָלאָווער יאַנג פרענדס פּראָגרעסיוו איד סאָסייעטי".

די סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק, קאָן מיט שטאָלץ אָנ־ווייזן אויף אַ ברייט־פאַרצווייגטע רעליף־טעטיקייט — פון איר גרינדונג ביז איצט.

אונדזער ערשטע אונטערנעמונג איז געווען אַ גרויסער באַל. דער באַל איז געווען אַ געלונגענער און די הכנסה דערפון האָט דערמעגלעכט אונדזער סאָסייטי צו פאַרברייטערן איר הילף צו די ליידנדיקע סאָקאָלאָווער אין דער היימשטאָט.

די דאָזיקע הילף איז נאָך מער פאַרצווייגט געוואָרן נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פון 1914, ווען די היגע לאַנדסלייט האָבן געקראָגן די

מעגלעכקייט זיך צו פאַרבינדן מיט זייער ליבע היימשטאָט סאָקאָלאָוו. ס'איז נויטיק געוואָרן דרינגענדיקע הילף, און אונדזער סאָסייטי האָט זיך ברייטהאַרציק אָפּגערופן און אויסגעשטרעקט אַ וואַרימע, ברידערלעכע האַנט.

מאַסן מיטינגען, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן און אַנדערע פאַראַנשטאַלטונגען. דורכדעם האָט די סאָסייטי געשאַפן די נויטיקע געלט־מיטלען צו העלפן באַשפּייזן, באַקליידן און באַשוכן די מלחמה־געטראָפענע אין סאָקאָלאָוו, און זיי באַזאָרגן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ. כדי צו פאַרגרעסערן די הכנסות פון די דאָזיקע אונטערנעמונגען, האָט אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט געשאַפן אַן אייגענע דראַמאַטישע סעקציע. אָנגעהויבן האָט אונדזער נייער צווייג מיט דער אויפפירונג פון איינאַקטערס. די פאָרשטעלונגען האָבן „אָנגעריסן" אויסגענומען בײַם עולם־צושויער, און מיר האָבן באַשלאָסן אַז די דראַמ.־סעקציע זאָל בלייבן אַ שטענדיקע אינסטיטוציע. אין פאַרלויף פון איר עקזיסטענץ, איז די דראַמ.־סעקציע מדרגות'ווייז געוואַקסן. פון איינאַקטערס, איז מען אַריבער צו דער אויפפירונג פון גאַנצע פּיעסן. צווישן אַנדערע, האָבן זיך אין די אויפפירונגען באַטייליקט: אברהם ווישניע, ר. ראָזענגאַרט, מ. סילווער, מ. ראָזענגאַרט. דער דאָזיקער פּראָיעקט האָט אין אַ גאַר גרויסער מאָס געהאָלפן אַנטוויקלען דראַמאַטישן טאַלאַנט ביי אונדזערע לאַנדסלייט און דערהויבן דעם קולטורעלן מצב פון דער מיטגלידערשאַפט, איינפלאַנצן אין איר אַ ליבע צום בעסערן סאָרט טעאַטער. די טעטיקייט פון דער דראַמ.־סעקציע איז געווען אַ גרויסער מאָראלישער און מאַטעריעלער דערפאָלג. דער גאַנצער פּראָפיט פון די פאָרשטעלונגען איז אַוועקגעשיקט געוואָרן צו די הילפס־אינסטיטוציעס אין סאָקאָלאָוו. דערפון האָבן גענאָסן אַלע נויטבאַדערפטיקע אין אונדזער היימשטאָט.

איינציקווייז, איז אונדזער רעליף־טעטיקייט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ פעסטן באָדן און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די רעליף־אַרבעט זאָל געפירט ווערן פון אַ באַזונדער צווייג אין דער לאַנדסמאַנשאַפט, אַזוי, אַז די סאָסייטי זאָל זיך קאָנען אָנהויבן מער זאָרגן פאַר די נויטן און באַדערפענישן פון די מיטגלידער אַליין.

אין 1923, איז פאַרצייכנט געוואָרן אַ וויכטיקע געשעעניש אין דער געשיכטע פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט. צוויי טעטיקע מיטגלידער — ס. מאריסאָן און א. ווישניע — זענען געפאָרן באַזוכן אונדזער אַלטע היים סאָקאָלאָוו. פר זייער אָפּפאָרן האָט די סאָסייטי איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלן אָפּשייד־אָונט. די וואָס האָבן די דאָזיקע גוט־באַזוכטע צוזאַמענקונפט בייגעוווינט וועלן זי לאַנג, לאַנג געדענקען. אין 1934 איז ווידער אַ טיכטיקער מיטגליד פון דער לאַנדסמאַנשאַפט — י. לענטשנער — געפאָרן קיין סאָקאָלאָוו. און אין 1935 און 1936 זענען דאָרט געווען אויף אַ באַזוך אונדזערע לאַנדסלייט· משה ראָזענגאַרט און ליזער האָפּענגאַרט. אויך לכבוד זיי האָט די סאָסייטי איינגעאָרדנט איינדרוקספולע פאָר־געזונט אָוונטן. צוריקקערנדיק זיך פון זייערע

באַזוכן, האָבן די לאַנדסלייט געבראַכט די סאָקאָלאָווער דאָ אַ לעבעדיקן גרוס וועגן דעם, וואָס ס׳טוט זיך אין דער אַלטער היים.

צווישן אַנדערע, שטיצט די לאַנדסמאַנשאַפט דעמאָלט די פאָלגנדיקע ידישע אינסטיטוציעס אין סאָקאָלאָוו: תלמוד־תורה, בית־לחם, סומך־נופלים, גמילות־חסד און האַנדווערקער פאַריין, ווי אויך די יידישע קינדער אין די קריסטלעכע שולן אין סאָקאָלאָוו.

אין 1917 איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין אונדזערע רייען — אַמע־ריקע איז דאַן אַריין אין קריג קעגן דייטשלאַנד. מיט דער דערלויבעניש פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, איז דאָ דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יידישער לעגיאָן, וועמענס אויפגאַבע ס׳איז געווען: העלפן ענגלאַנד איינעמען ארץ־ישראל, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין די הענט פון די טערקן. פיל פון אונדזערע מיטגלידער — אַ יונגער עלעמענט — האָבן זיך אָנגעשלאָסן אינעם לעגיאָן און געפאָרן קיין ארץ־ישראל. אַ טייל פון די וואָס זענען דאָ איבער־געבליבן, זענען געוואָרן נאַציאָנאַל־געשטימט און געוואָלט זיך אָנשליסן אין וועלכער ס׳איז אָרגאַניזאַציע וואָס האָט אין איר פּלאַטפאָרמע איינגעשלאָסן די פאָדערונג פאַרן אויפבוי פון אַ נאַציאָנאַל־יידיש היימלאַנד אין ארץ־ישראל. אַלס רעזולטאַט דערפון, האָט זיך אין אונדזער סאָסייטי געשאַפן אַ שטאַרקער סענטימענט פאַר דעם, אַז די סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט זאָל זיך אָנשליסן אַלס ברענטש פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. היות די מאַיאָריטעט אָבער האָט אָט דעם פאָרשלאַג באַקעמפט, האָט די אָפּאָזיציע — וואָס איז געווען אין דער מינדערהייט — אַלס פּראָטעסט אָפּגעזאָגט זיך צו צאָלן בייטראָג. און די סאָסייטי האָט זיי געמוזט אויסשליסן אַלס מיטגלידער, וועלכע האָבן זיך סוף כל סוף צוריקגעקערט צו אונדזערע רייען, און מיר האָבן זיך אויפס־ניי גענומען פונאַנדערוואַקסן. ביז היינט־צו־טאָג זענען זיי טרייע, טיכטיקע מיטגלידער פון דער סאָסייטי.

דערפילן די נויטן נישט בלויז פון די ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים, נאָר אויך פון די אייגענע לאַנדסלייט דאָ, איז געווען איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון דער סאָסייטי זינט איר גרינדונג.

די לאַנדסמאַנשאַפט האָט אָנגעשטעלט אַ סאָסייטי דאָקטאָר פאַר די ניו־יאָרקער מיטגלידער, און שפּעטער — אַ דאָקטאָר פאַר די ברוקלינער.

אַ צווייטער אויפטו איז געווען דאָס איינפירן פון קראַנקען־פאַרזיכערונג. אין פאַל פונעם טויט פון אַ מיטגליד, באַקומען די יורשים אויסגעצאָלט 200 דאָלאַר, ווען ס׳שטאַרבט די פרוי פון אַ מעמבער, באַקומען די יורשים 100 דאָלאַר.

אַ ווייטערע וויכטיקע דערגרייכונג איז — דער הלוואה פאָנד. דער דאָזיקער פאָנד איז געשאַפן געוואָרן אין נאָוועמבער 1922, מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל פון 200 דאָלאַר דער ערשטער קאַסירער פונעם פאָנד איז געווען ראובן ראָזענגאַרט, וועלכער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין זיין אַמט. זיין

נאָכפאָלגער, ל. פרידמאַן, האָלט אָן דעם אַמט ביזן היינטיקן טאָג. פאַר זיינע לייסטונגען ביים פאַרוואַלטן מיטן פאָנד, האָט פ׳ פרידמאַן געוווּנען די פאַרערונג און אָנערקענונג פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט.

די פרויען פון די לאַנדסלייט זענען אַ וויכטיקער כוח און קאָנען פיל העלפן די טעטיקייט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט צו פאַרברייטערן. נאָך אַ נישט געלונגענעם פרווו איז אין יאָר 1925 ענדלעך געגרינדעט געוואָרן אַ ליידיס אקזילערי. פון אייגענע מיטגלידער, און זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין טרייע איבערגעגעבענע מיטאַרבעטערינס.

די ערשטע אקזילערי באַאַמטע זענען געווען: אַלטע זשעלענעץ — טשער־לידי; איידא גאָרדאָן — רעקאָרדינג סעקרעטאַר; באַשקי כאַיניע, פינאַנץ סעק־רעטאַר; יעטא ווישניע — טרעזשורער; שיינדל ראָזענגאַרט, מלכה לענטשנער און בעססי ראָזענגאַרט — האָספּיטעלער.

אויפן צווייטן מיטינג פונעם נייעם צווייג ווערט באַשלאָסן צו רופן זיך: „סאָקאָלאָווער ליידיס אקזילערי״.

מיט דער הילף פון די סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט מיט ראַט און טאַט האָט די ליידיס אקזילערי, זייט איר גרינדונג, פאַרצייכנט אַ רייע באַדייטונגס־פולע אויפטוען. זי האָט באַזאָרגט יידישע קינדער פון די קריסטלעכע שולן אין סאָקאָלאָוו מיט פרישטיק, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ זעמל מיט אַ גלאָז מילך טעגלעך. זי האָט אויך אָנגעפירט אַ פאַרצווייגטע אָרגאַניזיר־אַקציע, אַריינ־צוציען יעדע פרוי פון די סאָקאָלאָווער לאַנדסלייט אין דער אקזילערי. זי האָט אונטערגענומען אַ ריי סאָציאַלע אַרבעטן. זי האָט געשטיצט אַ גרויסע צאָל אינסטיטוציעס אין ניו־יאָרק, איינשליסנדיק „האיאס״, „יונייטעד דזשואיש אַפּיל״, געווערקשאַפטן קאַמפּיין א. א.

אין יעדער אויפגאַבע, וואָס די סאָקאָלאָווער־לאַנדסמאַנשאַפט האָט אונ־טערגענומען איז די שוועסטער־אָרגאַניזאַציע, די ליידיס אקזילערי, געשטאַנען ביי דער זייט און געהאָלפן דאָס דורכפירן מיט דערפאָלג. פאַר זייער הילף פאַרדינען די מיטגלידער פון דער אקזילערי אונדזער אַלעמענס אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט.

ווי אַ רעגירונג, מוז אויך אַן אָרגאַניזאַציע האָבן אַ קאָנסטיטוציע, וואָס איז איר וועגווייזער און צייכנט אָן ווי אַזוי זי זאָל זיך פירן.

אין 1923, האָט די סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט באַשלאָסן אויסצואַר־בעטן אַ קאָנסטיטוציע. ס׳איז געוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט דאָס דורכצופירן מיטן אָנטייל פון די פאָלגנדיקע מיטגלידער: א. ווישניע, פּ. ראָזענבערג, חנא פעלדמאַן א. מ. ראָזענגאַרט, מיט משה סילווער אַלס טשערמאַן, וועלכע זענען פאַר זייער אַרבעט באַדאַנקט געוואָרן אין נאָמען פון דער גאַנצער לאַנדסמאַנשאַפט.

אין 1926 האָט די לאַנדסמאַנשאַפט אָנגענומען צוויי פאַרפליכטנדיקע באַשלוסן פון געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון גרויס באַדייט:

## סאָקאָלאָו־פּאָדליאַסק

1) קיין מיטגליד פון דער סאסייטי טאָר נישט זיין קיין שטרייק־ברעכער;

און

2) קיין באָס — אויב ער וויל בלייבן אַ מיטגליד פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט, — טאָר נישט אָנשטעלן קיין סקעבס (שטרייק־ברעכער).

אין זעלביקן יאָר, איז פאָרגעקומען דער גרויסער קלאוקמאַכער שטרייק. מיר האָבן דאַן באַשלאָסן צו שטיצן די שטרייקנדיקע צווישן אונדזערע מיטגלידער מיט 40 דאָלאַר יעדן.

די סאָקאָלאָווער סאסייטי האָט תמיד ברייטהאַרציק געהאָלפן פאַרשידענע יידישע און אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס דאָ אין לאַנד.

צווישן אַנדערע, האָבן מיר געשטיצט: אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס, „היאס", יידישע מלחמה וועטעראַנען, ליגע פאַר יידישע בלינדע, יונייטעד דזשויאיש אפיל, געווערקשאַפטן קאמפיין, יידישע צדקה פעדעראַציע, לאָס־אַנזשעלעס און דענווער סאַנאַטאָריומס, צו דעם קאָנען איך צוגערעכנט ווערן סאראטאגא ספרינג האוס, רויטער קרייץ און „יו. עס. או"

אין לויף פון די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר האָט די סאָקאָלאָווער סאסייטי דורכגעפירט אימפּאָזאַנטע יובילײ־פייערונגען, וואָס האָבן אויף די אָנוועזנדיקע איבערגעלאָזן אַ טיפן איינדרוק.

אין דעצעמבער 1924 איז געפייערט געוואָרן אונדזער 10 יעריקער יובילײ; אין 1929 — אונדזער 15־טער — אין דעצעמבער 1934 האָבן מיר פאַרצייכנט צוואַנציק יאָר לעבן און טעטיקייט.

באַזונדערס באַדייטונגספול איז געווען אונדזער 25 יעריקע יובילײ־פייערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער 1939. דער צוזאַמענקונפט, וואָס איז פאָרגעקומען אין סענטראל פלאזא האָל, האָט אָפּגעשלאָסן אַ וויכטיקע תקופה: אַ פערטל יאָרהונדערט אין אונדזער געשיכטע.

די פייערונג איז געווען אַ גרויסער מאָראַלישער און מאַטעריעלער דערפאָלג. אָבער נישט פריילעך איז דעם עולם געווען אויפן האַרצן. דער גרויל פון דער נאַצי־וואַקכאַנאַליע האָט דורכגענומען די פאַרזאַמלטע און די טראַגעדיע פון דעם געמאָרדעטן און געפייניקטן יידישן פאָלק אויף יענער זייט ים, האָט זיך אָפּגעשפיגלט אויף די פנימער פון די פאַרזאַמלטע. דער צוזאַמענקונפט איז פאַרוואנדלט געוואָרן אין אַ גרויסע הילפס־מאַניפעסטאַציע. די אָנוועזנדיקע האָבן געגעבן זייער צוזאָג, אַז זיי וועלן טון אַלץ לויט זייערע כוחות צו העלפן די ליידנדע סאָקאָלאָווער לאַנדסלייט. זיי האָבן, אין זייער אָנוועזנהייט, באַצאָלט אַ מין „קאָפּ־שטייער" פאַר די ליידנדיקע סאָקאָלאָווער, וואָס האָבן זיך שוין דאַן געפונען אין מלחמה־לאַגער און ס'איז אויפן אָרט געשאַפן געוואָרן אַ באַדייטנדיקע סומע געלט פאַרן „סאָקאָלאָווער רעליף".

די שארית הפליטה פון די סאָקאָלאָווער שוועסטער און ברידער קאָנען מיר העלפן — אויף אַ ממשותדיקן אופן און דאָס טוען מיר טאַקע.

פאַר די סאָקאָלאָווער מאַרטירער וואָס זענען דורך די נאַצישע בעסטיעס

אויסגעמאָרדעט געוואָרן, אָדער וואָס זענען העלדיש געפאַלן אין קאַמף קעגן דער היטלעריסטישער טיראַניי — פאַר זיי קאָנען מיר שוין לײדער גאָרנישט טון, חוץ היילקן זייער ליכטיקן נאָמען. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצו־געבן אַ יובל־בוך — 40 יעריקער עקזיסטענץ פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

די גאַנצע הכנסה פונעם בוך איז באַשטימט געוואָרן אויף העלפן אונ־דזערע אומגליקלעכע לאַנדסלײט אין סאָקאָלאָוו.

דער יובל־בוך קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדיקע מיטגלידער׳ מ. סילוואָער, יוסף ראָזענגאַרט, א. מ. ראָזענגאַרט, ל. האָפּענגאַרט, ל. פרידמאַן י. שטיינבערג, משה פעלדמאַן, הערי ווייסבערג, מ. גאָרדאָן, ב. ווייס, מ. העריס און ש. זשעלענץ, מיט מרדכי כאַינע אַלס טשערמאַן.

ביים סוף פון צווייטן וועלט־קריג, האָבן מיר געשטיצט די סאָקאָלאָווער אין רוסלאַנד מיט שפּייז פּעקלעך: די פון אונדזערע לאַנדסלײט וואָס האָבן זיך געפונען אין שאַנכאַי — כינע, האָבן מיר געהאָלפן מיט געלט־מיטלען.

זינט אַמעריקע איז אַריין אין קריג, האָבן מיר זיך באַמיט צו פאַרבינדן מיט אונדזערע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים — אָבער אָן דער־פאָלג. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָבן מיר די אויבנדערמאָנטע הילף געשיקט צו די לײדנדיקע לאַנדסלײט. די הילף האָט דערגרייכט לאָדזש, שטעטין, ליגניץ און אַנדערע שטעט אין פּוילן, ווי אויך פּאַריז.

אַט די הילף זעצן מיר פאָר.

# יזכור!

אין דער סאָקאָלאווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק זענען זינט איר גרינ־דונג אין יאָר 1914 ביז 1961 געווען טעטיק אין פארשידענע צייטן ווי פאָרזיצער, וויצע פאָרזיצער סעקרעטאר און קאַסירער:

הערשל ווייסבערג, נחמן עלבערג, שמואל לייב זשעלענעץ, אברהם ווישני, משה פעלדמאַן, משה סילווער, אברהם משה ראָזענגאַרט, מרדכי כאינע, יוסף ראָזענגארט און לייזער אפענגארט. — און אויף אנדערע אַמטן:

משה גארדין, אשר גרודזשיצקי, הערשל האָכבערג, משה העריס, בעריל ווייס, הערש היללער, לייזער זעכטער, אברהם טאַבאַטשניק, מאיר טערנער, יוסף לענטשנער, חנא מאריסאָן, ישעיה מאָריסאָן, לואיס א. מאַקס, נייטען סוויטצען, משה סילווער, בעריל פלאַטנער, אייזיק פעלדמאַן, חנא פעלדמאן, לייבעל פרידמאַן, פסח ראָזענבערג, משה ראָזענגאַרט, ראובן ראָזענגאַרט, ראובן שולץ, סידני שולץ, ישראל שטיינבערג, שמואל שטיינער, יוסף שפילמאַן.

## על אלה אנו בוכים

מיר דערמאָנען מיט טרויער די פאַרשטאָרבענע מיטגלידער פון דער סאָקאָלאָווער יאָנג פרענדס פראָגרעסיוו עיד סאָס־עטי אין ניו־יאָרק; זייט איר גרינדונג אין דעצעמבער 1914.

## יהי זכרם ברוך

מ ע נ ע ר

| | |
|---|---|
| חיים יצחק בוכבינדער | בערל ווייס |
| בעני גאָלדבערג | יעקב ווייסבערג |
| דוד גאָלדשטיין | מענדל ווייסבערג |
| לואיס גארבאַטי | משה ווייסבערג |
| משה גאָרדאָן | אברהם ווישניע |
| מרדכי גאַרפינקעל | אברהם וועבער |
| שלמה גראָסמאַן | יעקב וועבער |
| אלבערט גרינבוים | אהרן וועגנער |
| יוסף גרינבערג | יעקב יאַבלאָן |
| אייב גרינשטיין | א. יאַבלאָנסקי |
| בערל האָכבערג | יעקב יאָספערשטיין |
| משה העריס | יוסף לענטשנער |
| היימאַן וואַפניק | ישעיה מאָריסאָן |
| לייזער מנשה וויינבערום | דוד מור |
| משה וויינשטיין | לייבל סאַלאַרזש |

# יזכור!

אייזיק סילווער
משה סילווער
טשאַרלס סקאָפּ
שבתי עלבערג
חנא ענגליש
שמואל לייב ענגליש
פסח פודענבערג
משה פערלשטיין
אברהם קאָסאָווער
סאל קאָסעווער
הערשל ראדזינסקי

חנא ראָזען
פסח ראָזענבערג
שלמה ראָזענבערג
משה ראָזענגאַרט
ראובן ראָזענגאַרט
ישראל ראָטשטיין
בעני שולמאַן
מאיר שייפער
ראובן שולץ
חיים שענקין

## פ ר ו י ע ן

כ. אָרלאָווסקי
פעני גאָלדשטיין
מאַשע גראָסמאַן
איידע גרינשטיין
רחל האָכבערג
מרים וואָלמער
ראָזע וואָפניק
רבקה ווייסבערג
דזשעני וועבער
שרה וועבער
ביילה וועגנער
שוירלי ווישניע — זירל
מינע טערנער
מלכה לענטשנער
יענטע מאָריסאַן

רויזע ענגליש
שרה פינקעל
ברײנה פעלדמאַן
בעקי קאָהן
איידע קראַשינסקי
גאָלדע ראָזען
מינע ראָזענבערג
מערי ראָזענבערג
הנה טויבע ראָזענגאַרט
מאַשע ראָטשטיין
רחל ראָטשטיין
סאָפיע שאַרפּ
חוה שטראוס
שרה שטרייכלער



**סאָקאָלאָווער יזכור־בוך קאָמיטעט אין ניו־יאָרק:**
**(פון רעכטס צו לינקס)** יוסף שפּילמאַן, אברהם טאַבאַטשניק, משה פעלדמאַן, שמואל לייב זשעלענעץ — קאַסירער, מרדכי כאינע — **פאָרזיצער**, יוסף ראָזענגאַרט — סעקרעטאַר, אברהם משה ראָזענגאַרט, לייזער אָפּענגאַרט און אשר גראָדזשיצקי.



**בעאמטע פון די סאָקאָלאָווער יאָנג פרענדס פּראָגרעסיוו עיד סאָסייטי**
**פאַרן יאָר 1961:**
**(זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס) אברהם משה ראָזענגאַרט, פינאנס סעקרעטאַר, מרדכי כאַינע, פּאָרזיצער, שמואל־ליב זשעלענעץ, וויצע פאָרזיצער.**
**(שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס) לייזער אָפּענגאַרט, קאַסירער און יוסף ראָזענגארט, רעקאָרדינג און פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר.**

# דער סאָקאָלאָווער הילפס־קאָמיטעט אין לאָס־אַנשזעלעס

(טעטיקייטס־באַריכט פון סעקרעטאַר חנינה ראָטשטיין).

דער סאָקאָלאָווער הילפס־קאָמיטעט אין לאָס־אַנזשעלעס, וואָס האָט עקזיסטירט פון אויגוסט 1946 ביז אָנהויב 1950, האָט נישט געהאַט הינטער זיך קיין לאַנדסמאַנשאַפט־טראַדיציע, ווי די סאָקאָלאָווער הילפס־קאָמיטעטן אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ, אָדער אפילו סט׳ לואיס. עס זענען געווען סיבות וואָס האָבן גורם געווען אַז קיין סך סאָקאָלאָווער זאָלן אין לאָס־אַנזשעלעס נישט זיין, קודם־כל דער מרחק פון ניו־יאָרק קיין לאָס־אַנזשעלעס וואָס איז אַזוי ווייט, ווי פו־אייראָפּע קיין ניו־יאָרק. און איך יענע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און באַלד נאָך איר, ווען עס איז אָנגעגאַנגען די עמיגראַציע פון סאָקאָלאָוו קיין אַמעריקע — איז מען צומייסטן געפאָרן קיין ניו־יאָרק אָדער שיקאַגאָ, וואָס איז דעמאָלט געווען דער וויטסטער פונקט.

אַז מען האָט זיך געפינען אין ניו־יאָרק האָט מען נאָך געקאָנט טראַכטן פון מאַכן אַ „לוסטרייזע" צוריק אַהיים (און אַ סך האָבן דאָס טאַקע געטון), פאָרן אָבער קיין לאָס־אַנזשעלעס, וואָס איז אין ווייטן מערב־טייל פון לאַנד, אַזש ביים פּאַציפישן ברעג, האָט געמיינט אינגאַנצן אָפּגעריסן ווערן פון דער אַלטער היים; אַ חוץ דעם, איז איך יענע יאָרן טאַקע נישט געווען נאָכוואָס צו פאָרן אַהער, הגם דער קאַליפאָרניער קלימאַט מיט זיין שטענדיקן זומער איז אַ גן־עדן ווינקל. מען קאָן אָבער פון לופט אַליין, אפילו פון דער בעסטער, קיין לעבן נישט מאַכן. אין לאָס־אַנזשעלעס איז אין יענע יאָרן קיין אינדוסטריע און פרנסה־קוועלן נאָכנישט געווען אַנטוויקלט. דער ישוב דאָ איז הויפּטזעכלעך באַשטאַנען פון עטלעכע מענטשן וואָס האָבן זיך געמוזט באַזעצן צוליבן קלימאַט און געהאַט דערצו אַ ביסל אָפּגעשפּאָרטע דאָלאַרן. בלויז איינע אָדער 2 סאָקאָלאָווער פאַמיליעס זענען דעמאָלט אויך אַהער פאַרוואָגלט געוואָרן צו באַזעצן זיך.

ערשט אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען אין לאָס־אַנזשעלעס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע אינדוסטריע, האָט דער ישוב — דער אַלגעמיינער, ווי דער יידישער, אָנגעהויבן וואַקסן. ווען מען האָט אָנגעהויבן איבערוואַנדערן פון גאַנץ אַמעריקע, זענען אויך אָנגעקומען אַ געוויסע צאָל סאָקאָלאָווער משפחות, צומיינסטן פון שיקאַגאָ. צווישן זיי אַזעלכע לאַנג־יאָריקע דאָרטיקע אַקטיווע טוער, ווי משה און גרינטשע מאַנדעלבוים, שלום און רבקה טושנער, שייע בער א. אנד.

אָנהויב 1946 ווען איך האָב זיך אַריבערגעקליבן אַהער פון שיקאַגאָ.

איז אָנגעגאַנגען די רעפּאַטריאַציע פון די פּוילישע יידן פון סאָוויעט־רוסלאַנד קיין פּוילן, צווישן זיי אויך די סאָקאָלאָווער. אַ טייל זענען אויך אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן אין פּוילן גופא און פון די דייטשע לאַגערן. איז ווי נאָר עס איז געגרינדעט געוואָרן דער סאָקאָלאָווער קאָמיטעט אין לאָדזש — האָב איך פון דאָרט דערהאַלטן אַ בריוו וועגן זאַמלען הילף צווישן די סאָקאָלאָווער אין לאָס־אַנזשעלעס. ווייסנדיק וועגן דער קליינער צאָל סאָקאָלאָווער דאָ האָב איך זיך אַ ביסל געפילט אין אַ פאַרלעגנהייט. איך האָב דעם בריוו געוויזן נאָך אייניקע סאָקאָלאָווער, און מיר האָבן צונויפגעשטעלט אַ ליסטע פון אַ צען משפּחות און באַשלאָסן אַלעמען צו רופן אויף אַ זונטיק בייטאָג.

דער ערשטער צוזאַמענטרעף איז געווען אין הויז פון טילי אייזאַס (רויזע די גענדזלערקעס אַ טאָכטער) דער חלום איז געווען דערווייל צו קאָנען שיקן אַ 50 דאָלאַר. פונעם ערשטן צוזאַמענקום בין איך אַהיימגעקומען מיט 267 דאָלאַר, און מיט דער הילף פון י. גרינבערג (דעמאָלט אין ניו־יאָרק) האָבן מיר גלייך איבערגעשיקט קיין לאָדזש 250 דאָלאַר. אין אָנהויב זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען יעדן חודש, צומיינסטן אין הויז פון אברהם און חנה־שרה זאַנשיין (אַ שוועסטער פון די דערמאָנטע טילי אייזאַס) לאַנגיאָריקע תושבים דאָ. דאָרט אין הויז איז אויך אַדורכגעפירט געוואָרן אַן איינדרוקספולער יזכור־אָוונט.

מיט דער צייט האָבן אַ סך סאָקאָלאָווער פאַרלאָזט פּוילן און אָנגעהויבן זייערע וואַנדערונגען דורך די לאַגערן אין דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע, א.א. לענדער. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען בריוו פון זיי, און מיר האָבן צו יעדן געשיקט „קער"־פּעקלעך, דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז דער רוב האָט זיך שוין געפונען אין ישראל. אין דער צווישנצייט האָבן מיר נאָך איבערגעשיקט קיין לאָדזש 150, און שפּעטער נאָך 200 דאָלאַר, אייניקע פּעקלעך קליידער, ווי אויך צו 100 דאָלאַר צום סאָקאָלאָווער קאָמיטעט אין ישראל און אין פּאַריז (אין די לאַגערן — 50 „קער" פּעקלעך).

דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז אָנהויב 1950, ווען אויך דאָ האָט זיך אָנגעהויבן ווי אין די מערסטע אַמעריקאַנער שטעט, דאָס איבערוואַנדערן פון יידן פון איין שטאָט־געגנט אין אַנדערן. און דערמיט באַשווערט דאָס טרעפן זיך. אויך דער קאָמיטעט אין לאָדזש האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אַזוי איז פון זיך אַליין דער הילפס־קאָמיטעט אויפגעלייזט געוואָרן.

פון צייט צו צייט, אַז עס איז ביי אַ סאָקאָלאָווער אַ שמחה, אָדער עס קומט אַ סאָקאָלאָווער פון אַן אַנדערע שטאָט צו גאַסט, קומט מען זיך צוזאַמען — און ווידער לעבט אויף זיין שמועס אונדזער אַמאָליקע היימשטאָט סאָקאָלאָוו.



קאמיטעט פון דער סאָקאָלאָווער לאנדסמאַנשאַפט אין לאָס אַנזשעלעס

**סזיצן ביים טיש (פון רעכטס) חנינה ראָטשטיין (סעקרעטאַר), משה מאַנדלבוים (פאָרזיצער), און שייע בער (קאַסירער)**

# סאָקאָלאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין פּאַריז

(טעטיקייטס־באַריכט פון פאָרזיצער אייזיק גאָפּטאַרניק)

באַלד נאָך די געשעענישן פון 1905 זענען אָנגעקומען די ערשטע סאָקאָלאָווער עמיגראַנטן קיין פּאַריז. צווישן זיי זענען געווען: נחמן קאָפּעלס פּאָדעמבערג, יעקב גאָפּטאַרניק און זיינע ברודער, יואל לייזער דראַטעווסקעס, צביה קאָטשאָל און איר ברידער הירשל, מיכאַלקע פריז׳מאַן און אַנדערע. כמעט די אַלע זענען דאָ פאַרבליבן, ווייל זיי האָבן געהאַט מעגלעכקייטן זיך איינצואָרדענען. קיין ענגער קאָנטאַקט צווישן די לאַנדסלייט איז נישט געווען און קיין שום געזעלשאַפטלעך לעבן האָבן זיי נישט געפירט. אין דער שפּעטערדיקער צייט, צווישן 1921 — 1920, ווען די נו״ט און די אכזריותדיקע עקסצעסן האָבן אָנגעהויבן בושעווען אין פּוילן, האָט עמיגרירט אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט פון סאָקאָלאָוו אויך קיין פּאַריז. זיי האָבן אייגנטלעך נישט געהאַט קיין שוועריקייטן ביים לעגאַלן איינאָרדענען זיך, דאַקעגן דאָס פּראָבלעם פון געפינען וווינונגען איז גאָר נישט געווען אַזוי לייכט. בכלל האָט זיך דער אַרבעטער עלעמענט לייכטער איינגעאָרדנט, ווי דער פון די פרייע פּראָפעסיעס. ווען די אַלע שוועריקייטן זענען ביסלעכווייז אוועק, האָט מען אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ געזעלשאַפטלעך לעבן. דעמאָלט איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון שאַפן אַ סאָקאָלאָווער געזעלשאַפט. אָבער קיין פּאָזיטיוועס איז אויף דעם געביט נישט געטון געוואָרן ביז אין די יאָרן 1928—1930 ווען ס׳איז אָנגעקומען קיין פּאַריז אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט, דער רוב אַ יונגער עלעמענט, איז דער קאָנטאַקט געוואָרן ענגער. שפּעטער איז ענטגילטיק געשאַפן געוואָרן די סאָקאָלאָווער געזעלשאַפט. צו דער איניציאַטיוו גרופּע האָבן געהערט: יהושע גוטמאַן, אַברהם טשערנאָוויטש, אליהו שטיינבערג, לעאָן גאָלדפעדער, אייזיק גאָפּטאַרניק און יודל גאָפּטאַרניק.

אין יאָר 1937 איז אָנגעקומען פון טולוז קיין פּאַריז אברהמטשע רובינשטיין, (סטודענט פון דאָרטיקן אוניווערזיטעט). און געוואָרן גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט. אין דער זעלבער צייט באַקומען מיר אַ ידיעה אַז אין סאָקאָלאָוו זענען מצד די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן פאָרגעקומען אַנטי־ידישע עקסצעסן ביי וועלכע ס׳זענען פאַרוואונדעט געוואָרן יידן און אויך פּאָגראָמירט ידישע קראָמען. דאָס האָט געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק אויף די סאָקאָלאָווער לאַנדסלייט אין פּאַריז. די געזעלשאַפט באַשליסט באַלד אָנצוהויבן אַ הילף־אַקציע לטובת די געליטענע, בפרט פאַר די קינדער. עס

ווערן אַדורכגעפירט עטלעכע אונטערנעמונגען, און אַ גרעסערע סומע געלט ווערט באַלד אָפּגעשיקט קיין סאָקאָלאָוו. גלייכצייטיק באַקומען מיר אַ ידיעה אַז דוד׳שע פרידמאַן, וועלכער איז געזעסן אין תפיסה עטלעכע יאָר פאַר פּאָליטישער טעטיקייט, איז שוין אויף דער פריי און געפינט זיך אין אַ געפערלעכן געזונדהייטס מצב, וואָס באַדראָט זיין לעבן. די פאַרוואַלטונג באַשליסט באַלד אים אַהערצונעמען און איינאָרדענען אין פּאַריז, וואָס איז אויך געווען מעגלעך צו רעאַליזירן. אין 1938, מוז אונדזער גענעראַל־סעקרעטאַר אברהם׳טשע רובינשטיין, צוליב לעגאַליזאַציע שוועריקייטן מצד די מאַכט, איבעררייסן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט; ער ווערט פאַרטרעטן דורך איטשע גאַרפונקל (מאיר קאַרצערס איידיקל), וועלכער האָט אינטענסיוו אָנגעפירט מיט דער אַרבעט אין דער געזעלשאַפט.

אזוי ווערט די אַרבעט געפירט ביזן אויסברוך פון צוו יטן וועלט־קריג. נאָכדעם ווערט יעדע ווייטערע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אוממעגלעך, דער גרעסטער טייל אַקטיווע מיטגלידער ווערן מאָבליזירט אין דער אַרמיי, די געבליבענע אין פּאַריז: אברהם טשערניעוויטש, עליע שטיינבערג, יודל גאַפּטאַרניק, לעאָן וואַקנשטיין, פירן אָן מיט דער סאָציאַלע־הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט. אין יוני 1940 ווערט פּאַריז אָקופּירט פון די נאַציס. די זעלבע גרופּע חברים זעצן פאָר די טעטיקייט ביז די מאַסן דעפּאָרטאַציעס.

נאָך דער באַפרייאונג פון פּאַריז האָבן מיר געהאַט דאָס גליק צו זען די לאַנדסלייט, וועלכע זענען אונדז איבערגעבליבן, און מיט ווייטיק פעסטצושטעלן — ווער עס פעלט. פון די קנאַפּע 200 פאַמיליעס, וואָס זענען געווען אין פּאַריז פאַרן קריג, זענען געבליבן אומגעפער 70. צווישן די צוריקגעקומענע פון דעפּאָרטאַציע האָבן זיך געפונען: אברהם רובינשטיין, משה חיים יאָסלזאָן, יאַנקעל קוויאַטעק, עליע שטיינבערג, מאָטל בוזשני, סוזאַן זילבערמאַן מיט די קינדער, אברהם ראָזענשטיין און וועלוול ליטעראַ (חיים ישראל׳ס רייזמאַנס איידעם) און די פרוי סוקעניק; פון קריגס־געפאַנגענשאַפט פון דייטשלאַנד: נאַטאַן זילבערמאַן און יאָסעל איטשע סוקעניק. מען קאָן זיך פאָרשטעלן די פרייד ביי דעם ערשטן צוזאַמענקומען זיך פון די סאָקאָלאָווער לאַנדסלייט אין באַפרייטן פּאַריז, און די טיפע יסורים און הייסע טרערן נאָך די, וואָס זענען מער קיינמאָל נישט צוריק געקומען.

די סאָקאָלאָווער געזעלשאַפט באַנייט ווידער איר אַקטיוויטעט, דורך די פריש געוויילטע פאַרוואַלטונג, אין באַשטאַנד פון די חברים: אברהם רובינשטיין — פאָרזיצער; נאַטאַן זילבערמען — וויצע־פאָרזיצער; איזיק גאַפּטאַרניק — קאַסיר און דוד פרידמאַן — סעקרעטאַר. פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: יודל לאַשיצע, עליע שטיינבערג, יאַנקל יאָספּירשטיין און יודל גאַפּטאַרניק.

מיר פאַרבינדן באַלד אַ קאָנטאַקט מיט אונדזערע לאַדסלייט אין פוילן און אין די אַמעריקאַנער לענדער. אויף אונדזער ווענדונג באַקומען מיר פון שיקאַגאָ און ניו־יאָרק 20 פּעקלעך שפּייז און 200 דאָלאַר וואָס ווערן גלייך

פאַרטיילט פאַר די אלמנות און יתומים פון די אומגעקומענע. אַ ביסל שפּעטער באַקומען מיר פון ה. ראָטשטיין פון לאָס־אַנזשעלעס 50 דאָלאַר, וואָס ווערן אויך פאַרטיילט צו דעם זעלבן צוועק.

מיר הויבן אָן אַ גרויסע אַקציע פון זאַמלען אַ גרעסערע סומע געלט אין פּאַריז כדי צו קאָנען אויפנעמען די פריש אָנגעקומענע לעבענגעבליבענע לאַנדסלייט וואָס פאָרן דורך פּאַריז. אויף איינעם אַזאַ צוזאַמענטרעף פון די סאָקאָלאָווער אין פּאַריז מיט די פריש אָנגעקומענע, איז די פרייד געווען אומבאַשרייבלעך. צווישן די רעדנער, וואָס זענען דעמאָלט אַרויסגעטראָטן, איז געווען: פּינטשע ראַפּאַלאָוויטש, אליעזר רובינשטיין, אברהם גרינבערג („לעסערס") און דער לערער גרינבערג.

דער ווייטיק נאָך אונדזערע אומגעקומענע לאָזט אונדז נישט רוען. מיר באַשליסן צו בויען אַ מאָנומענט צו פאַראייביקן די נעמען פון אונדזערע קדושים. דאָס איז גאָרנישט געווען קיין לייכטע אַרבעט. אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג ווערט אויסגעוויילט אַ נייע פאַרוואַלטונג מיט פאָלגנדיקע חברים: אייזיק גאַפּטאַרניק — פאָרז.; יאַנקל יאַספּירשטיין און יודל גאַפּטאַרניק — וו. פאָרז. ב. זילבערמאַן — גענעראַל־סעקרעטאַר; פרוי קאַלינאַ און שרה גאַפּטאַרניק — סעקרעטאַרן; חנא קירשבוים, — קאַסירער; לייבל חנה ריוווקעס, מאָריס קאַלינאַ, אפרים איצל סטערדיניאַק, צביה בעקערמאַן און פרוי בערזע — פאַרוואַלטונג־מיטגלידער. ס׳ווערט ענערגיש געאַרבעט צו שאַפן די באַדייטנדיקע סומע פון אַ מיליאָן פראַנק. דערביי דאַרף דערמאָנט ווערן אונדזער עלטסטער פאַרוואַלטונגס־מיטגליד, חנא קירשבוים.

זונטיק דעם 29־טן אָקטאָבער 1950, איז פאָרגעקומען די פייערלעכע אַנטהילונג פון מאָנומענט, וואָס די געזעלשאַפט „פריינד פון סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסקי" אין פּאַריז האָט געשטעלט צום אָנדענק פון אַלע אונדזערע אומגעקומענע קדושים אין פראַנקרייך און אין פּוילן. ס׳זענען דערביי געווען כמעט אַלע סאָקאָלאָווער לאַנדסלייט אין פּאַריז, ווי אויך אַ גרויסע צאָל פריינט פון די אַרומיקע שטעטלעך: שעדלעץ, ווענגראָוו, סטערדין און קאָסאָוו.

ביים הויפּט טויער פון יידישן בית־עולם פאָרמירט זיך פון פאַרזאַמלטן עולם דער צוג, בראש מיט די געוועזענע דעפּאָרטירטע סאָקאָלאָווער פון אוישוויץ: אַלבערט רובינשטיין, יעקב קוויאַטעק, ראָזענשטיין און ליטעראַ, וועלכע טראָגן אַ גרויסן מגן־דוד, צוזאַמענגעשטעלט פון ווייסע בלומען. גלייך נאָך זיי טראָגן 2 סאָקאָלאָווער קינדער גרויסע טראַנספּאַרענטן, געשריבן אין יידיש, צום אָנדענק פון די קדושים. ס׳גייען אין דער ערשטער ריי די מיטגלידער פון קאָמיטעט און נאָך זיי — די לאַנדסלייט און פריינט. דער צוג האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף אַלע אָנוועזנדיקע און דורכגייער. דער צוג מאַרשירט ביז צום מאָנומענט וואָס איז איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן פאָרהאַנג. אויך די טריבונע איז איינגעהילט אין שוואַרץ. נאָך דעם דערעפנונגס־וואָרט פון פאָרזיצער פון דער סאָקאָלאָווער געזעלשאַפט אין פּאַריז, אייזיק גאַפּטאַרניק, דערמאָנט ער, ביי

אַן אַבסאָלוטע שטילקייט, די נעמען פון אונדזערע אַזוי טייערע מאַרטירער. איך אַ מאָמענט פון טיפער גערירטקייט, אַנטהילן דעם מאָנומענט אונדזערע לאַנדסלייט, די געוועזענע דעפּאָרטירטע — אַלבערט רובינשטיין און פרוי זילבערמאַן פון בערגען־בעלזן. נאָכדעם באַקומט דאָס וואָרט נ. זילבערמאַן, גענעראַל סעקרעטאַר פון אונדזער געזעלשאַפט. ער שטעלט זיך ברייט אָפּ אויף דעם גרויסן חורבן וואָס האָט געטראָפן די יידן אין פוילן און באַזונדער אין סאָקאָלאָוו. נאָכן דערמאָנען וואָס דאָס שטעטל סאָקאָלאָוו האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט מיט איר שיין פאַרצווייגט יידיש געזעלשאַפטלעך לעבן, וואָס איז דורך די נאַציס אויף אַן אכזריותדיקן אופן פאַרניכטעט געוואָרן, גייט דער רעדנער איבער וועגן די געוואַלטיקע שוועריקייטן וואָס דער סאָקאָלאָווער קאָמיטעט אין פּאַריז האָט געהאַט ביים אַדורכפירן די אַזוי הייליקע אַרבעט פון אויפשטעלן דעם מאָנומענט צום אָנדענק פון אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע. אָבער קיין שום שוועריקייטן האָבן „אונדז נישט אָפּגעשטעלט", — זאָגט ער ווייטער — צו דערפילן דעם חוב וואָס מיר זענען ווי שולדיק געבליבן". דער חזן פון פּאַריז האַלט דערנאָך אָפּ אַ תפילה אין העברעיש און פראַנצויזיש צום ליכטיקן אָנדענק פון אונדזערע אומגעקומענע. דער עולם איז טיף גערירט און קאָן נישט איינהאַלטן די טרערן — פון אַלע זייטן הערט מען וויינען.

דאָס לעצטע וואָרט באַקומט עליע שטיינבערג, געוועזענער דעפּאָרטירטער פון אוישוויץ. ער רעדט אַרום, ווי אַזוי עס האָט אַמאָל אויסגעזען אונדזער געבוירן שטעטל, מיט איר שיינע יונגט־אָרגאַניזאַציעס און פאַריינען. ער דערמאָנט אויך די שרעקלעכע ליידן פון די דעפּאָרטירטע וואָס האָבן איבערגעלעבט אין די נאַצישע לאַגערן, און פאַרענדיקט מיט אַ רוף צו אַלע סאָקאָלאָווער לאַנדסלייט אין פּאַריז, זיך צו גרופּירן אַרום אונדזער געזעלשאַפט. נאָך אַ מינוט שטילשווייגן צום כבוד פון אונדזערע אומגעקומענע, זאָגט אונדזער עלטסטער לאַנדסמאַן מרדכי סטירדינאַק דעם — קדיש. טרויעריק און צעבראָכן פון דעם דערמאָנען די אַלע אומגעקומענע, וועלכע מען וועט שוין מע־נישט זען, און אויך מיט שטאָלץ פון דעם וואָס אַזאַ קליינע איבערגעבליבענע גרופּע לאַנדסלייט מיט קנאַפּע מעגלעכקייטן, האָבן געקאָנט דערגרייכן דאָס אויפשטעלן דעם מאָנומענט — גייט זיך דער עולם פונאַנדער.

צו דער פאַרוואַלטונג וואָס האָט אָרגאַניזירט און דורכגעפירט אָט די גרויסע אַרבעט האָבן דעמאָלט געהערט: א. גאַפּטאַרניק — פאָרזיצער; אפרים יודל סטירדיניאַק — וויצע פאָרזיצער; נחום זילבערמאַן — סעקרעטאַר; חנא קירשנבוים (קאַסירער), צביה בעקערמאַן (וויצע־פאַרזיצערין), אייזיק גאַפּטאַרניק יאַנקל יאַספּירשטיין — פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער.

אין יוני 1951, נאָכן אָפּצאָלן די גרויסע אויסגאַבן פון מאָנומענט פאַרן ברידער קבר, איז אויף אַ זיצונג פון ניי אויסגעוויילטן קאָמיטעט פון יאָר 1951, אין באַשטאַנד פון א. גאַפּטאַרניק, אפרים יודל סטירדיניאַק, נחום זילבערמאַן, חנא קירשענבוים, עליע שטיינבערג, מ. קאַלינא, יודל גאַפּטאַרניק און צביה

בעקערמאַן — נאָך אַ דיסקוסיע איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן אָנצוהויבן אַ הילפס־אַקציע פאַר די נאָר וואָס אָנגעקומענע סאָקאָלאָווער לאַנדסלייט אין ישראל. צו דעם צוועק פאַרשטענדיקט זיך דער סאָקאָלאָווער קאָמיטעט אין פּאַריז מיט נתן קויפמאַן, וואָס געפינט זיך דעמאָלט אין תל־חנן (ישראל) און איז אונדז נאָך באַקאַנט פון פּוילן ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. ער זאָל דאָרטן אויפן אָרט אויפנעמען אַדרעסן פון די נויטבאַדערפטיקטע לאַנדסלייט אין ישראל, כדי צו שיקן די שפּייז־פּעקלעך און קליידער דירעקט אויף די פּערזענלעכע אַדרעסן.

די אַקטיוויסטן אין פּאַריז געלונגט צו זאַמלען 400 קילאָ קליידונג.

אין זומער 1953 האָבן מיר דאָס פאַרגעניגן ביי אונדז צו האָבן אַלס גאַסט פון ישראל יצחק נהורי (מענדעזשיצקי), פאַר וועמען מיר אָרגאַניזירן אַן אינטימען באַנקעט מיט אונדזער אַקטיוו.

אין 1954 פייערן מיר אין קרייז פון זיין משפּחה דעם 60 יאָריקן געבוירן פון אונדזער קאַסירער און אומדערמידלעכן אַקטיוויסט חנא קירשבוים, וועמען עס איז געלונגען אָפּצוראַטעווען זיינע 6 קינדער אין די שרעקלעכע נאַצי־מלחמה־יאָרן.

אַ באַזונדערס גרויסע הילפס־אַקציע האָבן מיר אָרגאַניזירט אין 1956. בעת דער סיני־אַקציע ווערט מיט אַ מערהייט באַשלאָסן אויך צו טראָגן אונדזער ביישטייער פאַר די יונגע העלדישע ישראל־אַרמיי, וואָס איז געשטאַנען אין אַ שווערן קאַמף. מיר האָבן דעמאָלט געזאַמלט אַן ערך פון פינף הונדערט דאָלאַר.

אויפן רוף פון סאָקאָלאָווער ארגון אין תל־אביב אָרגאַניזירן מיר אין 1957 הילף פאַר עטלעכע דרייסיק פאַמיליעס נייע עולים.

אין אויגוסט 1958 פאָרן אויף אַ באַזוך קיין ישראל דער פאָרזיצער אייזיק גאַפּטאַרניק און פרוי, ווי אויך נחום זילבערמאַן. די פּאַריזער חברים האָבן עטלעכע צוזאַמענטרעפן מיט די פאַראַנטוואָרטלעכע טוער פון ארגון סאָקאָלאָוו אין תל־אביב, וווּ זיי ווערן וואַרים און ברודערלעך אויפגענומען. עס ווערט איינגעשטעלט אַ פּערמאַנענטער קאָנטאַקט צווישן אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן פון פּאַריז און ישראל. ביים צוריקקומען פון די פּאַריזער חברים איז אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אַלע לאַנדסלייט אין פּאַריז איבערגעגעבן די ברייטערלעכע, האַרציקע גרוסן פון די לאַנדסלייט, ותיקים און עולים, וועלכע מען האָט נאָך איבער 30 יאָר געהאַט דאָס גליק צוריק ווידער צו זען. ס׳ווערט אויך איבערגעגעבן אָט די פּרעכטיקע גרויסע רעאַליזאַציעס, וואָס די יונגע מדינה האָט שוין דערגרייכט אויף אַלע געביטן.

אין אָקטאָבער 1958 האָבן מיר געהאַט אין פּאַריז אַלס גאַסט די לאַנדסלייט, מענדל בראם (פון יידישן טעאַטער אין פּוילן) און נעכע כץ מיטן מאַן.

אָט דאָס זענען עטלעכע אָנגעוואָרפענע דאַטעס און פאַקטן פון דער פיל־זייטיקער טעטיקייט פון דער קליינער סאָסיעטע פון סאקאלאווער לאַנדסלייט אין פּאַריז.



קאמיטעט פון סאקאלאווער לאנדסמאנשאפט אין פאריז (1959)

(פון רעכטס) יענקל קוויאטעק, שרה גאפטארניק, באשע קירשנבוים, חנה קירשנבוים (קאסיר), צביה בעקערמאן (וויצע־פארזיצערין) אייזיק גאפטארניק (פארזיצער), נחום זילבערמאן (גענעראל־ סעקרעטאר), בלאנש־קאלינא (סעקרעטארין), יידל גאפטארניק (וויצע־ פארזיצער) און מאריס קאלינא



אויפן וועג צום מאָנומענט



אויפן בית־הקברות פאַרן מאָנומענט

## יזכור!

## סאקאלאווער יידן פון פראנקרייך — אומגעקומען דורך די נאציס

פון רעכטס צו לינקס 1־טע ריי: העגרי בעקערמאן, דבורה גאפטערניק, אברהמטשע רובינשטיין, שאשע וואַקשטיין, שלמה שוועל פרוי טשערנאוויטש;

2־טע ריי: חוה שרה שטשאק, שבתאי גאפטארניק, מאטל גאפטארניק, שמעון פלאַטנער, פרוי ראזענשטיין, שיע גוטמאן (ערשטער פארזיצער), איטשע גארפינקל, פעסע קערשנבוים, ישראל ראטינאוויטש, אברהם טשערניעוויטש;

3־טע ריי: דבורה ליטרא, יעקב גאפטארניק, מאיר טײטלצווייג, ישראל סטערדיניאק, מאניע פאלאטיצקא, הערשל שטיינבערג, עמיל זילבערמאן, שמואל קארפניק, רחל טשערנניעוויטש;

4־טע ריי: פרוי ביזשני, דניאל יאספערשטיין, עליע גאלדפעדער, עליע ציבולסקי, וועלוול גאפטערניק, שמשון לעשניק, לייבל וואקשטײן, טעמע גאפטערניק, דוד יאספערשטיין, שיע פוטערמאן;

5־טע (לעצטע) ריי: רבקה קארפניק, לואיז פוטערמאן.




דער מאָנומענט מיט די נעמען פון די קדושים

הזכרות נאָך די סאָקאָלאָווער קדושים באַלד נאָך דער מלחמה:



אין לאָדזש



**אין די ד׳ פּ׳ לאַגערן אין דייטשלאַנד**

הליכותיהם של אלה היו לזרא לר׳ סנדר ישר־הלבב והמצניע־לכת, למרות עושרו ויחוסו הרם. ועם זאת — בדאגתו לזולת, במעשיו הטובים לא ביקש גדולה לעצמו, לא הכרת טובה ולא פירסום שמו ברבים, כי בורח מן הכבוד היה.

היה חבר נאמן לתנועת ה„מזרחי" מיום הווסדה בעירנו; כאחד ממיסדיו של בית־ספר „יבנה" וכחבר פעיל של ועד החינוך, השקיע עמל רב למען הבטחת קיומו והתפתחותו של מוסד חינוכי זה, שמילא תפקיד נכבד ביותר בחינוך הנוער בעירנו. כמו־כן נבחר מטעם ה„מזרחי" לועד הקהילה היהודית ומילא את תפקידו במסירות ובכשרון רב. בעבודתו הצבורית מנע את עצמו — והשתדל למנוע אחרים — מריב ומחלוקת. בכל מקרה של סכסוך וחילוקי־דעות השפיע ליישר ההידורים, להשכנת שלום ותמיד היה מצליח בכך בגין היותו מקובל על הצבור, שרחש לו חיבה ואמון רב. דבורו היה בנחת ובשקול דעת; לא כפה את דעתו על הזולת, אלא השתדל להשפיע בדברי נועם. הוא לא אמר: קבלו דעתי, כי אם — שקלו דעתי.

עם כיבוש פולין על־ידי הגרמנים נמלט עם משפחתו לרוסיה. גם שם הלך שמו לפניו והפליא לעשות למען הפרט והכלל. במצב הקשה מנשוא שבו היו שרויים הפליטים היהודים, מצאו רבים עזרה, עידוד ונוחם בביתו, שהיה פתוח לרווחה לרעב ולחולה, לנחשל ולנרדף. הוא ותבלח"ט אשתו הצדקנית סיכנו את נפשם והכניסו לביתם מאות צעירים, חניכי תנועות נוער ציוניות, שחייהם היו תלויים להם מנגד ב„עוון" נאמנותם לציון. חילקו עמהם את לחמם הדל וחיזקו אותם בחומר וברוח. הודות לכך נשארו אלה בחיים והם נמנים כיום עם בוניה של מדינת ישראל.

לאחר נדודים ותלאות רבים זכה יחד עם משפחתו לעלות לארץ ולהקים בה את ביתו. מיד התחיל לפעול ביזמה ובמרץ שהאו אויינים לו, אך מחלתו הממושכת ומותו ללא־עת שמו קץ לתכניותיו ולפעולותיו.

עליו נאמר: „פזר נתן לאביונים צדקתו עומדת לעד".

**ת.נ.צ.ב.ה.**

## ר׳ יהודה הירש סקרזידלובר

הוא נולד בורשה.

אביו היה ירא שמים, התפרנס מיגיע כפיו ודאג לחנך את בנו לתורה ולמצוות. ולמצוות.

לא חסך מכספו כדי לתת לבנו חנוך משובח אצל מלמדים שהיו ידועים כמחנכים טובים.

יהודה הירש למד בחדר ואח"כ בשטיבל של חסידי גרודזיסק בורשה, היה מתמיד בלמודו ורכש ידיעה בלמודי היהדות.

משהגיע לפרקו התחתן עם בתו המהוללת של ר׳ חיים יוסל רובינשטיין

שהיה ידוע כיהודי מוקיר רבנן והיה גבאי במשך שנים רבות בבית המדרש הישן בסוקולוב.

עוד בצעירותו נתפס לרעיון הציונות הדתית וכשהגיע לסוקולוב עשה הרבה בארגון „המזרחי" במקום.

הקריירה הפומבית של ר' יהודה צבי נפתחה בשנת 1926 בבחירתו ליו"ר הנהלת הקהילה היהודית בסוקולוב.

הקהילה לא היתה כבר אז מוסד לעניני דת, כי אם במה למאבק מדיני שהשתולל ברחוב היהודי בין הזרמים והתנועות השונות.

המפלגות שלחו לקהילה כנציגים אנשים בעלי כשרון והיה צורך בכושר כדי לגשר בין הבדלי ההשקפות למען יוכל לנהל את עניני הקהילה ביעילות. ואמנם הצליח בתפקידו שלו הקדיש את מיטב מרצו וזמנו.

עזרו לו הרבה בכך יו"ר מועצת הקהילה, שכנא רדזינסקי חבר ההנהלה. ויבלח"ט מר בנימין רובינשטיין, סגן יו"ר מועצת הקהילה מטעם הציונים הכלליים ומר אברהם בולולוב, המזכיר הכללי של הקהילה.

יחד עם זאת לא הזניח את עבודתו בתור חבר ועד המזרחי, היה משתתף באופן תמידי בישיבותיו. כן היה פעיל כחבר ועד החינוך של בית הספר „יבנה" שהוקם ע"י המזרחי בסוקולוב.

במשך זמן שרותו כיו"ר הנהלת הקהילה רכש לעצמו יחס של אהדה אף מצד מתנגדיו אשר הכירו בהגינותו, ביושר אופיו, ובנאמנותו לצבור בכללו.

בחודש תשרי תש"ב כאשר עלה הכורת על יהודי סוקולוב הוא התחבא בין כתלי בית המדרש החדש. אולם הגרמנים הארורים מצאו אותו והרגוהו במקום. הוא החזיר את נשמתו למרומים במקום הקדוש.

הי"ד

## ר׳ מענדל מארגנשטערן הי״ד
(מאַרטירער־טויט פון ווענגראָווער רב)

אין ווענגראָוו האָט געוווינט דער רבי ר׳ מענדל מאָרגנשטערן, אַ זון פון דעם סאָקאָלאָווער רבין ר׳ יצחק זעליג מאָרגנשטערן און אַן אייניקל פון אַלטן קאָצקער רבין ר׳ מענדעלע קאָצקער. די פרומע יידן פון שטעטל האָבן שטאָלצירט מיט דעם רב.

יום־כפור אינדערפרי זענען די נאציס באַפאַלן דעם רבין, ווען ער איז געשטאַנען אין קיטל און טלית און געדאַוונט, און אים אַרויסגעשלעפּט אין מארק אריין. באַלד האָט מען גענומען טרייבן אויך אַלע יידן פון די שולן און בתי־מדרשים און שטיבלעך אין מאַרק אַריין.

די נאַציס האָבן גענומען מאַכן חוזק פון דעם רבין און, מיט נאַגייקעס אין די הענט, אים געצוואונגען צו טאַנצן פאר זיי. די יידן וואס האבן דאס צוגעזען, האבן געוויינט שטיל אין האַרץ. אבער מורא געהאַט אַרויסצורעדן אַ וואָרט.

דער נאַצי־קאָמאנדיר האָט אָנגעהויבן שלאָגן דעם רבין מיט דער נאַגייקע און געשריגן, אַז ער זאָל טאַנצן. יעדעס מאָל, וואָס ער האָט אים געשלאָגן מיט דער נאַגייקע, האָט זיך דער רבי געכאַפּט ביים הארצן. דער רבי האָט מיט די לעצטע כוחות זיך באמיט אויסצופאָלגן די באַפעלן פון די נאציס.

אָבער פלוצים האָט דער נאַצי־קאָמאנדיר אָפּגעשטעלט דאָס שלאָגן דעם רבין מיט דער נאַגייקע און באפוילן אויסצוטון זיין שטריימל און מיט זיינע הענט צונויפקלייבן דעם פערד־אָפּפאַל, וואָס איז געלעגן אין מאַרק און עס אַריינלייגט אין שטריימל אריין, כדי עס אנטון אויפן קאפּ.

דער רבי האָט אויספירנדיק דעם באפעל, זיך אפילו נישט אַ קרום געטאָן. זיינע ליפּן האָבן דערביי שטיל געמורמלט עפּעס אַ תפילה.

דעם נאַצי־קאָמענדאַנט איז דאָס אַלץ אָבער געווען נאָך ווייניק און ווידער באַפוילן דעם רבין, ער זאָל מיט דעם פערד־אָפּפאַל און דעם שטריימל אויף זיין קאָפּ טאַנצן פאר אים. דער רבי האָט אויך דאָס געטון, ער האָט ווייטער געטאַנצט. און יידן דערציילן, אַז זיי האָבן געהערט, ווי דער רבי האָט דערביי געשעפּטשעט שטיל:

— רבונו של עולם, זאָלן די אַלע באליידיקונגען קומען פאר דיר׳, זאָלן זיי זיין אן אפקומעניש פאר אלע אונדזערע זינד און זאל שוין קומען א ישועה אויף יידן!

דער נאַצי־קאָמענדאַנט האָט צום סוף דערשטאָכן דעם רבין מיט אַ באַיאָנעט. זיין ווייסער קיטל איז געוואָרן אָנגעזאַפּט מיט בלוט.

אַ סאָקאָלאָווער.

# הענאך זאיאנץ

אָפיציעל איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי „פּועלי־ציון״ צ. ס. אין סאָקאָלאָוו, פּאַקטיש אָבער — די צענטראַלע פיגור און אָנפירער פון דער פּאַרטיי, אָרגאַניזאַטאָר פון אַלע אירע קולטורעלע אונטער־נעמונגען, לייטער פון דער רייכער ברענער־ביבליאָטעק און דער שטענדיקער רעדנער אויף אַלע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען און אַנדערע ציוניסטישע אימפּרע־זעס אין שטאָט. זייענדיק אַ מענטש מיט פולזייטיקער בילדונג און אַ באַגאַב־



טער רעדנער, האָט ער זיך שנעל ארויסגערוקט אין די פאָדערשטע רייען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין סאָקאָלאָוו. אויך אין די אַרומיקע געגנט פלעגט ער אין אויפטראַג פון דער צענטראַלע פאָרן האַלטן רעפעראַטן אויף פּאַרטייאישע און ליטעראַרישע טעמעס.

די אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט פון דער פּאַרטיי פלעגט ער פירן מיט גרויס פּינקטלעכקייט; אַלע וואַל־אַקציעס צום סיים, שטאָט־ראַט אָדער יידי־שער קהילה פלעגט דורך אים אָרגאַניזירט ווערן. מיט אָנגעמאָסטענעם, לאַנג־זאַמען טראָט פלעגט ער גיין איבער די גאַס, זיינס אַ וואָרט און אויפגאַבע פלעגט ער צוערשט וועגן און מעסטן און דערנאך דאס אויספירן פּינקטלעך און ערנסט.

מיטן ציוניסטישן אידעאַל האט זיך הענאך זאיאנץ אנגעזאפט אין דער חובבי־ציון אַטמאָספערע וואָס האָט געהערשט ביי אים אין דער היים. אַ זון פון דעם בכבודיקן און דורך אַלע געאַכטעטן ר׳ אהרון אשר זאיאנץ ז״ל, האָט זיך

הענאָך גליך מיט אַלע ר׳ אהרן אשר׳ס קינדער פון קליינווייז אָן דערצויגן אין גייסט פון ייִדישער און נאַציאָנאַלער ווירדע. נישט געווען אין דעם זין קיין מחלוקות צווישן די עלטערן און קינדער. די ווייס־בלויע קרן־קימת־פּושקע פלעגט שטענדיק זיין אויפן טיש פון ר׳ אהרן־אשרס בוכהאַנדלונג. און אַז מען פלעגט קומען צו אים אין געשעפט אריין שרייבן אַ „פּראָשעניע״ צו דער מאַכט, אָדער אַן אַדרעס קיין אויסלאַנד, פלעגט ער דערפאַר נישט נעמען באַצאָלט, נאָר הייסן אַריינוואַרפן אין דער פושקע פון קק״ל.

אין יאָר 1936 איז ער דורך דער פּאַרטיי־צענטראַלע אַרויסגעפאָדערט געוואָרן צו אַרבעטן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער „פרייהייט״־באַוועגונג אין וואַרשע, געוואָרן אויך אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין פּאַרטיי־אָרגאַן „באַפרייאונג — אַרבעטער שטימע״.

נאָך לאַנגע באַמיונגען פון זיין זייט, איז ער ענדלעך אין יאָר 1938 באַשטימט געוואָרן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. דער סערטיפיקאַט וואָס איז געווען פאַר אים באַשטימט, איז אָבער דורך דער פּאַרטיי אין סאָקאָלאָוו אַוועקגעגעבן געוואָרן אַ צווייטן. צוזאָגנדיק אים צו געבן דעם נאָענטסטן סערטיפיקאַט, וואָס האָט אָבער שוין נישט באַוויזן אָנצוקומען...

הענאָך זאַיאָנץ איז באַשטימט געוואָרן דורך דער צענטראַלע פון זיין פּאַרטיי אויף אַ געוויסע צייט צו אַרבעטן אַלס סעקרעטאר פון פּראָפעסיאָנעלן פאריין פון די האנדלס־אָנגעשטעלטע אין בריסק. דאָ האָט אים די מלחמה פארכאפּט און ער איז צוזאַמען מיט די בריסקער יידן אומגעקומען אין יאָר 1941 דורך די היטלער־מערדער.

אָ סאָקאָלאָווע



ביים רעסטאַווירן אַ יידישע ביבליאָטעק אין סאָקאָלאָוו

# ד״ר יוסף זילבערמאַן

יאָסל — אַזוי האָבן אים גערופן טאַטע מאַמע און אויך אַלע אַרומיקע. אַ צעבאַלעוועט שטיפעריש יינגל, פול מיט ברען און אימפּעט, קיינמאָל נישט עג־קאָנט איינזיצן אויף אַן אָרט. זיין האָבי איז געווען פערד און וועגענער. אַז יאָסל האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב האָט מען שוין געוווּסט אַז ער איז ביי די פערד און וועגענער אויפן גרויסן מאַרק. דאָרט פלעגט ער זיך ראַנגלען מיט די בעלי־עגלות, אַז זיי זאָלן אים לאָזן מיטפאָרן, און דער עיקר — האַלטן



די לייצעס פון די פערד. אפשר אַ כאַראַקטער־שטריך פאַר דער שפּעטערדיקער אנטוויקלונג פון אַ פירנדיקער פערזענלעכקייט.

ער איז אויסגעוואַקסן אין אַ היים פון אַ ציוניסטיש־געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער. זיין פאָטער, דער איבערגעגעבענער ציוניסטישער עסקן און טאַ־לאַנטפולער רעדנער חיים זילבערמאַן ז״ל פלעגט קאָנצענטרירן אַרום זיך זבֿרים און פריינט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, געזעלשאַפטלעכע טוער און אינ־טעליגענץ פון שטעטל, וועלכע פלעגן זיך אָפט צוזאַמענקומען ביי אים אין הויז. די דאָזיקע צוזאַמענטרעפן, פלעגן זיין פון אַ געזעלשאַפטלעך קולטורעלן אינהאַלט. מ׳האָט געשמועסט און אָפט הייס דיסקוטירט וועגן ברענענדיקע גע־זעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, באַזונדערס זיין שייכות מיט קולטור און שפּראַך. נישט זעלטן פלעגט מען דעם צוזאַמענטרעף „פאַרבייסן״ מיט אַ דבֿקותדיקן חסידיש זמר׳ל.

## סאָקאָלאָװ־פּאָדליאַסק

ס'איז דעריבער נאַטירלעך, וואָס יאָסל האָט שוין אין דער פּריסטער יוגנט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און צוגעבינדנקייט צו געזעלשאַפטלעכע ענינים און דער עיקר — צו קולטור־פראַגן.

נאָך אין די יאָרן פון זיין לערנען אין דער תרבות־שול אין שעדלעץ, האָט ער אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וווּ ער האָט זיך געווידמעט די פראַגן פון דער העברעישער שפּראַך און ליטע־ראַטור. נאָכן ענדיקן די תרבות־שול, איז ער אַוועק לערנען אין לערער־סעמי־נאַר א. נ. פון ש. פּאָזנאַנסקי אין וואַרשע. ער אַנטוויקלט דאָרט אַ פיבערהאַפטע קולטור־טעטיקייט אין די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

פלעגט מיך מיין אינטימער פריינט (זיין פאָטער חיים ז"ל), אָפט פרעגן:

— „חיים, וואס זאגסטו וועגן יאסלען", ס'וועט פון אים „עפּעס" אַרויסקומען? ער האָט געפרעגט, כדי צו באַקומען פון מיר אַ באַשטעטיקונג צו זיין האָפנונג, אַז פון דעם שטיפערישן און ברענענדיקן יאָסל וועט „עפּעס" אַרויסקומען.

✶

דער נאַצישער קאַטאַקליזם האָט געטראָפן יאָסלען אין סאַמע יוגנטלעכן אויפבלי, אָבער זיין מאָראַלישע און גייסטיקע געזעצטקייט איז אים בייגעשטאַ־נען אין די שווערע חורבן־יאָרן, פון וואַנען ער איז אַרויס אַ גייסטיק שטאַר־קער, דערגרייכנדיק אַקאַדעמישע בילדונג.

און ווען נאָך אַ הפסקה פון 17 יאָר, פיין און גרויל האָב איך אים ווי־דער דערזען ביי אונדז אין ישראל, איז דער ערשטער געדאַנק וואָס איז אויפ־געגאַנגען אין מיר, געווען: — יאָ, ס'איז „עפּעס" אַרויסגעקומען פון יאָסלען.

זיין וווּנדערפולע שלאַנקע פיגור, דער טיפער אויסדרוק פון אינטעלעק־טועלער פערזענלעכקייט, זיין אויסגעאיידלטע באַנעמונג און פשטות, וואָס האָט געאָטעמט מיט מענטשלעכער וואַרימקייט, האָבן אין די ערשטע מינוטן פון באַקענען זיך מיט אים געצווונגען יעדן איינעם צו זוכן זיין נאָענטקייט.

ער איז געווען אַ פילצוזאָגנדיקער כוח פאַר דער משפחה און דער גע־זעלשאַפט, אַ מענטש מיט אַ ברייט יידיש־מענטשלעכע באַנעמונג.

כ'האָב זוכה געווען צו האָבן אים אַלס גאַסט ביי מיר אין הויז אין גבעתיים בלויז געציילטע מאָל. אין אונדזערע שמועסן וועגן יידן און יידיש־קייט האָט ער געבליצט מיט חכמה און טיפער ערודיציע. בעת די געשפּרעכן פלעג איך טראַכטן: ער איז די סאַטיפאַסקציע פון לעבן פאַר דעם טראַגיש אומגעקומענעם טאַטן, דעם ציוניסטישן ראָמאַנטיקער, וועלכער האָט נישט זוכה געווען צו זען יאָסלען אין זיין וווּנדערפולן מענטשלעכן אויפבלי.

האָט אָבער דער אכזריותדיקער גורל געוואָלט, אַז אויך דער יונגער און אַזוי האַרציקער יאָסל זאָל אַרויסגעריסן ווערן פון צווישן אונדז אַזוי פלוצים, איבערלאָזנדיק אַ טיפן ווייטיק און בענקשאַפט.

זאָל זיין אָנדענק געבענטשט זיין.

חיים בר־שלום (פרידלוב).

## סאָקאָלאָוו-פּאָדליאַסק

* * *

זון פון חיים און סאַשע, געבוירן אין סאָקאָלאָוו 1921, געלערנט אין שעדלעצער „תרבות"־שול, שפּעטער אין ביאַליסטאָקער העברעישן גימנאַזיע און געענדיקט פּאָזנאַנסקיס סעמינאַר אין וואַרשע. אין דער צייט פון נע־ונד — האָט ער געענדיקט דעם מינכענער אוניווערזיטעט.

אין מינכען איז ער געווען גרינדער און פּאָרזיצער פון שארית־הפליטה יידישן סטודענטן־פאַרבאַנד און מיטגעאַרבעט אין דער דאָרטיקער יידישער פּרעסע: „לאַנדסבערגער־צייטונג", „אונדזער וועג", און „אויף דער וואַך".

פאַר זיין עולה זיין אין ישראל אין 1950, האָט ער מיטגעאַרבעט אין דער ישראל אַמבאַסעדע אין פּאַריז.

ד"ר יוסף זילבערמאַן איז אין אָנהויב יולי 1951, אין עלטער פון 28 יאָר, געשטאָרבן אין תל־אביב.

עס איז אַזוי מאָדנע צו שרייבן וועגן אים אַ הספד.

אַ הספד גאָר?

אָט וועט זיך עפענען די טיר און ער וועט „אַריינפאַלן", ווי שטענדיק, אין מיין צימער, וועט אַ קוק טון אויף מיין געשריפט און אַ זאָג טון, מיט דער אייביק פאַרביטערטער איראָניע: „עך, נאַרישקייטן"...

נאָר דערפאַר טרייסלט די פעדער אין האַנט איצט אַזוי, ווייל די ווייסט: ער וועט נישט „אַריינפאַלן" מער אין דיין צימער; זיין קריטיש־שמייכלענדיקע איראָניע וועט דיך נישט שטעכן און נישט גלעטן מער; ער וועט זיך נישט טיילן מער מיט די געדאַנקען וועגן ביכער, שרייבער, „גרויסע" מענטשן מיט קליינלעכע נשמות; זיין וואָרט וועט נישט בייטשן מער איבער קעפּ פון אָנגענומענע, „גרויסע גייסטער"; וועסט זיך נישט פאַרטיפן מער מיט אים וועגן פראַגן פון מה למעלה מה למטה, וועגן לעבן און — טויט.

ניין, דאָס אַלץ וועט נישט געשען מער, ווייל ער אַליין איז טויט, טויט.

וואָס פאַראַ מאָדנער וואָרט אַזאַ — אויף אים אַרויפצולייגן!

ווער האָט עס געזאָלט גלויבן. ווי האָט עס געקאָנט פאַסירן און — פאַרוואָס?

ביי זיין טויטן גוף (ווי שרעקלעך אַזעלכע ווערטער אַרויסצוברענגען גאָר) בין איך געשטאַנען, מיט אַ האַרץ ווי אַ פויסט פאַרקלעמט: זאָל עס מעגלעך זיין, זאָל איך זיך איבערבויגן איבער דיין גוף און זאָגן: „ביסט גערעכט געווען"...

אין פרייע צייט, ווען ער איז געווען מיין גאַסט, האָב איך זיך באמיט אים צו דערווייזן אַז עס איז דין פאַראַן און משפט איז דאָ אויף אונדזער ערד, און גרעזל וואַקסט, און קיינער שטאַרבט אַן העכערן געבאָט פון חשבון — נישט געזעענעם.

נאָר ער — „איינגעשפּאַרט״ געװען אַמאָל, געװאָלט דעם תכלית זעען, דערפילן, זיך דערגרונטעװען צום סאַמען סוף אין־סוף.

און איצט? —

װי קאָן נאָך משפּט זיין. װי זאָל איך אַלץ נאָר זאָגן: היין איז דאָ. װען דיין טויט שלאָגט איבער מיר און שרייט: אומזין, אומזין.

ביי זיין קראַנקען בעט זענען ביאַליקס געשריי־װערטער געקומען פון זיך אַליין אויף מיינע ליפּן: אם יש צדק, עס איז אָבער קיין דין און קיין צדק נישט געװען.

װיי מיר, נישט געװען.

אַכט־און צװאנציק יונגע יאָר אָפּגעגעבן פאַר אַ ציל, דערגרייכן, קומען און איצט, װען אַלע צילן זענען שוין געװען דערגרייכט — ביסטו נישטאָ.

אַ לעבן דורך שװערע נסיונות דורך פּיין, דורך הונגער און װאָגל, אין לערנען, שטודירן דערלערנען. און נאָך מער װי דאָס: דיין װילן איז געװען דערגרונטעװען זיך צו דעם, װאָס ס׳שטייט נישט שװאַרץ אייף װייס פאַרשריבן.

און איצט? —

װי זאָל געטרייסט זיין אַלטע מאמע, װו נעמט מען אַ טרייסט װאָרט פאַר אַ מאמע־יתומה.

און װו איז טרייסט פאַר כלה, װאָס אַנשטאָט חופּה־שטאַנגען, האָט לויה־ארון איינגעהילט איר געליבטן.

דו האָסט געזאָגט: איך האָב דעם שענסטן בלום פון בוקעט אַרויסגענומען. איצט איז איינגעבויגן קאָפּ פון דער מלכה־בלום צום װאַסער־קװאַל — די אייגענע טרערן.

און ברידער, שװעסטער, חברים — װי קאָנען מיר אַ װאָרט פון טרייסט געפינען!

עס האָט װילד־אכזריותדיקער גורל דיך אַװעקגעריסן אינמיטן שענסטן פונאַנדערבלי, און מיר איז שװער צו זאָגן שבחים פאַר דיר, און מורא פאַר דיין האַרב־אמתדיקער קריטישער איראָניע. װייל ביסט דאָך נישט געװען פון די װאָס חנפנען און װילן חניפה. דיין װאָרט — גערעדטער צי געשריבענער — געװען איז אָנגעגליט מיט אמת, מיט אויפריכטיקייט װי דיין צער.

מיר װעלן דיך געדענקען — װייל די װעסט אונדז פעלן. און אַזוי װעלן מיר — אלע װאָס האבן דיך געקענט און ליב געהאט — מיט דיין נאָמען אין אונדזער האַרץ — דערטראָגן אונדזערע לעבנס צו דיר.

(לוי — תל־אביב, 1951).

* * *

איינער פון דער שארית־הפליטה, אָנגעליטן זיך צער און געזונד װי אַלע

פון דער שארית הפליטה, און אַזוי ווי זיי — געהאַפּט, דאָרט אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד, זוכה זייַן צו אַ היים אין ארץ־ישראל, און אָנגעהויבן דאָ אַ ניי לעבן.

געליטן, געהאַפּט, און זוכה געווען — און נאָכן עולה זייַן קיין ישראל, האָט אים באַזיגט אַ שווערע ביטערע קראַנקהייט. ער איז אַרומגעגאַנגען אויף די גאַסן פון ישראל און געוווּסט אַז זיינע טעג זענען געציילטע; און מיט אַ קלאָרן באַוווּסטזיין, געציילט דעם חשבון, וואָס דערנענטערט זיך צום סוף.

— „אפשר ווילסטו זיך באַטייליקן מיט אַ ליטעראַרישן פאָרטראַג אויף אַן אָוונט פאַר עולים חדשים?" — האָב איך אים געפרעגט עטלעכע וואָכן פאַר זייַן טויט (און געוואָלט האָב איך אים ווייזן מיט דער דאָזיקער פראַגע, אַז מיר זעען אים אַ מענטש געזונט און פעיק צו אַקטיוויטעטן, טאָ זאָל ער טאַקע האַלטן אַ ליטעראַרישן פאָרטראַג...) — „מיט גרויס פאַרגעניגן! אין איניקע וואָכן אַרום; כ'וויל זיך נאָך אַ ביסל אויסרוען, וועל איך זיך אויסקלייבן אַ טעמע". (און געוואָלט האָט ער מיר באַווייזן מיט זייַן תשובה, אַז ער איז גאָר, מכלומערשט, נישט חושד, וואָס עס דערוואַרט אים אין איניקע וואָכן אַרום... אַז ער איז רויק... ער פּלאַנירט פּלענער פון ליטעראַרישער אַרבעט להבא).

ער איז געווען אַן אינטעלעקטואַליסט. באַשאַנקען מיט אַ דערהויבענעם טאַלאַנט פון ליטעראטור־קריטיקער פון אַ גרויסן פאַרנעם.

זיינע ליטעראַרישע עסייען וואָס פלעגן דערשיינען יעדן פרייטיק אין די צייטונגען פון דער שארית־הפליטה אין דייטשלאַנד, האָבן אַרויסגערופן אָנזען, אַ דאַנק דעם כוח פון עקספּרעסיע, לייכטן סטיל, שפע ידיעות אינעם געביט פון דער אַלטוועלטלעכער ליטעראַטור, און אַ טיפן אַריינדרינגען אין דער גייסטיקער אַטמאָספער פון מחבר.

מען האָט געשפּירט: עס וואַקסט אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד דער ליטעראַטור־קריטיקער, דער מענטש פון עסייען — וואָס יעדע ליטעראַטור איז נישט קיין סך געבענטשט מיט אַזעלכע.

— עס איז איבערגעריסן געוואָרן דער שיינער טאַלאַנט אינעם אָנהויב פון זייַן פונאַנדערבלי. און עס איז דער חוב פון די אַלע, וואָס האָבן געקענט און אָפּגעשאַצט זייַן ליטעראַרישן כוח, אַז זיי זאָלן אויפזאַמלען זייַן ליטעראַרישע ירושה וואָס איז צעשפּרייט אין די צייטונגען פון דער שארית־הפליטה, און פאַרעפנטלעכן דאָ אין לאַנד. און זאָל נישט פאַרשווונדן פון אונדזער ליטעראַרישן היכל דער נאָמען פון אַ געבענטשטן טאַלאַנט, וואָס איז אין צייט פאַרשוויגן געוואָרן,

ד"ר מ. דוואָרזשעצקי, תל־אביב, 1952.

# א שליסל

(דערציילונג)

אַן אויוון אין ווינקל פון שטוב, וואָס קריצט זיך איין אין זכרון און באַפּוצט אַלע זכרונות פון דייַן יוגנט: אַ צעבראָכן טרעפּל איבער וועלכן דו טרעטסט יאָרן לאַנג טאָג־טעגלעך אַרויף און אַראָפּ, אַ שילד פון אַ נאַש־געוועלבל, וווּהין דו פלעגסט זיך אַריינכאַפּן, פאַרן ביים טאַטן אויסגעבעטעטעם פינפערל קויפן אַ גרויסן „לעקער״ אָדער אַ ניי־אויפגעקומענע מין רויטע „ליאַדע״, ניסלעך! אמתע, שטרויענע, וואָס קנאַקן אַזוי פריילעך אונטער די ציין, און קליינינקע, קיילעכדיקע, וואָס לויפן אַליין אינעם גריבל; אַ בילד פון אַ מיידל — דאָס ערשטע מאָל מיט אַ ציטערדיקע האַנט אונטערגעשריבן; אַן אַלט־מאָדישער וואַנט־זייגער, וואָס שלאָגט היימיש און באַקאַנט אין לאַנגע ווינטער־נעכט — דאָס אַלץ זענען טיילן פון אייגענעם לעבן.

זאכן פאַרשידענע, באַוועגלעכע און אומבאַוועגלעכע, מעטאַלענע, פון האָלץ אָדער פּאַפּיר, פאַרשידנפאַרביקע, לעבן מיט, דינען דיר יאָרן לאַנג, פלעכטן זיך אַריין אין דייַן לעבן.

זאַכן פונקט ווי מענטשן האָבן זייער גורל. גוטע און שלעכטע צייטן; זענען ניי, פאַרשאַפן פרייד, ווערן דערעסן און שטאַרבן זייער טויט ווערן צעריסן אָדער צעבראָכן.

* * *

רחל׳קע איז שוואַרצהנעוודיק און שיין. אין די ווינקלען צווישן אירע שוואַרצע גרויסע אויגן שטעקט אַ יידישער חן, אַ חסידישער שאַרפזין. רחל׳קעס קאָפּ — באַפּוצט אַ שוואַרצע „קאָראָנע״ און איר פנים איז שטענדיק אויסגעלייטערט, אָפן.

די פרישע לופט אויף דער יידישער „דאַטשע״, ווו מיר האָבן זיך באַקענט, איז ווייט נישט פריש. טויזנטער פּאַפּירלעך, כמאַרעס פליגן רוישן היימיש, עס ווימלט פון מענטשן אינעם שיטערן וואַלד, ווו יידן „מאַכן״ דאַטשע.

נאָר ביים ראַנד וואַקסט קאָרן, וואָס וויגט זיך אין די אָוונטן שטיפעריש, און צווישן זיי שלענגלט זיך אַ שמאָלינקע סטעזשקע. די זון פאַרגייט רויט, און אַז מ׳זיצט אויפן שמאָלינקן וועגל און מ׳לייענט שעה׳ן לאַנג יחיאל לערערס „אַ היים״, וועגן פרייטיק־צונאַכטס און הבדלות; אַז פערזן לייגן זיך אויס ווייך און באַקוועם: שיינט דער רויטער באַל פון דער פאַרגייענדיקער זון צווישן קאָרן אַזוי נאָענט, אַזוי נאָענט, כאָטש נעם מיט רחל׳קען זיך פאַר די הענט און גיי גלייך, גלייך, איבער די פעלדער, ביז דאָרט נישט ווייט, ווו זי, די זון, ליגט כמעט אויף דער ערד...

רחל׳קע איז יונג און צוריקגעהאַלטן. זי האָט געהערט אַז ס׳גייט דאָרט

נישט גלאַטיק מיט מיר אין דער גרויסער שטאָט, ווו איך לערן. מ׳זאָגט, מ׳האָט מיך אַרויסגעוואָרפן פון אינטערנאַט; מ׳זאָגט, די גאָלדענע קנעפּ פון מײַן שולמונדיר פינקלען אין די שפּעטע אָוונט־שעהן אין די פינצטערע געסלעך פונעם שטעטל, בשעת די יום־טוב־באַזוכן אין דער היים, מ׳זאָגט... מ׳זאָגט...

נאָר ליפּן בייסן זיך אַרײַן אין אײנאַנדער, אויגן מאַכן זיך לײדנשאַפטלעך צו, הענט פלעכטן זיך צונויף אין אָרעמס...

איצט איז שבת נאָך מיטאָג, אַ בלענדנדיקע זון האָט זיך צעגאָסן איבער דעכער און פלויטן פון קלײנשטעטלדיקע הײזלעך אין פּוסטן מאַרק. אַלץ דרעמלט דעם שבת־נאָכמיטאָג שלאָף, פון די שויבן איבער דעם גרינלעכן פּאָרהאַנג, משופּעדיק צו דער אויסגעפּוצטער פּאָדלאָגע, שפּילן זיך סנאָפּעס פון זונענשטראַלן, טויזנטער פּיצעלעך שטויבעלעך. איבער מײַן סאָפע טיק־טאַק׳עוועט דער זייגער.

ביינאַכט קומט רחל׳קע. ווי גיך ס׳וועט פינצטער ווערן, קאָן מען אַרויספאָרן מיטן רעדל צו דער באַן־סטאַציע, וועלכע דער צאַר האָט נאָך אויסגעבויט נישט ווייט פון דער שטאָט. און דאַן — אזוי פיל איינדרוקן זיך צו טיילן, אַזויפיל צו דערציילן, אַזויפיל „גרויסע״ קלייניקייטן...

פּנחס־יעקב, דער טאַטע, איז נישט בייז. נישט אומזיסט האָט ער אַ שם פאַר אַ גוטן תבואה־סוחר און אַ קלוגן ייד. ער איז טאָלעראַנט און האָט געשיקט זיין טאָכטער לערנען „חיצוניות״. ער זיצט פאַרטיפט אין אַ ספר ווען זי קומט אַריין אין האַלבער נאַכט. הויבט קוים אויף זיינע אויגן און גיט אַ זאָג צו זיין נחת: — פאַרוואָס ביזטו געקומען מיטן לעצטן צוג? ס׳איז שוין עטלעכע שעה אויס שבת. האָסט געקאָנט קומען אַכט זופּצן! — רופט ער ספּעציעל אָן דעם צוג, מיט וועלכן זי איז טאַקע געקומען פון דער דערנעבנדיקער גימנאַזיע־שטאָט...

מאָרגן איז זונטיק, אַ לאנגער, אַ גוטער זונטיק, ווען יידן דרייען זיך אַרום איבערן מאַרק, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און רעדן הויך און ליידנשאַפטלעך וועגן קהלה־זאַכן און וועלט־פּאָליטיק, ווען די געוועלבער זענען צו און בלויז אַ זייגער איינס, צוויי, מוז מען „אַ קוק טון״ צום געוועלב, ווייל מ׳גייט פון קאָשטשאָל און ס׳קאָן פאַרבייגיין אַ היימישער קונה.

דאַן וועט קומען אַ מאָנטיק ערב יום־טוב, און דינסטיק און מיטוואָך איז שבועות און די אַלע פיר טעג וועט רחל׳קע נישט אָוועקפאָרן. פיר טעג פּוטער־קיכלעך און געסט־גייערייי. אַזויפיל קליינשטעטלדיקע תענוגים, אַזויפיל געטראָפן דער רוב גנזעלשאַפטלעכע טוער, ס׳זענען איינגעשטאַנען די וואַרשעווער רעפערענטן א. א.

נאָר דער טאַטע! מיין טאַטע! ער איז געווען אייביק אויפגערעגט, ער

איז יונג גרוי און אַלט געװאָרן. װי שטייט אויף ביאַליקס ביכל, װאָס איז אים געשענקט: „דעם בעל הנשמה היתרה“.

אין שלאָפלאָזע נעכט און מיט טיפע זיפצן, דורכגעאַקערטע טעג, טוט אים עפּעס אייביק באַנג און לייד, זוכט ער עפּעס דערפאַלגלאָז און װאַרט אויף עפּעס אומזיסט. די װעלט װערט פאַרגרעבט. אַלץ גייט צום אָפּגרונט. די קינדער זענען אַװעק, האָפענונגען האָבן זיך נישט דערפילט.

צו מיר איז ער אַלץ שלעכטער און טרוקענער: — אויך אַמאָל געלערנט; נישט אַזוי װי דו, פאַרן געלט פון טאַטן! נישט געהאַט קיין מעשענע קנעפּ אין די קעלערס געלערנט, אויף די בוידעמער שטודירט! און איר? װאָס װעט פון אייך זיין, אַז איר זענט אָפּגעריסן פון די שורשים, אַז איר שפּייזט זיך נישט פון די סאָקן!...

פּלוצים, אַזוי װי איך ליג אויף דער סאָפע, פאַלט מיר איין: און װי גיך עס װערט פינצטער, בין איך ביי חיים שלאָסער, חיים׳ל שלאָסער איז אַ קליין ברייט-ביייניק ײדל, מיט אַ קאָפּ געקרייזלטע גרעדיכטע האָר, מיט קרומע פיסלעך, אין אַן אייביק אויסגעפּעצעװעטער מאַרינאַרקע.

— „אַ גוט װאָכעלע, רב יאָסעלע!“ — איז ער מיך מקבל פנים, — „װאָס? אַ שליסעלע צום טירעלע... איר גייט מיט מיידלעך? איר האָט מורא אַהיימצוקומען שפּעט פאַרן טאַטעליו...“

װען כ׳פאָר אינאָװנט צו דער סטאַנציע, ליגט אין קעשענע אַ נייער, מעטאַלענער שליסל, כ׳װעל אויסטון, טראַכט איך, די שיך אין קאָרידאָר און אַליין אויפשליסן די טיר, װעל איך פאַרשפּאָרן װעקן דעם טאַטן.

* * *

זייט דאַן זענען פאַרביי יאָרן.

זעקס יאָר. זעקס מיליאָנען מענטשן.

דאָס יאָר איז װידער שבועות. היינט איז אויך שבת נאָכמיטאָג. װידער אַמאָל ליג איך אויף דער סאָפע. אין דרויסן טריפט אַ דראָבנער רעגנדל און שפּילט אויס אויף די שויבן-פענצטער מאָדנע מאָנאָטאָנע ניגונים. ס׳איז שאַרף און איינטאָניק — אין דרויסן און אויפן האַרצן. אַ מאָדנער פרילינג דאָס יאָר, נאָר ס׳רעגנט.

אַ האַרבסטיקער פרילינג!

אין דער פרעמדער שטאָט, אויף ערד װאָס בריט אינטער די פיס, שפּילן נישט די שטראַלן איבערן טאָפּטשאַן. נישטאָ מער דער ציטער פון דערװאַרטונג, די האָפענונג אויף ליבע און גליק און שטראַפנדע רייד פון אַ פאָטער, װי שלאַנגען אויף אַן אַלטערטימלעכן בילד באַפאַלן אַ גראַבליביקן העלד, אַזוי באַפאַלן זכרונות און געדאַנקען און נאָגן און הערן נישט אויף.

װיפל טעג פון מיין לעבן װאָלט איך אַװעקגעגעבן צו זען דעם טאַטן, דעם גרויען טאַטן, װי מען פירט אים אין העמד איבער דער שטאָט מיט נאָך

צען בעלי־בתים צום גרוב, און אַ געשריי טון: „טאַטע! כ׳האָב דיך פאַרשטאַנען, שפּעט — נאָר פאַרשטאַנען!“

כ׳מוז נאָך אודאי האָבן אַ בילד, פאַלט מיר איין. לאָמיר אַ קוק טון אין אַלטן אַנצוג! דער אַנצוג האָט מיטגעלעבט יאָרן, דייטשישע לאַגערן און קאַטאָרגע ארבעטן, שרעקלעכע מינוטן און נארישע האָפענונגען אויף גוטס, וואָס איז נישט געקומען. שוין פון לאַנג האָט דער אַנצוג פאַרלוירן זיין ערשטן קאָליר, געוואָרן קורץ און שמאָל, געדינט אָפט פאר אַ קישן, פאר בעטגעוואַנט. אָבער געדינט.

לאָמיר אַ קוק טון אין קעשענע ס׳מוז נאָך זיך פאַרוואַלגערן אַ בילדל...

— אַך! ווי אלט ער איז שוין דער אנצוג! און דער אונטערשלאַק כמעט צעפאלן פון אַלטקייט! לאָמיר פּרוּוון אַ ריס טון! שטויב! גאנצע, קאָמפּאַקטע קלומפּן — אָנגעקליבן אין משך פון יאָרן. פּונקט ווי מיין ביטערקייט און האַס... פּלוצים — אַ מעטאַלענער קלונג, עפּעס איז אַרויסגעפאלן, וואָס איז געלעגן פארשטעקט ערגעץ אונטערן אינטערשלאַק. וואָס איז דאָס?

— ?

אַ שליסל. אַ כמעט נייער מעטאַלענער שליסל.

א שליסל צו א שלאָס, וואָס איז שוין מער נישטאָ...

(„אונדזער וועג“, מינכען, 1948)

י. מאניטש
(פאַריז)

## ברוך ווינאגורא

געבוירן אַרום 1900 אין סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק בײַ נישט פאַרמעגלעכע עלטערן. געלערנט אין חדר, אָבער דער עיקר דער־צויגן אין די זעלבסט־בילדונג־קרייזלעך. אין 1916 אָנגעהויבן אַלס רעפערענט און פובליציסט. באַזוכט גאַנץ פּוילן, געלעבט אַ שטיקל צייט אין ליטע. פאַרעפנטלעכט ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן. אין 1928 — אין פּאַריז. מיטגעאַרבעט אין „האַמער״ „מאָרגן־פרייהייט״, „צוקונפט״, „ליט. בלעטער״, „וואָכנשריפט״ „נייע פרעסע״, „פּאַריזער־זשורנאַל״. אַרעסטירט אין 1941. גע־לאָזן אין מאַנוסקריפּט, אויסער מערערע קריטישע אַרטיקלען, עטלעכע גרעסערע עסייען וועגן דער יידישער ליטעראַטור.



שווער און אחריותפול איז צו צייכענען דעם גייסטיקן פּאָרטרעט פון ליטעראַטור־קריטיקער ברוך ווינאָגורא; אונטערציען דעם סך־הכל פון זיין לעבן און שאַפן. זיין גרויסע און רייכע ירושה, די פרוכט פון בערך צוואַנציק יאָר ליטעראַרישע טעטיקייט איז כמעט אינגאַנצן אויסער אונדזער רשות. די ירושה זיינע איז צעזייט און צעשפּרייט אין די פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן.

אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן זענען די צאָלרייכע כּתבֿים זיינע, וויכטיקע אַרבעטן, וואָס האָבן יאָרנלאַנג געוואַרט צו דערזעען די ליכטיקע שיין. אַוועקגעקומען — אין אַ באַהעלטעניש באַגראָבן, צי פֿון אַ בלוטיקער נאַצי־לאַפּע צעריסן?

וואָס מיר האָבן באַוויזן אָפּצוזוכן ביז איצט — אייניקע נומערן פֿון דער וואַרשעווער „וואָכנשריפֿט" מיט ווינאָגוראַס אַרבעטן, אַ קאָמפּלעט „פּאַריזער זשורנאַל", אַ פּאָר נומערן „בלעטער" (בײדע זשורנאַלן דערשינען אונטער זיין מיט־רעדאַקציע), אַ רייע אַרטיקלען זיינע אין דער פֿאַרמלחמהדיקער „נייע פּרעסע", וועלכע זענען מיט שוועריקייטן געלונגען איבערצושרייבן אין דער פּאַריזער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק — איז בלויז אַ קליינער טייל פֿונעם שאַפֿן פֿון ברוך ווינאָגוראַ, אַ נאָמען פֿון אַ וואָרט־זאָגער אין ייִדישן קולטור־פּאַריז.

שווער איז געווען די קינדהייט און די יוגנט ווינאָגוראַס, פּונקט ווי זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך דעמאָלט אויך געראַנגלט מיט דער מאַטעריעלער לאַגע. אַ זון פֿון פֿרומע, אָרימע עלטערן, איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און יאָרנלאַנג אַרומגעפֿאָרן אין פּאַרטיי־שליחות (פֿון לינקע „פּועלי־ציון"). געווען אַ גוטער רעדנער, און זיינע פּאָליטישע אַרטיקלען האָבן צוגעצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט מיט זייער קלאָרקייט, זאַכלעכקייט און עלעגאַנץ.

צוגלייך מיט די פּאָליטישע פֿראַגן, הייבן אים אַלץ מער אָן צו אינטערעסירן ליטעראַטור און קולטור־פֿראַגן. נאָך זיין קומען קיין פּאַריז — אַרום 1928 — פֿאַרנעמט ער זיך שוין כּמעט אויסשליסלעך מיט ליטעראַטור־קריטיק.

זיינע קריטישע אַרבעטן וועגן די ייִדישע קלאַסיקער, זיינע אָפּהאַנדלונגען וועגן וויסנבערגן, אַשן, אָפּאַטאָשון, גלאַזמאַנען, מאַרקישן, פֿעפֿערן, איציק קיפּניס און צענדליקער אַנדערע עלטערע און יונגערע שרייבער, האָבן אים פֿאַרשאַפֿט אַ נאָמען. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גרינטלעכן אַנאַליז און באַוויזן אין געפּרעסטע בצמצומדיקע זאַצן אַרויסצוברענגען דעם תּוך פֿון שרייבער און זיין שאַפֿן. נישט געווען ביי אים קיין מליצה, קיין סתּם פֿראַזן, ער האָט שטענדיק געהאַט צו זאָגן עפּעס באַזונדערס, אַזוינס וואָס איז ביז אים נאָך נישט געזאָגט געוואָרן. ער האָט געזען דעם שרייבער דורך דער פּריזמע פֿון זיין צייט און סבֿיבֿה. ער האָט זיך באַמיט צו דערגרונטעווען די סאָציאַלע מקורות פֿון וועלכע דאָס ווערק איז געשעפּט געוואָרן. זיין ליטעראַטור־קריטיק האָט דעריבער זיך דערנענטערט צום וויסנשאַפֿטלעכן אַנאַליז, פּראָגרעסיוו־דערציִעריש.

ווי אַ רעדאַקטאָר פֿון די „בלעטער" און שפּעטער פֿון „פּאַריזער זשורנאַל", האָט ב. ווינאָגוראַ אַרויסגעוויזן פֿיל געשמאַק און פֿאַרשטענדעניש פֿאַרן

צוזאַמענשטעלן און ארויסגעבן אַ ליטעראַרישע אויסגאַבע. ער האָט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט און אחריות אָפּגעקליבן יעדעס אַרטיקל, יעדע דערציי־לונג, יעדעס ליד. ער האָט געאַרבעט איבער די מאַטעריאַלן פון זיינע חברים מיט דער זעלבער זאָרגפולקייט, ווי איבער זיינע אייגענע שאַפונגען.

ער איז געווען שטרענג צו זיך און צו אנדערע. צווישן זיינע חברים איז ב. ווינאַגורא אָנגעגאַנגען ווי אַ „מחמיר". ער האָט פיל פאַרלאַנגט פון שריי־בער. נישט געווען ביי אים קיין „פּריינטשאַפט־רעצענזיע". ער האָט דוקא צו זיינע נאָענטע חברים־שרייבער געשטעלט גרויסע פאָדערונגען. האָט ער אָבער אָנגעטראָפן טאַלאַנט האָט אַ יונגער שרייבער אָנגעשריבן אַ שיינע נאָ־וועלע, אַ גוט ליד, האָט ער געפינען די וואַרימסטע ווערטער דעם שרייבער צו דערמוטיקן, אים פאַרצושטעלן פאַרן לייענער־עולם.

ברוך ווינאַגורא האָט פיל געהאָלפן די פאַריזער יידישע שרייבער אין זייער אַנטוויקלונג, געגעבן זיי באַלערנדיקע אָנווייזונגען, איז ארויסגעטרעטן אויף די אָוונטן געווידמעט זייער שאַפן, געוועקט צו זיי דעם אינטערעס פון יידישן לייענער און זיי באַקאַנט געמאַכט אין דער יידישער ליטעראַרישער וועלט.

די שווערע מאַטעריעלע דאגות, וואָס האָבן געלייגט אַ שטעמפּל אויף זיין קינדהייט און יוגנט, האָבן אים שוין אזוי באַגלייט ביזן קריג. דאָס שרייבן איז ביי אים פון מאַטעריעלן שטאַנדפּונקט געווען אַ דערבייאיקע באַשעפטי־קונג. ער האָט געהאָרעוועט אלס שטריקער־אַרבעטער אין די סעזאָנען און זיך שווער געמאַטערט אין די „טויטע סעזאָנען". דאָס האָט אָן צווייפל געווירקט נישט ווייניק אויף זיין געמיט און אויף זיין געזונט.

מיט זיין פרוי, די מאָלערין חנה קאָוואַלסקאַ, האָט ער פאַרנומען צוויי ענגע צימערלעך אויפן מאנפאַרנאַס. אין אָט דער קינסטלער־געגנט האָבן זיי געהאַט א סך באַקאַנטע שרייבער און מוזיקער, מאָלער און סקולפּטאָרן, יידישע און נישט־יידישע.

אין 1941 איז ער צוזאַמען מיט חנה קאָוואַלסקאַ געווען צווישן די ער־שטע קרבנות פון די נאַציס. זייער וווינונג אויף דער גאַס פיער לערו איז גע־וואָרן פאַרחתמעט.

אַזוי האָט צו 42 יאָר טראַגיש פאַרענדיקט זיין לעבן דער ליטעראַטור־קריטיקער ברוך ווינאַגורא.

(„יזכור־בוך", פּאַריז, 1946)

ברוך ווינאַגוראַ

# סאָציאַלע און פאָלקסטימלעכע דיכטונגען אין דעם יידישן ליד

די פּאַרטיפונג פון דער סאָציאַלער דיפערענציאַציע אין דעם יידישן פאָלקס־לעבן און דער אָנוווקס פון אַ יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן צווישן אַ גאַנצע ריי אַנדערע פּאָזיטיווע דערשיינונגען אויך אויפגעשלאָגן די קוואַלן פון דער מאָדערנער יידישער דיכטונג. די פּאָטענציאַלע שעפערישקייט, וואָס האָט יאָרנלאַנג געטליעט אין דער טיף־ערד פון די יידישע מאַסן און זיך דורכגעריסן, פון צייט צו צייט, אויף דער אויבערפלאַך אין דעם אַנאָנימען פאָלקס־ליד, האָט, מיט דער אויסרייפונג פון נייע סאָציאַלע כוחות, אָנגעהויבן אָננעמען קאָנקרעטע קינסטלערישע פאָרמען. אַנשטאַט דעם פּרימיטיוון רוי־מאַטעריאַל האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן קאָנסטרואירטע קינסטלערישע ווערק.

אין צוויי הויפּט־פאָרמען האָט זיך לכתחילה אויסגעגאָסן דאָס מאָדערנע יידישע ליד: דעם פאָלקסטימלעכן (עטינגער, גאָלדפאַדן, מיכל גאָרדאָן א. אנד.) און דעם סאָציאַלן (ווינטשעווסקי, עדעלשטאט, באוושאווער א. אנד.) דאָס זענען געווען צוויי ליטעראַרישע ריכטונגען פון גאַנץ פאַרשידענעם אינהאַלט און כאַראַקטער. צוויי קינסטלערישע אויסדרוקן, וואָס זענען אינספּירירט געוואָרן פון צוויי באַזונדערע סאָציאַלע שיכטן אין די יידישע מאַסן גופא: די ברייטע אָרעמקייט און דער אַרבעטערשאַפט.

ווי אַן אויסדרוק פון דעם דיקן שיכט יידישע אָרעמקייט, וועלכער האָט לאַנגע יאָרן געבילדעט דעם איבערוויגנדיקן רוב אין דעם יידישן פאָלקס־לעבן און פאַרמאָגט אַן אויסגעשטאַנענעם לעבנסשטייגער מיט אייגנאַרטיקע פאָרמען און ספּעציפישן קאָלאָריט — איז די פאָלקסטימלעכע יידישע דיכטונג געווען אַן עפּיש־שטייגערישע, אויסגעפילט מיט קאָנקרעטן שילדערישן שטאָף. אַלץ איינס צו די באַציִונג פון דעם קינסטלער צו דער מיליע איז אַ נעגאַטיווע אָדער פּאָזיטיווע, שטענדיק איז דער אופן פון שילדערן אַ דערציילערישער און שפּיגלט אין זיך אָפּ דעם אָפּגעזונדערטן, אויסגעשטאַנענעם לעבנס־ראַט פון די אָרעמע יידישע פאָלקס־מאסן. עס איז אַ מין אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ. מען דערציילט פון פרייד און צרות, הערלעכקייט און צביעות, ליבע און שנאה. אָנהויבנדיק פון שלמה עטינגערס „שמאַטעס" ביז מ. מ. ווארשאווסקיס פאָלקסטימלעכע זשאַנר־לידער, איז די גאַנצע שאפונג פון דער דיכטונג כמעט דורכאויס אויסגעפילט מיט שרייבעריש־דערציילערישן שטאָף, ווי אין א קאַליידאָסקאָפּ גייט דורך אין די דאָזיקע ווערק דאָס גאַנצע לעבן פון דער אָרעמער יידישער מאַסע.

זייענדיק דער קינסטלערישער אויסדרוק פון דעם זעלבן סאָציאַלן שיכט, וואָס האָט אַרויסגעטראָגן דאָס יידישע פאָלקס־ליד, איז די פאָלקסטימלעכע דיכטונג, פאַרמעל אַ דירעקטע פאָרזעצונג פון דעם פאָלקס־פּרימיטיוו. זי שפּאַרט זיך

אויף אים אָן און טראָגט אין זיך אַלע אייגנשאַפטן — פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע — פון דעם עלעמענט. זי איז פּשוט אין דער פאָרם און איינפאַך, ביז נאַאיוויטעט, אין דעם ריים.

דער פאַרגלייך און דאָס בילד — אויב ער איז בכלל בנמצא — איז גענומען דירעקט פון פאָלקס־מויל, פון זיין לעבעדיקן לשון.

זי פאַרמאָגט אַן איינהייטלעכע אַטמאָספערע און האָט אַ באַשטימטן קאָלאָריט — אַ „יידישן". אַלע זייערע ווערק זענען איינגעהילט אין דער טונקל־גרויער אַטמאָספערער פון די אָרימע יידישע מאַסן.

אין הסכם מיט דער מענטאַליטעט פון דעם שיכט, וועמענס קינסטלערישער אויסדרוק זי איז, פאַרמאָגט נישט די פאָלקס־טימלעכע דיכטונג אין זיך קיין שום קאָנקרעטן, פּאָזיטיוון אידעאַל צו וועלכן זי שטרעבט. העכסטנס אויף וואָס זי קען האָפן אַזוי רייך צו ווערן:

אירע סענטענצן זענען אַבסטראַקטע אַזוי צו זאָגן „מענטשלעך־מאָראַלישע":

אונזער לעבן איז דער פאַראַם
דער טייך —
דער תהום.
מענטשן —דאָס מיין איך טאַקע אייך.

(מ. מ. ווארשאווסקי)

זי פאַרמאָגט נישט אין זיך קיין רעוואָלט און אפילו נישט קיין בונטאַרישקייט. עס שלאָגט פון איר מיט פאַרלוירנקייט און יאוש. די פרייד, וואָס שלאָגט אַמאָל אויף איר, שטראָמט נישט פון די סאַמע טיפענישן, נאָר איז מערסנטייל „אַ געמאַכטע", אַ פאַרשיכורנדיקע פון דעם מין „הוליע קבצן".

דער קאָנקרעטער שטייגעריש־דערציילערישער שטאָף: דער פאָלקסטימלעכער פּרימיטיוו אַלס פאָרמעלע באַזע; דאָס פעלן פון אַ פּאָזיטיוון קעמפערישן אידעאַל — דאָס זענען די דריי הויפּטמאָמענטן, וואָס כאַראַקטעריזירן די פאָלקס־טימלעכע ריכטונג אין דעם יידישן ליד.

לחלוטין אין היפוך איז דער שטאָף, פאָרם און כאַראַקטער פון דער סאָציאַלער דיכטונג.

דער יידישער אַרבעטער־קלאַס, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס אויסגעפּיקט פון דעם אייער־שאָלעכץ פון דער יידישער אָרימקייט, האָט פאַרמאָגט אַ סך אימפּעט, שווונג, און געשלאָגן מיט אַן שיעור וויבראַציעס. ער האָט נאָך אָבער נישט געהאַט קיין קלאָר, בולט פּנים און אויסגעשטאַנענעם שטייגער.

די מיטאַמאָליקע איבער שיכטונג פון די יידישע מאַסן, דאָס האַסטיקע איבערשפּרינגען פון אומפּראָדוקטיווער צעשוומענקייט צום אַרבעטער־קלאַס (וואָס איז הויפּטזעכלעך געשען אַדאַנק די ריזיקע עמיגראַציעס); די אומדערהערטע, שווערער לעבנס־באַדינגונגען, אין וועלכע זיי זענען גלייך אַריינגעוואָרפן געוואָרן

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

(דער אַמעריקאַנער „שוויי־סיסטעם״) — האָט ביים יונגן יידישן אַרבעטער־קלאַס אויפגעשלאָגן רעוואָלט, שרעק און צעמישונג גלייכצייטיק, ס׳איז נישט געווען נאָך אין לעבן פון דעם קלאַס קיין קלאָר־באַשטימטעס און אויסגעשטאַנען־פעסטעס, אַלץ האָט זיך געפונען אין דער סטאַדיע פון „ווערן״. די סאָציאַלע דיכטונג, וואָס איז געקומען אַלס פועל־יוצא און ווידערקלאַנג פון אָט דעם סאָציאַלן פּראָצעס האָט דעריבער נישט געקאָנט זיין קיין קאָנקרעט־שטייגערישע. זי איז נויטווענדיק געוואָרן אַ רעטאָריש־אַבסטראַקטע.

נישטאָ אין דער דיכטונג קיין שילדערונג און עס איז זיך שווער צו מאַכן פון איר אַ קלאָר בילד איבערן לעבנס־אַרט פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין יענער צייט. נישט וועגן דעם קאָנקרעטן לעבנן גופא ווערט געזינגען אין די לידער, נאָר וועגן די געפילן, וואָס זייער שווער לעבן רופט אַרויס. נישט קיין עפּישע דיכטונג איז דאָס, נאָר עמאָציאָנעלע. אין דער דיכטונג גייט האַנט ביי האַנט רעוואָלוציאָנערע אימפּעט מיט רעזיגנירטער דערשלאָגנקייט.

וויי זאָל איך ברידער פריילעך זינגען,
ווען האַס און קריג איז איבעראַל?
עס שיינט מיר טיפע שמערצן קלינגען
אויך אין דעם ליד פון נאַכטיגאַל.

(דוד עדעלשטאַט)

אויפגעשלאָגענער וויר־וואַר און געפיל־פּלאָנטער פון די מיטאַמאָליקע ניי־געשאַפענע לעבנס־באַדינגונגען.

ווי אַן אויסדרוק פון אַ נייעם וועלטלעכן קלאַס אין דעם יידישן לעבן, א קלאס וועמענס אינטערעסן עס פאלן צוזאמען מיט די אינטירעסן פון דיזעלבע קלאַסן ביי אַנדערע פעלקער, האָבן די דיכטער פון דער סאָצ. ריכטונג נישט געקאנט באזירן זייער פארם בלויז אויף דער אייגענער פאלקסשאפונג נאר דער עיקר אויף פרעמדע, פּאַרטיקע מוסטערן ענלעכע צום דעם זשאנר. נאדסאן נעקראסאוו, היינע א. אנד. זענען געווען די פארבילדער, לויט וועלכע די יידישע סאָצ. דיכטער האָבן געפאָרמט זייער ווערק. נישט פאַרמאָגנדיק נאָך קיין אייגענע קינסטלערישע טראַדיציעס, זענען די ערשטע סאָציאַלע יידישע דיכטער געשטאַנען פאַר דער דילעמע: אָנשפּאַרן זיך אויפן יידישן פאָלקס־פּרימיטיוו, — סאָצ. ריכטונג. זייענדיק געטריבן פון די וועלטלעכע אינטערנאַציאָנאַלע טענדענץ, וואָס דער קלאַס טראָגט אין זיין עצם, האָבן זיי — באַוווסטזיניק צו נישט באַוווסט־זיניק — אויסגעוויילט דאָס לעצטע. ביי דער ערשטער פאַנאַדערטיילונג פון דעם סאָציאַלן מיטן פאָלקסטימלעכן, זענען די שטראָמען געלאָפן מיט אַ באַזונדער אימפּעט פון זיך. וועגן שאַפן אַ סינטעז האָט דאַן קיין רייד נישט געקאָנט זיין. האָבן זיי לייכטער גענומען פון דעם פרעמדן, פּאַרטיקן, וואָס איז געווען מער אנטשפרעכנד פאַרן אינהאַלט פון זייער שאַפן.

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

די פאָרם פון דער סאָציאַלער דיכטונג פאַרמאָגט נישט צוליב דעם, די ווייכע בויגזאַמקייט פון דער פאָלקסטימלעכער דיכטונג. זי פאַרמאָגט אויף נישט די וואַרימע אַטמאָספערער און אייגנאַרטיקן קאָלאָריט פון די לעצטע. זי איז אין איר רוב האַרט, קאַלט און שטייף.

דערפאַר אָבער איז זייער פערז מערסטנטייל אַ פּולרייפערער און זיכערער, און דער ריים אַ העכערער און אַנטוויקעלטער.

נאָר אויב אין דעם שטאָף זענען די לידער פון דער פאָלקסטימלעכער דיכטונג אין דורכשניט פון אַ מער באַדייטנדיקער קוואַליטעט, שטייט אָבער די סאָציאַלע דיכטונג אידעאיש אויף אַן אומפאַרגלייכלוך העכערן ניוואָ.

די פערזן פון דער סאָציאַלער דיכטונג שלאָגן מיט אַ מעכטיקן אָטעם פון בונטארישקייט און רעוואָלט.

וועלטן רויבער, ליידן־שמידער,
הערט מיין שטימע, שטאָלצע הערשער,
און פאַרציטערט זאָלן ווערן
אייערע שמאַלץ־באַדעקטע גלידער.

(י. באוושאווער)

עס הערט זיך אין זיי דאָס געשריי פון אַ קלאַס, וואָס ליידט, בלוטיקט, קעמפט און וויל בשום אופן נישט שלום מאַכן מיט איר לאַגע.

די דיכטונג שלאָגט אויך אָן אויף הויכע טענער פון העראָאיזם און טראַגיזם.

די נאַכט איז פינצטער, מען זעט נישט קיין שטערן;
דער הימל איז שוואַרץ ווי די ערד
ווילד רוישט דער ים פון מענטשלעכע טרערן,
עס הערשן נאָר הענקער און שווערד.

(דוד עדעלשטאַט)

עס איז אַ דיכטונג, וואָס איז אָנגעלייגט מיט אַ שטרעבן און רייסן זיך צו אַ הויכן אידעאַל — דעם אידעאַל פון באַפרייונג. און כאָטש סיי דער ציל גופא און סיי די וועגן, וואָס פירן צום ציל, זענען נאָך, מערסטנטייל, פאַר די דיכטער אַליין אין גרעסטנטייל פאַרנעפּלט און נישט קלאָר, ענדערט עס נישט דעם עצם ווערט אירן, אַלס אַ דיכטונג פון אַ הויכן אידעאישן אינהאַלט.

נישט געקוקט אָבער אויף די גרויסע פאָרמעלע און אידעאישע אונטערשידן, וואָס טיילט פאַנאַנדער די צוויי ליטעראַרישע ריכטונגען, איז דאָך פאַראַן אַ קאַרדינאַלער מאָמענט, וואָס פאַראייביקט ביידע. דאָס איז דער קאָלעקטיווער לאָקאַלער קאָלאָריט. אין ביידע ריכטונגען איז דער לייטמאָטיוו און באַוועגער

נישט דער יחיד, אַן אַרויסגעריסענער פון זיין סאָציאַלער סביבה, נאָר — דער כלל, דער קאָלעקטיוו. דער „העלד" אין ביידע אַרט דיכטונגען איז נישט די אָפּגעריסענע, אויסגעוואָרצלטע פּערזענלעכקייט. מיט אירע איזאָלירטע פריידן און ליידן, נאָר — דער כלל. ער שפּילט די הויפּט־ראָל אין ביידע פאָרמען דיכטונג. דער יחיד האָט נאָר דאָ אויף אַזויפיל אַ חשיבות, אויף וויפל ער איז אַ טייל פון דעם גאַנצן קאָלעקטיוו. נישט דאָס, וואָס טיילט אים אָפּ פון זיין סאָציאַלן שורש, נאָר דאָס, וואָס פאַראייניקט אים מיט אים. דורך דער פּריזמע פון דעם יחיד ווערט געוויזן דער כלל. עס איז אַ קונסט, אין וועמענס פאַרטיפטער פערעס־פּעקטיוו, עס זעט זיך שטענדיק דאָס לעבן, ליידן און האָפענונגען פון דעם קלאַס אָדער שיכט. דאָס זענען נישט קיין יחידישע שאַפונגען אין ענגן זין פון וואָרט, נאָר קאָלעקטיווע ווערק, קאָנסטרואירט דורך די הענט פון איינציקע מייסטער.

פון „יזכור־בוך" פאריז (געקירצט)

לילי בערגער
(פּאַריז)

## חנה קאָוואַלסקאַ

געבוירן אַרום 1904 אין וולאָצלאַוועק, אין אַ רבנישער פאַמיליע. באַקומען אַ העכערע בילדונג. פון די קינדעריאָרן געצייכנט און געמאָלן, אין 1922 געפאָרן קיין בערלין שטודירן מאָלעריי. אַרום 1926 געקומען אין פּאַריז. אָנטייל גענומען אין פאַרשידענע אויסשטעלונגען. באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער פּראָגרעסיוו־אַרבעטער־באַוועגונג און אין דער קולטור־בויונג. ביז איר אַרעסט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אונטערערדישער אַרבעט. אַרעסטירט געוואָרן אין 1941 און דעפּאָרטירט אין 1942.



דער שונא, פאַרשניידנדיק דאָס ווונדערבאַרע לעבן פון חנה קאָוואלסקאַ, האָט גלייכצייטיק אומגעבראַכט, די פון וועלכע מיר וואָלטן זיך געקאָנט גענויער דערוויסן וועגן חנה קאָוואלסקאס פאַרגאַנגענהייט. פאַרלוירן איז אויך געגאַנגען דער ווייט גרעסטער טייל פון אירע שאַפונגען. זי איז אָבער פאַרבליבן איינגעקריצט טיף אין האַרצן פון די אַלע, וואָס האָבן זי געקענט. די הערלעכע געשטאַלט אירע, די בונטאַרע נאַטור, די מערקווירדיקע פרוי, דער נאָבעלער און גייסטרייכער מענטש.

קאָוואלסקאַ איז די טאָכטער פון בארימטן וולאָצלאַוועקער רב, הרב קאָוואלסקי, וועלכער איז געווען לאַנגע יאָרן אַ סענאַטאָר אין פּוילישן פּאַרלאַ־

מענט און אַן אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייט פון רעליגיעזן פּוילישן יידנטום. אין איר אַריסטאָקראַטיש־רבנישער הייב האָט זי באַקומען אַ סאָלידע און פּילזייטיקע דערציונג — אַ יידישע און אַ וועלטלעכע. אַלס קליין קינד נאָך, האָט זי אַרויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן און אַ שטענדיקע נייגונג צו צייכנען און מאָלן. אין שוין אין דער פריער יוגנט איז די מאָלעריי געוואָרן פאר איר אַן אינערלעכער רוף.

צום לעצטן מאָל האָב איך געהערט וועגן חנה קאָוואַלסקאַ, נאָך די טראַגישע געשעענישן פון 16־טן יולי. 1942. אויך אין לאַגער האָט זי קיין צייט נישט פאַרלוירן, זי פלעגט מאָלן גאַנצע טעג. (בעת זי איז אַרעסטירט געוואָרן ביי זיך אין שטוב, האָט זי מיטגענומען די נייטיקסטע מאַטעריאַלן). „כ׳האָב דאָ מער צייט צו מאָלן ווי אויף דער פריי" — פלעגט זי דאָרט איראָניזירן.



חנה קאָוואַלסקאַ: אַ פראַנצויזישע תפיסה
(געמאָלן דאָרט פאַר דער אויסזידלונג)

כ׳האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז חנה איז געווען דאָס האַרץ און נשמה סיי פון קאָלעקטיוון לעבן אין לאַגער, סיי פון שפּעטערדיקן ווידערשטאַנד, וואָס די יידישע פרויען צוזאַמען מיט די פראַנצויזישע האָבן געשטעלט, ווען מ׳האָט געוואָלט די יידישע פרויען אָנטון די געלע לאַטע, און בעת דער ערשטער דעפּאָרטאַציע ענדע יוני 1942. אין די שווערע טעג פון לאַגער־לעבן האָט חנה געהאַט פאַר יעדן אַ טרייסט־וואָרט, דערוואַרימט און דערמוטיקט די געפּייניקטע, געהאָלפן אַ ביסל לייכטער מאכן דאָס לאַגער־לעבן. זי איז אויך געווען צווישן די וואָס האָבן אָרגאַניזירט דעם ווידערשטאַנד קעגן די נאַצישע באַנדיטן. די יידישע פרויען פון לילאַ־לאַגער האָבן די געלע לאַטע נישט אָנגעטון, טראָץ די טעראָר־מיטלען, וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט דעמאָלט קעגן זיי אָנגעווענדן.

אמת איז, אַז דאָס האָט געקאָנט געשעען אַדאַנק דער ענערגישער האַלטונג פון די פראַנצויזישע אינטערנירטע פרויען, וועלכע האָבן דערקלערט דער אַדמי־ניסטראַציע אַז „אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן דאָ זיין, וועלן אונדזערע יידישע חבר׳טעס דעם געלן שטערן נישט טראָגן״. ס׳איז אָבער אויך געוועזן אַדאַנק דעם, וואָס אין לילא־לאגער זענען געוועזן אַזעלכע מוטיקע און העלדישע פרויען, ווי חנה קאָוואלסקא.

חנה קאָוואלסקאָ איז געווען צווישן די ערשטע דעפּאָרטירטע יידישע פרויען, וועלכע מ׳האָט אַרויסגענומען פון לילא־לאגער ביי אַן ענערגישן און מוסטערהאַפטן ווידערשטאַנד. אַלס שטראָף האָט מען זיי אַלע מיט געוואלד אָפּגעגאָלט די קעפּ ערב דער דעפּאָרטאַציע. אַזוי איז חנה אַוועק אויפן יידישן מאַרטירער־וועג. זי איז אַוועק און שוין נישט צוריקגעקומען. ס׳איז אַוועק פון אונדז אַ פילבאַרע יידישע קינסטלערין, אַ קרישטאָל־ריינער און נאָבעלער מענטש, אַ מוטיקע און באַגייסטיקטע קעמפערין. מיר וועלן זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

(„יזכור־בוך״, פּאַריז, 1946)



חנה קאָוואַלסקאַ: אַ פראַצעזישע תפיסה
(געמאָלן דאָרט פאַר דער אויסזידלונג)

# אייזיק פלאַטנער

אין מינסק איז געשטאָרבן אין עלטער פון 68 יאָר דער סאָוויעטיש־יידישער דיכטער אייזיק פלאַטנער.

אייזיק פלאַטנער איז געבוירן געוואָרן אין סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסקי. אין יאָר 1921 האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, כדי פון דאָרט צו העלפן זיין משפחה אין פוילן. דאָרט שליסט ער זיך אָן אין דער שרייבער־גרופּע „פּראָלעט־פּען", און אין יאָר 1930 דערשיינט אין ניו־יאָרק זיין ערשטע לידער־זאַמלונג א. נ. „וואָס דער טאָג דערציילט". באַהערשט פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע



פאָרט ער אין יאָר 1932 אין ראַטן־פאַרבאַנד און באַזעצט זיך אין מינסק, ווו ער ווערט אַקטיוו אין דער סאָוויעטיש־יידישער שרייבער־סביבה. דאָ דערשיינען זיינע צוויי ביכער „פּאָעמע וועגן שניידערס" (אין 1935) און די לידער־זאַמלונג „די זון אויף דער שוועל" (1940). אין 1944 קערט זיך פלאַטנער צוריק אין דעם חרוב געוואָרענעם מינסק. אין יאָר 1947 דערשיינט אין מאָסקווע זיין בוך „מיט ליבע און גלויבן". און א יאָר שפּעטער, אין גורלדיקן חורבן־יאָר פון דער יידישער ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד, באַווייזט ער נאָך צו פאַרעפנטלעכן דאָס בוך א. נ. „דאָס טייערסטע".

אין זיין אַרטיקל וועגן פאַרשטאָרבענעם סאָוויעטיש־יידישן דיכטער שרייבט צוו. אנד. הערש סמאָליאר אין דער וואַרשעווער „פאָלקסשטימע" פון 1־טן אויגוסט:

...אייזיק פלאַטנער, דער פאַרליבטער אין נייעם סאָציאַליסטישן לעבן, האָט

סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

נישט אויסגעמיטן דעם שרעקלעכן גורל, וועלכן עס האָבן פאַר אַ סך צוגעגרייט די פאַרעטער פונעם בעריא־שניט. צוריק אַהיים איז ער געקומען אַ שווער־קראַנקער.

קורץ פאַר זיין טויט האָט נאָך זוכה געווען צו דערשיינען זיין לידער־זאַמלונג „דאָס זאַלץ פון לעבן" (אין אַ ווייסרוסישער איבערזעצונג).

(„פאָלקס־שטימע" — וואַרשע)

אייזיק פלאַטנער

# לידער

## שטאַט

פון אַלע זייטן אין דער וועלט,
פון אַלע וועגן אין דער נאַכט,
האָט אַ באַן נאָך באַן געבראַכט
אַ מענטשן־קנויל, אַ רויען וואַל;
אַ שפּיי געטאָן מיט דעם דורך אָפּענעם וואָקזאַל,
אין פּנים פון דער שטאָט...

אַ מרוק פון מעטאַלענע לונגען
צעוויגט דעם פאַרשלאָפענעם טאָג.
ס'וועקן זיך שווער און צעווייטיקט די הימלען,
טשוכען זיך אויס אויף די ראַנדן פון שטאָט;
אויף בארגיקע פלייצעס און שפּיציקע אַקסלען,
פון ווייטער און ברייטער צעוואָרפענער שטאָט;
דערהייבט זיך אַ רעווען, פאַרוואָרגן פון טויזנטער שטיינערנע ווענט.
שטאָט — איבער וואַסער פאַרשליידערט דורך בריקן די הענט,
און גריסט זיך אַזוי מיט דער וועלט...

פאַרסמאַליעטער טאָג איז געפאַלן —
פאַרקאָפּטשעטער קופּער —
אין סטאַדעס פון רויכן,
אויף שטאָטס לייב און לעבן.

— עס זענען די שטאָט־לייט אַרויס אין די גאַסן,
אין פּאַסן, אין פּאַסן;
געפלאָכטן אין רינגען,
פאַרשלייערט די ראָגן,
געריגגלט מיט אָרעמס, מיט שטעקנס, אָפּצאַסן.

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

שאָלנגען־טראַמווייען, מיט איינציקע אויגן,
שניידן אַריין זיך מיט קעפּ אין די מאַסן.
ס׳קרייצן זיך כוואַליעס פון ווינטן, און קעפּ־לויף —
אַ קאָפּ אויף צוויי אַקסלען, אַ קאָפּ אויף צוויי אַקסלען.

פּעדערן, שפּילקעס און לענטעס פאַרצויגן.
אין פלאַטער פארבויגן,
דאָרט איז אַ נאַקן, און דאָ אַ פּאָר אויגן...

עס דרייט זיך, עס דרייט זיך
אַ רודל, געדריידל —
באַלד וועט א כאַפּ טאָן, דער עולם די שטיבער,
און וועט זיך אַ קער טאָן, אַ קער טאָן אריבער;
ווילד זיך צעפּליען מיט פיס אין די שטערנס,
אַ טאַנץ אין די גאַסן —
אַז שטאָט וועט צעפּלאַצן...

## ש נ י י

מיינע פענצטער — קליינע קאַנטיקע,
כ׳קוק אַרויס דורך זיי;
כ׳זע —
ס׳איז אָנגעפאַלן שניי,
וויס און רו,
טוט מיר עפּעס וויי...

כ׳טראַכט —
ס׳מוז אַצינד אַ שיף אין גרויסן ים
שניידן דורך די וואַסערן אַ וועג,
און ווייט פוןביידע זייטן איז דער ברעג,
עלנט איז די שיף אין גרויסן ים,
און די מענטשן אויפן שיף —
די שיף אין מיטן ים איז קליין,
מוזן זיי נאָך קלענער זיין.

וויי!
אינמיטן ים אַליין,
ווער וועט זיך דערבאַרעמען אויף זיי
אַז קיינער איז נישטאָ.

## סאַקאַלאָוו־פּאָדליאַסק

ווער וועט זיך דערבאַרעמען אויף זיי
אַז גאַנצע וועלט איז שניי

## באַגינען

באַגינען, מיין קראַפט איז אויסגערוט,
בלייכע הימלען וועקן שטיל און צאַרט די וועלט;
גיי איך מיט מיין אַרבעט־כוח אין האַנט.
אין שטילע גאַסן שלאָגן הילכיק מיינע טריט
ס'האָט מיין קראַפט זיך אויסגערוט,
מיט זאַפט פון ברויט געקרעפטיקט איז מיין בלוט;
און די מוסקלען — אָנגעשטרענגט מיט מוט.
עס רופט די אַרבעט מיך פון ווייט,
איך פיל עס אין מיין יעדן גליד;
און פעסטער הילכן מיינע טריט —
עס וועט נישט ליידיק שטיין דער טאָג,
ס'וועט נישט פוסטעווען די לופט:
איך שפּאַן אייך אַלע איין אין יאָך,
כ'נעם די ווינטן מיר צו הילף;
באַפעל די טייכן: טאָן וואָס מיר געפעלט!...
אין לופט וועט זיך טראָגן — האַמער־קלאַפּ,
ווינטן־רעש, וואַסער־רויש —
טראָגן זיך אין אַלע עקן וועלט.
ביזן אָוונט וועלן רוישן די מאַשינען,
ס'וועט די נאַכט אַן אַנדערע די וועלט געפינען...

## דערפאר בין איך לוסטיק

דערפאַר בין איך לוסטיק,
דערפאַר בין איך פריילעך
און טענצל זיך אונטער
פּאַמעלעך —
אַ וועלט וועט דאָך קיינמאָל נישט שטאַרבן,
אַ וועלט איז צעפינקלט אין טויזנטער פאַרבן:
מיט זון, מיט לבנה, מיט שטערן באַפינטלט,
און פעלדער באַבלימלט, אין גארבן צעבינטלט —

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

אָ, אַ, וועלט וועט נישט שטאַרבן!
דער שניטער איז מונטער,
וואָס מער געשניטן —
אַלץ פעסטער, געזונטער,
אַ וועלט וועט שוין האָבן צו עסן —
אַ וועלט וועט נישט שטאַרבן...
דערפאַר בין איך לוסטיק,
און טענצל זיך אונטער —
טאַ־טאַ־דע־ראַ־טאַ,
און טאַ־טאַ־דע־ראַ־טאַ...

ה. ראטשטיין
(לאָס־אַנזשעלעס)

## שמעון ווייס און ישראל מאָרגנשטערן

(צוויי יונג־אומגעקומענע סאָקאָלאָווער שרייבער)

הגם סאָקאָלאָוו האָט קיין באַרימטע שרייבער נישט אַרויסגעגעבן, זענען דאָך אייניקע פון זיי צווישןביידע וועלט־מלחמות באַקאַנט געווען אין דער יידישער ליטעראַטור, און די סאָקאָלאָווער יוגנט האָט זיך געגרויסט מיט זייער דערפאָלג: גד זאַקליקאָווסקי אייזיק פלאַטנער, גרשן פאָמעראַנץ און דער אומגעקומענער ברוך ווינאָגורא. פון מיינע קינדער יאָרן געדענק איך נאָך פלאַטנערן בעת ער האָט גערעדט אין אונדזער הויז אויף אַ גרינדונגס פאַרזאַמלונג פון פראָפעסיאָנעלן פאַריין, און ווינאָגוראַן — פון זיינע שמועסן אין שטוב ביי מיין פעטער יענקל קאַגאַן — אין יענער דירה פון צוויי קליינע שטיבלעך, וווּ ס'האָט זיך געפינען דער שניידער־וואַרשטאַט, זענען פאָרגעקומען די זיצונגען פון דער ייד. שול־אָרגאַניזאַציע און פון דראַמאַטישן קרייז. דאָרט האָבן זיך געטראָפן דער רוב געזעלשאַפטלעכע טוער, און ס'זענען איינגעשטאַנען די וואַרשעווער רעפערענטן א. א.

איך געדענק מיט וויפיל פיעטעט מיר יונגוואַרג האָבן באַטראַכט אַ רעדאַקציע־לעגיטימאַציע, וואָס ווינאָגורא האָט אַמאָל געוויזן. מיר האָבן אויך געזען ביי אים אַ דעקלאַראַציע צום וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין, מיט די צוויי רעקאָמענדאַנטן: ד"ר י. שיפּער און י. ב. ציפּור (דער לעצטער געוואָרן ווינאָגורעס אַ שוואָגער).

מיט גרשון פאָמעראַנץ האָב איך זיך אויך טאַקע באַקענט ביי מיין פעטער אין הויז. איך האָב נאָר וואָס געהאַט אָפּגעדרוקט אַ הומערעסקע אין אַ וואָכנבלאַט. ער האָט מיר, דעמאָלט אַ זעכצן־יאָריקן בחורל, אַרויסגעוויזן אַ סך פריינטשאַפט. שפּעטער ווען ער האָט זיך שוין געפינען אין קאַנאַדע, געדענק איך ווי מען פלעגט גיין צו זיין מאַמען (די באַקאַנטע העניע־ביילע — די בריוו שרייבערין) לייענען זיינע אַרטיקלען אין דער איר צוגעשיקטער „פרייע אַרבעטער שטימע" מיט אַן אייגענער רובריק א. נ. „טינט און פעדער" אונטערגעשריבן: אַ. סאָקאָלאָווער.

גד זאַקליקאָווסקין האָב איך געזען דאָס ערשטע מאָל ווען ער איז געפאָרן פון אַרגענטינע קיין ארץ־ישראל, נאָענטער באַקענט מיט אים האָב איך זיך ערשט בעת מיין באַזוך אין ישראל, אין 1955.

ווען אָט די אַלע זענען שוין געווען אַוועק פון סאָקאָלאָוו, פלעגט מען זיך טיילן מיט די צייטונגען און זשורנאַלן מיט זייערס אַ „זאַך". אפילו נישט קיין געבוירענעם סאָקאָלאָווער שרייבער האָט מען שוין געהאַלטן פאַר אַן

אייגענעם אויך זיך מיט אים געגרויסט: משה זילבערשטיין, וועמענס עלטערן זענען געווען שותּפים צו שאַפּראַנס מיל, האָט אין וואַרשע אַרויסגעגעבן דעם יוגנטלעכן ליטעראַטישן זשורנאַל „שפּראָצונגען" און שפּעטער, אונטערן נאָמען מ. ראָזענבערג — געווען דער גרינדער און רעדאַקטאָר פון מעקסיקאַנישן „דער וועג". דער העברעישער שריפטשטעלער און דענקער חיים משה מיזעלש, געוועזענער רעדאַקטאָר פון „הדואר" אין ניו־יאָרק, היינט רעדאַקטאָר פון פאַרלאַג „מסדה" אין ירושלים, און דער באַוווסטער שרייבער ב. עפּלבוים.

אין אַ בריוו וואָס מיר האָבן דערהאַלטן אין די דרייסיקער יאָרן פון איינעם אַ פעטער פון רוסלאַנד, איז געווען בייגעלייגט אַן אויסשניט פון מינסקער „אָקטיאַבר" מיט אַ ליד פון פלאַטנערן. דאָס ליד איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און ווען דער וואַרשעווער וואָכנזשורנאַל „וועלט־שפּיגל" האָט אַדורכגעפירט אַ נאָוועלן קאָנקורס, האָט זיך צווישן די פּרעמירטע געפונען אַ דערציילונג פון גד זאַקלאַקאָווסקין. מיר האָבן אויך באַקומען אַ זשורנאַל פון קובא „האַוואַנער לעבן" מיט אַן אַרבעט פון א סאָקאָלאָווער (י. שפּאַנקע), ווען ווינאָגוראַ צוזאמען מיט זיין פרוי, די קונסט־מאַלערין חנה קאָוואַלסקא הויבן אָן ארויסצוגעבן אין פאַריז דעם זשורנאַל: „פאַריזער בלעטער" האַלטן מיר דאָס פאַר אונדזערס אין אייגענעם זשורנאַל. אין אַ בריוו פון ה. מאדאנסקי פון שיקאַגאָ געפינען מיר אַ צייטונגס אויסשניט מיט אַ דערציילונג פון אסתּר שפּאַנקע.

אין יאָר 1937 דערמאָנט גרשון פּאָמעראַנץ פון קאַנאַדע וועגן זיין טרעפן זיך בעת זיין דעמאָלטיקן באַזוך אין ניו־יאָרק מיטן דיכטער משה שטיינגאַרט (געוועזענער מיטבאַטייליקטער אין זשורנאַל „אינזיך" און שפּעטער — רעדאַקטאָר פון „ווייטער") איז טאַקע קיין ווונדער אַז אין אַזאַ אַטמאָספער זענען סאָקאָלאָווער יוגנטלעכע געוואָרן אינספּירירט צו שרייבן.

אין די לעצטע יאָרן זענען מיר געווען זאַלבעפערט, וועמענס נעמען ס'פלעגן זיך אָפט באַווייזן אין דרוק: אליעזר רובינשטיין, שמעון ווייס, ישראל מאיר ווייסבערג, ישראל־יענקל מאָרגענשטערן און דער שרייבער פון די שורות. וועגן צוויי, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די דייטשן, וויל איך דאָ באַזונדערס דערמאָנען.

* * *

**שמעון ווייס,** (ווייסבערג — געקירצט, מסתמא צוליב דער ענלעכקייט מיט ווייסנבערג) איטשל מילכיקערס אַן אייניקל, געלערנט אין חדר „מזרחי", ווו זיין פאָטער הערצקע איז געווען אַן אַקטיווער טוער, שפּעטער אַליין זיך אָנגעהויבן בילדן. אין שטוב זענען געווען עטלעכע קינדער, און ס'האָט געפייפט דער דלות. ער פאָרט אַוועק קיין וואַרשע, ווו ער האָט זיך פאַרנומען מיט פּריוואַט לערעריי, אַ שטיקל צייט האָט ער געוווינט ביי אפרים קאַגאַנאָווסקין. אין די זומער פעריען און אויף יום־טובים, פלעגט ער אַהיימקומען קיין סאָקאָלאָוו, און דאַן פלעגן מיר צוזאַמען אַרומשפּאַצירן. כ'געדענק ווען כ'פלעג אין די זומער פאַרנאַכטן קומען צו אים אין הויז. די וווינונג פון דער

גאַנצער פאַמיליע איז באַשטאַנען פון איין קליין צימערל, ממש ד׳ על ד׳. אַז כ׳פלעג אַריינקומען, האָב איך אים געטראָפן ביי אַ קליין נאַפט־לעמפל שרייבן. ער איז געווען דער יונגסטער אין אונדזער גרופּע און מיטאַמאָל זיך אָנגעהויבן דרוקן אין כמעט אַלע וואַרשעווער צייטונגען. אין „עקספּרעס" האָט זיך געדרוקט זיינע אַ גרעסערע נאָוועלע אין פאָרזעצונגען; מיטגעאַרבעט אין דער וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג" און אין ריגאער זשורנאַל „יידישע בילדער".

וויס ווערט אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער „ראַדאָמער שטימע" דאָרט דריקן זיך יעדן פרייטיק זיינע דערציילונגען אויך מיט סאָקאָלאָווער



פערסאָנאַזשן. אין 1939 האָט ער זיך געגרייט אַרויסצוגעבן אַ בוך נאָוועלן ביי דער מיטהילף פון וואַרשעווער פען־קלוב.

זייענדיק, אין דער גרויסער שטאָט, האָט ער געבענקט קיין סאָקאָלאָוו. אין נאָוועמבער 1938, שרייבט ער מיר: „הגם איך בין אין וואַרשע, שטייט מיר כסדר פאַר די אויגן מיין שטעטל, פון די גרויס שטאָטישע נעפלען לייכט סאָקאָלאָוו צו מיר ווי אַ ליכטיק שטיבל אין אַ פינצטערער נאַכט. די ווייסט דאָך שוין: טאָמער נעם איך רעדן וועגן מיין שטעטל, ווער איך באַלד אַזוי ליריש ווי אין מיינע דערציילונגען.

האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך באַשעפטיקט אַלס פריוואַט־לערער אין דער פויזנער געגנט, דערנאָך, בעת דער מלחמה — אַריבער אויף דער רוסישער זייט אין ביאַליסטאָק, ווו ער האָט געוווינט אין שרייבער־הויז, דעמאָלט האָב איך געזען אין א ניו־יאָרקער צייטונג זיינס אַ דערציילונג, צוגעשיקט פון ביאַליסטאָק. ער איז אומגעקומען,

אָנהויב 1941 אין סלאָנים. עס איז אין אים פאַרלוירן געגאַנגען אַ טאַלאַנטפולער יידישער שרייבער.

ישראל יענקל מאַרגענשטערן, אַן אייניקל פונעם סאָקאָלאָווער רבין, (משה'ס זון), כ'קאָן זיך נישט דערמאָנען ווי עס איז פאָרגעקומען אונדזער ערשטע באַקאַנטשאַפט: ער — דעם רבינס אייניקל, אין דער אַלטער טראַדיציאָנעלער קליידונג, און איך — באַקאַנט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אָבער די געמיינזאַמע פאַראינטערעסירונג אין ליטעראַרישע ענינים האָט אונדז



צוזאַמענגעבראַכט. ער האָט מיטגעאַרבעט מיט זיין פאָטער אין דער ישיבה און — אין דער זעלבער צייט געלייענט די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור, ווי אויך — פויליש. ער האָט אָנגעהויבן דרוקן לידער אין די „ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, וואָס איז דעמאָלט באַטראַכט געוואָרן ווי דער ליטעראַרישער קדשי־קדשים. אויך אין „שעדלעצער וואָכנבלאַט" געדענק איך זיינס אַ ליד. ער האָט אָבער מער געהאַט אין מאַנוסקריפּט. מיר פלעגן אָפט אין די אָוונטן שפּאַצירן צוזאַמען. אין זיינע שמועסן האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס בקיאות אין דער מאָדערנער ליטעראַטור. איינמאָל, אין אַ ווינטערדיקן פרייטיק צונאַכטס, זענען מיר ביידע אַזוי אַרומגעגאַנגען גאָר שפּעט, ביז מיר האָבן דערזען זיין דערשראָקענע מוטער ארומזוכן אים.

אין זיין קליינעם פּריוואַטן אַרכיוול האָט זיך אויך געפונען אַ געדריקט העפטל אין העברעיש — אַ זאַמלונג פון זיין זיידנס, דעם סאָקאָלאָווער רבינס, רעדעס — געהאַלטן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אויף צוזאַמענפאָרן.

ער איז פאַרבליבן אין סאָקאָלאָוו. איך האָב נאָך דערהאַלטן פון אים

**פון דער גרויליקע צייט (1940) איין בריוו אין דער פוילישער שפּראַך (מסתמא איז דעמאָלט אַנדערש נישט געווען מעגלעך).**

**דער אונטן איבערזעצטער בריוו איז צו מיר דערגאַנגען דורך ליטא, וו עס האָט זיך דעמאָלט געפינען זיין ברודער מענדל (היינט אין ישראל).**

**דער צאַרטער יונגער דיכטער איז געפאַלן אַ קרבן פון די דייטשן.**

**זאָלן די שורות זיין אַ מצבה אויף די אומבאַקאַנטע קברים פון די צוויי יונגע מיטגלידער פון דער סאָקאָלאָווער שרייבער משפּחה — די לעצטע אויף דער סאָקאָלאָווער ערד.**



**ישראל יענקל מארגענשטערנס לעצטער בריוו פון נאַצישן גיהנום:**

**סאָקאָלאָוו, דעם, 4.4.1940**

**„ליבער פריינט ראַטשטיין!**

צוליב מניעות, וועלכע זענען דיר מסתמא קלאָר, האָב איך דיר נישט געענטפערט אויף דיין פּאָסט־קאַרטל מיט אַכט חדשים צוריק. יעצט וועל מיר קאָנען ממשיך זיין אונדזער קאָרעספּאָנדענץ.

קודם בין איך דיר מודיע, אַז איך, צוזאַמען מיט מיין משפּחה זענען געזונט.

מיין ברודער מענדל איז היינט פאַרוואָגלט אין ווילנע. ער איז היימלאָז און נויטיקט זיך אין הברישע הילף, און איך בעט דיך האַרציק, דו זאָלסט אים, לויט מעגלעכקייט, העלפן אין זיין שווערן מצב. מענדל וויל כאָרן צו זיין קוזין דוד פּערלאָוו. לכן בעט איך דיך, מיט אַלע כוחות אים צו העלפן דאָרט אַהין צו קומען.

**איך בעט דיך, נאָכן באַקומען דעם בריוו, זיך תיכף צו פאַרשטענדיקן טעלעפאָניש מיטן קוזין דוד. גלייכצייטיק בעט איך דיך זייער, זיך אויך צו פאַרשטענדיקן מיט די סאָקאָלאָווער לאַנדסלייט, וואָס העלפן אין אַזעלכע ענינים, כדי אים, ווי ווייט מעגלעך, צו געבן מאַטעריעלע הילף א. א. כ'האָף אַז ביי אַ געלעגנהייט וועל איך עס דיר קאָנען אָפּדינען.**

**וואָס הערט זיך ביי דיר? איך בין באַשעפטיקט איך קוך פאַר אומבאַמיטלטע אין סאָקאָלאָוו, וואָס גיט אַרויס קרוב 1500 מיטיקן טעגלעך — און ס'איז אַ שווערע אַרבעט.**

**כ'האָף אַז דו וועסט דיך באַמיען צום בעסטן צו דערלעדיקן דעם ענין וועגן מיין ברודער, פאַרוואָס איך דאַנק דיר זייער.**

**אליעזר איז אין דראָהאָטשין; אויך דיינע עלטערן געפינען זיך דאָרט דיין פריינט וואָס גריסט דיך האַרצ'ק —**

**(—) ישראל יענקל מאָרגענשטערן."**

שמעון וויים

# צווי מענטשן וואס האבן זיך אפגענארט

(דערציילונג)

אומגעדולדיק, נערוועז און הונגעריק, האָט שלום וואַסערמאַן געוואַרט אויף דעם מייסטערס אָנקומען. ר׳איז געזעסן ווי אויף שפּילקעס, געדרייט זיך אויף אַלע זייטן, יעדע רגע געכאַפּט אַ בליק צו דער טיר, אפשר וועט זי זיך אויפמאַכן? זיין געהער איז געווען אָנגעשטרענגט, וואך ווי אַ קאַץ, וואָס לויערט אויף אַ מויז. יעדעס מאָל, ווען ס׳האָט זיך דערטראָגן צו זיינע אויערן דער אָפּהילך פון טריט אין קאָרידאָר, האָט זיין האַרץ אַ צאַפּל געטון:

— אָט גייט ער...

אויסער דעם מעשענעם, גלאַנציקן הענטל, האָט ער גאָרנישט געזען. רגעסווייז בלויז האָבן צו אים, ווי דורך אַ נעפּל, קוים אַרויסגעבליקט די פאַרשידענע אַרבעטס־כלים מיט דעם לאַנגען צושנייד־טיש. ס׳האָט זיך אים נישט געגלויבט, אַז מיט דעם האַמער, וואָס ליגט אויפן פענצטער, מיט דער גרויסער שער אין האַנט, איז ער גאַנצע צוועלף שעה אין טאָג געשטאַנען דאָ ביים טיש און אויפגעשטעלט די וואַליזקעס. פרעמדלעך האָט אים אויך אויסגעזען שרה, דעם מייסטערס פרוי, מיט די געפּעלדלטע ליפּן, וואָס איז געזעסן אַ צעשמייכלטע ביים אויוון פון דער גרויסער ליכטיקער שטוב מיט דעם קינד אויף דער שויס. ר׳האָט געקלערט נאָך צוצוּוואַרטן אויף דעם מייסטער, אָפּנעמען ביי אים דעם חוב פון פינף גילדן וואָס קומט אים נאָך פון דעם פאַרגאַנגענעם חודש, און אַראָפּ קויפן אַ ברויט, אַ גאַנצן לאַבן ברויט.

מיטאמאָל האָט זיך אויפגעמאַכט די טיר. ס׳איז אַריין איזאַק דער מייס־טער. שלום האָט זיך אויפגעריסן פון אָרט, אָנגעשטעלט די בליקן אויף דעם פּעטן, אָנגעשטאָפּטן מענטש מיט די פיין־פאַרקעמטע בלאָנדע וואָנסעס — און געשוויגן. ר׳האָט נישט געקאָנט רעדן. נאָר איזאַק האָט זיך נעבן אים נישט אָפּגעשטעלט ער איז אַריין אין דעם גרויסן צימער, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס פוטער, צוגעגאַנגען צום ווייב און זייטיק אַ בורטשע געטון צו דעם גע־וועזענעם געזעלן:

— אומזיסט אייער וואַרטן. כ׳האָב סיי ווי נישט באַקומען. קומט אַרויף מאָרגן, אפשר וועל איך האָבן — און ער האָט פריילעך אַ סמאָטשקע געטון צום קינד.

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

שלום האָט קוים אַרויסגעשטאָמלט:

— אפשר האָט איר — כאָטש עפּעס?...

— ווען איך זאָל האָבן — האָט זיך איזאַק צעשמייכלט און אָנגעטאַפּט דעם וואַרימען אויוון — וואָלט איך דאָך געווען אַ גביר...

שלום האָט קוים געשלעפּט זיינע פיס. ר׳האָט אַריינגעאָטעמט אין זיך די פרישע פראָסטיקע לופט און אויף אַ רגע צוריק דערפילט די גלידער. ער איז אַ ווייל שטיין געבליבן ביים ראָג פון דער גאַס, זיך איינגעהערט אין קרעכצן פון אַדורכפאָרנדיקע טראַמוויען, נאָכגעשיקט זיין שטאַרקן בליק די פאַר־ביילויפנדיקע מענטשן און זיך געוווּנדערט, וואָס די גאַס האָט זיך מיט גאָר־נישט געענדערט... ר׳האָט גענומען גיין, איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועגס און שטיין געבליבן: „ווו גייט מען זיך שאַפן געלט״? ער האָט זיך געפּרוּווט דער־מאָנען אַ פריינט, אַ באַקאַנטן, ביי וועמען ער זאָל קאָנען באָרגן עטלעכע גראָשן און — נישט געקאָנט. ער האָט גאָרנישט נישט געדענקט. איינער אַליין האָט ער זיך דערזען, אויף אַ פרעמדער גאַס...

אַזוי שטייענדיק, איז אים איינגעפאַלן אַ קוק צו טון אין דעם געלט־ביטעלע. ער האָט זיך אָבער גלייך דערמאָנט, אַז דאָס האָט ער שוין נישט איינמאָל געטון, און דאָרט גאָרנישט געפונען. נאָך מיט אַ טאָג צוריק האָט זיך עס איינגאַנצן אויסגעליידיקט. דאָך — האָט זיך אים געשטאַרקט דער באַגער נאָכ־אַמאָל אַ קוק צו טון אין דעם לעדערנעם טעשל, נישט מער ווי אַ קוק טון און נאָכדעם עס צוריק אַריינלייגן אין קעשענע. שלום איז געווען זיכער, אַז ס׳איז דאָרט גאָרנישט פאַרבליבן, נישט ווילנדיק, האָט ער דאָס טעשל אַרויס־גענומען. ס׳איז געווען אַ האַלב־רונדיקס, געמאַכט פון ברוינעם לעדער. פאַ־מעלעך האָט ער עס אויפגעמאַכט, אַ שאָקל געטון און... ס׳איז אַרויסגעפאַלן אַ גילדן, אָבער וואָסער? אַ פאַלשער. דאָס איז געווען אַ בלייענער, טונקעלער גילדן, וואָס ער האָט באַקומען אַ רעשט פון אַ צווייער זלאָטע ביים קויפן פיר בייגל ביי אַ גאַסן הענדלער. ער האָט זיך בעת־מעשה גלייך געכאַפּט, אַז דער הענדלער גיט אים אַ פאַלשן, אנשטאָט אַ גוטן, און ער האָט אים גלייך געוואָלט צוריקגעבן, נאָר אַ קוק טוענדיק אויף דעם אָרימען בייגל־הענדלער, אויף זיין געל גערונצלט געזיכט, אויף זיינע גרויע אויסגעלאָשענע אויגן, וואָס האָבן הונגעריק געקוקט אויף אים, גלייך זיי וואָלטן אים שטום געבעטן, אַז ער זאָל דעם גילדן צונעמען, ווייל קיין צווייטן האָט ער נישט — האָט ער אים צוגענומען און אַריינגעוואָרפן אין טאַש און מיט די פיר בייגל אין האַנט אַוועק צו זיך אַהיים באַלד נאָכדעם, האָט ער וועגן דער „געשיכטע״ פאַרגעסן. פאַר זיינע אויגן איז נאָר כסדר געשטאַנען דאָס געשטאַלט פון דעם בייגל־הענדלער.

איצט ווען ער איז געשטאַנען אויף דער גאַס אַ הונגעריקער מיט דעם פאַלשן גילדן אין האַנט, האָט ער זיך ווידער דערמאָנט די געשיכטע פון דעם פאַלשן גילדן.

— אַט ווען איך זאָל טרעפן יענעם בייגל־הענדלער — האָט שלום אַ טראַכט געטון — וואָלט איך אים דעם גילדן צוריק אַריינגעפּאַקט.

אַ טרויעריקער האָט זיך וואַסערמאַן אַרומגעקוקט. ער האָט געזען שטיין עטלעכע יונגע בייגל־הענדלער, וואָס האָבן הויך אויפן קול אויסגערופן זייער סחורה:

— „וואַרימע, הייסע בייגל... פּיאַר אַ צענער, דראַ אַ צענער... וואַרימע, וואַרימע בייגל...״

שלום האָט זיך צו זיי גוט צוגעקוקט. קיינער פון זיי איז אָבער נישט געווען ענלעך צו דעם, וועמען ר׳האָט געזוכט. ער האָט שוין געצומען אַוועקגיין ווייטער, ווי ס׳איז אין זיין מוח דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז ער זאָל דעם גילדן גוט אויספּוצן מיט אַ טיכעלע, כדי ער זאָל גלאַנצן פּונקט ווי אַן אמתדיקער און דערנאָך פּרובירן אַוועקגעבן עמעצן פון די הענדלער. אפשר וועט זיך יענער נישט כאַפּן?

שלום האָט זיך פאַרשעמט פאַר דעם בלויזן געדאַנק, אָבער אַ פאַרבאַר־געבער ווילן האָט אים געטריבן צום אָרט, וווּ עס זענען געשטאַנען די בייגל־הענדלער. כמעט אַלע זענען געווען יונגע מיט צעקנייטשטע, בלייכע פּנימער, מיט אויפגעריסענע מיילער און האָבן אויסגעזען צו זיין זייער בייזע. שלום האָט זיך געשראָקן, זיי צו געבן דעם גילדן, אַזאַ איינער וועט זיך גלייך כאַפּן און דערפאַר נאָך אָנברעכן די ביינער. איז ער אַזוי געבליבן שטיין, נעבן די הענדלער מיט אַ קלאַפּנדיק הארץ און נאָר שטום געקוקט אויף זיי.

— אפשר ווילט איר בייגל, נעמט — האָט אים אונטערגעטראָגן ס׳קוישל אַ יינגל מיט אַ געל פאַרמעליקט געזיכט. וואַסערמאַן האָט אים שוין געוואָלט דערלאַנגען דעם גילדן. נאָר אין דער זעלבער רגע האָט אויף אים ס׳יינגל עפּעס פאַרשנדיק אַ קוק געטון און שלומען האָט זיך געדוכט, אַז דאָס יינגל ווייסט שוין, אַז ער וויל אים געבן פאַלש געלט... אַ פאַרשעמטער איז שלום אַוועקגעגאַנגען. ער האָט געהאַט דאָס געפיל פון אַ גנב, וועלכן מען האָט געכאַפּט ביי דער האַנט.

וואַסערמאַן האָט מורא געהאַט צו קוקן מענטשן אין די אויגן אַריין. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אַ פאַרביטערטער אויף זיין אייגענער שוואַכקייט, שטיל אָפּגעזיפצט, און גענומען אַוועקגיין פון דעם אָרט מיט דער פעסטער דעה — מער נישט צו פּרווון קיין מזל. ער האָט געקלערט אַרויפ־צוגיין אויף דער „סטאַנציע״, זיך אַוועקלייגן אויף דעם בעטל און זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך... ער האָט זיך געשטאַרקט, אַריינגעאָטעמט אין זיך פרישע לופט און געשטעלט אייליקע טריט...

שלום איז אַריין אין אַ שטיל געסל די גאַז־לאַמטערן האָבן געלויכטן און פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ שיינע ליכט. אין טייל ערטער איז געווען גאַנץ פינצטערלעך. ביי אַן אויסגעלאָשענעם לאַמטערן איז געשטאַנען אַן עלטערער בייגל־הענדלער. ער האָט נאָך געהאַט אַ פול קוישל. אין וואַסערמאַנס מוח איז

גלייך אויפגעשווימען אַ געדאנק, אַז ער זאָל צו איִם צוגיין... ער וועט זיכער נישט באַמערקן. שלום האָט זיך ווידער דערפילט שוואַך. נאָך דער געדאַנק איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן שטאַרקער, מער האָט ער שוין נישט געקאָנט הערשן איבער זיך. ער האָט געשטעלט איין טריט, צוויי, ר'איז שוין געשטאַנען גאָר נאָענט נעבן דעם הענדלער. שלום האָט געזען, ווי אַ האַנט, אַ צעאַקערטע, האָט זיך צו אים אויסגעשטרעקט, גענומען דעם גילדן פון זיין האַנט און אנשטאט אַריינצוואַרפן גלייך אין קעשענע, האָט ער אים צוגעטראָגן צו די אויגן, עטלעכע מאָל באַקוקט, געדרייט אים אויף אַלע זייטן, באַטאַפּט זיינע קאַנטן און קיין רעשט נישט געגעבן. פאַרוואָס? ער האָט זיך מן הסתם גע־כאַפּט, אַז דער גילדן איז אַ פאַלשער.

שלום איז געבליבן שטיין און זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. זיין הארץ האָט גיך געקלאַפּט. פאַר די אויגן האָבן זיך פונקען געצונדן. נאָך דער הענדלער האָט זיך נישט געאיילט. אים איז, ווייזט אויס, שלומס שרעק נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט גאָרנישט גערעדט, נאָר לאַנג מיט אַ גרימאַסע אויף זיין געל גערונצלט געזיכט, שטום געקוקט אויף אים. שלומס ־ערשראָקענע בליקן האָבן זיך נישט ווילנדיק אָנגעטראָפן מיט די אויגן פון הענדלער. שלום איז געווען זיכער, אַז אַ ליאדע רגע וועט זיך אויף זיין שאַרבן אַראָפּלאָזן אַ שווערע האַנט; אָדער — די ערד אַליין וועט אַ גרויס מויל אויפמאַכן און אים איינ־שלינגען אַ לעבעדיקן. ס'איז אַדורך אַ מינוט. דער מענטש, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן אים, האָט א זיפץ געטון, אַריינגעוואָרפן דעם גילדן אין קעשענע און דערלאַנגענדיק שלומען פיר גרויסע בייגל מיט אַכציק גראָשן אַ רעשט — שטיל א זאָג געטון:

— נעמט!

שלום האָט צוגענומען און לייכטער אָפּגעאָטעמט.

— הייסט עס — האָט ער אַ טראַכט געטון — אַז ער האָט זיך נישט געכאַפּט...

אויף גיך האָט ער זיך אַוועקגעדרייט פון דעם הענדלער, מורא געהאַט אַ קוק צו טון הינטער זיך. ער האָט געדענקט נאָר וועגן איינס: אַז ער דאַרף זיין וואָס ווייטער פון דער לאַמטער.

האָט זיך עס אים געדוכט? ניין! דייטלעך און קלאָר האָט שלום דער־הערט ווי עמיצער לויפט אים נאָך.

איז עס געווען דער בייגל־הענדלער? צו זיין אומגליק — יאָ. ער האָט דערהערט דעם אָפּקלאַנג פון זיינע אייליקע טריט. ס'האָט שוין איצט נישט געקאָנט זיין קיין רייד פון אַנטלויפן. שלום איז נישט ווילנדיק שטיין געבליבן. אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ, איז ער גרייט געווען אויף אַלעם.

דער הענדלער איז אָנגעקומען, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל און געפרעגט:

— איר דערקענט מיך? שרעקט אייך נישט... קוקט מיך אָן...

שלום האָט אויפגעריסן זיינע בליקן, זיך אָנגעטראָפן מיט דעם הענדלערס גרויע, אויסגעלאָשענע אויגן, דערזען זייער געל געגרונצלט געזיכט מיט די צוויי טיפע קנייטשן אויף זיין שטערן, און ער האָט אים דערקענט: דאָס איז געווען דערזעלבער הענדלער, וואָס האָט אים מיט אַ וואָך צוריק געגעבן דעם פאַלשן גילדן... יאָ, ר׳האָט אים דערקענט. דאָס איז געווען דערזעלבער...

איך... דערקען אייך... האָט שלום קוים אַרויסגעשטאַמלט און יענעם נישט געקאָנט קוקן אין די אויגן אַריין.

— איך אָבער, האָב אייך באַלד דערקענט! — האָט דער הענדלער געזאָגט מיט אַ קוים מערבאַר שמייכעלע — אָבער נישט צוליב דעם האָב איך אייך צוריקגערופן... כ׳האָב אייך נאָר געוואָלט ווייזן, געוואָלט זאָגן, אַז איינער דעם אַנדערן האָבן מיר זיך אָפּגענאַרט... אַזוי נישט ווילנדיק... מיאוס אָפּגענאַרט זיך. צוליב וואָס? איר זענט הונגעריק, יאָ? שעמט זיך נישט. זאָגט... דעמאָלט זענען געווען הונגעריק מיינע קינדער. אָט דאָס האָב איך אייך געוואָלט זאָגן... נישט ווילנדיק האָבן מיר זיך אָפּגענאַרט... נאַט אייך נאָך צוויי בייגל נעמט, איך האָב נאָך אַ גאַנץ קיישל — און ער איז צוריק אַוועק צו דער אויסגעלאָשענער לאַמטער.

שלום האָט אים נאָכגעקוקט, לייכטער, אַ סך לייכטער אָפּגעזיפצט, געריסן שטיקער פון די זעקס בייגל און געפילט, אַז אַ גרויסע שאַנד האָט אַ גוטע האַנט פון אים אַראָפּגענומען...

(„פאָלקס־צייטונג — וואַרשע).

י. י. מאָרגענשטערן

# ל י ד ע ר

## ס ו ף־ז ו מ ע ר

אַז די ביימער האָבן אויך פאַרלוירן זייער פרייז
און ווי אַ ווינדעלע צעציטערט זיך אין ווינט,
האָב איך פאַרלוירן אויך מיין צייט,
איך בין געוואָרן ווי אַ קינד,
וואָס איז בלינד,
אָן אַ מוטער אויפן ווינט.

און אַז די ביימער און די גראָזן האָבן זיך צעווייינט,
האָב איך אויך געווייינט,
און אויך איצט געפין איך אַזש בוים׳ס געשריי
און סע טוט מיר וויי.

## ת מ ו ז־אָ ו ו נ ט

ווי ווייסע אָדלער־פליגלען שוועבט דער הימל בלוי,
עס זעגען אָנגעזאַפּט די גראָזן פול מיט טוי,
לייכטער שוועבט זיך, לייכטער כ׳האַלט דעם קאָפּ,
ווייטער בליקט זיך, כ׳אָטעם גרינגער אָפּ.

ווייסע וואָלקנדלעך צעגייען זיך אַליין,
די הויכע יעשענס ווערט זיסער אויף דער וועלט צו
וועגלעך זאַמדיקע פאַרגעסן ליגן שטיל,
און מיט נחת־רוח רוישט פון ווו אַ מיל...

ס׳שלאָפן פייגל פרייליך אין די נעסטן איין,
ווייבער אַלטע זיפצן שטילער אָפּ,
דער טאָל ווערט טיפער, טיפט תהום אַראָפּ,
און אַ צופרידענער איך לייג ערגעץ מיין קאָפּ.

סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

# כ׳וועל מוזן ווערן שטיין

פּוסטע גאַסן גיי איך אויס און זוך,
קוק אין אויגן, אין שויפֿענצטער אַריין,
קוק און זיך און פֿאָרש ביי מענטשן אויס, —
ביז איך קליין?
בין איך גרויס?

עס ענטפֿערט קיינער מיר נישט; לאָזט מיך גיין
אַליין, אַליין,
און טיף אין מיר, אין שטומקייט מיינער כ׳פֿיל •
כ׳וועל מוזן ווערן דאָך אַ שטיין,
וואָס ליגט אין גאַסן־ראָג און שווייגט,

און הערט אַלץ אויס
און קאָן פֿאַרטראָגן מיטן שטיינער־האַרץ
אַלץ אַרום, דעם רויש,
דעם פֿלויש,
און זאָגט אַליין צו זיך: „איך בין גרויס"
און שרעקט זיך נישט צו זיין אַליין.

יאָ, כ׳וועל מוזן ווערן שטיין —
כ׳וועל מוזן ווערן שטיין!...

(„ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, 1937)

שמחה פאליאקעוויטש
(תל־אביב)

## גד זאקליקאווסקי ז״ל

אין 1960 איז פלוצעם געשטאָרבן דער שרייבער גד זאקליקאווסקי. זיין טויט האָט אים אוועקגעריסן אין מיטן זיין אַקטיווער ארבעט ביים אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך, די מצבה נאָך דעם חרוב געוואָרענעם שטעטל.



גד זאקליקאווסקי איז פון זיינע פריסטע יאָרן דערצויגן געוואָרן אין הסידים־לומדישע קרייזן אין שטעטל. שוין אויף דער ישיבה־באנק האָט ער זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיטן ציוניסטישן געדאַנק. זיין גייסטיקע וואַכזאַמקייט צום דאָזיקן געדאַנק איז געוואָרן זיין נאַטירלעקע אַטמאָספער, און ער איז איבערגעגאַנגען צו ממשותדיקער, קאָנסטרוקטיווער ארבעט אַלס העברעישער לערער און פרעדיקער פון דעם אידעאַל. די ערשטע פון זיינע אָנהענגער זענען געווען זיינע ישיבה־חברים. ער האָט געהערט צו דעם עלטערן דור טוער און לערער.

זיין אינטערעס צו געזעלשאַפטליכער ארבעט אין נישט געווען קיין צופעליקער — נאָר דער אויסדרוק פון זיין באַגער צי עפעס העכערס, בעיקר דערהויבן דעם יידישן פאָלקס־מענטש. צוליב זיינע פרייע געדאַנקען איז זאקלי־קאווסקי געקומען אין קאָנפליקט מיט די שטאָט בעלי־בתים, האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל, זיך באַזעצט אין קאסאוו און דאָרט געלעבט אַ קורצע צייט אַלס העב־רעישער לערער.

ווי אַ טרעגער פון פרייען געדאַנק אין יענער צייט, האָט ער געמוזט טרינקען דעם ביטערן כוס פון וואגלען און וואַנדערן. א באלאדענער מיט אַ קולטור באַגאַזש, וואַנדערט ער איבער פויליש־ליטווישע שטעט און שטעטלעך, זוכט אַ קיום פאַר זיך אין זיין משפחה. ער ווערט אָבער נישט באהערשט פון יאוש, ער ווערט נישט איינגעבראָכן, פאַרקערט, ער איז גייסטיק שטאַרקער געוואָרן,

זיך געפעסטיקט נאָך זיכערער אין זיין ציוניסטישן געדאַנק און אומעטום, ווו ער האָט געלערנט, האָט ער פאַרזייט די קערנער פון חלוצישן גייסט, אָנגעשטעקט זיינע תלמידים מיט זיין גלענצענדער אמונה אין יידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג.



גד זאַקליקאָווסקי אין דער יוגנט

אין זיין ווייטערדיק לעבן, איז זאַקליקאָווסקי נישט אַוועק פון זיין סביבה, פון וואַנען ער איז אויסגעוואַקסן און זיך דערצויגן, און געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף איר גייסטיקער אַנטוויקלונג. זיינע פון צייט צו צייט געדרוקטע דערציילונגען און זכרונות פון שטעטעלדיקן לעבן זענען דורכגעדרינגען מיט ראָמאַנטיק פון לעבן, פון די ישיבה־בחורים, חסידים, מתנגדים און אנדערע יידישע פאָלקס־טיפּן, וועמענס אנדענק ער האָט זיין גאַנץ לעבן מיט ליבשאַפט און כבוד אויפגעהיטן און וועגן דעם ליב געהאַט צו דערציילן.

אין יאָר 1931 פאַרלאָזט זאַקליקאָווסקי פוילן, וואַנדערט איבער דרום־אַמעריקאַנישע לענדער, אָבער זיין מקום מנוחה האָט ער געפונען אין לאַנד פון זיינע וויזיעס, אין לאַנד פון יידישן אויסלייז אין ארץ־ישראל, ווו ער קומט צום צווייטן מאָל אין יאָר 1938.

גד זאַקליקאָווסקי האָט געפירט אַ שטיל באַשיידן לעבן אין ישראל. די לעצטע יאָרן אַלס בעאַמטער אין דער סוכנות. אין די פרייע צייט איז ער געזעסן איבער ספרים, געלייענט און געלערנט, געשריבן און איבערגעשריבן ביי אַ טיש מיט צייטונגען, ביכער און בערגלעך אָנגעוואָרפענע נאָטיצן.

אַ פעסט געבויטער, מיט אַ זיכערן טראַט אין זיין גאַנג, איז אויך פעסט געווען זיין כאַראַקטער ביים דורכפירן זיינע לעבנס־אויפגאַבן ווי אַ שרייבער און געזעלשאַפטליכער טוער, הגם ער איז נישט געווען פריי פון אילוזיעס.

די ביאָגראַפישע נאָטיצן וואָס ליגן פאַרצייכנט פון זיין פאַריתוסטער פרוי און טרייע לעבנסבאַגלייטערין, ווי אויך באַ זיין טאָכטער, ווייזן דעם שווערן לעבנס־וועג פון זיין פריסטער יוגנט ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן. אָבער זאַקליקאָווסקי איז, נישט געקוקט אויף זיין האַרץ־קראַנקהייט, פון דער נאַטור געווען אַ פריילעכער, מיט אַ שמייכל אויפן פנים פלעגט ער אויפנעמען אַלע שווערסטע מאָמענטן אין לעבן. מיט אים איז געווען פריילעך, מיט זיין וויץ און הומאָר האָט ער געקאָנט צעטרייבן די שווערסטע שטימונג.

שוין איבער די 70״, איז נאָך גד זאַקליקאָווסקי געווען צוריינגעטאָן אין שעפערישן לעבן מיטן פולן אימפעט, מיט אַלע זיינע אברים, זיין ווילן איז געווען וואָס מער צו שרייבן, ער האָט זיך מיט דער פעדער נישט געשיידט, אפילו דאַן ווען מ׳האָט אים, אַ קראַנקן, גענומען אין ביילינסאָן שפּיטאָל, אָבער דאָס מאָל האָט זיין אָפּגעשוואַכט האַרץ מער נישט אויסגעהאַלטן.

זיין פלוצלינגער טויט האָט אַוועקגענומען פון די סאָקאָלאָווער לאַנדסלייט איינעם פון די געציילטע איבערגעבליבענע פון עלטערן דור וועלכער האָט מיט כבוד און ווירדע פאַרקערפּערט אין זיך דאָס אַמאָליק לעבן פון חרוב־געוואָרן שטעטל.

כבוד זיין אָנדענק.

## ר׳ יעקב פרידלוב ז״ל

ר׳ יאַנקל רחל־הינדעס איז געווען אַ בוי־מייסטער, אַ קינסטלער אין זיין פאַך, און אין שטעטל געלעבט אין זיין סביבה ווי אַ חסידישער ייד. א גאַנצן טאָג פלעגט ר׳ יאַנקל איינזאַפּן אין זיך די ריחות פון פריש געשניטן האָלץ, שטייענדיק אָן איינגעבויגענער איבער די לאַנגע קלעצער מיט זיין שאַרפן,ברייטן העקל, און דערביי זיך צוזינגען אַ חסידישן ניגון, און זיין לאַנגע שפּיציקע באָרד האָט זיך ריטמיש צוגעשאָקלט צו יעדן האַק אין האָלץ אַריין. נאָך דעם שווערן אַרבעטס־טאָג פלעגט ר׳ יאַנקל אָפּשאַרן פון זיך דעם שטויב און גיין אין בית־המדרש לערנען א פרק משניות.

אַזוי געדענק איך פון מיינע יינגלישע יאָרן ר׳ יאַנקל רחל־הינדעס.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך בין קיין סאָקאָלאָוו געקומען אַלס פּליט, האָב איך ר׳ יאַנקלען שוין געטראָפן אַ זקן, אויף וועמען איך האָב דערקענט די מיט טרויער אָנגעלאָדענע טעג.

ווען דאָס געטאָ האָט זיך געצאַפּלט אין איבערמענטשליכע יסורים פון די עפּידעמיעס, קעלט, הונגער און עלנט, האָט ר׳ יאַנקל זיך נאָך אָנגעהאַלטן אין לעבן מיט אַ געצווימטער שטילקייט אין רו — מיט בטחון אין גאָט וואָס האָט אים

געגעבן כח און מוט צו פֿאַרשאַפֿן פֿאַר זיך די גרויסע מצוה פֿון מסירת־נפש און גרייטקייט צו העלפֿן יידן ווען איבערן געטאָ איז שוין געהאַנגען אין דער לופֿט דעם גזר־דין פֿון טויט און אומקום.

אין יענע טעג פֿון פֿולשטענדיקע האָפֿנונגסלאָזיקייט, ווען יידן אין געטאָ האָבן אָנגעהויבן מאַכן באַהעלטענישן האָט ר׳ יאַנקל רחל־הינדעס גענומען אויף זיך ווי אַ הייליקע אויפֿגאַבע צו העלפֿן די פֿאַרצווייפֿלטע יידן אין דער דאָזיקער אַרבעט.

איך מיט מיין משפחה, און נאָך איייניגע פּליטים האבן דאַן געוווינט ביי פּסח שולץ אויף ראגאָווסקע 24. דאָרט האָב איך ר׳ יאַנקלען געזעען אַלס באַהעלטע־ניש־מאכער. יענע נאַכט, ווי אלע מיינע געטאָ איבערלעבונגען, איז געבליבן טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון.

אין פּסח׳ס חדר האט געהערשט אַ טיפֿע נאַכט־שטילקייט. זיין ווייב און קינד זענען געווען פֿארזינקען אין שלאָף. דער ווינט האָט מיט גערויש יעדע ווילע אַ טרייסל געטון דעם לאָדן.

פּסח, שלמה און בינעם זענען געזעסן אַרום דעם אַראָפּגעדרייטן נאַפֿט־לאָמפּביים טיש, איינגעטוליעט די קעפּ אין די אויפֿגעשטעלטע קעלנער.

בונעם, אָנגעשפּארט מיטן קאָפּ אויף דער האַנט, האָט ווי פֿון שלאָף־אַרויס גערעדט:

— די נאַכט פֿאַרגייט און מ׳זעט נישט און מ׳הערט אים נישט.

— אָן אים איז אויס באַהעלטעניש — האָט שלמה געענטפֿערט. פּסח, מיט דער שטייפֿער האַנט איבערן גלעזל פֿון לאָמפּ, האָט אַ זאָג געטון:

— זייט זיכער! אויב ער האָט מיר צוגעזאָגט צו קומען היינט ביינאַכט, איז זיין וואָרט פּונקט ווי געשווירן.

— נייו, אַזוי שפּעט ביינאַכט אין געטאָ הייסט איינשטעלן דאָס לעבן.

פּסח האָט, ארויסציענדיק דעם קאָפּ פֿון צווישן די אַקסלען, אַ מאַך געטון מיט דער האַנט ווי אויף צופֿאַרטרייבן בינמס ספֿקות:

— גראָד אין אזא צייט, קויפֿט זיך דער זקן די גאַנצע וועלט מצוות. גאַנצע נעכט איז ער וואַך. וואַנדערט ארום ווי אַ שאָטן, שאַרנדיק זיך ביי די ווענט פֿון הויז צו הויז, אויף בוידעמס און קעלערס. וווּ נאר אַ באַהעלטעניש, מוז ער צולייגן זיינע אַלטע סטאָלאַרסקע הענט. איך האָב געהערט אויפֿן אויער דער־ציילן — האט פּסח אַ זאָג געטון סודות־פֿול — אַז זיינע געהיימע טירלעך האָבן אַזעלכע געקינצלטע איינפֿאלן, אז ווען די מחבלים וועלן זיך שטעלן אויף די קעפּ, וועלן זיי נישט דערקענען דאָס באַהעלטעניש. און ווי מ׳דערציילט, וויל ער גאָרנישט נעמען קיין געלט פֿאר אַזאַ אַרבעט, אָט דאָס הייסט איינקויפֿן עולם־הבא אויף דער עלטער.

שלמה האט זיך צוגעבויגן צו פּסחן:

— וועט מען טאַקע זען, וואָס פֿאר אַ געהיימען אַריינגאנג ער וועט דאָס אויסקלערן צו אונדזער באַהעלטעניש. וויפֿל איך האָב שוין געפּלאַנעוועט,

קוקט מיר דאָס אויס עפּעס פּאַדעכטיק. אין אַזאַ פינצטערניש זאָל ער נאָך דער־טאַפּן אונדזער הייזל.

— צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, דאַרף ער איצט זיין דאָ נישט ווייט, פון משה פּיעקאַרסקיס הויז האָב איך נעכטן ביינאַכט געזען אַרויסטראָגן אויפן פעלד זעק מיט צעגראָבענע ערד. און יעקב לייב, דער שוסטער, האָט זיך אויך היינט געסודעט מיט אים.

אין מיטן רעדן האָט פּסח א ציטער געטון. אַוועקגאַפנדיק ביידע הענט פון לאָמפּ. אלע האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן צו דער דרויסנדיקער טיר, ווו די הילצערנע שטאַבע, פאַרזיצט אין צוויי אייזערנע אויערן, האָט אַ קרעכץ געטון.

— דער ווינט האָט אַ שפּאַר־געטון די טיר.

— ניין, ס'איז נישט דער ווינט, מ'קלאַפּט ווידער.

ווען בונעם האָט נאָך מער אַראָפּגעדרייט דעם לאָמפּ, האָט זיך דאָס קלאַפּן אַריבערגעטראָגן צום פענצטער.

— ווער איז עס? — האָט פּסח שטיל געפרעגט.

— איך האָב דיר דאָך געגעזאָגט צו קומען — האָט זיך דערהערט פון יענער זייט לאָדן.

פון הינטער דער פאַרהאַנגענער טיר האָט זיך באַוויזן מיט שווערע טריט ר' יאַנקל רחל־הינדעס, אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, אין אַ לאַנגען כאַלאַט. ער איז שטיין געבליבן אָנגעלענט אויף אַ שטעקן אַ שווער סאָפּנדיקער און אָנגעשטעלט צו די דריי יידן אַנטקעגן אים דאָס געדיכט־באַוואַקסענע פּנים מיט דער שפּיציקער גראָער באָרד. אריבערקוקנדיק איבער די ברילן אויף דער שפּיץ נאָז, האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ הייזעריקער שטים:

אַ גוטן אוונט אייך יידן!

זיצט ר' ראַנקל. גאָט צו דאַנקען, וואָס מען זעט אייך שוין. אַזוי שפּעט ביינאַכט אין געטאָ היינטיקע צייטן. ר' יאַנקל האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטול, א וויש געטון איבערן צעקנייטשטן שטערן. ער האָט צעשפּיליעט דעם כאַלאַט, אַרויסגעצויגן פון אונטערגעגאַרטלטן בוזעם אַ קורץ האַנט־זעגל, א העקל, א האַמער, אַ צווענגל און פולע הענט מיט אייזערנע נעגל. פון די הויכע שטיוול כאַלעוועס האָט ער ארויסגעצויגן אַ הילצערנע מאָס, דאָס אַלץ אויס־געלייגט ארום זיך און געענטפערט:

— אויף די וועגן, פון וואַנען איך קום יעצט, איז דער וואָס איז איבער־אונדזן, מיין היטער?

— א קלייניקייט, העלפן ראַטעווען יידישע לעבנס פון אַזאַ געפאַר! ס'איז דאָך גאַרנישט אָפּצושאַצן דעם שכר פאַר אזא זאַך! זאָל אייך גאָט באַצאַלן.

דער אָרעמער, גוטמוטיקער פּסח האָט מיט שטילע טריט געשפּרייזט איבערן צימער און פּלוצעם שטיין געבליבן אַ צעטראָגענער, ווי ער וואָלט נישט פאַר־שטאַנען וואָס דאָ טוט זיך:

— איז טאָקע צו גלויבן, אַז אונדזער וועלט גייט שוין חלילה אונטער? ס'איז

דאָך גאָרנישט צו פאַרשטיין מיטן פשוטן שכל. זענען דאָך שוין געווען אַ סך צרות אויף יידן: נו, האָבן יידן תהילים געזאָגט, תפילה געטון ביז גאָט האָט געהאָלפן, אָבער איצט?

ר׳ יאַנקל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און שטראָפלעך געזאָגט צו פסח׳ן:

מ׳טאָר נישט פרעגן קיין קשיות ביים רבונו של עולם, אפילו ווען די צרות זענען גרויס. יידן מוזן האָבן בטחון. און דווקא אין אזא עת־צרה טאָר מען נישט פאַרלירן די אמונה. וואָס קאָנען מיר פאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך איצט אויף דער וועלט? דריי און אַכציק יאָר האָב איך דעם וואָס איז איבער אונדז קיין קשיות נישט געפרעגט און וויל ווייטער נישט פרעגן!

— שלאָף רואיק, דאָס איז ר׳ יאַנקל צו אונדז געקומען! — האָט פסח אַ זאָג געטון אין דער זייט פון בעט. ווו זיין ווייב האָט א פאַרשלאָפענע אויפגעהויבן איר קאָפּ. און ר׳ יאַנקל איז נאָך ווייטער אזוי געזעסן. גערעדט צו די יידן וועגן יענע צייטן ווען אין שטעטל איז אָנגעגאַנגען אַ פרידלעך לעבן. ער האָט דערציילט, וויפיל כוחות ער האָט אַוועקגעגעבן ביים אויפבויען די שטאָט נאָך אלע ווילדע שריפות. וואָסערע הייזער ער האָט אויפגעשטעלט. ער האָט דערמאָנט די גרויסע פאָלקס־שול אויף דעם קופּיעצטינער וועג, ווו הונדערטער שטאָטישע קינדער האָבן זיך געלערנט, און די גרויסע שול מיט דעם פיר זייליקן באַלעמער און ארון־קודש מיט די געציקלטע שניצערייען, די שטאָטישע מקווה און דעם נייעם בית המדרש. מיט א טיפן קרעכץ האָט ר׳ יאַנקל איבערגעריסן זיין דערציילן און פאַרזונקען אין שווייגן.

אַ לענגערע צייט איז ר׳ יאַנקל אַזוי געזעסן, אונטערשפּאַרנדיק זיין קאָפּ מיט ביידע שווער פאַרהאָרעוועטע הענט און א טיפער יאוש האָט פאַרהילט זיין פנים. ער האָט זיך דערזען אין זיין גרויסן עלענט צו 83 יאָר — ווען זיין לעבן איז חרוב געוואָרן.

ער האָט זיך דערמאָנט ווען די אַמאָליקע פול מיט לעבן אָנגעגילטע שטוב האָט זיך אויסגעליידיקט, נאָך אין די 30ער יאָרן איז געשטאָרבן זיין פרוי דבורה, פייגעס — א נאָמען וואָס אלע האבן אים דערמאָנט מיט טיפער אַכטונג. באַלד נאָך דעם האָט אים פאַרלאָזט זיין איינציקער זון דער ציוניסטישער טוער חיים וועלכער איז אַוועק קיין ארץ ישראל.

ער האָט געלעבט מיט האָפנונג, זיך נאָך מיט אים צו זען און אפשר אויסצולעבן די לעצטע יאָרן צוזאמען אין ארץ־ישראל.

איצט איז די האָפנונג פאַרלוירן און זיין איינציקע טאָכטער אלטע צוזאַמען מיט איר מאַן און קינד זענען פאַרטריבן אין די אַרכאַנגעלסקער וועלדער.

אליין אויף דער וועלט אין אָנבליק פון אונקום, נישטאָ פאַר וועמען אַראָפּצורעדן זיך פון הארץ.

אין מיטן פון זיין טראַכטן האָט זיך ר׳ יענקל דערמאָנט נאָך וואָס אייגנטלעך ער איז דאָ אין דער נאַכט געקומען, און צו די יידן געזאָגט:

— מיין פּלאַן איז אויסצושניידן אויבן אין שטוב דעם רעכטן ווינקל פּאָדלאָגע, ביים פענצטער, און פון דעם מאַכן אַ טירל אין באַהעלטעניש אַריין. דעם שניט וועל איך מאַכן נאָר אין איין אָרט איבער די ברעטער. די אַנדערע זייט וועט אַריין אונטער די וואַנט־לייסטלעך. איבער דעם טירל וועלן מוזן שטיין די בעטן. און די שעה זאָל קיין שעה נישט זיין, אויב איר וועט דאָס דאַרפן באַנוצן, וועט איר דורכן בעט מוזן אַריין אין באַהעלטעניש. אָבער דער לעצטער וועט נישט טאָרן פאַרגעסן אויסצוגלייכן דאָס בעט און צו פאַרמאַכן איבער זיך דאָס טירל.

ווען די צוגעשניצטע ברעטער זענען צוזאַמענגעקלאַפּט געוואָרן, לויט דער מאָס פון טירל, האָט ר׳ יענקל אַראָפּגעהאַנגען דעם לאָמפּ אין דעם אויסגע־שניטענעם לאָך אַריין. דאָס באַהעלטעניש איז געווען פאַרטיק.

ר׳ יאַנקל, איז געבליבן איבערנעכטיקן אויף פסח׳ס געלעגער. ווען דער פרי־מאָרגן האָט זיך געשפּאַרט דורך די שפּאַלטן פון לאָדן אין פסח׳ס שטוב אַריין, האָט ר׳ יאַנקל צוזאַמענגענומען זיין אַרבעטס־געצייג, אַ קוש געטון די מזוזה, און איז אַוועק איבער די געסלעך אין געטאָ, מיטנעמענדיק מיט זיך ברכות פון אַלע שטוביקע.

שוין איבער אַ פּאָר צענדליק יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט שוין ר׳ יאַנקל געראַטעוועט יידן פון מלאך־המות. עלטערע יידן דערציילן אַז בעת ס׳האָט דעמאָלט אין שטעטל געבושעוועט די כאָלערע־מגיפה איז דאָס איינציקע מיטל צו ראַטעווען באַשטאַנען אין כסדרדיקן רייבן מיט שפּירט דעם גוף פון דעם אַנגעשטעקטן חולה.

אויך דעמאָלט האָט ר׳ יאַנקל נישט געקוקט אויף דער גרויסער סכנה פון אַנשטעקונג און צוזאמען מיט נאָך יידן פון דער חברה־קדישא ארומגעגאַנגען איינרייבן די קראַנקע. אָפטמאָל האָט געגומען אַ מעת־לעת אָן הפסקה ביז ס׳איז געלונגען עפּעס אויפצוטון צו פאַרהיטן די כאָלערע, וואָס איז בעת צווייטן וועלט־קריג געקומען אין נאָך אַ שרעקלעכערן אופן, אין געשטאַלט פון די היטלער־מערדער.

## ר׳ אלתר — דער סאקאלאווער־דארפסגייער

ביים אָנהויב פון דער וואָך, באַלד ווי ר׳ אלתר האָט אָפּגעדאַווענט שחרית, פלעגט ער אויפהענגען אויפן אַקסל זיין לידיק זעקל, אַ וויש טון מיט די פינגער־שפּיצן איבער די מזוזה און אַרויס פון זיין הילצערן געהויקערט הייזל לאָזנדיק אונטער זיך דאָס נאָך פאַרשלאָפענע שטעטל, פלעגט ער מיט לאַנגזאַמע טריט אַוועק צו די אונטערשטאָטישע וועגן וואָס האָבן געפירט אין די אַרומיקע דערפער.

אויף אַ גאַנצע וואָך פלעגט אלתר פאַרלאָזן זיין ווייב און קינדער, שפּאַנען פאַוואָליע ווי אַ פאַרוואָגלטער אויף די צוואָרפענע וועגן; זומער ווען עס שמעקט מיט גרינס און בליעכץ און ווינטער איבער געפרוירענע וויסטעניש

אויף פאַרשניטע טראַקטן, פון דאָרף צו דאָרף מיט דעם זעקל אויף זיינע פּלייצעס וואָס איז נאָך יעדן טאָג אַרומגיין צווישן די פּויערישע כאַטעס פולער געוואָרן מיט זיין איינגעקויפטער רויכוואַרג סחורה, בינטלעך האָר און איינגע־טריקנטע פעלעכעך.

אַלע יאָרן פון זיין פאַרהאָרעוועט לעבן אין אָרימקייט פלעגט ר׳ אלתר מיט גלייביקן בטחון אַנטקעגן גיין דעם שווערן עול פון די טעג. מיט אַ תפילה אויף די ליפּן האָט ער אָפּגעגעבן אַ לויב צו גאָט וואָס האָט אים געשיצט אויף



ה. דאַניעלס: אַ ייִדישער דאָרפסגייער אין פּוילן.

די האָפּערדיקע וועגן, ווו זיין הויך דאַר געשטאַלט, אַנגעשפּאַרט אויף דעם סענקעוואַטן שטעקן, האָט געשפּאַנט אַליין צווישן הימל און ערד.

ר׳ אלתר׳ס האַרץ פלעגט נישט איינמאל ווערן פאַרקלעמט פון אַנגסט־אָטעם, גלייך ווי ער וואָלט זיך אויסגעלייזט פון עפּעס אַ ווייסטן נסיון צוליב די סכנות און פּורעניות וואָס האָבן געלויערט פאַר אַ ייִדישן דאָרפסגייער אויף די וועגן, וועלכע ער האָט געדענקט נאָך פון זיינע יונגע יאָרן ווען אָט די ברייט שטאָמיקע ביימער ביי די זייטן פון פעלד־וועג זענען נאָך געווען קליינע, יונגע מיט דינע ריטלעך.

אין טונקל פאַרגל־יווערטן, אָוונטלעכן דעמער, נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין צווישן די גוישקע כאַטעס, פלעגט ר׳ אלתר אַריינקומען אין אַ שטוב פון אַ ייִדישן דאָרפס־איינוווינער, אַ קוש געטון די מזוזה, אַראָפּגעלאָזט פון זיך דעם שווערן זאַק, וואַשן די הענט, און זיין הויכע געשטאַלט מיט דעם געלן שפּיציק קאָזע־בערדעלע אויף דעם האַרט אָפּגעצערטן פּנים פלעגט זיך צעשאָקלען ביי דער מזרח וואַנט.

דאָס שוואַכע ליכט פון דעם אָנגעצינדענעם נאַפט־לעמפּל, איז ווי פאַר־

שלונגען געוואָרן פון דער טריבער אָוונט־טונקלקייט וואָס איז געהאָנגען ווי אַ גראָער וואָלקן אין שטוב־חלל. אונטער דער בלאָער קאַלכוואַנט ביים אויוון ווינקל, האָט זיך געשאָטנט אַ ווייבעריש געשטאַלט, אונטערגעבונדן מיט אַ וואָלענער פאַטשיילע, פון ווו עס האָט זיך אַרויסגעזען אַ בלייך פאַרשעמט פּנים. אירע הענט וואָס האָבן גיך און געניט געשיילט קאַרטאָפל פון כאַרטוך אין אַ גרויסן טאָפּ אַריין, פלעגן צוואַרפן נאָך אַ פּאָר קאַרטאָפל צו דער וועטשערע פאַר ר׳ אלתרן.

אין די לאַנגע ווינטער נעכט זענען יידישע דאָרפסלייט געזעסן אַרום אלתרן געשלינגען די ווערטער פון זיינע אָנציענדיקע דערציילונגען פון יידישן לעבן אין שטעטל, פון זיינע לאַנגזאַם שטילע און בנעימותדיקע רייד וועגן שטעטלדיקע גבירים וואָס האָבן נחת געהאַט פון קינדער, עשירות און רו; און וועגן די קאַליע געמאַכטע זינדלעך, וואָס צוליב זיי גייט עס אַזוי שלעכט אויף דער וועלט.

יינגלווייז האָב איך שטאַרק ליב געהאַט די נעכט ווען ר׳ אלתר איז געקומען אין דאָרף אַריין אין געווען אַ גאַסט ביי אונדז אין שטוב. איך האָב ליב געהאַט צו זעען ווי אַזוי ער פאַרגלייזט די אויגן צום בעליק ביים דאַווענען מנחה־מעריב אין טונקעלן שטובן־ווינקל; איך האָב ליב געהאַט זיינע דאַרע צוויי פינגער אויף מיין יינגליש בעקל ביים טיש. וויפל מאָל בין איך נישט דערשלאָפן נאָך זיינע מעשיות וועגן כישוף־מאַכער און שדים. וועגן זיינע איינזאַמע וואָגלענישן איבער פּוסטע זאַמדיקע וועגן דורך כחדפּולע יועלדער פון דאָרף צו דאָרף צווישן הפקרדיקע שקצים מיט בייזע הינט. עס פלעגט מיך אַזוי פאַרכישופט ציען צו הערן זיין מעשה וועגן אַ ייד אַ נשרף — אַ צדיק, וואָס איז אים פאַרברענט געוואָרן זיין לעצט ביסעלע פאַרמעגן און ער האָט אַלץ נישט געזינדיקט קעגן גאָט.

און דער ווינטער איז פאַרביי, דורך די שויבן האָט אַריינגעקוקט דער פרילינג, און די דאָרפישע וועלט איז געוואָרן אַזוי ראָז און בלאָ; אין זומער־דיקע פאַרנאַכטן אויף אַ באַנק אונטער אַ כאַטע אַנטקעגן טונקל־גרינע פעלדער ווען די פלאַמען פון שקיעה גייען ביסלעכווייז איין, פלעגן דאָרפישע מיידלעך אַרומרינגלען ר׳ אלתערן וואָס איז געזעסן האַלטנדיק אין די הענט אַ צעקנייטשט אויסגעריבן נאָטיץ־ביכעלע, ווו ער האָט געהאַט איינגעשריבן נעמען פון בחורים וואָס האָבן געזוכט שידוכים.

פלעגט ר׳ אלתר מיט זיין בליק, אַ סאַמעטענער היימיש מילדער אויף די בחנטע צעשמייכלטע פּנימער פון די דאָרפישע כלה־מיידלעך, שדכענען פון זיין ביכעלע־אַרויס שוואַרצע און בלאָנדע שטעטלדיקע בחורים.

און די דאָרפס־מיידלעך פלעגן זיך פאַרחלומטע, פונאַנדערגיין פון ר׳ אלתרן, צו דער שטאָטישער וועלט מיט אירע בחורים, די אויסגעטרוימטע פּרינצן.

סוף וואָך פלעגט ר׳ אלתר מיט אַ פול זעקל אויף זיינע פּלייצעס צוריק אַהיימקומען פון די דערפער אין שטעטל.

## דער פעלדשער אהרן וואנס הי״ד

אהרן וואָנס האָט געשטאַמט פון נאַשעלסק. ער איז געווען אַ „געבוירענער" פעלדשער. אין די יונגע יאָרן האט ער געלערנט אין דער גערער ישיבה. פון דאָרט אַרויס האָט אים, ווי דעם בעסטן ישיבה־בחור, גענומען פאר אַן איידעם יאַנקל פעלדשער פון גער. ער האָט ביי אים געגעסן קעסט. דעם יונגן וואָנסן האָט אבער געצויגן צו מאָדערנער בילדונג, איז ער אַריין אין דער ראַדעמער שולע פון פעלדשערס און דאָרט באַקומען אַ דיפּלאָם. אין סאָקאָלאָוו האט ער זיך באַזעצט באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און גלייך אָנגעהויבן פּראַק־טיצירן אַלס פעלדשער.



אהרן וואָנס איז געווען אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלער ייד. זיין באַרוף און די מאָדערנע קליידונג זענען ביי אים נישט געווען קיין קאָנטראַסט צו זיין רעלי־גיעזן דענקען. מען האָט געקאָנט געפונען ביי אים אין שטוב מעדיצינישע און וועלטלעכע ביכער, און דערנעבן אַ שאַנק מיט תורה־ספרים: אַ שיין געבונדענעם ש״ס, איבער וועלכן ער פלעגט גאַנץ אָפט זיצן און לערנען, ווי אין די יונגע יאָרן אלס ישיבה־בחור.

דאָס געפיל פון צושטערטער רו האָט וואַנס געזוכט צו שטילן מיט זיין אומדערמידלעכע אַרבעט אַרום די טיפוס־קראַנקע. נאָך זיין אַרבעט אין געטאָ־שפּיטאָל, איז ער אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג אין די שטובן צו זיינע פּאַציענטן,

איילנדיק צו זיי מיט מעדיצינישע הילף. אַממייסטן האָט מען אים געטראָפן צווישן די אָרעמסטע יידן, ביי וועלכע ער האָט זיך שנעל געלאָזט דערקענען מיט זיין טיף־מענטשלעכער באַציאונג. ער האָט פאַרשטאַנען, אז זיין פליכט אין אַזאַ אויסטערלישער צייט איז היילן קראַנקע, זיין האַרץ האָט גלייך דערפילט דעם קרעכץ פון זיינע שטעטלדיקע יידן.

אהרן וואַנס׳ טעטיקייט אין געטאָ אַלס פעלדשער איז געווען אויסגעפילט מיט א סך שטילע, אבער גרויסע און שיינע טאַטן. נאָר ווייניקע האָבן וועגן דעם געוווסט. ערשט דערנאָך, ווען די עפּידעמיע איז איינגעשטילט געוואָרן, האָבן יידן צווישן זיך דערציילט וועגן פעלדשער וואַנס און זיינע אויפטועין פאַר די געטאָ־קראַנקע. איבערהויפּט צווישן די פּליטים האָט מען גערעדט מיט דאַנקבאַרקייט וועגן מוסטערהאַפטן יידישן פעלדשער.

## ישראל בראם

ווען עס איז אַנטשטאַנען דאָס געטאָ אין סאָקאָלאָוו, האָט ישראל בראם, ווי אַלע אַנדערע סוחרים, פאַרלוירן זיין קראָם. די סטראַגאַנעס זענען געבליבן אויף דער אַרישער זייט. ער האָט אריבערגענומען זיין ביסל פּאַרמעגן אין שטוב אַריין, אין דעם טייל געטאָ פון דער שול־זייט. דאָרט האָט ער אומלעגאַל אויס־פאַרקויפט זיין סחורה און שנעל אויפגעגעסן זיין „פאַרמעגן״.



צווישן אַלע אַנטי־יידישע פאַראָרדענונגען אין געטאָ, איז אויך געווען אַ שטרענגער פאַרבאָט פאר יידן צו לייענען פּוילישע, אָדער דייטשע ציי‍טונגען.

ישראל בראַם האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו שטילן דעם דאָרשט ניך אַ ידיעה פון דער אויסערלעכער וועלט.

ער פלעגט געהיים אַריינברענגען אַ באַגרענעצטע צאָל צייטונגען אוז זשורנאַלן, ער האָט זיי באַקומען פון די פוילישע צייטונגס־הענדלער, וועלכע האָבן, פאַרשטייט זיך, גענומען אַ פילפאַכיק טייערערן פּרייז.

ישראל בראַם, דער אומלעגאַלער צייטונגס־הענדלער, האָט זיך וקנה שם געווען איז סאָקאָלאָווער געטאָ מיט זיין פאַרשפּרייטן די פאַרבאָרגענע טאָג־פּרעסע און די פאַרשידענע נייעסן, וואָס זענען געקומען פון דער „אַנדערער זייט״. ער האָט געברענגט „גוטע אערטלעך״, וואָס האָבן נישט איין מאָל אָנגעפילט די דערשלאָגענע הערצער מיט האָפענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן.

אויף צומאָרגנס נאָך יום־כיפּור, 1942, איז ישראל בראם, דער גרעסטער אפּטימיסט פון געטאָ, געזעסן אויף דער שול־גאַס, צווישן די ערשטע פיר טויזנט יידן, געכאַפּטע אויף אַוועקצושיקן קיין טרעבלינקע. די קליינע קינדערלעך זיינע האָבן אַרום אים געקלעפּט. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, וואָס פאַראַ גורל עס דערוואַרט זיי צוזאַמען מיטן טאַטן — אין די טויט־קאַמערן פון דער דערנעבנדיקער טרעבלינקע...

## דאס בינטעלע האר

די שטילקייט אין שטעטל האָט געגליווערט צוזאַמען מיט דעם טריבן נאָך־רעגנדיקן האַרבסט־טאָג. אַ טרויעריקע לאַנגווייליקייט האָט געהויערט איבער די פאַרחושכטע שמאָלע געסלעך. אונטערן פאַרוואָלקנטן הימל האָבן די נידעריקע הייזלעך איינע לעבן צייטן אויסגעזען ווי גרויסע אָנגעוואָרפענע בערג נאַסע שמאַטעס.

פון מאַרק־פּלאַץ איז אָנגעקומען האַנס מיט זיינע שווערע העלפאַנטישע טריט. דאָס מאָל איז ער געגאַנגען אַליין, פויל, איינגעהאַלטן ווי דאָס טריבע קאַלטע וועטער וואָלט זיך איינגעפרעסן אין זיינע ביינער. האַנס האָט איצט געהאַט אַ קאַפּויערדיקן אויסזען. שטענדיק ווען ער פלעגט זיך באַווייזן, ווי דער דייטשער מושל אין די יידישע געסלעך, אין געיעג נאָך יידן, האָבן אויף די ברוקן שטיינער געקריצט די טשוועקעס פון זיינע סאָלדאַטסקע שטיוול און די יידישע הייזקעס האָבן ווי געציטערט פון זיין דונערנדיקער שטים. יידן פלעגן דאָך פאַרשווינדן אין די בוידעם־שטיבלעך און קעלערן. איצט, הערט אים קיינער נישט און קיינער ווייסט נישט, אַז האַנס געפינט זיך אין שטעטל און גייט אין מיטן גאַס ווי עס וואָלט אים ווער געפירט אַ געצוימטן אויף אַ שטריקל.

אַזוי גייענדיק, וואַרפט האַנס בייזע בליקן אויף ביידע זייטן יידישע הייזלעך. מיט אַרויסגעשטרעקטן קאָפּ פון אויפגעשטעלטן שינעל־קאָלנער, דרייט ער זיין מגושמדיק פּנים אויף רעכטס און לינקס און זעט נישט אויף דער גאַנצער לענג גאַס קיין צורה פון אַ ייד.

האָבן די יידן באַמערקט זיין אָנקומען און זיך אויסבאַהאַלטן פאַר אים? מ׳הערט דאָך אפילו נישט זיינע טריט — טראַכט דער דייטש.

האַנסן געפעלט דאָס איצט, וואָס ער, אַ דייטש, קאָן אָנוואַרפן אַ פּחד, אפילו ווען מ׳זעט אים נישט און מ׳הערט אים נישט. פאַר אים אַליין ציטערט אַ גאַנץ שטעטל יידן. אין דייטשלאַנד איז ער געווען אַ פּויערן־יונג, וואָס אפילו זיין פערד אין שפּאַן איז אים נישט שטענדיק געווען געהאָרכזאם. דאָ, אין פּוילישן שטעטל ציען אפילו די גויים פאַר אים דאָס היטל.

שטענדיק ווען האַנס איז פאַרבייגעגאַנגען דאָס שטעטל האָבן די יידן אים געהאַט טרויעריק צו גדענקען. אַמאָל פלעגט ער שלאָגן פאַר נישט ציען דאָס היטל, אַמאָל פאַר יאָ ציען דאָס היטל. האַנס האָט ליב געהאַט שלאָגן און דווקא אַזעלכע וואָס האָבן געציטערט פאַרן לעבן. דאָס האָט אים פאַרשאַפט פאַרגעניגן, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זיין היסטעריש גראָב געלעכטער. ווער וואָלט אים איצט געשטערט אויפצורייסן אַ טיר פון אַ יידיש הייזל און אַרויסשלעפן אַ פּאָר צעשראָקענע יידן און געבן זיי צו דערפילן, אַז האַנס איז דורכגעגאַנגען די גאַס ? אָבער, צו אַזאַ שפּיל מוז האַנס האָבן שטימונג. איצט, אין טריבן וועטער איז זיין שווערער גוף פוילט זיך אָנהויבן אַרומיאָגן מיט די צעשראָקענע יידן.

האַנסן פאַרדריסט אָבער, וואָס איבער דער גאַנצער לענג פון שטעטל באַגעגנט ער נישט קיין איין יידיש פּנים. ער וואָלט איצט נישט געשלאָגן אָבער אַ כאַפּ טאָן אַ ייד וואָס זאָל אים אַליין אַריינפאַלן אין זיינע הענט און דעם יידן מאַכן צו שאַנד, דאָס וואָלט ער יאָ געטאָן. אַזאַ שפּיל וואָלט אים אויפגעמונטערט, געמאַכט לעבנס־לוסטיקער.

האַנס האָט פלוצים פאַרריסן זיין קאָפּ, ער האָט דערהערט אַ קלאַפּ פון אַ צוגעמאַכטער טיר, פון אַ בוידעם־שטיבל. אויף די טרעפּן האָט ער דערזען אַראָפּגיין אַן עלטערן ייד מיט אַ לאַנגער באָרד, פון וועלכער עס האָבן ארויסגעגעלט שטיקלע־צעקנייטשט פּנים און אַ יידיש געבערגלטע נאָז. ער איז צו צום הייזל און געבליבן שטיין מיט אַ ציניש שמייכעלע צווישן די איינגעצויגענע ליפּן. דער ייד האָט אַ צאַפּל געטאָן, אָנקוקנדיק מיט ברייט צעעפנטע אויגן דעם דייטש אַנטקעגן אים.

— קאָם הער, יודע !

דער אַלטער האָט אונטערטעניק געצויגן דאָס היטל און זיך דערנענטערט צום דייטש פול מיט שרעק.

— זאָג מיר, יודע, וואָ איזט איין האַר־שניידער ?

דער ייד האָט אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער צום שכנותדיקן הייזל.

— קאָם, צייג מיר !

דער צעשראָקענער ייד האָט צוגעפירט דעם דייטש צו דער שוועל פון פריזיער און שטיין געבליבן.

האַנס האָט אַ קוק געטאָן אויפן אַלטן און אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ ווילד געלעכטער :

— דאַס בראַוך איך דעם האַרע־שניידער פאַר דיר, יודע !

אַ צעטומלטער האָט דער ייד דעם דייטש געבעטן ער זאַל אים צורו לאָזן. פון האַנס פארקרימטן פּרצוף האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר שפּיזיקע אויגן.

ער האָט אויסגעצויגן די האַנט מיט אַ שטייפן פינגער און אַ ווילדן געשריי געטאָן: אַריין!

ביים פריזיער איז האַנס שטיין געבליבן מיט צעשפּרייטע פיס, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, דעם ייד באַפוילן זיך זעצן אויף דער שטול וואָס אַנטקעגן איבער דעם שפּיגל אויף דער וואַנט, און דעם שערער אַ רוף געטאָן צו זיך:

— הער מאַל, שנייד אַרונטער די באַרד ביי דיזן יודן, זיין געזיכט זאָל בלייבן גלאַט ווי ביי מיר. פערשטאַנען? צום טייוול! איר יודן מוזט דאָך לערנען די דויטשע קולטורע וואָפיר זינדן וויר היר געקאָמען! יודן מיט בערדע, אַוף דער שטראַסע?! האַנס וועט דאַס נישט דולדן! פערשטאַנען?



צום אנדענק פון מיינע עלטערן רייזל און אברהם הערש פאליאקעוויטש

דאָס געלע פאַרוויאַנעטע פנים האָט אַ ציטער געטאָן ווי מען וואָלט זיין ל׳ייב מיט אַ מעסער איינגעשניטן. אויך דעם שערערס הענט האָבן געציטערט נישט וויסנדיק צי פון פחד פאַרן דייטש, וואָס איז געשטאַנען אַ־נטער זיינע פּלייצעס, אָדער פון איינשניידן די באָרד ביים שמש פון שטעטל. ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אויסקויפן פון דער אויפגעצוווּנגענער זינד האָט דער שערער מיט פאַרשטעלטע ווערטער געטרייסט זיך אין דעם שמש: „אַ צייט אַזאַ... ר׳ אברהם הערש, דער אויבערשטער וועט אונז נאָך העלפן...״

ווען דער דייטש איז אַרויס פון פריזיער מיט אַ שפּאָטיש געלעכטער האָט ר׳ אברהם הערש צוזאַמענגעקליבן די צעוואָרפענע האָר פון זיין אָפּגעשניטענער

באָרד אַזוי ווי מען קלויבט צונויף צעפּלויגענע בלעטלעך פון אַ הייליק ספר.

ווען ער איז אַהיימגעקומען איז ער לכתחילה געבליבן שטיין אָן לשון ביי דער טיר. די שטוביקע האָבן פון אָנהויב דערקענט אויף אים בלויז די מלבושים און זיין קול, וואָס האָט מיט עקל אַרויסגעברומט:

ר׳ אברהם הערשס ווייב, אַ מאַמע פון קינדער האָט פאַרבראָכן די פינגער פון די הענט. אַ פאַרשטאַרטע מיט אַ טרערן־פאַרצויגענעם בליק האָט זי מיט רחמנות געקוקט אויף איר מאַן און זיין פאַרענדערטן אויסזען, וואָס זי האָט אים נאָך קיינמאָל נישט אַזוי געזען פון זינט זייביידע האָבן צוזאַמען געלעבט.

די קינדער האָבן זיך באַמיט דעם טאַטן לייכטער מאַכן דעם צער.

— האָר זענען דאָך נישט ווי, חלילה, אָפּגעשניטענע אברים. אַ באָרד טוט ווידער אָנוואַקסן...

נאָר ביים טאַטן אין האַלדז האָבן נאָך אַלץ געשטיקט נישט קיין אויסגע־וויינטע טרערן... אין זיין וויסטן צער האָט ער געהאַלטן פאַרשלאָסן דאָס האַרץ. נישט געענטפערט גאָרנישט. אין שטימען, הילפלאָזן וויי, ווי אַ פאַראָבלטער, געבליבן זיצן ביים טיש און נישט צוגעלאָזן צו זיך אַלע טרייסט־ווערטער, און נישט אויפגעכאַפּט ווי תמיד, די בליקן פול מיט ליבשאַפט און רחמנות פון די שטוביקע.

מיט דעם בליק איינגעגראָבן אין דעם בינטעלע האָר איז ער אליין געבליבן. די לעצטע ליכט־שטראַלן פון פאַרגייענדיקן האַרבסט־טאָג האָבן געציטערט אויף די ווענט און מאָדנע באַלויכטן דאָס געפּייניקטע פּנים. אַ פאַרטראַכטער איז ער געזעסן אין דער טונקל־געוואָרענער שטוב. זיין פאַרגאַנגען פרום יידיש לעבן, וואָס האָט זיך ווי אַ רצועה געוויקלט אַרום זיין צעפּייניקטער נשמה, האָט פאַר אים איצט אויפגעטויכט. אָט, דאַכט זיך אים, אַז ער זיצט אין בית־המדרש, צווישן מנחה און מעריב, אונטערהאַלטנדיק מיט איין האנט די גמרא, און מיט דער צווייטער האנט פאַרבייגט ער די שפּיצן פון זיין באָרד צום מויל און ציט אונטער די נאָז דעם גמרא־ניגון. אָט איז אַ שבת פאַרנאַכט. יידן זינגען זמירות. אָפּגעגעסן שלוש סעודות און מיטן אַרבל פון דער זיידענער זשיפּיצע גלעט ער באָרד און וואָנצעס, באַזייטיקנדיק די קרישקעס, וואָס האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין דער האָר־געדיכטעניש.

אַזוי פאַרטראַכט אין די זכרונות פון אַ פאַרגאַנגען לעבן, האָט ר׳ אברהם הערש פאַרלוירן די עמפינדונג פון צייט, ווי לאַנג ער זיצט אַזוי מיטן בליק צוגע־שמידט צום בינטעלע האָר פון דער אָפּגעשניטענער באָרד. אַ בלייכקייט האָט פרעמד און גרוי זיך איינגעגעסן אין זיין פאַרענדערט פּנים ווי אַ שווערער גרויער וואָלקן וואָלט איצט לאַנג געהויערט איבער אים. דער בליק — אויסגעלאָשן, גלייך ווי ער וואָלט איצט מיטאַמאָל אינגאַנצן פאַרלוירן זיין יידישן אויסזען.

די טונקלקייט האָט אינגאַנצן פאַרשלינגען דאָס צימער און דער אַלטער שמש איז נאָך אַליין געזעסן איינגעהילט אין טיפן שווייגן.

עמיץ און שטוב האָט אָנגעצינדן די לאָמפּ. דער אַלטער אברהם הערש האָט

איינציקוויז באַנומען דעם זין פון די שטאַמלדיקע רייד אויסגעקרעכצטע און אויסגעוויינטע פון די שטוביקע, וואָס זענען אַ לאַנגע צייט נישט אָפּגעטרעטן פון זיין שטול. אַ מידער, מיט אויגן פון צער האָט ער עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר די בלאַסקייט אויף זיין אָפּגעגאָלט פּנים און זיין צערפּולער בליק האָבן פאַרשלאָסן אין אים די רייד. ער האָט צוזאַמענגענומען פון טיש די אָפּגעשוירענע האָר פון זיין באָרד, אַרומגעבינדן זיי מיט אַ פאָדעם פון גאַרטל און דאָס בינטעלע האָר אריינגעלייגט אין טלית זאק צווישןביידע תּפילין־זעקלעך.

## פרץ גראנאטשטיין
(קאלומביא)

# בוטשע רובינשטיין׳ס הויף

I

אין צענטער שטאָט, אַנטקעגן גרויסן מאַרק, אין אַ דריישטאָקיקער מויער, האָט געוווינט בוטשע רובינשטיין, בוטשע עסיקמאַכער, ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל, מיט זיינע חתונה געהאַטע זין און טעכטער. דער הויף איז געווען אַ שם דבר אין פוילן. סוחרים פון דאַנציג, וואַרשע, לובלין און שעדלעץ האָבן געפירט גרויסע מסחרים מיט די רובינשטיינס.



דאָס שטעטל האָט זיי גערופן „דער צאַרסקער הויף". נישט חלילה לגנאי, נאָר צוליב דאָס רחבותדיקע לעבן, וואָס האָט זיך דאָרט געפירט. פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה האָט בוטשע רובינשטיין געהאַט אַ פאַבריק פון עסיק, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה צוזאַמען מיט דער מויער, אין וועלכער זיין פאַרצווייגטע משפחה האָט געוווינט, פון זיין טאַטן בנימין רובינשטיין.

נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה ברייטערן אויס די בני בוטשעס זייערע געשעפטן. מען הויבט אָן האַנדלען מיט תבואה און וועלדער. עס געלונגט זיי מיט זייערע פעיקייטן צו אַנטוויקלען דעם מסחר און ווערן באַוווסטע סוחרים

אין געגנט. די פירמע רובינשטיין ווערט פּאָפּולער אין אַלע הייף, מען קויפט וועלדער ביי די אַרומיקע פּריצים, מ׳שיקט הונדערטער וואַגאָנען דעמבעס קיין דאַנציג. עס ציען זיך בערלינקעס מיט געהילץ איבערן בוג, פון רובינשטיינס וועלדער. איבער ריזיקע פּלעצער שטייען אַרבעטער, שפּאַלטן, האַקן די דעמבע־נע שוועלן פאַר דאַנציגער סוחרים.

צענדליקער סאָקאָלאָווער יידן ארבעטן ביי זיי אַלס טשעשלער, היטער, בעלי־עגלות און שרייבער. דאס קאנטאָר, וואס געפינט זיך אין פראָנט פון גאַס, רוישט ווי אַ בינשטאָק. דער טעלעפאָן קלינגט כסדר פון דאַנציג, וואַרשע און פון די פּריצישע הייף.

אַ חוץ דעם פאַרצווייגטן מסחר מיט וועלדער, זענען זיי די איינקויפער פון אַלע סאָרטן תבואות. זיי שטעלן אויף נעבן דער באַן גרויסע מאַגאַזינען, מ׳ברענגט ספּעציעלע מאַשינען צום רייניקן און סאָרטירן די תבואה. עס שטייט אַ סטייניע מיט די בעסטע פערד, עס ציען זיך אַריין און אַרויס הונדערטער פאַרלאָדעוועטע וועגענער מיט תבואה פון די פּריצישע הייף. ביי אַ גרויסן טייל יידן איז די פּרנסה פאַרבונדן מיט די רובינשטיינס הויף.

סאָקאָלאָווער מערק האָבן א שם אין פּוילן. הונדערטער פּריצישע הייף און שלאַכטנע רייכע דערפער געפינען זיך אין דער געגנט. דאָנערשטיק, אין מאַרק־טאָג, פאָרן זיך אָן טויזנטער פּויערים מיט שווערע באַלאָדענע וועגענער תבואה. הונדערטער יידן לעבן פון דעם איינעם מאַרק־טאָג. מ׳דאַרף נישט האָבן קיין ספּעציעלן שפּייכלער אויף צו האַלטן די סחורה. מ׳קויפט אַ זעקל תבואה, מ׳טראָגט עס אַריין אין הויף צו די רובינשטיינס און מ׳גייט ווייטער קויפן. אַלץ דרייט זיך אין מאַרק־טאָג, אַרום „צאַרסקן הויף". די טרעפ רוען נישט. ווייבער, וואָס האַנדלען מיט עופות, קצבים מיט חלוקלעך פלייש, פישערס מיט גרויסע קאַרפּן און העכט, ווייבער מיט עמערס מילך, ווייבער מיט גענדזן שמאַלץ אויף אויס־לאָזן, מאַרקזיצערינס מיט כל מיני פּירות: קאַרשן, מאַלינעס, טרוסקאַווקעס, צו מאַכן פאַרשידענע סאָקן און איינגעמאַכטס. אין די קיכן שטייען גראָבע אויסגעפּאַשעטע דינסט־מיידן מיט אויסגעשמירטע פעטע ליפּן, גרייטן, קאָכן די געשמאַקע געקעכצן. דער זיסער רייצנדער אַראָמאַט פון די געבראָטענע פליישן טראָגט זיך איבערן הויף.

די בני בוטשעס האָבן אָפענע הענט צו געבן נדבות. אויב מען דאַרף אויפשטעלן אַ ייד אַ יורד, חתונה מאַכן אַן אָרעמע כלה, איז ווער געוואָרן קראַנק און מ׳מוז אים נעמען קיין וואַרשע אין אַ שפּיטאָל אַריין, אָדער ס׳איז וועלכן בעל עגלה געפאַלן זיין פערד און מ׳מוז אים קויפן אַ צווייטס — גייט מען דאָס ערשטע צו די בני רובינשטיין.

אלע אָרימעלייט פון געגנט און פון שטאָט זענען אפטע געסט. איז ווער קראַנק צווישן די אָרימעלייט, לויפט מען אַהין נאָך אַ ביסל יויך. קילט זיך ווער צו, ער דאַרף אַ ביסל מאַלענע־סאָק, אויף שוויצן, גייט מען אין הויף.

אויך אין די אַלע קאַמפּיינען פון קרן קימת און קרן היסוד, פאַרנעמט

דער הויף דאָס ערשטע אָרט. אַז מען מאַכט אַ בלימל אויף אַ געזעלשאַפטלעכן צוועק, ווייל יעדעס פּאָרל מען זאָל אים צוטיילן די הויפּט גאַס, דאָרט יוו עס געפינט זיך דער „צאַרסקער הויף״.

אויבן אויפן צוויטן שטאָק זיצט ר׳ בוטשע רובינשטיין אויף אַ ווייכן געבעטן שטול ווי אַ קעניג. זיין הדרת פּניב בלענדט מיט אַריסטאָקראַטיש׳ער זקנה — די קדושה פון דורות. ער צאָלט אויס מיט די בלוי־אָדערדיקע פינגער דאָס געלט פאַר דער תבואה, וואָס די אויפקויפערס האָבן פאַרקויפט. בוטשע רובינשטיין איז אַ גערער חסיד, דאַוונט אין גערער שטיבל. אין די יונגע יאָרן איז ער געפאָרן קיין גער צום שפת אמת. ער האָט פיינט מחלוקת, מישט זיך נישט אין קהלישע סכסוכים. ער איז אויך אַ יודע ספר. אַלע שטאָט לומדים קומען צו אים אין שטוב צו לערנען אין די פרייע שעה׳ען אַ בלאַט גמרא. ער האַלט אויס בסתר איניקע חסידים. דאָס שטעטל ווייסט וועגן דעם.

דער שטאָט־למדן משה אהרן מלמד איז תמיד ביי אים אין שטוב. אַז ער האָט געזען, אַז משה אהרן גייט ווינטער אָן אַ וואַרים מלבוש, האָט ער אַליין באַשטעלט ביי אַ שניידער אַ פוטער פאַר אים. אויך דעם תלמיד חכם מענדל דעם רב׳ס, דער זון פון אידל פלאָצקער, דער געוועזענער רב אין שטעטל איז געוועזן ביי אים אַ בן־בית. אַלע האָבן געוווּסט, אַז בוטשע עסיק־מאַכער האַלט אויס מענדל דעם רב׳ס.

נאָך בוטשעס פּטירה האָבן די קינדער אַליין געפירט די געשעפטן. דער הויף איז געבליבן דער זעלבער. מ׳האָט נישט פאַרשעמט דעם אָנדענק פון טאַטן. אויך זיין שטוב מיט די דינסטן, מיט די נדבות, מיט די אַלע שטאָט גבאיטעס און נויטבאַדערפטיקע, האָט זיין פרוי פייגע, די באָבע פון הויף, ווייטער געפירט. די קינדער האָבן איר געצאָלט פון שותפות. זי האָט ווי אַ פירשטין ווייטער רעגירט מיטן „צאַרסקן הויף״.

## פייגע בוטשעס — די מאמע פון אלע דינסט־מיידלעך

### II

פייגע בוטשעס איז געווען אַ הויכע ברייטע יידענע מיט אַ קיילעכדיק, ווי אַ טיפער טעלער, אויסגעפראָפּט פּנים. אַ פליישיקער גוידער, ווי ביי אַן אויסגעשטאָפּטן אינדיק, האָט זיך געקנייטשט, געקאַרבט, אונטער איר חנעווו־דיקער גאָמבע.

זי האָט געהאַט אַ פּאָר אויפגעריסענע גרויסע בלויע וואַסערדיקע אויגן. ווי אַ גאָלדענע פּאַווע האָט זיך זיך געצאַצקעט מיט איר אויסגעפוצטן זייד־סאַמעטענעם טשיפּיק, באַהאָנגען מיט זילבערנע קרעלן און קאָלירטע פּאַטשערקעס.

אַז זי האָט גערעדט, האָט זי געצויגן יעדעס וואָרט, ווי זי וואָלט עפּעס געבעטן. איר לשון, איר דיקציע, איז געווען ווייבלעך, האַרציק, ווי זי וואָלט געזאָגט צאינה ראינה.

איר בליק, איר געשטאַלט, פּונקט ווי זי וואָלט געווען ספּעציעל געבוירן, כדי זי זאָל קאָנען באַדויערן וועמען, כדי צו קאָנען האָבן מיטלייד מיט יענעם. איר רחמנות אויף מענטשן האָט איר געפּאַסט. ווען נישט די אַלע נויטבאַדערפ־טיקע, קראַנקע, אלמנות, וואָס זענען געקומען צו איר אויסגיסן זייער ביטער הארץ, וואָלט זי נישט געפילט קיין טעם אין איר לעבן און עס וואָלט איר געווען לאַנגווייליק אויף גאָטס וועלט.



צי איז זי אַמאָל געווען אין כעס? פאַרצאָרנט? — שווער צו וויסן. אונ־טער איר מאַמעשער השגחה האָט זיך געפירט דער הויף. אַלע קינדער, איידעמס, שנורן און אייניקלעך האָבן געהאַט פאַר איר דרך־ארץ. האָט מען עפּעס געקויפט, האָט מען עפּעס געמאַכט, איז מען געגאַנגען פרעגן די באָבעשי פייגע. די בני בוטשעס האָבן זיך געניית די שענסטע קליידער. פון דאָרטן איז דאָס ערשטע געקומען די מאָדע. אַלע אין שטעטל האָבן זיך פאַרקוקט אויף די קליידער, וואָס מ׳טראָגט אין הויף.

פייגע האָט געמוזט באַטראַכטן, באַקוקן, זאָגן מבינות אויף די שטאָפן, אויף די פוטערנע קאַראַקולענע מאַנטלען, וואָס דער „צאַרסקער הויף״ פלעגט איינהאַנדלען אין שעדלעץ און אין וואַרשע.

זי האָט געהאַט אַ באַזונדערע קאַסע, באַזונדערע פאָנדן גמילות הסדים און נדבות. ווער אין שטעטל איז געוואָרן פאַרענגט, זיך גענויטיקט אין אַ גמילות חסדל, פלעגט ער גיין צו פייגע בוטשעס. אין הויף האָבן אין משך פון צווישן ביידע וועלט מלחמות געדינט אַ פאָר טוץ דינסט־מיידלעך פון מלך אביונס גיטער, פון דער יידישער אָרימקייט, וואָס האָט געוווינט נעבן דער באָד, אין יאַנקל דוד גיטקעס אַלטע צעבראָכענע הייזער.

פייגע האָט געהאָלפן די אַלע דינסט־מיידלעך, וואָס האָבן געדינט אין הויף, חתונה מאַכן מיט בעלי מלאכות, בעלי־עגלות און טרעגער. אַלע דינסטן זענען געקומען צו איר, ווי צו אַ געטרייער מאַמען זיך אָפּריידן פון האַרץ, איר דערציילן וויאַזוי זייערע מענער באַהאַנדלען זיי. אויך אַז זיי האָבן זיך גענויטיקט אין שטיצע, אַז עס איז ביי זיי קראַנק געוואָרן אַ קינד. דאָס איינציקע אָרט פאַר זיי, ווער עס זאָל פאַרשטיין, ווער עס זאָל מיטפילן, ווער עס זאָל זיי העלפן — איז געווען פייגע בוטשעס.

איר קיך איז תמיד געווען פול מיט שטאָט גבאיטעס און סתם ווייבער, וואָס זענען געקומען בעטן אַ ביסל יויך פאַר אַ קראַנק קינד. די אלמנה שיינע בלומע, די באַוואוסטע גראָבע יידענע אין שטאָט, איז שטענדיק ביי איר צוגאַכט. וואָס זאָל זי טון? גייען איר אַרויסוואַרפן? זי האָט רחמנות אויף איר. זי איז דאָך אויך אַמאָל געווען אַ נגידעסטע. הלוואי מען זאָל נישט פּרובירט ווערן, וואָס קאָן נעבעך וויסן דער זינדיקער מענטש, וואָס זיין מאָרגן וועט אים ברענגען? פאַרזאָרגט איר שטענדיק שיינע בלומע מיט אויסגעלאָזטן גענדזן־שמאַלץ, באַקט איר די לעקעכער און דערכאַפּט זיך איר האַרץ ביי איר אין קיך

אויך חיה׳לע די שדכנטע, אַ יידענע וואָס גייט אַרום אין די רייכע הייזער צונויפנעמען געלט, מאכלים, פאַר אָרעמע נויטבאַדערפטיקע יידן און נעמט צו דאָס געלט פאַר זיך, עסט אַליין אויף דאָס עסנוואַרג, וואָס מען גיט איר, קומט אַלע טאָג מיט אַ טעפּל אין קיך נאָך אַ שטיקל עוף פליש און אַ ביסל יויך פאַר אַ קראַנקער פרוי... אָפּטמאָל שרייט די דינסט

— באַלעבאָסטע איר זאָלט איר נישט געבן קיין פליש מיט קיין יויך. זי גיט דאָס נישט קיינעם, זי עסט דאָס אַליין אויף. אַלע מענטשן אין שטאָט וויסן וועגן דעם.

— גיי שוין, גיי שוין, אַ דאגה. זאָל זי עסן געזונטערהייט, איך וועל נישט ווערן אָרימער — רעדט פייגע צו דער דינסט און הוידעט איר קאַרבירטן גוידער.

אַז ביים טרעגער ישראל בריסקער ליגט דאָס ווייב קראַנק, נעמט ער אַ טעפּל און קלעטערט אַוועק אויף זיינע באַשטיוולטע קלעצערנע פיס אין הויף, רוקט אַריין זיין טעמפּן בהמהשן קאָפּ צו פייגע בוטשעס אין קיך, גלאָצט אויס זיינע רחמנותדיקע, קעלבערנע אויגן, בעט די דינסט זי זאָל אים געבן אַ ביסל יויך פאַר זיין קראַנק ווייב. פייגע נעמט ביי אים זיין טעפּל, גיסט אָן יויך, שטופּט אַריין אַ גענדזענעם פליגל מיט אַ פּופּיק.

— לאַנג לעבן זאָלט איר, פייגעשי — דאַנקט איר ישראל בריסקער דער טרעגער מיט אומבאַהאָלפענער הכנעה, — פייגעשי, אַז מיין ווייב וועט ליגן אין קימפּעט, וועל איך ווידער קומען צו אייך נאָך אַ ביסל יויך.

— גיי שוין בהמה, זאָל דיר גאָט העלפן, אַז דו זאָלסט נישט דאַרפן אָנקומען צו קיינעם.

— דאָס איז אוממעגלעך — ענטפערט ישראל בריסקער און רוקט זיך אַרויס מיט זיינע שווערע טריט פון קיך.

פון וואַנען האָט זיך גענומען, אַז אַלע אָרימעלייט זאָלן קומען נאָר צו פייגע בוטשעס? עס זענען דאָך געווען אין שטאָט נאָך פיל גבירים. צי איז אהרן קאַרפלס געווען אַ קליינער גביר? צי איז דער געוועזענער וואַלד־סוחר איידער ער איז געוואָרן אָפּגעברענט, פּנחס פוטערמאַן, געווען אַ קנאַפּער גביר? איצט די אַלע נייע אויפגעקומענע מלחמה נגידים?

צי זענען די אַלע מידות טובות ביי פייגע בוטשעס איבערגענומען געוואָרן נאָר פון איר מאַן בוטשע עסיק־מאַכער, אָדער זי האָט זיי מיטגעבראַכט נאָך פון אירע מיידלשע יאָרן, פון איר פאָטערס שטוב פון דעם פּעטע־קאָזער פאַכטער ר׳ אידל בער?

## אריה ציבולע

ביי ליבע דער בעקערין אויפן הויף, אין אַ קעלער, ביי אָרימע עלטערן, פּאַפּירענע בייטעלעך־מאַכער, אין דלות און נויט האָט זיך אריה ציבולע דערצויגן. אַ קליין געוויקסיק בחורל, מיט אַ קאָפּ געלע האָר און אַ טיפן רבנישן



שטערן. עס האָבן אים געקענט יונג און אַלט. ווען ער איז געווען אַ קליין יינגל, האָט ער שוין געשמט אין שטעטל פאַרן בעסטן תלמיד אין ישיבה. אַ

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

סך מאָמעס האָבן זיך געוווּנטשן זייערע קינדער זאָלן באַגערן צום לערנען ווי ער, יידן יודעי חן האָבן פאָרויסגעזאָגט — ער וואַקסט אַ תלמיד־חכם. ער האָט אַ גאוניש קעפל!

ער האָט טאַקע איבעראַשט מיט זיין תפיסה און חריפות. אָפּזאָגן הונדערט בלאַט גמרא אויסנווייניק איז ביי אים געווען איינע פון די לייכסטע זאַכן. ער האָט געהאַט אַ לייכט שפּילעוודיק געמיט. קיין שום סימן פון דערשלאָגנקייט צוליב זיין אָרים מיזערנעם לעבן האָט מען אויף איב נישט געזען. זיינע קלוגע אויגן האָבן געפינקלט מיט שטאָלץ און אָפּטימיזם.

פאַרלאָזט האָט ער די ישיבה צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער תלמידים דער שטורעם פון רעוואָלוציעס, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אויפטרייסלונגען אין אייראָפּע; די אויפוואַכנדיקע כוחות, וועלכע זענען געלעגן באַגראָבן אין דער טיפעניש פון די יידישע מאַסן דערשטיקט אין משך פון דורות, האָבן זיך ווי אַ ווולקאַן געטראָגן איבער די ישיבות אין די פּוילישע יידישע שטעטלעך. די גאולה־בשורה פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע; די בענקשאַפט נאָך יידישער דערלייזונג און נאָך אַ בעסער, שענער יידיש לעבן, און אן אייגן יידיש לאַנד דער אויפגעוואַכטער טויזנט־יעריקער טרוים האָט צעטרייסלט גרונטיק דאָס אַלטע יידישע רעליגיעז־קאָנסערוואַטיווע לעבן, וואָס האָט זיך פאַרמירט אין מזרח־אייראָפּע.

...ס'האָבן די גלעקער געקלונגען,
ווען בראַנדזענע יונגען,
איז באַפאַלן אַ ווילן,
צו שטילן, דעם צאָרן
פון פאַרלוירענע יאָרן....״
(משה קולבאַק)

די סאָקאָלאָווער ישיבה האָט אויך נישט אויסגעמיטן דעם איבערברוך און קריזיס וואָס דאָס פּוילישע יידנטום האָט דורכגעמאַכט. די אידעאָלאָגיש־פּאָליטישע צעשפּאַלטונג צווישן ציוניזם און „אגודת ישראל״; צווישן ציוניכ־טישע פאַנדן און רבייאישע פדיונות. ווי פון אַ צעקלאַפּטער פויגל־נעסט איז זיך צעפלויגן, צעלאָפן אַ גרויסער טייל פון די ישיבה־בחורים אויף פאַרשידענע אידעאישע וועגן; אייניקע זענען אַוועק צום עקסטרעם לינקן לאַגער. אַריה ציבולע האָט אויסגעוויילט דעם גאָלדענעם מיט, זיך באַהאַפטן מיטן פּאָליטישן ציוניזם און העברעישער ליטעראַטור. ס'איז געווען ביי אים דער לאָגישער המשך פון הלל הזקנס לויטערן אַלמענטשלעכן קוואַל, ביז חיים נחמן ביאַליקס „מאין נחלתי שירתי״ און יוסף חיים ברענערס „מעמק הבכה״.

ער האָט אין די יונגע יאָרן שטאַרק געהאַלטן פון זיך, געווען געכאַפּט

אין גאווה. די יוגנט האָט געהאַט פאר אים דרך ארץ. מ׳האָט אים רעספּעקטירט. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער איז אינטעליגענטער און פעיקער פון זיי. מ׳האָט אים געהאַלטן ווי אַ וווּנדער־קינד. מיט אים צו זיצן צוזאַמען איז געווען אַ גרויס פאַרגעניגן. אפילו ביי פרויען האָט ער שטאַרק אויסגענומען, כאָטש ער איז נישט געווען קיין שיינער. ס׳האָט געשפּרודלט פון אים מיט חכמה און הומאָר, נישט געווען קיין ווּלגאַרער ווי ביי אַ טייל יונגעלייט פון שטעטל. ס׳האָט געפלאָסן פון אים אַ פריידיק האַרציק געלעכטער ווי פון אַ קלאָרן ריינעם קוואַל. ער האָט געקענט אימפּראָוויזירן, קאָפּירן רעדנער און בכלל מענטשן. אויך אַריינזאָגן די שטעטלדיקע רעדנער, פאַרטיי־טוער, וועלכע האָבן געשעפּט זייער „וויסן" פון בראָשורן און צייטונג־אַרטיקלען. ער איז געווען פון די שענסטע רעדנער אין שטאָט, מיט אַ פּרעכטיקער דיקציע, פיינעם געשליפענעם ליטעראַרישן יידיש. ס׳האָט אים אַ ביסל געשטערט זיין פיגור אָבער דער עולם האָט אים ליב געהאַט צו הערן רעדן.

אויף די פרייטיק צו נאַכטסדיקע קעסטל־אָוונטן אין ציוניסטישן „מרכז" איז ער געווען דער ל״בלינג. ער האָט געהאַט אויך געוווּסט וואָס צו זאָגן, נישט ווי אַלע אַנדערע פּוסטע נודניקעס... איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן יענע איבערלעבונג, דאָס בילד טויכט אויף פיל מאָל אין מיין דמיון:

דער גרויסער יידישער דיכטער ה. לייוויק, אויף זיין צוריק רייזע פון רוסלאַנד האָט באזוכט סאָקאָלאָוו. פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך איז געקומען יידישע יוגנט הערן דאָס דערהויבענע געלייטערטע יידישע וואָרט פון דעם גרויסן גאַסט. די הילצערנע שאָפע פון די פייערלעשער, לעבן שוחטס הויז איז געווען פיל. אַ שטיל־שווייגן ווי יום־כפור פאַר כל נדרי. דער עסעאיסט מיין חבר און פריינד גרשון פּאָמעראַנץ, צעשטראַלט פון פריידע, מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר, האָט געטיילט ווערטער צו באַגריסן דעם חשובן גאַסט. אַלע רעדנער, ווי צעשראָקענע שאָף, פלאָנטערן מיט די צינגער מיט זייער צעהרגעטן לשון. אריה ציבולע שאַרט זיך אַרויף אויף דער טריבונע צו באַגריסן ה. לייוויקן:

„חשובע פריינט! — האָט ער אָנגעהויבן — לייוויק געהער נישט צו יענע דיכטער וועלכע האָבן זיך פאַרשלאָסן אויפן הויכן אָלימפּ אין אַ העלפאַנט־ביין־טורעם און זעען נישט די ליידן און מענטשלעכן עלנד. לייוויק האָט געטראָגן אין זיך דעם ווייטן שנייאיקן סיביר און קייטן אויף זיין קערפּער אין קאַמף פאַר דער באַפרייונג פון די אונטערדריקטע מאַסן".

דער גרויסער דיכטער האָט אים געענטפערט:

„מיך האָט געצויגן פון דעם גרויסן זאַטן אַמעריקע דאָ צו אייך, דאָ ביי אייך, אין דער אָרימקייט, ווערן געבוירן גרויסע זאַכן.

אריה ציבולע איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור. ער האָט געהאַט אַ פענאָמענאַלן זכרון, אַ ספּעציעלע פעיקייט נאָכצוזאָגן פּינקטלעך יעדע פּערזאָן, פּונקט ווי ער האָט געקענט

הונדערטער בלאַט גמרא פון אויסנווייניק, אַזוי האָט ער אויך געדענקט פיל דערציילונגען, פּאָעמען און עסייען. ער פלעגט זיי אַריינפלעכטן אין זיינע דרשות. איז דען אַ ווונדער פאַרוואָס ער האָט אויסגענומען מיט זיין שיין רעדן?

ער איז געווען אַ טוער אַ דערציער ביי דער צ״ס־פּאַרטיי. ווען זיין פּאַרטיי האָט זיך פאַראייניקט מיט די רעכטע „פּועלי־ציון", איז אים נישט אָנגעשטאַנען דער שידוך. ער איז געווען דער איינציקער אין שטאָט וועלכער האָט געזאָגט: „ניע פוידען". ס׳האָט אים, דעם „רייכן קאַפּיטאַליסטישן" זון נישט אָנגעשטאַנען זיך מתחתן צו זיין מיט די מאַרקסיסטיש־פּועלי־ציוניסטישע רעוואָלוציאָנערן. אפשר צוליב זיין העברעיזם? ער האָט נישט געהאַט בדעה גיין אין דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע. איז ער אַריינגעטראָטן אין דער „התאחדות", געווען העברעישער לערער. זיינע עלטערן ציען זיך דעמאָלט אַרויס קיין וואַרשע, מוטשען זיך, לעבן אין די ערגסטע באַדינגונגען. אריה איז זיך מפרנס פון העברעישע לעקציעס אין דער גרויסער שטאָט פון סאָציאַלע שטרייטן און קאַמפן. די אָרימקייט פון ניסקע, שליסקע, סמאָטשע און דאָס רייכע צעבאַלעוועטע קאַפּיטאַליסטישע רחבותדיקע און פאַרשווענדערישע לעבן אין דער גרויסער שטאָט, די סאָציאַלע קעגנזאַצן, דער אויפמאַרש פון די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע פּאַרטייען, די גרויסע זיגן ביי דעם סיים־און שטאָט־ראַט־וואַלן. די מעכטיקע אימפּאָזאַנטע מאַי־מאַניפעסטאַציע, די פאַרצווייגטע פּראָפעסיאָנעלע און קולטור פאַריינען רייסן אים מיט. חברים, וועלכע טרעפן זיך מיט אים, קומען אין שטעטל און דערציילן, אַז אריה ציבולע איז אַוועק אויף עקסטרעם לינקע דרכים. ער איז נאָך נישט קיין אָפיציעלער פּאַרטיי־חבר אָבער, ער שטייט אויפן שוועל...

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט אים אין פאַר־שידענע צייטן. 1929 — אויפן קאָנגרעס פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל אין וואַרשע, בעת ס׳האָבן אָנטייל גענומען דער פאָרזיצער פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל ד״ר עמיל וואנדערוועלדע און דער שליח פון דער הסתדרות, בן־צבי. איך און די פּועלי־ציוניסטישע טוער יצחק סקאלע און העניאָך זאַיאָנץ, האָבן דעמאָלט גענומען אַ גאַסט־קאַרטע און געגעבן זי אריה ציבולע. מיר זענען דאַן געזעסן צוזאמען אין קאַמינסקיס טעאַטער אויף אָבאָזשנע, וווּ עס איז פאָרגעקומען דער קאָנגרעס, איך איין ריי. ווען אַלע רעדנער האָבן גערעדט האָט זיך אריה ציבולע ווי זיין שטייגער געוויצלט, געשטאָכן מיט אַנטי־ציוניסטישע שפּילקעס. מיר האָבן געפּרוווט מיט אים פאַרפירן אַ וויכוח. ער האָט נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט און האָט זיך אַרויסגעדרייט און איגנאָרירט די דיסקוסיע מיט אַ פּאָר גייסטרייכע ווערטער־שפּילן. מיר האָבן געוווּסט, אַז זיין „לינקיזם" איז ביי אים צייט־שטימונגען, פּאָליטישע אַקראָבאַטיק, סאָציאָלאָגישע בלאָסקענדיקע ראַקעטן, וועלכע זענען געווען דאַן שטאַרק אין דער מאָדע ביי אַ גרויסן טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ.

**איך גאָר אַ קורצער צייט אַרום האָט ער זיך אויסגעטשאַדעט פון דעם**

מאָדערנעם סוואַנט, צוריק אַרויף אויפן דרך המלך, באַזעצט זיך אין אַ פּראָ־ווינץ־שטעטל ווי אַ העברעיִשער לערער, פּאָרט אַרום אין די שכנות׳דיקע שטעטלעך, האַלט פאָרלעזונגען איבער העברעיִשער ליטעראַטור. דער אויפ־שטייג אין ציוניזם, די גרויסע עליה קיין ארץ־ישראל באַווירקט אים אַריינצו־טרעטן אין דער פאַראייניקטער פּועלי־ציוניסטישער פּאַרטיי. מ׳שיקט אים קיין לאָדזש אַלס סעקרעטאַר פון פליישער־פאַראיין, וועלכער איז איבערגעגאַנגען צו די רעכטע „פּועלי־ציון״. אריה ציבולע ווערט אַ טיכטיקער איבערגעגעבענער געזעלשאַפטלעכער טוער, שרייבט אָפט אַרטיקלען, קאָרעספּאָנדענצן אין דער פּועלי־ציוניסטישער טאָג־צייטונג „דאָס וואָרט״ אונטערן פּסעוודאָנים „ארצי״. ער קומט קיין וואַרשע אויף אַלע קאָנפערענצן און באַראַטונגען. מאָדנע, שטענ־דיק ווען מיר האָבן זיך געטראָפן זענען מיר זיך תמיד פונאַנדערגעגאַנגען אין דער אויפפאַסונג פון פּאָליטישע און סאָציאַליסטישע האנדלונגען און טאַקטיק. ווען איך בין געווען אַ באָראָכאָוויסט, אַ „יידישיסט״, איז ער געווען אַ גורדו־ניסט, אַ העברעייסט; ווען איך האָב זיך „דערנענטערט״ צו העברעייש, גורדו־ניזם, איז ער געוואָרן אַ „פאַרברענטער״ מאַרקסיסט, אַן אינטערנאַציאָנאַליסט געטרוימט וועגן דער כינעזישער רעוואָלוציע. בעת דער גרויסער פּירער פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט, בן־גוריון, האָט געשלאָסן דעם „הסכם״ מיט זשאַבאָטינסקין, האָט ער אויפגערודערט די גאַנצע באַוועגונג. עס האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים פאַר און קעגן. איך בין דעמאָלט געווען אין וואַרשע, און האָב געהערט צו די נייך־זאָגער. אריה ציבולע איז געווען פאַר דעם הסכם.

באַלד ביי די ערשטע דייטשישע באָמבאַרדירונגען איז ער אַנטלויפנדיק פון שטאָט געהרגעט געוואָרן. ערגעץ אויף אַ וועג לעבן לאָדזש, אין אַ ברודער קבר, ליגט ער באַגראָבן. זאָלן אַלע סאָקאָלאָווער, אין אַלע לענדער, באשר הם שם, פון צייט צו צייט דערמאָנען זיין ליכטיקן אָנדענק!



אַ יוגנט־גרופּע מיט ה. לייוויקן (דער זײַטער לינקס) בעת זײַן באַזוך אין סאָקאָלאָוו אין יאָר 1930.

**גד זאקלוקאווסקי**

## הערשל גרינבערג — דער וויצע בירגערמייסטער
(דער סעקרעטאַר פון סאָקאָלאָווער שטאָטראַט)

הערשל גרינבערג, האָט קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט, שטענדיק האָט ער געלערנט און געהאָרעוועט איבער זיך. ביי וועמען צו לערנען איז נישט געווען, דער איינציקער לערער, בערל מעטער, האָט טאַקע געקענט פיין רוסיש, אָבער דאָס האָט הערשל באַוויזן צו קענען אָן אים. און צו בערל מעטערס דיקדוק האָט ער קיין חשק נישט געהאַט, דאָך האָט ער, אַ חוץ די חדר־ידיעות געקענט נישט־קשהדיק העברעיש, וואָס עס האָט אים געצוגט אויף מעיין צו זיין אין תנ״ך.



צו שטודירן האט ער, ווי א זון פון ארימע עלטערן, נישט געהאט קיין שום מעגלעכקייט. אַזוי האָט ער בעל־כרחו אָן לערערס געלערנט, און ביי זיינע זיבעצן־אכצן יאָר געקענט פערפעקט: רוסיש, פויליש, דייטש, און בוכהאַלטעריע, אַחוץ דעם האָט ער געהאַט אַ שטאַרקע נטיה צו מוזיק. האָט ער אויך אַליין געלערנט פידל שפילן און זיך אויסגעלערנט. אויך דאָ האָט אים אַ סך אַרויסגעהאלפן זיין צארט געפיל און, נאכנישט קענענדיק קיין נאָטן, צוגעפאסט מעלאָדיעס צו זיינע, אַ טייל פאָלקסטימלעכע לידער. אַזוי האָט ער געפונען הן אין די אויגן פון דער שטעטלדיקער יוגנט. און ווען אַ כלה־מיידל צי א חתן־בחור האָבן זיך געשעמט צו גיין לערנען צו בערל מעטער, זענען זיי

געקומען צו הערשלען. מען איז אויך צו אים געגאַנגען זיך לערנען שפּילן און איז הערשל געוואָרן לערער פון שפּראַכן, מוזיק און בוכהאַלטעריע.

הערשל סעקרעטאַר ביים בירגעמייסטער אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז פּאַקטיש געווען דער בירגערמייסטער, ווייל דער דייטשישער בירגערמייסטער איז „א הוליאק" געווען, און זיך קיין צייט נישט גענומען די שטאָט צו פירן און אין אַלץ זיך פאַרלאָזט אויף אים. הערשל איז געוואָרן דער פּאַקטישער שטאָט־פירער, און נישט מיטן כוח פון וועלכער פּאַרטיי אָדער געזעלשאַפט איז ער אין מאַגיסטראַט אריין. ער האָט אָנגעהויבן ווי א פשוטער באאמטער און פון זיין פילזייטיק וויסן און שפּראַכן־קענטעניש, האט דער מאגיסטראט א גרויסן נוצן געהאט, און אים אלץ העכער ארויסגעהויבן.

אַזוי האָט ער איבער אַ שטאָט געהערשט און קיינעם נישט באַהערשט מיר האָבן דאָס געהאַלטן פאר אַ גרויסע, מאָראלישע גבורה, און אין אים אַ גיבור בעמו געזען. בכלל איז געווען צו באַוואונדערן זיין רויקייט, אין רעדן און באַציונג צו מענטשן, אַלע זיינע טעטיקייטן זענען שטענדיק געווען רויקע און געמאָסטענע. אַזאַ אומאויפהערלעכע רויקייט אין לעבן איז נאָר מעגלעך, ווען זי וואָרצלט אין מענטשנס נשמה־טיפקייט...

איך וויל דאָ אויך צוגעבן אַז אַ חוץ הערשלס אומדערמידלעכע, מתן־בסתר־דיקע צדקה ומעשים טובים פאַר יורדים. (אַ גרויסער טייל פון די געלטער זענען זיינע געווען). האָט ער אויך געזען מ'זאָל פון די מאַגיסטראַט געלטער פון די שפּייז־זאַפּאַסן פונאַנדערטיילן די נויטבאַדערפטיקע אין דער דעמאָלטיקער הונגער־צייט אין שטאָט. אַזוי האָט מען אויך, לויט זיין איניציאַטיוו, אָנגעהויבן צוריק אויפבויען די מוסדות, וואָס זענען חרוב געוואָרן אין דער שריפה פון צענטן יאר און פארשיטן די טיפע און לאנגע גריבער, וואָס האָבן זיך געצויגן פון אלי שטעפּערס הייזער ביז צו דער סטריגע. ווי אויך, די אַזויגערופענע זאַמד־גריבער. אָבער לשם ולתפארת איז געווען דער רעמאָנט פון דער שול, בעיקר דער נייער פּרעכטיק שיינער ארון־קודש (צו וועלכן חוה פּעסקעס מיט אירע ווייבער האָבן אויך אַ האַנט צוגעלייגט) און די אויג־פאַרכאַפּערישע מאָלערייען פון דער שול, אויסגעפירט פון אַ מעזריטשער באַרימטן מאָלער, אַ קינסטלער אין זיין פאַך (רעקאָמענדירט פון משה דעם רבינס), די אויסגעמאָלטע חיות און עופות האָבן ווי לעבעדיקע אויסגעזען. דעם גרויסן פלאַץ אַרום דער שול אויסגעגלייכט און מיט אַ טראָטואַר ברוקירט. לסוף האָט הערשל איבערראַשט מיט זיין שיינער, רייכער מתנה, דעם גרויסן הענגלייכטער פון סופיט ביז איבערן באַלעמער. איז מען אין שול אַריין, האָט מען נישט געקאָנט די אויגן אָפּרייסן פון דער מאָלעריי און פון דעם הענגלייכטער.

אין 1919 איז הערשל מיט דער משפּחה אַריבער קיין וואַרשע, ווו ער

ווערט אַרויסגעבער פון ביכער און זשורנאַלן און גרינדעט אויך אַ דרוקעריי. ער דערוועבט זיך באַלד דאָרט גרויס צוטרוי צווישן די דרוקער, פאַרלעגער און פריינט פון דער שרייבערישער משפחה. געווען צייטן ווען זיין הויז און דרוקעריי זענען געווען אַ ליטעראַטן־פאַרייִן אין מיניאַטור, ס'האָבן זיך דאָרט געטראָפן רעדאַקטאָרן, שרייבער און פאַרלעגער.

הערשל גרינבערגס הויז איז אויך געווען דער טרעפפונקט פון די סאָקאָלאָווער וואָס פלעגן קומען זיך שואל־עצה זיין מיט אים וועגן זייערע ענינים. אַזוי האָט די גרויסע וואַרשע נישט באַוויזן צו מינערן פון הערשלס מידות טובות.

הערשל, זיין פרוי רחל און די קינדער חיהלע און מאָטעלע זענען גע־הרגעט געוואָרן בעת דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד אין 1943 הי״ד. לעבן געבליבן זענען דער זון אייזיק (אין רוסלאַנד) און די עלטסטע טאָכטער העלג, מיט איר מאַן משה זאיאַנץ (זון פון ר' אהרן אשר ז״ל), וועלכע געפונען זיך אין ישראל.

הערשל איז אומגעקומען אין עלטער פון פינף און פופציק יאָר. און דאָס איז זיין באַשיידענע מצבה, ווי באַשיידן ער איז אין לעבן געווען.

## אלתר בן־ציון שוסטער הי״ד

אַלטער שוסטער האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרעקשנט, געווען אַ „מעביר על מידותיו", זאָל מיינס איבערגיין", אָבער אין געזעלשאַפטלעך־אידעאישע



ענינים, איז ער געווען אַ שטאַרקער „עומד על דעתו", און ווי אַ שטרענגער

סאָלדאַט אויף שמירה, קיין טראָט נישט אָפּגעטראָטן. און אַזוי, מיט די דאָזיקע מידות־טובות, איז ער אַריין אין דער „פּועלי־ציון" פּאַרטיי און אין זיינע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן.

ווען מען האָט אים אַמאָל געפרעגט, ווו האָסטו אַזאַ שפּרונג געטון צו ווערן אַ פּאַרטיי־מדריך? האָט ער געענטפערט. ס'איז אַ ליידיקער פּלאַץ געווען, בין איך אין אים אריין, „במקום שאין איש, איז הערינג פיש".

מאָלט אייך אַז עס איז נישט געווען, ווי ער האָט זיך אַזוי עניוות־דיק אויסגעדריקט. נאָר געהאָלפן האָט דאָ זיין פעיקייט, תופס צו זיין, אויך וויפל אַלדאָס אַרומיקע לאָזט זיך אַריינפּאַסן, אין דער אָדער יענער געזעלשאַפטלעכער אידעאישער ראַם. אַלטער האָט זיך געקאָנט דערטראַכטן אין אַ מחשבה, ביז איר יסוד. זייענדיק אינגאַנצן אַנדערטהאַלבן יאָר אין ביאַליסטאָק, ווו ער איז שוין געווען אַ פּרנס אין דער דאָרטיקער קהילה האָט ער אין די דרייסיקער יאָרן שוין געווען אַ פּרנס אין דער דאָרטיקער קהילה, האָט ער אין די דרייסיקער יאָרן פעסטן יסוד, ווו דער בעל־מלאכה איז געוואָרן א חבר פאַר אַ קליינעם בייטראַג, און געקריגן סחורה אויף קרעדיט און אויף אויסצאָלונג.

און טאַקע די האַנטווערקער און די רעכטע „פּועלי־ציון" האָבן אים אין דער קהילה געשיקט. פאַר אַ פּרנס געמאַכט, זייענדיק אויך דער סעקרעטאַר פון די האַנטווערקער.

אַזוי האָט מען געזען אלתרס אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייט און זיין אידעאַלע איבערגעגעבנקייט און אים אויך דעלעגירט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון די רעכטע פּ. צ., ווי אַ פאָרשטייער פון דער פּראָווינץ, און אַזוי ווי אברהם ביאַלאָפּאָלסקי, דער מנהיג פון די רעכטע פּ. צ. אין וואַרשע, איז אויך געווען אין קאָמיטעט פון „קרן־הקימת" אין פּוילן, האָט ער געבעטן אַלטערן, ער זאָל זען מ'זאָל בעסער אָרגאַניזירן די דאָרטיקע „קרן־הקימת" אַרבעט. און אַלתר איז דאָ ווידער געווען „במקום שאין איש", און ער האָט אויך אָרגאַניזירט די דאָזיקע אַרבעט.

אַזוי האָט מען אים מקריב געווען אויף פיר מזבחות: פּאַרטיי, האַנטווערקער, פּרנס און קרנות (אין „קרן היסוד" טעטיקייט). דאָ פאַרלאָזט ער זיין שטעפּעריי־וואַרשטאַט, און פון זיין אַ פּרנס ביז פּרנסה, איז אַ ווייטער מהלך. דאָ איז חוה, אַלתר'ס פרוי, די סוחרישע טאָכטער, פון ר' שמואלקע חיימס (שניידער), דעם לעדער סוחר, אַוועק צו איר ברידער שמעונען (געווינט אין ביאַליסטאָק), גענומען אַ פּעקל לעדער אין אַ הורט פּרייז (אפשר אונטערן פּרייז), פאַרקויפט לאחדים, די בעלי־מלאכות, און געראַטעוועט די משפּחה פון חרפּת־רעב אַן איבערגעגעבענע פּאַרטיי חברטע, אָבער „לא על הלחם לבדו, יחיה האדם" און חוה האָט קוים אויף ברויט פאַרדינט. דערנאָך איז אלתר געוואָרן באַשטעטיקט ווי אַן אינספּעקטאָר פון „קרן־הקימת" אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן מיט אַ געהאַלט.

דאָ האָט זיך פאַר אַלתרן אָנגעהויבן אַ שפּאָגל נייע עסקנות. אַרויס־פאָרנדיק פון צייט צו צייט אין דער ביאַליסטאָקער פּראָווינץ, אין די ענינים פון קק״ל, פאַרנעמט ער זיך אויך מיטן פאַרשטאַרקן די ציוניסטישע אַרבעט, ער וויזט דערביי אַרויס אַן אויפשטייגנדיקע רעדנער־פעיקייט. ער גרינדעט דעמאָלט, אין יענעם ראַיאָן דעם „העובד״, און אויך דאָ האָט חוה, זיין פרוי, אים געהאָלפן. ווען ער איז אַרויסגעפאָרן פון ביאַליסטאָק, פלעגט זי גיין אין דער קהילה, דערלידיקן געוויסע פילאַנטראָפּישע ענינים פאַר נויטבאַדערפטיקע.

* * *

אלתר שוסטער איז געבוירן געוואָרן אין 1898 בערד. נאָך זיין פאָטערס טויט (יענקל שטעפּער) לערנט דער עלף יעריקער אלתר, דער „לערנער״, שטע־פעריי. ער האָט אָבער אויך גאַנץ פרי אָנגעהויבן לייענען כל מיני ליטעראַטור און נאָך גאָר יונג, געווען פאַרעכנט פאַר אַ קענער פון באַראָכאָוויזם.

אין 1925 איז אלתר עולה קיין ארץ ישראל.

אין 26־טן יאָר קומט אויך חוה מיטן קינד, און ביידע הויבן אָן קרענק און די דאָקטוירים הייסן איר מיטן קינד גלייך צוריקפאָרן. אלתר בלייבט אין ארץ־ישראל, ער פאַרדינט נישט שלעכט, שפּאָרט אָפּ געלט, כדי ווידער צו ברענגען חוה׳ן מיטן קינד אין לאַנד אַריין. אין 32־טן יאָר פאָרט ער אַרויס קיין ביאַליסטאָק, וווּ חוה׳ס משפחה האָבן שוין דאָרט פון פריער געוווינט.

אין 1937 איז אלתר געווען גרייט עולה צו זיין מיט דער משפחה און ווידער זענען געווען מניעות און אין פרילינג 1939 איז ער דערצו געווען קאָמ־פלעט פאַרטיק, דאָך האָט זיך זייער עולה זיין פאַרשלעפּט ביזן מלחמה אויסברוך.

אלתרן האָט מען אין יוני 1941 אַרעסטירט אין ביאַליסטאָק, און באַלד צומאָרגנס — חוה׳ן מיט די קינדער קיין רוסלאַנד פאַרשיקט, און ווען דייטשלאַנד הייבט אָן די מלחמה מיט רוסלאַנד, צעעפענען די רוסן די טורמעס. באַלד זענען די דייטשן אַריין, פאַרשפּאַרט די דאָרטיקע יידן אין געטאָ, צוזאַמען מיט זיי ווערט אויך אלתר שוסטער אומגעבראַכט.

## בערל מעטער־בוימאן

איך בין נאָך געווען אַ קינד, ווען מיר האָבן געוווינט אין יום־טוב׳ס הייזער, אידער אלי שטעפּער האָט זיי אָפּגעקויפט, און אין איינע פון די שטיבער, האָט אויך געוווינט בערל מעטער, הינטער ווענעמס פענצטער, מיר חומש ייִנגלעך, פלעגן נישט מיד ווערן צו שטיין און הערן זיינע קלאָרע חומש־טייטשן, און דאָס אונטערשיידן פון אונדזערע רביס האַלבע ווערטער און אומ־קלאָרע טייטשן, געמישט מיט רש״י־אויסרעדעכץ. נאָך מער האָט אונדז גע־חידושט די אָרדענונג און די שטילקייט ביים לערנען.

אָט ענדיקט בערל מעטער די פּרשה חומש און די קינדער הויבן אָן איבערחזרן, איז עס פּונקט ווי אַן איינגעסדרטער כאָר. און טאָמער וויל איינער איבערשרייען, הייסט ער אים אײַנגאַנצן שווייגן און דער „כאָר" לערנט זיך ווייטער.



מיר, קינדער, האָבן צווישן זיך געשמועסט, אַז אַזוי האָט אוודאי משה רבינו געלערנט תורה מיט די ייִדן אין מדבר. ער פּלעגט מיך אַרײַננעמען אין חדר און מיט מיר לערנען. מ'האָט צו אים אַרײַנגעגעבן לערנען, מײַנסטנס בעל־מלאכהשע קינדער, אויך אַ קליינע צאָל קינדער פון האַלב־משכּילישע טאַטעס, און פון די צוויי־דריי משפּחות „פּאָשעלענשטשיקעס". און אויב ס'האָט ווער פון די פרום־חסידישע קינדער בײַ אים געלערנט, איז עס נאָר געווען ריִסיש.

בערל מעטער איז נישט „געגאַנגען" קורץ געקליידט. זײַן קאַפּאָטע, האָט אויסגעזען אַ ביסל קירצער, צוליב די לאַנגע הויזן איבער די „שטיוועלעטן". דער איינציקער שינוי אין זײַן לבוש, איז דער גלייך־גלאַטיקער העמד־קאָלנער. ער האָט אויך פון זײַן לאַנג־ברייטער באָרד קיין האָר נישט גערירט האָט אָבער נישט געליטן מ'זאָל אים רופן „רבי", ווי די מלמדים, נאָר לערער, און אויך זיך נישט אַרויסגעהאָלפן, מיטן קאַנטשוק.

בערל מעטערס חדר, הגם אָן שול־מעבל, איז געווען אַ ביסל שול־מעסיק, צוליב דעם שטענדיקן זיצן פון תלמיד אויף איין אָרט, דאָס רופן אים לערער, די זויבערקייט פון טיש און באַנק און פון צימער אַרום, און דער ספּעציעלער תנ"ך־לימוד, וואָס אין די חדרים איז עס נישט געווען מיט אזא

קלאָרן טייטש. און טאָמער האָט ער געברויכט „אַ שטיקל" רש״י צי אַן אויס רעדעכץ, איז עס אין אַ ריינעם יידיש געווען. און אויב האָט אַ קינד אַ שווער קעפּל געהאַט, און מ׳האָט געדאַרפט אַ ביסל אונטערהאַרעווען מיטן מסביר זיין, פלעגט ער פון ביבולקע־ביכעלע, אַ בלעטעלע זייד־פּאַפּיר אַרויסנעמען; אַריינשיטן אַ ביסל „ווישע־סרעדניע" טיטון, און מאַכן אַ זייער דין פּאַפּיראָסל, פאַרויכערן און אַן רוגזה געפונען אַ לייכטע הסברה.

פּלוצים איז אונטערגעקומען אַ צאַרישע גזירה צו לערנען רוסיש אין די חדרים און ס׳איז צווישן די מלמדים און כלל־טוערס געוואָרן אַ געלויף צו „נאַטשאַלסטוואָ" וועגן אָפּרופן די גזירה. איינמאָל נאָך מנחה, האָבן זיך אין ביאַלער שטיבל געטראָפן אליעזר שכנאס ראָזנצוויג דער דאָזאָר, און בערל מעטער און זיך צענויפגערעדט ווי צו פאַרלייכטערן די גזירה (אויב מ׳וועט איר נישט קאָנען אָפּרופן) און אַזוי ווי ביז וואָס־ווען, איז געבליבן מ׳זאָל אַריינגייען אין דער נאָענט, צום אַלטן דאָזאָר ר׳ וועלוול ציבוליע, און מ׳וועט זעען וואָס מ׳האָט צו טון, און שפּעטער, האָט מען אויך צו וויסן געטון ר׳ נחמן דודן, דעם דריטן דאָזאָר, און זאַלבערפערט זענען אַריין צום רב, ר׳ בנימין אלין, וואָס האָט אויך גערעדט אַ גוטן רוסיש — און ס׳איז געבליבן ווי בערל מעטער האָט פאַרגעלייגט, אַזוי ווי ער איז אַן אָפיציעל־אַנערקענטער רוסישער לערער, וועט ער אַריבערפאָרן קיין שעדלעץ צום אינספּעקטאָר און נעמען אויף זיך דאָס לערנען רוסיש אין די חדרים. אַזוי איז ער געפאָרן און צוריק־געקומען מיט אַן אָפיציעלן „פּאַפּיר", אַז ער איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ ממונה איבערן רוסישן לימוד אין די חדרים. ווי אויך, אַז ביים עפענען אַ „חדר" מוז זיין די אונטערשריפט פון בערל מעטער. אויך האָט ער איבער־געגעבן, אַז ווי ס׳זעט אויס, וועט די גזירה בטל ווערן, ווייל אויך די פּאָלאַקן זענען שטאַרק דאַקעגן; ס׳איז באַלד געוואָרן כמעט אויס גזירה, און מ׳וועט אָפּקומען בלויז מיט די טיטלען פון דער קייזערלעכער משפחה.

פון דעמאָלט אָן איז געהאָנגען נעבן פּאָרטרעט פון רוסישן קייזער, אויך די „ראַזראַשעניע" און בערל מעטער האָט געקריגן פון די מלמדים וואָכן־געלט, און דאָס האָט געראַטעוועט דעם שטילן לערער בערל מעטער, פון חרפּת־רעב.

און בערל מעטער פלעגט קומען איינמאָל אין וואָך (אַמאָל איינמאָל אין צוויי וואָכן) לערנען די קייזערלעכע טיטלען אויף אויסווייניק. די קינדער האָבן געדאַרפט אַלע אין איין כאָר, דערנאָך איינציקווייז זאָגן די טיטלען פון דער רוסישער קייזערלעכער פאַמיליע.

בערל מעטער איז געווען אַ לערער מיט אַ שטאַרקן פּעדאַגאָגישן חוש און אַ טיפער קענטעניש פון העברעיש און רוסיש. ער האָט געהאַט אַ השפּעה אויף זיינע תלמידים, אין וועלכע ער האָט פאַרוואָרצלט אַ רצון צו קענטעניש און וויסענשאַפט. ער האָט אויך געלערנט מיט קינדער פאַר אַ העלפט געלט

און מיט אַ טייל קינדער, אפילו אומזיסט. (וואָס מ׳האָט נישט געזען ביי קיין שום מלמד און לערער אין שטאָט). ער איז אויך געווען דער בעסטער בעל־קורא אין שטאָט, און ווען מ׳האָט אים געוואָלט אויפנעמען פאַר אַ בעל־קורא פאַר געצאָלט, האָט ער נישט געוואָלט.

פון דער משפחה אין פוילן, איז דאַכט זיך, קיינער נישט געבליבן, דבורה איז געשטאָרבן אין אַמעריקע אין 1943 און איר מאַן אין 1948 (ער פלעגט דאָרט לערנען שבת פאַר אַן עולם אומגעצאָלט) איבערלאָזנדיק קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך גאַנץ יידישלעכע.

אברהם ביאלילעוו
(גבעתיים)

# ר׳ ישראל יצחק׳ל סופר

ר׳ ישראל יצחק׳ל סופר פלעגט זיצן אין דעם לאַנגן, טונקעלן צימער פון חיי־אדם שטיבל, אָבער נישט צוזאַמען מיטן עולם ביים טיש, נאָר באַזונדער הינטערן גרויסן ציגעלנעם אויוון.

אַליין אַ טונקל־הויטיקער, מיט אַ שווארצער באָרד, איינגעהילט אין דער שוואַרצער קאַפּאָטע, האָט ער זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער שווערער טונקלקייט פונעם שטיבל, און אַזוי זיצנדיק, איז ער געווען פאַרטראַגן אין מחשבות וועגן דער נישטיקייט פונעם מענטש קעגנאיבער גאָט און וועלט.

די גרויסע און טיפע עניוות האָט אים אַוועקגעשטויסן פון טיש, און ער האָט זיך שטענדיק געזוכט אַ ווינקל הינטערן אויוון. דעם קאָפּ האָט ער שטענדיק געהאַלטן אַראָפּגעבויגן, און די אויגן נאָך מער אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. זיינע מחשבות זענען געווען פאַרזינקען אין דער עבודת הקודש, וואָס ער פירט אויס ווי אַ סופר פון ספרים, תפילין און מזוזות.

ער האָט זיך קיינמאָל נישט געשטופּט צום טיש און האָט נישט זוכה געווען, מען זאָל אים מכבד זיין מיטן בענטשן. דערפאַר האָט מען זיך אין אים דערמאָנט ווען מ׳האָט געדאַרפט וועמען צו שיקן צום עמוד דאַוונען מעריב. ווען דער גבאי האָט אים געהייסן צו גיין צום עמוד, איז ער באַלד צוגעגאַנגען און אויסגעברומט „ויהי רחום יכפר עוון״.

ווען ר׳ ישראל יצחק׳ל סופר האָט, אַהיימקומענדיק מוצאי שבת פון מעהיב, איבערגעטראָטן די שוועל פון זיין קליין שטיבל, פלעגט ער שטיל אויסברומען „גיט וואָך״ צו זיין ווייב, וועלכע האָט אָקאָרשט פאַרענדיקט די תפילה פון „גאָט פון אברהם, יצחק ויעקב״.

תמיד אַ ווײַלע פאַרטראַכט, ווי ער האָט נאָך געוואָלט פאַרהאַלטן אַ ביסל דעם הייליקן שבת, האָט ער אין דער פינצטער אויסגעזוכט 2 ליכטלעך צו הבדלה און מיט אַ שטיל הייזעריק קול געזאָגט „הנה אל ישועתי״, „ויתן לך״ און אַלע אַנדערע מזמורים פון שבת־צונאַכטס, האָט ער געזאָגט מיט אַ פּשוטן, איינטאָניקן קול אָן אַ ניגון און אָן התלהבות, ווייל זיין גאַנץ וועזן איז געווען שטילער ווי וואַסער און נידריקער ווי גראָז. זיין נשמה האָט זיך נישט געקאָנט צעזינגען, ווייל ער איז שטענדיק געווען אין אַ מצב פון בדחילו ורחימו, ציטערנדיק און פלאַטערנדיק פאַר דער געטלעכער גרויסקייט. ער האָט כמעט קיינמאָל נישט אויפגעהויבן די אויגן, ווי מורא האָבנדיק אַ בליק צו טון אין דעם געטלעכן אָפּשיין פון דער אַרומיקער וועלט.

ווען די וועלט איז נאָך געווען איינגעהילט אין פינצטערניש, פלעגט

זיך שוין ר׳ ישראל יצחק׳ל סופר וועקן פון שלאָף, כדי צי קומען אין בית־המדרש אַריין צום ערשטן מנין, פאַרשטייט זיך, אַז זיינע הכנות צום עסן און בענטשן האָבן געדויערט לענגער ווי דאָס עסן אַליין — אַ שטיקל אַלט ברויט און אַ ציבעלע.

דאָס שרייבן די ספר־תורה איז ביי אים נישט געווען קיין מלאכה, נאָר אַן עבודת הקודש. ביים שרייבן דאָס ספר האָט ער געפילט מיט זיין גאַנצן וועזן, אַז מיט יעדן אות ווערט אַ מלאך באַשאַפן. ביים שרייבן איז ער אינגאַנצן געווען איינגעהילט אין קדושה און געציטערט פאַר יעדן פגם הס ושלום. דעריבער דאַרף קיין וואָרט נישט אַרויס פון זיין מויל. טאָג איין, טאָג אויס שוועבן מלאכים אַרום די אותיות, קוקן אַרויס פון די פאַר־מעטענע יריעות. די ספר־תורות ווערן אַריינגעשטעלט אין ארון־הקודש, אויס־געצירטע מיט זיידנס און סאַמעט, באַגלייט מיט מוזיק און טענץ. ער פלעגט אויך דעמאָלט בלייבן אין זיין קליינעם שטיבל שטיל און איינגעשלאָסן אין זיך אין אַ ווינקל דאָרט אינטערן ציגעלנעם אויוון.

קיינער האָט קיינמאָל נישט געוווּסט ווער ר׳ ישראל יצחק׳ל סופר איז. אַ סופר פון ספר־תורות, תפילין און מזוזות אָדער גאָר אַ גרויסער נסתר באַגלייט פון מלאכים און שרפים.

אייניקע יאָר פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג איז ער געשטאָרבן, און מיט אים איז אַוועק אַ זעלטענע געשטאַלט.

## אלתר חיים קאפאווי ז״ל

להיפך דעם אויסזען פון יידן מיט בלאסע איינגעפאלענע באַקן און הכנעהדיקע געבויגענע פלייצעס, איז ער דערשינען מיט זיין גלייכער פיגור און שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ. דערצויגן אין אַ סביבה פון קליינעם שטעטל (אין ווענגראָוו) צווישן די ווענט פון חסידים־שטיבל און בית־המדרש, האָט ער זיך מיט יוגנטלעכן ברען און ענערגיע אַ וואָרף געטון אין דעם שטראָם פון אויפגעוואַכטן ציוניזם און אָנגעהויבן ווירקן און אַרבעטן אין דער מזרחי־פאַרטיי, וואָס האָט זיך אָקאָרשט געהאַט געגרינדעט אין סאָקאָלאָוו. אין זיין עסקנות האָט ער זיך אָפּט אויפגעהויבן איבער אַלע פאַרטייען און פאַרנומען דעם אויבנאָן כמעט אין אַלע אַקציעס פון שטאָט.

זיינע אָפטע אויפטריטן אויפן פאָרום פון שטאָט־ראט, וווּ די מערהייט איז געווען אַ פּוילישע, זענען געווען מוטיקע און אַרויסגערופן צו זיך דרך ארץ אויך מצד די פּאָליאַקן.

מיטן גאַנצן ברען און ענערגיע האָט ער אויסגעקעמפט סובסידיעס פאר

ריין יידיש־נאַציאָנאַלע צוועקן ווי קרן־קימת, קרן־היסוד, תלמוד־תורה, מקוה, שול א. א. וו.

ער פלעגט אָפּט מקריב זיין זיינע פּריוואַטע אינטערעסן לטובת הכלל. בעלאַסטעט מיט אַ גרויסע משפחה, פאַר וועלכער ער האָט באַדאַרפט שווער אַרבעטן אויף פּרנסה, האָט ער זיין צייט נישט געשפּאָרט פאַר כלל אַרבעט; אין מיטן טאָג פלעגט ער פאַרלאָזן זיין קראָם און וואַרשטאַט און אַוועק אויף אַ לאַנגע זיצונג אין שטאָט־ראַט אָדער יידישע קהילה.

ער האָט אָנטייל גענומען אין אַלע דעלעגאַציעס און אינטערווענצן ביי דער אָרטיקער און צענטראַלער מאַכט, אָפּט אונטערוועגירן קעגן גזירות אָדער אומרועז, וואָס זענען געווען אַן אָפּטע דערשיינונג.

ער איז געווען ווייט פון שתדלנות אין זיינע פאָדערונגען צו דער מאַכט זענען געווען באַזירט אויף דעם פּרינציפּ פון רעכט נישט לאַנג פאַרן צווייטן וועלט־קריג, האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע, און זיך דאָרט אויפסניי איינגעאָרדנט, אָבער אין די פינצטערע צייט; פון היטלעריזם איז ער צוריק אַריבערגעפאָרן קיין סאָקאָלאָוו, וו: ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע. נאָר איין טאָכטער האָט זיך געראַטעוועט פון אומקום און לעבט אין ישראל.

## ר׳ יעקב לייב בלומבערג ז״ל

יעקב לייב דער מלמד איז געווען איינער פון די לומדים אין בעלי־פּלפּול אין סאָקאָלאָוו.

גערופן האָט מען אים אין טשאָט יעקב לייב מענדל מאיר אָפּאָטשנערס: יעדן איז גלייך קלאָר געוואָרן, אַז ער איז געווען אַ זייטיקער מענטש און שטוב. דעם רובל שכר־למוד האָט זיין מינדל צוגענומען און שוין געוווּסט, ווי אַזוי אים איינצוטיילן, אַז מען זאָל קאָנען איבערקומען די וואָך חיונה: 10 גראָשן אויף צוקער, 10 קאָפּיקעס אויף קליינינקע חלהלעך אויף שבת, 5 קאָפּיקעס אויף אַ ביסל הירזש מיט אייל און 5 קאָפּיקעס אויף אַ לאַבן ברויט.

יעקב לייב האָט געהאַט אַנדערע זאַכן אויפן קאָפּ. איינחזרן אַ שווערן מהרש״א מיט זיינע תלמידים, צוגרייטן אַ פּלפּול צו אַ שווערע סוגיא אין דער גמרא.

ער איז ארומגעגאַנגען אין זיין שטיבל איינגעהילט אין זיין אַלטן אָבגעבליאַקעוועטן שלאָפראָק, וועמענס קאָליר עס איז נישט געווען צו דערקענען די הענט פאַרלייגט איינע אויף די אַנדערע, האָט ער שפּאַצירט אין זיין קליינעם שטיבל אַרויף און אַראָפּ, נישט פילנדיק ווען ס׳איז הייס אָדער קאַלט; זיין קאָפּ איז געווען תמיד פאַרנומען מיט איינטייטשן אַ שווערע גמרא א. א.

אזוי אַז ער פלעגט אפילו נישט באַמערקן אויב די קינדער זענען שוין דאָ אין חדר.

אין די לעצטע יאָרן איז ער געוואָרן אַ סגי־נהור און אויך דעמאָלט, זייענדיק אַ בקי אין ש״ס און פוסקים, איז ער אַרומגעגאַנגען אין זיין שטיבל און געלערנט אויף אויסנווייניק אַ בלאַט גמרא. ס׳פלעגן צו אים אַריינקומען פאַרשידענע בחורים און יונגעלייט, כדי צו באַקומען הסברים צו פאַרשידענע שווערע סוגיעס פון תלמוד און דאָס איז געווען ביי אים די גרעסטע באַפרידעקונג. געשטאָרבן אין סאָקאָלאָוו איניקע יאָר פאַרן צווייטן וועלט־קריג. מיט זיין טויט איז אַוועק אַ זעלטענער למדן.

## הערשל רייזמאַן

(דער איינציקער יידישער באַאַמטער אין סאָקאָלאָווער מאַגיסטראַט)

דער איינציקער מענטש, וועלכער האָט זיך פאַראייביקט מיט זיינע אונטערשריפטן אין די דיקע היפּאָטעק־ביכער, איז געווען הערש רייזמאַן ע״ה. בערך 60 יאָר איז הערשל רייזמאַן געווען דער שטענדיקער עדות פון די פאַר־



אינטערעסירטע סאָקאָלאָווער יידן ביי דעם בירגערמייסטער; ער האָט צוזאַמענגעשטעלט די פאַרשידענע מעטריקעס, טויט־שיינען און חתונה־אַקטן ווי אויך אַלע אַנדערע דאָקומענטן. די אַרבעט האָט אים מחייב געווען צי קענען דעם אָפּשטאַם פון אַלע איינוווינער, און ווירקלעך איז ער געווען אַ גייענדיקער ספר־היוחסין פון דער יידישער באַפעלקערונג אין סאָקאָלאָוו. עס איז גענוג געווען צו פרעגן הערשל רייזמאַן, ווי ס׳האָט געהייסן וועמענס אַ משפחה־מיטגליד, און פון זיין זכרון זענען געפאַלן די ריכטיקע נעמען און יאָרן, נעמען און דאַטעס. ער

איז געווען די נישט געקרוינטע, העכסטע אינסטאַנץ צו אידענטיפיצירן כמעט אַלע איינוווינער פון שטאָט. ווען ער האָט געמאַכט זיין געווענלעכן טאָג־טעגלעכן שפּאַציר איבער די גאַסן און געסלעך פון סאָקאָלאָוו, האָבן אים באַלד אַרומגערינגלט צענדליקער מענטשן, וועלכע האָבן דערוואַרט עפּעס אַ קוויטל פון מאַגיסטראַט אָדער אַן אַנדערן אַמט. הערשל רייזמאַן האָט שוין געדענקט אויסווייניק ווו דאָס קוויטל ליגט און עס איבערגעבן מיט גרויס חשיבות. ווער עס האָט זיך פון אים אָפּגעשיידט מיט אַ צופרידענע מינע אויפן פנים, און ווער — מיט אַ באַזאָרגט פנים. זיין באַווייזן זיך אויף דער גאַס האָט געמאַכט קלאַפּן פיל הערצער, פון נייגיר צו וויסן וואָס טראָגט ער דאָרט אין זיינע 2 גרויסע טאָוולען.

אַדאַנק זיין מיטהילף און עצות האָבן פיל מענטשן אפילו אין טיפן עלטער באַוויזן איינצואָרדענען זייערע מעטריקאַלע דאָקומענטן וועלכע זענען נאָך נישט געווען געאָרדנט, וואָס האָט זיי געשטערט אין נאָרמאַלן לעבן. איבערהויפּט איז די דאָזיקע הילף זיינע געווען שטאַרק נוצלעך די אָרימע שיכטן.

## הערשל לאפאטע דער שפּיליטער

הערשעל שפּילטער האָט נישט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע קיין רייטוועגן, וועלאָסיפּעדן, און אוודאי אויך נישט קיין מאשין. ער האָט זיך באַנגניגענט מיט זיינע פיס, מיט וועלכע ער פלעגט, פון באַגינען ביז שפּעט ווייט נאָך האַלבער נאַכט, אַרומשפּרייזן איבער דער שטאָט, געוועלבן אין אַלע פאַרשידענע געסלעך און הייף, כדי אויפצונעמען זיינע באַשטעלונגען: וועמען אַ ביסעלע פודער, אַ פלעשעלע קאָלאָנסקע וואַסער, לאָקן פאַר דבורה פּיניעס צום אויסענדיקן אַ שייטל, אַ טלית פאַר אַ חתן צו אַן אויפרוף, אַ שוואַרצן שאַל פאַר אַ מחותנתטע צו דער חתונה, אַ מצה טישטעכל, אַ פאָר מעשה־ביכלעך פאַר אָשר מוכר־ספרים און נאָך צענדליקער זאַכן, וועלכע ס'איז אוממעגלעך אויסצורעכענען. אַוועקצופירן סחורה קיין ווארשא און צוריק פאַר די געוועלבן פעקלעך, און אויך אַ בריוועלע פון אַ חתן אָדער אַ כלה־מיידל וואָס האָט געאַרבעט אין וואַרשע.

אויף זיין פנים איז שטענדיק געווען אויסגעגאָסן אַ שמייכל, אים איז אוממעגלעך געווען צו דערצערנען אָדער דערנערווירן.

אין וואַרשע האָט הערשעל שפּיליטער אויך געטון דאָס זעלבע: אַרומגעשפּרייזט איבער די געשעפטן און הויכע שטאָקן און, אַ בעהאָנגענער מיט צענדליגער פעקלעך פון אַלע זייטן, האָט ער זיך צוריקגעקערט צו דער באַן אָדער אויטאָבוס.

אין זיין קאַלקולאַציע פון אויסגאַבן האָט ער נאַטירלעך נישט אַראָפּגערעכנט נישט קיין עסן און נישט קיין הוצאות. מיט די קאָנדוקטאָרן איז ער דאָך געווען גוט באַקאַנט, מיט אַ בילעט אָדער — אָן אַ בילעט. אויך דאָס זעלבע מיטן

עסן: יאָ עסן, נישט עסן, — דער עיקר, אבי צו פאַרדינען אַפּאָר גראָשן פאַר ווייב און קינדער אויף שבת.

ערשט שבת, אנשטאט אָפּצורוען זיך פון דער לויפעניש אַגאַנצע וואָך, האָט ער גענומען אַ פּאָר קוישן און מיט נאָך יידן ארומגעגאנגען איבער די שטאָט אויפ־צוזאַמלען חלה׳ס און ברויטן, וועלכע ער פלעגט אַריינטראָגן אין די הייזער פון אָרעמע לייט. אָט אַזוי האָט זיך געפירט הערשעל שפּיליטער.

## גאלדע די וועשין

גאָלדע די וועשין, אַ קליינע דאַרע פרוי, פון לאַנגע יאָרן אַן אלמנה מיט איר ייִנגל די וויסטע קאַליקע, האָט געוווינט אין אַ קליין ענג שטיבעלע, גרין אויסגעקאַלעכט מיט די אייגענע הענט. מיט איר אַרבעט באַדינט זי הינדערטער משפּחות, וועמען מיט וואַשן די „פּאָדלאָגעס״, אָדער וועש ביים טייכל („די סטריי־גע״), און וועמען מיט אויסקאַלעכן אַ שטיבל.

אָנגעהויבן איר אַרבעט פלעגט זי באַגינען, ווען ס׳איז נאָך געווען פינסטער אין דרויסן, און ענדיקן — שפּעט אין דער נאַכט. איר פאַרדינסט האָט באַטראָפן גראָשנס, מיט אַ צולייג פון אַ וואַרעמע גריץ, עטלעכע שטיקלעך חלה אָדער אַ פּאָר קיכלעך פון די בעלי הביתטעס. דאָס באַקומענע האָט זי מיט אירע ציטערנ־דיקע הענט פאַרוויקלט אין איר נאַסן פאַרטעך און מיטגעברענגט פאַר איר קאַליקע, נעבעך, ער זאָל האָבן מיט וואָס זיך מחיה צו זיין.

דאָס קליינע דאַרע גופל האָט אַליין געאַרבעט פאַר אַ שטאָט יידן, וואָס ביי מאָדערנע באַדינגונגען וואָלט מען צו דעם צוועק באַדאַרפט האָבן אַ סך מענטשן. ווי האָט זי גענומען כוחות צו דעם, ווייסט נאָר איין גאָט.

זי איז מיט איר ארבעט געווען ווי אַ גוף מיט אַ נשמה. די שווערע ארבעט האָט נישט געקענט געטאָן ווערן אָן גאָלדע די וועשן און זי, האָט נישט געקאָנט לעבן אָן שווערע אַרבעט.

זאָלן מיר ביים דערמאָנען די סאָקאָלאָווער קדושים נישט פאַרגעסן די געשטאַלט פון דער ערלעכער האָראָפּאַשניצע גאָלדע, די וועשין.

## חיים ברוך דער וואסער־טרעגער

אַ הויכער ייד מיט אַ לאַנגן כאַלאַט ארומגעבינדען מיט ספק אַ גאַרטעל, ספק אַ שטריק און מיט צוויי קאַראָמיסלעס מיט עמער אויף די אקסלען, איז געווען די וואַסערלייטונג פון שטאָט. דאָס איז געווען חיים ברוך דער וואַסער־טרעגער. קיינער האָט נישט געוווּסט ווו ער וווינט, ווו ער עסט, ווו ער דאַווענט, און וויפיל איז ער אַלט.

חיים ברוך האָט שטענדיק געשפּאַנט מיט זיינע קאַראָמיסלעס פון וואַסער

„זדרוי" אָדער פון דער שטאָטישער אַייזנפּאָמפּע, מיט פולע עמערס וואַסער, וואָס ער האָט געגאָסן אין די פעסער, ווען ווייך וואַסער פאַר 2 גראָשן אָדער האַרט וואַסער פאַר 1 גראָשן. דערביי פלעגט חיים ברוך פון איין מאָל צום אַנדערן באַקומען פון אַ באַלעבאָסטע „אינטערצולעגען" זיין האַרץ מיט אַ שיסל וואַרעמס, און עס אויפגעגעסן ביי דער טיר, אָדער האַרט ביים פעסל וואַסער.

חיים ברוך האָט צו דער צייט צוגעשטעלט וואַסער אין די שטיבלעך און מנינים אין די יום־טובים צו ברכת כהנים, ביים דיכענען פלעגט ער שטיין או צוברומען שאָקלענדיק מיט זיין לאַנגער נאַסער באָרד.

אויף חתונות און בריתן איז חיים ברוך דער וואַסער טרעגער געווען איינער פון די וויכטיקע פיגורן, ער איז דעמאָלט געזעסן ביים פעסל וואַסער אין קיך און געוואַרט אויף זיין בילקע און טעלער עסן.

## שמואל פאַסמאַנטער דער טויטער

ווער האָט געוווסט ווי ער הייסט, זיין נאָמען אין געווען באַקאַנט ווי „שמואל דער טויטער". דאָס הייסט אָבער נישט אַז ער איז געווען אַ טויטער באַ־שעפעניש, ער איז גראָד געווען אַ לעבעדיקער, אַ רירעווודיקער, שמייכלענדיק האָט ער געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס דעם עול פון אָרימקייט.

כאָטש אַ קליינגעוווקסיקער, מיט אַ טונקעלן פּנים און נאָך מער שוואַרצערער באָרד און אויגן, האָט מען אים דאָך געזען אומעטום אויף מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, זיצונגען — און ווו נישט? דער ערשטער איז ער געווען אָנצוביטן זיינע פּיס און הענט, צו גיין טון עפּעס אַן אַרבעט פאַר דער געזעלשאַפט, באַקלעבן די ווענט מיט מודעות אָדער צעטיילן פלוג־בלעטלעך און סתם אַרומלויפן שאַפן אַ פּאָר גראָשן פאַר אַן אָרימאַן. ער איז אויך געווען דער ערשטער צו טיילן זיך מיט יעדן אָרימאַן זיין ביסן און פאַר גראָשן פאַר יעדן צוועק. פאַר זיין פאַרטיי, די „צעירי מזרחי" האָט ער געדינט מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט; אויסקערן דעם לאָקאַל, מאָנען מיטגליד־אָפּצאָל, טיילן קוויטלעך און אויספירן פאַרשידענע שליחותן. דאָס לעצטע איז ביי אים געווען די פרנסה וואָס ער פלעגט קוים ציען פון פאַרקויפן און אויס־לייען ציייטונגען.

**כבוד זיין אָנדענקן.**

יעקב גרינבערג
(תל־אביב)

## ר׳ חיים שמואל ראזענבוים הי״ד

דער גביר פון שטעטל, א שיינער ייד א שיינער בעל־הבית — לויט די בעגריפן פון שטעטל אין יענע יאָרן — שיין אויסערליך, תמיד אויסגעפוצט, גוט געקליידעט, ריין, אָן אַ פלעק און אָן אַ פגם. געמאָסטענע טריט, פיינע האַלטונג און גוטע באַנעמונג. א שטענדיקער שמייכל אויפן פנים, שטענדיק מקיים געווען דעם והוי מקבל את כל אדם בסבר פנים יפות. כולו אומר כבוד.

געווען דער גרעסטער בעל־צדקה אין שטעטל, די שענסטע נדבות געגעבן, אָן אָפענע האַנט געהאַט. כל הפושט יד נותנים לו. ערב שבת און ערב יום־טוב איז ער ספּעציעל געזעסן אין „קאַנטאָר״, נישט געפירט קיין געשעפטן, נאָר געזעסן און געטיילט נדבות. ווער שמועסט פורים און פאר פסח. מ׳האָט פיל דערציילט פון זיין מתן־בסתר. פיל פאַמיליעס זענען דורך אים געשטיצט און אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך נדבות און גמילות חסדים. אין די שפּעטערע יאָרן ווען ער איז שוין מער קיין עושר נישט געווען, האט ער זיך באַמיט מיט אלע כוחות צו האַלטן „שטאַט״, פאַרצוזעצן ווי ווייט מעגליך די שיינע טראַדיציעס. ער איז אויך געווען דער ערשטער ציוניסט מזרחיסט אין שטעטל. ווי געוויינלעך זענען ציוניסטן געווען בלויז יוגנטלעכע, אבער אז א שיינער בעל־הבית, אָן יושר, א חסידישער ייד זאָל צושטיין צום ציוניזם, ווערן א מזרחי — דאָס איז געווען א זעלטענהייט. ער פלעגט קומען כמעט אויף אלע מזרחיסטישע פאַר־זאַמלונגען, און אונדז יוגנטלעכע געטרייסט, געמוטיקט און געשטאַרקט, געגעבן האָפנונג. געווען אַ באַשיידענער מענטש, אַ נוח לבריות, נישט געווען קיין רודף כבוד.

ווירקלעך אַ שיינער ייד געווען.

## מרדכי זלמנס (ווינאגורא)

געווען א מלמד, לויט זיין לומדות און שאַרפן מח, לויט זיין ערליכקייט, גוטסקייט און פיינע מידות, האט ער געקאנט זיין א שיינער רב, לכל הפחות — א מורה הוראה.

געהאט איינגעבוירענע טעכנישע פעיקייטן, געווען א גוטער מאטעמיקער, געאַרבעט אויף אַן אייביקן זייגער, אַמאָל אויף אַ וואג און אַנדערע טעכנישע דערפינדונגען. ביי אנדערע בעדינגונגען, וואלט ער געקאָנט זיין א גרויסער אינ־זשינער, א דערפינדער. ער איז אויך געווען א בטלן, פון יענע גאסס געבענטשטע בטלנים, וואס האבן נאר אין דער אטמאספערע פון פרומקייט, תמימות ערליכקייט און אַנדערע שיינע מידות פון שטעטל געצויגן יניקה.

## סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסק

קיין איבריקע פרנסה איז אין שטוב נישט געווען. די פרוי האט צוגעהאלפן צו דער פרנסה; זי איז געווען אַ בעקערין — געמאַכט „באָבעלעך" פון גריטשענע קאַשע געפּרעגעלט אויף אייל.

ס'איז אינטערעסאנט געווען צו זען מיט וואס פאר נאטירלעדקייט, פשטות און איבערגעבענקייט, האט דער למדן און „דערפינדער" צוגעהאלפן אין דער בעקעריי אין אַלע שווערע און אומריינע ארבעטן. ער האָט געהאַט אַן אויסזען פון אַ תלמיד חכם; געווען א פארשוין — ברייטפּלייציק, רירעוודיקע באוועגונגען און א גברן. אבער ער האט קיין פליג קיין ריר נישט געטון. א ליבליכער מענטש. די תלמידים, ביטערע און שווערע, האבען אים נישט ארויסגעפירט פון געדולד. זיינע צוויי זין (חיים נח און ברוך) זענען נישט געגאנגען אין זיינע וועגן; ווייט ווייט, אוועק און בפרהסיה בריש גלי. ס'האט אים ווייי געטון דאס הארץ, אבער אין זיין כעס קעגן זייערע מעשים האט ער זיי געשטראפט פאטערלעך, אן רוגזה, אן צארן. געווען א געראטענער און טייערער ייד.

## ישראל יאנקעלע

געווען קליין און רירעוודיק, ענערגיש און אַרבעטזאַם, געקענט אַסאַך מלאכות אָבער מיט ווייניק ברכות. געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס. ווען זיין ווייב וואָלט נישט פאַרדינט, וואָלט אין שטוב נישט געווען קיין ביסן ברויט.

אין דער אמת'ן, ווו האָט ער געהאַט צייט צו פארדינען אויף פרנסה, אַז אין שטעטל איז געווען אזויפיל נויט צו לינדערן, אַזויפיל קראַנקע צו היילן. ראשית־כל איז ער געווען אַ שטיקל רופא, געקענט זיך אויף אַ קרענק און געקאָנט אַרומגיין ארום אַ קראַנקן, געקאָנט טאַפּן דעם פולס, מאַכן אַ קאנע, שטעלן באַנקעס, איינרייבן, מאכן א באַנדאַזש א.ד.ג. געוווסט ווען מ'דאַרף וואַרימע און קאַלטע קאָמפּרעסן, ווען מ'דאַרף געבן אויף אָפּצופירן, און — ווען אויף עצירות. האָט מען אים טאקע גענוצט, פאַרוואָס נישט? בפרט. אז ס'איז געווען אומזיסט, אָן אַ גראָשן געלט. באַזונדערס איז ער געווען באַשעפטיקט אין דער צייט פון אַן עפּידעמיע ר"ל — און דאָס איז געווען אַן אָפטע דערשיינונג אין שטעטל. — עפּידעמיעס פון טיפוס, פּאָקן, מאָזלען און טאַקע חאָלירע מיין באָבע, עליה השלום, פלעגט ציילן אירע דאַטעס, לויט די ערשטע חאלירע, די צווייטע חאָלירע... די איינציקע רפואה צו דער חאָלירע איז געווען איינרייבן, און ישראל יאַנקעלע איז געווען דער בעסטער ספּעציאַליסט אויף דעם געביט. און דער עיקר, דער אַיינציקער וואָס האָט זיך מוסר נפש געווען און נישט מורא געהאַט פאַר אָנשטעקן זיך.

און אַמאָל נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, ער איז פשוט געפאַלן פון די כוחות, מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן, האָט ער זיך געפּרוווט אָפּרוען אין שטוב, האָט ער דערהערט אַ פערצווייפלטן יאָמערלעך געשריי: „רבונו של עולם! נעם מיר נישט אַוועק מיין איינציקן שפּייזער, אלע טירן זענען פארמאַכט! דאָ האָט

ישראל שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן, און אַ טויט מידער — געלאָפן ראַטעווען...
ישראל יאַנקעלע איז אויך געווען אַ פריילעכער, געקענט זינגען, און פריילעך געמאַכט אָרימע שמחות, חתונות, בריתן, געהאָלפן מיט אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקאָנט און וואָס ס׳איז נויטיק געווען, אָנהויבנדיק מיט באַזאָרגן לעקעך און בראָנפן אויף אָרימע חתונות, ארבעס און סאָרע וואַסער אָדער לאַקריץ אויף שלום זכר, ביז שלעפן טישן און בענק אין אָרימע שטובן צו די שמחות, דאָרט ווו עס איז קיין פאַרזאָרגער נישט געווען.

שטענדיק פריילעך, שטענדיק לעבעדיק, צאַפּעלדיק און גרייט צו העלפן. נאָר זיך אַליין האָט ער נישט געקאָנט העלפן.

## אברהם יואל מלמד (האכבערג)

געריפן האָט מען אים דער לאָמער אברהם יואל. אַלס קליין קינד, איז ער אַראָפּגעפאַלן פון אַ טיש, צעבראָכן אַ פוס און אַזוי געבליבן אַ קאַליקע כל ימיו. און אַזוי האָט אים דער גורל פאַרפאָלגט דאָס גאַנצע לעבן. געווען אַ ביטערער אָרימאַן. טראָץ זיין גערואלטיקער ענערגיע (און זיין ווייב איז אויך געווען אַ דעספּעראַט) געטון כל מיני ארבעטן און מסחרים, און אין שטוב איז קיין ברויט צו זאַט נישט געווען.

ער איז, ווי געזאָגט, געווען אַ מלמד און האָט זיך אָפּגעריסן דאָס האַרץ מיט שווערע תלמידים. ס׳איז דעריבער ביי אים געווען אַן אָפּרו ווען ער איז אין אָוונט געגאַנגען אין אַמישינאָווער שטיבל און אַליין, אָדער מיט אַ לומדישן בחור געלערנט אַ שווערן קצות אָדער תומים. ער האָט ליב געהאַט דאָס מאַטערן זיך אין לערנען. ס׳זענען געווען פאַלן ווען שווייס איז אים אַרויסגעקומען אויפן שטערן פון שווערער אָנשטרענגונג. אָבער גליקלעך איז ער געווען ווען ער האָט זיך דערגרונטעוועט דעם פשט, געפונען די לייזונג. דאָס איינציקע גליק אין זיין אָרים לעבן.

ער האָט געהאַט אַ פייערדיקן טעמפּעראַמענט, ליב געהאַט קאַכעדיקע מקוואות, הייס זידיקן טיי, און נאַטירלעך, 96־ער ספּירט. געווען אַ קנאַי, נישט נושא פנים געווען קיינעם; מיט די גבירים און תקיפים אין שטיבל, איז ער געווען אין אַ יומא דפגרא. געגאַנגען בראש מיט גרופּעס חסידים פון שטוב צו שטוב, געטרונקען אָן אַ שיעור, נאַטירלעך געווען מבוסמדיק — אַ תלמיד חכם שיכורט זיך נישט אָן — געזונגען און געטאַנצט אָן אויפהער. פריילעך געמאַכט דאָס שטעטל, קיין סך פרייד אין לעבן האָט ער נישט געהאַט, נאָר די מידות און יידישקייט זענען געווען זיין חיות.

א פייערדיקער ייד געווען.

## חנה שיינע חוהס

אַן אָפּן און שמייכלדיק פנים, אַן ענערגישן געזיכטס־אויסדרוק. אַנ׳אמתע אשת־חייל, א שם דבר אין שטעטל. אין שטוב, אין דער פאַמיליע — האָט זי

געהאַט דאָס ערשטע און דאָס לעצטע וואָרט. אָבער איר ענערגיע, ווילן און מאַכט איז אויך אַריבער די ענגע ראַמען פון שטוב און פאַמיליע. טעטיק געווען אין גאנצן שטעטל. ווו א צרה, איז חנה שיינע חוה׳ס דאָ געווען, מיט איר גוט וואָרט, און נאָכמער מיט אירע גוטע מעשים. דער ד״ר פּאָדבילסקי האָט נישט געוואָלט גיין צו די אָרימע קראַנקע, אויב חנה וועט דאָרט נישט זיין. זי האָט שוין געזען אַז ווען דער דאָקטאָר וועט קומען, זאָל די אָר׳מע און חושכדיקע דירה זיין ליכטיק און ריין. געזאָרגט מ׳זאָל אויסקויפן דעם רעצעפּט, און דער עיקר — זי האָט זיך פאַרשטאַנען אויף די קרענק. געוווּסט אויסצופירן די פאַר־אָרדנונגען פון דאָקטער. און נאָך עפּעס, דאָ איז נויטיק אַ יאַכעלע, און דאָ אַ פּאָלקעלע פלייש, ביי דער קינפּעטאָרין פעלט אביסל איינגעמאַכטס, און נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, א סך מאָל פעלט אין שטוב אַשטיקל ברויט פאַר די געזונטע, אלץ ליגט אויף חנה שיינע חוה׳ס קאָפּ, און אַלץ ווערט געזאָרגט מיט אַ שמייכל, מיט א בערויקונגס־וואָרט.

און אז ס׳איז נישט געווען קיין ענטשפּרעכענדער ארון־קודש אין נייעם בית־המדרש, איז עס געווען חנה׳ס אַמביציעס, אַז די ווייבער זאָלן אויפשטעלן דעם ארון־קודש. זי האָט אָרגאַניזירט אַלע ווייבער פון שטעטל און אין אַ קורצע צייט איז אויפגעזאַמלט געוואָרן א פּאָר הונדערט רובל — אַ ריזיקע סומע אין יענער צייט — פאר דעם צוועק. און ווען מ׳האָט אויפגעשטעלט דעם ארון קודש איז דאָס שטעטל געגאַנגען אויף רעדער, און חנה איז געווען די הויפּט מחותנסטע. ווייבער פלעגן קומען צו איר אויסגיסן זייער ביטער האַרץ, געהאַט פאר יעדן אַ טרייסט וואָרט און אָפט עפּעס מער... אפילו אויף עצות פלעגט מען קומען צו איר... אן אמתע שטאָט־מאַמע.

הערשל י. קויפמאַן
(פּאַריז)

# טשיקאַווע יידן

## דער אַלטער יאקל

סאָקאָלאָוו האָט אויך געהאַט אירע חכמים און פילאָזאָפן. דער „אַלטער יאקל" איז געווען דער גרויסער בריה פון אַלץ קענען און אַלץ וויסן. פון אַלע חכמות שבעולם, ווי אויך אַלע פאַכן. פאַר קליינע פּרייזן, האָט ער געמאַכט אַלע אַרבעטן ווי שמידן א פערד, פאַריכטן אַ וואָגן; שוסטעריי, איינבינדעריי; ברוקירן מיט שטיינער די גאַס; אַריינלייגן אַ פּאָדלאָגע...

ער איז געווען פרום און אומטאָלעראַנט. יעדע נאַכט האָט ער זיך אויפגעוועקט פון שלאָף און צוזאַמען מיט זיין גאָטספאָרכטיקע פלונית מיט פלייס אָפּגעריכט חצות. ער האָט נישט פאַרטראָגן קיין אַנדערע מיינונג ווי זיינע. זיך אַליין האָט ער באַטראַכט פאַרן ריכטיקן ווייסער און אַדוואָקאַט פונעם געטלעכן אויפטו און ווירקן. ער האָט גוט געקענט לערנען און כסדר געזוכט אין ספרים, כדי וואָס בעסער צו קענען אַלע געהיימענישן פון גאָטס רצון. צום שטאַרקסטן האָט ער זיך פאַרנומען מיט מוסר־ספרים.

ער איז געווען אייביק אומצופרידן און בייז אויף די שלעכטע זינדיקע וועלט, וואָס איז לויט אים נישט גוט און גייט נישט אין גאָטס וועג: האָט נישט פאַרטראָגן קיין קינדער, צוליב זייער פּוסטע אומדערפאַרנקייט פאַר דעם אַלעמען וואָס עקזיסטירט. ער האָט געוואָלט אַז אַ קינד זאָל זיין גלייך פונעם געבוירן אַ רייפע פרי.

ער האָט חתונה געהאַט מיט קיילע־דוואָשעס טאָכטער, די אלמנה נאָך גדליה יעלען (מילנער). פון זיין פריערדיקע פרוי האָט ער געהאַט אַן איינציקע טאָכטער, וועלכע איז איר גאַנץ לעבן געווען קינדערלאָז. אַליין איז ער געווען, צוליב זיין הויכן עלטער, אַ מידער און בייז־שמייכלדיקער. ער האָט אָפט גערעדט וועגן תכלית פון דער וועלט, ווי אויך וועגן דעם זין פונעם לעבן. ער האָט דערקלערט דעם זינען פון טויט און די נוצלעכקייט פון קריג, ווייל דאָס אַלץ איז אַזוי פון גאָט איינגעאָרדנט, ווייל ווען אַנדערש, וואָלט אויף דער וועלט געווען צופיל מענטשן, און די ערד וואָלט זיי נישט געקאָנט דערנערן. צוליב דעם וואָס די וועלט איז זינדיק, קומט אויף דער וועלט אַזויפיל אומגליקן. אַז אַלץ איז גוט געטון פון דעם וואָס לעבט אייביק. ער האָט אַרויפגעלייגט די שולד פאַר דעם אַלעמען אויף די וואָס גייען נישט אין גאָטס וועג, זענען כופרים בעיקר; ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז גאָט, ווי ער, זענען גלייך בייזע. ער איז געשטאָרבן אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## שיע דוואָשעס

דער צווייטער חכם איז געווען שיע דוואָשעס, פון וועמען מען האָט שטאַרק געהאַלטן. ער איז אָפּט געגאַנגען פאַרלייגט די הענט אין די אַרבל און געווען הילפלאָז צו קאָנען שאַפן זיין מאַטעריעלן ווילזייק. ער איז געווען אַן אייניקל פון יואלקע גארבער און אַ זון פון גדליה יעלען. ער האָט גוט געקענט דאָס גאַרבער פאַך, אָבער כמעט קיינמאָל נישט פּראַקטיצירט — אפשר ווייל אים האָט אויסגעפעלט אונטערנעמערישקייט. פאַרן ערשטן וועלט־קריג האָט ער געפירט אַ האַנדל מיט לעדער, נאָר אין דער מלחמה־צייט האָט מען אים באַגנבעט, און איז נאָכדעם שוין אויף שטענדיק געבליבן בדלות. ער האָט געהאַט אַ קליין שפּייז געוועלבל און ווייניק פּרנסה. ער איז געווען אַ קלוגער ייד — ס'איז מיט אים געווען אינטערעסאַנט צו שמועסן. ער איז געווען טאָ־לעראַנט און מען האָט פאַר אים נישט מורא געהאַט צו זאָגן וואָס מען טראַכט. ער אַליין האָט געצווייפלט אין אַלץ און האָט אין דעם גאַנצן באַשטאַנד פון מענטשלעכן ווירקן נישט געפינען קיין שכלדיקע באַזע און לאָגיק.

## יאַנקל חכם „בראקער"

דער דריטער און אָריגינעלסטער איז געווען יאַנקל חכם „בראקער" (דער פאָטער פון יידעלע גרינבערג). אין חכמה און איבערגעשפּיצטקייט, האָט ער קאָנקורירט מיט דעם פריערדיקן שיע דוואָשעס. ביידע זענען זיי געווען היימיש אין רעליגיעזע ספרים, אויך אַ ביסל גענאַשט פון וועלטלעכע וויסנשאַפטן און פילאָזאָפיע. זיי ביידן פלעגט מען אין נויט־פאַלן קומען פרעגן עצות.

יאַנקל בראקער האָט צום מייסטן ליב געהאַט יורידישע דריידלעך, נאָר זיינע עצות האָבן זעלטן געהאָלפן, און אָפט זיינע קליענטן אָנגעמאַכט קאָפּ ווייטיק און צרות, ווייל דאָס האָט זיי תמיד געפירט אויף שלעכטע וועגן. אין עצם האָט ער די זאַכן אויסגעטייטשט לויט די געזעצן פון דער לאָגיק, נאָר ער איז אין דעם געווען נאַאיוו, ווייל ער האָט אויסגערעכנט אויף לאָגיק דאָרט, ווי מען קאָן קיין לאָגיק נישט געפונען. אויך זיינע אויסרעכענונגען האָבן נישט געשטימט און נישט געגעבן דעם פאַר אים פאָרויסגעזעענעם רעזולטאַט — פלעגט עס אים טאַקי שטאַרק פאַרדריסן.

יאַנקל בראקער האָט געמיינט אַז אין דער מלוכה זענען די דינער ערלעך און טראכטן כסדר נאָר בלויז וועגן אמת און גערעכטיקייט. יעצט, זייענדיק אַנטוישט, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז כדי צו געווינען אַ ספּראווע, עקזיסטירט שוין אַן אויספּראָבירט מיטל: „לאַפּווקע". אַזאַ עצה איז טאַקע געווען די בעסטע און דאָס האָט זיך געראַטעוועט זיין פּרעסטיזש. ער האָט פאַר זיין הויז פאַרפלאַנצט אַ בוים און דעריבער תמיד געהאַט צו טון מיט די גאַסן־ייִנגלעך, וואָס האָבן אים געוואָלט צעשטערן. פאַרבייגייער האָבן זיך געפרעגט

צי וואָס מען דאַרף דאָ אַ בוים. אָבער אין די היצן פלעגן זיי קומען אונטער זײַן שאָטן זיך שיצן קעגן דער קאָכדיקער זון.

## מרדכי זלמנס

דער פּערטער איז געווען מרדכי זלמנס ווינאָגורא, (דער פאָטער פון ברוך ווינאגורא) צוליב פּרנסה איז ער געווען אַ שטאַרק פאַרהאָרעוועטער מענטש אין דער קליינער בעקעריי, האָט ער זיך וויַיב אַרויסגעהאָלפן באַקן בייגל און בײַ דעם האָבן זיי זיך געמאַטערט ביים שאַפן די חיונה.

ער איז געווען אַ גרויסער למדן און דענקער; האָט אַרייַנגעטראכט אין די שוועריקייטן איבער וועלכע אַנדערע האָבן זיך געבראָכן די קעפּ, און האָט פון זיי אויסגעוויקלט אַ טאָלק. ער האָט זיינע געדאַנקען אויך פאַרשריבן אין אַ ספר. גאַנץ אָפט פלעגט ער אַרויסקומען אַ מידער און אַ פאַרמעליקטער פון זיין הויז, דאָס קאַפּל פאַריקט איבער זיין הויכן שטערן און זיין פאַטריאַר־כאַליש לאַנגע געלבלעכע באָרד איז געווען ווייסלעך פון מעל אָדער טאַקע שוין מיט גרויע האָר. פאַרבייגייענדיק דורך שיע דוואָשעס שפּיז געוועלבל, פלעגט ער זיך דאָ אָפּשטעלן און דערווייל כאַפּן אַ שמועס. גאַנץ אָפט האָט מען זיי דאָרטן געטראָפן צוזאמען שוין מיט יאנקל בראקער שטאַרק פאַרקאָכטע אין שמועסן, ער איז געווען קליג און טאָלעראַנט. מען האָט פאַר אים געהאַט שטאַרק דרך־ארץ און אין זיין אָנוועזנהייט, האָבן אָפט יונגע אָנגעטון דאָס היטל. ער פלעגט אויף דעם באַמערקן, אַז צוליב אים דאַרף מען דאָס היטל נישט אָנטון, מחמת ווער ס׳וויל גיין מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ, איז בעסער ער זאָל זיין ווי ער וויל. מיט טיפקייט האָט ער אַלץ לויט זיין אויפפאַסונג פונאַנדער־געגלידערט און אויסגעטייטשט.

אינטערעסאַנט איז געווען ווען די דאָזיקע חכמים האָבן זיך אין אַן אינדער־פרי צוזאַמענגעטראָפן און געחקרנט איבער פאַרשידענע ענינים. אויסער זיי איז נאָך געווען אַ שטאָט פילאָזאָף מרדכי לוקאָווער (פאַרביאַזש) וועלכן ס׳האָט געלאַנגווייליקט צו זיין אין זיין אייגן הויז אין אַ גוישער געגנט. ער פלעגט דאָ מכלומרשט פאַרבייגיין און געהאַט שטאַרק פאַרגעניגן אָנצוטרעפן די דאָזיקע חכמים אין אַ לײדנשאַפטלעכן שמועס. מען האָט אים, פאַרשטענדלעך, צוגערופן צו זאָגן אַ מיינונג אין די באַרירטע ענינים. מיט אַ סאָקראַטעסישן ספק אין אַלע אָנגענומענע אמתן, פלעגט ער ווי מיט אַ בלאָז פונאַנדערוואַרפן אַלע נאָר וואָס אויסגעבויטע קאַרטן-הייזלעך.

## מרדכי לוקאָווער

מרדכי „לוקאָווער" האָט מען אין די לומדישע קרייזן געהאַלטן שיעור נישט פאַר אַן אפיקורס, אָבער ער פלעגט זיך דערפון נישט איבערנעמען. ער איז געווען קלוג און האָט נישט מורא געהאַט צו ענטפערן לויט זיינע איבער־

צייגונגען. אויף יעדעס וואָרט האָט ער גלייך אָפּגעענטפערט. ער האָט אַמאָל געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיטן מורה הוראה ר׳ מרדכי האַלבערשטאַט פאַר אַראָפּרייסן אַפּישן פון ציוניסטן ביי דער טיר פון בית־מדרש, ווו אין גרויסע ווערטער איז געווען דערמאָנט דער נאָמען פון ד״ר הערצל. אונדזער מורה הוראה האָט שטאַרק נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם דאָזיקן נאָמען און אין שייכות דערמיט איז אַנשטאַנען אַ מחלוקת און דער מורה הוראה האָט געדראָט מיט אַ פּאַטש. דערויף האָט מרדכי לוקאָווער אים אָבער גלייך אָפּגעענטפערט, אַז ער וועט געבן צוויי. דאָס האָט באַוויזן ווי אַזוי מרדכי לוקאָווער האָט זיך צו קיינים נישט געחנפעט און פאַר קיינעם זיך נישט אָפּגעשראָקן.

צווישן די מאָדערנע חברים איז ער, צוליב זיין אָפּפרעגן אָנגענומענע אמתן, געוואָרן שטאַרק רעספּעקטירט און מען האָט אים געהאַלטן שיעור נישט פאַר אַן „אייגענעם מענטש״.

מרדכי לוקאָווער איז געווען אין שטעטל אַן איינגעוואַנדערטער און ווי אַזעלכער, זיך מיט די מענטשן נישט געקאָנט איינלעבן. אין אַזעלכע פאַלן איז שטענדיק, געבליבן אַ מחוצה, ער האָט זיך צוליב דעם נישט איבערגענומען. ער האָט געהאַט פאַרבינדונגען איך אַלע קרייזן און איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. מען האָט אים באַטראַכט פאַר אַ פאַרמעגלעכן. ער איז געווען אַ האַנדלס־מענטש, און געהאַט צוליב דעם פאַרבינדונגען אין אַנדערע שטעט; פלעגט אָפט אַרומפאָרן און זיך אינטערוועגס. אין די לעצטע יאָרן זענען זיינע געשעפטן צוליב די כסדר׳דיקע קריזיסן, געגאַנגען שלעכט און ער איז געבליבן אָן פרנסה. ער האָט אויסגעוואַנדערט נאָך אַרגענטינע, נאָר איז פון דאָרטן צוריק געקומען — נישט געקאָנט דאָרט פאַרטראָגן די היצן און אויך נישט שאַפן קיין עקזיסטענץ און דעריבער געבליבן אין גרויס נויט. ער האָט געהאַט שיינע און געראָטענע קינדער, וועלכע האָבן זיך אויסגעלערנט פאַכן און האָבן פאַרדינט פאַר זייערע באַדערפעניש. דער יונגסטער זון זיינער, האָט געאַרבעט ווי אַן אַרבעטער ביי פעלצן און אין זיין איבעריקע צייט כסדר זיך פאַרנומען מיט זיינע אָנגענעמע פאַר אים באַשעפטיקונג פון שניצן, צייכענען, מאָלן, צו וואָס ער האָט געהאַט אַ געבוירענעם טאַלאַנט.

באלטשע הענדל רייזמאן
(דעטרויט)

## ר׳ פיניע אשר׳ס

מיין זיידן האָט מען גערופן פיניע אָשר׳ס און זיינע צווײ זין זיינען געווען: מיין פעטער חיים־דוד הענדל און מיין טאַטע, לוי, וועלכער האָט געירשנט דעם המשך פון זיידנס צונאָמען — לוי פינע אשר׳ס

מיר האָבן אַלע געוווינט צוזאַמען אין דעם רויט־געפאַרבטן הויז אויפן שול־הויף. דער פעטער חיים־דוד מיט זיין פאַמיליע האָט פאַרנומען דעם טייל פון הויז, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף און זיך געגרענעצט מיטן הויף פון יענקל פלעצלס שוויגער. אויפן אויבערשטן שטאָק האָבן מיר געוווינט און אין דער פאָדערשטער טייל האָט געוווינט דער זיידע מיט זיין צווייטער פרוי, חיה־לאה. אַרויפגייענדיק אויף די טרעפ צו אונדזער דירה איז אַ טייל פון דער געמויערטער וואַנט נישט געווען געטונקעוועט — אַ זכר לחורבן...

מיין ריכטיקע באָבע, דעם זיידנס ערשטע פרוי (מיין טאַטנס מאַמע האָב איך נישט געקענט, איך בין געבוירן געוואָרן שוין נאָך איר טויט און הייס טאַקע נאָך איר, איך פלעג דערפאַר דעם זיידנס צווייטע פרוי רופן באָבע און דעם זיידן האָט עס שטאַרק הנאה געטון. ווען דער זיידע איז שוין געווען טויט און חיה־לאה האָט התונה געהאַט מיט יעקב־שמעונען פון דער „פיווניע״ (שענק) פלעג איך יעדן שבת נאָכן טשאָלענט גיין צו איר צו גאַסט און זי פלעגט מיר געבן צו טרינקען שוואַרץ ביר. זי פלעגט מיך זייער פריינטלעך אויפנעמען, זיך נאָכפרעגן אויף יעדן פון דער משפחה, ווי זי וואָלט געווען אַ טייל פון אונדזער משפחה און ביים אַוועקגיין פלעגט זי מיר יעדעס מאָל דערמאָנען איך זאָל נישט פאַרגעסן זי בעטן אויף מיין חתונה.

* * *

פיניע אָשר׳ס, איז געווען אַ ייד אַ למדן און אַן איבערגעגעבענער קאָצקער חסיד. זיין פרייע צייט פלעגט ער פאַרברענגען אין זיין חדר מיוחד, ווו ער פלעגט יעדן טאָג לערנען, אָדער אָפּרוען זיך נאָכן עסן אויף דער לעדערנער קאַנאַפּע. קיינער האָט נישט געוואַגט צו שטערן דעם זיידן אין זיין ספּעציעלן צימער, בלויז איך פלעג זיך פון צייט צו צייט אַריינכאַפּן צום זיידן אין צימער, און איך האָב געשפּירט, אַז דעם זיידן פלעגט געפעלן מיין געוואַגטקייט.

די ווענט זענען געווען אַרומגעשטעלט מיט גרויסע שענק פול מיט ספרים, ספּעציעל האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַן איינדרוק דער גרויסער ש״ס

געבונדן אין ברוינעם לעדער און געליישט מיט גאָלד אויף די רוקנס; נעבנטער צום פענצטער איז געשטאַנען דער טיש מיט שטולן און אויבנאָן איז געשטאַנען דעם זיידנס שטול מיטן הויכן אָנלען. דער זיידע פלעגט דאָרטן זיצן און לערנען, און ווען ער פלעגט ווערן מיד, פלעגט ער זיך צולייגן אויף דער מיט רויטלעך־לעדער באַצויגענער קאַנאַפּע, וואָס איז געשטאַנען טיפער אין צימער.

דעם זיידנס צימער האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק. נאָך איצט שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס אויסזען פון זיידנס „היכל”, וווהין ער פלעגט וואַרשיינלעך אַנטלויפן פון רעש פון טאָג־טעגלעכן אַרום און זוכן אויסצולעבן זיך גייסטיק און פאַר איינוועגס אויך אָפּהיטן זיין שוואַך געזונט.

איך געדענק קיים דער זיידע זאָל אַמאָל ווען עס איז איינגעלאַדן צו לערנען צוזאַמען, עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז געווען זיין אינטים ווינקל פון השתפכות הנפש. עס פלעגט אַמאָל טרעפן, אַז מען פלעגט ברענגען אַ חתן צו פאַרהערן, איז דעמאָלט, נאָכן ענדיקן דאָס פאַרהערן, פלעגט דער זיידע הייסן גרייטן כיבוד אין גרויסן עס־זאַל. ביי מיר זעט עס אויס ווי דער זיידע ע"ה האָט זיין חדר מיוחד געהאַלטן ווי א היכל, וווהין ער האָט נישט גערן צוגע־לאָזט אַ פרעמד אויג און דערפאַר איז דער אויפנעם־צימער פאַר געסט געווען דער עס־זאַל.

אין זיינע יונגע יאָרן האָט דער זיידע געפירט גרויסע געשעפטן און אַלס „ערשטע־גילדע”־סוחר האָט ער געקראָגן אייניקע מעדאַלן פון גובערנאַטאָר, פאַר געוויסע פאַרדינסטן. היות ווי ער איז שפּעטער געווען יאָרנלאַנג דאָזאָר אין שטאָט, האָט ער זייער אָפט געדאַרפט גיין צו נאַטשאַלסטוואָ זיך משתדל זיין, פלעגט ער דעמאָלט אָנטון די מעדאַלן, שיין פאַרקעמען זיין ברייט חנעוו־דיקע באָרד און אין זיינע שבתדיקע מלבושים זיך לאָזן אין דער „רובערזשע”, אָדער גאָר צום נאַטשאַלניק אַהיים, ווו נאַטשאַלסטוואָ האָט אויף אים געוואַרט. אויף אַזעלכע רייזעס פלעגט ער זיך אַריינזעצן אין זיין שיין געפּאַרבטער בריטשקע, (וואָס פלעגט געפירט ווערן פון אַן אָנטרייבער) און אין זיין שטאָלצער האַלטונג האָט ער איסגעזען ווי אַ יידישער פריץ.

דער זיידע האָט זיך שטענדיק געהאַלטן שטאָלץ, און זיין האַלטונג האָט ארויסגערופן ביי אַלעמען רעספּעקט. ער האָט אָבער באַמערקט ווען עס איז אין אַ נויט, אַזוי האָט ער באַלד פאַרוואָרפן זיין שטאָלצקייט, און איז גע־וואָרן דער סאַמע איבערגעגעבנסטער פאַרזאָרגער פאַר דעם באַדערפטיקן. עס איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון אַ פאַל ווען אַן אָרימע פרוי, ווען מען מאַן מען האָט צוגענומען צו די זעלנער, האָט אין אַ געוויסן האַרבסט פאַר נאַכט אויפגעפּראַלט אונדזער טיר און מיט אַ יאָמער אַריינגעלאָזט צו אונדז אין שטוב אירע דריי קינדער און האָט דערביי אין געוויין אַרויסגעהעשעט „נאַט איך מיינע לעבעדיקע יתומים”...

דער זיידע האָט אַריינגענומען די קינדער, געהייסן זיי אַרומוואַשן, געבן זיי עסן און זיי לייגן שלאָפן. אַליין האָט ער זיך מיט די קינדער פאַרנומען און מיט ליבע איינגעשטילט זייער געוויין. ער האָט שפּעטער אויך באַזאָרגט די משפּחה זאָל האָבן פונוואַנען צו לעבן. קיין סימן פון כעס, אָדער ווידערווילן האָט מען נישט באַמערקט אויפן געזיכט פון שטאָלצן יידישן ראש הקהל. טיף אין זיך האָט ער פאַרשטאַנען און מיטגעפילט דעם יידישן פאָלקס מענטש און זיין דלותדיקן מצב.

יחיאל ארנשטיין
(תל־אַביב)

## קלמן יחיאל פרידמאַן

איינער פון די ערשטע ארבעטער טוער אין סאָקאָלאָוו, איינער פון די גרינדער פון אַ יידישער ארבעטער פּאַרטיי „בונד״ אין שטעטל. אָנגעפירט מיטן אויפשטאַנד אין יאָר 1905, גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין געזעלשאַפטליכע ארבעט און געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף די ארבעטער און האנדווערקער מאַסן. ער האָט געהאט אַ יידיש האַרץ און געהאָלפן דעם נויט באַדערפטיקן. ער פלעגט דיסקוטירן אויפן קול, אָבער נישט געהאַט קיין שנאָה צו קיינעם, אפילו נישט צו זיינע פּאָליטישע קעגנער.



ווען היטלערס אַרמיי איז אַריין אין פוילן, איז אים געלינגען אַנטלויפן קיין רוסלאַנד מיט זיין פאַמיליע און נאָך עטלעכע „קאַלטע״ און „וואַרעמע״ יאָרן איז ער מיט די ערשטע באַפרייטע געקומען אין ישראל. נישט קוקענדיק וואָס ער איז געווען אין די עלטערע יאָרן, האָט ער זיך גענומען צו אַרבעט.

כמעט יעדן שבת פלעגט ער גיין באַזוכן די סאָקאָלאָווער, געוואָלט וויסן וואָס יעדער מאַכט, מיט יעדן זיך פאַראינטערעסירט און זיך געטיילט מיט איינדרוקן.

איך בין דאָ פונדאַסניי געבוירן — פלעגט ער זאָגן.

ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 76 יאָר.

## אברהם שטיינוואקס (שטיינבערג)

ווען ער איז געבוירן אין יאָר 1899 אין סאָקאָלאָוו האָט דער אָנגעשטעלטער אין מאַגיסטראַט אַריין געשריבן אין די ביכער, אַז ביי הערש אָשר שטיינוואַקס איז געבוירן געוואָרן אַ זון מיטן נאָמען אברהם שטיינבערג, אַזוי איז אים פאַרבליבן אָפיציעל דער פאַמיליע נאָמען שטיינבערג.

אין זיינע יוגנט יאָרן האָט ער געלערנט אין די ישיבות פון בריסק, קאָברין און אַנדערע, געווען אַ תלמיד פון „חפץ חיים". אין סאָקאָלאָוו האָט ער געלערנט אין אַלטן בית־המדרש מיט זיין שוואָגער שמואל לייב כץ און אונטער זיין השפּעה איז ער געוואָרן אַ ציוניסט מיט אַלע רמ"ח אברים.



נישט קוקענדיק אויף דעם וואָס ער האָט זייער מצליח געווען מסחר, איינגעאָרדענט אַ שיינע שטוב און געפירט אַ ברייט לעבן אין סאָקאָלאָוו, האָט ער אין יאָר 1925 אַלעס ליקווידירט און מיט זיין פרוי חוה און פיצל קינד אויף דער האַנט געקומען אין ארץ־ישראל.

ווען ער איז אַראָפּ פון דער שיף אין חיפה, האָט ער זיך אויסגעצויגן און געקושט די ערד און פון די אויגן האָבן זיך אים געגאָסן טרערן פון גרויס אבערראַשונג און פרייד. ער האָט דאָ געאַרבעט ביי די שווערסטע בוי־אַרבייט, ביי גראָבונגען וואָס ווערן היינט געמאַכט נאָר מיט דער הילף פון מאַשינען, געליטן פון אַרבייטסלאָזיקייט און אָפט מאָל געהונגערט.

ווען סהאָט זיך געגרינדעט דער „ארגון יוצאי סוקולוב", איז ער געקליבן געוואָרן אַלס פאָרזיצער און אין זיין שטוב זענען פאָרגעקומען אַלע זיצונגען און פאַרזאַמלונגען.

מיט לייב און לעבן איז ער געווען איבערגעגעבן די הילפס־אַרבייט און שאַפען מיטלען, פריער פאַרן הילפס־קאָמיטעט ביי דער יידישער גמינע און סאָקאָלאָוו שפּעטער פאַר די געראַטעוועטע, וואָס האָבן געפינען אַ מקלט אין רוסלאַנד און צולעצט פאַר די געראַטעוועטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן קומען אין ארץ־ישראל. ווען ער איז, אין אַ פרימאָרגן אין יאָר 1946, אַראָפּ פון געלעגער איז ער געפאַלן און מער נישט אויפגעשטאַנען. זיין פרוי חוה און טאָכטער לאה מיט איר מאַן און דריי טעכטער לעבן דאָ מיט אונדז און באַטייליגן זיך אין דער אַרבעט פון אונדזער ארגון.

## חנוך דגן (הענעך פשעננע)

ער איז געבוירן אין מלאווע. געוווינט עטליכע יאָר אין שעדלעץ און ווען ער איז, מיט זיינע עלטערן געקומען אין סאָקאָלאָוו צום זיידן ר׳ מענדל משה אהרנ׳ס, איז ער אַלט געווען בערך 15 יאָר. דער זיידע האָט אים נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. געלערנט מיט אים און אומעטום מיטגענומען. געדאַוונט מיט איהם אין גערער שטיבל און געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען. הענעך האָט זיך באקאנט און באפריינדעט מיט די סאָקאָלאָווער יוגנט, געוואָרן טעטיק אין דער פּאַרטיי „צעירי ציון״ געשפּילט די הויפּטראָלן אין דער דראַמאַטישער סעקציע און געווען אַ לאַנגע צייט ביבליאָטעקער אין דער ביבליאָטעק. אַזוי ווי די ביבליאָטעק איז געווען אין דער בעקעריי פון יצחק סקאלע, האָט ער ביים אויספילן די אַנקעטע צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט קיין ארץ־ישראל, זיך אָנגעגעבן אַלס בעקער־ארבעטער. און אַלס אַזעלכער האָט ער אויך אין ארץ־ישראל פיגורירט. אַדאַנק אונדזער חבר זעליג זארעמסקי יבדל לחיים וואָס איז דעמאָלט (1925) געווען דער סעקרעטאַר פון בעקער פאַריין האָט ער פון צייט צו צייט באַקומען עטלעכע טעג ארבעט אין די תל־אביבער בעקערייען. ער איז געווען אַ גוטער חבר און פריינט, שטענדיק זיך געוויצלט און געגעבן גוטע האָפענונגען.

ער איז געווען אויך איינער פון די גרינדער פון ארגון יוצאי סוקולוב און אַלע יאָרן מיטגעהאָלפן אין דער פאַרוואַלטונג פון ארגון. זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות און אריבערגענומען זיין מוטער, שוועסטער און שוויגער און אויך תבדל לחיים — זיין שוועסטער נחמה, וואָס געפינט זיך דאָ מיט אונדז.

אין יאָר 1950 ווען מ׳האָט זיך געגרייט צו פייערן זיין 50 יאָריקן יובליי און 25 יאָר זינט זיין קומען אין לאנד, א׳ז ער קראַנק געוואָרן אויף אַן אומהייל־באַרער קרענק און אַלע אָנשטרענגונגען אים צו ראַטעווען האָבן נישט געהאָלפן.

זיין פרוי רבקה, זיין טאָכטער דבורה, זון משה און מנחם זענען אין ישראל.

## צבי בצלי (הערשל ציבולע)

שוין אין די קינדער יאָרן איז ער געוואָרן פאַריתום׳ט פון פאָטער און דעריבער אַלע יאָרן געהאָלפן אויסהאַלטן די משפחה. אין יאָר 1915 בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין פוילן ווען כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האָט געליטן הונגער, האָט ער געאַרבעט אין דער מיליץ און געהאָלפן שאַפן שפּייז פאַר דער אָרימער באַפעל־קערונג. יידן און קריסטן האָבן געוווסט אָפּצושאַצן זיינע גוטע מעשים.

ער איז געווען פון די גרינדער פון דער צעירי ציון און פאָרזיצער פון דער פּאַרטיי אין סאָקאָלאָוו; זיך באַטייליקט אין אַלע נאַציאָנאַל און אַרבעטער פאָנדן פאַר ארץ־ישראל. איינער פון די ערליכסטע און געטרייסטע קעמפער פאַרן ציוניזם. נישט האָבענדיק קיין געלט אויף רייזע הוצאות קיין ארץ־ישראל איז

ער געפאָרן אין דייטשלאנד דאָרט שווער געאַרבעט עטלעכע יאָר און אין 1924 דער׳גרייכט זיין ציל: ארץ־ישראל.
נאָך יאָרן טיילווייזער ארבעטסלאָזיקייט האָט ער זיך פאַרפאָלקאָמט אין



כבישים בויען און איז געוואָרן איינער פון די בעסטע פאַכמאנער אין סולל בונה און צוליב ערנסטע קראנקהייט געמוזט גיין אויף עמערטור.
אויסער די סאָקאָלאָווער לאנדסלייט האָט ער געהאַט פיל חברים און פריינט.
נאָך שווערער ליידן איז ער געשטאָרבן אין יאָר 1956, איבערלאָזנדיק אין טיפן טרויער זיין פרוי טובה און זון מרדכי.

## חיה די בעקערין

אין קעלער שטוב ביי בערל עקיבא׳ס, האָבן זיי די לעצטע יאָרן געוווינט. דאָרט געהאַט א בעקעריי און שטענדיק שווער געהאָרעוועט. גאנצע נעכט האָט מען געקנעטן און געבאַקן, און בייטאָג האָט מען פאַרקויפט די פלעצל און ראָזאָווע ברויט, געלאָפן שאַפן א גמילות חסדים צום קויפן מעל, הייוועז, האָלץ און אַנדערע זאכן וואָס די בעקעריי האָט געפאָדערט. א גאנצע וואָך האָט מען זיך נישט רעכט אָוועקגעלעגט שלאָפן, נאָר געכאַפּט אַ דרימל ביים אויוון, ביי די „זשיזשע", אָדער סתם שטייענדיק, און אפילו — גייענדיק...
זעלטן ווער עס פלעגט באַלד באַצאָלן פאַרן ברויט, פלעגן גאַנץ שטיל זאָגן: „חיהשי, כ׳האָב נעשט יעצט קיין געלט". מיט א שמייכל פלעגט חיה ענטפערן: „ווער מאָנט דעןביי אייך געלט, גייט און עסט געזונטערהייט". ווען

זי פלעגט זיך דערמאָנען, אז א יידענע איז שוין לאנג נישט געווען אין דער בעקעריי, פלעגט זי עפּעס זאָגן נפתלי־פּנחסן אויפן אויער, נסתלי־פּנחס פלעגט דעמאָלט כאַפּן א לאַבן ברויט, איינגעוויקלט עס און שנעל אַוועקגעטראָגן.

דאָנערשטיק ווען נפתלי־פּנחס האָט זיך גענומען צוגרייטן צצום שבת, האָט ער אויך געזאָרגט וועגן טיי, צוקער, מילך, שטיקלעך האָלץ און שטיינקוילן און פרייטאָג גאנץ פרי אונטערצונדן דעם גרויסן קופּערנעם קעסל, וואָס איז געווען איינגעמויערט נעבן דעם פּלעקעניק, ער האָט אויך ברייטער געמאַכט די טישן און גוט איינגעדעקט דעם קעסל, עס זאָל האַלטן וואַרימקייט, און דערנאָך געגאַנגען אין סקיערניעוויצער שטיבל מקבל־שבת זיין.

שבת פרי זענען הונדערטער יידן געקומען טרינקען א גלעזל וואַרעמס. אויסער טיי האָט מען אויך געגעבן באַוואַרקע (ט״י מיט מילך) פאַר די וואס האָבן זיך נישט געפילט מיט אַלעמען. אויך פרויען און קינדער זענען מיט טעפּלעך און קריגלעך אין די הענט געקומען בעטן אביסל וואַרעמע, געוואלענע מילך פאר א קימפּעטאָרין אָדער פאר א קראנקן. אלע קינדער און אייניקלעך זייערע זענען געקומען העלפן, מחמת ארבעט איז געווע אסך: אָנגיסן טיי און באַוואַרקע, דערלאַנגען צו די טישן, וואשן גלעזער, אַראָפּנעמען די טעפּ מילך פון פּלעקעניק א. א. וו.

אין יאָר 1916 ווען די דייטשן האָבן רעקווירירט קופּער און מעש, האָט מען אויך ביי חיה די בעקערין צוגענומען דעם גרויסן קופּערנעם קעסל. תשעה באב איז דעמאָלט געווען ביי זיי אין שוב: ווי אַזוי וועט מען קאָנען צוגרייטן דעם טיי אויף שבת, די סאָקאָלאָווער יידן קאָנען דאָך חלילה שבת בלייבן אן אַביסל וואַרעמס. זייער צער איז געווען אומבאשרייבלעך. צו הילף איז זיי געקומען יונה דער בלעכער. ער האָט זיי צוגעזאָגט אַז אין פארלויף פון עטלעכע טעג וועט ער מאַכן א גרויסן קעסל פון בלעך, וואָס וועט נישט זיין ערגער פון קופּערנעם. ווען דאָנערשטיק אָוונט האָבן עטלעכע טרעגערט אין באגלייטונג פון יונה בלעכער געברענגט דעם נייעם בלעכענעם קעסל, האָט נפתלי־פּנחס געשטעלט בראָנפן מיט פאַרבייסעכץ. מ׳האָט געטרונקען לחיים, און באלד נאָך מעריב איז געקומען ר׳ דוד מילער זיך נעמען צו דער מלאכה. נאָך א גאנצע נאַכט שווערע האָרעוואַניע איז דער קעסל געשטאַנען פרייטיק באַגינען גרייט איינצוהייצן. ווען וועלוועלע דער וואַסערטרעגער האָט אָנגעפילט דעם קעסל מיט „זדרוי״־וואַסער, האָט נפתלי־פּנחס מיט טרערן אין די אויגן פון גלי קאונטערגעצינדן דעם קעסל. ביידע האָבן שעפּטשענדיק מיט די ליפּן געדאַנקט דעם בורא העולם פאַר דעם גרויסן חסד, זייערע פנימער האָבן געשטראלט פון פרייד און די שמחה אין קעלער איז געווען אין לשער.

לייבוש רובינשטיין

# מלמדים

## ר׳ פינטשע

אויסערלעך — אַ מלמד ווי אַלע מלמדים, אַ לאַנגע ברודיקע קאַפּאָטע מיט אַ דין גאַרטעלע ארומגעוויקלט, און ווי דער שטייגער איז געווען — אַ היטעלע מיט אַ דאשעק, האָט ער אין ראדזינער שטיבל שבת צו שלוש סעודות געהאָלפן זינגען בני היכלא.

די ראַדזינער חסידים האָבן אים געשטיצט, געגעבן אים זייערע קינדער צו לערנען און „מאַכן" פאַר מענטשן. ער האָט געהאַט אַ חדר פאַר „בעמערע" קינדער און טראָץ דעם פאַרדינט ווי אַלע מלמדים, — אויף ברויט מיט וואָסער.

שווער זיך היינט פאָרצושטעלן די אַמאָליקע חדרים. דאָס חדר, ווו די קינדער האָבן פאַרברענגט אַ גאַנצן טאָג, איז אויך געווען די דירה פון מלמד: אַ שמאָלער נידעריקער צימער, אַמאָל אויף אַ בוידעם שטיבל, ביי ביידע וועיטלעך זענען געשטאַנען 2 בעטן, און אין ווינקל — די קיך. דער ריח פון געקעכץ האָט זיך צעטראָגן איבער דעם קליינעם צימער. ערשט ווען דער רויך פון קוימען האָט אָנגעהויבן צו שטיקן, האָט מען געעפנט אַ האַלב פענצטער, און עס האָט זיך באַוויזן דער בלויער הימל. אַזוי איז פינטשע געזעסן גאַנצע טעג און געלערנט די תלמידים כתובות, קידושין און שור שנגח.

כאָטש דער מלמד האָט געדאַרפט דערפילן גרויסע, הייליקע פליכטן, האָט ער דאָך נישט פאַרנומען קיין וויכטיקן פלאַץ אין דער געזעלשאַפט. דער מלמד האָט דאָס געפילט. דאָך האָבן זיך געפונען געציילטע מלמדים, וועלכע האָבן פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט אין דער געזעלשאַפט, צו וועמענס וואָרט מען האָט זיך צוגעהערט מיט אינטערעס, און די חשובע, נגידישע בעלי־בתים האָבן זיך באַמיט צו געפונען חן אין זייערע אויגן.

פינטשע מלמד האָט געהערט צו די מלמדים וואָס לערנען מיט דער־וואַקסענע קינדער, ער האָט אין זיין יוגנט פאַרזוכט פון עץ־הדעת; געחלומט פון אַ שענערע וועלט און אַן אַנדער סאָרט לעבן. די אומשטענדן האָבן אים אָבער געצוווּנגען זיך צוצופאַסן צו דער ווירקלעכקייט און הגם ער איז דער־מיט ווייט אוועק פון זיינע חלומות, האָט ער מיט זיין פירעכץ נישט פאַרשעמט. ער איז געווען גוטמוטיק, יעדן באַגעגנט מיט אַ שמייכל. נאָך זיין אַרבעט האָט ער ליב געהאַט צו קומען צווישן מענטשן. ער האָט דערוואָרבן די פריינט־שאַפט פון זיינע תלמידים׳ס עלטערן און איז געוואָרן ביי זיי אַ הויז פריינט. עס איז נישט פאַראַן געווען פאַר אים קיין סוד; ער האָט אַלץ געוווּסט, מען

האָט זיך מיט אים באַראַטן וועגן אַלץ, ווי מיט אַן אמת׳ן פריינט. ער האָט אויך דערליידיקט פאַרשידענע סכסוכים, אויך געשעפטלעכע.

נישט נאָר ביי די ראַדזינער חסידים זענען פאַר אים געווען די טירן אָפן, נאָר ביי ציוניסטן אין שטעטל האָט ער פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ; ער איז געווען פול מיט ציוניזם, ווייל פון דער יוגנט אָן האָט ער געלעבט מיט די אידעאַלן וועגן ענדערן די סטרוקטור פון יידישן לעבן. ער האָט געלייענט אברהם מאַפּו און אַנדערע שרייבער פון זיין צייט. בעת אַנדערע מלמדים האָבן געפונען אַ טרייסט פאַר זייער שווער לעבן אין גלויבן אַז זיי טוען אַ הייליקע אַרבעט, האָט פינטשע דערמיט זיך נישט געקאָנט טרייסטן.

גרויס איז געווען זיין פריידו ווען ער האָט שוין דערלעבט די רגע צו פאַרמאַכן די ספרים און קומען אין אַ געזעלשאַפט, ווו מען קאָן אָטעמען פרייע לופט און חלומען פון אַ נייע וועלט. מען דאַרף אויך געדענקען אַז מיט זיין קומען אין דער געזעלשאַפט פון ציוניסטן, האָט ער ריזיקירט מיט זיין פרנסה. ער האָט זיך געפונען צווישן צוויי וועלטן: נישט געקאָנט פאַר־לאָזן זיין אויסגעחלומטע וועלט — דעם ציוניזם און אויך נישט זיין סביבה — די ראַדזינער חסידים. ער איז געשטאָרבן אין סאָקאָלאָווער געטאָ.

## ר׳ משה־אהרן

זיינע גרויע אויגן האָבן טיף אריינגעדרונגען אין די נשמה פון מענטש. זיינס אַ שאָקל מיטן קאָפּ — אָדער אַ מאַך מיט דער האַנט, האָט באַטייט מער ווי טויזנט ווערטער. ער איז געווען אַ געראַר חסיד, הגם ער איז קיינמאָל נישט געפאָרן צום רבין. ער איז געווען גבאי אין געראַר שטיבל. שבת איז ער געשטאַנען ביים שולחן ווו מען לייענט די תורה, און דער כבוד איז געווען אין זיין האַנט. קיינער האָט אים נישט געוואַגט צו זאָגן אַ דעה, ער איז ז׳עמאָלט געווען די העכסטע אינסטאַנץ. שמחת־תורה האָט ער מכבד געווען די חסידים מיט הקפות; פּורים איז ער געגאַנגען מיט דער רויטער פּאַטשיילע און גע־קליבן געלט פאַר פאַרבאַרגענע נויט־באַדערפטיקע. אַז מ׳האָט געדאַרפט שרייבן אַ קוויטל צום רבין, אַ בקשה וועגן אַ רפואה פאַר אַ קראַנקן, איז מען געקומען צו משה־אהרנען; ער איז געווען אַ מומחה צו אַזאַ סאָרט שרייבן. אַז ער איז געקומען וועגן אַן ענין צו איינעם פון די חסידים, האָט מען אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד און מען האָט זיך באַמיט צו דערפילן זיין פאַרלאַנג. ביי פאַ־מיליע סכסוכים פלעגן די פּרויען זיך באַראַטן מיט משה־אהרנען. זיינע געסט האָט ער נישט אויפגענומען אין דעם צימער, ווו ער האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים, נאָר אין קיך. זיין 2־טע פרוי, איטע־דאָבע, האָט אין אַזאַ פאַל פאַר־לאָזט איר פּלאַץ, כדי נישט צו הערן די סודות פון פרעמדע הייזער.

ער האָט שטענדיק געפונען זיינע מיטהעלפער וואָס האָבן געוואָלט אַרויס־ווייזן זייער פרומקייט.

ער איז אויך געווען טאַלאַנטירט צו דערציילן מעשיות פון גוטע יידן ווי אויך נאָכצוזאָגן תורות וואָס האָבן געפּאַסט ביי יעדער געלעגנהייט.
געשטאָרבן אין סאָקאָלאָוו צווישן ערשטן און צווייטן וועלט־קריג.

## ר׳ זעליק׳ל

פון די מלמדים, וואָס זענען געווען באַליבט ביי די חסידים, דאַרף מען אויך דערמאָנען ר׳ זעליק׳לען. די פאַמיליע האָט זיך שטענדיק געפונען ביי אונדז אין סאָקאָלאָוו, נאָר ער אַליין האָט זיינע יאָרן פאַרבראַכט ביים גערער רבין און דאָרט געווען מלמד פון רבינס קינדער.

ער איז אויך געווען אַ מלמד ביי די גרויסע רייכע חסידים אין וואַרשע און אין לאָדזש. ער איז געווען פון די געציילטע „זיצער" שבת ביים רבינס טיש און צוגעהערט זיך צו דעם רבינס תורה. אַז ער איז געקומען אַ היים אויף יום טוב, זענען די חסידים געקומען צו זיין טיש הערן תורה און מעשיות פון גוטע יידן.

ר׳ זעליק׳ל איז געווען קליין און דאַר, געגאַנגען אַ ביסל איינגעבויגן און נישט געוואָלט פאַרנעמען קיין צו גרויסן פּלאַץ אויף דער וועלט, נאָר מיט שטילע טריט, שטילע רייד, קיינעם נישט צו שטערן.

מיטן גאַנצן האַרץ האָט ער ליב געהאַט יעדן ייד. אַז ער איז אַמאָל פאַרבליבן אין דער היים, האָבן אים די רייכע בעלי־הבתים געגעבן זייערע קינדער, מדריך צו זיין אין חסידישן וועג. ער איז געוואָרן באַליבט ביי זיינע תלמידים, ווען ער האָט דערציילט מעשיות וועגן נאַפּאָלעאָנען און זיינע מלחמות מיטן רוסישן קייסער און וועגן די מחלוקות פון ייד הקדוש מיט דעם לובלינער רבין, דעם „חוזה". אָבער ער איז נישט געזעסן לאַנג אין שטעטל, עס האָט אים געצויגן אין די גרויסע וועלט. נאָך אַ קורצער צייט איז ער געפאָרן צוריק צום רבין און צו זיינע רייכע חסידים.

ד״ר אברהם שפילמאַן
(ירושלים)

# חיים משה שפילמאַן

(דער סאָקאָלאָווער מוזיקער)

מיין פאָטער משה חיים שפּילמאַן איז אין 1873 אין ווענגראָווע געבוירן און דערצויגן געוואָרן ביי אָרימע עלטערן. זיין זיידע ר׳ ברוך נתן האָט גע־שטאַמט פון קאָברין (פּאָלעסיע) פון וואנען ער איז, צוליבן אָנטייל אין פוילישן אויפשטאַנד אין 1863 יאָר, אַנטלאָפן קיין ווענגראָווע. דאָרט האָט ער חתונה געהאַט און פארלייגט זיין היים. לויט דערציילונגען פון אַלטע לייט, איז ער



(דער זיידע) געווען אַ זעלטענער שפּילער אויף פידל און פלעגט פאַרכישופן זיינע צוהערער. ער פלעגט זיך אַוועקזעצן און אויסשפּילן אויף אַ פייפל באַצויבערנדיקע נגונים. דער טאַלאַנט זיינער איז בירושה אַריבער־געגאַנגען אויף זיין אייניקל משה חיים. די אַנדערע קינדער — זין און טעכ־טער — זענען דווקא קיין גרויסע קינסטלער אין שפּילן נישט געווען, הגם אייניקע זענען געוואָרן קלעזמער.

מיין זיידע, אַלטער קלעזמער איז קיין גרויסער קענער אין זיין פאַך נישט געווען. ער פלעגט צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע שפּילן אויף יידישע חתונות. ער האָט דעריבער שוין פון קליינוויז אָן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו

דער פידל, וואָס איז דעמאָלט נאָך נישט צוגעפּאַסט געווען לויט דער גרויס. ער האָט אָבער דערבײַ קענען געלערנט דעם אינסטרומענט מיט אַלע פּיטשעווקעס, אפילו זיך אויסגעלערנט צונויפקלעבן און פון שטיקלעך מאַכן אַ גאַנצע פידל. צו בר־מצוה האָט ער פאַרלאָזט זיינע עלטערן און זיך געלאָזט וואַנדערן אויף דער וועלט, אויסזוכנדיק זיך באַרימטע אין יענער צייט קלעזמער, כדי פון זיי צו לערנען. אין יענע יאָרן האָט אין דער שטאָט פּולטוסק געוווינט דער באַרימטער קלעזמער ר׳ לייבקע סקשיפּצע, וואָס האָט געשמט ווי אַ טעאָרעטיקער, און פלעגט אַליין קאָמפּאָנירן מוזיקאַלישע שאַפונגען, נאָכמאַכן אויף דער פידל קולות פון פאַרשידענע חיות א. א. וו. משה חיים האָט זיך אין דער סביבה פון אָט דעם ר׳ לייבקע געפונען שיינע עטלעכע יאָר, דאָרט געלערנט, לייענען און שרייבן יידיש, רוסיש, אפילו רעדן, וואָס צו יענער צייט איז עס געווען אַ זעלטנהייט, בעיקר אָבער — דאָס פאַך, אַזוי, אַז צו 17—16 יאָר האָט ער שוין געשמט אַלס פעיקער מוזיקער.

איבערקומענדיק דעם צאַרישן „פּריזיוו״, פון וועלכן עס איז אים געלונגען זיך צו באַפרייען, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַן אָסטראָווער מיידל חוה ביילע — אַ גוטע שניידערין, און זיך באַזעצט אין ווענגראָוו, אָרגאַניזירט אונטער זיין אָנפירונג אַן אָרקעסטער. אין יאָר 1903 פאַרלאָזט ער ווענגראָוו און באַזעצט זיך אין סאָקאָלאָוו און באַנייט זיין קאַפּעליע.

דעמאָלט, נאָך אַ יונגערמאַן, אַ הייסער חובב־ציון, פלעגט ער אַבאָנירן אַלע צייטשריפטן און צייטונגען פון יענער צייט אין יידיש: „דער יוד״, „די וועלט״ ווי אויך די ערשטע טעגלעכע צייטונג „דער פריינד״ (דערשינען אין פּעטערבורג).

סאָקאָלאָוו איז אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט געווען אַ זייער צוריקגעשטאַנען שטעטל, אָן יעדער קולטורעלע אינסטיטוציע אָדער שול. בשתיקה האָט אָנגעהויבן אַנטשטיין אויף דער יידישער גאַס דער „בונד״, און אַ ביסל שפּעטער — די „פּועלי־ציון״־באַוועגונג, אין וועלכע חיים משה האָט דעמאָלט זיך אַקטיוו באַטייליקט. זיין קרייז ביי לייביש רובינשטיין, ווו ס׳זענען זיך אויך צונויפגעקומען נטע פינקלשטיין, גד זאַקליקאָווסקי (גאָדל) מענדל לאַשיצקי, יאַנקל טיקולסקי און די פרויען: זלאַטע בוטשעס מיט אירס אַ קוזינע און דבורה׳לע רובינשטיין. דאָרט פלעגט מען פאַרלייענען יידישע ליטעראַטור, שמועסן און דיסקוטירן וועגן פאַרשידענע אַקטועלע נייעסן און פּאָליטיק.

אַזוי ווי משה חיים האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע צאָל יידישע ביכער און זשורנאַלן, האָט ער געשאַפן אַ לייַ־ביבליאָטעק, און פאַר עטלעכע גראָשן אַ חודש האָט מען באַקומען אַ בוך צום לייענען. אַדאַנק דעם פלעגן זיך אין דעם הויז צוזאַמענקומען די שוין פאַרגעשריטענע יוגנט. די ביבליאָטעק האָט, לויט די באַגריפן פון יענער צייט, פאַרמאָגט אַ גאַנץ אָנשטענדיקן אוצר פון ליטעראַטור און ספרים.

איינמאָל, פאַרן ערשטן מאַי, האָט מען אפילו דאָרט גענייט די רויטע פאָן

מיט רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז אַלץ געווען זייער קאָנספּיראַטיוו, איינער פלעגט שטיין אויף דער וואך אין דרויסן און היטן פאַר אַ שלעכט אויג...

ס׳איז דעמאָלט געווען אַן אומרויקע צייט, און חיים משה האָט איינגע־פּאַקט כמעט אַלע ביכער און זיי באַגראָבן אין אַ גאָרטן הינטערן הויז, צוליב שרעק פאַר רעוויזיעס מצד דער פּאָליציי. דעמאָלט האָט אויך אויסגעבראָכן די כאָלערע־מגפה און זיין פרוי חיה ביילע איז אין עלטער פון 32 יאָר, געווען פון די ערשטע קרבנות.

אָפּזייענדיק אַ יאָר צייט אַליין מיט 5 קינדער האָט ער חתונה געהאַט מיט לייבקע מאַנדלבוים׳ס אַ טאָכטער — אַלטע־נעמי, מיט וועלכער ער האָט געהאַט 3 טעכטער (צוויי לעבן היינט אין אַמעריקע). אויך אַלע זיינע קינדער, זעלבן געווען מוזיקאַליש. איין זון, דעם דעמאָלט 7 יעריקן יאָסעלע, פלעגט ער מיטנעמען צו שפּילן אויף חתונות אָדער בעלער. מ׳פלעגט אים מוזן אַרויפשטעלן אויף אַ טיש און ער פלעגט שפּילן די שווערסטע מוזיקאַלישע שאַפונגען. דער יונגער מוזיקער איז נאָך אַ מוזיקאַלישער אויסבילדונג שפּעטער אויפגענומען געוואָרן אין וואַרשעווער פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער און דיריגירט היינט אַ ראַדיאָ־אָרקעסטער אין ניו־יאָרק.

משה חיים איז באַרימט געווען ווי אַ מוזיקער אויך אין דער גאַנצער געגנט פון סאָקאָלאָוו און פּאָדליאַשיע צווישן יידן און גויים.

נאָך בעת דער אינפלאַציע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט משה חיים פאַרקויפט זיין הויז און צוליב דער אַנטוואָרטונג פון דער וואַלוטע פאַר־לוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן. ער האָט זיך דערפון שטאַרק מצער געווען און דאָס האָט גורם געווען זיין פריצייטיקן טויט. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 51 יאָר.

ח. בר־שלום
(גבעתיים)

## אברהם (אביש) וויעזשבא

געשטאַמט פון אַ חסידישער אָרימער שטוב. און אין דער פריעסטער יוגנט געמוזט איבעררייסן דאָס לערנען, כדי צו העלפן די עלטערן מפרנס זיין די משפחה. אָבער אַביש האָט פאַרמאָגט אַן אַיינגעבוירענע לעבנס־חכמה מיט וועלכע ער האָט זיך דערוואָרבן זיין מעמד אין לעבן און איז געווען צווישן די אַקטיוויסטע טוער אין דער פועלי־ציון פאַרטיי (רעכטע) אין שטאָט. ר'האָט געטון זיין ארבעט אָן רעש און כמעט קיינמאָל נישט דערשינען עפנטלעך — דאָך האָט מען זיך צוגעהערט צו זיין מיינונג. ר'איז געווען אַ לאָגיש־דענקענדער מענטש; זיין רויִקייט און מעסיקייט האָבן איבערצייגט.

מער ווי אידעאָלאָגיש האָט ער געהערט צו דער פאַרטיי — חבריש. ר'האָט געטראָגן דעם עול פון הילף פאַר יעדן נויט־באַדערפטיקן חבר, באַזונדערס האָט ער געזאָרגט, צוזאַמען מיט יצחק זארעמסקין, פאַר דער עליה פון חברים.



אין די 30ער יאָרן, ווען דער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגעהויבן ווילדעווען אין סאָקאָלאָוו (ווי אין גאַנץ פּוילן) און פּיקעטן האָבן זיך באַוויזן פאַר די יידישע געוועלבן, איז אביש געווען איינער פון די איניציאַטאָרן צו גרינדן אַ יידישן זעלבסט־שוץ. ווען ער איז גערופן געוואָרן צו דער מאַכט וועגן דעם (מ'האָט געמסרט) האָט ער שטאָלץ געענטפערט: אויב די מאַכט קאָן נישט גאַראַנטירן אונדזער לעבן, וועלן מיר דאָס אַליין טון.

אין יאָר 1937 ווען דאָס ווילדעווען פון דעם אַנטיסעמיטיזם איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג, איז אביש געווען איינער פון די ערשטע אין שטעטל, וועלכע האָבן געוואָרפן די לאָזונג: לאָמיר אנטלויפן פון דאָ ווו די אויגן טראָגן. און ווען די טויערן פון ארץ־ישראל זענען געווען פאַרשלאָסן, איז ער אַוועק קיין ארגענטינע, צוערשט אַליין, געראַנגלט זיך שווער און קוים באַוויזן אריבערצונעמען זיין פאַמיליע אין די לעצטע חדשים פאַרן אויסברוך פון דער 2־טער וועלט־מלחמה.

אויך דאָרט האָט ער, נישט קוקנדיק אויף דעם שווערן געראַנגל, פון דאָסניי זיך געווידמעט דער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט.

נאָך דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל האָט זיך ביי אבישן ווידער אויפגעוועקט דער אַלטער חלום פון שיבת־ציון. ס׳האָט אים דערפון נישט אָפּגעהאַלטן זיין גוט סיטואירטע עקאָנאָמישע לאַגע, און באַשלאָסן עולה צו זיין קיין ישראל. צוערשט זענען עולה געווען זיין פרוי חנה און די קינדער — און דערנאָך ער אַליין.

מיט פרייד און באַנייטן מוט איז ער צוגעטרעטן אויפבויען זיין לעבן אין ישראל, אָבער דער פלוצימדיקער טויט האָט איבערגעריסן זיין לעבן, איבערלנזענדיק אַ טיפן טרויער ביי אַלע זיינע פריינט און באַקאַנטע.

ק. גיסער
(ניו־יאָרק)

## יידעלע גרינבערג

(יידל גרינבערג שטאמט פון סאקאלאוו. זיין פאטער גערופן יאנקעלע בראקער, פלעגט פאריכטן זייגערס ביי די פויערים ארום סאקאלאוו).



יידעלע גרינבערג, (אָדער „זשידעקל" — ווי מיר פלעגן אים רופן) איז נישט געווען מיין אידעען־חבר. אָבער ער איז געווען מיינער אַ גוטער פריינט. איך האָב זיך מיט אים באַקענט אַרום 1927. מיין ערשטע באַגעגעניש מיט אים איז פאָרגעקומען נאָך איינער פון זיינע פילצאָליקע אַרויסטרעטונגען אויף אַלגע־מיינע און פאַך־פאַרזאַמלונגען פון דעם פראָפעסיאָנעלן פאַריין פון יידישע שניידער־אַרבעטער אין וואַרשע. זיינע אַרויסטרעטונגען קעגן דער אָנפירונג פון אונדזער פאַריין זענען תמיד געווען שאַרפע.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער געווען די קעגנערשאַפט פון יידעלען צו אונדזער פירערשאַפט; ער איז געווען אַן אַנאַרכיסט. די השפעה פונעם אַנאַר־כיזם אויף די יידישע שניידער־אַרבעטער אין דעם דעמאָלטדיקן וואַרשע איז געווען זייער קליין, און יידעלע האָט דאָס גאַנץ גוט געוווסט. דעריבער טאַקע זענען זיינע אַרויסטרעטונגען נישט מאָטיווירט געוואָרן דורך קיין שום פאַר־כאַפערישע אָדער פאָליטישע צילן, נאָר — פאַר פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע און פאַרפעסטיקן זייער סאָציאַלע פּאָזיציע. יידעלעס רייד זענען געווען ערלעכע און אויפריכטיקע.

ווען היטלער איז באַפאַלן פוילן, און כמעט אַלע פּאָליטישע אַקטיווע ייִדישע אַרבעטער האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, איז מיר אין משך פון עטלעכע טעג אויסגעקומען צו לויפן אויף יענעם גיהנומדיקן וועג צוזאַמען מיט ייִדעלען. אָבער נאָך אַ טייוולאָנישער לופט־אַטאַקע, ווען נאַצישע באָמבעס האָבן ממש געהאָגלט איבער אונדזערע קעפּ, און יעדער איינער איז געלאָפן זיך באַהאַלטן אין אַן אַנדער לאָך אַריין, איז ייִדעלע מיר פאַרשוווּנדן פון די אויגן, און איך האָב אים מער נישט געזען, אפילו נישט געוווּסט אויב ער איז געבליבן לעבן. ערשט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען איך האָב צופעליק געפונען איינעם פון מײַנע לעבנגעבליבענע קרובים, האָב איך זיך דערוווּסט וועגן ייִדעלע גרינבערגס טראַגישן סוף.

פאַר נישט פאַרהייראַטע יונגעלייט איז די וווינונגס־פּראַגע איז יענע יאָרן אין די אַזיאַטישע לענדער אין ראַטנפאַרבאַנד געווען אַן אָנגעווייטיקטע. סיי די אוזבעקן און סיי די קאַזאַכן האָבן אַן אַלטן באַרבאַרישן מנהג, נישט אַרייננצולאָזן אין זייערע היימען קיין פרעמדן מאַן, אפילו נישט אויף איינאיינ־ציקער נאַכט. און פונקט אַזוי ווי טויזנטער אַנדערע ייִדישע בחורים, איז ייִדעלע געוואָרן היימלאָז און קראַנק — אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן אַ וואַרים לעפל עסן. ער האָט זיך מיט די לעצטע כוחות, אין אַ גרויסן פרימאָרגן דערשלעפּט צו דעם הויף, וווּ עס האָט געוווינט זיין שוועסטער, און אויף די האַרטע שטיינער, נישט ווייט פון איר שוועל, האָט ייִדעלע אויסגעהויכט זיין נשמה. ווען די שוועסטער איז אין יענעם פרימאָרגן אַוועק צו איר אַרבעט, איז זי שיעור נישט געפאַלן איבער דעם אויסגעמאַרטן גוף פון איר טויטן ברודער.

אַזוי איז ייִדעלע גרינבערג געפאַלן אַ יונגער קרבן.

די אַלע פון אונדז, וואָס האָבן אים געקענט, וועלן תמיד דערמאָנען ייִדעלס נאָמען מיט כבוד. זיינע פאַך־חברים, די מיטגלידער פון דעם אַמאָליקן פראָפעסיאָנעלן פאַריין פון ייִדישע שניידער־אַרבעטער אין וואַרשע, וועלן מיט אַ טרער אין אויג זיך דערמאָנען „זשידעקלס" פייערדיקע אַרויסטרעטונגען און זיי וועלן טייער האַלטן זיין אָנדענק.

